דר. יצחק פּאָלישוק

# די אַנטוויקלונג פון באַוואוסטזיין און דער פּראָצעס פון וויסן

אַ רעאַליסטישע באַטראַכטונג פון דער
וועלט און פון דעם מענטשלעכן וויסן

אין צוויי בענד



צווייטער באַנד

פאַרלאַג צעשינסקי
שיקאגא, 1939

# אינהאַלט פון צווייטן באַנד

## I



## II

# דערקענטעניש טעאָריע (עפּיסטעמאָלאָגיע)

בערטראַנד ראַסעל זאָגט: „ווען וואַט־סאָן שטרענגט זיך אָן אויסצומיידן דאָס סוביעקטיווע, ווען ער באַאָבאַכטעט דעם אויפפּיר פון אַ ראַץ, וויל ער זיך צוריקהאַלטן פון צוצושרייבן צום ראַץ מער ווי דאָס, וואָס זיינע קערפּערלעכע באַוועגונגען צייגן. זיין מיין איז געוויס אַ גוטער; איך דענק אָבער, אַז ער זעט ניט איין, אַז דער וויסן פון די קערפּערלעכע באַוועגונגען פון אַ ראַץ, באַשטייט פון אַזאַ שווערן און וויט־געצויגענעם שלוס, ווי דער וויסן וועגן זיין „פאַרשטאַנד״. דאָס וויכטיקסטע אָבער איז דאָס, וואָס די גרונטלאַגן, פון וועלכע מיר מוזן אָנהויבן, כדי צו קריגן דעם וויסן וועגן די קערפּערלעכע באַוועגונגען פון ראַצן, זיינען עס די גרונטלאַגן, וואָס וואַטסאָן וויל אויסמיידן: נעמ־לעך דאָס פּריוואַט געגעבענע אין דער אינטראָספּעקציע (באַוואוסטזיין). דאָס לעצטע איז אָבער ניט צוגאַנגבאַר צו קיין אַנדערן, אויסער דעם באַאָבאַכטער. דאָס איז, לויט מיין מיינונג, דער פּונקט, ביי וועלכן דער בעהייוואָריזם ברעכט צוזאַמען אַלס אַן אולטימאַטיווע פילאָזאָפיע.״ (זע פי־לאָסאָפיע, ז. 129).

און קאָהלער זאָגט: „די בעהייוועריסטן זאָגן מיר, אַז אינטראָספּעק־טיווע באַאָבאַכטונג איז מיינע אַ פּריוואַטע אָנגעלעגנהייט; ווען אָבער ס'האַנדלט זיך וועגן דערשיינונגען, מיט וועלכע דער פיזיקער באַשעפטיקט זיך, קענען צוויי פאַרשער באַאָבאַכטן די זעלבע זאַך. איך לייקן אַז דאָס איז אַן אמת. אויב אַ צווייטער פאַרשער באַאָבאַכטעט דעם זעלבן אינ־סטרומענט, באַאָבאַכטעט ער עפּעס אַנדערש און ניט דעם אינסטרומענט, ווי אַ פיזישן אָביעקט. דאָס איז דערפאַר, וואָס דער אָביעקט, וועלכן ער באַאָבאַכטעט, איז אַ רעזולטאַט פון באַשטימטע אָרגאַנישע פּראָצעסן, וואָס זיינען אַרויסגערופן געוואָרן פון דעם פיזישן אינסטרומענט. פון דער צווייטער זייט, איז דער אינסטרומענט, וועלכן איך באַאָבאַכט, אַן ענדגיל־טיקער רעזולטאַט פון אַן אַנדער ריי פון פּראָצעסן, וואָס קומען פאָר אין מיין פיזישן אָרגאַניזם. מיר באַאָבאַכטן פאַר קיין פאַל ניט דעם זעלבן אינ־סטרומענט, ניט קוקנדיק אויפן פאַקט, וואָס פיזיש האָבן זיךביידע רייען פּראָצעסן אָנגעהויבן פון דעם זעלבן פיזישן אָביעקט״ (זע געשטאַלט פּסייקאָלאָדזשיע, ז. 29).

וואַטסאָן, דער בעהייוועריסטישער פּסיכאָלאָג, זאָגט, אַז כדי צו פאַר־מירן אַ פּסיכאָלאָגיע איז גענוג צו באַאָבאַכטן די אויפפירונג פון דער חיה, אָדער אפילו פון דעם מענטשן, מען נויטיקט זיך ניט אין

דעם שטודיום פון די באַוואוסטזיניקע פּראָצעסן, וואָס קומען פאָר אינעם מענטשן (פּאַקטיש לייקנט ער זיי אינגאַנצן אָפּ). ענטפערט אים ראָסעל, אַז ער סימפּאַטיזירט מיט אים, ער זעט אָבער ניט איין ווי אַזוי מען קען עס טאָן, ווען פּאַקטיש מוז מען אָנהויבן פון דעם באַוואוסטזיין. וואַטסאָן זאָגט, אַז פאַר אים איז גענוג דאָס, וואָס ער באַאָבאַכטעט (די קערפּער־לעכע באַוועגונגען פון ראַצן, צום ביישפּיל), זאָגט אים ראָסעל, אַז ער מאַכט אַ טעות; דער ענין איז ניט אַזוי איינפאַך, ווי ער (וואַטסאָן) קוקט אויף אים: דאָס וואָס ער זעט (די ראַצן), באַשטייט פון אַ פּראָצעס וואָס קומט פאָר ביי אים אין מאַרך, הגם ס'איז אַרויסגערופן געוואָרן פון אַן אַקטיוויטעט פון דער אויסערלעכער וועלט. ס'מיינט, אַז דאָס זען די ראַצן אין זייער אַקטיוויטעט, איז זיינע אַ פּריוואַטע אָנגעלעגנהייט; קיין אַנדערער קען דעם דאָזיקן זען מיט אים ניט טיילן. קאָהלער מאַכט עס נאָך שטאַר־קער, ער זאָגט, אַז אַפילו פיזיקער זעען אויך ניט די זעלבע זאַך, הגם די אורזאַך (די זאַך וואָס געפינט זיך אין דער אויסערלעכער וועלט), וואָס האָט אַרויסגערופן דעם זען, איז די זעלבע. אָבער דער פּראָצעס פון זען באַשטייט פון אַ סוביעקטיוו אָרגאַנישן פּראָצעס, וואָס געפינט זיך אינעם אייגענעם באַוואוסטזיין.

די דאָזיקע אויסזעצונגען קעגן וואַטסאָנען זיינען ניט קיין ריין פּסי־כאָלאָגישע, וואָס האָבן בלויז אַ שייכות צום באַוואוסטזיין, ווי אַ פּראָצעס פאַר זיך, זיי זיינען עפּיסטאָמאָלאָגישע: זיי האָבן אַ שייכות צום וויסן (קאָגנאַציע) פון זאַכן און דערשיינונגען. ראָסעל און קאָהלער ווייזן אָן וואַטסאָנען, אַז באַוואוסטזיניק ווערן באַשטייט פון אַ פּראָצעס, וואָס קומט פאָר אין דער אינערלעכקייט פונעם מאַרך און האָט אַ שייכות צו אַן עפּעס, וועגן וואָס מען איז באַוואוסטזיניק. אין דער פּסיכאָלאָגיע פון באַוואוסטזיין קען מען זיך דערלויבן אויסצולאָזן די דאָזיקע שייכות, — מען איז בלויז פאַר־אינטערעסירט אינעם באַוואוסטזיין, ווי אין אַ פּראָצעס פאַר זיך אליין, און ניט ווי וועגן אַ שייכות צו דעם, וועגן וואָס מען איז באַוואוסטזיניק, צו דעם אַזוי אָנגערופענעם „אָביעקט" פון וויסן. די דערקענטעניש־לערע (עפּיסטאָמאָלאָגיע) באַשעפטיקט זיך מיט אָט דער דאָזיקער שייכות. אירע פראַגן זיינען: 1) ווי אַזוי ווייסט מען? וואָס ווייסט מען? און ווי אַזוי איז מען זיכער צי דאָס, וואָס מען ווייסט (קאָגנאַציע) איז אַן אַבסאָלוטער אמת פון דעם, וואָס מען ווייסט? מיט אַנדערע ווערטער, ווי אַזוי קען מען זיין זיכער אַז דער וויסן, וואָס מען האָט פון דער וועלט פון זאַכן, איז דער אַבסאָלוטער אמת וועגן די זאַכן? און צי ווייסט מעןווירקלעך די רעאַליטעט פון דער וועלט?

אָט די דאָזיקע אַלע פראַגן פירן צו דער פונדאַמענטאַלסטער פילאָ־זאָפישער פראַגע: פון וואָס אייגנטלעך באַשטייט די רעאַליטעט פון דער וועלט? ווי מען קען זען איז די דערקענטעניש־לערע אַן אַריינפיר צו דער באַטראַכטונג וועגן דער רעאַליטעט פון דער וועלט, צו דער מע־טאַפיזיק.

אין דער אַרבעט וועט נאָכגעפאָלגט ווערן די ליניע פון דעם קרי־טישן רעאַליזם (זי וועט ניט נאָכגעפאָלגט ווערן ביזן סוף); מיט אים וועט אָבער די אָפּהאַנדלונג פאַרענדיקט ווערן; דער אָנהויב וועט געמאַכט

ווערן פון דעם באַגריף, וואָס ווערט אָנגערופן פילאָזאָפישער אידעאַליזם. דאָס ווערט געטאָן דערפאַר, וואָס דער פילאָזאָפישער אידעאַליזם האָט געהערשט פאַר דורות, גיט ער אַ מעגלעכקייט צו באַטראַכטן די פראַגע פון אַ היסטאָרישן פערספעקטיוו און אגב איז ער לייכטער, כאָטש ער ליגט זיך ניט אויפן זינען פון אַ רעאַליסטיש־געשטימטן מענטשן. זיין לייכט־קייט נעמט זיך דערפון, וואָס ער נעמט אָן דעם באַוואוסטזיין פאַר דער רעאַליטעט פון דער וועלט (וועלט גייסט). די נאַטור, מיט אַלע אירע דער־שיינונגען, ווערט גענומען ווי אַן „אָביעקט" פון וויסן, ווי אַן „עפּעס", אויף וואָס מען איז באַוואוסטזיניק, אָבער ניט ווי אַן עקזיסטענץ פאַר זיך אליין. דער פונדאַמענטאַלער געדאַנק נויטיקט זיך אין אַן אויספירלעכער דערקלערונג, אום ער זאָל ריכטיק פאַרשטאַנען ווערן.

רודאָלף אייקען זאָגט: „די איינמאָל פאַר אַלעמאָל אָנגענומענע השערה איז, אַז אַ ספּיריטועלער לעבן, וואָס באַשטייט פון א פּאַראייניקט גאַנצעס, איז ביי דער אַרבעט אין דער טיפעניש פון אונדזער נשמה" (די לייף אָוו די ספּיריט, ז. 100). „די דאָזיקע ווערטער", זאָגט פּראָפעסאָר פּערי, „דריקן אויף אַן אויסגעצייכנטן אופן אויס דאָס נייעס, וואָס דער אידעאַליזם ברענגט אין דער מאָדערנער צייט. אידעאַליזם איז אַ פאָרמע פון ספּיריטואַליזם, לויט וועלכער דער מענטש, די באַגרענעצטע אינדיווי־דואַליטעט, ווערט באַטראַכט פאַר אַ מיקראָקאָסמישער רעפּרעזענטאַציע פון גאָט, דער אַבסאָלוטער אינדיווידואַליטעט. דעם מענטשנס ספּיריטועלע נאַטור איז אַן אָנטפּלעקונג פונעם פּרינציפּ פון דער רעאַליטעט און זיינע אידעאַלן זיינען אַן אָנדייטונג אויף דער פולקאָמענער און אייביקער רעאַ־ליטעט: ווען ניט זיינע לימיטאַציעס, וואָלט דער מענטש געווען גאָט. ווען מען נעמט אים צוזאַמען מיטן אַלגעמיינעם ספּיריטועלן לעבן, וואָס קאָמ־פּענסירט די לימיטאַציע, איז ער גאָט". דאָס, לויט פּערין, וואָס איז אַליין ניט קיין אידעאַליסט אין דער פילאָזאָפיע, איז ניט גלאָט אַ גלויבן, נאָר אַ פאַקט, וואָס שטראָמט אַרויס פונעם אידעאַליסטס דערקענטעניש־טעאָ־ריע דערפאַר, וואָס „דער אידעאַליסט שטיצט זיך אויף אַ דערקענטעניש־טעאָריע, לויט וועלכער די אויבערהערשאַפט פון גייסט (איבער־מאַטעריע) ווערט אַרויסגעבראַכט דורך דער טעאָריע, אַז דער באַוואוסטזיין, וואָס איז די פונדאַמענטאַלע רעאַליטעט פון דער וועלט, איז רעאַלער פון דעם, וואָס ער ווייסט (פון דער וועלט גופא).

אַלע עקזיסטירנדע זאַכן, נעמט ער אָן, זיינען „אָביעקטן", וואָס ס'מיינט, אַז זיי זיינען אָפּהענגיק מיט זייער עקזיסטענץ פון אימיצן, וואָס ווייסט וועגן זיי (אַ מענטשן). ס'מיינט, אַז זיי זיינען אַן אויסדרוק, אָדער אַ שאַפונג פון אַ „סוביעקט" (מענטשן); גענומען פון דעם שטאַנדפּונקט, ווערט די „אויסערלעכע וועלט" רעדוצירט צו אימיצנס (אַ מענטשנס) וויסן (וועגן איר). מיט אַנדערע ווערטער, מען קען ניט רעדן וועגן דער וועלט ווי אַן עקזיסטענץ פאַר זיך, נאָר ווי אַן עקזיסטענץ וואָס געפינט זיך אין אַ באַוואוסטזיין. אָבער אזוי ווי קאָגנאַציע (וויסן זעלבסט) ווערט אָנגענומען פאַר אַ ספּיריטועלער עקזיסטענץ (גייסט) מיינט עס אַז דער „גייסט" איז מער רעאַל, ווי דאָס וואָס ער ווייסט" (ז. פּרעזענט פילאָסאָפיקל טענדעסיעס, זז. 113־114).

דער געדאַנק איז אַן אײנפאַכער, הגם ער קלינגט מאָדנע פאַר אײנעם, וואָס איז ניט באַקאַנט מיטן אידעאַליסטישן אַרט דענקען. דער אידעאַליסט אין דער פילאָזאָפיע נעמט אָן, אַז באַוואוסטזיניקייט (גייסט) איז די רעאַליטעט פון דער וועלט (וועלט גייסט); אַנדערע זאַכן (די וועלט) זיינען ניט מער ווי „אָביעקטן", וואָס ס'מיינט, אַז דאָס אײנציקע וואָס מען קען זאָגן וועגן זיי איז, אַז זיי זיינען אייגנשאַפטן אין אימיצנס (דעם מעטשנס!) אַ באַוואוסטזיין, אָדער וויסן (קאָגנאַציע). אַזוי דערקלערט דער אידעאַליסט די אויבערהערשאַפט פון גייסט איבער דער קאָנקרעטער וועלט. דער אידעאַליסטישער דענקער מוז ניט אָפּלייקענען די רעאַליטעט פון דער זינלעכער דערפאַרונג, ער טייטשט זי נאָר אויס אויף זיין אייגענעם שטייגער (זע בערגסאָנס „קרעאַטיווע עוואָלוציע").

ווען מען קוקט אויף דער רעאַליטעט פון דער וועלט פון דעם שטאַנדפונקט, קומט אויס אַז אין זיין דענקען און טראַכטן איז דער מענטש אין דער אינערלעכקייט פון דער רעאַליטעט; מער ווי דאָס, דאָס דענקען זעלבסט איז די רעאַליטעט (גייסט): קאָגנאַציע (באַוואוסטזיניקייט) איז גייסט...

לויט דער אויסטייטשונג פון רעאַליטעט אַלס גייסט, וואָלט מען גענייגט זיין אָנצונעמען, אַז לויט דעם אידעאַליסטישן פילאָזאָף איז יעדעס דענקען, אָדער וויסן קרישטאָל ריינע רעאַליטעט, וואָס איז אַ טייל פון דעם וועלט-גייסט און אַז יעדער מענטש דערבליקט די רעאַליטעט דירעקט און אוממיטלבאַר, ווען ער דענקט און טראַכט... איז עס אפילו לויט דעם אידעאַליסט ניט אַזוי אײנפאַך: אמת, דער וועלט-גייסט פליסט טאַקע אין יעדן אײנעמס באַוואוסטזיין; ער געפינט זיך אָבער ניט אויף דער אויבערפלאַך, מען דאַרף אים קענען באַנעמען. כדי צו קענען כאַפּן דעם וועלט-גייסט, ווי ער פליסט אינעם באַוואוסטזיין, דאַרף מען זיך באַקענען מיטן מעטאָד, מיט וועלכן ער אָפּעראירט. דעמאָלט קען מען אים באַפרייען פון דעם, וואָס פאַרטונקלט אים און מען קען קריגן אים אין זיין קרישטאָלריינער פאָרמע, ווי אַ טייל פון וועלט-גייסט.

פאַרשיידענע מעטאָדן זיינען גענוצט געוואָרן פון די אידעאַליסטן-פילאָזאָפן צו דערגרונטעוועץ זיך צום וועלט-גייסט, וואָס געפינט זיך אינעם אייגענעם באַוואוסטזיין. אַלס ביישפּיל וועט געגעבן ווערן דער מעטאָד, וואָס ווערט אָנגענומען, אַז ער איז דאָס העכסטע וואָס דער אידעאַליזם האָט דערגרייכט: און דאָס איז העגעלס מעטאָד צו דערגרייכן דעם וועלט-גייסט... ס'וועט געגעבן ווערן דער צענטראַלער געדאַנק פון זיין דערקענטעניש-טעאָריע (דיאַלעקטישער מעטאָד פון אַנאַליז). דער העגעליאַנישער מעטאָד איז פון אידעאַליסטן-פילאָזאָפן פאַר אַ לענגערער צייט אָנגענומען געוואָרן פאַר דעם מיסטישן שליסל, וואָס עפנט אַלע טירן צו די סודות פון דער וועלט. מען האָט אָנגענומען, אַז ווען מען באַנוצט דעם מעטאָד דערבליקט מען דעם וועלט-גייסט ביי דער אַרבעט; מען דערבליקט זיין אַנטוויקלונג, וואָס דערקלערט די אַנטוויקלונג פון דער וועלט.

אַזוי ווי העגעל האָט געשריבן אין אַזאַ אומפאַרשטענדלעכער שפּראַך, אַז פּראָפעסאָר לאָווענבערג זאָגט, „ס'איז קיין פראַגע ניט אַז העגעלס סטיל איז סקאַנדאַליעז, דערפאַר האָבן זיך זיינע קאָמענטאַטאָרן אויף אַזויפיל

ווידערשפּראָכן, ווי די קאָמענטאַטאָרן פון דער ביבל״ (זע אַריינפיר צו העגעלן). איז אום צו זיין זיכער, אַז העגעל ווערט ריכטיק איבערגעגעבן, וועט גענומען ווערן העפדינגס אויסטייטשונג: ער איז אַן אָנערקענטער אויטאָריטעט פון דער מאָדערנער פילאָזאָפיע.

ער זאָגט: „העגעל פאַרשטייט אונטער דיאַלעקטיק: 1) אַן אייגנשאַפט אין אונדזער דענקען, לויט וועלכער יעדער איינצל געדאַנק גייט אויף אַ נאַטירלעכן אופן איבער אין אַ צווייטן געדאַנק (דאָס איז אַן אייגנשאַפט פון דער לאָגיק פונעם דענקען) און 2) אַן אייגנשאַפט פון זאַכן (עקזיסטענצן) וואָס יעדע איין זאַך איז נויטווענדיקערווייז אַ טייל פון אַנדערע זאַכן. קומט, לויט זיין מיינונג אויס, אַז אַזוי ווי דער דענקען (אורטיילן )דערגרייכט אמתן, איז ער אויך דער דירעקטער און אוממיטלבאַרער אויסדרוק פון דעם אינערלעכן לעבן פון עקזיסטענץ (דאָס „דאָזיין״): ווען מיר דענקען, דענקט עקזיסטענץ אין אונדז (זע היסטאָר. אָוו מאָדערנ. פילאָס., בוך 2, ז. 180).

אין דעם אויסצוג דאַרפן צוויי מאָמענטן מאָנטערשטראָכן ווערן (העגעל וואָלט עס אָנגערופן צוויי פאָזן) 1) דאָס פאַרוואַנדלען זיך פון דעם געדאַנק (גייסט) פון איינעם אין אַ צווייטן און 2) די ענדערונגען, וואָס קומען פאָר אין זאַכן, וואָס זיינען אין האַרמאָניע מיטן פליסנדן געדאַנק (גייסט). ס'דאַרף מיינען, אַז דער פּראָצעס, וואָס קומט פאָר אין זאַכן, איז אָפּהענגיק פון דעם דענקען (פליסנדן גייסט): פאַר העגעלן, הייסט עס, איז לאָגישער דענקען און רעאַליטעט פון דער וועלט געוועזן איינע און די זעלבע זאַך. דערפאַר האָט ער זיין מעטאַפיזיק אָנגערופן לאָגיק...

די רעאַליטעט פון דער וועלט, ווען מען נעמט זי מעטאַפיזיש, באַשטייט, לויט זיין מיינונג, פון גייסט, וואָס האַלט אין איין פליסן און זיך אַנטוויקלען. דער דאָזיקער וועלט-גייסט קען אויך אָנגערופן ווערן וועלט־געדאַנק, דערפאַר, וואָס ער איז אינטעלעקט אין עצם. דער מענטשלעכער פאַרשטאַנד איז אַ טייל פונעם וועלט-גייסט, זיין פליסן באַשטייט פונעם פליסן פון וועלט-גייסט. ס'מיינט, אַז ווען מען פאַרשטייט ריכטיק דעם פליסן פון דעם אייגענעם געדאַנק, פאַרשטייט מען דעם פליסן פון וועלט־גייסט; מען פאַרשטייט די אַבסאָלוטע רעאַליטעט פון דער וועלט.

העגעל און די העגעליאַנער זיינען געווען זיכער, אַז דער דיאַלעקטישער מעטאָד האָט אַנטדעקט דעם וועלט-גייסט ביי דער אַרבעט. זאָל העפדינג ווייטער זאָגן וואָס העגעל מיינט. ער זאָגט: „אַזוי ווי יעדער באַגריף (קאָנצעפּציע) איז באַגרענעצט, איז ווען מען פאָלגט אים נאָך לאָגיש ווייט גענוג, געפינט מען אויס, אַז ער פירט צו זיין קעגנזאַץ, צו זיין אייגענער נעגאַציע. דערטראַכטן אַ געדאַנק ביז זיין לאָגישן סוף, מיינט אים אַנולירן. אָבער דורך דער נעגאַציע אַנטשטייט אַ נייער פּאָזיטיווער געדאַנק; דערפאַר וואָס נעגירט ווערט בלויז דאָס באַשטימטע, דאָס באַגרענעצטע פונעם אינהאַלט, אָבער ניט דאָס אַבסאָלוטע פונעם אינהאַלט. ס'מיינט, אַז פון דעם פּראָצעס פון נעגירן קומט אַרויס אַ נייער באַגריף מיט מער קראַפט. אַזוי ווי דער נייער באַגריף איז דעטערמינירט דורך זיין פאַרהעלטעניש צום פריערדיקן באַגריף און דורך דער דערמאָנונג אין אים, איז ער רייכער פון דעם לעצטן. ער אַנטהאַלט דעם פריערדיקן, ער איז אָבער געוואָרן אַ טייל פון אַ גרעסערעס גאַנצעס. אויסער דעם מיינט נעגירן, נאָר אַנאַלירן אינעם זין פון אויפהויבן

צו אַ העכערן באַגריף, ברענגען צו אַ העכערער אייניקייט: ס׳קומט פאַר אַ פאַראייניקונג פון קעגנזאַצן, וואָס אַנטהאַלט ביידע באַגריפן, וואָס זיינען איינגעשלאָסן אין זייערע קעגנזאַצן. העגעל זאָגט אינעם אַריינפיר צו זיין לאָגיק: אויף אַזאַ אופן פאַרמירן זיך סיסטעמען פון באַגריפן און פאַרפולקאָמענען זיך אין אַן אומענדלעכן, ריינעם פאַרשריט — פריי פון אויסערלעכן צוגאָב" (דאַרטן, ז. 180).

דער אויסצוג אַנטהאַלט אין זיך דעם באַוואוסטן „טריאַד": טעזיס (אַ באַהויפּטונג), אַנטיטעזיס (דער קעגנזאַץ צו דער באַהויפּטונג) און סינטעז (אַ פאַראייניקונג פון די קעגנזאַצן אין אַ העכערן באַגריף). צום ביישפּיל, ווען מען נעמט דעם אַבסטראַקטסטן פון אַלע באַגריפן, דעם ריינעם באַגריף פון „זיין" און מען טראַכט זיך אַריין אין אים ווי ווייט ס׳איז מעגלעך, איז לויט העגעלן פירט ער צו זיין קעגנזאַץ — ניט־זיין (ער ווערט ליידיק), ווייל, זאָגט העגעל, אַן אינהאַלטלאָזער „זיין", וואָס איז ניט דעפינירט און ניט דיפערענצירט איז פאַקטיש דאָס זעלבע וואָס ניט־זיין: קיין אינהאַלטלאָזן זיין קען מען זיך ניט פאָרשטעלן. ווען אָבער מען פאַראייניקט ביידע עקסטרעמען, דעם זיין מיטן ניט־זיין, קריגט מען די קאָנקרעטע רעאַליטעט: מען קריגט דעם ווערן.

לויט דעם דאָזיקן אַרט דענקען מיינט אַן אַבסאָלוטער „זיין" אַן „עפּעס", פון וועלכן מען האָט אַוועקגענומען אַלע אייגנשאַפטן, וואָס זיינען פון אַ צייטווייליקן כאַראַקטער: צייטווייליקע אייגנשאַפטן זיינען ניט קיין טייל פון אַן אַבסאָלוטן „זיין". ווען אָבער מען נעמט אַוועק די אייגנשאַפטן, איז דער רעזולטאַט אַ ריינע אַבסטראַקציע, וואָס איז אַזוי נעפּלהאַפט און אינהאַלטסלאָז, אַז זי גרענעצט זיך מיט איר קעגנזאַץ, מיטן ניט־זיין. פון דעם קומט שוין ממילא אויס, אַ דאָס עקזיסטירנדע איז ניט דער „זיין" און, פאַרשטייט זיך, אַז ניט דער ניט־זיין, נאָר דער ווערן: די שטענדיקע ענדערונג, וואָס אַנטהאַלט אין זיך ביידע מאָמענטן: דעם זיין מיט דעם ניט־זיין.

אויף אַזאַ אופן האָט העגעל „דעמאָנסטרירט", אַז די אַבסאָלוטע רעאַליטעט, דער וועלט־גייסט באַשטייט פון אַן אייגנשאַפט פון שטענדיקן ווערן. דאָס באַווייזט, לויט זיין מיינונג, נאַטירלעך, אַז די פאַראויס־שטרעבנדע דיאַלעקטיק איז דער אויסדרוק פון דעם „דאַזיין" פון דער אַנטוויקלענדער עקזיסטענץ. אַלס באַווייז, אַז די אויסטייטשונג איז אַ ריכטיקע, ווערט אָנגעגעבן אַז „דער פּולס פון עקזיסטענץ קלאַפּט אין אונדזער דענקען מיטן זעלבן ריטם ווי איבעראַל" (דאַרטן).

פאַקטיש, באַשטייט העגעלס דערקענטעניש־טעאָריע אין דעם וואָס „דער פּולס פון עקזיסטענץ קלאַפּט אין אונדזער דענקען מיטן זעלבן ריטם ווי ער קלאַפּט איבעראַל". אַלץ דרייט זיך אַרום דעם דענקען: ער איז אַ טייל פון דעם וועלט־גייסט דערפאַר איז דאָס ריין לאָגישע רעאַל. אין זיין שטאַטס־לערע האָט עס אים געפירט אַנצונעמען, אַז דאָס וואָס עקזיסטירט איז ראַציאָנאַל: אַ באַרעכטיקונג פאַרן פּרייסישן אויטאָקראַטיזם.

אַזוי לאַנג ווי העגעל און די העגעליאַנער האָבן זיך באַשעפטיקט מיט אַבסטראַקטע באַגריפן, האָבן זיי זיך געקענט פּילפּולן אויף וויפיל זייער האַרץ האָט געגלוסט און „באַווייזן" אַז אַלץ שטימט. די צרה איז אָבער וואָס אויך

דער פילאָזאָפישער אידעאַליסט מוז זיך אָראָפּלאָזן אויף דער ערדישער רעאַליטעט און זיך אָנשלאָגן אין די האַרטע און קאָנקרעטע פאַקטן פון איר ווירקלעכקייט. די דאָזיקע ווירקלעכקייט איז אָבער ניט בויגזאַם גענוג, מען זאָל זי קענען אַריינפלעכטן אין אַ ווערטערלעכן פּילפּול. די האַרטע פאַקטן פון דער זינלעכער דערפאַרונג, וואָס שטראָמען אַריין דורך די חושים, לאָזן זיך ניט בויגן צו די לאָגישע פּילפּולים; זיי גיבן אַ ווידערשטאַנד דעם „ריינעם שכל״; האָבן זיי העגעלן אריינגעבראכט אין אַ שרעקלעכן גרימצאָרן; פאַר כעס האָט ער זיך מיט זיי אָפּגערעכנט אויף זיין אייגענעם שטייגער: ער האָט די גאַנצע נאַטור דערקלערט אַלס „די אידייע אין איר ניט זיין״. אָדער „די נאַטור איז די אידייע אין איר פאַרפרעמדן זיך פון זיך אַליין״. פּשוט, דאַרף עס מיינען, אַז די אויסערלעכע וועלט, ווי זי שטראָמט אַריין אינעם מענטשן דורך די חושים, ווי זי ווערט אויפגענומען לויט דער זינלעכער דערפאַרונג, איז עפּעס אַ מין הויקער, אַ פאַרזעעניש וואָס די אידייע האָט פּריצייטיק מפּל געווען אויף איר דיאַלעקטיש אַנטוויקלענדן וועג. איז אַזוי ווי זי איז אַ פאַרזעעניש, איז ניט שייך אפילו צו דענקען אַז זי זאָל קענען געבן וועלכע עס איז אינפאָרמאַציע וועגן דער אַבסאָלוטער רעאַליטעט, וועגן דעם „אַבסאָלוט״ („גאָט״). עס הייסט, אַז די זינלעכע דערפאַרונג, וואָס מען קריגט דורך די חושים, נאַרט אָפּ. דערפאַר האָט זיך העגעל אינגאַנצן אָפּגעקערט פון איר, ער האָט זי אינגאַנצן איגנאָרירט און האָט זיך געווענדט צום ריינעם דענקען לויט דעם דיאַלעקטישן מעטאָד: ווייל „ווען מיר דענקען, דענקט די רעאַליטעט אין אונדז״.

ווי מען קען זען, איז דער אַבסאָלוטער אידעאַליזם, העגעלס מעטאַפיזיק פון „וועלט־גייסט״, אַ רעזולטאַט פון אַ „דערקענטעניש־לערע״, וואָס נעמט אָן דעם מענטשלעכן דענקען ניט נאָר ווי אַ מעטאָד צו געפינען די רעאַליטעט, נאָר פאַר אַ קריטעריום, פאַרן באַווייז זעלבסט פאַר דער ריכטיקייט פון דער מעטאַפיזיק פון דעם „גייסט״ און אַ דאַנק דעם זאָגט ער זיך אינגאַנצן אָפּ צו רעכענען זיך מיט דער דערפאַרונג, וואָס מען קריגט פון דער וועלט דורך די חושים: ער נעמט אָן גלייך פון אָנפאַנג, אַז די חושים נאַרן אָפּ, דאַרף מען זיך מיט זיי אינגאַנצן ניט רעכענען.

העגעלס סיסטעם איז ניט נאָר געוואָרן די הערשנדע פילאָזאָפיע פון די אַקאַדעמישע קרייזן פון זיין צייט, זי איז אויך געוואָרן אַ געזעלשאַפט־לעכע באַוועגונג. עס זיינען אַנטשטאַנען רעכטע העגעליאַנער, לינקע העגע־ליאַנער און אויך „מיטעלע״, אָדער גלאַט העגעליאַנער; זיי אַלע האָבן זיך צעצווייגט אין פאַרשיידענע „גייסטעס וויסנשאַפטן״, וואָס האָבן געמאַכט אַ רושם אינעם ערשטן האַלב פונעם ניינצנטן יאָרהונדערט. זיין אַלגעמיינע ווירקונג האָט זיך אָבער אויך איבערגעטראָגן אויפן צווייטן האַלב פונעם יאָרהונדערט און זי פילט זיך נאָך ביז היינטיקן טאָג.

און דאָס אַלץ האָט פּאַסירט אין אַ צייט, ווען די עקספּערימענטאַלע וויסנ־שאַפט, וואָס איז, נאַטירלעך, אַ רעזולטאַט פון דערפאַרונג, האָט געמאַכט איר גרעסטן פאָרשריט אין דער געשיכטע. אַ דאַנק דעם זונדערבאַרן צו־שטאַנד איז פאָרגעקומען אַ פולשטענדיקער בראָך צווישן דער וויסנשאַפט און דער פילאָזאָפיע פון יענער צייט. העגעל האָט אַטאַקירט די וויסנשאַפטלער, ער האָט זיי אָנגערופן שמאָלקעפּיקע פאַרפירער; ספּעציעל האָט ער אויס־

געגאַסן זיין כעס צו ניוטאָנען, וועמען, לויט זיין מיינונג, דער עפּל האָט אָפּגעטאָן אַזאַ שפּיצל, ווי ער האָט אָפּגעטאָן דער מוטער חוהן (ער האָט אין זינען געהאַט די מעשה ווי אַזוי ניוטאָן איז געקומען צום געדאַנק פֿון גראַוויטאַציע נאָכדעם, ווי אַן עפּל האָט אים געטראָפֿן אין קאָפּ, ווען ער איז געזעסן אונטער אַ בוים) און אויך ער, ווי די מוטער חוה, האָט פֿאַרפֿירט די מענטשהייט...

די וויסנשאַפֿטסלייט, פֿון זייער זייט, זיינען אויך ניט געבליבן שולדיק קיין ענטפֿער: זיי האָבן העגעלן, צוזאַמען מיט די העגעליאַנער, פּשוט אָנגערופֿן משוגעים. העלמהאָלץ, וואָס איז ניט נאָר געווען אַ גרויסער וויסנשאַפֿטסמאַן, נאָר אויך ניט קיין קליינער דענקער, שרייבט 30 יאָר נאָך העגעלס טויט (1862), אַז פֿאַר אַ נאַטור־פֿאָרשער איז העגעלס צענטראַלער געדאַנק געווען לויטער משוגעת. ער זאָגט: „העגעלס אידענטיטעט־פֿילאָסאָפֿיע האָט אָנגעהויבן מיט דער היפּאָטעזע, אַז ניט נאָר ספּיריטועלע דערשיינונגען, נאָר אפֿילו די אַקטועלע וועלט — עס מיינט די נאַטור און דער מענטש — זיינען אַ רעזולטאַט פֿון אַן אַקט פֿון דענקען פֿון אַ שאַפֿנדן פֿאַרשטאַנד, וואָס איז ענלעך צום מענטשנס פֿאַרשטאַנד. פֿאַרלאָזנדיק זיך אויף דער היפּאָטעזע, האָט זי אָנגענומען, אַז דער מענטשלעכער פֿאַרשטאַנד איז קאָמפּעטענט איבערצודענקען די געדאַנקען פֿונעם באַשאַפֿער און צוריק זיי אַנטדעקן לויט דער אינערלעכער אַקטיוויטעט פֿונעם פֿאַרשטאַנד גופֿא, אָן דער הילף פֿון דעם וויסן, וואָס קומט פֿון דער וועלט דורך דערפֿאַרונג.

דאָס איז געווען דער בליק מיט וועלכן די „אידענטיטעט־פֿילאָזאָפֿיע״ האָט זיך גענומען צו דער אַרבעט צוזאַמענצושטעלן אַפּריאָרי די רעזולטאַטן פֿון אַנדערע וויסנשאַפֿטן... ווען מען זאָל אפֿילו אָננעמען אַז העגעל איז געווען מער אָדער ווייניקער דערפֿאָלגרייך אין צוזאַמענשטעלן אַ פּריאָרי (אָן דער הילף פֿון דערפֿאַרונג) די הויפּט־רעזולטאַטן פֿון די וויסנשאַפֿטן, וואָס באַשעפֿטיקן זיך מיט מאָראַל, וואָלט עס נאָך אויך ניט געווען קיין באַווייז פֿאַר דער ריכטיקייט פֿון דער אידענטיטעט־היפּאָטעזע, מיט וועלכער ער האָט אָנגעהויבן. די פֿאַקטן פֿון דער נאַטור האָבן געדאַרפֿט דינען פֿאַר דעם אַנטשיידנדן באַווייז... אויף דעם פּונקט, וואָגן מיר צו זאָגן, האָט העגעלס פֿילאָזאָפֿיע צוזאַמענגעבראָכן. זיין סיסטעם, אויף וויפֿיל זי האָט א שייכות צו דער נאַטור, האָט אַמווייניקסטנס פֿאַר אַ נאַטור־פֿילאָזאָף אויסגעקוקט ווי אַן אַבסאָלוטע משוגעת. פֿון אַלע וויסנשאַפֿטלייט, וואָס האָבן געלעבט אין זיין צייט, איז ניט געווען אפֿילו קיין איינער, וואָס האָט געהאַט אַ גוט וואָרט פֿאַר זיינע אידייעס (זע פּאָפּול. לעקטש. און סייענטיפֿיק סאַבדזשעקס, ז. 5).

אפֿילו קעגנער פֿון העגעלן, אפֿילו די וואָס נעמען ניט אָן קיין איין וואָרט פֿון זיין פֿילאָזאָפֿיע, וועלן ניט אים און ניט זיינע נאָכפֿאָלגער האַלטן פֿאַר משוגעים, און געוויס וועלן זיי ניט האַלטן ניוטאָנען און די וויסנשאַפֿטסלייט פֿאַר פֿאַרפֿירער. נאָר די צוויי צדדים האָבן גערעדט פֿאַרשיידענע שפּראַכן: זיי האָבן זיך פּשוט ניט פֿאַרשטאַנען איינס דאָס אַנדערע.

דורך העגעלן האָט גערעדט אַ פֿילאָזאָפֿישער באַגריף, וואָס האָט געערשט פֿאַר צוויי טויזנט יאָר און וואָס האָט דערפֿילט, אויב ניט דערזען, די דראָענדע געפֿאַר פֿון דער אַנטוויקלענדער וויסנשאַפֿט. כדי צו פֿאַרשטיין

העגעלן און אויך זען אין וואָס די געפאַר, וואָס האָט אויף אים געלויערט, איז באַשטאַנען און וואָס האָט אים טאַקע ענדלעך באַזיגט, דאַרף מען זיך באַ־קענען מיטן הערשנדן באַגריף אין דער פילאָזאָפיע פאַר די אַלע דורות. אָבער אום צו קענען דאָס פאַרשטיין, איז נויטיק זיך צו באַקענען מיטן גרי־כישן געדאַנק אין אַלגעמיין און ספעציעל מיט אַ פאָר מאָמענטן פון די וויכ־טיקסטע דענקער (פלאַטאָנען און אַריסטאָטעלן) און אויך מיט דעם טייל פונעם ביישטראָג פון דער רעליגיע, וואָס פאַרנעמט נאָך איצט אַ היפשן פלאַץ אין דער אידעאַליסטישער פילאָזאָפיע.

די גריכן, ספעציעל די צוויי (פלאַטאָן און אַריסטאָטעל), האָבן אַרויפ־געלייגט זייער שטעמפל אויפן אַלגעמיינעם דענקען פון דער קולטורעלער מענטשהייט; וואו מען טוט זיך אַ קער און וואו מען טוט זיך אַ ריר באַ־געגנט מען זיך מיט זייער אַ געדאַנק, והייטהעד איז געוויס ניט אינגאַנצן אומגערעכט, ווען ער זאָגט, אַז די פילאָזאָפיע ביז איצט באַשטייט פון באַ־מערקונגען, וואָס זיינען פון צייט צו צייט געמאַכט געוואָרן צו פלאַטאָנס פילאָזאָפיע: אַזוי גרויס איז געווען זיין ווירקונג. און אַריסטאָטעל ווערט נאָך איצט אָפט ציטירט ניט בלויז צוליב זיין היסטאָרישער באַדייטונג, נאָר ווייל מען נעמט אָן פאַר אמת דאָס, וואָס ער האָט געזאָגט.

ווי עס זאָל ניט זיין, איז כדי צו פאַרשטיין דעם אידעאַליזם אין דער פילאָזאָפיע און ספעציעל העגעלן, וועט נויטיק זיין צו געבן אַ קורצן איבער־בליק איבער דעם אַרט דענקען, וואָס האָט געפירט צו אים. דער אָנהויב וועט געמאַכט ווערן מיט די גריכן.

פילאָזאָפירן, וואָס עס האָט געמיינט פירן פאַרשיידענע דיסקוסיעס, איז געווען אַ פריווילעגירטע באַשעפטיקונג ביי די גריכן. עס איז פאַר זיי ניט געווען קיין צייט־פאַרטרייב, נאָר אַ פאָרמע פון פאָרשן און לערנען. מעגלעך, אַז אַ דאַנק אָט דער אייגנשאַפט איז זייער צוגאַנג צו דערשיינונגען געווען אַן אינטעלעקטואַליסטישער, זיי האָבן אַלץ געוואָלט דערקלערן מיטן ריינעם שכל און דערפאַר האָבן זיי געשאַפן פילאָזאָפישע סיסטעמען אין וועלכע אַלע דערקלערונגען זיינען ריין שכלדיקע. אמת, זייער דענקען איז ניט געווען באַגרענעצט מיט פילאָזאָפיע — פאַרשיידנאַרטיק און פאַרבנרייך איז געווען זייער געניוס, ער האָט זיך מאַניפעסטירט אויף די פאַרשיידנאַרטיקסטע אופנים, פילאָזאָפיע, ליטעראַטור, קונסט א. אַז. וו. פון די אַלע געביטן איז אָבער די פילאָזאָפיע דאָס וויכטיקסטע, וואָס זיי האָבן נאָך זיך איבערגעלאָזט. ווען מען דערמאָנט די ווירקונג פון גריכנלאַנד ביז היינטיקן טאָג, איז עס הויפטזעכלעך אַ דאַנק זייער פילאָזאָפיע.

עס איז מערקווירדיק ווי פילזייטיק זיי זיינען געווען אין זייער דענ־קען; מען קען זאָגן, אַז אַלע פאָרמען פונעם ספעקולאַטיוון דענקען האָבן זיי שוין געהאַט. זיי האָבן געהאַט העראַקליטוסן, וואָס האָט געדענקט אין טערמינען פון עוואָלוציע, וואָס האָט אָנגענומען, אַז אַלץ איז פליסיק, אַז אַלץ ענדערט זיך אין דער נאַטור, און זיי האָבן געהאַט פערמאַנידעסן, דעם דענקער פון איביקן „זיין", וועלכער האָט פאָסטולירט אַ ניט־בייטנדע איי־ביקע סובסטאַנץ, וואָס געפינט זיך אונטער די בייטנדע צייטווייליקע דער־שיינונגען. זיי האָבן געהאַט דעמאָקריטוסן, דעם פאָטער פון מאַטעריאַליזם, און פלאַטאָנען, דעם פאָטער פון אידעאַליזם. זיי האָבן געהאַט פיטהאַגאָרן,

דעם מיסטיקער, און אַריסטאָטעלן, וועמענס אַרט דענקען איז געווען אַ רע־אַליסטישער.

ווי פאַרשיידנאַרטיק זיי זיינען ניט געווען, האָבן זיי זיך אָבער געאייניקט אויף איין פּונקט, אויף זייער אינטעלעקטואַליזם: זיי אַלע האָבן געפּרואווט דערקלערן די וועלט מיטן כוח פונעם ריינעם שכל. וואָלטן זיי ניט געווען אַזוי שטאַרק באַהערשט פונעם ספּעקולירנדן גייסט, וואָלטן זיי אויך געקענט זיין שאַפערס פון אַ וויסנשאַפט: זיי זיינען געווען גוטע באַאָבאַכטער פון נאַטור־דערשיינונגען. טהאַלעס האָט באַמערקט, אַז אַ קערנדל זאָל זיך קענען צעוואַקסן אין דער ערד, מוז עס פריער ווערן ווייך און זאַפטיק. וואָלט ער עס געווען נאָכגעפאָלגט און באַשריבן די ענדערונגען, וואָס קומען אין דעם פּאַר, וואָלט עס געווען אַן אָנהויב פון דער באָטאַנישער וויסנשאַפט. ער האָט אָבער ספּעקולירט, האָט ער געשאַפן אַ „נאַטור־פילאָזאָפיע". אנאַקסי־מאנדער האָט באַמערקט די באַדייטונג פון לופט פאַרן לעבן, וואָלט ער געווען נאָכגעפאָלגט די ליניע, וואָלט ער געווען דער אָנפאַנגער פון דער ביאָלאָ־גישער וויסנשאַפט א. אַז. וו. זיי האָבן אָבער ניט געהאַט דעם וויסנשאַפטלעכן טעמפּעראַמענט, האָבן זיי געשאַפן פילאָזאָפישע סיסטעמען. זייער אַלגעמיינער צוגאַנג צו דער וועלט ווערט אָנגערופן דראַמאַטישער: זיי האָבן געקוקט אויף דער וועלט ווי אויף אַ דראַמע, האָבן זיי געהאַלטן אין איין זוכן דעם „העלד", וואָס סצענירט די דראַמע... זיי האָבן געזוכט דעם „פאַרוואָס" די נאַטור־דערשיינונגען קומען פאָר, האָט עס זיי געפירט צו פילאָזאָפישע ספּע־קולאַציעס און ניט צו וויסנשאַפטלעכע פאָרשונגען.

ב. פּאָלער, אין זיין געשיכטע פון דער גריכישער פילאָזאָפיע, זאָגט: „דער גריך האָט געקוקט אויף דער נאַטור, ווי פונדאַמענטאַל ענלעך צו אים, זי איז פאַר אים ניט געווען טויט, נאָר לעבעדיק, זי האָט פאַר אים פּולסירט מיט לעבן אין אַלע אירע טיילן. זי איז פאַר אים ניט געווען קיין באַשאַף, נאָר אַ לעבעדיקע באַשעפעניש. ניט קיין געשאַפענע מאַשין, נאָר אַ לעבעדיקער אָרגאַניזם, אָט ווי ער איז... ער האָט זיך אָפּגעטראָגן צו זיינע געטער, ווי צו מענטשן. ער איז געקומען מיט זיי אין אַזאַ באַרירונג, ווי מען קומט מיט מענטשן און ניט אויף קיין מיסטישן אופן. ער האָט געהערט די שטימען פון זאַכן. ער האָט געקוקט אויפן אויסזען פון דער נאַטור און האָט דערזען איר שיינקייט, אירע פריידן און ליידן, איר זאָרג, כעס און פאַרלאַנגען. ער האָט געזען „די טרערן פון זאַכן" און זייער „אומענדלעכן" געלעכטער. ער האָט געוואוסט ווי זיינע געטער פילן און האָט מיט זיי אויף אַזויפיל מיט־געפילט, אַז ער האָט ממש „געזען" דעם אויסדרוק אויף זייערע פּנימער, זייערע באַוועגונגען מיט די הענט און האָט געהערט זייער אַרויסגערעדטע שפּראַך" (זז. 27־28).

ער זאָגט ווייטער, אַז זיך אַליין האָבן זיי ניט אָפּגעטיילט פון דער וועלט, זיי האָבן זיך ניט אַריינגעטראַכט אין זיך, אין זייער אייגענער פּסיכיק, אין זייערע איבערלעבונגען, ווי מענטשן פאַר זיך מיט אַן אייגענער פּערזענ־לעכקייט, מיט אַן אייגענעם „איך". זיי האָבן זיך באַטראַכט פאַר אַ טייל פון אַ גרעסערעס גאַנצעס, פון דער וועלט.

ווי ס'איז געווען זייער צוגאַנג צו דער וועלט, אַזוי איז אויך געווען זייער צוגאַנג צום מענטשן און זיין וויסן פון דער וועלט; ער איז געווען אַ ריין

אינטעלעקטואַליסטישער, ווי אַן אויסצוג פון פּלאַטאָנען וועט עס דעמאָנסט־רירן. ער זאָגט: „דער אינטעלעקטועלער וויסן איז דער, וואָס די פאַרנונפט זעלבסט דערגרייכט דורכן כח פון דער דיאַלעקטיק (לאָגישער אַנאַליז) דעמאָלט, ווען ער נוצט היפּאָטעזעס ניט ווי ערשטע פּרינציפּן, נאָר בלויז ווי היפּאָטעזעס. וואָס עס מיינט, אַז זיי ווערן גענוצט פאַר שטיץ־פּונקטן, אָדער אויסגאַנגס־פּונקטן צו דערגרייכן רעגיאָנען, וואָס געפינען זיך העכער פון די היפּאָטעזעס. ווען זיי ווערן גענוצט צו קענען זיך דערהויבן און זיי איבערשטייגן ביזן ערשטן פּרינציפּ פון דער גאַנצקייט און זיך באַפעסטיקן צו אים (צום ערשטן פּרינציפּ) און צו דעם, וואָס איז אָפּהענגיק פון אים. אויך אין זיין אַראָפּשטייגן (דעם אינטעלעקטס אַראָפּשטייגן) באַגייט ער זיך אויך אָן די באַמערקבאַרע זאַכן (דאָס וואָס איז פאַרבונדן מיט דער עמפּיריק: איינדרוקן פון די חושים) ער הויבט אָן און ענדיקט מיט די אידייען" (זע רע־פּובליק, ז. 339, פּאַראַגראַף 511).

דאָס איז אַ ריין שכלדיקער צוגאַנג צום פאַרשן די וועלט. ער דריקט עס נאָך אויס שטאַרקער אין זיין באַוואוסטן ביישפּיל, אין וועלכן, ער ברענגט אַרויס, אַז דער זינלעכער וויסן, וואָס מען קריגט דורך די חושים, איז אַ וויסן פון שאָטנס, וואָס ווערן געוואָרפן פון דער רעאַליטעט, אָבער ניט פון דער רעאַליטעט גופא: די רעאַליטעט באַשטייט פון די „אידייעס" און ניט פון די אויפגענומענע זאַכן. זיין ביישפּיל איז ווי פאָלגט: אַ הייל, אין וועלכער מענטשן זיינען צוגעשמידט צו אַ וואַנט אויף אַזאַ אופן, אַז זיי קענען נאָר קוקן פאָראויס; זיי קענען זיך ניט אויסקערן אויף צוריק און זען וואָס עס טוט זיך הינטער זייערע פּלייצעס. קוקנדיק פאָראויס זעען זיי אַ ברענענדיק ליכט און זיי זעען באַוועגונגען אונטער דער ליכט. עס זיינען באַוועגונגען פון סילועטן: זיי זעען זייערע האַנדלונגען, הערן זייערע שטימען, נעמען זיי זיי אָן פאַר מענטשן. אין דערווירקלעכקייט זיינען עס ניט מער ווי שאָטנס, וואָס ווערן געוואָרפן אויף דער וואַנט פון עקזיסטענצן (אידייעס), וואָס געפינען זיך הינטער זייערע פּלייצעס. אָבער אַזוי ווי זיי קענען ניט אומדרייען זייערע קעפּ, נעמען זיי אָן די שאָטנס, וואָס געפינען זיך פאַר זיי, פאַר מענטשן און זיי ווייסן ניט, אַז אין דער ווירקלעכקייט געפינען זיך די מענטשן הינטער זיי און דאָס, וואָס זיי נעמען אויף מיט די חושים זיינען ניט מער ווי שאָטנס פון דער רעאַליטעט (רעפּובליק, פּאַראַגראַף 515).

צו קענען פאַרשטיין די צוויי אויסצוגן, דאַרף מען זיך באַקענען מיט די פונדאַמענטאַלע געדאַנקען פון פּלאַטאָנס פילאָזאָפיע. געוויס איז עס ניט קיין לייכטע ארבעט; ער האָט זיינע געדאַנקען צעוואָרפן אין פאַרשיידענע דיאַלאָגן פון וועלכע ער האָט איבערגעלאָזט אַ היפּש ביסל. עס מוז אבער געטאָן ווערן: ער האָט אוועקגעלייגט דעם פונדאַמענט פאַרן ווייטערדיקן דענקען.

פּלאַטאָן איז געוויס געווען אַן אָריגענעלער דענקער, ער האָט זיינע געדאַנקען אַליין דורכגעטראַכט פונעם אָנהויב ביזן סוף; אָבער אַזוי ווי ער איז געווען איינער פון די לעצטע פון דער גלאָררייכער פּלעיאַדע פון דער גריכישער פילאָזאָפיע, איז געווען נאַטירלעך, אַז ער זאָל געווען באַאיינפלוסט ווערן פון זיינע פאַרלויפער. אַמשטאַרקסטן איז ער באַאיינפלוסט געוואָרן פון פּערמאַנידעסן, דעם פילאָזאָפירער פון „זיין"; דעם פאַרטיידיקער פון אַן

איבּיקער ניט ענדערנדער עקזיסטענץ אין דער וועלט. זיין אויסגאַנגס־פּונקט איז פּאַקטיש דער זעלבער, וואָס פּערמאַנידוס האָט פּאַרטיידיקט, ער האָט אָבער זיינע געדאַנקען פּיל וויטער דערפירט פונעם לעצטן. ער איז אויך באַאיינפלוסט געוואָרן פון הערקליטוסן, דעם דענקער, וואָס האָט פּאַר־טיידיקט דעם געדאַנק, אַז ענדערונג איז פונדאַמענטאַל אין דער נאַטור; הגם ער האָט זיין שטאַנדפּונקט ניט אָנגענומען, פילט מען דעם איינפלוס וואָס הערקליטוס האָט אויף אים געהאַט. אויך די פּיטהעגאָרער מיסטישע שול האָט אויף אים געמאַכט אַן איינדרוק, ספּעציעל איז ער באַאיינפלוסט געוואָרן פון דער „מיסטיק" פון מאַטעמאַטיק. פאַרשטייט זיך, אַז זיין לערער, סאָקראַט, האָט אויף אים געהאַט די גרעסטע ווירקונג, אָבער דאָ איז שווער צו זאָגן, וואו ס'ענדיקט זיך סאָקראַט און וואו עס הויבט זיך אָן פּלאַטאָן, אָדער פאַרקערט, וואו ס'ענדיקט זיך פּלאַטאָן און וואו עס הויבט זיך אָן סאָקראַט... אין אַ געוויסן זין דאַרפן זיי גענומען ווערן צוזאַמען.

ווי סאָקראַט, האָט ער באַקעמפט דעם סקעפּטיציזם, וואָס די סאָפיסטן האָבן אַריינגעבראַכט אינעם דענקען פון יענער צייט. די סאָפיסטן, ווי באַ־וואוסט, זיינען אַרויסגעקומען מיט דער מאַטאָ, אַז „דער מענטש טראָגט אין זיך די מאָס פאַר אַלץ" און פון דעם האָבן זיי געצויגן דעם שלוס אַז „אויב ער איז די מאָס פאַר אַלע זאַכן, איז ער אויך די מאָס פאַר דעם, וואָס איז דערלויבלעך און פאַר דעם וואָס עס זאָל הערשן... און אויב מיר קענען ניט דערוואַרטן, אַז מענטשן זאָלן באַגרייפן זאַכן אויפן זעלבן אופן, קענען מיר אויך ניט דערוואַרטן, אַז אין זייער לעבן און אַקטיוויטעטן זאָלן זיי נאָכפאָלגן איינע און די זעלבע געזעצן" (זע צעללער, היסטאָריע און גריק פילאָסאָפיע, באַנד 2, ז. 405). פאַרשטייט זיך, אַז ווען מען נעמט אָן אַזאַ סוביעקטיוון אויס־גאַנגס־פּונקט, קען מען ניט שאַפן קיינע אָביעקטיווע נאָרמען פאַר קיין זאַך אין דער וועלט.

פּלאַטאָן האָט זיך אונטערגענומען צו באַווייזן, אַז עס זיינען פאַראַן אָב־יעקטיווע נאָרמען און אַז דער מענטש ווייסט זיי. (ווי געזאָגט, דאַרף סאָקראַט גענומען ווערן מיט אים, ווי אַ טייל פון אים).

אַזוי ווי פאַר דער אַרבעט איז נאָר וויכטיק זיין דערקענטעניש־לערע און זיין רעאַליטעט־באַגריף, וועלן נאָר באַרירט ווערן די דיאַלאָגן אין וועלכע די פראַגן זיינען צענטראַל. דער אָנהויב וועט געמאַכט ווערן מיט טהעעטעטוסן, אין אים ווערן די סאָפיסטן גענומען פאַרן אויסגאַנגס־פּונקט. טהעעטעטוס זאָגט: „איך דענק, אַז אויב איינער ווייסט עפּעס, נעמט ער אויף דאָס, וואָס ער ווייסט און ווי אַזוי עס דערשיינט אינעם מאָמענט: וויסן איז ניט קיין אַנדער זאַך, ווי אויפנעמען מיט די חושים" (זע טהעעטעטוס, פּאַ־ראַגראַף 151, קאַפּ. 8). דאָס איז דער שטאַנדפּונקט פון די סאָפיסטן, מיט וועלכן דער דיאַלאָג הויבט זיך אָן.

אַלס רעזולטאַט פון דעם שטאַנדפּונקט האָבן זיי געצויגן דעם שלוס אַז „דו קענסט ניט צושרייבן קיין איין אייגנשאַפט צו קיין שום זאַך; דו קענסט זי אָנרופן גרויס און קליין, שווער און לייכט, הייס און קאַלט א. אַז. וו." (זע פאַראַגראַף 152).

פאַרשטייט זיך, אַז אַזאַ מיינונג מוז פירן צו אַבסאָלוטן סקעפּטיציזם (למען האמת דאַרף מען באַמערקן, אַז ס'איז פאַראַן אַ מיינונג, אַז די סאָ־

פיסטן זיינען ניט ריכטיק אויסגעטייטשט געוואָרן פון פּלאַטאָנען, אַז ער האָט זיי צוגעשריבן מיינונגען, וואָס זיי האָבן קיינמאָל ניט פאַרטיידיקט. די מיינונג ווערט אַרויסגעזאָגט פון שילערן אין זיין בוך „סטודיעס אין יומאַניזם". פון די סאָפיסטן איז ניט געבליבן קיין זאַך (פּראָטאַגאָריעס בוך האָט מען פאַרברענט נאָך אין אַלטערטום, קען מען וועגן דעם גאָרניט זאָגן). סאָקראַט האָט זיך געשטעלט אויפן שטאַנדפּונקט, אַז אַזוי ווי מענטשן האָבן אַלגעמיינע באַגריפן, איז דאָס אַליין אַ סימן, אַז זיי האָבן אַקטועלן וויסן: וואָלטן זיי ניט געהאַט קיין אַקטועלן וויסן, וואָלטן זיי ניט געקענט פאָרמירן קיין אַלגעמיינע באַגריפן.

פּלאַטאָן איז געגאַנגען ווייטער פון סאָקראַטן, אים האָט ניט צופרידנגעשטעלט דער בלויזער פאַקט, וואָס מענטשן האָבן אַלגעמיינע באַגריפן (קאָנצעפּציעס), ער האָט זיך גענומען פאָרשן די דערקענטעניש גופא און זען פון וואַנען ס'נעמט זיך צו זיי אָט דער אַלגעמיינער וויסן. דער רעזולטאַט פון זיין פאָרשונג איז געווען, אַז ער האָט איינגעשטימט מיט די סאָפיסטן אין באַצוג צו די חושים, צו דער זינלעכער דערפאַרונג אַז „מען קען ניט קריגן קיין שום רעזולטאַטן, ווען מען נעמט אָן, אַז די דערקענטעניש פון דער וועלט באַשטייט בלויז פון פּערצעפּציעס, פון איינדרוקן, וואָס קומען אריין דורך די חושים" (פּאַראַג. 164). אָבער מען האָט דאָך פאָרט וויסן, איז „קומט דער אויפנעמען פון איינדרוקן פאָר דורך די חושים, אָבער ניט פון זיי... די נשמה זעט אייניקע זאַכן דירעקט און אַנדערע דורכן קערפּער" (פאַר. 184, 186). און ער דערקלערט וואָס ס'קומט דורך די חושים און וואָס די נשמה נעמט אויף דירעקט. די חושים נעמען אויף דאָס זען, פילן א. אַז. וו. און די נשמה נעמט דירעקט אויף „אַלע פאַרהעלטענישן צווישן עסענצן פון זאַכן, זי זעט זיי דורך רעפלעקציע פון זיך אַליין; פון פריערדיקע, איצטיקע און צוקונפטיקע פאַרהעלטענישן" און ער באַשטימט אַז „קאָגנאַציע, דער אמתער וויסן באַשטייט ניט פון קיין סענסאַציעס, נאָר פון לאָגישע אורטיילן וועגן זיי. ווי ס'קוקט אויס, קען מען נאָר פאַרשטיין עקזיסטענץ און אמת דורך אורטיילן און ניט דורך סענסאַציעס... פּערצעפּציעס, די איינדרוקן, וואָס קומען דורך די חושים און אַקטועלער וויסן, זיינען קיינמאָל ניט איינע און די זעלבע זאַך: דערקענטעניש (וויסן) איז אַנדערש פון פּערצעפּציע... קיין אמתן וויסן דאַרף מען ניט זוכן אין דער פּערצעפּציע, נאָר אין דער נשמה, דאָס איז איר פונקציע" (דאָרטן, פאַר. 166־167).

דאָס איז דער צענטראַלער געדאַנק פונעם דיאַלאָג. פּשוט מיינט דאָס געזאָגטע, אַז דורך די חושים פון דער זינלעכער דערפאַרונג קריגט מען ניט מער ווי איינצל איינדרוקן, וואָס, ווען מען נעמט זיי פאַר זיך, זיינען זיי ניט קיין קוואַל פון אַקטועלן וויסן; זיי אינפאָרמירן ניט וועגן פאַרגלייכן און באַשטימונגען, וועגן קוואַליטעטן און קוואַנטיטעטן און אָן די לעצטע קען מען ניט פאָרמירן קיינע באַגריפן. דאָס איז אַ פונדאַמענטאַלער פילאָזאָפישער געדאַנק.

לעאָן ראָבין זאָגט, אַז פּלאַטאָן איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט איינגעזען, אַז די פאַרגלייכן צווישן אייגנשאַפטן און פאַרהעלטענישן שטראָמען ניט אַריין דורך די חושים, זיי באַשטייען פון אורטיילן (באַגריפן, קאָנצעפּציעס) מיט וועלכע דער פאַרשטאַנד אָפּערירט (זע גריק טאָט, ז. 206).

נאָך טהעעטעטוסן איז לייכטער צו פאַרשטיין פעדאנען, הגם פעדאנען, זאָגט מען, האָט פּלאַטאָן געשריבן פיל פריער פון טהעעטעטוסן. פעדאָן ווערט פון קאָנסטאַנטין ריטערן גענומען פאַרן אויסגאַנגס־פּונקט צו דערקלערן פּלאַטאָנס וועלט און וויסנס־בילד, וואָס ער דריקט אויס אין זיינע יוגנט־לעכע ווערק און פערמאַנידוסן נעמט ער פאַרן וועגווייזער פאַר די שפּע־טערדיקע ווערק. צוזאַמען מיט טהעעטעטוסן זיינען זיי גענוג צו דערקלערן פּלאַטאָנס צענטראַלן געדאַנק וועגן דער רעאַליטעט פון דער וועלט („אידייעס") און דעם מענטשלעכן וויסן. אין פעדאנען געפינען זיך שוין די גרונט־שטריכן פון די געדאַנקען, וואָס ער האָט אַרויסגעזאָגט אין זיינע וויטערדיקע ווערק. דער צענטראַלער געדאַנק פונעם דיאַלאָג איז די אומשטערבלעכקייט פון דער נשמה, אַרום דער פראַגע ווערט אַרויסגעבראַכט: אין וואָס וויסן באַשטייט און וואָס עס איז דער עצם פון דעם, וואָס מען ווייסט. דעם דיאַלאָג, ווערט איבערגעגעבן, האָט סאָקראַט געפירט מיט זיינע פריינט אינעם לעצטן טאָג פון זיין לעבן, איידער ער האָט געטרונקען דעם סם. פעדאָן איז עס געווען דערביי און ער דערציילט עס, וואָס ס'איז פאַרגעקומען. עס איז ניט נויטיק צו זאָגן, אַז דאָס דאַרף גענומען ווערן בלויז ווי פּלאַטאָנס מעטאָד ווי אַזוי אַרויסצוברענגען זיינע געדאַנקען.

די פראַגע ווערט אַרויסגעבראַכט דורך די ענטפערס וואָס סאָקראַט גיט צו זיינע פריינט פאַרוואָס ער איז אַזוי רואיק, ווען ער ווייסט אַז ער וועט שטאַרבן. צווישן די פאַרשיידענע ענטפערס זיינען וויכטיק די באַפרייאונג פון דער נשמה פון דעם גוף און איר אייביקער פרייער און גליקלעכער לעבן נאָך דער באַפרייאונג. דער „גליק" נעמט זיך דערפון, וואָס אזוי ווי דעם פילאָסאָפס גרעסטער פאַרגעניגן איז צו דערווערבן וויסן (חכמה) און די חושים שטערן בלויז דער נשמה צו געניסן דעם אמתן וויסן, איז ווען די נשמה באַפרייט זיך פון „דער תפיסה" פון דעם גוף, קומט זי אין באַרירונג מיטן אמת פון דער וועלט (די „אידייעס"). שטאַרבן איז אַ גליק פאַרן פי־לאָזאָף...

די צווייפלער ברענגען אַריין די פראַגע צי שטאַרבט ניט די נשמה צוזאַמען מיטן גוף; דער גאַנצער דיאַלאָג איז אַן ענטפער אויף דער פראַגע. סאָקראַט גיט אַן דריי אַרגומענטן קעגן דער שטערבלעכקייט פון דער נשמה: 1) איז דער אייביקער לעבן פון דער נשמה נויטיק פאַרן שטענדיקן ציקל צווישן לעבן און טויט; וואָלט די נשמה געשטאַרבן צוזאַמען מיטן גוף, וואָלט ניט מעגלעך געווען קיין ווידערגעבורט, טויט וואָלט באַהערשט די וועלט. 2) באַשטייט טויט פון צעפאַלונג פון אַ צוזאַמענשטעל, איז אַזוי ווי די נשמה איז אַן „עסענץ" און ניט קיין צוזאַמענשטעל, קען זי ניט שטאַרבן און 3) איז ווען די נשמה זאָל שטאַרבן צוזאַמען מיטן גוף, וואָלט ניט געווען קיין וויסן, ווייל וויסן באַשטייט פון דעם וואָס די נשמה דערמאָנט זיך דאָס, וואָס זי האָט געוואוסט פריער, איידער זי האָט זיך פאַראייניקט מיטן גוף.

די ערשטע צוויי אַרגומענטן, מיט די „באַווייזן" פאַר זייער ריכטיקייט, קענען אינגאַנצן אויסגעלאָזט ווערן, זיי זיינען ניט וויכטיק פאַר דער אָפּהאַנד־לונג; דער דריטער ארגומענט איז וויכטיק; אין אים ווערן אַרויסגעבראַכט די צענטראַלע געדאַנקען פון פּלאַטאָנס פילאָזאָפיע. פאַרשטייט זיך, אַז פאַר דער אָפּהאַנדלונג איז ניט וויכטיק צי די „באַווייזן" איבערצייגן אין דער

„אומשטערבלעכקייט" פון דער נשמה, צי ניט, וויכטיק איז זיין דערקענטע־ניש־לערע און זיין רעאַליטעט־באַגריף, וואָס איז אַ דירעקטער רעזולטאַט פון דער דערקענטעניש־לערע.

אין טהעעטעטוסן איז אַרויסגעבראַכט געוואָרן פאַרוואָס די דערפאַרונג, וואָס מען קריגט דורך די חושים, קען ניט אָנגענומען ווערן פאַר דעם קוואַל פון וויסן, אַז די נשמה אַליין ווייסט.

איצט וועט אַרויסגעבראַכט ווערן פאַרוואָס פלאַטאָן האָט אָנגענומען, אַז וויסן באַשטייט פון דעם, וואָס די נשמה דערמאָנט זיך וועגן דעם, וואָס זי האָט געוואוסט איידער זי האָט זיך פאַראייניקט מיטן גוף. דער באַוויז הויבט זיך אָן דערמיט, וואָס אין דער מאָדערנער שפראַך ווערט אָנגערופן אַסאָסיאַציע פון אידייעס: דער דערמאָנונג פון איין זאַך רופט אַרויס די פאַרבינדונג מיט אַ צווייטער זאַך. די דערמאָנונג פון דער האַרף רופט אינעם געליבטן אַרויס די פאַרשטעלונג פון דער געליבטער, פאַר וועלכער ער האָט געשפּילט די האַרף (פלאַטאָנס ביישפּיל).

פלאַטאָן אָבער טראַכט טיפער פונעם פאַרגלייך; ער אַנאַליזירט די פאַקטאָרן, וואָס זיינען איינגעשלאָסן אין אַ פאַרגלייך און ברענגט אַרויס, אַז די פאַקטאָרן קומען ניט פון דערפאַרונג. ער פרעגט „איז עס ניט אַ פאַקט, אַז דער דערמאָנען זיך קען אַרויסגעבראַכט ווערן דערפון, וואָס זאַכן זיינען גלייך, אָדער ניט גלייך צווישן זיך?" און דאָס מיינט, לויט זיין מיינונג, אַז „עס איז פאַראַן אַזאַ זאַך ווי אַ קוואַליטעט, ניט ווי אַ פאַרגלייך צווישן האָלץ מיט האָלץ און שטיין מיט שטיין, נאָר אָן עפּעס, וואָס געפינט זיך איבער זיי און איז העכער פון זיי; אַז עס איז פאַראַן אַ קוואַליטעט אין אַבסט־ראַקט... און מיר ווייסן די נאַטור פון דער עסענץ". און ווייטער: „האָבן מיר ניט געזען די קוואַליטעטן פון מאַטעריעלע זאַכן און האָבן פון זיי געצויגן שלוסן וועגן דער אידייע פון אַ קוואַליטעט, וואָס איז פאַרשיידן פון די זאַכן? קענען ניט די זעלבע שטיקער האָלץ און די זעלבע שטיינער אַמאָל אויסקוקן גלייך און אַ צווייטן מאָל ניט גלייך? אָבער זיינען אמתע און רעאַלע גלייכהייטן, ווען עס איז ניט גלייך? איז די אידייע גלייך ווען עס איז ניט גלייך?" אָבער אַזוי ווי זאַכן קענען אַמאָל אויסקוקן גלייך און אַמאָל ניט גלייך, און די אידייעס פון גלייך און ניט גלייך קענען ניט צוזאַמענגעמישט ווערן, ציט ער דעם שלוס אַז „די פאַרגליכענע זאַכן זיינען ניט דאָס זעלבע, ווי די אידייעס גלייך און ניט גלייך. און, הגם די גלייכע זאַכן זיינען פאַרשיידן פון דער אידייע גלייכהייט, פונדעסטוועגן דערגרייכט מען און מען באַגרייפט די אידייע פון גלייך און ניט גלייך. דאָס באַווייזט, אַז אונטערשיידן פון גלייכע זאַכן און ניט גלייכע באַשטייט פון דערמאָנען זיך... דער וואָס מאַכט די באַאָבאַכטונגען (אונטערשיידן) מוז פון פריער וויסן (דערמאָנען זיך) די אונ־טערשיידן... דאָס מיינט, אַז מיר מוזן וויסן אַבסאָלוטע גלייכהייט, איידער מיר האָבן דאָס ערשטע מאָל געזען גלייכע זאַכן און האָבן זיי פאַרגליכן... איידער מיר האָבן אָנגעהויבן זען, הערן אָדער אויפנעמען אויף אַן אַנדער אופן, האָבן מיר געמוזט האָבן דעם וויסן פון אַבסאָלוטער גלייכהייט, אויב ניט וואָלטן מיר ניט געקענט פאַרגלייכן. מיר האָבן געמוזט דערוווערבן אידעאַלע גלייכהייט ווען עס איז פריער... און אויב מיר האָבן געקראָגן דעם וויסן איידער מיר זיינען געבוירן געוואָרן, און מיר זיינען מיט אים געבוירן

געוואָרן, האָבן מיר אויך געבראַכט מיט זיך אַנדערע אידייעס, ווי אַבסאָלוטע שיינעס, גוטעס, גערעכטיקייט, הייליקייט און אַלץ דאָס, וואָס מיר רופן אָן עסענצן. דאָס אַלץ האָבן מיר דערוואָרבן אַלס וויסן, איידער מיר זיינען געבוירן געוואָרן... נאָר מיר האָבן עס פאַרלוירן ביים געבורט און ווען מיר נוצן אונדזערע חושים קריגן מיר צוריק דאָס, וואָס מיר האָבן פריער געוואוסט" (פעדאָן 94־97). די אויסצוגן זיינען פאַרקירצט, די פראַגן און ענטפערס זיינען אויסגעלאָזט געוואָרן.

אין דעם אויסצוג, וואָס דאַרף באַווייזן, אַז וויסן באַשטייט פון „דערמאָנען זיך" דאָס, וואָס מען האָט געוואוסט פריער, איידער מען איז געבוירן געוואָרן, זיינען פאַראַן צוויי מאָמענטן וואָס דאַרפן באַטאָנט ווערן: איינער איז שוין פריער דערמאָנט געוואָרן און דאָס איז, אַז אום צו קענען דערווערבן וויסן מוז דער פאַרשטאַנד קענען קלאַסיפיצירן (קאַטעגאָריזירן). ער מוז קענען פאַרגלייכן זאַכן, וואָס עס מיינט, אַז ער מוז קענען אורטיילן וועגן זיי. די אורטיילן ברענגט ער מיט זיך; די דערפאַרונג גיט זיי ניט. דער צווייטער מאָמענט איז וואָס פּלאַטאָן נעמט דעם באַגריף (פון קוואַליטאַטיווע אייגנשאַפטן צוזאַמען מיט אַנדערע באַגריפן, ווי שיינקייט, גערעכטיקייט א. אַז. וו. א. אַז. וו.) און טיילט אים אָפּ פונעם פאַרשטאַנד פון איין זייט אַלס אַן אורטייל און טיילט אים אָפּ פון דער צווייטער זייט פון דער זאַך, ווי אַן אייגנשאַפט און אונטער דעם נאָמען „עסענץ", אָדער „אידייע", פּאָסטולירט ער אַן „עקזיסטענץ", וואָס „געפינט זיך העכער און איבער די פאַרשיידענע זאַכן". די „עקזיסטענץ" דאַרף איצט באַטראַכט ווערן.

פּלאַטאָן האָט פאַר זיך צווייערליי „עקזיסטענצן": פון איין זייט האָט ער די „אידייעס", אָדער „עסענצן" און פון דער צווייטער זייט, די פאַרשיידענע עקזיסטירנדע זאַכן, פירט ער דורך אַ פאַרגלייך צווישן זיי. ער פרעגט: „איז די אידייע, אָדער עסענץ, וואָס אינעם דיאַלעקטישן פּראָצעס דעפינירן מיר זי פאַר דער עסענץ פון דער אמתער עקזיסטענץ: צי עס איז דער עסענץ פון גלייכהייט, שיינקייט, אָדער וואָס עס איז אַנדערעס; זיינען די עסענצן, פרעג איך, אַזעלכע, וואָס קענען אויף וועלכן עס איז אופן, אָדער גראַד געענדערט ווערן פון צייט צו צייט? אָדער זיינען זיי אַלע, יעדער איינער פון זיי, אַלעמאָל דאָס, וואָס זיי זיינען, זיי האָבן די זעלבע פּשוטע זעלבסטעקזיסטענץ, ניט ענדערנדיק זייערע פאָרמען, און דערלויבן ניט קיין שום ענדערונג אויף וועלכן עס איז אופן, אָדער ווען עס איז?" דער ענטפער איז, אַז זיי זיינען אַלעמאָל די זעלבע אָן וועלכער עס איז ענדערונג. פרעגט ער אָבער ווייטער: „און וואָס הערט זיך וועגן די פיל שיינע, זאָל זיין, מענטשן, פערד, קליידער און אַנדערע זאַכן, וואָס זיינען גלייך אָדער שיין, — זיינען זיי אַלע אויך ניט ענדערנדע און זיינען אַלעמאָל די זעלבע, אָדער ניט? איז ניט אַ פאַקט, אַז זיי בייטן זיך אַלעמאָל און זיינען קיינמאָל ניט די זעלבע אין וועלכן עס איז פאַרגלייך?" דער ענטפער איז נאַטירלעך, אַז זיי בייטן זיך שטענדיק. פון דעם ציט ער דעם שלוס אַז „דאַרפן מיר אָננעמען, אַז ס'זיינען פאַראַן צוויי פאָרמען פון עקזיסטענצן, איין עקזיסטענץ, וואָס מען זעט און אַ צווייטע וואָס מען זעט ניט. די וואָס מען זעט, ענדערט זיך און די וואָס מען זעט ניט, ענדערט זיך ניט". ער ציט דעם פאַרגלייך ווייטער; דאָס געזעענע מיינט דאָס, וואָס די נשמה זעט דורכן קערפּער: דורכן ענדערנדן

זעט מען דאָס, וואָס ווערט געענדערט, אָבער די „אידייעס", אָדער „עסענצן", וואָס ענדערן זיך ניט און זיינען אייביק „זעט די נשמה דירעקט ווייל זי איז: ריין, אייביק, אומשטערבלעך און אומבייטנד" (דאָרטן, זז. 101־102).

מיט דעם קען מען ענדיקן דעם דיאַלאָג; דאָס איבעריקע איז ניט וויכטיק פאַר דעם ענין וואָס ווערט דאָ באַטראַכט. פּלאַטאָן האָט אַרויסגעבראַכט, אַז עס זיינען פאַראַן צווייערליי עקזיסטענצן, איינע עקזיסטירט אייביק און איז אומבייטנד: דאָס איז די „אידייען־וועלט", פון וועלכער די נשמה איז אַ טייל. זי קומט פון דער אידייען־וועלט, דערפאַר ווייסט זי זיי אויף אַ דירעקטן און אוממיטלבאַרן אופן. עס איז אָבער פאַראַן אַ צווייטע עקזיסטענץ פון ענדערנדע זאַכן; די עקזיסטענץ ווייסט די נשמה, דורך די חושים (קערפּער).

אויף וויפיל דאָ זיינען איינגעשלאָסן פונדאַמענטאַלע געדאַנקען וועט באַטראַכט ווערן ווייטער — איצט דאַרף מען זיך אָפּשטעלן אויף די שוועריקייטן, וואָס פּלאַטאָן אַליין האָט געזען און האָט זיי באַהאַנדלט אין פּערמאַנידעס, אַן אַרבעט, וואָס מען דענקט, אַז ער האָט געשריבן, ווען ער איז אַלט געווען 60 יאָר, אויב ניט עלטער.

אין דעם דיאַלאָג נעמען אָנטייל זענאָ, סאָקראַט און פּערמאַנידעס. זענאָ לייענט פאַר סאָקראַטעסן איינעם פון זיינע פּאַראַדאָקסן און סאָקראַט ווייזט אים אָן, אַז דער פּאַראַדאָקס נעמט זיך דערפון, וואָס ער פאַרשטייט שלעכט די רעאַליטעט: אַזוי גיך ווי ער וועט נעמען די רעאַליטעט, ווי זי איז אין דער ווירקלעכקייט, וועט זיך דער פּאַראַדאָקס אויפלייזן פון זיך זעלבסט. ער פרעגט: „דענקסטו ניט, אַז עס איז פאַראַן אַ באַשטימטע פאָרמע פון ענלעכקייט ווי אַן עקזיסטענץ פאַר זיך זעלבסט? און עס איז פאַראַן אַן אַנדער אידייע פון ניט ענלעכעס, וואָס איז קעגן דער ערשטער און אַז דו און איך און אַלע זאַכן, וואָס מיר רופן אָן פיל (זאַכן) נעמען אָנטייל איןביידע (אין דער אידייע פון ענלעכקייט און אין דער אידייע פון ניט ענלעכעס?) די וואָס נעמען אָנטייל אין דער אידייע פון ניט ענלעכעס זיינען ניט גלייך, די וואָס נעמען אָנטייל אין דער אידייע פון ענלעכקייט זיינען גלייך און די וואָס נעמען אָנטייל אין ביידע אידייעס זיינען ביידע זאַכן, זיי זיינען אי ענלעך, אי ניט ענלעך — לויט דעם גראַד פון זייער אָנטיילנעמען? און אויב אפילו אַלע זאַכן נעמען אָנטייל אין ביידע קעגנזאַצן און אַנטהאַלטן ענלעכעס און ניט ענלעכעס, איז וואָס איז דאָ דער חידוש? אָט זעסטו, ווען איינער זאָל זאָגן אַז דער אַבסאָלוט גלייך (אידייע) ווערט ניט גלייך, וואָלט זיין אַ חידוש, אָבער ניט זאַכן". דאָ טרעט אַריין פּערמאַנידוס מיט עטלעכע פראַגן, וואָס מוזן געבראַכט ווערן, הגם זיי זיינען אַביסל צו לאַנג. זיי ציינגן אַז פּלאַטאָן האָט געזען די שוועריקייטן, וואָס זיין שטאַנדפּונקט שליסט אין זיך איין. פּערמאַנידוס פרעגט „סאָקראַטעסן" צי ער אַליין האָט דערפונדן דעם אונטערשייד, וואָס טיילט אָפּ אַבסטראַקטע אידייעס פון די זאַכן אין וועלכע זיי נעמען אָנטייל? אויך צי עס זיינען פאַראַן אַבסטראַקטע אידייעס פון גערעכטיקייט, שיין און גוט און פון אַלע באַגריפן? צי עס זיינען פאַראַן אַבסטראַקטע אידייעס פון מענטשן אויסער די מענטשן גופא, פון פייער און וואַסער? וועגן די ערשטע איז ער זיכער, אַז עס זיינען פאַראַן אידייעס, וועגן די לעצטע איז ער ניט זיכער. פּערמאַנידוס אָבער פרעגט

ווייטער, צי עס זיינען פאַראַן אידייעס פון אַזוינע ווערטלאָזע זאַכן, ווי האַר, בלאָטע א. אַז. וו. „ביין“, זאָגט סאָקראַט, „זיי זיינען אַזוי ווי זיי דערשיינען צו אונדז, עס וואָלט זיין לעכערלעך צו גלויבן, אַז עס איז פאַראַן אַן אידייע פון זיי, און פונדעסטוועגן בין איך אָפט באַאומרואיקט פונעם געדאַנק, אַז פיליכט, וואָס עס איז אמת וועגן איין זאַך, איז אמת וועגן אַלע זאַכן. איך אַנטלויף פאַר שרעק טאָמער וועל איך אַריינפאַלן אין אַן אָפּגרונט פון נאַרישקייטן און וועל פאַרניכטעט ווערן. אַזוי, אַז ווען איך קום צו אַזעלכע זאַכן, וועגן וועלכע מיר האָבן נאָר וואָס גערעדט, פאַרטראַכט איך זיך וועגן זיי“ פּלאַטאָן איז ניט זיכער, ער בלאָנדזשעט...

„פּערמאַנידוס“ פרעגט ווייטער: צי עס זיינען פאַראַן אידייעס און צי די זאַכן, וואָס האָבן אַ חלק פון זיי, קריגן זייער נאָמען פון זיי: די וואָס האָבן אַ חלק פון גרויסקייט זיינען גרויס, די — פון שיינקייט זיינען שיין, און די — פון גערעכטיקייט זיינען גערעכט? אויב יאָ, איז די פראַגע צי זייער חלק באַשטייט פון דער גאַנצער אידייע, אָדער נאָר אַ טייל פון איר? אויב די גאַנצע אידייע איז אין יעדער באַזונדערער זאַך, דאַרפן זיין אַזויפיל אידייעס, ווי זאַכן און אויס מיט דער אַבסאָלוטער אידייע. אויב די אידייע שפּאַלט זיך, האָט יעדע זאַך נאָר אַ שטיקל פון דער אידייע... אָבער, זאָגט ער, עס איז נאָך פאַראַן אַ גרעסערע שוועריקייט: אויב די אידייעס זיינען אין דער ווירקלעכקייט דאָס, וואָס מיר זאָגן אַז זיי זיינען, איז ווי אַזוי קענען מיר וויסן אַן אַבסאָלוט, ווען דאָס, וואָס איז אין אונדז איז שוין דערמיט אליין ניט קיין אַבסאָלוט...

אָבער אויך דאָס איז ניט די הויפּט־שוועריקייט, עס איז נאָך פאַראַן עפּעס, וואָס איז נאָך שווערער. דער עפּעס איז אַז „אויב איינער איז אימיצנס אַ האַר, אָדער אַ שקלאַף, איז ער ניט קיין האַר אָדער שקלאַף אין אַבסטראַקט: יעדער איינער איז אַלס מענטש, אָדער האַר, אָדער שקלאַף. אָבער די אידייע פון הערשאַפט אין אַבסטראַקט אין באַצוג צו שקלאַפעריי אין אַבסטראַקט און פאַרקערט, האָט ניט קיין שום פאַרהעלטעניש ניט צו די מענטשן, וואָס זיינען האַרן אָדער שקלאַפן. די מענטשן (האַרן און שקלאַפן) זיינען אין פאַרהעלטעניש צווישן זיך און די אַבסטראַקטע אידייעס זיינען אין פאַרהעלטעניש צווישן זיך: די ביידע פאַרהעלטענישן האָבן צווישן זיך קיין שום שייכות ניט“. „סאָקראַט“ פאַרלירט זיך און ווייסט ניט וואָס צו ענטפערן „וואָס וועט ווערן פון דער פילאָזאָפיע? און וואוהין זאָל מען זיך ווענדן פאַר אַן ענטפער פאַר די זאַכן, וואָס זיינען ניט באַוואוסט?“ „פּערמאַנידוס“ רעדט אים אויס דאָס האַרץ, אַז ער איז אויפן ריכטיקן וועג; ער דאַרף אָבער וויסן, אַז פילאָזאָפיע איז אַ שווערער ענין, קיין דירעקטער וועג צו וויסן איז ניטאָ — מוז מען מעסטן און וועגן יעדן טראָט וואָס מען מאַכט“ (פּערמאַנידוס, פּאַר. 6־16, פאַרקירצט).

אַזוי ווי פאַר דער אַרבעט איז נאָר וויכטיק די צענטראַלע געדאַנקען פון פּלאַטאָנס דערקענטעניש־לערע, וועט זיין מעטאַפיזישער פּרינציפּ (די העכסטע אידייע „גוט“), אַזוי גוט ווי זיין „וועלט־לערע“ (טימעעס) איינגאַנצן אויס־געלאָזט ווערן. דאָס וואָס איז שוין ביז איצט באַרירט געוואָרן, וועט נעמען די גאַנצע אַרבעט צו דערקלערן און ערשט וועט אַ היפּש ביסל בלייבן ניט דערקלערט...

קאָנסטאַנטין ריטער זאָגט אין זיין בוך „דער עסענץ פון פלאַטאָנס פילאָזאָפיע”, אַז צוויי זאַכן האָבן גורם געווען, אַז פלאַטאָן זאָל מיספאַרשטאַנען ווערן: 1) דאָס, וואָס אַריסטאָטעל האָט אים שלעכט אויסגעטייטשט און 2) דאָס, וואָס ער איז געווען אַ פּאָעט און האָט אָפט געדיכטעט זיין פילאָזאָפיע.

איז וואָס אַמבאַלאַנגט אַריסטאָטעלס מיסרעפּרעזענטאַציע, ווערט דער געדאַנק באַשטריטן פון צעלערן אין זיין בוך אונטערן נאָמען „אַריסטאָטעל” און פון ראַסן אין זיין בוך מיטן זעלבן נאָמען „אַריסטאָטעל”. עס איזווירקלעך ניט צו גלויבן, אַז אריסטאָטעל זאָל געווען, אדער ניט פאַרשטיין פלאַטאָנען, אָדער אים אַבזיכטלעך פאַרטייטשן פאַלש. דאַרף מען אָננעמען, אַז ער האָט אים ריכטיק פאַרטייטשט. אָבער פלאַטאָן איז געווען אַ פּאָעט, האָט ער ווירקלעך גענוצט אַ בילדלעכע שפּראַך, וואָס דאַרף ניט אַלעמאָל גענומען ווערן ווערטערלעך, צו דער זעלבער צייט דאַרף ער אָבער גענומען ווערן, ווי ער איז היסטאָריש פאַרשטאַנען געוואָרן און האָט היסטאָריש געווירקט אין דער פילאָזאָפיע. קאָנסטאַנטין ריטער איז ניט גערעכט, ווען ער מאָדערניזירט אים און טייטשט אין אים אַריין נעאָ־קאַנטיאַנישע געדאַנקען: ער האָט זיי ניט געהאַט און האָט זיי ניט געקענט האָבן. ער דאַרף פאַרשטאַנען ווערן אַזוי פשוט, ווי מעגלעך. נעמט מען אים אין דעם פשוטן זין, האָט ער פון איין זייט אויסגעדריקט די טיפסטע פילאָזאָפישע געדאַנקען און פון דער צווייטער זייט — פאַנטאַסטישע באַהויפּטונגען, וואָס זיינען געווען אַ פּראָדוקט פון אַ קאָמבינאַציע פון מיסטיציזם מיט פּאָעטישן שוואונג.

דער אָנהויב צו די באַמערקונגען וועגן פלאַטאָנס געדאַנקען־גאַנג ווערט געמאַכט ווערן מיט „סאָקראַטס” פאַרלעגנהייט, ווען ער פרעגט „פּערמאַנידוסן”: וואָס ווערט ווערן פון פילאָזאָפיע? און וואוהין קען מען זיך ווענדן, אויב די זאַכן זיינען ניט באַוואוסט”? פון די פראַגן קען מען זען, אַז פלאַטאָן האָט געזען די שוואַכקייט פונעם פונדאַמענט, אויף וועלכן ער האָט געבויט זיין פילאָזאָפישן בנין (די אידייען־וועלט), ער האָט אָבער, לויט זיין דענקען, קיין אַנדער פונדאַמענט ניט געהאַט.

פונעם עמפּירישן וויסן, פון דעם וויסן, וואָס מען קריגט דורך די חושים פון דער זינלעכער דערפאַרונג, האָט ער זיך אָפּגעקערט. ער האָט אָנגענומען, אַז די חושים נאַרן אָפּ. א באַווייז איז: א ווינט קען זיין הייס פאַר איינעם און קאַלט פאַר אַ צווייטן. פון דער צווייטער זייט אָפּערירט דער פאַרשטאַנד מיט פּאַרטיקע באַגריפן, ער קלאַסיפיצירט און פאַרגלייכט זאַכן. האָט ער אָנגענומען, אַז דאָס איז אַ סימן אַז די „נשמה” ברענגט מיט זיך פּאַרטיקע מאָסן (אַלגעמיינע באַגריפן, קאָנצעפּציעס). איז פון וואַנען נעמט די „נשמה” די מאָסן? דער ענטפער איז פון דער „אידייען־וועלט”.

וואָס פלאַטאָן האָט געטאָן און אַ סך אידעאַליסטישע דענקער האָבן אים נאָכגעטאָן איז: ער האָט גענומען דעם באַגריף (קאָנצעפּציע), דעם אינסטרומענט, וואָס דער פאַרשטאַנד נוצט אין דער דערפאַרונג און אָנשטאָט אים פאָרשן אין פאַרבינדונג מיט דער דערפאַרונג און מיט דער לאָגיק פון דעם דענקען און פרובירן אים דערקלערן אין שייכות צו זיי, האָט ער אים זעלבסט (דעם באַגריף) פּאָסטולירט פאַר אַ באַזונדערער רעאַליטעט (די אידייען־וועלט)

און האָט די דאָזיקע „וועלט״ געשטעלט אין קעגנזאַץ צו דער קאָנקרעטער וועלט, פון וועלכער ער האָט אייגנטלעך געקראָגן דעם באַגריף...

פאַרשטייט זיך, אַז ווען ער האָט גענומען דעם באַגריף, וואָס אין פאַר־בינדונג מיט שפּראַך (נעמען פאַר זאַכן און אייגנשאַפטן) ווערט ער גענוצט פאַר אַ מאָס, אָדער אורטייל און האָט גאָר אים אַליין פּאָסטולירט פאַר דער רעאַליטעט (אידייען־וועלט), איז אים ניט געבליבן קיין פּלאַץ פאַר דער קאָנקרעטער וועלט פון זאַכן. האָט ער טאַקע ניט געוואוסט וואָס צו טאָן מיט איר: ער האָט ניט געזען און האָט, נאַטירלעך, אויך ניט געקענט זען, וואָס ס'איז איר שייכות צו דער „אידייען־וועלט״, וואָס ער האָט אָנגענומען פאַר דער רעאַליטעט. ער איז געווען זיכער, אַז עס זיינען פאַראַן „אידייעס״ פאַר גערעכטיקייט, שיינקייט (מען דאַרף עס לייענען — אַלגעמיינע באַגריפן); ער איז אָבער ניט געווען זיכער צי עס זיינען פאַראַן „אידייעס״ פון מענטש, פייער א. אַז. וו. ער בלאָנדזשעט.

פון וואַנען נעמט זיך דער פּלאָנטער? פּלאַטאָן האָט דערבליקט אַ פונ־דאַמענטאַלן אמת, אַז דער פאַרשטאַנד אָפּערירט מיט פּאַרטיקע באַגריפן און אורטיילן, וואָס זיינען אַלעמאָל די זעלבע, ווי, צום ביישפּיל, דער באַגריף מענטש, חיה א. אַז. וו. אָדער אורטיילן, גרעסער, שענער, בעסער א. אַז. וו. ער האָט אָבער ניט באַמערקט, אַז די באַגריפן קומען דירעקט מיט דער דערפאַרונג און קענען פאַר קיין פאַל ניט אָפּגעטיילט ווערן פון איר, האָט ער זיי פּאָסטולירט פאַר דער רעאַליטעט.

אַזוי ווי ער האָט נאָך פריער אָנגענומען, אַז די „נשמה״ האָט אַן איי־ביקע עקזיסטענץ, האָט ער דאָס איבעריקע דערשטוקעוועט מיט דער פּאָעטיש־מיסטישער פאַנטאַזיע, אַז וויסן די רעאַליטעט באַשטייט פון דעם, וואָס די „נשמה״ דערמאָנט זיך אין דעם, וואָס זי האָט „געוואוסט״ פריער איידער זי איז געקומען אויף דער וועלט: וויסן באַשטייט אין דערמאָנען זיך אין דער „אידייען־וועלט״, פון וועלכער די „נשמה״ איז אַ טייל.

פאַרשטייט זיך, אַז דער הויפּט־שולדיקער איז געווען דער גריכישער אינטעלעקטואַליזם, וואָס האָט אין פּלאַטאָנען דערגרייכט דעם העכסטן פונקט. ווי זאָגט פּראָפעסאָר גאָמפּערץ: „דער פאָרצוג פאַר דיאַלעקטיק ביי פּלאַ־טאָנען באַשטייט פון אַן אינטעלעקטועלן צוגאַנג, וואָס איז דער היפוך צו דעם מאָדערנעם וויסנשאַפטלעכן צוגאַנג. פאַר אים איז די דערפאַרונג אַ שטערונג, וואָס מען דאַרף בייקומען, מיר לערנען זיך צופרידנצושטעלן מיטן געגעבענעם דורך די חושים״ (גריק טינקערס, ב. 3, 388).

פּלאַטאָן איז געווען ווייט פון א וויסנשאַפטלעכן צוגאַנג צו דער וועלט, און אזוי ווי ער האָט ניט זיך און ניט זיין אַטמאָספערע געקענט ענדערן, האָט ער אויסגעדיכטעט אַן „אידייען־וועלט״, וואָס איז געווען א פּראָדוקט פון זיין קינ־סטלערישער פאַנטאַזיע, אין וועלכער די מענטשלעכע אַבסטראַקטע באַגריפן זיינען פון אים אָנגערופן געוואָרן די „רעאַליטעט״. פאַרשטייט זיך, אַז אַ „רעאַליטעט״, וואָס באַשטייט פון אַבסטראַקטע באַגריפן איז אַלעמאָל „די זעלבע״: דער באַגריף שיינקייט, גוטסקייט א. אַז. וו. ווי אַ באַגריף, ענדערט ער זיך ניט. דער רעזולטאַט איז, אַז די רעאַלע וועלט פון דערפאַרונג, וואָס האַלט זיך אין ענדערן, מוז ווערן אַ וועלט פון „שאָטנס״ און דאָס איז טאַקע דערפאַר, וואָס זי ענדערט זיך... מיט אַנדערע ווערטער, פּלאַטאָן האָט ניט גע־

זען קיין שטיץ־פונקט פאַר זיין מעטאַפיזישן באַגריף אין דער קאָנקרעטער וועלט פון דערפאַרונג, האָט ער זיך אומגעקערט מיטן רוקן צו איר און האָט „געשאַפן” אַן „אידייען־וועלט”, וואָס האָט זיך אריינגעפּאַסט אין זיינע מעטאַפיזישע באַגריפן. אי די „אידייען־וועלט” האָט ניט געשטימט מיט דער רעאַליטעט, ווי זי רייסט זיך אַריין דורך די חושים פון דער דערפאַרונג, איז טאַקע ניט גוט פאַר דער וועלט, זי איז אָבער סיי־ווי ניט קיין „אמתע” רעאַליטעט.

ווען מען גייט צו צו פלאַטאָנען פונעם געשיכטלעכן שטאַנדפונקט, דאַרף מען אָפּטיילן זיין אַלגעמיינע ווירקונג פון די איינצלנע אמתן, וואָס ער האָט געהאַט אין זיין סיסטעם. אַז געשיכטלעך איז זיין ווירקונג געווען אַ שעדלעכע, איז קיין שום פראַגע ניט: אַזוי לאַנג ווי מען האָט אָנגענומען דעם אַבסטראַקטן לאָגישן באַגריף פאַרן אויסגאַנגס־פונקט און ניט דעם קאָנקרעטן עמפּירישן פאַקט, איז ניט מעגלעך געווען קיין עמפּירישע וויסנשאַפט. פלאַטאָנס געדאַנקען האָבן פאַרבלאָקאַדירט דעם וועג פאַר דער וויסנשאַפט. צו דער זעלבער צייט האָט ער געשאַפן אַ באָדן פאַר רעליגיעז־מיסטישע שווערמערייען, וואָס האָבן באַהערשט די וועלט פאַר אַ לאַנגער צייט.

ער איז אבער צו דער זעלבער צייט געווען דער ערשטער, וואָס האָט ארויסגעבראַכט די באַדייטונג פונעם אַלגעמיינעם באַגריף אינעם מענטשלעכן וויסן, אַזוי גוט, ווי אין דער רעאַליטעט: אַ פּראָבלעם וואָס איז נאָך צענטראַל אין דער פילאָזאָפיע ביז היינטיקן טאָג. ווען ווהייטהעד זאָגט, אז די גאַנצע פילאָזאָפיע באַשטייט ניט מער ווי פון נאָטיצן, וואָס ווערן צוגעשטעלט צו פלאַטאָנס פילאָזאָפיע, האָט ער אין זינען די פאַרהעלטענישן צווישן די אייביקע פאָרמען (אין דער מאָדערנער שפּראַך „אוניווערסאַלן”, אין פלאַטאָנס שפּראַך „אידייעס” און אין ווהייטהעדס שפּראַך „אייביקע אָביעקטן” און איינצל זאַכן. וואָס איז דער סטאַטוס און פאַרהעלטעניש פון דער רונדקייט (אוניווערסאַל), ווי עטוואָס אייביקעס (און וואָס איז עס?) און צו דער זעלבער צייט האָט עס אַ שייכות מיט אַ באַשטימטער רייף, וואָס איז רונד (איז וואָס איז די פאַרהעלטעניש?). ווען מ'האַלט שוין דערביי, קען מען ווייטער פרעגן: און וואָס איז די שייכות פונעם מענטשלעכן באַגריף רונד צו דער רונדקייט פון דער רייף? פלאַטאָן איז געווען דער ערשטער וואָס האָט זיך פאַרטיפט אין די פראַגן און האָט געפּרואווט געבן אַן ענטפער אויף זיי. דער ענטפער איז ווייט פון צופרידנשטעלנד. קומט איצט ווהייטהעד און, נעמענדיק אַ גאַנץ אַנדערן אויסגאַנגס־פונקט (אַן עמפּירישן און רעאַליסטישן) און קומט צו שלוסן, וואָס טראָגן אַן ענלעכקייט צו פלאַטאָנס שלוסן (זע דאַראָטי עמעט, ווהייטהעדס פילאָסאָפיע אָוו אָרגאַניזם, קאַפּ. אור עטערנאַל אבדזשעקטס פלאַטאָנס אידייעס? זיינען ווהייטהעדס אייביקע אָביעקטן די זעלבע זאַך וואָס פלאַטאָנס אידייעס?) עס איז ניט וויכטיק, וואָס די ענלעכקייט איז ניט קיין פולקאָמענע, אַזאַ זאַך האָט מען ניט געקענט דערוואַרטן. וויכטיק איז דאָס, וואָס פלאַטאָן האָט אָנגערירט פּראָבלעמען, וואָס זיינען נאָך ניט געלייזט ביז היינטיקן טאָג. און מען רעכנט זיך אויך איצט מיט זיינע מיינונגען. אָבער וועגן דעם וועט אויסקומען רייד מער ווי איין מאָל שפּעטער.

דאָס שפּרוך וואָרט — דער וואָס אַנטלויפט איז נאָך ניט פריי — פּאַסט אויסגעצייכנט פאַר אַריסטאָטעלן און זיין שייכות צו פלאַטאָנען: ער האָט

שטאַרק קריטיקירט פּלאַטאָנס אידייען־לערע, צו דער זעלבער צייט איז זיין פילאָזאָפיע געבויט אויף דער לערע. און עס איז קיין חידוש ניט וואָס זי איז געבויט אויף איר: אַליין אַ קינד פון דער גריכישער וועלט, איז אַריסטאָטעל געווען אַזוי אינטעלעקטואַליסטיש און מעטאַפיזיש געשטימט, ווי די איבע־ריקע גריכן זיינען געווען. אויסער דעם איז ער געווען פאַרבונדן מיט דער אַקאַדעמיע, אַלס פּלאַטאָנס אַ תלמיד, פאַר 20 יאָר, איז געווען נאַטירלעך, אַז ער זאָל איבערנעמען זיין אַלגעמיינעם בליק אויף דער וועלט.

אמת, ער האָט געפּאַלמעסט פּיש, אַ זאַך וואָס פּלאַטאָן האָט ניט נאָר ניט געטאָן, ער האָט עס געהאַלטן פאַר אַ נוצלאָזער אַרבעט. אָבער פּאַלמעסנדיק די פיש, האָט אַריסטאָטעל געהאַט די געשטאַלטונג פון פּלאַטאָנס אידייען־לערע אין זיין געדאַנק און האָט אויסגעטייטשט די עמפּירישע פאַקטן לויט די פונ־דאַמענטאַלע באַגריפן פון דער לערע.

געוויס איז ער געווען אַ געניאַלער דענקער; ער איז אויך געווען דער גרעסטער געלערנטער פון זיין צייט, איז נאַטירלך ניט געווען לייכט אים צו באַאיינפלוסן. פונדעסטוועגן איז פאַראַן אַן אמת אינעם וויץ: אַז אַריס־טאָטעל איז געווען אַ געניאַלער פּלאַטאָניסט... ער האָט גענומען די אידייען־לערע פאַר זיין אויסגאַנגס־פּונקט און האָט פון איר געשאַפן זיין פאָרמע־מאַטעריע וועלט. מעגלעך, ווען ער זאָל ניט געווען האָבן פּלאַטאָנען פאַר זיין רבין, וואָלט מען געהאַט אַן אַנדער אַריסטאָטעלן... ווייל לויט זיין טעמפּע־ראַמענט איז ער געווען אַ וויסנשאַפטסמאַן, וואָס האָט געהאַט רעספּעקט פאַר וויסנשאַפטלעכע פאַקטן. ער איז געווען אַ ראַציאָנאַליסט, אַן אויסגעהאַל־טענער לאָגיקער און געהאַט אַ רעאַליסטישע נייגונג. ער האָט שוין גאָרניט אָפּגעלייקנט דעם וויסן וואָס מען קריגט דורך די חושים פון דער דערפאַרונג; ער האָט פון דעם וויסן אָנגעהויבן. אָבער ער האָט געהאַלטן די אידייען־וועלט פאַר זיין גייסטיק אויג און האָט די פאַקטן אויסגעטייטשט אין איינקלאַנג מיט איר.

זיין סיסטעם איז אַ לייכטע, זי פּרעזענטירט מיט זיך ניט קיין שווע־ריקייטן; זי לאָזט זיך אָבער ניט סומירן דערפאַר, וואָס ער נוצט דערמינען „מאַטעריע" און „פאָרמע" אין אַן אַנדער זין, ווי מען נוצט זיי איצט. אָבער די הויפּט־שוועריקייט נעמט זיך דערפון, וואָס זיין צוגאַנג צו דערשיינונגען איז אַ קוואַליטאַטיווער; ער אַנאַליזירט זאַכן לויט זייערע אייגנשאַפטן און ניט לויט זייער פונקציע. לויט זיין צוגאַנג צו זאַכן און דערשיינונגען, אַנטהאַלטן זיי אין זיך זעלבסט אַן אינערלעכן אייגענעם גאַנג. ס'מיינט, אַז צוועקמעסיקייט איז איינגעשלאָסן אין זיין סיסטעם. דאָס אַלץ איז אַזוי פאַרשיידן פונעם וויסנשאַפטלעכן בליק, וואָס הערשט איצט אויף דער וועלט, אַז עס איז גאַנץ שווער אויפצוכאַפּן זיין בליק.

דער אַריינפיר צו זיין לערע וועט געמאַכט ווערן מיט אַ קורצן אויס־צוג; ער זאָגט: „מיר באַצייכענען איין קלאַס זאַכן מיטן נאָמען סובסטאַנץ. די סובסטאַנץ צעטיילן מיר אויף דרייען: 1) מאַטעריע, וואָס אַליין איז עס ניט קיין ספּעציעלע זאַך; 2) פאָרמע (עסענץ) אַ דאַנק וועלכער עס ווערט אַ זאַך און 3) דער סינטעז פון די צוויי. מאַטעריע איז פּאָטענציאַליטעט און פאָרמע באַשטייט פון רעאַליזאַציע, אָדער „אַקטיוויטעט" (זע אַן די סאָל, ז. 67).

אין דעם קורצן אויסצוג געפינט זיך דער צענטראַלער געדאַנק פון זיין פילאָזאָפיע און וויסנשאַפט צוזאַמענגענומען; אין אים געפינט מען זיין רעאַליטעט־באַגריף (אַנטאָלאָגיע) און זיין דערקענטעניש־לערע (עפּיסטעמאָלאָגיע) אַזוי גוט ווי זיין „פיזיק" (זיין וויסנשאַפטלעכער בליק אויף די דערשיינונגען פון דער וועלט). ער האָט אָנגעשריבן אַ היפּש ביסל ביכער: אין זיי אַלע אָבער פיגורירט דער צענטראַלער געדאַנק, וואָס דער אויסצוג אַנטהאַלט אין זיך.

מען קען זען, אַז ניט דאָס וואָרט „מאַטעריע" און ניט דאָס וואָרט „פאָרמע" נוצט ער אינעם געוויינטלעכן זין, ווי די ווערטער ווערן איצט פאַרשטאַנען. ער זאָגט, אַז „מאַטעריע" איז „פּאָטענציאַליטעט" אָן און פאַר זיך קען מען זיך אפילו ניט פאָרשטעלן וואָס עס איז; עס איז „ניט קיין ספּעציעלע זאַך": „די פאָרמע", וואָס איז „אַקטואַליטעט" פאָרמירט פון דער „מאַטעריע" די קאָנקרעטע זאַך. אַ זאַך איז אויף אַזויפיל אקטועל, אויף וויפיל זי האָט אין זיך „פאָרמע": די „פאָרמע" גיט דער זאַך ניט נאָר איר עצם, נאָר אויך די פונקציע. דאָס אַלץ איז אינגאַנצן ניט פאַרשטענדלעך, ווען עס ווערט גענומען לויט די מאָדערנע באַגריפן פון די ווערטער; עס ווערט אָבער פאַרשטענדלעך, ווען מען נעמט עס אין דער ליכט פון פּלאַטאָנס „אידייען־וועלט" און מען זעצט איבער די ווערטער, אָדער טערמינען אין אַ מאָדערנער שפּראַך.

אין זיין קריטיק פון פּלאַטאָנען אינעם ערשטן בוך פון דער „מעטאַפיזיק", ווייזט ער אָן, אַז פּלאַטאָן האָט פּאָסטולירט צוויי וועלטן, וואָס דאַרפן ערשט האָבן אַ דריטע וואָס זאָל זיי פאַרבינדן און אַריינגעבן אַקטיוויטעט אין זיי. דאָס טוט ער: ער נעמט פּלאַטאָנס אַבסטראַקטע „אידייען", רופט זיי אָן „פאָרמען" (אוניווערסאַלן, אויף דער מאָדערנער שפּראַך) און שטעלט זיי אַריין אין די זאַכן אלס זייערע אייגנשאפטן (קוואַליטעטן), ווערן פאר אים די זאַכן ניט נאָר ווי מען פאַרשטייט זיי איצט, נאָר זיי טראָגן אין זיך אויך זייער פונקציע. עס מיינט, אַז די קוואַליטאַטיווע אייגנשאַפטן, וואָס די זאַכן באַזיצן (אוניווערסאַלן), באַשטימען אויך די אַקטיוויטעט פון די זאַכן: זיי טראָגן אין זיך זייערע אייגענע פונקציעס. ווען מען נעמט, צום ביישפּיל, גאָלד איז עס געל, האַרט, שווער, און אַזוי ווי לויט פּלאַטאָנען איז אויסגעקומען, אַז די „אידייעס" געל, האַרט און שווער האָבן אַן אייגענע זעלבסטשטענדיקע עקזיסטענץ אין דער אידייען־וועלט; ווי „אידייעס" ענדערן זיי זיך קיינמאָל ניט. קומט שוין אויס, אַז אויך „גאָלד" אַלס „אידייע" האָט אויך אַן אייביקע און זעלבסטשטענדיקע עקזיסטענץ. דאָ האָבן זיך אָנגעהויבן זיינע שוועריקייטן. אַריסטאָטעל אָבער זאָגט, אַז די „פאָרמען" (קוואַליטעטן, אָדער אוניווערסאַלן) געל, האַרט און שווער זיינען אין די זאַכן; זיי זיינען פאַראַנטוואָרטלעך ניט נאָר פאַר די אייגנשאַפטן פון גאָלד, נאָר אויך פאַר דעם, וואָס גאָלד וועט שטרעבן זיך צו באַנעמען אונטער פאַרשיידענע באַדינגונגען אויף פאַרשיידענע אופנים. אַז אין דער נאַטור אין אַלגעמיין הערשט אַ באַשטימטע צוועקמעסיקייט און יעדע זאַך אין דער נאַטור טראָגט אין זיך איר פונקציע, ווי אַ טייל פון דער אַלגעמיינער צוועקמעסיקייט. די פונקציע איז איינגעשלאָסן אין די „פאָרמען", וואָס די זאַך באַזיצט. וואָס מער „פאָרמע" אַ זאַך פאַרמאָגט, אַלץ מער אַקטיוויטעט האָט זי אין זיך. „מאַטעריע" און „פאָרמע"

דאַרפן פאַרשטאַנען ווערן ווי צוויי עטוואָסן, וואָס זיינען שטענדיק צוזאַמען, אָבער וואָס מער „מאַטעריע" און ווייניקער „פאָרמע", אַלץ מער פּאָטענציאַליטעט און ווייניקער רעאַליטעט, אָדער אַקטיוויטעט און פאַרקערט: וואָס מער „פאָרמע" און ווייניקער „מאַטעריע", אַלץ מער רעאַליטעט און אַקטיוויטעט.

מען קען זען, אַז עס איז פאַראַן אַן אינערלעכע ענלעכקייט צווישן פּלאַטאָנען און אַריסטאָטעלן: פּלאַטאָנס „אידייעס" זיינען אַריסטאָטעלס „פאָרמען" און פּלאַטאָנס „ניט זיין", איז אַריסטאָטעלס „מאַטעריע". דער אונטערשייד איז נאָר דער, וואָס אַריסטאָטעל האָט זיי פאַראייניקט און קאָנקרעטיזירט; און ער האָט אויך „דערקלערט" די אַקטיוויטעט פון דער וועלט, פאַר וועלכער פּלאַטאָן האָט קיין דערקלערונג ניט געהאַט. דאָס איז אין קורצן דאָס „פּלאַטאָנישע", וואָס געפינט זיך אין זיין פילאָזאָפיע, ער איז אָבער ניט געבליבן שטיין ביי פּלאַטאָנען, ער איז אַוועק פיל ווייטער פון אים.

ווהייטהעד, וועלכער ווערט פאַררעכנט פאַר איינעם פון די טיפסטע דענקער פון דער מאָדערנער צייט, זאָגט, אַז ווען מען זאָל געבן אַ פּרעמיום דעם געניאַלסטן מעטאַפיזיקער פון אַלע צייטן, וואָלט אַריסטאָטעל זי געקראָגן: ווייטער, טיפער און מער אָביעקטיוו פון אים האָט זיך קיין דענקער ניט דערטראַכט. און, גיט ער צו, קען זיך אויך ניט דערטראַכטן (זע סייענס ענד די מאָדערן וואָרלד, קאַפּ. „גאָד").

אַריסטאָטעלס פילאָזאָפישע סיסטעם איז אַ גאַנצע, איינהייטלעכע און אויסגעהאַלטענע. ווען מען נעמט אָן זיין אויסגאַנגס־פּונקט און פונדאַמענטאַלן פּרינציפּ פונעם „באַוועגלאָזן באַוועגער" („גאָט"), וואָס „טראַכט זיינע טראַכטונגען" און אַלץ אַרום אים „באַוועגט" זיך צוליב אים, אָט ווי „מען טוט עפּעס פאַר איינעם וואָס מען האָט ליב, ווען די ליבע זעלבסט רופט ארויס די טאָט" (מעטאַפיזיק 330), קומען אַלע טיילן פון זיין סיסטעם צוזאַמען אַלס איין אָרגאַנישעס גאַנצעס. געוויס ווייסט מען איצט, אַז זיין סיסטעם איז פאַלש פון אָנהויב ביז סוף, זי איז געבויט אויף אַ פיזיק, אַ קאָסמאָלאָגיע (וועלטלערע), וואָס האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַלש. דערפאַר אָבער איז שוין ניט שולדיק ער אַליין, נאָר דער גריכישער אַרט דענקען אין אַלגעמיין, וואָס האָט אָנגעהויבן מיט אַלגעמיינע פּרינציפּן, אַז אַלץ אין דער נאַטור דאַרף דינען אַ באַשטימטן צוועק, וואָס איז לאָגיש און צוועקמעסיק. עס איז שולדיק געווען דער גריכישער אינטעלעקטואַליזם, וועלכער האָט פון פאַראויס אָנגענומען, אַז די פּאַסירונגען אין דער נאַטור אַנטהאַלטן אַן אינערלעכע לאָגיק און אַן אינערלעכן צוועק און אַז וויסן באַשטייט פון וויסן „פאַרוואָס פייער איז הייס און ניט וויסן דעם פאַקט אַז עס איז הייס" (מעטאַפיזיק, ז. 5). אָבער דאָס מיינט שוין קריטיקירן אַריסטאָטעלן, איידער מען באַקאַנט זיך מיט זיין סיסטעם. וועט נויטיק זיין זיך צו באַקענען מיט אַ פּאָר טיילן פון זיין סיסטעם.

אום צו פאַרשטיין אַריסטאָטעלן פולקאָמען, דאַרף מען אָנהויבן מיט זיין מעטאַפיזיק, פאַר מעטאַפיזיק אָבער ווי פאַר פּאָעזיע, דאַרף מען האָבן אַ באַשטימטן געשמאַק, האָט מען אים ניט, איז מעטאַפיזיק אַ ברכה לבטלה: עס מיינט בויען לופטשלעסער...

אַריסטאָטעל האָט געקוקט אויף דער נאַטור, ווי מען קוקט אויף אַן אָרגאַניזם (דעם טערמין האָט ער טאַקע געשאַפן) אין וועלכן די טיילן האָבן באַשטימטע פונקציעס; זיי דינען אָבער דעם אָרגאַניזם, ווי אַ גאַנצן. אויב מען זאָל קענען ציען דעם פאַרגלייך ווייטער, וואָלט מען געקענט זאָגן, אַז זיין „מאַטעריע״ האָט געדאַרפט פאַרשטאַנען ווערן ווי אַ גאָר גאָר רויער שטאָף פון אַ קערפּער, וואָס האָט קיין שום פונקציע ניט און דאָס מיינט, אַז ער האָט אויך ניט קיין שום קוואַליטאַטיווע אייגנשאַפטן (דאָס קען מען זיך אינגאַנצן ניט פאָרשטעלן). זיין „פאָרמע״ דאַרף דעמאָלט פאַרגליכן ווערן ניט נאָר מיט דער פיזיאָלאָגיע פונעם אָרגאַניזם, נאָר אויך צו די קוואַליטאַטיווע אייגנשאַפטן, וואָס דער אָרגאַניזם פאַרמאָגט.

טראַכט מען זיך אריין אינעם געדאַנק, זעט מען פאַרוואָס אַ זאַך האָט אין זיך אַזויפיל רעאַליטעט, אויף וויפיל זי האָט „פאָרמע״; די זאַכן פון דער וועלט, אַזוי גוט ווי זייער באַנעמונג איז פאַרשיידן, אַ דאַנק דער פאַרשיידנהייט פון דער „פאָרמע״, וואָס זיי אַנטהאַלטן אין זיך. די „פאָרמע״, אָדער אויב מעגלעך, וואָלט בעסער געווען צו זאָגן, דער גראַד פון דער „פאָרמע״ איז דער באַלעבנ־דער פּרינציפּ פון דער זאַך, זי איז איר עצם. פון דעם פאָלגט שוין, אַז דאָס נידעריקסטע פונעם נידעריקן אין דער נאַטור איז „פאָרמלאָזע מאַטעריע״ און דאָס העכסטע פונעם העכסטן (דער באַוועגלאָזער באַוועגער, „גאָט״, וואָס איז אויך ריינער געדאַנק) באַשטייט פון „ריינער פאָרמע״ אָן אַ צומי־שונג פון „מאַטעריע״: ער קען אַקטיוו ניט ווירקן אויף איר ווייל דאָס וואָלט געמיינט דעגראַדירט ווערן און פאַרלירן די פולקאָמענהייט.

אָבער די צוויי עקסטרעמען, ווי פאָרמלאָזע מאַטעריע און ריינע פאָרמע, זיינען מעטאַפיזישע פּרינציפּן, וואָס וועגן דעם ערשטן, זאָגט אַריסטאָטעל, קען מען אפילו ניט דענקען ווי אַן עקזיסטענץ פאַר זיך אַליין און דער צווייטער איז די פולקאָמענסטע עקזיסטענץ, וואָס שטייגט אָבער אַריבער דעם וואָרט עקזיסטענץ, ווייל עס איז ריינע פאָרמע, וואָס איז ניט באַגרענעצט דורך רוים און צייט. ווי אַזוי מען זאָל ניט דענקען וועגן די מעטאַפיזישע פּרינ־ציפּן, וואָס זיינען למעלה מן השכל, איז אין די גרענעצן פון דער נאַטור, וועגן וועלכער מען קען יאָ דענקען, זיינען „מאַטעריע״ און „פאָרמע״ שטענ־דיק צוזאַמען אָרגאַניש פאַרבונדן צווישן זיך: דער אונטערשייד צווישן זאַכן איז נאָר אַן אונטערשייד צווישן דער פּראָפּאָרציע פון די צוויי מעטאַפיזישע פּרינציפּן, וואָס זיינען אינטעגרירט אין זיי.

אַזוי איז אַריסטאָטעל פטור געוואָרן פון פּלאַטאָנס באַזונדערע צוויי וועלטן: די „אידייען־וועלט״ פון איין זייט און די וועלט פון „שאָטנס״ פון דער צווייטער זייט. די וועלט איז איינע, הגם זי אַנטהאַלט אין זיך אַ דואַליזם, וואָס שניידט זיך דורך דורך יעדער זאַך אין דער נאַטור. אויך דער אויסדרוק „יעדע זאַך אין דער נאַטור״ דאַרף גענומען ווערן אין רעלאַטיוון זין; פּאַקטיש אָבער, גענומען אינעם אַבסאָלוטן זין, באַשטייט די נאַטור פון איין גרויסן „אָרגאַניזם״ אין וועלכן די פאַרשיידענע זאַכן זיינען טיילן פון איין גאַנצעס. די פאַרשיידענע טיילן האָבן זייערע באַשטימטע פלעצער, אַזוי גוט ווי זייערע ספּעציעלע פונקציעס לויט דער פּראָפּאָרציע פון דער „פאָרמע״ און „מאַטעריע״, וואָס געפינט זיך אין זיי.

דאָס מיינט, אַז ווען זאַכן זאָלן איבערגעלאָזט ווערן צו זיך אַליין, וואָלטן זיי געדאַרפט בלייבן אויף דעם אָרט, וואו זיי באַלאַנגען לויט זייער „פאָרמע־מאַטעריע" פּראָפּאָרציע; די וועלט וואָלט געדאַרפט זיין אַ סטאַטישע. פּאָקטיש איז עס אָבער ניט אַזוי, עס קומט פאָר אַ שטענדיקע באַוועגונג. די אורזאַך פון דער באַוועגונג איז, אינעם אולטימאַטיוון אַנאַליז, דער „באַוועגלאָזער באַוועגער". ער ברענגט די זאַכן אין באַוועגונג דורך זייער פאַרהעלטעניש (שטרעבונג) צו אים, הגם ער אַליין איז „באַוועגלאָז". זיין באַוועגלאָזיקייט איז באַדינגט פון זיין פולקאָמענהייט; די באַוועגונג אָבער צו אים (די אַקטיוויטעט וואָס קומט פאָר אין דער נאַטור) באַשטייט פון אַ „שטרעבונג" צו דער פולקאָמענהייט. הייסט עס, אַז די אַקטיוויטעט אין דער נאַטור (באַוועגונג) קומט פאָר דערפאַר, וואָס עס איז פאַראַן אַ פולקאָמענע קראַפט, וואָס אַליין קען זי נאָר „טראַכטן אירע טראַכטונגען"; זי קען אפילו ניט טראַכטן וועגן קיין זאַך אין דער נאַטור דערפאַר וואָס דאָס וואָלט געמיינט אַ דעגראַדאַציע וואָס זי קען ניט מאַכן און בלייבן אַ ריינע אין איר פולקאָמענהייט. אָבער אומדירעקט שטרעבן זאַכן צו איר. מיט אַנדערע ווערטער, די גאַנצע אַקטיוויטעט אין דער נאַטור קומט פאָר דערפאַר, וואָס עס איז פאַראַן אַ פולקאָמענע קראַפט (גאָט) אין דער נאַטור צו וועלכער זאַכן שטרעבן. די אורזאַך פון דער אַקטיוויטעט געפינט זיך פאַראויס און זאַכן שטרעבן צו איר: צוועקמעסיקייט (טעלעאָלאָגיע) איז די טרייב־קראַפט אין דער נאַטור.

הגם אַריסטאָטעל רעדט וועגן פיר פרינציפּן, וואָס זיינען איינגעשלאָסן אין דער רעאַליטעט: 1) „מאַטעריע", אָדער הינטערגרונט, 2) „פאָרמע", אָדער עסענץ, 3) באַוועגונג, אָדער ווירקזאַמע אורזאַך, און 4) ענדגילטיקע אורזאַך (באַוועגלאָזער באַוועגער), האָט ער פּאַקטיש ניט מער ווי צוויי פרינציפּן: „פאָרמע" און „מאַטעריע". די אַנדערע צוויי באַשטייען ניט מער ווי פון גראַדאַציעס פון פאָרמע, וואָס איז דער אולטימאַטיווער פרינציפּ אין דער נאַטור (באַוועגלאָזער באַוועגער, אָדער ריינער שכל).

פון די אַלגעמיינע פרינציפּן צו דער „נאַטור־פילאָזאָפיע" איז איין טראָט. פאַר אַריסטאָטעלן איז די ליניע געווען אַ גלייכע; ער האָט באַהאַנדלט די קאָנקרעטע נאַטור־דערשיינונגען אויפן זעלבן אופן, ווי ער האָט באַהאַנדלט די אַלגעמיינע פרינציפּן. די ערד געפינט זיך אינעם צענטער און אַלץ דרייט זיך אַרום איר: „די ערד ווערט רעגירט פון די העכערע ספערן, פון די שטערן; דער ים פון די ווינטן, וואָס באַלאַנגען צו דער ספערע פון לופט, וואָס איז אָפּהענגיק פון דער זון און דער לבנה. אָבער אַזוי ווי די ערד איז אָפּהענגיק פון אַלע אַנדערע, זי איז ניט רעגולאַר און פינקטלעך אין אירע באַוועגונגען; זי איז אונטערוואָרפן דעם איינפלוס פון פיל ענדערנדע אַגענטן. יעדע העכערע ספערע איז די באַוועגנדע אורזאַך פון דער נידעריקערער, וועלכע איז, אַזוי צו זאָגן, אַן אָרגאַן פון דער ערשטער. אַלע העכערע ספערן אָבער באַוועגן זיך מיט רעגולערער אָרדענונג, אויסער אין די רעגיאָנען אונטער דער לבנה, וואו עס איז דער פּלאַץ פון ניט רעגולערער באַוועגונג. יעדע נידעריקע ספערע געפינט זיך אין פאַרהעלטעניש צו דער העכערער, ווי מאַטעריע צו פאָרמע; ווייל די באַוועגנדע אורזאַך איז די פאָרמע און וואָס עס איז געבראַכט אין באַוועגונג איז די מאַטעריע" (פון דער „דע

קאָלע״, (דער הימל) לויט הענריך ריטערס היסטאָריע אָוו ענשיענט פילאָסאָ־
פיע, באַנד 3, ז. 227).

קומט מען צו דער ערד גופא, איז פון די פיר ערדישע „עלעמענטן״,
האָט די ערד א „נייגונג צו פאַלן אַראָפּ און די נאַטירלעכע באַוועגונג פון
פייער איז זיך אויפהויבן הויך. דער לעצטער שווימט העכער און איבער
אַלע אַנדערע עלעמענטן, די פריערדיקע דינען ווי אַ באַזיס פאַר אים. כדי דאָס
זאָל קענען פאָרקומען, מוזן נויטווענדיקערווייז זיין נאָך צוויי (עלעמענטן),
איינער וואָס זאָל שווימען איבער דעם ערשטן פון די צוויי און דער אַנדערער
זאָל דינען פאַר אַ פונדאַמענט פאַרן צווייטן. די צוויי מיטלסטע עלעמענטן,
וואַסער און לופט, האָבן יעדערער פון זיי זיין באַשטימטן פלאַץ. די וואַסער
איז העכער פון דער ערד און אונטער דער לופט און די לופט איז איבער
דער וואַסער און אונטער דעם פייער. צו די פלעצער וואו זיי דאַרפן זיך
געפינען, לויט זייער פאָזיציע, שטרעבן זיי נאַטירלעך און דירעקט״ (דאָרטן,
ז. 223, אויך מעטאַפיזיק, זז. 33־34).

און ווייטער, אַזוי ווי „די באַוועגונג פון יעדער זאַך הענגט אָפּ פון איר
נאַטור, וואָלט קיין נאַטירלעכע באַוועגונג ניט מעגלעך געווען, ווען עס זאָל ניט
עקזיסטירן קיין אונטערשיידן אינעם מעדיום (אינעם רוים): עס וואָלט ניט
געווען קיין אויבן און קיין אונטן וואוהין זאַכן זאָלן קענען פאַלן לויט זייער
נאַטור — איינע אַרויף און די צווייטע אַראָפּ: אַלע זאַכן וואָלטן געמוזט
פאַלן אי גלייך, אי אין איין ריכטונג. דערפאַר איז ניט מעגלעך קיין ליידיקייט
אינעם רוים; ער מוז זיין אָנגעפילט״ (ז. 203).

עס איז מערקווירדיק, ווי איין טעות האָט אים געפירט צו אַ צווייטן!
זיין דענקען איז געווען אַ ריכטיקער: אין אַ ליידיקייט (וואַקאום) פאַלן אַלע
זאַכן גלייך. אָבער אַזוי ווי ער האָט אָנגענומען אַ פאַלשן אויסגאַנגס־פונקט,
האָט ער אים געפירט צו באַשטימען, אַז אַ ליידיקייט איז „אוממעגלעך״...
וואָס ס'איז וויכטיק צו באַמערקן, איז ניט אכטנדיק וואָס זיין אויסגאַנגס־פונקט
איז געווען א פאַלשער, איז ער אלס דענקער געווען אַזאַ אויסגעהאַלטענער
אויף דער גאַנצע ליניע, אז עס איז קיין וואונדער ניט וואָס ער האָט אזוי
לאַנג און אזוי פולשטענדיק געווירקט אויף דער מענטשהייט. און געווירקט
האָט ער דערפאַר, וואָס זיין סיסטעם איז געווען אַ פולקאָמענע, אלץ האָט אין
איר געשטימט, עס איז אין איר געווען אַן ענטפער אויף אלע „פאַרוואָסן״
פאַר די פאַסירונגען וואָס קומען פאָר אין דער נאַטור.

איבערגייענדיק צו די פאַרשיידענע זאַכן, וואָס געפינען זיך אויף דער ערד,
האַלט ער אַן די זעלבע קלאַסיפיקאַציע. די פאַרשיידנאַרטיקע זאַכן, וואָס
געפינען זיך אויף איר, זיינען אַ רעזולטאַט פון דער פראָפּאָרציע פון „מאַ־
טעריע״ און „פאָרמע״ פון וועלכע זיי זיינען צוזאַמענגעשטעלט. די אומאָר־
גאַנישע שטאָפן באַשטייען פון אַ גרויסער פראָפּאָרציע „מאַטעריע״ און
אַ קלייער פראָפּאָרציע „פאָרמע״. דערפאַר איז זייער „באַנעמונג״ אַן איינ־
פאַכע: דער „צוועק״ געפינט זיך אינגאַנצן אויסער דער זאַך דערפאַר, וואָס
די „פאָרמע״ האָט ניט אַריינגעדרונגען אין איר אינערלעכקייט, איז איר „באַ־
וועגונג״ אַן אויסערלעכע.

גייט מען איבער פון דער אומאָרגאַנישער צו דער אָרגאַנישער וועלט,
באַגעגנט מען זיך מיט אַ נייער דערשיינונג; די אַקטיוויטעט איז ניט נאָר

אַן אויסערלעכע, נאָר אויך אַן אינערלעכע און דאָס איז דערפאַר, וואָס די „פאָרמע" האָט אַריינגעדרונגען אין דער איענרלעכקייט פונעם שטאָף גופא און מאַניפעסטירט זיך אין אים אויף אַן אופן, וואָס ווערט אָנגערופן לעבן, אָדער לעבנס־אַקטיוויטעט.

אין פלאַנצונגען דריקט זיך אויס די ספּעציעלע אַקטיוויטעט דורך נאַרונג און וואַקסן. אָט די דאָזיקע „פאָרמע", אָדער איר מאַניפעסטאַציע, רופט ער אַן נשמה, אָדער ענטעלעקיע. אין חיות מאַניפעסטירט זיך די „פאָרמע" (נשמה אָדער „ענטעלעקיע") לויט דעם צושטאַנד פון דער באַשטימטער חיה. אין פאַרבינדונג מיט דער טיילונג פירט ער אַריין אַ ספּעציעלע קלאַסיפיקאַציע, וואָס ווערט אויך איצט אָנגענומען פון אַלעקסאַנדערן.

לויט דער דאָזיקער ספּעציעלער קלאַסיפיקאַציע דינט דער אומאָרגאַנישער שטאָף פאַרן קערפּער („מאַטעריע") פאַרן אָרגאַנישן שטאָף, צו וועלכן ס'ווערט נאָר צוגעגעבן „נייע פאָרמע". ווען מען נעמט אַן די קלאַסיפיקאַציע, קען מען זאָגן, אַז דאָס העכערע, דאָס אָרגאַנישע איז די „פאָרמע" (נשמה) פאַר וועלכער דאָס נידעריקערע, דאָס אומאָרגאַנישע איז די „מאַטעריע" (קערפּער). לעבן איז „מאַטעריע" פאַר אַן אָרגאַניזם מיט פאַרשטאַנד און דער פאַרשטאַנד איז די „נשמה" (פאָרמע).

אַזוי שאַפט זיך ביי אים (און ביי אַלעקסאַנדערן) אַן איראַרכיע פון גראַדאַציעס פון די נידעריקסטע צו די העכסטע פאָרמען. ווען מען זאָל נאָר פאַרבייטן דעם אַלטן טערמין „פאָרמע" אויף דעם מאָדערנעם טערמין „אָרגאַניזאַציע", טראָגט אין זיך אַריסטאָטעלס קלאַסיפיקאַציע אַן ענלעכקייט צום מאָדערנעם עוואָלוציע־באַגריף פון דער אַזוי אָנגערופענער אימאָרגאַנטער עוואָלוציע. פאַרשטייט זיך, אַז מען דאַרף אַריסטאָטעלן ניט צושרייבן קיין מאָדערנע באַגריפן — ער האָט זיי ניט געהאַט. פאַר אים זיינען די מינים געווען אייביק ניט ענדערנדע: די „פאָרמע" (נשמה, ענטעלעקיע) האָט זיך דורך זיי נאָר מאַניפעסטירט גראַדנוויז. זיי אַליין האָבן זיך אָבער ניט געענדערט (לויט דעם מאָדערנעם באַגריף ענדערן זיך די מינים גופא).

לויט אַריסטאָטעלס באַגריף האָבן די מינים געדאַרפט פאַרגליכן ווערן צו שטאַפלען פון אַ לייטער; אויפן נידעריקסטן שטאַפל געפינט זיך „פאָרמלאָזע מאַטעריע" און אויפן העכסטן שטאַפל געפינט זיך די „ריינע פאָרמע" אַן „מאַטעריע". אויף די שטאַפלען צווישן די צוויי עקסטרעמען, איז, ווען מען נעמט זיי אַסטראָנאָמיש, האָט מען די פאַרשיידענע ספערן (אַריסטאָטעל האָט געהאַט 54 ספערן. דאָס איז געווען זיין פאַלשער באַגריף וועגן די הימלישע קערפּערס: שטערן, פּלאַנעטן, קאָמעטן). נעמט מען די ערד גופא, געפינט זיך די אומאָרגאַנישע וועלט אויף דעם נידעריקסטן שטאַפל; פלאַנצונגען געפינען זיך אויף אַ העכערן שטאַפל. חיות זיינען נאָך העכער און דער מענטש איז דאָס העכסטע צווישן די ערדישע באַוואוינער. דער אונטערשייד צווישן זיי אַלע איז אַן אונטערשייד פון „פאָרמע". לויט דער פּסיכאָלאָגישער טערמינאָלאָגיע איז עס אַן אונטערשייד פון „שכל".

די דאָזיקע קלאַסיפיקאַציע איז אַן אַבסטראַקטע. גייט מען אָבער צו צו דער אָרגאַנישער וועלט אויף אַ קאָנקרעטן אופן, מאַניפעסטירט זיך די „פאָרמע" אין דער פלאַנץ און וואַקסונג. אין דער חיה קומט צו די „פאָרמע" פון סענסאַציע און דער רעאַגירונג צו איר, וואָס באַשטייט אין דער לעבנס־

אַטקיוויטעט פון דער חיה. קומט מען צום מענטשן, ווערט פון דער סענסאַציע אַ פּערצעפּציע, וואָס אַריסטאָטעל רופט אָן אָרגאַניזאַציע פון סענסאַציעס. דערמיט הויבט זיך אָן זיין דערקענטעניש־לערע: זי איז פאַר אים אַ דירעקטער רעזולטאַט פון זיין אַלגעמיינעם באַגריף פון „פאָרמע־מאַטעריע“־פאַרהעלטעניש, נאָר ווען מען פאַרשטייט דעם פונדאַמענטאַלן געדאַנק, קען מען גענוי פאַרשטיין זיין דערקענטעניש־לערע.

צו זיין דערקענטעניש־לערע קען מען צוגיין פון צוויי שטאַנדפּונקטן: 1) פונעם ריין פּסיכאָלאָגישן שטאַנדפּונקט און 2) פונעם פילאָזאָפישן שטאַנדפּונקט. פונעם פּסיכאָלאָגישן שטאַנדפּונקט איז עס, באַנוצנדיק זיין שפּראַך, אַ גראַדאַציע פון נשמות: די „נשמה“ פון דער פלאַנץ דריקט זיך אויס אין נאַרונג און אין וואַקסונג, די „נשמה“ פון דער חיה נעמט אויף און רעאַגירט צו עמפּינדונגען (סענסאַציעס). דעם מענטשנס „נשמה“ שליסט אין זיך איין די אייגנשאַפטן פון ביידע: פלאַנצונג און חיה; זי איז אָבער אויך אַ „נשמה יתירה“, זי אַנטהאַלט אין זיך אַ טייל פון דער געטלעכער חכמה, וואָס איז דאָס אומשטערבלעכע אין איר. דער טייל אירער איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן מענטשלעכן וויסן פון דער וועלט: דורך אים ווערט אויפגענומען די „פאָרמע“ (אוניווערסאַלע) פון זאַכן. עס מיינט, אַז די „נשמה“, זייענדיק אַליין „פאָרמע“, ווערט באַוואוסט פון דער „פאָרמע“ פון די זאַכן; דער אינפאָרמירט ווערן איז אין דירעקטער פּראָפּאָרציע צום גראַד פון דער נשמה אינעם באַטרעפנדן אָרגאַניזם. דער „אינפאָרמירט ווערן“ פון דער פלאַנץ באַשטייט אין רעאַגירן צו שפּייז דורך וואַקסונג און רעפּראָדוקציע, אין דער חיה קומט צו די עמפּינדלעכקייט מיט אירע רעזולטאַטן און אינעם מענטשן קומט צו דער באַוואוסטזיין און דער וויסן פון דער „פאָרמע“ (אוניווערסאַלע) פון זאַכן. פון דער פיזיאָלאָגיע דורך דער פּסיכאָלאָגיע איז ער צוגעקומען צו דער דערקענטעניש־לערע. עס דאַרף נאָכאַמאָל אונטערשטראָכן ווערן, אַז הגם עס רעדט זיך דאָ די גאַנצע צייט פון אַ קערפּער־נשמה (פאָרמע־מאַטעריע) דואַליזם, דאַרף דער דאָזיקער דואַליזם ניט גענומען ווערן אין מעכאַנישן זין, ווי דעקאַרט האָט אים פאַרשטאַנען. די אַריסטאָטעלישע „נשמה“ (פאָרמע) איז ניט קיין פרעמדע צום קערפּער (מאַטעריע), זי איז זיין עצם, זיין אינערלעכע אָרגאַניזאַציע, צו באַנוצן אַ מאָדערנעם אויסדרוק פאַר זיין שטאַנדפּונקט. „די נשמה קען ניט עקזיסטירן אָן דעם קערפּער, זי באַשטייט פון זיין פונקציע. זי איז צום קערפּער דאָס, וואָס דער זען איז צום אויג; וואָס די טענער זיינען צום פּלייט: זיי זיינען דער פּלייט זעלבסט. און, זאָגט אַריסטאָטעל, מען קען אַזוי דענקען וועגן דעם איבערגאַנג פון דער נשמה אין אַן אַנדער קערפּער, ווי מען קען דענקען וועגן דעם איבערגאַנג פון די טענער פון אַ פּלייט צו אַ ריב־אייזן (זע סטייס, אַ קריטיקל היסטאָריע אָוו גריק פילאָסאָפיע, ז. 301).

דאָס לעצטע האָט ער געזאָגט אַלס קריטיק פון פּלאַטאָנס באַגריף וועגן דער אומשטערבלעכקייט פון דער „נשמה“ און איר איבערגיין אין אַן אַנדער קערפּער. ער האָט אין דעם ניט געגלויבט און, לויט זיין גאַנצער אויסטייטשונג פון „נשמה“, האָט ער אין דעם ניט געקענט גלויבן. ער מאַכט אָבער איין אויסנאַם פאַרן מענטשלעכן שכל, דער לעצטער איז אַ טייל פונעם

וועלט־שכל (דער געטלעכקייט), איז ער אומשטערבלעך: ער גייט צוריק צום מקור, צו דער געטלעכקייט, פון וועלכער ער איז אַ טייל.

דאָס פירט צו זיין ברייטערן פילאָזאָפישן באַגריף פון דער דערקענטעניש. ווען מען באַטראַכט זיין דערקענטעניש־לערע דאַרף מען אין זינען האָבן זיין פונדאַמענטאַלן באַגריף, אז וויסן אינעם פילאָזאָפישן זין, האָט פאר אים איינ־געשלאָסן אויך וויסן, דעם „צוועק" פון דער דערשיינונג און ניט בלויז די דער־שיינונג. ער איז צוגעגאַנגען צו דער דערקענטעניש מיט א פאָדערונג, וואָס די דערפאָרונג, וואָס שטראָמט אריין דורך די חושים, האָט אינגאנצן ניט געקענט צופרידנשטעלן: דער פאַרוואָס, אָדער צוליב וואָס, איז אין דער דערשיינונג גופא ניטאָ, דער פאַרשטאַנד דאַרף אים צוטראָכטן, אָדער דערקלערן. דערפאַר, איז הגם פונדאַמענטאַל איז ער געווען אַן עמפּיריקער, ער האָט אָנגענומען די דערפאָרונג פאַר זיין אויסגאַנגס־פּונקט, האָט אים דער וויסן, וואָס שטראָמט דירעקט אַריין דורך די חושים, ניט געקענט צופרידנשטעלן. ער זאָגט אינעם אָנהויב פון דער מעטאַפיזיק: „מיר האַלטן, אַז קיין איינער פון די חושים־איינדרוקן גיט ניט קיין חכמה, הגם, זיי זיינען עס די, וואָס גיבן אונדז דעם זיכערסטן וויסן פון איינצל פאַקטן. אָבער זיי גיבן אונדז ניט די אורזאַכן, דעם פאַרוואָס פון קיין זאַך: צום ביישפּיל, זיי זאָגן אונדז ניט פאַרוואָס פייער איז הייס, זיי גיבן נאָר דעם פאַקט, אַז פייער איז הייס" (מעטאַפיזיק, ז. 5). דאָס וואָס ער האָט געזוכט, האָבן די חושים ניט געקענט געפינען; זייער אינפאָרמאַציע אַנטהאַלט ניט קיין פאַרוואָסן. איצט ווייסט מען, אַז זוכן אולטימאַטיווע פאַר־וואָסן איז אַ ברכה לבטלה, אַן אַרויסגעוואָרפענע אַרבעט: ניט די וויסנ־שאַפט און אויך ניט די פילאָזאָפיע האָט געפונען אַן איינציקן „פאַרוואָס" און, לויט דער טעאָריע פון וואַרשיינלעכקייט, קען מען זיכער זיין, אַז אויך אין דער צוקונפט וועט מען אַזעלכע „פאַרוואָסן" ניט געפינען, אָבער דאָס איז געווען אַריסטאָטעלס שטאַנדפּונקט און ער האָט געמיינט אַז ער האָט זיי יאָ געפונען.

געבנדיק אַן „ענטפער" אויף די פאַרוואָסן, האָט ער זיך דערטראַכט צו פונדאַמענטאַלע באַגריפן, וואָס זיינען געבליבן פונדאַמענטאַל ביזן היינטיקן טאָג.

עס איז געגוג צו דערמאָנען זיין לאָגיק (אָרגאַנום, לויט זיין טערמינאָ־לאָגיע), וואָס איז נאָך איצט כמעט אַזוי וויכטיק, ווי זי איז געווען ווען ער האָט זי געשאַפן. אויך אין דער דערקענטעניש־לערע האָט ער אַרויסגעזאָגט געדאַנקען, וואָס רעגן דעם פאַרשטאַנד ביזן היינטיקן טאָג, הגם זיי ווערן ניט דערקלערט ווי ער האָט זיי דערקלערט. ווען ער זאָגט: „ווען עס זאָלן ניט זיין קיין אוניווערסאַלן און בלויז פאַרטיקולאַרן, וואָלט ניט געווען וואָס דער פאַרשטאַנד זאָל וויסן; אַלע זאַכן וואָלטן אונטערגעפאַלן אונטערן איינדרוק פון די חושים און עס וואָלט ניט געווען קיין וויסנשאַפטלעכער וויסן פון קיין שום זאַך, סיידן מען זאָל אָננעמען, אַז חושים־איינדרוקן מיינט וויסנשאַפט" (דאָרטן, זז. 67־68), האָט ער אַרויסגעזאָגט אַ פונדאַמענטאַלן געדאַנק, הגם דאָס וויטערדיקע מוז ניט אָנגענומען ווערן ווי א דערגאַנצונג. עס פאָ־דערט זיך אָבער צוצוגעבן, אז דאָס איבעריקע ווערט אָנגענומען פון פיל דענקער: ווען עס געגעבן ווערן: ער זאָגט „עס וואָלט ניט געווען קיין אייביקעס און אומבאַוועגלעכעס; ווייל אַלץ וואָס רעגט אַן די חושים איז אין

אַ פּראָצעס פון באַוועגונג און צעשטערונג.ווירקלעך, אויב קיין זאַך איז ניט אייביק, איז ניט מעגלעך, אז קיין זאַך זאָל אנטשטיין: אויב אַ זאַך ווערט אַרויסגעבראַכט, מוז זיין אַן עפּעס פון וואָס עס איז אַרויסגעקומען" (דאָרטן). פילאָזאָפיש קען אויך דער געדאַנק ניט באַשטריטן ווערן, מען מוז אָבער ניט אָננעמען זיין סטאַטישן אויסגאַנגס־פונקט, פון אַן אייביקער אומענדערנדער עקזיסטענץ, מען קען אָננעמען אַ דינאַמישן אויסגאַנגס־פונקט, אָבער דאָס איז שוין מעטאַפיזיק, וואָס קען דאָ אויסגעלאָזט ווערן.

מעטאַפיזיק קען אויסגעלאָזט ווערן, מען מוז זיך אָבער אָפּשטעלן אויף דעם טייל, וואָס האָט א שייכות צו דער דערקענטעניש־לערע, אויף דער פראַגע וועגן אוניווערסאַלן און פּאַרטיקולאַרן.

אינגאנצן ניי איז די פראַגע ניט; פּלאַטאָן האָט זי שוין באהאנדלט. ער האָט זי אבער באַטראַכט פון די הימלען פון דער מיסטיש־פּאָעטישער פאַנטאַזיע און אריסטאָטעל האָט זי באַהאַנדלט אויף דעם קאָנקרעטן אופן, ווי זי ווערט באַהאַנדלט ביזן היינטיקן טאָג.

כאָטש די צוויי טערמינען זיינען שוין פריער באַהאַנדלט געוואָרן, וועלן זיי איצט דעפינירט ווערן, ווי זיי וועלן גענוצט ווערן אין דער ווייטערדיקער אָפּהאנדלונג. אונטערן וואָרט אוניווערסאל ווערט פאַרשטאַנען אַן אלגעמיינע כאַראַקטער־אייגנשאַפט און אונטערן וואָרט פּאַרטיקולאַר ווערט פאַרשטאַנען די געגעבענע זאַך, אלס אזעלכע. געוויס, ווען מען נעמט זאכן פאקטיש, שליסט אין זיך יעדע זאַך איין אירע אייגנשאַפטן; פאַקטיש מיינט וויסן אַ זאַך, וויסן אירע אייגנשאפטן. צו דער זעלבער צייט אָבער האָבן די אייגנשאַפטן אַן אוניווערסאַלן כאַראַקטער אינעם זין, וואָס זיי זיינען ניט באַגרענעצט דורך קיין פּאַרטיקולער זאַך. זאָל נאָכאַמאָל פאַר אַ ביישפּיל גענומען ווערן דאָס שטיקל גאָלד: ס'איז א זאַך, וואָס האָט באַשטימט אייגנשאפטן. וויסן וועגן דעם, מיינט וויסן די דאָזיקע אייגנשאַפטן. צו דער זעלבער צייט זיינען אייגנשאפטן, ווי כאַראַקטער־אייגנשאפטן ניט באַגרענעצט מיטן שטיקל גאָלד. ניט דער קאָליר (געל), ניט די פאָרמע (וועלכע זי זאָל ניט זיין), ניט די וואָג א. אַז. וו. זיינען אייגנאַרטיק און באַלאַנגען בלויז צו דעם שטיקל גאָלד. פאַרקערט, אַלס אייגנשאַפטן, זיינען זיי פון אַן אוניווערסאַלן כאַראַקטער, זיי באַלאַנגען צו אַן אומענדלעכער צאָל זאַכן. מען קען לייכט זען, אַז וויסן עפּעס מיינט וויסן די אייגנשאַפטן, זיי קענען פאַרגלייכן; צו דער זעלבער צייט, איז אינעם איינדרוק, וואָס מען קריגט פון זאַכן, ניטאָ דער פאַרגלייך. איז פון וואַנען נעמט זיך די פייאיקייט פון מאַכן פאַרגלייכן?

פלאַטאָן האָט דערקלערט, אַז די „נשמה" ברענגט מיט זיך דעם וויסן פון דער „אידייען־וועלט". לויט אַריסטאָטעלס דעפיניציע פון נשמה, ווי אַ פונקציע, אָדער אַן אייגנשאַפט אינעם קערפּער, האָט זי ניט געהאַט פון וואַנען צו ברענגען דעם וויסן. און איבערהויפּט האָט ער געלייקנט, אַז וויסן עפּעס מיינט זיך דערמאָנען אין דעם, וואָס די נשמה האָט געוואוסט פריער, איידער זי איז פאַרבונדן געוואָרן מיטן גוף. ער זאָגט: „זיך דערמאָנען איז ניט אַ צוריקברענגונג; ווען מען לערנט עפּעס צום ערשטן מאָל, אָדער ווען מען קריגט אַן איינדרוק דורך די חושים, מיינט עס ניט זיך דערמאָנען א פאַר־

געסענע זאַך" (זע, אַן די סאול, ז. 293). ער האָט זיך אָפּגעזאָגט פון פּלאַטאָנס דערקענטעניש־טעאָריע פון דערמאָנען זיך פאַרגעסענעס.

זיין דערקענטעניש־טעאָריע איז אַ רעזולטאַט פון זיין מעטאַפיזישן באַגריף פון „מאַטעריע־פאָרמע". אָדער זיי ביידע זיינען א רעזולטאַט פון דעם אוניווערסאַל־פאַרטוקאַלער באגריף. יעדנפאלס איז די „פאָרמע" אַנטאָלאָגיש (ווי אַן עקזיסטענץ) די זעלבע זאַך ווי דער אוניווערסאַל, ווען מען נעמט אים עפּיסטאָמאָלאָגיש (ווי אַ באַגריף). און די „מאַטעריע" (ווי אַן עקזיסטענץ) איז ווי דאָס פאַרטיקולאַרע. פון די פילאָזאָפישע באגריפן האָט ער געצויגן דעם שלוס, אַז דאָס קערפּערלעכע אינעם מענטשן, זיינע חושים, נעמען אויף דאָס פאַרטוקולאַרע (מאַטעריע) און די נשמה באגרייפט דאָס אוניווערסאַלע (פאָרמע). נאַטירלעך, אַז זי טוט עס דורך דער הילף פון די חושים. ס'איז אָבער אַ נשמה־איינגשאַפט. ער זאָגט: „דער אַקטיווער געפיל (חושים־איינדרוק) קומט פון דער איינצל זאַך (פאַרטיקולאַר) ווען דער וויסן (קאָגנאַציע) קומט פונעם אוניווערסאַלן, וואָס געפינט זיך אין דער נשמה.

עס ליגט אינעם מענטשנס קראַפט צו נוצן דעם פאַרשטאַנד ווען ער וויל, עס איז אָבער ניט אין זיין מאַכט צו האָבן די דערפאַרונג פון אַ סענסאַציע: די אָנוועזנהייט פונעם פילנדן אָביעקט איז דער הויפּט־באַדינג (זע, אַן די סאול, זז. 110־101). עס הייסט, אַז אום צו אויפנעמען עפּעס, האָבן אַ פערצעפּציע דערפון איז נויטיק ביידע זאַכן: עס איז נויטיק דער פאַרשטאַנד (נשמה, אויף זיין שפּראַך) וואָס קריגט דעם אוניווערסאַלן באַגריף, עס זיינען אָבער אויך נויטיק די חושים, וואָס טראָגן דעם איינדרוק צו דער „נשמה". ער זאָגט ווייטער: „וועגן דער אַלגעמיינער פראַגע פון סענסאַציעס מוז מען אָננעמען, אַז זיי באַשטייען פון דער פערצעפּציע פון דער פאָרמע פון דער זאַך, וואָס פּרעזענטירט זיך אָן איר מאַטעריע; עס קען פאַרגליכן ווערן צום וואַקס, וואָס קריגט דעם שטעמפּל פונעם זיגל, אָבער ניט זיין אייזן, אָדער גאָלד" (דאָרט, 137). און ווייטער: „דער שטיין געפינט זיך ניט אין דער נשמה, נאָר זיין פאָרמע... די אָפּשפּיגלונג אין דער נשמה איז ענלעך צום אויפנעמענדן אָביעקט, אויסער דעם וואָס די אָפּשפּיגלונג אַנטהאַלט אין זיך ניט די מאַטעריע... די נשמה איז ווי אַ האַנט; אַ האַנט איז אַן אינסטרומענט, וואָס נוצט אינסטרומענטן, אַזוי איז די נשמה אַ פאָרמע, וואָס באַנוצט פאָרמען פון באַמערקבאַרע זאַכן.. דערפאַר וואָלט מען ניט געקענט לערנען קיין שום זאַך, ווען מען האָט ניט דעם פאַקולטעט פון פערצעפּציע. ווען מען דענקט אפילו ספּעקולאַטיוו, מוז מען האָבן אַ מענטאַלן בילד וועגן דעם, וואָס מען דענקט: מענטשלעכע פאָרשטעלונגען (פון זאַכן) זיינען ענלעך צו די זאַכן, אויסער דעם, וואָס זיי אַנטהאַלטן ניט די מאַטעריע אין זיך" (דאָרט, 181).

פון די עטלעכע אויסצוגן קען מען זען, אַז אַריסטאָטעל האָט געהאַט אַ טיפן אַריינבליק אין דער דערקענטעניש־פּראָבלעם, ער האָט פאַרשטאַנען די באַדייטונג פון אוניווערסאַלן און פאַרטיקולאַרן אין זייער שייכות צו וויסן. אויך האָט ער גוט פאַרשטאַנען דעם אינהאַלט פונעם פאַרשטאַנד, ווי אַן „אָפּשפּיגלונג" פון זאַכן. וואָס אָנבאַלאַנגט די איינצל מאָמענטן, וואָס זיינען איינגעשלאָסן אינעם פּראָצעס פון וויסן, האָט ער ארויסגעזאָגט פונדאַמענטאַל־געזונטע געדאַנקען; אָבער דאָס אַלץ איז געווען פאַרבונדן מיט פאַלשע גרונט־

לאָגן פון אַ „פאָרמע־מאַטעריע"־רעאַליטעט, וואָס האָבן פאַרטונקלט דאָס באמת גוטע אין זיין דערקענטעניש־לערע.

געוויס האָט מען ניט געקענט דערוואַרטן, אַז אַריסטאָטעל זאָל אין זיין צייט געווען לייזן דעם קאָמפּליצירטן דערקענטעניש־פּראָבלעם, וואָס מען קען ניט לייזן אין דער איצטיקער צייט, ווען מען האָט אַזויפיל ביאָלאָגישן און פּסיכאָלאָגישן וויסן; עס איז גענוג וואָס ער האָט אַרויסגעבראַכט עטלעכע פונדאַמענטאַל־ריכטיקע געדאַנקען וועגן דעם פּראָצעס פון וויסן און דעם אינהאַלט פונעם פאַרשטאַנד. און דאָס האָט ער געטאָן; ער האָט די שייכות פונעם אוניווערסאַל צום פּאַרטיקולאַר ריכטיק דערקלערט, הגם ער האָט דעם וויסן פאַלש אינטערפּרעטירט. די פאַלשקייט איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס ער האָט אָנגענומען, אַז די קוואַליטאַטיווע אייגנשאַפטן פון זאַכן זיינען אַ רע־זולטאַט דערפון, וואָס זיי באַזיצן אַזאַ מין עסענץ („פאָרמע", ענטעלעקיע), וואָס אין דער צייט פון פּערפּערציע „שוועבט" אָט דער עסענץ דורך די חושים אריין אין דער „נשמה" און זי באַנעמט אים. דאָס מיינט ער, ווען ער זאָגט אַז דער שטיין (ווען ער פּרעזענטירט זיך צום אויג) געפינט זיך ניט אין דער נשמה, נאָר זיין „פאָרמע" דערגרייכט צו איר. די דאָזיקע אינטער־פּרעטאַציע פון וויסן, אַביסינקעלע מאָדיפיצירט פונעם „הייליקן" טהאָמעס אַקווינעס (פאַרוואָס אַריסטאָטעל וואָלט אים געוויס ניט דאַנקבאַר געווען) ווערט נאָך איצט אָנגענומען פון דער קאַטוילישער „פילאָזאָפיע".

עס קענען זיין מיינונגס־פאַרשיידנהייטן וועגן דעם, צי אַריסטאָטעל איז געווען אָריגינעל אין זיינע מיינונגען, עס קענען אָבער ניט זיין קיין מיינונגס־פאַרשיידנהייטן וועגן דעם, אַז ער איז געווען דער גרעסטער גע־לערנטער פון זיין צייט, אַז ער איז געווען דער גרעסטער סיסטעמאַטיקער פונעם גריכישן געדאַנק און וויסנשאַפט, אויב ניט דער גרעסטער סיסטע־מאַטיקער פון אַלע צייטן און אַז זיין ווירקונג אויף דער וועלט איז געווען די שטאַרקסטע, וואָס ווער עס איז האָט ווען עס איז געהאַט.

ווען מען וויל אָפּשאַצן זיין ווירקונג אויף דער געשיכטע פונעם מענטשלעכן געדאַנק, דאַרף מען נעמען זיינע אַלגעמיינע אַרבעטן באַזונדער, די ווירקונג דורך זיין וויסנשאַפטלעכן בליק אויף די נאַטור־דערשיינונגען באַזונדער און זיין אַלגעמיינע פילאָזאָפישע ווירקונג באַזונדער. ער וואָלט אַזאַ טיילונג ניט געקענט מאַכן, אָבער פונעם שטאַנדפּונקט פון דער געשיכטע איז אַזאַ טיילונג באַרעכטיקט. פאַר אים זיינען אַלע זיינע שאַפונגען באַשטאַנען פון טיילן פון איין איינהייטלעכער סיסטעם, געשיכט־לעך איז אָבער זייער ווירקונג געווען אַ פאַרשיידענע. ווען זיין בליק אויף די נאַטור־דערשיינונגען איז געווען אַ פאַלשער, איז וויסנשאַפטלעך גענומען זיין ווירקונג געווען אַ שעדלעכע צו דער זעלבער צייט איז זיין לאָגיק אַ ריכטיקע און אויך זיין פילאָזאָפישער בליק אויף דער שייכות צווישן אוני־ווערסאַלן און פּאַרטיקולאַרן איז אין אַלגעמיינע שטריכן געווען אַ ריכטיקער, הגם זיין אינטערפּרעטאַציע איז געווען אַ פונדאַמענטאַל פאַלשע.

ווען מען גייט צו צו זיינע באַזונדערע ווערק איז זיין לאָגיק די באַ־דייטנדסטע אַרבעט: זי ווערט נאָך איצט אויך גענוצט: אויך איצט שרייבט מען ווערק וועגן לאָגיק פון זיין שטאַנדפּונקט. אמת, זי איז באַזירט אויף זיין מעטאַפיזישן באַגריף פון דער רעאַליטעט, זי ווערט אָבער אויך גענומען,

ווי אַן עפּיסטעמאָלאָגישער צוגאַנג צו זאַכן, אויסלאָזנדיק דעם מעטאַפיזישן מאָמענט.

פונדאַמענטאַל גענומען, איז אַריסטאָטעל געווען אַ ביאָלאָג. דאָס איז געווען דער איינציקער טייל פון דער וויסנשאַפט וואו ער האָט געהאַט ערשטהאַנטיקן וויסן: ער האָט געפּאַלמעסט חיות (אַרום 50) און האָט באַשריבן זייערע פאַרשיידענע טיילן. ער האָט באַשריבן די פאָרמירונג פון אַ הינדעלע פון אַן איי, זייענדיק דער ערשטער צו באַמערקן די פאָרמירונג פונעם האַרץ און זען ווי אַזוי עס פּולסירט, ווען עס איז נאָך אינעם צו־שטאַנד פון אַן איי. זיין ביאָלאָגישער באַגריף איז אין אַלגעמיינע שטריכן געווען אַ ריכטיקער (זע וואהיטהאם, היסטאָריע און סייענס, ז. 34).

אויף וויפיל ער האָט געוואוסט ביאָלאָגיע, אויף אַזוי ווייניק האָט ער געוואוסט פיזיק; דאָס איז געווען אַ רעזולטאַט פון זיין אַלגעמיינעם בליק אויף די נאַטור־דערשיינונגען, פון זיין אַלגעמיינעם בליק אויף דער וויסנ־שאַפט, וואָס איז געווען פאַרבונדן מיט זיין פילאָזאָפישן בליק. ער האָט זיך אָפּגעזאָגט פון דעמאָקריטוסעס אַטאָמיסטישן בליק, אַז זאַכן באַשטייען פון אַטאָמען, וואָס באַוועגן זיך אין אַ ליידיקייט, ווייל אין אַ ליידיקייט דאַרפן פאַרשיידענע זאַכן פאַלן מיט דער זעלבער שנעלקייט: ער האָט זיך אָפּגע־זאָגט פון אַ טעאָריע, ווייל דער אמת, וואָס זי אַנטהאַלט, האָט ניט געשטימט מיט זיין פון פאָראויסגענומענער מיינונג וועגן די נאַטור־דערשיינונגען. (עס איז געווען אַ כאַראַקטעריסטישע אייגנשאַפט פון די גריכן, וואָס זיי האָבן זיך פאַרלאָזט אויפן ריינעם שכל אין זייער באַשטימונג וועגן דעם גאַנג פון דער נאַטור; זיי איז ניט איינגעפאַלן אין זינען זיך ווענדן צו דער נאַטור און זען ווי אַזוי פּאַסירונגען קומען פאָר)...

און אַזוי ווי ער האָט די עמפּירישע פאַקטן פון די נאַטור־דערשיינונגען גענומען ווי זיי קומען פאָר פאַרן אויג (וואָסער איז שווערער פון לופט און פייער „ציט" זיך אַרויף), האָט ער ניט געקענט זען זיין טעות. איבער־הויפּט איז זיין אויסגאַנגס־פּונקט געווען אַזאַ, אַז ס'איז ניט געווען קיין פראַגע ווי זיי קומען פאָר, (דאָס איז פאַר אים געווען אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכע זאַך; זיי קומען פאָר ווי ער זעט אַז זיי קומען פאָר). זיין אויסגאַנגס־פּונקט איז געווען אַן עמפּירישער, ער האָט אָנגעהויבן פון דער דערפאַרונג, ווי זי שטראָמט אַריין דורך די חושים. זיין טעות איז נאָר באַשטאַנען אין דעם, וואָס ער האָט געקוקט אויף זאַכן און דערשיינונגען פונעם שטאַנדפּונקט פון פּלאַטאָנס אידייען־וועלט, וועלכע ער האָט נאַטוראַליזירט... דער שטאַנדפּונקט האָט אים נאָר געקענט פירן צו קלאַסיפיצירן זאַכן און דערשיינונגען און ניט צו פאָרשן און עקספּערימענטירן; האָט ער קלאַסיפיצירט... דאָס האָט ער געטאָן אין זיין מעטאַפיזיק, דאָס האָט ער געטאָן אין זיין לאָגיק, אין זיין ביאָלאָגיע און דאָס האָט ער געטאָן אין זיין פיזיק...

זיין „וויסנשאַפטלעכער" צוגאַנג צו דער וועלט איז געווען פאַלש דורך און דורך: „נאָכפאָלגנדיק פּלאַטאָנס לערע, האָט ער צוגעשריבן די באַווע־גונג פון זאַכן צו אַן איינגעבוירענעם אינסטינקט, וואָס פירט יעדע זאַך צו זוכן דעם אייגענעם נאַטירלעכן רו־פּלאַץ. די לערע, אַז זאַכן זיינען פאַר זיך זעלבסט שווער אָדער לייכט איז אָנגענומען געוואָרן מיט זיין איבעריקער פילאָזאָפיע פון די סכאָלאַסטיקער און טעאָלאָגן פון דער שפּעטערער מיטל־

אַלטער. אַזוי האָט זיין טויטע האַנט צוריקגעהאַלטן דעם פּאָרשריט פון וויסן ביז גאַליליי האָט (פון 1589 און ווייטער) זיך געווענדט צו אַקטועלע עקספּערימענטן, וואָס ער האָט דורכגעפירט פונעם פּיזא טורעם און האָט באַוויזן אַז, אויסער דעם אונטערשייד פונעם ווידערשטאַנד פון לופט, פאַלן שווערע און לייכטע זאַכן מיט דער זעלבער שנעלקייט און האָט צעשטערט דעם אַריסטאָטעליאַנישן באַגריף פון שווערקייט און לייכטקייט, ווי פונדאַמענטאַלע קוואַליטעטן" (זע ווהיטהאם, אַ היסטאָריע אָוו סייענס, ז. 35). עס מיינט, אַז זיין פאַלשער וויסנשאַפטלעכער שטאַנדפּונקט האָט פאַרצוימט דעם וועג פאַר דער מעגלעכקייט פאַר וויסנשאַפטלעכן פאָרשן פאַר צוויי טויזנט יאָר. דאָס איז מעגלעך געווען דערפאַר, וואָס זיין סיסטעם איז געווען אַ גאַנצע און אויסגעהאַלטענע, איז ווען מען האָט אָנגענומען זיין אויסגאַנגספּונקט, האָט אַלץ איבעריקעס געשטימט.

ווען מען נעמט אים פונעם מאָדערנעם וויסנשאַפטלעכן שטאַנדפּונקט איז זיין הויפּט־טעות געווען זיין ראַציאָנאַליזם, דאָס וואָס צוזאַמען מיט די איבעריקע גריכן, האָט ער אָנגענומען אַ שכלדיקן צוגאַנג צו די נאַטור־דערשיינונגען, אַז זיי ווערן רעגולירט פון אַ „מאָטיוו" אָדער „צוועק". ער האָט באַטראַכט די נאַטור פונעם אַנטראָפּאָלאָגישן שטאַנדפּונקט: אַזוי ווי דער מענטש האַנדלט לויט אַ פון פאָראויס אָנגענומענעם צוועק, צו וועלכן ער שטרעבט, אַזוי ווי אין די מענטשלעכע האַנדלונגען קען מען זען אַ מאָטיוו, אַזוי דאַרף מען באַטראַכטן די נאַטור־דערשיינונגען פונעם אולטימאַטיוון „צוועק" צו וועלכן זיי „שטרעבן". פאַר אים, ווי פאַר אַלע גריכישע דענקער, איז די נאַטור געווען איין גרויסער שכלדיקער אָרגאַניזם און די נאַטור־דערשיינונגען זיינען אַ מאַניפעסטאַציע פונעם וועלט־שכל...

אויך ריין פילאָזאָפיש האָט זיך דער שטאַנדפּונקט אַרויסגעוויזן פּרוכטלאָז. ספּעקולירן, אַזוי גוט ווי פאַנטאַזירן, איז ניט שעדלעך; אָבער פאַר אַ וויסנשאַפטלעכן צוגאַנג איז דער שטאַנדפּונקט געווען טויטלעך.

זיין צווייטער טעות (פונעם וויסנשאַפטלעכן שטאַנדפּונקט) איז געווען דאָס, וואָס ער האָט גענומען דעם עפּיסטאָמאָלאָגישן צוגאַנג, לויט וועלכן זאַכן ווערן גענומען ווי זיי רעגן אָן די חושים (לויט זייערע קוואַליטאַטיווע אייגנשאַפטן)—פאַר דעם וויסנשאַפטלעכן אויסגאַנגס־פּונקט אין דער באַטראַכטונג פון זייער פאַרהעלטעניש צווישן זיך. דאָס האָט אים געפירט צו קלאַסיפיצירן זאַכן לויט זייערע אייגנשאַפטן און ניט נעמען אין אָנבאַטראַכט זייער דינאַמיק ווי אַ פאַקטאָר אין דער נאַטור. אייגנטלעך איז דער טעות געווען איינער, ער איז באַשטאַנען פון אַ פאַלשן צוגאַנג צו די נאַטור־דערשיינונגען; דער טעות האָט געפירט צו אַן אַנדער ריי טעותן, וואָס קענען באַטראַכט ווערן באַזונדער פאַר זעלבסטשטענדיקע טעותן.

ווען מען טרעט צו צו אַריסטאָטעלס פילאָזאָפישן שטאַנדפּונקט, דאַרף מען נעמען אין באַטראַכט: 1) זיין אולטימאַטיווע מעטאַפיזיק, 2) זיין עפּיסטאָמאָלאָגישן באַגריף פון אוניווערסאַלן און פּאַרטיקולאַרן און 3) זיין אַלגעמיינע ווירקונג אויפן מענטשלעכן געדאַנק. מעטאַפיזיש האָט זיך אַריסטאָטעל דערטראַכט אַזוי טיף, ווי עס איז מעגלעך פאַרן פאַרשטאַנד צו דערגרייכן, און, הגם עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זיין גאַנצע חקירה

איז געווען אַ פאַלשע, קען מען נאָך אַלץ ניט זאָגן, אַז זיין מעטאַפיזישער פּרינציפּ איז געווען אַ פאַלשער; דאָס וואָס איז למעלה מן השכל קען מען ניט זאָגן, אַז עס איז פאַלש, מען קען ניט אָננעמען דעם אויסגאַנגס־פּונקט, מען קען צווייפלען אין דער „חכמה" פון דער וועלט, מען קען אָבער ניט זאָגן, אַז דער געדאַנק איז אַ פאַלשער...

נאָך אַלעמען, איז אַ קליינער אונטערשייד צווישן ווהייטהעדס „פּרינציפּ פון קאָנקרעטיזאַציע" און אַריסטאָטעלס „באַוועגלאָזן באַוועגער", דער אונ־טערשייד איז בלויז דער, וואָס ווהייטהעד נעמט אָן אַ דינאַמישן אויסגאַנגס־פּונקט, איז זיין פּרינציפּ אַ דינאַמישער. די טיפקייט פון אריסטאָטעלס מעטאַפיזיק באַשטייט ניט אינעם אמת וואָס זי אַנטהאַלט, נאָר אין דער אויסגעהאַלטנקייט פונעם געדאַנק. מען ווערט אַנטציקט פון אַריסטאָטעלס מעטאַפיזיק, ווי מען ווערט אַנטציקט פון אַ שיין בילד, אָדער אַ גוטער סימפאָניע: אין זיין מעטאַפיזיק האָט דער גריכישער געדאַנק דערגרייכט דעם העכסטן פּונקט, העכער האָט ער ניט געהאַט וואוהין צו גיין.

אַריסטאָטעלס דערקענטעניש־לערע ווערט, אויסער פון דער קאַטוי־לישער פילאָזאָפיע, פון קיינעם ניט פאַרטיידיקט: צו דער זעלבער צייט האָט ער אין דער פאַרהעלטעניש פונעם אוניווערסאַל און דעם פּאַרטיקולאַר ארויסגע־זאָגט אַ פונדאַמענטאַלן אמת. אויך דער אמת ווערט פאַרשיידנאַרטיק איג־טערפּרעטירט. אין דער דערקענטעניש־לערע איז דאָס אבער זיין וויכטיקער בייטראַג. מיט דעם פּונקט וועט זיך אויסקומען באַגעגענען שפּעטער, ווען ער דאָ מער ניט באַטראַכט ווערן.

וועגן זיין אַלגעמיינער ווירקונג וועט ציטירט ווערן לאַנגדאָן דייוויס פון זיין בוך: „מען ענד היס אוניווערס"; ער זאָגט: „קיין איין מענטש האָט קיינמאָל ניט באַאיינפלוסט די מענטשהייט אויף אַ גראַד, וואָס זאָל זיך, אין וועלכן עס איז זיך, קענען פאַרגלייכן מיט אַריסטאָטעלן, הגם ער האָט געוואָרנט קעגן דעם, ווען ער האָט געזאָגט „דאָס זיינען ניט מער ווי די ערשטע און קליינע טריט, כאָטש איך האָב זיי דורכגעטראַכט דורך שווערער אַרבעט; מען דאַרף אויף זיי קוקן ווי אויף ערשטע טריט און אורטיילן וועגן זיי מיט איינזעעניש". וואָס אַריסטאָטעל האָט אָנגערופן ערשטע טריט, איז געוואָרן דאָס לעצטע וואָרט פאַר 60 דורות. ער איז עס געווען דער, וועמענס וויסן פון דער וועלט האָט באַשטימט דער מענטשהייטס עמאַנציפּאַנעלע באַציאונג צום לעבן פאַר יאָרהונדערטער.

און הגם איצט איז קיינער ניט קיין פולקאָמענער אַריסטאָטעליאַנער, איז פונדעסטוועגן ניטאָ קיין פּונקט אינעם מאָדערנעם מענטשנס בליק, וואָס זאָל ניט זיין געפאַרבט מיט זיין איינפלוס. ווען דער געדאַנקען־גאַנג, וואָס איז אַריינגעבראַכט געוואָרן פון אַריסטאָטעלן, וואָלט קיינמאָל ניט געווען אַריינגעבראַכט געוואָרן אין דער וועלט, וואָלטן דו און איך געהאַט אַן אַנדער באַגריף וועגן גאָט, עקזיסטענץ און דעם אוניווערס... דורך אַ מאָדנעם צופאַל איז אַ רעליגיע, וואָס איז אויסגעוואַקסן אַרום דעם אינטע־רעסאַנטן פּערזאָן קריסטוס פון נאַזאַרעט, האָט אָנגענומען אַלס איר הויפּט־צוועק די ווערטער, וואָס אריסטאָטעל האָט אינספּירירט אויף אַזוי פיל, אַז פילעס פונעם גלויבן פונעם אָרטאָדאָקסישן קריסטנטום, וואָס ווערט אָנגע־נומען אַלס קריסטוסעס לערע, איז אין דער אמתן אַ רעזולטאַט פון דער

אינטעלעקטועלער הערשאַפט פון אַ פּאַגאַניסטישן גריכישן פילאָזאָף. אין קורצן: דער „מיטלאַלטערלעכער דענקען" איז פאַר מער פון טויזנט יאָר געווען פיל מער אַן אַריסטאָטעליאַנער ווי אַ „קריסטלעכער" (זז. 49־51). אויף אַזויפיל האָט אריסטאָטעל (וואָס עס מיינט נאַטירלעך דער גריכישער געדאַנק אין אלגעמיין) באַהערשט די וועלט.

לויט לאַנגדאַן־דייוויסן איז די מיטלאַלטער ניט געווען קריסטלעך, נאָר אַריסטאָטעליאַניש און פונדעסטוועגן האָט די טעאָלאָגיע געהאַט אַזאַ טיפע ווירקונג אויף דער פילאָזאָפיע, אז נאָך דער ווירקונג פונעם קריסנטום, איז זי שוין ניט געווען און איז איצט אויך ניט דאָס, וואָס זי איז געווען פארן קריסטנטום. לויט לאַנגדאַן־דייוויסן וואָלט מען געדאַרפט קענען אי־בערגיין דירעקט פון אַריסטאָטעלן צו דעקאַרטן, קען מען עס טאַקע טאָן: די מיטלאַלטער האָט קיין זאַך דירעקט ניט בייגעטראָגן צום מענטשלעכן געדאַנק, זי האָט צו אים אָבער עפּעס צוגעגעבן, וואָס האָט אים אַזוי גע־ענדערט, אַז אפילו דעקאַרט איז שוין ניט געווען דאָס וואָס ער וואָלט געוויס געווען, ווען ניט די ווירקונג פון דער רעליגיע אויפן מענטשלעכן דענקען.

די גריכן זיינען געווען ריינע מעטאַפיזיקער, זייער אינטעלעקט האָט זיך פריי באַוועגט אין די הימלען פון דער געדאַנקלעכער אַבסטראַקציע: זיי האָבן געוועבט זייערע פילאָזאָפישע סיסטעמען לויט זייער ריינעם פאַר־שטאַנד, ניט געשטערט פון קיין אויסערלעכן פאַקטאָר. אָבער שפּעטער, נאָך דער ווירקונג פון דער רעליגיע, איז צוגעקומען אַ ספּעציעלער פאַקטאָר, דער „ספּיריטועלער לעבן" וואָס געפינט זיך אין דער „טיפעניש פון דער נשמה", וועגן וועלכן רודאָלף אייקען רעדט. דער „ספּיריטועלער פאַקטאָר" איז געוואָרן דער דיקטאַטאָר, וואָס הערשט נאָך עד־היום הזה אין דער פילאָזאָפיע, דאָס האָט געפירט דערצו, אַז דער גאַנצער פילאָזאָפישער בליק אויף דערשיינונגען האָט זיך געענדערט: לויט אַריסטאָטעלן איז אויסגעקומען, אַז כדי צו דערקלערן דעם גאַנג פון דער נאַטור איז נויטיק געווען צו פּאָסטולירן אַ „באַוועגלאָזן באַוועגער", אָבער שפּעטער, זאָגט רודאָלף אייקען, איז „גאָט ניט דערקלערט געוואָרן פונעם שטאַנדפּונקט פון דער וועלט, נאָר די וועלט איז דערקלערט געוואָרן פונעם שטאַנד־פּונקט פון גאָט" (זע קען ווי סטיל ביי קריסטשנס ?, ז. 6).

דער צוגעקומענער „ספּיריטועלער פאַקטאָר" רעדט דורך העגעלן און דורך דער גאַנצער אידעאַליסטישער פילאָזאָפיע און אויך די רעאַליס־טישע פילאָזאָפיע איז ניט אינגאַנצן פריי פון אים. ווען מאָרגאַן רעדט פון אַ „הייליקן צוועק" אין דער נאַטור, רעדט אין אים ניט דער גריכישער געדאַנק, נאָר דער קריסטנטום. כדי צו דערקלערן ווי אַזוי דער „הייליקער צוועק" האָט זיך אַריינגעכאַפּט אינעם דענקען, וועט נויטיק זיין צו מאַכן עטלעכע באַמערקונגען וועגן די ענדערונגען וואָס זיינען פאָרגעקומען אין דער וועלט נאָך אַריסטאָטעלן.

# די ווירקונג פון רעליגיע אויפן מענטשלעכן גערדאַנק

פּ. ס. שילער זאָגט: „דער פּאַראַדאָקסאַלער כאַראַקטער פונעם גריכישן געניוס ציַיגט זיך אַרויס פון דעם גאַנג פונעם גריכישן געדאַנק. ביי די גריכן האָט די אַנטוויקלונג פון דעם דענקען אָנגענומען אַ פאַרקערטע ריכטונג פון דער, וואָס זי האָט אָנגענומען ביי אַנדערע פעלקער. ווי ס׳קוקט אויס, הויבט זי זיך ביי זיי אָן פון דאָרטן, וואו זי ענדיקט זיך ביי אַנדערע און זי ענדיקט זיך דאָרטן, וואו אַנדערע הויבן אָן. אין אַלגעמיין איז די באַוועגונג פונעם גריכישן געדאַנק געווען פון וויסנשאַפט צו טעאָלאָגיע, צו זיין מער פינקטלעך, צו טעאָסאָפיע (די לערע וועגן גאָט), ווען ביי אַנדערע פעלקער האָט זיך דער פּראָצעס פון דענקען אָנגעהויבן פון דער טעאָלאָגיע און האָט דורכגעבראָכן אַ וועג צו דער וויסנשאַפט... דער פאַקט וואָס די גריכישע וויסנשאַפטלעכע פילאָזאָפיע האָט זיך אַנטוויקלט אינגאַנצן פריי פון טעאָלאָגיע איז אַן אויסנאַמס־דערשיינונג... אפילו פונעם פּסיכאָלאָגישן שטאַנדפּונקט איז דאָס ניט קיין נאַטירלעכע דערשיינונג: די נאַטירלעכע אַנטוויקלונג פון אַ פּאָליטעאיסטישער רעליגיע (פיל געטער), ווען זי ווערט געענדערט דורך דעם רעפלעקטיוון דענקען, פירט זי ניט צו וויסנשאַפט, נאָר צו פילאָזאָפישן פּאַנטעאיזם (אַלץ איז געטלעך). דער אינטערעס צום פּראָבלעם פון לעבן אַנטשטייט אין אַ רעליגיעזער אַטמאָספערע, איז נאַטירלעך אַז די ענטפערס זאָלן זיין אין באַקאַנטע רעליגיעזע טערמינען. ספּעציעל, ווען אַזוינע ענטפערס קוקן אויס אײנפאַך און שטעלן פולקאָמען צופרידן... פּאַנטעאיזם איז ניט נאָר אַ לייכטער ענטפער, נאָר אויך אַן איינגענומענער ענטפער. ער שטעלט, ווי ס׳קוקט אויס, צופרידן אַלע מענטשלעכע ספּיריטועלע נויטן אין די פאַרשיידענע גראַדן פון זיין אַנטוויקלונג. פולשטענדיק שטעלט ער אָבער צופרידן איין בענקעניש פון, פיליכט, די מערסטע דענקענדע נשמות. דער וואָס שטעלט זיך פאָר אַז רעליגיע איז ניט מער ווי אַן עמאָציאָנעלע צופרידנשטעלונג מיט דער איינהייט פונעם אוניווערס, וועט ניט נאָר צופרידן זיין מיטן פּאַנטעאיזם, נאָר ער וועט נאָך קריגן די גרעסטע גליקזעליקייט אין דער אָפּשאַפונג פון די אונטערשיידן... דאָס איז די אורזאַך פאַרוואָס דער פּאַנטעאיזם האָט אַ פאָראורטייל קעגן דער וויסנשאַפט. גריכנלאַנד איז געווען צוגעפּאַסט צו ווערן דאָס געבורט־פּלאַץ פון דער וויסנשאַפט אַ דאַנק די גליקלעכע באַדינגונגען וואָס נאָר דאָרטן האָט זיך דער פילאָזאָפישער פּאַנטעאיזם צו שפּעט אַנטוויקלט אַז ער זאָל קענען פאַרניכטן די זאָמען־קערנדלעך פונעם וויסנשאַפטלעכן פּראָגרעס" (זע סטודיעס אין יומאַניזם, זז. 25־27).

שילער ווייזט אָן אויפן אויסנאַם אין דער אַנטוויקלונג פונעם גריכישן געדאַנק, וואָס פון דעם פרימיטיוון באַגריף פון פיל געטער איז ער איבער־געגאַנגען צו אַ פרייעם פילאָזאָפישן דענקען און ניט צו אַ פּאַנטעאיזם, וואָס נעמט אָן אַז אַלץ איז געטלעך און בלייבט שטיין דערביי דערפאַר, וואָס דער פּאַנטעאיזם שטעלט צופרידן די „ספּיריטועלע נויטן" דערמיט, וואָס ער גיט „גליקזעליקייט דורך דער אָפּשאַפונג פון אונטערשיידן". אויב ריכטיק פאַרשטאַנען, האָט שילער אין זינען דעם אָריענטאַלן מיסטיציזם, וואָס איז „פּאַנטעאיסטיש" און וואָס שטעלט זיי אויף אַזויפיל צופרידן, אַז ער פּאַראַ־ליזירט זייער דענקען. אָבער פאַר דער גריכישער רעליגיע זאָגט פאַלער „האָט דער אוניווערס אויסגעקוקט און האָט זיך באַנומען ווי ער זאָל באַשטיין פון אַ פאַרגרעסערטער שטאָט. מענטשן און זאַכן זיינען גלייך בירגער אין איר, זיי זיינען גלייך פאַרן געזעץ. די געטער זיינען די אַריסטאָקראַטן און די מענטשן זיינען דער פשוטער עולם פון דער געזעלשאַפט. די נאַטור האָט פאַר זיי אויסגעקוקט ווי אַ פּאָליטישע געזעלשאַפט... זייערע געטער זיינען געווען אַ טייל פון זייער סביבה. זיי האָבן צוגעשריבן צו זיי (צו די געטער) מענטשלעכע ליידנשאַפטן, געפילן און אינטערעסן. דער דאָזיקער צוזאַמענ־לעבן האָט די גריכן אַריינגעבראַכט אין אַ פריינטלעכער באַציאונג מיטן אוניווערס און מיט די געטער... דער גריך וואָלט ניט פאַרשטאַנען און וואָלט עס געהאַלטן פאַר באַרבאַריש, ווען מען זאָגט אים, אַז ער קען ניט זען גאָטס פּנים און בלייבן לעבן... ער האָט זיך געפילט היימלעך און גלייך מיט זיינע געטער" (זע היסטאָריע אָוו גריק פילאָסאָפיע, זז.30־31).

דאָס איז געווען דער אַלגעמיינער גריכישער בליק. פילאָזאָפן זיינען נאָך געגאַנגען ווייטער: קסענאָפאַן האָט געזאָגט: „עס זיינען עס די מענטשן וואָס האָבן געשאַפן די געטער, אין די לעצטע האָבן זיי נאָכאַמאָל געפונען זייער אויסזען, געפילן און זייער שפּראַך. דער נעגער דענקט, אַז זיי האָבן אַ פלאַכע און שוואַרצע נאָז און דער טראַצינער — אַז זיי זיינען ווייסע מיט בלויע אויגן. ווען אָקסן וואָלטן געקענט אויסקלייבן, וואָלטן זיי געגעבן זייערע געטער אַן אָקסן־אויסזען"...

דער סאָפיסט פּראָטאַגאָרעס האָט דערקלערט: „ס'איז ניט מיין עסק צו פאַרשן צי געטער עקזיסטירן, אָדער עקזיסטירן ניט; אַ סך זאַכן שטייען מיר אין וועג, ספּעציעל די אומקלאָרקייט פונעם קעגנשטאַנד און די קורצקייט פונעם מענטשלעכן לעבן" (זע ראַדהאַקרישנען די ריין אָוו רעלידזשען אין קאָנטעמפּאָרערי פילאָסאָפיע, ז. 8). ווען מען קען ריידן אַזוי פריי וועגן די געטער, קען מען אויך דענקען און שאַפן פריי.

די גריכישע פילאָזאָפיע איז געווען אַ רעזולטאַט פון אַ פרייען גייסט, וואָס איז אין זיין פאָרשן ניט געווען געשטערט פון קיינע אויסערלעכע פאַקטאָרן... פרעגט מען אָבער אָפּט: ווי קומט עס וואָס אַט דער פרייער ספּעקולאַטיווער גייסט איז מיטאַמאָל אָפּגעהאַקט געוואָרן מיט אריסטאָטעלן? וואָס נאָך אים איז ניט געקומען קיין אנדער דענקער, וואָס זאָל זיך קענען פאַר־גלייכן מיט אים, אָדער מיט פּלאַטאָנען? מ'פּרואווט עס דערקלערן דערמיט, וואָס ער איז געווען דאָס העכסטע, וואָס דער גריכישער גייסט האָט געקענט

אַרויסברענגען, האָט ער נאָך אים אָנגעהויבן גיין אויף צוריק און איז מיט דער צייט איינגעאָנצן דעגענערירט געוואָרן.

די דאָזיקע דערקלערונג איז אי ניט צופרידנשטעלנד, אי ניט נויטיק: ווען מען זאָל אפילו אָננעמען אַז די גייסטיקע כוחות פון אַ פאָלק זיינען באַגרענעצט, אַז זיי שעפּן זיך מיט דער צייט אויס, אַ געדאַנק וואָס מען איז ניט געצוואונגען אָנצונעמען, איז וואָס אָנבאַלאַנגט די גריכן די דערקלערונג אינגאַנצן ניט נויטיק, ס'איז פאַראַן אַ מער דירעקטע אורזאַך, אַ מער פּאָזיטיווער פאַקטאָר. דער גריכישער ספּעקולאַטיווער געדאַנק איז אונטערגעגאַנגען דערפאַר, וואָס דאָס גריכישע פאָלק איז אונטערגעגאַנגען... נאָכדעם ווי די גריכן האָבן פאַרלוירן זייער זעלבסטשטענדיקייט, האָבן זיי געהאַט מער דרינגנדע פראַגן פון אַבסטראַקטע פילאָזאָפישע ספּעקולאַציעס. אַלעקסאַנדער האָט געעפנט דעם וועג צו אַזיע, א סך גריכן האָבן אויסגעוואַנדערט אַהין און אין די גריכישע שטעט האָט אַריינגעוואַנדערט אַ פרעמדער עלעמענט, וואָס האָט געהאַט אַן אַנדער בליק אויפן לעבן און אַן אַנדער אינטערעס אין דעם לעבן. ווען זיי האָבן פאַרלוירן זייער פרייהייט און אַ נייער עלעמענט מיט נייע נייגונגען איז צוגעקומען, האָבן זיי געקראָגן נייע זאָרגן און נייע אינטערעסן. די גריכישע פילאָזאָפיע האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַ לערע וועגן דער וועלט (קאָסמאָלאָגיע), זי האָט זיך דערהויבן צו אַ מעטאַפיזיק (אַ לערע וועגן דער רעאַליטעט) און האָט אָנגעוויזן אויף דעם פּראָבלעם פון דער דערקענטעניש: אַ דאַנק דעם אַלעמען איז זי געוואָרן דער באַזיס פונעם פרייען דענקען. מענטשן האָבן אָבער אויך נעענטערע פּראָבלעמען פון אַבסטראַקט מעטאַפיזישע, אויך וועגן די לעצטע האָבן די גריכן געטראַכט. אמת, זיי האָבן זיך ניט איבערגעגעבן צו קיין אינטראָספּעקטיוון אַנאַליז, זיי האָבן זיך ניט באַשעפטיקט מיט דער מענטשלעכער פּערזענלעכקייט; זיי האָבן באַטראַכט דעם מענטשן ווי אַ טייל פון דער נאַטור און זיינע ספּעציפישע פּראָבלעמען האָבן זיי גענומען אַלס טייל פון די אַלגעמיינע נאַטור־פּראָבלעמען. פּלאַטאָן האָט אפילו פּאָסטולירט דעם „סומום באָנום" (דאָס העכסטע גוט) פאַר דעם פונדאַמענטאַלסטן אין דער נאַטור. פונדעסטוועגן האָט אויך דער מענטש מיט זיינע פּראָבלעמען פון צייט צו צייט גערעגט זייער פאַרשטאַנד.

אויך וועגן זיינע פּערזענלעכע פּראָבלעמען האָבן זיך שוין די ערשטע גריכישע דענקער פאַרטראַכט. ווי אַזוי מען זאָל ניט קוקן אויף די סאָפיסטן, צי מען זאָל זיי נעמען לויט ווי פּלאַטאָן שטעלט זיי פאָר ווי לערער, וואָס גרייטן צו זייערע תלמידים צו געווינען אַ דעבאַטע, ניט רעכענענדיק זיך מיט קיינע אמתן, אָדער מען זאָל זיי אָננעמען פאַר פילאָזאָפן, וואָס זיינען געווען די ערשטע וואָס האָבן אָנגענומען אַז דער מענטש „ברענגט זיין אייגענע מאָס אין דער באַטראַכטונג פון דערשיינונגען", ווי שילער דענקט, איז אין דער איצטיקער פאַרבינדונג ניט קיין אונטערשייד: וויכטיק איז דער פאַקט, וואָס זיי האָבן אויפמערקזאַם געמאַכט אויף דעם מענטשן מיט זיינע פּראָבלעמען. דאָס האָט אַרויסגעבראַכט סאָקראַטעסן מיט זיין אַנאַליז פון באַגריפן און זיין דעפיניציע פון ווערטן.

אין דער געשיכטע פון דער פילאָזאָפיע גייט מען געוויינטלעך איבער פון סאָקראַטעסן צו פּלאַטאָנען און אַריסטאָטעלן; דאָס איז ריכטיק, ווען מען איז פאַראינטערעסירט אין די הויפּט־שטרעמונגען פון דעם פילאָזאָפישן

געדאַנק פון דעם מעטאַפיזישן שטאַנדפונקט. זיי זיינען געווען די וויכטיקסטע דענקער, וואָס גריכנלאַנד האָט אַרויסגעבראַכט; זיי זיינען אָבער ניט געווען די איינציקע דענקער פון יענער צייט און פלאַטאָן איז ניט געווען דער איינציקער נאָכפאָלגער פון סאָקראַטעסן. צווישן זיינע תלמידים און נאָכפאָלגער זיינען געווען אריסטיפוס, דער פאָרלויפער פון עפיקורן, און אַנטיסטענוס, דער פאָרלויפער פון די ציניקער און סטאָאיקער (זע על. מור העלעניס. פילאָסאָפיע). די דאָזיקע תלמידים זיינען געווען אויך אַזויפיל נאָכפאָלגער פון סאָקראַטעסן ווי פלאַטאָן, אויב ניט מער פון אים... מען דאַרף ניט פאַרגעסן אַז נאָך אַלעמען איז סאָקראַט ניט געווען קיין מעטאַפיזיקער, נאָר אַ לערער פון מאָראַל, אַ דעפינירער פון עטישע באַגריפן און דאָס זיינען אויך געווען זיינע נאָר וואָס דערמאָנטע צוויי תלמידים.

אמת, סאָקראַט איז געווען אַ געזעצלעך קינד פונעם גריכישן אינטעלעקטואַליזם; ער האָט געדענקט אַז עטיק איז בלויז אַ פּראָבלעם פון וויסן, ס'איז אַ פראַגע פון דערגרונטעווען זיך צו אינטעלעקטועלע דעפיניציעס; דאָס גוטע איז דאָס רעאַל אמתע... און דערפאַר טאַקע קען פלאַטאָן אָנגערופן ווערן זיינער א נאָכפאָלגער: האָט ער דאָך אויך פּאָסטולירט דעם „סומום באָנום” (דאָס העכסטע גוט) אַלס דאָס פונדאַמענטאַל רעאַלע אין דער נאַטור, אָדער הינטער דער נאַטור (די אידייע פון גוט איז גאָט). דאָס איז אָבער ניט געווען די איינציקע ליניע, וואָס האָט זיך געצויגן פון סאָקראַטעסן, ס'זיינען אויך געווען אַנדערע ליניעס, וואָס האָבן געפירט אין אַנדערע ריכטונגען.

אין דער גאָלדענער עפּאָכע פון גריכישער אומאָפּהענגיקייט האָבן געהערשט די מעטאַפיזיקער, פלאַטאָן און אַריסטאָטעל. דער ערשטער האָט געגרינדעט די אַקאַדעמיע און דער צווייטער דעם ליצייאום (פאַראַפּאַטעטישע שול). ביידע שולן האָבן עקזיסטירט יאָר הונדערטער נאָך זיי.

אָבער שפּעטער, ווען די גריכן האָבן פאַרלאָרן זייער זעלבסטשטענדיקייט און פרייהייט, זיינען אַ היפּש ביסל פון זיי צעשפּרייט געוואָרן אין פאָדער־אַזיע און אין מצרים אַ דאַנק אַלעקסאַנדערס מלחמות און אַ דאַנק דער געעפנטער וועלט נאָך די מלחמות. א דאַנק אָט דער ענדערונג איז זיי שוין קיין מעטאַפיזיק אין קאָפּ ניט געלעגן: מער דירעקטע און אוממיטלבאַרע פּראָבלעמען האָבן פאַרנומען דעם פּלאַץ פון די אַבסטראַקטע ספּעקולאַציעס... דער מענטש זעלבסט מיט זיינע ליידן און פריידן, מיט זיינע האָפענונגען און שטרעבונגען האָט פאַרנומען דאָס פּלאַץ. אין די געענדערטע באַדינגונגען זיינען עפיקור און זענע (דער גרינדער פון סטויאיציזם איז אפילו ניט געווען קיין גריך, נאָר אַ פעניציער, אַ סעמיט...) געוואָרן די אמתע נביאים פון דער נייער צייט.

זיי האָבן איבערגעטראָגן דעם שווערפּונקט פון דער וועלט אויפן מענטשן און האָבן זיך באַשעפטיקט מיט זיין גורל אין דער וועלט. אָט וואָס הענרי אָסבאָרן טיילאָר זאָגט וועגן יענער צייט: „זיי (די גריכן) האָבן מער ניט געהאַט קיין געזעלשאַפטלעכע פליכטן אויסצופילן און אויך ניט קיין געזעלשאַפטלעכן גייסט, אָדער נייגונג, פאַרוואָס זאָלן זיי זיך ניט באַשעפטיקן מיט קיין אייגענעם פאַרגעניגן? פילע האָבן עס געטאָן. אָבער די וואָס האָבן געהאַט אַ ברייטערן בליק האָבן זיך דערמיט ניט צופרידנגע־

שטעלט. פילנדיק זיך אוממעכטיק קעגן דעם לעבן ארום זיך, האָבן זיי געזוכט אַזאַ וויסן, וואָס זאָל געבן די זיכערסטע רעגעלן פאַרן אייגענעם אויפפיר. אַזוי זיינען פילאָזאָפיעס געוואָרן פּראַקטישע סיסטעמען און די דענקער האָבן אויסגעפילט דעם פּלאַץ פון רעליגיע און פאַרנומען דעם פּלאַץ פון דער עטיק, וואָס די געזעלשאַפטלעכע מיינונג האָט סאַנקציאָנירט. און אַזוי ווי זיי האָבן ניט געהאַט קיין פאָרמען פון געבעט און קיין פאַרגעטערונג, זיינען סטויאיציזם און עפּיקורעאיזם ניט געוואָרן קיין רעליגיעס, זיי זיינען געוואָרן פילאָזאָפישע רעליגיעס" (זע אָנשיענט אַידיעלס, זז. 370־371, באַנד 1). אַזוי זיינען ביסלעכוויז פילאָזאָפישע לערעס פאַרוואַנדלט געוואָרן פריער אין געזעלשאפטלעכע באַוועגונגען און דערנאָכדעם אין האַלב־רעליגיעזע אינסטיטוציעס. און הגם סטויאיציזם און עפּיקורעאיזם זיינען געווען קעגנגעזעצטע לערעס: איינע האָט געפּריידיקט צוריקגעהאַלטנקייט אַלס טוגנט און די צווייטע — דעם פּערזענלעכן פאַרגעניגן, האָבןביידע געפירט צו אַ ריטואַל... דער סטויאיציזם האָט אָבער געהאַט אַ מער דויערנדע און שטאַרקערע ווירקונג: ער האָט אין זיך געהאַט מער פונעם רעליגיעזן מאָמענט און איז געווען מער אין איינקלאַנג מיט די אַרומיקע ווירקונגען.

אלעקסאנדער האָט ניט בלויז פאַרניכטעט די אומאָפּהענגיקייט פון די גריכן (פּאַקטיש האָט עס שוין זיין פאָטער געטאָן), און האָט צעשטערט אַלע נאַציאָנאַלע און קולטורעלע גרענעצן, ער האָט אויך געשאַפן אַ נייעם קולטור־צענטער אין דער וועלט־שטאָט, וואָס ער האָט אויפגעבויט — אלעקסאנדריע, אין מצרים. אין דער וועלט־שטאָט האָבן זיך באַגעגנט די דריי הערשנדע קולטורן פון יענער צייט, די גריכישע, די אידישע און די כאלדעאישע — די אַזיאַטיש־מיסטישע. ארום דער צוזאַמענשמעלצונג פון די דאָזיקע קולטורן איז געשאַפן געוואָרן א נייע וויסנשאַפט, א פילאָזאָפיע און ענדלעך א רעליגיע; דאָס קריסטנטום.

די וויסנשאַפט, וואָס איז אַנטשטאַנען אין אַלעקסאַנדריע און האָט געבליט פאַר דריי הונדערט יאָר, איז ניט געווען פונעם גריכישן טיפּ, אַ סינטעטיש־פילאָזאָפישע, וואו מען האָט ספּעקולירט וועגן פאַקטן און ניט זיי אַנאַליזירט, נאָר אַן ענלעכע צו דער מאָדערנער וויסנשאַפט, אַן עמפּיריש־אַנאַליטישע — מען האָט שטודירט און אַנאַליזירט די פאַקטן גופא. אָבער, הגם מען איז באַקאַנט מיט פיל אויפטואונגען פון יענער צייט, ווי, צום ביישפּיל, אַרכימעדס פיזיק, יוקלידס געאָמעטריע, פּטאלאמייעס און אַריסטאַרכעסעס אַסטראָנאָמיע און יוראפאליס מעדיצין, זיינען די רעזולטאַטן פון דער אלגעמיינער פאָרשונג פון יענער צייט ניט באַוואוסט, און די וויסנשאַפט האָט אויף דער וועלט ניט געהאַט קיין ווירקונג אַ דאַנק דער פאַרניכטנדער אַרבעט פונעם רעליגיעזן פאַנאַטיזם, וואָס האָט שפּעטער באַהערשט די וועלט און האָט עס אַלץ פאַרניכטעט. די דאָזיקע וויסנשאפט קען דערייבער אינגאנצן אויסגעלאָזט ווערן פון דער אָפּהאַנדלונג.

עס איז שווער זיך פאָרצושטעלן ווי אַזוי דער סטויאיציזם האָט געקענט דינען פאַר אַ רעליגיע, ווען ער האָט ניט געהאַט קיין טעאָלאָגישן גאָט און האָט ניט געהאַט קיין סיסטעם פון געבעט; אָבער היות ער איז געווען באַזירט אויף הערואקליטוסעס „טונקעלער" פילאָזאָפיע פון אַ וועלט־שכל (לאגוס) און האָט געהאַט אַ נאָבעלן אינהאַלט, ווי די צוריקהאַלטונג פון פאַרגעניגנס,

האָט ער אַמווייניקסטנס געהאַט די טוגנט וואָס מען שרייבט צו צו רעליגיע. אָבער אז עפּיקורעאיזם זאָל ווערן אַ רעליגיע איז שוין גאָרניט פאַרשטענדלעך: אַ לערע וואָס האָט אָנגענומען דעמאָקריטוסעס מאַטעריאַליזם פאַר אַן אויסגאַנגס־פּונקט, וואָס האָט געלייקנט אין דער מעגלעכקייט פון אַ פאַרבינדונג פון אַן אויסערלעכער קראַפט מיטן מענטשן און מיט זיין גורל אויף דער ערד (עפּיקור האָט געדענקט, אַז אויב עס זיינען פאַראַן געטער מוזן זיי זיך געפינען אין „צווישן רוים", קענען זיי ניט ווירקן אויף די וואָס געפינען זיך אין רוים), אַ לערע, וואָס האָט אָנגענומען אַז פאַרגעניגנס (זאָל זיין ניט קיין וואולגאַרע) זיינען דאָס וויכטיקסטע אין לעבן, אַז אַזאַ לערע זאָל פאַרשפּרייט ווערן ווי אַ געזעלשאַפטלעכע רעליגיע (זע ל. ראַבין, גריק טאָט, ז. 324) איז אינגאַנצן ניט פאַרשטענדלעך. עס האָט געמוזט הערשן אַ גייסטיקע פּוסטקייט, אַ פולשטענדיקע אינהאַלטסלאָזיקייט אינעם געזעלשאַפטלעכן לעבן, אַז עפּיקורעאיזם זאָל זיך פאַרשפּרייטן ווי אַ רעליגיע.

ווי עס ווייזט אויס, האָבן אַלעקסאַנדערס מלחמות אַריינגעבראַכט אַ כאַאָס אין די מוחות פון די מענטשן פון יענער צייט. ניט נאָר האָט ער פיזיש צעשטערט גריכנלאַנד, נאָר אויך גייסטיק. ווען די גריכן האָבן געוואוינט אין זייערע אייגענע שטעט, זיינען זיי געווען אַ גייסטיקע מאַכט, ווען אָבער זיי האָבן זיך צעשפּרייט איבער אַלקעסאַנדערס גרויסער אימפּעריע, האָבען זיי נאָר געקענט האָבן אַן אויסערלעכע ווירקונג אויף דער סביבה, ווי אַריינפירן אין איר זייער שפּראַך און מנהגים, אָבער זי ניט ענדערן. און אויך פאַר דעם האָבן זיי טייער באַצאָלט, זיי האָבן אויף דעם לאַנגן און ברייטן וועג פאַרלוירן זייער קולטור... זיי האָבן ניט נאָר געגעבן, נאָר אויך גענומען און דאָס „גענומענע" האָט פאַרניכטעט זייער קולטור... זאָגט ל. ראַבין אַז אַ דאַנק דעם צוזאַמענמישן זיך האָט „די נאַטירלעכע ראַציאָנאַליטעט פונעם גריכישן גייסט מער און מער אָפּגעטראָטן דעם פּלאַץ פאַרן אַריינדרינגנדן אָריענטאַלישן מיסטיציזם" (דאָרטן, 361).

דריי פאַקטאָרן האָבן געווירקט, אַז די גריכישע קולטור זאָל אונטערגיין: 1) דער אָריענטאַלישער מיסטיציזם, 2) די פאַרשפּרייטונג פון דער רוימישער הערשאַפט און 3) די אַנטוויקלונג פונעם קריסטנטום. די גריכן זיינען געווען ראַציאָנאַליסטן; זיי האָבן געהאַט פאַרשיידענע מיינונגען און אָנזיכטן, זייער פאַרטיידיקונג פון די מיינונגען און אָנזיכטן איז אַלעמאָל געווען אַ לאָגישע. די באַוויזן האָבן געדאַרפט אַפּעלירן צום פאַרשטאַנד. אַנדערש זיינען געווען (און זיינען נאָך איצט אויך) די אָריענטאַלן, ביי זיי האָט געהערשט די פאַנטאַזיע, צו זיי האָט אַפּעלירט דאָס מיסטישע, דאָס „סודותדיקע" אין דער נאַטור. ווען די גריכן האָבן זיך צוזאַמענגעמישט מיט זיי, האָבן די גריכן טאַקע אַריינגעבראַכט זייער שפּראַך און מנהגים, אָבער עס האָט ניט גענומען לאַנג פאַר זיי איבערצונעמען דעם מיסטישן אַרט דענקען צוזאַמען מיט פאַרשיידענע אָבערגלויבנס. אָט וואָס ווהיטהאם זאָגט וועגן יענער צייט: „גלייך נאָך אַלעקסאַנדערן האָבן אָריענטאַלע אידייעס זיך גענומען פאַרשפּרייטן. דינען צו שטערן האָט זיך גענומען פאַרשפּרייטן פון בבל. די פּלאַנעטן, האָט מען געגלויבט, באַשטימען די מענטשלעכע האַנדלונגען; דעם מענטשנס נשמה באַשטייט פון אַ פונק פונעם ברענענדן פייער

פון די שטערן: דערפאַר פאַטאַליזם, וואָס הערשט איבער די שטערן, די געטער און דעם מענטשן (קארמא).

כדי אויסצומיידן דאָס פאַטאַלע האָט מען זיך געווענדט צו כישוף, צו מיסטישער רעליגיע און צו גנאָסטיציזם (אַ לערע אַז גאָט האָט געגעבן אַ שליסל צום אוניווערס,' ווען מען האָט אים קען מען באַפרייען די נשמה פונעם פאַטאַלן) כישוף און אַסטראָלאָגיע (אַ „לערע" וועגן די שטערן, דורך וועלכער מען קען קאָנטראָלירן די נאַטור, די שטערן און די געטער) האָבן זיך איבעראַל פאַרשפרייט. מיט דער הילף פון צערעמאָניעס האָט מען זיך גע־זוכט צו פאַראייניקן מיט גאָט דעם אויסלייזער, וואָס איז געשטאָרבן און איז צוריק לעבעדיק געוואָרן און אַזוי אַרום געראַטעוועט צו ווערן פון דעם פאַ־טאַלן" (זע ווהיטהאם, אַ היסטאָריע אָוו סייענס, ז. 42).

געוויינטלעך זאָגט מען די גריכישע און רוימישע קולטור, פאַקטיש האָט עס אָבער אַ זינען, ווי מען זאָל זאָגן די ליכט, וואָס מען קריגט פון דער זון און פון דער לבנה... ווי זאָגט א געשיכטע־שרייבער: „די רוימישע קולטור איז באַשטאַנען פון אַזעלכע ווידערקולן פונעם גריכישן אינטעלעקטועלן לעבן, וואָס אימפּעריע־בויער האָבן געוואָלט הערן, האָבן געקענט פאַרדייען און ווידערהאָלן".

וועגן די רוימער אַליין זאָגט אַ צווייטער געשיכטע־שרייבער, אַז „דער מערקווירדיקסטער פאַקט אין דער היסטאָריע פון דער וויסנשאַפט, איז די פולשטענדיקע אָפּוועזנהייט פון וועלכן עס איז באַוויז אַז די רוימער, אָדער די פעלקער, וואָס זיי האָבן איינגעשלונגען, זאָלן געווען האָבן וועלכן עס איז אינטערעס אין וויסנשאַפט, אָדער אין וויסנשאַפטלעכער פאָרשונג. די אַלעק־סאַנדריער וויסנשאַפט, וואָס האָט פריער געבליט, האָט אָנגעהויבן פאַרדאַרט ווערן און אַלץ מער צעפאַלן ווערן, ווען די שטאָט איז אונטערגעפאַלן אונטער דער רוימישער הערשאַפט... עס איז אַן אַרויסגעוואָרפענע אַרבעט צו זוכן אין רוים וויסנשאַפטסלייט, אָדער פילאָזאָפן פון אַזאַ אָריגינאַליטעט און הויך ווי אַריסטאָטעל, אָדער פלאַטאָן; פאַר אַסטראָנאָמען ווי אריסטארקוס און פטאלאמעי; פאַר מאַטעמאַטיקער און דערפינדער ווי יוקליד און ארכימעדוס; פאַר נאַטור־פילאָזאָפן ווי דעמאקריטוס; פאַר אָריגינעלע מעדיצינער ווי היפאָקראַטוס: ווייל גאַלען איז ניט געווען קיין רוימער, ניט לויט זיין געבורט און ניט לויט זיין בילדונג" (סעדזשוויק און טיילאָר, אַ שאָרט היסטאָריע אָוו סייענס, זז. 141־142). און אַ דריטער זאָגט: „וויסנשאַפט פאַר זיך האָט די רוימער ניט אינטערעסירט; פרייוויליק און זעלבסטשטענדיק האָבן זיי ניט קולטיווירט קיין וויסנשאַפט, אָדער פילאָזאָפיע. ניט נאָר זיינען זיי געווען גלייכגילטיק צו זיי, נאָר זיי האָבן פאַראַכטעט ריינע וויסנשאַפט... עס איז קיינמאָל ניט געווען און עס האָט אויך ניט געקענט זיין קיין וויסנשאַפט־לעכער קרייז אין רוים" (זע א. גרעניער, די ראָמאַן ספּיריט, אריינפיר).

צעשטערער זיינען זיי אָבער געווען גרויסע; מען קען זיך ניט אָפּשטעלן אָנצייגן אויף דער אַלגעמיינער „צוגרייטונגס"־אַרבעט, וואָס זיי האָבן אויפגעטאָן פאַרן קריסטנטום, עס וואָלט צו ווייט פאַרפירט פונעם צענטראַלן געדאַנק: די ענדערונג אינעם דענקען. מען וועט זיך מוזן באַנוגענען מיט אַ פּאָר אויסצוגן, וואָס וועלן אָנדייטן אין וואָס, די „צוגרייטונג" איז באַ־שטאַנען...

זאָגט דרייפּער: „רוים האָט קיינמאָל ניט באַטראַכט דעם מענטשן פאַר א מענטשן, נאָר ווי אַ זאַך. איר פּאָליטישע גרויסקייט האָט זי דערוואָרבן ניט רעכנענדיק זיך מיט מענטשלעכע ליידן... באַזיגן און בארויבן איז געווען דער אויסשליסלעכער צוועק פון אירע האַנדלונגען; זיי האָבן ביי איר צוגע־נומען די מעגלעכקייט צו פאַרשטיין אַזאַ זאַך ווי גלייכע רעכט פון אַלע מענטשן פאַרן געזעץ אפילו אין דער צייט, ווען זי האָט זיך געפונען אויף דער העכסטער שטופע פון איר אינטעלעקטועלער אַנטוויקלונג" (זע אינ־טעלעק. דעוועלאָפּמענט אָוו יוראָפּ, באַנד 1, זז. 267־268).

און בראַדיער זאָגט: „פונעם אָנהויב פון איר היסטאָריע האָט רוים ניט געהאַט קיין איין יאָר, וואָס זי זאָל ניט געווען פירן קיין מלחמה. דער אָנהויב איז געווען דער קאַמף פאַר עקזיסטענץ, נאָכדעם האָבן זיי געפירט מלחמות כדי צו פאַרגרעסערן די גרענעצן און געענדיקט האָט זיך מיט מלחמות כדי צו רויבן... מאַריעס אַרמיי איז ניט באַשטאַנען פון קיין קעמפער פאַר א לאַנד, אָדער פאַר אַ היים. דאָס זיינען געווען היימלאָזע מענטשן אָן וועלכן עס איז אינטערעס, אָדער שייכות צו אַ לאַנד. זיי האָבן געקעמפט כדי צו רויבן. א טייל פון די מענטשן פון די איינגענומענע מדינות האָבן זיי פאַר־קויפט פאַר שקלאַפן, האָט די בילִיקייט פון שקלאַפן (אַ שקלאַף האָט אָפט געקאָסט וויניקער פון איין דאָלער) געפירט דערצו, אַז די רוימער האָבן באַשטימט, אַז ס'לוינט זיך בעסער צווינגען די שקלאַפן צו ארבעטן אזוי שווער, ביז זיי וועלן פאַלן אונטערן לאַסט פון דער אַרבעט, וועט מען קויפן אַנדערע שקלאַפן, איידער זיי מילד באַהאַנדלען כדי זיי זאָלן לעבען לענגער" (זע די פּעדזשענס אָוו סיוויליזיישאָן, זז. 314־318).

ווען מ'גיט נאָך צו דעם פאַקט, אַז די גאַנצע דערציערישע סיסטעם איז גע־ווען אַ באַרבאַרישע, מ'האָט דערצויגן די יוגנט צו זיין סאָלדאַטן און ניט מורא צו האָבן פאַרן טויט. כדי דאָס צו דערגרייכן, האָט מען פון די גלאַדיאַטאָ־רישע שפּילן (אין איין „שפּיל" זיינען געטויטעט געוואָרן 5000 מענטשן. (זע דאָרטן, ז. 454) געמאַכט א נאַציאָנאַלע „צייט־פאַרטרייב". קען מען זיך פאָר־שטעלן, אַז קיין ווייכהערציקע מענטשן זיינען די רוימער ניט געווען, די באַפעלקערונג האָט קיין האָניק ניט געלעקט: „ מען האָט ראַבירט די גאַנצע אימפּעריע און זי געפירט צום אָפּגרונט, כדי טויזנט מענטשן זאָלן האָבן דעם גאַנצן לוקסוס פון דער וועלט" (דאָרטן).

געוויס וואָלט זיין פאַלש צו ציען אַ שלוס, אַז רוים האָט ניט צוגעטראָגן קיין ביייטראַג צו דער ציוויליזאַציע, זי האָט אויך געהאַט פּאָזיטיווע מאָ־מענטן, אָבער אין דער פאַרבינדונג איז וויכטיק דער „ביייטראַג", וואָס האָט געפירט צו דער ענדערונג פון דער וועלט. די אַנדערע ביייטראַגן ליגן אויסער די גרענעצן פון דער ארבעט. רוים האָט צעאַקערט דאָס פעלד פאַרן קריסטנטום און ער איז געקומען און האָט געזייט...

דער קריסטנטום וועט נאָר אויף אַזויפיל באַרירט ווערן, אויף וויפיל ער האָט אַריינגעפירט אַן ענדערונג אינעם דענקען, אויף וויפיל ער האָט געווירקט אַז טעאָלאָגיע זאָל ווערן אַ טייל פון דער פילאָזאָפיע ביז היינטיקן טאָג און ניט ווי אַ דערשיינונג פאַר זיך. צי דער קריסטנטום האָט אין וועלכן עס איז גראַד דערפילט זיינע פאַרשפּרעכונגען, צי האָט ער זיי געקענט דערפילן, צי ער איז איבערהויפּט געווען א פּאָזיטיווע דערשיינונג, ווען מען

נעמט אים לויט זיין היסטאָרישער ווירקונג, זיינען געוויס וויכטיקע פראַגן, אָבער צו דעם ענין, וואָס ווערט דאָ באַהאַנדלט, האָבן זיי ניט קיין שייכות. דאָ איז ער אויף אַזויפיל וויכטיק, אויף וויפיל ער רעדט דורך העגעלן, רודאָלף אייקענען, מאָרגאַנען א. אַז. וו. עס איז ניט קיין פראַגע וועגן דעם קריסטנטום גופא, נאָר וועגן דער טעאָלאָגיע אין דער פילאָזאָפיע. וואָלט די אידישע טעאָלאָגיע געוועז באַהערשן די וועלט און לאָזן אירע שפּורן אין דער פילאָזאָפיע, וואָלט זי גענומען געוואָרן פאַרן אויסגאַנגס־פּונקט. עס איז פאַראַן אַ יש אומרים, אַז זי האָט זיי געלאָזט: פריער דורך פילאָנען און שפּעטער דורכן רמב"ם. די ווירקונג איז אָבער געווען אַן אומדירעקטע און אַ צופעליקע, בעת דער קריסטנטום האָט דירעקט אַרויפגעלייגט זיינע בײדע הענט אויפן אַלגעמיינעם דענקען פון דער מענטשהייט. דערפאַר ווערט ער באַטראַכט.

אין זיין אינטערעסאַנטער אָריגינעלער פאָרשונג „די היברו פילאָסאָפיקל דזשיניוס" ברענגט דאָנקאַן מאַקדאָנאַלד אַרויס דעם געדאַנק, אַז די אידן האָבן אַנטוויקלט אָריגינעלע פילאָזאָפישע באַגריפן אַ סך פריער איידער זיי האָבן זיך באַגעגנט מיט די גריכן. זיי האָבן געהאַט אַן אייגענע מעטאַפיזיק אינעם זינען פון אַ פילאָזאָפישן גאָט־באַגריף, ווי אויך אַלגעמיינע פילאָזאָפישע באַגריפן. אויסער דעם פילאָזאָפישן גאָט־באַגריף רעכנט ער אויס פיר פונדאַמענטאַלע באַגריפן, וואָס די אידן האָבן, לויט זיין מיינונג, פאַרטיידיקט אויף אַ ריין ראַציאָנאַלן (שכלדיקן) אופן, וואָס ס'מיינט פילאָזאָפיש. די באַגריפן זיינען געווען: 1) געוויסנהאַפטיקייט (דעם יושר־באַגריף) און דעם באַוואוסטזיין־באַגריף, 2) אַז אַלע זאַכן ענדערן זיך, אַ שטענדיקער ווערן קומט פאָר אין דער נאַטור, 3) אַז לעבן איז אַ פונדאַמענטאַלע רעאַליטעט און 4) אַז צו טאָן שלעכטס איז נאַריש. דאָס לעצטע, דערקלערט ער, אינעם זין פון פרייען ווילן (זע קאַפּ. 2, ז. 12 און ווייטער).

אין די ווייטערדיקע קאַפּיטלעך (3, 4) דערקלערט ער פאַרוואָס דער טערמין חכמה דאַרף איבערזעצט ווערן אינעם זין פון ראַציע (שכל), אָדער אורטיילס־קראַפט און ניט געלערזאַמקייט. ווען מען נעמט אָן זיין דעפיניציע, באַווייזט ער ווי אַזוי פונעם סוביעקטיוון באַגריף פאַרשטאַנד האָט זיך מיט דער צייט אַנטוויקלט דער אוניווערסאַלער, אָדער עקזיסטענציעלער באַגריף פון חכמה ווי אַן עפּעס פאַר זיך.

אויף וויפיל זיינע געדאַנקען זיינען אָריגינעל און זיינען היסטאָריש ריכטיק קען נאָר זאָגן אַ ספּעציאַליסט פון דעם באַטרעפנדן פעלד; ניט קיין פאַך־מענטש קען נאָר זאָגן אַז ס'איז אינטערעסאַנט און פאַר אַ אידן איז עס אויך שמייכלהאַפט: אַ קריסטלעכער פאָרשער געפינט אָריגינעלע פילאָזאָפישע געדאַנקען אינעם פאַרצייטיקן אידנטום... וואָס פאַר דער אַרבעט איז וויכטיק און צוליב וואָס דאָנקאַן מאַקדאָנאַלד איז אריינגעבראַכט געוואָרן, איז דער אונטערשייד וואָס ער ציט (און ער איז ניט דער איינציקער וואָס ציִיגט אָן אויף דעם דאָזיקן אונטערשייד) צווישן דעם אָריגינעלן אידישן דענקען און דעם אַרט דענקען פונעם אַלעקסנדריער אידנטום (פילאָן). ער זאָגט: „די נעאָ־פּלאַטאָנישע קייט (אַרויסהעלפער צו גאָט וואָס פילאָן האָט אַריינגעפירט) וואָלט פאַר זיי (די ארץ־ישראלדיקע אידן) ניט געהאַט קיין שום באַזיס; זי וואָלט אינגאַנצן ניט געווען נויטיק און וואָלט ניט געווען רעאַל. יעהאָוואַ איז געווען זייער אַבסאָלוט, וואָס האָט זיך ניט גענויטיקט

אין קיינע אַרויסהעלפער, וועלכע זאָלן זיין פאַרמיטלער צווישן אים און די מענטשן. דאָס קען זיין ווייט פון האָבן אַ קלאָרע און ראַפינירטע אָנטאָלאָגיע (רעאַליטעט־באַגריף), ס׳איז אָבער אַן אמתע ביאָלאָגישע מעטאַפיזיק. דערפאַר וואָס די פאַקטן, וואָס זיי האָבן באַאָבאַכטעט און האָבן רעספּעקטירט, זיינען געווען צווייערליי: עס זיינען געווען די געגעבענע קאָנקרעטע פאַקטן פון דער פיזישער וועלט און צוזאַמען מיט זיי האָבן זיי געהאַט די גלייך זיכערע פאַקטן פון זייער פּערזענלעכער דערפאַרונג; זייערע אייגענע עמאָציעס און אידייעס. די דאָזיקע אידייעס זיינען געווען רעאַל פאַר זיי; זיי זיינען געווען אַזוי רעאַל (די אידייעס) ווי די ערד אויף וועלכער די אידן האָבן געטראָטן. די אידייעס זיינען באַשטאַנען פון פאַקטן פון זייער באַוואוסטזיין... זיי האָבן ניט געהאַט אַזאַ וואָרט, אָדער פּראַזע פאַרן פּראָצעס: זיי זיינען אָבער געווען אינעם פּראָצעס און זיי האָבן געוואוסט אַז זיי זיינען אין אים — זיי האָבן געהאַט מענטאַלע און עמאָציאָנעלע דערפאַרונגען און האָבן רעאַגירט צו זיי, יעדער איינער אויף זיין אייגענעם שטייגער" (ז. 5).

אום צו דעמאָנסטרירן ווי „אינטים" די אידן זיינען געווען מיט גאָט, ציטירט ער אַ טייל פונעם צווייטן פּסוק פונעם דריטן קאַפּיטל אין עמוס: „רק אתכם ידעתי מכל משפחות האדמה". ער ציטירט אים אין ענגליש ווי פאָלגט: „נאָר מיט דיר בין איך געווען אין אינטימע פּערזענלעכע טערמינען" (14). ער זאָגט: „ניט דוד, ניט עמוס און ניט קיין אַנדער איד וואָלט ווען עס איז דערקענט די גייסטלאָזע אַבסטראַקציע מיט וועלכער פילאָן קומט אַרויס פאַר דעם יעהאָוואַ מיט וועמען זיי זיינען געווען באַקאַנט" (ז. 10).

מעקדאָנאַלדס אינטערעסן, צוליב וואָס ער ברענגט אַרויס דעם אידישן ריינעם מאָנאָטעאיזם און זייער דירעקטע און „אינטימע" באַרירונג מיט גאָט צום אונטערשייד פון פילאָנס נעאָ־פּלאַטאָנישקייט, קענען דאָ איינגאַנצן אויסגעלאָזט ווערן, וויכטיק איז דער אונטערשייד גופא. היסטאָריש איז ער געווען וויכטיק; ארום אים האָט זיך געשפּאָלטן דער אידנטום מיטן קריסטנטום און, צו מעקדאָנאַלדס פאַרדרוס, האָט דער אָפיציעלער קריסטנטום אָנגענומען אָט די דאָזיקע נעאָ־פּלאַטאָנישע קייט. דאָס לייקנט קיינער ניט.

זיין בוך „די פּיאָנערן פונעם קריסטלעכן געדאַנק" (פּייאָנירס אָוו קריסטשען טהאָט) הויבט קערשנער אָן מיט פילאָנען און עדוואַרד קיירד זאָגט: „פילאָן, מער ווי וועלכער ס׳איז אַנדער שרייבער, האָט צוגעגרייט די חתונה צווישן דעם גריכישן דענקען און דעם קריסטנטום" (זע עוואָלושאָן אָוו טעאָלאָדזשע אין די גריק פילאָזאָפיע, באַנד 2, ז. 183). ער האָט געדאַרפט נאָך צוגעבן — מיטן אָריענטאַלישן מיסטיציזם...

ווי אַזוי אָט די דאָזיקע „חתונה" איז פאָרגעקומען דאַרף דערקלערט ווערן. זאָגט צעלער וועגן יענער צייט: „דער געפיל פון פאַרפרעמדונג פון גאָט און אַ בענקעניש נאָך אַ העכערער אַנטפּלעקונג זיינען כאַראַקטער־אייגנשאַפטן פון די לעצטע יאָר־הונדערטער פון דער אַלטער וועלט. דאָס איז אין אַלגעמיין געווען אַן אויסדרוק פונעם באַוואוסטזיין פונעם זינקען פון די קלאַסישע פעלקער און זייער קולטור. דער געפיל פון דער דערנעענטערונג פון אַנייער עפּאָכע וואָס האָט אַרויסגעבראַכט ניט נאָר דעם קריסטנטום, נאָר אויך פאַר אים, דעם פּאַגאַניסטישן און אידישן אַלעקסאַנדריאַניזם און ענלעכע באַוועגונגען (זע היסטאָריע אָוו גריק פילאָסאָפיע, באַנד 3, ז. 56).

און עבערוועג זאָגט: „דער געפּיל פון מידקייט, אויסשעפּונג און אַ שטאַרקע בענקשאַפט נאָך אויסערלעכער הילף, וואָס איז באַגלייט געוואָרן מיט אַ פאַרמינדערונג פון די אייגענע כוחות פון אָריגינעלן דענקען, האָט אין דער רעליגיע געפירט אָנצונעמען די אָריענטאַלישע פאָרמען פון געטלעכקייט און צו די אָריענטאַלישע דאָגמען" (זע א היסטאָריע אָוו פילאָסאָפיע, באַנד 2, ז. 222).

אַזוי הילפלאָז האָט אויסגעקוקט די וועלט נאָך אַלעקסאַנדערס מלחמות, ווען פאַרשיידענע פעלקער און קולטורן האָבן זיך צוזאַמענגעמישט. ספּעציעל איז אָט דער דאָזיקער צושטאַנד אַנטשטאַנען אין אַלעקסאַנדריע וואָס איז געוואָרן דער דעמאָלטדיקער קולטור־צענטער פון דער וועלט. די אויבער־הערשאַפט האָט געהאַט די גריכישע קולטור און זיטלעכקייט; עס זיינען דאָרטן אַנטשטאַנען סטויאישע, עפּיקורעאישע און אפילו נעאָ־פּיטאַגאָרעאישע געזעלשאַפטן. דער הינטערגרונט איז אָבער געווען אַן אָריענטאַלער: מצרים האָט געהאַט אַן אַלטע אָריענטאַלע קולטור וואָס איז געווען טיף איינגעוואָרצלט אינעם לעבן. דאָס ביסל גריכישע קולטור האָט דעם פונדאַמענטאַלן לעבנס־שטייגער ניט געקענט ענדערן. דערצו זיינען צוגעקומען נייע אָריענטאַלישע כוחות פון בבל, אשור, שנער און אפילו אַן איינפלוס פון אינדיע האָט זיך געפילט. אָט צו דעם ערב־רב זיינען צוגעקומען די אידן מיט זייער שטרענגן מאָנאָטעאיזם...

אין מצרים האָבן אין יענער צייט געלעבט אַ היפּש ביסל אידן (אין פילאָנס צייט, נעמט מען אָן, האָבן דאָרט געלעבט ביי אַ מיליאָן אידן). מיט 250 יאָר פאַר דער איצטיקער צייט־רעכענונג, האָט מען שוין אָנגעהויבן איבערזעצן דעם תנ"ך אויף גריכיש (די סעפּטואַגינטא), אַ באַווייז אַז די אידן זיינען שוין אויף אַזויפיל געווען אַסימילירט, אַז זיי האָבן ניט פאַרשטאַנען קיין העברייאיש, זיי האָבן זיך געניטיקט אין אַ גריכישער איבערזעצונג פונעם תנ"ך.

נאַטירלעך, אַז די אַסימילאַציע האָט זיך ניט באַגרענעצט בלויז אויף דער שפּראַך. מיט שפּראַך־אַסימילאַציע איז מיטגעגאַנגען קולטור־אַסימי־לאַציע, וואָס ס'האָט פאַקטיש געמיינט זיך באַקענען מיט דער גריכישער פילאָזאָפיע. צו יענער צייט, און ספּעציעל אין אַלעקסאַנדריע, איז שוין די גריכישע פילאָזאָפיע ניט געווען קיין ריינע, זי האָט אין זיך געהאַט אַ היפּשן צומיש פון אָריענטאַלן מיסטיציזם: האָבן אים די אידן אויך איבער־גענומען צוזאַמען מיט דער פילאָזאָפיע. פון דעם צוזאַמענמיש האָט זיך געשאַפן אַ דריי־איינקייט פון מיסטישער רעליגיע־פילאָזאָפיע, אָדער טעאָ־סאָפיע (די „לערע" וועגן גאָט). זאָגט טאַקע עבערוועג, אַז מיט פילאָנען טרעט אַריין דער אָריענט אין דער פילאָזאָפיע און זי ווערט פאַרוואַנדלט אין טעאָסאָפיע...

אייגנטלעך איז פילאָן ניט געווען דער ערשטער אידישער דענקער, וואָס האָט געשריבן אונטער דער גריכישער ווירקונג. אַריסטאָבול, וואָס האָט גע־לעבט מיט 150 יאָר פאַר אים, האָט שוין אויסגעטייטשט דעם תנ"ך אַלעגאָריש, כדי וויכער צו מאַכן יענע פלעצער אין אים, וואו גאָט ווערט פאָרגעשטעלט מענטשן־ענלעך (אַנטראָפּאָמאָרפיש): ער האָט זיך געשעמט פאַר די גריכן מיט אַזאַ פרימיטיוון גאָט... אויך דער שרייבער פון „חכמת שלמה", וואָס

מען נעמט אָן, אַז ער האָט געלעבט אין דער זעלבער צייט (ער האָט שוין געשריבן זיין ווערק אין דער גריכישער שפּראַך) האָט געטאָן דאָס זעלבע. די שרייבער זיינען אָבער נאָך געשטאַנען מיטביידע פיס אינעם אידנטום: זיי האָבן נאָר געוואָלט „וויכער" מאַכן דעם תנ״ך פאַר דער געבילדעטער גריכישער וועלט, אים געבן אַ פילאָזאָפישן אויסזען (זע „וויזדאָם אָוו סאָלאָמאָן", ז. 26. עבערוועג, א היסטאָריע אָוו פילאָסאָפיע, ב. 2, ז. 223 און דר. ושיטלאָווסקי, די פילאָזאָפיע, ב. 1, ז. 136).

פילאָן אָבער איז שוין געשטאַנען מיט ביידע פיס אין דער גריכישער און אין דער אָריענטאַלישער וועלט, איז עבערוועג גערעכט, וואָס ער הויבט אָן די ענדערונג אינעם דענקען מיט פילאָנען. אייגנטלעך איז ניט קיין אונטערשייד וועלכע פאָרמע פון דער טעאָלאָגיע ס׳איז געוואָרן אַ טייל פון דער פילאָזאָפיע, צי די אידיש ריין מאָנאָטעאיסטישע, צי די פילאָניש-נעאָ-פּלאַטאָניש-קריסטלעכע. דאָ ווערט דער פּראָצעס געגעבן, ווי ער איז היסטאָריש פּהרגעקומען, לויט דעם פילאָניש נעאָ-פּלאַטאָנישער ליניע. בלויז היסטאָריש איז דער אונטערשייד וויכטיק.

דריומענד זאָגט, אַז פילאָן „האָט ניט געוואָלט פאָרמירן קיין נייע פילאָזאָפיע, ער האָט בלויז געוואָלט פאַרטיידיקן משהס לערע, ער האָט געוואָלט באַווייזן, אַז אפילו אין יענע פלעצער, וואו זי קוקט אויס אומבאַדייטנד, אַנטהאַלט זי אין זיך דעם העכסטן פילאָזאָפישן אמת" (זע פילא דזשודעאוס, באַנד 1, ז. 1).

פון דעם אויסצוג קען מען זען, אַז פילאָנס אויסגאַנגס-פּונקט איז געווען ווייט ניט קיין פילאָזאָפישער, נאָר אַ טעאָלאָגישער. פילאָזאָפיע הויבט ניט אָן מיט קיין פאַרטיקן אמת, זי הויבט אָן מיט צווייפל, אָדער מיט פאַקטן, וואָס פירן צו אַ באַשטימטן אמת. טעאָלאָגיע, פון דער צווייטער זייט, האָט אַ פאַרטיקן אמת, זי זוכט באַווייזן, וואָס זאָלן קלינגען פילאָזאָפיש, כדי דורך זיי באַשטעטיקן דאָס, וואָס זי האָט שוין פון פאָראויס אָנגענומען פאַר אַן אַבסאָלוטן אמת.

אָבער אין פילאָנס צייט, אין דער צייט פונעם געבורט פונעם קריסטנטום, האָט מען שוין ניט געזוכט קיינע פילאָזאָפישע אמתן, מען האָט געזוכט אַ גלויבן אויף וואָס זיך אָנצושפּאַרן. פילאָן איז געווען איינער פון די „גליקלעכע" וואָס האָט געהאַט דעם גלויבן. ער זאָגט: „איך האָב געפּאַסט מיט אַן אמתער גליקזעליקייט, וואָס איז דער צוועק פון אַלע גלוסטונגען, פאַראייניקנדיק זיך די גאַנצע צייט אין פרייד מיטן געטלעכן וואָרט און מיט דער דאָקטרין" (ציטירט לויט בענטוויטש „העגעליזם", ז. 164).

אָט דער אויסגוס פון רעליגיעזן עקסטאַז, וועלכער דאַרף מיט פילאָזאָפישע זוכענישן, וואָס דאַרפן זיין ריין לאָגישע, ניט האָבן קיין שייכות, איז אין יענער צייט געוואָרן דער מעטאָד (אָריענטאַלישער איינפלוס) לויט וועלכן מען האָט געזוכט צו דערגרייכן דעם פילאָזאָפישן וויסן. דער דאָזיקער „פילאָזאָפישער וויסן" האָט „לויט פילאָנען געמיינט דערוועריבן דעם וויסן וועגן גאָט... וואָס איז דער ציל פון אַלע שטרעבונגען" (דאָרטן). דעם דאָזיקן „וויסן" דערגרייכט מען דורך „ענדערן זיך דורך אַסקעטיציזם און ספּעציעל זיך דערהויבן דורך אינערלעכער פאַרגעטערונג, אַרויסקומען פון זיך אַליין צום העכסטן פאַרמיטלער, צום לאָגוס („וואָרט" געטלעכער אינטעלעקט), אָדער צו דער

אַנטפּלעקונג פון גאָט" (ציטירט לויט ל. ראַבינס, גריק טהאָט, ז. 364). ראַבין קאָמענטירט: „דאָס זוכן אינעם רעליגיעזן באַוואוסטזיין, מיטן אבזיכט גע־ראַטעוועט צו ווערן פון זינד, דעם רעאַלן פּרינציפּ, די דערקלערונג וועגן דעם עצם פון זאַכן, איז געווען אַ נייעס וואָס איז אינגאַנצן געווען פרעמד דעם גריכישן געדאַנק. געבוירן פון דער מיסטעריע פון רעליגיעס און ניט פונעם אידנטום, איז דאָס נייע געקומען זיך אַלץ מער און מער באַפעסטיקן אינעם העלעניזם מיטן אַלץ מער פאַרגרעסערטער אַריינשטראָמונג פון די אָריענ־טאַלישע קולטן" (דאָרטן).

ס'איז געווען נאַטירלעך, אַז די ענדערונג אינעם דענקען זאָל אַריינגע־פירט ווערן פון אַ אידן: ווער, אויסער אַ אידן, האָט געקענט אַריינפירן דעם מאָנאָטעאיזם אינעם דענקען? וואָס ס'איז פיליכט ניט געווען אַזוי נאַטירלעך, איז וואָס ער האָט אַריינגעפירט מער אָריענטאַלן מיסטיציזם, ווי אַקטועלן מאָנאָטעאיזם. אָבער פילאָן איז געווען אַ פּראָדוקט פון זיין סביבה, וואָס איז געווען באַהערשט פון אָריענטאַלן העלעניזם. מען שטעלט אים פאַר אַלס פרומען אידן; ווען ער רופט אָבער אָן די ארץ־ישראל אידן „באַרבאַרישע אידן" אין פאַרגלייך צו די אַלעקסאַנדריער העלעניסטישע אידן (זע בענטוויטש, העלעניזם, ז. 25), מעג מען אָננעמען אַז ער איז געווען מער „העלענער" ווי איד...

פילאָזאָפיש איז פילאָן געווען אַ פּלאַטאָניסט; ער איז אָבער אויך געווען אונטערן איינפלוס פון די סטויאיקער, פון וועלכע ער האָט איבער־גענומען דעם לאָגוס־באַגריף (אַ באַגריף וואָס שטאַמט פון העראַקליטוסן, לויט וועלכן „לאָגוס" האָט געמיינט דער אינטעלעקט פון דער וועלט). הגם ער האָט געשטאַמט פון דער העכסטער געזעלשאַפט, ער איז געווען אַ ברודער פונעם ראש־הקהל פון דער אַלעקסאַנדריער געמיינדע און איז געווען דער וויכטיקסטער גריכישער שרייבער פון זיין צייט, האָט ער אָבער געהאַט אַ מיסטישע נייגונג און מען נעמט אָן אַז ער האָט פאַר אַ צייט באַלאַנגט צו אַ נעאָ־פּיטאַגאָרער געזעלשאַפט וואָס איז געווען ענלעך צו די אידישע איסייאים־ברודערשאַפטן...

זייענדיק אַ פרומער איד און אָננעמענדיק אַז די תורה איז געגעבן גע־וואָרן פון גאָט און אַנטהאַלט אַן אַבסאָלוטן אמת, האָט ער אָנגענומען אַז דער גריכישער אמת (פּלאַטאָן און אַנדערע פילאָזאָפן האָבן געגנבעט זייערע גוטע אידייעס פון משהן. זע עד. קיירד, עוואָלושאָן אָוו טעאָלאָדזשי אין די גריק פילאָזאָפיע, ב. 2, ז. 191) געפינט זיך פאַרשטעלטערהייט אין דער תורה.

פילאָן איז געווען דער ערשטער וואָס האָט אַריינגעפירט אַזעלכע ענדע־רונגען אין דער פילאָזאָפיע וואָס האָבן זי פאַרוואַנדלט אין טעאָלאָגיע. ער האָט ערשטנס פון פילאָזאָפיע געמאַכט טעאָסאָפיע: פון אַ לערע וועגן דער וועלט האָט ער געמאַכט א לערע וועגן גאָט. 2) איז ער געווען דער ערשטער וואָס האָט דעם אידישן גאָט צוצוגעבן אַ פאַרמיטלער און אַרויסהעלפער. ער זאָגט: „דער קעגנזאַץ צווישן גאָט און דער וועלט איז צו שאַרף און גרויס; ער וואָלט זיך פאַראומרייניקט ווען ער רירט זיך צו צו איר, אפילו אום נאָר צו פאַרמירן די חיות, פלאַנצונגען און וואַסערן. ער האָט ניט געקענט

באַשאַפן די וועלט דורך אַ דירעקטן אַקט, נאָך ווייניקער האָט ער געקענט קומען אין באַרירונג מיט שלעכטס" (זע ל. מילס, זאַראַטוסטראַ און פילאָ, ז. 144). דערפאַר איז דער אָנהויב מיט גאָט „וואָס איז אי אַ פערזענלעכער אי אַ ניט דעטערמינירטער איינער. נאָך אים קומט דאָס וואָרט, אָדער דער לאָגוס און די אידייעס וואָס באַשטייען פון געשטאַלטונגען פון זאַכן. חכמה קומט נאָך זיי; נאָך דער חכמה קומט דער געטלעכער מענטש, דער ער־שטער אדם, מלאכים קומען נאָך אים. נאָך זיי קומט גאָטס אָטעם און צום סוף קומען די כוחות, דורך וועלכע ער שטעלט זיך נאָענט צו אונדז ער זאָל אונדז קענען דערגרייכן" (ראַבין, גריק טהאָט, ז. 364).

דאָס איז עס די נעאָ־פּלאַטאָנישע קייט, פון וועלכער דאַנקאַן מעקדאָ־נאַלד איז אַזוי ניט צופרידן.

3) איז ער געווען דער ערשטער וואָס האָט אַריינגעפירט דעם „עקס־טאַז" ווי אַ „שטראָם פון באַוואוסטזיין" אין דער פילאָזאָפיע. ער דערקלערט: „אַזוי ווי ער (גאָט) איז אומבאַגרייפלעך, האָט ער אַרויסגעשטראַלט אַ פּראַכט וואָס שיינט אַרויס פון אים און וועלכע מיר רופן אָן שכינה, אַ פּאַרמע, וואָס פאַרשפּרייט אַרום דער נשמה שטראַלן וואָס זיינען ניט פון מאַטעריע און זיי פילן אָן די נשמה מיט הימלישן ליכט. דורך דעם דאָזיקן ליכט ווערט דער אינטעלעקט געפירט, דורך דער פאַרמיטלונג פון די פאַרמען, צו די אורשפּרינגלעכע פאַרבילדער... דורך דעם עקסטאַז און אַסקעטיזם דערהויבן מיר זיך צום העכסטן פאַרמיטלער, צום לאָגוס, אָדער צו דער אַנטפּלעקונג פון גאָט" (ציטירט לויט דריומענדס „פילאָ דזשודעאוס, באַנד 2, זז. 81־82).

אזוי איז אין דער פילאָזאָפיע אריינגעפירט געוואָרן דער „עקסטאַז" און דער „אַסקעטיזם" אלס מיטלען פאַר דער דערקענטעניש פון דער רעאַ־ליטעט און דער פילאָזאָפיע איז צוגעגעבן געוואָרן דאָס וואָס רודאָלף אייקען רופט אָן „דער ספּיריטועלער לעבן פון אַ פאַראייניקטעס גאַנצעס וואָס ארבעט אין דער טיפעניש פון דער נשמה". אייקען זאָגט נאָך אינעם ניינצנטן און צוואַנציקסטן יאָרהונדערט דאָס וואָס פילאָן האָט געזאָגט אינעם ערשטן... איןביידע פאַלן רעדט אַ פּסיכישע עמאָציע וואָס איז ניט קיין קוואַל פון אָביעקטיוון וויסן (דאָס וואָס קען ניט אָביעקטיוויזירט ווערן איז ניט קיין אָביעקטיווער באַוויז).

4) האָט ער „פילאָזאָפיש" דערקלערט גאָטס זון אין איינקלאַנג מיט פּלאַטאָנס אידייען־לערע. ער זאָגט: „די אידייע, דער קאָסמאָס פון באַ־גריפן, וואָס איז אַן אויסשטראַלונג פונעם געטלעכן אינטעלעקט, ווערט אָנגערופן גאָטס זון. ער ווערט אָנגערופן עלטערער זון צום אונטערשייד פונעם עמפּינדלעכן קאָסמאָס וואָס ווערט אָנגערופן אינגערער זון" (דאָרטן).

און 5) לעצטנס האָט ער אַריינגעפירט די אידייע פון „זינד און אויסגע־לייזט ווערן" דורך אַסקעטיזם אין דער פילאָזאָפיע אַלס אַ טייל פון איר דער־פאַר וואָס „דאָס העכסטע גוט איז זיך קאָנצענטרירן אויף דער געטלעכקייט וואָס שטייגט אַריבער דעם באַגריף... און וואָס קען נאָר פאַרשטאַנען ווערן פון אַזוינע וואָס זיינען ריין אין זייערע טאַטן, וואָס זיינען ריין פון אַלע טומאות וואָס קומען דורך דער פאַרבינדונג מיטן שלעכטן פון דער מאַטעריעלער וועלט" (זע אָסבאָרן טיילאָר, אנשיענט איידיעלס, באַנד 2, ז. 87).

פאַר דער ענדערונג אינעם דענקען איז פילאָן אייגנטלעך ניט אינגאַנצן געווען פאַראַנטוואָרטלעך, ער אַליין איז בלויז געווען אַן אויסדרוק פון דער צייט און פון דער סביבה אין וועלכער ער האָט געלעבט. די ענדערונג, ווי ס'איז אויבן אָנגעוויזן געוואָרן, האָט זיך אָנגעהויבן פון דער צייט, וואָס גריכנלאַנד האָט פאַרלוירן איר אומאָפּהענגיקייט און האָט זיך גענומען צוזאַ־מענמישן מיט די אַרומיקע פעלקער. זי האָט זיך פאַקטיש אָנגעהויבן מיטן עפּיקורעאיזם און סטויאיציזם מיט דריי הונדערט יאָר פאַר פילאָנען. פילאָן האָט נאָר דערפירט צו אַ לאָגישער קאָנסעקווענץ דאָס, וואָס זיי האָבן אָנ־געהויבן. ער האָט עס געקענט טאָן בעסער פאַר זיי דערפאַר, וואָס ער איז געווען אַ איד, פאַר וועמען ס'איז געווען נאַטירלעך איבערצוטראָגן דעם שווערפּונקט פונעם דענקען וועגן דער וועלט, אויף „דעם קאָנצענטרירן זיך אויף דער געטלעכקייט" כדי „געראַטעוועט צו ווערן פון זינד".

לויט גרעצן איז דער אַבזיכט פון די אידישע דענקער געווען אַ נאָ־בעלער; ער זאָגט: „די העלעניש־רוימישע וועלט איז פאַר יאָרהונדערטער דערצויגן געוואָרן אויפן קולט פון לעבן, — אויפן קולט, וואָס באַטראַכט דאָס לעבן מיט זיינע פאַרגעניגנס פאַר אַ זעלבסטשטענדיקן ציל, זען אין דער גאָטהייט ניט מער ווי אַ פאַרגרעסערטע אָפּשפּיגלונג פון די מענטשלעכע ליידן און שטעלט זיך ניט פאַר קיין זאַך אָן בילד און פאָרמע. דאָ האָבן זיי דערזען פאַר זיך אַ גרופּע מענטשן, וואָס קוקט אויפן לעבן בכלל, ווי אויף עטוואָס וואַכעדיקעס, און זוכט כסדר דעם העכערן זין פון לעבן, וואָס טראָגט אין זיך די פאַרשטעלונג פון אַן איינציקער און אַלץ אַרומנעמענדער גאָטהייט אָן שום געשטאַלט און פאַרקרפּערונג און לעבט אינגאַנצן מיט דער פאַרשטעלונג, — מער אַכטונג אויפן אינערלעכן מהות, ווי אויף דער אויסערלעכער גע־שטאַלט, אויפן ערלעכן געפיל, ווי אויף דער שיינער פאָרמע". ווען די דאָזיקע גרופּע האָט זיך באַגעגנט מיט דער ערשטער און „האָט דערזען די אינעווייניקסטע צעפּוילטקייט, פון וועלכער ס'האָבן געליטן די ביידע פעל־קער פון יענער צייט, די גריכן און די רוימער; זייערע אומנאַטירלעכע געשלעכטלעכע שענדלעכקייטן און זייער טעמפּער אכזריות, האָבן זיי אַרויס־גערופן ביים אידישן מאָראַליסט ניט בלויז פאַראַכטונג, נאָר אויך מיטלייד און ער האָט זיי אונטערגעטראָגן דעם באַלזאַם פון זיין געטלעכער זיטלעכקייט, ווי זי איז אויסגעדריקט אין דער אידישער תורה" (זע אידישע געשיכטע, באַנד 3, זז. 229, 232, וואַרשעווער אויסגאַבע, 1932).

ווען מען ווייסט אָבער, אַז דער רעזולטאַט איז געווען דער קריסטנטום, וואָס האָט „געמאַכט די רעליגיע פאַר דער אַלמעכטיקסטער הערשערין איבער דעם מענטשנס לעבן און זיין גורל, אַנטדעקנדיק פאַר אים אַ נייע וועלט, וואָס איז אַנדערש פון דער וואָס רינגלט אים אַרום און פאָדערט דערפאַר פול־שטענדיקע איבערגעבנהייט" (ר. אייקען, „קען ווי סטיל ביי קריסטשנס", ז. 1) קען מען גאָרניט זיין באַגייסטערט פאַרן נאָבעלן אַבזיכט פון די אידישע דענקער...

ווי ס'זאָל ניט זיין, האָט די ענדערונג פונעם דענקען, אַן ענדערונג אין וועלכער די אידן האָבן גענומען אַ וויכטיקן אייבטייל, געווירקט אז דער קריסטנ־טום זאָל זיך לייכט פאַרשפּרייטן און זאָל מאַכן אַ סוף צום דענקען אין אַלגעמיין. אמת, דער קריסטנטום האָט זיך אַנטוויקלט פון אונטן אַרויף און ניט פון אויבן

אַראָפּ: די גרינדער און פאַרשפרייטער פונעם קריסטנטום זיינען געווען קנאַפּע דענקער... פונדעסטוועגן האָט דער געענדערטער דענקען צוגעגרייט דאָס פעלד פאַר דער מעגלעכקייט אויפצונעמען געדאַנקען וועגן א „געענדערטער וועלט;" ער האָט געווירקט פסיכאָלאָגיש אין דער ליניע פונעם אַנטוויקלענדן קריסטנטום.

אַזוי האָט זיך דער גריכישער געדאַנק געענדיקט מיט אַ „שאַך־מאַט", וואָס דער קריסטנטום האָט אים געגעבן. דער גריכישער געדאַנק האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַ לערע וועגן דער וועלט, מיט אַ קאָסמאָלאָגיע, ער האָט זיך געענדערט אין א לערע וועגן דעם מענטשן; ער איז נאָכדעם איבערגעגאַנגען צו אַ „לערע" וועגן גאָט און האָט פאַרענדיקט מיטן קריסטנטום, מיט אַ „הימלישער קעניגרייך אויף דער ערד", וואָס האָט געמאַכט אַ סוף צום דענקען אין אַלגעמיין פאַר אַ לאַנגער צייט.

דער צענטראַלער אינטערעס פון דעם קאַפּיטל איז געווען אַרויסצוברענגען דעם געדאַנק ווי אַזוי רעליגיעזע באַגריפן זיינען אַריינגעפירט געוואָרן אין דער פילאָזאָפיע און זיינען געוואָרן אַ טייל פון איר ביזן היינטיקן טאָג. די אַנטשטייאונג פונעם קריסטנטום גופא, זיין פאַרשפרייטונג און זיין הערשאַפט איז אויסער די גרענעצן פון דער ארבעט. איז אזוי ווי פון פילאָנען. אויב ניט פון אַריסטאָטעלן, ביז דעקאַרטן איז פאַקטיש ניט געזאָגט געוואָרן קיין איין ניי וואָרט, מען האָט פאַקטיש געהאַלטן אין איין פאַרגעסן דאָס, וואָס מען האָט פריער געוואוסט, וואָלט מען איצט געקענט אריבערגיין צו דער נייער צייט ווען „די וועלט האָט זיך אָנגעהויבן באַוועגן". זיינען אָבער פאַראַן אייניקע מאָמענטן אין דער צווישנצייט, וואָס קענען ניט איגנאָרירט ווערן: זיי דערקלערן די „געענדערטע וועלט". מוז מען זיך מיט זיי באַקענען.

פאַרוואָס מען הייבט אָן דעם נעאָ־פּלאַטאָניזם מיט פּלאָטינוסן (געלעבט אינעם 3טן יאָרהונדערט) און ניט מיט פילאָנען, איז ניט לייכט צו דערקלערן: פּלאָטינוסעס הויפּט־געדאַנקען געפינען זיך שוין ביי פילאָנען, וואָלט מען געדאַרפט אָנהויבן פון אים. מעגלעך, אַז דערפאַר הויבט מען ניט אָן פון אים, ווייל ניט ער האָט געשאַפן אַ פילאָזאָפישן סיסטעם און ניט ער האָט זיך אפילו געשטעלט פילאָזאָפישע אויפגאַבן. זיין אינטערעס איז געווען א ריי טעאָלאָגישער: ער האָט זיך אונטערגענומען צו באַווייזן, אז פּלאַטאָנס פילאָזאָפיע און פילאָזאָפיע אין אַלגעמיין, געפינט זיך אין דער תורה און „אין חדש תחת השמש": ס'איז ניטאָ קיין איין זאַך, וואָס איז ניטאָ אין דער תורה.

אַזוי ווי ער איז געווען אַ גרויסער געלערנטער אין דער גריכישער פילאָזאָפיע, איז באַנוצנדיק דעם אַלעגאָרישן מעטאָד פאַר דער אויסטייטשונג פון דער תורה, האָט ער געפונען אין איר אַלץ וואָס ער האָט געזוכט... דערקלערנדיק פילאָזאָפיש די תורה, האָט ער אַרויסגעזאָגט געדאַנקען, וואָס זיינען שפּעטער געוואָרן דער פונדאַמענט פונעם נעאָ־פּלאַטאָניזם און אויך פונעם קריסטנטום, אויף וויפיל ער איז געווען פילאָזאָפיש. דער געדאַנק פון עמאַנאַציע, וואָס איז פונדאַמענטאַל איןביידע לערעס איז די דאָקטרין פון עקסטאַז (אַז דאָס געטלעכע קען מען בלויז דערפילן דורך די עמאָציעס, ווען מען ברענגט זיך אַריין אין אַ באַשטימטן געמיט־צושטאַנד), זיינען צום ערשטן אַרויסגעזאָגט געוואָרן פון פילאָנען (זע דאד, נעאָ־פּלאַטאָניזם, זז.

16, 18). דאָס וואָס פּלאָטינוס דערמאָנט ניט פּילאָגען קען נאָר מיינען, אַז ער האָט פון אים ניט געהערט, ס'מיינט אָבער ניט, אַז פּילאָגס געדאַנקען זיינען ניט געווען באַוואוסט און אַז זיי האָבן ניט באַאיינפלוסט דאָס דענקען פון דער צייט.

„נעאָ־פּלאַטאָניזם", זאָגט אָסבאָרן טיילאָר, „איז באַשטאַנען פון אַ רעאַק־ציע קעגן דעם באַגריף, אַז דאָס העכסטע גוטע געפינט זיך אינעם פאַר־שטענדלעכן און אין דעם האַנדלען אין האַרמאָניע מיט דעם, נאָר אַז דאָס העכסטע גוטע באַשטייט אין אַ מיסטישער פאַראייניקונג מיט גאָט, וועמען מען קען ניט באַגרייפן" (זע אנשיענט איידיעלס, באנד 2, ז. 86). די דעפי־ניציע פון „גוט" נויטיקט זיך אין אַ דערקלערונג; אָבער איידער די דעפי־ניציע וועט דערקלערט ווערן, וועט נויטיק זיין זיך צו באַקענען מיט פּלאָ־טינוסן, דעם גרינדער פונעם נעאָ־פּלאַטאָניזם און מיט זיין צייט. דאָס וועט שוין געבען אַ טיילווייזע דערקלערונג פאַר דער דעפיניציע.

פּלאָטינוס איז געבוירן געוואָרן אינעם אָנהויב פון דעם דריטן יאָר־הונדערט און דאָס מיינט, אַז זיין פילאָזאָפישן אַרויסטריט האָט ער געמאַכט אַרום צוויי הונדערט יאָר נאָך פּילאָגען. אין דער צווישנצייט איז ניט געווען קיין איין דענקער, וואָס זאָל זיך קענען פאַרגלייכן מיט אײנעם פון זיי. אמת, אין דער צווישנצייט האָבן געלעבט פּלאַטאַרך און מאַרקוס אורעליס, זיי האָבן אָבער געהאַט אַ קליינע ווירקונג אויף דעם מענטשלעכן געדאַנק. אין דער דאָזיקער צווישן־צייט האָט זיך אָנגעהויבן די צעפאַלונג פון דער אַלטער וועלט.

דין אינגע באַהאַנדלט דעם פּעריאָד אין זיינע צוויי בענדער גיפאָרד לעק־ציעס וועגן פּלאָטינוסעס פילאָזאָפיע. ער ווייזט אָן, אַז אין אַכציק יאָר, וואָס ציען זיך אויס אינעם צווייטן און דריטן יאָרהונדערט, איז נאָר איין רוימישער קייסער געשטאָרבן מיט אַ נאַטירלעכן טויט; די אַנדערע, איז אָדער זיי האָבן זיך גענומען דאָס לעבן, אָדער מען האָט זיי דערמאָרדעט. אין די ערשטע 14 יאָר אַליין, וואָס פּלאָטינוס איז געווען אין רוים, האָבן געהערשט זיבן קעניגן. דאָס כאַראַקטעריזירט דעם צושטאַנד פון דער צייט.

אינגע גיט אָן אַ ריי אורזאַכן, וועלכע ער האַלט פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער אַלגעמיינער צעפאַלונג פון דער דעמאָלטדיקער געזעלשאַפט; ער פאַרגעסט אָבער אָנצוגעבן איין אורזאַך וואָס איז, דוכט זיך, געווען וויכטיקער פאַר די אַלע, וואָס ער גיט אָן: ער פאַרגעסט צו דערמאָנען די פאַרשפּריי־טונג פון דעם קריסטנטום, וואָס איז, אַמווייניקסטנס, אין דעם אָנהויב פון זיין אַנטוויקלונג, געווען אַן אויסגעשפּראָכענע אַנטי־סאָציאַלע דערשיינונג. זי איז געווען אַנטי־סאָציאַל מיט דעם, וואָס זי האָט זיך געשטעלט מיט דעם פּנים צו „יענער וועלט", איז זי געווען פיינטלעך צום אָרגאַניזירטן געזעל־שאַפטלעכן לעבן און צום וועלטלעכן וויסן.

ס'קלינגט מאָדנע, ווען ער ווייזט אָן, אַז דאָס אידנטום האָט זיך צו יענער צייט אויפגעהערט צו פאַרשפּרייטן, הויפּטזעכלעך דערפאַר, וואָס עס האָט ניט געהאַט קיין פּאָזיטיווע שטעלונג צו דער אומשטערבלעכקייט פון דער נשמה און דער קריסטנטום האָט זיך אַנטוויקלט אַ דאַנק דעם וואָס ער האָט געהאַט אַ פּאָזיטיווע שטעלונג צו דער אומשטערבלעכקייט פון דער נשמה... און צו דער זעלבער צייט פאַרגעסט ער, אַז טאַקע אָט די דאָזיקע „פּאָזיטיווע"

שטעלונג האָט פיל בייגעטראָגן צו דער געזעלשאַפטלעכער דעקאַדענץ פון יענער צייט: מען האָט אָנגעהויבן „לעבן" מיט „יענער וועלט", האָט מען פאַרלוירן דעם אינטערעס אין דער וועלט... פלאָטינוס האָט פיל בייגעטראָגן צו דער ענדערונג.

אַ פּאָר ביאָגראַפישע באַמערקונגען וועלן אים כאַראַקטעריזירן: מען ווייסט אַז ער איז געבוירן געוואָרן אין מצרים, מען ווייסט אָבער ניט פון וועמען ער קומט אַרויס: ער האָט זיך געשעמט צו ריידן וועגן קערפּערלעכע ענינים און מיטן קערפּער אין אַלגעמיין. מען ווייסט נאָר, אַז צו 26 יאָר איז ער געקומען קיין אַלעקסאַנדריע צו לערנען פילאָזאָפיע. אַ בילדונג האָט ער געהאַט אַ גאָר קליינע, ער האָט קוים געקענט שרייבן.

פילאָזאָפיע האָט ער געלערנט פון אַמאָניע סאַקוס (אַמאָניע, דעם זאַק טרעגער). וואָס ער האָט פון אים געלערנט ווייסט מען ניט דערפאַר, וואָס דער לעצטער האָט קיין זאַך ניט געשריבן. מען ווייסט נאָר, אַז געבוירן איז ער אַ קריסט, ער האָט זיך אָבער אָפּגעזאָגט פון דעם קריסטנטום. פלאָטינוס איז ניט געווען קיין קריסט און האָט דעם קריסטנטום אויך קיינמאָל ניט דער־מאָנט אין זיינע ווערק (ענידס). פאַרוואָס ער האָט אים ניט דערמאָנט, ווייסט מען ניט און מען קען עס ניט פאַרשטיין. דינג נעמט אָן, אַז ער האָט צוזאַמענ־געמישט די קריסטן מיט די „גנאָסטיקער" און די לעצטע האָט ער קריטיקירט.

ער איז אַלט געווען 40 יאָר, ווען ער איז געקומען קיין רוים און האָט געעפנט אַ שול, וואו ער האָט געלערנט, אָדער פּיליכט בעסער געזאָגט, ער האָט געפּריידיקט זיין פילאָזאָפיע, וואָס איז איבערגעבליבן אונטערן נאָמען „ענידס" און ווערט אָנגערופן נעאָ־פּלאַטאָניזם.

דער אויסדרוק, יעדער דענקער איז אַ קינד פון זיין צייט, פּאַסט זיך אויסגעצייכנט פאַר פלאָטינוסן: ער האָט מיט זיין לעבן, זיין באַנעמונג און מיט זיין פילאָזאָפיע פולשטענדיק רעפּרעזענטירט זיין צייט. אָט ווי ער ווערט באַשריבן: „ווען ער האָט גערעדט, איז זיין אויסזען באַשטראַלט געוואָרן מיט אַן אייגנאַרטיקער שיין און זיינע געזיכט־שטריכן האָבן באַ־קומען אַ ספּעציעלן חן; זיי האָבן אויסגעדרוקט דעם אמת פון זיינע רייד. ווי אַלע גרויסע מיסטיקער, איז ער אַרויסגעקומען ווי אַ נביא און אַ פּריידיקער פון אַ נייער תורה... אַ פאַרשפּרעכער פון פּרייהייט פאַר דער נשמה און האָט געווירקט ווי אַ קול מבשר, וואָס קומט דירעקט פון הימל... פיר פאַר־שיידענע מאָל איז ער (לויט פּאָרפירן, זיין תלמיד) אויפגעכאַפּט געוואָרן און אַוועקגעטראָגן געוואָרן ווייטער וואו דאָס דענקען און דער געדאַנק קען גרייכן און זיין נשמה איז אין אַן עקזאַלטירטן צושטאַנד פאַרבונדן געוואָרן מיט גאָט. אָבער צו יעדער צייט איז אים פאַר די זעאונג און דער ענד־גילטיקער צוועק געווען נאָענט... דורך זיין דערפאַרונג פון דער געטלעכקייט האָט ער געווירקט אויף מענטשן (זע פאַעל עלמור מור, העלעניסטיק פילאָ־סאָפיעס, ז. 176). הייסט עס, ער האָט אויסגעקוקט און געווירקט ווי אַ נביא.

דאָס וואָרט וועט אים געגעבן ווערן, זאָל ער אַליין באַשרייבן אַ נבואה; ער זאָגט: „עס טרעפט אָפט אַז איך וואַך אויף פונעם דרעמל פונעם ערדישן לעבן, איך באַפריי זיך פון דער פרעמדער וועלט, פון אַלץ און פון אַלעמען אַרום זיך און ווער מיין אייגענער איך. ווען דאָס פּאַסירט, דערשפּיר איך אַ וואונדערלעכע שיינקייט פון וועלכער איך ווער באַהערשט. אין דער

הויכער ספּערע דערפיל איך די געטלעכע ענערגיע און ווער אידענטיש מיט דער געטלעכקייט; איך ווער פון איר אַרומגענומען און אַריינגענומען אין איר און דערגרייך די געטלעכע אַקטיוויטעט, האָבנדיק דערגרייכט די העכסטע הויך, איבערשטייגנדיק די באַגרייפלעכע קעניגרייך...

„די נשמה האָט אַ נאַטירלעכע ליבע צו גאָט און שטרעבט זיך צו פאַר־איייניקן מיט אים.. אין די העכערע וועלטן געפינען מיר דעם אמתן געליבטן, מיט וועמען מיר קענען זיך פאַראייניקן, ווען מיר נעמען אים אַרום און האַלטן זיך אין אים אָן: דאָרט איז מען ניט באַדעקט מיט פליייש און בלוט. דער וואָס האָט ווען עס איז דערבליקט דעם דאָזיקן געליבטן, ווייסט דעם אמת פון דעם וואָס איך זאָג, ער ווייסט, ווי אַזוי די נשמה קריגט אַ נייעם לעבן, ווען זי דערגרייכט אים און נעמט אים אַרום און נעמט אין אים אָנטייל. אין איר נייעם צושטאַנד ווייסט זי, אַז דער וואָס האָט איר געגעבן דאָס נייע לעבן געפינט זיך לעבן איר און זי נויטיקט זיך ניט אין קיין אַנדער זאַך. מען ווייסט אויך, אַז מען דאַרף אַלץ אויפגעבן און לעבן אינעם געליבטן, ווערן אַ טייל פון אים און אָראָפּוואַרפן דאָס פרעמדע, מיט וועלכן מיר זיינען אַרומ־געוויקלט. מיר דאַרפן זיך היילן צו באַפרייען פון אַלע זאַכן פון דער וועלט, זיך אָפּרייסן פון יעדער פאַרבינדונג מיט די זאַכן, מאַכן א סוף צו זיי, כדי צו קענען אַרומנעמען דעם געליבטן מיט אונדזער גאַנצער נשמה, אַז קיין איין טייל זאָל ניט איבערגעלאָזט ווערן, וואָס זאָל ניט זיין אין באַרירונג מיט גאָט. אָבער עס איז אויך מעגלעך, אַז ווען מיר זיינען אפילו דאָ אינעם קערפּער, זאָלן מיר דערבליקן ביידן, אים און זיך אַליין אויף אַזויפיל אויף וויפיל עס איז פאַר אונדז דערלויבט צו זען.

זיך זעלבסט זעען מיר באַלויכטן אין דעם גאַנצן ליכט פון דער איינ־טעלעקטואַליטעט, אָדער בעסער, ווי די ליכטיקייט אַליין, קרישטול־ריין שטייגנ־דיק אַרויף. מיר זעען זיך זעלבסט וואַרהאַפטיק ווי מיר זיינען באַשאַפן געוואָרן, מער ווי די געטלעכקייט אַליין. דעמאָלט ווערן מיר באַלויכטן. ווען אָבער מיר זינקען צו דער ערד, ווערן מיר ווי פאַרלאָשן.

„עס איז פיליייכט אַ דרייסטע באַהויפּטונג צו מאַכן, אז ווען מען געפינט זיך אין דער אינערלעכקייט פון דער פאָרשטעלונג, זעט מען אייגנטלעך ניט, זיך זעלבסט; מען קען זיך אפילו ניט פאָרשטעלן, אַנדערש פון זיך אַליין, ווערנדיק ניט קיין אייגענער איך און ניט באַלאַנגדיק צו זיך אַליין, דערגרייכט מען די געטלעכע וויזיע. און איבערגעבנדיק זיך צו דער וויזיע, ווערט מען איינס מיט איר, מען פאַלט צוזאַמען ווי די צענטערן פון די צווי צירקלען פאַלן צוזאַמען; זיי ווערן איין צענטער, הגם ווען מען צענעמט זיי, האָבן זיי צווי באַזונדערע צענטערן. מען קען זען, אַז עס איז שווער צו באַשרייבן די זעאונג; ווייל ווי קען מען איבערגעבן עפּעס, ווי אַן אונטערשייד פון זיך, ווען אין דער צייט, וואָס מען האָט איבערגעלעבט די וויזיע, האָט מען ניט געזען קיין אונטערשייד צווישן זיך און דער זעאונג, מען איז געווען איינס מיט דער זעאונג.

„אַזוי ווי ווען מ׳איז אין דער זעאונג זיינען ניטאָ קיין צווי דערשיינונגען, נאָר דער זעער און דאָס געזעענע איז איין זאַך, ניט ווי אַן עטוואָס, וואָס מ׳זעט, נאָר ווי אַן עטוואָס, וואָס איז איינהייטלעך פון זיך אַליין, איז דער, וואָס ס׳איז געווען פאַראייניקט אין דער זעאונג איז, אויב ער געדענקט עס, בלייבט ביי אים

אַ נעפּלהאַפטע פאַרשטעלונג פונעם געטלעכן. ער אַליין איז געווען איינער (אין דער וויזיע), אַן וועלכן עס איז אונטערשייד ניט אין זיך זעלבסט, ניט טראַכטנדיק וועגן זיך, אָדער וועגן דער אויסערלעכקייט. עס איז אין אים ניט געווען קיין שום באַוועגונג ניט, קיין עמאָציע, אָדער פאַרלאַנג פון וועלכער עס איז אויסערלעכער זאַך, וואָס זאָל בלייבן אין אים ווען ער שטייגט אַרויף, נאָר וועלכער עס איז דענקען, אָדער וועלכער עס איז געדאַנק, ער בלייבט אפילו ניט פאַר זיך אַליין, אויב מען קען זיך אַזוי אויסדריקן. נאָר ווי אַרומגענומען און אינספּירירט, רוט ער אַפּגעזונדערט אין זיין אומבאַוועג־טער און ניט באַאומרואיקטער עסענץ אָן וועלכער עס איז בייגונג, אָדער אפילו וועלכער עס איז רעפלעקציע וועגן זיך אַליין, רוענדיק אין אַלע היג־זיכטן, אַזוי ווי מען מען איז אַליין געוואָרן די רואיקייט זעלבסט. דעמאָלט האָט מען אפילו ניט קיין שייכות מיט דער שיינקייט, מען שטייגט זי אַריבער און מען דרינגט אַריין טיפער און טיפער אין די העכסטע הייליקייטן" (ענידס 4, טייל 8, ז. 286 א. וו.).

די „זעאונג" דערקלערט די דעפיניציע, וואָס איז אויבן געגעבן געוואָרן, אַז נעאָ־פּלאַטאָניזם איז באַשטאַנען פון אַ רעאַקציע קעגן דעם אינטעלעק־טואַליזם, ווי אַ מעטאָד צו דערגרייכן דאָס העכסטע גוט, נאָר דורך אַ מיס־טישן עקסטאַז קען מען זיך פאַראייניקן מיט דער געטלעכקייט, וואָס איז, נאַטירלעך, „דאָס העכסטע גוט". וואָלט אָבער דער נעאָ־פּלאַטאָניזם, ווי ער ווערט דערקלערט אין די „ענידס", נאָר באַשטאַנען פון „זעאונגען", וואָלטן זיי געקענט געניצט ווערן פאַר דער פאָרשונג פון דער פּסיכאָלאָגיע פון מיסטיציזם, אָבער ניט פאַר קיין אַנדער זאַך. פּלאָטינוס האָט אָבער דורכן מיסטיציזם, אויף זיין אופן, געבויט אַ סיסטעם, וואָס דאָדס זאָגט אַז „נעאָ־פּלאַטאָניזם איז געוואָרן אַ רעליגיע אינעם זין, וואָס ער האָט זיך אונטערגענו־מען צו פאַרמירן אַ פאַרבינדונג צווישן דעם מענטשלעכן און דעם געטלעכן" (זע נעאָ־פּלאַטאָניזם, ז. 15). דערפאַר ווערט ער דאָ באַהאַנדלט.

„וואָס איז מיסטיציזם"? פרעגט עדוואַרד קיירד און ער ענטפערט:

„עס איז רעליגיע אין דער העכסט־קאָנצענטרירטער און אויסדערוויילטער פאָרמע; עס איז די שטעלונג פונעם פאַרשטאַנד (מיינד) אין וועלכער אַלע אַנדערע פאַרהעלטענישן ווערן איינגעשלונגען אין דער פאַרהעלטעניש פון דער נשמה צו גאָט. דער דאָזיקער באַגריף קען ווערן מער פאַרשטענדלעך, ווען מיר דערמאָנען זיך איינעם, אָדער צוויי פונקטן פון דער נאַטור און פון דער היסטאָריע פון רעליגיע. די פאַרהעלטעניש פון דער נשמה צו גאָט — פונעם איינצלנעם, זיין באַוואוסט וועגן זיין ענדלעכקייט, צום גאַנצן אין וועלכן ער און אַלע אַנדערע באַשעפענישן זיין איינגעשלאָסן צוזאַמען, און צום פּרינציפּ אָדער זיין, וועלכער גיט די איינהייט צום גאַנצן — איז פון אָנ־פאַנג ניט קיין קלאָר דערקענטער פאַקטאָר, און געוויס ניט קיין הערשנדער פאַקטאָר אינעם באַוואוסטזיניקן לעבן פונעם מענטשן. אָבער עס איז אַלעמאָל אַנגענומען ווי אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכע זאַך אינעם לעבן; עס איז אַ פאַר־אויסזעצונג אין אונדזער באַוואוסטזיין פון דער וועלט און פון זיך זעלבסט. אונזער רעפלעקטיווער דענקען איגנאָרירט וועגן דעם, און ווען מיר אָנער־קענען עס ניט, קענען מיר ניט פאַרשטיין ניט די באַגרייפלעכע וועלט, אָדער דעם פאַרשטאַנד, וואָס ווייסט זי. מער ווי דאָס, עס איז דער פאַקט, פון וועלכן

רעליגיע אַנטשטייט; ווייל נאָר דערפאַר, וואָס די אידייע איז פונדאַמענטאַל אין אונדזער גאַנצן באַוואוסטזיין, קענען מיר ניט בלייבן צופרידן מיט באַגרע־נעצטע זאַכן, ניט אפילו מיט דער גאַנצער וועלט פון באַגרענעצטע זאַכן אַזוי פולקאָמען אין זיך זעלבסט, אָדער ווי אַ פערפעקטע צופרידנהייט פון אַלע אונדזערע פאַרלאַנגען. פאַר דער זעלבער אורזאַך קענען מיר אויך ניט געפינען קיין פולשטענדיקע רעאַליטעט, אָדער אַזאַ פערפעקטע צופרידנקייט אין אונדזער אייגענעם אינערלעכן לעבן, אָדער אין איינעם פון זיינע באַזונ־דערע צושטאַנדן" (עוואָלושאָן אָוו טהאָל. אין גרי. פילאָס., 2, 210).

קיירד, דער העגעליאַנער, ווייזט אָן אויף דער אינערלעכער פאַרבינדונג צווישן דער אידעאַליסטישער פילאָזאָפיע פונעם „אַבסאָלוט", דעם רעליגיעזן געפיל און דער מיסטישער בענקשאַפט פאַר אַ פאַראייניקונג מיט גאָט. פאַר אים איז עס אייגנטלעך אַ באַוויז פון דער ריכטיקייט פון דער אידעאַליס־טישער פילאָזאָפיע פון רעליגיע.

איז וואָס אָנבאַלאַנגט דער „ריכטיקייט" פונעם שטאַנדפּונקט איז דאָ ניט דער פּלאַץ זיך אויף דעם אָפּצושטעלן, דורך פּלאָטינוסעס מיסטיציזם איז אָבער לייכט צוצוקומען צו באַטראַכטן די פאַרבינדונג פון דער דרייאייניקייט פון מיסטיציזם, רעליגיע און אידעאַליסטישער פילאָזאָפיע: ער איז אין זיין מיסטיציזם ניט געטריבן געוואָרן דורך קיין שום דאָגמע פון אָן אַנט־פּלעקטן גאָט און פון קיין פיקסירטער רעליגיע, פאַרקערט, זיין מאַרשרוט איז געווען פון אַ פרייער מיסטישער איבערלעבונג צו אַן ענדגילטיקן מעטאַ־פיזישן פּרינציפּ („גאָט"), אָדער, אויב מען וויל, איז צו א רעליגיעזן גאָט: פילאָזאָפיע און רעליגיע זיינען געווען רעזולטאַטן פון זיין מיסטיציזם. דער מיסטיציזם אָבער זעלבסט איז אין אים געווען אַ דירעקטער רעזולטאַט פון אַן אומצופרידנהייט מיט דער רעאַליטעט פונעם פיזישן לעבן און דעם פאַר־זוך צו אַנטלויפן פון אים. מיט אַנדערע ווערטער, דער אָנהויב איז ניט פון עטוואָס פּאָזיטיוועס, נאָר פון אַן אַנטלויפן פונעם פּאָזיטיוון און אַ בענקעניש נאָך אַן „עטוואָס", וואָס איז פאַראַן „ערגעץ" וואו מען איז „ניט צוגעבונדן צום פלייש און בלוט" ווי דער לענגערער אויסצוג פון אים (פּלאָטינוסן) ציינט אויף דעם אָן. מיסטיציזם, רעליגיע און אידעאַליסטישע פילאָזאָפיע שטאַמען אַרויס פון איין מקור פון אַ „יענער וועלט" וואָס איז „בעסער" פון דער וועלט.

אין זיינע גיפאָרד לעקציעס זאָגט דין אינג וועגן ע. קיירדס אויסטייטשונג פונעם נעאָ־פּלאַטאָניזם: „איך מוז זיך אָננעמען מיט אַ גרויסן קוראַזש און זאָגן, אַז מיר דוכט זיך, אַז ער האָט זיך גענומען אויסציען פּלאָטינוסן אין זיין העגעליאַנישן סדום־בעטל און האָט אים שווידערלעך צעדרייט אינעם פּראָצעס... איך קען זיך ניט צוריקהאַלטן פון באַשליסן, אַז ער האָט אין פיל וויכטיקע פּונקטן אינגאַנצן מיסאינטערפּרעטירט די לערע פונעם גרויסן נעאָ־פּלאַטאָניקער" באנד 1, ז. 19).

קומט פּאַול עלמער מור, אויך אַ פאָרשער פונעם העלעניזם, און זאָגט: „אינגס פילאָזאָפיע פון פּלאָטינוסן איז, לויט מיין מיינונג, אינגאַנצן פאַלש דורך דעם, וואָס ער האָט פאַרפעלט צו באַמערקן דעם ראַדיקאַלן אונטערשייד צווישן פּלאַטאָניזם און נעאָ־פּלאַטאָניזם" (העלעניסטיק פילאָסאָפיעס, ז. 172).

אַזוי זאָגט אינג, אַז קיירד האָט ניט ריכטיק פאַרשטאַנען פּלאָטינוסן און מור זאָגט, אַז אויך אינג האָט אים ניט פאַרשטאַנען... איצט דאַרף קומען אַ נייער פאַרשער און זאָגן, אַז מור האָט אים ניט פאַרשטאַנען און מען קען זיין זיכער, אַז ער וועט קומען...

עס איז שווער צו גלויבן, אַז ע. קיירד, א גיפאַרד לעקטאָר, וועמען אינג רופט אָן דער גאון פון זיין דור, זאָל ניט פאַרשטיין זיין אייגענעם פאַך (זיינע גיפאַרד לעקציעס באַשטייען פון דער אַנטוויקלונג פון טעאָלאָגיע אין דער גריכישער פילאָזאָפיע), נאָך שווערער איז צו גלויבן, אַז דין אינג זאָל ניט פאַרשטיין פּלאָטינוסן; ער איז איינער פון די טיפסטע דענקער, וואָס ענגלאַנד פאַרמאָגט און, ווי ער זאָגט, האָט ער שטודירט פּלאָטינוסן 17 יאָר. זיינע צוויי בענדער גיפאַרד לעקציעס וועגן פּלאָטינוסעס פילאָזאָפיע ווערן אָנגענומען פאַר אַ קלאַסישער אַרבעט. אָבער ווען מען קוקט אַריין אין די „ענידס", זעט מען, אַז עס איז ניט קיין פראַגע וועגן פאַרשטיין, נאָר וועגן אויסטייטשן, איז נאַטירלעך, אַז יעדער איינער זאָל זיי אויסטייטשן לויט זיינע אייגענע סימפּאַ־טיעס..

אין די עטלעכע באַמערקונגען וועגן פּלאָטינוסעס פילאָזאָפיע, וואָס וועלן געמאַכט ווערן, וועט מור נאָכגעפאָלגט ווערן, ווייל זיין צוגאַנג איז אַ קריטישער און ווייל, ווען עס איז אַ פראַגע פון סימפּאַטיע קלייבט מען אויס דאָס, מיט וואָס מען סימפּאַטיזירט...

לויט מורן הויבט זיך פּלאָטינוסעס פילאָזאָפיע אָן און ענדיקט זיך מיט א שטאַרקן, מען קען זאָגן, אַ קראַנקהאַפטן געפיל קעגן דעם מיזערנעם לעבן אויף דער ערד. זיין געמיט־צושטאַנד איז ווי פון איינעם, וועמען עס כאַפּט אָן אַ גרויל וועגן דער אונטערטעניקייט פון דער נשמה צו אירע אייגענע פאַרדאַרבענע און אומריינע פאַרלאַנגען און אויף די אומענדלעכע ענדערונגען און דער ניט זיכערקייט פון די וועלטלעכע אינטערעסן און מיט אַ טויט, וואָס הענגט איבער אַלץ. אונטער אַזעלכע אומשטענדן, איז לויט זיין מיי־נונג, דאָס לעבן ניט מער ווי אַ „פאַרשווענדונג פון גייסט אין אַ סקאַנדילעזער פּוסטקייט". אָבער דער פאַקט, וואָס מען באַזיצט אַזאַ געפיל, האָט אים גע־פירט צו דער איבערצייגונג, אַז אין דער נאַטור איז פאַראַן אַן עטוואָס פון אַן אומענדלעכער ריינקייט און דעם מענטשנס נשמה פילט און שטרעבט צו דעם. און „אַזוי ווי אויף דער ערד פאַראַדירט דאָס שלעכטע ווי אַ נוי־טיקער באַדינג" איז „דער איינציקער וועג צו אַנטלויפן דערפון, דערווערבן די הימלישע אייגנשאַפטן, דורך וועלכע מיר קענען ווערן געטלעך" (ענידס 1, 11, 1).

דאָס שטרעבן צו גאָט איז אַן איינגעוואָרצלטע אייגנשאַפט אין אונדזער נאַטור, ווייל „דאָס פאָטערלאַנד, וואו דער פאָטער געפינט זיך, איז ניט דאָ, נאָר דאָרט פון יענער זייט דעם דאָ" (ענידס).

דורך דריי וועגן קען די נשמה קומען צו גאָט: עסטעטישער, עטישער און אינטעלעקטועלער (דאָס שיינע, גוטע און אמתע פירט צו גאָט).

קאָן מען מיינען, אַז די וועגן זיינען ערדישע, וועט מען מאַכן א טעות, ווייל „עס זיינען פאַראַן ריינערע און מער דערהאָבענערע שיינקייטן פון די, וואָס דאָס אויג קען זען און דער אויער קען הערן, אַנטציקנדע כוחות וואָס זיינען באַ־האַלטן פון דער מערהייט. ווייל ניט די, וואָס זיינען געבוירן געוואָרן בלינד,

דאַרפןריידן וועגן די פּראַקטיקע פאַרמען פון דער מאַטעריעלער וועלט, וואָס איז פאַר זיי פאַרוויקלט אין אַ פינצטערניש, אַזוי איז פאַראַן אַ שייכות פון באַנעמונג און קענטעניש און אַן אָרדענונג, וועגן וועלכן עס דאַרפן שווייגן די, וואָס האָבן ניט קיין אַכטונג פאַר אַזעלכע זאַכן... אַזאַ זעאונג איז נאָר רעזערווירט פאַר אַזעלכע, וואָס קענען זען מיטן אויג פון דער נשמה. און ווען זיי ווען עס דערבליקן, וועלן זיי זיך דערפרייען און אַ פאַרלאַנג וועט זיי אַרומנעמען, וואָס איז ניט קיין ליידן. ער וועט זיי אָנרעגן טיפער פון אַלע קאָלירן און פאַרמען אין דער וועלט.

און נאָך העכער דערפון באַוועגט זיך די שיינקייט — דאָס איינזאַמע רו־פּלאַץ פון עקזיסטענץ, דאָס גוט, דער ניט־פאַרגלייכלעכער קוואַל, די פאַר־באָרגענע האָפענונג פון יעדן האַרץ. און דער יעניקער, וואָס וועט וויסן די זעאונג — מיט וואָס פאַר אַ ליידנשאַפטלעכער ליבע ער וועט פאַרכאַפּט ווערן, מיט וואָס פאַר אַ וואונדערלעכער אַנטציקונג, מיט וואָס פאַר אַ בענקעניש וועט ער שטרעבן צוזאַמענצושמעלצן זיך אין איין איינהייט דערמיט!... אָבער וואָס זאָל מען טאָן? ווי אַזוי זאָל מען זיך צוגרייטן צום שווערן וועג? אַזוי ווי עס זיינען פאַראַן רייניקונגען און צוגרייטונגען פאַר די, וואָס דער־נעענטערן זיך צו אַ הייליקער מיסטעריע אַזוי איז מיט די, וואָס ווילן דער־גרייכן דאָס הייליקע פּלאַץ פון דער שיינקייט. דער וואָס האָט כוח זאָל אַרויפ־שטייגן, זיך צוריקציען אין זיך אַליין, לאָזן אויסער זיך אַלץ וואָס דאָס אויג קען זען, זיך אָפּקערן פון די פאַרגעניגנס וואָס האָבן אים פריער פאַר־שקלאַפּט. נאָך די וועט ער שוין מער ניט שטרעבן, ווייל ער ווייסט, אַז זיי באַשטייען פון קאָפּיעס, פון אָפּפאַלן, פון שאָטנס און זיין פאַרלאַנג איז צו דער רעאַליטעט״ (לויט מורן, 182־183).

אַזוי ווי דער וועג פון שיינקייט, אַזוי איז דער וועג פון גוטסקייט און דער וועג פון אמת, די אַלע וועגן פירן צו דער פולקאָמענהייט, וואָס איז אַן איינהייט אין וועלכער אַלץ גיסט זיך צוזאַמען: דאָס איז גאָט. „ער״ איז אָבער „דאָרט״ און ניט דאָ, דאַרף מען שטרעבן צו פאַרלאָזן דעם דאָ און זיך פאַראייניקן מיטן „דאָרט״ (דעם שטאַנדפּונקט האָט אָנגענומען דער קריסטנ־טום)...

דאָס איז אַ חלום פון אַ פּאָעטיש־מיסטישער פאַנטאַזיע, וועט זאָגן אַ רעאַליסטיש־געשימטער מענטש, וואָס פאַר אַ שייכות האָט עס מיט דער רעאַליטעט אין וועלכער מענטשן לעבן? דער מיסטיקער אָבער און דער רעליגיעז־געשטימטער אידעאַליסטישער דענקער, וואָס סימפּאַטיזירט מיט אים, דענקט אַנדערש. אָט זאָגט בערגסאָן: „לויט אונדזער מיינונג איז דער אול־טימאַטיווער סוף פון מיסטיציזם צו עטאַבלירן אַ באַרירונג, פאָלגלעך, אַ טיילווייזן צוזאַמענקונפט מיט דער שאַפנדער קראַפט, וואָס לעבן זעלבסט מאַניפעסטירט. די קראַפט קומט פון גאָט, אויב זי איז ניט גאָט אַליין. דער גרויסער מיסטיקער דאַרף באַטראַכט ווערן ווי אַ וועזן, וואָס קען אַריבער־שטייגן די באַגרענעצונגען, וואָס זיינען אַרויפגעלייגט געוואָרן אויפן מענטשן דורך זיין מאַטעריעלער נאַטור, אַזוי קען ער אָנהאַלטן און אויסברייטערן די הייליקע אַקטיוויטעט. דאָס איז אונדזער דעפיניציע. מיר זיינען פריי זי אָנצונעמען אויב זי קען באַנוצט ווערן און זיין פּאַסיק און אין אַ באַשטימטן פאַל. וואָס אָנבאַלאַנגט פּלאַטינוסן איז קיין צווייפל ניט וועגן דעם ענטפער.

„אים איז געגעבן געוואָרן די דערלויבעניש צו קוקן אויפן צוגעזאָגטן לאַנד, אָבער ניט אַרויפצושטעלן אַ פוס אויף דעם. ער האָט דערגרייכט אַזוי ווייט, וואו דער עקסטאַז קען גרייכן, אַ צושטאַנד אין וועלכן די נשמה פילט זיך זעלבסט, אָדער זי דענקט אַז זי פילט זיך, אין דער אַנוועזנהייט פון גאָט און זיין באַשטראַלט פון זיין ליכט. ער האָט ניט דערגרייכט פון יענער זייט פון דעם צושטאַנד, ער האָט ניט דערגרייכט דעם פונקט וואו, ווען דער טראַכטן ווערט פאַרשלונגען פון אַקטיוויטעט, ווערט דער מענטשלעכער ווילן איינס מיטן געטלעכן ווילן" (זע מאָראַליטי ענד רעלידזשאַן, ז. 209־210).

דאָס לעצטע, האָבן לויט בערגסאָנס מיינונג, ערשט דערגרייכט די קריסט־לעכע מיסטיקער, וואָס האָבן זיך אינגאַנצן אָפּגעזאָגט פון דענקען און האָבן זיך איבערגעגעבן צום טיפסטן מיסטיציזם. לויט זיין מיינונג, איז פּלאָטינוס, אַלס גריך, געווען צופיל אינטעלעקטואַליסטיש, האָט ער זיך געשראָקן אַראָפּצונידערן טיפער אינעם מיסטיציזם און דערפאַר האָט ער נאָר געקוקט אויפן צוגעזאָגטן לאַנד און ניט אַראָפּגעשטיגן אויף אים. די קריסטלעכע מיסטיקער האָבן „אַראָפּגעשטיגן" אויפן לאַנד...

אָבער צוריק צו פּלאָטינוסן. זיין וועלט־אַנשויאונג איז אינגאַנצן גע־ווען באַהערשט פון דער „רעאַליטעט", וואָס ער האָט „דערבליקט" אין דעם עקסטאַז־צושטאַנד, אין וועלכן ער האָט געמוזט אַריינפאַלן מער ווי די פיר מאָל, אין וועלכע פאַרפירוס האָט אים געזען פאַר די זעקס יאָר, וואָס ער איז געווען צוזאַמען מיט אים. אַלס ביישפּיל, וואָס ער האָט „געזען", ווען ער איז אַריינגעפאַלן אין עקסטאַז, קען דינען דער פריער־געגעבענער לאַנגער אויסצוג און אויך דער עקזאַלטירטער צושטאַנד, וועלכן מען האָט באַמערקט קוקנדיק אויף אים, די אַזוי אָנגערופענע „נבואה", וואָס מען האָט אַראָפּגעלייענט פון זיין פּנים... לויט זיין איבערלעבונג, האָט ער באַשריבן די „רעאַליטעט". זי באַשטייט פון גאָט, דעם „לאגוס" (עמאַנאַציע), גראַדאַציעס פון „אַלגע־מיינע נשמות", „אינטעלעקטועלע נשמות", „הייליקע נשמות" א. אַז. וו. (זע ענידס, 3־5).

כדי דער ענין זאָל ניט אויסקוקן משנוהדיק ווילד, וועט דערקלערט ווערן דער עקזאַלטירטער עקסטאַז־צושטאַנד און ווי אַזוי ער ווירקט. פּסי־כאָלאָגיש ווערט דער טערמין עקסטאַז דעפינירט ווי אַן עקסטרעמער עמאָ־ציאָנעלער צושטאַנד אין וועלכן די געפילן איבערוועלטיקן פולשטענדיק דעם פאַרשטאַנד און סוספּענדירן אים, שאַפן אים אָפּ. די דאָזיקע אייגנ־שאַפט אַריינצופאַלן אין אַזאַ עקסטרעמען עמאָציאָנעלן צושטאַנד, קען קול־טיווירט ווערן פון דעם קלאָס מענטשן, וואָס האָבן א נייגונג צו טרוימען, ווען די זיינען וואַך (דיי דרימער). אין דעם אָריענט, ספּעציעל אין אינדיע, איז די אייגנשאַפט, אַריינצוברענגען זיך אין אַן עקזאַלטירטן צושטאַנד, גאַנץ היפּש פאַרשפּרייט. די דאָזיקע אייגנשאַפט קען אָננעמען פאַרשיידענע פאָר־מען; אייניקע מענטשן קענען זיך היפּנאָטיזירן אויף אַזויפיל, אַז זיי זאָלן פאַרלירן דעם באַוואוסטזיין.

פּראָפעסאָר פּראַט באַשרייבט דעם פּראָצעס ווי פאָלגט: „די אַנטוויקלונג פון עקסטאַז קען קורץ סומירט ווערן ווי אַ גראַדיקער פּראָצעס אונטער־צושטעלן אַן עמאָציאָנעלן צושטאַנד פאַר אַן אידייאיִשן און צו דער זעלבער צייט פאַרשמעלערן דעם פּראָצעס פון דעם פעלד פון באַוואוסטזיין. מער און

מער ווערט דער פאַרשטאַנד אויסגעשלאָסן פון דער אויסערלעכער וועלט; ער „ציט זיך צוריק" און פאַרשליסט די טירן פון זיינע חושים (צו נוצן אַ געוויינטלעכן אויסדרוק). די אינערלעכע איניקייט ווערט מער אָנגעשטרענגט. דער אָביעקט פון דעם באַוואוסטזיין האַלט אין איין פאַרלירן זיין פאַרשיידנ־אַרטיקייט און די ענדערונגען ווערן אַלץ וויניקער און גראַדיקער.

די אידייעס, וואָס בלייבן, ווערן אַלץ שוואַכער און טונקעלער און עמאָ־ציעס פאַרנעמען זייער פּלאַץ. זיי קריגן אַלץ אַ גרעסערע באַדייטונג. דער אידעאַלער גרענעץ, צו וועלכן דאָס פירט, איז אַ צושטאַנד פון כמעט ריינער עמאָציע, וואָס פאַרשווינדט צוביסלעך און גיט זיך אונטער אונטער אַ פול־קאָמענעם אומבאַוואוסטזיין" (זע די רעלידזשעוס קאַנשעאזנעס, ז. 397).

די רעליגיעזע מיסטיקער „דערנעענטערן" זיך אַזוי אַרום צו גאָט: „זיי שליסן אויס פון זייער פאַרשטאַנד אַלץ, אויסער דער אידייע פון גאָט אין פאַרבינדונג מיט דער עמאָציע פון פרייד און ליבע. די לעצטע פילן אַן דעם פאַרשטאַנד, אויסשליסנדיק אַלץ, און זיי פאַרשמעלצן זיך אין אַן איינהייט־לעכער גאַנצקייט. עס איז ניט וואָס דער מיסטיקער גלויבט, אַז גאָט איז אָנוועזנד, ער פילט די פאַראייניקונג פון גאָט מיט זיין נשמה, אַזוי אַז די די־רעקטע וואַכזאַמקייט, מיט דער שטאַרקער עמאָציע, וואָס גייט מיט איר מיט, לאָזט ניט קיין פּלאַץ אין זיין באַוואוסטזיין פאַר קיין אַנדער זאַך" (דאָרט, ז. 396). די „הייליקע טערעזע (געלעבט אינעם אָנהויב פונעם 16טן יאָר־הונדערט), וואָס האָט געליטן פון היסטערישע אָנפאַלן פון קינדהייט אָן, האָט אַזוי עראָטיש באַשריבן איר „פאַראייניקונג" מיט קריסטוסן, אַז מען האָט זי פיל יאָרן נאָכן טויט ניט אַריינגענומען צווישן די „הייליקע", מען האָט געזאָגט, אַז דער „טייוול" האָט זיך מיט איר „פאַראייניקט" און ניט קריסטוס... אָבער ענדלעך האָט מען זי אַריינגענומען צווישן די „הייליקע". אָט וואָס זי זאָגט: „גאָט באַפעסטיקט זיך אין איינעמס נשמה אויף אַזאַ אופן, אַז ווען די נשמה קערט זיך אום צו זיך איז אוממעגלעך צו צווייפלען, אַז גאָט איז געווען אין איר און זי אין אים. די זיכערקייט בלייבט אַזוי שטאַרק איינגע־קריצט אין איינעמס פאַרשטאַנד, אַז ווען מען זאָל שוין אפילו פאַר פיל יאָרן ניט דערהויבן ווערן צו אַזאַ צושטאַנד נאָכאַמאָל, קען מען ניט פאַרגעסן די טובה, ווען מען האָט געקראָגן, אָדער מען זאָל צווייפלען אין איר רעאַליטעט" (דאָרט, זז. 412־413). ווען מען קריגט די „טובה", וועט אַ צווייטער „היי־ליקער" זאָגן ווי אַזוי מען פילט. ער זאָגט: „ענדלעך באַהערשט די ליבע און זי ווערט פאַראייניקט מיטן גוטן הייליקן ווילן. די נשמה קימערט זיך וויניקער וועגן דער אויסמיידונג פונעם גיהנום און געווינען דעם הימל און מער וועגן צופרידנשטעלן איר טייערן געליבטן. איר פאַרלאַנג איז זיך באַפרייען פון אַלץ, וואָס איז ניט גאָט און אפילו אויפצוגעבן די וועלט און דאָס לעבן, כדי זיך קענען פרייען אין דער אָנוועזנהייט פון גאָט פולקאָמען, אומגעשטערט און ניט שיידבאַר" (דאָרט, 395). אָדער נאָכאַמאָל טערעזע: „עס איז אַ זיסער געפיל די אָנוועזנהייט פון גאָט אין זיין ליבע, וואָס גיט דער נשמה אַזאַ גרויסן פאַרגעניגן און פאַראייניקט זיך אַזוי שטאַרק מיט איר, אַז מען קען ניט אָפּגעטיילט ווערן... אַלע אַנדערע פאַרגעניגנס, אויסער דעם, וואָס מען געניסט מיט גאָט, זיינען נאַריש" (דאָרט, 416).

וואָס עס וואַרפט זיך שטאַרק אין די אויגן אין די אַלע באַשרייבונגען וועגן דער „ליבע" איז זייער עראָטישער כאַראַקטער; פּראָפעסאָר לאָבע, אַן אַנערקענטער אויטאָריטעט אין דער פראַגע, זאָגט: „ווער עס האָט געלייענט די מיסטיקער, האָט געמוזט שאָקירט און סקאַנדאַליזירט ווערן פון דעם עראָטישן כאַראַקטער פון זייער שפּראַך און זייערע בילדער... דער פאַרקער פון גאָט מיט מענטשן ווערט פון די מיסטיקער פאַרגעשטעלט אויסשליסלעך אין טערמינען פון געשלעכטלעכער ליבע. די טערמינען „געליבטער", „מיין מאַן" (אָדער ווייב) באַצייכענען קריסטוסן און אויך גאָט ווען מען מישט צוזאַמען מיט זיין זון. די פריילין איז „די אומפאַרגלייכלעכע געליבטע", „די טאָכטער פון פאַרגעניגן", „מיין ניט פאַרגלייכלעך טייבעלע", „איך נעם דיך אַרום מיט ליידנשאַפטלעכער ליבע", „איך ווער פאַרזונקען אין דער ליידנשאַפטלעכער ליבע" א. אַז. וו. (417).

די עראָטישע שפּראַך איז ניט קיין צופאַל; דער פאַקט וואָס זי איז דער כלל און ניט קיין אויסנאַם ציינגט אַן אויפן כאַראַקטער פונעם עקסטאַז... די שפּראַך באַשרייבט אים ריכטיק. פּאַקטיש גיבן עס די מיסטיקער אליין צו ניט נאָר דורך דער עראָטישער שפּראַך, נאָר ספּעציעל מיטן אונטערשטרייכן אַז די אָנוועזנהייט און די פאַראייניקונג פון „גאָט" מיט זייער „נשמה" איז ניט באַזירט אויף גלויבן, נאָר אויף אַן איבערלעבונג, אויף אַזאַ שטאַרקן געפיל וואָס שטייגט אַריבער אַלע אַנדערע געפילן — ווי די „הייליקע" טערעזע זאָגט: „ס'איז אוממעגלעך צו צווייפלען אַז גאָט איז געווען אין מיר און איך אין אים". דער ענין איז אַ גאַנץ איינפאַכער: מען האָט דאָ צו טאָן מיט אַן עראָטישער איבערלעבונג... נאַטירלעך, אַז דאָס איז אַ רעאַליטעט וואָס קען ניט פאַרגעסן ווערן...

די מיסטיקער אינטערפּרעטירן נאָר אָט די דאָזיקע רעאַליטעט פאַלש. פאַרשטייט זיך, אַז זיי טוען עס ניט אַבזיכטלעך, זיי פאָלגן נאָך די דירעקטע ליניע פון זייער אויסגאַנגס-פּונקט. זייער אַבזיכט איז געווען זיך פאַראייניקן מיט גאָט דורך די עמאָציעס פון פרייד און ליבע; זייער גאַנצער עמאָציאָנעלער וועזן איז געווען עקזאַלטירט פון אָט די געפילן צו „אים"... איז ווען די עמאָציאָנעלע איבערלעבונג האָט זיי איבערגעוועלטיקט, האָט ביי זיי ניט געקענט זיין קיין שום צווייפל אַז „גאָט" האָט זיך „באַהעפט" מיט זיי...

אום צו באַגרייפן דעם כאַראַקטער פונעם מיסטישן עקסטאַז דאַרף מען זיך באַקענען מיטן פּסיכישן צושטאַנד פונעם מיסטיקער (ספּעציעל פונעם קריסטלעכן מיסטיקער, אין וועלכן די „ליבע" צו גאָט האָט פאַרנומען דעם פּלאַץ פון דער נאַטירלעכער ליבע...), מיט זיין מעטאָד ווי אַזוי ער האָט געזוכט „גאָט" און וואָס ער האָט געפונען. מיסטיקער אין אַלגעמיין זיינען עמאָציאָנעלע נאַטורן, געוויינטלעך זיינען זיי היסטעריקער וואָס ליידן פון האַלוצינאַציעס, אפילו פון „טראַנסן" (היסטערישער פאַרלוסט פון באַוואוסטזיין. זע פּלאָטינוס און די „הייליקע" טערעזע), אָדער אַזוינע צושטאַנדן איז אין זיי לייכט אַרויסצורופן. זיי זיינען עס די טיפּן מענטשן, וועלכע ס'איז לייכט זיי היפּנאָטיזירן און אין וועלכע עס „כאַפּט זיך אריין אַ דיבוק"... ניט נאָר „גאָט" כאַפּט זיך אין זיי אַריין, נאָר אויך דער „טייוול". פּסיכאָלאָגיש מיינט עס פּשוט אַז די מענטשן היפּנאָטיזירן זיך זעלבסט, זיי שליסן אויס פון זייער באַוואוסטזיין יעדן מעגלעכן געדאַנק און געפיל, אויסער „גאָט" אין פאַר-

בינדונג מיט דער עמאָציע פון ליבע און פּאַרגעניגן... פּשוט, זיי קולטיווירן אַן עראָטישן געפיל. מען דאַרף ניט פאַרגעסן, אַז „גאָט" איז פאַר זיי ניט קיין מעטאַפיזישער באַגריף, נאָר אַ קאָנקרעטע עקזיסטענץ, וועלכע מען קען אָנרופן מיין געליבטער, מיין מאַן (אָדער ווייב), מיין „ניט־פאַרגעסלעך טייבעלע", „איך נעם דיך אַרום מיט ליידנשאַפטלעכער ליבע", „איך ווער פאַרזונקען אין דער ליידנשאַפט פון ליבע" א. אַז. וו. אַזוי רעדט מען ניט צו קיין פילאָזאָפישן באַגריף, נאָר צו אַן „עפּעס" וואָס מען שטעלט זיך פאָר אין בלוט און פלייש...

צו דער „הייליקער" טערעזע איז ניט געקומען קיין מעטאַפיזישער פּרינ־ציפּ, נאָר קריסטוס גופא אָט ווי „ער שטייט און גייט"; זי האָט אים „געזען" מיט אירע אויגן, זי האָט אים „געהערט" ריידן און ווען ער האָט זיך „באַהעפט" מיט איר, האָט זי „דערפילט זיין הייסע ליבע". (זי באַשרייבט, אַז נאָכדעם ווי זי האָט געקוקט אויף זיין בילד מיטן אָפענעם און פאַרבלוטיקטן האַרץ, האָט איר שטאַרק פאַרקלעמט דאָס האַרץ, זי האָט עפּעס שטאַרקעס דער־פילט און איבערגעלעבט און ווען זי איז געקומען צו זיך אין צימער און האָט זיך אָוועקגעלייגט און פאַרמאַכט די אויגן, האָט זי אים דערזען אין זיין פּראַכט און דערנאָכדעם דערפילט די באַהעפטונג...). מען דאַרף ניט פאַר־געסן, אַז ניט קריסטוס און ניט זיין מוטער זיינען פאַר די קריסטן געווען אַבסטראַקטע אידייעס, נאָר פאַרקערפּערטע וועזנס וועמעס בילדער זיי האָבן שטענדיק געהאַט פאַר זייערע אויגן.

מען דאַרף אויך ניט פאַרגעסן, אַז איינע פון די אורזאַכן פאַר דער שנעלער פאַרשפּרייטונג פונעם קריסטנטום, איז געווען דער פאַקט, וואָס ער האָט געהאַט אַ פאַרקערפּערטן גאָט, וועמען מען האָט געקענט זען מיט די אויגן. איבערהויפּט האָט מען צו יענער צייט ניט געהאַט קיין באַגריף וועגן קיין אַבסטראַקטן גאָט. די אידן זיינען געווען די איינציקע, וואָס האָבן גע־דינט צו אַן אַבסטראַקטן גאָט. האָט מען זיי טאַקע ניט פאַרשטאַנען, מען האָט זיי אויסגעלאַכט.

ווען דער רוימישער קריגס־פירער, פּאָמפּיי, איז אריין אינעם קדשי־קדשים און האָט דאָרט גאָרניט געפונען, איז ער אַרויס און האָט מיט איבער־ראַשונג אויסגעשריען: „קיין שום געטלעך בילד איז דאָרט ניטאָ, בלויז אַ שטילע און פּוסטע ליידיקייט" (זע גיבאָן, היסטאָריע אָוו קריסטיאַניטי, ז. 114).

אפילו פּלאָטינוס, וואָס איז אַן צווייפל געווען אַ טיפער דענקער, איז אַריינגעפאַלן אין עקסטאַז אין טעמפּל, ווען ער האָט געקוקט אויף די געטער. דער אויבן־געבראַכטער לענגערער אויסצוג, וועגן זיין איבערלעבונג, ווען ער האָט זיך פאַראייניקט מיט גאָט, איז פאַרגעקומען אינעם טעמפּל, ווען ער האָט געקוקט אויף די געטער. אָבער אַזוי ווי ער איז געווען אַ מיסטיש־פּאָעטישע נאַטור און האָט געהאַט אַ טיפע פאַראַכטונג צום קערפּער און צו אַלץ קערפּערלעכעס, האָט ער סובלימירט די עראָטיק אויף אַזאַ אופן, אַז זי האָט פאַרלוירן דעם געשלעכט־מאָמענט.

אין דער פאַרבינדונג וועט פּילייכט ניט זיין אויסער פּלאַץ צו דער־מאָנען, אַז אין די אָריענטאַלישע פאָרמען פון „גאָטעס־דינסט" האָט דער גע־שלעכט־מאָמענט געשפּילט אַ גרויסע ראָלע... אָבער ווי ס׳קוקט אויס, איז די פאַרבינדונג צווישן רעליגיעזן עקסטאַז און געשלעכטלעכער עראָטיק ניט

באַגרענעצט מיטן אַמאָל, אַז אויך איצט עקזיסטירט אַזאַ פאַרבינדונג. אַט שרייבט מאָריס קאָהען אין אַרטיקל וועגן „די טונקעלע זייטן פון רעליגיע" אין אַ בוך, וואָס איז רעדאַקטירט פון אַ טעאָלאָג, וואו ער זאָגט, אַז „דער צוזאַמענברוך פון דער מאָראַל איז אַ רעזולטאַט פון היסטעריע, וואָס ווערט אַרויסגעבראַכט פון די וואַנדערנדע פּריידיקער, וועלכע ווילן אַרויסרופן רעליגיעזע התלהבות, דאָס פירט אָפט צו געשלעכטלעכע וואַקכאַנאַליעס" (זע רעלידזשאָן טודיי, ז. 97).

פאַרשטייט זיך, אַז ס'איז אַן אַבסורד צו רעדוצירן רעליגיע צו געשלעכט, ווי ענטוזיאַסטישע פּרוידיאַנער פּרובירן עס טאָן; אַז ס'איז אָבער פאַראַן מער ווי אַ נאָענטקייט אינעם „עקסטאַז" פון ביידע איבערלעבונגען איז אויך ניט קיין צווייפל...

ס'קלינגט זייער נאַאיוו דער פאַרזוך פון פּראָפעסאָר פּראַט צו דער־קלערן די עראָטישע שפּראַך פון די מיסטיקער דורך דעם, וואָס קיין אַנדער אויסדרוקס־פאָרמע האָבן זיי ניט געהאַט (אַזוי ווי אויסער דער עראָטישער פאָרמע קען מען זיך ניט אויסדרוקן) און אַז זיי האָבן גענומען שיר־השירים פאַר אַ ביישפּיל, אַ בוך, וואָס איז געוויינטלעך געלייענט געוואָרן פון די מיס־טיקער. אַז דאָס פאַרקערטע האָט געקענט טרעפן: אַז די מיסטיקער האָבן געלייענט שיר־השירים דערפאַר, וואָס די באַשרייבונגען האָבן גענערט זייער עראָטיק... אַזאַ געדאַנק פאַלט אים ניט איין...

פון די עטלעכע באַמערקונגען דאַרף מען ניט ציען קיין שלוס, אַז דער קריסטנטום האָט מאָנאָפּאָליזירט דעם מיסטיציזם, אָדער אַז דער קריסטנטום איז עראָטיש. אַזאַ שלוס וואָלט געווען פאַלש. אָבער אַז די „ליבע" אינעם קריסטנטום און די מיסטיק אינעם קריסטנטום און אין דער פילאָזאָפיע האָבן געשפּילט צווייפלהאַפטע ראָלן איז אַן וועלכן ס'איז צווייפל. די רעליגיע וואָלט געווען ריינער אָן דער „ליבע" צו גאָט און די פילאָזאָפיע וואָלט געווען פאַרשטענדלעכער, ווען זי לאָזט דעם מיסטיציזם איבער צו דער פּסיכאָלאָגיע, וואו ער באַלאַנגט.

מען נעמט אָן, אַז דער נעאָ־פּלאַטאָניזם איז באַשטאַנען פון דעם לעצטן פאַרזוך פון דער פּאַגאַניסטישער וועלט זיך שטעלן קעגן דעם אַנטוויקלענדן קריסטנטום. פאָרמעל איז עס ריכטיק: דער נעאָ־פּלאַטאָניזם איז ווירקלעך באַשטאַנען פון אַ פאַרזוך זיך צו שטעלן קעגן דעם קריסטנטום. פאַקטיש אָבער האָט דער פאַרזוך ניט געהאַט און האָט אויך ניט געקענט האָבן קיין שטאַנד־האַפטיקייט: דער נעאָ־פּלאַטאָניזם איז געווען געשניטן פון דעם זעלבן געוואַנט, וואָס דער קריסטנטום, האָט ער ניט געהאַט וואָס אים קעגן צו שטעלן... ביידע באַוועגונגען, דער נעאָ־פּלאַטאָניזם און דער קריסטנטום, זיינען באַשטאַנען פון אַן אַנטלויפן פון דער רעאַליטעט פון דער וועלט. דער קריסטנטום איז נאָר „געלאָפן" שנעלער און ווייטער, האָט ער געוואונען דעם געיעג („רייס").

האַרנאַק זאָגט, דער נעאָ־פּלאַטאָניזם איז ניט געוואָרן קיין רעליגיע דערפאַר, וואָס ער איז געווען צופיל ספּעקולאַטיוו, אים האָט געפעלט אַ צענטראַלער געדאַנק אַרום וועלכן ער זאָל קענען געווען אַרומוועבן זיינע עמאָציעס און פאַנטאַזיעס און ס'האָט אים געפעלט אַ פּראַקטישער גרינדער און פירער, ווי פּאָעל איז געווען (זע נעאָ־פּלאַטאָניזם, ענציקלאָפּעדיע ברי־

טאַניקאַ, 10טע אויסגאַבע). דער קריסטנטום האָט דאָס אַלץ געהאַט, האָט ער באַזיגט דעם נעאָ־פּלאַטאָניזם און איז געוואָרן דער הערשער פון דער וועלט.

ס'ווערן אָנגעגעבן פאַרשיידענע אורזאַכן פאַרוואָס דער קריסטנטום האָט זיך אַזוי שנעל פאַרשפּרייט. יעדע איינע פון די אורזאַכן אַנטהאַלט אין זיך אַ טיילווייזן אמת; די וויטכיקסטע אורזאַך איז אָבער אָן שום ספק געווען די משיח־אידייע, אַז די „הימלישע קעניגרייך" דאַרף קומען צו יעדער מינוט...

אַזעלכע אויסרופן ווי „קוקט און זעט ער קומט פון די וואָלקנס; יעדעס אויג וועט אים זען. עס וועלן אים אפילו זען די יעניקע וואָס האָבן אים געשטאָכן. קוקט און זעט ער קומט גלייך: די שעה פאַר זיין וועלט־געריכט האָט געשלאָגן" (יוהאַן דער מחבר פון אַנטפּלעקונגען אינעם ערשטן יאָר־הונדערט) האָבן געמוזט האָבן אַ געוואַלדיקע ווירקונג. גיבאָנס זאָגט: „די ערשטע קריסטן זיינען געווען אָנגעצונדן מיט אַזאַ פאַראַכטונג פאַר דער קעגנווערטיקער עקזיסטענץ און מיט אַזאַ אויפריכטיקן גלויבן אין דער אומשטערבלעכקייט, אַז ס'איז אַ צווייפל צי אַ מאָדערנער מענטש קען עס פאַרשטיין... ס'איז געווען דער אַלגעמיינער גלויבן, אַז ס'איז געקומען אַ סוף צו דער וועלט און אַז די הערשאַפט פון דער הימלישער קעניגרייך קומט היינט מאָרגן" (היסטאָריע אָוו קריסטיאַניטי, 140).

מען האָט זיך געשראָקן פאַרן יום־הדין און מען איז געוואָרן קריסטן. און פאַרוואָס צו שרעקן זיך איז געווען, ווי אַן אויסצוג פון טערטוליאַנען (געלעבט אינעם צווייטן יאָרהונדערט) וועט עס באַווייזן. ער ווענדט זיך צו דער פּאַגאַניסטישער וועלט און זאָגט: „איר האָט ליב ספּעקטאַקלען, אָט וועט איר קריגן דעם גרעסטן ספּעקטאַקל פון אַלע, דעם לעצטן יום־הדין פון דער וועלט. אָי! ווי כ'וועל באַוואונדערן, אָי! ווי כ'וועל לאַכן; ווי כ'וועל זיין גליקלעך פון פרייד און וועל טריאומפירן, ווען איך וועל זען אַ סך שטאָלצע קעניגן, פּרעטענדירנדע געטער וועלן קרעכצן אינעם אָפּגרונט פונעם גיהנום פינצטערניש, וואו די רעגירער, וועלכע האָבן פאַרפאָלגט דעם נאָמען פונעם האַר, וועלן זיך שמעלצן אין שרעקלעכערע פייערן פון די, אין וועלכע זיי האָבן געברענט די קריסטן. כ'וועל זיך פרייען ווען אַזויפיל געלערטע פילאָזאָפן וועלן זיך רויטלען אין די רויט־הייסע פלאַמען צוזאַמען מיט די פאַרפירטע וויסנשאַפטלער; ווען אַזויפיל באַוואוסטע פּאָעטן וועלן ציטערן פאַר קריסטוסעס געריכט" (ציטירט פון גיבאָנס היסטאָריע אָוו קריסטיאַניטי, 146).

נאָר דער שטאַרקער גלויבן אין דעם סוף פון דער וועלט, אין דעם שנעלן קומען פון משיחן מיט דער הימלישער הערשאַפט, קען דערקלערן די קעגנערשאַפט פון די ערשטע קריסטן צום וועלטלעכן וויסן (די שפּעטערדיקע קריסטן זיינען שוין געווען שרעקלעך אומוויסנד און פאַרווילדעוועט, זייער קעגנערשאַפט צו וויסן איז געווען אַ „נאַטירלעכע").

דער נאָר וואָס ציטירטער טערטוליאַן, זאָגט מען, איז געווען אַ העכסטגעבילדעטער אין דער גריכישער קולטור, ער איז געווען אַן אַדוואָקאַט אין רוים. נאָכדעם ווי ער איז געוואָרן אַ קריסט האָט ער געשריבן: „וואָס פאַר אַן ענלעכקייט קען גאָר זיין צווישן אַ פילאָזאָף און אַ קריסט? וואָס פאַר אַ שייכות האָט אַטען צו ירושלים? וואָס פאַר אַ האַרמאָניע קען מען אַריינ־

פירן צווישן דער אַקאַדעמיע און דעם קלויסטער? צווישן די ניט־גלויביקע און די קריסטן? נידער מיט אַלע פאַרזוכן צו פאַרמירן אַ פאַרפלעקטן קריסטנטום פון פלאַטאָנישע, סטויאישע און דיאַלעקטישע צוזאַמענשטעלן... וואָס אָנבאַלאַנגט אונדז, נויטיקן מיר זיך ניט אין קיין שום וויסן נאָך קריסטוסן, אין קיין שום פאָרשונג נאָך דעם וואָס מיר האָבן די עוואַנגעליע" (לויט דאַנהאַמס קריסטיאַניטי אין אַ וואָרלד אָוו סייענס, ז. 67). טערטוליאַן איז עס געווען דער, וואָס האָט זיך געמאַכט אומשטערבלעך מיטן אַבסורדן אויסדרוק „איך גלויב דערפאַר, וואָס ס'איז אַן אַבסורד"... דער דאָזיקער זאַץ דערקלערט דעם גייסט פון יענער צייט אויף א גלענצנדיקן אופן.

טערטוליאַן איז ניט געווען דער איינציקער, וואָס האָט געהאַט אַזאַ שטעלונג צו וועלטלעכן וויסן. אמבראז האָט געזאָגט: „צו דיסקוטירן די נאַטור און די פּאָזיציע פון דער ערד העלפט אונדז ניט אין אונדזערע האָפע־נונגען פאַר דעם צוקונפטיקן לעבן". יוסעבוס האָט געזאָגט: „ס'איז ניט ווייל מיר זיינען אומוויסנד, נאָר דערפאַר, וואָס מיר פאַראַכטן אַזאַ נוצלאָזע אַרבעט, דענקען מיר וויניק פון אַזוינע זאַכן און מיר ווענדן זיך מיט אונדזער נשמה צו בעסערע זאַכן" (דאַרטן, ז. 68).

צעלסוס, אַ קעגנער פונעם קריסטנטום פונעם צווייטן יאָרהונדערט, כאַראַקטעריזירט די שטעלונג פונעם קלויסטער צו די, וואָס ווילן ווערן זיינע מיטגלידער, ווי פאָלגט: „זאָל קיינער ניט קומען צו אונדז וואָס האָט בילדונג, וואָס איז קלוג און אויסגערעכנט דערפאַר, וואָס אַזעלכע אייגנ־שאַפטן קוקן אונדז אויס שלעכט. אויב אָבער ס'זיינען פאַראַן אַזוינע, וואָס זיינען אומוויסנד, ניט קולטיווירט, ניט אינטעליגענט, אָדער נאַרישע מענטשן — די דאָזיקע מעגן קומען צו אונדז מיט צוטרויען... עקזאַמינירט ניט, נאָר גלויבט. דער גלויבן ראַטעוועט די לעצטע... די וועלטלעכע חכמה איז אַ שלעכטע זאַך, נאַרישקייט איז אָבער אַ גוטע זאַך... זעט נאָר אַז קיין איינער פון אייך זאָל ניט קריגן קיין וויסן; וויסן איז אַ שלעכטע זאַך... וויסן מאַכט מענטשן פאַרלירן דעם געזונטן פאַרשטאַנד; זיי ווערן פאַרלוירן דורך דעם וויסן" (69). דאַנאַוואַן גיט פון זיך צו „אַ סך קריסטן, וואָס האָבן שטאַרק געוואָלט זיך האַלטן אומבאַפלעקט פון דער וועלט, האָבן פרייוויליק אויס־געשלאָסן אַלע אַספּעקטן פון דער גריכיש־רוימישער קולטור, פון וויסנשאַפט און בילדונג. ביסלעכווייז האָט זיך דער דאָזיקער שטראָם צעשפּרייט איבער דער גאַנצער קריסטלעכער וועלט. אפילו די וואָס זיינען פריער געווען ענטו־זיאַסטיש פאַר וועלטלעכן לערנען, האָבן פאַרלוירן דעם אינטערעס. זייער גע־ענדערטע שטעלונג דריקט זיך אויס אין קרייסאָסטרומס (אַ געלערנטער וואָס איז געוואָרן אַ קריסט) ווערטער: „כ'האָב שוין לאַנג זיך אָפּגעזאָגט פון די נאַרישקייטן; מען קען זיך דאָך ניט באַשעפטיקן דאָס גאַנצע לעבן מיט קינדערשע שפּילערייען" (דאַרטן). וועגן דעם אַלעמען קען מען נאָר זאָגן, אַז דעגענעראַציע איז געווען אָנגעשריבן אויף דער וואַנט: דער מיטלאַלטער האָט זיך גענומען אָנרוקן אויסצופירן זיין פינצטערע מיסיע...

# די געגענדערטע וועלט און דער סכאָלאַסטיציזם

רודאָלף אייקען זאָגט: „דער קריסטנטום מאַכט די רעליגיע פאַר דער אומבאַגרענעצטער הערשערין איבער דעם מענטשנס לעבן און זיין גורל. די רעליגיע אַנטפּלעקט פאַר אים אַ נייע וועלט, וואָס איז אַנדערש פון דער וועלט, וואָס רינגלט אים אַרום און דערפאַר פאָדערט זי פון אים פולקאָמענע איבערגעבנהייט. ווען מען נעמט רעליגיע אין דעם זין, איז זי שוין ניט בלויז אַ צוגאָב, אַ מין פאַרשענערונג פון אַ לעבן, וועמענס עיקר איז שוין פריער געגעבן געוואָרן: זי לייזט אַן אומ־דערטרעגלעכן ווידערשפרוך, זי ברענגט אַריין אַ פולשטענדיקע איבערשאַצונג פון אַלע ווערטן. דער מענטש ווערט באַהערשט פון אַ געפיל, אַז די נייע וועלט איז דאָס העכסטע און דאָס זיכערסטע; ער נויטיקט זיך ניט אין קיין שום באַשטעטיקונג וועגן דעם פון קיין אַנדער קוואַל, פאַרקערט, דער אינערלעכער געפיל, די איבערלעבונג ווערט זעלבסט דער אויטאָריטעט און ריכטער פאַר וועמען אַלץ איבעריקעס מוז זיך רעכטפערטיקן.

גאָט ווערט ניט באַטראַכט פון דעם שטאַנדפּונקט פון דער וועלט, נאָר די וועלט ווערט באַטראַכט פון דעם שטאַנדפּונקט פון גאָט. דער דאָזיקער אָפּברעכן מיט דער דירעקטער סביבה און זיך איבערטראָגן אין אַ נייעם צענטער, איז געווען נאַטירלעך פאַר די לעצטע זינקענדע טעג פון דער אַלטער וועלט; ס'איז געווען נאַטירלעך פאַר אַ צייט, וואָס האָט פאַרלוירן דעם באָדן פון אונטער אירע פיס, פאַר אַ צייט, וואָס האָט ניט געהאַט קיין צוועק, קיין טרייסט און קיין האָפענונג און וואָס האָט איר צוגעגרייט צו באַגריסן די אַנטפּלעקונג פון אַ נייער וועלט, צו דער אַנטדעקונג פון אַ פרישן קוואַל פון לעבן. די רעוואָלוציע, וואָס דער קריסטנטום האָט דורכגעפירט, האָט פון דעם שטאַנדפּונקט געמוזט אויסקוקן ווי דאָס דורכפירן פון עפּעס, וואָס איז אומבאַדינגט נויטווענדיק און מען קען זיך קעגן דעם ניט שטעלן" (זע קען ווי סטיל ביי קריסטשנס, זז. 5־6).

דער אויסצוג פון דעם באַוואוסטן רעליגיע־פילאָזאָף אַנטהאַלט אַ דער־קלערונג וועגן דעם עצם פונעם קריסטנטום, וואָס ס'האָט אים אַרויסגערופן, זיין „רעוואָלוציע" אינעם לעבן און אינעם דענקען. אָבער ס'איז אין אים אויך באַהאַלטן אַ פאַרענטפערונג פאַר דעם, וואָס דער קריסטנטום האָט מיט זיך געבראַכט אויף דער וועלט — אין יאָרהונדערטער אין וועלכע ער האָט געהערשט. מען קען לייענען צווישן די שורות, אַז צופיל באַקוועם פילט זיך אייקען ניט מיט דער טענדענץ, וואָס דער קריסטנטום האָט אָנגענומען גלייך נאָך זיין אַנטשטייאונג: ס'איז ניט דאָס, וואָס אייקען וואָלט וועלן, אַז דער

„וועלט־גייסט״ זאָל אין יענער צייט ארויסברענגען... ס'איז אָבער פאַרפאַלן: דאָס האָט ער אַרויסגעבראַכט, דאַרף מען עס דערקלערן און פאַרטיידיקן... ס'איז ניטאָ קיין אַנדער ברירה.

איז וואָס האָט ער מיט זיך געבראַכט? ער האָט געבראַכט אַן איבער־שאַצונג פון די ווערטן: צו באַטראַכטן די וועלט פון דעם שטאַנדפּונקט פון גאָט און ניט גאָט פון דעם שטאַנדפּונקט פון דער וועלט און ער האָט איבער־געטראָגן דעם אינטערעס פון דער וועלט אויף „יענער וועלט״. איז אַזוי ווי ער האָט „געלייזט אַן אומדערטרעגלעכן ווידערשפּרוך״ איז פאַר דער „טובה״ האָט ער „געפאָדערט פּולקאָמענע איבערגעבנהייט״. די „איבער־געבנהייט״ איז באַשטאַנען אין דעם, אַז מען האָט געמוזט אויפהערן דענקען און טראַכטן און גלויבן באמונה שלמה, אַז „יענע וועלט״ איז דער עיקר אינעם לעבן. כדי צו קענען אָננעמען אַזאַ בליק, האָט מען געדאַרפט „קוקן אויף דער וועלט פון גאָטס שטאַנדפּונקט״... מיט אַנדערע ווערטער, כדי צו קענען לייזן אַן „אומדערטרעגלעכן ווידערשפּרוך״ (אין וואָס עס באַשטייט דער דאָזיקער ווידערשפּרוך דערקלערט אייקען ניט. מען דאַרף אָננעמען אַז ער מיינט דעם מענטשנס גורל אויף דער וועלט, זיין צייטווייליקע עקזיסטענץ א. אַז. וו.), האָט מען געדאַרפט אויפהערן דענקען און זאָגן צוזאַמען מיט טאַרטאַליאַנען „כ'גלויב ווייל ס'איז אַן אַבסורד״... אַזוי קוקט עס אויס...

ניט אַזוי לייכט איז אָנגעקומען דעם קריסטנטום צו באַזיגן די נאַטיר־לעכע נייגונג פון מענטשן צו דענקען און טראַכטן און אָננעמען דעם בלינדן גלויבן פאַרן אויסגאַנגס־פּונקט; ס'האָט זיך געפאָדערט אַ פולשטענדיקע ענדערונג אין די פונדאַמענטאַלע מענטשלעכע באַגריפן. דאָס לעבן איז אָבער געווען גרויזאַם, אויב ניט אומדערטרעגלעך — די מענטשן האָבן פאַר־לוירן דעם באָדן אונטער די פיס און האָבן זיך פאַרלוירן... אָט ווי אַזוי אַ געשיכטע־שרייבער כאַראַקטעריזירט יענע צייט: „ס'איז געווען אַ וועלט וואָס איז געווען פאַרדאַרבן ביזן וואָרצל, אַ ראַסע וואָס האָט פאַרגעסן די גרויס־קייט פון דער פאַרגאַנגענהייט... דאָס ליכט האָט אָנגעהויבן פאַרלאָזן די וועלט; אַ נייע צייט איז אַנטשטאַנען, אַ צייט וואָס איז געווען אַזוי אומוויסנד און כאַאָ־טיש, אַזוי ווילד און ברוטאַל, אַז די לעצטע שטראַלן פון דער פאַרגייענדער זון זיינען געווען באַהאַלטן דורך שטורעם־וואָלקנס וואָס האָבן זיך געוויגט הין און צוריק פאַר יאָרהונדערטער איבער אייראָפּע. אַ סך דורות האָבן געדאַרפט פאַרבייגיין איידער דאָס ליכט זאָל צוריק אויפגיין און זאָל אָנצינדן די געדאַנקען און די ענערגיעס פון מענטשן״ (זע סטיוארט מינס: פייטה, אַ היסטאָריקל סטאָדי, זז. 141, 167).

אין אָט דער שרעקלעכער צייט איז אַנטשטאַנען און האָט זיך אַנטוויקלט א רעליגיע וואָס האָט צוגעזאָגט אייביקן גליק און אַ שענערע און בעסערע וועלט פאַר די גלויביקע... האָט מען געגלויבט אָבי מען זאָל אויסגעלייזט ווערן פון דער אומדערטרעגלעכער לאַגע...

פונדעסטוועגן איז שווער, אויב ניט אוממעגלעך, צו פאַרשטיין די פינצ־טערניש פון דעם מיטלאַלטער. וויפיל מען זאָל ניט לייענען וועגן די פאַר־שיידענע אורזאַכן וואָס זיינען געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער פינצטערניש פון דעם מיטלאַלטער, בלייבט מען אַלץ אונטערן איינדרוק אז עפּעס א שוואַר־

צער וואָלקן האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף דער וועלט און האָט זי געמאַכט פינצטער.

דין אינגע, וועמען ס׳וואָלט זיך זייער וועלן רייכוואַשן דעם קריסטנטום פאַר דער פינצטערניש פון דעם מיטלאַלטער, דערקלערט זי דערמיט וואָס די גריכן און אפילו די רוימער זיינען שוין לאַנג געווען אונטערגעגאַנגען פון מגפות און מלחמות, אַ באַרבאַרישער ערב־רב האָט פאַרנומען זייער פּלאַץ. אַזוי ווי די באַרבאַרן האָבן לכתחילה ניט געהאַט קיין שום קולטור האָבן זיי מיט דער לויף פון צייט אַלץ טיפער געזונקען...

מיט דער גרעסטער סימפּאַטיע צו דינגס גוטן אַבזיכט קען מען זיך פאָרט ניט העלפן און מען מוז זיך רעכענען מיט די היסטאָרישע פאַקטן. ס׳איז אַ פאַקט אַז די ערשטע קריסטן האָבן באַקעמפט דעם וועלטלעכן וויסן אַלס שעדלעך און ווערטלאָז, ס׳איז אַ פאַקט אז דער אַנטוויקלענדיקער קריסנטום האָט געדריקט און דערשטיקט יעדעס פריי וואָרט. און ווען דער קריסטנטום איז געוואָרן אַ וועלט־מאַכט, האָט ער דאָס לערנען פון וועלטלעכן וויסן איגנאָצן פאַרווערט...

צי די ערשטע קריסטן זיינען אַרויסגעקומען פון גריכן, רוימער, אידן, אָדער „באַרבאַרן", איז פון דעם שטאַנדפּונקט ניט קיין אונטערשייד, וויכטיק איז דער פאַקט, אַז דער קריסטנטום האָט פאַרניכטעט די וועלטלעכע קולטור און האָט געבראַכט און גענערט די מיטלאַלטער... וואָס ס׳לאָזט זיך יאָ אָנצונעמען איז אַז די קולטורעלע וועלט איז געווען אַ גאַנץ קליינע, איז זי פאַרניכטעט געוואָרן דורך דעם כאַאָס פון דער צייט אין וועלכער דער קריסטנטום האָט געשפּילט די הויפּט־ראָלע...

דאָ ווערן אָבער ניט געמאַכט קיין אָנקלאַגעס, ס׳ווערן נאָר רעגיסטרירט די אַקטועלע פאַקטן. די ענדערונג, אָדער „רעוואָלוציע", ווי אייקען רופט עס אָן, וואָס דער קריסטנטום האָט אַריינגעפירט, האָט אויסגעשלאָסן די מעגלעכקייט פאַר וועלכן ס׳איז ראַציאָנאַלן דענקען: אַזוי גיך ווי מען נעמט אָן „יענע וועלט" פאַר אַן אויסגאַנגס־פּונקט און מען באַטראַכט די וועלט פונעם „שטאַנדפּונקט פון גאָט", איז ניט שייך צו ריידן וועגן לאָגישן דענקען. ניט „יענע וועלט" און ניט „גאָטס וועגן" קען מען באַטראַכטן אין לאָגישע טערמינען. דאָס זיינען „ענינים", וואָס באַלאַנגען צו דער פאַנטאַזיע, צום „עקסטאַז", צום אָבערגלויבן און מיסטיציזם אין אַלגעמיין, אָבער ניט צום פאַרשטאַנד.

ווען מען וויל זיך באַקענען מיטן גייסט פון דעם מיטלאַלטער, דאַרף מען זיך באַקענען מיטן „הייליקן" אויגוסטינען; ער איז דער וויכטיקסטער דענקער וואָס דער קריסטנטום האָט אַרויסגעבראַכט און ער איז דער ערשטער אין חשיבות נאָך פּאָולן. וועגן אים זאָגט מינס, אַז ער איז געווען דער לעצטער פאַר יאָרהונדערטער וואָס איז געווען באַהאַוונט אין דער קלאַסישער קולטור, און וועגן אים זאָגט עס פּראָפעסאָר וואלקמאַן, אַז זיין שוואַרצער שאָטן איז נאָך איצט אויך אויסגעשפּרייט איבערן קלויסטער. וועגן אים זאָגט דאַנעוואַן, אַז „ער האָט דורכגעפירט אַז קלויסטער־אָנגעשטעלטע זאָלן נאָר מעגן לייענען קריסטלעכע ביכער" און ער האָט געזאָגט, אַז „די אומווויסנדע זיינען עס די וואָס געווינען דאָס הימלישע לעבן" (קריסטיאַניטי אין אַ וואָרלד אָוו סייענס, זז. 67, 70).

וועגן אים זאָגט עס דער דין פון קאַנטערבורי פעראַר, אַז „ער איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער פאַטאַלער אַקסיאָמע אַז מען מעג צווינגען צו מודה זיין זיך... ער איז געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַרוואָס מען האָט גענוצט געוואַלד־מיטלען צו צווינגען מענטשן זיך מודה זיין אין ליגן און זיי מאַכן דינען צו דעם וואָס זיי האָבן ניט געגלויבט... ער איז פאַראַנטוואָרטלעך וואָס ביז לוטערן איז אפילו קיין איין שטימע ניט אויפגעהויבן געוואָרן ניט נאָר פאַר טאָלעראַנץ, נאָר אפילו ניט פאַר דעם אַז מען זאָל זיך צוריקהאַלטן פון פייער און פון בלוט־פאַרגיסן אום אויפצוהאַלטן א געצוואונגענע איינ־אַרטיקייט" (זע די בייבל ענד איטס סופרימאַסי, זז. 195־197).

וועגן אים זאָגט עס קערשנער אַז „די שרעקלעכע ווירקונג פונעם ניוראַ־טישן אַפריקאַנער מאַזוכיסט (אַ געשלעכטלעך־ליידנדער וואָס קריגט צופרידנ־הייט דורך געפייניקט צו ווערן) איז פאַרשריבן אין דער געשיכטע פון דער מיטלאַלטער אין די אומצאָליקע שייטערהויפנס, די פייניקונג־קאַזעמאַטן, דעם פאַרברענען אויפן פייער, צעברעכן גלידער אויף די רעדער און די אַלע שרעקלעכע קאַשמאַרן וואָס די קריסטן האָבן דערלויבט איבעראַל זיך צו פאַר־שפרייטן. דאָס אַלץ איז געווען ניט מער ווי אַ שוואַכע אימיטאַציע פון דעם וואָס מענטשן ליידן אין אויגוסטינס געטלעכן גיהנום. וואָס דער האַר האָט פאַר אייביק געטאָן צו אַ גרויסער צאָל צו די פון אים באַשאַפענע ברואים, האָבן זיינע דינער געטאָן צו זיי אויף אַ קלענערן מאַסשטאַב. אָט פון דאַנען (פון אויגוסטינס באַשרייבונגען פון די אייביקע פייניקונגען אינעם גיהנום) נעמען זיך די פייניקונגען, דער פאַרברענען און די אַלע אוממענטשלעכע ווייטיקן וואָס מען האָט געמאַכט ליידן די וואָס מען האָט פאַרדעכטיקט אין אפיקורסות... די פראָטעסטאַנטן זיינען געווען אַזוי גרויזאַם ווי די קאַטאָליקן דערפאַר, וואָס זיי אויך זיינען געווען גייסטיקע יורשים פון אויגוסטינען" (זע די פּיאָנירס אָוו קריסטישן טהאָט, ז. 182).

מינס, וואָס איז באַגייסטערט פאַר אויגוסטינען און האַלט אים אין איין לויבן, זאָגט: „איינער פון די גרעסטע קלויסטער־אויטאָריטעטן פון דער איצטיקער צייט (ער זאָגט ניט ווער) זאָגט, אַז ס'איז איינע פון די ערגסטע זאַכן פון אַלע, און געוויס אַ העסלעכע און פאַראַכטעטע קאָנסעקווענץ פון אויגוסטיניאַניזם דאָס, וואָס די קריסטלעכע רעליגיע איז אין דעם קאַטוליציזם געשטעלט געוואָרן אין אַ זייער ענגער פאַרבינדונג מיט דער ספערע פון געשלעכט. דאָס אַלץ איז אַ פאַקטישער אמת, מען דאַרף אָבער האָבן אין זינען, אַז אויגוסטין איז ניט געווען דער דערפונדער פונעם אַסקעטיזם, הגם זייער פיל פון זיין לערע האָט שטאַרק אונטערשטראָכן די פיזישע זייט פון לעבן. אָריגען (אַ קריסטלעכער דענקער פונעם 3טן יאָרהונדערט) האָט זיך קאַסטרירט מיט קנאַפע 200 יאָר פאַר אויגוסטינען. און אַ גרויסע צאָל אַסקעטן האָט געשטראָמט אין דעם מדבר אריין מיט אַמווינציקסטן הונדערט יאָר פאַר אים" (זע פּייטה, אַ היסטאָריקל סטאַדי, ז. 150).

דאָס זאָגט זיין שטאַרקסטער פאַרטיידיקער, וואָס האַלט אים אין איין ריינוואַשן: ער לייקנט ניט קיין איין זאַך אין וואָס מען באַשולדיקט אויגוסטינען, ער זאָגט נאָר, אַז ער איז ניט געווען דער דערפונדער פון דער שעדלעכער טענדענץ וואָס דער קריסטנטום האָט אָנגענומען גלייך נאָך זיין אַנטוויקלונג. געוויס איז ער ניט געווען דער ערשטער און אוודאי ניט דער איינציקער

וואָס האָט פאַרטיידיקט די טענדענץ: אָט האָט דאָך דער פּאַטריאַרך קיריל פון אלעקסאנדריע, זיינער א צייט־חבר, אָנגערייצט מאַנאַכן אויף דער לעצטער אַסטראָנאָמערין פון אַלעקסאַנדריע, אויף היפּאַשן, און זיי האָבן זי אַרויס־געשלעפּט פונעם טעמפּל און זי צעריסן אויף שטיקער לעבעדיקערהייט אין קריסטוסעס נאָמען... דאָס איז אָבער געווען אַ לאָקאַלע דערשיינונג און אויגוסטין האָט, לויט דער אַלגעמיינער מיינונג, געגעבן דעם טאָן פאַר דער גאַנצער מיטלאַלטער. דערפאַר ווערט ער ספּעציעל באַטראַכט.

ער איז געווען אַן אויסערגעוויינטלעך באַגאַבטער מענטש, אָבער, ווי ס׳קוקט אויס, האָט ער געהאַט א ניט באַלאַנסירטע קראַנקהאַפטע נאַטור. קלויסטער־ביאָגראַפן גיבן זיין ביאָגראַפיע אין צוויי טיילן: אינעם ערשטן טייל באַשרייבן זיי זיין ווילדע נאַטור און זיין אויסגעלאַסענעם לעבן ביז ער איז אַלט געוואָרן 33 יאָר, ווען ער האָט אָנגענומען דעם קריסטנטום און אינעם צווייטן טייל באַשרייבן זיי זיין אויפטו פאַר דער רעליגיע. פונעם קלויסטער־שטאַנדפּונקט זיינען זיי גערעכט. נעמט מען אים אָבער פונעם פּסי־כאָלאָגישן שטאַנדפּונקט, קען די טיילונג ניט געמאַכט ווערן: זיין קראַנק־האַפטע נאַטור האָט זיך מאַניפעסטירט איינהייטלעך דורך זיין גאַנץ לעבן, זי האָט נאָר אָנגענומען אַן אַנדער פאָרמע ווען ער איז געוואָרן אַ קריסט. אין זיין ביאָגראַפיע ווערט דערציילט, אַז פאַר פערצן יאָר, איידער ער איז געוואָרן אַ קריסט (פאַר 9 יאָר האָט ער באַלאַנגט צו דער מאַנוטשן־סעקטע), איז ער טאָג־טעגלעך געפּלאָגט געוואָרן פון די ווידערשפּרעכנדע טענדענצן פון זיין פּסיכישן צושטאַנד און ווען ער איז געוואָרן אַ קריסט, האָט ער געפונען די „לייזונג״ אין דער „אורשפּרינגלעכער זינד״ פאַר וועלכער די גאַנצע מענטש־הייט איז פון אייביק ביז אייביק ניט אומשטאַנד אויסגעלייזט צו ווערן. „אַלע קינדער, וואָס ווערן געבוירן אויף דער וועלט, זיינען פאַראורטיילט צו אייביקע ליידן, סיידן די זינד פון זייערע ערשטע עלטערן (אדם און חוה) וועט אָפּ־געוואַשן ווערן דורך דער טויף־וואַסער. אויב ניט, מוזן זיי בלייבן אויף אייביק אין גיהנום״ (ציטירט לויט קערשנער „פּיאָנירס אָוו קריסטשן טהאָט, ז. 175).

נאָר אין דעם ליכט פון דער אַבנאָרמאַלער פּסיכאָלאָגיע קען מען פאַר־שטיין זיין לאַנגן קאַמף קעגן דעם מאַנאַך פּעלאַגיעס פאַר זיין מילדער אויס־טייטשונג פון דער „אורשפּרינגלעכער זינד״ און די באַפרייאונג פון קינדער פון גיהנום און אייביקן ליידן. ס׳איז אים געגאַנגען אין לעבן אַריין אַז די ליידן, אַפילו פון די נאָר וואָס געבוירענע קינדער, מוזן דויערן אייביק. ער האָט געשריבן גאַנצע אָפּהאַנדלונגען וועגן דעם „צי אַן ערדישער קערפּער קען ברענען אייביק״, „צי אַ קערפּער פון בלוט און פלייש קען ליידן אייביקן ווייטיק״, ער האָט „באַוויזן״, אַז „קערפּערס קענען בלייבן ניט פאַרקלענערט אינעם גיהנום פון פייער און ליידן ווייטיק״, אַז „די גרויס פון אָדמס זינד האָט פאַראורטיילט אויף אייביקע ליידן די יעניקע וואָס זיינען ניט אונטער גאָטס גנאָדן א. אַז. וו. א. אַז. וו. אַן אַ שיר...

מעגלעך, אַז ער איז געווען אַ געניאַלער מענטש, אַז ער האָט געהאַט אַ טיפן אַריינבליק אין דער מענטשלעכער נשמה; מעגלעך, אַז ער האָט אויך געהאַט פילאָזאָפישע באַגריפן — זיינע באַשרייבונגען פון די אייביקע ליידן אין גיהנום זיינען אָבער ניט פון קיין נאָרמאַלן מענטשן... זאָגט טאַקע פרעדריק קערשנער, אַ גוטער קריסט, „אויף וויפיל מיר קענען אורטיילן פון

זיין ווידוי איז מאַרבידיטעט (אַ פסיכיש־קראַנקהאַפטיקער צושטאַנד) געווען אַ טייל פון זיין כאַראַקטער. זיין תאווה (סענזואַליטעט) איז געווען צוזאַמענגעמישט מיט פעסימיזם און זיין גרויס־וואַנזין (מעגאַלאָמייניע) האָט אים אָפּגעטיילט פון נאָרמאַלע מענטשן. ער איז געווען וואולגאַר־נאַריש איבערגעגעבן צו אויסגעלאַסענע פלעצער; די וועלט האָט געדאַרפט וואַרטן מער פון טויזנט יאָר צו קריגן זיין גלייכן אין זשאַן זשאַק רוסאָ... ער האָט אַוועקגעשיקט זיין געליבטע נאָך דרייצן יאָר לעבן מיט איר, ווען ער האָט געוואָלט נעמען אַן איינגערע פון איר און האָט צוגענומען איר זון. אויף וויפיל מיר זעען פון זיינע אייגענע רייד, האָט ער נאָר חרטה געהאַט אויף זיינע פאַרהעלטעניש מיט איר; ער האָט אָבער אויף דעם קלענסטן אופן ניט געפילט קיין געוויסנביסן דערפאַר, וואָס ער האָט זי פאַרטריבן נאָכדעם, וואָס זי האָט אים אָפּגעגעבן אירע בעסטע יאָרן, און אויף דעם וואָס ער האָט פון איר צוגענומען איר זון. ער שרייבט נאָך, אַז זי האָט פאַרבראַכט אירע איבעריקע יאָרן צוריקגעצויגן און ריין" (פּיאָנירס אָוו קריסטשן טהאָט, זז. 158, 162, 179).

די עטלעכע באַמערקונגען וועגן אויגוסטינען פערזענלעך זיינען געבראַכט געוואָרן מיטן בלויזן אַבזיכט אַרויסצוברענגען ווי אַזוי אַ קראַנקהאַפטע געניאַלע נאַטור האָט געקענט וואַרפן אַזאַ פינצטערן שאָטן אויף דער וועלט, וואָס זאָל אָנהאַלטן פאַר טויזנטער יאָרן: מען דאַרף ניט פאַרגעסן, אַז אויגוסטינס יעדעס וואָרט איז אָנגענומען געוואָרן פאַר אַן אַבסאָלוטן אמת אין דער גאַנצער מיטלאַלטער און ווערט נאָך אָנגענומען פאַר אַן אמת פון מיליאָנען קריסטן עד היום הזה...

ווען אויגוסטין איז געלעגן אויפן טויטן־בעט האָבן די וואַנדאַלן (גערמאַנען) איינגענומען זיין שטאָט היפאָ און אַביסל שפּעטער האָבן זיי איינגענומען רוים און האָבן געהאָלפן דעם קריסטנטום צו „ענדערן די וועלט"... זאָל דער געשיכטע־שרייבער דערקלערן וואָס ס'האָט פּאַסירט. ער זאָגט: „די אַלטע קולטורן האָבן אָנגעהויבן פאַרשווינדן. דער פּראַכט פון גריכנלאַנד און די גרויסקייט פון רוים זיינען פאַרפינצטערט געוואָרן אויף אייביק. די פּראַכטפולע אַרכיטעקטורן און סקולפּטורן פון דער אַלטער ציוויליזאַציע זיינען אַראָפּגעריסן געוואָרן און באַגראָבן געוואָרן אונטער די חורבות פון די צעראַבעוועטע און פאַרברענטע שטעט. פון דער אַלטער ליטעראַטור איז כמעט קיין זכר ניט געבליבן. אַזוי ווי מען האָט ניט געוואוסט ווי אַזוי צו דרוקן ביכער, זיינען געווען ווייניק קאָפּיעס; דערפאַר איז געווען לייכט צו פאַרניכטן ביבליאָטעקן און קיין זכר פון די ביכער זאָל ניט בלייבן; און ס'איז ניט קיין חידוש וואָס אין איניקע יאָרהונדערטער האָט ווי אַ שוואַרצער טויט־מאַנטל פון אוניווערסאַלער נאַכט־פינצטערניש באַדעקט די וועלט. ניט אומזיסט רייד מיר וועגן דעם פּעריאָד פון לעבן פון דער קאָלעקטיווער מענטשהייט אַלס די פינצטערע צייטאַלטער" (פרעדריק קערשנער, פּיאָנירס אָוו קריסטשן טהאָט, ז. 183).

אַלס דירעקטער עדות פון דער פינצטערניש איז געבליבן אַ בריוו פונעם פּויפּסט „גריגאָרי דער גרויסער" (דער לעצטער פון די 4 קלויסטער־פּאָטערס). ער שרייבט צו אַ פריינט: „אַ באַריכט האָט אונדז דערגרייכט, וועלכן מיר קענען ניט דערמאָנען און ניט פאַרשעמט ווערן און דאָס איז, אַז דו פאַר־

שפּרייטסט די גראַמאַטישע לערע צו אייניקע פון דיינע פריינט. דערפון זיי־נען מיר אַזוי באַליידיקט געוואָרן מיט פאַראַכטונג, אַז אונדזער פריערדיקע מיינונג וועגן דיר איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין טרויער און פאַרדרוס. דאָס זעלבע מויל, עס זינגט שוין אָבער ניט מער קיין לויב־געזאַנגען צו גאָט פון הימל און צו קריסטוסן... אויב ס׳וועט באַוויזן ווערן אַז דער קלאַנג, וואָס מיר האָבן געהערט, איז אַ פאַלשער און אַז דו באַשעפטיקסט זיך ניט מיט די פוסטע נאַרישקייטן פון וועלטלעכע זאַכן, וועלן מיר דאַנקען גאָט וואָס ער האָט ניט איבערגעגעבן דיין האַרץ צו באַפלעקט ווערן דורך די גאָט־לעס־טערנדע לויב־געזאַנגען פון מענטשן וואָס זיינען ניט צוגעבונדן צום קלויס־טער״ (דאָרטן, ז. 184). דער בריוו איז געשריבן געוואָרן אינעם אָנהויב פונעם 7טן יאָרהונדערט: קאָמענטאַרן זיינען איבעריק...

„דערפאַר״, זאָגט דער זעלבער געשיכטע־שרייבער, „איז פון אויגוסטינען (אָנהויב 5טן יאָרהונדערט) ביז אַנסעלמען (11טן יאָרהונדערט) ניטאָ קיין איין וויכטיקער נאָמען אין דער קריסטלעכער וועלט: די מענטשהייט האָט דורכגע־מאַכט אַ פעריאָד פון מרה־שחורהדיקער וויסטעניש אָן אַ וועלכן ס׳איז ליכט־שטראַל וואָס זאָל באַלויכטן די פינסטערניש״ (דאָרטן). אַ צווייטער געשיכטע־שרייבער זאָגט: „ווי אַ מעטעאָר וואָס שניידט ווי אַ בליץ דורך אויף אַ רגע די פינצטערניש פון דער נאַכט איז געווען די דערשיינונג פון יאָן סקאָט ערי־גענעס אינעם ניינטן יאָרהונדערט: פאַר אים און נאָך אים איז געווען שטאָק פינצטער״.

עריגענעס איז געקומען פון אירלאַנד וואו אַ שטראַל פון וויסן האָט געצאַנקט פאַר אַ שטיקל צייט. זיין „אפיקורסות״ האָט מען ניט באַמערקט גלייך און מען האָט אים געלאָזט שטאַרבן מיט אַ נאַטירלעכן טויט... ווען מען האָט באַמערקט די „אפּיקורסות״ האָט מען זיין בוך פאַרברענט און אים האָט מען אַריינגעוואָרפן אין חרם נאָכן טויט... ווען מען באַקאָנט זיך מיט זיינע געדאַנקען, פאַרשטייט מען ערשט ווי פינצטער ס׳האָט געמוזט זיין אין יענער צייט. ער איז געווען ווייט פון אַ רעוואָלוציאָנער, ער האָט בלויז גע־פּרוווט, פון רעשטלעך פונעם נעאָ־פּלאַטאָניזם וואָס ס׳זיינען געבליבן, אַריינפירן אַ לאָגישן צוזאַמענהאַנג אין די קלויסטער־דאָגמעס. איז ער ניט פאַרשטאַנען געוואָרן.

אויף דער פראַגע: פון וואַנען האָט זיך ענדלעך גענומען דער ליכט־שטראַל, וואָס האָט אָנגעהויבן צעטרייבן די שטאָק־פינצטערניש? איז דער ענטפער, אַז דאָס קאַפּיטל, אָדער עטלעכע קאַפּיטלעך פון דער געשיכטע, דאַרפן ערשט געשריבן ווערן... ס׳האָט א שייכות מיט דער אַראַבישער און ספּעציעל אידישער ווירקונג אויפן מענטשלעכן געדאַנק; ס׳האָט צו טאָן מיט דער „גאָלדענער עפּאָכע״ פון די אידן און מורן אין שפּאַניע.

ניט דער אידנטום און ניט דער איסלאַם האָבן זיך אָריענטירט אויף „יענער וועלט״. געוויס האָבן זיי אויך געהאַט אַ „יענע וועלט״, זיי האָבן אָבער אויך געהאַט די וועלט... די מאַכמעדאַנער האָבן ניט געהאַט ווען צו האָבן אַ פינצטערע צייטאַלטער, זיי האָבן צו שנעל אַנטוויקלט וועלטלעכע שטאַטן און דער אידנטום האָט זיך אַנטוויקלט אַלס אַ שטייגער פון לעבן אויף דער וועלט, האָט ער אַנטוויקלט אַ פאָרמע פון גלויבן וואָס זאָל האַרמאָנירן מיטן

לעבן (זע ק. קאהלער, דזשואים טעאָלאָדזשי, קאפּ. 1, און אייזיק הירש ווייס, דור דור ודורשיו, בוך א׳).

ס׳איז אַן איראָניע פון דער געשיכטע, ס׳איז אָבער אַ פאַקט, אַז דער קריסטנטום וואָס איז געקומען צו ראַטעווען די מענטשהייט, וואָס האָט גע־נומען „ליבע” פאַר זיין מאָטאָ און האָט זיך פאַרשפּרייט דורך מאַרטירער, ער האָט געבראַכט די פינצטערע צייטאַלטער מיט דער גרעסטער אונטער־דריקונג וואָס די מענטשהייט האָט ווען עס איז געהאַט. דער מאַכמעדאַניזם, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַ „הייליקן קריג” קעגן די „ניט־גלויביקע” און וואָס האָט זיך פאַרשפּרייט דורך פייער און שווערד, האָט געשאַפן וועלטלעכע טאָלעראַנטע שטאַטן.. געוויס זיינען פאַראַן אורזאַכן פאַר דער פאַרשיידענער אַנטוויקלונג; דאָ קענען זיי אָבער ניט באַטראַכט ווערן, דאָ מוז מען זיך באַנוגענען מיטן רעגיסטרירן די פאַקטן..

א שארית־הפליטה פון די פאַרשיידענע קריסטלעכע אונטערדריקונגען האָבן געפונען זייער רו־פּלאַץ צווישן די מאַכמעדאַנער אַראַבער... עס האָט ניט גענומען לאַנג און אַ קולטור האָט זיך צווישן זיי אַנטוויקלט. און זאָגט ערדמאַן: „די אידן זיינען אין יענער צייט געווען דאָס איינציקע פאָלק, וואָס איז אַרומגעפאָרן און האָט זיך געלערנט פרעמדע שפּראַכן צוליב קאָמערציעלע צוועקן. זיי זיינען געווען די ערשטע, וואָס האָבן געבראַכט די נייעס פונעם מאַכמעדאַנישן וויסן צו דער קריסטלעכער וועלט. לאַטיינישע איבערזעצונגען, טאַקע געמאַכט פון זיי, אָפט דורך העברייאיש, האָבן געטאָן דאָס איבעריקע. מעדיצינישע און אַסטראָנאָמישע אַרבעטן זיינען געווען די ערשטע, וואָס האָבן דורכגעבראַכן דעם וועג... פילאָזאָפישע אַרבעטן האָבן נאָכגעפאָלגט... דער איד בן־דאָאַד, וועמען אַלבערטוס מאגנוס רופט אַן אווענדאר און נאָך אים די אידן דוד און יהודה טיבאן זיינען געווען די ערשטע, וואָס האָבן זיך איבערגעגעבן דער אַרבעט. דער לעצטער איז אָנגערופן גע־וואָרן דער פאָטער פון די איבערזעצער, ווייל ער איז אין דער באַשעפטיקונג נאָכגעפאָלגט געוואָרן פון זיין זון און זיין אייניקל” (זע היסטאָריע אָוו פילאָ־סאָפיע, באַנד 1, זז. 381־382). קאָזינס זאָגט: „עס זיינען געווען הויפּט־זעכלעך די אידן, וואָס זיינען אַריינגעקומען אין די אַראַבישע שולן, זיי האָבן געטראָגן דעם פילאָזאָפישן וויסן פון שפּאַניע צו די אַנדערע טיילן פון איראָפּע. האָבן איבערזעצט דעם אַראַבישן וויסן אין אָנפאַנג אויף העברייאיש און נאָכדעם אויף לאַטיין און האָבן אים פאַרשפּרייט איבער גאַנץ איראָפּע. די אידן פון דעם פּעריאָד זיינען געווען די ספּעציעלע שלוחים, וואָס האָבן געטראָגן דעם פילאָזאָפישן וויסן פון שפּאַניע צו די אַנדערע טיילן פון איראָפּע. זיי אַליין האָבן אַרויסגעבראַכט אויסגעצייכנטע פילאָזאָפן, מאָזעס מאימאָנידוסן צווישן אַנדערע” (זע קאָזינס, היסטאָריע אָוו מאָדערן פילאָסאָפיע, באַנד 2, ז. 24). און טשאַרלס זינגער זאָגט אין נידהאַמס, סייענס, רעלידזשאָן און רע־אַליטי: „אין דער מיטלאַלטער איז די טראַדיציע פון דעם גריכישן וויסן הויפּטזעכלעך אויפגעהאַלטן געוואָרן פון די פעלקער וואָס האָבן גערעדט אַראַ־ביש, און וואָס זיינען געדיכט באַזעצט געווען פון אידן, אַמווייניקסטנס אין איראָפּע. צווישן די „אַראַבער” און די וואָס האָבן גערעדט „אַראַביש” זיינען געווען פאַרשיידענע מיינונגען וועגן דער אינטערפּרעטאַציע פון אַריסטאָטעלן. אין גרויסע גרופּע נאָכפאָלגער פונעם מאַכמעדאַנישן פילאָזאָף אווערואַז, האָבן

געהאַלטן, אַז די וועלט האָט עקזיסטירט אייביק. דער בליק איז געטיילט געוואָרן באַהאַלטענערהייט פון פיל קריסטן; אָבער ער איז געווען אַ ריין אפּיקורסישער און האָט קיינמאָל ניט געקענט אָנגענומען ווערן פונעם קאַטוילישן קלויסטער. די אַנדערע אינטערפּרעטאַציע פון אַריסטאָטעלן האָט אָנגענומען, אַז די וועלט איז באַשאַפן געוואָרן. דעם בליק האָט פאַרטיידיקט דער אידישער שרייבער מאימאָנידוס, וועמענס אינטערפּרעטאַציע איז געווען די אַלגעמיין אָנגענומענע. אַזוי ארום האָט מאימאנידוס אויסגעאיבט אַן אומגעהויערע ווירקונג אויפן קריסטלעכן סכאָלאַסטיציזם. אַקווינאַס, וואָס שטיצט זיך הויפּטזעכלעך אויף מאַימאָנידוסן און ענלעכע שרייבער, האָט רעפּרעזענטירט דעם קעגנערישן צד קעגן דעם „אַטעאיסט" אוועראָס" (ז. 116).

פיגוראַטיוו גערעדט, קען מען זאָגן, אַז אין דער צייט פון דער אַנטשטייאונג פונעם קריסטנטום האָט אַ העלעניזירטער איד געדענקט, אַז די גריכישע פילאָזאָפיע, ספּעציעל פּלאַטאָנס פילאָזאָפיע, געפינט זיך אין דער תורה, נאַטירלעך, אויף אַ באַהאַלטענעם אופן; האָט ער אויף זיך גענומען די אויפגאַבע דאָס צו „באַווייזן". זייענדיק באַקאַנט מיט דער נאָך פּלאַטאָנישער גריכישער פילאָזאָפיע, אזוי גוט ווי מיט די אָריענטאַלישע קולטן, האָט ער אויף אַן אַלעגאָרישן אופן אַזוי „אויסגעטייטשט" דעם תנ"ך, און דער רעזולטאַט איז געווען דער פונדאַמענט פונעם נעאָ־פּלאַטאָניזם און פונעם קריסטנטום.

מיט צוועלף הונדערט יאָר שפּעטער האָט אַ צווייטער איד (שוין ניט קיין העלעניזירטער), דער רמב"ם, באַשטימט, אַז ניט פּלאַטאָנס פילאָזאָפיע, נאָר אריסטאָטעלס געפינט זיך אינעם תנ"ך, איז דער קריסטנטום געוואָרן אַריסטאָטעליאַניש... פאַרשטייט זיך, אַז ניט פילאָן האָט געשאַפן דעם קריסטנטום און ניט דער רמב"ם האָט אים געענדערט, אָבער אַז זיי ביידע האָבן אַ גרויסן חלק אין אים ווערט פון קיינעם ניט אָפּגעלייקנט... ווען אָבער דעם ערשטנס איינפלוס איז געווען אַ שעדלעכער, אי פאַרן אידנטום, אי פאַרן קריסטנטום, איז דעם צווייטנס געווען א טובה פאַר ביידן.

דער נעאָ־פּלאַטאָניזם, וואָס האָט געהאַט זיין אָנהויב פון פילאָנען און זיין סוף אינעם קריסטנטום, איז געווען מיסטיש־עמאַציאָנעל, ער האָט געשטרעבט זיך „באַהעפטן" מיט „גאָט" דורך עקסטאַז און זיך אינגאַנצן אָפּזאָגן פון דער לאָגיק פונעם מענטשלעכן דענקען. שוין דער נעאָ־פּלאַטאָניזם איז אין זיין ווייטערדיקער אַנטוויקלונג דעגענערירט געוואָרן אין פאַרשיידענע אָבערגלויבנס. ווען אָבער דער קריסטנטום, מיט זיין „נייער וועלט" האָט אים איינגעשלונגען, איז שוין קיין גרענעץ ניט געווען צום פינצטערן פאַנאַטיזם און אָבערגלויבן, צו וועלכן ס'האָט געפירט. ווי זאָגט אַ געשיכטעשרייבער: „ווען די באַזינגער פון דער מיטלאַלטער זאָלן אַריינפאַלן אויף איין מינוט אין דער שטיקנדער אַטמאָספערע פון יענער צייט, איז אויב זיי וואָלטן ניט דערשטיקט געוואָרן, וואָלטן זיי גלייך אַרויסגעלאָפן אין אַ קאָנוואולסיוון צושטאַנד צו דער קוויקנדער לופט פון דער מאָדערנער צייט". איין „מעלה" האָט אָבער געהאַט דער מיטלאַלטערלעכער געדאַנק, ער איז געווען איינפאַרמיק, ער האָט זיך אָפּגעזאָגט פון דער מענטשלעכער לאָגיק אויף דער גאַנצער ליניע, האָט ער, ווי אייקען זאָגט, ניט געהאַט קיין ווידערשפּרוכן...

אָבער „קריסטוס קומט טאַקע היינט מאָרגן", פונדעסטוועגן דאַרף מען

דערווייל לעבן און זיך טאַקע אויך ווי עס איז צופּאַסן צום לעבן... דאָס האָט געמאַכט מעגלעך, אַז דער אַריסטאָטעליאַניזם זאָל פאַרנעמען דעם פּלאַץ פונעם נעאָ־פּלאַטאָניזם. דער נעאָ־פּלאַטאָניזם, מיט דער „נייער וועלט", האָט געקענט זיין גוט פאַרן „האַניק־חודש" פונעם קריסטנטום, פאַר דעם „גאַנץ יאָר" האָט זיך געפאָדערט מער סטאַבילעס, מער זיכערעס און אַריס־טאָטעל האָט פאַרנומען דעם פּלאַץ.

וויל מען זיך באַקענען מיט דער ענדערונג, וואָס דער אַריסטאָטעליאַניזם האָט מיט זיך געבראַכט, מוז מען זיך באַקענען מיט איינעם פון די פאַר־טרעטער פון דעם געדאַנק אין דער מיטלאַלטער און דער איינער דאַרף זיין דער רמב״ם. אויב ער איז ניט געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער ענדערונג, איז ער לכל־הדעות געווען איינער פון די וויכטיקסטע מיטווירקער, אויב ניט דער וויכטיקסטער אַז די ענדערונג זאָל פאַרקומען. וועט מען זיך מוזן באַקענען מיט אים, אפילו ווען עס וועט אַביסל אַראָפּפירן פון דער גראַדער ליניע... עס איז ניטאָ קיין אַנדער ברירה: מען קען אים ניט איגנאָרירן...

ווען מען וויל פאַרשטיין אַ מיטלאַלטערלעכן דענקער, דאַרף מען אים נעמען אין דעם ליכט פון זיין: דער מיטלאַלטער איז געווען טעאָלאָגיש געשטימט און ניט פילאָזאָפיש; דער רמב״ם איז ניט געווען קיין אויסנאַם. ער האָט פאַר זיך געהאַט צוויי סיסטעמען פון אמתן: די הייליקע ספרים, וואָס יעדעס וואָרט זייערס איז אַן אמת און „דעם גרעסטן פילאָזאָף פון אַלע צייטן", וואָס האָט אויך אַרויסגעזאָגט פונדאַמענטאַלע אמתן (אָננעמען אוי־טאָריטעטן איז געווען כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם מיטלאַלטער). פאַרשטייט זיך, אַז ווען עס איז ערגעץ פאַראַן אַ טעות איז דער טעות ביי אַריסטאָטעלן און ניט אינעם תנ״ך, אָבער מען קען אַזוי אויסטייטשן דעם תנ״ך, אַז ער זאָל שטימען מיט וואָס מען וויל ער זאָל שטימען...

דער רמב״ם האָט זיך געשטעלט די זעלבע אויפגאַבע, וואָס פילאָן האָט זיך געשטעלט מיט צוועלף הונדערט יאָר פריער; זיין אויפגאַבע איז אָבער געווען פיל שווערער אויסצופילן, ווי פילאָנס: עס איז לייכט צו פאַנטאַזירן וועגן דער רעאַליטעט פון „אידייעס" און זאָגן, אַז אדם האָט געמיינט די „אידייע"־פאַרשטאַנד און חוה די „אידייע"־געפיל, אָדער סענטימענט. ווען מען פאַרמירט אַזוינע אַלעגאָריעס, האָט מען ניט קיין שום שוועריקייטן. אַנדערש איז, ווען מען נעמט אַריסטאָטעלן, מיט זיין ניכטערן ראַציאָנאַליזם און, מען קען זאָגן, רעאַליזם, און מען וויל זיין פילאָזאָפיע געפינען אינעם תנ״ך, די אויפגאַבע איז ניט קיין לייכטע. מקנא זיין דעם רמב״ם איז ניטאָ אויף וואָס..

אַריסטאָטעלן האָט זיין שטאַנדפונקט געפירט צו פּאָסטולירן אַ „גאָט" וואָס באַשטייט פון ריינער „פאָרמע", אָן וועלכן עס איז צומיש פון „מאַטעריע" און דער ביבלישער גאָט איז אינגאַנצן אַ קערפּערלעכער, ער האָט מענטשלעכע אברים און באַזיצט מענטשלעכע אייגנשאַפטן. אַזאַ „גאָט" איז ניט נאָר ניט צופרידנשטעלנד פאַר אַ פילאָזאָף, נאָר אפילו ניט פאַר קיין טעאָלאָג. האָט דער רמב״ם זיך אונטערגענומען צו באַווייזן, אַז אויך דער גאָט פונעם תנ״ך האָט ניט קיין קערפּער, הגם עס ווערט גענוצט אַזאַ שפּראַך וואָס דער פשוטער עולם זאָל אים פאַרשטיין אינעם קערפּערלעכן זין.

דאָס צו באַווייזן איז פאַרן רמב"ם, אַלס ראַציאָנאַליסט און אויסגעהאַל־טענעם לאָגיקער, געווען א קאָלאָסאַלע ארבעט. ער האָט ניט געקענט פליען אויף די פליגלען פון דער פאַנטאַזיע, ווי פילאָן האָט געטאָן, ער האָט זיך געמוזט רעכענען מיטן תנ"ך אַלס רעאַליטעט. און אין דער רעאַליטעט אַריינברענגען אַריסטאָטעלס פילאָזאָפיע מיטן „גאָט" פון ריינער „פאָרמע". פון דער צווייטער זייט האָט ער געדאַרפט נעמען אַריסטאָטעלס קאַלטן „באַ־וועגלאָזן באַוועגער", וואָס „טראַכט זיינע טראַכטונגען", און אים פאַרוואַנדלען אינעם לעבעדיקן גאָט פון דער אידישער רעליגיע. דערצו האָט ער נאָך געדאַרפט באַווייזן ווי אַזוי דער גאָט האָט באַשאַפן די וועלט אין ווידערשפּרוך צו אַריסטאָטעלס פונדאַמענטאַלן געדאַנק, אַז מאַטעריע איז א קדמון... דאָס איז אַ קאָלאָסאַלע אַרבעט...

מען קען ניט אָננעמען קיין איין געדאַנק, וואָס דער רמב"ם האָט פאַר־טיידיקט און פונדעסטוועגן זאָל מען צוגעבן, אַז די אַרבעט איז געווען אַ קאָלאָסאַלע און אַז ער האָט זי דורכגעפירט אויף אַ גראַנדיעזן אופן. ווען מען לייענט דעם „מורה נבוכים" ניט ווי אַ פילאָזאָפישע סיסטעם, נאָר ווי אַ טעאָלאָגישע אַרבעט, אין וועלכער אַריסטאָטעל ווערט גענוצט אויף אַזויפיל ווי ער קען דינען דער טעאָלאָגיע און ער ווערט באַקעמפט, ווען ער קומט אין ווידערשפּרוך מיט דער רעליגיע, מוז מען באַוואונדערן דעם רמב"מס קאַלטע אויסגעהאַלטענע לאָגיק פון איין זייט און זיין טיפן רעליגיעזן גלויבן פון דער צווייטער זייט. אָבער צו די פאַקטן: דער רמב"ם הויבט אָן פון אַריסטאָ־טעלס פונדאַמענטאַלן עפּיסטאָמאָלאָגישן באַגריף פון פאָרמע ווי אַן עסענץ, וואָס ווערט איבערגעטראָגן צום מענטשלעכן באַוואוסטזיין און ער טייטשט די ווערטער אינעם תנ"ך אויס אַזוי, אַז זיי קענען פאַרשטאַנען ווערן פילאָזאָ־פיש ווי אַ דירעקטער וויסן: העברייאישע ווערטער האָבן אָפט אַ צווייערליי באַדייטונג, אַ פּשוט־קערפּערלעכע, פאַר די וואָס האָבן ניט קיין פילאָזאָפישן באַגריף און אַ באַדייטונג פון אַן עסענץ, וואָס דער אינטעלעקט נעמט דירעקט אויף אָן דער הילף פון די חושים (מורה נבוכים, ז. 14). דער אָנהויב גיט אים אַ מעגלעכקייט צו פאַרטייטשן ווערטער לויט זייער אינטעלעקטועלער באַדיי־טונג, זיך אָפּזאָגן פון זייער קערפּערלעכער באַדייטונג, וואָס, לויט זיין מיי־נונג, איז עס ניט מער ווי אַ מעטאָד צו געבן דעם „חומר" צו איינעם, וואָס קען ניט פאַרשטיין דעם מעטאַפיזישן עסענץ. אַזוי אַרום ווערט ער מיט איין קלאַפּ פּטור פון אַלע אויסדרוקן וועגן גאָט, וואָס דייטן אָן אויף אַ קערפּער...

פון דעם אויסגאַנגס־פּונקט צו די נעגאַטיווע אַטריבוטן איז בלויז איין טראָט: פּאָזיטיווע אַטריבוטן (אייגנשאַפטן) טראָגן אין זיך דעם כאַראַקטער פון פינאַליטעט, באַגרענעצטקייט... אָבער „נעגאַטיווע אַטריבוטן", וואָס גאָט איז ניט, דאַרפן אָפּשאַפן דעם באַגריף פון באַגרענעצטקייט... געוויס, איצט ווייסט מען, אַז נעגאַציעס, וויפיל מען זאָל ניט אויסרעכענען און ווי שטאַרק מען זאָל זיי ניט באַטאָנען, זיינען זיי ניט קיין קוואַל פון וויסן: אום צו קריגן אַ באַגריף וועגן עפּעס, דאַרף מען זיך אויף וועלכן ס'איז אופן קענען פאַר־שטעלן דעם עפּעס און דאָס איז נאָר מעגלעך דורך „פּאָזיטיווע אַטריבוטן"... אין דער מיטלאַלטער האָט מען אָבער אַנדערש געדענקט, מען האָט, ווי עס ווייזט אויס, געדענקט, אַז דורך עלימינירן קען מען קומען צו אַ פּאָזיטיוון מאָמענט.

דער הויפּט־פּראָבלעם פאַרן רמב״ם, אַזוי גוט ווי פאַר אַלע מיטלאַלטערלעכע דענקער, איז געווען לאָגיש צו באַווייזן, אַז ס׳איז פאַראַן אַ גאָט וואָס פירט די וועלט. פאַר זיי איז עס ניט געווען קיין ריין מעטאַפיזישע פראַגע, ווי פאַר אַריסטאָטעלן, צום ביישפּיל, נאָר אַ טעאָלאָגישע פראַגע: גאָט האָט טאַקע געדאַרפט זיין אַזאַ ווי ער ווערט באַשריבן אין די „הייליקע ספרים״, דער באַווייז אָבער פאַר זיין עקזיסטענץ האָט געדאַרפט זיין אַ לאָגישער.

סעדיה גאון און די אַראַבישע דענקער האָבן אָנגענומען פאַר אַ באַווייז פאַר דער עקזיסטענץ פון גאָט דעם „פאַקט״, וואָס די וועלט איז באַשאַפן געוואָרן, האָט זי נאַטירלעך געמוזט האָבן אַ באַשעפער. קיין זאַך קען זיך אַליין ניט שאַפן. דער „באַווייז״ פאַר דער עקזיסטענץ פון גאָט איז באַוואוסט אונטערן נאָמען דער „טעלעאלאגישער ארגומענט״ פאַר דער עקזיסטענץ פון גאָט. ס׳האָט געדאַרפט מיינען אַז אַזוי ווי אינעם גאַנג פון דער נאַטור איז פאַראַן „פּלאַנמעסיקייט״ און „צוועקמעסיקייט״ מוז זיין אַ שאַפער און רע־גולירער פון דעם פּלאַן און צוועק. לויעד מאַרגאַנס „הייליקער צוועק״ באַ־שטייט פון אַ מאָדערנער אויפלאַגע פונעם טעלעאָלאָגישן אַרגומענט, אָדער באַווייז.

דער „הייליקער״ אַנסעלעם איז אינעם עלפטן יאָרהונדערט אַרויסגע־קומען מיטן „אָנטאָלאָגישן אַרגומענט״, אָדער באַווייז, פאַר דער עקזיסטענץ פון גאָט. דער אָנטאָלאָגישער באַווייז איז באַשטאַנען אין דעם אַז אַזוי ווי גאָט איז פולקאָמען, מוז ער באַזיצן אַלע מעגלעכע אַטריבוטן וואָס קענען איינגעשלאָסן ווערן אין דער אידייע פון פולקאָמענהייט. עקזיסטענץ מוז זיין אַן אַטריבוט פון פולקאָמענהייט: אַן אידייע וואָס שליסט איין עקזיס־טענץ איז מער פולקאָמען, ווי אַזאַ וואָס שליסט ניט איין קיין עקזיסטענץ, דערפאַר מוז גאָט עקזיסטירן.. דער שפּרונג פון באַגריף (אידייע) אַלס אַ געדאַנק צו עקזיסטענץ, ווי אַ רעאַליטעט אין דער וועלט, איז געווען פאַר־ציילעך פאַר אַנסעלעמען (אינעם עלפטן יאָרהונדערט), ווען מען הערט אָבער איצט דעם „באַווייז״, נאָכדעם ווי קאַנט האָט באַוויזן, אַז מען קען דעם שפּרונג ניט מאַכן, פילט מען גאַנץ מאָדנע...

דער רמב״ם איז אָבער געווען אַ נאָכפאָלגער פון אַריסטאָטעלן, האָט ער אָנגענומען דעם אַזוי אָנגערופענע „קאָסמאָלאָגישן אַרגומענט״, אָדער באַווייז פאַר דער עקזיסטענץ פון גאָט. צייטווייליק נעמט ער אָן צוזאַמען מיט אַריסטאָטעלן אַז די וועלט איז אַ „קדמון״ (די אייביקע עקזיסטענץ פון מאַ־טעריע) ער זאָגט אויסדריקלעך, אַז ער גלויבט אין דעם ניט און פונדעסט־וועגן נוצט ער עס פאַר דער 26טער פּראָפּאָזיציע (אייביקע באַוועגונג) וואָס דאַרף העלפן דעמאָנסטרירן די עקזיסטענץ פון גאָט (זע מורה נבוכים, ז. 150). ווי אַזוי אַזאַ לאָגישער דענקער נעמט אָן די „פּראָפּאָזיציע״ פאַר אַ באַווייז און נאָכדעם באַקעמפט ער זי איז ניט לייכט אויסצוגעפינען; דער ענין איז פאַרפלאָנטערט. יוזיק דערמאָנט נאָר דעם פאַקט פאַרבייגייענדיק (זע אַ היסטאָריע אָוו מעדיאיוול דזשואיש פילאָסאָפיע, ז. 258).

אין זיין קורצן אַריינפיר צו די פּראָפּאָזיציעס (פּרעמיסעס, אָדער גרונט־לאַגן) זאָגט ער: „פינף און צוואַנציק פון די פּראָפּאָזיציעס, וואָס ווערן באַ־נוצט אין די באַווייזן פאַר דער עקזיסטענץ פון גאָט, אָדער אין די אַרגומענטן וואָס דעמאָנסטרירן אַז גאָט איז ניט קערפּערלעך, אָדער אַ קראַפט וואָס קומט

אין באַרירונג מיט אַ מאַטעריעלן וועזן, אָדער אַז ער איז איינער, זיינען פולשטענדיק באַגרינדעט און זייער ריכטיקייט איז אויסער צווייפל. אַריס־טאָטעל און די פּעריפּאַטעטיקער, וואָס האָבן אים נעכגעפאָלגט, האָבן באַוויזן דעם אמת פון יעדער איינער פון די פּראָפּאָזיציעס. ס'איז אָבער פאַראַן איין פּראָפּאָזיציע וואָס מיר נעמען ניט אָן — נעמלעך, די פּראָפּאָזיציע וואָס באַשטימט די אייביקייט פונעם אוניווערס, אָבער מיר וועלן זי אַריינגעמען צייטווייליק דערפאַר, וואָס אַזוי אַרום וועלן מיר קענען קלאָר דעמאָנסטרירן אונדזער טעאָריע" (דאָרטן, ז. 145). פריער באַנוצט ער די „פּראָפּאָזיציע" און נאָכדעם באַקעמפט ער זי...

אָפּערירנדיק מיט די אַלע אַריסטאָטעליאַנישע גרונטלאַגן (פּראָפּאָזיציעס), צווישן וועלכן ער נעמט אויך אַריין די 26טע פּראָפּאָזיציע, קומט ער צום שלוס, אַז: „ס'קען באַטראַכט ווערן אַז ס'איז באַוויזן געוואָרן אַז די ווירק־זאַמע אורזאַך פאַר דער באַוועגונג פון דער ספערע, אויב די באַוועגונג איז אייביק, איז ניט קיין קערפּערלעכע און זי געפינט זיך ניט אין קיין קערפּערלעכער זאַך; די באַוועגונג קומט ניט פון זיך אַליין און ניט דורך אַ צופאַל, זי מוז זיין אומטיילבאַר און ניט געענדערט. דער דאָזיקער ערשטער באַוועגער פון דער ספערע איז גאָט, געלויבט איז זיין נאָמען" (151).

איצט, נאָכדעם ווי גאַלילײַ און ניוטאָן האָבן אָוועקגעשטעלט דינאַמיק (באַוועגונג) אויף עקספּערימענטאַלע יסודות (דער געזעץ פון ענערציע) און איינשטיין האָט פאַראייניקט גראַוויטאַציע (שווער־קראַפט) מיט ענערציע אַלס איין דערשיינונג און דער רעלאַטיווער צוגאַנג איז אָנגענומען געוואָרן, האָבן אַלע אַריסטאָטעליאַנישע „פּראָפּאָזיציעס" קיין שום באַדייט ניט, זיי זיינען פּשוט פאַלש. אינעם רמב"מס צייט זיינען זיי אָבער אָנגענומען געוואָרן פאַר פונדאַמענטאַלע אמתן און זיין באַווייז פאַר דער עקזיסטענץ פון גאָט האָט געמוזט מאַכן אַ שטאַרקן איינדרוק.

נאָך דעם „באַווייז" האָט זיך ערשט אָנגעהויבן זיין וויכטיקע אַרבעט; ער האָט ערשט געדאַרפט באַווייזן אַריסטאָטעלס „טעות", אַז מאַטעריע האָט עקזיסטירט אייביק. דעם „טעות" האָט ער געמוזט באַווייזן: אַריסטאָטעל איז געקומען אין דירעקטן ווידערשפּרוך מיט מעשה־בראשית... אמת ער זאָגט אַז ווען אַריסטאָטעל זאָל ווירקלעך געווען באַוויזן אַז די וועלט איז אַ קדמון, וואָלט ער געקענט „אויסטייטשן" (אַ כאַראַקטעריסטיק פונעם סכאָלאַסטיציזם צו לייזן ווידערשפּרוכן דורך „פּאַסנדע" קאָמענטאַרן) די תורה אַזוי אַז זי זאָל שטימען מיט אַריסטאָטעלן... אָבער אַזוי ווי אַריס־טאָטעל האָט ניט „דעמאָנסטרירט" דעם פּרעמיס, האָט ער פאַרשפּאָרט דעם רמב"ם די אומאָנגענעמע אַרבעט, אויסצוטייטשן די תורה זי זאָל שטימען מיט אַריסטאָטעלן.

אָבער דאָס איז ניט געווען די איינציקע ענדערונג וואָס ער האָט גע־דאַרפט אַריינפירן אין אַריסטאָטעלן, ער האָט נאָך געדאַרפט ענדערן זיין „ניט באַוועגלעכן באַוועגער" אויף דעם אידישן לעבעדיקן גאָט, דעם אַקטיוון הערשער וואָס האָט געשאַפן די וועלט און פירט זי לויט „זיין פּלאַן".

דער רמב"ם איז געווען אַ האַרטער ראַציאָנאַליסט, ער איז פּילייכט געווען אַ סך האַרטער אין זיין ראַציאָנאַליזם פון אַריסטאָטעלן, ער האָט זיך אָבער ניט געקענט העלפן: ער האָט פאַר זיך געהאַט רעליגיעזע אמתן

וואָס ער האָט געמוזט אָננעמען און פאַרטיידיקן. וועגן אַט די אמתן האָט ער ניט געקענט שטעלן קיין שום פראַגן: ס'האָט זיך ניט געהאַנדלט וועגן מעטאַפיזיק וואו דער שכל איז דער הערשער, נאָר וועגן רעליגיעזע אמתן וואָס מוזן אָנגענומען ווערן. האָט ער זיך גענומען „באַווייזן" אַריסטאָטעלס „טעות", ער זאָגט: „אַריסטאָטעל האָט ניט באַוויזן אַז מאַטעריע האָט עקזיסטירט אייביק. ער האָט געוואוסט אַז ער קען ניט דעמאָנסטרירן זיין טעאָריע. זיינע באַווייזן קוקן בלויז אויס ווי מעגלעכקייטן... די וואָס האַלטן זיך פאַר פילאָזאָפן גייען אים נאָך ווי בלינדע... זיי מיינען, אַז מען מוז איינשטימען מיט אַריסטאָטעלן, אַז מען טאָר ניט דענקען אַז ניט אַלץ האָט ער געוואוסט און אַז ער האָט אויך געקענט מאַכן אַ טעות.

דערפאַר נעם איך אָן זייער שטאַנדפּונקט און באַוויז, אַז אַריסטאָטעל האָט ניט באַהויפּטעט, אַז ער האָט באַוויזן די אייביקע עקזיסטענץ פון דער וועלט. ער זאָגט אין זיין פיזיק ווי פאָלגט: „אַלע פיזיקער, וואָס זיינען געווען פאַר אונדז, האָבן געגלויבט, אַז באַוועגונג איז אייביק, אויסער פּלאַטאָנען. ער האָט געהאַלטן אַז באַוועגונג איז פאַרבייגייענד און אַז אויך די הימלען זיינען פאַרבייגייענד". מען קען זען, אַז וואָלט אַריסטאָטעל געהאַט איבערצייגנדע באַווייזן פאַר זיין טעאָריע, וואָלט פאַר אים ניט געווען נויטיק צו ברענגען די מיינונגען פון פריערדיקע פיזיקער. אויך וואָלט ער ניט געדאַרפט אָנצייגן אויף די אַבסורדן פון זיינע אָפּאָנענטן: ווען אַן אמת ווערט באַשטעטיקט דורך באַווייזן, געווינט ער ניט דורך דעם, וואָס אַנדערע שטימען מיט אים איין און ער פאַרלירט ניט אויב זיי שטימען מיט אים ניט איין" (זע מורה נבוכים, ז. 176).

זיין ערשטער אַרגומענט איז, ווי מען קען זען, אַז אַריסטאָטעל האָט זיין „טעאָריע" וועגן דער אייביקייט פון דער וועלט „ניט באַוויזן": ער האָט ניט באַוויזן אַז „באַוועגונג איז אייביק".. דער צווייטער אַרגומענט איז, אַז אַריסטאָטעל האָט געמאַכט אַ טעות אין דער „אַסטראָנאָמיע" פון די הימלישע „ספערן" און אין זייער באַוועגונג. זיין אַסטראָנאָמיע שטימט ניט מיטן „אַלמאַגעסט" (אַן אַראַבישע איבערזעצונג פון פּטאָלאָמייס אַסטראָנאָמיע, וואָס איז געשריבן געוואָרן מיט 150 יאָר פאַר דער איצטיקער צייטרעכענונג. אָדער אַרום 1300 יאָר פאַר דעם רמב"ם. אַ כאַראַקטעריסטיק פון דער מיטלאַלטער צו קוקן אויף צוריק פאַר אויטאָריטעטע מיינונגען). ער זאָגט: „ווי מיר אַלע ווייסן פון דעם, וואָס מיר האָבן געלערנט אינעם בוך אַלמאַגעסט (ז. 196). אַז אין אַריסטאָטעלס צייט האָט מען ניט געוואוסט די באַוועגונג פון דער אַכטער ספערע; ווען ער האָט געמאַכט אַזאַ פונדאַמענטאַלן טעות, איז אַ סימן, אַז ער האָט אויך געמאַכט אַ טעות וועגן דער אייביקייט פונעם אוניווערס. אַזוי ווי אַריסטאָטעל האָט זיין שטאַנדפּונקט ניט באַוויזן „נעם איך אָן די באַשאַפונג פון דער וועלט לויט דער אויטאָריטעט פון די נביאים, זיי קענען לערנען זאַכן אַ סך ווייטער, ווי מען קען גרייכן דורך פילאָזאָפישע ספעקולאַציעס" (מורה נבוכים, ז. 178).

נאָכדעם ווי ער האָט „געראַטעוועט" די וועלט פון אַריסטאָטעלס קאַלטער אייביקייט, האָט ער אויך געדאַרפט „ראַטעווען" דעם אידישן רעליגיעזן גאָט פון אַריסטאָטעלס קאַלטן „באַוועגלאָזן באַוועגער". אויך דאָס טוט ער דורך דער הילף פון דער „אַסטראָנאָמיע". ווען מען נעמט אָן די באַוועגנדע

ספערן, שטערן און פּלאַנעטן לויט אַריסטאָטעלס מעכאַנישע געזעצן, איז ניטאָ קיין שום „זין" אין זייערע באַוועגונגען; מען קען ניט פאַרשטיין פאַר־וואָס זיי באַוועגן זיך ניט אין איין ריכטונג לויט אַ פּראָפּאָרציאָנעלן סדר. נעמט מען זיי אָבער לויט דעם באַשימטן פּלאַן, וואָס גאָט האָט געוואָלט אַריינגעבן אין זיי, ווערט אַלץ פאַרשטענדלעך. נאַטירלעך ניט פאַרן מענטשן, נאָר פאַר גאָט: אַ מענטש קען ניט וויסן אַלע גאָטס פּלענער, ער קען זיך אָבער פאָרשטעלן, אַז גאָט טוט ניט קיין זאַך אומזיסט. דאָס מיינט, אַז אויך אין די באַוועגונגען איז פאַראַן אַ פּלאַן. ווען ער גיט נאָך צו צו דער „אַס־טראָנאָמיע" דעם „וויסן", וואָס מען האָט פון די נביאים ווערט אַלץ „פאַר־שטענדלעך".

נאָכדעם ווי ער ווערט פאַרטיק מיט אַריסטאָטעלן, ער מאַכט אים שטימען מיט די עיקרים פון דער אידישער רעליגיע, גייט ער איבער צו דעם תנ"ך און באַהאַנדלט אים אויף אַ ראַציאָנאַלן אופן, אַז ער זאָל שטימען מיט אַריסטאָטעלס פילאָזאָפיע. אַזוי נעמט ער צוויי סיסטעמען, וואָס זיינען אין ווידערשפּרוך איינע צו דער צווייטער און פאַראייניקט זיי: ער באַווייזט דער מיטלאַלטער ווי אַזוי מען קען אַריינפירן האַרמאָניע צווישן זיי (דאָס איז טעאָלאָגיע פונעם סכאָלאַסטיציזם).

די באַמערקונגען, וואָס זיינען געמאַכט געוואָרן וועגן דעם רמב"מס ראַנגלענישן מיט אַריסטאָטעלן, זיינען געוויס ניט גינסטיק פאַרן רמב"ם און זיי שטערן דער מעגלעכקייט צו קענען אָפּשאַצן דעם היסטאָרישן באַדייט פון דעם מורה נבוכים. ליידער, איז ווען מען גיט איצט דעם רמבמ"ס אויס־זעצונגען קעגן אַריסטאָטעלן, מוז מען זיי געבן אין אַ קריטישער ליכט. דאָס קען מען זיך ניט העלפן דערפאַר, וואָס די לאָגיק פון דעם דענקען איז אויף אַריסטאָטעלס זייט. דאָס אָבער רויבט אָוועק די מעגלעכקייט צו קענען אָפּשאַצן די היסטאָרישע ווירקונג פונעם מורה נבוכים. די איראָניע פון דער געשיכטע האָט געוואָלט, אַז דעם רמב"מס פאַרדינסט פאַרן פּראָגרעס פונעם מענטשלעכן געדאַנק זאָל ליגן אין פּונקטן וואו ער איז געווען אומ־גערעכט... אָבער זיין אָפּעראַציע אויף אַריסטאָטעלן איז געווען אַ נויט־ווענדיקייט פאַר זיין צייט. אין זיין אָריגינעלער פאָרמע האָט אַריסטאָטעל פאַר קיין פאַל ניט געקענט אָנגענומען ווערן אין יענער צייט.

ס'איז שווער זיך פאָרצושטעלן דעם טרייסל (שאָק) וואָס די קריסט־לעכע וועלט האָט געמוזט קריגן, ווען זי האָט זיך באַקאַנט מיט די שאַפונגען פון די אידישע און אַראַבישע דענקער. העברי אָסבאָרן זאָגט: „ווען מען זאָל פאַרגלייכן דעם וויסן פון דעם קריסטלעכן דענקער פון דער מיט פון דעם 12טן יאָרהונדערט מיט דעם פונעם 13טן יאָרהונדערט, וואָלט מען דעם ערשטן געדאַרפט נעמען ווי איינעם, וואָס האָט אין זינען צו קויפן אַ בריטאַנישע ענציקלאָפּעדיע און דעם צווייטן — ווי איינעם, וואָס נוצט אַזאַ ענציקלאָפּעדיע. די אַבסאָלוטע אורזאַך פאַרן פאַרגרעסערטן וויסן איז געווען דער באַקענען זיך מיט די אַרבעטן פון די אַזוי אָנגערופענע אַראַבישע פילאָזאָפן און ספּעציעל דער באַקענען זיך מיט אַריסטאָטעלס ווערק דורך די איבערזעצונגען" (מעדיאיוו. מיינד 2, 419). דער פאַרגלייך רעדט פאַר זיך אַליין, קיין געלונגערן פאַרגלייך האָט ער, דוכט זיך, ניט געקענט געבן;

די אידישע און אַראַבישע ווערק האָבן געבראַכט אַן ענציקלאָפּעדישן וויסן צו דער קריסטלעכער וועלט. דאָס מיינט עפּעס...

ניט אַזוי לייכט איז געווען דעם נעאָ־אַריסטאָטעליאַניזם (קיין ריינעם אַריסטאָטעלן האָט די מיטלאַלטער ניט געהאַט. ניט דער רמב״ם און ניט אפילו אקווינוס, וועלכער האָט שוין אפילו געהאַט אַ צוטריט צו גריכישע ווערק, האָט געהאַט אַ ריינעם אַריסטאָטעלן, זיי האָבן אים געהאַט אין אַן אַראַביזירטער פאָרמע) זיך אַריינצורייסן אין דער קריסטלעכער וועלט. דריי מאָל האָט מען אַריסטאָטעלן אַריינגעוואָרפן אין חרם אין איינע 25 יאָר. אויך אוועראָזען, דעם „גרויסן קאָמענטאַטאָר״ (דאָס איז געווען דער גרעסטער כבוד, וואָס מען האָט איינעם געקענט געבן אין דער מיטלאַלטער) האָט מען אַריינגעוואָרפן אין חרם. ס׳האָט אָבער ניט געהאָלפן: מען האָט זיי שטודירט אין די זעלבע פלעצער וואו מען האָט זיי אַריינגעוואָרפן אין חרם... ענדלעך אין 1225 איז אַריסטאָטעל געוואָרן אַ טייל פון דעם שטודיום אינעם פּאַריזער אוניווערזיטעט.

מיט וואָס דערקלערט זיך אַזאַ פּלוצלונגער דראַנג צו דער פרעמדער „אַראַבישער״ פילאָזאָפיע אין אַלגעמיין און צו אַריסטאָטעלן ספּעציעל? דע־וואולף זאָגט אין זיין „מעדיאיוועל פילאָסאָפיע״, אַז דער פּעריאָד איז נאָך ניט אויסגעפאָרשט געוואָרן: ער ווייסט ניט פון וואַנען ס׳האָבן זיך מיטאַמאָל גענומען אינעם סוף פונעם 12טן יאָרהונדערט אַזויפיל גריכישע און אַראַ־בישע אַרבעטן איבערגעזעצט אויף לאַטין. קוירטיס זאָגט דאָס זעלבן אין זיין „סייענס ענד יומען אַפיירס״. ווינדעלבאַנד זאָגט, אַז די אָריגינעלע קוואַלן פון יענעם פּעריאָד זיינען אים ניט צוגאַנגבאַר, מוז ער איבערהיפּערן דעם פּעריאָד א. אַז. וו. דער פּעריאָד וואַרט נאָך פאַר זיין פאָרשער...

ס׳איז פריער אָנגעוויזן געוואָרן אויף דער ראָלע וואָס די אידן האָבן געשפּילט אין דער ענדערונג פון די באַגריפן; זיי זיינען אָבער ניט געווען די איינציקע אורזאַך פאַר דער ענדערונג; דער פאַל פון קאָנסטינטינאָ־פּאָל אין 1204 אין די הענט פון די קרייצציגער ווערט אָנגעגעבן פאַר אַן אורזאַך פאַר דער פאַרשפּרייטונג פון וויסן. די קרייצצוגן אין אַלגעמיין ווערן אָנגעגעבן פאַר אַן אורזאַך פאַר דער ענדערונג פון די באַגריפן. זיי האָבן אַרויסגענומען די מאָנאַכן פון די מאָנאַסטירן און האָבן זיי צעשפּרייט אויף דער וועלט צו „לערנען״ מיט דער מענטשהייט „גאָטס תורה״. פאַקטיש האָבן פון יענער צייט מיטאַמאָל אָנגעהויבן אַנטשטיין אוניווערזיטעטן אין פאַרשיידענע פלעצער. די אַלע פאַקטאָרן האָבן געווירקט אַז דער נעאָ־אַריסטאָטעליאַניזם זאָל זיך נעמען צו פאַרשפּרייטן אויף דער וועלט.

דאָס וואָס ס׳איז געבליבן פונעם נעאָ־פּלאַטאָניזם אין דער מיטלאַלטער אינעם קריסטנטום האָט געהאַט איין „מעלה״, ס׳האָט זיך ניט גענויטיקט אין דער מענטשלעכער לאָגיק זי זאָל אַריינפירן אָרדענונג אין דעם. גאָט (אַמאָל אויך די מיסטישע „סובסטאַנץ״) איז די איינציקע רעאַליטעט (מיטל־אַלטערלעכער „רעאַליזם״, וואָס אין דער מאָדערנער שפּראַך וואָלט עס זיין אידעאַליזם), וואָס האָט דריי פאָרמען, די דרייאייניקייט: פאָטער, זון און הייליקער גייסט. די רעאַליטעט פון דער וועלט איז דער „אוניווערסאַל״ (אוניוורסאַליא אַנטי רעם, דאָס אוניווערסאַלע איז פריער פאַר דער זאַך)

זאַכן זיינען „אַקסידענטן" ווען מענס אַקטועלע רעאַליטעט געפינט זיך אינעם „אוניווערסאַל".

דאָס אַלץ איז געווען אַזוי מטושטש אַז ס'איז אפילו ניט געווען פאַר־שטענדלעך פאַר די טעאָלאָגן גופא. פונדעסטוועגן האָט מען עס אָפּגעהיט ווי דעם שוואַרצאַפּל פונעם אויג: ס'האָט געדאַרפט מיינען, אַז דער „הייליקער קלויסטער" איז די „רעאַליטעט". דער קלענסטער אָפּנויג פון דעם צענטראַלן געדאַנק איז דערקלערט געוואָרן פאַר אַן אפיקורסות פאַר וועלכער מען איז שטרענג באַשטראָפט געוואָרן. אַזוי האָט מען באַשטראָפט ראָסעלינוסן אין 1092 פאַרוואָס ער האָט געשריבן אַן „אפיקורסישן נאָמינאַליזם" (די רעאַ־ליטעט פון איינצל זאַכן). זיין בוך האָט מען פאַרברענט און ער אַליין האָט געקניט פאַר די קאַרדינאַלן און האָט זיך געשלאָגן על־חטא פאַר דער אַרויסגערעדטער אפיקורסות. מער האָט ער קיין איין וואָרט ניט געשריבן דאָס גאַנצע לעבן; וואָס מען ווייסט פון אים איז וואָס זיינע קעגנער האָבן געשריבן. אַז דאָס וואָס ער האָט געזאָגט האָט געמוזט זיין אַ גרויסע הפקרות, דאַרף מען אורטיילן דערפון, מיט וואָס פאַר אַ שרעק דער „הייליקער" אַנסעלם דערמאָנט אים: „אַזאַ חוצפה! ווען ער זאָל געווען האָבן גענוג העזה, וואָלט ער די דרייאייניקייט אויך געווען דערקלערן פאַר דריי באַ־זונדערע זאַכן".

אַזוי האָט מען באַשטראָפט אַבעלאַרן און מען האָט זיין בוך פאַרברענט דערפאַר, וואָס „ער מאַכט בטל דעם גאַנצן קריסטלעכן גלויבן דורך דעם פאַרזוך צו פאַרשטיין די נאַטור פון גאָט לויט דעם מענטשלעכן שכל. ער גייט אַרויף אויבן אויפן זיבעטן הימל און אונטן אין גיהנום אַריין. קיין שום זאַך איז פאַר אים ניט באַהאַלטן, ניט אויבן אין דער הויך און ניט אונטן אין דער טיפעניש" (זע דרייפער, אינטעלעקטשועל דעוועלאָפּמענט אָוו יוראָפּ, באַנד 2, ז. 11).

אין אַט דעם כאַאָס האָט געדאַרפט אַריינגעבראַכט ווערן אַריסטאָטעל מיט זיין קאַלטער לאָגיק. וואָס מען זאָל אָבער ניט זאָגן וועגן דעם קריסטנ־טום, דאַרף מען איין זאַך צוגעבן: אַז ער האָט לעבנס־פיאיקייט און צו־פאַסונגס־פיאיקייט; וואָלט ער די אייגנשאַפטן ניט געהאַט, וואָלט קיין ציווי־ליזאַציע אַרום אים זיך ניט געווען אַנטוויקלט: ס'איז דאָך געוויס ניט קיין צופאַל וואָס 99% פון דער ציוויליזירטער וועלט איז פונעם קריסטלעכן גלויבן.

סכאָלאַסטיציזם ווערט אָנגערופן דאָס וואָס פיגורירט אַלס מיטלאַטער־לעכע פילאָזאָפיע. נאַטירלעך, אַז ס'איז ניט קיין פילאָזאָפיע, נאָר טעאָלאָגיע „פילאָזאָפיש" באַהאַנדלט. פאַרן ערשטן סכאָלאַסטיקער ווערט פאַררעכנט עריגענעס, וואָס איז געקומען אויף דער וועלט מיט 200 יאָר פאַר דער צייט. דער אָפיציעלער סכאָלאַסטיציזם הויבט זיך אָן מיטן עלפטן יאָרהונדערט, ווען די ערשטע ליכט־שטראַלן פון ראַציאָנאַלן דענקען האָבן אָנגעהויבן אַריינדרינגען אין דער קריסטלעכער וועלט, און ער האָט אָנ־געהאַלטן ביז נאָך דעם רענעסאַנס, ווען דער מאָדערנער דענקען האָט זיך אָנגעהויבן.

אייניקע סכאָלאַסטיקער, ווי אַנסעלם, אַבעלאַר א. אז. וו. זיינען געווען טיף דענקענדע מענטשן; אונטער אַנדערע באַדינגונגען וואָלטן זיי געוויס

געקענט זיין שעפערישע דענקער, אָבער אין זייער צייט, ווען קיין פאַקטישן וויסן האָבן זיי ניט געהאַט, פון די קלאַסישע דענקער האָבן זיי כמעט ווי ניט געוואוסט, און דער דענקען איז געווען פון אַ ריין רעליגיעזן כאַראַקטער — האָבן זיי געמוזט פאַרטיידיקן דאָגמעס וואָס זיינען געווען נאַריש און אָפט קעגן דער מענטשלעכער לאָגיק, באַגעגנט מען זיך טאָקע ביי זיי מיט „ענינים" וואָס מער ווי אַ שמייכל קענען זיי ניט אַרויסרופן ביי אַ מאָדערנעם לעזער.

געוויינטלעך נעמט מען עס אָן פאַר אַ וויץ, ווען מען זאָגט, אַז די מיטלאַלטער האָט דיסקוטירט וויפיל מלאכים ס'קענען טאַנצן אויפן שפּיץ פון אַ נאָדל.. ווייזט זיך אַרויס, אַז לויט זייער אַרט דענקען און זייערע באַגריפן איז עס פאַר זיי געווען אַן ערנסטע פראַגע (זע פּעריך, די עוואָלושאָן אָוו באַלעדזש, ז. 102). נאָך קאָמישער איז די „פראַגע" צי ווען אַ מויז עסט אויף דעם „יוקאַריסט" (דעם געהייליקטן ברויט), עסט זי קריסטוסעס קערפּער, אָדער ניט? אויך אין דער „פראַגע" איז פאַר זיי געווען אַן ערנסטער פּונקט, וואָס פאַרגעסנדיק די מויז אַז זי קען אויפעסן דעם „יוקאַריסט", האָט די פראַגע גופא וועגן דעם עצם פונעם „יוקאַריסט" שיר ניט געקאָסט דאָס לעבן בערינגאַרן, דעם דירעקטאָר פונעם טאור קאַטעדראַל אינעם עלפטן יאָרהונדערט. אויף דעם אינצידענט איז כדאי זיך אָפּצושטעלן, ער גיט אַן אַריינבליק אין דער מענטאַליטעט פון יענער צייט. און אויף דער האַרטקייט פון די קאַטוילישע דאָגמעס אין אַלגעמיין (דער „יוקאַריסט" ווערט נאָך איצט אַזוי אויסגעטייטשט ווי אין יענער צייט). לויט דער אין יענער צייט אָנגענומענער אויסטייטשונג פונעם „יוקאַריסט" (איצט איז עס שוין אַן אָנגענומענע דאָגמע וואָס קען ניט געענדערט ווערן) ווערט פונעם ברויט און ווייַן נאָך דער „הייליקונג" קריסטוס קערפּער און קריסטוס בלוט און זיי ווערן געגעסן און געטרונקען ווי קערפּער און בלוט.. דער „יוקאַריסט" גופא איז עלטער פונעם קריסטנטום, ער קומט פון דער מיטרא קולט, זיין „פילאָזאָפישע" אויסטייטשונג האָט ער אָבער ערשט געקראָגן אינעם נייַנטן יאָרהונדערט, זי באַשטייט אינעם „טראַנסובסטאַנציאַנאַליזם" (נאָך דער הייליקונג ווערט די „סובסטאַנץ פונעם ברויט און ווייַן געענדערט און נאָר די „אַקסידענטן" בלייבן די זעלבע). אָט די האַמעטנע אויסטייטשונג איז ניט געפעלן געוואָרן דעם סכאָלאַסטיקער בערינגאַרן אינעם 11טן יאָרהונדערט, ער האָט זי געוואָלט מאַכן אביסל ווייכער; אַז נאָר קריסטוסעס גייסט קומט אַריין אינעם ברויט און ווייַן, זיי בלייבן אָבער פונדאַמענטאַל דאָס זעלבע וואָס פריער און זיי ווערן געגעסן און פאַרדייעט ווי ברויט און ווייַן. פאַר דער „אַפיקורסות" האָט מען אים צוויי מאָל (אין 1059 און אין 1078) גערופן קיין רום וואו ער האָט זיך געשלאָגן על־חטא און געזאָגט אַז „נאָך דער הייליקונג ווערן פונעם ברויט און ווייַן קריסטוסעס קערפּער און בלוט; די גייסטלעכע עסן קריסטוסעס קערפּער און בלוט און ניט בלויז זיין גייסט" (זע ענציקלאָפּעדיע בריטאַניקאַ, 10טע אויסגאַבע, בוך 3, ז. 585).

דאָס האָט פּאַסירט פריער איידער די דאָגמע איז אָנגענומען געוואָרן פונעם 4טן לעטעראַן קאָונסיל אין 1215 אַז „די גאַנצע סובסטאַנץ פונעם ברויט ענדערט זיך אין קריסטוסעס קערפּער און די גאַנצע סובסטאַנץ פונעם ווייַן ווערט זיין בלוט, די עקצעדענטן אַליין בלייבן" (ציטירט לויט מענקענס

טריטיעס אין די גאטס, ז. 31). דאָס אינטערעסאַנטע דערפון איז וואָס ניט בלויז בערינגאַר האָט ניט געגלויבט אין דער פאָרמולע, נאָר אויך הילדע־בראַנד (פויפּסט גריגאָריע דער 7טער, איינער פון די וויכטיקסטע פויפּסטן), האָט, לויט דער אויטאָריטעטער מיינונג פון אַרצבישאָף דעאַרסי, ניט געגלויבט אין איר (זע די קריסטשן אַטלוק אין די מאָדערן וואָרלד, קאַפּ. 11). דאָס האָט אים פונדעסטוועגן ניט צוריקגעהאַלטן פון באַשטראָפן בעריגנאַרן: אַ דאָגמע איז אַ דאָגמע...

איצט ווען אַ גלח ענטפערט מענקענען אויף דער בייסנדער סאַטירע אַז „ניט יעדער פּאָקוסניק איז אַ גלח, אָבער יעדער גלח איז אַ פּאָקוסניק" (דאַרטון), זאָגט ער „דער גלח באַהויפּטעט ניט אַז ער איז אַ כישוף־מאַכער, ער ווייסט אַז ער איז אַן אינסטרומענט אינעם נאָמען פונעם אייביקן גאָט, ער איז זיין אַמבאַסאַדאָר" (רעוועראַנט גרעהעם, די ווי אַוו די סקעפּטיק, ז. 148). ער פאַרטיידיקט שוין די דאָגמע ווי זי שטייט און גייט...

דער וויכטיקסטער סכאָלאַסטיקער פונעם עלפטן יאָרהונדערט איז געווען דער „הייליקער" אַנסעלם, אויף וועמען מען זאָגט, אַז ער האָט קיין טעג ניט געררוט און איז קיין נעכט ניט געשלאָפן ביז ער האָט זיך דערטראַכט צו דעם „אָנטאָלאָגישן באַווייז" פאַר דער עקזיסטענץ פון גאָט וואָס איז אויבן געגעבן געוואָרן. ער האָט אויך אָנגעשריבן אַ „פילאָזאָפישע" אַרבעט צו באַווייזן פאַרוואָס קריסטוס האָט געדאַרפט געבוירן ווערן אין אַ טאָטן... ער זאָגט: „גאָט האָט פיר וועגן ווי אַזוי צו באַשאַפן מענטשן: 1) אָדער דורך מאַן און פרוי, אינעם געוויינטלעכן וועג, 2) אָדער אָן אַ מאַן און אָן אַ פרוי, ווי ער האָט באַשאַפן אדמען, 3) אָדער פון אַ מאַן אָן אַ פרוי, ווי ער האָט באַשאַפן חוהן, 4) אָדער פון אַ פרוי אָן אַ מאַן, אַ מעטאָד וואָס ער האָט ביז איצט ניט גענוצט. דערפאַר איז אום צו באַווייזן אַז ער האָט דעם כוח אויך דאָס צו טאָן, האָט ער זיך ביז איצט צוריקגעהאַלטן דאָס צו טאָן פאַרן ספּעציעלן צוועק וואָס ס'איז געווען אַממערסטן פּאַסיק אַז ער זאָל נעמען דעם מענטשן, וועמענס אַנטשטייאונג מיר זוכן, פון אַ פרוי אָן אַ מאַן... מיר מוזן באַהויפּטן אָן וועלכן ס'איז צווייפל אַז גאָט־מענטש איז געבוירן געוואָרן פון אַ יונגפרוי" (פון „קור דייעס האָמאָ". ציטירט לויט קערשנערס פּיאָנירס אָוו קריסטשן טהאָט, ז. 192). און דאָס איז געווען דער וויכטיקסטער דענקער פונעם 11טן יאָרהונדערט; מען באַגעגנט זיך מיט אים אין געשיכטעס פון פילאָזאָפיע...

דער וויכטיקסטער דענקער פונעם סכאָלאַסטיציזם איז דער „הייליקער" טאָמעס פונעם 13טן יאָרהונדערט. ער האָט אַריינגעפירט דעם נעאָ־אַריסטאָטעליאַניזם אינעם קריסטנטום און איז געבליבן דער אויטאָריטעט פונעם קאַטוילציזם ביזן היינטיקן טאָג. האָט ער אויך באַטראַכט די „פראַגע" ווער עס וועט אויפשטיין תחית־המתים! דער קאַניבאַל וואָס האָט געגעסן מענטשן צי די מענטשן וועמען ער האָט אויפגעפרעסן... געוויס זאָגט מען איצט אַז מיט דער פראַגע האָט ער געשפּאַסט, איז דאַרף מען אים ניט נעמען ערנסט אין איר. מעגלעך, אַז ס'איז געווען אַ שפּאַס; נאָך אַלעמען איז ער דאָך געווען אַן ערנסטער און טיפער דענקער. ער איז אָבער געווען טויט־ערנסט ווען ער האָט געשריבן אַז „מלאכים קענען אויסקוקן ווי מענטשן, הגם זיי זיינען ניט קיין מענטשן; זיי פילן ניט דורך זייערע חושים אפילו דעמאָלט,

ווען זיי נעמען אָן אַ מענטשלעכע געשטאַלט. זיי עסן ניט און פאַרדייען ניט קיין שפּייז. זיי האָבן אויך ניט קיין קינדער.

פאַקטיש ריידן זיי אפילו ניט, הגם ענלעכעס צו שפּראַך קומט אַרויס פון זייער מויל אין דער לופט אַריין. זייערע באַוועגונגען באַשטייען פון מעכאַנישע ענדערונגען, וועלכע קומען פאָר אין זייערע קערפּערס און ניט פון קיין פרייע באַוועגונגען. זייער באַוועגונג קען זיין אַ דירעקטע, אָדער ניט קיין דירעקטע. ווען זי איז ניט קיין דירעקטע, קוקט אויס אַז זיי קענען איבערגיין פון איין פּלאַץ אויף אַ צווייטן און אויסמיידן דעם צענטער, דעם צווישן־פּלאַץ. זייער באַוועגונג קומט פאָר אין צייט: ס׳מוז זיין אַ פריער און אַ שפּעטער, ס׳מוז אָבער ניט זיין קיין צווישן־צייט צווישן די באַזונדערע מאָמענטן" (ציטירט לויט טיילאָרס מעדיאיוויל מיינד, באַנד 2, ז. 489). ווי זאָגט טיילאָר: „דער סכאָלאַסטיציזם האָט ניט געהאַט קיין חוש פאַר הומאָר, ער האָט ניט פאַרשטאַנען קיין וויץ: ער איז געווען טויט־ערנסט"...

געוויס דאַרף מען ניט אורטיילן טאָמאַסן לויט די קוריאָזיטעטן וואָס מען געפינט ביי אים, נאָר לויט זיין אַלגעמיינעם דענקען און ווירקונג. ער איז געווען אַ טיפער דענקער און האָט געמאַכט אַן ערנסטן פאַרזוך צו פאַרבינדן די קלויסטער־דאָגמען מיטן נעאָ־אריסטאָטעליאַניזם; ער האָט אָבער געהאַט האַרטע דאָגמען וואָס ער האָט ניט געקענט ענדערן... מעגלעך, אַז ער איז אויך ניט געווען אַזאַ האַרטער ראַציאָנאַליסט ווי דער רמב"ם איז געווען; וואָס ס׳זאָלן ניט געווען זיין די אורזאַכן, איז, גענומען פון דער פּאַקטישער זייט, האָט ער ניט אַריינגעבראַכט קיין האַרמאָניע צווישן די קלויסטער־דאָגמען און דעם נעאָ־אַריסטאָטעליאַניזם. ער האָט געזאָגט: „ווער ס׳שטרעבט צו באַ־ווייזן די דרייאייניקייט פון די פּערזאָנען לויט דעם נאַטירלעכן פאַרשטאַנד, פאַרמינדערט דעם גלויבן אויף צוויי וועגן: 1) ער פאַרמינדערט אים אין זיין ווערט אַלס גלויבן וואָס באַשעפטיקט זיך מיט ענינים וואָס, ווי מען קען זען, שטייגן זיי אַריבער דעם מענטשלעכן פאַרשטאַנד; און 2) ער פאַרמינ־דערט די מעגלעכקייט צו באַאיינפלוסן מענטשן אין דעם גלויבן... מען טאָר זיך ניט אונטערנעמען צו דערקלערן זאַכן וואָס האָבן אַ שייכות צו גלויבן אויף קיין אַנדער וועג ווי מיט דער הילף פון אויטאָריטעטן און דורך דיסקוסיעס מיט די וואָס באַזיצן די נויטיקע אויטאָריטעט (דאָרטן, ז. 480).

ס׳מיינט פשוט און פּראָסט, אַז דער גלויבן מוז בלייבן פריי פון וועלכער ס׳איז לאָגישער דערקלערונג: די רעליגיעזע דאָגמען דאַרפן בלייבן „ווי זיי שטייען און גייען" אי ווען זיי קומען אין ווידערשפּרוך צווישן זיך, אי ווען זיי זיינען אין ווידערשפּרוך צו דער מענטשלעכער לאָגיק... אינעם זינען פון ראַציאָנאַליזירן די רעליגיע האָט ער ניט אויפגעטאָן דאָס וואָס דער רמב"ם האָט אויפגעטאָן: ער האָט געלאָזט די רעליגיע אויף דעם זעלבן פּלאַץ וואו ער האָט זי געפונען. אָבער דערמיט וואָס ער האָט גענומען דעם נעאָ־אַריסטאָטעליאַניזם פאַר אַן אויסגאַנגס־פּונקט און האָט אַריינגע־פירט דעם ראַציאָנאַלן דענקען אין דער קריסטלעכער רעליגיעזער וועלט, האָט ער אַריינגעפירט אַ דואַליזם צווישן גלויבן און לאָגישן דענקען אין אַלגעמיין. ס׳האָט זיך געשאַפן אַ לאַגע וואָס „אינעם דרייצנטן יאָרהונדערט איז די באַשאַפונג פון דער וועלט אין זעקס טעג און די ניט פאַרענדערונג פון דער נשמה, וואָס איז אַזוי שטאַרק אונטערשטראָכן געוואָרן פון דעם

הייליקן טאָמאַסן, זיינען זיי אי אָנגענומען געוואָרן, אי אָפּגעלייקנט געוואָרן צו דער זעלבער צייט: זיי זיינען אָנגענומען געוואָרן ווי אַ דאָגמע פונעם קאַטוילישן קלויסטער און זיי זיינען אָפּגעלייקנט געוואָרן לויט דעם נעאָ־אַריסטאָטעליאַניזם פילאָזאָפיש" (זע זש. טינדאָל, בעלפאַסט אדרעס, אינעם 2טן באַנד „פראַגמענטס אָוו סייענס, ז. 163).

אום צו כאַראַקטעריזירן דעם גייסטיקן צושטאַנד פון יענער צייט וועט געבראַכט ווערן אַ לענגערער אויסצוג פונעם זעלבן באַוואוסטן „בעלפאַסט אדרעס". טינדאָל כאַראַקטעריזירט די מיטלאַלטער, ווי פאָלגט: „דער גייסט איז געווען אַ שקלאַפישער. די זוכער פון נאַטירלעכן וויסן האָבן פאַרלאָזן דעם קוואַל פון לעבעדיקע וואַסערן, די דירעקטע ווענדונג צו דער נאַטור זי באַאָבאַכטן און עקספּערימענטירן און האָבן זיך אָפּגעגעבן צו ספּעקולירן וועגן די מיינונגען פון די פאַרגאַנגענע דורות. ס'איז געווען אַ צייט וואָס דער דענקען האָט געזונקען און מען האָט בלויז אָנגענומען אויטאָריטעטן, דאָס האָט געפירט צו אַן אינטעלעקטועלן טויט. נאַטירלעכע פאַסירונגען זיינען ניט געפאָרשט געוואָרן לויט זייער פיזישער ווירקונג, נאָר מען האָט זיי באַטראַכט אַלס רעזולטאַטן פון מאָראַלע אורזאַכן לויט דער הערשאַפט פון דער פאַנטאַזיע... ענדלעך איז געקומען דער סכאָלאַסטיציזם וואָס האָט צוזאַמענגעשמאָלצן אַריסטאָטעלס אַמווינציקסטנס רייפע באַגריפן מיטן קריסטנטום. דער רעזולטאַט איז געווען אינטעלעקטועלע סטאַגנאַציע. ווי אַ קאַפּיטאַן וואָס פירט אַ שיף אָן אַ קאָמפּאַס אין אַ געדיכטן טומאַן און שטעלט זיך פאָר אַז ער גייט פאָרווערטס, געפינט זיך נאָך אַ לאַנגער און שווערער מי אויפן זעלבן פלאַץ, פון וועלכן ער האָט אָנגעהויבן, אַזוי האָבן די סכאָלאַסטיקער פאַרקנופּט און אויפגעקנופּט די זעלבע קניפּן, צעטריבן און נאָכאַמאָל געשאַפן די זעלבע וואָלקנס און האָבן זיך נאָך יאָרהונדערטער געפונען אויפן זעלבן אַלטן אָרט, פון וועלכן זיי האָבן אָנגעהויבן" (דאָרט, זז. 157־158).

גענומען אין אַבסטראַקט איז די ענדערונג וואָס איז אַריינגעפירט געוואָרן דורך טאָמאַסן, דער נעמען דעם נעאָ־אַריסטאָטעליאַניזם פאַר אַן אויסגאַנגס־פּונקט אַ גאַנץ קנאַפּע רעוואָלוציע: פאַרבייטן איין אויטאָריטעט אויף אַ צווייטן איז אַ קנאַפּער רעוואָלוציאָנערער אַקט; ספּעציעל נאָך וואָס מען האָט אָנגענומען אַריסטאָטעלן ניט בלויז אַלס פילאָזאָף, נאָר אויך לויט זיין „וויסנשאַפט" (אין יענער צייט האָט מען ניט געמאַכט קיין טיילונג צווישן וויסנשאַפט און פילאָזאָפיע). און אַריסטאָטעלס „וויסנשאַפט" איז ניט נאָר געווען פאַלש פאַקטיש, נאָר דער גאַנצער אויסגאַנגס־פּונקט איז געווען אַ שעדלעכער, ער האָט פאַרצוימט דעם וועג פאַר דער מעגלעכקייט צו פאָרמירן אַ פיזיקאַלישע וויסנשאַפט: מען האָט ערשט געדאַרפט מאַכן אַ רעוואָלוציע קעגן דעם אויסגאַנגס־פּונקט אום צו קענען שאַפן אַ וויסנשאַפט. און פונדעסטוועגן איז די ענדערונג וואָס איז אַריינגעפירט געוואָרן אין יענער צייט געווען פון פונדאַמענטאַלער וויכטיקייט פאַר דער ווייטערדיקער געשיכטע פון דער מענטשהייט.

אַזוי לאַנג ווי דער קריסטנטום האָט זיך אָריענטירט אויף די רעשטלעך פונעם נעאָ־פּלאַטאָניזם, האָט ער זיך ניט געדאַרפט רעכענען מיטן לאָגישן דענקען אין אַלגעמיין; אָבער אַזוי גיך ווי ער האָט אָנגענומען דעם נעאָ־אַריסטאָטעליאַניזם און האָט פּראָקלאַמירט דעם דואַליזם פון דענקען אין

ווידערשפּרוכן: פון איין וועג אָנגענומען אַ דאָגמע לויט דעם גלויבן און פון דעם צווייטן זי לייקענען לויט דעם דענקען, האָט זיך געשאַפן אַ סיטואַציע וואָס ווינדעלבאַם זאָגט, אַז „טאָמאַס האָט געשאַפן אַ לאַגע אַז די גאַר גלויביקע זין פונעם קלויסטער זאָלן פירן די שפּאַלטונג צווישן פילאָזאָפיע און טעאָלאָגיע אויף אַזוי ווייט אַז מען זאָל ניט קענען שאַפן קיין בריק צווישן זיי. דאַנס סקאָטוס האָט געלערנט, אַז טעאָלאָגיע דאַרף באַטראַכט ווערן פאַר אַ פּראַקטישער דיסציפּלין און פילאָזאָפיע פאַר אַ טעאָרעטישער. פאַר אים און פאַר זיינע נאָכפאָלגער איז די פאַרהעלטעניש צווישן זיי ניט געווען קיין דערגאַנצונג, נאָר אַ טיילונג וואָס האָט פאַראָרעמט און פאַרדאַרט די טעאָלאָגיע" (זע היסטאָריע אָוו פילאָסאָפיע, ז. 322).

טאָמאַס האָט אַריינגעשפּאַרט דעם קלין וואָס האָט געשפּאָלטן די מיטלאַלטער און וואָס האָט געפירט צום רענעסאַנס (נאַטירלעך, אַז טאָמאַסן קומט ניט דער גאַנצער קרעדיט; מעגלעך, אַז אַלבערטוס מאַגנוסן קומט אַזויפיל קרעדיט ווי אים. אַלבערטוס מאַגנעס האָט צוגעגרייט דאָס פעלד פאַר טאָמאַסן. אַזוי איז עס אָבער, איינער זייט און דער צווייטער שניידט...). ער האָט געשאַפן אַ לאַגע אַז „די געטרייע זין פונעם קלויסטער האָבן געפירט צו דער שפּאַלטונג צווישן טעאָלאָגיע און פילאָזאָפיע". ער האָט טאַקע באַוואָרנט אַז דער גלויבן דאַרף האָבן די אויבערהאַנט, צו דער רעליגיע בלייבט דאָס לעצטע וואָרט... ווען מען האָט אָבער אַריינגעלאָזט אַריסטאָטעלס קאַלטע לאָגיק אינעם קלויסטער, האָט זי זיך גענומען פאַרנעמען דעם אויבן־אָן, זי האָט אָנגעהויבן אַריינקוקן אינעם קדשי־קדשים פון דער רעליגיע און האָט זיך גענומען אַריינפירן אָרדענונג אין אים. דער קלויסטער האָט זיך דערשראָקן פאַר דער אינטעלעקטואַליסטישער כוואַליע און האָט זיך גענומען זי צו באַקעמפן אויף זיין אַלטן און אויסגעפּרובירטן שטייגער, דורך חרמס א. אַז. וו.

אָבער די לאַגע וואָס דער דואַליזם האָט געשאַפן, האָט שוין געשאַפן מיינונגס־פאַרשיידנהייטן צווישן די „געטרייע זין" פונעם קלויסטער גופא: דאַנס סקאָטוס האָט געהאַלטן אַז מען דאַרף אָפּטיילן פילאָזאָפיע פון טעאָלאָגיע אום צו באַפרייען די טעאָלאָגיע פון די צוויפלער און וו. אָקעם איז געגאַנגען ווייטער, ער איז אַרויסגעקומען קעגן דער וועלטלעכער הערשאַפט פון דעם פּויפּסט און אויך טאַקע פאַר דער טובה פון דער רעליגיע, זי באַפרייען פון וועלטלעכע ענינים. ער האָט מיט זיך געבראַכט דאָס וואָס ס'ווערט איצט אָנגערופן „אָקעמס גאָלמעסער", מיט וועלכן ער האָט ניט נאָר „געשניטן" די וועלטלעכע הערשאַפט פון פּויפּסט נאָר אויך דעם סכאָלאַסטיציזם אַלס אַ נוצלאָזן פּילפּול. ער האָט אויפגעהויבן די אַלטע אָנגעווייטיקטע פראַגע וועגן „נאָמענאַליזם" (די רעאַליטעט פון איינצל זאַכן), ער האָט זי שוין אָבער אויפגעהויבן ווי אַ זעלבסטשטענדיקע פילאָזאָפישע פראַגע: אין דעם איז געלעגן דאָס נייע פון דער צייט. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז די אַליינהערשאַפט פון דער טעאָלאָגיע האָט אָנגעהויבן געצאַמט ווערן: דער פּאַריזער אוניווערזיטעט האָט געעפנט אַ פילאָזאָפישן פאַקולטעט...

דער פּויפּסט האָט פּראָטעסטירט, ער האָט געקעמפט אויף אַלע פראָנטן און ספּעציעל קעגן דער „נוצלאָזער" אויב ניט „שעדלעכער" אַרבעט פון ריינעם פילאָזאָפישן ספּעקולירן: מען קען נאָך „חלילה" פאַרנאַכלעסיקן די טעאָלאָגיע... אָבער צו יענער צייט האָט ער געהאַט נעענטערע צרות: די

וועלטלעכע הערשאַפט האָט רעוואָלטירט קעגן אים און אקעם האָט גע־האָלפן די „רעוואָלוציאָנערן״... די רעליגיעזע וועלט גופא האָט זיך געשפּאָלטן אויף צוויי פראַקציעס, אקעמיסטן און די פּאַרטיידיקער פון פויפּסט. דער שטרייט האָט געפירט דערצו, אַז דער אייז פון דער פאַרפרוירענער מיטל־אַלטער האָט זיך גענומען שפּאַלטן... און ווען ער האָט זיך צעבראָכן (דאָס האָט זיך ניט געטאָן אַזוי שנעל, ווי ס׳רעדט זיך; ס׳האָט גענומען אַ היפּשע צייט), איז שוין דער סכאָלאַסטיציזם דערטרונקען געוואָרן אין די ברויזנדע שטראָמען פון דעם רענעסאַנס. דאָס האָט שוין אָבער געמיינט, אַז אַריס־טאָטעל האָט אויך געדאַרפט גיין; ער האָט זיין היסטאָרישע מיסיע דורכ־געפירט און האָט געדאַרפט לאָזן דעם פּלאַץ פאַר נייע געדאַנקען.

דער ענין באַלאַנגט צום רענעסאַנס, וואָס וועט באַהאַנדלט ווערן אינעם ווייטערדיקן קאַפּיטל.

# רענעסאַנס

„און די ערד באַוועגט זיך פאָרט", דערציילט די לעגענדע אַז גאַלילײ האָט אויסגערופן ווען ער האָט זיך אויפגעהויבן פון דער ערד נאָך דעם קניען פאַר די קאַרדינאַלן פון דער אינקוויזיציע, נאָך דעם וואָס ער האָט זיך געשלאָגן על־חטא פאַר דער גרויסער זינד וואָס ער איז באַגאַנגען דערמיט, וואָס ער האָט אָנגענומען קופּערניקוס אַסטראָנאָמישע רעוואָלוציע, אַז די ערד דרייט זיך אַרום דער זון און ניט די זון אַרום דער ערד.

הגם ס'איז באַוואוסט, אַז ער האָט דעם אויסרוף ניט געמאַכט, אַז פּאַקטיש האָט ער אים ניט געקענט מאַכן און בלייבן לעבן... ס'איז באַוואוסט, אַז פּאַקטיש איז ער די לעצטע אַכט יאָר פון זיין לעבן געווען אַ געפאַנגענער פון דער אינקוויזיציע און האָט ניט געוואַגט אַרויסצורײדן קיין איין וואָרט וועגן אַסטראָנאָמיע, האָט די געשיכטע פונדעסטוועגן מיט רעכט פאַרבונדן דעם אויסרוף מיט זיין נאָמען. די געשיכטע האָט שוין לאַנג פאַרגעסן דעם נאָמען פונעם פּויפּסט און פון די קאַרדינאַלן, וואָס האָבן אָנטייל גענומען אין דעם שענדלעכן אַקט; אָבער גאַלילייס נאָמען איז אויף אייביק פאַרבונדן געוואָרן מיטן אויסרוף: און די ערד באַוועגט זיך פאָרט... דאָס איז געווען דער אויסרוף פון דער רעוואָלוציע פונעם רענעסאַנס: דערפאַר איז ער פאַראייביקט געוואָרן...

אינעם 14טן יאָרהונדערט האָט אייראָפּע איבערגעלעבט אַ שרעקלעכע מגפה, די באַבאָנישע פּלאָג (דער שוואַרצער טויט), וואָס האָט אין עטלעכע יאָר פאַרשניטן ביי אַ העלפט פון איר באַפעלקערונג. איז, ווי ס'קוקט אויס, די מגפה ניט געווען גענוג: אייראָפּע האָט אויף זיך נאָך געהאַט אַ הונדערטיאָריקן קריג צווישן ענגלאַנד און פראַנקרייך וואָס האָט דערגאַנצט די פאַרוויסטונג...

די פאַרניכטונג פון די מענטשן און די פאַרוויסטונג פונעם לאַנד איז געווען אַזוי גרויס, אַז אייראָפּע איז אָפּגעשוואַכט געוואָרן פאַר אַ לאַנגער צייט; אַ שטילשטאַנד האָט אַריינגעטראָטן פאַר עטלעכע דורות און קיין וויכטיקע שאַפונגען זיינען ניט אַרויסגעבראַכט געוואָרן פאַר אַ צייט. אָבער נאָכדעם האָט אַ נס געשען: ווען די מענטשהייט איז צוריק צו זיך געקומען, איז עס שוין געווען אַ נייע מענטשהייט, אַ מענטשהייט פון אויפלעבונג און באַנייאונג, אַ מענטשהייט פון רענעסאַנס...

מיט דער אַנטשטייאונג פונעם קריסטנטום איז די מענטשהייט ווי אַריינגעפאַלן אין אַ לעטאַרגישן שלאָף, דער פאָרשנדער גייסט איז פאַראַליזירט

געוואָרן: מענטשן האָבן אויפגעהערט דענקען און טראַכטן און האָבן זיך איבערגעגעבן צום בלינדן גלויבן אָן אַ גרענעץ און אָן אַ מאָס: קיין שום זאַך איז ניט געווען נאַריש גענוג, אַז זיי זאָלן אין דעם ניט גלויבן...

מיט 15־16 הונדערט יאָר שפּעטער האָט זיך די מענטשהייט צוריק אויפגעכאַפּט ווי פון אַ הינער־פּלעט און האָט ווייטער אָנגעהויבן דענקען, טראַכטן און פאָרשן... און אַזוי ווי מען קען ניט זאָגן מיט קיין גענויקייט וואָס ס'איז געווען דער הויפּט־פאַקטאָר וואָס האָט אַרויסגערופן דעם קריסטנ־טום און וואָס האָט פּאַראַליזירט דעם דענקען, אַזוי קען מען ניט זאָגן מיט זיכערקייט וואָס ס'האָט אַרויסגערופן דעם רענעסאַנס, דעם צוריקאויפשטייגנ־דעם אינטערעס צו דענקען און צו פאָרשן... און אַזוי ווי מען קען ניט אָנווייזן אויף דער גענויער אורזאַך וואָס האָט אַרויסגערופן דעם רענעסאַנס, אַזוי קען מען אויך ניט אָנווייזן אויפן גענויעם מאָמענט פון ווען ער האָט זיך אָנ־געהויבן. וואָס מען קען טאָן, איז נאָר אָנצואווייזן אויף זיין הויפּט־כאַראַק־טער־שטריך, אויף זיין הויפּט־טענדענץ.

געוויינטלעך פאַרשטייט מען אונטער רענעסאַנס די ווידערגעבורט, די באַנייאונג און אויפלעבונג פון דער מענטשהייט; מען מיינט דעם אויפלעבן פון אַ באַנייטן אינטערעס צו די קולטורעלע שאַפונגען פון דער קלאַסישער צייט, ספּעציעל פון גריכנלאַנד. פאָרמעל איז עס ריכטיק: דער רענעסאַנס האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַן אויפשטייגנדן אינטערעס צו דער קולטור פון דער פאַרגאַנגענהייט, זיין הויפּט־כאַראַקטער־שטריך באַשטייט אבער אין א רעוואָלוציע קעגן די פונדאַמענטאַלע באַגריפן פון דער מיטלאַלטער און פון א נייעם בליק אויפן לעבן אין אַלגעמיין.

די מיטלאַלטער האָט געלעבט מיט „יענער וועלט", איר הויפּט־אינטע־רעס, אויב ניט איר גאַנצער אינטערעס, איז באַשטאַנען אין ראַטעווען די נשמה פאַרן „אייביקן לעבן". ניט נאָר איז דאָס געווען דער צענטראַלער אינטערעס פון דער פינצטערער צייטאַלטער, נאָר פון דער מיטלאַלטער אין אַלגעמיין, איינשליסנדיק די „בליענדע" צייט פונעם סכאָלאַסטיציזם. דער „הייליקער" טאָמאַס, דער פון אַלעמען אָנגענומענער העכסטער פּראָדוקט פונעם סכאָלאַסטיציזם, האָט געזאָגט: „די העכסטע גליקזעליקייט באַשטייט אין זען די געטלעכע סובסטאַנץ, דאָס איז אוממעגלעך אין דעם לעבן ווען מיר קוקן דורך גלאָז. די העכסטע גליקזעליקייט קען מען נאָר דערגרייכן נאָכן טויט" (ציטירט לויט אָסבאָרן טיילאָרס מעדיאיוול מיינד, באַנד 1, ז. 476).

מיטן אידעאַל פון „נאָכן טויט" האָט געלעבט די גאַנצע מיטלאַלטער, דער רענעסאַנס האָט „אַנטדעקט די וועלט". זאָגט רעווערענד זשאָן האָלמעס: „אין דער מיטלאַלטער איז דאָס לעבן בלויז באַשטאַנען פון אַן עולה־רגל זייך צו יענער וועלט נאָכן טויט, דערפאַר איז געווען נאַטירלעך אַז דער רע־ליגיעזער אינטערעס זאָל מאָנאָפּאָליזירן דאָס פעלד. מיטן רענעסאַנס אָבער איז געקומען אַ גרויסע דערוואַכונג צו דער רעאַליטעט. דאָס ערשטע מאָל אין אַ טויזנט יאָר האָבן מענטשן זיך מיטאַמאָל פאַראינטערעסירט אין דעם וואָס ווערט איצט אָנגערופן וועלטלעכע זאַכן" (זע רעלידזשען טאָדיי, קאַפּ. 14, ז. 250).

אַזוי גיך ווי דער רענעסאַנס האָט אַנטדעקט די וועלט, ווען ער האָט אויסגעפונען אַז דער איצט מיטן לעבן אויף דער וועלט האָבן אַ זין, האָט ער

געמאַכט אַ צווייטע אַנטדעקונג, ער האָט אַנטדעקט אַז אויך איצט קען מען דענקען און טראַכטן און אפילו שאַפן קולטורעלע ווערטן. אין דעם באַשטייט פאַקטיש די רעוואָלוציע וואָס דער רענעסאַנס האָט געמאַכט קעגן דער מיטלאַלטער... ווייל ווען ער האָט דאָס אויסגעפונען, האָט ער זיך אָפּגעזאָגט פון דער אַבסאָלוטער אויטאָריטעט פון דער פאַרגאַנגענהייט און האָט זיך גענומען איבערשאַצן די ווערטן: אין דעם באַשטייט דער רענעסאַנס.

פון וואָס פאַר אַ מאָמענט מען זאָל אָנהויבן רעכענען דעם רענעסאַנס ווענדט זיך אין וואָס מען איז פאַראינטערעסירט. דער וואָס איז פאַראינטערעסירט אין דער שיינער ליטעראַטור, הויבט אָן דעם רענעסאַנס מיט פעטראַרקען, דעם אויפלעבער פון די קלאַסיקער און קעמפער פאַר שיינער ליטעראַטור. דאָס איז זיין רענעסאַנס. און דער וואָס איז פאַראינטערעסירט אין דער פּלאַסטישער קונסט, הויבט געוויינטלעך אָן דעם רענעסאַנס מיט לעאָנאַרדי דאַ ווינטשי, דעם קינסטלער און אלזייטיקן גאון. פאַר אים איז דאָס דער אָנהויב פונעם רענעסאַנס.

דער פאַראינטערעסירטער אין פילאָזאָפיע קען אָנהויבן דעם רענעסאַנס מיט דאַנס סקאָטוסן, וואָס האָט אָפּגעטיילט פילאָזאָפיע פון טעאָלאָגיע אַלס אַ זעלבסטשטענדיקע לערע; ער קען אויך אָנהויבן פון וו. אויקענען, דעם אויפלעבער פון נאָמענאַליזם אלס א ריין פילאָזאָפישע פראַגע, דעם באַקעמפער פון דער וועלטלעכער הערשאַפט פונעם פויפסט און וואָס האָט גענוצט דעם היסטאָרישן „גאַל־מעסער" אויפן נוצלאָזן סכאָלאַסטישן פילפּול: מיט אים הויבט זיך אָן דער נייער דענקען פון דעם רענעסאַנס.

דער וויסנשאַפטסמאַן הויבט געוויינטלעך אָן דעם רענעסאַנס מיט ראָדזשער בעקענען, דעם ערשטן עקספּערימענטאַליסט, וואָס האָט אינעם דרייצנטן יאָרהונדערט געמאַכט אַ פאַרזוך צו עקספּערימענטירן און וויסנשאַפטלעך פאָרשן (אָרעמער בעקען, ער האָט געבעך טייער באַצאָלט פאַר קומען פאַר דער צייט: מען האָט אים ניט פאַרשטאַנען, מען האָט אים אָנגענומען פאַר אַ כישוף־מאַכער און אים געהאַלטן אין תפיסה פאַר העכער צוואַנציק יאָר...). און אויב ער וועט ניט אָנהויבן מיט בעקענען, וועט ער געוויס אָנהויבן מיט קופּערניקן, מיט דער רעוואָלוציע אין דער אַסטראָנאָמיע וואָס האָט געפירט צו נייע באַגריפן, צום רענעסאַנס.

דער פּראָטעסטאַנטישער גייסטלעכער הויבט געוויינטלעך אָן מיט מאַרטין לוטערן, ער הויבט אָן מיט דער רעפאָרמאַציע וואָס האָט געשפּאָלטן די רעליגיעזע וועלט. פאַר אים איז די רעפאָרמאַציע דער רענעסאַנס. און דער סאָציאָלאָג איז גענייגט אָנצוהויבן דעם רענעסאַנס מיט עראַזמוסן, דעם הומאַניסט און קעמפער פאַר דער מענטשלעכער ווערט, וועלכער ווערט פאַררעכנט פאַרן קולטורעלסטן מענטשן וואָס דער רענעסאַנס האָט אַרויסגעבראַכט.

דער אלגעמיינער היסטאָריקער הויבט אָן דעם רענעסאַנס פון 1453, ער הויבט אָן פון דעם מאָמענט, וואָס די טערקן האָבן איינגענומען קאָנסטאַנטינאָפּאָל און האָבן פאַרצוימט דעם וועג קיין אינדיע. אַזוי ווי מען האָט אָנגעהויבן זוכן נייע וועגן, דורך וועלכע צו קומען קיין אינדיע, האָט עס אַ שטויס געטאָן די נאַוויגאַציע אין אַלגעמיין, דעם פאַרשפּרייטן דעם מענטשן איבער די ימים. דאָס וויכטיקסטע איז נאַטירלעך געווען די אַנטדעקונג

פון אַמעריקע דורך קאָלומבוסן. דאָס האָט געמוזט מאַכן אַ קאָלאָסאַלן איינדרוק אויף דער מענטשהייט פון יענער צייט. פאַקטיש האָט זיך טאַקע גלייך אָנגעהויבן אַ נאַוויגאַציע אויף אַלע ימים און מיט פאַרשיידענע אַנטדעקונגען: דער רענעסאַנס.

עס וואָלט פּילייכט אויך ניט געווען קיין טעות ווען מען הויבט אָן רע־כענען דעם רענעסאַנס מיט גוטענבערגס דערפינדונג פון באַזונדערע דרוק־בוכשטאַבן, אַ דערפינדונג, וואָס האָט געמאַכט מעגלעך צו דרוקן אַ סך עק־זעמפּלאַרן פון ביכער און זיי צעשפּרייטן. דאָס איז געווען אַ שטילע און בלוט־לאָזע רעוואָלוציע, זי איז קוים באַמערקט געוואָרן; איר באַדייטונג קען אָבער ניט איבערגעשאַצט ווערן: דאָס דרוקן פון ביכער האָט זיי באַפרייט פון די קייטן פון די ביבליאָטעקן און האָט זיי צעשפּרייט איבער דער וועלט צו באַקענען די מענטשהייט מיט זייער אינהאַלט. ווער קען אָפּשאַצן די באַ־דייטונג פון אַזאַ רעוואָלוציע? זאָגט טאַקע דער געשיכטע־שרייבער, אַז „דער דרוקן פונעם נייעם טעסטאַמענט מיט עראַסמוסעס לאַטיינישער אי־בערזעצונג איז געווען דער דירעקטער פאָרלויפער פון דער רעפאָרמאַציע. ניט נאָר דער טעקסט אַליין, די באַלייכטנדע נאָטיצן האָבן צעטרייסלט דעם פונדאַמענט פונעם עטאַבלירטן קלויסטער" (קערשנער, פּייאָנירס אָוו קריסטשן טהאָט, ז. 246). ער רעדט נאָר וועגן דער ווירקונג פונעם נייעם טעסטאַמענט דערפאַר, וואָס דאָס קאַפּיטל איז וועגן עראַסמוסן און ניט וועגן דעם רענעסאַנס און עראַסמוס האָט בלויז איבערגעזעצט דעם נייעם טעסטאַמענט. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס דרוקן פון ביכער איז ניט געבליבן שטיין ביים טעסטאַמענט, אפילו ניט ביים אַלטן מיטן נייעם...

מען קען ניט וויסן וועלכע פון די אויסגערעכנטע און ניט אויסגערעכנטע אורזאַכן איז געווען די וויכטיקסטע אַז זי זאָל אָנגענומען ווערן פאַר דער הויפּט־אורזאַך פונעם רענעסאַנס, מען וועט אָבער ניט מאַכן קיין טעות, ווען מען וועט זאָגן, אַז זיי אַלע זייַנען געווען רינגען פון איין קייט פון אָן אויפ־געלעבטער און באַנייטער מענטשהייט, פונעם רענעסאַנס.

אין זיין „סייענס ענד די מאָדערן וואָרלד" זאָגט ווהייטהעד, אַז „אינעם יאָר 1500 האָט אייראָפּע געוואוסט ווייניקער פון אַרכימעדן וואָס איז געשטאָרבן 212 יאָר פאַר דער איצטיקער צייט־רעכענונג און אין יאָר 1700 איז שוין ניו־טאָנס פּרינציפּ געווען געשריבן און די מאָדערנע צייט האָט זיך שוין אָנגע־הויבן" (ז. 8). דאָס איז דער רענעסאַנס.

אויך אין דער אַרבעט וועט גענומען ווערן אַ מאָמענט פונעם רענעסאַנס פאַר אַן אויסגאַנגס־פּונקט, עס וועט גענומען ווערן די קופּערניקאַנישע רעוואָלוציע און די ענדערונג וואָס זי האָט אַריינגעפירט אינעם אַלגעמיינעם דענקען. זי ווערט גענומען פאַרן אויסגאַנגס־פּונקט פאַר צוויי טעמים: 1) ליגט זי אויף דער ליניע פון דער ווייטערדיקער אַרבעט און 2) האָט זי אַ דירעקטע שייכות מיטן געענדערטן בליק אויף דער וועלט.

דער אָנהויב וועט געמאַכט ווערן מיט גאַליליייען, הגם ניט זיין ליניע, נאָר דעקאַרטס ליניע, וועט נאָכגעפאָלגט ווערן. אָבער ווען עס וואָלטן ניט געווען קופּערניקוס, דזשאָרדאַנאָ בראַנאָ און גאַליליי, וואָלט קיין דעקאַרט ניט געקענט זיין. און פון די דריי איז נאַטירלעך אַז גאַליליי זאָל באַהאַנדלט ווערן: די אַלגעמיינע וויסנשאַפט הויבט זיך אָן פון אים.

אַריסטאָטעל איז געווען דער הערשער פון דער וועלט אינעם 17טן יאָרהונדערט; זיין פילאָזאָפיע, צוזאַמען מיט זיין „וויסנשאַפט", וואָס איז אונטערשטיצט געוואָרן פון פטאלאמעעס אַסטראָנאָמיע, איז געווען ווי אָנגעמאָסטן פאַר דער רעליגיע (אמת דער נעאָ־פּלאַטאָניזם איז נאָך געווען מער צוגעפּאַסט; ער האָט אָבער פאַרלוירן זיין הויפּט־ווירקונג און האָט געמוזט פאַרנעמען אַ צווייטן פּלאַץ). עס האָט געהערשט דער אַסטראָנאָמישער באַגריף, אַז די ערד געפינט זיך אינעם צענטער פון דער וועלט און די זון מיט אַלע שטערן דרייען זיך אַרום איר. פון דעם אַסטראָנאָמישן באַגריף איז געווען לייכט צו ציען דעם טעאָלאָגישן שלוס, אַז דאָס אַלץ קומט פאַר צוליב דעם מענטשן, וועלכער איז דאָס וויכטיקסטע אינעם וועלט־באַשאַף. די אינטערפּרעטאַציע שטימט פולשטענדיק מיט מעשה־בראשית, ווי עס איז פאַרשריבן אין די „הייליקע" ספרים... די פילאָזאָפיע, די „וויסנשאַפט" און די רעליגיע האָבן זיך געאייניקט אויף דעם פּונקט. קען נאָך זיין בעסער? פונעם טעאָלאָגישן שטאַנדפּונקט האָט מען צו יענער צייט קיין בעסערס ניט באַדאַרפט.

די רעליגיע האָט זיך פולשטענדיק איינגעלעבט מיט אַריסטאָטעלן און פטאלאמעען און איז געווען צופרידן... קומט קופּערניקוס און מיט איין קלאַפּ צעשטערט ער די גאַנצע גראַנדיעזע געביידע. איז אַ וואונדער וואָס דער קאַטויליציזם, אויפגערודערט פון דער קופּערניקאַנישער איבערקערעניש, האָט פאַרברענט בראַנאָען און האָט געצוואונגען גאַליליי'ען זיך אָפּצוזאָגן פון דער קופּערניקאַנישער אפיקורסות? ניין, עס איז ניט קיין וואונדער... ער האָט געזען די געפאַר, וואָס איז געווען איינגעשלאָסן פאַר אים אין דער איבערקערעניש, האָט ער זי באַקעמפט מיט די שטאַרקסטע מיטלען, וואָס ער האָט געהאַט אין זיינע הענט.

קופּערניקוס האָט געטאָן אַ „קלייניקייט", ער האָט „צוגענומען" די ערד פונעם צענטער פון דער וועלט, וואו זי האָט זיך „געפונען" משׁשת ימי־בראשית און האָט אויף „איר" אָרט פאַראַנקערט די זון. די ערד האָט ער „רעדוצירט" צו אַ געוויינטלעכער פּלאַנעט און האָט איר „געלאָזט" זיך דרייען אַרום דער זון גלייך מיט אַנדערע פּלאַנעטן. געוויס האָט ער עס ניט געטאָן אויס בייזוויליקייט: די אַסטראָנאָמישע פאַקטן האָבן אים געפירט דערצו. דאָס ענדערט אָבער ניט דעם פאַקט, אַז ער האָט ווידערשפּראָכן די ביבל און אַלע „הייליקע" ספרים און האָט צוגענומען די חשיבות פונעם מענטשן...

דאָס איז געווען אַזאַ פאַרשוועכונג פונעם פונדאַמענט פון דער רעליגיע, וואָס מען האָט פאַר קיין פאַל ניט געקענט פאַרשוויגן... האָט ער אָבער אָפּגעטאָן אַ „שפּיצל" דער אינקוויזיציע: אין דעם זעלבן טאָג, וואָס זיין בוך איז אַרויס פון דרוק, איז ער געשטאָרבן... גיי טו אים עפּעס!

אַזוי ווי אים האָט מען שוין גאָרניט געקענט טאָן, האָט דער קאַטויליציזם אויסגעלאָזט זיין ביטער האַרץ צו די, וואָס האָבן פאַרטיידיקט זיין שטאַנדפּונקט, צו בראַנאָען און צו גאַליליי'ען.

די פאַרפאָלגונגען האָבן אָבער שוין גאָרניט געקענט העלפן: מען האָט געקענט פאַרברענען בראַנאָען, מען האָט געקענט צווינגען גאַליליי'ען ער זאָל קניען צו דער ערד, זיך שלאָגן על־חטא פאַר דער „גרויסער זינד", וואָס ער האָט געשאַפן די מאָדערנע פיזיקאַלישע וויסנשאַפט; מען האָט

אָבער ניט געקענט אַוועקשטעלן די ערד צוריק אויף „איר” אָרט אינעם צענטער פון דער וועלט אַז די זון זאָל זיך דרייען אַרום איר. דאָס לעצטע האָט מען ניט געקענט טאָן דערפאַר, וואָס מען האָט ניט געקענט דערשטיקן דעם אויפגעוואַכטן פאָרשנדן גייסט: מען האָט ניט געקענט דערשטיקן דעם רענעסאַנס. די רעוואָלוציע איז געמאַכט געוואָרן, דער בליק אויף דער וועלט איז געענדערט געוואָרן און דאָס איז געווען פאַרפאַלן; קיין רפואה איז קעגן דעם ניט געווען: מען האָט פשוט אויפגעהערט קוקן אויף צוריק און אָננעמען פאַר אַן אַבסאָלוטן אמת אַלץ, וואָס די פאַרגאַנגענע דורות האָבן געזאָגט. מען האָט אַראָפּגעוואָרפן די אויטאָריטעט פון דער פאַרגאַנגענהייט און מען האָט אַליין אָנגעהויבן דענקען, טראַכטן און פאָרשן...

דער רמב”ם און דער „הייליקער” אקווינעס האָבן געהאַלטן אין איין פאַרגלייכן אַריסטאָטעלן מיט די „הייליקע” ספרים; זיי האָבן געהאַלטן אין איין פאַרגלייכן צוויי סיסטעמען, די פילאָזאָפיע מיט דער רעליגיע און האָבן געפּרואווט אַריינפירן האַרמאָניע צווישן זיי.ביידע סיסטעמען האָבן געטראָגן די אויטאָריטעט פון דער פאַרגאַנגענהייט, וואָס ס'האָט געמיינט אַז ביידע דאַרפן אָנגענומען ווערן פאַר אַבסאָלוטע אמתן... ווען דער רמב”ם האָט אָפּגעפרעגט אַריסטאָטעלס מיינונג וועגן דער אייביקער עקזיסטענץ פון מאַטעריע, איז עס פאַררעכנט געוואָרן פאַרן גרעסטן אויפטו פון דער מיטל־אַלטער: אַ קלייניקייט! ער האָט ניט איינגעשטימט מיטן „גרעסטן” פילאָזאָף! אָבער ניט גאַליליי און ניט דעקאַרט האָבן זיך גערעכנט מיט דעם וואָס די פאַרגאַנגענהייט האָט געזאָגט. אין דער ענדערונג פונעם דענקען באַשטייט די רעוואָלוציע פונעם רענעסאַנס.

ווען מען האָט געזאָגט גאַליליען אַז אַריסטאָטעל האָט דערקלערט פאַר־וואָס דערשיינונגען דאַרפן פאָרקומען אויפן אָנגענומענעם אופן, האָט ער געענטפערט, אַז אים אַרט ניט וואָס אַריסטאָטעל האָט געזאָגט, אים קימערט איבערהויפּט ניט דער פאַרוואָס, וואָס ער וויל איז בלויז זען וויאַזוי זיי קומען פאָר... מיט אָט דעם דאָזיקן ענטפער האָט ער געמאַכט אַ רעוואָלוציע קעגן דער פאַרגאַנגענהייט און האָט אַוועקגעלייגט דעם פונדאַמענט פאַר דער עקספּערימענטאַלער וויסנשאַפט. ווען ער האָט אַראָפּגעוואָרפן די שטיינדלעך פונעם טורעם פון פּיזע האָט ער געגעבן אַ טויט־קלאַפּ אַריסטאָטעלס פיזיק, וואָס האָט געהערשט פאַר 2000 יאָר.

אַריסטאָטעלס אויסגאַנגס־פּונקט איז שוין באַהאַנדלט געוואָרן, אַ קורצע ווידערהאָלונג איז אָבער דאָ אַם פּלאַץ. זיין אויסגאַנגס־פּונקט איז געווען אַ סטאַטישער; לויט זיין מיינונג איז אויסגעקומען, אַז ווען מען זאָל די אַלע זאַכן פון דער וועלט לאָזן צורו, וואָלטן זיי געבליבן אויף די באַטרעפנדע ערטער וואו זיי באַלאַנגען לויט זייערע רעספּעקטיווע אייגנשאַפטן (שווערע זאַכן „אונטן”, לייכטע זאַכן „אויבן” א. אַז. וו.). ווען זיי באַוועגן זיך יאָ, איז עס דערפאַר, וואָס ס'איז פאַראַן אַ „באַוועגלאָזער באַוועגער” צו וועמען זיי „שטרעבן”... דער שטאַנדפּונקט ווערט אָנגערופן אַ סטאַטישער דערפאַר, וואָס ס'ווערט אָנגענומען אַז דער נאַטירלעכער צושטאַנד פון קערפּער פאַר זיך איז רו; זייער באַוועגונג איז אַ רעזולטאַט פון אַן אויסערלעכן פאַקטאָר, דעם „באַוועגלאָזן באַוועגער” צו וועמען זיי „שטרעבן”: זיין עקזיסטענץ רופט אין זיי אַרויס די באַוועגונג. צוועקמעסיקייט (דער פאַרוואָס) איז אַן אינטעגראַלער טייל פון זיין פיזיקאַלישער וויסנשאַפט.

ווען מען טראַכט זיך אַריין אינעם אַריסטאָטעליאַנישן בליק, קען מען זען, אַז אין אים איז ניטאָ קיין צופיל פּלאַץ פאַר עקספּערימענטירן; עס איז אַ פּשוטער ענין — מען דאַרף נאָר וויסן די פאַרשיידענע אייגנשאַפטן פון זאַכן, קען מען פאַראויס וויסן פאַרוואָס זיי באַנעמען זיך אויף דעם באַשטימטן אופן און ניט אויף קיין אַנדערן.

ווען אַריסטאָטעל האָט פאָרמולירט זיין פיזיק און אַסטראָנאָמיע מיט די פאַרשיידענע ספערן, האָט ער געגעבן דער וועלט אַ פּאַרטיקע „וויסנ־שאַפט", וואָס האָט געדאַרפט אין זיך אַנטהאַלטן אַלע „פאַרוואָסן" פאַר דער באַנעמונג פון זאַכן. כדי צו פאַרשטיין די וועלט, האָט מען געדאַרפט שטודירן זיין פיזיק, וועט מען וויסן אַלע „פאַרוואָסן" אין דער וועלט.

גאַליליי האָט זיך מיט דעם אַלעמען אינגאַנצן ניט גערעכנט; ער האָט גענומען שטיינדלעך און האָט זיי געוואָרפן פון אַ טורעם און האָט געקוקט ווי זיי פאַלן (דאָס וואָס אייניקע צווייפלען צי ער האָט דעם דאָזיקן עקספּע־רימענט געמאַכט, איז אין אַלגעמיין ניט וויכטיק), ער האָט געמאַכט אַנדערע פּשוטע עקספּערימענטן מיט באַוועגנדע זאַכן. די עקספּערימענטן האָבן אים איבערצייגט, אַז אַריסטאָטעלס אויסגאַנגס־פּונקט איז געווען אַ פאַלשער. האָט ער גענומען דעם באַטרעפנדן צושטאַנד גופא (רו, אָדער באַוועגונג) פאַר זיין אויסגאַנגס־פּונקט און האָט פאָרמולירט דעם געזעץ פון ענערציע. אין דעם דאָזיקן געענדערטן צוגאַנג צו דערשיינונגען ליגט די רעוואָלוציע, וואָס ער האָט געמאַכט קעגן אַריסטאָטעלן. דאָס איז געווען דער רענעסאַנס פון דער וויסנשאַפט.

אויף דער ענדערונג אינעם צוגאַנג צו דער וועלט איז זיך נויטיק אָפּצושטעלן. די ענדערונג האָט געפירט צו אַ שפּאַלטונג צווישן דעם וויסנ־שאַפטלעכן און פילאָזאָפישן צוגאַנג צו דער וועלט.

אַריסטאָטעלס צוגאַנג איז געווען אַן איינהייטלעכער; ער האָט גענומען זאַכן לויט ווי זייערע אייגנשאַפטן ווירקן אויף די חושים און האָט זיי קלאַ־סיפיצירט. דער צוגאַנג צו דער וועלט איז אַ ריכטיקער פון דעם שטאַנדפּונקט פון דער מענטשלעכער דערקענטעניש (עפּיסטאָמאָלאָגיע); ער איז אָבער געווען אינגאַנצן פּרוכטלאָז, פּאַקטיש פאַרפירעריש, אין באַצוג צו דער דיי־נאַמיק פון באַוועגנדע קערפּערס: ער האָט געפירט צו פאַרשיידענע טעותן.

גאַליליי, ווי פריער געזאָגט, האָט אָנגעהויבן פון דעם פאַקט, פון די באַוועגנדע קערפּערס, וואָס נויטיקן זיך אין אַ קראַפט פאַר דער ענדערונג פונעם צושטאַנד. דאָס האָט אויטאָמאַטיש אויסגעשלאָסן אי דעם „פאַרוואָס", אי דעם „ניט באַוועגלעכן באַוועגער" און האָט דעם גאַנצן קעגנשטאַנד אַוועקגעשטעלט אויף אַן אָביעקטיוון וויסנשאַפטלעכן באַזיס: די פּאַסירונג גופא איז געוואָרן דער אָביעקט פון וויסנשאַפטלעכער פאָרשונג. (דער כוח וואָס ענדערט איז די שייכות גופא). אָבער אַזוי גיך ווי מען נעמט אָן דעם אויסגאַנגס־פּונקט, ווערן די פאַרהעלטענישן צווישן זאַכן, זייער שייכות צווישן זיך, זייער ווירקונג און קעגנווירקונג, דער אָביעקט פון וויסנשאַפטלעכער פאָרשונג און ניט דעם מענטשנס וויסן וועגן זיי. דער פאָרשער ווערט בלויז אַ באַאָבאַכטער פון פּאַסירונגען, ער באַטראַכט זיי אין זייער שייכות צווישן זיך, אָבער ניט אין וועלכער ס'איז שייכות צו זיין וויסן וועגן זיי, ניט אין

שייכות צו זיין קאָגנאַציע (וויסן די וועלט). דורך דעם געענדערטן צוגאַנג זיינען אויפגעטאָן געוואָרן צוויי זאַכן: 1) עס איז געשאַפן געוואָרן אַן עקספּערימענטאַלע פיזיקאַלישע וויסנשאַפט, וואָס פאָלגט נאָך באַשטימטע רעגעלן (געזעצן), וואָס קענען אויסגעדריקט ווערן אין אַ מאַטעמאַטישער פאָרמע און 2) די וויסנשאַפט איז אָפּגעטיילט געוואָרן פונעם ספּעקולאַטיוון געדאַנק, ספּעציעל פון דער דערקענטעניש פון דער וועלט.

פאַרן וויסנשאַפטלעכן צוגאַנג צו דער וועלט, לויט וועלכן עס ווערן געפאָרשט די פאַרהעלטענישן פון זאַכן צווישן זיך, איז קיין אונטערשייד ניט צי דעם מענטשנס וויסן פון דער וועלט איז אַן אַבסאָלוט ריכטיקער אָדער ניט. ווייל ווען עס זאָל זיך אפילו אַרויסווייזן אַז ער איז ניט קיין אַבסאָלוט ריכטיקער, אַז די חושים ענדערן עפּעס פון דער רעאַליטעט, איז אַזוי ווי די ענדערונג וואָלט געווען גלייך פאַר אַלע דערשיינונגען, וואָלט זייער פאַרהעלטעניש דערפון ניט געליטן, די פּראָפּאָרציע וואָלט געבליבן די זעלבע. דער מענטש שפּילט דאָ די זעלבע ראָלע ווי אַ מאַשין, וואָס רעגיסטרירט פאַקטן; זי אַליין נעמט אין זיי ניט קיין אַנטייל.

דער צוגאַנג האָט אוועקגעשטעלט די וויסנשאַפט אויף אַ געזונטן פונדאַמענט, דער רעזולטאַט איז אָבער אַ טאָפּלטער צוגאַנג צו דער וועלט פון וועלכן מען קען זיך ניט באַפרייען ביזן היינטיקן טאָג: 1) דער אָביעקטיוו־וויסנשאַפטלעכער, וואָס נעמט זאַכן און דערשיינונגען לויט זייער פאַרהעלטעניש צווישן זיך און 2) דער עפּיסטאָמאָלאָגישער צוגאַנג, וואָס נעמט די נאַטור אין פאַרהעלטעניש צו דער מענטשלעכער קאָגנאַציע, צום וויסן פון דער וועלט.

די געשיכטע פונעם מענטשלעכן געדאַנק אין דער מאָדערנער צייט, קען מען זאָגן, אַנטהאַלט צוויי שטראָמען, וואָס פליסן ניט אין האַרמאָניע צווישן זיך. עס איז אפילו געווען אַ צייט (העגעלס צייט) ווען עס האָט אויסגעקוקט, אַז זיי פליסן אין קעגנגעזעצטע ריכטונגען. אין אַלגעמיין אָבער, זיינען אַלעמאָל געמאַכט געוואָרן פאַרזוכן זיי צוזאַמענברענגען און פאָרמירן אַן איינהייטלעכן סיסטעם פון דער נאַטור און דעם מענטשנס וויסן וועגן איר.

אינעם ערשטן טייל פון דער אַרבעט איז נאָכגעפאָלגט געוואָרן די וויסנשאַפטלעכע ליניע, דער עפּיסטאָמאָלאָגישער מאָמענט, דעם מענטשנס קאָגנאַציע איז אויסגעלאָזט געוואָרן (געוויס, ווען עס איז אָנגענומען געוואָרן דער רעאַליסטישער אויסגאַנגס־פּונקט, איז אין אַ געוויסן זין גענומען געוואָרן אַ שטעלונג צו דער פראַגע. דאָס איז אָבער אַ אומדירעקט, אַ עס קענען זיין פאַרשיידענע מיינונגען וועגן דעם. דירעקט איז די פראַגע אויסגעלאָזט געוואָרן).

דער צווייטער טייל ווערט געפירט אין דער עפּיסטאָמאָלאָגישער ליניע, די קאָגנאַציע, דער מענטשלעכער וויסן פון דער וועלט, איז גענומען געוואָרן פאַר דעם אויסגאַנגס־פּונקט. די אַבזיכט פון דעם געשיכטלעכן איבערבליק, וואָס איז ביז איצט געגעבן געוואָרן און וואָס וועט ווייטער אָנגעהאַלטן ווערן, איז קלאָר אַרויסצוברענגען צוויי זאַכן: 1) אַט דעם טאָפּלטן צוגאַנג מיט וועלכן די מאָדערנע צייט ראַנגלט זיך און 2) אָנצואווייזן ווי אַזוי דער רעליגיעזער געפיל איז צוזאַמענגעמישט געוואָרן מיט פילאָזאָפישע ספּעקולאַציעס.

איצט קען מען צוגיין צו דער ווייטערדיקער אָפּהאַנדלונג; דעקאַרט וועט געגומען ווערן פֿאַר דעם אויסגאַנגס־פּונקט כדי ווייטער צו פֿירן דעם איבערבליק. אויך ער, ווי גאַליליי, האָט זיך אָפּגעזאָגט פֿון דער אויטאָריטעט פֿון דער פֿאַרגאַנגענהייט; פֿאָרמעל איז ער געגאַנגען ווייטער פֿונעם לעצטן: ער האָט זיך אָפּגעזאָגט אָנצונעמען וועלכע עס איז אָנגענומענע מיינונג וועגן דער מענטשלעכער קאַגנאַציע, וועגן זיין וויסן פֿון דער וועלט. ער זאָגט, אַז שטודירנדיק פֿאַרשיידענע מיינונגען, האָט ער אויסגעפֿונען, אַז זייערע ווידערשפּרוכן זיינען אַזויבע פֿונדאַמענטאַלע, אַז מען קען ניט אַריינפֿירן קיין האַרמאָניע צווישן זיי. אַזוי ווי ער ווייסט ניט און קען אויך ניט וויסן וועלכע פֿון די מיינונגען איז די ריכטיקע, האָט ער באַשלאָסן זיך צו דערטראַכטן צו עפּעס, וואָס מוז אָנגענומען ווערן פֿאַר ריכטיק, ווייל עס שליסט אויס יעדן צווייפֿל. דער „עפּעס" איז טאַקע דער „צווייפֿלען" זעלבסט (דער דענקען). ער קען צווייפֿלען אין אַלץ אין דער וועלט, ער קען אָבער ניט צווייפֿלען אינעם פֿאַקט, אַז ער צווייפֿלט (דענקט). דעם פֿאַקט מוז ער אָננעמען.

האָט ער אָנגענומען דעם פֿאַקט פֿאַר זיין אויסגאַנגס־פּונקט: קאָגיטאָ (איך דענק. צווייפֿלען מיינט דענקען) ערגאָ סאָם (איז אַ סימן אַז איך עקזיסטיר). אַלס באַווייז פֿאַר זיין עקזיסטענץ האָט ער אָנגענומען דעם פֿאַקט וואָס ער דענקט (צווייפֿלט). דאָס ערשטע וואָס ער האָט געטאָן איז באַשטעטיקן זיין אייגענע עקזיסטענץ, באַווייזן אַז ער עקזיסטירט. ווען ער איז פֿאַרטיק געוואָרן מיט באַגרינדן זיין אייגענע עקזיסטענץ איז ער איבערגעגאַנגען צו באַווייזן די רעאַליטעט פֿון דער וועלט און צו דעם באַווייז פֿון דער ריכטיקייט פֿונעם מענטשלעכן וויסן (ווי מען קען זען, שטעלט זיך דעקאַרט ניט די פּראָבלעמען, וואָס גאַליליי האָט זיך געשטעלט: זיין צוגאַנג פֿירט צו פֿילאָזאָפֿיע און גאַליליייס צו וויסנשאַפֿט. הגם די צוגאַנגען זיינען פֿולשטענדיק פֿאַרשיידן; זיי האָבן אפֿילו אין זינען פֿאַרשיידענע ענינים, מוזן זיי ענדלעך צוריק צוזאַמענגעבראַכט ווערן כדי צו קריגן אַן איינהייטלעכע וועלט. דערפֿאַר ווערן זיי אונטערשטראָכן).

אַזוי ווי זיין דענקען איז דער אייציקער שטיץ־פּונקט אין וועלכן ער צווייפֿלט ניט, דאַרף ער דורכן דענקען זעלבסט באַגרינדן די וועלט אין דעם אמת פֿונעם וויסן. קיין אַנדערע שטיץ־פּונקטן האָט ער ניט. נאָך זיין אייגענער עקזיסטענץ גייט ער איבער צו באַווייזן די עקזיסטענץ פֿון גאָט; זיין באַווייז איז אַ רייך לאָגישער: ער אליין, ווייסט ער, איז ניט פּערפֿעקט, א סימן איז, דאָס וואָס ער צווייפֿלט. א פּערפֿעקטער וועזן קען ניט צווייפֿלען, דער צווייפֿלען אליין איז אַ באַווייז, אז ער איז ניט פּערפֿעקט. איז די פֿראַגע פֿון וואַנען נעמט זיך צו אים דער וויסן פֿון פּערפֿעקציע? פֿון זיין אייגענער נאַטור קען ער עס ניט וויסן, ווייל ער איז ניט פּערפֿעקט. דאָס איז פֿאַר אים אַ באַווייז, אַז „עס האָט אין מיר געמוזט אַריינגעגעבן ווערן פֿון אַ נאַטור, וואָס איז מער פּערפֿעקט פֿון מיינער, אַ נאַטור וואָס אַנטהאַלט אין זיך די פּערפֿעקציע פֿון וועלכער איך האָב פֿאָרמירט די אידייע — מיט איין וואָרט פֿון גאָט" (דיסקורס אָן מעטאָד, זז. 36־37).

דאָס מיינט, אַז לויט זיין מיינונג, איז דער וויסן פֿון פֿאָלקאָמענהייט נאָר דעמאָלט מעגלעך, ווען דער עקזיסטירנדער גאָט גיט דעם וויסן אריין אינעם

מענטשן. דעם געדאַנק חזרט ער איבער אין דער דריטער מעדיטאַציע; ער זאָגט: „די שטאַרקייט פונעם אַרגומענט צו באַווייזן די עקזיסטענץ פון גאָט, באַשטייט אין דעם וואָס איך פאַרשטיי, אַז לויט מיין נאַטור וואָלט איך ניט געקענט האָבן קיין אידייע וועגן גאָט, ווען גאָט זאָל ניט עקזיסטירן". ער ווידערהאָלט זיך אין די פּרינציפּן פון דער פילאָזאָפיע. ער זאָגט: „דערפאַר, וואָס מיר אַנט־דעקן די אידייע פון גאָט אין אונדזער פאַרשטאַנד ווי אַ פּערפעקטע עקזיס־טענץ... איז ווען מיר פאָרשן, געפינען מיר אויס, אַז זי איז אַזוי פּערפעקט, אַז מיר זיינען זיכער, אַז זי קען ניט קומען פון קיין אנדער אָרט, אויסער פון דער פּערפעקטער עקזיסטענץ, פונעםווירקלעך עקזיסטירנדן גאָט".

פאַר אים איז דער לאָגישער באַווייז פון דער עקזיסטענץ פון גאָט ניט קיין טעאָלאָגישע פראַגע וואָס האָט צו טאָן מיט גלויבן, נאָר אַן עפּיסטאָ־מאָלאָגישע פראַגע, וואָס האָט צו טאָן מיט וויסן. עס איז דער פונדאַמענט פון זיין דערקענטעניש־לערע; אַנגעמענדיק דעם וויסן וועגן גאָט פאַר אַ פּאָקטישן באַווייז פאַר גאָטס עקזיסטענץ, נעמט ער דעם „פאַקט" פאַר אַ גאַראַנ־טיע פאַר דער וואַלידיטעט פון זיין אַלגעמיינעם וויסן. ער זאָגט: „איך געפין, אַז עס איז פאַר אים (פאַר גאָט) אוממעגלעך מיך אָפּצונאַרן: אין נאַרעריי געפינט זיך אומפּערפעקציע... אין גאָט איז עס ניטאָ" (פערטע מע־דיטאַציע).

ווי מען קען זען, ווערט פון אים דער אמת פונעם מענטשלעכן וויסן באַ־וויזן דורך דעם, וואָס אַ פּערפעקטער גאָט קען ניט אָפּנאַרן: נאַרעריי איז א באַווייז פאַר אומפּערפעקציע. (זייער אַ שוואַכער אַרגומענט. די געשיכטע פון מענטשלעכע טעותן דעמאָנסטרירט זיין פאַלשקייט).

די עטלעכע קורצע אויסצוגן אַנטהאַלטן דעם תמצית פון דעקאַרטס דער־קענטעניש־טעאָריע. געוויס, ווען מען נעמט זיי פאַר זיך, קען מען ניט זאָגן אַז דאָס איז אַ גרויסער בייטראָג צו דער פילאָזאָפיע. ווען מען פאַרגעסט דעם היסטאָרישן פּערספּעקטיוו, לויט וועלכן מען דאַרף קוקן אויף זיין דערקענטעניש־לערע, ווען מען רעכנט זיך ניט מיטן פאַקט, אַז דאָס איז געווען אַ נייער צוגאַנג צו דער דערקענטעניש פון דער וועלט, מאַכן די אויסצוגן אַ שוואַכן איינדרוק. מען טאָר אָבער ניט פאַרגעסן, אַז ער איז געווען א פּיאָנער אויפן געביט פון דער דערקענטעניש־טעאָריע, אַז ער איז געווען דער ערשטער וואָס האָט אָפּגעבראָכן מיט דער פאַרגאַנגענהייט, מיט אירע אויטאָריטעטן און אַבסאָלוטע אמתן און האָט געמאַכט אַ נייעם אָנהויב אין דער פילאָזאָפיע.

מען קען צוגעבן, אַז דעם „איך דענק, איז אַ סימן אַז איך עקזיסטיר" האָט ער גענומען פון אויגוסטינען; מען קען אפילו צוגעבן די לאָגיקער, אַז פון „איך דענק" איבערצוגיין צום „איך עקזיסטיר" איז אַ שפּרונג וואָס די לאָגיק לאָזט ניט מאַכן; כאָטש איינער, וואָס איז ניט קיין פּראָפעסיאָנעלער לאָגיקער, זעט ניט ווי אַזוי מען קען דענקען ווען מען עקזיסטירט ניט... זאָל אָבער זיין, אַז „איך דענק" מיינט ניט מער ווי „איך דענק" און איז ניט קיין באַווייז פאַר עקזיסטענץ. מען קען אויך צוגעבן, אַז ער איז ניט געווען אַזוי אָריגינעל ווי ער אליין האָט געדענקט אַז ער איז, און נאָך דעם אלעמען זאָל מען פאָרט אָננעמען, אַז ער איז דער שאַפער פון דער מאָדערנער פילאָזאָפיע

און טאַקע א דאַנק דעם זעלבסטשטענדיקן צוגאַנג צו דער דערקענטעניש דורך דעם צווייפל...

אין זיין אַרבעט „גרונטשטריכן פון דער אידישער פילאָזאָפיע" זאָגט לעאָ פינקלשטיין וועגן גרשונידוסן (רלב"ג, לוי בן גרשון) אַז „קודם־כל קערט ער זיך אָפּ פון אַלע אויטאָריטעטן וואָס שטערן אים זיך צו דערשלאָגן צום אמת. ער איז פאַר זיין צייט געווען דער זעלבסטשטענדיקער און דער פרייסטער אידישער פילאָזאָף, וועלכער האָט מוטיק געזוכט דעם אָביעקטיוון אמת. ער האָט לגבי די קאַנאָניזירטע דאָגמען אַנטקעגנגעשטעלט דעם פרייען קריטישן געדאַנק, וואָס ווייסט ניט קיין שום אָפּהאַלט. דער ווערט פון לעבן באַשטייט אייגנטלעך אין דענקען. זיין דעוויז „לעבן הייסט דענקען" (ההשגה היא החיים) איז מיט 300 יאָר פאָראויסגעלאָפן דעם דעקאַרטישן גרונט־פרינציפּ „קאָגיטי, ערגא סאַם" (איך דענק אַ סימן אַז איך עקזיסטיר) (ז. 33).

פון דעם אויסצוג קריגט מען דעם איינדרוק, אַז דער גרונט־פרינציפּ פון דעקאַרטס פילאָזאָפיע האָט זיך געפונען ביי גרשונידוסן... געוויס מעג מען אָננעמען, אַז דעקאַרט איז באַאיינפלוסט געוואָרן פון גרושנידוסן, הגם אומדירעקט: ס'איז באַוואוסט, אַז זשיאָרדאַנאָ ברונאָ איז באַאיינפלוסט גע־וואָרן פון גרשונידוסן, ספּעציעל פון זיינע אַסטראָנאָמישע ספּעקולאַציעס. און פּראָפעסאָר וואָלפסאָן זאָגט, אַז ענלעכע פונדאַמענטאַלע געדאַנקען פליסן אין גרשונידוסן, ברונאָען און אין דעקאַרטן (זע די פילאָסאָפיע אָוו שפּינאָזע, ב. 1, זז. 284־289). איז דאָס ריכטיק. פונדעסטוועגן וואָלט זיין א טעות אָנ־צונעמען אַז דעם גרונט־פרינציפּ פון זיין דערקענטעניש־טעאָריע האָט דעקאַרט גענומען פון אימיצן: ענלעכקייט פון ווערטער מיינט ניט אידענטיטעט פון פילאָזאָפישע באַגריפן. פון דעם אויסצוג גופא קען מען זען דעם אונטערשייד צווישן זיי. גרשונידוס נעמט אָן, אַז די פונדאַמענטאַלע רעאַליטעט פון דער וועלט באַשטייט פון דענקען, א מיינונג וואָס שטאַמט פון אַריסטאָטעלן. זאָל זיין, אַז ער האָט געזאָגט עפּעס נייעס וועגן דעם ענין, האָט עס אָבער געהאַט אַ שייכות צו אַן אַלטן באַגריף וועגן דער רעאַליטעט. מיט קיין נייעם צוגאַנג צו דער דערקענטעניש, צום מענטשלעכן וויסן וועגן דער וועלט, האָט דאָס געזאָגטע ניט געהאַט קיין שום שייכות.

דעקאַרט האָט אָבער דורך דעם דענקען (צווייפלען) פאָרמולירט אַ דער־קענטעניש־לערע דורך וועלכער ער האָט באַוויזן די עקזיסטענץ: ער קען צווייפלען אין יעדער זאַך אין דער וועלט, ער קען אָבער ניט צווייפלען אין דעם פאַקט אַז ער צווייפלט; דער צווייפלען זעלבסט איז דער פאַקט... דאָס איז געווען דאָס נייע, מיט וועלכן די מאָדערנע דערקענטעניש־טעאָריע האָט זיך אָנגעהויבן. דורך דער דערקענטעניש־טעאָריע האָט ער אָפּגעבראָכן מיט דער פאַרגאַנגענהייט, ספּעציעל מיט אַריסטאָטעלן, וועלכער האָט געהערשט ביז אים.

אָנהויבן מיטן דענקען, מיט די פּראָצעסן, וואָס קומען פאָר אינעם פאַרשטאַנד אַלס עפּעס פאַר זיך זעלבסט (איינגעבוירענע אידייעס), ווערט אָנגערופן פסיכאָלאָגיזם און דעקאַרט ווערט אָנגערופן דער פאָטער פונעם פסיכאָלאָגיזם. איצט ווייסט מען, אַז דעקאַרט האָט אָנגעהויבן פונעם סוף פון אַ פסיכאָלאָגישן פּראָצעס און האָט אים גענוצט פאַר אַן אָנהויב: ניט דער „איך" און ניט דער „דענקען" זיינען פונדאַמענטאַלע פסיכאָלאָגישע איינהייטן,

נאָר שלוסן, און דערפאַר, וואָס ער האָט אָפּעריִרט מיט אָט די שלוסן ווי מיט פונדאַמענטאַלע איינהייטן, האָט דאָס געפירט צום סוביעקטיוון אידעאַליזם. אין זיין צייט האָט ער אָבער קיין אַנדער אָנהויב ניט געהאַט, דאַרף מען אים ניט קריטיקירן פאַר זיין שלעכטן אָנהויב.

אַזוי ווי ער האָט אָנגעהויבן מיט סוביעקטיווע פּסיכאָלאָגישע פּראָצעסן, וועלכע ער האָט ניט געקענט דערקלערן, האָט ער זיי אָנגערופן איינגעבוירענע אידייעס, אַזוינע אידייעס וואָס דער פאַרשטאַנד ברענגט מיט זיך פאַרטיקע. די איינגעבוירענע אידייעס זיינען ביי אים ניט געווען באַגרענעצט מיט וויסן גאָט, נאָר זיי האָבן איינגעשלאָסן אַלגעמיינע פונדאַמענטאַלע באַגריפן. ער זאָגט: „ווען איך שטעל זיך פאָר אַ דרייעק איז הגם אַזאַ איינצל פיגור איז וואַרשיינלעך קיינמאָל אין ערגעץ ניט געווען, אויסער אין מיין פאַנטאַזיע, איז פונדעסטוועגן אַן אמת אַז אָט די דאָזיקע פיגור האָט אַ באַשטימטע דעטערמינירטע נאַטור, זי האָט אַ פאָרמע וואָס איז אייביק און אומבייטנד. זי איז ניט פאָרמירט געוואָרן פון מיר און איז ניט אָפּהענגיק פון מיין דענקען... זי באַזיצט פיקסירטע אייגנשאַפטן: אירע ווינקלען זיינען גלייך צו צוויי גראַדע ווינקלען און איר גרעסערע זייט געפינט זיך אַנטקעגן דעם גרעסערן ווינקל. אירע אייגנשאַפטן זיינען ניט אָפּהענגיק פון מיין באַקאַנטשאַפט מיט דרייעקן. איך קען זיך פאָרשטעלן פיגורן מיט וועלכע איך בין ניט באַקאַנט, וועלכע איך האָב קיינמאָל ניט געזען און אויך זיי וועלן האָבן פיקסירטע און פּראָפּאָרציאָנעלע אייגנשאַפטן" (זע מעדיטאַציע 5, זז. 76־77).

דאָס קלינגט ווי די פּלאַטאָנישע אידייען, ס'איז אָבער פאַראַן אַן אונטערשייד צווישן אים און פּלאַטאָנען. פּלאַטאָן האָט אין זינען געהאַט עקזיסטענצן פאַר זיך, און ער רעדט וועגן דעטערמינירטע פּראָפּאָרציעס אין די נאַטור־דערשיינונגען.

דעקאַרט איז פונדאַמענטאַל געווען אַ מאַטעמאַטיקער, פאַר וועמען פּראָפּאָרציע איז פונדאַמענטאַל. זיין גאַנצער אַרט דענקען איז אַ לאָגיש־מאַטעמאַטישער וואָס באַשטייט אין ציען שלוסן פון אַלגעמיינע באַהויפּטונגען: איך דענק איז אַ סימן אַז איך עקזיסטיר איז א לאָגישע דעדוקציע. גאָט איז פּערפעקט, קען ער ניט אָפּנאַרן א. אַז. וו. זיין גאַנצע דערקענטענישלערע באַשטייט פון אַ לאָגיש־מאַטעמאַטישן מעטאָד פון ציען שלוסן. זיין דענקען איז געווען א ריין אינטעלעקטועלער, וואָס האָט ניט געהאַט קיין צופיל פלאַץ פאַר דער זינלעכער דערפאַרונג אַלס אַ קוואַל פון וויסן דאָס פונדאַמענטאַלעס פון דער וועלט. איז טאַקע דער פאָטער פון דער אַנאַליטישער געאָמעטריע ניט געווען צופיל באַגייסטערט פאַרן וויסן וואָס קומט פון דערפאַרונג, פאַר דעם וואָס שטראָמט אַריין דורך די חושים פון דער אויסערלעכער וועלט.

ניט דעם וויסן וועגן גאָט און ניט אפילו דעם אמתן וויסן וועגן דער וועלט האָט ער עמפּיריש דערקלערט: גאָט ווייסט מען דערפאַר, וואָס בלויז ער האָט געקענט געבן דעם מענטשן דעם באַגריף פון פּערפעקציע. פון זיך אליין האָט דער מענטש אַזאַ באַגריף ניט געקענט דערוווערבן — אַן אומפּערפעקטער וועזן קען אַליין ניט פאָרמירן קיין פּערפעקטן באַגריף, אָדער אַ באַגריף פון פּערפעקציע... דער אמת פון דער עקזיסטענץ פון דער וועלט ווייסט מען דערפאַר, וואָס א פּערפעקטער גאָט קען ניט אָפּנאַרן... איןביידע

פאַלן, ווי מען קען זען, שפּילט די דערפאַרונג, אָדער דער באַווייז וואָס קומט פון דערפאַרונג, קיין שום ראָלע ניט.

דאָס האָט אָבער בלויז א שייכות צום וויסן דאָס אולטימאַטיווע, צו דעם וויסן, וואָס לויט דער טראַדיציע פון דער מיטלאַלטער, רופט ער אַן סובסטאַנץ (איינגאַנצן פון מיטלאַלטערלעכע באַגריפן האָט ער זיך, נאַטירלעך, ניט באַפרייט). גייט ער אָבער איבער צו דעם וויסן פון זאַכן אין דער וועלט, איז ער געווען אונטערן איינפלוס פון גאַליליים פאָרשונגען אין דער פיזיק און פון הארוויס אַנטדעקונג פון דער בלוט־צירקולאַציע. אין די שמעלערע גרענעצן איז זיין דענקען געווען אַן עמפּיריש־נאַטוראַליסטישער, פאַקטיש האָט ער געדענקט אין מעכאַנישע טערמינען. ניט נאָר האָט ער דערקלערט חיות אויף אַ מעכאַנישן אופן. די גאַנצע נאַטור האָט ער געפּרואווט דערקלערן אויף א מעכאַנישן אופן, אבער די מורא פאר די יעזואיטן האָט אים צוריקגעהאַלטן פון אַזאַ שריט (האָט ער דאָך פאַרברענט זיין „קאָסמאָס”, ווען ער האָט אויסגעפונען וועגן גאַליליים פּסק...) די מורא פאר די יעזואיטן האָט אים אַ היבש ביסל געשטערט אין זיין דענקען און פאָרשן: ער וויל ריידן וועגן נאַטור־אייגנשאַפטן און גרעזעצן און רעדט גאָר וועגן גאָט... מעגלעך, אַז אַ דאַנק אָט דער מורא האָט ער ניט פאָרמירט קיין גאַנצע און אויסגעהאַלטענע סיסטעם, אַ דאַנק דער מורא האָט ער צוזאַמענגעשטעלט זיין סיסטעם מעכאַניש און זי ניט אויפגעבויט אָרגאַניש.

זיין בליק אויף דער וועלט איז געווען אַ דואַליסטישער; ער האָט אָנגענומען די עקזיסטענץ פון צוויי רעאַליטעטן: אַ פיזיש־אויסגעשפּרייטע און אַ גייסטיק דענקענדע. די דאָזיקע צוויי רעאַליטעטן קומען זיך צוזאַמען אין דעם מענטשן (זייער צוזאַמענווירקן ווערט באַטראַכט ווערן אין אַן אַנדער פאַרבינדונג, אינעם קערפּער־פאַרשטאַנד פּראָבלעם).

דער אָנהויב מיט פונדאַמענטאַלע קאַטעגאָריעס (אויסגעשפּרייטקייט און דענקען) און ניט אָפּערירן מיט בלויז אַבסטראַקטע באַגריפן, ווי די גריכן האָבן אָפּערירט, איז דער אָנהויב פון דער מאָדערנער פילאָזאָפיע.

ווען דעקאַרט וואָלט ניט געווען אויפגעטאָן קיין אַנדער זאַך, ווי נאָר מאַכן אָט דעם נייעם אָנהויב, וואָלט ער שוין פאַרדינט אָנגערופן צו ווערן דער פאָטער פון דער מאָדערנער פילאָזאָפיע. געוויס, איז דער דואַליזם ניט צופרידנשטעלנד; אַ דאַנק דעם דואַליזם איז זיין סיסטעם אַזוי פעלערהאַפט. ער דאַרף אָבער גענומען ווערן ווי א דורכברעכער פון נייע וועגן און ניט ווי אַ שאַפער פון אַן אויסגעהאַלטענער פילאָסאָפישער סיסטעם. נאָר ווען מען נעמט אים פון אָט דעם דאָזיקן פּערספּעקטיוו אלס דעם אָנפאַנגער פון א נייעם געדאַנק אלס דעם שאַפער פון אַ נייעם באַגריף, קען מען גענוי פאַרשטיין זיין באַדייטונג פאַר דער פילאָזאָפיע און זיין ביישטייער צו דער וויסנשאַפט; ווייל אויסער דעם נייעם צוגאַנג צו פילאָזאָפיע, איז ער אויך דער שאַפער פון דער אַנאַליטישער געאָמעטריע און איז דער ערשטער אין אייראָפּע וואָס האָט אָנגעשריבן אַ טעקסט־בוך וועגן פיזיאָלאָגיע, וואָס האָט געהאַט א גרויסע ווירקונג אויף דער וויסנשאַפט. מיט אַנדערע ווערטער, ער האָט פאַרדינט דעם פּלאַץ וואָס ער פאַרנעמט.

דעם זיבעצנטן יאָרהונדערט רופט ווהייטהעד אַן דער יאָרהונדערט פון די גאונים. אין די הונדערט יאָר האָבן, לויט זיין מיינונג, געלעבט מער

גענימאַלע מענטשן ווי אין אַ וועלכן ס׳איז אַנדערן יאָרהונדערט. ער רעכנט אויס אַ ריי גאונים פון דעם פּעריאָד, וואָס קיין איינער, וואָס זאָל זיך קענען פאַרגלייכן מיט זיי, האָט זיך ניט באַוויזן פאַר צוויי טויזנט יאָר, פון אַריס־טאָטעלן ביז דעם זיבעצנטן יאָרהונדערט. (פאַרשטייט זיך, אַז פּאַקטיש גענומען).

צווישן די אויסגערעכנטע גאונים געפינט זיך ברוך שפּינאָזע. זיינען פאַראַן שפּינאָזע־ענטוזיאַסטן, וועלכע דענקען, אַז ער איז געווען דער גרעס־טער געני פונעם יאָרהונדערט. דאָס איז אַ געוואַגטע מיינונג: מען דאַרף אין זינען האָבן, אַז אין דעם זעלבן יאָרהונדערט האָבן געלעבט גאַליליי, ניוטאָן, לייבניץ א. אַז. וו.

אין אַלגעמיין איז ניטאָ קיין שום מאָס, לויט וועלכער מען זאָל קענען מעסטן געניאַליטעט, און מען דאַרף אויך ניט האָבן קיין מאָסן; יעדער געני איז גרויס אויף זיין אייגענעם שטייגער, ניט ער דאַרף געמאָסטן ווערן און ניט מען דאַרף אים פאַרגלייכן מיט אַ צווייטן. וואָס מען מעג יאָ זאָגן וועגן שפּינאָזען איז, אַז פון אַריסטאָטעלן ביז אים איז ניט געווען קיין איין דענ־קער, וואָס זאָל זיך קענען פאַרגלייכן מיט אים אין טיפקייט פון דענקען און אין אויסגעהאַלטענקייט פון געדאַנק.

ווען דעקאַרט איז געווען דער ערשטער פון די מאָדערנע דענקער, וואָס האָט אָפּגעבראָכן מיט דער פאַרגאַנגענהייט און אירע אויטאָריטעטן און האָט דערמיט געגעבן אַ נייע ווענדונג דעם מענטשלעכן געדאַנק, איז שפּינאָזע געווען דער ערשטער דענקער פון אַריסטאָטעלן אָן וואָס האָט געשאַפן א גאַנצע און אויסגעהאַלטענע פילאָזאָפישע סיסטעם.

ווען מען טראַכט אַוועק פון דעקאַרטן זיין היסטאָרישן פאַרדינסט, אַלס דער אַנערקענטער פאָטער פון דער מאָדערנער פילאָזאָפיע, בלייבט גאָר ווייניק פון זיין סיסטעם וואָס זאָל האָבן א פּערמאַנענטן ווערט: פאַר דער אייביקייט האָט ער ווייניק, אויב עפּעס געשאַפן (אויסער, נאַטירלעך, דער אַנאַליטישער געאָמעטריע). שפּינאָזא האָט אָבער אוועקגעלייגט פילאָזאָפישע גרונטלאַגן, וואָס וועלן אויף שטענדיק בלייבן פונדאַמענטאַל פאַר דער פי־לאָזאָפיע: אין דעם ליגט זיין גרויסקייט.

די לעגענדע זאָגט, אַז זיבן שטעט פונעם אַלטן גריכנלאַנד האָבן זיך גע־קריגט איבער האָמערס געבורטפּלאַץ; יעדע איינע פון זיי האָט באַהויפּטעט, אַז האָמער איז אין איר געבוירן געוואָרן. אַזוי קריגן זיך איצט פילאָזאָפישע ריכטונגען וועגן שפּינאָזען, יעדע איינע פון זיי באַהויפּטעט, אַז זי איז זיין אמתע נאָכפאָלגערין. העגעל, דער פאָטער פונעם אָביעקטיוון אידעאַליזם, האָט באַהויפּטעט, אַז ער גייט אין שפּינאָזעס פּיסטריט, און וואַיטהעד, דער „פּראָוויזאָרישער" רעאַליסט, זאָגט, אַז זיינע געדאַנקען פליסן אין דער ריכ־טונג פון שפּינאָזען. מאָרגאַן, דער קריטישער רעאַליסט, ווערט ניט מיד ווידערהאָלן „מיין געשריי איז צוריק צו שפּינאָזען" און מאָריס קאָהען, דער „מאַטעריאַליסט", זאָגט, „אויב איר וועט מיך באַשולדיקן אין מאַטעריאַליזם, בין איך אין גוטער קאָמפּאַניע מיט ברוך שפּינאָזען".

די קריסטלעכע רעליגיע אין אַלגעמיין און דער קאַטויליציזם ספּעציעל, האָבן „אַפּראָפּריאירט" שפּינאָזען; זיי האָבן אויסגעפונען אַז זיין פילאָזאָפיע שטימט מיט די פונדאַמענטאַלע פּרינציפּן פונעם קריסטנטום. און די אידישע

טעאָלאָגן קווינקלען זיך, זיי ווילן אים ניט „אוועקגעבן", הגם ס'איז שווער צו זען וואָס זיי קענען מיט אים טאָן: פאַר קיין טעאָלאָג פונעם אידנטום קען מען אים, דוכט זיך, ניט מאַכן...

און גאָר לעצטנס האָט ער צוגעקראָגן אַ נייעם פּרעטענדענט, דעם קאָמוניזם, וועלכער טענהט, אַז ער איז דער איינציקער, וואָס האָט אַ רעכט אויף שפּינאָזען: שפּינאָזע איז (לויט די קאָמוניסטישע טעאָרעטיקער) דער פאָרלויפער פונעם דיאַלעקטישן מאַטעריאַליזם; לויט זייער מיינונג, איז דער דיאַלעקטישער מאַטעריאַליזם באַזירט אויף שפּינאָזען (זע די רוסישע פּובליקאַציע צו שפּינאָזעס 300טע געבורטסטאָג און ספּינאָזע בוך, ז. 151).

דער אמת איז, אַז קיין איין מאָדערנע ריכטונג קען אים ניט אַפּראָפּריאירן אינגאַנצן און קען אים אויך ניט נאָכפאָלגן אינגאַנצן: דאָס איינציקע וואָס מען קען זאָגן, איז אַזוי ווי ער איז געווען א טיפער דענקער, וואָס האָט באַרירט פונדאַמענטאַלע פּראָבלעמען, קענען פיל ריכטונגען זיך זען אין אים: אינגאַנצן אָבער באַלאַנגט ער צו זיך אליין.

שפּינאָזע איז געקומען גלייך נאָך דער מיטלאַלטער מיט אירע טעאָלאָגישע באַגריפן איז: פון איין זייט האָט ער מיט איר אינגאַנצן אָפּגעבראָכן און פון דער צווייטער זייט איז ער געשטאַנען מיטביידע פיס אין איר, ער האָט אָפּערירט מיט אירע באַגריפן, הגם אויף אַן אַנדער שטייגער. ער האָט גענומען איר אויסגאַנגס־פּונקט, אפילו איר טערמינאָלאָגיע און אָפּזאָגנדיק זיך פון איר טעאָלאָגיע, האָט ער זיך גענומען שאַפן אַ ריינע מעטאַפיזיק אויף אַ „וויסנשאַפטלעכן" אופן לויט דער געאָמעטריע... פאַקטיש אָבער איז עס אַ ריין שכלדיקע קאָנסטרוקציע געבויט פונעם אַלטן מאַטעריאַל...

אַ דאַנק דעם, וואָס ער האָט גענוצט די אַלטע טערמינאָלאָגיע, ספּעציעל דאָס וואָרט „גאָט" פאַר נאַטור (סובסטאַנץ) און האָט זיך באַנוצט מיט אַ געאָמעטרישן מעטאָד צו באַווייזן דעם אמת פון זיין סיסטעם, ווערט ער אַזוי פאַרשיידנאַרטיק אינטערפּרעטירט און אפילו מיסאינטערפּרעטירט, אַז פאַר דעם אַלגעמיינעם לעזער איז ניט נאָר ניט מעגלעך זיך אָריענטירן אין אים, נאָר אפילו ניט אין זיינע קאָמענטאַטאָרן... יעדער איינער פּאַסט צו אים צו דאָס, וואָס אים איז נאָענט צום האַרצן. אונטער אַזעלכע אומשטענדן איז דאָס איינציקע וואָס מען קען טאָן, איז נאָכפאָלגן איין באַשטימטע אינטערפּרעטאַציע און אין זינען האָבן, אַז זי איז ניט די איינציקע, אַז עס זיינען פאַראַן אַנדערע אינטערפּרעטאַציעס, וואָס שטימען ניט מיט איר. דאָס ווערט געטאָן אין די באַמערקונגען.

ווען שפּינאָזעס עטיק איז אַרויס פון דרוק (נאָך זיין טויט), איז זי דערקלערט געוואָרן פאַר אַן אפּיקורסיש ווערק און אים האָט מען דערקלערט פאַר אַן אַטעאיסט. דענקער האָבן זיך צוריקגעהאַלטן צו דערמאָנען זיין נאָמען. אַזוי האָט עס אָנגעהאַלטן ביז די דייטשישע ראָמאַנטיקער האָבן אַנטדעקט, אַז ער איז געווען א פון גאָט פאַרשיכורטער דענקער...

די ערשטע מיינונג צירקולירט צוזאַמען מיט דער צווייטער ביז היינטיקן טאָג. די ווידערשפּרעכנדע מיינונגען נעמען זיך דערפון, וואָס, הגם ער איז געווען א ריינער מעטאַפיזיקער, האָט ער ניט נאָר גענוצט א טעאָלאָגישע שפּראַך, נאָר ער האָט אויך באַקליידט זיינע געדאַנקען מיט אַ מיסטישן מאַנטל, ווי דער „אמאר אינטעלעקטואליס דעאי" (אינטעלעקטועלע ליבע צו גאָט) צום ביישפּיל.

מען קען איינשטימען מיט זשאַקימען, אַז דער אויסדרוק דאַרף מיינען אַז „אין אונדזער רעאַליזירן זיך ווי אינטעלעקטועלע וועזנס, ווערט אונדזער עמאָציאָנעלע נאַטור איינגעשלונגען: אויף אַזויפיל ווי מיר פאַרשטייען, זיינען מיר די רעאַליטעט און ניט קיין פאַרבייגייענדע עמאָציאָנעלע וועזנס... דער באַוואוסטזיין גיט אונדז גליקזעליקייט; און זייענדיק באַוואוסט וועגן דער גליקזעליקייט, זיינען מיר אויך באַוואוסט וועגן גאָט, אַלס די אורזאַך: מיר ליבן גאָט אויף אַזויפיל, ווי מיר פאַרשטייען זיין אייביקן זיין. אַזוי ווי די ליבע איז באַזירט אויפן אינטעלעקט און ווערט ניט באַגריפן דורך אַ פאָר־שטעלונג, מעג זי אָנגערופן ווערן די אינטעלעקטועלע ליבע צו גאָט" (זשאַ־אקים: עטיקס אָוו שפּינאָזע, ז. 305) און פונדעסטוועגן זעען אין אים פלאַ־טינוס מיסטיציזם צוזאַמען מיט דער מיטלאַלטער.

וואָס קען מיינען אַן „אינטעלעקטועלע ליבע" צו אַ מעטאַפיזישן באַגריף, ווי שפּינאָזעס „גאָט" איז, אויסער נוצן די גאַנגבאַרע שפּראַך־פאָרמע פון דער צייט (די טערמינאָלאָגיע פונעם קריסטענטום) פאַר א נייעם באגריף? קיין אַנדער זאַך קען עס ניט מיינען. נעמט טאַקע זשאָאקים אַריין די ווער־טער „ליבע" און „אינטעלעקטועלע ליבע" אין גענדזן־פיסלעך. ווי ער טייטשט אויס שפּינאָזען פאַסן זיך די דאָזיקע טערמינען אינגאַנצן ניט. ער זאָגט אין אַ באַמערקונג „כ'וועל אָנרופן שפּינאָזעס „דעאָס" מיטן נאָמען „גאָט"; דער לעזער מוז אָבער פאַרשטיין אז דער טערמין „גאָט" ווערט ניט געניצט אין דעם רעליגיעזן זין. די ווערטער: „דער אוניווערס", „די רעאַליטעט", „איינפאָרמיקייט אין דער נאַטור" קענען גענוצט ווערן... „דער אַבסאָלוט" וואָלט זיין דער בעסטער טערמין (פאַר דעאָס), ווען ער זאָל ניט זיין פאַרבונדן מיט אַ באַשטימטער פילאָזאָפיע" (דאָרטן, ז. 36).

מען קען זען, אַז ס'האַנדלט זיך ניט בלויז וועגן אַ וואָרט, נאָר וועגן אַ באַשטימען באַגריף, וועלכער געפינט זיך אונטערן וואָרט. אינעם זין פון אָט דעם אלגעמיינעם באַגריף וועט שפּינאָזע באַטראַכט ווערן. אונטערן וואָרט „גאָט", נאַטור, סובסטאַנץ, אָדער לויט דער מאָדערנער טערמינאָלאָגיע „רעאַ־ליטעט", אַבסאָלוט, האָט שפּינאָזע געמיינט די איינהייטלעכקייט, אָדער איינפאָרמיקייט אין דער נאַטור. די נאַטור („גאָט"), ווען מען נעמט זי אין איר גאַנצקייט, מאַניפעסטירט זי זיך צום מענטשן דורך צוויי פונדאַמענטאַלע אייגנשאַפטן (אַטריבוטן), אויסגעשפרייט און דענקען (דער אויסדרוק אַז גאָט האָט אַן אומענדלעכע צאָל אַטריבוטן (ער איז ניט באַגרענעצט), נאָר דעם מענטשן זיינען בלויז באַוואוסט צוויי, דאַרף מיינען אַז די נאַטור איז ניט באַגרענעצט מיט די אייגנשאפטן וואָס דער מענטש ווייסט וועגן איר: זי איז אומענדלעך אין אירע אייגנשאַפטן. פאַקטיש מיינט די באַהויפּטונג ניט קיין זאַך: מען קען ניט ריידן וועגן דער עקזיסטענץ, אָדער ניט עקזיסטענץ, פון „אַטריבוטן", אויסער די וואָס מען ווייסט. צי די נאַטור האָט עפּעס, אויסער דעם וואָס מען באַגרייפט, מוז בלייבן א סוד. קיינע באַהויפּטונגען קען מען וועגן דעם ניט מאַכן.)

די צוויי פונדאַמענטאַלע אייגנשאַפטן, אויסגעשפרייטקייט און דענקען, באַגלייטן יעדע מאַניפעסטאַציע אין דער נאַטור; די נאַטור (גאָט, סובסטאַנץ) איז פאַרן מענטשן ניט דענקבאַר אָן זיי. דאָס איז פאַר שפּינאָזען פונדאַמענ־טאַל. די פאַסירונגען פון דער נאַטור מאַניפעסטירן זיך לויט אַן איינער־

לעכער האַרמאָניע, וואָס ווערט אָנגערופן דעטערמיניזם, אָדער דער געזעצ־לעכער גאַנג פון די פּאַסירונגען. דער דאָזיקער געזעצלעכער גאַנג שליסט אין זיך איין די פּסיכישע, אַזוי גוט ווי די פיזישע דערשיינונגען אין דער נאַטור. לויט שפּינאָזעס טערמינאָלאָגיע איז אויסגעקומען, אַז „גאָט" איז „דעטערמינירט" פון זיינע אייגענע „געזעצן". פאַקטיש מיינט עס, אַז געזעצ־לעכקייט הערשט אינעם גאַנג פון די פּאַסירונגען. דאָס איז דער צענטראַלער געדאַנק פון זיין פילאָזאָפיע פון אימאַנענץ...

אַריסטאָטעלס פילאָזאָפיע, וואָס איז אין דער מיטלאַלטער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ טעאָלאָגיע און האָט געהערשט ביזן 17טן יאָרהונדערט, איז געווען געבויט אויף אַ מאַטעריע־פאָרמע דואַליזם. דעקאַרט האָט אָפּגעבראָכן פון דער טעאָלאָגיע און האָט פאָרמולירט די נייע פילאָזאָפיע, ער האָט אָבער געשאַפן אַ נייעם דואַליזם, אויב ניט קיין טאָפּלטן דואַליזם: דענקען און אויסגעשפּרייטקייט אין אַלגעמיין און קערפּער און נשמה ספּעציעל. אָרגאַניש איז דעקאַרטס סיסטעם ניט געווען קיין אויסבעסערונג פון אַריסטאָטעלס סיסטעם. פאַקטיש איז זי מעכאַניש צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן. איר האָט געפעלט אַן אינערלעכע אָרגאַנישע פאַרבינדונג. דער באַגריף פון „פּער־פעקציע" אַלס א באַוויז און דער גאָט וואָס קען ניט אָפּנאַרן, קען פילאָ־זאָפיש ניט צופרידנשטעלן.

איז געקומען שפּינאָזע נאָך אים, האָט גענומען זיין מאַטעריאַל, צוזאַמען מיטן מאַטעריאַל פון דער מיטלאַלטער און האָט אויפגעשטעלט אַ גראַנדיעזן בנין: די אימאַנענטע פילאָזאָפיע. וואָס איז געוויס ניט פולקאָמען (קיין פילאָסאָפישע סיסטעם איז ניט פולקאָמען), זי אַנטהאַלט אָבער אין זיך פונ־דאַמענטאַלע יסודות, וואָס האָבן זי געמאַכט אומשטערבלעך. דער געדאַנק פון אימאַנענץ, אַז דער רעגולירנדער פּרינציפּ פון דער נאַטור איז אין איר גופא, איז א רעוואָלוציע אינעם דענקען. ביז שפּינאָזען איז אָנגענומען גע־וואָרן, אַז דער רעגולירנדער פּרינציפּ פון דער נאַטור געפינט זיך אויסער איר, איז ער געקומען און האָט אים אַריינגעפירט אין דער נאַטור: די געט־לעכקייט איז אין איר, די נאַטור אַליין איז געטלעך.

אמת די אידייע געפינט זיך אינעם נעאָ־פּלאַטאָניזם. שפּינאָזע האָט זי אָבער פולשטענדיק געענדערט, ער האָט זי נאַטוראַליזירט און האָט אויף איר אַרויפגעשטעלט אַ פילאָזאָפישע געביידע... גאָט (די נאַטור אַלס גאַנצע) איז „געזעצלעך"; דער סדר, וואָס קומט פאָר אין דער נאַטור, איז ניט קיין דעספּאָטישער סדר, נאָר ער איז אַן אינערלעך־דעטערמינירטער. עס הערשט אַ פולשטענדיקע אָרדענונג אינעם גאַנג פון די פּאַסירונגען, די אָרדענונג שליסט אין זיך איין די נאַטור אַלס גאַנצע, זי מאַניפעסטירט זיך אין אַלע אירע טיילן. דאָס איז שפּינאָזעס ביישטייער; ער האָט אַריינגעפירט אָרדענונג דאָרט וואו דעספּאָטיזם האָט געהערשט...

מען מוז אים ניט נאָכפאָלגן אין זיין אַטריבוטן־לערע אויף דער גאַנצער לענג און מיט אים אָננעמען, אַז די צוויי אַטריבוטן, אויסגעשפּרייטקייט און דענקען, זיינען פונדאַמענטאַל אויף אַזויפיל, אַז אַ שטיין, צום ביישפּיל, זאָל זיי ביידע באַזיצן. מען קען אָננעמען, אַז דענקען האָט זיך אנטוויקלט, און איז איבערהויפּט אַ שפּעטערדיקער פּראָדוקט, אָבער ווען מען קומט צום מענטשן, מיט זיין פאַרשטאַנד, איז שפּינאָזעס טאָפּלטער אַספּעקט (נאַטירלעך, מאָ־

דערנ־זירט ווי אַ פיזיאָלאָגישע פונקציע פון איין זייט און פסיכישע איבער־לעבונג פון דער צווייטער זייט) נאָך אַלץ די דערקלערונג פאַר דער פסיכאָ־פיזישער דערשיינונג פון באַוואוסטזיין. געוויס איז דאָס שוין אַ פירוש אויף שפּינאָזען, אָבער אַזאַ דענקער ווי אלעקסאנדער מאכט אים (זע זיין שפּינאָזע ענד טיים). מיינט עס אז ער קען געמאכט ווערן...

ווען מען קומט צו זיינע מאָדוסן (ציַיטווייליקע עקזיסטענצן, וואָס קומען און פאַרגייען) איז, ווען מען נעמט אָן די עקזיסטענץ פון אַ פונדאַמענטאַלער סובסטאַנץ, קען מען קיין זאַך ניט אויסבעסערן פון דעם, וואָס ער האָט גע־זאָגט וועגן דעם ענין. ווהייטהעד, וועלכער ווערט פאַררעכנט פאַרן וויכטיקסטן מעטאַפיזיקער פון דער איצטיקער צייט, נעמט אים אָן (זע סייענס ענד די מאָדערן וואָרלד, ז. 102). נאַטירלעך, אז אויך ער מאכט א פירוש אינעם זין וואָס ער גיט אַריין אַ דינאַמיק אין שפּינאָזעס סטאַטישער סובסטאַנץ. צי שפּינאָזע וואָלט אָנגענומען די ענדערונגען, קען מען, נאַטירלעך, ניט וויסן. איצט מוז מען זיי אָננעמען.

דאָס אַלץ האָט אָבער נאָר אַ שייכות צו זיין מעטאַפיזיק, צו זיין רעאַ־ליטעט־באַגריף, גייט מען איבער צו זיין דערקענטעניש־לערע, איז ער אַ קינד פון זיין צייט. ער איז אַן אויסגעהאַלטענער אינטעלעקטואַליסט, וואָס לייקנט אָפּ די רעאַליטעט פון דעם וויסן, וואָס קומט פון דערפאַרונג. געוויס איז זיין מעטאַפיזיק ניט קיין הוילע פאַנטאַזיע, זי איז געבויט אויף אַ דערקענטעניש־לערע, וואָס געפינט זיך אין הינטערגרונט פון איר. אמת, די דערקענטעניש־לערע האָט ניט די גאַנצקייט פון דער לעצטער, זי איז אָבער אויף אַזויפיל פאַראַן, ווי זיין צייט האָט געקענט שאַפן.

אייגנטלעך קען מען אין שפּינאָזעס פילאָזאָפיע ניט מאַכן קיין שאַרפע טיילונג צווישן וויסן און זיין, ווי מען טוט עס, ווען מען נעמט אָן אַ מאָדער־נעם רעאַליסטישן אויסגאַנגס־פונקט. פאַר אים איז דער וויסן (דענקען) געוועזן איינער פון די צוויי אַטריבוטן פון דער רעאַליטעט (סובסטאַנץ, „גאָט"), איז אַזוי גיך ווי ער דערקלערט דעם עצם פון דער רעאַליטעט, ווערט דער וויסן אַרויסגעבראַכט ווי אַן אינטעגראַלער טייל פון איר. ווען מען פאַרשטייט דאָס, פאַרלירט די עטיק איר דאָגמאַטישקייט (פאַרשטייט זיך, ווען מען שטעלט זיך אויף שפּינאָזעס שטאַנדפּונקט. דאָס איז זעלבסט־פאַרשטענדלעך), זי פאַרלירט איר ארבעטראַרן־כאַראַקטער און ווערט אַ גאַנצע סיסטעם, וואָס טראָגט איר אינערלעכן פילאָזאָפישן מוז. ווען מען זאָל וועלן זיין פּאַראַדאָקסאַל, וואָלט מען געקענט זאָגן, אַז כדי צו פאַרשטיין די עטיק, וואָלט מען זי געדאַרפט פאַרשטיין איידער מען לייענט זי, וואָלט מען זי ערשט נאָכדעם געקענט פאַרשטיין... דאָס מיינט, אַז שפּינאָזע האָט שוין געהאַט פאַר זיך אַ פאַרטיקע סיסטעם ווען ער האָט אָנגעהויבן שרייבן די עטיק, האָט ער אָנגעהויבן פונעם סוף, פון דער מעטאַפיזיק און ניט פון אַ דערקענטעניש־לערע, וואָס זאָל אים פירן צו אַ מעטאַפיזיק. אַזאַ צוגאַנג ווערט אפילו איצט גענוצט (זע אלעקסאַנדערס, טיים, ספּייס ענד דייעטי), ספּעציעל איז ער געווען כאַראַקטעריסטיש פאַר שפּינאָזעס צייט, ווען די דער־קענטעניש, ווי אַ פּראָבלעם פאַר זיך, איז ניט אַוועקגעשטעלט געוואָרן אַזוי שאַרף ווי מיט אַ דור שפּעטער.

אָבער שפּינאָזע האָט אויך אָנגעהויבן שרייבן אַן אַרבעט דירעקט וועגן דער דערקענטעניש־לערע; אָדער, ווי ער רופט די ניט־געענדיקטע עסיי אַן, „די אויסבעסערונג פון אונדזער פאַרשטייַן". ליידער האָט ער די עסיי ניט געענדיקט; ער האָט מער פון 38 זייטן ניט אָנגעשריבן. פאַרוואָס ער האָט מער ניט געשריבן איז שווער צו זאָגן, מעגלעך, אַז ווען ער האָט אָנגעשריבן די עטיק, וואו די דערקענטעניש קומט אַרויס אַלס רעזולטאַט פון דער רעאַליטעט, האָט ער געדענקט, אַז עס איז ניט נויטיק צו ענדיקן די עסיי, וואָס ער האָט אָנגעהויבן פריער פאַר דער עטיק. ווי עס זאָל ניט זיין, האָט מען פאַר זיך אַ ניט־געענדיקטע אַרבעט, וואָס העלפט צו פאַרשטיין זיין עטיק.

די עסיי הויבט זיך אָן, ווי דעקאַרטס „דיסקאָרס אָן מעטאָד", מיט אַן איבערשאַצונג פון ווערטן. מען קען זען, אַז ער איז באַאיינפלוסט געוואָרן פון דעקאַרטן; ער האָט אָבער א פיל וויכטיקערן פּראָבלעם פונעם לעצטן: ווען ער האָט אַראָפּגעצויגן גאָט פונעם הימל אויף דער ערד און האָט אים אידענטיפיצירט מיט דער נאַטור, איז פאַר אים אַנטשטאַנען די וויכטיקע פראַגע, וועגן דעם זין פון לעבן, און וועגן דעם סטאַטוס פון דער מענטש־לעכער עטיק. דעקאַרט האָט אַזאַ פּראָבלעם ניט געקענט האָבן: זיין גאָט איז געווען אַזאַ, וואָס קען ניט אָפּנאַרן. אַזאַ גאָט איז שוין אויך דער באַזיס פאַרן זין פון לעבן און פאַר דער מענטשלעכער מאָראַל. שפּינאָזע אָבער האָט אַוועקגעשטעלט די נאַטור אויף נייע יסודות, האָט ער געדאַרפט געבן אַן ענטפער אויף דער וויכטיקער פראַגע וועגן דעם זין פון לעבן. אַזוי אַז זיין דערקענטעניש־לערע איז שוין ניט געווען בלויז אַ ריינע דערקענטעניש, נאָר אויך אַ זיטן־לערע. דאָס לעצטע איז אייגנטלעך געווען דער מאָטיוו פאַר זיין גאַנצער אַרבעט: אָפּברעכנדיק מיט דער טעאָלאָגיע פון דער פאַר־גאַנגענהייט און אפילו אָפּשאַפן איר גאָט, האָט ער געדאַרפט עפּעס פּאָזיטיוועס געבן אויף איר פּלאַץ. „אמאר אינטעלעקטואליס דעאי" (אַן אינטע־לעקטועלע ליבע צו גאָט) איז געווען זיין ענטפער. אַן און פאַר זיך מיינט דער ענטפער גאָרניט פאַר קיין מאָדערנעם מענטשן; נעמט מען שפּינאָזען אָבער צוזאַמען מיט זיין צייט און מיט זיין דערקענטעניש־לערע אין אַלגע־מיין, ווערט דער ענטפער פאַרשטענדלעך.

שפּינאָזע זאָגט אין זיין בריוו צו בליענבערגן (21טע בריוו): „די העכסטע גליקזעליקייט באַשטייט אין דער ליבע צו גאָט. אַזאַ ליבע פליסט אויף אַ נאַטירלעכן אופן אַרויס פון דעם וויסן וועגן גאָט, וואָס ווערט אַזוי שטאַרק אויף אונדז אַרויפגעצוואונגען". אָדער, ווי ער זאָגט אויף אַ צווייטן פּלאַץ: „די דאָזיקע ליבע צו גאָט קען ניט זיין באַפלעקט דורך דער עמאָציע פון קנאה, אָדער אייפערזוכט... די ליבע צו גאָט איז דאָס העכסטע גוטס וואָס מיר קענען זוכן ווען מיר ווערן געפירט דורכן פאַר־שטאַנד" (בוך 5, פּראָפּ. 20). פּאָלאַק קאָמענטירט אַז: „די דאָזיקע ליבע, וואָס ווערט פון אים באַצייכנט פאַרן גרעסטן גליק אין אַ מענטשנס לעבן, באַשטייט ניט פון קיין אנדער זאַך, ווי פון אַ ראַציאָנאַלער באַטראַכטונג פון דער אָרדענונג פון דער וועלט און פון דער מענטשלעכער נאַטור, וואָס איז א טייל פון איר" (זע שפּינאָזע, „היס לייף ענד היס פילאָסאָפיע", 262).

ס׳דאַרף מיינען, אַז דער גענוס, וואָס מען קריגט, ווען מען האָט דעם אינטעלעקטועלן באַגריף, איז אַזוי גרויס אַז די עמאָציעס, וואָס זיינען ציטווייליק, לייזן זיך אויף אין דער אַבסאָלוטער רעאַליטעט: דאָרט וואו דער פאַרשטאַנד הערשט (אין דער אַבסאָלוטער רעאַליטעט), הערשט די העכסטע פאָרמע פון מאָראַל און דאָס איז דערפאַר, וואָס ס׳איז די הער־שאַפט פון גאָט (אַבסאָלוטע רעאַליטעט). פּאָלאַק זאָגט, אַז דאָס איז דער זין פון די ערשטע 20 פּראָפּאָזיציעס פונעם פינפטן בוך פון דער עטיק; לויט זיין מיינונג, קען מען זיי אַנדערש ניט פאַרשטיין (דאָרטן). זשאָאַקים שטימט מיט אים איין, ווי די פריער פון אים געבראַכטע אויסטייטשונגען פונעם אמאר אינטעלעקואליס דעאי, דערקלערן עס.

נעמט מען שפּינאָזען אין דעם זין, זעט מען די גאַנצקייט פון זיין סיסטעם; יעדעס קאַפּיטל פון דער עטיק קריגט אַ געהעריקן מיין. אַלע צוזאַמען דינען זיי אַרויסצוברענגען דעם „אמאר אינטעלעקטואליס דעאי", אַרויסצוברענגען אַ נאַטירלעכן זין פאַרן לעבן און אַ נאַטוראַליסטישן באַזיס פאַר דער מענטשלעכער מאָראַל.

ווען מען פאַרשטייט דאָס אלץ, זעט מען פאַרוואָס די עמפּיריק פאַר־נעמט אַזאַ קליינעם פּלאַץ אין זיין סיסטעם: זי האָט ניט קיין אָרט אין זיין אינטעלעקטואַליסטישער קאָנסטרוקציע...

צוויי מאָל טרעט ער צו צו דער דערקענטעניש־לערע און פּרוּווט זי דערקלערן דירעקט. איין מאָל אין דער ניט געענדיקטער עסיי און דאָס צווייטע מאָל אין דער עטיק.ביידע מאָל שניידט די עמפּיריק ניט גוט אָפּ... אין דער עסיי זאָגט ער אַז דער מענטש האָט פיר גראַדן וויסן: 1) „פּערצעפּציע", דער טערמין ווערט פון אים און פון דעקאַרטן גענוצט אינעם זין פון וויסן, וואָס מען קריגט אויף אַן אומדירעקטן אופן; וויסן וואָס מען קריגט דורך אַ צווייטן. צום ביישפּיל, דער וויסן וואָס מען האָט וואו מען איז געבוירן געוואָרן; ס׳איז ניט קיין אייגענער וויסן, נאָר געהערטער. 2) פּערצעפּציע פון אַלגעמיינער דערפאַרונג: ווי דער וויסן אַז מען וועט שטאַרבן. מען ווייסט עס דערפאַר וואָס אַלע מענטשן שטאַרבן. 3) פּערצעפּציע לויט וועלכער דער עסענץ פון איין זאַך באַשטייט פון אַ לאָגישן שלוס, אָדער אַן אויספיר פון אַ צווייטער זאַך: ווען מען באַשטימט די נאַטור פונעם רעזולטאַט לויט דעם כאַראַקטער פון דער אורזאַך. דעם וויסן רופט איך ניט אַן פולקאָמענער (אדעקוואטער) וויסן. און 4) דער וויסן וועגן עפּעס דורך איר אייגענער עסענץ; ווי דער מאַטעמאַטישער וויסן: וואָס ווען מען ווייסט דריי פאַקטאָרן פון אַ פאָרמולע, ווייסט מען דירעקט פון זיי דעם פערטן פאַקטאָר (זע אימפּרואוומענט אָוו די אַנדער־סטענדיג, זז. 6-7).

אין דער צווייטער קלאַסיפיקאַציע זאָגט ער: „מיר פאָרמירן אונדזערע באַגריפן 1) פונעם וויסן פון איינצל זאַכן וואָס פּרעזענטירן זיך צום פאַר־שטאַנד דורך די חושים; דער וויסן באַשטייט פון אַ צוזאַמענמיש אָן וועלכן עס איז סדר. אַזאַ וויסן רופט איך אָן די אַנדייטונג פון דערפאַ־רונג. 2) דער צווייטער באַשטייט פון וויסן סימבאָלן: לייענען עפּעס, הערן עפּעס, אָדער זיך פאָרשטעלן עפּעס אין געדאַנק. דעם וויסן רופט איך אָן וויסן לויט דער ערשטער פאָרמע: אורטייל אָדער זיך פאָרשטעלן

עפּעס. 3) אַלגעמיינע באַגריפן, וואָס האָבן די זעלבע באַדייטונג פאַר אַלע מענטשן: ווי פּולקאָמענע (אַדעקוואַטע) אידייעס וועגן אייגנשאַפטן פון זאַכן. דעם וויסן רוף איך אָן שכלדיקן וויסן. עס איז די צווייטע פאָרמע פון וויסן. 4) וויסן דורך אינטואיציע: דער וויסן וואָס שטראָמט אַרויס פון דער פולקאָמענער (אַדעקוואַטער) אידייע, פונעם אַבסאָלוטן עסענץ — פון געוויסע אַטריבוטן פון גאָט צום פולקאָמענעם וויסן פונעם עסענץ פון זאַכן... ווי דער אינטואיטיווער פאַרשטיין פון אַ מאַטעמאַטישער רעלאַציע" (זע עטיק, בוך 2, ז. 111, פּראָפּ. 40).

נאָר די צוויי לעצטע פאָרמען רופט ער אָן אמתן וויסן דערפאַר, וואָס זיי אַנטהאַלטן אַן אַדעקוואַטע אידייע. און דאָס איז דערפאַר, וואָס „אַן אמתע אידייע איז אַנדערש פון דעם, מיט וואָס זי האָט אַ פאַרבינדונג: אַזוי איז אַ צירקל אַנדערש פון דער אידייע פונעם צירקל. די אידייע פונעם צירקל איז ניט רונד און האָט ניט קיין צענטער, ווי דער צירקל. די אידייע פון אַ קערפּער איז ניט דער קערפּער און אַזוי ווי זי איז אַנדערש פון דעם, מיט וואָס זי האָט אַ שייכות, קען זי פאַרשטאַנען ווערן דורך זיך זעלבסט" (עסיי, ז. 10). דערפאַר וואָס „די אידייע פון דער וועלט פון געדאַנק איז אין דער זעלבער קאַטעגאָריע, ווי דאָס צו וואָס זי האָט אַ שייכות, איז אין דער וועלט פון רעאַליטעט". אָבער די „רעאַליטעט פון אַן אמתן געדאַנק מוז געזוכט ווערן אינעם געדאַנק און דעדוצירט ווערן פון דער נאַטור פונעם פאַרשטאַנד" (זז. 13, 23).

דער אמת, הייסט עס, איז אינעם פאַרשטאַנד. אויף דער פראַגע פון וואַנען ווייסט מען צי מען האָט אַן אמתע אידייע, ענטפערט ער, אַז „דער וואָס האָט אַן אמתע אידייע ווייסט גלייכצייטיק אַז ער האָט אַן אמתע אידייע און ער קען ניט צווייפלען אינעם אמת פון דעם וואָס ער נעמט אויף" ווייל „ווער ס'האָט נאָר אַן אמתע אידייע ווייסט פולשטענדיק, אַז אַן אמתע אידייע שליסט אין זיך איין די העכסטע זיכערקייט, ווייל צו האָבן אַן אמתע אידייע מיינט פּאַקטיש וויסן אַז מען ווייסט די זאַך פולקאָמען, אָדער אויף אַזוי ווייט ווי ס'איז מעגלעך. אין דעם קען מען ניט צווייפלען, סיידן מען דענקט אַז אַן אידייע איז אַן עפּעס, וואָס האָט ניט קיין לעבן, ווי אַ בילד אויף דער וואַנט, אָבער ניט קיין אַרט פון דענקען: פּאַקטיש מיינט עס דעם פּראָצעס פון פאַרשטיין גופא. און ווער, פרעג איך, קען וויסן צי ער פאַרשטייט עפּעס וועגן אַ זאַך, סיידן ער איז פריער זיכער וועגן דער זאַך? און ווייטער, וואָס קען זיין מער קלאָר און מער זיכער פון אַן אמתער אידייע, אַלס באַוויז פאַר איר אמת? אַזוי ווי ליכט ווייזט זיך זעלבסט און צעטרייבט די פינצטערניש, אַזוי איז אמת א באַוויז פאַר זיך זעלבסט און פאַר פאַלשקייט" (שפּינאָזע, עטיק, זז. 112־113).

דאָס אַלץ מיינט לויט זיין מיינונג, אַז אַן אמתע, אָדער אַן אַדעקוואַטע אידייע, איז אמתדיק פון זיך אַליין; זי טראָגט אין זיך איר אמת און פאַרניכטעט פאַלשקייט. מען קען זי מיט קיין זאַך ניט פאַרגלייכן, ווייל כדי זי צו פאַרגלייכן דאַרף מען זי האָבן און דאָס מיינט, אַז זי איז מער פונדאַמענטאַל, ווי דער עטוואָס, מיט וואָס מען קען זי פאַרגלייכן: זי איז דער קוואַל פון וואַנען מען שעפּט דעם וויסן, לויט וועלכן מ'זאָל זי קענען מיט עפּעס פאַרגלייכן. דאָס דאַרף מיינען, אַז מען קען מיט קיין קאָפּיע

ניט דעמאָנסטרירן דעם אמת פונעם אריגינאַל, ווייל דער אָריגינאַל איז א באַדינג פאַר דער עקזיסטענץ פון דער קאָפּיע...

ווען מען טראַכט זיך אריין אין דעם געזאָגטן, קען מען זען, אַז שפּינאָזע פאַראייניקט דעם אמתן וויסן, אָדער דענקען מיטן פּראָצעס פון באַוואוסטזיין גופא; דערפון קומט שוין אויס, אַז דער באַוואוסטזיין קומט פריער פאַרן אָביעקט פון וויסן און כדי צו וויסן דעם אָביעקט, דאַרף מען זיין אינפאָרמירט וועגן אים. באַוואוסטזיין (דענקען) דאַרף מען אין זינען האָבן, איז לויט שפּינאָזען איינער פון די צוויי אַטריבוטן פון „גאָט" (דער רעאַליטעט). און אַזוי ווי די אַטריבוטן זיינען פונדאַמענטאַלע אַספּעקטן פון יעדער זאַך, איז ניט שייך צו פּרוואוון דעמאָנסטרירן איינעם דורכן צווייטן, זיי זיינען ביידע פונדאַמענטאַל. ער איז אויסגעהאַלטן: דער אינטעלעקטואַליזם איז ביי אים פונדאַמענטאַל. (העגל האָט געצויגן די קאָנ־סעקווענטע שלוסן פון אָט דעם אינטעלעקטואַליזם).

לייבניץ איז געווען שפּינאָזעס אַ צייט־חבר, אָבער אויסער אין זיין גענויאַליטעט, איז ער אין אַלע הינזיכטן געווען אַ קעגנגעזעצטע נאַטור צו שפּינאָזען. ער איז געווען אַן אומרואיקע און טעמפּערעמאַנטפולע נאַטור און האָט זיך לאַנג ניט געקענט האַלטן אויף איין אָרט. און אַזוי אומרואיק איז ער אויך געווען אין זיין דענקען. ער איז געווען א פילזייטיקער גאון און האָט געאַרבעט אויף פאַרשיידענע געביטן. היסטאָריש איז ער באַ־וואוסט פאַר אַ פילאָזאָף און מאַטעמאַטיקער. ער אַליין האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ היסטאָריקער און יוריסט. זיין דור אָבער וואָלט, העכסט וואַרשיינ־לעך, אים געגומען פאַר אַ דיפּלאָמאַט, אויב ניט פאַר קיין אינטערנאַציאָנאַלן אינטריגאַנט. ער איז שטענדיק געווען פאַרבונדן מיט געקרוינטע קעפּ און האָט פאַרטראָטן זייערע אינטערעסן אויף אַן אָפיציעלן און נאָך מער עטישער לערע, וואָלט ער געוויס ניט געקענט קומען צום שלוס אַז אינ־אויף אַן אומאָפיציעלן אופן...

וואָלט שפּינאָזע געווען געגומען לייבניצן פאַר אַ ביישפּיל פון זיין טעלעקטועלער וויסן (אמתער וויסן) באַהערשט די עמאָציעס, וואָס זיינען „צייטווייליק" און פירט צו אַן עטישן לעבן... אַז לייבניץ איז געווען אַן אינטעלעקטועלער ריז, וואָלט שפּינאָזע געוויס געווען צוגעגעבן, אָבער אַז לייבניצעס אויפפיר האָט ניט געשטימט מיט שפּינאָזעס עטישע באַגריפן, באַווייזט דער פאַקט, וואָס ער אַליין האָט ניט געהאַט קיין חשק זיך צו באַגעגענען מיטן „דזשענטלמען"...

די היסטאָריע האָט מיט רעכט פאַרגעסן, אַז לייבניץ איז פון ניוטאָנען באַשולדיקט געוואָרן, אַז ער האָט די „קאַלקולוס" אַרויסגענומען פון זיין מאַנוסקריפּט און אַרויסגעגעבן פאַר אַן אייגענער אַרבעט. אמת די ראַיאַל־געזעלשאַפט האָט לייבניצן ריינגעוואַשן דערפאַר וואָס זיין „קאַלקולוס" איז אנדערש און איז בעסער פון ניוטאָנס . עס איז אבער א פאקט, אז ער האָט געלייענט ניוטאָנס מאַנוסקריפּט... צו שפּינאָזען איז ער ניט געווען פריינט־לעך, ווייל ס'האָט ניט געפּאַסט צו דערמאָנען אַן „אַטעאיסט"... מען האָט אפילו פאַרגעסן, אַז זיין גוטברודערשאַפט מיט דער טעאָלאָגיע איז ניט געווען קיין אויפריכטיקע (ער האָט זיך אָפּגעזאָגט צו זאָגן ודוי); די וועלט איז פאַראינטערעסירט אין דעם גאון און ניט אין זיין פּערזענלעכקייט...

וואָלטן די פּאָר פּאַקטן אויך דאָ ניט דערמאָנט געוואָרן, ווען ניט דער חשק אָנצוצייגן אַז שפּינאָזאַ האָט געהאַט קאָנקרעטע באַווייזן פאַר דער פאַלשקייט פון זיין „מאָראַל־לערע". ער האָט אָבער געטראַכט אין אַבסטראַקט, האָט ער ניט באַמערקט דאָס, וואָס ס'איז פאָרגעקומען פאַר זיינע אויגן... אָבער די באַמערקונג איז סיי־ווי־סיי א ברכה לבטלה: אין שפּינאָזאַס „זיטן־לערע" האָט מען שוין לאַנג פאַרגעסן, קיינעם וועט איצט אין געדאַנק ניט איינפאַלן צו שטעלן דעם אינטעלעקט העכער פון די עמאָציעס...

לייבניץ איז געווען אַן אָריגינעלער און טיפער דענקער. ער איז שטאַרק באַאיינפלוסט געוואָרן פון דער פיזיקאַלישער וויסנשאַפט פון זיין צייט (ניוטאָן), האָבן אים דעקאַרטס און שפּינאָזאַס סיסטעמען ניט צופרידנגעשטעלט: זיי האָט געפעלט דינאַמיזם. זייער וועלט איז געווען אַ סטאַטישע און ער האָט געדענקט אין דינאַמישע טערמינען: ער האָט געזוכט דעם פּרינציפּ פון אַקטיוויטעט אין דער וועלט. וואָלט ער געווען פון אַ רעאַליסטישער נייגונג און וואָלט געווען געהאַט א חוש פאַר דער רעאַליטעט, ווי זי פּרעזענטירט זיך, האָט ער געקענט אָנהויבן אַ ניי קאַפּיטל אינעם פילאָזאָפישן דענקען: ער האָט אָנגעטאַפּט דעם שוואַכן פּונקט אין דער פילאָזאָפיע פון זיין צייט, אָבער ניט לויט זיין ספּעציאַליטעט, וואָס איז געווען היסטאָריע און ניט לויט דער הערשנדער טענדענץ פון יענער צייט (אַבסטראַקטער אינטעלעקטואַליזם) און ניט לויט דעם צושטאַנד פון פּסיכאָלאָגיע אלס לערע (ניט נאָר איז דער פּראָצעס פון וויסן, די דערקענטעניש ניט שטודירט געוואָרן, נאָר אפילו דער פּסיכאָלאָגישער פּראָצעס גופא איז ניט פאַרשטאַנען געוואָרן) איז ער געווען צוגעגרייט פאַר אַזאַ אַרבעט. מער פון דעם אַלעמען איז אָבער געווען שולדיק דאָס, וואָס זיין געדאַנק איז גאָר געפּלאָנטערט אין אַ קעגנגעזעצטער ריכטונג: פאַר אים זיינען זיי געווען צופיל „מאַטעריאַליסטיש" געניינט. ער איז אינגאַנצן אַוועק אין דער ריכטונג פון אַן אַבטראַקציע און האָט פאָרמולירט אַ מעטאַפיזישע סיסטעם פון ספּיריטואַלע איינהייטן (מאָנאַדן) „א מאָנאַד", זאָגט ער, „איז אַ פּשוטע סובסטאַנץ, וואָס איז די פונדאַמענטאַלע טייל פון א צוזאַמענשטעל, זייענדיק איינפאַך, האָט ער ניט קיין טיילן, אזעלכע מאָנאַדן מוזן זיין, ווייל עס זיינען פאַראַן די עלעמענטן פון זאַכן. זיי קענען ניט פאַרניכטעט ווערן, ווייל זייענדיק דאָס איינפאַכסטע, קענען זיי איינפאַכער ניט ווערן. זיי קענען אויך ניט געשאַפן ווערן, ווייל זיי זיינען ניט קיין צוזאַמענשטעל, זיי האָבן ניט קיין אָנהייב און ניט קיין סוף". (זע מאָנאַדאָלאָגיע, די ערשטע 6 דעפיניציעס). ער האָט אזוינע 90 דעפיניציעס אין דער מאָנאַדאָלאָגיע, וואָס שטעלן צוזאַמען זיין מעטאַפיזיק פון נשמות (אינטעלעקיעס). די דעפיניציעס אַנטהאַלטן אַ היפּש ביסל טיפע מעטאַפיזישע געדאַנקען. דער איינציקער חסרון זייערער איז, וואָס זיי בלייבן הענגען אין דער לופטן: ניט ער הויבט אָן מיט דער קאָנקרעטער וועלט און ניט ער ענדיקט מיט איר. און מעטאַפיזיק קען האָבן אַ זין, אָדער ווען מען הויבט אָן מיט דער וועלט און מען קומט צו איר, אָדער מען הויבט אָן פון איר און מען קומט צו דער וועלט. טוט מען עס ניט, איז עס געדאַנקען, אַמאָל טיפע און אפילו אמתע, קיין סיסטעם איז עס אָבער ניט. קען מען טאַקע לייבניצעס פילאָזאָפיע ניט אָנרופן קיין סיסטעם. ווילדאַן

קאַר האָט אָנגעשריבן אַ בוך וועגן לייבניצעס פילאָזאָפיע, אין וועלכן ער פּרואווט אַרויסברענגען לייבניצעס בייטראַג צום מענטשלעכן געדאַנק; זאָגט ער: „אויב לייבניצעס פילאָזאָפיע לעבט איצט, איז עס ניט דער פּאַר, וואָס זי איז לעבן געבליבן אין אַ סיסטעמאַטישער פאָרמע, ווי ער האָט זי פּרעזענטירט, נאָר דערפאַר, וואָס זי אַנטהאַלט וויטאַלע פּרינציפּן און פּראָדוקטיווע באַגריפן" (זע ווילדען קאַר, לייבניץ, ז. 139). ער איז גערעכט.

לייבניץ האָט ניט געשאַפן קיין סיסטעם ניט דערפאַר, וואָס ער איז ניט געווען געדאַנקען־רייך און האָט ניט געהאַט קיין אינהאַלט פאַר קיין סיס־טעם, נאָר דערפאַר, וואָס זיין ספּעציאַליטעט איז ניט געווען פילאָזאָפיע. מיט פילאָזאָפיע האָט ער זיך באַשעפטיקט פון צייט צו צייט דורך קורצע אָפּהאַנדלונגען, אָדער אין בריוו צו פריינט. פאַר דעם זיינען מעטאַפיזישע געדאַנקען געווען געגנוג. אָבער אויך אויף דעם אופן האָט ער אַ היפּש ביסל באַאיינפלוסט דעם מענטשלעכן געדאַנק.

וועגן דער דערקענטעניש־לערע, ווי אַ פּראָבלעם פאַר זיך, האָט ער ניט געדענקט. זיין מאנאדאלאָגיע האָט שוין אַנטהאַלטן אין זיך אויך אַ דערקענטעניש־לערע. ווען אָבער לאָק האָט אָנגעשריבן זיין באַוואוסט ווערק וועגן אַן עמפּירישער דערקענטעניש־לערע, האָט עס אים אָנגערעגט און ער האָט אָנגעשריבן אַ גאַר גרויס ווערק וועגן דער דערקענטעניש־לערע. נאָר, ווען ער האָט אויסגעפונען, אז לאָק איז געשטאָרבן, האָט ער זיך אָפּגעזאָגט דאָס דרוקן און מען האָט עס ערשט געפונען 65 יאָר נאָך זיין טויט. ערשט קאַנט האָט זיך מיט דעם באַנוצט. אַזוי אַז דער ענגלישער עמפּיריציזם, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין צווישן־צייט, האָט וועגן דעם ווערק ניט געוואוסט.

זאָל אויפן פּלאַץ באַמערקט ווערן, אַז הגם די קריטישע פילאָזאָפיע איז געשאַפן געוואָרן פון קאַנטן און איז זיינע, האָט ער פונדעסטוועגן אַ סך פונדאַמענטאַלע געדאַנקען גענומען פון לייבניצן...

מיטן ענגלישן עמפּיריציזם טרעט אַריין אַן ענדערונג אין דעם ספּע־קולאַטיוון דענקען. דער שווערפּונקט ווערט איבערגעטראָגן פון דער פראַגע וועגן דעם עצם פון דער רעאַליטעט פון דער וועלט, אויף דער פראַגע פון דעם מענטשלעכן וויסן וועגן דער רעאַליטעט. אויף דער טעכנישער שפּראַך ווערט עס אָנגערופן — דער אָנטאָלאָגישער פּראָבלעם (עקזיסטענץ) ווערט פאַרביטן אויף דעם עפּיסטעמאָלאָגישן (די טעאָריע פון וויסן די עקזיסטענץ).

שפּינאָזע האָט אָנגעהויבן פון די פונדאַמענטאַלע אייגנשאַפטן פון דער טאָטאַליטעט פון דער וועלט (גאָט, סובסטאַנץ). לייבניץ האָט אָנגעהויבן מיט די אייגנשאַפטן פון דעם קלענסטן טייל פון דער רעאַליטעט („מאנאד" ספּיריטועלער אַטאָם); דער עמפּיריקער אָבער הויבט אָן מיטן כאַראַקטער פון דעם מענטשלעכן וויסן: ווי אַזוי דער מענטש ווייסט און אין וואָס עס באַשטייט זיין וויסן.

דער פונדאַמענטאַלער אונטערשייד צווישן די צוויי צוגאַנגען באַשטייט אין דעם, וואָס דער ראַציאָנאַליסט, אָדער אינטעלעקטואַליסט, באַטראַכט די וועלט און דעם מענטשלעכן וויסן וועגן איר פון דעם ריין שכלדיקן שטאַנד־פּונקט; ער נעמט דעם שכל פאַר זיין אויסגאַנגס־פּונקט. דאָס וואָס ס'שטימט

ניט מיט דער רײַנער לאָגיק, דערקלערט ער פאַר פאַלש, פאַר אַ טעות, וואָס די חושים מאַכן. מען קען זאָגן, אַז ער פאָרמירט אַ וועלט וואָס באַשטייט פון אַ לאָגישער קאָנסטרוקציע: דאָס נעמט ער אָן פאַר דער רעאַליטעט; ווען די וועלט פון דערפאַרונג שטימט ניט מיט דער לאָגישער קאָנסטרוקציע, דערקלערט ער זי פאַר פאַלש. ס׳דאַרף מיינען, אַז ער האָט אַ לאָגיש פאַרטיקע וועלט, איז ווען די וועלט פון דערפאַרונג שטימט ניט מיט איר, מאַכן די חושים דעם טעות...

דער עמפּיריקער האָט ניט קיין פאַרטיקע וועלט, ער האָט נאָר פאַקטן, וואָס ער קריגט פון דערפאַרונג. די דאָזיקע פאַקטן אַנאַליזירט ער און פּרואווט צוזאַמענשטעלן די וועלט פון די טיילן. נאַטירלעך, אַז ער זאָגט זיך ניט אָפּ פון דער לאָגיק פון דעם דענקען, ער באַנוצט זי אָבער נאָר כדי אַריינצוברענגען אָרדענונג אין די פאַקטן, און ניט פון איר אַליין בויען אַ וועלט.

דעם ראַציאָנאַליסטס אַרט דענקען איז אַן אַבסטראַקטער, דעם עמפּיריקערס דענקען איז אַ קאָנקרעטער; די ערשטע פאָרמע פון דענקען פירט אָפּט אָפּצולייקענען די רעאַליטעט פון די פאַקטן פון דער דערפאַרונג (זע העגעל און ברעדלי). די צווייטע פאָרמע פון דענקען פירט צו אַ טיפן און ברייטן אַנאַליז פון די פאַקטן: צי אָבער מען פאַרשטייט זיי, אָדער ניט איז, אַלס פאַקטן, בלייבן זיי סיי־ווי־סיי פונדאַמענטאַל. דער עמפּיריקער נעמט אָן, אַז קיין אַנדער וויסן, אויסער דעם וואָס מען קריגט דורך די חושים פון דער דערפאַרונג, האָט מען ניט פון דער וועלט. דער אינטעלעקט קען אַריינפירן אָרדענונג אין דעם וויסן; ער זעלבסט האָט ניט קיין אייגענעם וויסן פון דער וועלט: ער האָט ניט פון וואַנען אים צו קריגן. דאָס איז פאַר דעם עמפּיריקער פונדאַמענטאַל.

ס׳איז געווען צו דערוואַרטן, אַז דער עמפּירישער צוגאַנג צום דענקען וועגן דער וועלט זאָל זיך אָנהויבן אין ענגלאַנד, וואו די עמפּירישע טראַדיציע איז געווען אַן אַלטע. שוין ראָדזשער בעקען האָט נאָך אינעם 13טן יאָרהונדערט פּראָטעסטירט קעגן דעם נוצלאָזן אַבסטראַקטן פּילפּול און האָט זיך באַשעפטיקט מיט עקספּערימענטן. ליידער איז ער געקומען פאַר דער צייט, האָט ער טייער באַצאָלט פאַר דעם „חטא״. פראַנסעס בעקען האָט געהאַט מער מזל פון אים, ער איז געקומען מיט 300 יאָר שפּעטער, זיינען זיינע געדאַנקען ניט פאַרלוירן געגאַנגען: ער ווערט אָפט פאַררעכנט פאַרן פאָטער פון דעם עמפּירישן מעטאָד פון דענקען. פאַקטיש איז עס ניט ריכטיק: ווען מען זאָל דעם כבוד ניט געבן צו ראָדזשער בעקען, באַלאַנגט ער צו גאַלילייען, דעם פאָטער פון דער עמפּירישער און עקספּערימענטאַלער וויסנשאַפט.

פאַר אַלגעמיינע צוועקן און אין אַלגעמיינע אַרבעטן הויבט מען דעם ענגלישן עמפּיריציזם אין דער פילאָזאָפיע אָן מיט זשאָן לאָקן. געוויס איז ער ניט געווען דער ערשטער עמפּירישער דענקער אין ענגלאַנד; די בעקענס און ט. האָבס זיינען געווען פאַר אים און אין אויספירלעכע אַרבעטן קען מען זיי ניט איגנאָרירן. אָבער פאַר אַלגעמיינע צוועקן און, ספּעציעל, ווען עס האַנדלט זיך וועגן דער דערקענטעניש־לערע, מעג מען אָנהויבן פון לאָקן.

זשאָן לאָק איז געבוירן געוואָרן אין דעם זעלבן יאָר וואָס שפּינאָזע איז

געבוירן געוואָרן, אין 1632; דער פּעריאָד פון זיין שאַפונג איז געווען אַ שפּעטערער פון שפּינאָזעס, איר ווירקונג אָבער איז געווען אַ פיל פריערע. ער איז געווען אַ חבר מיט ניוטאָנען, ראָבערט בויעלן און דר. זיידענהיימען; וואָס עס מיינט, אַז ער האָט געאָטעמט מיטן גייסט פון דער אַנטוויקלענדער וויסנשאַפט, איז געווען נאַטירלעך, אַז דער עמפּירישער מעטאָד זאָל צו אים אַפּעלירן, ספּעציעל נאָך ווען לויט זיין ספּעציאַליטעט איז ער געווען אַ מעדי־צינער, וואָס איז געווען באַקאַנט מיטן מאַרך, האָט ער ניט געזען ווי אַזוי אין אַ נאָר וואָס געבוירענעם קינדס מאַרך קענען זיך געפינען „איינגעבוירענע אידייעס"...

דער געדאַנק פון „איינגעבוירענע אידייעס" האָט זיין אָנהויב אין פּלאַ־טאָנס אידייען־לערע; ער איז פון אַריסטאָטעלן פאַרשטופּט געוואָרן אין הינטערגרונט און זיין „פאָרמע" האָט פאַרנומען דעם פּלאַץ. ווען דעקאַרט האָט זיך אָפּגעזאָגט פון אַריסטאָטעלן, האָט ער אומדירעקט זיך צוריקגעקערט צו פּלאַטאָנען (זע די איינגעבוירענע אידייע וועגן דער עקזיסטענץ פון גאָט און פון די געזעצן פון אַ דרייעק). שפּינאָזע איז נאָך אַוועק ווייטער פון דעקאַרטן אין דער ליניע פון „איינגעבוירענע אידייעס", ער האָט זיי גענומען פאַר זיין אַלגעמיינעם אויסגאַנגס־פּונקט פון דער דערקענטעניש־לערע. זיי זיינען געוואָרן דער פונדאַמענט פון דער ראַציאָנאַליסטישער דערקענטעניש־לערע אין אַלגעמיין.

לאָק איז צו דער פראַגע וועגן „איינגעבוירענע אידייעס" צוגעגאַנגען אויף אַ פּשוטן און איינפאַכן אופן; און, מערקווירדיק, אַזוי ווי ער האָט זיך נאָר צוגערירט צו זיי, זיינען זיי צעפאַלן ווי אַ קאָרטן־שטיבל... ער זאָגט: ווען „אידייעס" זאָלן זיין „איינגעבוירענע", וואָלטן קינדער געדאַרפט זיי מיט זיך ברענגען, ווי אַ ירושה־איינגעשאַפט און וואָלטן זיי ניט געדאַרפט לערנען. די אידייע פון גאָט, צום ביישפּיל, אָדער מאָראַלע באַגריפן, וואָלטן געדאַרפט זיין איינגעבוירענע און מען זאָל וועגן זיי וויסן ניט געלערנטערהייט. פאַק־טיש אָבער ברענגען קיין קינדער מיט זיך ניט קיינע אידייעס, זיי מוזן זיי לערנען פון דערפאַרונג. ניט נאָר האָבן קיין קינדער ניט קיין אידייעס, נאָר אויך פּרימיטיווע פעלקער האָבן זיי ניט. און נאָך מער, ניט נאָר באַזיצן זיי ניט אַזעלכע אידייעס, זיי קענען אָפט אפילו זיי ניט אויסלערנען צו פאַר־שטיין. איז עס ניט אַ ווידערשפּרוך, אַז מען זאָל זיך ניט קענען אויסלערנען צו פאַרשטיין אַזוינע אידייעס, וואָס דאַרפן קומען פאַרטיקע און זיין איינגעבוירענע? זיין שלוס איז, אַז עס איז ניטאָ אַזאַ זאַך ווי איינגעבוירענע אידייעס: אי־דייעס זיינען אַ רעזולטאַט פון אַ דערפאַרונג...

לאָק האָט געגעבן אַ טויט־קלאַפּ דעם געדאַנק פון „איינגעבוירענע אי־דייעס"; דער קלאַפּ איז געווען אַזוי שטאַרק, אַז איצט איז אין אַן אַלגעמיינער אויסגאַבע פון לאָקס ביכער, לאַוט דער רעדאַקטאָר, קאַלקינס, דעם טייל איינגעאַנצן אויס און מאַכט אַ באַמערקונג: „עס איז אַ טויטע פראַגע, וואָס האָט ניט קיין פּלאַץ אין אַ מאָדערנעם בוך". אמת, לייבניץ, האָט מיט זיין ענטפער צו לאָקן, געגעבן דעם פּראָבלעם אַ נייע ריכטונג; דאָס באַלאַנגט אָבער צו אַ שפּעטערדיקן פּעריאָד און קען איצט ניט באַהאַנדלט ווערן.

לאָקס קריטישער טייל איז פונעם היסטאָרישן שטאַנדפּונקט געווען אוי־סערגעוויינטלעך וויכטיק, ער האָט געמאַכט מעגלעך דעם קאָנסטרוקטיוון

טייל. אזוי לאַנג ווי ס'האָט געהערשט די מיינונג, אַז מען ברענגט מיט זיך פאַרטיקע איינגעבוירענע אידייעס, האָט מען ניט געקענט פאָרשן דעם פּראָצעס פון וויסן עמפּיריש; מען האָט פּשוט ניט געהאַט קיין פּראָצעס פאַר פאָרשונג: דאָס וואָס ס'קומט פאַרטיקערהייט, דאַרף מען ניט שטודירן ווי אַ פאַרמירונגס־פּראָצעס.

פאַרן איצטיקן איבערבליק איז אָבער דער קאָנסטרוקטיווער טייל אַ סך וויכטיקער, ווי דער קריטישער, וועלכער האָט פאַרלוירן זיין היסטאָרישע באַדייטונג. דער קאָנסטרוקטיווער טייל באַשטייט פון א פּערמאַנענטן בייטראַג צו דער דערקענטניש לערע. לאָק נעמט אויף זיך די אויפגאַבע צו „אונטער־זוכן די אנטשטייאונג, גרענעצן און זיכערקייט פונעם מענטשלעכן וויסן". ער נעמט זיך 1) אויסצופאָרשן די אידייעס, אָנזיכטן, אָדער ווי אזוי מ'זאָל ניט אָנ־רופן דאָס, וואָס דער מענטש באַאָבאַכטעט און ווייסט וועגן דעם אין זיין פאַרשטאַנד, אַזוי גוט ווי די וועגן דורך וועלכע דער פאַרשטאַנד דערגרייכט דאָס אַלץ. און 2) צו באַווייזן וואָס פאַר אַ וויסן דער פאַרשטאַנד האָט פון די אידייעס: די זיכערע באַווייזן און זייערע גרענעצן" (זע עסיי קאָנסוירנינג יומען אָנדערסטענדינג, אַריינפיר).

זיין אויפגאַבע איז אַ טאָפּלטע: 1) אויסצופאָרשן ווי אַזוי מען קריגט דעם וויסן און פון וואָס ער באַשטייט און 2) באַצייכענען די גרענעצן פון וויסן און באַווייזן אַז דער וויסן איז אַן אַבסאָלוטער אמתער, אז מען נאַרט זיך ניט אָפּ.

אום אַרויסצוברענגען דאָס, וואָס ער זוכט, נעמט ער אַ נאָר וואָס געבוירן קינד און פאָרשט ווי אַזוי די דערפאַרונג פון דער וועלט אַנטוויקלט זיך אין דעם. דאָס ווערט אָנגערופן דער מעטאָד פון גענעטישער פּסיכאָ־לאָגיע; אין זיין צייט איז עס געווען אַ גאַנץ נייער צוגאַנג צו דעם דער־קענטעניש־פּראָבלעם. די נייקייט פונעם צוגאַנג איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס ניט דער אָביעקט פון וויסן, די וועלט ווי אַן עקזיסטענץ פאַר זיך האָט אים הויפּטזעכטלעך אינטערעסירט, נאָר דער אינהאַלט פונעם פאַרשטאַנד און די פאַרהעלטעניש וואָס דער אינהאַלט האָט צו דעם וואָס מען ווייסט, צו דעם אָביעקט פון וויסן: — זאַכן אין דער וועלט.

דאָס איז דער אָנהויב פון אַ רעאַליסטישער דערקענטניש־לערע, לאָק האָט דעם אָנהויב געמאַכט. ער זאָגט: „ווען אונדזערע חושים קומען אין באַרי־רונג מיט פאַרשיידענע באַמערקבאַרע זאַכן, טראָגן זיי צום פאַרשטאַנד די פּערצעפּציעס פון די זאַכן לויט ווי די זאַכן ווירקן אויף זיי. אויף דעם אופן קומען מיר צו די אידייעס וואָס מיר האָבן, ווי, צום ביישפּיל, געל, ווייס, הייס, קאַלט, האַרט, ביטער און אַלע אידייעס וואָס מיר רופן אָן עמפּינדלעכע קוואַליטעטן, וועלכע ווען איך זאָג אַז די חושים גיבן איבער צום פאַרשטאַנד, מיין איך, אַז זיי נעמען פון די אויסערלעכע זאַכן און גיבן איבער צום פאַר־שטאַנד דאָס, וואָס ברענגט דאָרט אַרויס פּערצעפּציעס. דעם גרויסן קוואַל פון דער גרויסער מערהייט פון אונדזערע אידייעס, וואָס זיינען אינגאַנצן אָפּהענגיק פון די חושים, פון וועלכע דער פאַרשטאַנד קריגט זיי, רוף איך אָן סענסאַציעס" (זע עסיי... ז. 26).

דאָס איז עד היום הזה דער אלף־בית פון אַ רעאַליסטישער דערקענ־טעניש־טעאָריע. דערוויל דאַרף אָבער זיין שטאַנדפּונקט מער דערקלערט

ווערן. סענסאַציעס רופט ער אָן די דירעקטע אָנרעגונג פון די אייגנשאַפטן פון זאַכן אויף די חושים און פּערצעפּציעס רופט ער אָן דעם געלויטערטן באַגריף אינעם פאַרשטאַנד פון דער זעלבער אָנרעגונג (סטימול) און אידייעס רופט ער אָן דעם אַבסטראַקטן באַגריף פון די זעלבע אייגנשאַפטן פון די זאַכן (קוואַליטעטן פון זאַכן).

דער „גרויסער קוואַל" פונעם מענטשלעכן וויסן, ווי אידייעס אינעם פאַרשטאַנד, באַגריפן פון אייגנשאַפטן פון זאַכן, ווי קאַלירן א. אַז. וו. זיינען, לויט לאָקן, אַ רעזולטאַט פון סטימולירונגען וואָס מען קריגט פון זאַכן פון דער אויסערלעכער וועלט. אַ קאָנקרעטער ביישפּיל וועט דערקלערן זיין מיין: מען דערזעט אַ זאַך, וואָס האָט אַ ווייסן קאָליר; רופט לאָק דעם דירעקטן סטימול פונעם קאָליר אויפן אויג אָן „סענסאַציע" און דעם באַוואוסטזיניק ווערן וועגן דעם קאָליר רופט ער אָן „פּערצעפּציע". דער באַגריף ווייס איז עס די אידייע, וואָס מען קריגט פון דערפאַרונג. דער אָנהויב איז דערפון, וואָס מען באַקאַנט זיך מיט זאַכן, וואָס זיינען פון ווייסן קאָליר, איז פון זיי קריגט מען די אידייע, וואָס ווערט פאַרשטאַנען אונטערן וואָרט ווייס. נאַטירלעך, אַז די עמפּינדלעכע קוואַליטעט איז די אייגנשאַפט פון דער זאַך גופא; ווי די ווייסקייט פון שניי באַלאַנגט צום שניי, צום ביישפּיל (דערווייל ווערט נאָך די פראַגע וועגן פּרימערע און סעקונדאַרע קוואַליטעטן אויסגעלאָזט. דאָס איז אַן ענין פאַר זיך).

מען קען לייכט זען, אַז מען קען קוקן אויף די אייגנשאַפטן פון זאַכן פון צוויי ווינקלען: מען קען אויף זיי קוקן ווי אויף די אייגנשאַפטן פון די זאַכן צו וועלכע זיי באַלאַנגען; מען קען אָבער אויף זיי אויך קוקן, ווי אויף די באַגריפן וועגן זיי, וואָס אָנשטייען אינעם פאַרשטאַנד. לאָק זאָגט: „וואָס דער פאַרשטאַנד נעמט אויף... דענקט און פאַרשטייט רוף איך אָן אידייע און די קראַפט, וואָס רופט אַרויס די אידייע אינעם פאַרשטאַנד — רוף איך אָן די „קוואַליטעט" פון דער זאַך אין וועלכער די קראַפט געפינט זיך. אַזוי, אַז דער שניי באַזיצט די קראַפט אַרויסצורופן אין אונדז די אידייעס ווייס, קאַלט א. אַז. וו. די קראַפט וואָס רופט אין אונדז ארויס די זעלבע אידייעס, ווי די אייגנשאַפטן זיינען אינעם שניי, רוף איך אָן די קוואַליטעטן. פון זיי באַשטייען די סענסאַציעס, אָדער פּערצעפּציעס, וואָס ווען זיי זיינען אינעם פאַרשטאַנד רוף איך אָן אידייעס" (דאָרט, 52-53).

דער אויסצוג אָנטהאַלט דעם דואַליזם, וואָס לאָק האָט אַריינגעפירט אין דער דערקענטעניש-לערע, דער, אַזוי אָנגערופענער, עפּיסטאַמאָלאָגישער דואַליזם; וואָס באַשטייט אין דעם, וואָס עס ווערט אָנגענומען, אַז זאַכן האָבן זייער עקזיסטענץ פאַר זיך אין דער אויסערלעכער וועלט און אַז דעם מענטשנס וויסן וועגן זיי באַשטייט פון אידייעס וואָס געפינען זיך אין זיין איי־גענעם פאַרשטאַנד. די זאַכן עקזיסטירן פאַר זיך און די אידייעס (באַגריפן) פאַר זיך אינעם פאַרשטאַנד. דאָס איז דואַליזם; וועגן דעם קען קיין פראַגע ניט זיין. עס מיינט, אַז ווען מען קומט אין באַרירונג מיט אַ זאַך, וואָס די זאַך זאָל ניט זיין, געפינט זיך דאָרט, וואו מען זעט זי און זי אָנטהאַלט אין זיך אירע קוואַליטאַטיווע אייגנשאַפטן; זיי זיינען אירע און באַלאַנגען צו איר. דער מענטש אָבער, וואָס זעט די באַשטימטע זאַך, קריגט פון איר אַן אידייע, אָדער אידייעס אין זיין פאַרשטאַנד (אַ קאָפּיע), וואָס ווערט אַרויסגעבראַכט

דורך די סטימולירונגען פון אירע אייגנשאַפטן אויף זיינע חושים. ער ווערט אינפאָרמירט פון זיין אייגענער אידייע (קאָפּיע פון די אייגנשאַפטן פון דער זאַך), וואָס געפינט זיך אין זיין פאַרשטאַנד. די דערקלערונג פונעם דערקענ־טעניש־פּראָצעס ווערט אַנגערופן די קאָפּיע טעאָריע פון וויסן: מען ווייסט די קאָפּיע פון דער פּרעזענטירנדער זאַך, אָבער ניט די זאַך דירעקט.

לאָקס אויסגאַנגס־פּונקט איז אַ רעאַליסטישער, ער נעמט אָן די עק־זיסטענץ פון דער וועלט פאַר דער רעאַליטעט פון וועלכער דער וויסן איז דער רעזולטאַט. דער וויסן אָבער (קאָגנאַציע) אנטשטייט אינעם פאַרשטאַנד אינערלעך אינעם מאַרך און באַשטייט פון אידייעס, וואָס זיינען קאָפּיעס פון די פּרעזענטירנדע זאַכן.

דאָס ביז איצט געזאָגטע איז ניט מער ווי דער ערשטער טראָט אין זיין דערקענטעניש־לערע, עס דערקלערט בלויז די פונדאַמענטאַלסטע אידייעס, וואָס אַנטשטייען אין פאַרשטאַנד פון די איינפאַכסטע איינדרוקן, וואָס קומען פון דער אויסערער וועלט. לאָק בלייבט ניט שטיין דערביי, ער האָט אָנגע־שריבן אַ דיקן בוך אין וועלכן ער דערקלערט ווי אַזוי איינפאַכע אידייעס ווערן סינטעזירט און פאַרמירן קאָמפּליצירטע אידייעס. אזוינע אידייעס ווי דער וויסן פון אויסערלעכע איינדרוקן און אינערלעכע רעפלעקציעס (אָן אויסערלע־כער און אינערלעכער „געפיל"). ער באַהאַנדלט די פראַגע וועגן פּרימערע און סעקונדאַרע קוואַליטעטן, וואָס ציט זיך נאָך פון גאַליליי און דעקאַרטן; די ווירקונג פון שפּראַך אין דער אינטעגראַציע פון וויסן א. אז. וו., א. אז. וו. דאָס אויבן געזאָגטע איז אָבער דער צענטראַלער געדאַנק פון זיין דערקענטעניש־לערע; דאָס איבעריקע, הגם עס איז וויכטיק, איז אַ דערגאַנצונג פון דעם צענטראַלן געדאַנק. זיין טעאָריע פון וויסן ווערט דאָ נאָר געגעבן אין דער איינפאַכסטער פאָרמע, אַזוי, אַז די אַלע וויכטיקע פּונקטן מוזן אויסגעלאָזט ווערן, כדי ניט אריינצובריינגען אומנויטיקע קאָמפּליקאַציעס. איבעריקנס, וועט די דערקענטעניש־לערע, וואָס וועט שפּעטער פאַרטיידיקט ווערן, אַנט־האַלטן די זעלבע פּונקטן אין אַ געלייטערטער פאָרמע, איז איצט ניט נויטיק זיך אָפּצושטעלן אויף זיי.

דער סך־הכל פון דער ערשטער אויבן־געשטעלטער פראַגע: פון וואַנען מען קריגט דעם וויסן און אין וואָס ער באַשטייט איז די היסטאָריש־באַ־וואוסטע פראַזע, אַז „קיין זאַך איז ניטאָ אינעם אינטעלעקט וואָס איז פריער ניט געווען אין די חושים" (ניהיל עסט אין אינטעלעקטו קוואָד נאָן אנטעאַ פאַע־ריט אין סענסאַ). וואָס עס מיינט, אַז דער וויסן קומט פון דערפאַרונג. און אַז ער באַשטייט פון אידייעס אינעם פאַרשטאַנד, (אונטערן וואָרט אידייעס ווערט פאַרשטאַנען יעדער באַוואוסטזיניקער געדאַנק, אָדער געפיל אין וואָס ער זאָל ניט באַשטיין און ווי אַזוי ער זאָל ניט אַרויסגערופן ווערן).

איצט די צווייטע פראַגע: ווי ווייט גרייכט דער מענטשלעכער וויסן און די באַווייזן אַז מען האָט אמתן וויסן? די פראַגע, ווי די ערשטע, באַ־שטייט פון צוויי טיילן, וועלן זיי באַזונדער באַהאַנדלט ווערן. אויף דעם ערשטן טייל ענטפערט ער, אַז „אַזוי ווי אונדזער פאַרשטאַנד, אין זיין גאַנצן דענ־קען און אורטיילן האָט ניט קיין אַנדער דירעקטן אָביעקט, ווי נאָר זיינע אייגענע אידייעס, וואָס בלויז זיי אליין קען ער באַטראַכטן, איז קלאָר, אַז אונדזער וויסן האָט נאָר דערפאַרונג (באַקאַנט) וועגן זיי" (עסיי, ז. 267);

עס הייסט, אַז מען האָט ניט קיין אַנדער וויסן, ווי דעם וויסן פון די אידייעס אינעם פאַרשטאַנד. ער זאָגט: „עס איז קלאָר, אַז דער פאַרשטאַנד ווייסט ניט קיין זאַך דירעקט, נאָר דורך דער פאַרמיטלונג פון אידייעס, וואָס ער האָט וועגן זיי" (300).

פּשוט מיינט עס, אַז דער פאַרשטאַנד גרייכט ניט ווייטער פון די „קאָפּיעס" (אידייעס), וואָס ער אנטהאלט אין זיך; די קאָפּיעס זיינען זיינע אידייעס פון די זאַכן, וואָס געפינען זיך אויסער אים, ער אָבער ווייסט ניט וועגן די זאַכן, נאָר בלויז וועגן די קאָפּיעס (אידייעס) פון זיי; ער ווייסט זיינע אייגענע אידייעס און ניט מער. אויך דעם פּונקט דערקלערט ער; די דערקלערונג איז אָבער ניט מער ווי א צוגאָב צום צענטראַלן געדאַנק, וועט זי אויסגעלאָזט ווערן און דער צווייטער טייל פון דער פראַגע, די באַווייזן פאַרן אמת פונעם וויסן וועלן באַהאַנדלט ווערן. די פראַגע איז וועגן דעם וויסן פון דער רעאַליטעט פון זאַכן, אָדער דעם וויסן פון „זיין", דעם וויסן פון עקזיסטירנדע זאַכן און ניט בלויז די אידייעס וועגן זיי.

ער דערקלערט דעם וויסן: 1) פון דער אייגענער עקזיסטענץ, 2) דעם וויסן פון גאָט און 3) דעם וויסן פון דער וועלט. דעם וויסן פון דער אייגענער עקזיסטענץ רופט ער אַן אינטואיטיווער וויסן. ער זאָגט: „מיר באַנעמען אים אַזוי פּשוט און זיכער, אַז ניט ער נויטיקט זיך אין באַווייזן און ניט ער קען באַוויזן ווערן. קיין זאַך איז פאַר אונדז ניט אזוי פּאָזיטיוו, ווי אונדזער אייגענע עקזיסטענץ. איך דענק, איך פיל, איך אורטייל... קען עפּעס זיין מער באַווייזבאַר פון דעם פאַקט פון מיין אייגענער עקזיסטענץ; דאָס איז דער זעלבער באַוויז וואָס דעקאַרט נוצט אין דער פאָרמע פון „צווייפל" (דענקען).

2) די גאַנצע פראַגע וועגן דער עקזיסטענץ פון גאָט וואָלט דאָ אויסגעלאָזט געוואָרן, זי באַלאַנגט צו זיין צייט. ווען זי ווערט דערמאָנט, איז עס כדי אָנצוצייגן, אז ער צעגייט זיך מיט דעקאַרטן וועגן דער איינגעבוירענער אידייע וועגן דער עקזיסטענץ פון גאָט. ער זאָגט: „גאָט האָט אונדז ניט געגעבן קיין איינגעבוירענע אידייע וועגן זיין עקזיסטענץ; ער האָט ניט איינגעקריצט קיין אָריגינעלע אייגנשאַפטן אין אונדזער פאַרשטאַנד לויט וועלכע מיר זאָלן קענען וויסן זיין עקזיסטענץ" (דאָרט ז. 315). דאָס איז געזאָגט קלאָר און דייטלעך...

3) וואָס עס איז וויכטיק, איז דער באַוויז פאַר דער עקזיסטענץ פון דער וועלט; ווייל לויט זיין דערקענטעניש־לערע ווייסט מען דירעקט ניט קיין אַנדער זאַך, ווי בלויז די אידייעס (באַגריפן), וואָס געפינען זיך אינעם פאַרשטאַנד. דער פּונקט איז וויכטיק דערפאַר, וואָס אַרום אים דרייט זיך דער שטרייט פון זיין צייט אָן ביזן היינטיקן טאָג.

די הויפּט אויסזעצונג, וואָס מען האָט קעגן די פּאַרטיידיקער פונעם רעפּרעזענטאַטיוון רעאַליזם (לאָקס שטאַנדפּונקט) איז וואָס מען זאָגט, אַז אַזוי גיך ווי מען נעמט אָן, אַז די קאָגנאַציע, דער וויסן פון זאַכן באַשטייט פון וויסן „אידייעס", וואָס געפינען זיך אין דעם אייגענעם פאַרשטאַנד, איז ווי אזוי קען מען וויסן וועגן עפּעס אנדערש, אויסער די אייגענע „אידייעס". דערוויל זאָל לאָק ענטפערן. ער זאָגט: „וויסן וועגן דער עקזיסטענץ פון אַנדערע זאַכן קענען מיר נאָר דורך סענ־

סאַציעס, ווייל עס איז ניטאָ קיין נויטווענדיקע פאַרבינדונג צווישן דער רעאַלער עקזיסטענץ און די אידייעס, וואָס מען האָט פון זכרון... קיין מענטש קען ניט וויסן די עקזיסטענץ פון א זאַך, אויסער דעמאָלט ווען זי ווירקט דירעקט אויף אים. אַן אידייע אין אונדזער פאַרשטאַנד פון אַ זאַך איז ניט קיין באַוויז פאַר איר עקזיסטענץ; אזוי ווי אַ בילד פון א מענטשן איז ניט קיין באַוויז, אַז אַזאַ מענטש עקזיסטירט אויף דער וועלט, אָדער ווי אַ חלום זאָל אָנגענומען ווערן פאַר אַ ווירקלעכקייט. נאָר די אַקטועלע פערצעפּציע פון אַן אידייע, וואָס קומט פון דער אויסערער וועלט, לאָזט אונדז וויסן וועגן דער עקזיסטענץ פון זאַכן און אינפאָרמירט אונדז וועגן די זאַכן, וואָס עקזיסטירן אויסער אונדז און וואָס פאַראורזאַכן די אידייעס אין אונדז. הגם עס איז מעגלעך, אַז ניט מיר ווייסן און ניט מיר דענקען נאָך ווי דאָס קומט פאָר. עס נעמט ניט אוועק די זיכערקייט פון אונדזערע חושים און די אידייעס, וואָס מיר קריגן דורך זיי, ווען מיר ווייסן ניט דעם אופן ווי אַזוי איינדרוקן ווערן אַרויסגעבראַכט. ווען איך שרייב, ווערן מיינע אויגן באַ־ווירקט פונעם פּאַפּיר און אַן אידייע ווערט אַרויסגעבראַכט אין מיין פאַר־שטאַנד וואָס איך רוף אָן „ווייס״: איך ווייס אַז די קוואַליטעט, אָדער אַקצי־דענט (וואָס דערשיינט פאַר מיינע אויגן און פאַראורזאַכט די אידייע) עק־זיסטירט אויסער מיר. וועגן דעם איז די גרעסטע זיכערקייט, וואָס איך קען האָבן און וואָס מיינע פייאיקייטן קענען באַנעמען, איז דער עדות זאָגן פון מיינע אייגענע אויגן, זיי זיינען דער פּאַסנדער ריכטער וועגן דעם.

אויף זייער עדות־זאָגן האָב איך אַ גרונט זיך צו פאַרלאָזן און קען אויף אַזויפיל זיכער זיין, אַז איך זאָל מער ניט צווייפלען. שרייבנדיק דאָס, זע איך ווייסעס און שוואַרצעס, דאָס איז אַ זאַך וואָס עקזיסטירט און רופט אַרויס די סענסאַציע אין מיר. איך בין אין דעם אַזוי זיכער, ווי איך בין זיכער אין דער באַוועגונג פון מיין האַנט... כ׳דענק, אַז קיינער קען ניט זיין ערנסט, ווען ער איז סקעפּטיש און ניט זיכער אין דער עקזיסטענץ פון זאַכן וואָס ער זעט און פילט״ (עסיי, זז. 330־332). דער דאָזיקער אויסצוג איז, אַלס באַוויז פאַר דער עקזיסטענץ פון זאַכן, אַזוי איבערצייגנד איצט, ווי ער איז געווען מיט צוויי הונדערט און פופציק יאָר צוריק, ווען ער איז געשריבן געוואָרן פון לאָקן. ער איז פולשטענדיק געגונגנד אָן וועלכן ס׳איז צוגאָב. לאָקס צרה איז אָבער געווען זיין קאַפּיטל־טעאָריע פון וויסן, אַז מען ווייסט ניט קיין אַנדער זאַך, אויסער די „קאָפּיעס״ (אידייעס), וואָס געפינען זיך אינעם אייגענעם פאַרשטאַנד. דורך זיין טעאָריע פון וויסן האָט ער זיך פאַרצוימט דעם וועג צו קענען דעמאָנסטרירן דעם אמת פון זיין ריכטיקן אויסגאַנגס־פונקט. ער האָט עס געוואוסט, ער האָט אָבער ניט געוואוסט ווי אזוי אויסצו־מיידן די שוועריקייט. ער זאָגט: „דערפאַר איז אונזער וויסן אויף אַזויפיל ריכטיק, אויף וויפיל ס׳איז פאַראַן אַן אינערלעכע שייכות צווישן די אידייעס און דער רעאַליטעט פון זאַכן. וואָס זאָל אָבער זיין אונדזער פּרוביר־שטיין? ווי אזוי זאָל דער פאַרשטאַנד וויסן, צי די אידייעס שטימען מיט די זאַכן, ווען ער נעמט נאָר אויף זיינע אייגענע אידייעס (די קאָפּיעס)? דאָס אנטהאלט א היפּש ביסל שוועריקייטן. מיר שיינט אבער, אַז ס׳זיינען פאראַן צוויי סאָרטן אידייעס, וואָס מיר זיינען זיכער, אַז זיי שטימען מיט די זאַכן״ (300).

ווי אזוי „אידייעס" אנטשטייען אין פארשטאַנד איז פריער דערקעלרט געוואָרן: זייער זיכערקייט באשטייט אין דעם, וואָס אזוי ווי דער פאַרשטאַנד האָט ניט קיין אייגענעם מוז עפּעס עקזיסטירן אויסער אים וואָס, סטימולירנ־דיק אים, רופט עס ארויס „אידייעס" אין אים. איז דער באַווייז געוויס א ריכטיקער, אָבער — ניט דעמאָלט, ווען מען נעמט אָן די „קאָפּיע"־טעאָריע פון וויסן... לויט וועלכער מען פאַרצוימט זיך דעם וועג צו דער וועלט...

מען דאַרף אָבער אין זינען האָבן, אַז אין זיין צייט האָט ער געוויס קיין אַנדער רעאַליסטישע דערקענטעניש־לערע ניט געקענט אַרויסברענגען, ווען אויך איצט איז פאַראַן אַזאַ טיפער דענקער ווי לאַוודזשאַ, וועלכער באַהויפּטעט, אַז פון דעם רעאַליסטישן שטאַנדפּונקט קען מען ווייטער פון לאָקן ניט גיין (זע די רעוואָלט אַגעינסט דואַליזם). מיט לאַוודזשאַ מיינונגען דאַרף מען זיך רעכענען אפילו דעמאָלט, ווען מען קען זיי ניט טיילן... אַזוי, אַז צו לאָקן קען מען ניט האָבן קיין טענות... מיינונגען האָבן זיך געביטן, וועלט־אַנשויאונגען האָבן זיך געענדערט, די דערקענטעניש־טעאָריע איז שוין געבליבן צענטראַל אין דער פילאָזאָפיע. דאָס איז לאָקס פאַרדינסט.

מען קען אָננעמען, אַז לייבניץ איז געווען א טיפערער דענקער פון לאָקן. מען קען צוגעבן, אַז שפּינאָזע איז געווען א פיל מער אויסגעהאַלטענער סיסטעמאַטיקער פון אים. דאָס קען זיך זיין אמת. מען דאַרף אָבער גע־דענקען, אַז ער איז געווען דער פּיאָנער אויף דעם געביט פון אַ רעאַליס־טישער דערקענטעניש־לערע און אַזוי ווי ער איז געווען אַן עמפּיריקער, האָט ער ווייטער, ווי ער איז געגאַנגען, ניט געקענט גיין: געוויס קען מען פליען אין די הימלען פון אַן אידעאַליסטישער אַבסטראַקציע, מען מוז אָבער גיין האַרט ביי דער ערד, ווען מען באַשעפטיקט זיך מיט די פאַקטן פון דער קאָנקרעטער רעאַליטעט פון דער וועלט. מיט פאַקטן קען מען ניט פאַנטאַזירן, מען קען זיך אפילו מיט זיי ניט פּילפּולן לויט דער פאָרמעלער לאָגיק; מען מוז זיי נעמען, לויט ווי זיי פּרעזענטירן זיך און זיי דערקלערן אין איינקלאַנג מיט דעם וויסן פון דער צייט. דאָס האָט לאָק געטאָן.

לאָקס פאַרדינסט באַשטייט אין ארויסברענגען די דערקענטעניש־טעאָ־ריע אין פאָדערגרונט און אין דעם אָנווייזן אויף אַ רעאַליסטישן צוגאַנג צו דער וועלט: וואָס מען ווייסט באַשטייט טאַקע פון „קאָפּיעס" (די אייגענע באַגריפן וואָס געפינען זיך אינעם פאַרשטאַנד), זיי זיינען אָבער „קאָפּיעס" פון זאַכן וואָס געפינען זיך אויסער דעם מענטשן. ס'מיינט, אַז די וועלט פון זאַכן עקזיסטירט פאַר זיך און דער וויסן (קאָגנאַציע) פון די „קאָפּיעס" (אידייעס, אדער באַגריפן אינעם פאַרשטאַנד) פאַר זיך. דעם דאָזיקן דואַליזם האָט לאָק אייגנטלעך ניט געשאַפן, ער האָט אים געקראָגן אַ פאַר־טיקן פון דעקאַרטן; אַ דאַנק אָבער דעם וואָס ער האָט אים דערקלערט אויף אַ נאַטירלעכן אופן און האָט גענוצט דאָס וואָרט „קאָפּיע" פאַרן איב־האָלט אינעם פאַרשטאַנד, אַנרופנדיק די „קאָפּיע" מיטן ניט קלאָרן און ניט פּינקטלעכן טערמין „אידייע", ווען פאַקטיש האָט ער געמיינט דעם פּסיכאָ־לאָגישן באַגריף אינעם פאַרשטאַנד (קאָנצעפּציע) וואָס מען קריגט פון דער עמפּינדלעכער דערפאַרונג (איינדרוקן דורך די חושים), האָט דאָס אַלץ בווירקלין געפירט צום סוביעקטיוון אידעאַליזם.

בוירקלי איז צו דער פילאָזאָפיע געקומען פון דער רעליגיע, זיין הויפּט־אינטערעס איז געווען טעאָלאָגיע און ניט פילאָזאָפיע (ביי פּראָפעסיע איז ער געווען אַ מיסיאָנער). ער האָט זיך פאַר לאָקס רעאַליסטישער דער־קלערונג דערשראָקן דערפאַר, וואָס זי האָט געקענט פירן צו מאַטעריאַליזם און ספּעציעל צו אַטעאיזם... האָט ער זיך גענומען באַקעמפן פילאָזאָפיש דעם מאַטעריאַליזם און אַזוי אַרום באַקעמפן דעם אַטעאיזם און דעמאָנסטרירן די עקזיסטענץ פון גאָט.

מיט דער באַמערקונג ווערט ניט געמיינט צו מאַכן דעם איינדרוק אַז ער איז ניט געווען קיין ערנסטער און טיפער דענקער, פאַקטיש איז ער געווען ביידע זאַכן, אי ערנסט אי טיף; ער איז אָבער פאַרט געווען אַ טעאָלאָג, וואָס האָט געוואָלט באַקרעפטיקן גאָטס הערשאַפט אויף דער ערד, האָט ער אין דער היץ פון דער פּראָפּאַגאַנדע ניט געזען אַז פאַקטיש איז זיין אַרגומענטאַציע געווען באַזירט אויף אַ צווייִדייטיקייט פונעם טערמין אידייע, וואָס קען מיי־נען באַגריף (לאָק) און קען אויך מיינען עקזיסטענץ פאַר זיך (פּלאַטאָנס אידייעס).

לאָק האָט געזאָגט, אַז דאָס וואָס מען ווייסט באַשטייט פון אידייעס („קאָ־פּיעס" אינעם פאַרשטאַנד, וואָס ס'מיינט באַגריפן), האָט בוירקלי געזאָגט, אַז וואָס מען ווייסט באַשטייט פון אידייעס וואָס זיינען די „זאַכן" דערפאַר, וואָס צו זיין (עקזיסטירן) מיינט פאַקטיש זיין אַ פּערצעפּציע, אַן עמפּינדלעכער עפּעס פאַר אַ פאַרשטאַנד: „עסע" (צו זיין) מיינט „עסט פּערציפּי" (באַשטיין פון אַ פּערצעפּציע אין אַ פאַרשטאַנד). מיט אָט די דאָזיקע דריי ווערטער האָט בוירקלי פאָרמולירט דעם סוביעקטיוון אידעאַליזם, לויט וועלכן דער באַוואוסטזיין איז מער פונדאַמענטאַל פון דעם וועגן וואָס מען איז אינפאָרמירט אַז צו עקזיסטירן מיינט זיין אַן „אָביעקט" פאַר אַ באַוואוסטזיין און ניט עפּעס פאַר זיך.

סוביעקטיווער אידעאַליזם מיינט, אַז דער „סוביעקט" (דער באַוואוסט־זיין, אָדער „גייסט") וואָס ווייסט, וואָס האָט די דערפאַרונג, עקזיסטירט זעלבסט־שטענדיק, אָבער דער „אָביעקט" פון דערפאַרונג, דאָס וואָס מען ווייסט, די עקזיסטענץ (זאַכן אין דער וועלט), די אַזוי אָנגערופענע „אידייעס", האָבן ניט קיין זעלבסטשטענדיקן עקזיסטענץ; זיי זיינען „אידייעס" אין אַ פאַרשטאַנד. זיין „באַוויַיז" איז אַ ריין פאָרמעלער; ער זאָגט: „דו וועסט מיר זאָגן, אַז אידייעס קענען ניט עקזיסטירן אויסער דעם פאַרשטאַנד, זאַכן אָבער פון וועלכע די אידייעס זיינען קאָפּיעס, אָדער ענלעכקייטן, קענען יאָ עקזיס־טירן פאַר זיך אָן אַ פאַרשטאַנד, וועלכער זאָל דענקען וועגן זיי. אויף דעם ענט־פער איך, אַז אַן אידייע קען נאָר זיין אַן אידייע און ניט קיין אַנדער זאַך: א קאָליר, אָדער אַ געשטאַלט קען ניט זיין עפּעס אַנדערש ווי אַ קאָליר און אַ געשטאַלט. ווען מיר טראַכטן זיך אַריין אין אונדזערע געדאַנקען, געפינען מיר אויס אַז ס'איז פאַר אונדז אוממעגלעך צו באַגרייפן עפּעס אַנדערש, אויסער אידייעס. איך וועל דיך פרעגן צי די אַזוי אָנגערופענע אָריגינאַלן, די אויסערלעכע זאַכן, פון וועלכע אונדזערע חושים דאַרפן זיין רעפּרעזענ־טאַציעס אָדער „אימאַזשעס", קענען זיי אויפגענומען ווערן פון די חושים, אָדער ניט? אויב זיי קענען אויפגענומען ווערן באַשטייען זיי פון אידייעס... אויב זיי קענען ניט אויפגענומען ווערן, פרעג איך, צי ס'האָט אַ זינען צו

זאָגן אַז אַ קאָליר איז גלײַך צו עפּעס װאָס קען ניט געזען װערן, אַז האַרטקייט און װײכקייט זײַנען אַן עפּעס װאָס קען ניט אָנגעטאַפּט װערן? א. אַז. װ. זײַן שלוס איז אַז: „אויסגעשפּרייטקייט, פֿאָרמע און באַװעגונג (די פּרימערע קװאַליטעטן) זײַנען ניט מער װי אידייעס װאָס עקזיסטירן אין אַ פֿאַרשטאַנד און דערפֿאַר איז ניט זיי און ניט זייערע אָריגינאַלן קענען עקזיסטירן װי אַ ניט עמפּפֿינדלעכע סובסטאַנץ. פֿון דעם איז קלאָר, אַז דאָס װאָס װערט אָנגערופֿן מאַטעריע, אָדער קערפּערלעכע סובסטאַנץ, שליסט אין זיך אײַן אַ װידערשפּרוך" (זע די פּרינציפּלס אָװ יומען נאָלעדזש, זז. 33־34).

הייסט עס, אַז די רעאַליטעט באַשטייט ניט פֿון קיין אַנדער זאַך װי פֿון אידייעס װאָס געפֿינען זיך אין אַ פֿאַרשטאַנד. דאָס איז עס װאָס ס'מיינט „עססיי עסט פּערציפּיע" (צו זײַן, עקזיסטירן, מיינט זיך געפֿינען אַלס אַן „אָביעקט" אין אַ פֿאַרשטאַנד). אָבער ניט אַלע „אָביעקטן" (אידייעס) זײַנען אַ פּראָדוקט פֿון אַ מענטשלעכן פֿאַרשטאַנד: אַ סימן, ניט אַלע זײַנען אונטער זײַן קאָנטראָל, אַז זיי זאָלן פֿאַרשװינדן אַזוי גיך װי ער הערט אויף דענקען װעגן זיי; אייניקע „אָביעקטן" (אידייעס) פֿאַרשװינדן ניט װען מענטשן הערן אויף צו דענקען װעגן זיי... זײַנען די דאָזיקע „אָביעקטן" (אידייעס) אַ פּראָדוקט פֿון אַן אייביקן פֿאַרשטאַנד. ער זאָגט: „דער גאַנצער כאָר אין הימל און די אויסשטאַטונג אויף דער ערד, מיט איין װאָרט, אַלע קערפּערס װאָס שטעלן צונויף די גרויסע געביידע פֿון דער װעלט, האָבן ניט קיין אַנדער עקזיסטענץ אין װעלכער ס'איז פֿאָרמע אויסער אין אַ װעלכן ס'איז פֿאַרשטאַנד, אין װעלכן זייער זײַן (עקזיסטענץ) זאָל אויפֿגענומען, אָדער אײַנפֿאָרמירט װערן. װען זיי זײַנען ניט קיין טייל פֿון מײַן דערפֿאַרונג, זיי געפֿינען זיך ניט אין מײַן פֿאַרשטאַנד, און זיי געפֿינען זיך ניט קיין אַנדער געשאַפֿענעם גייסט (פֿאַרשטאַנד), איז אָדער זיי עקזיסטירן אינגאַנצן ניט, אָדער זיי געפֿינען זיך אין אַ פֿאַרשטאַנד פֿון אַן אייביקן גייסט, ס'איז אינגאַנצן ניט פֿאַרשטענדלעך, ס'שליסט אין זיך אײַן אַן אַבסורד און אַן אַבסטראַקציע צוצושרײַבן צו װעלכן ס'איז טייל פֿון זיי אַן עקזיסטענץ װאָס איז אומאָפּהענגיק פֿון אַ גייסט... פֿון דעם פֿאָלגט, אַז ס'איז ניטאָ קיין אַנדער סובסטאַנץ, אויסער גייסט; קיין אַנדער זאַך אויסער עמפּפֿינדלעכעס" (דאָרטן, זז. 32־33). דאָס זײַנען די װיכטיקסטע באַװײַזן, איצט צום אַנאַליז.

ערשטנס, נעמט בוירקלי איין טייל פֿון לאָקס דערקענטעניש־לערע און שלאָגט מיט איר די צװייטע און, צװייטנס, נעמט ער די זעלבע דערקענטעניש־לערע און דורך אַן אַנאַלאָגיע (פֿאַרגלײַך) צו די מענטשלעכע אידייעס (באַגריפֿן) נעמט ער אָן אַז די זאַכן װאָס געפֿינען זיך אין דער װעלט זײַנען גאָטס „אידייעס". צו דעם לעצטן שלוס קומט ער דערפֿאַר, װאָס אידייעס (באַגריפֿן) װעגן אייגנשאַפֿטן פֿון זאַכן קענען אונטער זיך ניט האָבן קיין סובסטראַטום (סובסטאַנץ) װאָס זאָל זײַן פֿאַרשיידן פֿון זיי: אַ קאָליר קען ניט האָבן אונטער זיך עפּעס װאָס איז אַנדערש פֿון אַ קאָליר און עמפּפֿינדלעכעס (דאָס װאָס װירקט אויף די חושים) קען ניט זײַן פֿאַרשיידן פֿון דער סענסאַציע: דערפֿאַר באַשטייען זיי פֿון גאָטס אידייעס.

װען מען װיל אָפּשאַצן בוירקליס בײַטראָג צום ספּעקולאַטיװן געדאַנק, דאַרף מען אָפּטיילן זײַן קריטיש־אַנאַליטישן טייל פֿון זײַן קאָנסטרוקטיװן

טייל. אין דעם ערשטן טייל איז ער אַ טיפער און אויסגעהאַלטענער דענ־קער; זיין קריטיק פון לאָקס רעפּרעזענטאַטיווער טעאָריע פון וויסן האָט זי אַזוי צעטרייסלט, אַז זי איז אינגאַנצן צו זיך ניט געקומען ביזן היינטיקן טאָג: אַזוי גיך ווי מען נעמט אָן אַז דער וויסן (קאָגנאַציע) פון זאַכן באַשטייט פון דעם וויסן פון „קאָפּיעס" וואָס געפינען זיך אינעם אייגענעם פאַרשטאַנד, איז ניטאָ קיין שום וועג ווי אַזוי צוצוקומען צו דער אויסערלעכער וועלט פון זאַכן. דורך זיין קריטיק האָט ער אויף אייביק געפונען אַ פּלאַץ אין דער געשיכטע פון דער פילאָזאָפיע.

אָבער אויף וויפיל דער קריטישער טייל איז גוט, אויף אַזויפיל איז זיין קאָנסטרוקטיווער טייל שלעכט, אויב ניט נאָך ערגער. און אָט פאַר־וואָס ער איז שלעכט. זאָל זיין אַז דער פּערצעפּציאָנעלער וויסן קען ניט גיין ווייטער פון די סענסאַציעס (סטימולן) וואָס מען קריגט, איז פון וואַנען איז געדרונגען (פילאָזאָפיש גענומען) אַז עס איז פאַראַן אַ גאָט און אַז די „אָביעקטן" (דאָס פון וואָס דער מענטש קריגט סענ־סאַציעס) זיינען עס זיינע אידייעס? פון וואַנען ווייסט עס בוירקלי? קיין עמפּירישן וויסן וועגן גאָט און אַז זאַכן באַשטייען פון זיינע אידייעס האָט ער דאָך ניט, איז, אַלס עמפּיריקער, אויף וואָס בויט ער זיינע באַווייזן אַז „דער גאַנצער כאָר אין הימל א. אַז. וו. געפינען זיך אין אַ פאַרשטאַנד פון אַן אייביקן גייסט? פון וואַנען האָט זיך צו אים גענומען אָט דער „וויסן"? ס'איז ווירקלעך מערקווירדיק: ער זאָגט זיך אָפּ אָנצונע־מען די זעלבסטשטענדיקע עקזיסטענץ פון זאַכן, פון וועלכע ער קריגט איינדרוקן דערפאַר, וואָס ער וויל ניט אָננעמען אַ סובסטראַטום אונטער זיי וואָס זאָל זיין אַנדערש פון די איינדרוקן וואָס ער קריגט פון זיי; צו דער זעלבער צייט נעמט ער אָן אָן וועלכע ס'איז באַווייזן אַז די זאַכן זיינען עס גאָטס אידייעס. דאָס לעצטע איז, הייסט עס, יאָ מעגלעך אָנצונעמען... . דאָס איז ניט זיך וואַרגן מיט אַ פליג און דערשלינגען אַ קעמל, נאָר זיך וואַרגן מיט דער לופט און דערשלינגען אַן עלעפאַנט...

זיין גאַנצע קאָנסטרוקציע איז געבויט אויף אַן אַנאַלאָגיע וואָס איז אַ רעזולטאַט פון אַ מיסברויך פון ווערטער־באַגריפן; ער נוצט דעם טערמין אידייע פאַר פסיכאָלאָגישע באַגריפן (אידייעס אינעם פאַרשטאַנד) און אויך פאַר די אָביעקטן (זאַכן אין דער וועלט) פון וועלכע מען קריגט איינדרוקן. איז אַזוי ווי די ערשטע (די באַגריפן) באַשטייען פון מענטשלעכע אידייעס, מוזן די לעצטע (די זאַכן פון דער וועלט) באַשטיין פון גאָטס אידייעס. אויב ניט גאָטס „אידייעס", וועמענס „אידייעס" זיינען זיי? דער אמת איז, אַז בוירקלי האָט אָנגעהויבן פון דעם שלוס, (אַז די אויסערלעכע וועלט באַשטייט פון „גאָטס אידייעס") ער לייקנט עס אפילו ניט: ער איז ארויסגעקומען צו באַ־קעמפן די אַטעאיסטן, האָט ער זיי באַקעמפט מיט וועלכע מיטלען ס'האָט זיך געלאָזט. דאַרף מען טאַקע זיין קאָנסטרוקטיוון טייל ניט נעמען ערנסט. און נאָכדעם ווי יום האָט דעם אויסגאַנגס־פונקט פונעם סוביעקטיוון אידעאַליזם (בוירקלי) דערפירט צום לאָגישן קאָנסעקווענץ, צום סאָלובציזם (אַז ס'איז ניטאָ קיין אנדער זאַך אויסער אייגענע סענסאַציעס) האָט מען זיך פון אים אָפּגעזאָגט: מען קען ניט אָנהויבן פון אייגענע „אידייעס" און איבערשפּרינגען צו גאָטס

„אידייעס", ס'איז ניטאָ קיין בריק פון וועלכן מען זאָל קענען מאַכן דעם שפּרונג...

בוירקליס פאַרדינסט פאַרן ספּעקולאַטיוון געדאַנק באַשטייט אין זיין קריטיק פון דער רעפּרעזענטאַטיווער טעאָריע פון וויסן (לאָקס קאָפּיע-טעאָריע פון וויסן); מיט זיין קריטיק האָט ער פאַרטיפט די דערקענטעניש־טעאָריע. זיין גרעסטער פאַרדינסט איז אָבער דאָס וואָס ער האָט אָנגערעגט יומען צו זיין קריטישן אַנאַליז.

יום איז געווען דער לעצטער פונעם טריאומוויראַט פון די וויכטיקסטע ענגלישע עמפּיריקער פונעם פּעריאָד; ער איז אויך געווען דער אויס־געהאַלטענסטער פון זיי. ער האָט דערפירט דעם אַטאָמיסטישן, אימפּרע־סיאָניסטישן עמפּיריציזם צום לאָגישן שלוס, צום סקעפּטיציזם... אַזוי ווערט ער יעדנפאַלס אָנגערופן, כאָטש, ווען מען וויל זיין גערעכט צו אים, דאַרף מען אים ניט אָנרופן סקעפּטיקער, ער איז געווען דאָס, וואָס ווערט אין דער מאָדערנער שפּראַך אָנגערופן, אַ פּאָזיטיוויסט אין דער וויסנשאַפט און אַ פענאָמענאַליסט אין דער פילאָזאָפיע: ער האָט אָנגענומען, אַז ווען מען איז אויסגעהאַלטן, קען מען נאָר ריידן אין די גרענעצן פון די פּאָזיטיווע פאַקטן; ווייטער פון די פאַקטן האָט מען ניט קיין רעכט צו גיין. גייט מען צו צו די זעלבע דערשיינונגען פונעם פילאָזאָפישן שטאַנד־פּונקט, בלייבט מען שטיין ביים פענאָמענאַליזם: אַז פילאָזאָפיש זיינען די פאַקטן ניט מער ווי דערשיינונגען, אָדער ווי ער האָט זיי אָנגערופן — איינדרוקן.

יום איז אייגנטלעך געווען אַ פילאָזאָפישער קריטיקער און דאַרף ווי אַזעלכער גענומען ווערן. אַלס קריטיקער האָט ער ניט געהאַט און האָט אויך ניט געקענט האָבן קיין קאָנסטרוקטיוון מאָמענט: ער האָט צוגעפירט דעם עמפּירישן געדאַנק צום העכסטן פּונקט און האָט אים דאָרט געלאָזט דערפאַר, וואָס אין דער ליניע האָט מען ווייטער ניט געקענט גיין: האָט מען אָנגענומען דעם אויסגאַנגס-פּונקט, וואָס לאָק און בוירקלי האָבן אָנ־גענומען, האָט ער לאָגיש געפירט צו די שלוסן, וואָס יום האָט געצויגן.

לאָק האָט גענומען פאַר זיין אויסגאַנגס-פּונקט, אַז דער מענטשלעכער וויסן באַשטייט פון אידייעס, וואָס זיינען קאָפּיעס פון זאַכן, וואָס געפינען זיך אין דער אויסערער וועלט. איז געקומען בוירקלי און האָט אָנגעוויזן, אַז ווען מען נעמט אָן דעם אויסגאַנגס-פּונקט, בלייבט מען שטיין ביי די אידייעס, וואָס באַלאַנגען צו אַ ווייסער, וואָס האָט די אידייעס און דערפאַר איז פאַראַן אַן אוניווערסאַלער ווייסער (גאָט, די ספּיריטועלע רעאַליטעט) צו וועמען די וועלט באַלאַנגט, ווי זיין אידייע. איז געקומען יום נאָך אים און האָט געטאָן איין קלייניקייט, ער האָט געענדערט דעם נאָמען אידייע אויף איינדרוק און אַלס רעזולטאַט פון דער ענדערונג, איז אַנט־שטאַנען דער פענאָמענאַליזם, אַז ווייטער פון די באַזונדערע איינדרוקן, וואָס לויפן דורך דורכן באַוואוסטזיין, קען מען ניט גיין. ער זאָגט: „די שאַפנדע קראַפט פונעם פאַרשטאַנד באַשטייט ניט מער ווי פון דער פייאיקייט צוזאַמענצושטעלן, איבערטראָגן, פאַרגרעסערן און פאַרקלענערן דעם מאַטעריאַל וואָס מען קריגט פון דער דערפאַרונג... אונדזערע אידייעס באַשטייען ניט מער ווי פון קאָפּיעס פון פריערדיקע איינדרוקן. די אידייע

פון אַ גאָלדענעם באַרג באַשטייט פון אַ צוזאַמענשטעל פון אַ באַרג מיט גאָלד... און אונדזער אידייע פון גאָט האָט ניט קיין אַנדער מיין, ווי אַן אומענדלעך אינטעליגענטער, קלוגער און גוטער וועזן, וואָס אַנטשטייט פון די רעפלעקציעס פון די פּראָצעסן פונעם אייגענעם פאַרשטאַנד, וואָס ווערן פאַרגרעסערט אָן א שיר. ווי ווייט מען זאָל ניט נאָכפאָרשן, וועט מען אַלעמאָל געפינען, אַז יעדע אידייע איז אַ קאָפּיע פון אַן ענלעכן איינדרוק. די וואָס דענקען, אַז מיר האָבן אויך אַנדערע אידייעס, אויסער די וואָס קומען פון דערפאַרונג, דאַרפן אָנצייגן אויף די ספּעציעלע אידייעס. דעמאָלט וועלן מיר דאַרפן באַווייזן פון וואַנען אַזוינע אידייעס האָבן זיך גענומען" (אַן ענקווייריע קאָנסוירנינג היומען אַנדערסטענדינג, זז. 16-17).

די גאַנצע מענטשלעכע דערפאַרונג רעדוצירט ער צו פּסיכאָלאָגישע איינדרוקן, וואָס קומען און פאַרגייען און צו זייערע „קאָפּיעס", וואָס ער רופט אָן „אידייעס", וועלכע באַשטייען פון צוריקגערופענע איינדרוקן. מער ווי דאָס, האַלט ער, ווייסט מען ניט, קען מען וועגן דעם גאָרניט זאָגן.

בוירקלי האָט די „אידייעס" צוגעשריבן צו צוויי עקזיסטענצן: דעם מענטשנס אייגענע אידייעס, אויף וועלכע ער איז דער באַלעבאָס, אַז ער וויל, דענקט ער וועגן זיי, און אויב ניט, פאַרטרייבט ער זיי פון זיין באַוואוסטזיין. דערמיט האָט ער פּאָסטולירט די מענטשלעכע פּערזענלעכקייט אָדער דעם „איך" אַלס אַן עקזיסטירענדן פאַקטאָר. די „אידייעס" (זאַכן פון דער אויסערער וועלט), וואָס ער קען ניט פאַרניכטן, באַלאַנגען צו גאָט, דעם אוניווערסאַלן ספּיריט. זאָגט יום, אַז פונעם עמפּירישן שטאַנדפּונקט קענעןביידע עקזיסטענצן ניט באַוויזן ווערן. ער זאָגט: „וואָס אַנבאַלאַנגט מיין טייל, איז ווען איך טראַכט זיך אין אים אריין אזוי נאָענט ווי איך קען, שטויס איך מיך אַלעמאָל אָן אויף איינער, אָדער אַ צווייטער פּערצעפּציע, הייס, קאַלט, ליכט אָדער שאָטן, ליבע אָדער האַס, ווייטיק אָדער פאַרגעניגן. איך קען זיך זעלבסט קיינמאָל ניט כאַפּן אָן אַ וועלכער עס איז פּערפּערציע, און קען קיין אַנדער זאַך ניט באַאָבאַכטן, אויסער דער פּערצעפּציע. ווען מיינע פּערצעפּציעס ווערן פון מיר צוגענומען פאַר אַ צייט, ווי ווען איך ווער פעסט אַנטשלאָפן, איז אזוי לאַנג ווי איך פיל זיך ניט, מעג איך מיטן ריינעם אמת זאָגן, אַז איך עקזיסטיר ניט. וואָלטן אַלע פּערצעפּציעס פון מיר צוגענומען געוואָרן דורכן טויט און איך וואָלט ניט געקענט דענקען, פילן, ניט זען, ניט ליב האָבן, ניט האַסן נאָכן צעפאַלן פון מיין קערפּער, ווער איך אינגאַנצן פאַרניכטעט און איך קען ניט באַגרייפן, וואָס מער עס איז נויטיק, אַז איך זאָל פולשטענדיק פאַרשווינדן. אויב אימיצער קען נאָך ערנסטער רעפלעקציע און וועלכן אָן עס איז פאָראורטייל, דענקען אַנדערש וועגן זיין איך, מוז איך זיך מודה זיין, אַז איך קען מיט אים מער ניט ריידן, אָדער ארגומענטירן. דאָס איינציקע וואָס איך קען זיך נאָר דערלויבן איז זאָגן, אַז ער איז אַזוי גערעכט ווי איך בין: דעמאָלט זיינען מיר פולשטענדיק פאַרשיידן; ער האָט אַ פּערצעפּציע, וואָס איך האָב ניט" (א טריטיס אָוו היומען נייטשור, ז. 533).

ס'מיינט, אַז פונעם עמפּירישן שטאַנדפּונקט קען מען ניט ריידן פון קיין איך. (דאָ פאָדערט זיך א באַמערקונג: יום האָט אָנגעשריבן אַ גרעסערע ארבעט אין דריי בענדער אונטערן נאָמען „א טריטיס אָוו היומען

בייטשור״ ווען ער איז אַלט געווען 26 יאָר. די אַרבעט איז אינגאַנצן ניט באַמערקט געוואָרן; האָט ער אויפגעגעבן פילאָזאָפיע און האָט זיך באַ־שעפטיקט מיט היסטאָריע. ווען ער איז באַוואוסט געוואָרן, האָט מען גע־נומען שטאַרק קריטיקירן זיין פילאָזאָפישע אַרבעט, האָט ער געטאָן אַ קלייניקייט: ער האָט געענדערט אַ טייל פון איר און האָט זי אַרויסגעגעבן אונטערן נאָמען „אַן ענקווייריע קאָנסוירנינג היומען אַנדערסטענדינג״ און האָט זיך אינגאַנצן אָפּגעזאָגט פון זיין יוגנטלעכער ארבעט. אַזוי ווי אָבער די „ענקווייריע״ אינטערשיידט זיך וויניק פון דער פונדאַמענטאַלער אַרבעט, פּאָלגט מען אים ניט און מען נעמט אים לויט ביידע אַרבעטן. דע ראויבן־געבראַכטער אויסצוג ווערט גענומען פון זיין יוגנטלעכער אר־בעט).

עמפּיריש, הייסט עס, קען מען פון קיין „איך״ ניט ריידן; מען קען אויך וועגן גאָט ניט ריידן ווייל, ווי דער אויבן־געבראכטער אויסצוג פון זיין שפּעטערער אַרבעט זאָגט, אז דער דענקען וועגן גאָט באַשטייט ניט פון קיין אַנדער זאַך, ווי פון אַ פאַרגרעסערונג פון אייגנשאַפטן וואָס מען האָט פון דערפאַרונג... אויסער די גרענעצן פון דערפאַרונג און וויטער פון זיי גייט ער ניט. עס וועט אָבער ניט זיין אויסער פּלאַץ צו ברענגען אַן אויסצוג וואָס כאַראַקטעריזירט זיין צוגאַנג צו דער פראַגע אין אלגע־מיין. ער זאָגט: „זיך ווענדן נאָך שטיצע צום אמת פונעם סופרים וועזן, כדי צו באַווייזן דעם אמת פון אונדזערע חושים, איז געוויס אַן אומ־דערוואַרטעטער קרייזצוג. אויב זיין אמת זאָלווירקלעך האָבן אַ שייכות צום ענין, וואָלטן חושים געדאַרפט זיין אומפעלערהאפט, ווייל עס איז ניט מעגלעך, אַז ער זאָל קענען אָפּנאַרן״ (די ענקווייריע, 163) (דאָס איז אַ וויץ אויף דעקאַרטס חשבון)...

אַזוי ווי ער האָט גענומען פאַר זיין אויסגאַנגס־פּונקט, אַז דאָס איינ־ציקע וואָס מען ווייסט, די איינציקע רעאַליטעט, וועגן וועלכער מען קען ריידן, באַשטייט ניט פון קיין אַנדער זאַך, ווי פון איינדרוקן, וואָס קומען און פאַרגייען; אַז מען האָט איבערהויפּט ניט קיין אַנדער דערפאַרונג אויסער די דאָזיקע איינדרוקן, וואָס פּאָלגן איינער נאָך דעם אַנדערן אין אַ באַשטימטן סדר, איז אים ניט געבליבן קיין אַנדער אַרבעט, ווי נאָכ־צופאָלגן דעם פּראָצעס פון די איינדרוקן און אויסגעפינען די פּרינציפּן דורך וועלכע זיי ווערן רעגולירט.

לויט דעם אופן פון זיין אויסגאַנגס־פּונקט, איז פון אים די דער־קענטעניש־טעאָריע רעדוצירט געוואָרן צום פּסיכאָלאָגישן פּראָצעס, וואָס קומט פאַר אינעם באַוואוסטזיין; פאַרשן די איינדרוקן און די פאַרבינדונגען צווישן זיי. דער רעזולטאַט פון דער פאָרשונג איז געווען די אַסאָ־ציאַציע פון אידייעס (דער געדאַנק איז ניט קיין נייער, אריסטאָטעל האָט אים שוין געהאַט). ער זאָגט: „לויט מיין מיינונג, זיינען פאַראַן דריי פּרינציפּן, לויט וועלכע אידייעס פאַראייניקן זיך. 1) ענלעכקייט צווישן אידייעס, 2) דער קאָנטאַקט צווישן די אידייעס אין צייט און אין רוים, זייער קאָנטינואיטעט, און 3) די קאַוזאַלע פאַרבינדונג צווישן זיי אין דער פאָרמע פון אורזאַך און פאָלג.

דער ערשטער פּרינציפּ באַשטייט פון דער פונדאַמענטאַלער אייגנשאַפט פון זכרון אָן וועלכער קיין שום וויסן וואָלט ניט מעגלעך געווען, מען וואָלט ניט געקענט לערנען פון דערפאַרונג. דער צווייטער פּרינציפּ פירט אריין אינעם האַרץ פון מעטאַפיזיק, צו וועלכער ער האָט ניט געהאט קיין צוטרויען: זיין אַלגעמיינער שטאַנדפּונקט האָט אים ניט דערלויבט זיך באַשעפטיקן מיט דעם פּרינציפּ. אויסער דערמאָנען אים, זאָגט ער גאָרניט וועגן אים אין דער „ענקווייריע". דער דריטער פּרינציפּ (קאַוזאַליטעט), וועלכער איז דער פונדאַמענט פון דער וויסנשאַפט, ווערט פון אים רעדוצירט צו פּשוטער סוביעקטיווער געוואוינהייט... ער זאָגט: געוואוינהייט איז דער גרויסער וועג־ווייזער פונעם מענטשנס לעבן. ס'איז דער אייציקער פּרינציפּ, וואָס מאַכט דערפאַרונג נוצלעך פאַר אונדז און מאַכט אונדז צו דערוואַרטן, אַז אין דער צוקונפט זאָל פאָרקומען די זעלבע ריי פּאַסירונגען, ווי ס'איז פאָרגעקומען אין דער פאַרגאַנגענהייט. אָן דער ווירקונג פון געוואוינהייט וואָלטן מיר געווען פולשטענדיק אומוויסנד וועגן וועלכער ס'איז פאַקטישער פּאַסירונג, אויסער דער, וואָס איז דירעקט פאַראַן אינעם זכרון, און דער וואָס געפינט זיך דירעקט אין באַרירונג מיט די „חושים" (זע אַן ענקווייריע קאָנסוירנינג יומען אָנדערסטענדינג, ז. 45).

ווען מען נעמט אָן זיין אויסגאַנגס־פּונקט, אַז דער מענטשלעכער וויסן באַשטייט בלויז פון באַזונדערע איינדרוקן, וואָס פאָלגן איינער נאָך דעם צווייטן, איז דער שלוס, צו וועלכן ער איז געקומען, געווען אַ לאָגישע נויטווענדיקייט. פּשוט, ווען מען באַמערקט ווי פּאַסירונגען קומען פאָר אַ סך מאָל איינע נאָך דער אַנדערער, ווערט מען געוואוינט צו באַשטימען, אַז אויך אין דער צוקונפט וועלן זיי פאָרקומען אויף דעם זעלבן אופן: ס'איז אַ פראַגע פון געוואוינהייט. די חושים רעגיסטרירן אָבער ניט קיין שום פאַקטאָר, וואָס זאָל צווינגען אָנצונעמען אַז אינעם גאַנג איז פאַראַן אַן אינערלעכער מוז, אַ קאַוזאַלע פאַרבינדונג, וואָס צווינגט די פּאַסירונגען פאָלגן איינע נאָך דער צווייטער. אַזאַ מוז איז, לויט זיין מיינונג, ניטאָ. מען האָט גענומען אַ סוביעקטיוון איינדרוק און מען האָט אים אָביעקטיווירט און מען רופט אים אָן נאַטור־געזעץ. דאָס איז דער רעזולטאַט צו וועלכן יום איז געקומען.

דער רעזולטאַט איז גאָרניט קיין פריילעכער, און דערפאַר טאַקע רופט מען אים אָן סקעפּטיקער, אפילו סאָלובציסט (איינער וואָס צווייפלט אין אַלץ, אויסער זיין אייגענער עקזיסטענץ). ווי פריער געזאָגט, איז יום פאַקטיש ניט געווען קיין סקעפּטיקער, ער האָט נאָר דערפירט די דערקענטעניש־טעאָריע צו איר לאָגישן שלוס: אַז מען נעמט אָן דעם אויסגאַנגס־פּונקט, מוז מען קומען צו די שלוסן, צו וועלכע ער איז געקומען.

כאָטש יום איז פילאָזאָפיש ניט געווען קאָנסטרוקטיוו, ער האָט ניט געשאַפן קיין זאַך, איז זיין פילאָזאָפישער פאַרדינסט פונדעסטוועגן אַן אומגעהויער גרויסער. ער האָט איינמאָל פאַר אַלעמאָל אָנגעוויזן, אַז אין דער פילאָזאָפיע קען מען ניט בלייבן שטיין אין מיטן וועג, מען מוז זיך דערטראַכטן ביזן לאָגישן סוף און זיך ניט שרעקן פאַר די קאָנסעקווענצן פון דער לאָגיק פונעם געדאַנק. אויב דער געדאַנק פירט צו אַן אבסורד (סאָלובציזם), דאַרף מען אויף אים אָנווייזן.

מען זאָגט, אַז יומס גרעסטער פאַרדינסט איז דאָס, וואָס ער האָט אויפגעוועקט קאַנטן פונעם דאָגמאַטישן שלאָף און האָט אים ניט געלאָזט רוען פאַר 12 יאָר: די קריטישע פילאָזאָפיע איז דער רעזולטאַט פון יומס „טרייסל".

קאַנט איז געווען אַ ראַציאָנאַליסט פונעם קאָנטינענטאַלן חדר און איז געבליבן אַ ראַציאָנאַליסט אויך נאָכדעם, ווי ער האָט געלייענט יומען, קיין דאָגמאַטיקער איז ער אָבער שוין מער ניט געווען; ער האָט זיך גענומען אָפּגעבן אַ חשבון־הנפש, ער האָט זיך אָנגעהויבן אָפּטראָגן קרי־טיש צו זיין אייגענעם ראַציאָנאַליזם.

קאַנט האָט ניט נאָר געלייענט יומען, וואָס האָט אים אַ טרייסל געטאָן, ער האָט אויך געלייענט לייבניצעס ענטפער צו לאָקן, וואָס איז אין זיין צייט געפונען געוואָרן אין מאַנוסקריפּט, נאָך דעם וואָס ער איז פאַר זעכציק יאָר געלעגן אין שטויב אין דער האַנאָווער ביבליאָטעק. (אין זיין צייט האָט מען אָפּגעדרוקט דעם מאַנוסקריפּט). מען זאָגט, אַז ער האָט געלייענט יומען אין דער ליכט פון לייבניצן און לייבניצן האָט ער געלייענט אין דער ליכט פון יומען... זיין קריטישע פילאָזאָפיע איז אַ רעזולטאַט פון א סינטעז, וואָס ער האָט פאַרמירט פון זיי ביידן. זיין שאַפונג איז אָבער מער פון אַ קריטישער אַרבעט, ס'איז אַן אָריגינעלער בייטראָג; לייבניץ האָט אים נאָר געדינט פאַר אַן אויסגאַנגס־פונקט און יום פאַר אַ טרייב־קראַפט.

לאָק האָט אָנגעשריבן אַ גרויסע אַרבעט, און האָט זי כאַראַקטע־רעזירט מיט איין לאַטיינישן זאַץ: „ניהיל עסט אין אינטעלעקטו נאָן פּרייעס פאירית אין סענזו" (קיין זאַך איז ניטאָ אינעם פאַרשטאַנד, וואָס איז פריער ניט געווען אין די חושים). אויף דעם האָט לייבניץ געענטפערט מיט אַ גרעסערער אַרבעט, וואָס ווערט כאַראַקטעריזירט דורך אַ קלענערן זאַץ, וואָס איז אויך געבליבן קלאַסיש. דער זאַץ באַשטייט אינגאַנצן פון דריי ווערטער: „ניסי איפּסע אינטעלעקטוס" (טאַקע קיין זאַך ניט, אויסער דעם אינטעלעקט גופא).

ס'וואָלט צו וייט פאַרפירט, ווען מען זאָל וועלן זיך אָפּשטעלן און געבן די פולשטענדיקע באַדייטונג פון די צווי זאַצן. זיי דריקן אויס צווי קעגנגעזעצטע וועלט־אָנשויאונגען: דער ערשטער דעם רעאַליסטישן בליק, דער צווייטער דעם אידעאַליסטישן בליק. לאָק נעמט אָן אַ רעאַ־ליסטישן אויסגאַנגס־פונקט, איז דער מאַרך פאַר אים מער פונדאַמענטאַל, ווי זיין אינהאַלט. לייבניץ נעמט אָן אַן אידעאַליסטישן אויסגאַנגס־פונקט, איז פאַר אים דאָס ספּיריטועלע (אינטעלעקט) מער פונדאַמענטאַל פון דער דערפאַרונג (די וועלט אַריינגערעכנט).

פאַר אים באַשטייט דער אינטעלעקט פון ספּעציעלע מאָנאַדן (נשמות, ענטעלעקיעס), וואָס האָבן פּערצעפּציע און זכרון (זע מאָנאַדאָלאָגיע, 18, 19 און 20טן פּאַראַג.); וואָס זיינען נאַטירלעך פונדאַמענטאַל און האָבן אויך „קיין פענצטער ניט": ניט זיי קענען און ניט זיי דאַרפן קריגן דערפאַרונג פון עטוואָס, וואָס געפינט זיך אויסער זיי. ער זאָגט: „די זאַכן וועגן וועלכע מיר צעגייען זיך זיינען וויכטיק; די פראַגע איז צי די נשמה פאַר זיך איז ליידיק, ווי א ניט־באַשריבענער פּאַפּיר, אויף וועלכן מען קען שרייבן וואָס מען וויל און וואָס אַלץ קומט פון דירעקטער דערפאַרונג דורך די חושים,

צי די נשמה אַנטהאַלט גלייך פון אָנהויב פּרינציפּן פון די באַגריפן און אינטערפּרעטאַציעס, וועלכע די אויסערלעכע זאַכן רופן פון צייט צו צייט אַרויס ? לאַק פאָלגט נאָך אַריסטאָטעלן און נעמט אָן דעם ערשטן בליק, איך נעם אָן דעם צווייטן אין איינקלאַנג מיט פּלאַטאָנען... איך נעם אָן בוכ־שטעבלעך וואָס דער הייליקער פּאול האָט געזאָגט, אַז גאָטס געזעץ איז אָנגעשריבן אויף אונדזערע הערצער.

דאָס רופט אַרויס די פראַגע, צי אַלע אמתן זיינען אָפּהענגיק פון דער־פאַרונג, וואָס מיינט, פון דער אינדאַקציע און פאַסירונגען, אָדער עס זיינען פאַראַן אַזוינע אמתן, וואָס האָבן אַ גאַנץ אַנדער גרונט.

ווען פאַסירונגען קענען פאָראויסגעזען ווערן, איידער מיר האָבן באַווייזן וועגן זיי, איז קלאָר, אַז עפּעס ווערט בייגעשטייערט פון אונדז אליין. די חושים, הגם זיי זיינען נויטיק פאַר אונדזער אקטועלער דערקענטעניש, זיינען ניט גענוג צו געבן אונדז אונדזער גאַנצן וויסן; ווייל די חושים קענען ניט געבן קיין אַנדער זאַך, אויסער באַזונדערע איינדרוקן, וואָס מיינט פּאַרטיקולאַרע איינצל אמתן. אָבער, זאָל באַמערקט ווערן, אַז עס מיינט פאַר קיין פאַל ניט, אַז וואָס עס האָט אַלעמאָל פריער געטראָפן, וועט אַלעמאָל טרעפן; פאָלגלעך זיינען אַלע איינצל פאַלן, וואָס באַשטעטיקן אַן אלגעמיינעם אמת, ווי גרויס זייער צאָל זאָל ניט זיין, ניט גענוג צו באַפעסטיקן אַן אוניווערסאַלע נויט־ווענדיקייט. די נויטווענדיקע אמתן פון דער ריינער מאַטעמאַטיק, צום ביישפּיל, ספּעציעל פון אריפמעטיק און געאָמעטריע מוזן האָבן פּרינציפּן וועמענס אמת איז ניט אָפּהענגיק פון פאַסירונגען, און פאָלגלעך, זיינען זיי ניט אָפּהענגיק פון די באַווייזן, וואָס קומען פון די חושים; הגם אָן די חושים וואָלט אונדז ניט געקומען אויפן זינען צו דענקען פון זיי... אַזעלכע אמתן קומען פון אינערלעכע פּרינציפּן, וואָס מיר רופן אָן איינגעבוירענע. מיר דאַרפן זיך ניט פאָרשטעלן, אַז די אייביקע געזעצן פון אונדזער אורטיילס־קראַפט מוזן זיין איינגעקריצט אין דער נשמה, ווי אין אַן אָפענעם בוך, וואָס מען זאָל קענען לייענען אָן שווערקייטן און פאָרשונגען; עס איז גענוג אַז זיי קענען אַנטדעקט ווערן אין אונדז, ווען מיר צאָלן זיי אויפמערקזאַמקייט אין דער צייט, ווען די חושים גיבן אַ געלעגנהייט" (ציטירט פון דער „עסיי", לויט ווילדן קארס לייבנאַץ, זז. 168־169).

דאָס איז געשריבן געוואָרן אַלס ענטפער צו לאַקס עסיי, עס אַנטהאַלט אין זיך אויך אַן ענטפער צו יומען, הגם עס איז געשריבן געוואָרן פריער פון יומס צייט, האָט ער וועגן דעם ניט געוואוסט. ערשט קאַנט האָט וועגן דעם געוואוסט, האָט ער עס טאַקע גענומען פאַר זיין אויסגאַנגס־פּונקט.

דריי מאָמענטן פונעם אויס אויסצוג דאַרפן אונטערשטראָכן ווערן: 1) אַז דער פאָראויסזאָגן פאַסירונגען קען ניט זיין קיין רעזולטאַט פון געוואוינט־הייט, ווייל די חושים האָבן פאַר זיך קיין זאַך ניט, וואָס עס זאָל דורך זיי אַרויסרופן אַן אַסאָציאַציע פון געוואוינהייט, 2) אַז איינצל פאַלן אַנטהאַלטן אין זיך ניט קיין רעגעלן פאַר דער פאָרמירונג פון כללים, און 3) די פונדאַמענ־טאַלע פּרינציפּן, די קאַטעגאָריעס.

פון דעם אויסצוג קען מען זען, אַז לייבניץ האָט פאָראויסגעזען די קאָנ־סעקווענצן, וואָס מען קען ציען פון לאַקס עמפּירישן צוגאַנג (וועלכע יום האָט

שפּעטער געצויגן) און האָט אויך אָנגעוויזן אין וואָס דער ענטפער דאַרף באַשטיין, אַ געדאַנק, מיט וועלכן קאַנט האָט זיך באַנוצט. דאָס ציגט געוויס טיפקייט פון דענקען. וואָס מען קען אבער ניט פאַרשטיין, איז אויף וואָס האָט ער עס געדאַרפט? און וואָס פאַר אַ נוצן האָט עס אים געקענט ברענגען? זיינע „מאנאדן" (נשמות) האָבן „ניט געהאַט קיין פענצטער", זיי האָבן ניט געקענט וויסן, וואָס עס קומט פאַר אויסער זיי. זייער האַנדלונג איז געווען אַ רעזולטאַט פון „אַ פון פאַראויס עטאַבלירטער האַרמאָניע": וואָס עס דאַרף מיינען, אַז זיי האָבן אין זיך געטראָגן זייער צוקונפטיקע „דערפאַרונג", אַזוי גוט ווי זייער צוקונפטיקע האַנדלונג. איבערהויפּט האָבן זיי ניט געהאַט קיין דרויסן פון וואַנען צו קריגן דערפאַרונג... דאָס איינציקע וואָס מען קען, איז זאָגן צוזאַמען מיט בערטראַנד ראָסעלן, אַז לייבניץ „האָט קיינמאָל ניט באַגריפן וואָס זיין אייגענער בליק איז געווען" (זע ראָסעל, פילאָסאָפיע, ז. 239). יום איז באַוואוסטזיניק געקומען צו אַ סוביעקטיוויזם און לייבניץ איז ניט באַוואוסטזיניק געקומען צום זעלבן סוביעקטיוויזם. די אָביעקטיווע וועלט, די וועלט וואָס רייסט זיך אַריין אין יעדן איינעמס דערפאַרונג, און וועגן וועלכער דער פאַרשטאַנד פאַרמירט זיינע אורטיילן, וואָס זיינען שטאַנד-האַפטיק פאַר אַלעמען, איז פאַר זיי בײדן פאַרלוירן געוואָרן... דער אונטערשייד צווישן זיי איז בלויז געווען דער, וואָס לייבניצן האָט זיין געדאַנקען-גאַנג גע-פירט צו אַ דאָגמאַטישן ראַציאָנאַליזם און יומען צו אָפּצופרעגן די רעכט פונעם ראַציאָנאַליזם.

קאַנט האָט זיי בײדן געלייענט און, הגם ער איז פולשטענדיק געווען איינפאַרשטאַנען מיט לייבניצן, האָט אָבער זיין דאָגמאַטישער ענטפער אים ניט צופרידנגעשטעלט: יומס סקעפּטיציזם האָט אים אויפגעוועקט פון שלאָף. ער זאָגט: וועגן דער אַנטשטייאונג פון מעטאַפיזיק, איז „אויף וויפיל איך ווייס איר היסטאָריע, האָט קיין זאַך זיך ניט געטראָפן, וואָס זאָל אויף אַזוי פיל געווען זיין באַשטימענד פאַר איר גורל, ווי דער אָנגריף וואָס יום האָט אויף איר געמאַכט. ער האָט ניט געוואָרפן קיין שטראַל אויף דער פאָרמע פון וויסן, ער האָט געוואָרפן א פונק, פון וועלכן מען האָט געקענט קריגן ליכט, ווען ער זאָל געווען כאַפּן וועלכן ס'איז אָנצינדענדן מאַטעריאַל און מען זאָל געווען פאָרזיכטיק אַנטוויקלען דעם פייער. יום האָט אָנגעהויבן פון אַן איינציקן נאָר וויכטיקן באַגריף אין מעטאַפיזיק: פון אורזאַך און פאָלג. ער פאָדערט אויף דעם פאַרשטאַנד, וועלכער פרעטענדירט, אַז ער האָט געשאַפן די אידייע פון זיך אליין, צו ענטפערן מיט וואָס פאַר אַ רעכט דענקט ער, אַז אַ זאַך קען אין זיך האָבן אַזאַ באַשטימטקייט, אַז ווען עס זאָל געגעבן ווערן, מוז עפּעס אַנדערש אויך געגעבן ווערן? ווייל דאָס איז דער באַדייט פונעם באַגריף אורזאַך. ער האָט אויף אַן אומבאַשטרייטבאַרן אופן באַוויזן, אַז עס איז אַבסאָלוט אוממעגלעך פאַרן פאַרשטאַנד צו דענקען אפריאָרי (אויסער און פריער פון דערפאַרונג) און דורך באַגריפן אין אַ קאָמבינאַציע, וואָס זאָל אין זיך איינשליסן נויטווענדיקייט. מיר קענען פאַר קיין פאַל ניט זען פאַר-וואָס, אַז ווען איין זאַך עקזיסטירט, מוז אַ צווייטע נויטווענדיקערווייז עקזיס-טירן; אָדער ווי אַזוי אַזאַ קאָמבינאַציע קען אַנטשטיין אַפּריאָרי. פון דעם האָט ער געצויגן דעם לאָגישן שלוס, אַז דער פאַרשטאַנד האָט זיך פולשטענדיק אָפּגענאַרט אין באַצוג צו דעם באַגריף און, מאַכנדיק אַ טעות, רעכנט ער

אים פאַר איינעם פון זיינע קינדער, וואָס אין דער אמתן איז עס גאָר אַ ניט־געזעצלעך קינד, וואָס איז אַ פּראָדוקט פון דער פאָרשטעלונג און קומט פון דערפאַרונג און באַלאַנגט צו דער קאַטעגאָריע פון רעפּרעזענטאַציעס לויטן אַסאָסיאַציע־געזעץ און דורך אַ טעות נעמט ער די סוביעקטיווע נויטווענדיקייט פון געוואוינהייט פאַר אַן אָביעקטיווער נויטווענדיקייט, וואָס אַנטשטייט פון אַ טיפן באַנעם. פון דעם האָט ער געצויגן דעם לאָגישן שלוס, אַז דער פאַרשטאַנד האָט ניט קיין קראַפט צו דענקען וועגן אַזוינע קאָמבינאַציעס, אפילו ניט אין אַלגעמיין, ווייל אַזוינע קאָנצעפּציעס זיינען ריין אויסגעטראַכטע און זיין פּרעטענדירנדע אַפּריאָרי קאַגנאַציע איז ניט קיין אַנדער זאַך, ווי געוויינטלעכע דערפאַרונג, אויף וועלכער מען האָט אַרויפגעלייגט אַ פאַלשן זיגל. פּשוט גערעדט, עס איז ניטאָ און עס קען אויך ניט זיין קיין מעטאַפיזיק... כ׳בין זיך אָפן מודה, אַז יומס אָנדייטונגען זיינען געווען די עצם־זאַך וואָס האָבן מיט יאָרן צוריק אונטערגעבראָכן מיין דאָגמאַטישן דרעמלען און האָבן געגעבן מיינע פאָרשונגען, אינעם פעלד פון פילאָזאָפישער ספּעקולאַציע, אַ נייע ווענדונג" (קאַנטס פּרעלאגאמענע, זז. 3־7).

פּשוט מיינט עס, אַז קאַנט האָט צוגעשטימט, אַז לויט די פילאָזאָפישע באַגריפן פון זיין צייט, איז יום געווען גערעכט, ווען ער האָט באַשטימט, אַז דער באַגריף פון קאַוזאַליטעט (די נויטווענדיקע פאַרבינדונג פון אורזאַך און פאַלג) האָט ניט קיין שום אָביעקטיווע, אַזוי גוט ווי קיין שום ראַציאָנאַלע באַרעכטיקונג, אַז עס איז ניט מער ווי אַ געוואוינהייט, וואָס איז אַ רעזולטאַט פון אַסאָציאַציע פון אידייעס, וואָס זיינען אַ רעזולטאַט פון דערפאַרונג.

ווען מען נעמט אָן די פּסיכאָלאָגישע באַגריפן, מיט וועלכע יום האָט אָפּערירט, און קאַנט האָט זיי אָנגענומען, מיינט עס, זיך אָפּזאָגן פון דער וואַלידיטעט פון קאַוזאַליטעט, וואָס עס מיינט, שוין אויך זיך אָפּזאָגן פון וועלכן עס איז באַזיס פאַר דער וויסנשאַפט. קאַנט איז אַריינגעפאַלן אין אַ דילעמע (פאַרלעגנהייט): פון איין זייט האָט ער געגלויבט אין דער אָביעקטיווער וואַלידיטעט פון דער פיזיש־מאַטעמאַטישער וויסנשאַפט, פון דער צווייטער זייט האָט ער אָנגענומען די לאָגיק פון יומס דענקען, וואָס האָט אָפּגעלייקנט די וואַלידיטעט פון דער וויסנשאַפט... ער האָט זיך פאַרטראַכט און די „קופּערניקאַנישע רעוואָלוציע" איז געווען דער רעזולטאַט פון דעם טראַכטן... די קריטיק פונעם ריינעם פאַרנונפט איז עס געווען די „קופּערניקאַנישע רעוואָלוציע", אָדער קופּערניקאַנישע היפּאָטעזע, ווי ער האָט זי אָנגערופן.

כדי צו דערקלערן די קופּערניקאַנישע היפּאָטעזע דאַרף מען זי באַהאַנדלען לויט ווי זי ווערט געגעבן אין דער „קריטיק פונעם ריינעם פאַרנונפט", האָט אָבער קאַנט באַוויזן די גענ־אַלע פייאיקייט, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר די דייטשן, צו נעמען אַ געדאַנק, וואָס אַנטהאַלט אין זיך ניט קיינע ספּעציעלע שוועריקייטן, און אים אַזוי פאַרפּלאָנטערן, אַז ער קען פאַרשיידנאַרטיק אינטערפּרעטירט ווערן: מער ווערק זיינען פּילייכט געשריבן געוואָרן אַלס קאָמענטאַרן צו דער „קריטיק פונעם ריינעם פאַרנונפט", ווי וועגן וועלכן עס איז אַנדער בוך, און יעדער נייער קאָמענטאַטאָר זאָגט אַז די פריערדיקע האָבן אים שלעכט פאַרשטאַנען... זיי גיבן אבער צו, אַז די שולד איז ניט דעם קאָמענטאַטאָרס נאָר קאַנטס, ער לאָזט זיך

פאַרשיידנאַרטיק אינטערפּרעטירן. אָט האָט לעצטנס נאָרמאַן קעמפּ סמיט אָנגעשריבן אַ „קאָמענטאַר" צו דער קריטיק, וואָס פאַרנעמט 600 זייטן, אין וועלכן ער ווייזט אָן, אַז אַ ריי קאָמענטאַטאָרס האָבן קאַנטן, לויט זיין מיינונג, שלעכט פאַרשטאַנען. איז אַזוי ווי עס ווילט זיך ניט צוגעבן נאָך אַ „שלעכט פאַרשטאַנענע" מיינונג, וועלן די פּאָר באַמערקונגען, וואָס וועלן געמאַכט ווערן, ציטירט ווערן פון אַנדערע: זאָלן זיי טראָגן די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַרן ניט פאַרשטיין; זיי האָבן ברייטערע פּלייצעס...

„קאַנט, זאָגט פּראָפעסאָר טיללי, איז געווען פולשטענדיק איבערצייגט, אַז ער זעלבסט האָט געמאַכט אַן ענלעכע רעוואָלוציע (צו קופּערניקן) אין מעטאַפיזיק: אַז אויך אין אים האָט זיך אָנגעצונדן אַ נייע ליכט. אַזוי ווי קופּערניקוס שטעלט זיך פאָר, אַז די באַאָבאַכטער (די מענטשן מיט דער ערד) באַוועגן זיך און די שטערן רוען, אַזוי פּרואווט קאַנט דעם זעלבן עקספּערימענט אין מעטאַפיזיק אָנגעמען, אַז אינעם אויפנעמען פון אָביעקטן זיינען עס די אָביעקטן וואָס פּאַסן זיך צו צום אויפנעמען און ניט די פּער־צעפּציע פּאַסט זיך צו צום אָביעקט.

דער געוויינטלעכער בליק איז, אַז אונדזער פאַרשטאַנד נעמט אויף אַ פּאַסיוון אופן אויף די אָביעקטן, אַז דאָס וואָס מיר רופן אָן חושים־דערפאַרונג, צום ביישפּיל, באַשטייט פון עפּעס, וואָס ווערט אויף אונדז אַרויפגעצוואונגען פון דרויסן. אויב דאָס איז ריכטיק, קענען מיר ניט וויסן קיין זאַך וועגן זאַכן פון דער וועלט אַפּריאָרי, מיר קענען ניט מאַכן קיין אוניווערסאַלע און נויטווענדיקע אורטיילן וועגן זיי; מיר זיינען פּשוט אָפּהענגיק פון די איינדרוקן וואָס מיר קריגן פון דרויסן. לאָמיר זיך אָבער פאַרשטעלן אַז דער אָביעקט (אַלס אַן אָביעקט וואָס פּרעזענטירט זיך צו די חושים) ווערט מאָדעלירט לויט אונדזער פּערצעפּציע, איז דאָס וואָס מיר רופן אָן אונדזער דערפאַרונג וועגן עפּעס אָפּהענגיק פון אונדזער אייגענעם פאַרשטאַנד (מיינד), עס איז אַן עפּעס, וואָס איז שוין געשטאַלטעט (צוגעפּאַסט), אָרגאַניזירט פונעם פאַר־שטאַנד לויט זיינע אייגענע געזעצן: דעמאָלט קענען מיר האָבן אַן אַפּריאָרי וויסן וועגן דעם, וואָס מיר האָבן דערפאַרונג. וויסנדיק די נאַטור פונעם פאַרשטאַנד, די אוניווערסאַלע און נויטווענדיקע אַפּריאָרי פאָרמען פונעם פאַרשטאַנד, קענען מיר וויסן זיינע פּראָדוקטן, די וועלט פון אונדזער אייגענער דערפאַרונג. און מיר קענען נאָך גיין ווייטער: כדי אונדזערע פּערצעפּציעס זאָלן ווערן קאָגנאַציעס, מוז דער סוביעקט זיי נעמען אין פאַרהעלטעניש (ווי פאַרשטעלונגען, אידייעס) צו עפּעס אַלס דער אָביעקט פון די אידייעס, און באַשטימען דעם אָביעקט מיט דער הילף פון די אידייעס. איך קען אָנ־נעמען אַז די אָביעקטן, אָדער וואָס עס איז דאָס זעלבע, די דערפאַרונגען אין וועלכע זיי זיינען באַוואוסט (אַלס געגעבענע אָביעקטן) זיינען צוגעפּאַסט צו די באַגריפן. קופּערניקוס האָט אַוועקגעשטעלט די זון אינעם צענטער פון דער פּלאַנעטן־סיסטעם; קאַנט האָט געמאַכט דעם פאַרשטאַנד פאַרן הערשער אינעם צענטער פון דער סיסטעם פון וויסן.

דער „גליקלעכער געדאַנק" פירט צו וויכטיקע רעזולטאַטן. דערפאַ־רונג זעלבסט איז שוין אַ פאָרמע פון וויסן וואָס פאָדערט פאַרשטאַנד: עס איז אָרגאַניזירט לויט דער סטרוקטור פונעם פאַרשטאַנד. אַ דאַנק דעם פאַקט קענען מיר האָבן אַפּריאָרי וויסן פון אונדזער וועלט פון דערפאַרונג; צו

וויסן, צו פאַרשטיין, מיינט טאַקע די אָרגאַניזאַציע זעלבסט. עס איז ראַציאָ־נאַלע דערפאַרונג דערפאַר, וואָס מיר אַליין האָבן זי ראַציאָנאַליזירט. דאָס דערקלערט די אוניווערסאַליטעט און נויטווענדיקייט אין אונדזער דערפאַרונג. מאַטעמאַטיק איז אַן אוניווערסאַלער און נויטווענדיקער וויסן, ווייל עס איז אַ שאַפונג פון אונדזער פאַרשטאַנד, פונעם אויפנעמענדן אונעם באַגרייפנדן פאַרשטאַנד: די אַנטדעקונג פונעם פאַרשטאַנדס פונקציע. אַזוי פאַרשטייען מיר נאָר דאָס, וואָס דער פאַרשטאַנד טוט: דער פאַרשטאַנד פאַרשטייט זיך אַליין. מיר פאַרשטייען רוים, צייט און קאַוזאַלע רעלאַציעס דערפאַר, וואָס דער פאַרשטאַנד זעלבסט ברענגט די רוימלעכע, צייטלעכע און קאַוזאַלע פאַרבינדונג צווישן זאַכן. די דערפאַרונג זעלבסט איז אין דעם זין די אַרבעט פון אַן אָרגאַניזירנדן פאַרשטאַנד. אָן דער פאַרבינדונג פונעם פאַרשטאַנד וואָלט קיין דערפאַרונג ניט געווען״ (זע קאַנטס קופּערניקאַן רעוואָלושאַן, אינעם בוך עמאַנועל קאַנט, זיין 200־יאָריקער געבורטטסאָג, זז. 203־204).

פונעם אויסצוג קען מען זען ווי קאַנט נעמט לייבניצעס צענטראַלע אידייע, דערהויבט זי צו אַ „קופּערניקאַנישער רעוואָלוציע״ און ענטפערט אויף יומס אויסזעצונגען אין באַצוג צו וויסן. יום האָט אַנגעוויזן, אַז ווען מען נעמט דעם עמפּירישן אויסגאַנגס־פּונקט בלייבט מען ביי איינדרוקן אין שייכות צו דער אויסערלעכער וועלט און ביי געוואוינהייט אין שייכות צום מענטשלעכן וויסן. לייבניץ, קען מען זאָגן, האָט דאָס פאָראויסגעזען נאָך פון לאָקס „עסיי״, האָט ער געענטפערט, אַז ער נעמט ניט אָן דעם „ליידיקן פּאַפּיר״ באַגריף וועגן דעם פאַרשטאַנד; צוזאַמען מיט פּלאַטאָנען (און מיט דעקאַרטן) נעמט ער אָן, אַז דער פאַרשטאַנד האָט אמתן (אייגענע פאָרמען, אָדער קאַטע־גאָריעס). וואָלט ער זיי ניט געהאַט, וואָלט מען ניט געקאָנט פאָרמירן קיין אַלגעמיינע באַגריפן. פאַקטיש אָבער האָט מען יאָ אַלגעמיינע באַגריפן, איז דאָס אַ באַווייז, אַז דער פאַרשטאַנד האָט זיי.

קאַנט איז געווען איינפאַרשטאַנען מיט לייבניצן, זיין דאָגמאַטיזם האָט אים אָבער ניט צופרידנגעשטעלט. ער האָט איינגעזען, אַז מאַכן אַ באַהויפּטונג, אפילו אַן אמתע, מיינט נאָך ניט דעמאָנסטרירן איר אמת: יום האָט אים ניט געלאָזט רוען. די „קופּערניקאַנישע רעוואָלוציע״ איז דער רעזולטאַט. אין דעם אויסצוג פון טיללין געפינט זיך דער צענטראַלער געדאַנק פון דער „רעוואָלוציע״.

ביז קאַנטן האָבן די קאָנטינענטאַלע דענקער פּאַקטיש איגנאָרירט דעם עמפּירישן וויסן (העגעל האָט עס געטאָן אויך נאָך אים). קאַנט האָט אָבער געהאַט אַ חוש פאַר דער עמפּיריק, פאַר דער זינלעכער דערפאַרונג, האָט ער זיך פאַרטראַכט וועגן איר. אין זיין „רעוואָלוציע״ האָט ער זיך אונטערגענומען צו דערווייזן ווי אַזוי דער שאַפנדער פאַרשטאַנד מאָדעלירט די רעאַליטעט, וואָס מען קריגט דורך די חושים.

אַז דער פאַרשטאַנד האָט אמתן וויסן פון דער רעאַליטעט, האָט ער ניט געצווייפלט: אַ סימן איז דער געאָמעטרישער וויסן (ער האָט אָנגענומען אַז יוקלידס געאָמעטריע איז אַן אמתע רעפּרעזענטאַציע פון דער רעאַליטעט. איצט נעמט מען עס ניט אָן). און דאָס איז „אַפּריאָרי״ וויסן (אַ וויסן וואָס דער פאַרשטאַנד שאַפט פון זיך אַליין. אויך דאָס ווערט איצט אָפּגעלייקנט). קאַנטס אויפטו (די „קופּערניקאַנישע רעוואָלוציע״) באַשטייט אין דעם, וואָס

ער האָט איבערגעטראָגן דעם שווערפּונקט פון דער וועלט אַלס פּראָבלעם פון דעם מענטשלעכן וויסן, אויפן שאַפער פון פאַרמען, אויפן פאַרשטאַנד, לויט וועלכן דער אָביעקט פון וויסן (די זאַך) ווערט מאָדעלירט. ס׳האָט געדאַרפט מיינען, אַז אַזוי לאַנג ווי מען האָט אָנגענומען אַז דער פאַרשטאַנד קריגט אַלץ פאַרטיק ווי ס׳איז, קען מען טאַקע ניט וויסן צי דער וויסן איז אַן אמתער, אָדער ניט; מען מוז בלייבן שטיין ביי איינדרוקן באין ברירה. ווייסט מען אָבער אַז דער פאַרשטאַנד אָרגאַניזירט די דערפאַרונג, קען מען שטודירנדיק זיינע געזעצן, אָדער פאָרמען, וויסן דעם אמת פון דעם פּראָדוקט פון דער דערפאַרונג.

קאַנט איז געווען זיכער, אַז ער האָט אויפגעטאָן פאַר דער דערקענטעניש פון דער וועלט דאָס זעלבע, וואָס קופּערניקוס האָט אויפגעטאָן אין דער אסטראָנאָמיע.

כדי אַרויסצוברענגען קלאָר קאַנטס שטאַנדפּונקט און ווי אַזוי אַ רעאַליסט קוקט אויף אים אין דער מאָדערנער צייט, וועט געבראַכט ווערן ב. ראַסעלס קריטישע באַמערקונגען וועגן דעם צענטראַלן געדאַנק. ער זאָגט: „קאַנט האָט אָנגענומען, אַז לויט אונדזער מענטאַלן געבוי האַנדלען מיר מיטן רויען (מאַטעריאַל) פון אונדזערע חושים־איינדרוקן לויט באַשטימטע „קאַטעגאָריעס”; מיר ברענגען אים אריין אין צייט און אין רוים. ביידע, אי די קאַטעגאָריעס, אי די אַראַנזשירונג אין רוים ווערט צוגעטראָגן פון אונדז, און באַלאַנגט ניט צו דער וועלט, וואָס געפינט זיך אויסער אונדז. אָבער אַזוי ווי אונדזער אייגענע מענטאַלע קאָנסטיטוציע איז אַ שטענדיק געגעבענע, זיינען אַלע דערשיינונגען, לויט ווי מען ווייסט זיי, צייט־רוימלעך און אין איינקלאַנג מיט די קאַטעגאָריעס. צווישן די לעצטע (די קאַטעגאָריעס) איז „אורזאַכלעכקייט” די אַמוויכטיקסטע. הגם ס׳איז מעגלעך אַז אין דער נאַטור פאַר זיך איז ניטאָ קיין אורזאַכלעכקייט (אַ פּונקט אין וועלכן קאַנט איז ניט געווען אויסגעהאַלטן אין די אינטערעסן פון מאָראַל), זיינען די דערשיינונגען, די זאַכן, ווי זיי קוקן צו אונדז אויס, קאַוזאַל פאַרבונדן. און הגם ס׳איז ניטאָ אַזאַ עפּעס ווי צייט אין דער רעאַלער וועלט, קוקן צו אונדז אויס זאַכן אַזוי ווי אייניקע פון זיי קומען פריער און אַנדערע שפּעטער. רוים איז אויך פון אונדז געגעבן, דערפאַר קענען מיר וויסן געאָמעטריע אַן דעם שטודיום פון דער אויסערלעכער וועלט... אין דער פראַגע וועגן געאָמעטריע איז צום ערשטן מאָל באַמערקט געוואָרן די שוואַכקייט פון קאַנטס סיסטעם. מען האָט אויסגעפונען, אַז ס׳איז ניטאָ קיין גרונט אָנצונעמען יוקלידס געאָמעטריע פאַר אַן אַבסאָלוטן אמת. פון איינשטיינען אַן האָבן מיר פאָזיטיווע באַווייזן זי צו האַלטן פאַר ניט אַזוי אמתדיק, ווי מען האָט געדענקט פריער. ס׳קוקט אויס, אַז געאָמעטריע איז אויף אַזויפיל אַן עמפּירישע וויסנשאַפט, ווי געאָגראַפיע איז” (זע פילאָסאָפיע, זז. 248־249).

די צוויי אויסצוגן פון טיללי און ראַסעל אַנטהאַלטן אין זיך דעם תמצית פון דער קריטישער פילאָזאָפיע (דער קופּערניקאַנישער רעוואָלוציע) אויף וויפיל זי קען סומירט ווערן דורך אַ פּאָר באַמערקונגען. אין זיי געפינט זיך קאַנטס ענטפער אויף יומס קריטיציזם וועגן קאַוזאַליטעט אין דער נאַטור און דעם מעגלעכן מענטשלעכן וויסן וועגן איר; דער ענטפער אויף דעם וואָס ער רופט אָן צי „סינטעטישער אורטייל אַפּריאָרי” איז מעגלעך. וואָס

ס'דאַרף מיינען אַן אמת, וואָס קומט ניט פון דער דערפאַרונג, זאָל צו דער זעלבער צייט זיין אַן אַבסאָלוטער אמת פון דער וועלט.

דער ענטפער, וואָס ער האָט געגעבן, איז אַ גאַנץ איינפאַכער, ער האָט אים אָבער געגעבן אין אַזאַ קאָמפליצירטער שפראַך, אַז מען האַלט זיך אין איין אַרומקריגן וועגן זיין מיין. דער ענטפער איז, אַז דער פאַרשטאַנד איז ניט קיין פאָטאָגראַפישער אַפאַראַט, וואָס נעמט אַראָפ זאַכן ווי זיי זיינען און די אויסערלעכקייט פרעזענטירט מיט זיך ניט קיין פאַרטיק בילד, וואָס דער פאַרשטאַנד נעמט אויף. די רעאַליטעט (די זאַך ווי זי איז פאַר זיך זעלבסט) גיט בלויז דעם רויען מאַטעריאַל, וועגן וועלכן מען קען גאָרניט זאָגן; מען ווייסט אים ניט. מען ווייסט אים ניט דערפאַר, וואָס דער פאַרשטאַנד באַקליידט אים מיט דרייערליי קליידער און ער אליין, דער פאַרשטאַנד, זעט נאָר די קליידער, וואָס ער טוט אָן דער רעאַליטעט. אויב ריכטיק פאַרשטאַנען, דאַרף עס מיינען, אַז די חושים, די זינלעכע דערפאַרונג, באַקליידן דעם „רויען מאַטעריאַל" (די זאַך ווי זי איז פאַר זיך) מיט צייט־רוימלעכע פאָרמען, זיי, די פאָרמען, באַלאַנגען צום מענטשן און ניט צו דער „זאַך ווי זי איז פאַר זיך". דאָס איז דאָס ערשטע קלייד; נאָכדעם קומט דער פאַרשטאַנד און גיט צו זיינע קליידער: זיינע אייגענע פונדאַמענטאַלע פאָרמען: ווי קוואַליטעטן, רעלאַציעס, קאַוזאַליטעט א. אַז. וו. ערשט נאָכדעם קומט דער אורטייל און גיט צו די „פונדאַמענטאַלע אידייעס". אָט די דאָזיקע דרייגאָרנדיקע געביידע ראַטעוועט עס אי די דערפאַרונג, אי די פונדאַמענטאַלע געזעצן: אַזוי ווי זיי אַלע זיינען פון דעם מענטשן געשאַפענע, זיינען זיי אַלע ריכטיק...

ווען ס'קומט צו דער אָפשאַצונג פון קאַנטן, האַלטן אַ סך ספעקולאַטיווע דענקער אַז ער איז דער גרעסטער דענקער וואָס די מאָדערנע צייט האָט אַרויסגעבראַכט און אַנדערע זיינען איינפאַרשטאַנען מיט בערטראַנד דאָסעל, אַז ער האָט „פאַרפלייצט די פילאָזאָפישע וועלט מיט אַ מישמאַש און מיט אַ מיסטיציזם, פון וועלכן זי הייבט ערשט אָן אַרויסקריכן... לויט מיין מיינונג איז ער געווען ניט מער ווי אַן אומגליק" (זע פילאָסאָפיע, ז. 80).

ווען ס'זאָל זיין מעגלעך אַזאַ פאַראַדאָקסאַלע מיינונג, אַז ביידע אָפשאַצונגען זאָלן זיין ריכטיק, וואָלטן זיי ביידע געדאַרפט אָנגענומען ווערן... אַזוי ווי אָבער די ווידערשפרעכנדע מיינונגען קענען ניט אָנגענומען ווערן, דאַרף מען זיך באַנוגענען מיט אַ פאָר אַלגעמיינע באַמערקונגען. מען וועט העכסט וואַרשיינלעך ניט מאַכן קיין טעות, ווען מען וועט זאָגן, אַז קיין איין פונדאַמענטאַלער געדאַנק וואָס קאַנט האָט פאַרטיידיקט, ווערט איצט ניט אָנגענומען: ס'ווערט ניט אָנגענומען די באַהאַלטענע דרייגאָרנדיקע מיסטעריע פון אַ פאַרשטאַנד, וואָס באַשטייט פון דריי גראַדאַציעס: 1) אַ זינלעכע פאָרמע פון צייט און רוים, 2) קאַטעגאָריעס פונעם פאַרשטאַנד און 3) אידייעס פון אַן אורטיילס־קראַפט. ס'ווערט ניט אָנגענומען ניוטאָנס אַבסאָלוטער רוים און צייט, מיט דעם פאַלט זייער סוביעקטיוויזם: איינשטיינס צייט־רוים, וואָס ענדערט זיך מיט דער שנעלקייט פון באַוועגנדע קערפערס, קען זיך ניט אַריינפאַסן אין קיין פאַרשטאַנד: דער פאַרשטאַנד ווירקט ניט און ווערט ניט באַווירקט פון דער געענדערטער באַוועגונג פון די קערפערס...

ס׳וועט ניט אָנגענומען די טיילונג פון „פענאָמענע", פון וועלכע דער מענטשלעכער וויסן זאָל באַשטיין און „נומענע" (די זאַך ווי זי איז פאַר זיך אַליין), וואָס זאָל זיך געפינען אונטער די „פענאָמענע". ס׳וועט ניט אָנגענומען יומס פּסיכאָלאָגישער אַטאָמיזם, וועלכער האָט געפירט צו סקעפּטיציזם; אָרגאַניזאַציע וועט אָנגענומען ווי אַ פונדאַמענטאַלע אייגנשאַפט פון דער נאַטור און פון דעם מענטשנס וויסן וועגן איר. אויך וועט ניט אָנגענומען אַז אַריסטאָטעל האָט געזאָגט דאָס לעצטע וואָרט אין דער לאָגיק, ווי קאַנט האָט געגלויבט. דאָס אַלץ וועט ניט אָנגענומען. מיט אַנדערע ווערטער: קאַנטס פילאָזאָפיע און דער פונדאַמענט אויף וועלכן ער האָט זי געבויט, וועט ניט אָנגענומען... פונדעסטוועגן קען מען ניט לייקענען, אַז ער איז געווען אַ גאָר טיפער דענקער. ער איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט אונטערוואָרפן דעם פּראָצעס פון וויסן אַ טיפן קריטישן אַנאַליז און האָט אָנגעוויזן אַז די דערקענטעניש פון דער וועלט איז ניט אַזאַ איינפאַכער ענין, ווי מען האָט געדענקט אַז זי איז. קאַנטס גרעסטער פאַרדינסט ליגט אינעם אַנאַליז פונעם וויסנס־פּראָצעס און ניט אין דעם וואָס ער האָט אויסגעפונען, ער ליגט אינעם מעטאָד און ניט אין דעם, וואָס ער האָט אויסגעפונען דורך דעם מעטאָד.

די דערקענטעניש־לערע, וואָס וועט שפּעטער פאַרטיידיקט ווערן, האָט אַ סך צו פאַרדאַנקען קאַנטן, כאָטש ניט דער אָנהויב, ניט דער סוף און ניט אפילו דער מיטן זיינען קאַנטיאַנישע; זיין סוביעקטיוויזים און מיסטיציזם זיינען ניטאָ אין איר. דאָס אַלץ האָט אָבער אַ שייכות צו דער מאָדערנער צייט. אין זיין צייט איז קאַנט געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן אָביעקטיוון אידעאַליזם, וואָס איז געקומען נאָך אים: די מיסטעריע פון „אַ זאַך פאַר זיך אַליין", וועלכע מ׳קען קיינמאָל ניט וויסן פון איין זייט און דער מיסטעריעזער דרייגאָרנדיקער פאַרשטאַנד פון דער צווייטער זייט, האָבן פילאָזאָפיש קיינעם ניט געקענט צופרידנשטעלן.

וואָס אַנבאַלאַנגט דעם אָביעקטיוון אידעאַליזם, איז ער מער אַ פּראָדוקט פון רעליגיע, ווי פון פילאָזאָפיע. פיכטע, שעלינג און העגעל האָבן גראַדואירט גלחים־סעמינאַרן און שלייערמאַכער איז געבליבן אַ גלח. דער ראָמאַנטישער פעריאָד איז געווען מער רעליגיעז, ווי פילאָזאָפיש.

# פּראַגמאַטיזם

באַקלאָגט זיך דער הינדו פילאָזאָף ראַדהאַקראַשנין אַז „אין דער איצטיקער צייט ווערט אַ פילאָזאָפישע סיסטעם ניט געאורטיילט לויט איר אמת, אָדער אָביעקטיוון ווערט, נאָר אויף וויפיל זי איז אין איינקלאַנג מיט די הערשנדע רעליגיעזע מיינונגען. פילאָזאָפישע סיסטעמען, וואָס האַלטן ניט אויס די דאָזיקע פּראָבע, ווערן צוריקגעוויזן אַלס געפערלעכע. זיי ווערן צוריקגעוויזן אַלס פעלערהאַפט ניט דערפאַר, וואָס זיי זיינען ניט אמתדיק, נאָר דערפאַר, וואָס זיי פאַרדאַמען דעם אָפּגאָט פון דער מאַסע און זיי פאַרדאַרבן די יוגנט פונעם לאַנד. דער רעליגיעזער פאַראורטייל האָט אַזוי טיף אַריינגעדרונגען אין דער וועלט פון דער פילאָזאָפיע, אַז אַ קעגנשטאַנד, וואָס וואָלט געדאַרפט זיין דער פרייסטער אין דער וועלט, איז געוואָרן בלינד דורך דעם דעספּאָטיזם פון אַ דאָגמע, אָדער דורך דעם אינסטינקט פון דער מאַסע. דער פילאָזאָפישער געוויסן ווערט אויף אַ שרעקלעכן אופן געאָפּערט צום רעליגיעזן אינסטינקט און דער פרייער פאַרשטאַנד און גייסט איז פאַרביטן געוואָרן דורך שקלאַפישער אימיטאַציע... פילאָזאָפיע איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין א רייע גלויבונגען, וואָס ווערן אָנגעהאַלטן דורך רעליגיע און איז ניט קיין דורכגעטראַכטע מעטאַפיזיק". (זע די ריין אָוו רעלידזשאָן אין קאָנטעמפּאַרארי פילאָסאָפי, זז. 12,10).

אינעם היסטאָרישן איבערבליק האָט מען געקענט באַמערקן דריי פאַזן פון דענקען: 1) די גריכיש־מעטאַפיזישע; 2) די מיטלאַלטער־טעאָלאָגישע און 3) די מאָדערנע, וואָס איז אַ סינטעז פון די צוויי. דער גריכישער דענקען איז געווען א ריין מעטאַפיזישער. די גריכן זיינען געווען ריינע אינטעלעקטואַליסטן, זיי האָבן נאָכגעפאָלגט זייער פרייען אינטעלעקט וואוהין ער האָט זיי געפירט. זיי זיינען אין זייער דענקען ניט געשטערט געוואָרן פון קיין אויסערלעכן פאַקטאָר. אזוי ווי זיי זיינען ניט געווען געצוואונגען צו פאַרטיידיקן קיין זאַך, האָבן זיי אָנגענומען דאָס פאַר רעאַל אמתדיק, וואָס האָט אַפּעלירט צו זייער פאַרשטאַנד.

ווען אַריסטאָטעל איז געדאַנקלעך געקומען צו „אַ באַוועגלאָזן באַוועגער", וועלכער קען זיך ניט באַשעפטיקן מיט קיין אַנדער זאַך, אויסער „טראַכטן זיינע טראַכטונגען", איז עס געווען אַ לאָגישער שלוס פון אַ פרייען דענקען. זיין רעליגיע, אין וואָס זי זאָל ניט געווען באַשטיין, האָט זיך ניט אַריינגעמישט אין זיין פילאָזאָפיע, זי האָט אים ניט געצוואונגען אָנצונעמען „אמתן".

ווען מען קומט צו דער מיטלאַלטער, צום רמב"ם, אַלס ביישפּיל, האָט מען אַ פאַרקערטע דערשיינונג: ער האָט אַן אמת (א רעליגיעזן גאָט מיט

אַ פּאַרטיקער תורה), וועלכן ער מוז פאַרטיידיקן. פאַר אים איז די רעליגיע דער אַבסאָלוטער דיקטאַטאָר; איר אמת מוז ער אָננעמען. מער ווי דאָס, איר אמת ווערט זיין אויסגאַנגס־פּונקט. ווען אַריסטאָטעל שטימט ניט מיט דעם „אמת", איז אַריסטאָטעל דערמיט אַליין פאַלש, ווייל די נביאים האָבן אַ „ספּעציעלן וויסן", וועלכן פילאָזאָפן האָבן ניט... דאָס איינציקע וואָס ער קען טאָן, איז אויף אַ געקינצלטן אופן „וויכער" מאַכן די „האַרטע" פאָרמען פונעם תנ"ך, אַז זיי זאָלן ניט זיין האַמעטנע פאַר אַ פילאָזאָפיש געשטימטן טעאָלאָג. דער „הייליקער" אקווינוס גייט אפילו ניט אַזוי ווייט, ווי דער רמב"ם איז געגאַנגען, ער שלינגט אַראָפּ אלץ וואָס די רעליגיע גיט אים: דרייאייניקייט דאַרף אָנגענומען ווערן אָן וועלכער ס'איז לאָגישער דערקלערונג. און „מלאכים קענען איבערגיין פון איין עק וועלט צו דער צווייטער, ניט דורכגייענדיק דעם צענטער; זיי „קענען לעבן אין א פריער און אין א שפּעטער און ניט דאַרפן לעבן אין דער צווישן־צייט". דאָס אַלץ דאַרף מען אָננעמען דערפאַר, וואָס טאַרטוליאַן האָט געזאָגט: „איך גלויב דערפאַר, וואָס ס'איז אַן אַבסורד". דאָס איז דער צווייטער עקסטרעם, וואו די לאָגיק האָט קאַפּיטולירט...

די דריטע פאַזע פון דענקען האָט זיך אָנגעהויבן מיט דעקאַרטן און האַלט אָן ביז היינטיקן טאָג (אויף איר באַקלאָגט עס זיך ראדהאקראשנין אַזוי). פאָרמעל איז דער דענקען אין היינטיקער צייט אַ פילאָזאָפישער, פאַקטיש איז אָבער אינעם הינטערגרונט באַהאַלטן אַ טעאָלאָגישער מאָמענט. זייער ווייניק דענקער זיינען פריי פון דעם איינפלוס פון דער רעליגיע, און ס'איז אויך ניט קיין חידוש, וואָס די גרויסע מערהייט איז אונטערן איינפלוס פון דער רעליגיע. דער מאָדערנער דענקען איז אַ רעזולטאַט פון אַ רעליגיעזער אַטמאָספערע אין וועלכער די מענטשהייט געפינט זיך פאַר טויזנטער יאָרן. פאַקטיש קריגן אַלע מענטשן (מיט אַ נישטיקן אויסנאַם) אַ רעליגיעזע דערציאונג און לעבן אין אַ רעליגיעזער אַטמאָספערע. דאָס וואָרט אַטעאיסט איז נאָך אַ שימף־וואָרט ביז היינטיקן טאָג; ס'דאַרף, הייסט עס, זיין אַ בזיון ניט צו גלויבן אין גאָט...

איז אַ חידוש וואָס דער דענקען איז דורכגעזאַפּט מיט רעליגיעזן גלויבן? פאַר קיין פאַל ניט. געוויס האָט יעדער איינער אַ רעכט צו גלויבן אין וואָס ער וויל און אויף וויפיל זיין האַרץ פאַרלאַנגט. דאָס איז זיינע אַ פּריוואַטע אָנגעלעגנהייט. דער גלויבן דאַרף אָבער ניט צוזאַמענגעמישט ווערן מיט פילאָזאָפיע, וואָס דאַרף באַשטיין פון ריינעם לאָגישן דענקען. פאַקטיש איז עס אין דער מאָדערנער צייט ניט אַזוי: אפילו ערשט־קלאַסיקע דענקער זיינען אָפט אויף אַזויפיל אונטער דער ווירקונג פון רעליגיע, אַז זיי באַמערקן ניט אַז זיי ריידן ווי טעאָלאָגן.

לויעד מאָרגאַן איז א קלאָרער און אויסגעהאַלטענדער דענקער. ער זאָגט אויסדריקלעך, אַז די אַנטשטייענדע (אימאָרגאַנט) עוואָלוציע, פון וועלכער ער איז דער טעאָרעטיקער, האָט ניט קיין פלאַץ פאַר אַן איבער און אויסער־נאַטירלעכער דערקלערונג פאַרן גאַנג פון דער נאַטור (זע אימורזשענס אָוו נאָוועלטי, זז. 17־18). פונדעסטוועגן שרייבט ער אין בוך נאָכן צווייטן אין וועלכע ער האַלט אין איין ריידן וועגן אַ „געטלעכן צוועק" אין דער נאַטור און וויזט ניט אָן אין קיין איין פלאַץ אָן וואָס אָט דער „געטלעכער צוועק"

באַשטייט. ער זאָגט בלויז, אַז דער וואָס האָט דעם רעליגיעזן געפיל, פאַר דעם איז דאָ אַ געטלעכע קיניגרייך אין דער נאַטור... פאַר דעם וואָס האָט ניט דעם דאָזיקן געפיל, פאַר דעם איז ניטאָ אַזאַ קעניגרייך. דוכט זיך, אַז ס׳דאַרף זיין זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז דער רעליגיעזער גלויבן האָט ניט קיין שום שייכות מיט פילאָזאָפיע און דאַרף אפילו ניט דערמאָנט ווערן אין אַ פילאָזאָפישן בוך.

דאָס זעלבע קען מען זאָגן וועגן אייקענס באַהויפּטונג, אַז „די השערה איז איינמאָל פאַר אַלעמאָל אָנגענומען געוואָרן, אַז אַ ספּיריטועלער לעבן, וואָס באַשטייט פון אַ פאַראייניקטעס גאַנצעס, אַרבעט אין דער טיפעניש פון אונדזער נשמה". אָנגענומען פאר וועמען? פאַר רעליגיע? מעגלעך. אבער וואָס האָט עס צו טאָן מיט פילאָזאָפיע? די מאָדערנע פילאָזאָפיע איז אָבער דורכגעוויקט מיט רעליגיעזע געדאַנקען; דער אידעאַליזם איז טעאָלאָגיש דורך און דורך. דער רעאַליזם באַפרייט זיך צוביסלעך פון דער טעאָלאָגיע, פריי איז ער אָבער אויך ניט, ווי מאָרגאַן דעמאָנסטרירט עס.

אין דער ליכט פון דעם היסטאָרישן איבערבליק וועט העגעל נאָכאַמאָל באַרירט ווערן. ער האָט אין זיך סינטעזירט די גריכישע מעטאַפיזיק, דעם קאָנטינענטאַלן ראַציאָנאַליזם (די ליניע איז פון דעקאַרטן, שפּינאָזען, לייבניצן, וואולף, קאַנט און העגעל) צוזאַמען מיטן קריסטלעכן נעאָ־פּלאַטאָניזם. נאָר אין דער ליכט פון דעם דאָזיקן סינטעז קען העגעל פאַרשטאַנען ווערן. ווייל מען אים אָבער באַטראַכטן פון דעם דאָזיקן פּערספּעקטיוו, דאַרף מען זיך ווענדן צו זיין אָפּהאַנדלונג וועגן דעם קריסטנטום און ניט צו זיין „לאָגיק". אין דער באַטראַכטונג פון דעם קריסטנטום ווייזט ער זיך אַרויס אין זיין ריינער טעאָלאָגישער פאָרמע.

ער זאָגט: „גאָט קען נאָר דערקענט ווערן אַלס גייסט דעמאָלט, ווען ער איז באַוואוסט ווי די דרייאייניקייט. דער נייער פּרינציפּ איז די אַקס אַרום וועלכער די געשיכטע פון דער וועלט דרייט זיך. דאָס איז דער אויסגאַנגס־פּונקט, אַזוי גוט ווי דער צוועק פון דער געשיכטע. די ביבל זאָגט: „ווען די ריכטיקע צייט איז געקומען, האָט גאָט געשיקט זיין זון": דאָס מיינט ניט קיין אַנדער זאַך ווי, אַז דער זעלבסטבאַוואוסטזיין האָט דערגרייכט די פאַזע פון אַנטוויקלונג, וועמענס רעזולטאַט באַשטייט די אידייע פון גייסט, און ער איז געקומען צו פילן די נויטווענדיקייט צו באַגרייפן די פאַזן פולקאָמען". וואָס דאָס מיינט דערקלערט ער אין אַ צווייטן פּלאַץ, ווען ער זאָגט: „דער מענטש זעלבסט ווערט אַזוי אַרום באַגריפן אין דער אידייע פון גאָט און דאָס פאַרשטאַנענע קען אויסגעדריקט ווערן — אַז די איינהייטלעכקייט פון מענטש מיט גאָט איז פעסטגעשטעלט געוואָרן אין דער קריסטלעכער רעליגיע. אָבער די דאָזיקע איינהייט מוז ניט גענומען ווערן אויף אַן אויבערפלעכלעכן אופן, אַז גאָט זאָל ניט זיין מער ווי אַ מענטש, און דער מענטש זאָל, אָן ווייטערדיקע באַדינגונגען, זיין גאָט. איז עס ניט אַזוי: דער מענטש איז נאָר אויף אַזויפיל גאָט, אויף וויפיל ער איז מבטל דאָס בלויז נאַטירלעכע, דאָס באַגרענעצטע אין זיין גייסט און דערהויבט זיך צו גאָט. עס מיינט, אַז עס איז נויטווענדיק פאַר דעם, וואָס נעמט אָנטייל אינעם אמת און ווייסט אַז ער זעלבסט איז אַ טייל, אָדער מאָמענט פון דער הייליקער אידייע, אָפּצוגעבן זיין בלויזע נאַטירלעכע עקזיסטענץ, ווייל דאָס נאַטירלעכע איז דאָס

ניט־ספּיריטואַלע. אין דער גאָט־אידייע קען מען אַזוי אַרום אָפּשאָפן די מחיצה צווישן גאָט און מענטש, וואָס איז געשאָפן געוואָרן דורך זינד און דאָס וועט היילן די ווייטיקן און אינערלעכע ליידן פונעם מענטשן. ווייל די ליידן זעלבסט ווערן פון דעם מאָמענט אָנערקענט פאַרן אינסטרומענט, וואָס איז נויטיק צו ברענגען די איינהייטלעכקייט פונעם מענטשן מיט גאָט. די דאָזיקע אומבאַדינגטע אייניקייט עקזיסטירט אינעם אָנפאַנג אינעם דענקענדן און ספּעקולירענדן באַוואוסטזיין; אָבער עס מוז אויך עקזיסטירן פאַרן סענסואַלן רעפּרעזענטירענדן באַוואוסטזיין — עס מוז ווערן אַן אָביעקט פאַר דער וועלט—עס מוז דערשיינען אין דער סענסואַלער פאָרמע, וואָס זאָל זיין פּאַסיק צום גייסט, וואָס געפינט זיך אינעם מענטשן. קריסטוס איז דערשינען — אַ מענטש וואָס איז גאָט — גאָט וואָס איז מענטש. אַזוי אַרום איז שלום געוואָרן צווישן גאָט און מענטש אויף דער וועלט" (זע פילאָזאָפיע אָוו היס־טאָריע, זז. 319, 324).

דער אויסצוג נויטיקט זיך ניט אין קיינע דערקלערונגען, ער רעדט פאַר זיך זעלבסט. דער אונטערשייד צווישן העגעלן און דעם „הייליקן" טאָמאַסן איז דער, וואָס דער לעצטער נעמט אָן די דרייאייניקייט אָן וועלכע עס איז דערקלערונגען און העגעל פּרואווט זי „ראַציאָנאַליזירן", דער רעלי־גיעזער אַבסורד אַז דריי איז איינס — ווערט פאַרטיידיקט „פילאָזאָפיש". קיין פּרושים זיינען ניט נויטיק... ווען מען פליט אין די הימלען פון דער רעליגיעז־מיסטישער פאַנטאַזיע איז וואָס פאַר אַ ראָלע קען שפּילן דער וויסן וואָס מען קריגט דורך דער זינלעכער דערפאַרונג? איז וואָס דאַרף מען זיך צערעמאָניען מיט די עמפּיריקער, ווי ניוטאָן א. אז וו. ווען אַן עפּל האָט, פאַלנדיק, געטראָפן אין קאָפּ און האָט פון דאָרט „ארויסגעקלאַפּט דעם אמתן וויסן". ניט נאָר דאַרף מען זיך מיט זיי ניט צערעמאָניען, נאָר עס איז זיך אויך ניטאָ וואָס צו צערעמאָניען מיט די געשיכטלעכע פאַקטן, ווי זיי ווערן איבערגעגעבן פון היסטאָריקער; מען דאַרף זיי אויך ענדערן כדי זיי זאָלן שטימען מיטן „גאַנג" פונעם „וועלט־גייסט", ווי ער (העגעל) האָט אים פאַרשטאַנען לויט דער „פאַראויס גייענדער און אַנטוויקלענדער דיאַ־לעקטיק".

זאָגט מאַקס מילער: „עס איז גוט באַוואוסט ווי פאַרפירעריש דער העגעליאַנישער מעטאָד האָט זיך אַרויסגעוויזן; דערפאַר וואָס העגעל האָט באַשטימט צו זען אין דער געשיכטע פון רעליגיע דאָס, וואָס מוז דאָרט זיין לויט זיין בליק אויף דער לאָגישער נויטווענדיקייט אין דער אַנטוויקלונג פון דער אידייע, אויב ניט פון דער פּסיכאָלאָגישער וואַקסונג פונעם מענטש־לעכן פאַרשטאַנד. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז די היסטאָרישע זייט פון העגעלס פילאָזאָפיע פון רעליגיע איז כמעט אינגאַנצן ניט גלויבנסווערט" (זע טהעאָסאָפיע אָר פּסיקאָלאָדזשיקל רעלידזשאָן, אַריינפיר). דאָס האָט געזאָגט איינער, וואָס איז אין אַלגעמיין געווען פריינטלעך צו העגעלן, ער איז אָבער געווען אַ היסטאָריקער האָט ער געוואוסט, אז העגעל איז ניט געווען „גלויבנסווערט"... און די וואָס זיינען ניט געווען פריינטלעך האָבן אויף דער העגעליאַנישער פּראָצעדורע געקוקט ווי אויף אַ משוגעת...

אינעם קאַפּיטל „דער ניינצנטער יאָרהונדערט" אין זיין בוך „סייענס ענד די מאָדערן וואָרלד" זאָגט ווהייטהעד, אז די גרעסטע דערפינדונג פונעם

ניינצנטן יאָרהונדערט איז געווען די דערפינדונג פונעם מעטאָד פון דער־פינדונגען. אַ נייער מעטאָד איז אַריינגעפירט געוואָרן. דערפינדונגען זיינען געמאַכט געוואָרן אויך פריער, דאָס זיינען אָבער געווען צופעליקע דערשיינונגען; אינעם ניינצנטן יאָרהונדערט איז דאָס געוואָרן אַ מעטאָד, וואָס האָט געענדערט דעם אויסזען פון דער וועלט. אי דער טעאָרעטישער מעטאָד פון דער פיזיקאַלישער וויסנשאַפט, אי די פּראַקטישע טעכניק פון דערפינדונגען האָבן געפירט דערצו, אַז דער וויסנשאַפטלעכער באַגריף זאָל זיין אַ שטייף־מעכאַנישער. פון דער צווייטער זייט האָט, לויט זיין מיינונג, דער אָביעקטיווער אידעאַליזם (העגעל) געפירט צו אַ רעליגיעזער אויפוואכונג אין דער ליטעראַטור און אין קונסט. דאָס האָט געפירט, אַז דער תהום צווישן דער וויסנשאפט און דעם ספּעקולאַטיוון געדאַנק זאָל אָנהאַלטן. די וויסנשאַפט איז געווען פּאָזיטיוויסטיש־עמפּיריש און דער ספּעקולאַטיווער געדאַנק אַבסטראַקט־אינטעלעקטואַליסטיש מיט אַ צומיש פון רעליגיעזן מיסטיציזם.

דאָס האָט אָנגעהאַלטן ביז די ביאָלאָגישע וויסנשאַפט האָט פון זיך געלאָזט הערן און, ספּעציעל, ביז דער עוואָלוציע־באַגריף האָט אָנגעהויבן פאַרנעמען דעם אויבנאַן אינעם מענטשלעכן געדאַנק. דער באַגריף פון עוואָלוציע האָט מיט זיך געבראַכט אַ נייעם צוגאַנג צו דערשיינונגען, מען האָט אויף זיי אָנגעהויבן קוקן לויט זייער אַנטוויקלונג און פונקציע. אויך דער מענטש זעלבסט מיט זיין שטאָלצן אינטעלעקט און אפילו זיין וויסן וועגן דער וועלט, האָבן אָנגעהויבן באַטראַכט ווערן פונעם שטאַנדפּונקט פון עוואָלוציע, מען האָט אָנגעהויבן קוקן אויף זיי, ווי אויף אַ פּראָדוקט פונעם עוואָלוציע־פּראָצעס. מען האָט אָנגעהויבן קוקן אויפן אינטעלעקט און אויף דעם וויסן ווי אויף אַן עטוואָס, וואָס איז אַנטשטאַנען און האָט זיך אַנטוויקלט אין צייט אין פאַרבינדונג מיט דער סביבה און פון די נויטן פון לעבן.

די ערשטע דענקער, וואָס האָבן גענומען עוואָלוציע פאַר דעם אויסגאַנגס־פּונקט, זיינען געווען הערבערט ספּענסער, ערנסט העקל, טאָמאַס האַקסלי א. אַז. וו. זייער ווירקונג איז אָבער געווען מער אויף דער אַלגעמיינער געבילדעטער וועלט, ווי אויף די אַקאַדעמישע קרייזן. יעדנפאַלס האָבן זיי נאָך זיך קיין באַדייטנדע פילאָזאָפישע שול ניט געלאָזט; ספּעציעל איז זייער ווירקונג ניט געווען אין דער ליניע וואָס ווערט דאָ נאָכגעפאָלגט: די ליניע איז פונעם אידעאַליזם, דורכן פּראַגמאַטיזם צום רעאַליזם. ווען מען פאָלגט נאָך די ליניע, דאַרף מען נעמען דעם פּראָגמאַטיזם פאַרן אויסגאַנגס־פּונקט; ער איז געווען דער, וואָס האָט אונטערוואָרפן דעם אידעאַליזם אונטער אַ קריטישן אַנאַליז.

וו. דזשיימס, דער פאַקטישער גרינדער פונעם פּראָגמאַטיזם און דער אַקטיווער באַקעמפער פונעם אידעאַליזם, איז געקומען צו דער פילאָזאָפיע דורך דער ביאָלאָגיע, האָט ער איינגעזען אַז דער דיאַלעקטישער מעטאָד איז גענומען געוואָרן פון דער דערפאַרונג; ער איז אָבער באַנוצט געוואָרן אויף אַן אומגעזעצלעכן אופן, אָדער לויט דזשיימס אויסדרוק: אויף אַ ביינדווייליקן אופן. ער זאָגט, העגעל האָט באַמערקט אַז יעדע זאַך ענדערט זיך, ס׳קומט פאַר אַ שטענדיקער „ווערן”; האָט ער גענומען דעם פאַקט פון דער קאָנקרעטער וועלט און האָט אים פאַרביטן מיט די ווערטערלעכע באַגריפן,

וואָס באַצייכענען אים (ער האָט אונטערגעשטעלט די נעמען פאַר די זאַכן און האָט אָפּעדירט מיט דער טערמינאָלאָגיע, ווי זי (די טערמינאָלאָגיע) זאָל זיין די וועלט וואָס ענדערט זיך. אין דעם געדאַנקלעכן פּילפּול האָט ער געזען דעם אַנטוויקלענדן וועלט־גייסט (זע פּלוראַליסטישע יוניווערס, זז. 19־88).

די בייזוויליקייט באַשטייט אין דעם, וואָס „צו אונטערשטעלן אַ נאָמען פון אַ זאַך פאַר איר גופא און אָפּערירן מיטן נאָמען ווי ער זאָל עס זיין די זאַך איז ניט קיין מעטאָד, דורך וועלכן מען קען לייזן פּראָבלעמען". נאָך ערגער איז צו „באַהאַנדלען דעם נאָמען אויף אַן אופן, אַז וואָס ער אַנטהאַלט ניט, איז אויך ניטאָ אין דער זאַך, וואָס ער באַצייכנט" (דאָרטן, ז. 60). אַ ביישפּיל וועט דערקלערן וואָס דאָס מיינט: העגעל נעמט דאָס וואָרט „זיין" (עקזיסטירן) און דעפינירט עס אַזוי, אַז עס מיינט אַ נאַקעטע עקזיסטענץ אָן וועלכע ס'איז אייגנשאַפטן. דער דעפיניציע שטעלט ער אַנטקעגן דאָס וואָרט „ניט זיין" און זאָגט, אַז ווען מען נעמט אַ „הוילן זיין" (אָן אייגנשאַפטן) איז ער גלייך צו „ניט זיין" (גאָרניט). אין דער רעאַליטעט פאַראייניקן זיך די ווי־דערשפּרוכן (דער „הוילער זיין" מיטן „ניט זיין") און פאָרמירן דעם „ווערן", וואָס איז די איינציקע רעאַליטעט אין דער וועלט.

דאָס בייזוויליקע אינעם פּילפּול איז דאָס, וואָס מיט ווערטער פאַר זיך קען מען טאָן וואָס מען וויל, מען קען נעמען דאָס וואָרט „זיין" פאַר זיך און אַוועקטראַכטן דערפון וועלכע ס'איז אייגנשאַפטן און זאָגן, אַז אַזאַ „זיין" (עקזיסטענץ) איז גלייך צו גאָרניט (ניט זיין): דערפאַר איז רעאַליטעט „ווערן". אָבער אין הימלס ווילן! קען מען אַזוי טראַכטן וועגן עקזיסטירנדע זאַכן? קען מען זיי פאַרניכטן דורך דעם, וואָס מען וועט פון זיי אַוועקטראַכטן זייערע אייגנשאַפטן און דערקלערן אַז זיי עקזיסטירן ניט? קען מען דורך אַ דעפיניציע צונעמען פון אַ זאַך אירע אייגנשאַפטן און דערקלערן אַז זי איז גלייך צו גאָרניט (ניט זיין). ס'גלויבט זיך ניט, אַז מען קען זיין ערנסט מיט אַזאַ ווערטער־שפּיל... קומט אָבער ב. ראָסעל און באַווייזט, אַז העגעלס צענטראַלער געדאַנק איז געבויט „אויפן צוזאַמענמיש פונעם וואָרט „איז" ווי אַן אייגנשאַפט (פּרעדיקאַט) מיטן זעלבן וואָרט „איז" ווען ס'באַצייכנט אַן אידענטיטעט. „סאָקראַט איז שטערבלעך" מיינט אַ מענטשלעכע אייגנ־שאַפט צו שטאַרבן און „סאָקראַט איז דער פילאָזאָף" וואָס האָט געטרונקען סם צייגט אָן ווער סאָקראַט איז (אידענטיפיצירט אים). אַ דאַנק דעם צו־זאַמענמיש קומט ביי אים אויס, אַז סאָקראַט און שטערבלעך איז אידענטיש. אָבער זעענדיק אַז זיי זיינען ניט אידענטיש, ציט ער דעם שלוס אַז „זיי זיינען אַן אידענטישקייט אינעם אונטערשייד". סאָקראַט איז אָבער אַ „פּאַר־טיקולאַר" און „שטערבלעכקייט" איז אַן אוניווערסאַל, ווערט דורך דעם זעלבן טעות דער פּאַרטיקולאַר דער אוניווערסאַל. אָבער דאָס מיינט זיך ווידערשפּרעכן, פאַרדעכטיקט ער אַלץ ניט זיין טעות, און סינטעזירט דעם אוניווערסאַל אינעם פּאַרטיקולאַר (דער קאָנקרעטער אוניווערסאַל). אַזוי איז אַן אימפּאָזאַנטע פילאָזאָפישע סיסטעם, ניט באַוואוסטזיניק, געבויט געוואָרן אויף אַ ווערטער־שפּיל („פּאַן"). (זע אר נאלעד. א. עקסט. וואָלרד, ז. 42).

פון דעם קען מען זען, אַז דזשיימס איז גערעכט, ווען ער זאָגט, אַז העגעלן האָט אַרויסגעהאָלפן דאָס „נוצן זאַצן אויף אַ כאַאָטישן אופן, נוצן טערמינען ווי

ס׳מאַכט זיך. זיין אַפּזאָגן זיך צו דערקלערן צי ער רעדט וועגן לאָגיק, פיזיק אָדער פסיכאָלאָגיע. זיין אָנרופן די דערגאַנצונג פון אַ זאַך איר נעגאַציע. זיין מעטאָד זיך אָבזיכטלעך אויסדריקן צווייַדייטיק. דאָס אַלץ מאַכט ווילד, מען פילט ווי אויסרייסן אים, אָדער זיך די האָר פון קאָפּ... ס׳איז אַ פּילפול, וואָס איז ניט מער ווי א ווערטער־שפּיל, א פראַזעאָלאָגיע וואָס פאַרכישופט, מען פלאָפּעלט זי נאָך, ווי זי זאָל עפּעס מיינען״ (96-98).

ער איז פולשטענדיק גערעכט, ווען ער רופט דעם מעטאָד אָן די זינד פונעם אינטעלעקטואַליזם און ער זאָגט זיך אָפּ פון דעם גאַנצן פילפול. ער זאָגט זיך אָפּ ״פון לייזן קאָנקרעטע פּראָבלעמען אויף אַן אַבסטראַקטן אופן דורך פראַזן, פון פאָראויס אָנגענומענע שלוסן, פון פעסטגעשטעלטע פּרינ־ציפּן, פון אָפּגעשלאָסענע סיסטעמען און פון אבסאָלוטן. און ער ווענדט זיך צום קאָנקרעטן, צום געניעם, צו פאַקטן, אַקטיוויטעטן און ווירקונגען. דאָס אַלץ מיינט אויפצוגעבן דעם ראַציאָנאַליזם און זיך ווענדן צו דער הערשאַפט פון דער דערפאַרונג. עס מיינט זיך ווענדן צו דער אָפענער נאַטור און אירע מעגלעכקייטן און אויפגעבן די דאָגמע, דאָס ניט נאַטירלעכע און די פּרע־טענזיע אויף ענדגילטיקע אמתן״ (פּראַגמאַטיזם, ז. 51).

פון די אויסצוגן קען מען זען, אַז דזשיימס איז א היפש ביסל אָנגע־שטויסן אויפן אידעאַליזם און אינטעלעקטואַליזם; ער זאָגט זיך אינגאַנצן אָפּ פון זיי און ווענדט זיך צו דער דערפאַרונג. כדי אָבער צו וויסן וואָס ער פאַרשטייט אונטער דערפאַרונג, איז נויטיק צו וויסן גענוי וואָס ער באַ־קעמפט אינעם אינטעלעקטואַליזם. דאָס דאַרף דערקלערט ווערן.

דעקאַרט האָט פאָסטולירט אַן „איך״ וואָס ברענגט מיט זיך אַ פאַרטיקן וויסן, די איינגעבוירענע אידייעס (אינטעלעקטואַליזם). האָט לאָק אָנגעוויזן, אַז קיין איינגעבוירענע אידייעס זיינען ניטאָ; נאָך דעם „איך׳ס״ וויסן באַשטייט אין וויסן „קאָפּיעס״ פון זאַכן, וואָס געפינען זיך אין דער אויסערלעכער וועלט. לאָק האָט ניט געלייקנט די עקזיסטענץ פון אַ נשמה וואָס ווייסט, ער האָט בלויז געלייקנט, אַז זי ברענגט מיט זיך דעם וויסן. ער האָט אָנגענומען אַז זי קריגט אים פון דערפאַרונג. לאָקס שטאַנדפּונקט האָט געפירט צו יומס סקעפּטיציזם פון איין זייט און צו לייבניצעס אינטעלעקטואַליזם פון דער צווייטער זייט — אַז קיין זאַך איז טאַקע ניטאָ אינעם פאַרשטאַנד, נאָר דער פאַרשטאַנד גופא איז פאַראַן. קאַנט האָט אָנגענומען לייבניצעס שטאַנד־פונקט, ער האָט אָבער דורך זיין דרייגאָרנדיקער געביידע, וואָס ווערט אָנגערופן די קריטיק פונעם ריינעם פאַרנונפט מיט דער „קופּערניקאַנישער רעוואָלוציע״, געפּרוווט ענטפערן אויף יומס סקעפּטיציזם. דער „איך״, וואָס ניט נאָר ער ווייסט, נאָר ער איז אויך אַ שאַפער פון פאָרמען (די קאַטעגאָריעס), איז ביי אים געבליבן. דאָס האָט געמאַכט מעגלעך העגעלן אַ דריי טאָן די געשיכטע אויף צוריק, אַרויסברענגען פון איר דעם „וועלט־גייסט״, פון וועלכן דער מענטשלעכער באַוואוסטזיין איז אַ טייל, וואָס האָט אַ דירעקטן וויסן פונעם „אַבסאָלוט״: דער עמפּירישער וויסן, וואָס קומט דורך די חושים פון דער־פאַרונג, נאָרט אָפּ...

דער פּראַגמאַטיזם איז אַרויסגעקומען קעגן דעם באַהאַלטענעם „איך״, וואָס ווייסט; ער איז אַרויסגעקומען קעגן זיין מער מאָדערנעזירטער פאָרמע, דעם באַוואוסטזיין פאַר זיך. דזשיימס זאָגט: „פאַר די לעצטע צוואַנציק

יאָר צווייפל איך אין דער עקזיסטענץ פון א באַוואוסטזיין, ווי אַן עפּעס פאַר זיך. פאַר די לעצטע זיבן־אַכט יאָר האָב איך דערקלערט מיינע סטודענטן, אַז איך לייקן אָפּ די עקזיסטענץ פון אַ באַוואוסטזיין" (דאעז קאָנשיאָזנעס עקזיסטס? ראַדיקל עמפּיריציזם, ז. 1).

וואָס דזשיימס האָט אָפּגעלייקנט דערקלערט פּערי אין זיין אָפּהאַנדלונג וועגן דזשיימס פילאָזאָפיע. ער זאָגט: „אויב אונטערן עקזיסטענץ פון זאַכן מיינסטו זייער באַזונדער עקזיסטענץ, וואָס טיילט זיי אָפּ פון אנדערע זאַכן, עקזיסטירט ניט קיין באַוואוסטזיין אין דעם דאָזיקן זין" (דזשיימס פילאָסאָפיע, פּרעזענט פילאָסאָפיקל טענדענסיעס, ז. 350). דאָס איז קלאָר, באַוואוסטזיין פאַר זיך עקזיסטירט ניט, עס איז נאָר אַ פונקציע. „דער פאַרשטאַנד", זאָגט ער ווייטער, „איז ניט קרעאַטיוו, זיינע אידייעס זיינען ניט געשאַפן געוואָרן פון אים, נאָר זיי זיינען אויסגעקליבן געוואָרן פון אים. אויף יעדער שטופע פון אַנטוויקלונג, אויף יעדן קאָמפּליצירטן שטאַפּל איז דער פאַרשטאַנד ניט מער ווי אַן אויסקלייבער צווישן די פאַרשיידענע מעגלעכקייטן" (דאָרטן).

דאָס איז דער וויכטיקסטער אויפטו פון די פּראַגמאַטיסטן: זיי האָבן גענומען דעם ביאָלאָגישן אויסגאַנגס־פונקט מיטן עוואָלוציע־באַגריף און האָבן באַוויזן, אַז דער אינטעלעקט זעלבסט איז א פּראָדוקט פונעם עוואָלוציע־פּראָצעס. דורך דעם צוגאַנג האָבן זיי פאַרבונדן דעם אינטעלעקט מיטן אָרגאַניזם ווי אַן אינטעגראַלער טייל פון אים. דואי רופט עס אַן נאַטוראַליזירן דעם פאַרשטאַנד, באַווייזן ווי אַזוי ער איז אַ רעזולטאַט פון דער סביבה און די פאַסירונגען, וואָס קומען אין איר פאָר. ער זאָגט: „אַ גלויבן אין אָרגאַנישער עוואָלוציע, וואָס ווערט ניט אויסגעשפּרייט אויף אַזוי ברייט, אַז דער סוביעקט פון דערפאַרונג און דענקונג און די גאַנצע טעאָריע פון דערפאַרונג און וויסן ווערט ניט אַריינגעבראַכט אין דער ליניע פון ביאָלאָגישע און סאָציאַלע פאַקטן איז ניט מער ווי אַ וויץ" (זע א רעקאָוועריי אָוו פילאָס. אין קרעאַט. אינטעל., ז. 35).

עס מיינט, אַז דער גאַנצער מענטשלעכער אינטעלעקטועלער באַגאַזש דאַרף דערקלערט ווערן אין טערמינען פון עוואָלוציע. דאָס דאַרף דערקלערט ווערן אויף אַן איינפאַכן און פּשוטן אופן: דער מענטש, ווי יעדע חיה, געפינט זיך אין אַ סביבה, וואו ער איז אַרומגערינגלט מיט פאַרשיידענע שוועריקייטן און הינדערנישן. ער מוז פירן אַ קאַמף פאַר זיין עקזיסטענץ אַזוי גוט ווי יעדע חיה. אום צו געווינען דעם קאַמף, האָט ער אַנטוויקלט פאַרשיידענע אייגנשאַפטן, וואָס האָבן געדינט אלס אינסטרומענטן אין זיין קאַמף; אַ דאַנק די אינסטרומענטן איז ער געבליבן לעבן. דער וויכטיקסטער אינסטרומענט, וואָס ער האָט אַנטוויקלט, איז זיין פאַרשטאַנד; אַ דאַנק אים האָט ער געקענט באַקעמפן די שטאַרקערע און פלינקערע חיות און איז ניט נאָר געבליבן לעבן, נאָר ער איז געוואָרן דער הערשער פון דער וועלט...

דאָס געזאָגטע מיינט צוויי זאַכן: 1) מיינט עס, אַז דער אינטעלעקט איז ניט אַן עפּעס וואָס קומט פון ערגעץ אויסער דער נאַטור, נאָר אַז ער איז אַ רעזולטאַט פון עוואָלוציע. ער איז אַרויסגערופן געוואָרן אינעם מענטשן אַלס אַ קאַמפס־מיטל פאַר זיין עקזיסטענץ. דאָס פירט צום 2) אַז ער האָט אַ באַשטימטע און צוועקמעסיקע פונקציע, ער דינט באַשטימטע צוועקן. זיי זיינען פּשוט און איינפאַך: דינען דעם אָרגאַניזם אינעם קאַמף פאַר

זיין עקזיסטענץ. ער איז ניט קיין אַנדער זאַך, ווי אַן אינסטרומענט, וואָס האָט באַשטימטע פונקציעס און דינט קאָנקרעטע און ספּעציעלע נויטן. דאָס איז שוין אַ גאַנץ נייער צוגאַנג צום פאַרשטאַנד: ער איז שוין ניט קיין פרייער פויגל, וואָס קען זיך טאָן וואָס ער וויל, ער קען טראַכטן וועגן דער וועלט און זי פאַרשטיין. דאָס זאָגט דוואי קען דער אינטעלעקט ניט דער־גרייכן. ער זאָגט: „דער פּונקט, וואָס דאַרף פאַרשטאַנען ווערן איז, אַז פילאָזאָפיע וועט דאַרפן אויפגעבן צו פּרעטענדירן, אַז איר ספּעציעלע אויפ־גאַבע איז זיך באַשעפטיקן מיט אַן אולטימאַטיווער רעאַליטעט, אָדער מיט אַ קאָמפּליטער רעאַליטעט" (דאַרטן, 53). זי דאַרף עס אויפגעבן דערפאַר, וואָס דער מענטשלעכער וויסן, געגומען אינעם ברייטסטן זין פון וואָרט, איינשליסנדיק זיין דערקענטעניש פון דער וועלט, באַשטייט פון אַן אינסטרו־מענט פון אַקטיוויטעט, וואָס איז אַ פּראָדוקט פון עוואָלוציע און נאָר אין די גרענעצן פון זיין אַנטוויקלונג און פון זיינע פונקציעס קען דער פאַרשטאַנד עפּעס וויסן.

איז נאַטירלעך די פראַגע, וואָס פאַר אַ וויסן האָט דער עוואָלוציע־פּראָצעס אַרויסגערופן אינעם מענטשן? אין דעם ענטפער אויף דער פראַגע ליגט שוין דער ענטפער אויף דער פראַגע וועגן דעם סכום פונעם מענטש־לעכן וויסן אין אַלגעמיין. ווייל, זאָגן די פּראַגמאַטיסטן, ווען דער וויסן איז ניט מער פון אַן אינסטרומענט, וואָס איז אַרויסגעבראַכט געוואָרן פון קאָנקרעטע סיטואַציעס צו דינען באַשטימטע צוועקן, קען ער ניט איבערשטייגן די גרע־נעצן און סיטואַציעס וואָס האָבן אים אַרויסגעבראַכט.

עס מיינט, אַז דער כאַראַקטער פונעם מענטשלעכן פאַרשטאַנד קען נאָר זיין אַזאַ און די גרענעצן פון זיין וויסן קענען נאָר גרייכן אויף אַזוי ווייט, ווי די פאַקטאָרן וואָס האָבן דעם פאַרשטאַנד און דעם וויסן אַרויסגערופן. דאָס דאַרף זיין אַ פונדאַמענטאַלער באַדינג פון דעם עוואָ־לוציע־פּראָצעס.

איז די פראַגע, אין וואָס באַשטייט דער מענטשלעכער וויסן? און וואו זיינען זיינע גרענעצן? אַן ענטפער אויף דער פראַגע, זאָגן די פּראַגמאַטיסטן, דאַרף מען זוכן אינעם סאָציאַלן מאָמענט, אינעם מענ־טשלעכן געזעלשאַפטלעכן צוזאַמענלעבן. אַזוי ווי דער פאַרשטאַנד האָט זיך אַנטוויקלט אַ דאַנק דעם צוזאַמענלעבן פון אַ גרופּע מענטשן און ער האָט זיך אַנטוויקלט צו דינען די נויטן פון דער גרופּע, ליגט דער כאַ־ראַקטער פונעם וויסן און זיינע גרענעצן אין דער ליניע, וואָס האָט פאַר־בונדן די מיטגלידער פון דער גרופּע.

קאָנקרעט גערעדט, ווען מען וויל פאַרשטיין דעם מענטשלעכן אינטע־לעקט אין אַלגעמיין און דעם מענטשלעכן וויסן פון דער וועלט ספּעציעל, דאַרף מען זיי באַטראַכטן צוזאַמען מיט דער אַנטוויקלונג און פונקציע פון דער שפּראַך־סימבאָליק פון דער גרופּע: שפּראַך איז פונדאַמענטאַל פאַר וויסן אין וואָס דער וויסן זאָל ניט באַשטיין און ווי ווייט זיינע גרענעצן זאָלן ניט גרייכן. ווען מען פאַרשטייט די פונקציע פון שפּראַך, האָט מען דעם שליסל צום פּראַגמאַטיסטס דערקענטעניש־לערע; אָדער בעסער געזאָגט, פאַרוואָס ער זאָגט זיך אָפּ פון אַ דערקענטעניש פון דער וועלט און פאָלגלעך פון אַ דערקענטעניש־לערע...

פיגוראַטיוו געזאָגט, דאַרף עס מיינען, אַז אויב וויסן, גענומען אינעם ברייטן זין פון וואָרט, באַשטייט פון אַן אינסטרומענט, וואָס האָט זיך אַנטוויקלט צו דינען דעם מענטשן אין זיין קאַמף מיט דער סביבה, איז שפּראַך די „כלי", אין וועלכער דער אינסטרומענט ווערט געטראָגן... דער אינ־סטרומענט איז אָבער אַזאַ, וואָס קען אָן דער „כלי" ניט דערקלערט ווערן, ער קען פּשוט ניט געטראָגן ווערן אָן איר. מוז מען זיך באַקענען מיט דער כלי: מען דאַרף באַטראַכטן די פאָרמע דורך וועלכער דער אינסטרו־מענט איז אַרויסגעבראַכט געוואָרן.

עס איז אַ פאַקט, אַז ביז די פּראַגמאַטיסטן זיינען געקומען, האָט מען ניט אָנגעהויבן צו פאַרשטיין די אַנטוויקלונג פון שפּראַך; עס איז געווען איינע פון די טיפסטע סודות, וואָס מען האָט ניט אָנגעהויבן צו פאַרשטיין. די פּראַגמאַטיסטן האָבן געגעבן דעם זין פאַר דער אַנטוויק־לונג פון שפּראַך און די בעהייוועריסטן האָבן אָנגעוויזן אויף דעם מעטאָד ווי אַזוי זי אַנטוויקלט זיך.

אין איר בוך „שפּראַך, איר אַנטוויקלונג און פונקציע" שטעלט זיך דעלאַגונא אויף דעם פּראַגמאַטיסטישן, וואָס איז אויך דער פּראַגמאַטישער (צוועקמעסיקער) שטאַנדפּונקט וועגן דער אַנטוויקלונג און פונקציע פון שפּראַך. זי פרעגט ניט ווי אַזוי שפּראַך איז אַנטשטאַנען; אויף דעם קען מען ניט געבן קיין דירעקטן און פּאָזיטיוון ענטפער. דאָס איז נאָך אַ סוד, אויף וועלכן מען קען ניט ענטפערן. זי פרעגט די פּשוטע פּראַגמאַטישע פראַגע: וואָס טוט שפּראַך? וואָס פאַר אַ פונקציע פירט זי אויס אינעם מענטשלעכן געזעלשאַפטלעכן צוזאַמענלעבן? אין דעם ענטפער אויף דער פראַגע ליגט באַהאַלטן דער ענטפער אויף דער פראַגע ווי אַזוי שפּראַך האָט זיך היסטאָריש אַנטוויקלט.

איר ענטפער איז, אַז „שפּראַך איז די פאַרמיטלערין דורך וועלכער דער מענטשלעכער צוזאַמענלעבן האָט זיך אַנטוויקלט און דער צוזאַמענ־ווירקונג ווערט אַרויסגעבראַכט. שפּראַך איז דער מיטל, דורך וועלכן די געזעלשאַפטלעכע קאָאָפּעראַציע ווערט צוזאַמענגעבראַכט און דורכגע־פירט. שפּראַך איז דער מיטל, דורך וועלכן די פאַרשיידנאַרטיקע מענטש־לעכע אַקטיוויטעטן ווערן קאָאָרדינירט, ווי אַזוי זיי ווערן פאַראייניקט פאַר אַלגעמיינע און פאַר אַלעמען נוצלעכע צוועקן. די הויפּט־פונקציע פון שפּראַך איז ניט צו אַרויסברענגען געפילן, אָדער איבערגעבן איינדרוקן, נאָר אַרויסרופן אַן אָפּקלאַנג פון די אַרומיקע מענטשן, באַאיינפלוסן זייער אַקטיוויטעט און באַציאונג. שפּראַך איז דער מיטל, דורך וועלכן מענטשן ווערן געבראַכט אין אַ נייער לעבנס־נויטיקער פאַרבינדונג מיט דער אויסערער וועלט און וואָס מאַכט פאַר זיי די פאַרהעלטענישן פון דער וועלט אַן אָביעקט פון אָרדענונג" (זע ספּיטש, איטס דעוועלאָפּמענט ענד פונקשאַן, זז. 19־20).

אין דעם אויסצוג וועגן דער פונקציע פון שפּראַך, איז שוין פאַראַן אַן אָנדייטונג אויף איר באַדייטונג פאַרן מענטשלעכן וויסן. זי באַשטייט אין איר סימבאָלישן כאַראַקטער און קאָנקרעטער פונקציע. אונטערן וואָרט סימבאָל ווערט דאָ פאַרשטאַנען אַ כלל־נאָמען פאַר אַ זאַך, אייגנשאַפט, אָדער אַקטיוויטעט, וואָס איז ניט באַגרענעצט מיט קיין איינצל זאַך, אָדער

איינצל דערשיינונג, נאָר האָט אַן אַלגעמיינעם כאַראַקטער. אין אַלגעמיין איז דאָס שוין דערקלערט געוואָרן אינעם ערשטן טייל פון דער אַרבעט, איצט וועט נאָר נויטיק זיין אָנצואווייזן אויף דער פאַרבינדונג פונעם סימבאָל מיט דעם אַלגעמיינעם וויסן, ווען דער סימבאָל ווערט אַן אַבסטראַקטער באַגריף (קאָנצעפּציע).

דזש. דואי זאָגט, אַז: „די דערפינדונג, אָדער די אַנטדעקונג פון סימבאָלן איז, אָן וועלכן עס איז צווייפל, די גרעסטע איינצל פּאַסירונג אין דער מענטשלעכער געשיכטע. אָן זיי וואָלט ניט געווען מעגלעך קיין שום אינטעלעקטועלער פּאָרשריט" (די קוועסט פאָר סוירטענטי, ז. 151). ער איז גערעכט. אָן דעם באַזיץ און אָפּעראַציע פון אַלגעמיינע באַגריפן (סימבאָליק) איז ניט מעגלעך צו דענקען. דואי (און מיט אים די פּראַגמאַטיסטן אין אלגעמיין) גייט פיל ווייטער ווי דאָס; פאַר אים איז דער דענקען אין אַלגעמיין אַן „אַקטיוויטעט סימבאָליש דורכגעפירט... דורך סימבאָלן, צי דורך סימנים, צי דורך ווערטער, אָדער אויף וועלכן עס איז אַנדער וועג, טוען מיר אַן אַרבעט ניט אַרבעטנדיק. עס מיינט, מיר מאַכן עקספּערימענטן דורך סימבאָלן און קריגן סימבאָלישע רעזולטאַטן און מיר פאַרשפּאָרן טאָן די אַרבעט דירעקט און ערשט נאָכדעם אויסגעפינען די רעזולטאַטן. דאָס מאַכט מעגלעך צו קענען זען דעם רעזולטאַט פון אונדזער אַרבעט איידער מיר הויבן זי אָן צו טאָן אין דער ווירקלעכקייט" (דאָרטן). דאָס מיינט, אַז דענקען באַשטייט פון אַן „אַקטיוויטעט", אָבער ניט אַזאַ אַקטיוויטעט ווי ווען מען אַרבעט מיט די הענט און מען קריגט אַ קאָנקרעטן רעזולטאַט פון דער אַרבעט און מען מוז זיך מיט אים האַלטן, ווייל די אַרבעט איז שוין אָפּגעטאָן געוואָרן און דער רעזולטאַט איז שוין אַ פאַרטיקער פאַר די אויגן. דאָס איז אַן „אַקטיוויטעט" בלויז פון דער סימבאָליק (טראַכטן וועגן דער אַרבעט) און „זען" די רעזולטאַטן אויף אַ סימבאָלישן אופן (זיך דערטראַכטן צו די רעזולטאַטן, וואָס מען וועט באַקומען, ווען מען וועט טאָן די אַרבעט). ער זאָגט: „דענקען איז אַן אינסטרומענט וואָס באַשטייט אין לייזן פּראָבלעמען אין אַקטועלע סיטואַציעס" און „דענקען איז ניט קיין אייגנשאַפט פון אַן עטוואָס, וואָס הייסט אינטעלעקט, אָדער פאַרשטאַנד, וואָס קומט פון ערגעץ אויסער דער נאַטור, נאָר עס באַשטייט פון אַ באַשטימטער פאָרמע פון אָפענער אַקטיוויטעט". דאָס מיינט ניט מער און ניט ווייניקער, אַז דער מענטשלעכער דענקונגס־פּראָצעס באַשטייט ניט פון מער ווי פון אַן אַבסטראַאירטער אַקטיוויטעט, אָדער טאָן עפּעס אין געדאַנק, איידער עס ווערט געטאָן מיט די הענט.

מען ווייסט אָבער, אַז אינעם פּראָצעס פון דענקען אַנטשטייען פאַרשיידענע מיינונגען, פּלענער, פאַרשיידענע אידייעס וועגן דעם וואָס מען דענקט; זאָגט דואי אַז: „אידייעס באַשטייען פון פּלענער און פּראָיעקטן, וואָס ווירקן אַז מען זאָל קענען אַרויסברענגען די קאָנקרעטע און עקזיסטירנדע צושטאַנדן", אַז „זיי ווערן אַרויסגערופן אינעם פאַרשטאַנד צוליב פּראַקטישע צוועקן: זייער אורשפּרונג איז די עמפּיריק און זיי באַשטייען פון אָפּעראַציעס, וואָס דאַרפן געמאַכט ווערן". (זע דאָרטן, זז. 112, 138, 166‑167 און ווייטער).

דאָס געזאָגטע איז, דוכט זיך, אַזוי קלאָר, אַז מען קען וועגן דעם קיין טעות ניט מאַכן: עס מיינט, אַז די אַנטוויקלונג פון שפּראַך, איר פונקציע אַלס אַ סימבאָליק אין דער פאָרמע פון דענקען און טראַכטן, אויך די אידייעס, וואָס אַנטשטייען אינעם פאַרשטאַנד, ווען דער דענקונגס־פּראָצעס גייט אָן, אַז זיי אַלע באַשטייען פון סימבאָליזירטע, אָדער אַבסטראַאירטע אַקטיוויטעטן, וואָס זיינען אַרויסגערופן געוואָרן פון אַקטועלע סיטואַציעס פון דער סביבה. אַנשטאָט האַנדלען אין אַ באַשטימטער סיטואַציע, אָפּע־רירט מען פריער מיט דער סימבאָליק (מען דענקט וועגן דער סיטואַציע) און מען זעט פון פאָראויס, וואָס די רעזולטאַטן פון דער אַקטועלער אַרבעט וועלן זיין, ווען מען וועט זי טאָן. געגאַנגען אַ טראָט ווייטער, מיינט עס, אַז דער מענטשלעכער פאַרשטאַנד, מיטן גאַנצן רעפלעקטיוון דענקען, זיינען אינסטרומענטן, וואָס האָבן זיך אַנטוויקלט אינעם מענטשן אַ דאַנק דעם קאַמף וואָס ער האָט געמוזט פירן מיט דער סביבה. אויך איצט באַשטייען זי ניט פון מער, ווי פון אַן אבסטראַאירטער אַקטיוויטעט, אָדער אַ סימ־באָלישער אַקטיוויטעט.

דאָס געזאָגטע מיינט, אַז דער פּראָצעס פון עוואָלוציע האָט ניט נאָר אַרויסגעבראַכט דעם פאַרשטאַנד, נאָר האָט אויך באַשטימט זיין פונקציע און דערמיט שוין באַשטימט די גרענעצן פונעם מענטשלעכן וויסן. דער וויסן איז אַ פּראַגמאַטישער: ער באַשטייט פון „לייזן פּראָבלעמען אין אַקטועלע סיטואַציעס", ניט פון מער. ווען מען טראַכט זיך אַריין אינעם געזאָגטן, קען מען זען, אַז לויט דער אינטערפּרעטאַציע, קען מען נאָר אויף אַזויפיל וויסן פון דער וועלט, אויף וויפיל זי איז אַ טייל פון דער אייגענער אַקטיוויטעט; נאָר אין די גרענעצן פון דער אייגענער אַקטיוויטעט קען מען עפּעס וויסן.

דאָס נויטיקט זיך אין אַביסל קלאָרקייט: עס שטימט אינגאַנצן ניט מיטן אַלגעמיינעם באַגריף פון וויסן. געוויינטלעך, פאַרשטייט מען מיטן וואָרט וויסן, אַז מען שטייט מיטן פּנים צו דער וועלט און וויסן מיינט, וויסן די וועלט אין וועלכער מען לעבט און מיט וועלכער מען איז אַרומגערינגלט. דאָס ווערט אָנגערופן די דערקענטעניש פון דער וועלט. טעכניש ווערט דער קעגנשטאַנד אָנגערופן עפּיסטאָמאָלאָגיע (די לערע פון וויסן). אַזוי האָט מען דעם קעגנשטאַנד אַלעמאָל פאַרשטאַנען; מען האָט פאַרשטאַנען, אַז וויסן מיינט, וויסן עפּעס רעאַל עקזיסטירנדעס: דער מענטש איז אַן עקזיסטירנדער וועזן צווישן אַנדערע פאַרשיידענע עקזיסטענצן און אַז וויסן באַשטייט אין באַווייזן ווי אַזוי די אַנדערע עקזיסטענצן ווערן אויפגענומען פון די חושים און פאַרשטאַנען פון דעם מענטשן. אַזוי האָבן דעם פּראָבלעם פון וויסן אַלע פאַרשטאַנען. ווען מיינונגס־פאַרשיידנהייטן זיינען אַנשטאַנען, האָבן זיי געהאַט אַ שייכות צום פּראָצעס פון וויסן און אין וואָס דער אָביעקט פון וויסן באַשטייט, אָבער ניט אין וואָס וויסן באַשטייט. וועגן דעם זיינען קיין מיינונגס־פאַרשיידנהייטן ניט געווען; אַלע האָבן פאַרשטאַנען, אַז וויסן מיינט וויסן די וועלט און ניט קיין אַנדער זאַך.

קומען איצט די פּראַגמאַטיסטן און זאָגן, אַז ווען מען נעמט אָן דעם ביאָלאָגישן שטאַנדפּונקט און מען נעמט עוואָלוציע פאַר אַן אויסגאַנגס־

פונקט און מען פאַרשטייט די אַנטוויקלונג און פונקציע פון וויסן, קומט מען צו גאַנץ אַנדערע רעזולטאַטן, מען געפינט אויס עפּעס, וואָס מען האָט גאַרניט דערוואַרטעט. דער „עפּעס" וועט געגעבן ווערן אין דואיס אייגענע ווערטער.

ער זאָגט, אַז מען האָט געמאַכט אַ טעות אינעם ענין פון וויסן, מען האָט אים ניט אָנגעהויבן צו פאַרשטיין: מען האָט אָנגענומען אַ „באַאָבאַכטער־טעאָריע פון וויסן. מען האָט אָנגענומען, אַז דער מענטש איז אַ באַאָבאַכטער פון דער וועלט און „אַז אַן אמתער און ריכטיקער אָביעקט פון וויסן באַשטייט פון אַן עפּעס, וואָס האָט עקזיסטירט פריער און אומאָפּהענגיק פון דער אַקטיוויטעט, וואָס ווערט אָנגערופן וויסן. מען האָט אָנגענומען אַ טעאָריע, אַז וויסן מיינט אָנכאַפּן און אָנהאַלטן אַ רעאַליטעט, אָבער ניט אַריינפירן וועלכע עס איז ענדערונג אין דעם פון פריער עקזיסטירנדן צושטאַנד. די דאָזיקע דאָקטרין איז פאַראַנטוואָרטלעך דערפאַר, וואָס מען האָט אָפּגעטיילט וויסן פון פּראַקטי־שער אַקטיוויטעט. אָבער ווען מיר זעען, אַז וויסן באַשטייט ניט פון קיין אַקט פון אַ דרויסנדיקן באַאָבאַכטער, נאָר פון איינעם וואָס נעמט אָנטייל אין דער אינערלעכקייט פון דער נאַטירלעכער און סאָציאַלער אַרענע, דעמאָלט געפינט זיך דער אמתער אָביעקט פון וויסן אין די קאָנסעקווענצן פון דער רעגולירטער אַקטיוויטעט" (דאָרטן, ז. 196).

אין דעם אויסצוג ווערט אָנגעוויזן אין וואָס דער געענדערטער בליק אויף וויסן באַשטייט און אין וואָס אייגנטלעך עס באַשטייט דער מענטשלע־כער וויסן לויט דואין; אָבער עס נויטיקט זיך אים צו דערקלערן, כדי מען זאָל אים געווי פאַרשטיין. אונטער די ווערטער „אַ באַאָבאַכטער־טעאָ־ריע פון וויסן" ווערט פאַרשטאַנען דער געוויינטלעכער בליק אויף דער וועלט, אַז זי עקזיסטירט פאַר זיך און דער מענטש קוקט אויף איר און פּרואווט זי באַנעמען, אָבער ער ענדערט אין איר קיין זאַך ניט. זיין שייכות צו איר איז, ווי דעם פאָטאָגראַפּערס שייכות איז צום בילד, וואָס ער פאָטאָגראַפירט — אַ פּאַסיווע; זי בלייבט נאָכדעם, ווען ער ווייסט פון איר, די זעלבע, וואָס זי איז געווען פריער, איידער ער האָט פון איר געוואוסט. דער מענטש איז ניט מער ווי אַ באַאָבאַכטער פון אַ זעלבסטשטענדיקער עקזיסטענץ. דאָס, זאָגט דואי, איז אַ טעות: דער מענטש איז אַ טייל פון דער נאַטור, ער געפינט זיך אין איר און דער פּראָצעס פון וויסן באַשטייט פון אַן אַקטיוויטעט, פאָלגלעך, דאָס וואָס מען ווייסט (דער אמתער אָביעקט פון וויסן) באַשטייט פון די קאָנסעקווענצן פון דער רעגולירטער אַקטיוויטעט". אונטער די ווער־טער „רעגולירטע אַקטיוויטעט" ווערט פאַרשטאַנען דער מענטשלעכער באַ־וואוסטזיניקער רעאַגירן. דער רעאַגירן ענדערט דאָס פון פריער עקזיס־טירנדע און דער וויסן באַשטייט אין די „קאָנסעקווענצן פון דער רעגולירטער אַקטיוויטעט"...

אָבער כדי צו פאַרשטיין אין וואָס די „קאָנסעקווענצן" באַשטייען, וועט נויטיק זיין אָפּצופרישן אין געדאַנק דעם פּראַגמאַטיסטישן אויסגאַנגס־פּונקט, וועט מען ערשט נאָכדעם קענען פאַרשטיין די „קופּערניקאַנישע רעוואָלוציע" וואָס זיי פירן אַריין. דער פּראַגמאַטיזם, און ספּעציעל דואיס אינסטרו־מענטאַליזם, איז דורכאויס נאַטוראַליסטיש; ער נעמט דעם מענטשן פאַר

א טייל פון דער נאַטור: דער אינטעלעקט, באַוואוסטזיין און וויסן איינגעשלאָסן, האָבן זיך אַנטוויקלט אויף אַ נאַטירלעכן אופן. זיי זיינען אַרויסגערופן געוואָרן פון דער סביבה. דאָס מיינט צוויי זאַכן: 1) אַז די סביבה, גענומען אינעם נאַטוראַליסטישן זין, ווערט גענומען פאַר אַן אויסגאַנגספּונקט און 2) אַז עס איז ניטאָ אַזאַ זאַך ווי באַוואוסטזיין איבערהויפּט ווי אַן עקזיסטענץ פאַר זיך. דער באַוואוסטזיין און וויסן באַשטייען פון פונקציעס, וואָס האָבן זיך אַנטוויקלט אין פאַרבינדונג מיט שפּראַך: עס איז א נאַטירלעכע אַקטיוויטעט, וואָס באַשטייט פון „לייזן פּראָבלעמען אין אַקטועלע סיטואַציעס"; וויסן באַשטייט פון באַוואוסטזיניק ווערן פון דער אייגענער אַקטיוויטעט, וואָס ענדערט דאָס פון פריער עקזיסטירנדע.

איצט צו דער „קופּערניקאַנישער רעוואָלוציע" (שוין די צווייטע, די ערשטע האָט קאַנט געמאַכט). זי וועט געגעבן ווערן אין דואיס ווערטער.

ער זאָגט: „דער מיין פון דער קופּערניקאַנישער ענדערונג איז, וואָס מיר דאַרפן ניט גיין צום וויסן אום צו קריגן אַ ספּעציעלן אַנהאַלט אין דער רעאַליטעט. די וועלט, ווי מיר האָבן פון איר דערפאַרונג, איז אַ רעאַלע וועלט. זי איז אָבער אין אירע פונדאַמענטאַלע פאַזן ניט אַ וועלט וואָס איז באַוואוסט, אַ וועלט וואָס קען פאַרשטאַנען ווערן און וואָס איז אינטעלעקטועל צוזאַמענגעבונדן און זיכער. וויסן (קאָגנאַציע) באַשטייט פון אָפּעראַציעס וואָס גיבן אַ פאָרמע דעם אָביעקט פון דערפאַרונג אין וועלכער די פאַרהעלטנישן, פון וועלכע דער ווייטערדיקער לויף הענגט אָפּ, קריגן אַ מער געזיכערטע דערפאַרונג. וויסן צייכנט אָן אַן ענדערנדע נייע דירעקציע און אַ נייע אָרדענונג אינעם רעאַלן. וויסן איז אַ פאַרמיטלער און דינט אַלס אינסטרומענט; עס קומט צווישן אַ צופעליקער און גלאַט אַ דערפאַרונג פון עקזיסטענץ און איינער וואָס איז זיכער און פעסטגעשטעלט דער ווייסער איז אין דער אינערלעכקייט פון דער וועלט פון עקזיסטענץ; זיין וויסן, ווי אַ דערפאַרונג, באַשטייט פון אַ קעגנזייטיקער ווירקונג פון איין עקזיסטענץ מיט אַנדערע עקזיסטענץ. עס איז אָבער פאַראַן אַ זייער וויכטיקער אונטערשייד צווישן אים און אַנדערע עקזיסטירנדע קעגנווירקונגען. דער אונטערשייד איז ניט אַזאַ, וואו אין איין פאַל זאָל זיך האַנדלען וועגן עפּעס וואָס קומט פאַר צווישן די טיילן פון דער נאַטור גופא און אינעם צווייטן וועגן עפּעס וואָס קומט פאַר אויסער איר, נאָר אין איין פאַל האַנדלט זיך וועגן ניט קיין קאָנטראָלירטן גאַנג און אינעם צווייטן קומט פאָר אַ קאָנטראָלירטער גאַנג פון ענדערונגען. אינעם קאָגניטיוון פּראָצעס, ווערט פון אורזאַכן מיטלען און רעזולטאַטן ווערן פאַרוואַנדלט אין קאָנסעקווענצן, און א דאַנק דעם קריגן זאַכן אַ מיין. דער אָביעקט, וועלכן מען ווייסט, באַשטייט פון דער פריעריקער זאַך, וואָס איז איבערגעאַנדערשט געוואָרן אַבזיכטלעך און ער ווערט אַן אָביעקט וועמענס ווערט עס ווערט געמאָסטן דורך דעם איבערבוי וואָס ער פירט דורך. ער קומט אַרויס, אַזוי צו זאָגן, פונעם פייער פונעם עקספּערימענטאַלן געדאַנק, ווי אַ געלייטערטער מעטאַל קומט אַרויס פון אַ קאַלך־אויוון. עס איז דער זעלבער אָביעקט, אָבער דער זעלבער מיט אַן אונטערשייד; ווי אַ מענטש וואָס האָט דורכגעלעבט אַ פּאַסירונג, וואָס האָט אים אויפגעטרייסלט, איז טאַקע דער זעלבער מענטש אָבער ער איז אַן אַנדער מענטש" (דאָרטן, זז. 295־296).

אין דעם אויסצוג איז פאַראַן דער קווינטעסענץ פונעם פּראַגמאַטיזם, צו וועלכן דואי האָט אים דערפירט (אינסטרומענטאַליזם); אָבער אים צו דערקלערן איז שוין גאָרניט אַזוי לייכט. דואיס שפּראַך איז ווייט ניט קיין לייכטע, זיינע געדאַנקען זיינען פאַרוויקלט איינער אינעם אַנדערן און דאָס געזאָגטע איז אַן אָפּשלוס (די גיפאָרד לעקציעס) פון זיין פילאָזאָפיע, איז נאַטירלעך אַז עס זאָל זיין שווער, אי אין אינהאַלט. אי אין דער פאָרמע.

ער הויבט אָן מיט דער עקזיסטענץ פון דער וועלט אין דער פאָרמע פון דערפאַרונג אַלס רעאַליטעט. דאָס איז זיין אויסגאַנגס־פונקט. די „קאָ־פּערניקאַנישע רעוואָלוציע" באַשטייט אין דעם, וואָס די וועלט איז אַלס עקזיסטענץ ניט קיין אָביעקט פון וויסן; זי איז ניט אַזאַ „וואָס איז באַקאַנט וואָס מען קען פאַרשטיין און וואָס האָט אַן אינטעלעקטועלן צוזאַמענבונד און זיכערקייט". מען קען זי ניט וויסן דערפאַר, וואָס וויסן באַשטייט „פון קעגן־ווירקונגען, וואָס גיבן דעם אָביעקט פון דערפאַרונג אַ פאָרמע... לויט וועלכן מען קריגט אַ מער געזיכערטע דערפאַרונג". עס מיינט אַז „עס פירט אַריין אַ נייע אָרדענונג אין דער רעאַליטעט... עס דינט אַלס אינסטרומענט, וואָס מאַכט פון צופעליקער דערפאַרונג אַ באַשטימטע דערפאַרונג".

איינפאַך מיינט עס, אַז דער מענטשלעכער דענקען און טראַכטן באַשטייט פון אַן אַקטיוויטעט, וואָס הגם עס איז אַרויסגערופן געוואָרן פון דער סביבה, איז עס אָבער אַזאַ אַקטיוויטעט, וואָס פירט אַריין אַן ענדערונג אינעם פון פאַראויס עקזיסטירנדן. דער וויסן, אָדער די קאָגנאַציע, באַשטייט אינעם ווערן באַקאַנט מיט אַט דעם געענדערטן צושטאַנד, וואָס מען האָט אַליין אַריינגעפירט. עס איז די זעלבע זאַך, ווי מען זאָל עפּעס ענדערן מיט די הענט און מען זאָל נאָר וויסן ווי עס קוקט אויס די געענדערטע זאַך און ניט ווי זי האָט אויסגעקוקט, איידער מען האָט זי געענדערט. דואי פאַרגלייכט דעם עצם פון קאָגנאַציע מיט דעם, וואָס אַן עקספּערימענטאַלער וויסנשאַפטסמאַן קריגט פון דעם מאַטעריאַל מיט וועלכן ער עקספּערימענטירט. דער וויסנ־שאַפטסמאַן נעמט אַ פאַרטיקן מאַטעריאַל און מאַכט פאַרשיידענע עקספּע־רימענטן און טעסטן אויף אים. זיין וויסן באַשטייט פון ענדערונגען, וואָס ער פירט אַריין דורך די עקספּערימענטן. זיין באַשרייבונג באַשטייט פון דעם געענדערטן צושטאַנד, וואָס ער אַליין האָט אַרויסגעבראַכט און ניט פון דעם וואָס איז געווען פריער: דאָס פּריעריקע נעמט ער פאַר געגעבענעס און קוקט אויף דעם, וואָס עס ווערט דערפון. דערפאַר רופט ער דעם מענטשלעכן וויסן אַן „לייזן פּראָבלעמען אין אַקטועלע סיטואַציעס", וואָס עס מיינט נעמען אַ ריי פאַקטן און פון זיי אויסגעפינען די רעזולטאַטן צו וועלכע זיי פירן: דער וויסן באַשטייט פון די אויסגעפונענע רעזולטאַטן. אַזוי ווי דאָס אַלץ ווערט געטאָן אַבזיכטלעך אויף אַ באַוואוסטזיניקן אופן, הייסט עס, אַז די ענדערונגען זיינען קאָנטראָלירטע, און פון אַ צופעליקער דערשיינונג, ווערט אַ באַשטימטע און געזיכערטע דערפאַרונג. אין דעם באַשטייט דער אונטער־שייד צווישן דעם מענטשנס קעגנזייטיקער ווירקונג אין דער סביבה און דער קעגנזייטיקער ווירקונג פון אַנדערע צוויי עקזיסטענצן. ער, דער מענטש איז אַן אַקטיווער אַגענט, ווערט ער אינפאָרמירט וועגן דער ענדערונג וואָס ער פירט אַריין אין דער סביבה.

אָבער, וועט מען פרעגן, אין וואָס באַשטייט פּאָרט דער מענטשלעכער וויסן? וואָס ווייסט דער מענטש? ענטפערט דוּאי, ניט די נאַטור ווי זי איז פאַר זיך. דאָס ווייסט מען ניט און מען קען עס אויך ניט וויסן, נאָר ווי זי „קומט אַרויס פונעם פייער פונעם עקספּערימענטאַלן געדאַנק, ווי אַ געליי־טערטער מעטאַל קומט אַרויס פון אַ קאַלך־אויוון". קאָנקרעט רופט ער עס אָן, אַז ער האָט אַ באַשטימטע און געזיכערטע דערפאַרונג. אונטערן וואָרט דערפאַרונג פאַרשטייט ער אַלע מעגלעכע מענטשלעכע דערפאַרונגען פון דער נאַטור אין וועלכער דער מענטש איז אַן אַקטיווער אַגענט און „ענדערט דאָס געגעבענע". אַז דאָ דרייט מען זיך אין אַ פאַרכישופטן קרייז, פון וועלכן מען קען זיך ניט אַרויסדרייען, איז קיין פראַגע ניט: ווען מען ענדערט די נאַטור דורך דעם וויסנס פּראָצעס, קען מען ניט וויסן ווי זי איז פאַר זיך; עס איז די זעלבע זאַך, ווי מען זאָל וועלן כאַפּן דעם אייגענעם שאָטן נאָכ־לויפנדיק אים...

ווען דער שרייבער פון די שורות האָט געפרעגט דעם באַוואוסטן פילאָזאָף, מאָריס קאָהען, וואָס מיינט דוּאי מיטן וואָרט נאַטור? האָט ער געענטפערט: „איך ווייס ניט און איך דענק ניט, אַז אימיצער ווייסט". אין זיין בוך „ריזאָן ענד נייטשור" (דער פאַרשטאַנד און די נאַטור) זאָגט מאָריס קאָהען: „נוצן דאָס וואָרט דערפאַרונג אַן וועלכער עס איז מעגלעכ־קייט צו באַשטימען זיין מיין, איז פּילייכט דער גרעסטער סקאַנדאַל אין דער מאָדערנער פילאָזאָפיע... דער אַבסורד פון אידענטיפיצירן די גאַנצע נאַטור מיט אונדזער ביסל דערפאַרונג פון איר, איז ניט פאַרשטענדלעך אין צוויי וועגן: 1) מען מישט צוזאַמען די נאַטור מיט אונדזער מעגלעכער דערפאַ־רונג און 2) מען שפּרייט אויס דאָס וואָרט דערפאַרונג אַזוי, אַז עס שליסט ניט אויס קיין שום זאַך, דערפאַר האָט עס ניט קיין באַשטימטן מיין" (452־453).

אָבער פונדעסטוועגן דאַרף מען מאַכן אַ פּרוּוו צו פאַרשטיין וואָס ער מיינט מיטן וואָרט דערפאַרונג, פון וואָס דער מענטשלעכער וויסן באַשטייט לויט דעם פּראַגמאַטיזם (אינסטרומענטאַליזם). אינעם געוויינטלעכן געברויך מיינט דאָס וואָרט דערפאַרונג לערנען עפּעס פון אַ פּאַסירונג. ווען מען זאָגט, אַז מען האָט געקראָגן דערפאַרונג, מיינט עס, אַז מען ווייסט איצט מער, ווי מען האָט פריער געוואוסט. דערפאַרונג אין דעם זין האָט אַ שייכות צום מענטשלעכן פאַרשטאַנד, צו זיין אינטעלעקטועלן באַנעם. דוּאי מיינט ניט דאָס מיט דערפאַרונג; פאַר אים מיינט דערפאַרונג די פּאַסירונג, גע־נומען צוזאַמען מיט אַלע פאַקטאָרן וואָס זיינען איינגעשלאָסן אין איר, מיטן צוגאָב פונעם מענטשלעכן רעאַגירן צו דער פּאַסירונג: דאָס פּרעזענטירנדע צוזאַמען מיט דער ענדערונג, וואָס דער מענטש פירט אַריין אין דעם. אָבער אַזוי ווי דאָס, מיט וואָס מען האָט אָנגעהויבן, ווייסט מען ניט, ס׳איז ניט קיין אָביעקט פון דערפאַרונג, קען מען נאָר וויסן די געענדערטע רעאַליטעט (דערפאַרונג) און ניט ווי זי איז פאַר זיך... ווי זאָגט פּראָפעסאָר ראָבינסאָן: „דער שאָטן פון קאַנטס זאַך ווי זי איז (דינג אַן זיך) פאַרפאָלגט די פּראַגמאַ־טיסטן"...

פונדעסטוועגן דאַרף מען ניט צוזאַמענמישן דוּאיס שטאַנדפּונקט מיט דעם, וואָס קאַנט האָט פאַרטיידיקט: זיי זיינען אין קעגנזאַץ איינער צום צווייטן. קאַנטס אויסגאַנגס־פּונקט איז געווען אַן אינטעלעקטואַליסטישער,

ער האָט אָנגעהויבן מיט אַ נשמה, וואָס פאַרמירט פון זיך אַליין פאַרשיידענע קאַטעגאָריעס, די נאַטור איז ביי אים געבליבן ביים „דינג אן זיך", פון וועלכן העגעל האָט געמאַכט אַ „וועלט־גייסט". די פּראַגמאַטיסטן אָבער זיינען נאַטוראַליסטן, זיי הויבן אָן מיט דער אַקטועלער נאַטור און זיי דערקלערן דעם מענטשלעכן פאַרשטאַנד אַלס רעזולטאַט פון דער ווירקונג פון דער סביבה: זיי זיינען אַנטי־אינטעלעקטואַליסטיש: זיי האָבן געפירט צו רעאַליזם.

דאָס ביז אַהער געזאָגטע שעפּט נאָך ניט אויס דעם אינהאַלט פון אויסצוג פון דואין. דאָס געדיכטע דאַרף ערשט באַהאַנדלט ווערן; דואי זאָגט, אַז דער וואָס ווערט אינפאָרמירט (דער מענטש) געפינט זיך אין דער אינערלעכקייט פון דער וועלט, פון וועלכער ער איז אַ טייל. זיין וויסן, אַלס אַ דערפאַרונג, באַשטייט פון א קעגנזייטיקער ווירקונג פון איין עקזיסטענץ מיט אַנדערע. עס איז אָבער פאַראַן אַן אונטערשייד צווישן זיין רעאַגירן צו דער סביבה און דער קעגנזייטיקער ווירקונג, וואָס קומט פאָר צווישן אַנדערע עקזיסטענצן. אין זיין פאַל מאַניפעסטירט זיך די ווירקונג דורך דעם, וואָס „אורזאַכן ווערן פאַרוואַנדלט אין מיטלען און פון פאָלגן ווערן געצויגענע שלוסן. אַ דאַנק דעם פאַקט קריגן פאַסירונגען אַ מיין פאַרן מענטשן".

אויך דאָס נויטיקט זיך אין אַ דערקלערונג, בעסער געזאָגט, ערשט דאָס נויטיקט זיך אין אַ דערקלערונג. די פּראַגמאַטיסטן זיינען אויסגעהאַלטענע מאָניסטן, זיי זאָגן זיך אָפּ פון צעשפּאַלטן די נאַטור אויף אַ פיזישער נאַטור און אַ פּסיכישער נאַטור. די נאַטור איז איינהייטלעך און דער מענטשלעכער פאַרשטאַנד איז אַ נאַטירלעכער פּראָדוקט אין איר. דאָס האָט שוין געזאָגט דזשיימס, ווען ער האָט געלייקנט די עקזיסטענץ פון אַ באַוואוסטזיין פאַר זיך און האָט אָנגענומען, אַז באַוואוסטזיין באַשטייט פון אַ פּראָצעס, וואָס קומט פאָר אינעם אָרגאַניזם. דואי גייט נאָך ווייטער, ער נאַטוראַליזירט דעם פאַרשטאַנד, ער דערקלערט אים ווי א פּראָדוקט פונעם עוואָלוציע־פּראָצעס: דער פאַרשטאַנד איז אַ רעזולטאַט פונעם קאַמף פאַר דער עקזיסטענץ. מיט אַנדערע ווערטער, די נאַטור איז איינע, דער מענטש איז אַ טייל פון איר. די אַקטיוויטעט, וואָס קומט פאָר אין דער נאַטור איז אויך איינע. נאָר דער מענטש ווערט באַוואוסטזיניק פון דער אייגענער אקטיוויטעט, רעגולירט ער זי.

דעם פּונקט דערקלערט ער קלאָר אויף אַ פּלאַץ, וואו ער ווייזט אָן פאַרוואָס זיין ענדערונג דאַרף אָנגערופן ווערן די „קאָפּערניקאַנישע רעוואָלוציע" און ניט קאַנטס. קאַנט, זאָגט ער, האָט ניט געמאַכט קיין שום רעוואָלוציע, ער האָט בלויז אריינגעפירט אַ נייע אויסטייטשונג אין די אַלטע פאַקטן. פונדאַמענטאַל איז אָבער אַלץ געבליבן ווי פריער; זיין ענדערונג, ווייזט ער אָן, איז פון אַ רעוואָלוציאָנערן כאַראַקטער, ווייל, אי דער פאַרשטאַנד, אי זיין פונקציע ווערט געענדערט. ער זאָגט: „לויט דעם אַלטן באַגריף (קאַנטן איינגעשלאָסן) האָט דער פאַרשטאַנד (מיינד) געוואוסט אַ דאַנק דעם, וואָס ער איז געווען באַוואָפנט מיט אַן אייגענער און באַזונדערער מאַכט, וואָס איז געווען פולקאָמען פאַר זיך. ער האָט געווירקט אויף אַן עקזיסטירנדן אויסערלעכן מאַטעריאַל, וואָס איז אויך געווען פולקאָמען פאַר זיך. לויט דעם נייעם באַגריף איז ניטאָ קיין אָפּגעשלאָסענע צענטערן; די ווירקונגען און קעגנווירקונגען קומען פאָר לויט דעם גאַנג פון דער נאַטור, וואָס איז אויך ניט פיקסירט און פולקאָמען, נאָר וואָס האָט די מעגלעכקייט

צו פירן אין נייע ריכטונגען און ארויסברייננגען אַנדערע רעזולטאַטן, דורך דעם אריינמישן זיך פון באַוואוסטזיניקע אַביזיכטן. ניט דער איך און ניט די וועלט, ניט די נשמה און ניט די נאַטור (אינעם זין פון עטוואָס איזאָלירטעס און פאַר־ענדיקטעס אין דער אייגענער אָפּגעזונדערטקייט) איז דער צענטער פון אַ באַזונדערן איינצלנעם אוניווערסאַלן און אָפּגעשלאָסענעם נאַטור־צענטער, וואָס אַלץ זאָל זיך אַרום אים דרייען. וואָס עס עקזיסטירט באַשטייט פון אַ באַוועגנדער גאַנצקייט אין וועלכער אַלע טיילן זיינען אין קעגנווירקונג צווישן זיך. אַ צענטער אנטשטייט דאָרט, וואו עס ווערט געמאכט אַ פאַרזוך צו אַריינפירן אַן ענדערונג אין וועלכער עס איז ריכטונג" (דאָרטן, זז. 290־291).

ווי מען קען זען, נעמט ער דעם מענטשן מיט זיין פאַרשטאַנד, פאַר אַן אינטעגראַלן טייל פון דער נאַטור. ער האָט זיך אַנטוויקלט און האָט אַנטוויקלט אַ פאַרשטאַנד דורך זיין אַקטיוויטעט אין אַ סביבה, וואָס איז אויך ניט אָפּ־געשלאָסן און פאַרטיק איינמאָל פאַר אַלעמאָל. די נאַטור, איינשליסנדיק דעם מענטשן מיט זיין פאַרשטאַנד, געפינט זיך אין אַ דינאַמישן צושטאַנד. דער מענטש מיט זיין פאַרשטאַנד איז ניט מער ווי אַ צענטער אין וועלכן די אַלגעמיינע נאַטור אַקטיוויטעט ווערט רעגולירט. דער מענטש טוט עס אויך אַ באַוואוסטזיניקן אופן.

דואי לייקנט ניט אָפּ דעם פאַקט, אַז דער מענטש איז אַן אַגענט מיט אַ זעלבסטשטענדיקער אַקטיוויטעט; ער באַנוצט בלויז אַן אַנדער טערמי־נאָלאָגיע; ער רופט אים אַן א צענטער פון קאָנטראָלירטער און רעגולירטער אַקטיוויטעט, וואָס פירט אַריין אַן ענדערונג אינעם גאַנג פון די פּאַסירונגען. אַזוי אַרום דענקט ער, אַז ער מיידט אויס „אַן אוניווערס וואָס איז צעשפּאָלטן אויף צוויי באַזונדערע ספערן, אויף צוויי באַזונדערע עקזיסטענצן: איינע אַ פיזישע און די צווייטע אַ פּסיכישע. און אַז די צוויי פולשטענדיק באַזונדערע ספערן פון עקזיסטענץ, הגם זיי זיינען פולשטענדיק פאַרשידן איינע פון דער צווייטער, זאָלן פּינקטלעך און פולקאָמען האַרמאָנירן צווישן זיך" (זע דואי, עקספּירענס ענד נייטשור, ז. 297).

„אויב", זאָגט ער, „אַזאַ ענדערונג אין דער טיף, דער ברייט און באַדײַ־טונג באַשטייט ניט פון קיין ענדערונג, וואָס קען פאַרגליכן ווערן מיט קופּער־ניקוס רעוואָלוציע, הויב איך ניט אָן צו פאַרשטיין וואו אַזאַ ענדערונג קען געפונען ווערן, אָדער וואָס עס וואָלט אין זיך געדאַרפט אַנטהאַלטן". (זע די קוועסט פאַר סוירטענטי, ז. 290).

כדי קלאָר אַרויסצוברענגען דעם בייטראַג פונעם פּראַגמאַטיזם, אַזוי גוט ווי די רעזולטאַטן, צו וועלכע ער האָט געפירט, וועלן אונטערשטראָכן ווערן זיינע הויפּט־מאָמענטן. ער האָט זיך געשטעלט אויפן ביאָלאָגישן שטאַנד־פּונקט און האָט גענומען דעם צענטראַלן געדאַנק פון עוואָלוציע פאַר זיין אויסגאַנגס־פּונקט: דער מענטש האָט אַנטוויקלט אַ פאַרשטאַנד, וואָס איז זיין אינסטרומענט אינעם קאַמף פאַר זיין עקזיסטענץ. דער פאַרשטאַנד קריגט אַזוי אַרום אי אַ נאַטירלעכן אורשפּרונג, אי אַ נאַטירלעכע פונקציע — ער דינט די לעבנס־אינטערעסן. דער באַוואוסטזיין, אַזוי גוט ווי דער וויסן (קאָגנאַציע), באַשטייען פון אַן אַקטיוויטעט וואָס קומט פאַר אינעם מענטשן אַלס אַ צענטער פון אַקטיוויטעט און דערפאַר באַשטייט דענקען „פון לייזן פּראָבלעמען אין אַקטועלע סיטואַציעס" און אידייעס, וואָס אנטשטייען אינעם

פאַרשטאַנד, באַשטייען פון פלענער פאַר אקטיוויטעט. דואי פירט אויס, אַז מען האָט געמאַכט אַ היסטאָרישן טעות, ווען מען האָט געדענקט אז וויסן מיינט וויסן אַ רעאַליטעט, מען האָט זיך פשוט אָפּגעגאַרט אין דער פונקציע פון וויסן. מען קען אַזוי וויסן דעם עצם פון דער רעאַליטעט ווי, ווען אַ קאַלך־אויוון וואָלט געהאַט אַ באַוואוסטזיין, וואָלט געקענט וויסן די נאַטור פונעם רויען מאַטעריאַל, לויט דעם פאַרטיקן מאַטעריאַל וואָס ער אליין האָט געענדערט, ניט וויסנדיק אפילו אַז ער האָט אים געענדערט...

עס דאַרף נאָכאַמאָל אונטערשטראָכן ווערן, אַז די פּראַגמאַטיסטן לייקענען ניט אָפּ די רעאַליטעט פון דער וועלט, זיי קענען זי ניט אָפּלייקענען: זיי זיינען נאַטוראַליסטן, זיי הויבן פון איר אָן און זיי האַלטן אין איין באַווייזן, אַז דער מענטשלעכער פאַרשטאַנד האָט זיך אַנטוויקלט אַ דאַנק דער נאַטירלעכער סביבה. אזוי אַז עס איז ניט קיין פראַגע וועגן לייקענען עפּעס: „די וועלט פון דערפאַרונג איז אַ רעאַלע וועלט, זי איז אָבער ניט דאָס, וואָס מען ווייסט״, זאָגט דואי; דורכן פּראָצעס פון ענדערן קען מען גאָרניט וויסן וועגן דעם פריערדיקן צושטאַנד פון דער זאַך וואָס מען האָט געענדערט. דאָס איז אוממעגלעך. וואָס מען ווייסט, רופן זיי אָן „דערפאַרונג״, ווי דער טערמין איז פריער דערקלערט געוואָרן.

מען קען זען, אַז ווען מען נעמט אָן דעם פּראַגמאַטיסטישן שטאַנדפּונקט, דאַרף מען זיך איינגאַנצן אָפּזאָגן פון וועלכער עס איז מעטאַפיזיק, פון וועלן פאַרשטיין די רעאַליטעט פון דער וועלט. די גאַנצע זוכעניש איז, לויט דעם שטאַנדפּונקט, אַן אַרויסגעוואָרפענע: ניט לויט זיין אַנטוויקלונג און ניט לויט זיין פונקציע קען דער מענטשלעכער פאַרשטאַנד זאָגן עפּעס וועגן דער רעאַליטעט פון דער וועלט. זיינע אויפגאַבן זיינען ריין פּראַגמאַטישע און ניט קיין אַנדערע. האָבן זיך טאַקע די פּראַגמאַטיסטן אָפּגעקערט פון אַבסטראַקטע פילאָזאָפישע פּראָבלעמען און האָבן אָפּגעגעבן זייער צייט און ענערגיע אויף קאָנקרעטע סאָציאַל־קולטורעלע פּראָבלעמען.

ווען מען גייט איבער צום בייטראָג פון די פּראַגמאַטיסטן צום ספּעקולאַטיוון געדאַנק, דאַרף מען אָפּטיילן דעם קריטישן טייל פונעם קאָנסטרוקטיוון און אים באַטראַכטן באַזונדער. וואָס מען זאָל ניט דענקען וועגן דעם קאָנסטרוקטיוון טייל, איז אַן ענין פאַר זיך, אינעם קריטישן טייל איז ער אָבער געוויס אַ געזונטע דערשיינונג; ער האָט צעטריבן דעם טומאַן פונעם אינטעלעקטואַליסטישן אַבסטראַקטן פּילפּול פון דער אידעאַליסטישער פּראַזיאָלאָגיע, וואָס האָט מיט דער הילף פון ווערטער און דעפיניציעס אָפּגעלייקנט די רעאַליטעט פון דער מענטשלעכער דערפאַרונג. ער האָט באַוויזן, אַז די גאַנצע אימפּאָזאַנטע געביידע פונעם „אַבסאָלוט״ איז ניט מער ווי אַ זייפן־בלאָז פון אַ שפּיל פון ווערטער, וואָס האָט געפּלאַצט אַזוי גיך ווי מען האָט זיך צו אים צוגערירט.

דער קריטיציזם וואָלט אָבער ניט געקענט זיין אַזאַ שטאַרקער און וואָלט ניט געקענט האָבן די ווירקונג, וואָס ער האָט געהאַט, ווען ער זאָל ניט געווען האָבן אונטער זיך דעם פּאָזיטיוון מאָמענט פונעם קאָנסטרוקטיוון טייל, ווען ער זאָל בלויז געווען קומען ווי אַ קריטיק. זיין אַנטי־אינטעלעקטואַליזם האָט געהאַט אַ ווירקונג דערפאַר, וואָס ער האָט באַוויזן אַז דער אינטעלעקט זעלבסט איז אַ פּראָדוקט פונעם עוואָלוציע־פּראָצעס.

ווען מען גייט צו צום קאָנסטרוקטיוון טייל, דאַרף מען אים צעטיילן אויפֿן: 1) אויסגאַנגס־פּונקט, 2) מעטאָד און 3) דער רעזולטאַט צו וועלכן ער איז געקומען, אָדער זיין פילאָזאָפיע. דער אויסגאַנגס־פּונקט איז דער וויכטיקסטער בייטראַג פונעם פּראַגמאַטיזם: מיט דעם וואָס ער האָט אי־בערגעטראָגן דעם שווערפּונקט פונעם אַבסטראַקטן פּילפּול, פון דער הערשאַפט פון דער שפּיל פון ווערטער, אויף דער קאָנקרעטערווירקלעכקייט פון לעבן און האָט נאַטוראַליזירט דעם פאַרשטאַנד, האָט ער אוועקגעשטעלט דעם ספּעקולאַטיוון געדאַנק אויף אַ פעסטן פונדאַמענט, ער האָט אים דערנענ־טערט צו דער רעאַליטעט און האָט געשאַפן אַ בריק צווישן דער פילאָזאָפיע און דער וויסנשאַפט. דאָס, זאָגט וואַייטהעד, איז דער וויכטיקסטער אויפטו אויף דעם געביט אינעם 20טן יאָרהונדערט (סייענס ענד די מאָדערן וואָרלד, ז. 205). מען מוז ניט אָננעמען דעם אַנטי־אינטעלעקטואַליזם אויף אַזויפיל, ווי די פּראַגמאַטיסטן פאַרטיידיקן אים און מען זאָל צו דער זעלבער צייט צו־געבן אַז דער נאַטוראַליזירן דעם פאַרשטאַנד, אים געבן אַ היים אין דער נאַטור, איז אַ פונדאַמענטאַלער בייטראַג צום ספּעקולאַטיוון געדאַנק. וואָס פאַר אַ פילאָזאָפישע שול עס זאָל ניט קומען, וועט זי זיך מיט דעם בייטראַג מוזן רעכענען, זי וועט אים ניט קענען איגנאָרירן.

דער צווייטער בייטראַג איז דער מעטאָד, דער צוגאַנג צו פילאָזאָפיע. אייגנטלעך איז דער מעטאָד ניט קיין נייער, עס איז דער וויסנשאַפטלעכער מעטאָד צו זוכן אַן אינערלעכע פאַרבינדונג צווישן דערשיינונגען. ער איז אָבער ניי אין דער פילאָזאָפיע, וואָס האָט אַלעמאָל געשוועבט אין די הימלען פון אַבסטראַקציע. דער נאַטוראַליסטישער אויסגאַנגס־פּונקט מיט דעם וויסנשאַפטלעכן מעטאָד האָבן מעגלעך געמאַכט דעם איבערגאַנג פון דער פילאָזאָפיע פון אידעאַליזם צו רעאַליזם. דערמיט אָבער האָט זיך געענדיקט דער בייטראַג פון דעם פּראַגמאַטיזם: זיין רעזולטאַט, אָדער די פילאָזאָפישע שלוסן, וואָס ער האָט געצויגן, זיינען אינגאַנצן ניט באַרעכטיקט. עס איז ניטאָ קיין מוז אָנצונעמען, אַז לעבן אַן און פאַר זיך איז דאָס לעצטע אין דער נאַטור און אַז אַלץ, וואָס איז אַנטשטאַנען שפּעטער, נאָך דער דערשיינונג פון לעבן, איז ניט מער ווי אַן אינסטרומענט פאַר דעם אָנהאַלט פון לעבן. עס איז ניטאָ קיין מוז, וואָס זאָל צווינגען אָנצונעמען, אַז דער מענטשלעכער פאַרשטאַנד האָט ניט קיין אַנדער פונקציע, ווי צו לייזן פּראָבלעמען אין אַק־טועלע סיטואַציעס. מען קען אָננעמען די אַנטוויקלונג פון פאַרשטאַנד אויף אַ נאַטירלעכן אופן און צו דער זעלבער צייט אָננעמען, אַז ער איז אַן אַנט־שטייענדער פאַקטאָר, וואָס איז ניט באַגרענעצט מיט דעם, וואָס האָט געווירקט אַז ער זאָל דערשיינען. מיט אַנדערע ווערטער, מ׳קען אָננעמען דעם פּראַגמאַ־טיזם אויף אַזוי ווייט, ווי ער ווייזט אָן אויף דער נאַטירלעכער אַנטוויקלונג פונעם פאַרשטאַנד און מען איז אָבער ניט געצוואונגען אָנצונעמען די שלוסן, וואָס דוּאי און אַנדערע פּראַגמאַטיסטן ציען.

אין דער אַרבעט ווערט אָנגענומען דער „אימאַרגאַנטער" שטאַנדפּונקט, אַז דאָס וואָס עס קומט שפּעטער, איז ניט באַגרענעצט מיט די נויטן, אָדער אינטערעסן פונעם פריער עקזיסטירענדן: דער רעפלעקטיווער דענקען איז ניט געבונדן מיט קיין אינסטרומענטאַליסטישער פונקציע, ער קען זיין קאָנ־טעמפּלאַטיוו.

# רעאַליזם און די דערקענטעניש־לערע

בערטראַנד ראָסעל זאָגט: מעטאַפיזיק (מען קען זאָגן פילאָזאָפיע אין אַלגעמיין) באַשטייט פון אַ פּאַרזוך געדאַנקלעך זיך פאָרשטעלן די וועלט אין איר גאַנצקייט״ (מיסטיציזם ענד לאָדזשיק, ז. 1).

מאָריס קאָהען זאָגט: „נוצן דאָס וואָרט דערפאַרונג אָן וועלכן ס׳איז זיכערן מיין איז פיליכט דער גרעסטער סקאַנדאַל אין דער מאָדערנער פילאָזאָפיע. זיין אָריגינעלער מיין, וואָס איז אויך דער מיין פון דער אַלגעמיינער שפּראַך, פון וועלכער מען קען זיך אויך ניט באַפרייען אין דער פילאָזאָפיע, באַצייכנט אַ באַוואוסטזיניקן געפיל, אָדער עפּעס וואָס האָט מיט אונדז פּאַסירט... ס׳איז אַ ריינער אַבסורד צו אידענטיפיצירן די גאַנצע נאַטור מיט אונדזער ביסל מענטשלעכער דערפאַרונג... ווען מען ברייטערט אויס דעם מיין פונעם וואָרט (דערפאַרונג) אויף אַזויפיל, אַז ער זאָל ניט אויסשליסן קיין זאַך, פאַרלירט ער וועלכן ס׳איז באַשטימטן מיין און באַדייט״ (ריזאָן ענד נייטשור, זז. 452־453).

דער ערשטער פון די צוויי אויסצוגן דערקלערט פאַרוואָס דער אידעאַליזם האָט געהערשט אין דער פילאָזאָפיע פאַר דורות און דער צווייטער דערקלערט פאַרוואָס דער פּראָגמאַטיזם האָט אפילו ניט געהערשט פאַר קיין איין דור. דער אידעאַליזם איז באַשטאַנען פון אַ בליק אויף דער וועלט ווי אַ גאַנצע; ער האָט זיך אונטערגענומען אריינצופירן האַרמאָניע אין די פאַרשיידענע דערשיינונגען. מען האָט נאָר געדאַרפט אָננעמען זיין אויסגאַנגס־פּונקט, אַז די רעאַליטעט פון דער וועלט איז פון גייסטיקן כאַראַקטער און אַז דער מענטשלעכער באַוואוסטזיין און דער פאַרשטאַנד אין אַלגעמיין, זיינען טיילן פונעם וועלט־גייסט, האָט שוין דאָס איבעריקע „געשטימט״. ער האָט נאָר געהאַט איין שוואַכן פּונקט; ער האָט ניט געהאַט קיין געהעריקן פּלאַץ פאַר דער רעאַליטעט, וואָס מען קריגט דורך די חושים אַלס זינלעכע דערפאַרונג... האָט ער טאַקע פאַרלוירן זיין הערשאַפט, ווען ער איז געקומען אין צוזאַמענשטויס מיט די רעזולטאַטן פון דער ביאָלאָגישער וויסנשאַפט און ספּעציעל מיטן עוואָלוציע־באַגריף.

דער פּראָגמאַטיזם, וואָס איז געקומען פאַרנעמען זיין פּלאַץ, איז אַרויסגעוואַקסן פון דער ביאָלאָגישער וויסנשאַפט; ער האָט געהאַט אַ ריכטיקן אויסגאַנגס־פּונקט און אַ ריכטיקן מעטאָד. ער האָט אָבער געמאַכט איין פונדאַמענטאַלן טעות, וואָס האָט געפירט צו זיין אומבאַהאָלפנקייט אַלס פילאָזאָפישע לערע. ער האָט אָנגענומען, אַז אַזוי ווי די אַנטוויקלונג פון באַוואוסטזיין און די קאַגנאַציע פון דער וועלט זיינען רעזולטאַטן פון עוואָלוציע,

דערפאַר באַשטייען זיי בלויז פון אינסטרומענטן, וואָס דער מענטש האָט אַנטוויקלט אין דעם קאַמף פאַר זיין עקזיסטענץ. דער דאָזיקער געדאַנק האָט אים פאַרפירט אין אַ טעמפן ווינקל, אַז דער מענטשלעכער וויסן באַשטייט פון „דערפאַרונג": אַ וואָרט וואָס קען ניט דערקלערט ווערן, ווייל מען נעמט לכתחילה אָן, אַז די וועלט, פון וועלכער מען קריגט די דערפאַרונג, קען מען ניט וויסן.

קאַנט האָט ריכטיק אַנאַליזירט דעם דערקענטעניש־פּראָצעס; זיין אויסגאַנגס־פונקט האָט אים אָבער געפירט צו פּאָסטולירן אַן עקזיסטענץ (די זאַך פאַר זיך אליין), וועלכן מען קען קיינמאָל ניט וויסן. דער רעזולטאַט איז געווען אָביעקטיווער אידעאַליזם: דער מענטשלעכער פאַרשטאַנד וויל ניט און קען ניט בלייבן שטיין פאַר קיין בלינדער וואַנט... ענלעכעס האָט פּאַסירט מיטן פּראַגמאַטיזם. אויך ער האָט אָנגענומען אַ דערקענטעניש־טעאָריע, וואָס האָט אים פאַרפירט צו אַ בלינדער וואַנט, דערפאַר איז ער ניט געווען מער ווי אַן איבערגאַנגס־מאָמענט, וואָס האָט געפירט צום רעאַליזם, וועלכער גייט ווייטער אין זיין דערקענטעניש־טעאָריע און זי פירט אים צו דער רעאַליטעט פון דער וועלט.

רעאַליזם באַצייכנט אַ בליק אויף דער וועלט, לויט וועלכן די אומאָרגאַנישע וועלט איז מער פונדאַמענטאַל און עקזיסטירט לענגער פון דער אָרגאַנישער וועלט. דער מענטש איז געווען דער לעצטער צו קומען אויף דער וועלט. לויט דעם רעאַליסטישן שטאַנדפּונקט, איז די וועלט אומאָפּהענגיק פונעם מענטשלעכן וויסן וועגן איר (דאָס איז דער הויפּט־אונטערשייד צווישן דעם רעאַליזם און דעם אידעאַליזם, הגם ניט דער איינציקער אונטערשייד). די דערקענטעניש פון דער וועלט איז א פּאַסירונג פאַרן מענטשן, אָבער ניט פאַר דער וועלט.

ווען מען דעפינירט רעאַליזם אויף דעם אופן, איז עס אַ מאָדערנער בליק אויף דער רעאַליטעט און איז אַ רעזולטאַט פון דער וויסנשאַפט. נעמט מען אָבער רעאַליזם אין אַלגעמיין, איז ער אַזוי אַלט ווי אידעאַליזם, זיין ערשטן אַרויסטריט האָט ער געמאַכט אין גריכנלאַנד אונטער דעם נאָמען מאַטעריאַליזם. זיינע גרינדער זיינען געווען לוסיפּיוס און דעמאָקראַטוס. דער לעצטער איז דער מער באַוואוסטער. דעמאָקראַטוס (געלעבט פאר פּלאַטאָנען) האָט פאַרשטאַנען מאַטעריאַליזם אויף אַן איינפאַכן אופן: די פונדאַמענטאַלע רעאַליטעט פון דער וועלט באַשטייט פון אַטאָמען (אומטיילבאַרע איינהייטן), וואָס באַוועגן זיך אין ליידיקן רוים. די פאַרשיידענע זאַכן אין דער נאַטור זיינען אַ רעזולטאַט פון דער גרויס, פאָרמע, צוזאַמענשטעל און באַוועגונג פון די אַטאָמען.

(באַמערקונג: די טערמינען רעאַליזם און מאַטעריאַליזם ווערן אין דער פאַרבינדונג גענוצט סינאנימיש, אלס מיינענד די זעלבע זאַך. פאר אלגעמיינע צוועקן און ספּעציעל אין דער פאַרבינדונג קען מען עס טאָן. אויף וויפיל ס'איז פאראַן א פילאָזאָפישער אונטערשייד צווישן די טערמינען ווערט ער דערקלערט אין דעם אריינפיר, זייט 4, און אין פארשיידענע אנדערע פלעצער פון דער ארבעט).

דער פּשוטער געדאַנק, וואָס איז אַרויסגעבראַכט געוואָרן מיט 2500 יאָר צוריק אויף אזא איינפאַכן אופן און וואָס איז כמעט ווי פאַרגעסן געוואָרן,

איז, ווי באַוואוסט, דער פונדאַמענט פון דער מאָדערנער פיזיקאַלישער וויסנ־שאַפט. דער באַגריף וועגן אַטאָמען האָט זיך פולשטענדיק געענדערט אין דער לעצטער צייט, אָבער ווי אַזוי מען זאָל ניט אינטערפּרעטירן די דינאַמישע נאַטור־כוחות וועלכן זיי אַלעמאָל האָבן אינעם הינטערגרונט איינהייטן, וואָס געפינען זיך אין באַוועגונג. דאָס מיינט, אַז דעמאָקריטוס האָט, ווי ס׳קוקט אויס, דערבליקט אַ פונדאַמענטאַלן נאַטור־אמת.

וואָלטן די גריכן געהאַט אַ נייגונג פאַר וויסענשאַפטלעכער פאָרשונג, האָט דעמאָקריטוסעס געדאַנק געקענט פאַר זיי דינען פאַר אַן אויסגאַנגס־פּונקט פאַר דער פאָרמירונג פון אַ פיזיקאַלישער וויסנשאַפט. זיי האָבן אָבער ניט געהאַט קיין נייגונג פאַר וויסנשאַפטלעכער פאָרשונג, זייער נייגונג איז געווען צו ספּעקולירן, האָט אַריסטאָטעל באַשטימט, אַז אַזאַ צושטאַנד, ווי אַ ליידיקייט, איז ניט מעגלעך: דערפאַר איז דעמאָקריטוסעס אַטאָמען־לערע פאַלש...

מיט אַריסטאָטעלס אורטייל האָט זיך געענדיקט דער ענין פאַר יענער צייט (די עפּיקורייער און די מיטלאַלטערלעכע אַראַבישע אַטאָמיסטן קענען אויסגעלאָזט ווערן, זיי האָבן ניט באַאיינפלוסט די וועלט). די וועלט האָט פאַרגעסן אין דעמאָקריטוסן און אין זיין אַטאָמען־לערע ביז דער מאָדער־נער צייט. געוויס איז דאָס ניט געווען קיין צופאַל; דעמאָקריטוסעס אַטאָמען־לערע האָט ניט געקענט זיין פּראָדוקטיוו. פון די האַרטע אַטאָמען, וואָס באַוועגן זיך אין אַ ליידיקייט, האָט מען ניט געקענט אויפשטעלן קיין פילאָזאָפישן בנין. פילאָזאָפיש האָט דעמאָקריטוסעס אַטאָמען־לערע ניט געקענט זיין פּראָדוקטיוו.

דערמאָקריטוסעס לערע האָט טאַקע ניט געקענט דינען פאַר קיין אויס־גאַנגס־פּונקט פאַר אַ רעאַליסטישער פילאָזאָפיע, אָבער אַריסטאָטעל זעלבסט האָט יאָ געקענט דינען פאַר אַזאַ אַויסגאַנגס־פּונקט: ער איז געווען אַ סך נעענטער צו רעאַליזם, ווי צו אידעאַליזם. אָבער ניט די גריכישע וועלט, און געוויס ניט די וועלט וואָס איז געקומען שפּעטער, איז געווען גינסטיק פאַר אַ רעאַליסטישן אויסגאַנגס־פּונקט. דער מענטשלעכער געדאַנק איז געפלאָסן אין אַ קעגנגעזעצטער ריכטונג: רעליגיעזע עמאָציעס האָבן באַהערשט די וועלט.

אין דער מיטלאַלטער האָט מען וועגן אַ רעאַליסטישער באַטראַכטונג פון דער וועלט אפילו ניט געקענט דענקען; עס וואָלט געווען די גרעסטע אַפּיקורסות. פאַר קלענערע אַפּיקורסות פון רעאַליזם האָט מען פאַרברענט אויפן שייטער־הויפן. אפילו דעם אומשולדיקן אַריסטאָטעלן האָט מען אַזוי געענדערט, אַז ער וואָלט זיך ניט געווען דערקענען, ווען ער זאָל געווען אַראָפּ־קומען אויף דער וועלט און אַ קוק טאָן אויף „זיין" פילאָזאָפיע, ווי די מיטל־אַלטער האָט זי פאַרשטאַנען.

דאָס איינציקע, וואָס האָט אין יענער צייט געהאַט אַ נאָענטע שייכות צו רעאַליזם, איז געווען דער נאָמינאַליסטישער אָפּנייג (אַז די איינצל זאַך איז פונדאַמענטאַל אין דער נאַטור); נאָמינאַליזם האָט אָבער ניט געמוזט פירן צו רעאַליזם אינעם מאָדערנעם זין פון וואָרט: בוירקלי איז געווען אַ נאָמע־נאַליסט און איז צו דער זעלבער צייט געווען ווייט פון רעאַליזם.

די רעוואָלוציע, וואָס גאַלילײ האָט געמאַכט קעגן אַריסטאָטעלן, איז באַשטאַנען פון אַ דירעקטער ווענדונג צו דעמאָקריטוסן און זיין צוגאַנג צו דער וועלט. ער זאָגט: „איך פיל מיך געצוואונגען דורך דער נויטווענדיקייט, אַז אַזוי גיך ווי איך שטעל מיר פאָר אַ שטיקל מאַטעריע, קען איך זיך אַנדערש זי ניט פאָרשטעלן, ווי אַ פיגור וואָס איז באַגרענעצט פון אַנדערע פיגורן, און אין אין פאַרהעלטעניש צו אַנדערע פיגורן, איז עס גרויס, אָדער קליין; אַז עס איז אויף דעם אָרט, אָדער אויף אַן אַנדערן, אַז עס געפינט זיך אין דער צייט, אָדער אין אַן אַנדערער, אַז עס באַוועגט זיך אָדער עס איז אויף איין אָרט; אַז עס רירט אָן אַ צווייטע זאַך, אָדער עס רירט ניט אָן קיין אַנדער זאַך, אַז עס אַן איינצל זאַך, איינציקע זאַכן, אָדער גאָר פיל זאַכן: מיט איין וואָרט. איך קען זיך פאָר קיין פאַל ניט פאָרשטעלן אַ קערפּער זאָל זיין אָפּגעטיילט פון די אויסגערעכנטע צושטאַנדן” (ציטירט לויט עד. בוירדס מעטאַפיזיקל פונדיישאָנס אוו מאָדערן סייענס, ז. ”7).

גאַלילײ זאָגט עס אין פאַרבינדונג מיט דעם אונטערשייד צווישן פּרימערע און סעקונדאַרע קוואַליטעטן, צו דער זעלבער צייט דריקט ער אויס דעמאָקריטוסעס קוואַנטיטאַטיוון צוגאַנג צו דער וועלט. אַזוי ווערט ער פון אַלעמען פאַרשטאַנען. ערנסט קאַסירער זאָגט וועגן דעם: „די וועלט פון אַטאָמען איז ניט קיין אַנדער זאַך, ווי אַן אַבסטראַקטע רעפּרעזענטאַציע פון דער פיזישער רעאַליטעט... אין דעם זין האָט גאַלילײ, אינעם אָנהויב פון דער מאָדערנער פיזיק, פאַרשטאַנען און באַגרינדעט דעם אַטאָמיזם. ער האָט דערקלערט, אַז אינעם באַגריף פון מאַטעריע איז קיין זאַך ניט פונדאַמענטאַל, אויסער דעם פאָלגענדן באַגריף: די אָדער יענע פאָרמע, דער אָדער יענער פּלאַץ, גרויסער אָדער קליינער, און אַז ס'איז אין באַוועגונג, אָדער אויף איין פּלאַץ”. (זע סובסטאַנס ענד פונקשן, ז. 156). און דזש. דואי זאָגט: „גאַלילייס אַרבעט איז ניט געווען קיין אַנטוויקלונג, נאָר אַ רעוואָלוציע. זי האָט אַריינגעפירט אַן ענדערונג פון קוואַליטעט אויף קוואַנטיטעט, פון פאַרשיידנאַרטיקייט צו איינפאָרמיקייט, פון אינערלעכער פאָרמע צו פאַרהעלטענישן, פון עסטעטישע האַרמאָניעס צו מאַטעמאַטישע פאָרמולעס, פון קריגן פאַרגעניגן פון באַטראַכטונג צו אַקטועלע אַרבעט מיט די הענט און קאָנטראָל, פון רו צו ענדערונג, פון אייביקע אָביעקטן צו אַ צייטלעכן שטופנווייזן גאַנג” (די קוועסט פאָר סוירטענטי, זז. 94־95). מיט איין וואָרט, די פיזיקאַלישע וויסנשאַפט האָט פולשטענדיק אָנגענומען דעמאָקריטוסעס מאַטעריאַליסטישן בליק אויף דער וועלט און דעם קוואַנטיטאַטיוון צוגאַנג צו דערשיינונגען. פון דעם מאָמענט אָן איז אַנטשטאַנען אַ דואַליזם אינעם צוגאַנג צו דער וועלט: דער וויסנשאַפטלעכער צוגאַנג, וואָס איז מאַטעריאַליסטיש דורך און דורך און דער פילאָזאָפישער, וואָס האָט זיך געוואָרפן פון איין אָרט צום צווייטן, מיט דער איבערהערשאַפט פונעם אידעאַליזם.

אַזוי ווי דעמאָקריטוסעס האַרטער מאַטעריאַליזם איז ניט געווען פּרוכטבאַר אינעם אַלטערטום, אַזוי פּרוכטלאָז איז ער געווען אין דער מאָדערנער צייט. די פראַנצויזישע מאַטעריאַליסטן פונעם אַכצנטן יאָרהונדערט (לאַמאַטריע, דידראָ, האָלבאַך א. אַז. וו. די ענציקלאָפּעדיסטן) זיינען געוויס געווען כשרע רעאַליסטן, פילאָזאָפיש האָבן זיי אָבער ניט אויפגעטאָן קיין זאַך, אַז מען זאָל זיי קענען געבן קרעדיט דערפאַר. דאָס זעלבע קען מען זאָגן

ווען די דייטשישע מאַטעריאַליסטן פונעם נייַנצנטן יאָרהונדערט (קאַרל וואָגט, מאָלעשאָט, בוכנער א. אַז. וו.). אויך זיי האָבן ניט באַרייכערט דעם מענטש־לעכן געדאַנק מיט קיין זאַך ניט. עס איז גאַנץ איינפאַך: מיטן האַרטן אַטאָם האָט מען פילאָזאָפיש קיין זאַך ניט געקענט אויפטאָן.

אויב דער רעאַליזם האָט עפּעס יאָ אויפגעטאָן איז עס גראָד געווען אין דער פילאָזאָפישער ריכטונג וואָס איז געווען באַהערשט פונעם אידעאַליזם. אַזוי האָט דעקאַרט, דער פאָטער פון דער מאָדערנער פילאָזאָפיע, געהאַט אַ היפּש ביסל רעאַליזם אין זיין סיסטעם, אין זיין דרייאיינציקייט: 1) גאָט, 2) דענקען און 3) אויסגעשפּרייטקייט. איז דאָס לעצטע ביי אים געווען ריינער מאַטעריאַליזם. דער מאַטעריאַליזם האָט אין זיך איינגעשלאָסן די חיה־וועלט, אַזוי גוט ווי דעם מענטשלעכן קערפּער. שפּינאָזע איז נאָך אַלעמען געווען אַ רעאַליסט: זיין סובסטאַנץ און ספּעציעל, זיין דעטער־מיניזם האָט זיך גאַרניט געקענט פילן באַקוועם אין א אידעאַליסטישער אַטמאָספערע...

טאָמאָס האָבס, דזש. לאָקס עלטערער צייט חבר איז געווען אַן אויס־געהאַלטענער מאַטעריאַליסט. מעגלעך, אַז טאָקע אַ דאַנק זיין אויסגעשפּראָ־כענעם מאַטעריאַליזם און זיין קעגנערשאַפט צו רעליגיע, איז ער ניט אַזוי באַוואוסט, ווי ער האָט געדאַרפט זיין: מען געפינט אין אים אַ היפּש ביסל געזונטע פילאָזאָפישע געדאַנקען. אָבער, ווי עס ווייזט אויס, דאַרף מען אין פילאָזאָפיע אויך האָבן מזל; ער האָט ניט געהאַט קיין פילאָזאָפישן מזל, הערט מען פון אים ניט..

דער מאָדערנער רעאַליזם הויבט זיך פאַקטיש אָן מיט דזש. לאָקן, לויט זיין דערקענטעניש־לערע איז ער געווען אַ רעאַליסט. זיין דערקענ־טעניש־לערע איז לויט דעם אויסגאַנגס־פּונקט אַ רעאַליסטישע; עס ווערט אין איר אָנגענומען די עקזיסטענץ פון אַ רעאַליטעט, וואָס איז מער פונדאַ־מענטאַל פון דעם באַוואוסטזיין. עס ווערט אָנגענומען, אַז דאָס, וואָס ווערט אָנגערופן באַוואוסטזיין, האָט זיך אַנטוויקלט אין א רעאַליטעט (מאַרך), וואָס איז מער פונדאַמענטאַל פון אים.

פון לאָקן האָט מען געקענט איבערגיין צום מאָדערנעם רעאַליזם, וואָס האָט איבערגענומען זיין אויסגאַנגס־פּונקט. עס בעט זיך אָבער צו דערמאָנען דעם סקאָטישן רעאַליזם פונעם סוף פונעם אַכצנטן יאָרהונדערט, ווי ריעד, העמילטאָן א. אַז. וו. וועגן זיי קען מען ניט זאָגן מער ,ווי קאַנט האָט געזאָגט, אַז דערקלערן פילאָזאָפיע מיט דער הילף פונעם „גלייכן פאַרשטאַנד", ווען פילאָזאָפיע דאַרף דערקלערן דעם „גלייכן פאַרשטאַנד" איז, מילד גערעדט, האָבן אַ מאָדנעם באַגריף וועגן פילאָזאָפיע.

ווען מען טרעט צו צום מאָדערנעם רעאַליזם, דאַרף מען באַמערקן, אַז הגם דער פּראַגמאַטיזם איז באַטראַכט געוואָרן ווי אַ פאַרלויפער פונעם רעאַליזם און עס איז אויך ריכטיק וואָס אָנבאַלאַנגט זיין ווירקונג, איז, כראָנאָלאָגיש גערעדט, האָט זיך דער רעאַליזם אָנגעהויבן אין ענגלאַנד גלייכצייטיק מיטן פּראַגמאַטיזם אין אמעריקע.

אין דער זעלבער צייט, ווען דזשיימס איז ארויסגעקומען מיטן היסטאָריש־באַוואוסטן ארטיקל: „איז פאַראַן אַ באַוואוסטזיניקייט?" איז מור ארויסגע־

קומען אין ענגלאַנד מיטן ניט וויניקער באַוואוסטן ארטיקל: „אַן אַפּלייקענונג פונעם אידעאַליזם”.

פון די צוויי אַרטיקלען האָבן זיך אָנגעהויבן דער פּראַגמאַטיזם (אָפּי־ציעל) און דער נעאָ־רעאַליזם.

אין פאַרבינדונג מיטן פּראַגמאַטיזם איז געגעבן געוואָרן דער הינטער־גרונט (דער ביאָלאָגישער צוגאַנג און דער שטאַנדפּונקט פון עוואָלוציע) אויף וועלכן ער איז באַזירט. איצט, אין פאַרבינדונג מיטן נעאָ־רעאַליזם, דאַרפן דערמאָנט ווערן נאָך אַ פּאָר ענדערונגען, וואָס זיינען פאָרגעקומען אין דער וויסנשאַפט און אינעם דענקען, וועלכע האָבן ענדלעך דערמעגלעכט, אַז רעאַליזם זאָל ווערן די הערשנדע פילאָזאָפישע לערע. הגם זיי האָבן דעם רעאַליזם ניט אַרויסגערופן.

דאָס ערשטע, איז די ענדערונג, וואָס איז פאָרגעקומען אין דער פיזי־קאַלישער וויסנשאַפט. איינשטיינס רעלאַטיוויטעט־טעאָריע האָט אָפּגעשאַפט דעם ניוטאָנישן באַגריף פון אַבסאָלוטן רוים און אַבסאָלוטער צייט, זיי זיינען געוואָרן רעלאַטיוו צו אַן עטוואָס און ניט קיין אבסאָלוטע עקזיסטענצן, ווי זיי זיינען פריער פאַרשטאַנען געוואָרן. מיט דעם צעשפּאַלטן דעם אַטאָם האָט מען צוגענומען די האַרטקייט פון דער מאַטעריע פון דער וועלט, איז זי געוואָרן פּלאַסטיש — אַזוי לאַנג ווי די פיזיק האָט אָפּערירט מיט האַרטע אַטאָמען, וואָס באַוועגן זיך אין אַן אַבסאָלוטן רוים, האָט מען מיט איר גאָר־ניט געקענט מאַכן; אָבער אַזוי גיך ווי די „אַטאָמען” האָבן זיך פאַרוואַנדלט אין ענערגיע־איינהייטן און קיין אַבסאָלוטער רוים איז אויך ניט נויטיק, קען מען זיי נעמען אין אַן אָרגאַניזאַציע און אינטעגראַציע און אונטערוואַרפן דער אימאָרגאַנטער עוואָלוציע, ווי איין גראַדאַציע זאָל נאָכפאָלגן דער צוויי־טער און לעבן און באַוואוסטזיין זאָל זיין דער רעזולטאַט: מען קען פאַר־בינדן די פיזיקאַלישע איינהייטן מיט די ביאָלאָגישע אין איין גאַנצעס, און עס איז שוין לייכטער צו ספּעקולירן וועגן דעם באַוואוסטזיין, ווי ווען מען האָט אָפּערירט מיט באַזונדערע האַרטע איינהייטן.

די צווייטע ענדערונג איז די, וואָס די מאַטעמאַטישע לאָגיקער פירן אריין אינעם דענקען גופא. אַריסטאָטעל האָט אַוועקגעלייגט גרונטלאַגן פאַרן דענקען, וואָס זיינען ביז לעצטנס אָנגענומען געוואָרן פאַר פולקאָמען. מען האָט געמיינט, אַז דער מענטשלעכער דענקען באַשטייט פון צושרייבן אייגנ־שאַפטן צו זאַכן (סוביעקט־פּרעדיקאַט פּראָפּאָזיציע), אַז יעדער געדאַנק, פון וואָס ער זאָל ניט זיין, און אין וואָס ער זאָל ניט באַשטיין, איז ווען מען אַנאַליזירט אים פולשטענדיק, רעדוצירט ער זיך צו דער באַהויפּטונג, וואָס שרייבט צו אַן אייגנשאַפט צו א זאַך. דאָס איז אָנגענומען געוואָרן פאַר פונדאַמענטאַל. דאָס האָט געפירט צום באַגריף פון אַ רעאַליטעט, וואָס קען נאָר אַנאַליזירט ווערן לויט אירע אייגנשאַפטן: אַ קוואַליטאַטיווער צוגאַנג צו דער וועלט. דער צוגאַנג איז געווען גינסטיק פאַר אַן אידעאַליסטישן וועלט־באַנעם (דער ענין ווערט באַהאַנדלט אין אַן אַנדער פאַרבינדונג, דאָ ווערט ער נאָר דערמאָנט). קומען די מאַטעמאַטישע לאָגיקער און באַווייזן, אַז עס איז אַ טעות; זיי באַהויפּטן, אַז די פאַרהעלטענישן צווישן די טערמינען אין אַ זאַץ אַנטהאַלטן אין זיך אַ לאָגישע באַדייטונג פונעם זאַץ. דאָס מיינט, אַז די פאַרהעלטענישן (רעלאַציעס) זיינען פונדאַמענטאַל פאַרן דענקען, אַזוי

גוט ווי פאַר דער נאַטור (אויך דער ענין ווערט באַהאַנדלט אויף אַ צווייטן פּלאַץ, זע „רעלאַציעס"). דאָס איז אַ גרויסער קלאַפּ פאַרן אידעאַליזם, עס ווערט אָנגענומען פאַר אַ געגנוגנדן באַוויז, אַז די לאָגיק, אויף וועלכער ער איז באַזירט, איז אַ פאַלשע; פאַרשטייט זיך, אַז עס ווערט ניט געמיינט, אַז זי איז אינגאַנצן פאַלש, זי איז אָבער ניט אַזוי פונדאַמענטאַל, ווי מען האָט געמיינט און ספּעציעל איז זי ניט אליין־הערשנד... איר „דעספּאָטיזם" איז ניט מער ווי אָפּנאַרעריי... איצט צום נעאָ־רעאַליזם.

אַזוי ווי דער פּראַגמאַטיזם האָט זיך אָנגעהויבן כמעט פון אַן אומ־שולדיק אַרטיקל, און האָט זיך געענדיקט מיט דואיס אינסטרומענטאַליזם, וואָס איז אַ גאַנצער און אויסגעהאַלטענער בליק, אַ „קופּערניקאַנישע רע־וואָלוציע", אַזוי האָט זיך דער נעאָ־רעאַליזם אָנגעהויבן פון ג. ה. מורס אַרטיקל „די אָפּלייקענונג פונעם אידעאַליזם" און האָט געפירט צו פיל ווייט־גרייכנדע רעזולטאַטן — צום רעאַליזם.

די צוויי אַרטיקלען זיינען אָבער געווען ניט מער ווי צינד־האָלץ, וואָס הויבט אָן אַ פייער, וואָס איז אָבער ניט פאַראַנטוואָרטלעך, ניט פאַרן פלאַם און ניט פאַר דער ריכטונג, וואָס דער פייער נעמט אָן. ווייל פאַקטיש האָבן זיךביידע אַרטיקלען באַשעפטיקט מיטן זעלבן ענין און אויפן זעלבן שטייגער: זיי האָבן ביידע אָפּגעלייקנט, אַז דער באַוואוסטזיין באַשטייט פון אַ זעלבסטשטענדיקער עקזיסטענץ, נאָר אַז ער באַשטייט פון אַ פונקציע פון אַן עקזיסטענץ. דער פּראַגמאַטיזם איז אָבער אינגאַנצן אונטערגעפאַלן אונ־טער דער ווירקונג פון דער אָרגאַנישער עוואָלוציע און איז אַוועק אין דער ריכטונג פון געגנעטישער פּסיכאָלאָגיע, וואָס האָט אים געפירט צו דער „קו־פּערניקאַנישער רעוואָלוציע", אַז מען קען איבערהויפּט ניט וויסן דעם עצם פון דער וועלט און דער נעאָ־רעאַליזם איז אויפגעכאַפּט געוואָרן פון ב. ראַסעלן, דעם וויכטיקסטן אויסטייטשער פון דער מאַטעמאַטישער לאָגיק (סימבאָלישע לאָגיק; די לאָגיק וואָס באַשעפטיקט זיך מיט פאַרהעלטענישן צווישן זאַכן) און זי האָט אים געפירט צו דער אויסטייטשונג, אַז וויסן איז אַ דירעקטער רעזולטאַט פון דער אויסערלעכער פאַרהעלטעניש צווישן זאַכן און ניט פון אַן אַקטיוויטעט פון אַן אַגענט (דעם מענטשן מיט אַן אייגענעם אינהאַלט אין זיין פאַרשטאַנד) אַלס אַ וויסער. דאָס פאָדערט אַ דערקלערונג, אויב אפילו מען זאָל דאַרפן ווידערהאָלן עטוואָס, וואָס איז שוין באַטראַכט געוואָרן.

לאקס רעפּרעזענטאַטיווער רעאַליזם האָט צוזאַמענגעבראַכן דערפאַר, וואָס ער האָט אָנגעהויבן מיט אַ פונדאַמענטאַלן דואַליזם, וואָס האָט ניט געקענט פאַראייניקט ווערן. ער האָט אָנגעהויבן מיט: 1) דער עקזיסטענץ פון זאַכן אין דער אויסערלעכער וועלט און 2) מיט אַן אינהאַלט אינעם מענטשנס פאַרשטאַנד, וואָס באַשטייט פון אידייעס וואָס זיינען „קאָפּיעס" פון די עק־זיסטירנדע זאַכן. עס מיינט, אַז עס זיינען פאַראַן צוויי באַזונדערע עקזיס־טענצן: די זאַכן אין דער אויסערלעכער וועלט עקזיסטירן פאַר זיך און די „אידייעס" האָבן זייער עקזיסטענץ אינעם מענטשלעכן פאַרשטאַנד. צו דער זעלבער צייט אָבער זיינען די „אידייעס" קאָפּיעס פון די אויסערלעך־עקזיסטירנדע זאַכן. אָבער דער מענטשלעכער וויסן איז באַגרענעצט מיט די אידייעס, וואָס געפינען זיך אין זיין אייגענעם פאַרשטאַנד. איז נאַטירלעך

אַנטשטאַנען די פראַגע, אויב דער פאַרשטאַנד ווייסט ניט קיין אַנדער זאַך, אויסער זיינע אייגענע אידייעס, ווי אזוי קען ער וויסן וואָס עס טוט זיך אין דער אויסערלעכער וועלט? לאַק האָט געזען די שוועריקייט פון דער פראַגע און האָט געפּרוּווט געבן אַן ענטפער אויף איר; זיין ענטפער איז אָבער ניט געווען צופרידנשטעלנד. וואוהין דאָס האָט געפירט איז פריער אָנגעוויזן געוואָרן.

ווען די פּראַגמאַטיסטן און נעאָ־רעאַליסטן האָבן אָנגענומען, אַז דער באַוואוסטזיין באַשטייט פון אַ פונקציע אינעם פאַרשטאַנד, איז אויסגעקומען, אַז זיי פאַלן צוריק אריין אינעם דואַליזם פון אַן אינהאַלט אינעם פאַרשטאַנד און זאַכן אויסער אים. זיי האָבן אָבער באַשלאָסן אויסצומיידן דעם דואַליזם אום יעדן פּרייז און דאָס האָט געמיינט זיך אָפּזאָגן פונעם רעפּרעזענטאַטיוון וויסן, זיך אָפּזאָגן פון דעם, אַז דער וויסן באַשטייט פון אַן אינהאַלט אינעם פאַר־שטאַנד, און אָננעמען, אַז וויסן (קאָגנאַציע פון זאַכן) באַשטייט פון אַן אויסער־לעכער פאַרהעלטעניש פון עקזיסטענצן: דער מענטש איז אַ טייל פון דער נאַטור, ער איז נאָר א מער פילענדער צענטער פון אַנדערע, ווערט ער באַ־וואוסטזיניק פון דער סביבה וואָס ווירקט אויף אים.

צו וואָס דער אויסגעהאַלטענער מאָניזם האָט געפירט דואין איז פריער דערקלערט געוואָרן. איצט וועגן די נעאָ־רעאַליסטן.

די נעאָ־רעאַליסטן נעמען אָן דעם זעלבן מאָניסטישן צוגאַנג צו דער רעאַליטעט פון דער וועלט וואָס די פּראַגמאַטיסטן האָבן אָנגענומען. מען קען זאָגן, אַז זיי נעמען ערשט אָן דעם מאָניזם; זיי זיינען אָבער מער אויסגע־האַלטן און גייען פיל ווייטער פון די פּראַגמאַטיסטן. פאַר זיי איז די אויסערלעכע פאַרהעלטעניש צווישן דעם מענטשן און דער סביבה דער אויסגאַנגס־פונקט פון זייער גאַנצער פילאָזאָפיע. זיי נעמען אָן, אַז דער מענטשלעכער וויסן באַשטייט פון אַן „אויסערלעכער קאָגנאַטיווער רעלאַציע”, וואָס עס מיינט, אַז דער אָביעקט פון וויסן (דאָס וועגן וואָס דער מענטש איז אינפאָרמירט) געפינט זיך שטענדיק אין אַן אויסערלעכער פאַרהעלטעניש צום ווייסער (צום מענטשן). דער וויסן באַשטייט פון אַ דירעקטן אויפנעמען (דירעקטע אַפּרעהענציע) פונעם אַרומיקן.

ווי אַזוי דער זעלבער אויסגאַנגס־פונקט, אָדער כמעט דערזעלבער, האָט איין ריי דענקער געפירט צום פּראַגמאַטיזם און ערשט נאָכדעם צום רעאַליזם און אַ צווייטע ריי דענקער האָבן גלייך אָנגענומען דעם רעאַליזם, איז ניט לייכט צו דערקלערן. עס קען בלויז אָנגעוויזן ווערן אויפן פאַקט, אַז דער פּראַגמאַטיזם האָט זיך מער פאַרשפּרייט אין אַמעריקע, ווי אין אייראָפּע און דאָס איז טאַקע אַ דאַנק זיין פּראַגמאַטישקייט: די אַמעריקאַנער זיינען פּראַק־טיש אפילו אין דער פילאָזאָפיע. עס וואָלט אויך געקענט אָנגעגעבן ווערן דאָס, וואָס דזשיימס און אויך דוּאי זיינען צו פילאָזאָפיע געקומען פון פּסיכאָלאָגיע, האָבן זיי אָנגעהאַלטן דעם פּסיכאָלאָגישן שטאַנדפּונקט אויך אין דער פילאָזאָפיע, איז אָבער אַ פאַקט, אַז טש. פּיערס, דער ערשטער פּראַגמאַטיסט איז געווען אַ לאָגיקער... ווי עס זאָל ניט זיין, איז אַמעריקע געווען די היים פונעם פּראַגמאַטיזם. עס איז באַוואוסט, אַז דזשיימס איז געווען אַ גוטער פּסיכאָלאָג און מען זאָגט אַז ער איז געווען א קנאַפּער ווייסער פון

לאָגיק. בערטראַנד ראָסעל, דער ערשטער פאַרשפרייטער פונעם נעאָ־רע־אַליזם, איז אַ גאָר גוטער לאָגיקער, האַלט מען אים פאַר אַ קנאַפּן פסיכאָלאָג...

צו דערקלערן דעם נעאָ־רעאַליסטישן שטאַנדפּונקט וועט גענומען ווערן דער אַמעריקאַנער פילאָזאָף ראַלף ב. פּערי (ראָסעל קען ניט גענומען ווערן, ער האָט געביטן זיין מיינונג וועגן דער דערקענטעניש־לערע, ער נעמט אָן אַ דואַליזם), ער איז קלאָר און אויסגעשפּראָכן וועגן דער פראַגע. ער זאָגט: „דער פּראָבלעם פון וויסן רעדוצירט זיך אין לעצטן אַנאַליז צום פּראָבלעם פון דער פאַרהעלטעניש (רעלאַציע) צווישן דעם פאַרשטאַנד און דעם אָביעקט, וואָס געפינט זיך אין פאַרהעלטעניש צו אים. די שטענדיקע אייגנשאַפט פון דער דאָזיקער פאַרהעלטעניש איז פאַרשטאַנד" (זע פּרעזענט פּילאָסאָפיקל טענדענסיעס, ז. 273). אין דעם אויסצוג געפינט זיך דער געדאַנק, וואָס וו. דזשיימס האָט אַרויסגעזאָגט אין זיין אַרטיקל „צי עס איז פאַראַן אַזאַ זאַך ווי אַ באַוואוסטזיין פאַר זיך?" ס'איז אין אים אָבער פאַראַן מער ווי דאָס, וואָס דזשיימס האָט געזאָגט: דזשיימס האָט געלייקנט די עקזיסטענץ פון אַ באַוואוסטזיין פאַר זיך, ער האָט אָבער ניט געשטעלט קיין באַדינג פאַר דער עקזיסטענץ פונעם פאַרשטאַנד אַ שטענדיקע אויסערלעכע פאַרהעלטעניש צווישן דעם מענטשן און דאָס, וואָס ער ווייסט. געוויס איז דער פונדאַמענטאַלער געדאַנק פאַר דער פאַרהעלטעניש שוין געווען אין זיין אַרטיקל; ער האָט אָבער ניט געצויגן די קאָנסעקווענטע שלוסן פון דעם געדאַנק. דאָס האָבן געטאָן די רעאַליסטן, וואָס זיינען געקומען נאָך אים. פאַר זיי באַשטייט יעדער באַוואוסטזיין אין אַן אויסערלעכער פאַרהעלטעניש פון צוויי עקזיסטענצן: דעם מענטשן און דאָס וואָס ער ווייסט. פּערי שטעלט עס פאַר אַ באַדינג, ער זאָגט: „מיינע אינהאַלטן (אינעם פאַרשטאַנד) באַשטייען פון די פּאַסיווע אָביעקטן פון מיין אַקטיווער אויפנעמונג, דענקען אָדער פאַרלאַנגען.

דער דאָזיקער פּראָצעס פונעם פאַרשטאַנד איז אין זיך זעלבסט ניט קיין אינהאַלט, ער איז נאָר דער אַלגעמיינער און פאַראייניקנדער פאַרבינדער פון אַלע אינהאַלטן" (279). אָבער, די פאַרהעלטענישן פונעם אינהאַלט פון מיין פאַרשטאַנד מוזן באַטראַכט ווערן אויף אַן אָביעקטיוון אופן און וואָס קענען אַנדעקט ווערן דאָרט אפילו ווען איך לאָז פון זיי ניט וויסן דורך ווער־טער" (דאָרטן, 296).

דאָס איז קלאָר און דייטלעך: דער אינהאַלט פונעם פאַרשטאַנד באַשטייט פון עפּעס, וואָס איז אין אויסערלעכער פאַרהעלטעניש צום פאַרשטאַנד. מען דאַרף אים אפילו קענען אַנטדעקן אויף אַן אָביעקטיוון אופן... ווייל „מיין באַוואוסטזיין וועגן עפּעס באַשטייט פונעם באַוואוסטזיין, וואָס איז אין פאַר־העלטעניש צו דעם עפּעס" (320). דער „עפּעס" פון וואָס מען איז אינפאָרמירט באַלאַנגט ניט צום פאַרשטאַנד, אָדער צום באַוואוסטזיין, נאָר ער איז מיט אים אין פאַרהעלטעניש. דער באַדינג איז אַן אַבסאָלוטער; עס איז קיין שום אונטערשייד ניט וואָס דער „עפּעס" איז; ער קען אפילו זיין אַ טייל פון דער אייגענער ביאָגראַפיע, ווי ווען מען דערמאָנט זיך אין אַ פּאַסירונג פון דער איי־גענער פאַרגאַנגענהייט, צום ביישפּיל. אפילו אין אַזאַ דערמאָנונג באַלאַנגט דער אינהאַלט פון דעם דערמאָנטן ניט צום באַוואוסטזיין: דער באַוואוסטזיין איז אין אַן אויסערלעכער פאַרהעלטעניש צו דעם געדאַנק, פון וועלכן ער דענקט. פּערי זאָגט: „די זעלבע אַלגעמיינע באַטראַכטונג דאַרף אויך אָנגעווענדט

ווערן צו מיין דענקען. ווען איך דענק אין אַבסטראַקט, זיינען די אינהאַלטן פון מיין פאַרשטאַנד, נעמלעך, די אַבסטראַקציעס זעלבסט, אַזוינע וועגן וועלכע דו קענסט אויך דענקען. איך באַזיץ זיי ניט אין וועלכן עס איז ספּעציעלן זין. דער פאַקט וואָס זיי זיינען מיינע אינהאַלטן מיינט, אַז זיי זיינען ווי עס איז פאַרבונדן מיט דער היסטאָריע פון מיין נערוון־סיסטעם. די אינהאַלטן און די פאַרבינדונגען, וואָס מאַכן זיי מיינע, זיינען צו דער זעלבער צייט אַלגעמיינע אָביעקטן, וועלכע ליגן אינעם פעלד פון אַלגעמיינער באַאָבאַכטונג און שטודיום" (267). ער באַטאָנט דעם געדאַנק ווידעראַמאָל און נאָכאַמאָל מען זאָל אים ריכטיק פאַרשטיין. ער זאָגט: „דער אינהאַלט פונעם פאַרשטאַנד מוז דעפינירט ווערן ווי אַ טייל פון דער אַרומרינגלענדער סביבה, מיט וועלכער דער אָרגאַניזם רעכנט זיך, ווען ער דינט זיינע אינ־טערעסן" (300). און ער פאַרענדיקט: „אַן אויסגעהאַלטענער רעאַליזם מוז אָננעמען די אומאָפּהענגיקייט ניט נאָר פונעם דענקען, נאָר פון יעדער פאָרמע פון דערפאַרונג, פון וואָס זי זאָל ניט באַשטיין, צי פון זינלעכער דערפאַרונג, צי פון געפילן, אָדער אפילו פונעם אינטענסיוון רעאַגירן פונעם אָרגאַניזם צו זיין אומגעבונג" (315).

די עטלעכע ציטאַטן אַנטהאַלטן דעם צענטראַלן געדאַנק פון דער דער־קענטעניש־לערע פונעם נעאָ־רעאַליזם, ספּעציעל פון דעם טייל, וואָס האָט אַ שייכות מיט דער ווייטערדיקער אָפּהאַנדלונג. ווען מען פאַרגלייכט דעם צוגאַנג צו דער דערקענטעניש מיטן פּראַגמאַטיסטישן, קען מען זען, אַז דער אונטערשייד צווישן זיי איז ניט אינעם אויסגאַנגס־פּונקט; זיי ביידע אָריענטירן זיך אויף דער פּסיכאָלאָגיע, ספּעציעל דער גענעטישער פּסי־כאָלאָגיע און די נעאָ־רעאַליסטן נעמען בלויז די לאָגיק פאַר זייער וועגווייזער. זיי הויבן אָן פונעם פאַקט, אַז דער מענטש באַזיצט אַ קאָגנאַטיווע אייגנ־שאַפט, אַז ער באַזיצט אַ קוריאָזיטעט, ער וויל וויסן און ער האָט אַ פאָרשנדן פאַרשטאַנד, וואָס גיט אים די מעגלעכקייט אויסצוגעפינען דאָס, וואָס ער זוכט. אָריענטירנדיק זיך אויפן פאַקט, מיידן זיי אויס דעם טעמפּן ווינקל, אין וועלכן די פּראַגמאַטיסטן זיינען פאַרקראָכן, אַז וויסן באַשטייט בלויז פון לייזן פּראָבלעמען אין אַקטועלע סיטואַציעס. דער רעפלעקטיווער דענקען איז ניט געבונדן מיט די פּראַגמאַטישע קייטן, וואָס די פּראַגמאַטיסטן האָבן אים געוואָלט אָנטאָן.

די גאַנצע געשיכטע פונעם ספּעקולאַטיוון געדאַנק, צוזאַמען מיט דער געשיכטע פון דער וויסנשאַפט, ריידן קעגן דואיס „קופּערניקאַנישער רעוואָ־לוציע". און אַזוי ווי מען האָט ניט אָנגענומען קאַנטס „קופּערניקאַנישע רעוואָלוציע", אַזוי האָט מען ניט אָנגענומען דואיס „רעוואָלוציע". מען לייקנט אים מיט אינטערעס, ער איז אָבער ניט איבערצייגנד, גייט מען איבער צום רעאַליזם...

פּעריס אַלע ציטאַטן אַנטהאַלטן איינעם און דעם זעלבן געדאַנק, אַז די אויסערלעכע פאַרהעלטענישן איז פונעם באַוואוסטזיין צו דעם, פון וואָס ער איז באַוואוסט, אַז דאָס פון וואָס מען איז באַוואוסט באַלאַנגט צו דער סביבה און איז ניט קיין אינטערגעאַלער טייל פונעם פאַרשטאַנד גופא. דער פאַר־שטאַנד האָט ניט קיין אייגענעם אינהאַלט. ער האָט נאָר די אייגנשאַפט צו אינ־פאָרמירט ווערן וועגן דעם, מיט וואָס ער קומט אין באַרירונג. דאָס מיינט שוין

אויך, אַז די באַרירונג איז אַ דירעקטע און אוממיטלבאַרע. אויף דער טעכ־נישער שפּראַך ווערט עס אָנגערופן דירעקטע אפּרעהאנציע. דער שטאַנדפּונקט ווערט אויך אָנגערופן פּאַן־אָביעקטיוויזם און עפּיסטעמאָלאָגישער מאָניזם. די אַלע נעמען מיינען איינע און די זעלבע זאַך און דאָס איז, אַז דער מענטש־לעכער פאַרשטאַנד איז ניט מער ווי אַ מין עמפּינדלעכער צענטער, וואָס רעגיסטרירט און קאָאָרדינירט אַלץ וואָס קומט פאַר ארום אים, קיין אייגנס אָבער פאַרמאָגט ער ניט.

דאָס איז אַ פונדאַמענטאַלער באַדינג פאַרן נעאָ־רעאַליזם; ווייל אזוי גיך ווי ער זאָל אָננעמען, אַז דער פאַרשטאַנד האָט אַ וועלכן עס איז אינהאַלט, וואָס באַלאַנגט צו אים, מוז ער אויך אָננעמען אַ דואַליזם, אַמווייניקסטנס אַן עפּיסטאָמאָלאָגישן. ער מוז אָננעמען, אז זאַכן געפינען זיך אין דער נאַטור אַלס עקזיסטענץ פאַר זיך און דער פאַרשטאַנד האָט זיין אייגענעם אינ־האַלט אין דער פאָרמע פון באַגריפן. דאָס אָבער, באַהויפּטן די נעאָ־רעאַ־ליסטן, מיינט אָננעמען צוויי באַזונדערע עקזיסטענצן: אַ פיזישע עקזיסטענץ אין דער נאַטור און אַ פּסיכישע עקזיסטענץ אין דער פאָרמע פון אַן אינהאַלט אינעם פאַרשטאַנד. נעמט מען דאָס אָן, פאַלט מען, לויט זייער מיינונג, צוריק אַריין אין דזש. לאָקס פּאָזיציע, מען מוז אָננעמען צוויי באַזונדערע עקזיסטענצן, וואָס האָבן ניט קיין שום פאַרבינדונג צווישן זיך. די ציטאַטן, וואָס זיינען גענומען געוואָרן פון דעם וויכטיקסטן אַמעריקאַנער נעאָ־רעאַ־ליסט, ציילגן אָן ווי ער (פּערי) פּרואווט לייזן די עפּיסטאָמאָלאָגישע פראַגע; ער נעמט אַרויס דעם גאַנצן אינהאַלט פונעם פאַרשטאַנד, אפילו דעם אינ־האַלט, וואָס באַלאַנגט צו דעם מענטשנס אייגענער ביאָגראַפיע און גיט אים איבער צו דער סביבה. ער נעמט אָן, אַז דאָס אַלץ איז אַ טייל פון דער נאַטור, מיט וועלכער דער מענטש קומט אין באַרירונג, אָבער ניט דעם מענטשנס ספּעציעלער אייגנטום.

איבערגייענדיק צו אַ קריטישן אַנאַליז צו דער אויסגעהאַלטענער מאָניסטישער דערקענטעניש־לערע, זאָל באַמערקט ווערן, אַז דער שטאַנדפּונקט איז ווינטשנסווערט פאַר איינעם, וואָס איז רעאַליסטיש געשטימט. עס וואָלט זיך זייער וועלן האָבן אַן איינהייטלעכע נאַטור אין וועלכער אַלע דערשיינונגען זיינען פון אַ דירעקטן און איינהייטלעכן כאַראַקטער. אָבער די פראַגע איז צי קען מען צונעמען פונעם מענטשנס פאַרשטאַנד דעם אינהאַלט, וואָס באַלאַנגט צו אים ווי אַ „פּריוואַט אייגנטום"? און צי האָט די נאַטור פּלאַץ פאַר אים? אַן אַנאַליז ווייזט, אַז דאָס קען מען ניט טאָן. עס איז לייכט צו זאָגן, מען דאַרף אָביעקטיוויזירן דעם אינהאַלט פונעם פאַרשטאַנד אַזוי, אַז ער (דער אינהאַלט) זאָל זיך געפינען אין אַן אויסערלעכער פאַרהעלטעניש מיט אים (מיטן פאַרשטאַנד). אָבער וואו און ווי אַזוי קען מען לאָקאַליזירן אין דער נאַטור דאָס, וואָס האָט אַ שייכות מיט דער אייגענער פאַרגאַנגענהייט?

ווען מען דערמאָנט זיך אין אַ פּאַסירונג, וואָס האָט זיך געטראָפן אין דער אייגענער פאַרגאַנגענהייט, איז די פּאַסירונג אַ טייל פון דער אייגענער ביאָ־גראַפיע. זי באַלאַנגט צו דעם מענטשן, וואָס האָט די פּאַסירונג איבער־געלעבט, ניט צו דער סביבה, אין וועלכער ער געפינט זיך. די איבערלע־בונג באַלאַנגט צו אים, ווי זיין אַ פּריוואַט אייגנטום, וואָס קען פאַר קיין פאַל ניט אָביעקטיוויזירט ווערן. אמת, זי איז אויף וועלכן עס איז אופן פאַר־

בונדן מיט דער נערוון־סיסטעם, געפינט זי זיך אין רוים צוזאַמען מיט דער נערוון־סיסטעם; דאָס מיינט אָבער ניט, אַז מען קען צוקומען צו דער איבער־לעבונג פון דרויסן אויף אַן אָביעקטיוון אופן, אויסער דער פאָרמע, וואָס דער מענטש זעלבסט גיט איבער. וועגן אַזאַ אויסערלעכער פאַרבינדונג, ווי אַ פאַרהעלטעניש צווישן דעם באַוואוסטזיין און זיין אינהאַלט, ווייסט מען ניט און, ווי זאָגט אדריאַן, דער געוואונער פונעם נאָבל־פּרייז פאַר פאַרשונגען פון דער פונקציע פון דער נערוון־סיסטעם, מען קען זי (די אויסערלעכע פאַרבינדונג) זיך אפילו ניט פאָרשטעלן... איז ניט שייך צו ספּעקולירן וועגן דעם. און וואָס הערט זיך מיט איינעמס פאָרשטעלונגען, פאַנטאַזיעס און חלומות? באַלאַנגען זיי אויך צו דער סביבה? אויך זיי זיינען ניט קיין טייל פון דער אייגענער פערזענלעכקייט? וואו לאָקאַליזירט מען זיי, אויב ניט אינעם פאַרשטאַנד פון דעם, וואָס לעבט זיי איבער?

נאָך ערגער איז מיט האלוציאנאציעס און טעותן אין אלגעמיין; זיי קען מען גאָרניט דערקלערן, ווען מען נעמט אָן, אַז אַלץ, וועגן וואָס מען איז אויפמערקזאַם, געפינט זיך אין אַן אויסערלעכער פאַרהעלטעניש צו דעם, וועגן וואָס מען איז אויפמערקזאַם. עס דאַרף מיינען, אַז די אורזאַך פון דער האַלוצינאַציע, אָדער טעות אין אלגעמיין, געפינט זיך אין דער סביבה... אָבער דאָס איז אוממעגלעך: די זאַך, וואָס געפינט זיך אין דער סביבה איז, נאַטירלעך, אַזוי ווי זי איז אין דער ווירקלעכקייט, איז פאַרוואָס נעמט מען זי ניט אויף אַזוי, ווי זי איז אין דער ווירקלעכקייט? פאַרוואָס מאַכט מען א טעות? און ווי אַזוי מאַכט מען דעם טעות? אויף די פראַגן איז ניטאָ קיין שום ענטפער, מען קען זיי פּשוט ניט דערקלערן. און ווירקלעך: דער מענטש קען קיין טעות ניט מאַכן, ווייל ער האָט מיט דער פּרעזענ־טירנדער זאַך קיין שום שייכות ניט. ער איז אין אַן אויסערלעכער פאַר־העלטעניש צו איר; וואָס עס מיינט, אַז ער ווערט אינפאָרמירט פון דעם, וואָס פּרעזענטירט זיך צו אים. דאַרף מען אָננעמען, אַז עס פּרעזענטירן זיך צו אים צוויי זאַכן, אָדער צוויי דערשיינונגען, די אמתע און די פאַלשע... איז פון וואַנען האָט זיך גענומען די פאַלשע פּרעזענטאציע? און וואו געפינט זי זיך?

אַז דאָס זיינען גאָר ערנסטע פראַגן פאַרן נעאָ־רעאַליזם, וואָס וויל לאָקאַליזירן אַלץ אין רוים, וועט עדות זאָגן פּראָפעסאָר מאָנטאַגיו, איינער פון די זעקס נעאָ־רעאַליסטן, וואָס האָבן אין 1912 אַרויסגעגעבן דעם בוך „נעאָ־רעאַליזם". אָט וואָס ער זאָגט אין 1930: „מיר קענען פאַרגרעסערן די באַדייטונג פון באַוועגנדע קערפּערס אויף וויפיל מיר ווילן; זיי קענען אָבער ניט זיין קיין אַנדערע ווי צו צפון און דרום, מזרח און מערב אַרויף און אַראָפּ, אָדער צווישן די ריכטונגען. אָבער דער אייגנאַרטיקער האַרמאָנישער צוזאַמענהאַנג צווישן דעם מענטשן און דעם אָביעקט וועגן וועלכן ער איז אינפאָרמירט איז אויסגעשפּרייט אין דער ריכטונג פון דער פאַר־גאַנגענהייט און צוקונפט, און אפילו אין אַבסטראַקטע רעגיאָנען. ס'איז אָבער אוממעגלעך פאַר אַ קערפּער זיך באַוועגן אין אַזעלכע „דירעקציעס". וואָס ס'איז נאָך פיליכט פון א מער ערנסטן אונטערשייד צווישן מיר און מיינע נעאָ־רעאַ־ליסטישע חברים האָט זיך אַנטוויקלט אין די לעצטע יאָרן. די אָביעקטן, וואָס דערשיינען אין צעדרייטע אילוזיעס און אין האַלוציאַנערע דערפאַרונגען,

וואָס איך האָב קיינמאָל ניט אָנגענומען, אַז זיי עקזיסטירן, נאָר אַז זיי באַשטייען פון וועזנטלעכע קאָמפּלעקציס פון עסענצן, וואָס קענען ניט לויט מיין באַגעם, האָבן אַ וועלכן עס איז פּלאַץ אינעם רעאַלן רוים, ווי קלאָר זיי זאָלן ניט אויסקוקן אינעם מאָמענט פון דער זינלעכער דערפאַרונג (פּערצעפּציע), איז זיי געגעבן געוואָרן אַן עקזיסטענציעלער סטאַטוס פון דער מערהייט פון די, וואָס רופן זיך אָן נעאָ־רעאַליסטן. דער רעזולטאַט איז, אַז מען דאַרף מאַכן דעם רוים, אין וועלכן מיר לעבן און באַוועגן זיך, פאַר אַ מיסט־קאַסטן פאַר אַלע אינהאַלטן פון חלומות און אילוזיעס, אַקטועלע און מעגלעכע. אירגנד וועלכער רוים וואָלט צוזאַמענגעבראָכן אונטער אַזאַ דרוק, און נאַטירלעך, אז דער נעאָ־רעאַליסטישער רוים האָט צעפּלאַצט און האָט זיך צעבראָכן אויף אַ ריי „פּריוואַטע רוימען” און אין א „קהלשן רוים” ווי אַ קאָנסטרוקציע פון יעדן מענטשן באַזונדער. זיינען פאַראַן אַזויפיל קהלשע רוימען, וויפיל ס'זיינען פאַראַן איינצל מענטשן, וואָס שטעלן זיי צוזאַמען? דרינגען זיי פולשטענדיק אַריין איינער אינעם צווייטן, אָדער בלויז טיילווייז? אָדער זיינען זיי איין רוים, אויסער דעם צווייטן, איינער לעבן דעם צווייטן און צוזאַמען געפינען זיי זיך אין אַ העכערן קהלשן רוים, וואָס איז ניט קיין קאָנסטרוקציע? די דאָזיקע לעצטע פראַגן דאַרפן אויך געשטעלט ווערן וועגן די פּריוואַטע רוימען. און וואו האָבן זיך געפונען די מענטשן, וואָס האָבן צוזאַמענגעשטעלט די קהלשע רוימען, איידער זיי האָבן די רוימען פאָרמירט — נעמלעך, ווען זיי זיינען געווען קליינע קינדער, אָדער איידער זיי זיינען געבוירן געוואָרן?... עס קוקט מיר אויס צו זיין זיכער און באַשטימט, אַז די זאַכן, פון וואָס די עקזיסטירנדע וועלט באַשטייט, מוזן אין יעדן מאָמענט האָבן אַן אולטימאַטיווע באַשטימטע פּאָזיציע, ניט אַכטנדיק אַלע ווידערשפּרעכנדע פּערספּעקטיוון אין וועלכע זיי קענען דערשיינען און אויב מיר מאַכן צייטלעכע קווער־שניטן פון די דאָזיקע זאַכן, ווי מיר מאַכן אַלעמאָל, און באַהאַנדלען זיי אַזוי אַרום ווי היסטאָריעס, אָדער ווי אַן אָנהאַלטנדער פּראָצעס פון פּאַסירונגען, איז די סיטואַציע פונדאַמענטאַל ניט געענדערט...

אויב נעאָ־רעאַליזם מיינט אַן אַנטאָלאָגישע (זיין, עקזיסטירן) אויסגלייכונג אין וועלכער עס זאָל געגעבן ווערן האַרמאָנישע גלייכהייט, אַלס עקזיסטענציעלער סטאַטוס, צו יעדן אינהאַלט פון דער פּערצעפּציאָנעלער דערפאַרונג (חושים־איינדרוקן), ניט אַכטנדיק צי זיי זיינען ריכטיקע, צי אילוזיעס, איז אַזאַ טעאָריע ניט רעאַליזם, פאַר קיין פאַל ניט. מיר קענען געבן נייע נעמען, ווי „דאַטן פון דער עמפינדלעכקייט” (סענס־דאטא), אָדער „עמפינדלעכקייטן”, אָדער „סענסיביליטעטן” צום מישמאַש פון דערפאַרונגס אינהאַלטן און זיי אָנרופן מיט אַ פרומער מינע „פיזישע” אין יעדן זאַץ וואָס מיר נוצן; זיי זיינען אָבער אין דער ווירקלעכקייט ניט קיין פיזישע, ווייל זיי זיינען גאָר ניט קיין זאַכן, פאַר קיין פאַל ניט... זיי קענען ניט עקזיסטירן פאַר זיך אליין.... און דאָס ערגסטע איז, וואָס מען קען פאַר קיין פאַל זיי ניט אַריינברענגען מיט וועלכער עס איז אָרדענונג אין אַן איינהייטלעכער סביבה, צי אין רוים, צי אין צייט, אָדער אין צייט־רוים פון דער רעאַליטעט. פאַקטיש באַשטייען זיי ניט פון קיין אַנדער זאַך, ווי פון די גוט באַוואוסטע אדיעקטיווע חושים־איינדרוקן פון יומען,

מאַכן א. אז. וו., וואָס פאַראַדירן אונטער הויך־קלינגענדע נעמען. צו באַ־טראַכטן זיי ווי די איינציקע באַשטאַנד־טיילן פון דער וועלט פון עקזיסטענץ, מיינט, אַז דער נעאָ־רעאַליזם האָט זיך איינגאַנצן איבערגעגעבן צום אַלטן פענאָמענאַליזם" (זע קאָנטעמפּראַריע אַמעריקען פילאָסאָפיע, באנד 2, זז. 146־147). און דאָס זאָגט איינער פון די ערשטע און וויכטיקסטע פאָרמולירער פונעם נעאָ־רעאַליזם.

מאָנטעגיעס קריטיק קעגן זיינע אַלטע חברים, די נעאָ־רעאַליסטן, איז אַ גאַנץ ערנסטע. ער קען ניט זען ווי אַזוי, אלס רעאַליסטן, הויבן זיי אָן פון אַ וועלט פון זאַכן, וואָס האָבן אַ זעלבסטשטענדיקע עקזיסטענץ אין אַ צייט־רוימלעכן מידיום און צו דער זעלבער צייט נעמען זיי אויך אָן, אַז די פאַרשיידענע פּערספּעקטיוון, וואָס יעדער באַזונדער באַאָבאַכטער קריגט פון די זעלבע זאַכן, באַלאַנגען אויך צו די זעלבע זאַכן. ער קען ניט זען, ווי אַזוי אַ זאַך קען עקזיסטירן פאַר זיך, ווי זי איז און צו דער זעלבער צייט זאָל זי אויך האָבן די פאַרשיידנאַרטיקסטע אַספּעקטן, אפילו די פאַלשע אַספּעקטן פון מענטשלעכע טעותן. ער קען ניט פאַרשטיין ווי אַזוי מען קען לאָ־קאַליזירן אין רוים אילוזיעס און האַלוציאַנאַציעס, וואָס האָבן ניט קיין אייגענע עקזיסטענץ, נאָר זיינען אַ פּראָדוקט פון אַ קראַנקהאַפטער פאָר־שטעלונגס־קראַפט. וואָס ס'איז אָבער נאָך ערגער, איז דאָס וואָס מען נעמט מענטשלעכע באַגריפן וועגן זאַכן, פאָרשטעלונגען און חלומות און מען טראָגט זיי אויך אַרויס אין רוים, מען „לאָקאַליזירט" זיי אויסער דעם מענטשנס פאַרשטאַנד דערפאַר, וואָס לויט דער נעאָ־רעאַליסטישער אויס־טייטשונג קען דער פאַרשטאַנד ניט האָבן קיין אייגענעם אינהאַלט.

אַזוי ווי אָבער אין דעם וואָס ווערט פאַרשטאַנען אונטער דעם אַלגע־מיינעם באַגריף רוים קענען אָט די אַלע „עפּעסן" ניט האָבן קיין פּלאַץ, האָט מען זיך געגעבן אַן עצה, מען האָט פאַרמירט „פּריוואַטע רוימען". זאָגט מאָנטעגיע, אַז די „רוימען" האָבן געפּלאַצט און איבערהויפּט פאַלט מען אריין אין אַ נעץ פון ווידערשפּרוכן, פון וועלכער מען קען זיך ניט אַרויסדרייען.

אַמערגסטן שניידן אָפּ די איבערלעבונגען, וואָס האָבן אַ שייכות צו דער אייגענער ביאָגראַפיע. אויסער דעם וואָס מען קען זיך איבערהויפּט ניט פאָרשטעלן ווי אַזוי מען קען זיי אָביעקטיוויזירן און וואו מען קען זיי לאָקאַליזירן, איז ווען מען דערמאָנט זיך אין אַזאַ איבערלעבונג, ברענגט מען זי צוריק מיט איר אָריגינעלער סביבה. איז די פראַגע: פון וואַנען נעמט זיך די אָריגינעלע סביבה? וואו איז זי געווען ביז מען האָט זיך דערמאָנט אין דער פריער איבערגעלעבטער פּאַסירונג? און ווי אַזוי פּאַסט זי זיך אַריין אין דער אַקטועלער סביבה (רוים) אין וועלכער מען לעבט איצט? מען דאַרף אין זינען האָבן, אַז ווען מען דערמאָנט זיך אין אַ פאַרגאַנגענער פּאַסירונג און מען ברענגט זי צוריק פאַר דער פאַנטאַזיע, נעמט מען זי אריין אין דער איצטיקער אומגעבונג. פאַרן פאַרשטאַנד איז פאַראַן די פאַרגאַנגענע איבערלעבונג, זי איז אָבער פאַראַן אין אַ איצטיקן באַוואוסטזיניקן צושטאַנד מיט אַ קעגנוואַרטיקער סביבה, אין וועלכער מען ברענגט זי אַריין. דאַרף עס, לויט דער נעאָ־רעאַליסטישער אינטערפּרע־טאַציע, מיינען, אַז מען ברענגט אַריין דעם פריערדיקן „פּריוואַטן רוים"

אינעם איצטיקן „פּריוואַטן רוים“ און די צוויי פּריוואַטע רוימען שטעלט מען אַריין אין דעם „אַלגעמיינעם רוים“... איז אַ חידוש וואָס ער האַלט ניט אויס די מאָסע און ער ברעכט צוזאַמען? די טעאָריע פון „פּרי־וואַטע רוימען“ איז ניט פאַרשטענדלעך.

ס׳קען זיך אויסדוכטן, אַז דאָס איז אַ וויץ, אָדער מיסרעפּרעזענטאַציע פונעם נעאָ־רעאַליסטישן שטאַנדפּונקט, וועט נאָכאַמאָל געבראַכט ווערן דער אויסצוג פון פּערין וואו ער זאָגט אַז: „דער אינהאַלט פונעם פאַר־שטאַנד מוז דעפינירט ווערן ווי אַ טייל פון דער אַרומיקער סביבה, מיט וועלכער דער אָרגאַניזם רעכנט זיך, ווען ער דינט זיינע אינטערעסן“. ווי מען קען זען, מיינט עס פּערי, און ער מוז מיינען, ווען ער וויל ניט געבן דעם פאַרשטאַנד קיין אייגענעם אינהאַלט.

אין אַ נאָך מער אומבאַקוועמער לאַגע פאַלט מען אריין, ווען מען נעמט זיך אַנאַליזירן אַ פּערצעפּציע פון עפּעס, וואָס קומט פון א דיסטאַנץ, אַ פּערצעפּציע פון אַ וויטן שטערן, צום ביישפּיל, ווען מען זעט אַ שטערן, וואָס געפינט זיך ערגעץ אין רוים, קען די פּערצעפּציע פון אים ניט זיין קיין דירעקטע און אוממיטלבאַרע. דאָס איז ניט מעגלעך דערפאַר, וואָס דער שטערן געפינט זיך ווייט פונעם אויג, איז ביז זיין שיין דערגרייכט דאָס אויג, קען פּאַסירן, אַז אין דעם לאַנגן דויער האָט עפּעס פּאַסירט מיטן שטערן און ער איז פאַרניכטעט געוואָרן. זאָל זיין אַז ער עקזיסטירט אויך איצט, אָבער אויף דעם פּלאַץ וואו מען זעט אים, איז ער געוויס ניטאָ: פאַר דער לאַנגער צייט, וואָס ס׳האָט גענומען דעם ליכט צו קומען צו דער ערד, האָט ער שוין לאַנג געביטן זיין פּלאַץ אין הימל, ער געפינט זיך שוין געוויס ערגעץ אַנדערש. פונדעסטוועגן זעט מען אים אויפן אָרט, וואו ער איז געווען פריער און איז איצט ניטאָ... אין אַזאַ פאַל איז ניט מעגלעך קיין דירעקטער זען: מען זעט אים אויף אַ פּלאַץ, וואו ער איז געוויס ניטאָ און מען זעט אים אַ סך שפּעטער, ווי די ליכט האָט אים פאַרלאָזט. און ווי זאָגט לאַוודזשאַ: ,דער זען מוז זיך געפינען אינעם מענטשן און ניט דאָרט וואו דער שטערן האָט זיך געפונען און איז איצט דאָרט ניטאָ. (זע די רעוואָלט אַגעינסט דואַליזם, ז. 19).

אין דעם פאַל פון זען אַ שטערן העלפן ניט קיין חכמות: מען קען ניט זען דעם שטערן דירעקט, מען איז געצוואונגען אָנצונעמען אַ דואַליזם; מען ווערט אויפמערקזאַם (זעט) אויף דעם איינדרוק, וואָס מען האָט אינעם פאַרשטאַנד, וואָס איז געקומען פון דעם שטערן, מען זעט אָבער ניט דעם שטערן דירעקט.

ווען מען טראַכט זיך אַריין אינעם ביישפּיל מיטן שטערן, געפינט מען אויס, אַז דאָס איז ניט קיין אויסנאַם־דערשיינונג, נאָר אַן אַלגעמיינער צושטאַנד, וואָס איז א רעזולטאַט פון דעם וואָס ס׳געדויערט אַ ליכט־שטראַל צו דערגרייכן דאָס אויג. די וויטקייט פונעם שטערן ברענגט דעם דואַליזם אַרויס אין אַ בולטער פאָרמע, פאַקטיש איז ער אָבער איינגע־שלאָסן אין יעדער פּערצעפּציע. פון דעם אַלעמען קען מען נאָר ציען איין שלוס, אז ווי סימפּאַטיש מען זאָל ניט זיין צום אויסגעהאַלטענעם מאָניזם, מיט דירעקטער אָפּרעהענציע (אויפנעמען דירעקט און אוממיטל־באַר), קען דער שטאַנדפּונקט ניט אָנגענומען ווערן. אויף דעם פּונקט מוז

מען איינשטימען מיט ב. ראָסעלן, ווען ער זאָגט אַז „דער עפּיסטאָמאָלאָגישער דואַליזם איז אַזוי זיכער, ווי מען קען האָפן, אַז אַ וויסנשאַפטלעכער פאַקט זאָל זיין זיכער" (זע אַנאַליזעס אָוו מאַטער, ז 167).

אין דער אַרבעט איז אָנגענומען געוואָרן אַ כלל ניט אָנצונעמען פאַר קיין אויסגאַנגס־פונקט קיין זאַך, וואָס קומט אין דירעקטן ווידערשפּרוך מיט די פאַקטן פון דערפאַרונג. מען קען קומען צו א פונקט, ביי וועלכן מען זאָל דאַרפן בלייבן שטיין פאַר ניט קיין געלייזטן פּראָבלעם, און מען זאָל דאַרפן „בויגן דעם קאָפּ מיט נאַטירלעכער פּיעטעט", וואָס ס׳מיינט, שטיין פאַר אַ פאַקט, וואָס קען ניט דערקלערט ווערן; מען קען אָבער ניט אָנהויבן פון דעם, וואָס אַנטהאַלט אין זיך אַ ווידערשפּרוך צו דער אַקטועלער דערפאַרונג. די דערפאַרונג איז, אַז יעדן איינעמס ביאָגראַפיע איז זיינע אַן אייגענע, זי באַלאַנגט צום פאַרשטאַנד און ניט צו דער סביבה. געוויס, ווען מען מאַכט אַזאַ באַהויפּטונג, טרעט מען אויף דינעם אייז... נאַאיוויטעט און פאַרמאַכן די אויגן וועט ניט העלפן: אַן איראַציאָנאַלער מאָמענט פאָלגט אויך נאָך דעם עפּיסטאָמאָלאָגישן דואַליזם, אָדער דעם טאָפּלטן אַספּעקט. ער ווערט אָבער אָנגענומען דערפאַר, וואָס ער קוקט אויס צו זיין מער אין איינקלאַנג מיט די אַקטועלע פאַקטן פון דער דערפאַרונג. אַלץ צו דערקלערן קען קיין איין שטאַנדפּונקט ניט, מען דאַרף אָננעמען דעם שטאַנדפּונקט, וואָס דערקלערט די מערסטע פאַקטן און וואָס קומט ניט אין קיין ווידערשפּרוך מיט קיין איינעם פון זיי.

# די קריטיש - רעאַליסטישע דערקענטעניש - לערע

ווען מען זאָל וועלן דערקלערן די נעאָ־רעאַליסטישע דערקענטעניש־טעאָריע מיט איין זאַץ, וואָלט מען געקענט זאָגן, אַז זי איז אינספּירירט געוואָרן פון אַ פאָראויס אָנגענומענער מעטאַפיזיק, פון אַ פאָראויס אָנגענומענעם רעאַליטעטס־באַגריף. די נעאָ־רעאַליסטישע דענקער האָבן פון פאָראויס אָנגענומען, אַז די רעאַליטעט פון דער וועלט מוז זיין איינע, צו וואָס דער דאָזיקער באַגריף זאָל ניט פירן, מוז ער אָנגענומען ווערן...

נעמענדיק דעם איינהייטלעכן באַגריף פאַר זייער אויסגאַנגס־פּונקט, האָבן זיי אָנגענומען אַז אין דער רעאַליטעט האָבן זיך, צווישן פאַרשיידענע אַנדערע עקזיסטענצן, אַנטוויקלט מענטשן, וואָס זיינען געוואָרן באַוואוסטזיניק וועגן דער רעאַליטעט אין וועלכער זיי לעבן. דער באַוואוסטזיניק ווערן איז אַ רעזולטאַט פון אַן עמפּינדלעכקייט אין דער נערוון־סיסטעם צו דעם, מיט וואָס זי קומט אין באַרירונג. אין יעדן אַקט פון וויסן (קאָגנאַציע), אין וואָס דער וויסן זאָל ניט באַשטיין, מוזן קומען אין צוזאַמענשטויס צוויי עלעמענטן פון דער רעאַליטעט: דער דאָזיקער צוזאַמענזיין (קאָמפּרעזענט) איז אַ פונדאַמענטאַלער באַדינג פון דעם נעאָ־רעאַליסטס דערקענטעניש־טעאָריע (זע ס. אַלעקסאַנדער, ספּייס־טיים ענד דעעטי, ב. 2, קאַפּ. 4). באַוואוסטזיניק זיין באַשטייט פון זיין עמפּינדלעך צו עפּעס, וואָס געפינט זיך אויסער דעם באַוואוסטזיין און מיט וואָס דער באַוואוסטזיין געפינט זיך אין אַן אויסערלעכער פאַרהעלטעניש. צום ביישפּיל, ווען מען חלומט וועגן עפּעס, אָדער ווען מען פאַנטאַזירט וועגן עפּעס, מען דערמאָנט זיך אין עפּעס, אין אָט די אַלע פאַלן, קומט פאָר אַ פאַרהעלטעניש צווישן דעם מענטשנס קאָגנאַציע מיט אַן עפּעס אויף וואָס זי איז קאָנצענטרירט. די נעאָ־רעאַליסטן האַלטן, אַז דער דאָזיקער באַדינג פון אַ צוזאַמענזיין פון צוויי עלעמענטן איז אומבאַדינגט נויטיק, כדי אויסצומיידן אַ דואַליזם פון אַ פיזישער און פּסיכישער רעאַליטעט. דאָס ווילן זיי פאַרמיידן, ניט אַכטנדיק צו וועלכע רעזולטאַטן ס'זאָל ניט פירן.

ס'איז פריער אָנגעוויזן געוואָרן, אַז דער דאָזיקער שטאַנדפּונקט פירט צו פאַקטישע ווידערשפּרוכן.

אין דער דאָזיקער אַרבעט ווערט ניט אָנגענומען קיין מעטאַפיזישער אויסגאַנגס־פּונקט, נאָר אַן עפּיסטאָמאָלאָגישער: דער מענטש מיט זיין אַקטועלער דערפאַרונג ווערט גענומען פאַרן אויסגאַנגס־פּונקט. דער אָנהויב ווערט געמאַכט פון די פאַקטן, ווי זיי קומען פאָר; זיי ווערן נאָכגעפאָלגט

וואוהין זיי פירן. די אולטימאַטיווע היפּאָטעזע וועגן דער רעאַליטעט ווערט איבערגעלאָזט צום סוף...

די פאַקטן זיינען, אַז דער מענטש איז אַ פּסיכאָ־פיזישע פּערזענלעכקייט, וואָס טראָגט אין זיך זיין אייגענע ביאָגראַפיע. זי באַשטייט פון זיין פאַרגאַנגענהייט, פון זיינע איבערלעבונגען, האָפענונגען, פאַנטאַזיעס און חלומות. ווען מען נעמט אים (דעם מענטשן) פון דעם שטאַנדפּונקט פון עוואָלוציע, איז אינעם ערשטן טייל פון דער אַרבעט אָנגעוויזן געוואָרן ווי אַזוי זיין באַוואוסטזיין האָט זיך אַנטוויקלט; און אַזוי, ווערט אָנגענומען, האָט זיך אַנטוויקלט זיין וויסן (קאָגנאַציע). פּאַקטיש זיינען דער באַוואוסטזיין און דער וויסן ניט מער ווי צוויי אַספּעקטן פון אַן איינהייטלעכער דערשיינונג; דער אונטערשייד איז נאָר אין דער באַטאָנונג. באַוואוסטזיין ווערט די דאָזיקע דערשיינונג אָנגערופן, ווען מען האָט אין זינען די סוביעקטיווע איבערלעבונג, ווען מען איז קאָנצענטרירט אויף דער אייגענער איבערלעבונג, וויסן, דערקענען די וועלט, ווערט די זעלבע דערשיינונג אָנגערופן ווען די אויפמערקזאַמקייט איז געווענדט צו דעם, וועגן וואָס מען איז אינפאָרמירט אינעם געגעבענעם מאָמענט: צום אָביעקט פון וויסן. אויב מ׳וויל קען מען זאָגן, אַז באַוואוסטזיין איז אַ ברייטערער טערמין פון וויסן (קאָגנאַציע).

ווען מען לאָזט אויס פון אויג די אַזוי אָנגערופענע מעטאַפיזישע שלוסן, וואָס ס׳מיינט, די רעאַליטעט פון דער וועלט, צו וועלכער די דערקענטעניש־טעאָריע פירט, קען מען זען אַז דער אינהאַלט פונעם פאַרשטאַנד, דאָס וואָס ווערט אָנגערופן דער אָביעקט פון וויסן, געפינט זיך אויף דעם זעלבן פּלאַץ, וואו דער באַוואוסטזיניקער פּראָצעס קומט פאָר. אַזוי ווי דער באַוואוסטזיין האָט זיך אַנטוויקלט, אַזוי דאַרף ער פונקציאָנירן. דאָס דאַרף, דוכט זיך, זיין זעלבסטפאַרשטענדלעך. האָט אָבער די פריערדיקע אָפּהאַנדלונג באַוויזן, אַז ניט אַלע דענקען אַזוי. (זע נעאָ־רעאַליזם).

וועגן דעם באַוואוסטזיין גופא זיינען ניטאָ און ס׳קענען ניט זיין קיין מיינונגס־פאַרשיידנהייטן; אַלע שטימען איין, אַז ער געפינט זיך אינערלעך אינעם מאַרך. די מיינונגס־פאַרשיידנהייטן הויבן זיך אָן מיטן אינהאַלט פונעם באַוואוסטזיין, מיטן אַזוי אָנגערופענעם אָביעקט פון וויסן. די נעאָ־רעאַליסטן האַלטן, אַז אויף וואָס דער מענטש זאָל ניט זיין אויפמערקזאַם, געפינט זיך דער אָביעקט אין פאַרהעלטעניש צום ווייסער. דער קריטישער רעאַליסט דענקט אַנדערש, ער נעמט אָן, אַז דער אינהאַלט פון דעם, וואָס מען ווייסט, דער אָביעקט פון וויסן, געפינט זיך אינעם פאַרשטאַנד אינערלעך צום מאַרך, כאָטש די זאַך, וואָס מען ווייסט, געפינט זיך אויסער דעם מענטשן.

אַ קאָנקרעטער ביישפּיל וועט דערקלערן אין וואָס ס׳באַשטייט דער אונטערשייד צווישן די צוויי מיינונגען. מען זעט אַ שטערן אין הימל; דער שטערן, ווי אַ זאַך פאַר זיך, געפינט זיך אין רוים. דאָס נעמען ביידע אָן, אי דער נעאָ־רעאַליסט, אי דער קריטישער רעאַליסט. זיי צעגייען זיך אין דער פראַגע וואו ס׳קומט פאָר דער זען פון דעם שטערן, וואו מען זעט אים. דער נעאָ־רעאַליסט זאָגט, אַז דער זען קומט פאָר דאָרט, וואו דער שטערן געפינט זיך, אַז דער באַוואוסטזיין איז אין דירעקטער פאַרהעלטעניש מיטן שטערן. דער קריטישער רעאַליסט שטימט מיט דעם ניט איין, ער באַהויפּטעט, אַז דער זען אַנטשטייט אינעם פאַרשטאַנד אַלס אַן אינהאַלט, ער

ווערט אָבער לאָקאַליזירט אויף דעם פלאַץ, פון וועלכן די אָנרעגונג איז געקומען. אויבן־אויף דוכט זיך אויס, אַז דער נעאָ־רעאַליסט איז גערעכט: מען זעט דאָך דעם שטערן אויף דעם פלאַץ, וואו ער געפינט זיך און ניט ערגעץ וואו אינעם מאַרך. איז שוין אָבער פריער באַוויזן געוואָרן, אַז אַזאַ מין „זען” איז ניט מעגלעך, ער שטימט ניט מיט די פאַקטן. ס׳וועט אָבער ווייטער דערקלערט ווערן.

דער אָנהויב וועט געמאַכט ווערן מיט אַן עלעמענטאַרן פיזיאָלאָגישן פאַקט. ווען מען פאַרשטעכט זיך, פילט מען דעם ווייטיק אויף דעם פלאַץ, וואו מען האָט זיך פאַרשטאָכן. וואָלט מען געבייגט זיין אָנצונעמען, אַז דער אַקטועלער פילן איז לאָקאַליזירט גלייך אויף דעם פלאַץ; ווייסט מען אָבער, אַז ס׳איז ניט אַזוי, מען ווייסט, אַז מען זאָל פילן אַ ווייטיק אויפן געשטאָכענעם אָרט, מוז דאָס אָרט זיין פאַרבונדן מיטן מאַרך; ווערט די פאַר־בינדונג צעשטערט, פילט מען ניט קיין ווייטיק פון דעם שטעכן, אָדער שניידן.

די פיזיאָלאָגיע איז אַ גאַנץ איינפאַכע: די נערוו־צעלן געפינען זיך אינעם מאַרך, זיי שיקן נאָר אַרויס נערוון־פעדעמלעך, וואָס צעשפרייטן זיך איבער דער גאַנצער הויט און איבער די מוסקולן פון דעם גאַנצן קערפער. ווען מען פאַרשטעכט זיך, טרעפט מען אַ נערוו, ער טראָגט די אָנרעגונג צו דער צעל, אָדער אַ קנאָספ פון צעלן אין דעם מאַרך. דאָרטן אַנטשטייט דער ווייטיק, ער ווערט אָבער צוריקגעטראָגן צום געשטאָכענעם פלאַץ, וואו דער באַוואוסטזיניקער ווייטיק אַנטשטייט. דער אינפאָרמירט ווערן אַנטשטייט טאַקע אינערלעך אינעם מאַרך, דאָס איז אַ פאָזיטיווער פאַקט, דעם ווייטיק דערפילט מען אָבער אין דעם פאַרשטאָכענעם פלאַץ.

דער פאַקט, אַז דער ווייטיק אַנטשטייט אינעם באַוואוסטזיין אינערלעך אינעם מאַרך און ווערט לאָקאַליזירט אינעם פלאַץ פון וואַנען דער סטימול קומט, ווערט באַשטעטיקט פון אַ טרויעריקען קוריאָז. מען נעמט איינעם אַראָפ אַ גליד, אַ האַנט, אָדער אַ פוס און ער באַקלאָגט זיך נאָכדעם אויף ווייטיקן אין די פינגער פונעם אָפגעשניטענעם גליד... פאַרשטייט זיך, אַז ער קען שוין ניט האָבן דעם ווייטיק אין דעם גליד, וואָס ער האָט שוין ניט. ער האָט אים אין אַ באַשטימטן אָרט אינעם מאַרך. די לאָקאַליזאַציע איז אָבער נאָך אַקטיוו, פילט ער דעם ווייטיק אינעם באַשטימטן גליד.

דאָס דעמאָנסטרירט דעם פאַקט, אַז אַ ווייטיק ווערט דערפילט אינעם מאַרך און ווערט לאָקאַליזירט אינעם פלאַץ, פון וואַנען דער סטימול איז געקומען. ווען מען איז באַקאַנט מיט דער אַנטוויקלונג פון דער צענטראַלער נערוון־סיסטעם, זעט מען, אַז עס קען גאָר אַנדערש ניט זיין. קיין שום העכערע סיסטעם וואָלט זיך ניט אַנטוויקלט מיט דער לאָקאַליזאַציע צוזאַמען. פאָרמען פון לעבן וואָלטן זיך ניט געקענט אַנטוויקלען, ווען די נערוון־

דער עלעמענטאַרער פאַקט פון דער פיזיאָלאָגיע דערקלערט ווי אַזוי מען זעט אַ שטערן אין הימל. ס׳איז אייגנטלעך דער זעלבער פראָצעס, ער איז נאָר מער קאָמפּליצירט: דער אַקטועלער זען קומט פאָר אין אַ באַשטימטן טייל פונעם מאַרך, דער שטערן ווערט אָבער לאָקאַליזירט אויף דעם פלאַץ, פון וואַנען דער סטימול איז געקומען צום אויג.

פאַרשטייט זיך, אַז מען דאַרף ניט וועלן לייזן קיין קאָמפּליצירטן פּראָבלעם פון דער דערקענטעניש פון דער וועלט דורך אַ פאַרגלייך (אַנאַלאָגיע). פון דעם פאַרגלייך דאַרף מען אָבער לערנען, אַז ווען מען האָט אַ קאָמפּליצירטע דערשיינונג, דאַרף מען זי אַנאַליזירן לויט די עלעמענטאַרע טיילן. דעם מענטשנס דערקענטעניש פון דער וועלט, וואָס שטראָמט אַריין דורך די חושים, דורך דער זינלעכער דערפאַרונג, איז אַלס דערפאַרונג דירעקט און איינפאַך; דאָס דאַרף אָבער ניט מיינען, אַז דער פּראָצעס איז אויך אַזאַ איינפאַכער. מען דאַרף ניט פאַרגעסן, אַז דאָס, וואָס מען קריגט דורך די חושים, איז אַן ענדגילטיקער רעזולטאַט פון דעם גאַנצן עוואָלוציע־פּראָצעס, קען מען ניט דערוואַרטן אַז דער פּראָצעס, ווי אַ פּראָצעס אין דער נערוון־סיסטעם, זאָל אויך זיין אַזוי איינפאַך, ווי דער רעזולטאַט, וואָס ער ברענגט. ווייטער צו נוצן די אַנאַלאָגיע מיטן ווייטיק: ווען אַן עלעמענטאַרער ווייטיק שליסט איין אַזאַ קאָמפּליצירטן פּראָצעס, איז ווי אַזוי קאָמפּליצירט מוז שוין זיין דער פּראָצעס פון וויסן, פון דער דערקענען די וועלט (קאָגנאַציע)?

אין דער אַרבעט ווערט אָנגענומען די מיינונג פון די קריטישע רעאַליסטן, וואָס האַלטן אַז 1) דער מענטשלעכער וויסן באַשטייט פון אַן אינהאַלט, וואָס אַנטשטייט אינעם פאַרשטאַנד אינערלעך אינעם מאַרך און איז אַ רעזולטאַט פון סטימולירונגען, וואָס קומען פון די זאַכן, וואָס געפינען זיך אין דער אויסערלעכער וועלט. דער וויסן (קאָגנאַציע) איז אַן אומדירעקטער, ער באַשטייט פון אַן אינטערפּרעטאַציע און ניט פון קיין דירעקטער פּרעזענטאַציע פון די זאַכן, און 2) אַז די פּערצעפּציע (די זינלעכע דערפאַרונג) באַשטייט פון אַ סינטעז, וואָס ס'האָט גענומען דעם גאַנצן לויף פון עוואָלוציע צו אינטעגרירן. די דאָזיקע צוויי פּונקטן אַנטהאַלטן אין זיך די דערקענטעניש־טעאָריע פונעם קריטישן רעאַליזם. ווען מען פאַרשטייט זיי, פאַרשטייט מען דעם קריטישן רעאַליזם.

אינעם ערשטן טייל פון דער אַרבעט איז דער צוגאַנג געווען אַ גענעטישער, דער אַנטוויקלונגס־פּראָצעס איז באַטראַכט געוואָרן; איצט וועט דער צוגאַנג זיין אַן אַנאַליטישער; זאַכן וועלן גענומען ווערן, ווי זיי פּרעזענטירן זיך צו דער זינלעכער דערפאַרונג (די חושים) און זיי וועלן צעגלידערט ווערן אַזוי ווייט ווי מעגלעך.

דער אָנהויב וועט געמאַכט ווערן פונעם עלעמענטאַרן פאַקט, אַז זאַכן און דערשיינונגען ווירקן אויף די חושים: מען זעט זיי, מען הערט זייער קלאַנג, מער קען זיי אָנטאַפּן מיט די הענט א. אַז. וו. מיט איין וואָרט, זיי רעגן אָן די חושים אויף אַן ענלעכן אופן, ווי דער פּילן פון אַ שטאָך. אמת, זייער ווירקונג איז ניט אַזאַ דירעקטע, ניט אַזאַ אוממיטלבאַרע, ווי דער ווייטיק, וואָס מען פילט פון אַ שטאָך, דער פּראָצעס איז אָבער דער זעלבער, הגם ער איז מער קאָמפּליצירט.

ווען עפּעס פּרעזענטירט זיך צו אַ חוש, אָדער צו עטלעכע חושים, אַנטשטייט אין אים, אָדער אין זיי, ווי דער פאַל זאָל ניט זיין, אַן אָנרעגונג וואָס ווערט געטראָגן פון די באַטרעפנדע נערוון צו אַ צענטער אינעם מאַרך: צום אונטערשטן טייל פון מאַרך, ווען דער סטימול קומט פון ליכט, צום זייטיקן טייל, ווען דער געהער־אַפּאַראַט ווערט סטימולירט א. אַז. וו. אינערלעך, אינעם מאַרך, ווערט די אָנרעגונג רעגיסטרירט אין דער פאָרמע

פון אַ באַדייטונג, וואָס קאָרעספּאָנדירט צו דעם באַטרעפנדן סטימול; זי ווערט צוריקגעטראָגן צום אָרט פון וואַנען די אָנרעגונג איז געקומען, וואו אַ באַגריף וועגן אַן אָביעקט אַנטשטייט.

זאָל באַמערקט ווערן, אַז וואָס אַנבאַלאַנגט דעם טייל פונעם פאַרגלייך, וואָס האָט אַ שייכות צו דער פונקציע פון דער נערוון־סיסטעם, איז עס ניט קיין פראַגע וועגן אַ טעאָרעטישער מיינונג, אָדער וועגן אַ פאַרגלייך אין אַלגעמיין (אַנאַלאָגיע), נאָר ס'איז אַ וויסנשאַפטלעכער פאַקט, וואָס איז באַקאַנט יעדן איינעם וואָס האָט שטודירט די אַנטוויקלונג און פונקציע פון דער נערוון־סיסטעם. די קאָמפּליצירטע פונקציע פון דער נערוון־סיסטעם האָט זיך אַנטוויקלט פון דער איינפאַכער פונקציע און רעאַגירט אויפן זעלבן אופן ווי די איינפאַכע. אַזוי אַז וועגן דעם זיינען ניט שייך קיין מיינונגס־פאַרשיידנהייטן. מען ווייסט מיט געוויסקייט: 1) אַז איבעם מאַרך זיינען פאַראַן לאָקאַליזאַציע־צענטערן (פאַר דער אָפּהאַנדלונג איז ניט וויכטיק ווי אַזוי די לאָקאַליזאַציע ווערט רעגיסטרירט און אויף וויפיל זי איז פון אַ ספּעציעלן כאַראַקטער. דאָ איז נאָר וויכטיק דער פאַקט גופא) פאַר די ספּעציעלע חושים־אָנרעגונגען. ווען אַזאַ צענטער ווערט געשעדיקט, פאַרלירט דער באַטרעפנדער חוש זיין באַשטימטע פונקציע. דאָס איז אַ פאַקט, וואָס ווערט פון קיינעם ניט געלייקנט. 2) מען ווייסט אויך, אַז גענעטיש האָבן זיך די חושים, וואָס איצט רעאַגירן זיי צו אַ סטימול פון אַ דיסטאַנץ, ווי זען, הערן א. אַז. וו. אַנטוויקלט פון פּרימיטיווערע חושים, אָדער מער פּינקטלעך, פון פּרימיטיווערע אייגנשאַפטן פון די באַטרעפנדע נערוון. פון דעם קען מען זען, אַז ווען מען פאַרגלייכט דעם זען און דעם הערן מיט אַן איינפאַכערן, מיט אַ מער דירעקטן איינדרוק, איז עס ניט קיין פראַגע פון מאַכן פאַרגלייכן, וואָס האָבן בלויז אַן אויסערלעכע ענלעכקייט, נאָר פאַרגלייכן, וואָס זיינען וויסנשאַפטלעך באַרעכטיקט. אין די פאַלן פון די פאַרגלייכן האָט מען צו טאָן מיט די זעלבע דערשיינונגען; איינע איז איינפאַך און די צווייטע איז מער קאָמפּליצירט.

נאָך די פאַר אלגעמיינע באַמערקונגען וועלן אוועקגעלייגט ווערן די גרונטלאַגן פון דער דערקענטעניש־לערע, וואָס ווערט פאַרטיידיקט אין דער אַרבעט:

1) עס ווערט אָנגענומען, אַז דער וויסן פון דער וועלט, וואָס שטראָמט אַריין דורך די חושים, ווי אַ זינלעכע דערפאַרונג (פּערצעפּציאָנעלער וויסן), איז אַ רעזולטאַט פון אַ נאַטירלעכן פּראָצעס, וואָס איז אין איינקלאַנג מיט די נאַטור־וויסנשאַפטלעכע פאַקטן, אויף וויפיל מען ווייסט זיי. ער איז אויך נאַטירלעך לויט דעם רעאַגירן פונעם אָרגאַניזם: וואָס עס מיינט, נאַטירלעך, לויט די כללים פון דער ביאָלאָגישער און פּסיכאָלאָגישער וויסנשאַפט.

עס ווערט פאַרשטאַנען, אַז דער זינלעכער וויסן, די פּערצעפּציע פון דער וועלט, באַשטייט ווי אַ רעזולטאַט פון אַ צוזאַמענשטויס פון אַן אַקטיוון אָרגאַניזם מיט אַן אויסערלעכער סביבה. דער אויסדרוק אַקטיווער אָרגאַניזם באַטאָנט דעם פאַקט אַז דער אָרגאַניזם איז ניט בלויז אַ פּאַסיווער אויפנעמער פון איינדרוקן, נאָר אַז ער באַזיצט אויך אַן אייגענעם אינערלעכן דראַנג, אַ שטרעבונג צו באַנעמען די סביבה; אַז ער באַזיצט אַן אַקטיווע און אַגרעסיווע אייגנשאַפט, וואָס ער באַנוצט אינעם פּראָצעס פון דער דערווערבונג פון וויסן.

פאַרשטייט זיך, אַז אַזאַ אויסטייטשונג פונעם זינלעכן וויסן, פון דער פּער־צעפּציע פון זאַכן, מיינט פיל מער ווי רעאַגירן צו אַ סטימול, עס מיינט פיל מער ווי אַ צענטער אין וועלכן איינדרוקן ווערן רעגיסטרירט. עס ווערט אָנגענומען, אַז דער מענטש באַזיצט איניציאַטיווע פאַר אַקטיוויטעט; ער ווערט גענומען פאַר אַ צענטער, פון וועלכן עס שטראָמט אַרויס אַן אַקטי־וויטעט. מער ווי דאָס, עס ווערט אָנגענומען, אַז ער קומט צו דער פּער־צעפּציע ניט ליידיק, ווי אַ פאָטאָגראַפישער אַפּאַראַט. צום ביישפּיל: ער ברענגט אַן „איך" מיט אַ דערפאַרונג, מיט וועלכער ער באַקליידט יעדן פּער־צעפּציאָנעלן אַקט.

פון דער צווייטער זייט דאַרף מען אויך ניט פאַרגעסן, אַז דער זינלעכער איינדרוק, די פּערצעפּציע, איז אַ דירעקטער רעזולטאַט פון אַ צוזאַמענשטויס מיט דער אויסערלעכער וועלט: אָן דעם אויסערלעכן פאַקטאָר קען ניט אַנטשטיין קיין פּערצעפּציע. דאָס איז פונדאַמענטאַל.

ווען מען הויבט אָן מיט דער דערקענטעניש פון דער וועלט אַלס אַ פאַרטיקע דערשיינונג, קען מען ניט באַמערקן ניט די איינצלנע מאָמענטן און ניט זייערע פאַרבינדונגען. וואָס מען באַמערקט איז דעם ענדגילטיקן רע־זולטאַט פונעם עוואָלוציע־פּראָצעס און ניט די איינצלנע מאָמענטן, וואָס זיינען סינטעזירט געוואָרן אומבאַוואוסטזיניקערהייט. פיגוראַטיוו גערעדט, קען מען זאָגן, אַז פאַר דער נאַטור זיינען געווען וויכטיק די רעזולטאַטן, צו וועלכע דער פּראָצעס האָט געפירט און ניט דער אינערלעכער מעכאַניזם, וואָס איז איינגעשלאָסן אין אים. וויל מען אָבער פאַרשטיין דעם פּראָצעס און אַלע זיינע דעטאַלן, דאַרף מען זיך באַנוצן מיטן גענעטישן צוגאַנג פון דער פאַרגלייכונגס־פּסיכאָלאָגיע און אויך צעגלידערן דעם פּראָצעס גופא אויף זיינע טיילן.

דער עוואָלוציע־פּראָצעס, וואָס איז באַהאַנדלט געוואָרן אינעם ערשטן טייל פון דער אַרבעט, ספּעציעל דער טייל, וואָס האָט זיך באַשעפטיקט מיט דער אַנטוויקלונג פונעם באַוואוסטזיין, האָט געהאַט אין זינען אַרויסצוברענגען דעם פאַקט, אַז דער רעאַגירן באַשטייט פון אַן אָפּרוף צו אַ סטימול, וואָס איז געקומען פון דער סביבה; אַז די מענטשלעכע דערקענטעניש איז ניט אַראָפּגעפאַלן פונעם הימל פיקס און פאַרטיק. דער מענטשלעכער פאַרשטאַנד איז ניט געקומען אויף דער וועלט קיין פאַרטיקער מיט מיסטעריעזע אייגנ־שאַפטן צו קענען פאַרשטיין די וועלט, נאָר אַז די קאָגנאַציע האָט זיך אַנט־וויקלט אויף אַ נאַטירלעכן אופן. דער גענעטישער צוגאַנג, דער שטודיום וועגן דער רעאַגירונג פון פאַרשיידענע חיות, אַזוי גוט ווי דער אַנטוויקלונגס־פּראָצעס, ווי ער קומט פאַר אין קינדער, וואַרפט אַ העלע שיין אויפן פּראָ־צעס פון קאָגנאַציע, אויפן וויסן פון דער וועלט. ווען מען באַקאַנט זיך מיט דעם צוגאַנג צו דער פּראָגע, זעט מען ממש די אַנטוויקלונג פון דער דער־קענטעניש פון דער וועלט, ווי זי קומט פאַר אינעם עוואָלוציע־פּראָצעס. צו צווייפלען אין די פאַקטן, איז די זעלבע זאַך ווי צו צווייפלען אין עוואָלוציע אין אַלגעמיין. און דאָס לעצטע מיינט איצט כמעט די זעלבע זאַך, ווי צו צווייפלען אין דער נאַטור־וויסנשאַפט.

דער קריטישער רעאַליסט נעמט עוואָלוציע ערנסט. ער נעמט אָן אַז דער עוואָלוציע־פּראָצעס איז פאָרגעקומען אויף דער גאַנצער ליניע, איינ־

שליסנדיק די אַנטוויקלונג פון באַוואוסטזיין און דעם פּראָצעס פון וויסן. דער גענעטישער צוגאַנג צום פּראָבלעם פון וויסן גיט אים אַ מעגלעכקייט אויסצומיידן די שוועריקייטן, וואָס דער דירעקטער צוגאַנג פּרעזענטירט מיט זיך.

אין אַלגעמיין, איז דער גענעטישער צוגאַנג צו דער דערקענטעניש־לערע ניט באַנוצט געוואָרן ביז דער לעצטער צייט און עס איז אויך פאַרשטענדלעך פאַרוואָס ער איז ניט באַנוצט געוואָרן. דער עפּיסטאָמאָלאָג גייט צו צו דער פראַגע פון וויסן דירעקט; אים אינטערעסירט: 1) אין וואָס דער וויסן באַשטייט און 2) די באַווייזן פאַרן אמת פונעם וויסן; אים אינטערעסירט אָבער ניט ווי אַזוי דער וויסן האָט זיך אַנטוויקלט. ער אינטערעסירט זיך מיטן פּראָבלעם פון וויסן גופא און ניט מיט דער פראַגע ווי אַזוי דער וויסן האָט זיך אַנטוויקלט.

אַ דאַנק דעם אָבער, וואָס ער האָט אָנגעהויבן פונעם סוף פונעם פּראָצעס, האָט ער פאַרבלאָנדזשעט אין די הימלען פון דער אַבסטראַקציע און האָט ניט געזען דעם נאַטירלעכן צוגאַנג צו דער פראַגע. ווייל מען אָבער פאַרשטיין דעם פּראָצעס, ווייל מען באַנעמען די קאָמפּליצירטע לערע פון דער דערקענטעניש פון דער וועלט, דאַרף מען גיין צו דער נאַטור און זען דעם פּראָצעס לויט זיין אַנטוויקלונג. דער דירעקטער וועג גיט ניט אַלע פאַקטן, ער גיט בלויז די רעזולטאַטן.

גייט מען צו צו דער פראַגע פונעם גענעטישן שטאַנדפּונקט, זעט מען אַז: 1) וויסן איז אָפּהענגיק פון עקזיסטענץ, פון די סטימולירונגען וואָס זיינען געקומען פון די עקזיסטירנדע זאַכן און 2) אַז אָן דעם נאַטירלעכן עוואָלוציע־פּראָצעס וואָלט קיין מענטשלעכער וויסן ניט געווען.

אין דעם דאָזיקן נאַטוראַליסטישן צוגאַנג צום פּראָבלעם פון וויסן געפינט זיך דער אונטערשייד צווישן דעם קריטישן רעאַליסט און דזש. לאָקן: דער קריטישער רעאַליסט הויבט אָן מיט דער נאַטור, ער פאָרשט ווי אַזוי זי האָט אַנטוויקלט דעם פאַרשטאַנד און ווי אַזוי דער וויסן איז אַנטשטאַנען אין אים. דאָס האָט לאָק ניט געקענט טאָן, איז הגם ער האָט געהאַט דעם ריכטיקן באַגריף וואו דער אָביעקט פון וויסן געפינט זיך, האָט ער אָבער ניט געוואוסט ווי אַזוי ער איז אַהין געקומען. ער האָט אָנגעהויבן מיט „אידייעס" אינעם פאַרשטאַנד (נשמה) אַלס קאָפּיעס פון אויסערלעכע זאַכן און האָט ניט געקענט דערקלערן זייער שייכות צו די זאַכן. מיט אַנדערע ווערטער, ער האָט אָנגעהויבן פונעם סוף פונעם פּראָצעס און האָט ניט געקענט צוקומען צום אָנהויב.

עס האָט זיך געפאָדערט אַ היפּש ביסל פאָרשונג, און ספּעציעל האָט זיך געפאָדערט אַ נייער צוגאַנג, כדי צו קענען איבערקומען לאָקס אומבאַהאָלפנקייט. דער קריטישער רעאַליסט איז זיכער אַז עס איז געקומען די צייט ווען מען קען פאָרמולירן אַ געזונטע נאַטוראַליסטישע דערקענטעניש־לערע און ער מאַכט אַ פאַרזוך זי צו פאָרמולירן.

2) דער צווייטער פונקט, אָדער פּרינציפּ, וואָס ווערט אָנגענומען איז, אַז דער וויסן, וואָס מען קריגט דורך די אַנאַטאָמישע און פיזיאָלאָגישע אַפּאַראַטן אויף אַ נאַטירלעכן אופן, איז אַן אמתער און רעאַלער וויסן פון דער וועלט. דער פונקט האָט צוויי מאָמענטן: 1) אַז דער וויסן איז אַן אמתער

און 2) אַז דער פּראָצעס איז אַ נאַטירלעכער. דאָס מיינט, אַז דער וויסן פון דער וועלט (קאָגנאַציע) ווערט דירעקט פאַרבונדן מיטן אָרגאַניזם. עס ווערט אָנגענומען, אַז אַזוי ווי דער פּראָצעס פון וויסן באַשטייט פון אַ נאַטירלעכער אייגנשאַפט, ווערט ער אַרויסגעבראַכט דורך נאַטירלעכע אינסטרומענטן: דורך די אויגן וואָס זען, די אויערן וואָס הערן א. אַז. וו.

די באַטרעפנדע ספּעציעלע אָרגאַנען האָבן זיך אַנטוויקלט אין פאַר־בינדונג מיט די קאָרעספּאָנדירנדע פונקציעס אַ דאַנק די פאַרשיידענע סטי־מולירונגען, וואָס זיי האָבן געקראָגן פון דער אויסערלעכער וועלט. דער וויסן וועגן דער וועלט האָט זיך אַנטוויקלט ווי אַ נאַטירלעכער רעזולטאַט פון דער אַקטיוויטעט, פאָלגלעך איז ער אין איינקלאַנג מיט די פאַקטן, וואָס האָבן אים אַרויסגערופן. אַזוי ווי דער פילן פון ווייטיק פון אַ שטאָך, קאָרעספּאָנדירט מיט די פאַקטן, אַזוי האָט מען אַ רעכט אָנצונעמען, אַז עס זיינען ריכטיק די מער קאָמפּליצירטע איינדרוקן, וואָס קומען אַריין דורך די קאָרעספּאָנדירנדע ספּעציאַליזירטע אָרגאַנען. דער פּראָצעס איז איינער און דער זעלבער, איז נאַטירלעך אַז אויך די רעזולטאַטן זאָלן זיין די זעלבע. מען קען ניט אָננעמען די ריכטיקייט פון אַ פּרימיטיוון פּראָצעס און צוריק־ווייזן דעם מער קאָמפּליצירטן פּראָצעס, וואָס האָט זיך פון אים אַנטוויקלט.

אין איינקלאַנג מיטן קריטישן רעאַליזם ווערט אין דער אַרבעט אָנגע־נומען דער נאַטוראַליזם אויף דער גאַנצער ליניע; עס ווערט אָנגענומען, אַז די אָרגאַנען, וואָס האָבן זיך ספּעציאַליזירט אין זייערע באַטרעפנדע פונקציעס, אינפאָרמירן ריכטיק וועגן דעם, וואָס האָט זיי אַרויסגערופן. ווען מען נעמט אָן דעם נאַטוראַליסטישן אויסגאַנגס־פּונקט, מוז מען אָננעמען די רעזולטאַטן צו וועלכע ער פירט: וועגן דעם קענען ניט זיין קיין צוויי מיינונגען.

אָבער אַזוי ווי די מענטשלעכע חושים זיינען ניט פולקאָמען אין זייער אַנטוויקלונג, איז די אינפאָרמאַציע, וואָס מען קריגט דורך זיי, ניט קיין פולקאָמענע און דער עמפּירישער וויסן באַשטייט פון א דערנעענטערונג צום אמת און ניט פון קיין אַבסאָלוטן אמת. דאָס דערקלערט דעם פאַקט, וואָס דורך פאָרשונג קריגט מען אַ מער דעטאַלן וויסן. עס איז גאַנץ פּשוט. מען באַנוצט אינסטרומענטן וואָס העלפן די חושים מיט זייער הילף דער־נעענטערט מען זיך צום אמת און מען מיידט אויס טעותן.

דער צענטראַלער געדאַנק פון דעם פּונקט איז אַרויסצוברענגען דעם פאַקט, אַז אַזוי ווי די חושים האָבן זיך אַנטוויקלט אויף אַ נאַטירלעכן אופן, אַלס אָרגאַנען צו אינפאָרמירן וועגן דעם אַרומיקן, גיבן זיי אויף אַ נאַ־טירלעכן אופן איבער דאָס וואָס זיי קריגן.

דער צווייטער פּרינציפּ באַשטייט פון אַ דערגאַנצונג פונעם ערשטן: ווען מען נעמט אָן אַ נאַטוראַליסטישן אויסגאַנגס־פּונקט, ווערן די חושים ממילא נאַטירלעכע אָרגאַנען, דורך וועלכע סטימולן דערגרייכן דעם פאַר־שטאַנד, וואו באַוואוסטזיין און וויסן אַנטשטייט. נאַטוראַליזם שליסט אין זיך איין עמפּיריציזם; זיי זיינען איינע און די זעלבע זאַך. מיט אַנדערע ווערטער, ווען מען נעמט אָן דעם נאַטוראַליסטישן צוגאַנג צו דער אַנטוויק־לונג פון וויסן, ווערט דער פּראָצעס פון וויסן פון דער וועלט דערקלערט פון זיך אַליין.

ווען מען נעמט ניט אָן דעם נאַטוראַליסטישן אויסגאַנגס־פּונקט און מען איגנאָרירט דעם עוואָלוציע־פּראָצעס, שאַפט מען זיך אַליין שווערקייטן און בלאָנדזשענישן, פון וועלכע מען קען זיך ניט אַרויסדרייען. אַלס אילוסטראַציע וועט געבראַכט ווערן עדינגטאָן. אין זיין בוך „די נייטשור אָוו די פיזיקל וואָרלד" טוט ער אַ זאָג: „פאַרשטאַנד איז — אָבער איר ווייסט וואָס פאַרשטאַנד איז, דאַרף איך מער וועגן דעם ניט ריידן" (ז. 280). אין דעם דאָזיקן צוגאַנג צו פאַרשטאַנד (מיינד) ליגט זיין טעות: דאָס וואָס מען ווייסט ניט, וואָס נויטיקט זיך אין אַ דערקלערונג, נעמט ער פאַר זיין אויסגאַנגס־פּונקט און באַטראַכט עס ווי אַ זעלבסטפאַרשטענדלכע זאַך... נעמענדיק דעם פאַרטיקן פאַרשטאַנד פאַר זיין אויסגאַנגס־פּונקט, האָט ער פאַרלוירן דעם וועג צו דער וועלט.

ער הויבט אָן דעם אַריינפיר אַזוי: „נעם איך מיינע ביינקלעך און זעץ זיך אַוועק ביי די צוויי טישן, יאָ, דאָס איז ניט קיין וויץ, צוויי טישן" און ער דערקלערט וואָס פאַר צוויי טישן דאָס זיינען. איין טיש איז דער, וואָס ער האָט געקראָגן פון דער דערפאַרונג פון קינדווייז אָן און דער צווייטער איז דער „וויסנשאַפטלעכער טיש". דאָס לעצטע דאַרף מיינען, אַז ס'איז דער טיש צו וואָס די פיזיקאַלישע וויסנשאַפט האָט רעדוצירט די רעאַליטעט. דאָ מאַכט ער דעם ערשטן טעות דערפאַר, וואָס ער הויבט אָן פון דעם וואָס ער „ווייסט"... ער נעמט דעם טיש פון דער דערפאַרונג, וואָס איז די רעאַליטעט, פון וועלכער ער, אַלס פיזיקער, הויבט אָן זיין פאָרשונג און שטעלט אים אַנטקעגן אַ „צווייטן טיש", וואָס איז ניט קיין אַנדער זאַך ווי די סימבאָליק, דורך וועלכער די וויסנשאַפט באַשרייבט דעם ערשטן טיש... פאַרשטייט זיך, אַז וואָלט ניט געווען קיין טיש, וואָלט די וויסנשאַפט ניט געהאַט וואָס צו אַנאַליזירן. דאָס, אָדער ער זעט ניט, אָדער ער וויל ניט זען... אַזוי ווי ער איז אָבער אַ וויסנשאַפטלער, נעמט ער אָן אַז דער „וויסנשאַפטס־טיש" איז דער רעאַלער. אָבער אַזוי ווי די פיזיקאַלישע וויסנשאַפט האָט אויסגעפונען אַז די רעאַליטעט באַשטייט פון עלעקטראָנען, וואָס לאָזן זיך ניט כאַפּן צו יעדן מאָמענט פון זייער „דרייען זיך", באַשטימט ער אַז דער עלעקטראָן „איז פאַרלוירן געגאַנגען". קומט ער צום שלוס, אַז דאָס איז מעגלעך דערפאַר, וואָס די רעאַליטעט באַשטייט פון „דמיון וואָס איז אַרויסגעבראַכט געוואָרן פונעם גייסט", וואָס איז נאַטירלעך די „רעאַליטעט". איז די פראַגע, ווי אַזוי קען אַ וויסנשאַפטלער פאַרוואַנדלען אַן עלעקטראָן אין אַ דמיון דורך אַ וויסנשאַפטלעכן אַנאַליז? איז דער ענטפער, טעות נומער צוויי: ער הויבט אָן ווי אַ וויסנשאַפטלער פון אַן עמפּירישן פאַקט און ניט באַמערקנדיק פאַרבלאָנדזשעט ער און פאַרלירט זיך אינעם סקעפּטיציזם פונעם סוביעקטיוון אידעאַליזם. ער פאַלט אַריין אין אַ ווידערשפּרוך און באַמערקט עס ניט. ער נעמט אָן און לייקנט די עקזיסטענץ פון זאַכן צו דער זעלבער צייט, און דאָס אַלץ דערפאַר, וואָס ער הויבט אָן פון דעם וואָס ער „ווייסט" און ס'לאָזט זיך אויס, אַז ער האָט ניט דעם קלענסטן באַגריף וועגן דעם וואָס ער „ווייסט".

דער קריטישער רעאַליסט הויבט ניט אָן מיט קיין פאַרשטאַנד וואָס „ווייסט", ער הויבט אָן מיט אַן אַנאַליז ווי אַזוי דער באַוואוסטזיין מיט דער קאָגנאַציע (דער וויסן פון דער וועלט) האָבן זיך אַנטוויקלט ווי אַ רעזול־

טאָט פונעם צוזאַמענשטויס פון דעם מענטשן מיט דער רעאַליטעט אין וועלכער ער געפינט זיך. נאָכפאָלגנדיק דעם עוואָלוציע־פּראָצעס, פּרובירט ער אויסגעפינען ווי אַזוי דער פאַרשטאַנד האָט זיך אַנטוויקלט אין דער רעאַליטעט און ווי אַזוי זי מאַניפעסטירט זיך.

3) דער דריטער פּרינציפּ באַשטייט פון דעם, וואָס מען קריגט דירעקט און אוממיטלבאַר אין יעדן איינדרוק (פּערצעפּציע), אָדער דאָס, וואָס קומט דירעקט פון דער סביבה. די ערשטע צוויי פּרינציפּן ווייזן אָן אויפן סוביעקטיוון מאָמענט, וואָס איז איינגעשלאָסן אינעם וויסנס־פּראָצעס. דער דריטער פּרינציפּ באַטאָנט דעם אָביעקטיוון מאָמענט. דער אָביעקט פון וויסן, וואָס מען קריגט דורך די חושים, באַשטייט פון אַ סינטעז פון איינציקע פאַקטאָרן. אין דעם אַנאַליז ווערט געמאַכט אַ פאַרזוך צוצוקומען צו יעדן פאַקטאָר באַזונדער.

דאָס דירעקטע און אוממיטלבאַרע פון יעדער פּערצעפּציע, פון יעדן איינדרוק ווערט אָנגערופן דער „דאַטום", דאָס געגעבענע צו די חושים, אָדער דאָס וואָס סטימולירט זיי. דער שלוס איז, הגם אַ פּערצעפּציע קוקט אויס צו זיין אַ פונדאַמענטאַלע איינהייט און פאַר פּראַקטישע צוועקן איז עס ריכטיק, איז זי פאַקטיש אַ סינטעזירטע איינהייט, וואָס דאַרף צעטיילט ווערן, ווען מען אַנאַליזירט דעם פּראָצעס פון וויסן.

ווען מען צעגלידערט די פּערצעפּציאָנעלע „איינהייט", געפינט מען אויס דעם טייל, וואָס ווערט אָנגערופן „סענס דאַטום": דאָס געגעבענע צו די חושים, אָדער דורך די חושים, ווי די פאַרשיידענע קאָלירן, קלאַנגען, אַראָמאַטן א. אַז. וו.

די טעאָריע, וואָס פאַרטיידיקט דעם שטאַנדפּונקט, אַז יעדער פּערצעפּציאָנעלער איינדרוק, יעדע זינלעכע דערפאַרונג, באַשטייט פון אַ סינטעז, פון וועלכן דאָס דירעקטע געגעבענע צו די חושים אינעם באַשטימטן מאָמענט איז ניט מער ווי אַ טייל פון דער פּערצעפּציע, ווערט אָנגערופן די קאָוזאַלע טעאָריע פון די „סענס־דאַטן"; וואָס עס מיינט, אַז דאָס „קאָוזאַל" געגעבענע, דאָס סטימולירנדע, וואָס ווירקט אין דעם מאָמענט אויף די חושים, איז ניט מער ווי אַ טייל פון דער פּערצעפּציע פון דעם וואָס מען נעמט אויף אינעם געגעבענעם מאָמענט. דאָס איבעריקע באַשטייט פון אַ צוזאַמענשטעל.

דער סינטעז, ווי געזאָגט, קומט פאָר אויף אַן אומבאַוואוסטזיניקן אופן. די טיילן האָבן זיך אַזוי פאַראייניקט, אַז עס דוכט זיך אויס, אַז דאָס וואָס מען נעמט אויף איז אַ פונדאַמענטאַלע איינהייט. דאָס, באַהויפּטן די קריטישע רעאַליסטן, איז אַ טעות, וואָס קען באַוויזן ווערן, אָבער כדי דאָס צו באַווייזן, פאָדערט זיך גענוי אַנאַליזירן דעם פּערצעפּציאָנעלן צוזאַמענשטעל. טוט מען דאָס ניט, קריגט מען דעם איינדרוק אַז די פּערצעפּציאָנעלע „איינהייט" איז פונדאַמענטאַל פאַר דער נאַטור. אָבער וואָלט דער מענטשלעכער וויסן באַשטאַנען בלויז פונעם „סענס־דאַטום", וואָלט ער באַשטאַנען ניט מער ווי פון קאָלירן, קלאַנגען, אַראָמאַטן א. אַז. וו. אָבער ניט פון קיין פּערצעפּציע אינעם מענטשלעכן זין פון וואָרט; וואָלט עס ניט געווען קיין וויסן פון זאַכן און פּאַסירונגען, נאָר איינצל חושים־סטימולירונגען און אַזעלכע „באַגריפן": אַ באַגריף פון אַ קאָליר אָדער פון אַ קלאַנג א. אַז. וו.

דער דריטער פּרינציפּ איז ענג פֿאַרבונדן מיטן צווייטן און איז, אין אַ געוויסן זין, אַ פּועל־יוצא פֿון אים: עס מיינט, אַז אַזוי ווי די חושים זיינען די פֿאַרמיטלער צווישן דעם מענטשן און דער אויסערלעכער וועלט, איז זייער אינפֿאָרמאַציע אין איינקלאַנג מיט זיי און דער נאַטור וואָס סטימולירט זיי.

אין דער פֿאַרבינדונג מוז דערקלערט ווערן אַ פּונקט, וואָס וועט שפּעטער ספּעציעל באַהאַנדלט ווערן; דאָס ווייטערדיקע וועט אָבער ניט פֿאַרשטאַנען ווערן, אויב ער וועט גלייך ניט דערקלערט ווערן. אַזוי ווי עס ווערט אָנגענומען, אַז די „סענס־דאַטן" באַשטייען פֿון די אייגנשאַפֿטן פֿון זאַכן און צו דער זעלבער צייט מאַניפֿעסטירן זיי זיך אינעם פֿאַרשטאַנד אינערלעך צום מאַרך, ווערט אָנגענומען, אַז אין באַצוג צו די זאַכן וועלן די „סענס דאַטן" אָנגעוואָרפֿן ווערן די אייגנשאַפֿטן פֿון די זאַכן און אין באַצוג צום פֿאַרשטאַנד וועלן זיי אָנגערופֿן ווערן די קוואַליטעטן. דאָס ווערט ניט געטאָן גלאַט אַלס דעפֿיניציע פֿאַר זיך, עס האָט צו טאָן דערמיט, וואָס דער קריטישער רעאַליסט נעמט אָן, אַז די קוואַליטעט אַנטשטייט אינעם פֿאַרשטאַנד, כאָטש זי רעפּרעזענטירט מיט זיך אַן אייגנשאַפֿט פֿון אַ זאַך. די קוואַליטעט פֿונעם רויטן קאָליר, ווי אַ באַדייטונג, באַלאַנגט צום פֿאַרשטאַנד, דער קאָליר רויט, ווי אַן אייגנשאַפֿט, איז אַ טייל פֿון דער זאַך (נאַטירלעך, אויף וויפֿיל סעקונדאַרע קוואַליטעטן זיינען פֿונדאַמענטאַל פֿאַר דער נאַטור. אָבער דאָס קען איצט איבגאַנצן אויסגעלאָזט ווערן). דאָס איז דער פֿונדאַמענטאַלסטער, הגם אויך דער שוואַכסטער, פּונקט פֿונעם קריטישן רעאַליסטס דערקענטענטעניש־לערע; ער דערמאָנט אין לאָקס „קאָפּיע"־טעאָריע פֿון וויסן. ער מוז אָבער פֿאַרשטאַנען ווערן גלייך פֿון אָנפֿאַנג, ווען ניט, קען די גאַנצע דערקענטעניש־לערע ניט פֿאַרשטאַנען ווערן. זיין באַדייטונג וועט ביסלעכווייז קלאָר ווערן...

4) דער פֿערטער פּרינציפּ איז אַ פּועל־יוצא פֿונעם דריטן. אין דעם דריטן איז אָנגעוויזן געוואָרן אויפֿן פֿאַקט, אַז דער וויסן פֿון זאַכן, וואָס געפֿינען זיך אין דער נאַטור, באַשטייט פֿון אַ סינטעז וואָס איז פֿאַראייניקט געוואָרן אויף אַן אומבאַוואוסטזיניקן אופֿן. מאַכט דער פֿערטער פּרינציפּ אויפֿמערקזאַם אויף דעם עוואָלוציע־פֿאַקטאָר, וועלכער האָט דורכגעפֿירט די פֿאַראייניקונג. ער זאָגט, אַז אויך די דערקענטעניש־לערע (עפּיסטאָמאָלאָגיע) דאַרף שטודירט ווערן לויט דעם עוואָלוציע־פּראָצעס. געוויס, ווען מען וויל וויסן דעם אמת פֿון דעם וויסן אין אַ געגעבענעם מאָמענט, דאַרף מען שטודירן די דערקענטעניש דירעקט און ניט זי נעמען לויט איר אַנטוויקלונג. דאָס האָט אָבער נאָר אַ שייכות צו אַן איינצל פֿאַקט, וועלכן מען וויל וויסן אינעם געגעבענעם מאָמענט. וויל מען אָבער שטודירן די דערקענטעניש אין אַלגעמיין, קען מען דעם עוואָלוציע־פּראָצעס ניט אויסלאָזן פֿון אויג. ער באַווייזט: 1) ווי אַזוי דער וויסן (קאָגנאַציע) האָט זיך אַנטוויקלט אויף אַ נאַטירלעכן אופֿן און 2) ער דערקלערט דעם סינטעז און די פֿאַרשיידענע גראַדאַציעס פֿון דעם פּראָצעס פֿון וויסן.

אַזוי ווי דער צוגאַנג פֿון דעם שטאַנדפּונקט פֿון עוואָלוציע באַווייזט, אַז פֿאַרשיידענע חיות האָבן אַן אויפֿנאַם־פֿייאיקייט וואָס איז אין פּראָפּאָרציע צו דער סטרוקטור פֿון זייער נערוון־סיסטעם, ווייזט ער אויך אָן אויף דער אינטעגראַציע פֿון דער דערקענטעניש אינעם מענטשן, וואָס קען רעדוצירט ווערן צו די אַזוי אָנגערופֿענע „סענס־דאַטן", צו די ריינע חושים־איינדרוקן. די

איינדרוקן פאַר זיך („סענס־דאַטן”) פאָרמירן ניט קיין פּערצעפּציע: אין אַ געוויסן זין קען מען זאָגן, אַז אין יעדער פּערצעפּציע איז איינגעשלאָסן די גאַנצע מענטשלעכע פאַרגאַנגענהייט און מער ווי דאָס — דער גאַנצער עוואָלוציע־פּראָצעס נעמט אנטייל אין יעדן קאָגניטיוון אַקט... דאָס מיינט, אַז דער קאָגניטיווער אַקט באַשטייט פון אַ סינטעז, וועלכער קען אַנאַליזירט ווערן לויט זיינע טיילן. וואָלט די פּערצעפּציע, דער אויפנעמען פון זאַכן, געווען אַיינפאַך און פונדאַמענטאַל, וואָלט מען אויפגענומען די נאַטור ווי זי איז דירעקט און אוממיטלבאַר, וואָלט יעדער איינדרוק געווען פולקאָמען און פאַרענדיקט. וואָלט עס געווען אזוי אין דערווירקלעכקייט, וואָלט ניט געווען קיין פּלאַץ פאַר קיין טעותן און, פאַרשטייט זיך, אַז ס'וואָלט אויך ניט געווען וואָס צו לערנען: יעדע איינע פּערצעפּציע וואָלט געווען אַן ענדגילטיקע דערשיינונג. אונטער אַזעלכע באַדינגונגען, וואָלטן אַלע מענטשן אויפגענומען יעדע זאַך גלייך: דער דורכשניט־מענטש וואָלט געזען אין דער בלום דאָס, וואָס דער קינסטלער און דער באָטאַניקער זעען. פאַקטיש איז עס אָבער ניט אזוי; מענטשן לערנען פון דערפאַרונג, זיי מאַכן טעותן און אַ קינסטלער און אַ באָטאַניקער זעען מער ווי דער דורכשניט־מענטש...

די פּאָר באַמערקונגען באַווייזן, אַז דער פּשוטער און איינפאַכער קאָג־ניטיווער וויסן ווערט פאַרשיידנאַרטיק געקאָלירט פון די פאַרשיידענע לעבנס־דערפאַרונגען פון די באַאָבאַכטער: יעדן איינעמס אַ פאַרגאַנגענהייט באַשטימט זיין אויפנאַם־פעיִקייט אין אַ געגעבענעם מאָמענט. ווען מען טראַכט זיך אַריין אין דעם געזאָגטן, קען מען זען, אַז ווען מען רעדט וועגן אמתן וויסן, דאַרף מען ניט נאָר אין זינען האָבן די זאַך, ווי אַן אָביעקט פון וויסן, נאָר אויך דעם באַשטימטן וויסער... אויך ער האָט עפּעס צוזאָגן וועגן דעם אַזוי אָנגערופענעם אָביעקט פון וויסן...

פון דעם אַלעמען קען מען זען אויף וויפיל דער צוגאַנג פון דעם ווינקל פון עוואָלוציע העלפט צו פאַנאַנדערוויקלען די גראַדן פון אינטעגראַציע, וואָס זיינען איינגעשלאָסן אין דעם וויסנס־פּראָצעס, וועלכן מען איז געניגט אָנ־צונעמען ווי אַן איינפאַכע דערשיינונג.

5) דער פינפטער פּרינציפּ איז דער וויכטיקסטער אין דער דערקענ־טעניש־לערע; ווען מען פאַרשטייט אים ניט, קען מען ניט אָנהויבן צו פאַרשטיין דעם קריטישן רעאַליזם. ער איז שוין פריער אָנגערירט געוואָרן, איצט וועט ער באַטראַכט ווערן פון דעם אלגעמיינעם שטאַנדפּונקט. ער לויטעט, אַז דער וויסן פון זאַכן דערשיינט אין דעם פאַרשטאַנד אינער־לעך אינעם מאַרך אין דער פאָרמע פון באַדייטונגען (לאָגישע אידייעס), וואָס באַשטייען פון אַן אינטערפּרעטאַציע פון דער זאַך. עס מיינט, אז ווען עפּעס רעגט אָן די חושים, לויפט די אָנרעגונג דורך די קאָרעספּאָנדירנדע נערוון צום מאַרך; אינערלעך אינעם מאַרך, אין דעם פאַרשטאַנד, אַנשטייען די באַדייטונגען, וועלכע ווערן צוריקגעטראָגן צום אָרט פון וואַנען די אָנרעגונג איז געקומען און דאָרטן מאַניפעסטירט זיך דער אָביעקט פון וויסן. דער אָביעקט ווערט געזען דאָרט, וואו די זאַך געפינט זיך.

ווען מען זעט עפּעס, אָדער מען הערט עפּעס: מען קומט אויף וועלכן עס איז אופן אין באַרירונג מיט עפּעס וואָס רעגט אָן אײנעם, אָדער עטלעכע חושים, ווערט די אָנרעגונג געטראָגן דורך די נערוון צו אַ נערוון־צענטער,

אָדער צענטערן; און דאָרטן אינערלעך אינעם מאַרך אַנטשטייט דער וויסן, די פּרעזענטירנדע זאַך קריגט די באַשטימטע באַדייטונג, די „לאָגישע אידייע" אַנטשטייט. זי ווערט אָבער צוריק טראַנספּערירט צום פּלאַץ, פון וואַנען די אָנרעגונג איז געקומען (וואו די סטימולירנדע זאַך געפינט זיך) און אַן אָביעקט פון וויסן אַנטשטייט אויף דעם געגעבענעם אָרט.

דער זען, אָדער דער הערן, אַנטשטייט אין קאָפּ, אינערלעך אינעם מאַרך, דער געזעענער, אָדער געהערטער אָביעקט דערשיינט אויפן אָרט, וואו די סטימולירנדע זאַך געפינט זיך אויסער דעם מענטשן.

אויבן־אויף קוקט דער מעכאַניזם אויס אויסערגעוויינטלעך קאָמפּליצירט, ווען אָבער מען טראַכט זיך אין אים אַריין, איז דער פּראָצעס דער זעלבער, ווי ס'איז דער פילן פון וויטיק פון אַ שטאָך ניט אין מאַרך נאָר אויפן אָרט וואו מען האָט זיך פאַרשטאָכן, הגם דער וויטיק איז אייגנטלעך געבוירן געוואָרן אין מאַרך: די דערשיינונג איז די זעלבע, דער פּראָצעס איז בלויז אַ מער קאָמפּליצירטער.

געוויס איז עס ניט קיין צופאַל וואָס זיי שטימען: די דערקענטעניש פון דער וועלט, דער וויסן אין אַלגעמיין, באַשטייט פון אַ ווייטערער אַנטוויקלונג פון דער פּרימיטיוועה רעאַגירונג צו אַ סטימול, איז נאַטירלעך אַז די מאַניפעסטאַציע זאָל זיין די זעלבע. די באַדייטונגען, וואָס אַנטשטייען אין דעם פאַרשטאַנד, זיינען אַ רעזולטאַט פון אַ סטימול אויף דעם אָרגאַניזם. די סטימולירנדע זאַך ווירקט דירעקט אויף דעם אָרגאַניזם אין וועלכן די באַדייטונגען אַנטשטייען, איז נאַטירלעך, אַז די באַדייטונגען זאָלן זיין לויט דער סטימולירנדער זאַך.

דעם אָנפאַנג פון באַדייטונגען דאַרף מען זוכן אין דער פונדאַמענטאַלער אייגנשאַפט פון דער פּראָטאָפּלאַזמע צו רעאַגירן צו אַן אָנרעגונג און דער סוף פון דער זעלבער דערשיינונג מאַניפעסטירט זיך דורך דעם באַוואוסטזיניקן וויסן אין דעם פאַרשטאַנד. ער דערשיינט ווי אַן אינערפּרעטירטער אָביעקט פון דער געגעבענער זאַך: דער פּראָצעס איז דער זעלבער פון אָנהויב ביז דעם סוף. עס וואָלט געווען אַ וואונדער, ווען עס וואָלט געווען אַנדערש.

דער פונדאַמענטאַלער געדאַנק פון דעם געזאָגטן באַשטייט אין דעם, וואָס, לויט דער אינטערפּרעטאַציע, געפינט זיך די געגעבענע זאַך אויף דעם פּלאַץ, וואו דער אָביעקט פון וויסן איז לאָקאַליזירט, אויסער דעם מענטשן און די באַדייטונג אַנטשטייט אין דעם מענטשן: דאָס ווערט אָנגערופן די רעפּרעזענטאַטיווע טעאָריע פון וויסן.

אונטער די ווערטער רעפּרעזענטאַטיווע טעאָריע פון וויסן ווערט פאַרשטאַנען, אַז דער וויסן פון זאַכן, וואָס רעגן אָן די חושים, איז ניט קיין דירעקטער, נאָר אַן אומדירעקטער; ער באַשטייט פון אַן אינטערפּרעטאַציע פון דער פּרעזענטירטער זאַך און ווערט אַרויסגערופן פון אירע אייגנשאַפטן. ס'מיינט, אַז דער אינהאַלט אינעם פאַרשטאַנד האָט זיך פאָרמירט אַלס רעזולטאַט פון אַ סטימולירנדער זאַך אין דירעקטער פאַרבינדונג צו איר, איז ער פאָרמירט לויט איר פאָרמע.

דאָס איז אָבער נאָר איין טייל פונעם פּראָצעס, דער צווייטער טייל באַשטייט פון דעם סוביעקטיוון מאָמענט, וועלכער איז באַטראַכט געוואָרן

אינעם פּערטן פּרינציפּ פון וויסן. ווען מען רעדט וועגן דעם פּערצעפּציאָנעלן וויסן אין אַלגעמיין, וועגן דער אַזוי אָנגערופענער זינלעכער דערפאַרונג האָט מען אין זינען ביידע מאָמענטן. מען האָט אין זינען: 1) אַז יעדע פּער־צעפּציע, אַפילו די פּרימיטיוווסטע, באַשטייט פון אַ סינטעז פון עטלעכע פאַקטאָרן צווישן וועלכן די „סענס־דאַטן" זיינען בלויז איינער פון זיי און 2) אַז די „זאַך", דער קעגנשטאַנד, וואָס ווערט אויפגענומען פון די חושים, איז ניט דירעקט געגעבן אין דער פאָרמע פון אַן אויסערלעכער פאַרהעל־טעניש פון צוויי גלייכע פאַקטאָרן: דער מענטש פון איין זייט און די פּרע־זענטירנדע זאַך פון דער צווייטער זייט. אַז די צוויי פאַקטאָרן זיינען בלויז אין אַן אויסערלעכן קאָנטאַקט צווישן זיך, נאָר אַז דער מענטש ווערט גענומען ווי אַן אַגענט, וואָס פאָרמירט אין זיין פאַרשטאַנד, אינערלעך צום מאַרך, באַדייטונגען פון די כאַראַקטער־אייגנשאַפטן פון דער פּרעזענ־טירנדער זאַך: די פּרעזענטירנדע זאַך געפינט זיך אויסער דעם מענטשן און איז אין קאָנטאַקט מיט אים דורך זיינע חושים, די באַדייטונגען אָבער אַנטשטייען אינעם פאַרשטאַנד און זיינען פאָרמירט לויט די אייגנשאַפטן פון דער געגעבענער זאַך. דער וויסן מאַניפעסטירט זיך ווי אַן אָביעקט וואָס ווערט געזען, געהערט, אדער אויף אַן אַנדער אופן רעגיסטרירט דאָרטן, פון וואַנען די אָנרעגונג צו די חושים איז געקומען.

אַז יעדע זאַך האָט איר אייגענע עקזיסטענץ און געפינט זיך אין אַ צייט־רוימלעכער קאָנפיגוראַציע איז זעלבסטפאַרשטענדלעך. דער פאַרשטאַנד האָט זיך אָבער אַנטוויקלט אַ דאַנק דעם קאָנטאַקט מיט עקזיסטירנדע זאַכן, האָט ער דערגרייכט די שטופּע פון באַנעמען. ער קען זיי אַנטדעקן און קען זיי אַפילו אַבסטראַאירן (זיי זיך פאָרשטעלן אין זייער אָבוועזנהייט).

די שייכות צווישן דעם מענטשן און זאַכן איז אַן אייגנאַרטיקע, מען דאַרף זי נעמען, אַזוי ווי זי האָט זיך אַנטוויקלט און פונקציאָנירט. מען קען זי אויף קיין שום אופן ניט פאַרגלייכן מיט קיין אנדער דערשיינונג: זי איז פונדאַמענטאַל אייגנאַרטיק אַזוי ווי זי איז.

ניט וועגן דעם עצם פונעם פאַרשטאַנד און ניט וועגן זיין אינהאַלט קען מען עפּעס זאָגן דירעקט, יעדנפאַלס קען מען עס דערוויל ניט זאָגן. זייערע אייגנשאַפטן דאַרפן אַרויסקומען אַלס רעזולטאַט פון דער אָפּהאַנדלונג. דער־וויל דאַרף מען זיך נאָך באַשעפטיקן מיט דער צוגרייטונגס־אַרבעט, דערוויל קען נאָר די פונקציע און ניט די סטרוקטור דערקלערט ווערן. וואָס מען קען יאָ זאָגן איז, אַז ס'ווערן ניט אַוועקגעלייגט קיינע פּאָסטולאַטן, וואָס דאַרפן אָנגענומען ווערן; דער אָנהויב ווערט געמאַכט מיט פּרעזענטירנדע פאַקטן, זיי ווערן נאָכגעפאָלגט ביזן סוף.

די פאַקטן באַשטייען פון דער פאַרהעלטעניש פון דער פּרעזענטירנדער זאַך, דעם אינהאַלט פונעם פאַרשטאַנד און דעם אַזוי אָנגערופענעם אָביעקט פון וויסן. די פאַרהעלטעניש (רעלאַציע) איז אַן אָרגאַנישע, וואָס קען ניט פאַנאַנדערגעטיילט ווערן, אָט ווי מען קען ניט אָפּטיילן די אָפּשפּיגלונג אין אַ שפּיגל פון דער זאַך גופא.

דער פאַרגלייך מיטן שפּיגל טאָר ניט גענומען ווערן ווערטערלעך און דאַרף אויך ניט געצויגן ווערן צו ווייט: דער פאַרשטאַנד איז ניט קיין שפּיגל און באַדייטונגען באַשטייען ניט פון קיין אָפּגעשפּיגלט בילד. דער

פֿאַרגלייך אילוסטרירט בלויז די פֿאַרהעלטענישן פֿון דעם וויסנס־פּראָצעס און ניט זיין אינהאַלט. און אויך די פֿאַרהעלטענישן זיינען ניט פּינקטלעך אינעם פֿאַרגלייך; די סיטואַציע איז אַן אייגנאַרטיקע און קען ניט פֿאַרגליכן ווערן; מען קען בלויז צוקומען נאָענט צו איר מיט אַ פֿאַרגלייך.

פֿון דעם ביז אַהער געזאָגטן דאַרף זיין קלאָר, אַז אונטערן וואָרט „זאַך" ווערט פֿאַרשטאַנען יעדער אָן און פֿאַר זיך עקזיסטירנדער עטוואָס, וואָס האָט אַ צייט־רוימלעכע קאָנפֿיגוראַציע. ווען אַזאַ „זאַך" פּרעזענטירט זיך צו די חושים, ווערט די אָנרעגונג געטראָגן צום פֿאַרשטאַנד און דאָרטן אַנטשטייט אַ באַדייטונג פֿון דער פּרעזענטירנדער „זאַך". די באַדייטונג קען דורך קיין פֿאַרגלייך ניט אַרויסגעבראַכט ווערן, דאָס איז אַן אייגנאַרטיקע דערשיינונג, וואָס וועט פֿאָדערן אַ באַזונדערע אָפּהאַנדלונג פֿאַר זיך.

די באַדייטונג אָבער פֿון דער פּרעזענטירנדער זאַך, הגם זי איז דער אינהאַלט פֿון דעם פֿאַרשטאַנד, מאַניפֿעסטירט זיך ניט אין דעם פֿאַרשטאַנד, נאָר זי ווערט צוריקגעטראָגן צום אָרט, וואו די „זאַך" געפֿינט זיך און דאָרטן ווערט זי לאָקאַליזירט אַלס דער אָביעקט פֿון וויסן. דער הין און צוריקגיין פֿון דער אָנרעגונג פֿון דער „זאַך" און דער לאָקאַליזאַציע פֿונעם אָביעקט איז שוין באַהאַנדלט געוואָרן, איצט וועט נויטיק זיין אָנצואווייזן אויף דעם אונטערשייד פֿון דער אינטערפּרעטאַציע צו אַנדערע, וואָס זיינען ענלעך צו איר.

ווען מען זאָגט, אַז אין דעם זינלעכן וויסן, אין דער פּערצעפּציע פֿון דעם אַרומיקן, באַשטייען די אָביעקטן פֿון וויסן פֿון סינטעזירטע איינהייטן, הייסט עס, אַז זיי זיינען פֿאַרשיידן פֿון דער פּרעזענטירנדער „זאַך", אַז עפּעס איז געענדערט געוואָרן און מען האָט פֿאַר זיך ניט די „זאַך", ווי זי איז אין דער ווירקלעכקייט, נאָר אַן „אָביעקט", וואָס איז פֿאַרשיידן פֿון איר. איז די פֿראַגע, צי איז ניט די „זאַך" עטוואָס ענלעך צו קאַנטס „זאַך פֿאַר זיך", וועלכע מען קען קיינמאָל ניט וויסן, ווייל זי איז באַקליידט מיט די „קאַטעגאָריעס", וואָס זיינען פֿון מענטשלעכער שאַפֿונג. אויבן־אויף איז די ענלעכקייט אַ פֿולקאָמענע, זי פֿאַרשווינדט אָבער אַזוי גיך ווי מען ווערט באַקאַנט מיט די אינטערשיידן: קאַנט הויבט אָן מיט צוויי מיסטעריעס: 1) אַ „זאַך פֿאַר זיך", אַן עפּעס פֿון דער אויסערלעכקייט געגעבענעס וועלכעס מען קען קיינמאָל ניט וויסן דערפֿאַר, וואָס עס ווערט באַקליידט פֿון 2) אַ באַהאַלטענעם פֿאַרשטאַנד וואָס פֿאָרמירט אַלץ לויט זיינע אייגענע פֿאָרמען (קאַטעגאָריעס) אויך וועגן דעם פֿאַרשטאַנד קען מען גאָרניט זאָגן, אויך ער איז באַהאַלטן. מען קען בלויז פֿאָרשן דעם וויסנס־פּראָצעס (די פֿאָרמען פֿון אַ באַהאַלטענעם פֿאַרשטאַנד, וועגן וועמען מען ווייסט גאָרניט און וואָס באַקליידט אַ צווייטן עפּעס (די זאַך פֿאַר זיך), וועגן וועלכער מען קען אויך גאָרניט זאָגן.

אין דער אינטערפּרעטאַציע, וואָס ווערט דאָ פֿאַרטיידיקט, ווערט דער פֿאַרשטאַנד (מיינד) נאַטוראַליזירט; עס ווערט אָנגעוויזן אויף זיין נאַטירלעכער אַנטוויקלונג אַזוי גוט ווי אויף זיין פֿונקציע. דער מיסטעריעזער פֿאַרשטאַנד פֿאַרשווינדט און אַ נאַטירלעכער אַנטוויקלונגס־פּראָצעס פֿאַרנעמט זיין פּלאַץ. אויך די פּרעזענטירנדע „זאַך" איז ניט קיין מיסטעריעזע „זאַך פֿאַר זיך", ווי עס איז שוין אָנגעוויזן געוואָרן אין דעם דריטן פּרינציפּ

פון וויסן וועגן די „סענס־דאטן" און עס וועט ברייטער באַהאַנדלט ווערן אין די פאַקטאָרן פון וויסן און אין אַנדערע פּלעצער.

ווען די ענלעכקייט פון דער אינטערפּרעטאַציע מיט קאַנטס אינטערפּרעטאַציע איז אַן אויבערפלעכלעכע, וואָס פאַרשווינדט אַזוי גיך ווי מען רירט זיך צו איר צו, איז די ענלעכקייט צו לאָקס אינטערפּרעטאַציע אַ מער פונדאַמענטאַלע, און ווי עס איז שוין פריער באַמערקט געוואָרן, האַלט לאָוודזשאָ, אַז מען איז איבערהויפּט פון דזש. לאָקן ווייט ניט אַוועקגעגאַנגען.

אַז די רעפּרעזענטאַטיווע טעאָריע פון וויסן, וואָס ווערט דאָ פאַרטיידיקט, איז פונדאַמענטאַל די זעלבע ווי לאָקס טעאָריע איז קיין פראַגע ניט. דאָס איז שוין פריער געזאָגט געוואָרן. דער אונטערשייד איז נאָר דער, וואָס לאָק האָט זיין פּאָזיציע ניט געקענט פאַרטיידיקן אויף אַ נאַטוראַליסטישן אופן, האָט ער געמוזט אָנקומען צו „אידייעס" אין דעם פאַרשטאַנד, וואָס זיינען קאָפּיעס פון זאַכן, וואָס געפינען זיך אויסער דעם פאַרשטאַנד; און דאָ ווערט דער אינטערפּרעטאַציע געגעבן אַ נאַטוראַליסטישער פונדאַמענט, די טעאָריע ווערט דערקלערט אויף אַ נאַטירלעכן אופן.

נאָך אַלע דערקלערונגען בלייבט אָבער אַלץ דער פונדאַמענטאַלער פאַקט, אַז דער פאַרשטאַנד אָפּערירט מיט באַדייטונגען, וועלכע ווערן אפילו אָנגערופן „לאָגישע אידייעס", איז די פראַגע צי איז עס ניט די זעלבע זאַך ווי לאָקס אידייע? דעם ענטפער גיט די ווייטערדיקע אָפּהאנדלונג. עס דאַרף אָבער געזאָגט ווערן, אַז אַן איראַציאָנאַלער מאָמענט וועט אויך אין דער אינטערפּרעטאַציע בלייבן. אַלץ צו דערקלערן קען מען ניט..

דער אונטערשייד צווישן דעם קריטישן רעאַליזם און דעם נעאָ־רעאַליזם דאַרף שוין זיין קלאָר: לויט דעם ערשטן, איז דער וויסן פון דער וועלט אין דעם מענטשן און באַשטייט פון זיין אַן אינהאַלט אין דעם פאַרשטאַנד און דער לעצטער האַלט, אַז דער פאַרשטאַנד איז ניט מער ווי אַ צענטער פון רעלאַציעס, אַליין האָט ער ניט קיין שום אייגענעם אינהאַלט: אַלץ איז אין דער נאַטור: פון וואָס דער אָביעקט פון וויסן זאָל ניט באַשטיין, באַלאַנגט ער צו דער נאַטור.

דער נעאָ־רעאַליסט וויל בלייבן איינהייטלעך אויסגעהאַלטן וואוהין די איינהייטלעכקייט זאָל אים ניט פירן. וועגן זיינע שוועריקייטן איז שוין פריער גערעדט געוואָרן, אַזוי אַז עס איז ניט נויטיק זיי ווידערצוהאָלן; דאָ אָבער ווערט אָנגענומען דער קריטיש־רעאַליסטישער שטאַנדפּונקט, אַז דער וויסן געפינט זיך אין דעם פאַרשטאַנד אַלס זיין אינהאַלט און דאָס מיינט, אַז דער וויסן פון דער וועלט געפינט זיך, אין אַ געוויסן זינען, אויסער דער אַלגעמיינער וועלט און ווערט קעגנגעשטעלט קעגן איר ווי אַ באַגריף פון איר. די לעצטע באַמערקונג פירט צום זעקסטן און לעצטן פּרינציפּ פון וויסן.

6) דער זעקסטער פּרינציפּ אָדער גרונט־באַגריף איז, אַז אין זיין קאָגנאַציע שטייגט דער מענטש אַריבער זיין וויסנס־פּראָצעס און דערגרייכט די וועלט פון זאַכן, וואָס געפינען זיך אויסער זיין „איך". ער ווייסט וועגן זאַכן וואָס זיינען טראַנסענדענט: ער אינטערפּרעטירט אין זיין פאַרשטאַנד עפּעס וואָס געפינט זיך אויסער זיין געדאַנק. די זאַך, וועגן וועלכער ער ווייסט, געפינט זיך אין דרויסן פון אים און איז אומאָפּהענגיק פון אים.

דער וויסן פון אַ זאַך, וואָס געפינט זיך אין דרויסן פון דעם ווייסער, ווערט געוויינטלעך אָנגערופן טראַנסצענדענטער וויסן. ניט דער אידעאַליסט און ניט דער נעאָ־רעאַליסט נעמט אָן דעם טראַנסצענדענטן מאָמענט. לויט דעם אידעאַליסטס אינטערפּרעטאַציע געפינען זיך די זאַכן אין דער סיסטעם פון דעם וויסן, לויט דעם נעאָ־רעאַליסט געפינט זיך דער וויסן אין דער סיסטעם פון די זאַכן. דער קריטישער רעאַליסט איז דער איינציקער וואָס נעמט אָן דעם איבערשטייגן פון דער סיסטעם.

אויך ער נעמט אָן אַז די רעאַליטעט פון דער וועלט איז איינע, אויך ער שפּאַלט ניט די נאַטור אויף אַ פיזישן און פּסיכישן (גייסטיקן) טייל, וואָס פאַרבינדן זיך אינעם מענטשן אין דער פאָרמע פון גוף און נשמה; אויך ער איז אַ מאָניסט וואָס אָנבאַלאַנגט דער רעאַליטעט פון דער וועלט. ער נעמט אָבער אָן אַז די קאָגנאַציע, דער וויסן פון דער וועלט, האָט זיך אַנטוויקלט אין דער פאָרמע פון אַן אינהאַלט אינעם פאַרשטאַנד. אין דעם לעצטן צעגייט ער זיך מיטן נעאָ־רעאַליסט. ער נעמט פאַר זיין אויסגאַנגס־פּונקט דעם מענטשן ווי אַן אַקטיוון אַגענט, וואָס אינטערפּרעטירט אין זיין פאַרשטאַנד זאַכן וואָס געפינען זיך אויסער אים. אַ ביישפּיל וועט קלאָר מאַכן דעם געדאַנק: דער בוים, ווי אַן עקזיסטענץ פאַר זיך, געפינט זיך אין דער אויסערער וועלט, ער איז אויסער דעם מענטשנס „פּסיכישער סיסטעם". דער פאַרשטאַנד (די פּסיכישע סיסטעם) געפינט זיך אינעם מענטשן אינערלעך אין זיין מאַרך. ניט דער בוים און ניט דער פאַרשטאַנד פאַרלאָזן זייערע פּלעצער אין דעם מאָמענט, ווען דער מענטש דערזעט דעם בוים. לויט דעם קריטישן רעאַליסטס אינטערפּרעטאַציע קומט דער פּראָצעס פאָר אויף דעם פאָלגנדן אופן: דאָס אויג ווערט סטימולירט פון די איינדרוקן. די אָנרעגונג ווערט דורך די נערוון געטראָגן צום מאַרך וואו אין זיין אינערלעכקייט ווערן די כאַראַקטער־אייגנשאַפטן פון דעם בוים באַוואוסטע קוואַליטעטן מיט וועלכע דער פאַרשטאַנד אָפּערירט. די באַדייטונג פון די קוואַליטעטן ווערט צוריקגעטראָגן צום בוים און ווערט לאָקאַליזירט אויפן פּלאַץ פון וואַנען די סטימולן זיינען געקומען, מיט אַנדערע ווערטער — צום בוים. דער נעאָ־רעאַליסט נעמט דאָס ניט אָן; פאַר אים האָט דער באַוואוסטזיין ניט קיין אינהאַלט, ער איז בלויז אין אַן אויסערלעכע פאַרהעלטעניש צום בוים. נאָר אַזוי ווי דער מענטש איז אַן אַנטוויקלטער צענטער, ווערט ער באַוואוסטזיניק וועגן דער פאַרהעלטעניש, זי איז אָבער אַן אויסערלעכע.

געוויס איז דעם קריטישן רעאַליסטס אינטערפּרעטאַציע אַ קאָמפּליצירטע, זי איז אָבער מער אין איינקלאַנג מיט די פאַקטן פון דער דערפאַרונג און זי שטימט מער מיטן עוואָלוציע־פּראָצעס ווי די איינפאַכע דערקלערונג. אייגנטלעך איז ווען מען טראַכט זיך אריין אין דעם פּראָצעס פון ווערן אינפאָרמירט פון אַן איינדרוק, וואָס קומט פון דער אויסערלעכער וועלט, האָט מען די זעלבע שוועריקייטן, וועלכן שטאַנדפּונקט מ'זאָל ניט אָננעמען. דער איבערגאַנג פון אַ פיזיאָלאָגישער אָנרעגונג אין אַ נערוו צו אַ פּסיכאָלאָגישן באַגריפן פון דער באַדייטונג פון דער אָנרעגונג, איז אַזוי שווער צו פאַרשטיין אין איין אינטערפּרעטאַציע ווי אין דער צווייטער. אין דער דאָזיקער שוועריקייט קען מען אויך איינשליסן דעם אידעאַליסט, אויב ער

וויל זיך רעכענען מיט די אַקטועלע פֿאַקטן, אַז די אָנרעגונג פֿון אַ נערוו באַשטייט פֿון אַ פֿיזיאָלאָגישן פּראָצעס. אַזוי גיך ווי מען נעמט אָן דעם דאָזיקן פֿאַקט, איז די שוועריקייט פֿאַר אַלעמען גלייך.

ווען דער נעאָ־רעאַליסט זאָגט, אַז דער אויפֿנעמען איז אַ דירעקטער, האָט ער די זעלבע שוועריקייט צו דערקלערן ווי אַזוי פֿון אַ סטימול ווערט דער באַוואוסטזיין באַלויכטן. דער אונטערשייד אין דער אינטערפּרעטאַציע איז נאָר דער, וואָס דער נעאָ־רעאַליסט, און דער אידעאַליסט, הויבן אָן מיט דער שוועריקייט און ווילן זי פֿאַרזען און דער קריטישער רעאַליסט ענדיקט מיט דער זעלבער שוועריקייט, וואַרפֿט זי זיך אין די אויגן: דער פּראָבלעם איז אָבער דער זעלבער פֿאַר אַלע.

ווי זאָגט דר. אַדריען: „מעגלעך אַז אַ ראַדיקאַלע ענדערונג אין אונדזער וויסנס־סיסטעם וועט דערקלערן ווי אַזוי אַ געשטאַלטונג פֿון נערוון־אָנרעגונגען קענען דערקלערן אַ געדאַנק. אויב אַזאַ ענדערונג וועט געמאַכט ווערן, וויל איך האָפֿן אַז כ'וועל זי קענען פֿאַרשטיין" (זע די בייסעס אָוו סענסיישאָנס, אַריינפֿיר).

און אויב אדריאַן, וועלכער האָט געקראָגן דעם נאָבעל־פּרייז פֿאַר עקספּערימענטאַלע פֿאָרשונגען אין דער פֿיזיאָלאָגיע פֿון נערוון־רעגונגען, קען דעם איבערגאַנג ניט פֿאַרשטיין, קען אים אימיצער אַנדערש געוויס ניט פֿאַרשטיין. ווען מען פֿאַרשטייט ניט דעם איבערגאַנג פֿון דער פֿיזיאָלאָגיע פֿון אָנרעגונג צו דער פּסיכאָלאָגיע פֿון וויסן, זיינען אַלע אינטערפּרעטאַציעס אין דער זעלבער קאַטעגאָריע. דער איינציקער וואָס וואָלט געקענט טריאומפֿירן איז דער סקעפּטיקער, איז אָבער די צרה וואָס דער סקעפּטיציזם צווינגט אים צו צווייפֿלען אין זיין אייגענער עקזיסטענץ, אַ זאַך וואָס אפֿילו קיין סקעפּטיקער קען זיך ניט דערלויבן צו טאָן...

דער טראַנסצענדענט באַגריף דאַרף פֿאַרשטאַנען ווערן, אַז דער וויסן און דער זיין באַשטייען פֿון צוויי סיסטעמען: די סיסטעם פֿון וויסן איז אָבער אַן אינטערפּרעטאַציע פֿון דער סיסטעם פֿון זיין (עקזיסטענץ). עס מיינט, אַז די וועלט עקזיסטירט פֿאַר זיך אויסער דעם מענטשנס וויסן וועגן איר; דער וויסן אין דעם פֿאַרשטאַנד איז אַרויסגערופֿן געוואָרן פֿון דער עקזיסטירנדער וועלט און קאָרעספּאָנדירט מיט איר, ער איז אָבער ניט קיין רעזולטאַט פֿון אַ דירעקטן קאָנטאַקט מיט איר, נאָר אַן אינטערפּרעטאַציע וועגן איר. דער פֿאַרשטאַנד פֿאַרלאָזט ניט זיין אָרט און קומט אין קאָנטאַקט מיט דער אויסערער וועלט; קיין שום דירעקטע באַרירונג קומט ניט פֿאָר צווישן דעם פֿאַרשטאַנד און די זאַכן וואָס געפֿינען זיך אין דער אויסערער וועלט. די חושים ברענגען די אָנרעגונגען לויט די אייגנשאַפֿטן פֿון די זאַכן, וואָס רעגן זיי אָן און אינערלעך צום מאַרך אין דעם פֿאַרשטאַנד, אַנטשטייען קוואַליטעטן אַלס באַוואוסטזיניקע באַדייטונגען און ווערן צוריקגעטראָגן און לאָקאַליזירט אַלס דער אָביעקט פֿון וויסן.

געוויס, ווען מען קוקט אַרויס אויף דער וועלט און מען באַנעמט יעדע זאַך אַזוי דירעקט און אוממיטלבאַר, איז שווער אָנצונעמען אַז דער פּראָצעס איז אַזאַ קאָמפּליצירטער, מען דאַרף אָבער ניט פֿאַרגעסן צוויי זאַכן: 1) אַז דער אַנטוויקלונגס־פּראָצעס האָט אַרויסגעבראַכט רעזולטאַטן און ניט דעם מעכאַניזם וואָס ברענגט די רעזולטאַטן אַרויס, אים דאַרף מען אַליין

צוזאַמענשטעלן און 2) די אינטערפּרעטאַציע שיינט מער צו שטימען מיט די פאַקטן, ווי וועלכע עס איז אַנדערע אינטערפּרעטאַציע, איז אַזוי ווי יעדע אינטערפּרעטאַציע פירט פריער אָדער שפּעטער צו אַן איראַציאָנאַלן מאָמענט דאַרף מען אָננעמען די דערקלערונג וועלכע דערקלערט מער פאַקטן און קומט אין ווידערשפּרוך מיט ווייניקער פאַקטן.

די זעקס פּרינציפּן, אויף וועלכע די דערקענטעניש, דער זינלעכער וויסן, איז אַנאַליזירט געוואָרן, זיינען אַלע טיילן פון איין דערשיינונג, די טיילונג איז אַ קינסטלעכע און איז נאָר אריינגעבראַכט געוואָרן ווי אַ מעטאָד ארויסצוברענגען די קאָמפּליצירטקייט פון דעם, וואָס קוקט אויס צו זיין פּשוט און איינפאַך. דער פּראָצעס דאַרף אָבער פאַרשטאַנען ווערן אין זיין טאָטאַליטעט אַלס גאַנצער, וואָס קען אויף אַזוינע טיילן ניט גע־טיילט ווערן.

כדי צו זען די גאַנצקייט פונעם איינהייטלעכן פּראָצעס אין די טיילן, וועט אַ קורצע רעזומע געמאַכט ווערן, וואו די צענטראַלע און פאַראייניקונגס מאָמענטן פון די פּרינציפּן וועלן באַטאָנט ווערן.

דער ערשטער פּונקט באַטאָנט דעם רעאַליזם פון דעם וויסנס־פּראָ־צעס, ער צייגט אַן אויף זיין נאַטירלעכער אַנטוויקלונג אַלס רעזולטאַט פון אַן אָנרעגונג; ער שטעלט זיך אויך אָפּ אויפן פאַקט וואָס דער מענטש איז אַן אַקטיווער אַגענט, ער שטרעבט צו באַנעמען די וועלט.

דער צווייטער פּונקט באַטאָנט דעם עמפּירישן צוגאַנג צום פּראָבלעם פון וויסן, ער דייטעט אַן אויף דער ראָלע וואָס די חושים שפּילן אין דער דערקענטעניש. ער שטרייכט אונטער דעם פאַקט אַז דער וויסן פון דער וועלט האָט זיך אַנטוויקלט אויף אַ נאַטירלעכן אופן, און ער פונקציאָנירט אויף אַ נאַטירלעכן אופן. דאָס דאַרף דינען פאַר אַ באַווייז אַז דער זינלע־כער וויסן איז רעאַלער וויסן: און ווירקלעך, ווען מען ווייסט דעם מעכאַ־ניזם פון דעם פּראָצעס, מען ווייסט זיין אַנטוויקלונג און פונקציע; מען ווייסט אז אַלץ קומט פאָר אויף א נאַטירלעכן אופן, דאַרף דאָס זיין אַ באַ־ווייז אַז די רעזולטאַטן, וועלכע מען קריגט דורך דער פונקציע, זיינען אויך ריכטיק. דער צווייטער פּרינציפּ איז ענג פאַרבונדן מיט דעם ערשטן און באַקרעפטיקט אים.

דער דריטער פּרינציפּ צייגט אַן אויף איינעם פון די צוויי קאַרדינאַלע פונקטן, וואָס אונטערשיידן דעם קריטישן רעאַליזם פון דעם נעאָ־רעאַ־ליזם. דער לעצטער נעמט אָן, אַז דער פּראָצעס פון וויסן באַשטייט פון דירעקטע אויפנעמונג, אז דער אויפנעמען פון דעם אַרומיקן איז דירעקט און אוממיטלבאַר און אַלס פונדאַמענטאַלע דערשיינונג קען ער מער ניט אַנאַליזירט ווערן. די פּערצעפּציע באַשטייט פון אַ נאַטור־איינהייט.

דער קריטישער רעאַליסט, פון דער צווייטער זייט, נעמט אָן, אַז יעדע פּערצעפּציע באַשטייט פון אַ סינטעז פון פאַרשיידענע פאַקטאָרן און דאָס דירעקט געגעבענע איז ניט מער ווי א טייל פון דער פּערצעפּציע. דעם לעצטן טייל רופט ער אַן סענס־דאַטן (דאָס געגעבענע צו די חושים) און לויט דעם נאָמען רופט ער זיין טעאָריע אַן די קאַוזאַלע טעאָריע פון די סענס־דאַטן. לויט דער טעאָריע באַשטייט די פּערצעפּציע פון מער ווי די סענס־דאַטן; וואָס עס מיינט, אַז דער מענטש איז ניט קיין פּאַסיווער

אויפנעמער, נאָר אַז ער איז אַן אַקטיווער פאַקטאָר, ער באַקליידט די „סענס־דאַטן" מיט זיין אייגענער דערפאַרונג פון פריער; ער ברענגט זיין אייגענע פאַרגאַנגענהייט אין יעדן פערצעפּציעלן אַקט.

דער פערטער פּרינציפּ איז אַ דירעקטער פּועל־יוצא פון דעם דריטן, ער דערגאַנצט דעם סינטעז מיט דעם וואָס ער צייגט אָן אויף דער ראָלע פון עוואָלוציע; ער באַווייזט אַז דער זינלעכער וויסן איז אַ רעזולטאַט פון דער אַנטוויקלונג און באַשטייט פון אַ דערגרייכונג. דער מענטשלעכער וויסן איז ניט געקומען צום מענטשן פולקאָמען פאַרטיק אויף אַ מיסטעריעזן אופן; אַזוי ווי דער מענטש האָט זיך אַנטוויקלט, אַזוי האָט זיך אויך גלייכצייטיק זיין וויסן אַנטוויקלט. און דערפאַר איז ווען מען וויל פאַרשטיין דעם דערקענטעניש־פּראָצעס, דאַרף מען אים שטודירן לויט זיין אַנטוויקלונג, מען קען דעם עוואָלוציע־פּראָצעס פון אויג ניט אַרויסלאָזן.

געוויס איז עפּיסטעמאָלאָגיע, אַלס אַ לערע, פאַראינטערעסירט אין וואָס מען ווייסט און ווי אַזוי מען ווייסט און ניט ווי אַזוי דער וויסן האָט זיך אַנטוויקלט; אָבער כדי טאַקע דאָס צו פאַרשטיין, מוז מען פאָרשן די אַנטוויקלונג פון וויסן. פון די רעזולטאַטן זעלבסט קען מען דעם פּראָצעס ניט פאַרשטיין.

דער פינפטער פּרינציפּ צייגט אָן אויף דעם צווייטן קאַרדינאַלן אונטערשייד צווישן דעם קריטישן און דעם נעאָ־רעאַליזם. דער נעאָ־רעאַליזם נעמט אָן די אויסערלעכע רעלאַציע פון דעם וויסער מיט דעם וואָס מען ווייסט; דער וויסן אַנטשטייט אין דער רעלאַציע, דער פאַרשטאַנד זעלבסט האָט קיין זאַך ניט, ער איז בלויז אַ צענטער פון פאַרהעלטענישן. דער קריטישער רעאַליסט נעמט אָן אַז דער וויסן אַנטשטייט אין דער פאָרמע פון אַן אינהאַלט אין דעם פאַרשטאַנד, ווי אַן אינטערפּרעטאַציע פון דער געגעבענער זאַך.

דער פאַרשטאַנד קומט ניט אין דירעקטער באַרירונג מיט דער זאַך וואָס פּרעזענטירט זיך צו די חושים, ער אָפּערירט מיט באַדייטונגען, וואָס זיינען פון אַ קוואַליטאַטיוון כאַראַקטער און וואָס זיינען אַ רעזולטאַט פון די סטימולירונגען פון די זאַכן, אָדער בעסער געזאָגט, פון די אייגנשאַפטן, וואָס די פּרעטענדירנדע זאַכן באַזיצן.

דער זעקסטער פּרינציפּ ברענגט אַרויס דעם טראַנסעדענטן מאָמענט; ער דערקלערט ווי אַזוי ס'איז מעגלעך אַז די אַזוי אָנגערופענע וויסנס־סיסטעם זאָל זיך געפינען אויסער דער סיסטעם פון עקזיסטענץ (פאַרשטייט זיך, אַז ס'ווערט געמיינט „אויסער" אינעם רעלאַטיוון זינען: פאַקטיש געפינט זיך דער מאַרך אין רוים און וואָס ס'קומט אין אים פאָר, קומט פאָר אינעם אַלגעמיינעם רוים) און צו דער זעלבער צייט זאָל דער וויסן זיין אַן אמתער פון דער רעאַליטעט פון דער וועלט. ער איז אמת און רעאַל דערפאַר, וואָס ער איז אַ רעזולטאַט פון דעם זיין (עקזיסטענץ) און האָט זיך פאָרמולירט לויט דעם לעצטן אַלס אַ רעזולטאַט פון די סטימולירונגען, וואָס קומען פון אים.

פונעם אַנאַליז קען מען זען, אַז קאַנט איז געווען גערעכט מיט זיין קריטישן אַנאַליז פונעם פּראָצעס פון וויסן. אָבער ניט זיין צייט האָט געהאַט די נויטיקע וויסנשאַפטלעכע פאַקטן און ניט ער איז געווען נאַטור־

ראַליסט געגוג, ער זאָל געווען קענען ציען די ריכטיקע שלוסן: האָט ער פּאָסטולירט צוויי מיסטעריעס, אַ מיסטעריעזן פאַרשטאַנד (נשמה) פון אײַן זײַט און אַ מיסטעריעזע „זאַך ווי זי איז פאַר זיך אַליין" (דינגט אַן זיך) פון דער צווייטער זײַט.

נאָך מער געדערכט איז געווען לאַק, ווען ער האָט אָנגענומען, אַז דער וויסן פון דער וועלט אַנטשטייט אינעם פאַרשטאַנד; ער האָט אָבער ניט געוואוסט ווי אַזוי אָט דער דאָזיקער וויסן אַנטשטייט אינעם פאַר־שטאַנד. מען קען זאָגן, אַז לאַק האָט געהאַט אַ ריכטיקן באַגריף און האָט ניט געוואוסט ווי אַזוי אים צו דערקלערן; קאַנט האָט פאַרשטאַנען דעם פּראָצעס און האָט ניט געוואוסט ווי אַזוי אים צו באַנוצן. ס'האָט זיך געפאָדערט אַ רייע ענדערונגען אין דעם דענקען גופא און אַ היפּש ביסל מער ביאָלאָגישער וויסן, אַז מען זאָל קענען נעמען דעם צענטראַלן געדאַנק פון לאָקס דערקענטעניש־טעאָריע, זי פאַרבינדן מיט קאַנטס פּראָצעס פון וויסן און דאָס אַלץ באַנוצן אויף אַ נאַטוראַליסטישן אופן.

ערשט אין דער לעצטער צײַט איז מעגלעך געוואָרן דאָס אַלץ צו פאַראייניקן אין איין סיסטעם. דער קריטישער רעאַליסט דענקט ניט, אַז מען דאַרף אָפּברעכן מיט דער פאַרגאַנגענהייט און זוכן נייע וועגן אין דער דערקענטעניש לערע, ווי ווהייטהעד טוט. צום בײַשפּיל: פאַרקערט, ער נעמט אָן, אַז יעדער דור גיט צו עפּעס צום פּראָבלעם פון וויסן. איצט, ווען ס'איז געשאַפן געוואָרן אַ בריק צווישן ביאָלאָגיע און פּסיכאָלאָגיע דורך דעם קאָנדיציאָנעלן רעפלעקס, האַלט ער, אַז ס'איז אויך געשאַפן געוואָרן אַ בריק צווישן פּסיכאָלאָגיע און עפּיסטאָמאָלאָגיע דורך דער געשטאַלט־פּסי־כאָלאָגיע.

די זעקס פּרינציפּן פון וויסן, וואָס זײַנען באַטראַכט געוואָרן אין דעם קאַפּיטל, ווערן אָנגערופן די אַנאַטאָמישע טיילן פונעם וויסנס־פּראָצעס; ווען מען צוגלידערט זיי, גיבן זיי אַן אריינבליק אין דער אינערלעכקייט פונעם פּראָצעס. דאָס איז אָבער נאָר איין צוגאַנג צום פּראָבלעם פון וויסן און אויך איז עס בלויז אַן אריינפיר צו דעם צוגאַנג; ער וועט נאָך דאַרפן מער אַנאַליזירט ווערן. פריער וועט אָבער אַן אַנדער צוגאַנג צום פּראָבלעם באַטראַכט ווערן: דער צוגאַנג צום וויסן אַלס גאַנצן לויט דער דינאַמיק פון דעם פּראָצעס.

# דער פּראָצעס פון וויסן

דזש. דואי זאָגט: „די וועלט פון אונדזער דערפאַרונג איז אַ רעאַלע וועלט. זי איז אָבער אין אירע פונדאַמענטאַלע פאַזן ניט קיין וועלט וואָס מען ווייסט, א וועלט וואָס קען פאַרשטאַנען ווערן און וואָס געפינט זיך אין אַן אינטעלעקטועלן צוזאַמענהאַנג און איז באַשטימט" (די קוועסט פאָר סוירטענטי, ז. 295).

דער וויסן פון דער וועלט, וואָס מען קריגט דורך די חושים, דער וויסן, וואָס שטראָמט אַריין אינעם פאַרשטאַנד דורך דער זינלעכער דערפאַרונג, איז אַזוי דירעקט און איינפאַך, ער איז אַזוי פּשוט און אוממיטלבאַר, אַז מען ווייסט געוויינטלעך ניט אַז מען האָט פאַר זיך אַ וועלכן ס'איז פּראָבלעם. די אויגן זעען, די אויערן הערן און די אַנדערע חושים העלפן אַרויס צו קריגן אַלץ וואָס ס'געפינט זיך אין דער סביבה און וואָס ס'קומט פאָר אין איר. מען האָט ניט קיין שום שוועריקייטן צו קריגן די אינפאָרמאַציע פון דער אויסערלעכער וועלט. פון וואַנען זאָל מען וויסן אַז מען האָט פאַר זיך אַ שווערן פּראָבלעם, אויב ניט איינעם פון די שווערסטע פּראָבלעמען צו לייזן? דער פּראָבלעם פון וויסן, אָדער פון דער דערקענטעניש פון דער וועלט אַנטשטייט ערשט, ווען מען נעמט זיך אַנאַליזירן דאָס, וואָס קוקט אויס אַזוי איינפאַך, דאָס וואָס ס'דוכט זיך, אַז מען ווייסט אַזוי גוט... און וואָס מער מען שטודירט דעם פּראָבלעם, אַלץ מיט מער שוועריקייטן באַגעגנט מען זיך. אַ היפּש ביסל דענקער האָבן אים אויפגעגעבן אַלס האָפענונגסלאָז, זיי האָבן באַשטימט, אַז וואָס אַנבאַלאַנגט דער דערקענטעניש פון דער וועלט, שטייט מען פאַר אַ ניט-לייזבאַרער פראַגע; לויט זייער מיינונג, דאַרף מען אפילו ניט האָפן, אַז מען וועט זי ווען עס איז קענען לייזן. אַזוי האָט דער פּראָבלעם פון וויסן געפירט בוירקלין צו סוביעקטיוון אידעאַליזם, יומען צו סקעפּטיציזם און דואין צו דער „קופּערניקאַנישער רעוואָלוציע", וואָס עס מיינט פאַקטיש, זיך אומקערן מיטן רוקן צו דער רעאַליטעט פון דער וועלט, לייקענען אין דער מעגלעכקייט זי צו פאַרשטיין; ווי דער אויבן-געבראַכטער אויסצוג באַווייזט עס.

פאַרוואָס אַ דערשיינונג, וואָס קוקט אויס צו זיין אַזוי דירעקט און איינפאַך, וואָס קוקט אויס צו זיין אַזוי פּשוט און אוממיטלבאַר, זאָל זיך אַרויסווייזן אַזוי שווער אַזוי גיך ווי מ'נעמט זי אַנאַליזירן, איז ניט שווער צו דערקלערן. דער וויסן פון דער וועלט האָט זיך אַנטוויקלט פון דער פונדאַמענטאַלער אייגנשאַפט פונעם אָרגאַנישן שטאָף, פונעם רעאַגירן צו אַ סטימול. אַזוי ווי די דאָזיקע אייגנשאַפט איז די פונדאַמענטאַלסטע, קען זי ניט פאַרגליכן ווערן מיט קיין אייגנשאַפט, וואָס איז אַ רעזול-

טאַט פון איר. אַלע דערשיינונגען פון דער אָרגאַנישער וועלט רע־דוצירן זיך צו דער דאָזיקער אייגנשאַפט; זי אָבער קען ניט רעדוצירט ווערן צו קיין אַנדער דערשיינונג: זי דאַרף גענומען ווערן אַזוי פונדאַ־מענטאַל, ווי זי פּרעזענטירט זיך. איז ניטאָ קיין דירעקטער וועג ווי אַזוי צו דעמאָנסטרירן איר אמת...

און נאָך עפּעס, אין דער דערקענטעניש, אין דער זינלעכער דער־פאַרונג, קריגט דער מענטש דעם רעזולטאַט פונעם עוואָלוציע־פּראָצעס. ער קריגט דאָס, וואָס ס'האָט גענומען דער נאַטור דעם גאַנצן דויער פון עוואָלוציע אַרויסצובריינגען; ער קריגט דעם רעזולטאַט פון דעם פּראָצעס, אָבער ניט די איינצל מאָמענטן, וואָס האָבן אָנטיילגענומען אַרויסצוברענ־גען דעם רעזולטאַט. מען קען זאָגן צוזאַמען מיט די פּראַגמאַטיסטן, אַז די נאַטור איז געווען „פאַראינטערעסירט" אַרויסצוברענגען רעזולטאַטן וואָס זאָלן דינען די לעבנס־נויטן פונעם אָרגאַניזם, זי איז אָבער ניט געווען „פאַראינטערעסירט" איבערצולאָזן די איינצל מאָמענטן, וואָס האָבן אָנטייל־גענומען אינעם סינטעזירונגס־פּראָצעס.

אין דער אָפּהאַנדלונג וועגן אָרגאַנישער עוואָלוציע איז אָנגעוויזן געוואָרן, אַז ס'איז געווען אַזוי שווער צו דעמאָנסטרירן דעם אמת פון עוואָלוציע דערפאַר, וואָס די פאַרשיידנהייטן פון די מינים געפינען זיך אויף דער אויבערפלאַך און די ענלעכקייטן, אָדער אידענטיטעטן, געפינען זיך טיף באַהאַלטן. דער פּראָצעס פון עוואָלוציע איז פאַרגעקומען פון איינפאַכקייט צו פאַרשיידנאַרטיקייט, זיינען די איינהייטלעכקייטן געבליבן ביים וואָרצל, איז געווען שווער צו דערגרייכן צו זיי. ווען אָבער מען האַנדלט מיט אַ פיזישן אָרגאַניזם קען מען זיך פריער אָדער שפּעטער דער־גרונטעוון צום פונדאַמענט. אַנדערש איז מיטן פּראָצעס, וואָס האָט זיך אַנטוויקלט צו דער אייגנשאַפט וואָס ווערט אָנגערופן פּסיכיש; אין דעם לעצטן פאַל זיינען די צווישן־מאָמענטן אינגאַנצן פאַרשוואונדן: זיי האָבן פשוט ניט געהאַט וואו צו בלייבן, יעדע נייע אייגנשאַפט האָט פאַר־נומען דעם פּלאַץ פון דער פריערדיקער.

אונטער אַזעלכע באַדינגונגען, ווען מען וויל פאַרשטיין דעם פּראָצעס פון וויסן, קען מען עס נאָר טאָן אויף אַן אומדירעקטן אופן, מען דאַרף אַנאַליזירן די פאַקטאָרן וואָס, מען דענקט, אַז זיי האָבן אָנטיילגענומען אין זיין פאָרמירונג.

אינעם פריערדיקן קאַפּיטל איז דער פּראָצעס פון וויסן שטודירט גע־וואָרן אַנאַטאָמיש; ער איז צעטיילט געוואָרן אויף זיינע באַזונדערע טיילן און יעדער טייל איז באַהאַנדלט געוואָרן באַזונדער. איצט וועט געמאַכט ווערן אַ פאַרזוך אים צו באַטראַכטן „פיזיאָלאָגיש" (דינאַמיש) כדי צו זען ווי אַזוי ער פונקציאָנירט אַלס פּראָצעס. דער פּראָצעס אַלס גאַנצער, ווערט אין דער אַרבעט אָנגענומען, קומט פאָר אויף דעם אופן ווי דזש. לאָק האָט אים דערקלערט; ס'ווערט אָנגענומען, אַז דער וויסן וועגן דער וועלט אַנט־שטייט אינעם פאַרשטאַנד, וואָס געפינט זיך אינערלעך אינעם מאַרך. ער מאַניפעסטירט זיך אין דער פאָרמע פון אַ רעפּרעזענטאַציע פון די אייגנ־שאַפטן פון די זאַכן, וואָס געפינען זיך אין דער אויסערלעכער וועלט. ס'ווערט אָנגענומען דאָס, וואָס ווערט אָנגערופן די רעפּרעזענטאַטיווע

טעאָריע פון וויסן. דאָס מיינט אַ צוריקקער צו לאָקן; ס'איז אָבער ניט גלאַט אַ צוריקקער צום אַלטן, נאָר אַ פונדאַמענטאַלע ענדערונג אין אים. דאָס דאַרף דערקלערט ווערן, מען דאַרף אָנווייזן אויף די געענדערטע באַגריפן, וואָס האָבן מעגלעך געמאַכט, אַז מען זאָל קענען אָננעמען אַ רעפּרעזענטאַטיווע טעאָריע פון וויסן, ווען אין לאָקס צייט האָט מען ניט געקענט אָננעמען אַזאַ טעאָריע: ווען לאָק האָט זי פאָרמולירט האָט זי געפירט צו סקעפּטיציזם.

כדי אַרויסצוברענגען די ענדערונגען, וואָס זיינען פאָרגעקומען אין דעם דענקען און אינעם וויסן פון לאָקס צייט ביז איצט, וועט אָנגעוויזן ווערן אויף צוויי פונדאַמענטאַלע טעותן וואָס זיינען געווען איינגעשלאָסן אין דעם דענקען פון די ענגלישע עמפּיריקער. דאָס זיינען ניט געווען קיין טעותן, וואָס זיי ספּעציעל האָבן געמאַכט, נאָר, ווי ס'ווערט איצט אָנגענומען, דער אַלגעמיינער דענקען פון זייער צייט האָט געמאַכט. אַ דאַנק די צוויי פונ־דאַמענטאַלע טעותן האָט די רעפּרעזענטאַטיווע טעאָריע פון וויסן געמוזט פירן צו סקעפּטיציזם.

איין טעות איז דער, וואָס ווערט אָנגערופן אַטאָמיסטישער סענסאַ־ציאָנאַליזם און דער צווייטער ווערט אָנגערופן פּסיכאָלאָגיזם. ביידע טעותן, אָדער, מער קאָרעקט, פאַלשע שטאַנדפּונקטן, פאָדערן אַ גענויע דערקלע־רונג. די דערקלערונג וועט שוין אויך אָנגווייזן אויף דער ענדערונג אינעם דענקען ווי אויך אינעם וויסן, פון דער מאָדערנער צייט. דערפאַר וואָס די דערקלערונג איז אַ וויכטיקע, וועט איר אָפּגעגעבן ווערן מער פּלאַץ ווי די דירעקטע פאַרבינדונג וואָלט געפאָדערט.

אונטערן נאָמען אַטאָמיסטישער סענסאַציאָנאַליזם ווערט פאַרשטאַנען, אַז סענסאַציעס, די איינדרוקן, וואָס שטראָמען אריין דורך די חושים, ווערן צעשפּאָלטן און צעטיילט אַזוי פיל מאָל, ביז מען קריגט זייערע פונדאַ־מענטאַלע טיילן („אַטאָמען"): מען צעטיילט זיי געדאַנקלעך אַזוי גוט ווי עקספּערימענטאַל און מען נעמט זיי לויט די דאַזיקע פונדאַמענטאַלע טיילן.

אַזאַ צוטריט צו דער מענטשלעכער פּסיכיק און צו דעם מענטשלעכן וויסן איז געווען כאַראַקטעריסטיש פאַרן עמפּירישן דענקען פונעם אָנפאַנג פון דער מאָדערנער צייט, וואָס איז אויך געווען דער אָנהויב פון דער עקספּערימענטאַלער פיזיק. יענער פּעריאָד איז געווען אונטערן פולשטענ־דיקן איינפלוס פון דעם פיזיש־מאַטעמאַטישן צוגאַנג צו דערשיינונגען. ווען די מאָדערנע פיזיקאַלישע וויסנשאַפט האָט זיך אָנגעהויבן אַנטוויקלען איז מאַטעמאַטיק געווען די שפּראַך, דורך וועלכער זי איז דערקלערט גע־וואָרן; די מאַטעמאַטיק איז אויך געווען איר וועג־ווייזער. אַלץ האָט זיך געדרייט אַרום רעכענונגען; ס'איז געווען אַ פראַגע פון צוזאַמענשטעלן טיילן אין איין גאַנצעס און דאָס לעצטע ווייטער צעטיילן אויף די באַ־טרעפנדע חלקים.

אַט דער צוגאַנג, וואָס איז געווען פולשטענדיק ריכטיק פאַר דער אַנטוויקלענדער פיזיקאַלישער וויסנשאַפט, איז פון די עמפּיריקער איבער־געטראָגן געוואָרן צו דער מענטשלעכער פּסיכיק, צום מענטשלעכן באַגריף און צו דער דערקענטעניש פון דער וועלט. לויט דעם דעמאָלטדיקן באַגריף האָט דאָס געמיינט, אַז אַ קאָמפּליצירטע פּסיכישע דערשיינונג באַשטייט פון

אַ סומע (איינפאַכער כפל) פון די איינצל דערשיינונגען, אַז די גאַנצע פראַגע באַשטייט פון רעכענונגען הין און צוריק. די עמפּיריקער האָבן געקוקט אויף דער זינלעכער דערפאַרונג, אויף די איינדרוקן, וואָס קומען פון דער אויסערלעכער וועלט דורך די חושים, ווי אויף באַזונדערע איינצל איינדרוקן, וואָס ווערן צוזאַמענגעשטעלט, אָדער צוזאַמענגעבראַכט פונעם פאַרשטאַנד אין איין גאַנצעס. דאָס איז דער צוגאַנג צו דער מענטשלעכער פּסיכיק, וואָס ווערט אָנגערופן אַטאָמיסטישער סענסאַציאָנאַליזם.

ס'איז לייכט צו זען פאַרוואָס דער צוגאַנג, וואָס איז געווען אַזוי דערפאָלגרייך אין דער עקספּערימענטאַלער פיזיק, האָט ניט געבראַכט קיינע רעזולטאַטן אין דער פּסיכאָלאָגיע און אין דער דערקענטעניש־לערע. די פיזיקאַלישע וויסנשאַפט אָפּערירט מיט עלעמענטאַרע עלעמענטן און מיט איינפאַכע סינטעזן, איז אין די גרענעצן פון דער עקספּערימענטאַלער פיזיק דער אַטאָמיסטישער מעכאַניזם געווען פולשטענדיק צופרידנשטעלנד. אָבער אַזוי גיך ווי מען האָט איבערגעטראָגן דעם זעלבן צוגאַנג צו דער פּסיכאָלאָגיע און צו דער נאָך מער קאָמפּליצירטער דערקענטעניש־לערע, האָט ער צוזאַמענגעבראָכן און יום האָט אים דערפירט צום לאָגישן סקעפּטיציזם. און אָט פאַרוואָס: ווען מען נעמט דעם אַטאָמיסטישן סענסאַציאָנאַליזם פאַר אַן אויסגאַנגס־פּונקט מיינט עס, אַז יעדער איינדרוק קומט באַזונדער דערפאַר, וואָס ער באַשטייט פון אַ באַזונדער דערשיינונג. נאַטירלעך אַז ס'זאָל אַנטשטיין די פראַגע: וואָס פאַראייניקט אָט די דאָזיקע באַזונדערע איינדרוקן אין איין איינהייטלעכער דערשיינונג דער פּסיכאָלאָגישער אַטאָמיזם האָט ניט געהאַט קיין ענטפער אויף דער פראַגע ביז יום איז געקומען און האָט געצויגן דעם לאָגישן שלוס פון דעם אויסגאַנגס־פּונקט, אַז די פאַראייניקונג האָט טאַקע ניט קיין אָביעקטיווע באַרעכטיקונג, זי איז ניט מער ווי אַ רעזולטאַט פון מענטשלעכער געוואוינהייט. אָבער אַזוי ווי אויף דער סוביעקטיוו־מענטשלעכער געוואוינהייט קען מען ניט בויען קיין אָביעקטיווע וויסנשאַפט, איז סקעפּטיציזם דער נאַטירלעכער רעזולטאַט.

אַזוי לאַנג ווי ס'האָט געהערשט דער פיזיש־מאַטעמאַטישער בליק אויף דערשיינונגען אין אַלגעמיין איז געווען שווער צו פאָרמולירן אַ דערקענטעניש־טעאָריע, וואָס זאָל זיין באַזירט אויף דער זינלעכער דערפאַרונג: די דערפאַרונג איז גענומען געוואָרן אַטאָמיסטיש, יעדער איינדרוק איז גענומען געוואָרן באַזונדער, האָט מען ניט געוואוסט ווי אַזוי זי ווערט צוזאַמענגעהאַלטן אין איין גאַנצעס. דאָס איז געווען איינע פון די אורזאַכן וואָס האָט געפירט צו קאַנטס „קאָפּערניקאַנישער רעוואָלוציע”, וואָס האָט קיינעם ניט צופרידנגעשטעלט.

ערשט ווען די ביאָלאָגישע וויסנשאַפט האָט זיך גענומען אַנטוויקלען און דער אָרגאַנישער בליק אויף דערשיינונגען אין אַלגעמיין האָט אָנגעהויבן פאַרנעמען דעם פּלאַץ פון אַטאָמיזם, האָט מען געקענט אָנהויבן דענקען וועגן אָרגאַנישע דערשיינונגען, וואָס דאַרפן ניט און קענען ניט געברעקלט ווערן אויף קיין באַזונדערע טיילן. ספּעציעל אָבער האָט זיך דער בליק געביטן, ווען דער געדאַנק פון עוואָלוציע האָט גענומען באַהערשן דעם מענטשלעכן דענקען און טראַכטן. עוואָלוציע האָט אַריינגעפירט אַ

רעוואָלוציע אין דעם דענקען גופא; מען האָט אָנגעהויבן דענקען אין טערמינען פון אָרגאַניזאַציע און ניט אין טערמינען פון אַטאָמען.

דער אונטערשייד צווישן אַ מעכאַנישן צוזאַמענשטעל און אַן אָרגאַנישער פאַראייניקונג איז אַ פונדאַמענטאַלער: אין אַ מעכאַנישן צוזאַמענשטעל באַשטייט דאָס גאַנצע פון דער סומע פון די טיילן. דער צוזאַמענשטעל ענדערט ניט קיין זאַך פון דעם, וואָס ס'האָט פריער עקזיסטירט; קיין שום נייעס ווערט ניט אַריינגעפירט אינעם צוזאַמענשטעל, ער באַשטייט פון די באַזונדערע טיילן, וואָס ווערן גענומען צוזאַמען. ס'איז אַ פראַגע פון חיבור און כפל. מיט איין וואָרט, רעכענונג. דאָס איז די פונדאַמענטאַלע אייגנשאַפט פון אַ מאַשין: זי פאַראייניקט טיילן, זי ענדערט זיי אָבער ניט. אַזוי אמווייניקסטנס, האָט מען געקוקט ביז לעצטנס אויף אַ מאַשין.

אַן אָרגאַניזם איז עפּעס אַנדערש; ער אַנטהאַלט אַן אינערלעכע גאַנצקייט, וואָס ווירקט צוריק אויף זיינע באַזונדערע טיילן. ניט מען קען אים אַנאַליזירן לויט זיינע טיילן און ניט מען קען אים נעמען ווי אַ צוזאַמענשטעל פון די טיילן: ער באַשטייט פון איין גאַנצעס און דאַרף גענומען ווערן אַלס אַזעלכער מיט זיין איינהייטלעכער פונקציע. ווי אַ גאַנצער אָרגאַניזם איז ער אַנדערש און מען קען אויך זאָגן, אַז ער איז מער פון זיינע טיילן. ווען אַן אָרגאַניזם קריגט עפּעס צו צו דעם, וואָס האָט פריער עקזיסטירט, ענדערט דאָס צוגעקומענע די פונקציע פון דעם אָרגאַניזם און ענדערט אויך ביז אַ באַשטימטן גראַד, די פונקציע פון די טיילן. ווען אַ נייַ אַנטשטאַנענער פאַקטאָר קומט צו, איז א נייער אָרגאַניזם דער רעזולטאַט.

פון דעם געזאָגטן קען מען זען אַז אָרגאַניזאַציע און עוואָלוציע זיינען צוויי אַספּעקטן פון איין דערשיינונג: אַ קאָמפּליצירטע אָרגאַניזאַציע מיינט אַן אַנטשטייענדע נייע דערשיינונג אויף דעם לייטער פון עוואָלוציע.

געוויס דאַרף מען זיך ניט אָפּנאַרן און דענקען, אַז דערמיט וואָס מען נוצט אַ נייע טערמינאָלאָגיע דערקלערט מען שוין דעם פּראָצעס. געוויס ניט: דאָס וואָס מען האָט ניט געוואוסט פריער, קען מען אויך איצט ניט וויסן. די נייע טערמינאָלאָגיע איז אָבער אַ ריכטיקערע און מער פּינקטלעכע באַשרייבונג פונעם פּראָצעס, זי שטימט מער מיט די פאַקטן און שליסט אין זיך איין אַ ברייטערע גענעראַליזאַציע פון די פאַקטן. דאָס מיינט וויסנשאַפטלעכער פּראָגרעס און אין דעם זינען ווערט דער טערמין אָרגאַניזאַציע גענוצט.

דער באַגריף פון אָרגאַניזאַציע, ווי אַ פונדאַמענטאַלע אייגנשאַפט אין דער נאַטור, צוזאַמען מיטן באַגריף אַז פון צייט צו צייט אַנטשטייט עפּעס נייעס (אימאָרגאַנטע עוואָלוציע), הערשן איצט אין דעם דענקען וועגן דער וועלט. אין איינער אָדער אין אַ צווייטער פאָרמע ווערן די באַגריפן אָנגענומען פון דער גרויסער מאַיאָריטעט דענקער און פאָרשער; עס איז גענוג צו דערמאָנען אַזוינע נעמען ווי וואַיטהעד, לויעד מאָרגאַן און סמוטס אין דער פילאָזאָפיע; קאָהלער, קאָפקע און באַרינג אין דער פּסיכאָלאָגיע; די האַלדיינס, זשעניגג, וואָדלער און פּאַרקער אין דער ביאָלאָגיע (און ווי עס קוקט אויס פון די לעצטע ספּעקולאַציעס אין דער פיזיקאַלישער וויסנשאַפט (וואָלן

מעכאַניק) איז זי, דוכט זיך, אויך ניט קיין אויסנאַם), אַז מען זאָל זען אויף וויפיל דער געדאַנק פון אָרגאַניזאַציע און פון אנשטייענדעם נייעס, האָט באַהערשט דעם דענקען פון דער וועלט: עס איז איצט די הערשנדע פאָרמע פון דענקען.

ווען מען נעמט אָן דעם אָרגאַנישן בליק אויף דער וועלט פון דערשיי־נונגען און מען נעמט אים צוזאַמען מיטן באַגריף פון עוואָלוציע אַלס אַנט־שטייענדעם נייעם און מען באַנוצט זיי צום מענטשלעכן וויסן פון דער וועלט פאַר אַ הילף צו פאָרמירן אַ דערקענטעניש־לערע, קען מען זען ווי אַזוי דער באַוואוסטזיניקער וויסן פון דער וועלט האָט זיך געקענט אַנטוויקלען פון די פונדאַמענטאַלע אייגנשאַפטן פונעם לעבעדיקן שטאָף, פון דער אזוי אָנגע־רופענער פּראָטאָפּלאַזמע צו רעאַגירן צו אַ סטימול פון דער אַרומיקער סביבה. דער פונדאַמענטאַלער רעאַגירן אַנטהאַלט שוין אין זיך די עמפינדלעכקייט, וואָס אין די העכערע פאָרמען אין די מער קאָמפּליצירטע אָרגאַניזמען, האָט זי זיך אַנטוויקלט צו דער פאָרמע, וואָס אינעם מענטשן מאַניפעסטירט זי זיך אין א באַוואוסטזיניק ווערן אויף דער וועלט. אָרגאַניזאַציע און אנטשיידענדע נייעס האָט זיך אָנגעהויבן צוזאַמען מיטן אָנהויב פון דער אַנטוויקלונג פון די פרימיטיווסטע פאָרמען.

ווי פריער געזאָגט, ווען מען באַטראַכט דעם פּראָבלעם פון וויסן ווי ריינע דינאַמיק, מוז מען ריידן אין אַבסטראַקטע טערמינען; די פונקציע, אַלס אַזעלכע, האָט אונטער זיך ניט איבערגעלאָזט קיין סימנים, לויט וועלכע מען זאָל זי קענען פאָרשן אויף צוריק, מוז מען זיך באַנוצן מיט אומדירעקטע וועגן, וואָס צייגן אָן וועלכן עס איז צווייפל, אַז אזוי איז דער פּראָצעס פאָר־געקומען. אַזוי גיך ווי מען נעמט די סטרוקטור צו הילף באַשטעטיקט זי גלייך דאָס, וואָס גענומען אין אַבסטראַקט, לויט דער ריינער פונקציע, מוז בלייבן אין די גרענעצן פון אַ היפּאָטעזע.

שערינגטאָן האָט באַוויזן, אַז אפילו די אויסערלעכע טייל פון דער נערוון־סיסטעם פונקציאָנירט ווי אַן אָרגאַניזירטע איינהייט; ער האָט באַוויזן, אַז אפילו די דאָזיקע אַקטיוויטעט פון דער נערוון־סיסטעם קען ניט געטיילט ווערן לויט די איינצל נערוון, זי קען אפילו ניט געטיילט ווערן לויט נערוון־גרופּן. זי פונקציאָנירט אַלס אָרגאַניזירטע איינהייט אפילו, ווען דער אָפּרוף איז אַ לאָקאַלער אין וועלכן עס נעמט אנטייל א באַגרענעצטער טייל פון דער סיסטעם. אָבער אפילו ווי אַ גאַנצע סיסטעם פונקציאָנירט זי ניט אַלעמאָל אויפן זעלבן אופן: דער אַלגעמיינער צושטאַנד פונעם אָרגאַניזם ווירקט אויף איר פונקציע און האַלט זי אין איין מאָדיפיצירן. דער פריער און, אין אַ געוויסן זין, אויך דער שפּעטער, ווירקן אויף דער איצטיקער פונקציע און פאָרמירן איר געשטאַלטונג. עס מיינט, אַז מען קען ניט נעמען קיין איין מאָמענט און קיין איין טייל און זיי באַטראַכטן באַזונדער, מען דאַרף נעמען די סיסטעם אַלס גאַנצע צוזאַמען מיט איר פאַרגאַנגענהייט און זי באַטראַכטן אין דער אָרגאַניזירטער פאָרמע.

ווען אָרגאַניזאַציע שפּילט אַזאַ גרויסע ראָלע אין דער אַלגעמיינער פונקציע פון דער נערוון־סיסטעם, קען מען זיך פאָרשטעלן אַז דאָס, וואָס ווערט געטראָגן פון דער סיסטעם, ווערט אויפן זעלבן אופן באַווירקט פון דער אָרגאַניזאַציע.

די אייגנשאַפט, וואָס ווערט אָנגערופן וויסן פון דער וועלט, די זינלעכע דערפאַרונג (חושים־איינדרוקן), האָט זיך אַנטוויקלט אין פאַרבינדונג מיט דער נערוון־סיסטעם און איז אַרויסגעוואַקסן פון איר אינעם לויף פון עוואָלוציע. זי באַשטייט פון אַ העכערער אָרגאַניזאַציע און אינטעגראַציע פון דער זעל־בער פונקציע, איז נאַטירלעך אַז זי זאָל באַווירקט ווערן און געענדערט ווערן צוזאַמען מיט דער לעצטער. פון דעם דאַרף מען ציען דעם לאָגישן שלוס, אַז נאָר ווען מען נעמט אים מיט דער נערוון־פאַרבינדונג קען דער וויסן פון דער וועלט פאַרשטאַנען ווערן: ער באַשטייט פון דער העכסטער פאָרמע פון דער פונקציע פון דער אָרגאַניזירטער איינהייט פונעם מענטשנס נערוון־סיסטעם.

ווען מען נעמט דעם מענטשנס וויסן פון דער וועלט אין זיין אָרגאַנישער און אָרגאַניזירטער פאַרבינדונג, מוז מען איינשטימען מיט דזש. פּאַט־ריקן אַז „אינפאָרמאַציע, אָדער קאָגנאַציע (וויסן) קוקט אויס צו באַשטיין פון אַ פאַרהעלטעניש, וואָס עקזיסטירט צווישן אַ לעבעדיקן אָרגאַניזם און זאַכן וואָס געפינען זיך אין זיין סביבה. און די פייאיקייט צו קומען אין דער אייגנאַרטיקער פאַרהעלטעניש קוקט אויס צו זיין אַן אַנטשטייענדע קוואַליטעט, וואָס דערשיינט אין אַ באַשטימטן צושטאַנד אין דער עוואָלוציע פון אָרגאַ־נישן לעבן. די בלום, וואָס בויגט זיך אין דער ריכטונג צו דעם ליכט פון דער זון, איז געוויס ניט באַוואוסטזיניק אויפן זונען־ליכט. דער הירש פונעם וואַלד איז אָבער פּאָזיטיוו אינפאָרמירט וועגן דער דערנעענטערונג פונעם יעגער.

כדי צו פאַרשטיין וואָס באַוואוסטזיין איז און אונדזער פאַרזוך ענד־לעך צו וויסן פון וואָס פאַרשטאַנד אין אַלגעמיין באַשטייט, איז ניט נויטיק פּינקטלעך צו באַשטימען אין וועלכן מאָמענט פון עוואָלוציע עס אַנטשטייט דער באַוואוסטזיניק ווערן; מעגלעך, אַז מען קען אויך אַריינרעכענען דאָס בויגן זיך פון דער בלום צו דער שיין פון דער זון. ווען מען נעמט אָן דאָס לעצטע, וואָלט מען נאָר געדאַרפט גיין אַביסל נידעריקער אויף עטלעכע שטאַפּלען פונעם עוואָלוציע־לייטער און אַריינגעמען אין דעם וויסנס־קרייז מער אָר־גאַניזמען, ווי מיר זייבען געניגט צו טאָן" (זע וואו האָט איז מיינד, 49).

פּאַטריק גייט ווייטער און ציגט אָן, אַז צווישן דעם בויגן זיך פון דער בלום, דעם שפּירן פון דעם הירש און דעם באַוואוסטזיניקן מענטשלעכן וויסן איז ניטאָ קיין אונטערשייד פון קוואַליטאַטיוון כאַראַקטער; עס איז אַ פראַגע פון קוואַנטיטעט און ניט פון קוואַליטעט. וואָס עס מיינט, אַז דער פּראָצעס איז איינער; עס איז נאָר אַ פראַגע פון אָרגאַניזאַציע אין אינטע־גראַציע און ניט מער. מען האָט אַ רעכט אָנצוהויבן פון דער בלום אַזוי גוט ווי פון דעם הירש: דער אויסוואַל פון דעם מאָמענט איז אינגאַנצן אַ פריי־וויליקער. די נאַטור האָט ניט קיין ספּעציעלן מאָמענט פון וועלכן מען זאָל מוזן אָנהויבן דעם פּראָצעס פון וויסן.

מען קען זען, אַז ווען מען נעמט אָרגאַניזאַציע אַלס אויסגאַנגס־פּונקט און ניט אַטאָמיזם, קומט מען צו גאַנץ אַנדערע רעזולטאַטן; עס איז ניט קיין פראַגע פון אויסמיידן יומס סקעפּטיציזם, מען דענקט גאָר אינגאַנצן אין אַנדערע טערמינען און דאָס, וואָס איז פריער געווען אַן אויסגאַנגס־פּונקט, ווערט איצט אַ רעזולטאַט און לייקענען דעם רעזולטאַט קען מען ניט: ווייל

מען מוז אים אָננעמען, מען זאָל אים לייקענען... די פראַגע וועט נאָך באַהאַנדלט ווערן אין אַ צווייטער פאַרבינדונג

איצט וועגן דעם צווייטן טעות, וואָס די ענגלישע עמפּיריקער האָבן גע־מאַכט, דעם אַזוי אָנגערופענעם פּסיכאָלאָגיזם. פּסיכאָלאָגיזם ווערט אָנגע־רופן דער פּסיכאָלאָגישער פּראָצעס, ווען ער ווערט גענומען פאַר דעם פּראָ־צעס פון וויסן; ווען מען הויבט אָן מיטן באַוואוסטזיין גענומען אין אַבסטראַקט ווי אַן עקזיסטענץ און מען רופט עס אָן וויסן. ווען דעקאַרט האָט אָנגעהויבן מיטן „איך דענק" אַלס דער פונדאַמענטאַלסטער פאַקט פונעם מענטשלעכן וויסן, האָט ער אָנגעהויבן מיטן פּסיכאָלאָגיזם. אויך אינעם פּסיכאָלאָגיזם איז יום געווען דער אויסגעהאַלטנסטער: ער האָט אָנגענומען, אַז ווייטער פון די אייגענע איינדרוקן קען מען ניט גיין... פּסיכאָלאָגיזם מוז פירן צו סקעפּטיציזם, סיידן מען רופט „גאָט" צו הילף, ווי בורקלי האָט געטאָן, אָדער מען לייקנט די רעאַליטעט פון דער זינלעכער דערפאַרונג אין אַלגעמיין, ווי העגעל האָט געטאָן...

לאָקס קאָפּיע־טעאָריע פון וויסן איז באַשטאַנען פון אַ פּסיכאָלאָגיזם וואָס האָט געמוזט פירן צו סקעפּטיציזם. ער האָט אָנגענומען, אַז דער מענטש־לעכער וויסן באַשטייט פון אינפאָרמירט ווערן פון די קאָפּיעס וואָס געפינען זיך אינעם אייגענעם פאַרשטאַנד; זיי האָבן געדאַרפט זיין קאָפּיעס פון זאַכן, וואָס געפינען זיך אויסער דעם פאַרשטאַנד. אָבער דאָס לעצטע האָט בשום אופן ניט געקענט באַוויזן ווערן: ער האָט זיך פאַרשטעלט דעם וועג דאָס קענען צו באַווייזן מיט זיין אייגענעם אויסגאַנגס־פּונקט, וועלכן ער האָט ניט געקענט ענדערן דערפאַר, וואָס דאָס איז געווען דער אַלגעמיינער באַגריף פון זיין צייט: ער האָט געמוזט אָנהויבן פונעם „איך ווייס".

לאָק האָט זיין שטאַנדפּונקט ניט געקענט דערקלערן, ווייל דער וויסן פון זיין צייט האָט אים ניט געקענט דערקלערן. ער האָט געמוזט נעמען דעם פאַרשטאַנד, אַ פאַרטיק עקזיסטירנדן פאַר זיך. אמת, ער האָט אָנגעהויבן מיט אַ קינד, וואָס האָט ניט קיין וויסן — עס קריגט דעם וויסן פון דערפאַרונג. ער האָט אָבער ניט געוואוסט ווי אַזוי צו דערקלערן דעם וויסן, איז פון איין וועג לייכט געווען פאַר יומען פירן צום סקעפּטיציזם און פאַר לייבניצן צוריק־איבערטראָגן דעם שווערפּונקט אויפן פאַרשטאַנד גופא...

און אפילו קאַנט, וועלכער האָט שוין איינגעזען, אַז אין דער דערקענ־טעניש פון דער וועלט איז איינגעשלאָסן אַ קאָמפּליצירטער פּראָבלעם, האָט געמוזט איבערלאָזן אַ באַהאַלטענעם מיסטעריעזן פאַרשטאַנד (נשמה), וואָס פאָרמירט פון זיך אַ וויסן, וואָס באַשטייט פון אַ דרייגאָרנדיקער געביידע... דער פּסיכאָלאָגיזם איז געווען איינגעשלאָסן אין דעם קאָנטינענטאַלן ראַציאָ־נאַליזם, אַזוי גוט ווי אין דעם ענגלישן עמפּיריציזם, זיי ביידע האָבן זיך פון אים ניט געקענט באַפרייען; זיי ביידע האָבן געהאַט אַ פאַרטיקן פאַר־שטאַנד (נשמה) וואָס ווייסט...

כדי צו קענען פאָרמולירן אַ רעפּרעזענטאַטיווע טעאָריע פון וויסן, וואָס זאָל זיין געבויט אויף רעאַליזם און זאָל זיין אַ רעזולטאַט פון אים, כדי צו קענען באַווייזן, אַז דער וויסן פון דער וועלט אַנטשטייט אין דעם פאַרשטאַנד, אינעם מאַרך און באַשטייט פון זאַכן, וואָס געפינען זיך אויסער דעם מענטשן, האָט מען געדאַרפט פאַרשטיין ווי אַזוי אַזאַ קאָמפּליצירטער פּראָצעס האָט

זיך אַנטוויקלט. מען האָט געדאַרפט פאַרשטיין, אַז דער באַוואוסטזיין און דער וויסן פון דער וועלט זיינען אַ פּועל־יוצא פון אַ לאַנגן עוואָלוציע־פּראָצעס, פון וועלכן דער מענטשלעכער וויסן איז דער אולטימאַטיווער רעזולטאַט. מיט אַנדערע ווערטער, מען האָט געדאַרפט נאַטוראַליזירן דעם פאַרשטאַנד, מען האָט געדאַרפט באַווייזן ווי אַזוי ער זעלבסט האָט זיך אַנטוויקלט אויף אַ נאַטירלעכן אופן אין פאַרבינדונג מיט דער סביבה און אַלס רעזולטאַט פון איר.

עס מיינט שוין נאַטירלעך, אַז מען האָט געדאַרפט אָנהייבן פון דער סביבה אַלס דעם פונדאַמענטאַלן פאַקטאָר, וואָס האָט אַרויסגעבראַכט דעם פאַרשטאַנד צוזאַמען מיטן מענטשלעכן וויסן פון דער וועלט. מען האָט געדאַרפט ענדערן דעם גאַנצן צוגאַנג צו דער פראַגע, מען האָט געדאַרפט אָנהייבן פונעם נאַטוראַליזם און ניט פון אַ מיסטישן פאַרשטאַנד וואָס ווייסט, אַזוי ווי ער אַליין איז אַראָפּגעפאַלן פונעם הימל אַ פאַרטיקער און דאָס איינציקע וואָס מען דאַרף טאָן איז דערקלערן ווי אַזוי ער ווייסט. פאַקטיש אָבער האָט מען אים זעלבסט פריער געמוזט דערקלערן, איידער מען האָט געקענט דערקלערן זיין וויסן פון דער וועלט.

אַז מען זאָל דאָס אַלץ קענען דערקלערן, האָט מען געדאַרפט נעמען דעם ביאָלאָגישן צוגאַנג צו דער וועלט פון דערשיינונגען און עוואָלוציע פאַרן וועגווייזער; מען האָט געדאַרפט האָבן אין זינען ווי אַזוי דער מענטש זעלבסט און דער פאַרשטאַנד אין אים האָבן זיך אַנטוויקלט. און ספּעציעל האָט מען געדאַרפט פאַרשטיין די ראָלע וואָס די סביבה האָט געשפּילט אינעם אַרויסברענגען דעם פאַרשטאַנד מיטן וויסן פון דער וועלט. נאָר ווען מען שטודירט דעם צוזאַמענשטויס פונעם מענטשן מיט דער סביבה, קען מען פאַרשטיין ווי אַזוי דער וויסן וועגן דער וועלט האָט זיך אַנטוויקלט. ווען מען נעמט די דערקענטעניש־לערע, דעם מענטשנס וויסן פון דער וועלט פון דעם ברייטן עוואָלוציע־שטאַנדפּונקט, ווערט די אַנטוויקלונג פונעם באַוואוסטזיין אַ טייל פון דער דערקענטעניש־לערע, זי ווערט איר גענעטישער טייל. צו דער זעלבער צייט איז דער באַוואוסטזיין דער באַזיס אויף וועלכן דער וויסן פון דער וועלט ווערט געבויט.

דער זעלבער עוואָלוציע־פּראָצעס, וואָס האָט געפירט צו דער אַנטוויקלונג פונעם באַוואוסטזיין, האָט אויך געפירט צום וויסן פון דער וועלט. דער פּראָצעס איז איינער, דער אונטערשייד איז נאָר אינעם אַספּעקט: ווען מען שטודירט די אַנטוויקלונג און פונקציע פונעם באַוואוסטזיין, האָט מען אין זינען דעם סוביעקטיוון אַספּעקט פון דער דערשיינונג, מען האָט אין זינען דעם מענטשן, ווי אַזוי ער זעלבסט איז באַוואוסטזיניק געוואָרן אויף זיין אייגענער עקזיסטענץ און דעם באַוואוסטזיין בכלל. שטודירט מען אָבער די קאָגנאַציע, אָדער די דערקענטעניש פון דער וועלט, האָט מען אין זינען דעם וויסן פון דער וועלט, וואָס באַשטייט פון דעם אָביעקטיוון אַספּעקט פון דער זעלבער דערשיינונג: מען האָט אין זינען דעם אָביעקט פון וויסן און ווי אַזוי דער מענטש ווייסט וועגן אים.

ווען מען טראַכט זיך אַריין אין די צוויי אַספּעקטן, קען מען זען, אַז אין דער דערקענטעניש־לערע האָט מען אַ פיל שווערערן פּראָבלעם, ווי אינעם מענטשלעכן באַוואוסטזיין, לויט ווי ער ווערט שטודירט פונעם פּסיכאָלאָג. גע־

ויס, אויב דער פסיכאָלאָג וויל ניט בלייבן שטיין אין מיטן וועג פון זיין שטודיום און וויל אויסשעפּן די פראַגע, מוז ער קומען צום קערפּער־פאַרשטאַנד־פאַרבינדונג, וואָס איז איינער פון די שווערסטע פּראָבלעמען. געוויינטלעך אָבער גייט דער פסיכאָלאָג ניט אזוי ווייט, ער לאָזט דעם פונדאַמענטאַלן פּראָבלעם הענגען אין דער לופטן...

ווען מען נעמט די פסיכאָלאָגיע פון באַוואוסטזיין נאָר אין די געוויינטלעכע שמאָלע גרענעצן, קען מען זאָגן, אַז דער פּראָבלעם פון וויסן הויבט זיך אָן פון דעם מאָמענט, ווען די פסיכאָלאָגיע פון באַוואוסטזיין ענדיקט זיך: ווען די פראַגע פון דעם באַוואוסטזיין ווערט דערקלערט, אַנטשטייט ערשט די פראַגע ווי אזוי ווייסט דער מענטש אין דער אינערלעכקייט פון זיין באַוואוסטזיין, דאָס וואָס עס טוט זיך אויסער אים? און וואָס מיינט אַן אינהאַלט אינעם פאַרשטאַנד?

פון די לויפנדע באַמערקונגען קען מען זען, אַז כדי צו פאַרשטיין דעם פראָצעס פון וויסן, די דערקענטעניש פון דער וועלט, האָט זיך, ערשטנס, געפאָדערט אַן ענדערונג אין דעם בליק אויף די נאַטור־דערשיינונגען, אָרגאַניזאַציע האָט געדאַרפט פאַרנעמען דעם פּלאַץ פון אַטאָמיזם און, צווייטנס, האָט מען געדאַרפט נאַטוראַליזירן דעם פאַרשטאַנד, געפינען אַ היים פאַר אים אין דער נאַטור און באַווייזן ווי אזוי ער האָט זיך געקענט אַנטוויקלען אין פאַרבינדונג מיט דער סביבה אַלס אַ רעזולטאַט פונעם עוואָלוציע־פּראָצעס: וואָס מען האָט געדאַרפט איז אָנהויבן פון גענעטישער פסיכאָלאָגיע און באַווייזן ווי דער באַוואוסטזיין און דער וויסן פון דער וועלט האָבן זיך אַנטוויקלט אויף אַ נאַטירלעכן אופן. אין דעם גענעטישן צוגאַנג מיידט מען אויס דעם פסיכאָלאָגיזם, דעם אָנהויבן מיט אַ פּאַרטיקן „איך“, וואָס „ווייסט“ אין אַבסטראַקט פאַר זיך; מען איז געצוואונגען אָנצוהויבן דעם „וויסן“ אין צוזאַמענהאַנג מיט דער סביבה (מיטן אָביעקט פון וויסן — מיט דער זאַך וואָס מען ווייסט).

נעמט מען דעם גענעטישן אויסגאַנגס־פּונקט און מען שטודירט די דערקענטעניש פון דער וועלט אויף דעם זעלבן אופן, ווי מען שטודירט די אַנטוויקלונג פונעם באַוואוסטזיין, קען מען זען פאַרוואָס דער אינהאַלט פון דעם וואָס מען ווייסט דאַרף לאָקאַליזירט ווערן אינעם פאַרשטאַנד אינערלעך אינעם מאַרך און קען ניט אַרויסגעטראָגן ווערן אויסער דעם מענטשן: דער וויסן געפינט זיך דאָרטן, וואו דער באַוואוסטזיין געפינט זיך, וואו ער האָט זיך אַנטוויקלט אין פאַרבינדונג מיט די סטימולן, וואָס זיינען געקומען פון דער אויסערלעכער וועלט. דאָרט וואו דער פאַרשטאַנד האָט זיך אַנטוויקלט, געפינט זיך אויך זיין אינהאַלט.

פאַרשטייט זיך, אַז דאָס מיינט שוין, אַז דער פאַרשטאַנד איז מער פון אַ צענטער אין וועלכן ס'קומען פאָר אויסערלעכע פאַרהעלטענישן, ער איז אַ צענטער אין וועלכן דערשיינונגען קומען פאָר. אין אים געפינט זיך דער אינהאַלט פון דער אייגענער ביאָגראַפיע און אין אים אַנטשטייען די קוואַליטאַטיווע באַדייטונגען פון די אייגנשאַפטן פון די זאַכן, וואָס געפינען זיך אין דער אויסערלעכער וועלט. און אין אים קומט פאָר דער דענקען און טראַכטן אין אַלגעמיין. דאָס אַלץ קען אָבער ניט שטודירט ווערן גענעטיש, ווי ס'האָט זיך אַנטוויקלט; ס'מוז גענומען ווערן אין קוועט־

שניט, ווי דער פּראָצעס פון וויסן קומט פאַקטיש פאָר. די גענעטיק קען נאָר ליגן אין הינטערגרונט און באַלייכטן דעם וועג. האָט מען אָבער אין זינען די גענעטיק, ווי אַזוי דער וויסן האָט זיך אַנטוויקלט, מוז מען באַשטימען, אַז דער רעזולטאַט פון עוואָלוציע איז אין איינקלאַנג מיטן פּראָצעס, וואָס האָט אים אַרויסגערופן.

דער פּראָצעס פון וויסן איז אַנטשטאַנען אין אַן אַטמאָספערע, וואָס האָט אים אַרויסגערופן און איז אַ רעזולטאַט פון די באַדינגונגען, וואָס האָבן אים ארויסגערופן, פאָלגלעך איז דער וויסן פון דער רעאַליטעט אַזאַ, ווי די רעאַליטעט, וואָס האָט אים אַרויסגערופן.

די פראַגן וואָס זיינען דאָ באַרירט געוואָרן זיינען נאָר אָנגעוואָרפן געוואָרן, ס׳וועט זיך פאָדערן אַ גרינטלעכע באַטראַכטונג פון יעדער איינער פון זיי. דאָס וועט געטאָן ווערן אין די וויטערדיקע קאַפּיטלעך. צום ערשטן וועט אָבער באַטראַכט ווערן דער פּראָבלעם פון אמת, וואָס איז צענטראַל פאַר דער דערקענטעניש־טעאָריע.

# דער פּראָבלעם פון אמת

בערטראנד ראָסעל הויבט אָן זיין אָפּהאַנדלונג וועגן אמת און פאַלשקייט מיט דער באַמערקונג אַז „די פראַגע וועגן אמת און פאַלשקייט איז איינגעוויקלט אין אַן אומנויטיקער מיסטעריע אַ דאַנק אַ ריי אורזאַכן. ערשטנס, ווילן מענטשן דענקען אַז זייערע איבערצייגונגען זיינען מער פּאַסנד פאַרן אמת ווי ניט, זוכן זיי אַ טעאָריע, וואָס זאָל באַווייזן אַז אמת איז נאָרמאַל און פאַלשקייט איז מער אָדער ווייניקער אַ צופאַל. צווייטנס, זיינען מענטשן ניט קלאָר און זיכער וועגן דעם, וואָס זיי מיינען מיט „איבערצייגונג" און „אורטייל", כאָטש זיי זיינען זיכער אַז זיי ווייסן אַז איבערצייגונגען און אורטיילן באַשטייען פון אָביעקטן צו וועלכע מען שרייבט צו די אייגנשאַפטן: „אמת" אָדער „פאַלש". דריטנס, איז מען גענייגט צו שרייבן „אמת" מיט גרויסע בוכשטאַבן אין א גרויסארטיקן מיין ווי עטוואָס וואָס איז דערהויבן און אויסגעצייכנט, וואָס איז ווערט מען זאָל עס פאַרגעטערן. דאָס לעצטע ברענגט אריין מענטשן אין אַזאַ געמיט־צושטאַנד, אַז זיי פאַרלירן די פיאיקייט צו דענקען" (פילאָסאָפיע, ז. 254).

און טעאָדאָר דע־לאַגונאַ זאָגט: „איינע פון די הויפּט־באַשעפטי־קונגען פון דער פילאָזאָפיע פאַר די לעצטע צוויי דורות איז געווען צו פאָרשן די נאַטור פון אמת. מען האָט אָנגענומען פאַר זיכער, אַז אמת האָט אַ נאַטור; עס האָט געדאַרפט מיינען, אַז עס איז פאַראַן אַן אַלגעמיינע אייגנשאַפט, וואָס אַלע אמתע באַהויפּטונגען האָבן און פאַלשע האָבן ניט. איך האָב זיך איבערצייגט אַז די השערה האָט קיין שום גרונט ניט: אמת האָט ניט קיין נאַטור און עס איז ניטאָ קיין שום אייגנשאַפט, וואָס איז אַלגעמיין און כאַראַקטעריסטיש פאַר אמתע באַהויפּטונגען. אמת, גלויב איך, איז אַן אויסדרוק, וואָס האָט נאָר אַ באַדייטונג, ווען ער ווערט גענוצט. ווען מען זאָגט, אַז אַ באַשטימטע באַהויפּטונג איז אַן אמתע, ווייסן מיר וואָס עס מיינט. אָבער ווי איך קוק אויפן ענין, איז ניטאָ קיין שום מיין אינעם וואָרט אמת, ווען עס ווערט גענומען פאַר זיך: פאָלגלעך איז ניטאָ קיין שום פּלאַץ פאַר וועלכער עס איז טעאָריע פון אמת" (קאָנטעמפּ. אמעריק. פילאָסאָפ., ב. 1, ז. 412).

פון די צוויי אויסצוגן קען מען זען, אַז אונטער „אמת" האָט מען פאַרשטאַנען אַ ספּעציעלן „סוד", וועלכן מען האָט אַרומגעוויקלט מיט אַ מיסטעריע. עס איז געווען גענוג צו נוצן אַ גרויסן אלף, און עס זאָל מאַכן אַן איינדרוק אויפן אויג. און אויב דאָס איז געווען ווינציק, האָט מען צוגעגעבן עטלעכע הויך־קלינגענדע פראַזן, האָט מען אויך געהאַט די

נויטיקע פייערוועדק פּאַרן אויער. אַלס ביישפּיל וועט געבראַכט ווערן אַזאַ פייערווערק: זאָגט דער אידיאַליסטישער דענקער בעזאַנקוועט „אמת איז, אין קורצן, ניט בלויז אַ פּאַראויסגייענדער קערפּער, נאָר עס איז אַ גייסט און פונקציע. קענסט אים ניט פאַרשטיק, סיידן דו פאַרשט זיין ווירקונג און דו אידענטיפיצירסט זיך מיט זיין כוח" (זע אימפּליקיישאַן אַוו ליניער אינפערענס, ז. 163).

אין דער אַרבעט וועט דער אויסדרוק אמת גענוצט ווערן מיט אַ קליינעם אלף, ווי אַ באַדייטונג פאַר עפּעס געזאָגטעס און ניט צו באַצייכענען אַ „סוד" פון דער נאַטור.

ווען דער באַטייט פון וואָרט איז אָנגעצייכנט איז די פראַגע: 1) צו וואָס ווערט דער אמת באַנוצט? וואָס וויל מען מיט אים פּרואוון, און 2) וואָס זיינען די באַווייזן אַז מען האָט פאַר זיך אַן אמת? צו דעם דאַרף מען איבערגיין.

ווען מען אַנאַליזירט די פאַרשיידענע באַהויפּטונגען, וואָס זיינען ביז איצט געמאַכט געוואָרן וועגן דעם מענטשלעכן וויסן, רעדוצירן זיי זיך צו צוויי פונדאַמענטאַלע פונקטן:

1) אַז דער וויסן פון דער וועלט באַשטייט פון אַן אינהאַלט אינעם פאַרשטאַנד, וואָס באַצייכנט זאַכן וואָס געפינען זיך אויסער אים. דער פונקט דאַרף פאַרשטאַנען ווערן, אַז דער וויסן פון זאַכן און דערשיינונגען, וועלכע מען קריגט דורך דירעקטער דערפאַרונג (חושים־איינדרוקן), באַשטייט פון אַן אינטערפּרעטאַציע פון דעם וואָס סטימולירט די חושים און ניט פון דעם דירעקטן קעגנשטאַנד (דירעקטע אַפּרעהענציע).

2) אַז דאָס וואָס דערשיינט ווי אַ פונדאַמענטאַלע איינהייט, איז פאַקטיש ניט קיין פונדאַמענטאַלע נאַטור־איינהייט, נאָר ס'באַשטייט פון אַ סינטעז, וואָס קומט פאָר אויף אַן אומבאַוואוסטזיניקן אופן. פאַר דער פערצעפּציאָנעלער דערפאַרונג דערשיינט עס ווי אַן איינהייט.

די פראַגע פון אמת האָט אַ שייכות צום ערשטן פון די צוויי פונקטן, וועט דער פונקט באַהאַנדלט ווערן אין דעם קאַפּיטל. דער צווייטער פונקט האָט אַ שייכות צו די פאַקטאָרן פון וויסן; זיי וועט געגעבן ווערן אַ באַזונדער קאַפּיטל.

אײדער די פראַגע פון אמת וועט באַטראַכט ווערן, וועלן געמאַכט ווערן אַ פּאָר באַמערקונגען וועגן דער טערמינאָלאָגיע, וואָס וועט גענוצט ווערן. די באַמערקונגען זיינען מער פון אַ דעפיניציע, זיי וועלן אָנדייטן צו וואָס דער טערמין אמת ווערט באַנוצט און דערמיט וועלן זיי אויך געבן אַן אַריינבליק אין דער דערקענטעניש־טעאָריע אין אַלגעמיין.

דער טערמין באַדייטונג איז שוין אומדירעקט פריער דערקלערט געוואָרן; איצט וועט ער דירעקט דעפינירט ווערן. ער ווערט גענוצט צו באַצייכענען דעם מיין וואָס אַ דירעקטער סטימול האָט פאַר דעם פאַרשטאַנד. ווען מען נעמט דעם מענטשן פאַר אַ ביישפּיל, באַשטייט פאַר אים באַדייטונג אינעם דירעקטן רעאַגירן פונעם פאַרשטאַנד צו אַ סטימול, וואָס קומט פון דער סביבה. דער פּראָצעס דאַרף דערקלערט ווערן אויף פאָלגענדן אופן: אַ סטימול ווירקט אויף איינעם, אָדער אויף עטלעכע חושים, לויפט די אָנרעגונג דורך די באַשטימטע נערוון־גרופּן צום מאַרך

און דאָרט קומט זי צו אַ באַשטימטן אָרט און ווערט רעגיסטרירט. אינער־לעך אינעם מאַרך אַנטשטייט די באַדייטונג פון דער אָנרעגונג, אָדער סטימול: די אָנרעגונג האָט פאַרן מענטשן געקראָגן אַ באַדייטונג. באַ־דייטונג פּאַראייניקט דעם פאַרשטאַנד דירעקט מיט דער אורזאַך (די זאַך וואָס געפינט זיך אין דער סביבה), וואָס האָט אָנגערעגט (סטימולירט) די באַטרעפנדע חושים און האָט אַרויסגערופן די באַדייטונג.

ס'מיינט, אַז באַדייטונג אַנטשטייט אינעם פאַרשטאַנד אינערלעך אינעם מאַרך וואו דער אָביעקט פון וויסן אַנטשטייט, ער ווערט אָבער ניט לאָקאַליזירט אינעם מאַרך, נאָר די אָנרעגונג ווערט געטראָגן צוריק צום פּלאַץ, פון וואַנען זי איז געקומען און דאָרט וואו די זאַך געפינט זיך, אַנטשטייט דער אָביעקט פון וויסן. די דאָזיקע דערקלערונג שטימט פולשטענדיק מיט דער אַנטוויקלונג און פונקציע פון דער נערוון־סיסטעם, ווי זי איז פריער דערקלערט געוואָרן און וואָס וועט נאָך נידעריקער מער דערקלערט ווערן. איצט ווערט נאָר באַטראַכט די דערקענטעניש גופא.

לויט דער אויסטייטשונג קומט אויס, אַז די פּרעזענטירנדע זאַך ווערט ניט געגעבן דירעקט צום פאַרשטאַנד, נאָר די אָנרעגונג ווערט אינטער־פּרעטירט, אַ באַדייטונג פאָרמירט זיך און ווערט לאָקאַליזירט אויפן פּלאַץ פון וואַנען די אָנרעגונג (סטימול) קומט. דאָס ווערט גערופן מיטן טער־מין רעפּרעזענטאַטיווע טעאָריע פון וויסן: דער פאַרשטאַנד נעמט ניט אויף די זאַך דירעקט, ער אינטערפּרעטירט די אָנרעגונג דורך באַדייטונגען, וואָס אַנטשטייען אינעם פאַרשטאַנד. דאָס איז פריער געמיינט געוואָרן מיט די אויסדרוקן אַז זאַכן פאַר זיך באַזיצן אייגנשאַפטן און דער פאַרשטאַנד רעאַגירט מיט קוואַליטאַטיווע באַדייטונגען. מיט אַנדערע ווערטער: פון איין זייט זיינען פאַראַן זאַכן, וואָס באַזיצן אייגנשאַפטן און פון דער צווייטער זייט אַ פאַרשטאַנד מיט אַן אינהאַלט (קוואַליטאַטיווע באַדייטונגען)

דאָס ווערט דערווייל אָנגערופן עפּיסטאָמאָלישער דואַליזם; דערווייל ווערן פּאָסטולירט צוויי סיסטעמען: 1) זאַכן מיט זייערע אייגנשאַפטן געפינען זיך אין דער אויסערלעכער וועלט און 2) אַ פאַרשטאַנד מיט קוואַליטאַטיווע באַדייטונגען, אַלס אַן אָפּרוף צו דער אויסערלעכער וועלט. דאָס איז אַ פונדאַמענטאַלער באַדינג פאַר דער דערקענטעניש־לערע, וואָס ווערט אין דער אַרבעט פאַרטיידיקט, עס ווערט גענומען פאַר דעם אויס־גאַנגס־פּונקט פאַר דער גאַנצער באַטראַכטונג פון די פאַרשיידענע פראַגן וואָס ווערן באַהאַנדלט.

די גאַנצע דערקענטעניש־לערע, מער ווי דאָס, די גאַנצע אַרבעט איז געבויט אויף דעם פונדאַמענטאַלן געדאַנק און זי פּרואווט אים אויך דערקלערן. מען קען אים אָבער ניט דערקלערן מיט אַ פּאָר ווערטער. פונדעסטוועגן מוז מען זיך אָפּשטעלן און אונטערשטרייכן פאַרוואָס דאָס ווערט אָנגענומען. פונדאַמענטאַל איז די דערקלערונג אַ פּשוטע, כמעט אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכע: עס ווערט אָנגענומען דער שטאַנדפּונקט פון עוואָלוציע, לויט וועלכער די פּרימיטיווע רעאַגירונג איז אַ רעזולטאַט פון אַ סטימול, וואָס קומט פון דער אויסערלעכקייט. דער סטימול איז די סיבה, דער רעאַגירן דער פּועל־יוצא. דאָס גייט דורך אויף דער גאַנצער לענג פון דער אָרגאַנישער וועלט. און דאָס מיינט שוין, אַז דער וויסן,

וואָס מאַניפעסטירט זיך אין פאַרשטאַנד אין דער פאָרמע פון קוואַליטאַטיווע באַדייטונגען, איז קאוזאַל פאַרבונדן מיט דער סטימולירונג פון די אייגנ־שאַפטן פון די פּרעזענטירנדע זאַכן און, פאָלגלעך, קען ער ניט זיין אַנדערש, ווי דאָס וואָס רעגט אים אָן: די געשטאַלטונג פון דעם אָפּרוף איז די זעלבע ווי די געשטאַלטונג פון דעם סטימול. דאָס איז זעלבסטפאַרשטענד־לעך; עס איז אַ פונדאַמענטאַלער פאַקט און די וואָס צווייפלען אין אים, דאַרפן באַווייזן אַז ער איז ניט ריכטיק.

אויף דעם פונדאַמענטאַלן פאַקט בויט דער קריטישער רעאַליסט זיין דערקענטעניש־לערע, זיין וויסן פון דער וועלט. ער גיט אים די זיכערקייט אַז ער האָט אַ רעאַלן וויסן פון דער וועלט.

ווען מען גייט צו צו דער פראַגע פון וויסן אויף אַ נאַטוראַליסטישן אופן און מען נעמט אָן דעם עוואָלוציע־פּראָצעס פון וויסן, אַזוי גוט ווי פון באַוואוסטזיין, קען מען זען, אַז דער וויסן פון עפּעס מוז זיין אַזאַ, ווי דער עפּעס, וואָס האָט דעם וויסן אַרויסגערופן. דאָס מיינט, אַז עס ווערט אָנגענומען, אַז וואָס אַנבאַלאַנגט דעם זינלעכן וויסן פון דערפאַרונג, ווי אָן אָפּרוף צו אַ סטימול, וואָס קומט פון דער אויסערלעכער וועלט, איז ער פונדאַמענטאַל און וועגן אים קענען קיין שום פראַגן ניט געשטעלט ווערן; מען קען אפילו ניט פרעגן צי מען האָט אמתן וויסן. וויסן איז אַ פונדאַמענטאַלע אייגנשאַפט, וואָס קען ניט רעדוצירט ווערן צו קיין שום זאַך און קען ניט פאַרגליכן ווערן מיט קיין שום זאַך. אויב די נאַטור נאַרט דעם מענטשן אָפּ אין דעם פונדאַמענטאַלן פאַקט פון וויסן, איז ניטאָ קיין שום וועג ווי אַזוי צו קאָרעגירן דעם טעות, עס איז אפילו ניטאָ קיין וועג אויסצוגעפינען אַז מען מאַכט אַ טעות, אַז מען ווערט אָפּגענאַרט... דעם מענטשנס וויסן פון דער נאַטור איז אַזאַ, ווי ער קריגט זי דורך זיין אָרגאַניזם. אויב דער אָרגאַניזם ענדערט די נאַטור אויף וועלכן עס איז אופן, קריגט ער דעם וויסן פון אַ געענדערטער נאַטור. קיין אַנדער וויסן קען ער ניט קריגן: צו זען אַ זאַך, דאַרף מען זי זען מיט די אויגן; צו הערן עפּעס, מוז מען הערן מיט די אויערן א. אַז. וו. קיין שום מיטל איז ניטאָ ווי אַזוי דאָס צו ענדערן. דער קריטישער רעאַליסט נעמט אָן, אַז ער האָט זיכערן וויסן פון דער וועלט ניט דערפאַר, וואָס ער קען אים פאַרגלייכן מיט עפּעס, נאָר ווייל ער ווייסט ווי אַזוי ער האָט זיך אַנטוויקלט און ווי אַזוי ער פונקציאָנירט.

אויב איינער וויל זיין סקעפּטיש וועגן דעם מענטשנס וויסן וועגן דער וועלט אין אַלגעמיין, קען ער דאָס זיין אויף וויפיל זיין האַרץ גלוסט. דער אַלגעמיינער סקעפּטיציזם האָט ניט קיין ספּעציעלע שייכות מיטן קריטישן רעאַליזם, אפילו ניט מיטן רעאַליזם אין אַלגעמיין. ער שליסט אין זיך אויך איין דעם אידעאַליזם: אויך דער אידעאַליסט האָט ניט קיין אַנדער וויסן, אויסער דעם וואָס פליסט דורך זיין אָרגאַניזם...

דער קריטישער רעאַליסט איז ניט קיין סקעפּטיקער, ער נעמט אָן די זינלעכע דערפאַרונג, ווי זי שטראָמט אריין דורך די חושים אַלס פונדאַמענטאַלן פאַקט, וועגן וועלכן קיין שום פראַגן קענען ניט געשטעלט ווערן. מיטן דירעקטן וויסן האָט די פראַגע פון אמת קיין שייכות ניט. אויף אים ווערט דער פּרוביר־שטיין פון אמת ניט באַנוצט.

וואָלט אָבער דעם מענטשנס וויסן געבליבן שטיין ביי דער פּרימי־טיוועד פאָרמע פון באַדייטונגען, וואָלט ער ניט געווען קיין רייכערער „וויסן" פון דעם, וואָס אַ מאַלפּע פאַרמאָגט. דער מענטש האָט אָבער אַנטוויקלט אַ פיייקייט צו אַבסטראַהירן די פאָרשטעלונג פון דער זאַך (אימאַזש), זי צוריקברענגען פאַר דעם פאַרשטאַנד אין איר אַפּוועזנהייט און זי דערקענען און אפילו זי קענען לאָקאַליזירן אין צייט און אין רוים, לויט דער אָריגינעלער פּרעזענטאַציע: ער קען דענקען וועגן אַ זאַך אין איר אַפּוועזנהייט. און וואָס איז נאָך וויכטיקער איז דאָס, וואָס ער האָט אַנטוויקלט אַ שפּראַך־סימבאָליק, וואָס ער קען נוצן אינעם זעלבן זין, ווי די זאַכן וואָס די סימבאָליק רעפּרעזענטירט. ווען ער באַנוצט אַ וואָרט, וואָס רעפּרעזענטירט אַ באַשטימטע זאַך, אָדער ער הערט אַזאַ וואָרט, רעאַגירט ער אויף דעם, ווי אויף דער זאַך גופא.

דער רעאַגירן צו סימבאָלן און פאָרשטעלונגען ווערט אָנגערופן האָבן אַ באַגריף, אָדער אַן אידייע פון דער סימבאָליזירטער, אָדער זיך פאָרשטעלנדער זאַך. עס הייסט, אז שפּראַך־סימבאָליק, נעמען פון זאַכן און פאָרשטעלונגען, וואָס ווערן צוריקגערופן פאַרן פאַרשטאַנד, האָבן אויך באַדייטונגען ווי די זאַכן; זיי ווערן אָבער אָנגערופן באַגריפן, אָדער אידייעס און ניט באַדייטונגען. אייגנטלעך האָט מען אין ביידע פאַלן צו טאָן מיט באַדייטונגען, ווייל דאָס איז דאָס פונדאַמענטאַלסטע, מיט וואָס דער פאַרשטאַנד אָפּערירט. עס ווערט אָבער געמאַכט אַן אונטערשייד אין דער טערמינאָלאָגיע, וואָס ווערט באַנוצט: אין דער דירעקטער רעאַגירונג ווערט געניצט באַדייטונג, וואָס שליסט אין זיך איין דעם דירעקטן, פון דער נאַטור פּרעזענטירנדן אָביעקט, וועלכער רופט אַרויס די באַדייטונג. ווען אָבער עס האָט אַ שייכות צו דער סימבאָליק, איז די שייכות צום פאַרשטאַנד גופא, וועלכער אָפּע־רירט מיט דער סימבאָליק. באַגריפן און אידייעס שליסן איין אַ פאַר־שטאַנד, וואָס האָט זיי, זיי זיינען אימיצנס באַגריפן און אידייעס.

וועגן דער ראָלע וואָס שפּראַך־סימבאָליק האָט געשפּילט אין דער אַנטוויקלונג פון באַוואוסטזיין איז באַהאַנדלט געוואָרן אין דעם ערשטן טייל פון דער אַרבעט; איר באַדייטונג פאַר דער דערקענטעניש וועט באַ־האַנדלט ווערן שפּעטער, דערוויייל ווערט זי נאָר באַרירט, כדי אַרויסצו־ברענגען די שייכות פון אמת צו וויסן, צו אַנדייטן וועגן וואָס דער פּרוביר־שטיין פון אמת קען באַנוצט ווערן. ווען מען טראַכט זיך אריין אינעם פּראָ־בלעם פון וויסן, אויף וויפיל ער איז ביז איצט באַטראַכט געוואָרן, קען מען זען אַז דער גאַנצער צוגאַנג צו דער דערקענטעניש פון דער וועלט ווערט געענדערט: די דערקענטעניש־לערע ווערט צוגעפירט צו דער נאַ־טור־וויסנשאַפט און ווערט געמאַכט פאַר אַ טייל פון איר, זי ווערט געמאַכט אַ טייל פונעם עוואָלוציע־פּראָצעס.

ווען דער צוגאַנג צו וויסן ווערט אויף אַזויפיל געענדערט, אַז ער ווערט פאַרבונדן מיט דער ביאָלאָגיע און ווערט גענומען פאַר אַן אויס־גאַנגס־פּונקט, האָט שוין די פראַגע פון אמת ניט קיין שייכות מיט באַדיי־טונגען, וואָס זיינען פונדאַמענטאַל, נאָר מיט באַגריפן און אידייעס מיט וועלכע דער פאַרשטאַנד אָפּערירט. זיי זיינען אויף אַזויפיל אמתע, אויף וויפיל זיי שטימען מיטן פונדאַמענטאַלן פאַקט פון וויסן.

דער פּראָבלעם פון אמת ווערט איבערגעטראָגן אויף באַגריפן און אידייעס מיט וועלכע דער פאַרשטאַנד אָפּעריִרט; זייער וואַלידיטעט, אָדער שטאַנדהאַפטיקייט ווערט אויף אַזויפיל אָנגענומען, אויף וויפיל זיי זיינען אין איינקלאַנג מיטן דירעקטן וויסן, וואָס קומט פון זינלעכער דערפאַרונג, מיט באַדייטונגען. דער דירעקטער וויסן ווערט דער פּרוביר־שטיין פאַר דער ריכטיקייט פון באַגריפן און אידייעס, מיט וועלכע דער פאַרשטאַנד אָפּעריִרט. זיי ווערן אויף אַזויפיל אָנגענומען, אויף וויפיל זיי שטימען מיטן קאָנקרעטן וויסן.

זאָל באַמערקט ווערן, אַז דער צוגאַנג צו וויסן, אַלס די פונדאַמענ־טאַלסטע דערשיינונג, ווערט אויך פאַרטיידיקט פון די נעאָ־רעאַליסטן, דער אונטערשייד איז בלויז דער, וואָס זיי נעמען אָן אַז דער וויסן איז א דירעק־טער, אַז דער מענטש איז אין אַן אויסערלעכער פאַרהעלטעניש צו דעם וואָס ער ווייסט.

דער נעאָ־רעאַליסטישער שטאַנדפונקט איז פריער באַריִרט געוואָרן און עס וועט זיך נאָך אויסקומען באַגעגענען מיט אים אין אַן אַנדער פאַרבינדונג. איצט ווערט דער שטאַנדפונקט פונעם קריטישן רעאַליסט באַטראַכט.

ווען ער נעמט אָן דעם עפּיסטעמאָלאָגישן דואַליזם און פאָרמירט צוויי סיסטעמען: אַ סיסטעם פון אַ וועלט, וואָס עקזיסטירט אויסער דעם מענטשן און אַ סיסטעם פון אַן אינהאַלט אינעם פאַרשטאַנד, וואָס אָפּעריִרט מיט באַגריפן און אידייעס, וואָס זיינען אויף אַזויפיל אמתדיק, אויף וויפיל זיי שטימען מיט דעם פונדאַמענטאַלן פאקט דעם וויסן פון באַדייטונגען פון זאַכן, קומט נאַטירלעך אויס, אַז די פראַגע פון אמת האָט א שייכות צו די באַגריפן און אידייעס.

דער מענטשלעכער פאַרשטאַנד אָפּעריִרט מיט באַהויפּטונגען, אורטיילן און מיינונגען; וועגן זיי ווערט געשטעלט די פראַגע פון אמת, עס ווערט געזאָגט, אַז זיי זיינען אויף אזויפיל אמתדיק, אויף וויפיל זיי רעפּרעזענטירן דעם פאַקט פון וויסן. וועגן דעם וויסן גופא ווערן קיין פראַגן ניט געשטעלט. ווען אָבער ער ווערט אַבסטראַאירט פון דער קאָנקרעטער רעאַליטעט און ווערט גענוצט אין אַבסטראַקט דורך באהויפּטונגען טרעט אריין דער פּראָבלעם פון אמת: ווי אזוי ווייסט מען צי זיי פּרעזענטירן מיט זיך אמת. אמת, ווי מ׳קען זען, האָט אַ שייכות צו מענטשלעכע באַהויפּטונגען, ווען דער פאַרשטאַנד אָפּעריִרט מיט אַבסטראַקטע באַגריפן און אידייעס און ניט מיט קאָנקרעטן וויסן פון דער וועלט. די פראַגע איז, וואָס זיינען די באַווייזן פאַרן אמת פון אַבסטראַקטע באַגריפן און אידייעס מיט וועלכע דער פאַרשטאַנד אָפּע־רירט? דער ענטפער איז, ערשטנס, דער ענטפער פון דער פאָרמאַלער לאָגיק וואָס באַשעפטיקט זיך מיטן צוזאַמענהאַנג פון באַגריפן. דער עניין באַ־לאַנגט אָבער אינגאַנצן ניט אַהער, ער האָט צו טאָן מיטן אויסגעהאלטנקייט פון דעם דענקען גופא און ניט מיט דער קאָנקרעטער וועלט. דאָ איז וויכ־טיק דער אמת פון באַהויפּטונגען, אורטיילן און מיינונגען, וואָס האָבן אַ שייכות צו דער קאָנקרעטער וועלט. ווען ווייסט מען צי זיי זיינען אמתע? איז דער ענטפער די קאָנקרעטע באַווייזן פון דער וועלט גופא. זיי זיינען אמתע דעמאָלט, אז ווען מען נוצט זיי גיבן זיי: 1) אַן אריינבליק אין

דעם צוזאַמענשטעל פון דער וועלט, 2) זיי העלפן זיך צופּאַסן צו איר און 3) מען קען מיט זיי פאַראויסזען פּאַסירונגען.

זאָל נאָכאַמאָל אונטערשטראָכן ווערן, אַז ניט וועגן דעם וויסן פון דער וועלט, וועלכער שטראָמט אַריין אין פאַרשטאַנד דורך די חושים און ווערט באַוואוסט דורך באַדייטונגען, ניט וועגן אָט דעם וויסן פון זאַכן ווערט געשטעלט די פראַגע פון אמת. פאַרקערט, דער וויסן ווערט גענומען פאַרן אויסגאַנגס־פּונקט, אַלס אַ פונדאַמענטאַלע אייגנשאַפט, לויט וועלכער אַב־סטראַקטע באַגריפן און אידייעס, ווען מען נוצט זיי אַלס באַהויפּטונגען, אָדער מיינונגען און אורטיילן, ווערן פּרובירט צי זיי זיינען אמתדיק אָדער ניט. אום צו וויסן צי זיי זיינען אמתע, ווערט זיי געשטעלט דריי באַדינגונגען:

1) דער ערשטער באַדינג איז אַז די באַגריפן, אָדער אידייעס זיינען אמתע דעמאָלט, ווען זיי גיבן אַן אַריינבליק אין דעם צוזאַמענשטעל פון דער וועלט: עס מיינט, ווען זיי שטימען מיט די פאַקטן, וואָס מען ווייסט פון דירעקטן וויסן פון דער וועלט. זיי זיינען דעמאָלט אמתע, אז ווען מען ברענגט זיי צוריק צו דער קאָנקרעטער וועלט, פון וועלכער זיי זיינען אַנטשטאַנען, גיבן זיי אַן אַריינבליק אין איר: זיי שטימען מיט איר. דאָס דאַרף זיין זעלבסטפאַרשטענדלעך: אַ וויסן וואָס איז אַ רעזולטאַט פון דעם קאָנטאַקט מיט דער רעאַלער וועלט, וואָס איז אַרויסגעבראַכט לויט דער רעאַליטעט, ווען ער ווערט אַבסטראַאירט און גענוצט אין אַן אַבסטראַקטער פאָרמע, קען נאָר דעמאָלט זיין אַן אמתער, ווען ער גיט אַן אַריינבליק אין דער רעאַליטעט, לויט וועלכער ער איז פאָרמירט גע־וואָרן. דאָס איז אַ זיין באַדינג, אַ דער באַוויז פאַר זיין אמת. עס איז זעלבסט־פאַרשטענדלעך, אַז באַגריפן און אידייעס, וואָס גיבן אַן אַריינ־בליק אין דער וועלט און העלפן פאַרשטיין די רעאַליטעט, לויט וועלכער זיי זיינען מאָדעלירט, זאָלן זיין אמתע. ווען מען נעמט דעם גאַנצן גייסטיקן באַגאַזש מיט וועלכן דער מענטשלעכער פאַרשטאַנד אָפּערירט, ווען מען אורטיילט וועגן זאַכן און פּאַסירונגען, אָדער מען פאָרמירט פאַרשיידענע מיינונגען א. אז. וו. און מען פרעגט וואָס איז זייער מאָס, אָדער קריטעריום, צי זיי אַנטהאַלטן אמת, אָדער ניט, זאָגט דער קריטישער רעאַ־ליסט, ברענגט זיי צוריק צו דער קאָנקרעטער וועלט איז ווען זיי גיבן אַן אַריינבליק אין איר, זיינען זיי אמתע; שטימען זיי מיט איר ניט, מעגן זיי זיין פּראַכטפול און גראַנדיעז צוזאַמענגעשטעלט, קיין וועלט־אמתן אַנטהאַלטן זיי ניט.

דער צווייטער באַדינג איז, אַז אמתע באַגריפן און אידייעס זיינען אזוינע, וואָס ווען מען נוצט זיי, העלפן זיי זיך צופּאַסן צו דער וועלט. פונדאַמענטאַל איז דער באַדינג דער זעלבער, וואָס דער ערשטער מיטן אונטערשייד, וואָס אין דעם ערשטן ווערט באַטאָנט דער רעאַליסטישער מאָמענט און אין דעם ווערט באַטאָנט דער פּראַגמאַטישער מאָמענט. דער פּראַגמאַטיזם איז אָבער אין דער אינטערפּרעטאַציע אַ רעזולטאַט פון דעם רעאַליזם: מען לעבט אין אַ רעאַלער וועלט, וואָס האָט אַן אייגענעם און זעלבסטשטענדיקן גאַנג איז, ווען מען וויל זיין דערפאָלגרייך אין דער וועלט אינעם זין פון קריגן געוואונטשטע רעזולטאַטן, דאַרף מען זיך צו־פּאַסן צום נאַטירלעכן גאַנג. דאָס אונטערשיידט דעם פּראַגמאַטיסטישן ארגו־

מענט פון אמת פון דער ריין פּראַגמאַטיסטישער טעאָריע פון אמת, ווי זי איז פאָרמולירט געוואָרן פון וו. דזשיימסן. דזשיימס־טעאָריע פון אמת איז, אַז אמתע באַגריפן, אָדער אידייעס, זיינען יענע, וואָס ברענגען די גע־וואונטשטע רעזולטאַטן, עס הייסט, אַז, ווען מען האָט אַ באַגריף, אָדער אַן אידייע און ווען מען פאָלגט זי נאָך, איז ווען מען קומט צום צוועק, אויף וועלכן זי האָט אָנגעדייטעט, איז זי אַן אמתע, קומט מען ניט, איז זי אַ פאַלשע. ווען, צום ביישפּיל, מען האָט פאַרבלאָנדזשעט און מען זעט טריט, איז ווען מען פאָלגט זיי נאָך און מען קומט אויפן ריכטיקן וועג, איז די אידייע געווען אַן אמתע, פאַרפירן די טריט אין אַ געדיכטן וואַלד אַריין, איז עס געווען אַ פאַלשע „אידייע".

פאַרן פּראַגמאַטיסט באַשטימט בלויז די נוצלעכקייט דעם אמת פון דער אידייע, מיט קיין רעאַליטעט האָט זי קיין שייכות ניט. פאַרן קריטישן רעאַליסט איז ניט די נוצלעכקייט אליין וויכטיק, נאָר די נוצלעכקייט אין באַצוג צו דער רעאַליטעט אין וועלכער מען לעבט. דער אונטערשייד איז אַ פונדאַמענטאַלער, מען קען זיך אָבער דאָ אויף אים ניט אָפּשטעלן.

דער דריטער באַדינג פאַרן אמת פון באַגריפן און אידייעס איז דער פּאַראַויסזאָגן פּאַסירונגען. דער באַדינג איז פונדאַמענטאַל פאַר דער וויסנשאַפט און איז איינגעשלאָסן אינעם קאַוזאַליטעט־באַגריף. דער פּונקט איז באַהאַנדלט געוואָרן אינעם ערשטן קאַפּיטל פון דער אַרבעט, דאָ ווערט ער נאָר דערמאָנט.

די קורצע אָפּהאַנדלונג וועגן דעם פּראָבלעם פון אמת האָט צוויי טיילן: דער ערשטער טייל, וועלכער האָט אַ שייכות צו דער דער־קענטעניש־לערע, צום פּראָבלעם פון וויסן, צו דעם טייל האָט דער פּרוביר־שטיין פון אמת קיין שייכות ניט. לויט דער אינטערפּרעטאַציע, וואָס ווערט אין דער אַרבעט פאַרטיידיקט, איז וויסן די פונדאַמענטאַלסטע אייגנשאַפט; מען קען ניט זאָגן אמתער וויסן אין דעם זין פון דער־קענטעניש פון דער וועלט, ווייל עס איז ניטאָ קיין מאָס ווי אַזוי צו מעסטן דעם וויסן. פון דער צווייטער זייט, איז דער צווייטער טייל, וואָס האָט אַ שייכות צו אמת, ער האָט ניט קיין שייכות מיט דער דערקענטע־ניש־לערע. ער באַלאַנגט צו לאָגיק... די פראַגע פון אמת האָט אָבער געמוזט באַרירט ווערן. אין דעם קאַפּיטל פון אמת ווערט געוויינטלעך איבערגעוואָרפן אַ בריק צווישן דער דערקענטעניש־לערע, דעם וויסן פון דער וועלט און דער וועלט גופא, אָדער לויט דעם טעכנישן נאָמען: דער אָנטאָלאָגיע (דער לערע פון זיין — עקזיסטענץ). אויך אין דער קורצער אָפּהאַנדלונג איז די עקזיסטענץ צוויי מאָל באַרירט געוואָרן: אין דעם ערשטן טייל, ווען עס איז אָנגעוויזן געוואָרן אַז דער וויסן זעלבסט איז, לויט דעם עוואָלוציע־באַגריף, אַ רעזולטאַט פון דער רעאַליטעט, וואָס רייסט זיך אריין אין דעם פאַרשטאַנד, מוזן די געשטאַלטונגען פון די אָביעקטן פון וויסן זיין אַזוי, ווי די אייגנשאַפטן פון די זאַכן, וואָס האָבן זיי אַרויסגערופן: דער קאַוזאַלער פּרינציפּ באַשטימט די ריכטיקייט פון דער דערקענטעניש פון דער וועלט. עס איז דער חוב פון די, וואָס צווייפ־לען אין דעם פאַקט, צו באַווייזן, אַז ער איז ניט ריכטיק. די וואָס נעמען אים אָן, האָבן ניט וואָס צו פּרובירן, פאַר זיי איז עס אַ פונדאַמענטאַלער

פאַקט. דאָס צווייטע מאָל איז עקזיסטענץ דערגרייכט געוואָרן דורך די דריי באַוויזן פון אמת, וואָס מיינט אייגנטלעך, אַז די גאַנצע וויסנשאַפט איז איין איינהייטלעכער באַווייז, אַז דער וויסן, וואָס דער מענטש האָט פון דער וועלט, איז אַן אמת וועגן דער וועלט.

כדי צו קריגן אַ קלאָרן באַגריף וואָס עס איז ביז איצט אַרויסגעבראַכט געוואָרן אין דער דערקענטעניש־לערע, וועלן געמאַכט ווערן אַ פּאָר באַמערקונגען וועגן דער דערקענטעניש־לערע אין אַלגעמיין, ווי זי איז היסטאָריש פאַרשטאַנען געוואָרן. דורך דעם אונטערשייד וועט פיליכט מעגלעך זיין קלאָר ארויסצוברענגען דעם געדאַנק פון דער לערע, וואָס ווערט דאָ פאַרטיידיקט.

פּלאַטאָן האָט אַרויסגעבראַכט דעם געדאַנק פון „איינגעבוירענע אידייעס" דורך זיין אידייען־לערע: דער אַלגעמיינער וויסן איז אַ רעזולטאַט פון דעם, וואָס די „נשמה" ברענגט מיט זיך אַלגעמיינע „אידייעס" (באַגריפן). זיין „דערקענטעניש־לערע" איז פון אים איבערגעלאָזט געוואָרן אין אַ רויער פאָרמע; עס איז אָבער געוועזן דער ערשטער פאַרזוך צו געבן אַן ענטפער אויף אַ פונדאַמענטאַלער פראַגע: פון וואַנען נעמט זיך אַלגעמיינער וויסן?

אַריסטאָטעל האָט ניט אָנגענומען פּלאַטאָנס אידייען־לערע אין אַלגעמיין, האָט ער אויך צוריקגעוויזן זיין צענטראַלן געדאַנק פון דער דערקענטעניש־לערע: ער האָט פשוט געזאָגט, אַז לערנען זיך עפּעס, איז ניט קיין דערמאָנונג וועגן עפּעס, וואָס מען האָט פריער געוואוסט. ער האָט פאָסטולירט אַ נייע דערקענטעניש־לערע: די „פאָרמע"—אַ בעסער וואָרט וואָלט פיליכט געווען, די „עסענץ" פון דער פּרעזענטירנדער זאַך, גייט דירעקט איבער צו דער „נשמה" פון דעם מענטשן און אַזוי אַרום קריגט ער אַלגעמיינע באַגריפן.

די וועלט, וואָס איז געקומען נאָך פּלאַטאָנען און אַריסטאָטעלן, האָט קיין זאַך ניט צוגעגעבן צו זייערע פונדאַמענטאַלע געדאַנקען. ערשט אינעם 12־13 יאָרהונדערטער האָבן דער רמב"ם און דער „הייליקער" אקווינעס „קלאָר" געמאַכט אריסטאָטעלן (דער לעצטער האָט אויך עפּעס אים צוגעגעבן). דער „עסענץ" שוועבט אַרום דער זאַך און אין דער צייט פון דער זינלעכער דערפאַרונג, ווען מען קומט אין באַרירונג מיט אַ זאַך, ווערט איר „עסענץ" איבערגעגעבן צום פאַרשטאַנד. (זאָל באַמערקט ווערן, אַז דער געדאַנק ווערט נאָך איצט פאַרטיידיקט פון דער קאַטוילישער „פילאָזאָפיע". זע „סיסטער" ווערדא: ניו־רעאַליזם אין לייט אָוו סכאָלאַסטיציזם, זז. 176־177).

דעקאַרט האָט, צוליב זיין אַלגעמיינעם דואַליזם, איינגאַנצן זיך אָפּגעזאָגט פון אַריסטאָטעלן און האָט אָנגענומען פּלאַטאָנס „איינגעבוירענע אידייעס" פאַר זיין אויסגאַנגס־פונקט. ער האָט זיי אַריינגעפירט אין זיין „פסיכאָלאָגיזם", אַלס איינגעבוירענע פסיכאָלאָגישע פּראָצעסן אינעם פאַרשטאַנד. ער האָט מאָדערניזירט פּלאַטאָנען, ניט באַוואוסטזיניקערהייט. ער איז געוועזן אַ פּלאַטאָניסט אין זיין דערקענטעניש־לערע, הגם ער האָט עס ניט געוואוסט. שפּינאָזע איז נאָך געוועזן מער פּלאַטאָניסט פון אים. ער איז עס געוועזן אויף אַזויפיל, אַז לייבניץ האָט עס באַמערקט.

לייבניצעס דערקענטעניש־לערע איז געשריבן געוואָרן אַלס ענטפער צו לאָקס קריטיק פון איינגעבוירענע אידייעס, אַז פסיכאָלאָגיש

גענומען ווערט דאָס קינד געבוירן מיט אַ ליידיקן מאַרך; עס ברענגט מיט זיך ניט קיין שום אידייעס. דאָס מיינט, אַז ווען גענומען אינעם פּשוטן זין, האָבן פלאַטאָנס „איינגעבוירענע אידייעס" געקראָגן אַ טויט־קלאַפּ פון לאָקן. לייבניץ איז אָבער געווען אַ טיפער דענקער, האָט ער איינגעזען אַז די „איינגעבוירענע אידייעס", אַלס פּסיכאָלאָגישער אינהאַלט, האָבן טאַקע גע־קראָגן אַ טויט־קלאַפּ, אָבער דער „אינטעלעקט" (די פונדאַמענטאַלע פאָרמען פון דענקען זיינען ניט געטויטעט געוואָרן): דער מענטשלעכער דענקען פאָלגט נאָך איינגעבוירענע געזעצן. וואָס ער האָט געראַטעוועט, זאָגט מען, איז אים אַליין ניט געווען קלאָר; עס איז אָבער שפּעטער געקומען קאַנט און האָט אויפגעבויט אַ גאַנצן בנין אויף זיין פונדאַמענטאַלן געדאַנק פון איינגע־בוירענע פאָרמען.

קאַנט איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט איינגעזען אַז די דערקענטע־ניש פון דער וועלט איז ניט אַזוי איינפאַך, ווי מען שטעלט זי זיך פאָר, אַז הגם דער אויפנעמען פון די חושים איז איינפאַך, איז דער פּראָצעס אַ קאָמפּלי־צירטער. ער האָט אונטערוואָרפן דעם פּראָצעס אַן אַנאַליז און האָט אַרויס־געבראַכט זיינע טיילן. ליידער איז ניט דער וויסן פון זיין צייט און ניט זיין אויסגאַנגס־פונקט געווען אַזעלכער, מען זאָל געווען קענען אויפבויען אויף די א קאָנקרעטן בנין, האָט ער אַלץ וואָס ער האָט אויסגעפונען איבערגעגעבן דעם מענטשן אַלס זיינע פאָרמען (ווייטער נאַטירלעך איינגעבוירענע) און דער וועלט האָט ער איבערגעלאָזט אַ „זאַך פאַר זיך", וואָס ניט מען ווייסט וועגן איר עפּעס און ניט מען קען פון איר וויסן.

איז געקומען העגעל און האָט פאָרמירט אַ נייעם „נעאָ־פּלאַטאָניזם", ער האָט אָנגעטאָן פלאַטאָנען אַן איבער אינטעלעקטואַליסטישן בגד: „ווען מיר דענקען, דענקט עקזיסטענץ אין אונדז". פלאַטאָנס „איינגעבוירענע אידייעס" זיינען געוואָרן די רעאַליטעט, ווי זי מאַניפעסטירט זיך אינעם דענקען גופא.

איצט קומט ווהייטהעד (ווי עס וועט נידעריקער דערקלערט ווערן) און וויל נאַטוראַליזירן פלאַטאָנען. אַזוי דרייט זיך איין טייל פון דעם מענטש־לעכן געדאַנק אַרום פלאַטאָנס דערקענטעניש־לערע.

דער צווייטער טייל דרייט זיך אַרום אַריסטאָטעלן, אויף אים איז אָבער געמאַכט געוואָרן אַ מער פונדאַמענטאַלע אָפּעראַציע. אַריסטאָטעלס „פאָרמע" (עסענץ) פון זאַכן, וואָס זאָלן זיך דירעקט אַריינשניידן אין דער „נשמה", האָט ניט געקענט איבערגענומען ווערן פון לאָקן, האָט ער דעם געדאַנק נאַטוראַליזירט אַלס אַ „קאָפּיע" פון די זאַכן, „קאָפּיעס" קענען שוין אויפ־גענומען ווערן פונעם פאַרשטאַנד...

לאָק האָט געהאַט אַ געזונטן געדאַנק, אַזוי ווי קאַנט האָט געהאַט אַ ריכטיקן אַנאַליז, ער האָט אָבער ניט געוואוסט ווי אַזוי אים צו דערקלערן, האָט ער אים געלאָזט העגגען אין דער לופטן...

די דערקענטעניש־לערע האָט געבלאָנדזשעט אין דער וויסטעניש פון דער ספּעקולאַטיווער אַבסטראַקציע ביז עס איז געקומען די ביאָלאָגישע וויסנשאַפט מיטן עוואָלוציע־באַגריף און האָבן איר געגעבן אַ היים אין דער נאַטור: זיי האָבן זי נאַטוראַליזירט.

די פּראַגמאַטיסטן האָבן אָנגעהויבן דערקלערן דעם וויסנס־פּראָצעס, אויף אַ נאַטירלעכן אופן און די קריטישע רעאַליסטן פאַרענדיקן אים. וויסן

איז אַ נאַטירלעכער פּראָצעס, עס איז אַ פונדאַמענטאַלע אייגנשאַפט, וואָס האָט זיך אַנטוויקלט אין דעם פאַרשטאַנד אינערלעך אינעם מאַרך און מאַני־פעסטירט זיך דורך באַדייטונגען, וואָס באַשטייען פון אַן אינטערפּרעטאַציע פון די פּרעזענטירנדע זאַכן. אָבער אויך דער פאַרשטאַנד איז ניט אַראָפּ־געפאַלן פון הימל פאַרטיק אויפצונעמען די וועלט, ער האָט זיך אַנטוויקלט אין דער וועלט און לויט דער וועלט: די פאָרמען פון דענקען זיינען אזוינע, ווי די נאַטור איז און ניט פאַרקערט, ווי קאַנט האָט געדענקט, אַז דער מענטש האָט די פאָרמען פון ששת ימי בראשית... דערפאַר וואָס אי דער פאַרשטאַנד, אי דער וויסן האָבן זיך אַנטוויקלט לויט דער נאַטור, איז דער וויסן אַ ריכטיקער וויסן פון דער וועלט.

געוויס מאַכט מען טעותן, עס איז אַ פראַגע וועגן לערנען, וועגן דער־נעענטערן זיך צו דער רעאַליטעט און ניט אַ דירעקטער און אוממיטלבאַרער אויפנעמען: וואָס מער מען לערנט וועגן דער נאַטור, אַלץ מער ווייסט מען וועגן איר; דאָס איז זעלבסטפאַרשטענדלעך. די פראגע פון אמת האָט דערמיט אינגאַנצן ניט צו טאָן. אמת האָט א שייכות צום אינהאַלט פון פאַרשטאַנד, צו די מענטשלעכע באַגריפן און אידייעס און ניט צום פונדאַמענטאַלן וויסן; פאַרקערט, אויב מען וויל וויסן צי די באַהויפּטונגען, אָדער מיינונגען זיינען אמתע, דאַרף מען פּרובירן זען צי זיי שטימען מיטן פונדאַמענטאַלן פאַקט פון עמ־פּירישן וויסן און ניט פאַרקערט.

די פראַגע פון אמתן וויסן האָט געהאַט אַ זין, ווען מען האָט אָנגענומען פּלאַטאָניזם אדער אַריסטאָטעליאַניזם פאַר אַן אויסגאַנגס־פּונקט און ניט נאַ־טוראַליזם און עוואָלוציע: עוואָלוציע דעמאָנסטרירט, אַז וויסן (קאָגנאַציע) קען ניט זיין קיין אנדערער, ווי אמתער. אזוי האָט ער זיך אַנטוויקלט און אזוי פונקציאָנירט ער.

דאָס זאָל זיין אַן ענטפער אויף דער פראַגע ווי אַזוי ווייסט מען צי מען האָט אמתן, ווען מען נעמט אָן, אַז וויסן באַשטייט פון אַן אינטערפּרע־טאַציע. דער ענטפער איז, ער איז אַזאַ, ווי ער האָט זיך אַנטוויקלט. דאָס איז אָבער נאָר איין טייל פון דער פראַגע. איצט וועגן דעם סינטעז.

# די פאַקטאָרן פון וויסן

ווען קאַנט האָט געזאָגט אַז פערצעפּ־ציעס, ווען מען נעמט זיי פאַר זיך באַזונדער, זיינען בלינד, און קאָנצעפּציעס, ווען מ׳נעמט זיי באַזונדער, זיינען ליידיק און נאָר ווען מ׳נעמט זיי צוזאַמען גיט מען דעם אַקטועלן פּראָצעס פון וויסן, האָט ער ארויסגעזאָגט אַן אמת וועגן דער מענטשלעכער דערקענטעניש, ניט געקוקט אויפן פאַקט וואָס זיין טיילונג פון פּערצעפּציעס און קאָנצעפּציעס פאַר זיך איז געווען אַ פאַלשע. דער אמת איז באַשטאַנען אין דעם וואָס ער האָט איינגעזען, אַז די דער־קענטעניש (וויסן) באַשטייט פון אַ פּראָצעס אין וועלכן עס נעמען אַנטייל איניקע פאַקטאָרן. ער האָט דערבליקט אַן אמת. אָבער ניט זיין אויסגאַנגס־פּונקט און ניט דער וויסן פון זיין צייט האָבן אים געגעבן די מעגלעכקייט ריכטיק צו דערקלערן דעם אמת. עס האָט זיך געפאָדערט אַ געענדערטער בליק און ביאָלאָגישער און פּסיכאָלאָגישער וויסן מען זאָל קענען דערקלערן די דערקענטעניש אויף אַ נאַטירלעכן אופן. איצט קען מען נעמען דעם סינטעז און אים צעגלידערן לויט די פאַקטאָרן, וואָס נעמען אַנטייל אין זיין פאָרמירונג.

דער ערשטער פאַקטאָר איז טאַקע דער מענטש גופא מיט זיין פּסיכאָ־פיזישן אָרגאַניזם און אַנטוויקלטן פאַרשטאַנד, וואָס געפינט זיך אינערלעך אינעם מאַרך וואו די אינטעגראַציע פון יעדער אויפגענומענער דערשיינונג קומט פאָר. פאַר אַ פאַקטאָר ווערט ער אָנגעגעבן דערפאַר, וואָס עס ווערט אָנגענומען, אַז ער איז אַקטיוו און אין אַ געוויסן זין אפילו אויסקלייבעריש אין דעם פּראָצעס פון זינלעכער דערפאַרונג. ער איז אַן אַקטיווער באַלעבאָס אין דער סיטואַציע פון דערוווערבן דערפאַרונג און ניט בלויז אַ פּאַסיווער צענטער אין וועלכן איינדרוקן ווערן רעגיסטרירט.

אייגנטלעך איז עס ניט קיין טעאָריע וועמענס אמת עס דאַרף באַוויזן ווערן, נאָר אַ פאַקט, וואָס יעדער איינער לעבט דורך: מען פילט די אייגענע אָנשטרענגונג וואָס מען מאַכט, ווען מען וויל עפּעס אויפנעמען און באַנעמען. מען פילט די קאָנצענטראַציע פון דער אויפמערקזאַמקייט אויף דעם פּונקט, אין וועלכן מען איז פאַראינטערעסירט. מען פילט אויך די צופרידנהייט, ווען מען באַנעמט עפּעס, וואָס מען האָט ביז דעם מאָמענט ניט באַגריפן.

די אייגנשאַפט, וואָס דער מענטש באַזיצט, וואָס ער קען זיין אַן אַקטי־ווער פאַקטאָר אפילו אין פּערצעפּציאָנעלער דערפאַרונג, מאַכט אים פאַר אַן אַגענט, אָדער אַ פּערזענלעכקייט, וואָס איז מער פון אַ צענטער אין וועלכן פאַרהעלטעניש קומען פאָר. אייגנטלעך גיבן עס אויך צו די פּראַגמאַטיסטן, ווען זיי זאָגן אַז דענקען באַשטייט פון לייזן פּראָבלעמען און אַז אידייעס באַשטייען פון פּלענער פאַר דער לייזונג פון די פּראָבלעמען: אַ פּאַסיווער

צעגטער קען אַזאַ זאַך ניט טאָן, נאָר זיי גייען ניט גענוג ווייט. זיי זיינען פאַרהאַלטן געוואָרן פון דער אָרגאַנישער עוואָלוציע...

דער קריטישער רעאַליסט נעמט אָן דאָס אַנטשטייענדע נייע (אימאָרגאַנטע עוואָלוציע) פאַר זיין אויסגאַנגס־פונקט און פרואווט ניט רעדוצירן דאָס העכערע צום נידעריקערן און עס מעסטן מיט דעם. ער נעמט עס אָן פאַר אַ פונדאַמענטאַלן גאַנג פון דער נאַטור, וואָס דאַרף גענומען ווערן „מיט נאַטירלעכער פיעטעט און מען דאַרף בויגן דעם קאָפּ פאַרן פאַקט".

אויב דאָס לעצטע זאָל מיינען אַגנאָסטיציזם, ווערט ער אָנגענומען. נאָך אַלעמען איז ווען מען קומט צו פונדאַמענטאַלע פּראָבלעמען זיינען נאָר פאַראַן צוויי ענטפערס: טעאָלאָגיע און אגנאָסטיציזם; ווייל, ווי זאָגט ריגנאַנאָ: „אונטער יעדער מעטאַפיזיק איז באַהאַלטן אַ טעאָלאָגישער וואונטש"... די וויסנשאַפט אָבער און מיט איר די פילאָזאָפיע פון דער וויסנשאַפט (די קריטישע פילאָזאָפיע) איז אַגנאָסטיש, ווערט זי אין דער אַרבעט נאָכגעפאָלגט.

דאָס ניי אַנטשטאַנענע אינעם מענטשן באַשטייט אין דעם, וואָס ווערט אָנגערופן זיין אינטעלעקטואַליזם. די עלעמענטאַרסטע מאַניפעסטאַציע פון דעם אינטעלעקטואַליזם איז קענען אויפנעמען דאָס פּרעזענטירענדע אין אַן אינטעגרירטער פאָרמע און רעאַגירן צו דעם ווי צו אַ גאַנצעס. פאַרשטייט זיך, אַז ווען מען נעמט אָן דעם שטאַנדפונקט, ווערט דער אינטעלעקט זעלבסט אַ רעזולטאַט פונעם עוואָלוציע־פּראָצעס: זיין היים איז די נאַטור, פון איר האָט ער זיך אַנטוויקלט.

דער צווייטער פאַקטאָר אין דעם סינטעזירטן פּראָצעס איז, דאָס דירעקט צו די חושים געגעבענע, אָדער פון די חושים אויפגענומענע, די אַזוי אָנגערופענע „סענס־דאַטן", וואָס באַשטייען פון די אייגנשאַפטן פון די פּרעזענטירנדע זאַכן און וואָס ווערן אָנגערופן די עלעמענטן פון וויסן. די דאָזיקע עלעמענטן ווערן איצט באַטראַכט צום דריטן מאָל. דאָס ערשטע מאָל זיינען זיי באַטראַכט געוואָרן אין פאַרבינדונג מיט די פּרינציפּן פון וויסן, וואו זיי זיינען גענומען געוואָרן אַלס די עלעמענטן, וואָס מען קריגט פון דער נאַטור דירעקט אין יעדער פּרעזענטאַציע. דאָס צווייטע מאָל זיינען זיי דערמאָנט געוואָרן אין פאַרבינדונג מיט דער אינטערפּרעטאַציע פון וויסן; זיי זיינען באַטראַכט געוואָרן אַלס דער קוואַליטאַטיווער אינהאַלט פונעם פאַרשטאַנד, וואָס קומט פון די אייגנשאַפטן פון די פּרעזענטירנדע זאַכן. איצט וועט באַטראַכט ווערן די טיילונג, וואָס איז פריער נאָר דערמאָנט געוואָרן, און עס וועט דערקלערט ווערן די היסטאָריש־באַוואוסטע טיילונג פון „פּריימערע" און „סעקונדאַרע" קוואַליטעטן.

דער קריטישער רעאַליסט נעמט אָן די עקזיסטענץ פונעם פאַרשטאַנד אינערלעך אינעם מאַרך אין וועלכן קוואַליטעטן אַנטשטייען (פון וואָס דער פאַרשטאַנד באַשטייט מוז אַרויסגעבראַכט ווערן פון דער אָפּהאַנדלונג) און די עקזיסטענץ פון זאַכן, וואָס מאַניפעסטירן זיך לויט זייערע אייגנשאַפטן. ניט דער פאַרשטאַנד פאַרלאָזט זיין פּלאַץ צו קומען אין באַרירונג מיט די פּרעזענטירנדע זאַכן און ניט די אייגנשאַפטן פון די זאַכן שוועבן צום פאַרשטאַנד, ווי דער „הייליקער" אקווינעס האָט אינטערפּרעטירט אַריסטאָטעלן (און אויך דער רמב"ם, הגם ניט אַזוי בולט). זיי ביידע בלייבן אויף זייערע באַשטימטע פּלעצער. דער פּערצעפּציאָנעלער וויסן קומט פאָר אויף אַן אַנדער

אופן. ווען אַ זאַך פּרעזענטירט זיך צו די חושים, סטימולירט זי זיי. די אָנרעגונג לויפט דורך די באַטרעפנדע נערוון צו אַ באַשטימטן פּלאַץ אינעם מאַרך און אינערלעך אין אים אַנטשטייט פאַרן מענטשן אַ באַדייטונג פון אַ קוואַליטעט, וואָס אַלס אייגנשאַפט באַלאַנגט זי צו דער פּרעזענטירנדער זאַך. (הגם קיין פיזיאָלאָגיע וואָלט זיך ניט ווען אַריינבערענגען, מוז אָבער אונטערשטראָכן ווערן, אַז פאַקטיש רופט דער סטימול אַרויס אַ פיזיאָלאָגישן פּראָצעס, וואָס ווערט געטראָגן צום מאַרך און דאָרט אַנטשטייט די אינטער־פּרעטאַציע פון דער אָנרעגונג).

ווי מען קען זען, איז דער אונטערשייד צווישן קוואַליטעט און אייגנ־שאַפט נאָר אַן אונטערשייד פון שייכות און ניט מער: קוואַליטעט ווערט אָנגערופן די שייכות צום אינהאַלט פונעם פאַרשטאַנד און אייגנשאַפט די שייכות צו דער פּרעזענטירנדער זאַך. אָבער ווי פריער געזאָגט, איז די טיילונג אַ נויטווענדיקע, איר באַדייטונג וועט ביסלעכווייז דערקלערט ווערן.

ווען די טיילונג אויף קוואַליטעט און אייגנשאַפט איז ניט מער ווי אַ מעטאָדאָלאָגישע. עס איז נאָר אַ פראַגע (דערווייל) פון באַקוועמלעכקייט, אָבער פאַקטיש איז יעדע קוואַליטעט אַ נאָמען פאַר אַן אייגנשאַפט פון אַ זאַך און יעדער אייגנשאַפט ווערט אָנגערופן קוואַליטעט אין שייכות צו אַ פאַרשטאַנד, איז די היסטאָרישע טיילונג פון פּרימערע און סעקונדאַרע קוואַליטעטן אַ פונדאַמענטאַלע. זי דאַרף דערקלערט ווערן.

ווען מען טרעט צו צום היסטאָרישן פּראָבלעם פון פּרימערע און סעקונ־דאַרע קוואַליטעטן, קען די נאָר וואָס דערמאָנטע טיילונג פון אייגנשאַפטן און קוואַליטעטן אינגאַנצן אויסגעלאָזט ווערן פון אויג. דאָס זיינען צוויי באַזונדערע ענינים. די נאָר וואָס אָנגעגעבענע טיילונג מיינט, אַז ווען מען נעמט, צום ביישפּיל, אַ רויטן קאָליר, איז ווען מען נעמט אים אין פאַר־בינדונג מיט דער פּרעזענטירנדער רויטער זאַך, זאָגט מען, אַז דאָס איז איר אַן אייגנשאַפט, נעמט מען אים אָבער אין שייכות צום מענטשן, וואָס זעט דעם רויטן קאָליר, איז עס אין שייכות צו אים א קוואַליטעט. פאַקטיש איז עס אָבער דער זעלבער רויטער קאָליר (פאַרוואָס די טיילונג ווערט געמאַכט, וועט ביסלעכווייז דערקלערט ווערן).

וואָס אָנבאַלאַנגט אָבער דער היסטאָרישער טיילונג פון פּרימערע און סעקונדאַרע קוואַליטעטן האָט עס אַ שייכות צום עצם פון דער רעאַליטעט. די פּרימערע קוואַליטעטן זיינען קאַטעגאָרישע נאַטור־אייגנשאַפטן, וואָס קענען פאַר קיין פאַל ניט געענדערט ווערן. די סעקונדאַרע קוואַליטעטן זיינען אייגנשאַפטן, אין וועלכע דער מענטש איז אַ שותף און זיי זיינען ניט קאַטע־גאָריש אַרויפגעצוואונגען אויפן פאַרשטאַנד, אַז ער מוז זיי אָננעמען.

זאָגט גאַלילעי אינעם 17טן יאָרהונדערט: „איך בין געצוואונגען, אַז אַזוי גיך ווי איך טראַכט וועגן עפּעס, אָדער איך באַמערק עפּעס, אָנצונעמען אַז ס׳האָט אַ פיגור און אַ מאָס. ס׳איז אין רוים און אין צייט; ס׳באַוועגט זיך, אָדער ניט און ס׳איז אין באַרירונג מיט אַנדערע זאַכן. וועגן די אַלע אייגנשאַפטן מוז איך טראַכטן אין פאַרבינדונג מיט זאַכן (קאַטעגאָרישע אייגנ־שאַפטן). איך בין אָבער ניט געצוואונגען צו דענקען צי ס׳איז ווייס אָדער רויט, צי ס׳האָט וועלכע ס׳איז קלאַנגען; צי ס׳איז זיס אדער ביטער — סע־

קונדאַרע קוואַליטעטן" (זע ע. בורט, מעטאַפיזיקל פונדיישאַנס אָוו מאָדערן סייענס" ז. 75).

און סעלארס זאָגט אינעם 20טן יאָרהונדערט: „די פּרימערע קוואַליטעטן באַשטייען פון אורטיילן וועגן דער פיזישער וועלט... זאַכן זיינען אויסגעשפּרייט, זיי האָבן מאָסן, זיי באַוועגן זיך אָדער זיי רוען. זיי האָבן פאָרמען... די פאַרהעלטענישן זיינען צווישן זיי גופא... די סעקונדאַרע קוואַליטעטן האָבן זייערע פאַרהעלטענישן צום מענטשן" (זע עוולושיאָנערי נעטשוראַליזם. 183־186).

ווי מען קען זען, זיינען פאַראַן עטלעכע אונטערשיידן צווישן די פּרימערע און סעקונדאַרע קוואַליטעטן: 1) זיינען די פּרימערע קוואַליטעטן קאַטעגאָרישע אייגנשאַפטן, זיי ווערן ארויסגעצוואונגען אויפן פאַרשטאַנד. אזוי גיך ווי מען דענקט וועגן עקזיסטענץ, מוז מען דענקען פון זיי: מ'קען זיי ניט אָוועקטראַכטן פון דער עקזיסטענץ. 2) זיינען זיי פונדאַמענטאַלע אייגנשאַפטן: זיי מוזן גענומען ווערן אויף דעם זעלבן אופן, ווי זיי פּרעזענטירן זיך. מען קען זיי ניט אַנאַליזירן אויף וועלכן ס'איז אופן. 3) איז זייער שייכות צווישן די זאַכן גופא און ניט אין באַצוג צום מענטשן; ער האָט ניט קיין ספּעציעלע שייכות צו זיי. די סעקונדאַרע קוואַליטעטן קענען נאָר גענומען ווערן אין שייכות צו מענטשלעכע חושים. ווען ס'זאָל זיך, צום ביישפּיל, אַרויסווייזן, אַז מען האָט געמאַכט א פונדאַמענטאַלען טעות אין באַצוג צום עצם פון זאַכן, אז פאַקטיש זיינען זיי אַנדערש, ווי מען דענקט אַז זיי זיינען, וואָלט דערמיט ניט אַריינגעפירט געוואָרן קיין ענדערונג אין די פּרימערע קוואַליטעטן. דער מענטשלעכער פאַרשטאַנד קען ניט דענקען וועגן אַזאַ ענדערונג. 4) ווען מען נעמט זיי אין פאַרהעלטניש צום מענטשן, קענען זיי אויפגענומען ווערן פון מער ווי דורך איין חוש.

דאָס איז אַלץ וועגן די קוואַליטעטן, וואָס זיינען היסטאָריש באַוואוסט אַלס פּרימערע, וואָס עס מיינט פונדאַמענטאַלע. נעמט מען די אַזוי אָנגערופענע סעקונדאַרע קוואַליטעטן, ווי קאָלירן, קלאַנגען א. אַז. וו. קענען זיי נאָר גענומען ווערן אין שייכות צום מענטשן, און זיי ווירקן בלויז אויף איין באַשטימטן חוש: קאָלירן ווירקן אויפן אויג, קלאַנגען אויפן אויער א. אַז. וו. די פיזיקאַלישע וויסנשאַפט אָבער רעדוצירט זיי צו אַנדערע קוואַליטעטן.

דער פיזיקער רעדוצירט די „סעקונדאַרע" קוואַליטעטן צו באַוועגונגען און די לעצטע זיינען ערשט קאַטעגאָרישע אייגנשאַפטן... דאָס אַלץ באַווייזט, אַז עס איז פאַראַן אַ פונדאַמענטאַלער אונטערשייד צווישן די אַזוי אָנגערופענע פּרימערע און סעקונדאַרע קוואַליטעטן.

אַ דאַנק דעם אונטערשייד האָט מען די פּרימערע קוואַליטעטן אָנגערופן „אָביעקטיווע" קוואַליטעטן און די סעקונדאַרע האָט מען אָנגערופן „סוביעקטיווע" קוואַליטעטן. די אָביעקטיווע, הייסט עס, באַלאַנגען צו דער נאַטור פאַר זיך און די סוביעקטיווע נויטיקן זיך אינעם מענטש (דעם סוביעקט) אַז זיי זאָלן זיך מאַניפעסטירן.

קעגן דער טיילונג פון די קוואַליטעטן (אייגנשאַפטן פון זאַכן) טרעטן שאַרף אַרויס די נעאָ־רעאַליסטן; ספּעציעל טרעט שאַרף אַרויס ווהייטהעד קעגן דעם „שפּאַלטן" די נאַטור אויף אַ „פיזישער" און אַ „פּסיכישער", קעגן דעם פאַרזוך זי צו „באַרויבן" פון קאָלירן און קלאַנגען, זי מאַכן איינ־

פּאַרמיק און שטום. ער זאָגט: „אַריינשלעפּן דעם פאַרשטאַנד, אַז ער זאָל צוגעבן עפּעס אייגנס צו די אָביעקטיווע זאַכן, וואָס פּרעזענטירן זיך צום זינלעכן באַוואוסטזיין, איז ניט מער ווי אַ פאַרזוך זיך אַרויסצודרייען פונעם פּראָבלעם פון דער נאַטור־פילאָזאָפיע... מיר קענען ניט אויסקלייבן אָדער אָפּטיילן: פאַר אונדז איז דער רויט־גליענדער קאָליר פון דער פאַרגייענדער זון אַזוי אַ טייל פון דער נאַטור, ווי די עלעקטראָנען און עלעקטרישע וואַלן, דורך וועלכע וויסנשאַפטסלייט דערקלערן די דערשיינונגען... וואָס אָנבאַלאַנגט דער רעאַליטעט זיינען אַלע אונדזערע חושים־איינדרוקן גלייך" (זע קאָנסעפּטס אָוו נייטשור, זז. 29, 30, 44).

איז וואָס אָנבאַלאַנגט זיין פּאָזיציע און דער פּאָזיציע פון די נעאָ־רעאַליסטן אין אַלגעמיין, זיינען זיי געצוואונגען לאָזן אַלץ פאַר דער נאַטור פאַר זיך. לויט זייער אויפפאַסונג איז דער מענטש אין אויסערלעכער פאַרהעלטעניש מיט אַלץ און אַלעמען. אָבער צוזאַמען מיט מאַנטעגיען מוז אָנגענומען ווערן, אַז די „פּאַן־אָביעקטיוויסטישע" פּאָזיציע פירט צו פענאָמענאַליזם, אָבער ניט צו רעאַליזם: מען מוז אָננעמען, אַז ווייטער פון „פענאָמענע" (דערשיינונגען וואָס קומען און פאַרגייען פאַרביי דעם פאַרשטאַנד) קען מען ניט גיין.

אין דער אַרבעט ווערט פאַרטיידיקט רעאַליזם און ניט פענאָמענאַליזם; עס ווערט אָנגענומען, אַז וויסנשאַפטלעכע אינסטרומענטן העלפן די חושים אויפצונעמען די מער פונדאַמענטאַלע טיילן פון דער נאַטור און דערפאַר מוז מען אָננעמען אַלס פאַקט די אונטערשיידן וואָס די חושים אָן דער הילף קענען ניט מאַכן. די טיילונג פון די קוואַליטעטן מוז אָנגענומען ווערן, ווייל זי איז באַזירט אויף פאַקטן; מען דאַרף זי אָבער ריכטיק צעגלידערן.

אין דעם אַנאַליז פון די פאַקטאָרן, וואָס נעמען אַנטייל אין דער אינטעגראַציע פון וויסן, איז נויטיק צוצוקומען אַזוי נאָענט צו די פונדאַמענטאַלע טיילן פון די אויפגענומענע איינהייטן, ווי מעגלעך. ווען מען געפינט אַן אונטערשייד צווישן אייגנשאַפטן פון זאַכן, דאַרף אָנגעוויזן ווערן אויף אים, עס דאַרף דערקלערט ווערן אין וואָס דער אונטערשייד באַשטייט. אויב אין אַן אַנדער פאַרבינדונג איז נויטיק צו נעמען די אייגנשאַפטן פון אַן אַנדער ווינקל און די טיילונג דאַרף געמאַכט ווערן אין אַן אַנדער ריכטונג, וועט מען עס מוזן טאָן.

אין דער פאַרבינדונג איז די אויבן־געמאַכטע טיילונג נויטיק געווען, איז זי געמאַכט געוואָרן. עס איז אַ פאַקט, אַז די אייגנשאַפטן, דורך וועלכע זאַכן פּרעזענטירן זיך, זיינען ניט אַלע פון דעם זעלבן פונדאַמענטאַלן כאַראַקטער, ניט אַלע זיינען קאַטעגאָרישע, אייניקע פון זיי זיינען קאַטעגאָרישע אַנדערע זיינען ניט.

די קאַטעגאָרישע בלייבן די זעלבע אונטער אַלע אומשטענדן, אָן אונטערשייד צי מען שטעלט זיי אונטער אַ חוש דירעקט, צי מען שטעלט זיי אונטער אַן אינסטרומענט. פּאַקטיש קען מען אפילו ניט דענקען וועגן זיי אַנדערש, ווי זיי זיינען אין דער ווירקלעכקייט. די אַנדערע קוואַליטעטן זיינען פונדאַמענטאַל, ווען מען באַטראַכט זיי דורך די הוילע חושים, באַטראַכט מען זיי אָבער מיט דער הילף פון באַשטימטע אינסטרומענטן, געפינט

מען אויס, אַז זיי קענען רעדוצירט ווערן צו די פּרימערע קוואַליטעטן. דאָס באַווייזט, אַז עס איז פאַראַן אַן אונטערשייד צווישן זיי.

זאָגן אָבער די נעאָ־רעאַליסטן, אַז אויך די לעצטע זיינען געגעבענע, אַז זיי געפינען זיך אין דער נאַטור צוזאַמען מיט די ערשטע; דער אונטערשייד צווישן זיי איז בלויז דער, וואָס זיי לאָזן זיך נאָר דערקענען דורך די חושים און ניט דורך קיין אינסטרומענטן. לויט זייער מיינונג, קומט צוזאַמען מיט די באַוועגונגען, וואָס דער אינסטרומענט רעגיסטרירט, אויך דער קאָליר פון דער באַטרעפנדער זאַך: ער קען אָבער נאָר אויפגענומען ווערן פונעם אויג און ניט פונעם אינסטרומענט. דער אַרגומענט קלינגט לאָגיש; עס איז ניט אויסגעשלאָסן די מעגלעכקייט, אַז זיי זיינען גערעכט, אָבער דאָס ענדערט ניט דעם פאַקט, אַז מען האָט פאַר זיך אַן אונטערשייד: אייניקע קוואַליטעטן נויטיקן זיך ניט אין דער שותפות פון קיין חוש, זיי זיינען מיט אים און אַן אים די זעלבע און אַנדערע נויטיקן זיך אין זיין שותפות... די פאַקטן ציינן, אַז אַן אונטערשייד איז פאַראַן צווישן די פאַרשיידענע קוואַליטעטן; וואָס אָנבאַלאַנגט דער אינטערפּרעטאַציע פון די פאַקטן, קען איינע אָנגענומען ווערן אַזוי גוט ווי די צווייטע. אין דער אַרבעט ווערט נאָכגעפאָלגט די וויסנשאַפטלעכע ליניע: דער אונטערשייד ווערט אָנגענומען.

געוויס איז אינעם אולטימאַטיוון אַנאַליז מוז מען אָנקומען צו די חושים: אַלע אינסטרומענטן זיינען ניט מער ווי אַרויסהעלפער, זיי פאַרנעמען ניט דעם פּלאַץ פון די חושים. דאָס איז זעלבסטפאַרשטענדלעך, עס האָט אָבער ניט קיין שייכות צום ענין וואָס ווערט באַהאַנדלט.

צי די פאַרשיידענע קוואַליטעטן דאַרפן קלאַסיפיצירט ווערן אַלס „פּרימערע" און „סעקונדאַרע", אָביעקטיווע און סוביעקטיווע איז אַ פראַגע פון טערמינאַלאָגיע. אָבער אַ דאַנק די "היסטאָרישע אידייען־פאַרבינדונגען", וואָס די טערמינאַלאָגיע ברענגט מיט זיך, איז בעסער ווען מען שלעפּט מיט זיך ניט קיין היסטאָרישן באַגאַזש; ער איז אָפט צו שווער און איז אינגאַנצן ניט נויטיק... עס איז גענוג אָנצוצייגן אויפן אונטערשייד און אים דערקלערן.

איצט אַ פּאָר באַמערקונגען וועגן דעם אינהאַלט פונעם געזעענעם — מען צייגט אַ בלום צו דריי מענטשן: איינער איז אַ קינסטלער, דער צווייטער איז אַ באָטאַניקער און דער דריטער איז אַ דורכשניט מענטש, און מען פרעגט זיי, וואָס זיי זעען אין דער בלום. דער דורכשניט־מענטש זעט ניט צופיל: ער וועט פאַרטיק ווערן מיט אַ פּאָר באַמערקונגען. מער איז פאַר אים אין דער בלום ניטאָ. דער באָטאַניקער וועט אָנשרייבן אַ דיקן בוך וועגן דעם וואָס ער זעט אין איר. דער אינהאַלט פון דעם „געזעענעם" קען באַשטיין ניט בלויז פון זיין לעבן און פאָרשן, נאָר פון דער גאַנצער היסטאָריע פון דער באָטאַנישער וויסנשאַפט... פאַר אים וועט דאָס אַלץ זיין אַ טייל פון דער בלום; ער זעט דאָס אַלץ ממש מיט זיינע אויגן. עס וועט פאַר אים זיין שווער צו אונטערשיידן צווישן דעם געגעבענעם און זיין צוגאָב... וועגן דעם קינסטלערס „זען" איז אָפּגערעדט: ער וועט זען אַ וועלט מיט שיינקייט אין דער געגעבענער בלום; זיין זען באַצויבערט אָפט איינעם, וואָס זעלבסט זעט ער דאָס ניט...

וואו געפינט זיך אָט דאָס געזעענעס? סעמועל אַלעקסאַנדער, הגם ער איז אַ נעאָ־רעאַליסט, וואָס וויל ניט „שפּאַלטן די נאַטור אויף אַ פיזישער און פּסיכישער", זאָגט פונדעסטוועגן אַז דער געפיל פון שיינקייט איז אַ ריין מענטשלעכער, ער דאַרף ניט געזוכט ווערן אין דער בלום, זי האָט ניט דאָס אַנטציקנדע שיינע. זי האָט די קאָלירן, די פאָרמע, די האַרמאָניע דאָס אַלץ באַלאַנגט צו איר. דער געפיל פאַר דעם אלעמען באַלאַנגט צום קינסטלער און ניט צו איר.

העכסט וואַרשיינלעך וועלן זיין וויניק וואָס וועלן זיך קריגן מיט אַלעקסאַנדערן דערפאַר, וואָס ער שרייבט צו דעם עסטעטישן געפיל צום מענטשן, אַן אַנדער ברירה האָט ער? ווועמען זאָל ער אים צושרייבן צו דער בלום? עס וועלן אָבער זיין אייניקע וואָס וועלן אים אָנווייזן, אַז דאָס מיינט אַ „שפּאַלטונג" פון דער נאַטור אויף אַ „פיזישער" און „פּסיכישער"; עס מיינט געבן דעם מענטשן אַן אינהאַלט, וואָס באַלאַנגט צו אים אַליין און ניט צו דער נאַטור. עס איז אַן עטוואָס, וואָס באַשטייט פון זיין אייגענעם גייסטיקן באַגאַזש... דאָס מיינט „שפּאַלטן" די נאַטור.

עס וועלן אָבער אויך זיין אַזוינע וואָס וועלן זאָגן, אַז ווען עס האָלט שוין ביי „שפּאַלטן" וועלן זיי זי „שפּאַלטן" אַביסל וויטער. ניט נאָר מוזן זיי זיך רעכענען מיט קינסטלער, זיי מוזן זיך אויך רעכענען מיט קאָליר־בלינדע און מיט די פאַקטן פון דער פיזיקאַלישער וויסנשאַפט... אויב מען דאַרף האָבן אַ מענטשן, וואָס זאָל ווערן באַגייסטערט פאַר דער שיינקייט פון אַ בלום, דאַרף מען אויך האָבן אַן אויג, וואָס זאָל זען קאָלירן און אַן אויער, וואָס זאָל הערן קלאַנגען. מען מוז אויך די קוואַליטעטן לאָקאַליזירן אין פאַרהעלטעניש צום מענטשן, מען קען זיי ניט לאָזן אָן אים. אויב דאָס מיינט „צוגעבן עפּעס דער נאַטור", מוז מען עס צוגעבן, אויך אין דעם פאַל האָט מען ניט קיין אַנדער ברירה...

דער דריטער פאַקטאָר פון וויסן איז עקזיסטענץ גופא, דער אולטימאַטיווער זיין, דאָס וואָס ווהייטהעד רופט אָן די ווידערשטאַנדס־פיאיקייט פון מאַטעריע. די עקזיסטענץ, מיט וועלכער מען קומט אין באַרירונג אויף יעדן שריט און טריט. וועגן דער „עקזיסטענץ" וועט נויטיק זיין צו זאָגן אַ פּאָר ווערטער.

אין דער ארבעט ווערט ניט פּאָסטולירט קיין מעטאַפיזיק; עס ווערט ניט געגעבן קיין ענטפער אויף דעם, וואָס עס איז אַזעלכעס די אולטימאַטיווע עקזיסטענץ וואָס ווהייטהעט רופט אָן די ווידערשטאַנדס־פיאיקייט פון מאַטעריע, די רעאַליטעט פון דער וועלט. דאָס וואָרט „מאַטעריע" האָט פאַרלוירן וועלכן ס'איז פאַרשטענדלעכן מיין און דאָס וואָרט „גייסט" האָט פילאָזאָפיש קיינמאָל גאָרניט געמיינט. ס'איז ניט קיין פּאָזיטיווער באַגריף. ווי פריער געזאָגט, שטייט מען ביי צוויי ברירות: אָדער אָננעמען אַ טעאָלאָגישע „דערקלערונג", אָדער בלייבן ביי אגנאָסטיציזם.

אַזוי אַז פון וואָס עס באַשטייט די אולטימאַטיווע רעאַליטעט פון דער וועלט איז אַן אָפענע פראַגע. דאָס וואָרט „סובסטאַנץ" איז ניט מער ווי אַ צודעק פאַר אומוויסנהייט, וועט עס ניט גענוצט ווערן. די פראַגע ווערט דאָ אינגאַנצן באַהאַנדלט אין די גרענעצן פון דער דערקענטעניש־לערע און ניט מעטאַפיזיש. אין די דאָזיקע גרענעצן זיינען די קאַטעגאָרישע אייגנשאַפטן דאָס פונדאַמענטאַלסטע וואָס מען קריגט פון דער רעאַליטעט. אויב מ'זאָל אָנ־

נעמען די רעזולטאַטן צו וועלכן די פיזיקאַלישע וויסנשאַפט איז לעצטנס געקומען, איז די רעאַליטעט פון דער וועלט פון „עלעקטרישן" כאַראַקטער. עס איז אָבער נאָך צו פרי צו זאָגן עפּעס פּאָזיטיוועס וועגן די דערגרייכונגען פון דער פיזיקאַלישער וויסנשאַפט.

גייט מען צו צו דער רעאַליטעט פון דעם עפּיסטאָמאָלאָגישן שטאַנד־פּונקט און מען זאָגט אַז זי איז אַזאַ, ווי זי מאַניפעסטירט זיך, לויט אירע אייגנשאַפטן, דאַרף פאַרשטאַנען ווערן, אַז עס ווערט ניט פּאַרטיידיקט קיין „עקזיסטענץ" באַזונדער און „אייגנשאַפטן" פון דער עקזיסטענץ באַזונדער. אַזוי ווי די „אייגנשאַפטן" זאָלן זיין קליידער, וואָס די „עקזיסטענץ" טראָגט אויף זיך. עס ווערט אָנגענומען, אַז דורך די אייגנשאַפטן מאַניפעסטירט זיך די עקזיסטענץ.

עס דאַרף אָבער נאָכאַמאָל אונטערשטראָכן ווערן, אַז דער שטאַנדפּונקט איז אַ רעאַליסטישער און ניט קיין פענאָמענאַליסטישער. אַן עקזיסטענץ, וואָס לאָזט זיך ניט איבערווענדן, איז ניט קיין „פענאָמענע", וואָס דאָס וואָרט זאָל ניט מיינען. מען קען אָפּלייקענען די רעאַליטעט פון דער וועלט מיט „ק"ן טעמים" און יעדער איינער פון די טעמים, מעג זיך אויסדוכטן, איז אַזוי שטאַרק ווי דער גיבראַלטאַר, וועט דאָס אַלץ גאָרניט העלפן: די רעאַליטעט, וואָס האָט „די שפּאַר־קראַפט" איז שטאַרקער פון אַלע „טעמים" צוזאַמענגענומען...

מען קען שאַפן אַן אַ סוף טעאָריעס, וואָס זאָלן אָפּלייקענען די רעאַ־ליטעט. אויב אפילו אַלע טעאָריעס זאָלן אויסקוקן ריכטיק; איז דער פאַקט, וואָס מען איז אַרומגערינגלט פון אַ רעאַליטעט, וואָס איז שטאַרקער פון דעם מענטשן, מער איבערצייגנדיק, ווי אַלע טעאָריעס צוזאַמענגענומען.

מען מעג זיך וויצלען וויפיל דאָס האַרץ גלוסט וועגן סעמועל דזשאָנסענס „נאַאיוויטעט", וואָס ער האָט מיט אַ שטויס פון דער פוס דעמאָנסטרירט די רעאַליטעט, דער שטויס פון דעם שטיין איז מער איבערצייגנט, ווי אַלע טעאָריעס פון דעם סוביעקטיוון אידעאַליזם, און אויב נויטיק, וועט אויך דער אָביעקטיווער אידעאַליזם צוגעגעבן ווערן...

אויב מען זאָל פרעגן וואָס מיינט עקזיסטענץ באַזונדער, ווען עס ווערט געזאָגט, אַז זי מאַניפעסטירט זיך דורך אייגנשאַפטן און די אייגנשאַפטן זיינען שוין פריער באַהאַנדלט געוואָרן. קען מען נאָר ענטפערן, אַז די עקזיסטענץ מאַניפעסטירט זיך טאַקע דורך אייגנשאַפטן. פונדעסטוועגן איז „עקזיסטענץ" גופא נויטיק געווען צו נעמען פאַר אַ פאַקטאָר באַזונדער, כדי אונטערצושטרייכן דעם ווידערשטאַנד, וואָס זי גיט אין דירעקטער באַרירונג. דער פאַקט איז ניט אונטערשטראָכן געוואָרן, ווען די אייגנשאַפטן זיינען באַהאַנדלט געוואָרן. אום צו אונטערשטרייכן דעם פאַקט איז „עקזיסטענץ" נויטיק געווען צו באַ־האַנדלען באַזונדער.

נאָך אַלעמען, איז די בעסטע דעפיניציע פאַר „עקזיסטענץ" (רעאַליטעט) די, וואָס דער פיזיקער גיט פאַר „מאַטעריע". ס'איז אַ זאַך, וואָס פאַרנעמט פּלאַץ; וואו איין זאַך געפינט זיך קען קיין אַנדערע ניט זיין. מיט אַנדערע ווערטער: עקזיסטענץ איז רוימלעך און לאָזט זיך מעסטן. ניט דורכן אויג דאַרף מען באַשטימען עקזיסטענץ, נאָר דורך באַרירונג. אַ דאַנק דעם פאַקט, וואָס דער וויסן אין אַלגעמיין, האָט זיך אַנטוויקלט אַרום די חושים, וואָס נעמען

אויף זאַכן פון אַ דיסטאַנץ, איז אַנטשטאַנען אַ צושטאַנד אַז אייניקע פילאָזאָפן פרעגן אָפּ די רעאַליטעט פון דער אַקטועלער עקזיסטענץ פון זאַכן און נעמען אָן אַ פענאָמענאַליזם אַלס דאָס פונדאַמענטאַלע. וואָלט זיך דער וויסן אַנט־וויקלט אַרום האַלטן זאַכן, קומען מיט זיי אין אַ דירעקטער באַרירונג, וואָלט קיין ספק אין ממשותדיקער עקזיסטענץ ניט מעגלעך געווען. נעמט מען אָבער אָן דעם שטאַנדפּונקט פון עוואָלוציע, מוז מען קומען צו דעם פונדאַמענטאַלן פאַקט, אַז אַלע חושים האָבן זיך אַנטוויקלט אַרום דער אייגנשאַפט צו רעאַגירן צו אַ סטימול פון דער סביבה: מען באַזיצט וויסן דערפאַר, וואָס עס איז פאַראַן א ממשותדיקע עקזיסטענץ, וואָס האָט ארויסגערופן דעם וויסן.

דער פערטער פאַקטאָר פון וויסן איז קלאַס־אָנגעהעריקייט. קלאַס־גע־העריקייט, אָדער דאָס באַלאַנגען צו אַ קלאַס איז אייגנטלעך א ספּעציעלער פאַל פון אַ ברייטערער אייגנשאַפט, וואָס איז באַוואוסט אונטערן נאָמען אוני־ווערסאַל. דעם לעצטן וועט אָפּגעגעבן ווערן די קומענדע צוויי קאַפּיטלעך אין וועלכע די פראַגע וועט גרינטלעך באַהאַנדלט ווערן. איצט וועט זי נאָר באַטראַכט ווערן אין די שמאָלע גרענעצן פון קלאַס, ווי אַן אינטעגראַלער טייל פונעם פּערצעפּציאָנעלן וויסן. אין דעם אויפנעמען זאַכן פון דער אַרומיקער סביבה באַמערקן זיך ענלעכקייטן, פאַרשיידענאַרטיקייטן און שייכותן. זיי אַלע ווערן גרופּירט און קוואַליפיצירט אויף אזא אופן, אַז דער וויסן קומט דירעקט דורך פאַרגלייכן און מיט דער פאָרמירונג פון קלאַסן. קלאַסיפיצירן איז א פונדאַמענטאַלע מענטשלעכע אייגנשאפט, וואָס באשטייט פון א טייל פון דער אינטעגראַציע פונעם וויסנס־פּראָצעס. ווי ס׳וועט נידערי־קער באַוויזן ווערן, איז קלאַסיפיצירן אַ מענטשלעכע אייגנשאַפט אין וועלכער די שפּראַך (סימבאָליק) שפּילט א גרויסע ראָלע. די נאַטור האָט ניט קיין קלאַסן; אין איר געפינען זיך ענלעכקייטן, אָבער ניט קיין אידענטיטעטן, ניט צוויי זאַכן וואָס זאָלן זיין אידענטיש: וואָס ס׳דאַרף מיינען, אז זיי זיינען איין זאַך. דאָס איז אַ ווידערשפּרוך: צוויי זאַכן זיינען צוויי און ניט איינע. דער פאַרזוך אויפצוהויבן קלאַסן צו דער מדרגה פון עקזיסטענצן, מיינט אַ צו־ריקקער צו פּלאַטאָנס „אידייען״. דערפון קען מען ניט דענקען ערנסט. אי־בעריקנס וועט די פראַגע באַהאַנדלט ווערן נידעריקער, איז ניט נויטיק דאָ זיך אָפּצושטעלן אויף איר.

דער פינפטער פאַקטאָר אין דער אינטעגראַציע איז שייכות־באַדייטונגען. אויף דעם פאַקטאָר וועט אָפּגעגעבן ווערן אַ ספּעציעלער קאַפּיטל; דאָ ווערט ער נאָר דערמאָנט. עס דאַרף אָבער אונטערשטראָכן ווערן, אַז אַזוי ווי קלאַסן באַלאַנגען צום פאַרשטאַנד, אלס זיינע אַן אייגנשאפט, אזוי באַלאַנגען פאַר־העלטענישן צו דער נאַטור: דענקען וועגן דער רעאַליטעט, מיינט דענקען אין פאַרהעלטענישן.

אין דעם קאַפּיטל איז אָנגעוויזן געוואָרן אויף 5 פאַקטאָרן, וואָס ווערן אינטעגרירט אין איין פּערצעפּציאָנעלער איינהייט, וועלכע ווערט גענומען ווי אַ נאַטור־איינהייט. ס׳קענען זיין מיינונגס־פאַרשיידנהייטן וועגן די באַ־טרעפנדע פאַקטאָרן; מען קען אָפּפרעגן צי זיי אַנטשפּרעכן גענוי די ווירק־לעכקייט. מען קען צווייפלען צי דער אַנאַליז איז אַ ריכטיקער; אָדער צי די פאַקטאָרן דאַרפן גענומען ווערן, ווי זיי זיינען געגעבן געוואָרן. דאָס

איז ניט וויכטיק, וויכטיק איז דער פאַקט גופא, אַז די נאַטור־איינהייט באַ־שטייט פון אַ סינטעז פון פאַקטאָרן. וואָס אַמבאַלאַנגט דער באַטרעפענדער טיילונג קענען זיין מיינונגס־פאַרשיידנהייטן.

איבערהויפּט ווערן אין דער אַרבעט ניט געלייזט קיינע פונדאַמענטאַלע פּראָבלעמען, ס׳ווערט נאָר אָנגעוויזן אויף אַ וועג, אין וועלכער ליניע מען דאַרף גיין, כדי צו קענען האָפן, אַז מען וועט זיי לייזן. ס׳ווערט אָנגעוויזן, אַז די קאָגנאַציע פון דער וועלט איז אַ רעזולטאַט פונעם עוואָלוציע־פּראָצעס, וואָס ס׳האָט געגומען דעם גאַנצן דויער פון עוואָלוציע אַרויסצוברענגען, קען מען ניט נעמען דעם רעזולטאַט און קוקן אויף אים ווי אויף אַן איינפאַכער דערשיינונג, וואָס שליסט אין זיך ניט איין קיין שום קאָמפּליצירטעס.

דער הויפּט־טעות פון די נעאָ־רעאַליסטן איז, וואָס זיי נעמען די מענטש־לעכע דערקענטעניש פון דער וועלט אויף אַ צו איינפאַכן אופן; זיי נעמען אַן ענדגילטיקן רעזולטאַט אַזוי ווי ער זאָל אין זיך איינשליסן דעם גאַנצן פּראָצעס און דער דאָזיקער פּראָצעס געפינט זיך אויבן־אויף, און ער באַשטייט בלויז פון „אויסערלעכע פאַרהעלטענישן“.

# דאָס פּאַרטיקולאַרע און דאָס אוניווערסאַלע

„פּילאָזאָפיע", זאָגט ווהייטהעד, „איז גע־בוירן געוואָרן אין וואונדער און פון וואונדער. דער פּאַרזוך צו פאַרמירן אַן אַלגעמיינעם באַגריף וועגן דער וועלט וואָס רינגלט אונדז אַרום, איז דאָס ראָמאַנטישע פונעם מענטשלעכן דענקען. די ריכטיקע דערקלערונג קוקט אויס צו זיין אַזוי פּשוט און איינפאַך, צום סוף פאַרפירט זי אונדז און נאַרט אונדז אַלעמאָל אָפּ".

אין די פּאָר זאַצן דריקט ווהייטהעד אויף א גלענצנדן אופן אויס וואָס פילאָזאָפיע וויל דערקלערן און ווי ס'גיט זיך איר ניט איין צו דערקלערן דאָס „איינפאַכע". ווי דער מענטשלעכער פאַרשטאַנד ראַנגלט זיך מיטן „פּשוטן", מיטן „זעלבסטפאַרשטענדלעכן", וואָס לאָזט זיך ניט דערקלערן.

צו וואָס פאַר אַ פראַגע מען זאָל ניט צוגיין, איז ווען מען נעמט זי אוי־בערפלעכלעך, פרעזענטירט זי מיט זיך ניט קיינע שוועריקייטן; זי איז, דוכט זיך, קלאָר און איינפאַך. דער ענטפער איז ממש אויף דער האַנט. דאָס איז אָבער נאָר ווען מען נעמט זי אויבערפלעכלעך; נעמט מען זיך זי צו צעגלידערן פילאָזאָפיש, נעמט מען זיך אריינטראַכטן אין איר, געפינט מען אויס, אַז דאָס „לייכטע" לאָזט זיך ניט דערקלערן; מען געפינט אויס, אַז דאָס, וואָס ס'איז, דוכט זיך, אויבן־אויף, באַשטייט פון אַ רעטעניש, וואָס לאָזט זיך ניט לייזן.

ווען מען טראַכט זיך אריין אין די פאַרשיידענע פילאָזאָפישע פראַגן געפינט מען אויס, אַז די געשיכטע פון דעם ספּעקולאַטיוון געדאַנק באַ־שטייט פון איין דערקלערן דאָס „פּשוטע" און דאָס „זעלבסטפאַרשטענדלעכע".

אָט די דאָזיקע באַהויפּטונג איז ריכטיק פאַר יעדער פראַגע וואָס ווערט באַהאַנדלט פילאָזאָפיש; זי איז אָבער פאַר קיין פראַגע ניט אויף אַזויפיל ריכטיק, ווי זי איז פאַר דער איינצל זאַך, דעם אַזוי אָנגערופענעם „פּאַרטי־קולאַר" אין פאַרהעלטעניש צו אירע אייגנשאַפטן, די אַזוי אָנגערופענע „אוניווערסאַלן". וואָס קען, דוכט זיך, זיין פּשוטער, ווי אַז זאַכן האָבן אייגנ־שאַפטן לויט וועלכע מען כאַראַקטעריזירט זיי? אָבער אַזוי גיך ווי מען רירט זיך צו צו דעם פּשוטן און איינפאַכן פאַקט, מען נעמט אים אַנאַליזירן, גע־פינט מען אויס, אַז ער איז גאָרניט אַזוי פּשוט, ווי ער קוקט אויס. ווירקלעך, וואָס איז אַ זאַך? וואָס קען מען וועגן איר זאָגן דירעקט? וואָס קען מען זאָגן וועגן אירע אייגנשאַפטן אין שייכות צו איר? וואָס און ווי אַזוי וויסט מען וועגן איר און וועגן אירע אייגנשאַפטן? דוכט זיך, איינפאַכע פראַגן, זיינען זיי אָבער שוין גאָר ניט אַזוי איינפאַך.

כדי צו קענען באַטראַכטן אָט די „איינפאַכע” פראַגן אויף אַ געהעריקן אופן, וועט נויטיק זיין צו באַרירן אַן ענין, וואָס איז שוין עטלעכע מאָל באַטראַכט געוואָרן (ווידערהאָלונגען זיינען אומפאַרמיידלעך, ווען מען באַטראַכט פונדאַמענטאַלע פּראָבלעמען): ס'וועט נויטיק זיין נאָכאַמאָל באַרירן די צוויי צוטרעטן צו דער וועלט, דעם קוואַליטאַטיוון, וואָס באַטראַכט זאַכן לויט זייערע אייגנשאַפטן: דעם אַזוי אָנגערופענעם סוביעקט־פּרעדיקאַט צוגאַנג צו זאַכן און דעם קוואַנטיטאַטיוון צוגאַנג, לויט וועלכן זאַכן ווערן גענומען אין פאַרהעלטעניש צווישן זיך. מען קען לייכט זען, אַז לויט דעם ערשטן נעמט מען זיי סטאַטיש, אָט ווי זיי זיינען (דער פילאָזאָפישער צוגאַנג צו דער רעאַליטעט). לויט דעם צווייטן צוגאַנג נעמט מען זיי געוויינטלעך דינאַמיש, ווי זיי ווירקן אויף אנדערע זאַכן (דער וויסנשאַפטלעכער צוגאַנג צו זאַכן). דעם ערשטן צוגאַנג צו דער רעאַליטעט נעמען אָן די פילאָזאָפישע אידעאַליסטן; דעם צווייטן צוגאַנג נעמען אָן די נעאָ־רעאַליסטן. די קריטישע רעאַליסטן פּרואוון מאַכן שלום צווישן די צוויי צוגאַנגען צו דער וועלט; זיי דענקען אַז מען קען אַריינפירן האַרמאָניע צווישן זיי.

דער אָנהויב וועט געמאַכט ווערן מיט דעם צוגאַנג צו דער וועלט פון זאַכן, וואָס באַטראַכט זיי לויט זייערע אייגענשאַפטן. דער אָנהויב דאַרף געמאַכט ווערן ניט נאָר דערפאַר, וואָס דער צוגאַנג איז דער עלטערער און די גאַנצע פילאָזאָפיע איז מיט אים דורכגעדרונגען, נאָר אויך דערפאַר וואָס אין אַ געוויסן זין איז ער דער מער פונדאַמענטאַלער: פאַקטיש איז דער צווייטער עקסטרעמער צוגאַנג צו דער רעאַליטעט, דער וואָס באַטראַכט זאַכן לויט דער פאַרהעלטעניש צווישן זיי אַ מאָדיפיקאַציע פון אים. דערפאַר איז שווער צו פאַרשטיין ווהייטהעדן, וואָס פאַרטרעט דעם צווייטן עקסטרעם, ווען מען איז ניט באַקאַנט מיט פּלאַטאָנען, וואָס האָט פאָרמולירט דעם ערשטן שטאַנדפּונקט. הגם זיי פאַרטרעטן די צוויי עקסטרעם־קעגנגעזעצטע צוטריטן צו דער רעאַליטעט, זיינען עס אָבער צוויי עקסטרעמען וואָס באַגעגענען זיך...

פּלאַטאָנס פונדאַמענטאַלער פילאָזאָפישער בליק איז געווען אַ רעזולטאַט פון דעם, וואָס ער האָט געזען אַ רעאַליטעט, וואָס האָט זיך מאַניפעסטירט אויף צוויי אופנים: 1) ער האָט פאַר זיין גייסטיקן אויג, פאַר זיין פאַנטאַזיע, געזען אַ רעאַליטעט וואָס פאַרענדערט זיך ניט, זי איז אייביק די זעלבע. דאָס איז די רעאַליטעט פון קוואַליטעטן (אייגנשאַפטן), לויט וועלכער זאַכן און באַגריפן ווערן קלאַסיפיצירט. אַלס אוניווערסאַלע אייגנשאַפטן איז די רעאַליטעט סטאַטיש, אומאָפּהענגיק פון צייט און רוים. ער האָט די רעאַליטעט אָנגערופן „אידייע” אָדער „אידייען־וועלט”. 2) די וועלט פון זאַכן, וואָס פּרעזענטירט זיך צו די חושים; די רעאַליטעט האַלט זיך אין איין ענדערן: האָט ער זי אָנגערופן די וועלט פון שאָטנס.

אויסלאַזנדיק פּלאַטאָנס פּאָעטיש־מיסטישע פאַנטאַזיע, וואָס האָט אים אוועקגענומען פון דער אַקטואַליטעט צו אַן אַבסטראַקציע, קען מען זען, אַז ער האָט דערבליקט עפּעס פונדאַמענטאַלעס, הגם ער האָט עס ניט געקענט דערקלערן: ער האָט דערבליקט די פּאַרטיקולאַרע זאַכן, וואָס קומען און פאַרשווינדן און זייערע אייגנשאַפטן, וואָס זיינען אוניווערסאַל און אייביק.

אַריסטאָטעל האָט איינגעזען דעם פלאָנטער, וואָס פלאַטאָן האָט געמאַכט מיט זיין שפּאַלטן די רעאַליטעט אויף צווייען, האָט ער צוריק צוזאַמענגע־בראַכט די פּאַרטיקולאַרע זאַכן מיט זייערע אוניווערסאַלע אייגנשאַפטן און האָט זיי דערקלערט לויט זיין מעטאַפיזישן „פאָרמע־מאַטעריע״־באַגריף. לויט זיין פונדאַמענטאַלן באַגריף איז אויסגעקומען, אַז דאָס פּאַרטיקולאַרע איז אַ גע־געבענער זאַך איז דער רויער שטאָף, די „מאַטעריע״, וואָס ווערט פאָרמירט אין אַ באַשטימטער זאַך פון דער „פאָרמע״. די „פאָרמע״ אָדער דער „עסענץ״ פון אַ געגעבענער זאַך, איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר אירע אייגנשאַפטן, וואָס זיינען אוניווערסאַל. הגם „פאָרמע״ און „מאַטעריע״ ווערן דאָ באַטראַכט באַזונדער, זיינען זיי פון אַריסטאָטעלן ניט באַטראַכט געוואָרן ווי באַזונדערע עטוואָסן: דאָס זיינען געווען אַ גוף און אַ נשמה, וואָס שטעלן צוזאַמען דעם אָרגאַניזם. אַזוי האָט אַריסטאָטעל געלייזט דעם אוניווערסאַל־פּאַרטיקולאַר־פּראָבלעם.

אַריסטאָטעלס סיסטעם איז געווען אַ גאַנצע און אויסגעהאַלטענע, אַלע אירע טיילן האָבן געהאַט אַן אָרגאַנישע פאַרבינדונג צווישן זיך: דערפאַר איז זי אָנגענומען געוואָרן פאַר אַזאַ לאַנגער צייט. מען האָט זי אָבער געמוזט נעמען אין איר טאָטאַליטעט און דאָס איז אפילו געווען אַ שווערער ענין פאַר דער מיטלאַלטער, וואָס איז ניט געווען אָריגינאַל אין איר דענקען. שוין אין דער מיטלאַלטער האָט זיך אַנטוויקלט אַ שטרייט וועגן דער שייכות פון דער זאַך צו אירע אייגנשאַפטן. עס האָבן זיך אַנטוויקלט מיינונגס־פאַרשיידנהייטן, וואָס עס קומט פריער: די זאַך, דער פּאַרטיקולאַר (נאָמענאַליזם) צי אירע אייגנשאַפטן, די אוניווערסאַלן („רעאַליזם״, אינעם מיטלאַלטערלעכן זין פון וואָרט).

פון אַריסטאָטעלס מעטאַפיזיק האָט מען זיך שוין לאַנג אָפּגעזאָגט, זיין רעאַליטעט־באַגריף ווערט פון קיינעם ניט פאַרטיידיקט; אָבער דער פונ־דאַמענטאַלער בליק, אַז די רעאַליטעט באַשטייט פון זאַכן, וואָס דאַרפן גע־פאָרשט ווערן לויט זייערע אייגנשאַפטן (קוואַליטאַטיווער בליק) און אַז דער מענטשלעכער דענקען באַשטייט פון באַהויפּטונגען אין וועלכע מען שרייבט צו אייגנשאַפטן צו אַ סוביעקט (סוביעקט־פּרעדיקאַט־פּראָפּאָזיציע) איז פאַר דער גאַנצער צייט געבליבן אַזוי פונדאַמענטאַל, ווי ער איז געווען פאַר אַריסטאָטעלן גופא. אויך איצט נעמען אַן דענקער, אַז כדי צו פאַרשטיין די רעאַ־ליטעט פון דער וועלט, דאַרף מען דערקלערן דעם עצם פון זאַכן (פּאַרטי־קולאַרן), דעם עצם פון אייגנשאַפטן (אוניווערסאַלן) און די שייכות צווישן זיי. אָט די דאָזיקע „פשוטע״ פראַגן לאָזן זיך ניט דערקלערן.

אין די באַמערקונגען, וואָס וועלן געמאַכט ווערן, וועט דער עפּיסטאָ־מאָלאָגישער מאָמענט, דעם מענטשנס וויסן, אויסגעלאָזט ווערן אינעם אָנהויב, אין דער ווייטערדיקער באַטראַכטונג וועט ער אריינגעצויגן ווערן אלס אינטעגראַלער טייל פון דער פראַגע, פון וועלכער ער קען ניט אָפּגעטיילט ווערן.

ווען מען טרעט צו צו דער וועלט פון קאָנקרעטע זאַכן, ווען מען קומט אין באַרירונג מיט זיי, קריגט מען אַ ווידערשטאַנד פון זיי; ווהייטהעד רופט דעם ווידערשטאַנד אָן די שפּאַר־קראַפט פון מאַטעריע. דער ווידערשטאַנד, אָדער די שפּאַר־קראַפט, איז דאָס איינציקע וואָס מען קען זאָגן וועגן זאַכן

דירעקט און אוממיטלבאַר; עס איז דאָס פּאַרטיקולאַרע אין זיי, וואָס באַלאַנגט צו זיי אַליין. ווײל מען זיי אָבער דערקלערן, אָדער כאַראַקטעריזירן, קען מען עס נאָר טאָן דורך אַ באַשרייבונג פון זייערע אייגנשאַפטן (קוואַליטעטן). די אייגנשאַפטן זיינען זייערע, מען ווייסט, אַז זיי באַלאַנגען צו די באַטרעפענדע זאַכן; מען ווייסט אָבער אויך, אַז אַלס אייגנשאַפטן (קוואַליטעטן) זיינען זיי ניט באַגרענעצט מיט די באַטרעפנדע זאַכן. זיי זיינען פון אַן אַלגעמיינעם, אָדער אוניווערסאַלן כאַראַקטער; אַלס אייגנשאַפטן קענען זיי אויך באַלאַנגען צו אַנדערע זאַכן און יענע זאַכן זאָלן אויך באַשריבן ווערן דורך זיי.

וואָס פאַר אַן אייגנשאַפט פון אַ זאַך מען זאָל ניט נעמען, איז זי ניט באַגרעניצט מיט דער באַטרעפענדער זאַך, זי קען באַלאַנגען און באַלאַנגט אויך צו אַנדערע זאַכן. מיט וואָס פאַר אייגנשאַפטן מען זאָל ניט כאַראַקטעריזירן אַ באַשטימטע זאַך, איז ווי אייגנשאַפטן זיינען זיי מיט איר ניט באַגרענעצט, זיי באַלאַנגען אויך צו אַנדערע זאַכן. רונד איז אַ רייף, אַ בייגל, אַ ראָד א. אז. וו. ווייס איז שניי, מילך, קאַלך א. אז. וו. און אזוי איז מיט יעדער אייגנשאַפט, זי איז ניט און קען אויך ניט זיין קיין פּריוואַטע אייגנשאַפט פון קיין זאַך. דערפאַר קען מען אָפט ניט דערקלערן גענוי דעם עצם פון אַ זאַך דורך דער אייגנשאַפט. איז דאָך באוואוסט א באשרייבונג פון פלייש, אַז עס איז רויט, ווייכלעך און זאַפטיק, וואָס דער לייענער האָט אָנגענומען, אז עס איז ווײנשל...

געוויס ווייסט מען אַז עס איז פאַראַן אַן אינטימע פאַרבינדונג צווישן זאַכן און זייערע אייגנשאַפטן; מען איז כמעט ווי זיכער אז זיי קענען ניט אָפּגעטיילט ווערן איינס פונעם צווייטן. פונדעסטוועגן איז מען כמעט ווי זיכער, אַז מען קען דענקען וועגן אייגנשאַפטן באַזונדער פון די זאַכן וואָס זיי באַקליידן.

אמת, ווען מען טראַכט זיך אַריין אין אַן אייגנשאַפט פאַר זיך, געפינט מען אַן „עפּעס" אונטער איר, דער „עפּעס" איז אָבער אַזאַ נעפּלהאַפטער, אַז ער קען אינגאַנצן איגנאָרירט ווערן און מען קען דענקען וועגן דער אייגנשאַפט פאַר זיך; מען קען, צום ביישפּיל, דענקען וועגן רונדקייט, רויטקייט א. אז. וו. און מען זאָל ניט דאַרפן אונטערשטעלן קיין רונדע, אָדער רויטע זאַך, וואָס מען זאָל וועגן איר דענקען אין פאַרבינדונג מיט דער אייגנשאַפט.

ווען מען נעמט זאַכן און אייגנשאַפטן פונעם שטאַנדפּונקט ווי זיי ווערן איצט באַטראַכט, קען מען פרעגן, וואָס וואָלט געבליבן פון די באַטרעפנדע זאַכן, ווען מען זאָל זיי אָפּטיילן פון זייערע אייגנשאַפטן? דער „גראַדער פאַרשטאַנד" זאָגט, אזא טיילונג קען ניט געמאכט ווערן. עס איז אַן אַבסורד צו דענקען וועגן אַזאַ טיילונג. קומט אָבער דער „טעאָרעטישער פאַרשטאַנד" און זאָגט, אז מ'מוז עס קענען טאָן אויף וועלכען עס איז אופן; ווייל אויב מען זאָגט זיך אָפּ פון אַזאַ טיילונג, גיט מען דערמיט אַליין צו, אַז די אייגנשאַפטן זיינען פּריוואַטע, זיי באַלאַנגען צו די באַטרעפנדע זאַכן. דאָס איז אַ ווידערשפּרוך צום אויסגאַנגס־פּונקט.

איז די פראַגע, ווי אזוי קענען אייגנשאפטן באַלאַנגען צו באַשטימטע זאַכן און זיי אויך איבערשטייגן? מיט אנדערע ווערטער: ווי אזוי קענען

זיי זיין אוניווערסאַלן און פּאַרטיקולאַרן צו דער זעלבער צייט, ווען איינס איז אין ווידערשפּרוך צום צווייטן?

ווען מען וויל דאָס פּאַרזען און מען טיילט זיי פּאַרט אָפּ, איז ניט נאָר אַ פֿראַגע וואָס עס וועט ווערן פון דער פּאַרטיקולאַרער זאַך, נאָר אַ מער קאָמפּליצירטע פֿראַגע איז, וואָס וועט מען טאָן מיט דער אייגנשאַפט גופא? מען קען ניט זאָגן, אז אן אייגנשאַפט עקזיסטירט אינעם זעלבן זין, ווי מען זאָגט, א זאַך עקזיסטירט. אונטערן וואָרט עקזיסטענץ ווערט פאַרשטאַנען לאָקאַליזאַציע: עקזיסטענץ שליסט איין צייט און רוים און דאָס מיינט מאַכן זאַכן פון אייגנשאַפטן, וואָס איז א ווידערשפּרוך ארום און אַרום, אַן אייגנשאַפט איז ניט קיין זאַך, וואָס קען לאָקאַליזירט ווערן פאַר זיך, עס איז אן אייגנשאַפט, דורך וועלכער א זאַך קען כאַראַקטעריזירט ווערן, עס איז אָבער ניט קיין זאַך פאַר זיך, וואָס האָט אן אייגענע עקזיס־טענץ.

קאָנקרעט גערעדט, זאָל גענומען ווערן דער רייף מיט זיין רונדקייט אַלס ביישפּיל. די רונדקייט פונעם רייף איז זיינע אַן אייגנשאַפט, צו דער זעלבער צייט אָבער איז די רונדקייט, ווי אַן אייגנשאַפט, ניט באַגרע־נעצט מיט דעם באַטרעפנדן רייף, און ניט אפילו מיט אַלע רייפן פון דער וועלט. עס זיינען פאַראַן אַן אומגעהייערע, אָדער אַן אומענדלעכע צאָל זאַכן אויף דער וועלט, וואָס זיינען רונד. וואָס עס איז אָבער נאָך וויכטיקער איז דאָס, וואָס די רונדקייט, אַלס אַן אוניווערסאַלע אייגנשאַפט, איז אפילו ניט באַגרענעצט מיט אַלע פּאַרטיקולאַרע זאַכן פון דער וועלט. זי קען לויט איר עצם ניט באַגרענעצט ווערן מיט עקזיסטענצן: דאָס וואָלט געמאַכט פון איר אַ פּאַרטיקולאַר, און דאָס איז זי ניט לויט איר עצם.

די רונדקייט ווי אַן אוניווערסאַלע אייגנשאַפט איז ניט קיין אויסנאַם. דאָס זעלבע איז מיט יעדער אייגנשאַפט (קוואַליטעט), וועגן וועלכער מען קען נאָר דענקען. פון איין זייט באַלאַנגט זי צו אַ געגעבענער זאַך, פון וועלכער מען קען זי ניט אָפּטיילן, פון דער צווייטער זייט מוז מען זי אָפּטיילן און פון דער דריטער זייט קען מען מיט איר גאָרניט טאָן, ווען מען טיילט זי אָפּ. ווי אזוי מען זאָל ניט האַנדלען איז שלעכט: פּשוט, מען קען אויף איין אויבערפלאַך (מאַניזם) ניט אויסשפּרייטן קיין אוניווערסאַלן און פּאַרטיקולאַרן און זיי באַטראַכטן לויט דעם קוואַליטאַטיוון בליק אויף דער וועלט.

ווי אַזוי מען זאָל ניט פּרובירן לייזן דעם פּלאָנטער, מוז מען אַריינפאַלן אין אַ דואַליזם, מען מוז פּאָסטולירן צוויי פאָרמען פון רעאַליטעטן: 1) זאַכן אַלס רעאַליטעטן, וואָס שליסן אין זיך איין אייגנשאַפטן און 2) דעם מענטשנס וויסן, וואָס קען אבסטראַאירן און אָפּערירן מיט אייגנשאַפטן אין דער פאָרמע פון מענטשלעכע באַגריפן. דעם דואַליזם האָבן די פּראַגמאַטיסטן (דואי) און די נעאָ־רעאַליסטן ניט געוואָלט אָננעמען, האָבן זיי אינגאַנצן אויפגעגעבן דעם קוואַליטאַטיוון צוגאַנג צו דער וועלט, דעם באַטראַכטן זאַכן לויט זייערע אייגנשאַפטן און גענומען קוקן אויף זיי ווי אויף דערשיינונגען (אי־ווענטס) אין פאַרהעלטעניש צום מענטשן.

דאָס מיינט, פון איין זייט דערפירן די רעוואָלוציע קעגן אַריסטאָטעלן אויף דער גאַנצער ליניע און פון דער צווייטער זייט מיינט עס זיך אָפּזאָגן פון א פונדאַמענטאַלער עקזיסטענץ (סובסטאַנץ) אלס דאָס פונדאַמענטאַלסטע אין

דער נאַטור און נעמען דאָס דינאַמישע, די פּאַסירונג פאַר דעם אויסגאַנגס־פונקט.

פאַרשטייט זיך, אַז די רעוואָלוציע איז ניט געמאַכט געוואָרן מיטאַמאָל און עס איז געווען מער ווי איין אורזאַך, וואָס האָט געפירט צו דער ענדערונג. די אורזאַכן זיינען שוין אָנגעגעבן געוואָרן אין פאַרשיידענע פאַרבינדונגען, וועלן זיי בלויז דערמאָנט ווערן: די ביאָלאָגישע וויסנשאַפט מיט דעם דינאַמישן און אָרגאַנישן צוגאַנג צו דער נאַטור; די ענדערונגען אין דער פיזיקאַלישער וויסנשאַפט, די סימבאָלישע לאָגיק, לויט וועלכער פאַרהעלטענישן ווערן באַטראַכט פאַר אַ פאַקטאָר אין דעם דענקען גופא און געגעטישע און פאַרגלייכונגס־פסיכאָלאָגיע אַלס דערקלערונג פון דעם וויסענס פּראָצעס. דער ענין איז שוין באהאנדלט געוואָרן פון פאַרשיידענע ווינקלען. איצט וועט דערקלערט ווערן ווי אזוי די שייכות פון זאַכן צו זייערע אייגנשאפטן ווערט אזוי ארום געלייזט.

עס איז פריער באַטראַכט געוואָרן דואיס שטאַנדפונקט. ער נעמט פאַרהעלטענישן פאַר זיין אויסגאַנגס־פונקט. די נעאָ־רעאַליסטן גייען ווייטער פון אים: זיי פּרואוון דערקלערן די רעאַליטעט פון דער וועלט פון דעם שטאַנדפונקט פון פארהעלטענישע וועט איינעם פון זייערע פאַרטרעטער געגעבן ווערן דאָס וואָרט. דער איינער וועט זיין ווהייטהעד.

אין דעם קוואַליטאַטיוון צוגאַנג הויבט מען אָן פון עקזיסטענצן; מען הויבט אָן פון זאַכן וואָס האָבן אייגנשאפטן. די זאַכן, איינשליסנדיק זייערע אייגנשאַפטן, זיינען פונדאַמענטאַל; זיי זיינען עקזיסטענצן פאר זיך זעלבסטשטענדיק אין זייער צייט־רוימלעכער קאָנפיגוראַציע. קומט ווהייטהעד און זאָגט, אז מען האָט געמאכט א פונדאַמענטאַלן טעות אין דער באַטראַכטונג פון דער וועלט; מען האָט אָנגענומען דעם מאַטעריאַליסטישן מעכאנישן בליק פון דער קלאַסישער פיזיק פאַר א פונדאַמענטאַלער אייגנשאפט פון דער נאַטור און מען איז פאַרקראָכן אין א פילאָזאָפישן זומפ, פון וועלכן מען קען ניט ארויסקריכן. מען האָט אָנגענומען איינפאַכע לאָקאַליזאַציע פון זאַכן אלס פונדאַמענטאל אין דער נאַטור; מען האָט אָנגענומען, אז זאכן געפינען זיך: „דאָ אין רוים און איצט אין צייט, אָדער אין רוים־צייט אין אַ באַשטימטן און דעפיניטיוון זין, זיי פאָדערן ניט קיין אנדער צייט־רוימלעכע פאַרהעלטעניש פאר זייער דערקלערונג" (זע סייענס ענד די מאָדערן וואָרלד, ז. 72). ווהייטהעד האַלט, אז דאָס, וואָס מען האָט אָנגענומען אַז זאַכן זיינען אין דערווירקלעכקייט אזוי ווי זיי זען אויס צום פּראקטישן פאַרשטאַנד, איז געווען א טעות. לויט זיין מיינונג, איז די רעאַליטעט פון דער וועלט אנדערש: זי איז אָרגאַניש און יעדע זאַך געפינט זיך אין אַן אינערלעכער פאַרבינדונג מיט אַלץ און אלעמען אין דער נאַטור.

דער אוניווערז דאַרף פאַרשטאַנען ווערן ווי איין גרויסער אָרגאַניזם. און יעדער טייל פונעם קלענסטן ביז דעם גרעסטן, זיינען אויך אָרגאַניזמען, וואָס זיינען פאַרקנופּט און פאַרבונדן צווישן זיך אין פאַרשיידענע קאָמבינאַציעס אזוי, אז מען קען זיי ניט אָפּטיילן איינעם פון דעם צווייטן. די אָרגאַניזמען ווירקן און ווערן באַווירקט איינער פון דעם צווייטן און האַלטן זיך אין איין ענדערן. די גאַנצקייט פון אַן אָרגאַניזם קען נאָר גענומען ווערן

פון א באַשטימטן אַספּעקט, נעמט מען אַן אַנדערן אַספּעקט, האָט מען שוין פאַר זיך אַן אַנדער אָרגאַניזם.

אויב מען זאָל זיך ווען פאָרשטעלן וועלכן עס איז קאָנקרעטן ביי־שפּיל פון אַ באַזונדער אָרגאַניזם, קען מען אים נאָר פאַרגלייכן מיט אַ לעבעדיקן קערפּער, אין וועלכן יעדע צעל זאָל גענומען ווערן ווי אַן אָרגאַניזם און צו דער זעלבער צייט ווי אַ טייל פון אַ גרעסערן אָרגאַניזם.

דער פאַרגלייך זאָל קענען דינען אלס א פאָרשטעלונג פון די טיילן אין דער נאַטור. וואָלט מען געדאַרפט נעמען דעם לעבעדיקן קערפּער בלויז פונעם שטאַנדפּונקט פון פונקציע, פון זיין ווירקן און באַווירקט ווערן פון די פאַרשיידענע צעלן. דאָס מיינט, אז מען דאַרף זיך ניט פאָרשטעלן ווי אזוי א צעל זעט אויס, דאָס מיינט זי לאָקאַליזירן אין רוים, זי אָפּשניידן פון אַנדערע טיילן, פון וועלכע זי האלט אין איין באַווירקט און געענדערט ווערן. מען דאַרף אויף איר קוקן אַזוי, אַז ווען מען נעמט זי פון איין ווינקל האָט זי איין אויסזען און פאַרבינדונג, נעמט מען זי פון אַן אַנדער ווינקל, איז זי אַנדערש, מען נעמט זי שוין מיט אַנדערע פאַרבינדונגען. מען דאַרף אינגאַנצן אויפגעבן די אידייע, אז מען קען אָפּטיילן איין „אָרגאַניזם" (זאַך) פונעם צווייטן און אים נעמען זעלבסטשטענדיק. ער זאָגט: „די דאָקטרין וואָס איך נעם אָן איז, אַז דער גאַנצער באַגריף פון מאַטעריאַליזם קען נאָר באַנוצט ווערן צו אַבסטראַקציעס פון זאַכן, וואָס איז אַ פּראָדוקט פון לאָגישע אונטערשיידן. די קאָנקרעטע דויערנדע זאַכן זיינען אָרגאַ־ניזמען. דער פּלאַן פונעם גאַנצן באַאיינפלוסט דעם פונדאַמענטאַלן כאַ־ראַקטער פון די נידעריקערע אָרגאַניזמען, וואָס נעמען אין אים אַנטייל. אין פאַל פון אַ חיה איז דער מענטאַלער צושטאַנד א טייל פונעם פּלאַן פונעם טאָטאַלן אָרגאַניזם; ער ענדערט די פּלענער און דעם צושטאַנד פון די קלענערע אָרגאַניזמען אין דער חיה. אַזוינע ווירקונגען און באַוויר־קונגען קומען פאַר צווישן אלע אָרגאַניזמען ביזן קלענסטן אָרגאַ־ניזם, ביז דעם עלעקטראָן אַלס אַן אָרגאַניזם. דער עלעקטראָן, וואָס גע־פינט זיך אין אַ לעבעדיקן קערפּער, איז פאַרשיידן פון דעם עלעקטראָן, וואָס געפינט זיך אויסער דעם קערפּער: דער קערפּער ווי אַ גרעסערער אָר־גאַניזם ווירקט אויף אים און ענדערט אים (זע סייענס ענד די מאָדערן וואָרלד, זז. 115־116).

ווען ער נעמט די וועלט פונעם שטאַנדפּונקט פון עקזיסטענץ, נעמט ער אָן, אַז די רעאַליטעט האָט אַן אָרגאַנישן כאַראַקטער; אַלע טיילן זיינען פאַרקנופּט און פאַרבונדן צווישן זיך און האַלטן זיך אין איין ענדערן. דאָס וואָס ס'קוקט אויס אז די חושים נעמען אויף באזונדערע מאַטעריעלע טיילן, האלט ער אז ס'איז א „פּראָדוקט פון לאָגישע אונטערשיידן", און ניט די ווירקלעכ־קייט ווי זי איז. ער זאָגט; „די דאָקטרין, וואָס איך נעם אָן איז, אַז ניט דאָס פיזישע אין דער נאַטור, ניט לעבן קענען פאַרשטאַנען ווערן, סיידן מיר שמעלצן זיי צוזאַמען אַלס אומבאַדינגטע פאַקטאָרן אינעם צוזאַמענ־שטעל פון די אַבסאָלוטע רעאַלע זאַכן, ווען מען קעגנזייטיקע פאַרבינדונגען און אינדיווידועלע כאַראַקטערן שטעלן צוזאַמען דעם אוניווערז. מען דאַרף פאַרמירן אַ וועלכן עס איז באַגריף וואָס לעבן מיינט און פאָדערן, אז דער מאַנגל אין אונדזער באַגריף וועגן דער פיזישער נאַטור זאָל אויס־

געפּילט ווערן מיט דעם, וואָס מיר זאָלן אַריינגעבן אַ לעבעדיקן שטראָם אין איר. מיר פֿאָדערן אויך פֿון דער צווייטער זייט, אַז דער באַגריף וועגן לעבן זאָל אין זיך אַריינגעמען דעם באַגריף פֿון דער פיזישער נאַטור־(זע נייטשור ענד לייף, ז. 25).

אין די אויסצוגן זיינען פֿאַראַן צוויי פּונקטן וואָס דאַרפֿן דערקלערט ווערן: 1) זאָגט ער, אַז מען האָט ביז לעצטנס שלעכט פֿאַרשטאַנען די רעאַליטעט פֿון דער וועלט; מען האָט זי גענומען ווי זי זאָל באַשטיין פֿון פֿעסטע האַרטע טיילן ענלעך צו דעם, וואָס מען האָט פֿאַרשטאַנען אונטער אַטאָמען אין דער פיזיק. דאָס, זאָגט ער, איז אַ טעות; מען דאַרף אויף איר קוקן ווי מען קוקט אויף אַן אָרגאַניזם, וואָס האַלט זיך אין איין ענדערן. עס מיינט, אַז מען דאַרף אויפגעבן דעם באַגריף וועגן דער עקזיסטענץ פֿון באַזונדערע זאַכן, וואָס געפֿינען זיך אָפּגעטיילט איינע פֿון דער אַנדערער אין רוים און אין צייט. מען דאַרף עס אפילו אויפ־געבן, לויט דעם איינשטייניש באַגריף פֿון רוים־צייט צוזאַמען. 2) דאַרף מען פֿאַראייניקן צוזאַמען דעם פיזישן באַגריף פֿון דער אומאָרגאַנישער וועלט, מיטן ביאָלאָגישן באַגריף פֿון דער לעבעדיקער נאַטור און נעמען די רעאַליטעט אָרגאַניש פֿאַרבונדן ווי מען נעמט אַ פליסנדן שטראָם.

ווען מען נעמט די רעאַליטעט אויף אַזאַ אופֿן, קען מען ניט ריידן פֿון קיין אָפּגעשלאָסענע און פיקסירטע זאַכן, נאָר וועגן אַספּעקטן, וואָס קענען אויפגענומען ווערן פֿאַרשיידן, פֿון פֿאַרשיידענע ווינקלען. אַספּעקטן זיינען פֿונ־דאַמענטאַל פֿאַר דער מענטשלעכער דערפֿאַרונג און ניט איינהייטן. ער זאָגט: „איך האַלט, אַז אונדזער ענדגילטיקע ווענדונג דאַרף זיין צו דער נאַאיווער דער־פֿאַרונג, דערפֿאַר לייג איך אַזויפיל געוויכט אויף פֿאַקטן. מיין פּונקט איז, אַז אין אונדזער דערפֿאַרונג, וואָס מיר קריגן דורך די חושים, ווייסן מיר וועגן עפּעס, וואָס געפֿינט זיך אויסער אונדזער פּערזענלעכקייט" (סייענס ענד די מאָדערן וואָרלד, זז. 129־130). עס מיינט, אַז ער איז אַ רעאַליסט און אַן עמפּיריקער. טאָמער וועט מען צווייפֿלען אין זיין רעאַליזם, זאָגט ער גלייך אויפֿן אָרט: „אונדזער היסטאָרישער וויסן דערציילט אונדז וועגן פֿאַרגאַנגענע צייטן, ווען קיין לעבן האָט ניט עקזיסטירט אויף דער ערד. אויך זאָגט אונדז אונדזער וויסן וועגן אַן אומענדלעכער צאָל שטערן, וואָס געפֿינען זיך ווייט פֿון אונדז... אונדזער זינלעכע דערפֿאַרן פֿירט אונדז צום שלוס, אַז עפּעס קומט פֿאָר אין דער אינערלעכקייט פֿון די שטערן און אין דער טיפֿקייט פֿון דער ערד, אַזוי גוט ווי אויף דער לבנה... ווען מען האָט אַזאַ דערפֿאַרונג, איז שווער צו גלויבן, אַז דאָס אַלץ איז אַן אַטריבוט פֿון דער אייגענער פּערזענלעכקייט" (דאָרט). הייסט עס, אַז ער איז אַ רעאַליסט, וואָס נעמט אָן אַז דער וויסן, וואָס מען קריגט דורך די חושים, איז ווויסן פֿון אַ פֿונדאַמענטאַלער רעאַליטעט. די פֿראַגע איז בלויז ווי אַזוי מען דאַרף פֿאַרשטיין די רעאַליטעט פֿון דער וועלט; זאָגט ער: „מיר מוזן אָנהויבן פֿון דער פּאַסירונג אַלס די ענדגילטיקע איינהייט פֿון דעם וואָס קומט פֿאָר אין דער נאַטור. די פּאַסירונג שליסט אין זיך איין און איז פֿאַרבונדן מיט אַלץ און ספּעציעל מיט אַלע אַנדערע פּאַסירונגען. די דאָזיקע צוזאַמענשמעלצונג פֿון פּאַסירונגען ווערט אַרויסגעבראַכט פֿון די אַספּעקטן פֿון די אייביקע אָביעקטן (אוניווערסאַלן) ווי קאָלירן, קלאַנגען,

ריחות, געאָמעטרישע פיגורן וואָס זיינען באַדינגט פאַר דער נאַטור, זיי זיינען אָבער ניט אַנטשטאַנען (אימאַרגאַנט) פון איר״ ז. 151).

די „פּאַסירונג״ איז די פונדאַמענטאַלע און ענדגילטיקע איינהייט אין דער נאַטור. ווען זי קומט (צי פאַר דער זינלעכער דערפאַרונג צי פאַר דער פאַנטאַזיע איז קיין אונטערשייד ניט) פּרעזענטירט זי זיך אין דער פאָרמע פון אַן אַספּעקט פון די „אייביקע אָביעקטן״ (אוניווערסאַלן, אָדער קוואַליטאַטיווע אייגנשאַפטן), וואָס „זיינען אַ באַדינג פאַר דער נאַטור, זיי זיינען אָבער ניט אַנטשטאַנען פון איר״. עס הייסט, אַז די „פּאַסירונגען״ זיינען אזוי ווי „אייביקע אָביעקטן״ (אוניווערסאַלן, קוואַליטעטן, אָדער פאָר־מען; דאָס אַלץ מיינט איינע און די זעלבע זאַך), פּרעזענטירן זיי זיך לויט דעם באַשטימטן אַספּעקט, דורך וועלכן מען נעמט זיי אויף.

אַ „פּאַסירונג״ קען זיין אַ פאַנטאַזיע, א באַגריף, אַן אַספּעקט פון אַ בליץ, וואָס קומט און פאַרשווינדט, אָדער אַן אַספּעקט פון די הימאַלייער בערג, וואָס קוקן אויס צו עקזיסטירן אייביק. אַלץ וואָס דערשיינט פאַרן באַוואוסטזיין (און אפילו א נעפּלהאַפטער סטימול) איז אלס „פּאַסירונג״ פונ־דאַמענטאַל אין דער נאַטור.

מען קען לייכט זען פאַרוואָס ווהייטהעד באַנוצט דעם טערמין „פּאַסירונג״ („איוועגט״) און ניט זאַך, אָדער אָביעקט (פּאַרטיקולאַר): אונטער די לעצטע טערמינען איז פאַרשטאַנען געוואָרן אַן עפּעס, וואָס האָט אַ באַ־שטימטע און זעלבסטשטענדיקע עקזיסטענץ אין רוים און אין צייט, אָדער צייט־רוים. זאָגט ער, אַז מען האָט געמאַכט אַ פונדאַמענטאַלן טעות; זאַכן, אָדער אָביעקטן זיינען „לאָגישע אַבסטראַקציעס״ און ניט קיין קאָנקרעטע ווירקלעכקייט. די קאָנקרעטע ווירקלעכקייט איז דער פּרעזענטירנדער אַס־פּעקט פון די „אייביקע אָביעקטן״ אין יעדן געגעבענעם פאַל וואָס איז אַ „פּאַסירונג״ פאַר אימיצן (באַוואוסטזיניק פאַרן מענטשן, ניט באַוואוסט־זיניק פאַר יעדן אַנדערן „אָרגאַניזם״). דער „אימיצער״ איז אַן אינטע־גראַלער טייל פון דער „פּאַסירונג״, ווייל אָן אים מיינט דער אויסדרוק אַספּעקט קיין זאַך ניט; עס דאַרף זיין אַן אימיצער, וואָס זאָל קריגן דעם „אָרגאַניזם״. ער זאָגט: „די זאַכן, וואָס ווערן אויפגעכאַפּט ווי רעאַליזירטע גאַנצקייטן אין א געגעבענעם מאָמענט אין אַ באַ־שטימטן אָרט, זיינען ניט דאָס הויז, דער וואָלקן, אָדער פּלאַנעט פּשוט פאַר זיך, נאָר דאָס הויז, דער וואָלקן, אָדער פּלאַנעט גענומען פונעם שטאַנדפּונקט פון אַ פּערצעפּציאָנעלער פּאַראייניקונג אין רוים און אין צייט. מיט אַנדערע ווערטער, עס איז די פּערספּעקטיווע פונעם הויז א. אַז. וו. וואָס איז דאָרט לויט דעם שטאַנדפּונקט פון אַ פּאַראייניקונג דאָ. זיי זיינען דערפאַר די אַספּעקטן פונעם הויז, דעם וואָלקן און פּלאַנעט, וואָס זיינען אויפגענומען, אָדער אויפגעפאַסט געוואָרן אין אַן איינִיקייט דאָ״ (דאָרטן, ז. 102). דערפאַר „פּאַסירונג״ און ניט זאַך, אָדער אָביעקט, וואָס איז ניט מער ווי אַ „לאָגישע אַבסטראַקציע״ און ניט קיין קאָנקרעטע ווירקלעכקייט.

אַז עס איז פאַראַן אַן ענלעכקייט אין זיין צוגאַנג צו דער רעאַליטעט מיט בוירקליס צוגאַנג זאָגט ווהייטהעד אליין, ער ציטירט אפילו בוירקלין; עס איז אָבער אויך פאַראַן אַ פונדאַמענטאַלער אונטערשייד צווישן זיי; ער איז אַ רעאַליסט און אַ ריינער מעטאַפיזיקער, די נאַטור איז פאַר

אים פונדאַמענטאַל; ער דערקלערט זי ווי זי קוקט אויס צו זיין. בוירקלי איז אָבער אַ סוביעקטיווער אידעאַליסט און טעאָלאָג, פאַרשווינדט פאַר אים די נאַטור פיזיש.

די „פּאַסירונגען" זיינען פאַרשיידן דערפאַר, וואָס זיי באַשטייען פון פאַרשיידענע אַספּעקטן פון אייביקע אָביעקטן וואָס פּרעזענטירן זיך צו דער זינלעכער דערפאַרונג, אָדער צום פאַרשטאַנד. די אייביקע אָביעקטן (אוניווערסאַלן) זיינען דער „נויטיקער באַדינג פאַר דער נאַטור", זיי זיינען „די עלעמענטן וואָס זיינען נויטיק פאַרן פּראָצעס".

קען מען זען פאַרוואָס ווהייטהעד האָט געענדערט דעם טערמין פּאַרטי־קולאַר (זאַך, אָדער אָביעקט) אויפן טערמין פּאַסירונג: ער האָט זיך אָפּגעזאָגט פונעם באַגריף, וואָס ווערט פאַרשטאַנען אונטערן טערמין פּאַרטיקולאַר, האָט ער זיך אויך אָפּגעזאָגט פונעם טערמין. ער האָט גענומען פאַר זיין אויסגאַנגס־פּונקט די פּאַסירונג, ווי זי קומט פאַר אין אַ געגעבענעם מאָמענט און האָט זי פּאָסטולירט אַלס די פונדאַמענטאַלע רעאַליטעט פון דער וועלט.

וואָלט ווהייטהעד געווען אַ פענאָמענאַליסט, וואָס נעמט אָן די דערשיי־נונגען, ווי זיי קומען פאָר פאַר ענדגילטיק און וויל ניט גיין ווייטער פון זיי, וואָלט דאָס ביז איצט געזאָגטע געווען גענוגנד. ווהייטהעד איז אָבער אַ מעטאַפיזיקער, וואָס פּרואווט דערקלערן די אָביעקטיווע רעאַליטעט פון דער וועלט, דאַרף מען זען ווי אַזוי ער דערקלערט זי.

ער זאָגט טאַקע, אַז די פּאַסירונג איז אַלץ וואָס ס'איז פאַראַן אין דער נאַטור, ער זאָגט אָבער גלייך אַז זי איז צוזאַמענגעשמאָלצן מיט אַלע אַנ־דערע פּאַסירונגען און זי מאַניפעסטירט זיך דורך אייביקע אָביעקטן, וואָס זיינען די עלעמענטן פון דער נאַטור און אַז די רעאַליטעט באַשטייט פון „אָרגאַניזמען". הייסט עס, אַז די פּאַסירונג איז פונדאַמענטאַל אין דעם מאָמענט, זי איז אָבער אַ טייל פון אַ קאַליידעסקאָפּישעס גאַנצעס און כדי זי צו פאַרשטיין אין איר פולקייט, דאַרף מען פאַרשטיין דאָס גאַנצע. און וועגן דעם לעצטן זאָגט ראָבינסאָן: „עס איז צווייפלהאַפט צי וועלכער עס איז לערער פון פילאָזאָפיע האָט אַ קלאָרן באַגריף וואָס ווהייטהעד מיינט מיטן טערמין פּאַסירונג, (ווען מען נעמט זי צוזאַמען מיט דער נויטיקער פאַרבינדונג); מען מעג אפילו צווייפלען צי ער אַליין האָט אַ קלאָרן באַגריף וועגן דעם, וואָס ער וויל אַרויסברענגען. דער טערמין שליסט אין זיך איין זיין גאַנצע פילאָזאָפיע... וואָס איז נאָך אין אַ פליסנדן צושטאַנד" (זע איני־טראָדוק. טו ליווינג פילאָסאָפיע, ז. 31). און דאָס זאָגט מען נאָך דעם, וואָס ווהייטהעד האָט אָנגעשריבן צען ביכער צו דערקלערן זיין שטאַנדפּונקט.

ווען מען ווייסט ניט וואָס ער מיינט אונטער „פּאַסירונג" אינעם זינען פון „אָרגאַניזם", ווייסט מען כאָטש פאַרוואָס ער האָט געביטן דעם טערמין פּאַרטיקולאַר (זאַך אָדער אָביעקט) אויפן טערמין פּאַסירונג. וועגן דער ענדערונג פונעם טערמין „אוניווערסאַל" אויף דעם טערמין „אייביקער אָבי־עקט" ווייסט מען אפילו ניט פאַר וואָס ער האָט געביטן די נעמען... מעגלעך, אַז ער האָט עס געטאָן דערפאַר, וואָס דער טערמין „אייביקער אָביעקט" דייט־טעט אָן אויף מער שטאַנדפּאַרטיקעס, מער זיכערעס ווי דער נעפּלהאַפטיקער

טערמין „אוניווערסאַל״, א טערמין וואָס איז היסטאָריש פאַרשטאַנען געוואָרן פאַרשיידנאַרטיק און איז אָפט אינגאַנצן ניט פאַרשטאַנען געוואָרן...

ער זאָגט עס טאַקע ווען ער דערקלערט וואָס ער מיינט אונטערן טערמין „אייביקער אָביעקט״. ער זאָגט: איך נוץ די פראַזע „אייביקער אָביעקט״ פאַר דעם וואָס איך האָב אָנגערופן „פלאַטאָנישע פאָרמע״. יעדער עפּעס וואָס א קאָנצעפּציאָנאַלע דערקלערונג (אבסטראַקטער באַגריף) שליסט ניט איין קיין אָנווייזונג אויף קיין באַשטימטער און קאָנקרעטער זאַך אין דער צייטלעכער וועלט, ווערט אָנגערופן אן „אייביקער אָביעקט״.

אין דער דעפיניציע מוז דער אבסטראַקטער באַגריף באַשטיין פון א פּראָצעס וואָס שליסט איין א פּאָזיטיוון געפיל, אז דאָס האָט א שייכות צו א קאָנקרעטער זאַך (פּראָסעס אונד רעאַליטי ז. 70) אויב ריכטיק פאַרשטאַנען אַנטהאַלט די דעפיניציע צוויי מאָמענטן: 1) אַ באַגריף פון אַן „אייביקן אָביעקט״ (א באַגריף וועגן א קוואַליטעט, רויט, צום ביישפּיל) מוז ניט זיין פאַרבונדן מיט אן אָנדייטונג אויף עטוואָס קאָנקרעטעס, צו דער זעלבער צייט אנטהאלט ער די פאַרבינדונג 2) א פּראָצעס פון א געפיל אז ס'מוז פּאָרט באַלאנגען צו א קאָנקרעטער זאַך („פּאַסירונג״). צום ביישפּיל: דער באַגריף פון רויטקייט פון דער פאַרגאַנגענער זון איז ניט פאַרבונדן מיט א ספּעציעלער דערשיינונג פון א זון־פאַרגאַנג. די רויטקייט אבער, ווי אן „אייביקער אביעקט״ (אן אוניווערסאלער באַגריף) איז פאַרבונדן מיט א געפיל, אז דאָס באַלאַנגט פּאָרט צו אן אקטועלער זאַך: — צו די עלעקטרישע כוואַליעס פון די מאָלעקולן אין דעם פאַל און ניט קיין רויטקייט פאַר זיך זעלבסט.

לויט דער אלטער טערמינאָלאָגיע האָט עס געמיינט, אז דער אוניווערסאַל איז ניט באגרענעצט מיטן פּאַרטיקולאַר (דער באַשטימטער זאַך), ער איז אָבער שטענדיק פאַרבונדן מיט אן עקזיסטירנדער זאַך.

ווהייטהעד האָט געענדערט דעם באַגריף וועגן דער רעאַליטעט און דעם צוגאַנג צו איר. פּרואווט ער אויך אריינפירן אן ענדערונג אין די קוואַליטאַטיווע אייגנשאַפטן. ער וויל זיי דערקלערן לויט דעם אַלגעמיינעם דינאַמישן צוגאַנג פונעם שטאַנדפּונקט פון פאַרהעלטענישן צווישן דערשיינונגען, אויך דער באַגריף זעלבסט דאַרף ווערן אַ טייל פון זיי. דאָס אַלץ צו דערקלערן, ספּעציעל מיט זיין געענדערטער טערמינאָלאָגיע, איז ניט קיין לייכטער ענין. דאָס איינציקע וואָס מען קען טאָן איז ברענגען א לענגערן אויסצוג, מיט דער האָפענונג, אז דער לעזער וועט עס פיליכט פאַרשטיין.

ער זאָגט: „אייביקע אָביעקטן זיינען לויט זייער נאַטור אַבסטראַקט. מיטן וואָרט אַבסטראַקט מיין איך, אַז אַן אייביקער אָביעקט איז אין זיך אַליין — וואָס ער איז אין זיין אייגענער עסענץ — ער קען פאַרשטאַנען ווערן אָן וועלכער עס איז פאַרבינדונג צו וועלכער עס איז ספּעציעלער דערפאַרונג. צו זיין אַבסטראַקט, מיינט צו איבערשטייגן פּאַרטיקולאַרע צופאַלן פון אקטועלע געשעענישן. אָבער איבערצושטייגן אַן אַקטועלן צופאַל, מיינט ניט זיין אָפּגעטיילט פון אים. פאַרקערט, איך האַלט, אז יעדער אייביקער אָביעקט האָט זיין אייגענע פּאַסיקע פאַרבינדונג מיט יעדן פון די צופאַלן, וואָס איך רוף אָן זיין מאָדוס, לויט וועלכן ער גייט אַריין אינעם באַטרעפנדן צופאַל. אַזוי אַרום דאַרף אַן

אייביקער אָביעקט פאַרשטאַנען ווערן דורך באַקאַנטשאַפט מיט: 1) זיין פּאַרטיקולאַרער אינדיווידואַליטעט, 2) דורך זיינע אַלגעמיינע פאַרהעלטע־נישן צו אַנדערע אייביקע אָביעקטן, וואָס האָבן די מעגלעכקייט זיך צו רעאַליזירן אין אַקטועלע צופאַלן, און 3) דורכן אַלגעמיינעם פּרינציפּ, וואָס דריקט אויס זיין אַריינגייען אין פּאַרטיקולאַרע אַקטועלע צופאַלן.

די דריי פאָרמען דריקן אויס צוויי פּרינציפּן: 1) דער ערשטער פּרינציפּ איז, אַז יעדער אייביקער אָביעקט איז אַן אינדיווידו, וואָס איז אויף זיין אייגנאַרטיקן שטייגער דאָס, וואָס ער איז. די פּאַרטיקולאַרע אינדיווידואַליטעט איז דער אייגנאַרטיקער עסענץ פונעם אָביעקט און קען ניט באַצייכנט ווערן אַנדערש, ווי ער איז פאַר זיך זעלבסט. אַזוי אַז אַן אינדיווידועלער עסענץ איז נאָר דער עסענץ, ווען מען באַטראַכט אים אין באַ־ציאונג צו זיין אייגנאַרטיקייט. אויסער דעם איז דער עסענץ פון אַן איי־ביקן אָביעקט נאָר דער אייביקער אָביעקט, ווען ער ווערט באַטראַכט ווי ער גיט צו זיין אייגנאַרטיקייט אַלס ביישטייער צו יעדער אַקטועלער געשעעניש. דער אייגנאַרטיקער ביישטייער איז אידענטיש פאַר אַלע אַזעלכע צו־פאַלן אין שייכות צום פאַקט, וואָס דער אָביעקט אין אַלע זיינע מאָדוסן פון אַריינקומען איז ער זיין אידענטישער זעלבסט. ער ענדערט זיך אבער פון איין פאַל צום צווייטן אין די אונטערשיידן פון די פאָרמען פון אַריינקומען.

ווי מען קען זען, באַשטייט דער מעטאַפיזישער סטאַטוס פון אייביקע אָביעקטן אין דער מעגלעכקייט זיך צו רעאַליזירן. יעדער אַקטועלער צופאַל ווערט דעפינירט אין באַצוג צו זיין כאַראַקטער דורך דעם ווי די מעגלעכקייטן ווערן אַקטואַליזירט אינעם געגעבענעם צופאַל. אַזוי אַז דער אַקטואַליזירן זיך באַשטייט פון אַן אויסקלייבן צווישן מעגלעכקייטן. מער פּינקטלעך, עס איז אַן אויסקלייבן, וואָס שטראַמט אַרויס אין אַ גראַדאַציע פון מעגלעכקייטן אין באַצוג צום רעאַליזירן זיך אין באַשטימטן צופאַל. דער שלוס פירט צום צווייטן מעטאַפיזישן פּרינציפּ: אַן אייביקער אָביעקט, ווען מען באַטראַכט אים ווי אַן אַבסטראַקטן עפּעס, קען ניט אָפּגעטיילט ווערן פון זיין שייכות צו אַנדערע אייביקע אָביעקטן און פון זיין שייכות צו דער אַקטואַליטעט אין אַלגעמיין, הגם ער איז אָפּגעטיילט פון זיינע ווירקלעכע מאָדוסן פון אַריינקומען אין באַשטימטע אַקטועלע פאַלן. דער פּרינציפּ ווערט אויס־געדריקט דורך דער באַהויפּטונג אַז יעדער אייביקער אָביעקט האָט אַן עסענציעלע פאַרהעלטעניש. די עסענציעלע פאַרהעלטעניש באַשטימט ווי אַזוי עס איז מעגלעך פאַרן אָביעקט אַריינצוקומען אין אַקטועלע צופאַלן" (סייענס ענד די מאָדערן וואָרלד, 228־230).

דאָס איז דער קלאָרסטער אויסצוג, וואָס געפינט זיך אינעם בוך וועגן אייביקע אָביעקטן (אוניווערסאַלן) און ער איז גאָר, גאָר ווייט פון קלאָר און פאַרשטענדלעך. עס איז באַוואוסט, אַז ווייטהעד „ספּעציאַליזירט" זיך צו מאַכן זיין ענין אַזוי שווער ווי מעגלעך. סטעבענס און אַנדערע קריטיקער דערקלערן עס דערמיט, וואָס אויסער דעם וואָס ער נוצט אַזאַ ספּעציעלע שווערע שפּראַך, איז ער אַליין ניט צופיל קלאָר אין דעם וואָס ער וויל אַרויסברענגען: ער האָט די פונדאַמענטאַלע באַגריפן פון זיין סיסטעם, זיי זיינען אָבער ניט מער ווי פּונקטן וואָס דאַרפן באַלייכטן אַ שטאָק־פינצטער־

ניש... ער וויל דערקלערן אַ זאַך, וואָס לאָזט זיך ניט דערקלערן אויף דעם אופן ווי ער וויל זי דערקלערן.

כדי צו מאַכן דעם אויסצוג פאַרשטענדלעך אויף וויפיל עס איז מעגלעך, וועט נויטיק זיין אָפּצופרישן אין געדאַנק וועגן וואָס עס האַנדלט זיך. והייטהעד האַלט, אַז די דירעקטע דערפאַרונג, ווי מען קריגט זי דורך די חושים, באַשטייט פון אַבסטראַקציעס, פון לאָגישע שלוסן און ניט פון קאָנקרעטע זאַכן ווי מען דענקט געוויינטלעך. די אַלע זאַכן, מיט וואָס מען איז אַרומגערינגלט זיינען לויט זיין מיינונג אי ניט פיקסירט, אי ניט אָפּגעטיילט איינע פון דער צווייטער; זיי באַשטייען פון „אָרגאַניזמען", וואָס זיינען פאַרקנופּט און פאַרבונדן צווישן זיך: מען נעמט נאָר אויף אַספּעקטן פון זיי. די אַספּעקטן רופט ער אָן פּאַסירונגען. אַלץ אין דער נאַטור באַשטייט פון פּאַסירונגען: צייט, רוים און „מאַטעריע" זיינען טיילן אין די פּאַסירונגען.

די פּאַסירונגען זיינען פיל־פאָרמיק דערפאַר, וואָס זיי טראָגן אייביקע פאָרמען (אייביקע אָביעקטן, אוניווערסאַלן). ווען אַ פּאַסירונג קומט פאָר, עפּעס אַנטשטייט פאַר דער זינלעכער דערפאַרונג, אָדער פאַר דער פאָרשטעלונג, מאַניפעסטירט עס זיך לויט באַשטימטע אייביקע פאָרמען: די פאַרגייענדע זון איז רויט, דער וואַקסנדער גראָז איז גרין א. אַז. וו. א.אַז. וו.

איז ווייטער די אַלטע פראַגע: פון וואָס באַשטייט דער עצם פון די „פּאַסירונגען" און פון די אייביקע אָביעקטן? און וואָס איז די שייכות צווישן זיי? דער אויסצוג איז געוועזן אַ „דערקלערונג", אין אים געפינט זיך אַ טייל פון והייטהעדס ענטפער.

ווען מען וויל דערקלערן והייטהעדן, פאַלט מען אריין אין דער זעלבער שוועריקייט אין וועלכער ער געפינט זיך, ווען ער וויל דערקלערן זיין שטאַנדפּונקט: מען דאַרף דערקלערן נייע באַגריפן מיט דער הילף פון אַ פיקסירטער שפּראַך־סימבאָליק.

די באַדייטונגען פון דער שפּראַך־סימבאָליק זיינען האַרטע און אַנטהאַלטן איינגעפונדעוועטע באַגריפן, וועלכע והייטהעד וויל ענדערן: פּרוּווט ער שאַפן נייע באַגריפן דורך אַלטע ווערטער — פאַרשטייט מען אים ניט... ער איז אַמווייניקסטנס זיכער אין דעם, וואָס ער וויל דערקלערן, ער ווייסט וואָס ער וואָלט וועלן אַרויסברייגנגען. דער וואָס וויל אים דערקלערן, קען די זיכערקייט ניט האָבן, מען קען ניט וויסן צי מען מאַכט ניט קיין טעות: דאַרף מען אונטערשטרייכן, אויב ריכטיק פאַרשטאַנען, אויב איך מאַך קיין טעות ניט א. אַז. וו.

דער אויסצוג הויבט זיך אָן מיט אַ דערקלערונג וואָס ער מיינט מיטן וואָרט אַבסטראַקט אין באַצוג צו „אייביקע אָביעקטן". צו זיין אַבסטראַקט, מיינט איבערשטייגן פּאַרטיקולאַרע קאָנקרעטע צופאַלן („פּאַסירונגען", דערשיינונגען). עס מיינט אָבער ניט, זיין אָפּגעטיילט פון זיי; פאַרקערט, יעדער „אייביקער אָביעקט" האָט אַלעמאָל זיין פאַרבינדונג מיט פּאַסיקע צופאַלן, ער האָט זיין באַדוס, דורך וועלכן ער גייט אריין אינעם צופאַל. דאָס מיינט, אַז והייטהעד גלויבט ניט אין קיין באַזונדערער עקזיסטענץ פון אייביקע אָביעקטן, זיי זיינען נאָר ניט באַגרענעצט מיט קיין ספּעציעלן צופאַל, זיי מאַניפעסטירן זיך אַלעמאָל דורך די צופאַלן. כדי צו פאַרשטיין וואָס אַן אייביקער אָביעקט איז, דאַרף מען זיין באַקאַנט מיט זיין אייגנאַרטיקייט, זיין באַציאונג צו אַנדערע

אייביקע אָביעקטן און ווי אזוי ער קומט אריין אין אַן אַקטועלן צופאַל, אָדער פּשוט ווי אזוי ער מאַניפעסטירט זיך.

זיין אייגנאַרטיקייט איז פונדאַמענטאַל און קען נאָר באַטראַכט ווערן אין באַצוג צום בייטראַג צו אַן אַקטועלער דערפאַרונג: רויטקייט, אָדער רונד־קייט קען אויף קיין אַנדער וועג ניט פאַרשטאַנען ווערן, ווי נאָר אין באַצוג צו אַ זאַך וואָס איז רויט אָדער רונד. זיין מעטאַפיזישער סטאַטוס באַשטייט אין אַ מעגלעכקייט זיך צו רעאַליזירן. פּשוט מיינט עס, אַז דאָס איז אַזוי ווייט ווי מ׳קען גיין; ס׳איז אַן ענדגילטיקער באַגריף און ווייטער פון דעם באַגריף קען מען ניט גיין. רונדקייט מאַניפעסטירט זיך דורך א רונדער רייף, אָדער עפּעס אַנדערש רונדעס; גרינקייט — דורך גראָז א. אַז. וו. און דאָ פּאָס־טולירט ער אַ צווייטן מעטאַפיזישן פּרינציפּ, אַז אַן אייביקער אָביעקט קען ניט אָפּגעטיילט ווערן פון זיין שייכות צו אַנדערע אָביעקטן מיט וועלכע ער גייט צוזאַמען, אָדער פון דער אַקטואַליטעט אין אַלגעמיין. די צוויי מעטאַפיזישע פּרינציפּן זיינען: 1) פּאָטענציאַליטעט צו רעאַליזירן זיך און 2) דער צו־זאַמענהאַנג מיט דער קאָנקרעטער אַקטואַליטעט און מיט אַנדערע אייביקע אָביעקטן.

פון דעם געזאָגטן קען מען זען אין וואָס פאַר אַ זינען מען קען זאָגן, אַז אייביקע אָביעקטן זיינען אַבסטראַקט און שטייגן אריבער די „פּאַסירונג״: אַ פּאַסירונג האָט אַ צייט־רוימלעכע לאָקאַליזאַציע, זי קומט פאָר ערגעץ אויף אַ קאָנקרעטן אופן און אין אַ באַשטימטער צייט, דער „אָביעקט״, ווי זיין נאָמען צייגט, איז „אייביק״ אינעם זינען פון אייביקער מעגלעכקייט זיך צו מאַניפעסטירן און דאָס מאַכט אים שוין אויך „אַבסטראַקט״, מען קען אים אַלס „אייביקן אָביעקט״ ניט קאָנקרעטיזירן, אַלס אייביקן אָביעקט קען מען אים ניט לאָקאַליזירן.

דער „מעטאַפיזישער סטאַטוס״ פון אייביקע אָביעקטן איז די פּאָטענ־ציאַליטעט זיך צו אַקטואַליזירן אין דער פּאַסירונג ווען זי קומט. דאָס דאַרף זיין אולטימאַטיוו פאַרן מענטשלעכן פאַרשטאַנד, ווייטער קען ער ניט גיין: ווען אַ פּאַסירונג קומט, קומט זי אין דער באַשטימטער פאָרמע. דאָס איז דער גאַנג פון דער נאַטור, ער ווערט „קאָנטראַלירט״ פונעם „פּרינציפּ פון קאָנקרעטיזאַציע״, אָדער פונעם „פּרינציפּ פון לימיטאַציע״. דאָס איז אויך אַ מעטאַפיזישער פּרינציפּ: מען קען אים אָנרופן „גאָט״.

אַז ווהייטהעדס שטאַנדפּונקט איז ריכטיק איבער־געגעבן געוואָרן ווערט באַשטעטיקן אַן אויסצוג פון דאָראָטי עמעטס בוך „ווהייטהעדס פילאָזאָפיע פון אָרגאַניזמען״. דאָס בוך האָט ווהייטהעד געלייענט אין מאַנוסקריפּט, קען מען זיין זיכער אַז זיינע געדאַנקען זיינען אין אים איבערגעגעבן געוואָרן ריכטיק. זי זאָגט: „דער וויכטיקסטער פּונקט אין דעם בליק אויף דער נאַטור איז צו באַווייזן, אַז ווען פּאַסירונגען דערשיינען, גייען פאַרביי און פאַרשווינדן, האַלט זייער שטראָם אָן פּערמאַנענטע און דערקענבאַרע אייגנ־שאַפטן, וואָס מאַכן מעגלעך די זינלעכע דערפאַרונג און די נאַטור־וויסנ־שאַפט און וועלכע ווערן באַשריבן אַלס „אָביעקטן״... אין ברייטן זין דעפינירט ער זיי אַלס „באַשטימונגס פאָרמען״, אָדער „ריינע מעגלעכקייטן פאַר דער ספּעציפישער באַשטימונג פוןווירקלעכקייטן״. דער מעטאַפי־זישער סטאַטוס פון אַן אייביקן אָביעקט איז דערפאַר דער זיין אַ מעגלעכ־

קייט פאַר רעאַליזאַציע" (113). און „ער וואָלט געקענט דעפינירן אוניווער־סאַלן אַלס ווידערהאָלנדע טיפּן פון איינפאָרמיקייט, וואָס צייגן זיך אַרויס אינעם פּראָצעס, אָבער וואָס האָבן ניט קיין סטאַטוס אויסער אים... דער גאַנצער פּראָצעס קען אַרויסצייגן באַשטימטע אַלגעמיינע איינפאָרמיקייטן און ווידערהאָלנדע טיפּן און ווען מיר דערקענען די ענלעכקייט צווישן זיי, גיבן מיר זיי אַלגעמיינע נעמען. דאָס קען מיינען, אַז דער אייביקער אָביעקט עקזיסטירט אינגאַנצן ניט ביז ער ווערט אילוסטרירט אין דער ווירקלעכקייט, ער איז פּשוט אַ פאָרמולע, אָדער אַ פאָרמע פון אַ דעפיניציע, וואָס צייגט זיך אַרויס אין אַ פּראָצעס; און ווען ער האָט זיך אַרויסגעצייגט אין פאַרשיידענע פּראָצעסן, גיבן מיר אים אַן אַלגעמיינעם נאָמען" (108). די ציטאַטן באַשטעטיקן דאָס, וואָס עס איז פריער געזאָגט געוואָרן אַז לויט ווהייטעדן איז דער מעטאַפיזישער סטאַטוס פון אייביקע אָביעקטן (אוניווערסאַלן) די פּאָטענציאַליטעט זיך צו רעאַליזירן אין דער פּאַסירונג. ווען אַ פּאַסירונג דערשיינט, מאַניפעסטירט זי זיך אין אַ באַשטימטער און דעפינירטער פאָרמע: דאָס איז דער גאַנג פון דער נאַטור, עס איז ענדגילטיק פאַרן פאַרשטאַנד...

צו רעזומירן מיינט עס, אַז ווהייטהעדס באַגריף וועגן דער רעאַליטעט פון דער וועלט איז, אַז זי באַשטייט פון אַ פליסיקן פּראָצעס, וואָס מאַניפעסטירט זיך אין ווידערהאָלנדע פאָרמען (אוניווערסאַלן, אָדער „אייביקע אָביעקטן"). די פאָרמען זיינען עלעמענטן אין דער נאַטור, וואָס זיינען נויטיק פאַרן פּראָצעס, זיי זיינען אָבער אייביקע, קען מען ניט נוצן דעם אויסדרוק אַנטשטייענד (אימאַרגאַנט) אין באַצוג צו זיי. אַליין אָבער האָבן זיי פאַר זיך ניט קיין באַזונדערע עקזיסטענץ, זיי קומען מיט דער פּאַסירונג.

אַזוי האָט זיך ווהייטהעד אינגאַנצן אָפּגעזאָגט פונעם קוואַליטאַטיוון צוגאַנג צו דער וועלט, פונעם באַגריף פון דער עקזיסטענץ פון זאַכן און זייערע אייגנשאַפטן און האָט גענומען די פּאַסירונג אין פאַרהעלטעניש צום מענטשן פאַר זיין אויסגאַנגס־פּונקט. אויף דעם אופן, גלויבט ער, קען ער לייזן דעם אוניווערסאַל־פּאַרטיקולאַר פּראָבלעם. אָבער ווהייטהעד איז צו דער זעלבער צייט אַן אויסגעהאַלטענער מאָניסט, ער זאָגט זיך אָפּ פון „צעשפּאַלטן די נאַטור" אויף אַ פּסיכישער" און „פיזישער" נאַטור. ער זאָגט: „אריינשלעפּן דעם פאַרשטאַנד, אַז ער זאָל צוגעבן אייגנס צו דער פּרעזענטירנדער זאַך אין דער פּערצעפּציאָנעלער דערפאַרונג, איז ניט מער ווי אַ מיטל ווי אַזוי אויסצומיידן דעם פּראָבלעם פון דער נאַטור־פילאָזאָפיע... מיר קענען ניט אָפּטיילן און קלייבן. פאַר אונדז איז די רויט־גליענד פאַרגייענדע זון אַזאַ טייל פון דער נאַטור, ווי עס זיינען די מאָלעקולן און די עלעקטרישע כוואַליעס, לויט וועלכן די וויסנשאַפטסלייט דערקלערן די דערשיינונגען" (זע די קאָנסעפּט אָוו נייטשור, זז. 29־30).

ער זאָגט זיך אָפּ פון דער היסטאָריש־באַוואוסטער טיילונג פון קוואַליטעטן אויף „פּרימערע", אויף אַזוינע וואָס באַלאַנגען צו דער נאַטור פאַר זיך, און „סעקונדאַרע", אַזוינע וואָס זיינען נאָר פאַראַן פאַר אַ באַטרעפנדן חוש און ניט פאַר זיך אַליין. לויט דער דאָזיקער היסטאָרישער טיילונג קומט אויס, אַז וואָס אַנבאַלאַנגט די לעצטע, די „סעקונדאַרע

קוואַליטעטן", איז דער באַטרעפנדער חוש אַ מין שותף, ער גיט עפּעס צו צו דער נאַטור. קעגן דער טיילונג טרעט אַרויס וווהייטהעד, אַזוי גוט ווי אַלע אַנדערע אויסגעהאַלטענע מאָניסטן טרעטן ארויס. ער זאָגט, אז מיר קענען ניט „באַרויבן" די נאַטור פון קאָלירן און קלאַנגען; זיי באַלאַנגען צו איר אַזוי גוט, ווי די פאַקטאָרן, וואָס רופן זיי אַרויס. אַלס אויסגעהאַלטענער מאָניסט גייט ער נאָך ווייטער פון דעם — ער זאָגט: „אַבסטראַאירן (דענקען אין אבסטראַקט) איז אַן אויסדרוק פון דער נאַטורס צוזאַמענווירקונג און איז ניט נאָר מענטאַל (פּסיכיש). ווען מען אַבסטראַאירט, באַשטעטיקט מען די נאַטור אין גערדאַנק: אָדער בעסער געזאָגט, דער געדאַנק ציגט זיך אַרויס אַלס אַן עלעמענט אין דער נאַטור" (זע סימבאָליזם. איטס מינינג ענד עפעקט, ז. 26). עס מיינט, אַז דער אינהאַלט פונעם געדאַנק באַלאַנגט צו דער נאַטור. ער גייט אָבער נאָך ווייטער; ער זאָגט: „די פּונקטן וואָס איך וויל אונטערשטרייכן, זיינען: 1) אַז די טיילונג צווישן מענטאַליטעט און נאַטור האָט קיין גרונט ניט אין אונדזערע פונדאַמענטאַלע באַאָבאַכטונגען. מיר לעבן אין דער נאַטור. 2) איך באַשטים, אַז מיר דאַרפן אָננעמען אַז די מענטאַלע פּראָצעסן זיינען צווישן די פאַקטאָרן וואָס פאָרמירן דעם צוזאַמענשטעל פון דער נאַטור. 3) מיר זאָלן צוריקווייזן די מיינונג אַז עס זיינען פאַראַן נוצלאָזע, אָדער ווערטלאָזע רעדער אינעם פּראָצעס פון דער נאַטור. יעדער דערשיינענער פאַקטאָר ברענגט אַריין אַן אונטערשייד, און דער אונטערשייד קען נאָר אויסגעדריקט ווערן אין טערמינען פונעם אינדיווידועלן כאַראַקטער פונעם באַטרעפנדן פאַקטאָר. 4) אונדזער אויפגאַבע באַשטייט איצט צו דעפינירן די נאַטירלעכע פאַקטן אַזוי, אַז מען זאָל פאַרשטיין ווי אַזוי פּסיכישע (מענטאַלע) פּאַסירונגען ווירקן אין דער באַשטימונג פונעם ווייטערדיקן גאַנג פון דער נאַטור" (נייטשור ענד לייף, זז. 32־33).

דאָס אַלץ איז ניט ניי, יעדער אויסגעהאַלטענער מאָניסט מוז אויסשפּרייטן אויף איין אויבערפלאַך אַלע נאַטור־דערשיינונגען, איינשליסנדיק דעם מענטשלעכן דענקען מיטן אינהאַלט פונעם געדאַנק. וווהייטהעד אָבער האַלט, אַז דער גאַנצער בליק, וואָס מ'האָט אויף דער רעאַליטעט איז אַ פאַלשער, ער דאַרף ראַדיקאַל געענדערט ווערן און די וועלט דאַרף אַוועקגעשטעלט ווערן אויף נייע יסודות. היות ער איז אַ טיפער און אָריגינעלער דענקער, האָט ער זיך גענומען פאַר דער אויפגאַבע צו דערקלערן די נאַטור מיט אַלע אירע דערשיינונגען אויף אַ נייעם אופן. אַוועקלייגנדיק נייע גרונטלאַגן, אָדער קאַטעגאָריעס, האָט ער אויך געשאַפן אַ נייע טערמינאָלאָגיע; אָבער די נייע טערמינאָלאָגיע מוז דערקלערט ווערן דורך דער אַלטער, וואָס האָט אַ גאַנץ אַנדער מיין, האָט ער שוועריקייטן צו דערקלערן זיין שטאַנדפּונקט און דער לייענער האָט נאָך מער שוועריקייטן אים צו פאַרשטיין. פאַקטיש האָט מען פאַר זיך דעם עדות זאָגן פון דאָראָטי עמעט, אַז וווהייטהעדן האָט זיך ביז איצט נאָך ניט איינגעגעבן צו דערקלערן זיין שטאַנדפּונקט און מען האָט פאַר זיך די מיינונג פון סוסאַן סטעבענס, אז אים אליין איז נאָך ניט קלאָר דער ענין, וואָס ער וויל דערקלערן: זיינע ביכער זיינען מער ניט ווי פונקען, אָדער אפילו בליצן, וואָס קענען ניט וואַרפן קיין גענוגענדן און דויערנדיקן ליכט, וואָס זאָל

דערמעגלעכן צו זען זיין פילאָזאָפישע סיסטעם ווי א גאַנצע און אויס־געהאַלטענע.

די לעצטע פּאָר באַמערקונגען זיינען געמאַכט געוואָרן דערפאַר, וואָס כדי צו דערקלערן ווי אַזוי וויטהעד פאַראייניקט דאָס, וואָס איז פאַר־שטאַנען געוואָרן אַלס פיזישע, מיט דעם, וואָס איז אָנגענומען געוואָרן אַלס פּסיכישע (מענטאַלע) אין איין גאַנצקייט און ברענגט צו דער זעלבער צייט אַרויס די שייכות צווישן דער פּאַסירונג (פּאַרטיקולאַר) און די אייבּיקע אָביעקטן (אוניווערסאַלן) און ווי זיי ביידע ווערן פאַרשטאַנען פונעם מענטשן, וועט נויטיק זיין אַריינצוברענגען אַ נייעם טערמין. אויך דער נייער טערמין באַצייכנט אַן אַלטן באַגריף, ער ענדערט אים אָבער אַזוי און מאַכט אַזוינע נייע פאַרבינדונגען פאַר אים, מיט אים און דורך אים, אַז ער איז געווען געצוואונגען צו געבן אים אַ נייעם נאָמען.

עס איז פריער ציטירט געוואָרן ווי ער זאָגט, אַז די דאָקטרין וואָס ער פאַרטיידיקט, אַז ניט די פיזישע נאַטור באַזונדער גענומען און ניט לעבן באַזונדער גענומען קענען פאַרשטאַנען ווערן: כדי זיי צו פאַרשטיין דאַרף מען צונויפהעפטן זייערע ביידנס אייגנשאַפטן. מען דאַרף צוגעבן צו דער נאַטור דעם שטראָם פון לעבן און אין לעבן דאַרף מען אַריינ־נעמען דעם באַגריף פון דער פיזישער נאַטור. איצט דאַרף מען צוגעבן, אַז כדי צו פאָרמירן אַ פולקאָמענע גאַנצקייט, דאַרף מען צוגעבן דעם דריטן פאַקטאָר, מען דאַרף אויך צוגעבן דאָס, וואָס ווערט געוויינטלעך פאַרשטאַנען אַלס פּסיכישעס. כדי אָבער די פאַראייניקונג זאָל קענען פאָרקומען איז נויטיק אַריינצוברענגען די צענטראַלע אייגנשאַפט, וואָס שניידט דורך אַלץ אין דער נאַטור און דאָס איז „פּרעענציע". דאָראָטי עמעט דעפינירט „פּרעענציע" ווי אַ מין אוניווערסאַלן געפיל, אַן אַלגע־מיינע עמפינדלעכקייט. עס מיינט אָבער אי וויניקער ווי דאָס, אי מער ווי דאָס, אי עטוואָס אייגנאַרטיקעס, וואָס קען ערשט פאַרשטאַנען ווערן, ווען מען פאַרשטייט דעם עצם פון זיין פילאָזאָפיע...

אונטער „פּרעענציע" ווערט פון וויטהעדן פאַרשטאַנען די רעגיסט־ראַציע פון דער ווירקונג פון די סטימולן, וואָס אַן „אָרגאַניזם" קריגט פון אַלע אַנדערע „אָרגאַניזמען" אין דער נאַטור. די אינטענסיוויטעט פון דער „פּרעענציע" (עמפינדלעכקייט) איז אין דירעקטער פּראָפּאָרציע צו דער שטופע פונעם אויפנעמענדן „אָרגאַניזם". ווען דער „אָרגאַניזם" איז אַ מענטש, ווערט פון דער „פּרעענציע" אַן „אַפּרעענציע" (אַ באַוואוסטזיניק ווערן) וועגן דעם סטימולירנדן פאַקטאָר. דער אופן ווי דאָס ווירקנדע ווערט אינטערפּרעטירט (אינעם באַוואוסטזיין) ווענדט זיך אינעם פאַקטאָר וואָס סטימולירט. איז דער פאַקטאָר אַן אָרגאַניזירטע פּאַסירונג, אַנטשטייט אַ באַגריף פון אַ פיזישן קעגנשטאַנד, איז אָבער דער פאַקטאָר אַן אייביקער אָביעקט (אַן אוניווערסאַל) אַנטשטייט אַן אַבסטראַקטער באַגריף פאַרן פאַרשטאַנד.

כדי צו באַשטעטיקן, אַז וויטהעדס שטאַנדפּונקט איז ריכטיק איבערגעגעבן געוואָרן, וועט געבראַכט ווערן אַן אויסצוג פון דאָראָטי עמעטס בוך, זי האָט געוויס קיין טעות ניט געמאַכט אין זיין פילאָזאָפיע: זי דער־ציילט, אַז וויטהעד האָט דעם גרעסטן טייל פון איר אַרבעט געלייענט

און האָט איר דערמוטיקט זי צו דרוקן. זי זאָגט: „ווען מיר באַטראַכטן ווהייטהעדס טעאָריע וועגן פּילן (זיין עמפּינדלעך) דאַרפן מיר קודם כל מאַכן אַ געניעם אונטערשייד צווישן אַ פיזישן (עמפּינדלעכן זיין) און פּילן אַ באַגריף (ווערן באַוואוסטזיניק וועגן עפּעס). דאָס מיינט באַטאָנען, אין אַנ־דערע ווערטער און אין אַ בולטערער פאָרמע, דעם אונטערשייד צווישן אַ פיזישער פּרעזענציע (פּילן עפּעס) און אַ קאָנצעפּציאָנעלער פּרעזענציע (קריגן אַ באַגריף וועגן עפּעס). מען דאַרף אין זינען האָבן, אַז ער נעמט אָן, אַז יעדע דערשיינונג באַזיצט צוויי פּאָלוסן, אַ פיזישן און אַ פּסיכישן. דער „פיזישער פּאָלוס" באַשטייט אין דעם זיין עמפּינדלעך (פּילן) פאַר אַנדערע דערשיינונגען (איוועטנס, זאַכן, אָביעקטן אָדער פּאַרטיקולאַרן), איר „מענ־טאַלער פּאָלוס" באַשטייט אין ווערן אינפאָרמירט (באַוואוסטזיניק ווערן) וועגן אייביקע אָביעקטן (געדאַנקלעכע באַגריפן) וועלכע ווערן דאַ אָנגערופן אַ קאָנצעפּציאָנעלער פּילן (קריגן אַ באַגריף). לויט ווהייטהעדן קומט אויס אַז יעדע פּרעזענטירנדע אַקטואַליטעט באַזיצט אויך אַ מענטאַלן פּאָלוס, ער איז אָבער אין די מערסטע פּאַלן אַזאַ שוואַכער אַז ער מאַכט ניט קיין איינדרוק. דערפאַר דאַרפן מיר ניט צוזאַמענמישן דעם „קאָנצעפּציאָנעלן פּילן" מיט דעם קליינעם טייל פון אונזערע אינטעלעקטועלע עמפּינדונגען וואָס באַשטייען פון באַוואוסטזיניק ווערן. אַ קאָנצעפּציאָנעלער פּילן (עמפּינדונג) איז יעדער פּילן וועגן אַן אייביקן אָביעקט (אוניווערסאַלער באַגריף); — דאָס מיינט באַגרייפן אַ נייע מעגלעכקייט" (זע ווהייטהעדס פילאָסאָפיע אָור אָרגאַניזמען ז. 146).

ווהייטהעדס „פּרעזענציע" דערמאָנט אין ספּינאָזעס אימאַנענץ באַגריף, אַז יעדע זאַך ווירקט און ווערט באַווירקט פון יעדער אַנדער זאַך אין דער נאַטור. אין שייכות צום מענטשן מיינט עס, אַז ער באַזיצט צוויי פאָרמען פון עמפּינדלעכקייט (צוויי פּאָלוסן). איין פאָרמע איז די וואָס ער נעמט אויף דורך זיינע חושים פיזישע זאַכן (פּאַסירונגען). די צווייטע פאָרמע איז דער אויפנעמען אַבסטראַקטע באַגריפן דורך דעם פאַרשטאַנד (אייביקע אָביעקטן) אָבער אי דאָס פיזישע זאַכן („פּאַסירונגען") אי דער אינהאַלט פון די אַבסט־ראַקטע באַגריפן (דאָס וועגן וואָס מען דענקט) קומען פון דער נאַטור, זיי זיינען ניט דעם מענטשנס פּריוואַטער אייגנטום. דער אונטערשייד איז דער וואָס די ערשטע דערשיינען פּאַקטיש פאַר די חושים און די צווייטע „דער־שיינען" פאַר דעם פאַרשטאַנד און ער ווערט באַוואוסטזיניק וועגן זיי אָדער אין דער פאָרמע פון אַבסטראַקטע באַגריפן אָדער אין דער פאָרמע פון אידייעס וואָס קומען צוזאַמען מיט אַקטועלע דערשיינונגען. אָבער זיי אַלע באַלאַנגען צו דער נאַטור און ניט צום מענטשן ווי אַן אייגענער פּסיכישער אינהאַלט.

אַזוי „לאָקאַליזירט" ווהייטהעד דעם גאַנצן מענטשלעכן דענקען און טראַכטן, זיינע חלומות און פאַנטאַזיעס; זיין גאַנצע אינטעלעקטועלע שאַ־פונג אַלס פאָרמען פון פּראָצעסן אין דער נאַטור („אייביקע אָביעקטן"), וואָס מאַניפעסטירן זיך בלויז דורך אים (זיין דענקען און טראַכטן) אַלס באַגריפן. לויט זיין מיינונג איז דער אונטערשייד צווישן דעם באַגריף רויט און רויטקייט פון אַ זאַך ניט אין דעם, וואָס דאָס ערשטע באַשטייט פון אַ באַגריף, וועגן וועלכן איינער

דענקט און דאָס צווייטע באַשטייט פון אַ קאָליר, וואָס איז פאַרבונדן מיט אַ זאַך, נאָר אין דעם, וואָס דאָס ערשטע קומט פון דער נאַטור אין דער פאָרמע פון אַן אייביקן אָביעקט (אוניווערסאַל) פאַרבינדט עס זיך מיט איין „פּאָלוס״ און ווערט אָנגערופן דענקען און דאָס צווייטע קומט אַלס אַ פּאַ־סירונג ווירקט עס אויף דעם צווייטן „פּאָלוס״ פון דער עמפּינדלעכקייט און ווערט אָנגערופן פיזישע זאַך...

צו לעצט וועט פון ווהייטהעדן ציטירט ווערן אַ לענגערער אויסצוג, ווי אַזוי ער „דערקלערט״ דעם ענין. ער זאָגט אָבער אינעם אָנהויב פון דעם קאַפּיטל, אַז די וואָס האָבן ניט קיין געפיל פאַר מעטאַפיזיק קענען עס איבער־היפּן... עס וועט ניט געגעבן ווערן קיין דערקלערונג וועגן דעם באַדייט פונעם אויסצוג. וועגן דעם קאַפּיטל האָט עס געזאָגט דער רעצענזענט פונעם פילאָזאָפישן זשורנאַל „מיינד״, „דאָס איז העכסט וואַרשיינלעך אינ־טערעסאַנט, נאָר ליידער פאַרשטיי איך עס ניט...״ והייטהעד זאָגט: „אין יעדן קאָגנעטיוון אַקט (באַוואוסטזיניק ווערן וועגן עפּעס) איז דאָס, וועגן וואָס מען ווערט אינפאָרמירט, אַן אַקטועלע געשעעניש פון דערפאַרונג, ווי עס ווערט אונטערשיידט דורך דער שייכות צו אַ ספערע פון זאַכן, וואָס שטייגן אַריבער די אוממיטלבאַרע געשעעניש, צי דורך דעם וואָס זיי האָבן ענלעכע, אָדער פאַרשיידענע פאַרבינדונגען מיט אַנדערע געשעענישן פון דערפאַרונג, צום ביישפּיל, אַ באַשטימטער רויטער קאָליר קען אין דער אוממיטלבאַרער געשעעניש זיך געפינען צוזאַמען מיט א פאָרמע פון רונדקייט אויף וועלכן עס איז אופן. אָבער דער זעלבער רויטער קאָליר און די זעלבע פאָרמע פון רונדקייט צייגן זיך צו דער זעלבער צייט אַלס אַריבערשטייגנדיק דער דאַ־זיקער טרעפעגונג דורך דעם, וואָס זיי האָבן אַנדערע פאַרבינדונגען און אַנ־דערע געשעענישן.

אויך אויסער דער אַקטועלער פּאַסירונג פון די זעלבע זאַכן אין אַנדערע געשעענישן, איז יעדע אַקטועלע געשעעניש אריינגעשטעלט אין אַ ספערע פון ענדערנדע קעגנזייטיקע פאַרבינדונגען פון זאַכן. די דאָזיקע ספערע ווערט אַנטדעקט דורך אַלע ניט אמתע באַהויפּטונגען (פּראָפּאָזיציעס), וואָס קענען געזאָגט ווערן מיט באַדייטונג וועגן יענער טרעפעגונג. עס איז די ספערע פון ענדערנדע אָנדייטונגען, וועמענס אָנהאַלט אין דער אַקטואַ־ליטעט שטייגט אריבער יעדע אַקטועלע געשעעניש. די רעאַלע שייכות פון די ניט אמתע באַהויפּטונגען (פּראָפּאָזיציעס) פאַר יעדער אקטועלער גע־שעעניש איז אַנטדעקט דורך קונסט, ליטעראַטור און דורך קריטיציזם אין שייכות צו אידעאַלן. דער פונדאַמענט פון דער מעטאַפיזישער פּאָזיציע וואָס איך האַלט איז, אַז אום צו פאַרשטיין דאָס אַקטועלע, דאַרף מען האָבן פאַרן אויג דאָס אידעאַלע. די צוויי ספערן זיינען אינערלעך אומשיידבאַר אין דער טאָטאַלער מעטאַפיזישער סיטואַציע. דער אמת, אַז אַ באַשטימטע באַהויפּ־טונג (פּראָפּאָזיציע) אין באַצוג צו אַן אַקטועלער געשעעניש איז ניט אמת, קען אויסדריקן דעם העכסטן אמת, וואָס אנבאַלאַנגט דער עסטעטישער דער־גרייכונג. עס דריקט אויס דעם „גרויסן אָפּזאָג״, וועלכער איז זיין אור־שפרינגלעכע אייגנשאַפט. אַ פּאַסירונג איז באַשטימענד אין דער פּראָפּאָרציע צו דער וויכטיקייט (פאַר איר) פון אירע ניט אמתע פּראָפּאָזיציעס (באַהויפּ־טונגען); זייער שייכות צו דער פּאַסירונג קען ניט אָפּגעטיילט ווערן פון

דעם, וואָס די פּאַסירונג איז אין זיך זעלבסט אינעם זין פון אַ דערגרייכונג. די דאָזיקע איבערשטייגנדע עפּעסן זיינען אָנגערופן געוואָרן אוניווערסאַלן. איך באַנוץ דעם טערמין „אייביקע אָביעקטן" כדי ניט זיין צוגעבונדן צו די פון פאַראויס אָנגענומענע מיינונגען, וואָס גייען צוזאַמען מיטן אַלטן טערמין (אוניווערסאַל) אַ דאַנק דעם, וואָס מען האָט אים גענוצט אַזוי לאַנג אין דער פילאָזאָפיע" (סייענס ענד די מאָדערן וואָרלד, זז. 227־228).

די קורצע אָפּהאַנדלונג דאַרף ניט באַטראַכט ווערן ווי אַ דערקלערונג פון ווהייטהעדס פילאָזאָפיע. מ'קען זען, אַז ווהייטהעדן קען מען אַזוי לייכט ניט דערקלערן. די אַבזיכט איז אָבער ניט געווען אים צו דערקלערן, נאָר צו ווייזן ווי ווייט אייניקע דענקער גייען אין זייער ענדערונג פון דער וועלט, כדי אַרויסצוברענגען אַן איינהייטלעכקייט. ווהייטהעד איז אַוועק צו פּלאַטאָנען (זיינע אייביקע אָביעקטן האָבן אַן ענלעכקייט צו פּלאַ־טאָנס אידייעס) כדי צו קענען אויסשפּרייטן אויף איין אויבערפלאַך די וועלט, דעם מענטשן און דעם אינהאַלט פון זיין באַוואוסטזיין; כדי צו קענען „באַווייזן", אַז דער אינהאַלט פונעם פאַרשטאַנד: די מענטשלעכע באַגריפן, חלומות און פאַנטאַזיעס, וואָס ווערן אָנגענומען אַלס אַ סוביעקטיווע אייגנשאַפט פון יעדן מענטשן, איז אַ שטיק „נאַטור", וואָס מאַניפעסטירט דורך אים, דעם מענטשן, און ער איז ניט מער ווי אַ צענטער פון „פּרעזענציע" (עמפּינדלעכקייט).

ערשט נאָך דעם אַלעמען קומט אַרטור לאַוודזשאָ אין זיין בוך „די רעוואָלט אַגעינסט דואַליזם" (די רעוואָלוציע קעגן אַ טאָפּלטקייט) און באַווייזט אַז ווהייטהעדס צוריקווייזן פון „פּשוטע לאָקאַליזאַציע" קען אויסגעטייטשט ווערן אויף 7 אופנים און אין יעדן איינעם פון זיי וועט ערשט בלייבן אַ באַשטימטע פאָרמע פון טאָפּלטקייט... און דאָראַטי עמעט זאָגט, אַז זי שטימט איין מיט לאַוודזשאָען מיטן גאַנצן הארצן. און בערטראַנד ראָסעל, וואָס איז איינער פון די ערשטע נעאָ־רעאַליסטן און וועלכער איז פאַר אַ צייט געווען דער וויכטיקסטער נעאָ־רעאַליסט, זאָגט איצט „אַז דער וויסן איז אַן אומדירעקטער שיינט צו זיין אַזוי זיכער ווי וואָס עס איז, קען מען האָפן, איז זיכער אין דער וויסנשאַפט" (אַנאַליזעס אָוו מאַטטער, ז. 197).

עס מיינט, אַז פונעם עפּיסטאָמאָלאָגישן דואַליזם קען מען זיך ניט באַפרייען און, אַז מען קען ניט באַרויבן דעם פאַרשטאַנד פון זיין אינהאַלט: באַגריפן באַלאַנגען צו אים און ניט צו דער אויסערלעכער וועלט.

געוויס האָט אויך דער דואַליסטישער שטאַנדפּונקט, וואָס ווערט דאָ פאַרטיידיקט, זיינע שוועריקייטן. אויף אייניקע פון זיי איז שוין אָנגעוויזן געוואָרן, אויף אַנדערע וועט שפּעטער אָנגעוויזן ווערן. וועלכן שטאַנדפּונקט מען זאָל ניט אָננעמען, וועט עפּעס בלייבן ניט דערקלערט. אַן איראַציאָנאַלער מאָמענט וועט אַלעמאָל מוזן בלייבן: אַלץ צו דערקלערן קען מען אפילו ניט האָפן...

די אינטערפּרעטאַציע אָבער, וואָס ווערט אין דער אַרבעט נאָכגעפאָלגט, איז אין איינקלאַנג מיט דעם גראַדן פאַרשטאַנד, אי מיט דער וויסנשאַפט; זי האָט פלאַץ פאַר אַלע נאַטור־פאַקטן און זי פאָדערט ניט קיין ראַדיקאַלע ענדערונג פון דער וועלט, ווי ווהייטהעדס און אַנדערע טעאָריעס פאָדערן;

בכלל גלויבט זיך ניט, אַז די מענטשהייט האָט געמאַכט אַזאַ גרויסן טעות מכח דער רעאַליטעט פון דער וועלט, ווי וההייטהעד דענקט, און זיין „קאָרעגירטע" וועלט לייגט זיך ניט אויפן שכל—זי איז צו פאַנטאַסטיש מען זאָל זי קענען אָננעמען פאַר ריכטיק.

דאָס בילד וואָס ווערט אין דער אַרבעט געמאָלן פון דער וועלט איז געוויס ניט אַזוי אימפּאָזאַנט, ווי עס זיינען וההייטהעדס און ענלעכע בילדער, זי איז אָבער מער אין איינקלאַנג מיט די פאַקטן וואָס מען ווייסט און מיטן שכל הישר...

ווען מען נעמט אָן דעם עפּיסטאָמאָלאָגישן דואַליזם, קומט אויס, אַז אינעם אוניווערסאַל־פּאַרטיקולאַר פּראָבלעם זיינען צוזאַמענגעמישט באַזונדערע פּראַגן; עס איז צוזאַמענגעמישט געוואָרן די דערקענטעניש־פּראַגע אין איר שייכות צום וויסן פון דער וועלט; די רעאַליטעט פון דער אויסערלעכער וועלט און דער אינהאַלט פונעם מענטשלעכן אַבסטראַקטן דענקען און אַ פּלאַנטער איז דער רעזולטאַט. די פּראַגן מוזן צעטיילט ווערן און באַזונדער באַטראַכט ווערן.

עס ווערט אָנגענומען, אַז קאָגנאַציע, דער וויסן פון דער וועלט, איז אַ מענטשלעכע אייגנשאַפט. דער וויסן געפינט זיך אינעם פאַרשטאַנד אינערלעך אין מאַרך און די זאַך, וועגן וועלכער מען ווערט באַוואוסטזיניק, איז אין דער אויסערלעכער וועלט. אמת, דער וויסן האָט זיך אַנטוויקלט אין פאַרבינדונג מיט דער וועלט און קען ניט גענומען ווערן ווי עטוואָס פאַר זיך אָן דער פאַרבינדונג מיט דער רעאַליטעט. ס'איז זעלבסטפאַרשטענדלעך, אז די רעאַליטעט פון דער וועלט מוז זיך אריינשניידן אין דעם באַוואוסטזיין, כדי מען זאָל אויף איר ווערן באַוואוסטזיניק. דער פאַקט דאַרף אָבער ניט צוזאַמענגעמישט ווערן מיט דעם אינהאַלט פון דעם פאַרשטאַנד אַלס אינהאַלט. דאָס זיינען צוויי באַזונדערע ענינים. אין אַ געוויסן זין האָט מען דאָ צוויי סיסטעמען: 1) די וועלט, וואָס איז אַלגעמיין פאַר אַלע מענטשן און 2) דער פּריוואַטער אינהאַלט פון יעדן איינעמס פאַרשטאַנד, יעדן איינעמס באַגריפן, וואָס יעדער איינער טראָגט אין זיך.

געוויס איז דער מענטש אַ טייל פון דער נאַטור און וואָס עס געפינט זיך אין זיין פאַרשטאַנד איז אויך אַ טייל פון דער נאַטור. פונדעסטוועגן איז דער אינהאַלט פונעם פאַרשטאַנד זיינע אַ פּריוואַט אייגנטום, וואָס באַלאַנגט צו זיין אייגענער סיסטעם און דאַרף ניט אָביעקטיוויזירט ווערן און גענומען ווערן צוזאַמען מיט דער אויסערלעכער וועלט אַלס אַ דירעקטער טייל פון איר.

ווען מען נעמט אים אין דעם זינען איז דער אינהאַלט פון דעם פאַרשטאַנד טראַנסצענדענט, ער געפינט זיך אויסער דער אַלגעמיינער עקזיסטענץ סיסטעם. די וועלט פון עקזיסטענץ געפינט זיך אויסער דעם מענטשנס באַוואוסטזיין און דער וויסן וועגן איר אַנטשטייט אינעם פאַרשטאַנד און באַלאַנגט צום מענטשן: דאָס איז עפּיסטאָמאָלאָגישער דואַליזם.

אינעם ערשטן טייל פון דער אַרבעט איז אין פאַרבינדונג מיט דער אַנטוויקלונג פון באַוואוסטזיין אָנגעוויזן געוואָרן אויף צוויי פאַקטאָרן אַז

וועלכע ניט קיין מענטשלעכער באַוואוסטזיין און ניט קיין וויסן פון דער וועלט וואָלט מעגלעך געווען. די צוויי פאַקטאָרן זיינען: 1) פאַרשטעלונגען אין אלגעמיין (אימאַזשעס) און 2) שפּראַך־סימבאָליק. וויל מען פאַרשטיין דעם אוניווערסאַל־פּאַרטיקולאַר פּראָבלעם, דאַרף מען זיך צו זיי ווענדן נאָך הילף און ספּעציעל צום לעצטן, צו דער שפּראַך־סימבאָליק, ווי אַ פאַקטאָר פון וויסן; זי אַנטהאַלט דעם שליסל צום אוניווערסאַל־פּאַרטיקולאַר פּראָבלעם.

דאָס צוזאַמענמישן סימבאָלישע באַדייטונגען (באַגריפן וואָס מאַניפעס־טירן זיך דורך שפּראַך), וואָס זיינען פון אוניווערסאַלן כאַראַקטער און באַ־לאַנגען צום מענטשלעכן וויסן, אין זיין פאַרשטאַנד מיטן עקזיסטענציעלן פאַקט. (די עקזיסטירנדע זאַך, אדער איר אייגנשאַפט), וואָס די באַדייטונגען באַצייכענען און איבערטראָגן אויף דער עקזיסטענץ, דעם באַגריף אוניווער־סאַל, האָט געבראַכט צו די שוועריקייטן, מיט וועלכע מען באַגעגנט זיך אין דער באַהאַנדלונג פון דעם אוניווערסאַל־פּאַרטיקולאַר פּראָבלעם.

כדי צו ווייזן ווי אַזוי סימבאָלישע באַדייטונגען (באַגריפן וואָס ווערן געטראָגן דורך נעמען פון זאַכן) זיינען צוזאַמענגעמישט געוואָרן מיטן אָנטאָ־לאָגישן פאַקט (די זאַך פון דער נאַטור), וואָס זיי באַצייכענען, וועט אַ קורצער אַנאַליז פון די איינגעשלאָסענע פאַקטאָרן געמאַכט ווערן. ווען מען נעמט די דריי פאַקטאָרן: 1) די עקזיסטירנדע זאַך לויט אירע אייגנשאַפטן און מען האָט אין זינען, אַז די אייגנשאַפטן ווערן אָנגערופן ביי נעמען (סימבאָלן), וואָס האָבן אַ פיקסירטן מיין און באַדייטונג, 2) מען נעמט די נעמען, ווי סימבאָלן פאַר זיך, ווי אָנצייגער פון אייגנשאַפטן און 3) מען נעמט דעם געמיינשאַפטלעכן באַגריף פון ביידן, פון די אייגנשאַפטן דירעקט און פון דער קאָרעספּאָנדירנדער סימבאָליק, וואָס מיינט אַלס באַגריף דאָס זעלבע וואָס די אייגנשאַפטן מיינען. קען מען פון די דריי פאַקטאָרן: 1) אייגנ־שאַפט, 2) איר נאָמען און 3) באַגריף פון זיי ביידן—ווען מען נעמט די דריי און מ'פאָרמירט אַ דרייעק אַזוי, אַז דער אויבערשטער ווינקל זאָל מיט זיך פאָרשטעלן דעם באַגריף אַלס אינהאַלט פונעם פאַרשטאַנד און פון די אונ־טערשטע צוויי ווינקלען זאָל איינער באַשטיין פון דער אָנגעגעבענער זאַך לויט אירע אייגנשאַפטן און דער צווייטער ווינקל זאָל באַשטיין פון די נעמען, מיט וועלכע מען רופט אָן די אייגנשאַפטן. קען מען לייכט זען, אַז וואָס אָנבאַלאַנגט דעם אויבערשטן ווינקל (דעם באַגריף אַלס אַן אינ־האַלט אינעם פאַרשטאַנד) איז פאַר אים ניט קיין אונטערשייד פון וועלכן ווינקל מען ציט צו אים די ליניע, צי פון די אייגנשאַפטן פון דער פּרעזענ־טירטער זאַך, צי פונעם צווייטן ווינקל, וואו עס געפינען זיך בלויז די נעמען (סימבאָליק) פון די באַטרעפנדע אייגנשאַפטן: דער באַגריף, וואָס וועט אַנט־שטיין אינעם פאַרשטאַנד, וועט אין ביידע פאַלן זיין דער זעלבער. צום ביישפּיל: זאָל אין איינעם פון די אונטערשטע ווינקלען זיך געפינען אַ רויטע קיילעכדיקע זאַך און אינעם צווייטן ווינקל זאָלן זיך געפינען די נעמען (סימבאָלן) רויט און קיילעכדיק, וועט פאַרן דריטן ווינקל (באַגריף אינעם פאַר־שטאַנד) ניט זיין קיין שום אונטערשייד פון וועלכן ווינקל דער איינדרוק וועט צו אים קומען, צי פון דער פּרעזענטירנדער זאַך, צי פון די נעמען, וואָס באַצייכענען אַזעלכע אייגנשאַפטן: פון ביידע ווינקלען וועט פאַר אים אַנט־

שטיין דערזעלבער באַגריף רויט און קיילעכדיק. דאָס איז בלויז אין שייכות צום פאַרשטאַנד; אָבער צווישן די צוויי ווינקלען איז פאַראַן אַ גרויסער אונטערשייד: אין איין ווינקל געפינט זיך די באַטרעפנדע זאַך (דער פּאַר־טיקולאַר) וואָס איז רויט און קיילעכדיק, ווי אַן עקזיסטענץ פאַר זיך אין צייט און אין רוים, אָדער אין צייט־רוים. די דאָזיקע זאַך מאַניפעסטירט זיך דורך אירע אייגנשאַפטן, רויט און קיילעכדיק, וואָס זיינען אירע אַטריבוטן. אין דעם צווייטן ווינקל געפינען זיך ניט מער ווי די נעמען רויט און קיילעכדיק. די באַגריפן רויט און קיילעכדיק וועלן פאַרן פאַרשטאַנד זיין די זעלבע פון ביידע ווינקלען, די זעלבע באַגריפן. דער אונטערשייד צווישן דעם וואָס ס׳געפינט זיך אָבער אין די צוויי ווינקלען איז דער, וואָס אין דעם ווינקל, וואו ס׳געפינען זיך בלויז די נעמען (סימבאָלן) רויט און קיילעכדיק האָט מען אוניווערסאַלע סימבאָלן (נעמען) רויט און קיילעכדיק, וואָס זיינען אַלס באַגריפן לאָגיש שטענדיק די זעלבע: רויט און קיילעכדיק זיינען אַלע מאָל אידענטיש אַלס באַגריפן. אינעם צווייטן ווינקל אָבער, וואו ס׳געפינט זיך די רויטע און קיילעכדיקע זאַך, מוז ניט זיין אַלעמאָל די זעלבע זאַך, ס׳קען זיין אַן אַנדער זאַך, וואָס איז ענלעך צו דער פריערדיקער אין קאָליר רויט און אין געשטאַלט קיילעכדיק. אין דעם לעצטן פאַל, ווען מען נוצט דעם טערמין די זעלבע, מיינט מען פאַקטיש ניט די זעלבע אייגנשאַפט, נאָר אַ גענוי ענלעכע אייגנשאַפט. אין דעם פאַל איז ניטאָ קיין אידענטיטעט, נאָר בלויז אַן ענלעכקייט, וואָס קוקט אויס ווי די זעלבע אייגנשאַפט.

אַ דאַנק דעם, וואָס מען באַנוצט דעם אויסדרוק די זעלבע פאַר צוויי באַזונדערע ענינים, פאַר לאָגישע אידענטישע באַגריפן און פאַר עקזיסטענ־ציעלע (אָנטאָלאָגישע) אייגנשאַפטן פון זאַכן: מען מישט צוזאַמען ביידע ווינקלען, די נעמען (סימבאָליק) רויט און קיילעכדיק פון איין ווינקל, וואָס אַנטהאַלט אוניווערסאַלע באַגריפן, מיטן צווייטן ווינקל, וואָס אַנטהאַלט בלויז ענלעכע אייגנשאַפטן פון זאַכן רויט און קיילעכדיק, פאַלט מען אַריין אין אַן אוניווערסאַל־פּאַרטיקולאַר פּלאָנטער. דער טעות נעמט זיך דערפון, וואָס מען מישט צוזאַמען עקזיסטענץ (אָנטאָלאָגיע) מיט וויסן וועגן דער עקזיס־טענץ (עפּיסטעמאָלאָגיע) און מען נוצט אידענטישע באַגריפן (רויט און קיי־לעכדיק) פאַר ענלעכע אייגנשאַפטן (רויט און קיילעכדיק) און מען באַמערקט ניט אַז דאָס זיינען צוויי באַזונדערע ענינים, וואָס דאַרפן ניט צוזאַמענגעמישט ווערן.

דער ווייטערדיקער אַנאַליז וועט דאַרפן אַריינפירן קלאָרקייט אין די פאַקטאָרן, וואָס האָבן געפירט צו דעם דאָזיקן פּלאָנטער. ס׳וועט נויטיק זיין צו באַטראַכטן דעם באַגריף (קאָנצעפּציע) ווי אַזוי ער האָט זיך פאַרבונדן מיט דער סימבאָליק וואָס האָט די זעלבע (אוניווערסאַלע) באַדייטונג פאַרן מענטשן. די פראַגע וואָס וועט באַהאַנדלט ווערן איז די פאַרמירונג פון באַ־גריפן, וואָס מיינען לאָגיש דאָס זעלבע אין אַ וועלט פון פאַרשידענע זאַכן, וואָס מאַניפעסטירן זיך דורך אייגנשאַפטן וואָס זיינען אַזוי ענלעך צווישן זיך, אַז דער פאַרשטאַנד קלאַסיפיצירט זיי אַלס די זעלבע באַגריפלעך (קאָנ־צעפּציאָנעל): די זעלבע באַגריפן פון אייגנשאַפטן פון זאַכן, וואָס זיינען אַזוי ענלעך צווישן זיך, אַז זיי ווערן גענומען ווי די זעלבע.

דער דאָזיקער שטאַנדפּונקט ווערט אָנגערופן אַנטאָלאָגישער נאָמענאַליזם (עקזיסטענץ פון באַזונדערע זאַכן מיט אייגנשאַפטן וואָס זיינען ענלעך צווישן זיך) און לאָגישער (אָדער קאָנצעפּציאָנעלער) אוניווערסאַליזם (באַגריפן וואָס זיינען אידענטיש אַ דאַנק דער פיקסירטער שפּראַך סימבאָליק: מען גיט די זעלבע נעמען צו ענלעכע זאַכן און ענלעכע אייגנשאַפטן).

דאָס צו דערקלערן וועט זיין די אויפגאַבע פון עם ווייטערדיקן קאַפּיטל.

# אַנטאָלאָגישער נאמענאליזם און לאָגישער קאָנצעפּציאָנאַליזם

קופּערניקוס האָט געמאַכט אַ רעוואָלוציע אין דער אַסטראָנאָמיע, וואָס האָט געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אויפן מענטשלעכן דענקען אין אַלגעמיין. קומען איצט דענקער איינער נאָכן אַנדערן און האַלטן אין איין „מאַכן קופּערניקאַנישע רעוואָלוציעס"; אָבער דער אונטערשייד צווישן קופּערניקוסעס אָריגינעלער רעוואָלוציע און די „קופּערניקאַנישע רעוואָלוציעס", וואָס די אַנדערע דענקער „מאַכן", איז דער וואָס זיינע איינשטעלונגען האָבן זיך אַרויסגעוויזן פאַר ריכטיק, האָט מען זיי אָנגענומען און זייערע איינשטעלונגען נעמט מען ניט אָן...

ווען יום האָט פאַרפירט די פילאָזאָפיע אין אַ טעמפּן ווינקל, איז געקומען קאַנט און האָט „געמאַכט אַ קופּערניקאַנישע רעוואָלוציע". די דענקער האָבן זיין רעוואָלוציע ניט אָנגענומען. קומט איצט דוש. דואי און דערקלערט פאַרוואָס מען האָט ניט אָנגענומען קאַנטס רעוואָלוציע. לויט זיין מיינונג, איז עס גאָר ניט געווען קיין רעוואָלוציע אינעם זין פון ענדערן און דערקלערן דאָס, וואָס איז ביז אים ניט פאַרשטאַנען געוואָרן: ער האָט בלויז אריינגעפירט צוויי מיסטעריעס—אַ באַהאַלטענעם שכל, וואָס געפינט זיך „ערגעץ" אינעם מענטשן פון איין זייט און אַ „דינג אן זיך" (די ווירקלעכקייט וואו זי איז פאַר זיך אַליין) פון דער צווייטער זייט און האָט געלאָזט אַ גרעסערן כאַאָס ווי עס איז פריער געווען...

אום צו ארויספירן די וועלט פון דעם כאַאָס קומט ער (דואי) מיט „איינער פון די דריי, אָדער פיר גרעסטע אויפטואונגען פון דער אינטעלעקטועלער היסטאָריע" (די קוועסט אָוו סוירטענטי, ז. 114) און באַהויפּטעט, אז ער האָט געמאַכט די „קופּערניקאַנישע רעוואָלוציע" (דאָרטן קאַפּ. 11).

האָט אָבער די אינטעלעקטועלע וועלט אויך זיין „רעוואָלוציע" ניט אָנגענומען: עס גלויבט זיך איר ניט, אַז דענקען באַשטייט ניט פון קיין אַנדער זאַך ווי „לייזן פּראָבלעמען אין אַקטועלע סיטואַציעס" און אַז אידייעס באַשטייען ניט פון קיין אַנדער זאַך, ווי פון „פּלענער פאַר אַקטיוויטעט". די אינטעלעקטועלע מענטשהייט זוכט צו פאַרשטיין די וועלט, קען זי זיך ניט צופרידנשטעלן מיט אַ „דערקלערונג", פאַרוואָס מען קען זי ניט פאַרשטיין...

ווהייטהעד וויל דערקלערן די וועלט, הויבט ער אָן מיט באַשולדיקונגען קעגן ניוטאָנען (אָרעמער ניוטאָן, מען האַלט אים אין איין באַשולדיקן, פריער העגעל, איצט ווהייטהעד...) און קעגן דער מעכאַניסטישער פיזיק אין אַלגעמיין, אַז דורך דעם וואָס זיי האָבן אָנגענומען אַן „איינפאַכע לאָקאַ-

ליזאַציע״ פאַר זאַכן אין דער וועלט, האָבן זיי פאַרפירט די פילאָזאָפיע אין אַ זומפּ...

שוויצט מען איבער זיינע שווערע ביכער, מען באַוואונדערט זיין געניאַלן דענקען און מען האַלט אין איין קנייטשן מיט די פּלייצעס: עס גלויבט זיך ניט, אַז די גאַנצע מענטשהייט האָט געמאַכט אַזאַ קאָלאָסאַלן טעות און איז אַזוי פאַרפירט געוואָרן, ווי עס זעט אויס לויט ווהייטהעדן...

נעמט מען אים נאָכפאָלגן, געפינט מען אויס, אַז אויך זיין וועלט ליידט פונעם דואַליזם, וואָס ער האָט געוואָלט אויסמיידן, אַז ער האָט ניט געלייזט דעם אַלטן פּראָבלעם און האָט נאָך געשאַפן נייע שוועריקייטן, וואָס קענען ניט איגנאָרירט ווערן...

פאָרשנדיק די פאַרשיידענע ענדערונגען און „רעוואָלוציעס״ זיינען די קריטישע רעאַליסטן געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז ווען מען נעמט אָן די פּאָזיטיווע בייטראָגן פון די אַלע „רעוואָלוציאָנערן״ צוזאַמען מיטן צוגעקומענעם אַלגעמיינעם וויסן, גריטיקט מען זיך ניט אין די „רעוואָלוציעס״... ווען מען הויבט אָן מיט לאָקס שטאַנדפּונקט פון אַן אינהאַלט אינעם פאַרשטאַנד און מען גיט צו אים צו דעם פּראָצעס פון וויסן לויט קאַנטס אַנאַליז. צו דעם גיט מען צו דעם ביאָלאָגישן פאַקטאָר, וואָס איז אַריינגעפירט געוואָרן פון די פּראַגמאַטיסטן; מען דערגאַנצט עס מיטן אָרגאַנישן באַגריף לויט דעם שטאַנדפּונקט פון עוואָלוציע אַלס אַנטשטייענד (אימאָרגאַנט) קען מען דערקלערן די וועלט און דעם מענטשנס דערקענטעניש, אַז זיי זאָלן שטימען מיטן שכל־הישר.

די אויפגאַבע צו דערקלערן די וועלט אין די גרענעצן פון דעם גראַדן פאַרשטאַנד האָט אויף זיך גענומען דער קריטישער רעאַליסט.

ער נעמט אָן, אַז די אויסערלעכע וועלט איז אין איר פונדאַמענטאַלער רעאַליטעט אַזאַ, ווי זי פּרעזענטירט זיך צו די חושים; אַז זי באַשטייט פון פאַרשיידענע זאַכן (אַנטאָלאָגישער נאָמענאַליזם) און אַז דער מענטשלעכער פאַרשטאַנד פאָרמירט אַלגעמיינע באַגריפן פון די זאַכן (לאָגישער קאָנצעפּציאָנאַליזם). ער נעמט אָן, אַז זאַכן, אַלס עקזיסטענצן אין דער נאַטור, באַשטייען פון איינהייטן, וואָס שליסן אין זיך איין זייערע אייגנשאַפטן, אַז מען קען זיי ניט טיילן אויף זאַכן באַזונדער און אויף אייגנשאַפטן באַזונדער: די אייגנשאַפטן מאַניפעסטירן די זאַכן גופא; איז ניטאָ וואָס צו צעטיילן. דאָס איז די פונדאַמענטאַלע פּאָזיציע וואָס דער קריטישער רעאַליסט נעמט אָן אין באַצוג צו זאַכן (פּאַרטיקולאַרן) און זייערע אייגנשאַפטן (אוניווערסאַלן).

דער שטאַנדפּונקט פּרעזענטירט מיט זיך די אַלטע צוויי פּראָבלעמען: 1) וואָס איז דער אַנטאָלאָגישער סטאַטוס פון די אייגנשאַפטן דורך וועלכע זאַכן פּרעזענטירן זיך צום פאַרשטאַנד? דאָס איז די אַלטע פראַגע וועגן דעם סטאַטוס פון אוניווערסאַלן אין דער וועלט פון זאַכן; און 2) וואָס איז דער אַנטאָלאָגישער סטאַטוס פון די פאַרהעלטענישן צווישן זאַכן? ווי אַזוי זיינען פאַרשיידענע זאַכן פאַרבונדן צווישן זיך? און וואָס איז דער אַנטאָלאָגישער סטאַטוס פון די פאַרהעלטענישן גופא?

אינעם לעצטן קאַפּיטל איז אָנגעוויזן געוואָרן אין וואָס דער אוניווערסאַל־פּאַרטיקולאַר פּלאָנטער באַשטייט. עס איז אָנגעוויזן געוואָרן, אַז מען האָט גענומען צוויי ספערן, די ספערע פון וויסן (באַגריפן) און די ספערע פון עק־

זיסטענץ, און מ'האָט זיי צוזאַמענגעמישט: מ'האָט פון זיי געוואָלט מאַכן איין ספּערע. אַזוי ווי די צוויי ספּערן קענען ניט צוזאַמענגעמישט ווערן, אָן אונטערשייד ווי מען זאָל ניט ענדערן די וועלט, איז דער רעזולטאַט געווען אַ פּלאָנטער.

אין דער אָפּהאַנדלונג ווערן די צוויי ספּערן צעטיילט: די סימבאָליק, אַלס טרעגערין פון אַלגעמיינע באַגריפן (קאָנצעפּציעס, אוניווערסאַלן) ווערט איבערגעטראָגן צום פאַרשטאַנד אַלס זיין אינהאַלט און די אייגנשאַפטן ווערן איבערגעלאָזט צו די זאַכן, וואו זיי באַלאַנגען.

דער ענין דאַרף ווייטער באַהאַנדלט ווערן, עס דאַרף אַרויסגעבראַכט ווערן דער געדאַנק ווי אַזוי אַלגעמיינע באַגריפן האָבן זיך פאַרמירט אינעם פאַרשטאַנד פון אַ וועלט פון באַזונדערע עקזיסטענצן און עס דאַרף באַוויזן ווערן די ראָלע וואָס די שפּראַך־סימבאָליק האָט געשפּילט אין דעם פּראָצעס.

דער פאַרשטאַנד אָפּערירט מיט אַלגעמיינע באַגריפן, איז ווען מען נעמט אים אַ פאַרטיקן מיט זיינע באַגריפן, מוז מען בלייבן שטיין פאַר אַ ניט־גע־לייזטער פראַגע: ווי אַזוי זיינען אַנטשטאַנען אוניווערסאַלע באַגריפן אין אַ וועלט פון פאַרשיידענע, באַזונדערע זאַכן! נעמט מען אָבער אין באַטראַכט די ראָלע וואָס די שפּראַך־סימבאָליק שפּילט אַלס טרעגערין פון באַגריפן, פאַר־שווינדן די שוועריקייטן. אַלס אילוסטראַציע וועט נאָכאַמאָל גענומען ווערן די רויטע קיילעכדיקע זאַך. אַ צאָל ענלעכע זאַכן וועלן באַשטיין פון באַזונדע־רע זאַכן מיט ענלעכע אייגנשאַפטן (רויט און קיילעכדיק), האָט מען פאַר זיך אַ גרופּע, אָדער קלאַס פון „די זעלבע" זאַכן. פאַרשטייט זיך, אַז אַלס עקזיס־טירנדע זאַכן זיינען זיי ניט די זעלבע, נאָר ענלעכע זאַכן, אַדאַנק זייערע ענלעכע אייגנשאַפטן. עפּיסטעמאָלאָגיש אָבער, אַלס באַגריפן פאַרן פאַר־שטאַנד, איז די דערשיינונג אַ לאָגישע אידענטיטעט (לאָגישער קאָנצעפּ־ציאָנאַליזם): די סימבאָליק, די אידענטישע נעמען פון די אייגנשאַפטן (רויט און רונד) איז אידענטיש: זי איז די זעלבע; זי רופט אַרויס די זעלבע באַגריפן.

ווען מען נעמט דעם לאָגישן באַגריף, וואָס קומט פון דער פיקסירטער טערמינאָלאָגיע ווי רונד, רויט א. אַ. וו. האָט מען פאַר דעם פאַר־שטאַנד די זעלבע באַגריפן. אויב מען זאָל די באַגריפן וועלן אָנרופן לאָגישע אוניווערסאַלן, וואָלט דער אויסדרוק געווען אַ ריכטיקער: לאָגיש באַצייכנט די סימבאָליק אַלעמאָל דיזעלבע „אוניווערסאַלע" אָדער אַלגעמיינע באַגריפן: קיילעכדיק איז קיילעכדיק אַלעמאָל. געוויס איז בעסער, אַז דער טערמין אוניווערסאַל זאָל אינגאַנצן אויסגעלאָזט ווערן, ער איז צופיל פאַרבונדן מיט היסטאָרישע באַדייטונגען, מען זאָל אים קענען באַפרייען פון זיי, אָבער וואָס אָנבאַלאַנגט דער אוניווערסאַליטעט פון דעם באַגריף איז דער אויסדרוק לאָגישער אוניווערסאַל אַ ריכטיקער.

ווען מען נעמט אָן אַז לאָגיש קענען באַגריפן מיינען אידענטיטעטן פאַרן פאַרשטאַנד, ווען זיי באַצייכענען אייגנשאַפטן, וואָס זיינען אַזוי ענלעך, אַז מען קען זיי ניט אונטערשיידן, קען מען זען אַז די טיילונג פון זאַכן באַזונדער און אייגנשאַפטן באַזונדער, איז אָנטאָלאָגיש פאַלש; די נאַטור אַנטהאַלט ניט אַזאַ טיילונג. די קלאַסיפיקאַציע איז אַ לאָגישע און ניט קיין אָנטאָלאָגישע: דער פאַרשטאַנד קלאַסיפיצירט און ניט די נאַטור. פון דעם קען מען זען,

אַז וואָס עס איז ריכטיק אַלס באַגריף דאָס זעלבע פאַר דעם פאַרשטאַנד מוז ניט זיין ריכטיק ווען עס האַנדלט זיך וועגן ענלעכע זאַכן, אַדאַנק זייערע ענלעכע אייגנשאַפטן: אידענטיש אַלס באַגריף קען מיינען ענלעך, ווען עס האַנדלט זיך וועגן זאַכן אין דער נאַטור.

אין דעם איבערטראָגן דעם באַגריף דאָס זעלבע אַלס באַגריף, אויף אייגנשאַפטן פון זאַכן וואָס זיינען גענוי ענלעך ווי רונד, רויט א. אַז. וו. ליגט דער היסטאָרישער טעות, וואָס מען האָט געמאַכט אין דעם אוניווערסאַל־פּאַרטיקולאַר פּראָבלעם.

ווען מען נעמט אַוועק אוניווערסאַלן פון דער נאַטור און מען לאָקאַליזירט זיי אין דעם פאַרשטאַנד, נעמט מען גלייכצייטיק אַרויס פון דער נאַטור קלאַסן אַזוי גוט ווי אַבסטראַקציעס. מען נעמט אַרויס פון דער נאַטור און מען לאָקאַליזירט אינעם פאַרשטאַנד אַזוינע „זאַכן" ווי מענטשהייט, ווייסקייט, גוטסקייט א. אַז. וו. די טערמינאָלאָגיע שטייט פאַר מענטשלעכע באַגריפן און ניט פאַר קיין עקזיסטענצן.

די נאַטור האָט מענטשן, חיות, בוימער, רונדע זאַכן, פּירקאַנטיקע זאַכן, זי האָט אָבער ניט קיין קלאַסן; די קלאַסיפיקאַציעס און גרופּירונגען זיינען ריין מענטשלעכע באַגריפן און זיי זיינען אַנטשטאַנען אַ דאַנק דער פיקסירטער סימבאָליק, וואָס רופט אַלעמאָל אַרויס די זעלבע מיינונג, דעם זעלבן באַגריף.

פאַרשטייט זיך, אַז די טיילונג פון ענלעכע זאַכן מיט אידענטישע באַגריפן קען געמאַכט ווערן דעמאָלט, ווען מען שטייט אויף אַ דואַליסטישן שטאַנדפּונקט, ווען מען טיילט אָפּ דעם אינהאַלט פון פאַרשטאַנד פון דער וועלט, ווען מען נעמט דעם דואַליזם אַן פאַר אַן אויסגאַנגס־פּונקט.

נעמט מען אָבער אַזאַ טיילונג אָן, מוז מען אויך אָננעמען די קאָנסעקווענצן צו וועלכע די טיילונג פירט; דאָס איז ניט בלויז אַ פראַגע וועגן לאָקאַליזאַציע, נאָר אַ גאַנץ אַנדער צוגאַנג צום מענטשן אין זיין פאַרשטאַנד. דער מענטש איז שוין ניט בלויז אַ צענטער אין וועלכן רעלאַציעס קומען פאָר, נאָר ער איז אַן אַגענט, וואָס טראָגט אַריין אַ פּאָזיטיוון מאָמענט אין דער וועלט: ער נעמט פון דער וועלט ענלעכקייטן און פאַרמירט פון זיי אידענטיטעטן לויט אַ פיקסירטער סימבאָליק (שפּראַך, נעמען פאַר אייגנשאַפטן און זאַכן).

ווען מען נעמט אָן אַ רעאַליסטישן אויסגאַנגס־פּונקט און מען דערקלערט דערשיינונגען אויף אַ נאַטוראַליסטישן אופן און מען זאָגט צו דער זעלבער צייט אַז דער מענטש איז אַן אַגענט, וואָס טראָגט אַריין אַ פּאָזיטיוון מאָמענט אין דער נאַטור, אַז ער איז אַן אַקטיווער פאַקטאָר אין אַ פּראָצעס, דאַרף מען דערקלערן וואָס מען מיינט מיט דער באַהויפּטונג. מען מוז עס אפילו טאָן, ווען מען ווייסט, אַז דאָס וועט שטערן דער גאַנצקייט פון דער אָפּהאַנדלונג. אַזאַ באַהויפּטונג קען מיינען אַריינפירן אַן אויסערנאַטירלעכן פאַקטאָר, ווי מאַרגאַן טוט, ווען ער דערקלערט די מענטשלעכע „אַגענטורע" דורך דעם „געטלעכן צוועק", וואָס איז, לויט זיין מיינונג, פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן עוואָלוציע־פּראָצעס.

דאָס האָט אים געטריבן צו פירן אַ טאָפּלטע בוכהאַלטעריע: נאַטוראַליזם פון איין זייט און אַ געטלעכער צוועק פון דער צווייטער זייט...

זיין טאָפּלטע בוכהאַלטעריע ווערט אין דער אַרבעט ניט נאָכגעפאָלגט; עס איז אָנגעוויזן געוואָרן אינעם ערשטן קאַפּיטל פונעם ערשטן טייל פון דער אַרבעט, אַז זי ברעכט צוזאַמען אונטער אַ קריטישן אַנאַליז. אין דער אַרבעט ווערט אָנגענומען דער אַגנאָסטיציזם; פונעם נאַטוראַליסטישן שטאַנדפּונקט איז דאָס דער איינציק באַרעכטיקטער שטאַנדפּונקט: דאָס וואָס מען ווייסט ניט, ווייסט מען ניט און פּאַרטיק...

דער וואָס איז ניט צופרידן מיט קיין אַגנאָסטיציזם, עס ווילט זיך אים פּאַרט זען די נאַטור אַלס „גאַנצע", מוז אָננעמען צוזאַמען מיט ווהייטהעדן, אַז ווייטער פון אַריסטאָטעלן קען מען מעטאַפיזיש ניט גיין.

ער זאָגט: „עס האָט אים ניט געפירט צום אַרויסברענגען אַ גאָט, וואָס זאָל זיין נוצלעך פאַר רעליגיעזע צוועקן. מען מעג צווייפלען צי אַ ריכטיקע אַלגעמיינע מעטאַפיזיק קען ווען עס איז גיין ווייטער פון אַריסטאָטעלן, סיידן מען זאָל אַריינפירן ניט קיין געזעצלעכע אַבזיכטן (זע, סייענס ענד די מאָדערן וואָרלד, קאַפּ. „גאָד", ז. 249).

אָבער אַזוי ווי אַריסטאָטעלס פיזיק און קאָסמאָלאָגיע האָבן צוזאַמענגעבראָכן, פירט ווהייטהעד אַריין אַ „גאָט" וואָס שאַקירט די טעאָלאָגן... ער נעמט דעם פאַקט פון „קאָנקרעטיזאַציע" און „לימיטאַציע" און רופט אים אָן פּרינציפּ, אָדער „גאָט". סע מיינט, אַז היות די נאַטור מאַניפעסטירט זיך אויף אַ באַשטימטן אופן, איז דער פּרינציפּ פון דער מאַניפעסטאַציע( „קאָנקרעטיזאַציע" און „לימיטאַציע")—„גאָט".. למשל, וואַסערשטאָף און זויערשטאָף פאָרמירן וואַסער אַלעמאָל לויט אַ פיקסירטער פּראָפּאָרציע; איז דער „פּרינציפּ", וואָס איז איינגעשלאָסן אינעם פּראָצעס וואָס „קאָנקרעטיזירט" און „באַגרענעצט" דעם פּראָצעס אַזוי, אַז ער קומט פאַר אַלעמאָל אויפן זעלבן אופן — „גאָט". עס איז דער שפּינאָזיסטישער „גאָט" גענומען פונעם דינאַמישן ווינקל. ווהייטהעד גיט עס צו, ווען ער זאָגט אַז „שפּינאָזעס סובסטאַנץ איז פאַר מיר אַקטיוויטעט וואָס רעאַליזירט זיך" (דאָרט, ז. 102).

אַ מעטאַפיזיש געשטימטער נאַטוראַליסט קען פולשטענדיק אָננעמען ווהייטהעדס שטאַנדפּונקט און בלייבן אין די גרענעצן פונעם נאַטוראַליזם, ער דאַרף נאָר ניט פאַרגעסן דאָס פון צייט צו צייט אַנטשטייענדע נייע, וואָס ווהייטהעד נעמט אויך אָן.

נעמט מען אָן דעם שטאַנדפּונקט, מיינט עס, אַז נייע אינטעגראַציע און אָרגאַניזאַציע קומט פאַר אויף דער גאַנצער ליניע; יעדער העכערער „אָרגאַניזם" באַשטייט פון אַ העכערער אָרגאַניזאַציע, מאַניפעסטירט ער נייע אייגנשאַפטן. דער מענטש איז ניט קיין אויסנאַם אין דער נאַטור, נאָר זייענדיק דער העכסטער פּראָדוקט פון עוואָלוציע, מאַניפעסטירט ער אייגנשאַפטן, וואָס קיין נידעריקער „אָרגאַניזם" האָט ניט: ער באַזיצט אַ פאַרשטאַנד און האַנדלט לויט אַ פון פאָראויס פון אים באַשטימטן צוועק. דער פאַרשטאַנד דאַרף אָבער גענומען ווערן אין דואיס נאַטוראַליזירטער פאָרמע, ווי אַ רעזולטאַט פון עוואָלוציע און ניט אַלס עטוואָס מיסטעריעזעס און ניט דערקלערבאַרעס.

דאָס אַלץ איז שוין פריער באַטראַכט געוואָרן, קיין ווידערהאָלונגען זיינען ניט נויטיק. עס וועט אָבער ניט זיין אויסער פּלאַץ אָפּצופרישן אין געדאַנק דעם פּונקט ווי אַזוי די מענטשלעכע פּערזענלעכקייט אַנטשטייט ווען

א קינד דערגרייכט די שטופע פון אנטוויקלונג, ווען ס'דערקענט זאכן און פאסירונגען, וואס האבן מיט אים פריער פאסירט, עס אידענטיפיצירט און לאקאליזירט זיי. אין יענעם מאמענט אנטשטייט פון איין זייט די קאטעגאריע פון אידענטיטעט: די „זעלבע" זאך און פון דער צווייטער זייט אנטשטייט דער באגריף פון א „איך" ארום וועלכן די ווייטערדיקע דערשיינונגען גרופירן זיך און ווערן קלאסיפיצירט: דער פארשטאנד באקומט אן אייגענעם אינהאלט (אוניווערסאלע באגריפן).

עס איז פריער געזאגט געווארן, אז אויב מען קען ריידן וועגן „אוניווערסאלן", קען מען עס נאר טאן אינעם זין פון אוניווערסאלע באגריפן, וואס געפינען זיך אינעם פארשטאנד אינערלעך אינעם מארך. איצט וועט געמאכט ווערן א פארזוך צו דערקלערן ווי אזוי אזעלכע אוניווערסאלע באגריפן אנטשטייען אין א וועלט פון ענלעכע זאכן, וואס קוקן בלויז אויס אידענטיש.

דער מארך, אלס דער ארגאן אין פארבינדונג מיט וועלכן באגריפן אנטשטייען, איז דערוויייל פון דער אפהאנדלונג אויסגעשלאסן געווארן; די אפהאנדלונג ווערט געפירט אויף אן אבסטראקטן און פארמאלן אופן, אזוי ווי דער מארך וואלט קיין שום שייכות ניט געהאט צום גאנצן ענין... ער קען אויך איצט ניט אריינגעפירט ווערן אויף א דירעקטן אופן, אומדירעקט מוז מען אים אבער בארירן: ער האט א שייכות צו דעם, וואס דארף דערקלערט ווערן. עס וועט אבער געטאן ווערן אויף א סכעמאטישן אופן, לויט סעמאנס „אינגראם"־טעאריע.

ווען א חוש ווערט סטימולירט, פארמירט זיך אינערלעך אינעם מארך א „מאדעל", אדער א פונקציאנעלע קאנפיגוראציע (ווי אזוי מען דערקלערט דעם פראצעס וועט באהאנדלט ווערן אינעם מארך־פארשטאנד פארבינדונג); ווען אן ענלעכע דערשיינונג סטימולירט א צווייטן מאל דעם זעלבן חוש, ווידערהאלט זיך די פונקציאנעלע קאנפיגוראציע און אן אילוזיע פון אידענטיטעט אנטשטייט. דער אויסדרוק אילוזיע ווערט גענוצט אבזיכטלעך צו אונטערשטרייכן ווי אזוי ענלעכע איינדרוקן ווערן גענומען פאר אידענטיטעטן. דער פאקט איז באוואוסט צו יעדן איינעם: אלע כינעזער קוקן אויס אידענטיש פאר איינעם, וואס איז ניט באקאנט מיט זיי א. אז. וו.

סכעמאטיש קען מען זיך פארשטעלן אז דאס דארף פארקומען אויף אזא מין אופן: ווען מען קריגט אן איינדרוק, וואס איז ענלעך צו א פריערדיקן איינדרוק, פאלט דער לעצטער אריין אין אזא „קאנפיגוראציע", אדער „מאדעל", ווי דער פריערדיקער און מאכט דעם זעלבן איינדרוק. דער פארשטאנד קען ניט אויפכאפן די פיינערע ניואנסן, פארמירט זיך אן איינדרוק דאס זעלבע ווי פריער, הגם די זאך, פון וועלכער דער איינדרוק איז געקומען, איז, אלס דערשיינונג, ניט די זעלבע זאך און געוויס ניט די זעלבע דערשיינונג.

וואס אנבאלאנגט דעם באגריף, קריגט מען דעם זעלבן, וואס מען האט געהאט דעם ערשטן מאל, די זאך, אדער די דערשיינונג מוז ניט זיין די זעלבע; עס איז גענוג אז זי זאל האבן א נאענטע ענלעכקייט צו דער ערשטער, אז עס זאל אנטשטיין אן אילוזיע: די זעלבע זאך, אדער דערשיינונג. געוויס, ווען עס האנדלט זיך וועגן סימבאליק (נעמען פון זאכן) איז זי די זעלבע און נאטירלעך אז זי זאל האבן די זעלבע באדייטונג.

אויף אַזאַ אופן זיינען, העכסט וואַרשיינלעך, אַנטשטאַנען אַלגעמיינע באַגריפן: פון איין זייט האָט געווירקט די ענלעכקייט פון זאַכן און פון דער צווייטער זייט די אידענטיטעט פון דער סימבאָליק. אַז אַזוי איז דער פּראָ־צעס פאָרגעקומען, ווערט באַשטעטיקט פונעם פאַקט, וואָס ביי דער ערשטער באַגעגעניש זען פיל זאַכן אויס אידענטיש און אַ גענויער אַנאַליז ברענגט אַרויס די פאַרשיידנהייט צווישן זיי. פאַקטיש איז לערנען אַ רעזולטאַט פון קענען געפינען פאַרשיידנאַרטיקייט אין זאַכן, וואָס קוקן אויס ווי די זעלבע, פון קענען אַנאַליזירן און קלאַסיפיצירן זאַכן. דאָס באַווייזט, אַז אַלגעמיינע באַגריפן זיינען אַ רעזולטאַט פון דער עמפּיריק; פון דעם, וואָס פאַרשיידענע זאַכן מאַכן אַן אידענטישן איינדרוק: זיי ווירקן אויפן זעלבן אופן, ווערן זיי אָנגערופן מיט די זעלבע נעמען און האָבן די זעלבע באַדייטונגען פאַרן מענטשן.

עס איז קיין פראַגע ניט, אַז דער מענטש איז ניט געקומען אויף דער וועלט מיט פאַרטיקע מאָסן און מיט איינגעבוירענע פעסטע כללים בכדי מיט זיי צו קלאַסיפיצירן די וועלט אויף אַ פּינקטלעכן אופן, נאָר ער האָט די אַלע כללים אַנטוויקלט אין דער צייט פון זיין אייגענער אַנטוויקלונג. אַזוי גוט ווי ער אַליין האָט זיך אַנטוויקלט אין פאַרבינדונג מיט דער רעאַלער וועלט, אַזוי האָט ער אַנטוויקלט אַלגעמיינע כללים אין אַ וועלט פון ענלעכע זאַכן.

עס מיינט, אַז אפילו די אַזוי אָנגערופענע „לאָגישע אוניווערסאַלן", אָדער אַלגעמיינע באַגריפן זיינען ניט געקומען צום מענטשן קיין פאַרטיקע, אויך זיי זיינען אַ רעזולטאַט פונעם עוואָלוציע־פּראָצעס. מען דאַרף ניט פאַרגעסן, אַז דער מענטשלעכער פאַרשטאַנד טראָגט איבערהויפּט ניט קיין הוילע באַגריפן, אָדער נאַקעטע אַבסטראַקציעס: באַגריפן זיינען באַקליידעט מיט אַ קאָנקרעטער און פיקסירטער סימבאָליק (נעמען פון זאַכן און אייגנ־שאַפטן). עס איז זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז ווען מען נוצט דעם זעלבן סימ־באָל (נאָמען), זאָל פאַר דער פאַנטאַזיע קומען די זעלבע פאַרשטעלונג מיטן זעלבן באַגריף. דער פאַקט איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער מעגלעכקייט צו לערנען אין אַלגעמיין. ווען מען דערמאָנט די ווערטער מענטש, בוים א. אַ. וו. מוז ניט קומען פאַר דער פאַנטאַזיע קיין באַשטימטער מענטש, אָדער בוים; עס מוז איבערהויפּט ניט קומען אַ וועלכע עס איז פאַרשטעלונג פון אַ מענטשן, אָדער פון אַ בוים. די סימבאָליק זעלבסט רופט אַרויס דעם באַ־שטימטן באַגריף, זי אַליין איז שוין די טרעגערין פון דעם, וואָס עס געפינט זיך אונטער איר: דער פאַרשטאַנד אָפּערירט מיט אַבסטראַקטע באַגריפן דערפאַר, וואָס ער האָט אַ סימבאָליק וואָס איז זייער טרעגערין...

דער אויבנגעבראַכטער „דרייעק" אילוסטרירט דעם פאַקט אויף אַן אויס־געצייכנטן אופן: די אַנדייטונג אויף אַ באַשטימטן מענטשן און דער־מאָנען זיין נאָמען האָט פאַרן פאַרשטאַנד די זעלבע באַדייטונג;ביידע „ווינק־לען" טראָגן צום פאַרשטאַנד דעם זעלבן באַגריף. מען קען זען, אַז די סימבאָליק (נעמען פאַר זאַכן און אייגנשאַפטן אַזוי גוט ווי פאַר פונקציעס) האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין דער פאָרמירונג פון אַלגעמיינע באַגריפן. אָן סימבאָליק וואָלט זיין שווער זיך פאָרצושטעלן די פאָרמירונג פון אַלגע־מיינע באַגריפן.

די טעאָריע אַז „לאָגישע אוניווערסאַלן" (אַלגעמיינע באַגריפן) זיינען אַנטשטאַנען עמפּיריש אין פאַרבינדונג מיט אַ פּיקסירטער סימבאָליק (די זעלבע נעמען פאַר ענלעכע זאַכן און אייגנשאַפטן) ווערט באַשטעטיקט דורכן פאַקט, וואָס קינדער און פּרימיטיווע פעלקער האָבן כמעט ניט קיין אַלגעמיינע באַגריפן און עס איז פאַר זיי אויך שווער אָפּצוטיילן די סימבאָליק פון דער זאַך וואָס זי סימבאָליזירט. פּרימיטיווע פעלקער זיינען אַזוי צוגע־שמידט צו דעם קאָנקרעטן, אַז זיי „לאָקאַליזירן" די זאַך אונטער איר נאָמען אויף אַזויפיל אַז יעדער נאָמען פון אַ זאַך איז פאַר זיי אַ פּריוואַטער נאָמען פון דער געגעבענער זאַך. די פאַרבינדונג איז פאַר זיי אַזאַ אינטימע, אַז זיי טראָגן זיך אָפּ צום נאָמען און צו דער באַשטימטער זאַך אויפן זעלבן אופן: זיי אידענטיפירן די סימבאָליק מיט דער זאַך, וואָס זי סימבאָליזירט: זיי שעלטן דעם נאָמען א. אַז. וו.

אין זיין קאַפּיטל „פּרימיטיווע שפּראַך" זאָגט בראָניסלאַוו מאַלינאָווסקי, אַז כדי צו פאַרשטיין די שפּראַך פון פּרימיטיווע פעלקער, מוז מען זיין באַקאַנט מיט זייער לעבן און אַקטיווּיטעט דערפאַר, וואָס זיי ריידן ניט אין אַבסטראַקט, נאָר זיי רעפּראָדוצירן זייער אַקטיווּיטעט; זיי דערציילן ניט וועגן דעם, וואָס עס האָט זיך מיט זיי געטראָפן, נאָר זיי סצענירן איבער דאָס געטראָפענע.

וועגן דער אומפייאיקייט פון פּרימיטיווע מענטשן צו פאַרשטיין אַבסטראַק־ציעס און גענעראַליזאַציעס ווערן דערציילט אַ היפּש ביסל קוריאָזן. דזש. דואי דערציילט, אַז די ערשטע אַמעריקאַנער האָבן געהאַט אַ היפּש ביסל שווע־ריקייטן אין זייער פאַרקער מיט די אינדיאַנער. ווען מען האָט ביי זיי געקויפט זאַכן, האָט מען געדאַרפט באַצאָלן פאַר יעדער זאַך באַזונדער. ווען מען האָט, למשל, געקויפט צען שעפּסן, אַ דאָלער אַ שעפּס, האָט מען געדאַרפט נעמען יעדן שעפּס באַזונדער און צאָלן יעדן דאָלער באַזונדער: דעם פּראָצעס פון צוזאַמענרעכענען האָבן זיי ניט פאַרשטאַנען...

לויט דער מיינונג פון פאַרשער פון פּרימיטיווע פעלקער קענען בלויז קולטור־מענטשן אָפּטיילן די סימבאָליק פון דער זאַך, וואָס זי סימבאָליזירט און אָפּערירן מיט איר אין אַבסטראַקט. פּרימיטיווע פעלקער קענען עס ניט טאָן: באַזיצן זיי ווייניק אַבסטראַקטע באַגריפן (אוניווערסאַלן). מיט אַנדערע ווערטער, אוניווערסאַלע באַגריפן האָבן זיך אַנטוויקלט צוזאַמען מיט דער אַנטוויקלונג פון דער מענטשהייט און דער אַנטוויקלונג פון דער שפּראַך... זאָגט טאַקע בערטראַנד ראַסעל, אַז „דאָס, וואָס מען האָט פאַרפעלט צו באַטראַכטן שפּראַך קלאָר און דייטלעך איז געווען אַן אורזאַך פון פילעס וואָס האָט ניט געטויגט אין דער טראַדיציאָנעלער פילאָזאָפיע... אַלגעמיינע ווערטער ווי „מענטש", „קאַץ", „דרייעק" ווערן באַצייכנט מיטן נאָמען „אוניווערסאַל", וועגן וואָס פילאָזאָפן האַלטן אין איין דעבאַטירן פון פּלאַטאָנען אָן און ביז היינטיקן טאָג" (פילאָסאָפיע, זז. 43, 53). אויך ער נעמט אָן, אַז אוניווער־סאַלע באַגריפן זיינען אַנטשטאַנען עמפּיריש (אין פאַרבינדונג מיט שפּראַך־סימבאָליק) און הגם אַלס באַגריפן זיינען זיי לאָגיש אידענטיש, זיינען זיי אָבער אַ רעזולטאַט דערפון, וואָס אַזוי ווי ענלעכע זאַכן קוקן אויס אידענטיש, ווערן זיי אָנגערופן מיט די זעלבע נעמען און ווערן קלאַסיפיצירט אַלס „די זעלבע", ווען פאַקטיש זיינען זיי ניט מער ווי ענלעך צווישן זיך.

געוויס זיינען פאַראַן זאַכן, וואָס זייער ענלעכקייט איז אַזאַ גענויע, אַז מען דאַרף זאָגן, זיי זיינען אידענטיש. זאָגט אָבער לואיס אין זיין „גרעמער אָוו סייענס", אַז אין דער נאַטור זיינען ניטאָ קיין אידענטישע זאַכן אפילו געאָמעטרישע פיגורן זיינען נאָר ענלעך צווישן זיך.

דער אמת פון דער דערקלערונג פון אַ באַשטימטער דערשיינונג איז ניט אָפּהענגיק פון דעם וואָס איינער אָדער עטלעכע פאַקטן ריידן פאַר דער טובה פון דער באַטרעפנדער דערקלערונג, נאָר פון דעם, וואָס פון וועלכן ווינקל מען זאָל ניט צוגיין צו דער דערשיינונג, וועט דער אמת פון דער דערקלערונג דעמאָנסטרירט ווערן.

דער דאָזיקער אַלגעמיינער כלל ווערט אויך דעמאָנסטרירט דורך דעם אוניווערסאַל־פּאַרטיקולאַר פּראָבלעם, ווען מען גייט צו אים צו פונעם קריטיש־רעאַליסטישן שטאַנדפּונקט ווען מען לאָקאַליזירט די אוניווערסאַלן (אַלגעמיינע באַגריפן) אינעם פאַרשטאַנד און מען לאָזט די וועלט פון זאַכן ווי פּאַרטיקולאַרן צוזאַמען מיט זייערע אייגנשאַפטן. געוויס קען עס ניט טאָן דער נעאָ־רעאַליסט און בלייבן ביי זיין אוניווערסאַלן אָביעקטיוויזם, ביים לאָקאַליזירן באַגריפן (אוניווערסאַלן) אויסער דעם מענטשן אויף אַזאַ אופן, אַז ער זאָל זיין אין אַן אויסערלעכער פאַרהעלטעניש צו זיינע אייגענע באַגריפן... איז טאַקע דער נעאָ־רעאַליסט געצוואונגען צו ענדערן די וועלט אויף אַזאַ אופן (זע ווהייטהעד), אַז זי זאָל שטימען מיטן אוניווערסאַלן אָביעקטיוויזם. ערשט נאָכדעם קומען דענקער און באַווייזן אַז עס שטימט ניט: מען קען ניט אַרויסטראָגן דעם אינהאַלט פונעם פאַרשטאַנד (די אייגענע ביאָגראַפיע, צום ביישפּיל) און זיך שטעלן אין אַן אויסערלעכער פאַרהעלטעניש צו אים. דאָס קען מען פאַר קיין פאַל ניט טאָן. לאָזט מען איבער צו דעם מענטשן זיין אייגענעם אינהאַלט, ווערן אַלגעמיינע באַגריפן (לאָגישע אוניווערסאַלן) זיין סוביעקטיווער אייגנטום, זיי באַלאַנגען צו אים און ניט צו דער וועלט.

נאָכדעם ווי דער אוניווערסאַל־פּאַרטיקולאַר פּראָבלעם איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן אויף די יסודות, וואָס ער דאַרף שטיין, קען ער ווייטער באַטראַכט ווערן. איצט וועט ער גענומען ווערן פון אַן אַנדער ווינקל, פּאַקטיש איז עס אָבער דער זעלבער פּראָבלעם גענומען פון אַן אַנדער שטאַנדפּונקט.

קאַנט האָט געזאָגט, פּערצעפּציעס זיינען בלינד און קאָנצעפּציעס זיינען ליידיק, צוזאַמען זיינען זיי דער קוואַל פון וויסן (קאָגנאַציע). אין דעם זאַץ איז אויף אַ שיינעם אופן אויסגעדרוקט געוואָרן דער געדאַנק, אַז די אויסערלעכע וועלט צוזאַמען מיטן מענטשלעכן פאַרשטאַנד זיינען נויטיק פאַרן וויסן: אַז דער אָביעקט פון וויסן (די זאַך וואָס מען ווייסט פון דער וועלט) איז אַ צוזאַמענשטעל פון צוויי באַזונדערע פאַקטאָרן, איין פאַקטאָר באַלאַנגט צום מענטשן און דער צווייטער באַלאַנגט צו דער אויסערלעכער וועלט. עס מיינט, אַז מען קען קיינמאָל ניט וויסן ווי אַ זאַך קוקט אויס אין איר אייגענער ווירקלעכקייט דערפאַר, וואָס דער אָביעקט פון וויסן איז באַקליידט מיט פאָרמען, וואָס דער מענטש גופא גיט צו. ווי אַזוי דער אָביעקט קוקט אויס אָן די פאָרמען קען מען ניט וויסן, ווייל מען קען זיך ניט אויסטאָן פון די אייגענע פאָרמען: מען קען ניט וויסן ווי אַ זאַך קוקט אויס, סיידן מען קוקט אויף איר מיט די אויגן א. אַז. וו. פשוט מיינט עס, אַז קאַנט האָט אָנגעהויבן

מיט צוויי מיסטעריעס: אַ באַהאַלטענעם פֿאַרשטאַנד, וואָס באַזיצט זײַנע אייגענע פֿאַרמען. וועגן אים אַליין קען מען קיין זאַך ניט וויסן. ער (דער „מיינד״, פֿאַרשטאַנד) דאַרף אָנגענומען ווערן אַלס פּאַרטיקער מיט זײַנע פֿאָרמען. דאָס איז איין מיסטעריע; די צווייטע איז די „ווירקלעכקייט פֿאַר זיך אַליין״. וועגן איר קען מען אויך ניט זאָגן קיין זאַך דערפֿאַר וואָס מען קען ניט אַריבערשטייגן די אייגענע פֿאָרמען און אויפֿנעמען די ווירקלעכקייט ווי זי איז אויסער די פֿאָרמען, וואָס באַשטייען פֿון אַ צוגאָב, וואָס דער פֿאַרשטאַנד גיט צו צו דער ווירקלעכקייט.

פֿון דער אָפּהאַנדלונג, וואָס איז געגעבן געוואָרן ביז איצט, קען מען זען אַז דער קריטישער רעאַליסט נעמט ניט אָן קאַנטס שטאַנדפּונקט: ער דערקלערט ווי אַזוי דער מענטשלעכער פֿאַרשטאַנד האָט זיך אַנטוויקלט אויף אַ נאַטירלעכן אופֿן און ער ווייזט אויך אָן ווי אַזוי אוניווערסאַלע באַגריפֿן האָבן זיך אַנטוויקלט אַ דאַנק דעם, וואָס מען באַנוצט די זעלבע סימבאָליק פֿאַר ענלעכע זאַכן, וואָס קוקן אויס צו זײַן אידענטיש. עס מיינט, אַז די פֿאָרמען פֿון די באַטרעפֿנדע זאַכן זײַנען זייערע אייגענע, נאָר די סימבאָליק און די באַגריפֿן, וואָס מען פֿאָרמירט דורך איר באַלאַנגט צום מענטשן.

פֿון דעם פֿאָלגט, אַז דער מענטשלעכער וויסן באַשטייט פֿון זאַכן ווי זיי זײַנען. דאָס קלאַסיפֿיצירן און קאַטעגאָריזירן די זאַכן און די אייגנשאַפֿטן באַלאַנגט צום מענטשן. די נאַטור האָט מענטשן, לייבן, ביימער, רונדע און פּירקאַנטיקע זאַכן א. אַ. וו. זי האָט אָבער ניט קיין פֿאַמיליעס, גרופּן, מינים, קלאַסן, רונדקייטן, ווייסקייטן א. אַ. וו. דאָס זײַנען אַלץ מענטשלעכע סאָרטירונגען און קלאַסיפֿיצירונגען. די נאַטור האָט זיי ניט.

אַז דער ניט־פֿאַרשטיין פֿון דער באַדייטונג פֿון שפּראַך־סימבאָליק און איר פֿונקציע אינעם פּראָצעס פֿון וויסן איז געווען פֿאַראַנטוואָרטלעך פֿאַר פֿיל שוועריקייטן וואָס מען האָט זיך אַליין געשאַפֿן, באַווייזט קאַנטס טיילונג פֿון פּערצעפּציע און קאָנצעפּציע אויף צוויי באַזונדערע קאַטעגאָריעס און צוזאַמען פֿאָרמירן זיי וויסן. אַז עס איז פֿאַראַן אַן אונטערשייד אין דעם מיין פֿון די צוויי טערמינען איז קיין פֿראַגע ניט, געוויס האָבן זיי אין זינען פֿאַרשיידענע דענאָטירונגען די טיילונג דאַרף אָבער זײַן אין אַ גאַנץ אַנדער ליניע, ווי אין דער וואָס קאַנט האָט זיי געטיילט. פֿאַר זיך האָט אי פּערצעפּציע, אי קאָנצעפּציע אַ מיין, זיי ביידע באַזונדער גענומען אַנטהאַלטן פּאָזיטיווע באַגריפֿן, דער אונטערשייד איז נאָר אין דער שייכות פֿון דעם באַגריף. אין פּערצעפּציע איז די שייכות אין פֿאַרהעלטעניש צו דער אויסער־לעכער וועלט עפּעס מוז סטימולירן די חושים, כדי אַ פּערצעפּציע זאָל אַנטשטיין. דער אויסערלעכער פֿאַקטאָר איז דער באַדינג פֿאַר דער אַנט־שטייאונג פֿון אַ פּערצעפּציע: עס מוז זײַן אַ זאַך אין דער אויסערלעכער וועלט, וואָס זאָל אַרויסרופֿן אַ פּערצעפּציאָנעלן באַגריף. די פֿאַרהעלטעניש איז צו דער אויסערלעכער וועלט, פֿון וועלכער מען קריגט דעם באַגריף. אַנדערש איז מיט אַ קאָנצעפּציע; עס איז אויך אַ באַגריף, עס איז אָבער אַן אַבסטראַקטער באַגריף. די שייכות איז צום מענטשן זעלבסט, וואָס האָט דעם באַגריף. אַ קאָנצעפּציאָנעלער באַגריף, אָדער פּשוט אַ קאָנצעפּציע, באַשטייט פֿון אַן אינהאַלט פֿון דעם אייגענעם פֿאַרשטאַנד.

גערוויינטלעך זאָגט מען, אַז פּערצעפּציעס ווערן אַרויסגערופן פון דער אומגעבונג און קאָנצעפּציעס זיינען אַ פּראָדוקט פונעם אייגענעם אינטעלעקט: פּערצעפּציעס נעמט מען אויף און מיט קאָנצעפּציעס אָפּערירט מען. איז דאָס ריכטיק פאַרן געוויינטלעכן געברויך, ווייל מען אָבער פאָרשן דעם פאַר־שטאַנד און פאַרשטיין ווי ער פונקציאָנירט, דאַרף מען אַנאַליזירן דעם פּראָ־צעס אַביסל מער, מען דאַרף זען ווי אַזוי קאָנצעפּציעס אַנטשטייען און ווי אַזוי זיי פונקציאָנירן.

עס איז פריער אָנגעוויזן געוואָרן, אַז קינדער און פּרימיטיווע פעלקער האָבן גאָר ווייניק אַבסטראַקטע באַגריפן (קאָנצעפּציעס), אויב זייערע גע־דאַנקען זיינען ניט אינגאַנצן צוגעשמידט צום פּערצעפּציאָנעלן פאַקט, זיינען זיי אָבער צוגעשמידט דירעקט צו דער סימבאָליק (נאָמען); זיי איז שווער צו דענקען אין אַבסטראַקט, דערפאַר מוזן זיי סצענירן אַ פּאַסירונג. אויך אַן אַבסטראַקטער באַגריף (קאָנצעפּציע) איז ניט קיין הוילער, ער איז פאַר־בונדן מיט דער סימבאָליק. דער קולטור־מענטש קען אָבער אַבסטראַאירן דעם געדאַנק און איגנאָרירן דעם סימבאָל.

אָבער אויך מיטן סימבאָל איז היסטאָריש דער באַגריף ניט אַנשטאַנען; ער איז אַנטשטאַנען מיט דער זאַך, אייגנשאַפט און פונקציע דירעקט אין דער פאָרמע פון אַ באַדייטונג. שפּעטער, מיט דער אַנטוויקלונג פון דער סימ־באָליק, איז די דירעקטע באַדייטונג פון דער זאַך, אייגנשאַפט און פונקציע איבערגעטראָגן געוואָרן אויפן סימבאָל און איז געוואָרן אַ באַרגיף וועגן דעם סימבאָל. נאָך שפּעטער האָט זיך דער געדאַנק באַפרייט פון דער ענגער פאַרבינדונג מיטן סימבאָל און האָט אָנגעהויבן אָפּערירן מיט אַבסטראַקטע באַגריפן (קאָנצעפּציעס). אָבער דאָס זיינען אַלץ רינגען פון איין עוואָלוציע־קייט, פון דער אַנטוויקלונג פונעם פאַרשטאַנד.

אָנשטאָט צו ספּעקולירן אין אַבסטראַקט מיטן סוף פונעם פּראָצעס און אים ניט אָנצוהייבן צו פאַרשטיין, דאַרף מען אָנהייבן פונעם אָנהויב און אים נאָכפאָלגן ווי ווייט עס לאָזט זיך, קען מען אַמווייניקסטנס פאַרשטיין זיין אַנטוויקלונג און מען קען האָפן, אַז מען וועט אים מיט דער צייט אינגאַנצן פאַרשטיין.

הויבט מען אָן פונעם אָנהויב, דאַרף מען ניט אָנהייבן מיט קיין קאָנצעפּ־ציעס (אוניווערסאַלן), נאָר פון באַדייטונגען וואָס האָבן געפירט צו דער אַנטוויקלונג פון קאָנצעפּציעס.

ווען מען נעמט באַדייטונג אינעם ברייטן זינען, איז עס מער אַ ביאָלאָ־גישער טערמין, ווי אַ פּסיכאָלאָגישער, הגם ער שליסט אין זיך אויך איין פּסיכאָלאָגיע. ער שליסט אין זיך איין די באַדייטנדע זאַך, די פּסיכאָלאָגיע פונעם פּראָצעס, אַזוי גוט ווי די לאָגיק פונעם דענקען. ווען מען נעמט אים אינעם גאָר ברייטן זין, שליסט ער אין זיך איין די פונדאַמענטאַלע אייגנ־שאַפט פון דער אָרגאַנישער וועלט זיך אָפּצורופן אויף אַ באַשטימטן אופן אויף אַ סטימול, וואָס קומט פון דער סביבה. אין דעמדאָזיקן ברייטן זינען שליסט אין זיך באַדייטונג איין ניט נאָר דעם רעאַגירן פון אַ חיה צו אַ סטימול, נאָר אויך דעם רעאַגירן פון אַ פלאַנצונג צו דער אומגעבונג.

ווען אַ פלאַנצונג בויגט זיך אין דער ריכטונג פון וועלכער די זון־שטראַלן קומען, איז אין דעם פּראָצעס איינגעשלאָסן די אַקטיוויטעט, דער אָנהויב

פון דעם, וואָס פירט צו באַדייטונג. און ווען אַ חיה דערשפּירט אַ געפאַר און אַנטלויפט, האָט איר האַנדלונג אין זיך באַדייטונג.

ווען מען נעמט אים אין ברייטן זינען, מיינט באַדייטונג צו זיין אויס־קלייבעריש, צו רעאַגירן אויף אַ באַשטימטן אופן צו אַ סטימול. און אַזוי צו רעאַגירן איז אַ פונדאַמענטאַלע אייגנשאַפט פון פּראָטאָפּלאַזמע. עס מיינט, אַז ביאָלאָגיש גענומען, איז באַדייטונג די פונדאַמענטאַלסטע אייגנשאַפט פון דער אָרגאַנישער וועלט, פון דער לעבעדיקער נאַטור.

געוויס מיינט ניט באַדייטונג די זעלבע זאַך ווען אַ פלאַנצונג בויגט זיך צו דער זון, ווען אַ חיה אַנטלויפט פון אַ געפאַר און ווען אַ זאַך, אָדער פּאַסירונג האָט באַדייטונג פאַר אַ מענטשן. געוויס ניט: זיי אַלע אָבער באַשטייען פון גראַדאַציעס פון איין פונדאַמענטאַלער דערשיינונג אינעם עוואָלוציע־פּראָצעס, פון וועלכן די סביבה איז אַן אינטעגראַלער טייל.

נעמט מען באַדייטונג אינעם שמעלערן זין און מען באַגרענעצט די אייגנשאַפט נאָר מיטן מענטשן, קען די אייגנשאַפט אויף קיין אופן ניט דער־קלערט ווערן, זי קען אפילו ניט דעפינירט ווערן. יעדער איינדרוק, ווי נעפּלהאַפט ער זאָל ניט זיין, איז זיין רעגיסטראַציע אַן אויסדרוק פון באַדייטונג: עפּעס האָט געקראָגן אַ באַדייטונג. דערפאַר טאַקע קען באַדייטונג דירעקט ניט דערקלערט ווערן, מען קען נאָר אויף דעם אָנווייזן אויף אַן אומדירעקטן אופן, עס כאַפּן ביי דער אַנטשטייאונג, ווען עס רייסט זיך אַריין אינעם פאַרשטאַנד.

ווען מען איז פאַרזונקען אין אַ טיפן שלאָף און אַ שטערונג צום שלאָף ווערט אַריינגעפירט, ווערט מען אומרואיק, מען הויבט זיך אָן דרייען אינעם שלאָף: קיין באַדייטונג איז אין דעם מאָמענט נאָך ניטאָ. נאָר אָט הויבט דער שלאָף אָן אונטערבראָכן ווערן, מען הויבט אָן עפּעס צו דערפילן. אין דעם מאָמענט, ווען די אָנהאַלטונג פונעם שלאָף הויבט אָן אונטערבראָכן ווערן, דער אומבאַוואוסטזיין הויבט אָן פאַרשווינדן און אַ באַוואוסטזיניקער מאָמענט הויבט אָן שימערירן, רייסט זיך אַריין באַדייטונג...

אָדער ווען מען איז שטאַרק פאַרטיפט אין אַן ענין, די גאַנצע אויפ־מערקזאַמקייט איז קאָנצענטרירט אויף אים אויף אַזויפיל, אַז מען פאַרלירט דעם קאָנטאַקט מיט דער אַרומיקער וועלט; ווען מיטאַמאָל הויבט מען אָן פילן אַן אומבאַקוועמלעכקייט, עפּעס שטערט דעם אָנהאַלט פון דער אַרבעט; אָט דער מאָמענט, איידער מען ווייסט נאָך וועגן וואָס עס האַנדלט זיך, מען האָט נאָר פאַרלוירן די פולשטענדיקע אויפמערקזאַמקייט, וואָס מען האָט פריער געהאַט צו דער אַרבעט, איז עס דער מאָמענט אין וועלכן אַ נייע באַדייטונג הויבט זיך אָן אַריינרייסן אינעם באַוואוסטזיין. צי די שטערונג איז אַן אינערלעכע, זי קומט דירעקט פונעם קערפּער, צי זי קומט פון דער סביבה אַלס אַ ליכט, אָדער קלאַנג־סטימול, איז ניט קיין אונטערשייד. עס מוז אָבער זיין אַ שטערונג, אַז אַ באַדייטונג זאָל אַנט־שטיין.

ווי מען קען זען, אַנטהאַלט אין זיך די אַנטשטייאונג פון באַדייטונג צוויי מאָמענטן: 1) געפינט זיך די אַנטשטייאונג פון באַדייטונג אויפן גרענעץ־ליניע צווישן דעם אומבאַוואוסטזיין און דער אַנטשטייאונג פון באַוואוסטווערן, און 2) איז נויטיק אַן אויסערלעכער פאַקטאָר, וואָס זאָל

זיך רייסן צום באַוואוסטזיניק ווערן. דאָס לעצטע מיינט, אַז באַדייטונג אנט־שטייט ניט פון זיך זעלבסט פון דער העלער הויט, נאָר איז אַ רעזולטאַט פון אַ ווירקונג, וואָס קומט פון ערגעץ און ניט פונעם באַוואוסטזיין זעלבסט.

פון דעם קען מען זען, אַז באַדייטונג איז אַ פונקציע, וואָס איז אַ רעזולטאַט פון אַ קאָנטאַקט מיט עפּעס פון דער סביבה, וואָס רופט אַרויס די באַדייטונג: באַדייטונג איז אַ רעזולטאַט פון אַ פאַרהעלטעניש פונעם פאַרשטאַנד מיט עפּעס, וואָס קומט אַריין אינעם פאַרשטאַנד. אָן דעם עפּעס, וועלכער האַלט זיך אין רייסן אינעם באַוואוסטזיין פון דרויסן, איז ניטאָ קיין באַדייטונג און עס קען אויך ניט אַנטשטיין קיין באַדייטונג.

„ריינע" באַדייטונג, אָן וועלכן עס איז אינהאַלט, איז אַ פיקציע; עס איז ניטאָ אַזאַ זאַך. עפּעס מוז דערשיינען אַז אַ באַדייטונג זאָל קענען אַנטשטיין. בערגסאָנס „ריינער" לעבענס־שטראָם, איז ניט אַזוי ריין, ווי ער האָט זיך אים פאָרגעשטעלט, ער האָט אַן אינהאַלט. ווען מען פילט אין זיך אַ „לעבנס־שטראָם" באַשטייט דער פילן פון איינדרוקן, וואָס ווערן רעגיסטרירט אין דער נערוון־סיסטעם. די איינדרוקן מוזן ניט קומען פון דער אויסערלעכער וועלט, פון דער סביבה מיט וועלכער מען איז אַרומ־גערינגלט; זיי קענען באַשטיין פון קערפּערלעכער אַקטיוויטעט, ווי פונעם קלאַפּן פונעם אייגענעם האַרץ, פון קינעסטעטישע סטימולן (איינדרוקן פון די גלידער) א. אַז. וו. מיט איין וואָרט, עס איז אָן עפּעס, וואָס ווירקט, אַז אַן איינדרוק זאָל רעגיסטרירט ווערן און ניט קיין „ריינער" לעבנס־שטראָם. פון וואַנען דער איינדרוק זאָל ניט קומען, איז איין זאַך זיכער, עס מוז זיין אַזאַ איינדרוק, אַז באַדייטונג זאָל אַנטשטיין: באַדייטונג שליסט אין זיך איין אַן אָביעקט אַלס אינטעגראַלער טייל פונעם פּראָצעס.

ווי פריער געזאָגט, איז באַדייטונג אַ ביאָלאָגישער טערמין וואָס קען גענומען ווערן אין אַזאַ ברייטן זין פונעם וואָרט, אַז ער זאָל אין זיך איינשליסן די אייגנשאַפט פון דער אָרגאַנישער וועלט, וואָס ווערט אָנגערופן די אויסקלייבערישע אייגנשאַפט פון דער פּראָטאָפּלאַזמע. גע־וויס מיינט עס ניט, אַז מען דאַרף אָנהויבן מיט אַ צוועקמעסיקייט אינעם גאַנג פון דער נאַטור. פון אַזוינע צוועקן, אויב זיי זיינען פאַראַן, וואָס מען דאַרף זיין מער ווי אַ גלויביקער, אַז מ'זאָל זיי זען אין דער נאַטור, ווייס מען ניט, קען מען וועגן זיי ניט ריידן. דאָ רעדט זיך נאָר וועגן דעם ריינעם ביאָלאָגישן פּראָצעס, וואָס איז „אויסקלייבעריש" אינעם פּשוטן ביאָלאָגישן זין, אינעם זין פון רעאַגירן צו איין סטימול און ניט רעאַגירן צו אַ צווייטן. דאָס איז דער גאָר ברייטער זין פון באַדייטונג.

ווען מען רעדט געוויינטלעך וועגן באַדייטונג, האָט מען ניט אין זינען דעם ברייטן ביאָלאָגישן פּראָצעס, מען האָט אין זינען דעם שמעלערן, דעם ריין פּסיכאָלאָגישן פּראָצעס, ווי ער קומט פאָר אינעם מענטשן. נעמט מען באַדייטונג אין דעם שמעלערן זין, באַשטייט באַדייטונג אין דעם וואָס דער מענטש קערט זיך אום מיטן פּנים צו דער נאַטור, פון וועלכער ער איז אַן אינטעגראַלער טייל און רעגיסטרירט אין זיין באַוואוסטזיין אינערלעך אין זיין מאַרך אירע סטימולן; ער ווערט באַוואוסטזיניק פון זיי. אין דעם מאָמענט ווען אַזאַ באַדייטונג דערשיינט, אַנטשטייט דער מענטשלעכער באַוואוסטזיין.

מען קען זען, אַז באַדייטונג און באַוואוסטזיין באַשטייען פון צוויי אַספּעקטן פון איינער און דער זעלבער דערשיינונג: באַדייטונג ווערט די דערשיינונג אָנגערופן, ווען דער אָביעקטיווער מאָמענט ווערט באַטאָנט, ווען מען קערט זיך אום מיטן פּנים צו דער נאַטור און מען רעגיסטרירט איר אָנרעגונג. באַוואוסטזיין ווערט די זעלבע דערשיינונג אָנגערופן ווען דער סוביעקטיווער מאָמענט ווערט אונטערשטראָכן, ווען דער באַוואוסטזיניק ווערן גופא איז דער צענטער פון אינטערעס. זיי זיינען אָבער צוויי אַספּעקטן פון איינעם און דעם זעלבן פּראָצעס.

ווען מען טראַכט זיך אַריין אין דעם געזאָגטן, זעט מען, אַז ס'מיינט אַז באַוואוסטזיין באַשטייט פון אַ פונקציע, פון אַ רעאַגירן צו אַן עפּעס, אָבער איז ניט קיין עפּעס פאַר זיך אַליין, אַז באַוואוסטזיין באַשטייט פון אַ קאַטעגאָרישער אייגנשאַפט, וואָס האָט זיך אַנטוויקלט אינעם מאַרך, ווען ער האָט זיך אַנטוויקלט צו דער מדרגה אַז באַדייטונג (אינעם שמאָלן זין פון וואָרט) זאָל קענען אַנטשטיין אין אים.

אין דעם מאָמענט, וואָס אַ סטימול ווירקט אויף אַזאַ אופן, אַז עס אַנטשטייט אַ באַדייטונג (אינעם שמאָלן זין פון וואָרט), אַנטשטייט דער עפּיסטאָמאָלאָגישער דואַליזם: עס דערשיינט אַזאַ פאַרשטאַנד, וואָס קען רעגיסטרירן אַן אינהאַלט, אַן אָביעקט פון וויסן אַנטשטייט און ווערט לאָקאַליזירט. אויף דעם פּלאַץ, פון וואַנען דער סטימול איז געקומען, וואָס עס מיינט וואו די זאַך געפינט זיך. אַזוי ווי באַדייטונג אַנטשטייט אינעם פאַרשטאַנד און די אורזאַך, וואָס רופט אַרויס די באַדייטונג, געפינט זיך אויסער דעם מענטשן, האָט מען פאַר זיך אַ דואַליזם.

פון דעם מאָמענט, ווען באַדייטונג ווערט רעגיסטרירט אַלס אַן אינהאַלט אינעם פאַרשטאַנד, ווערט געבוירן די מענטשלעכע פּערזענלעכ־קייט: דער מענטש ווערט אַ „איך" און אַן „אַגענט". ניט נאָר אַ צענטער אין וועלכן איינדרוקן ווערן רעגיסטרירט און ער ווערט באַוואוסט וועגן זיי, נאָר זיי ווערן סינטעזירט און אינטערפּרעטירט.

באַדייטונג איז דער ברען־פּונקט אין וועלכן דער מענטשלעכער באַ־וואוסטזיין צינדט זיך אָן און פון וועלכן די מענטשלעכע פּערזענלעכקייט שטראַלט אַרויס, עס איז דער פּונקט פון וועלכן דער „איך שפּראַצט אַרויס און דער צענטער פון וועלכן דער מענטש וואַקסט אַרויס.

כדי אַרויסצוברענגען דעם מיין פון באַדייטונג אינעם מענטשלעכן זין, וועט געבראַכט ווערן די מאַלפּע פאַר אַ פאַרגלייך. אויך פאַר איר האָבן זאַכן און דערשיינונגען אַ באַדייטונג, זי האַנדלט אפילו אַזוי, אַז מען נעמט אָן, אַז זי באַנעמט די דערשיינונג אַלס גאַנצע; זי האָט אַן „אַריינבליק" אין דער טאָטאַלער סיטואַציע. אָבער ניט נאָר קען זי ניט איבערגעבן די באַדייטונג צו אַ צווייטער מאַלפּע און יענע זאָל לערנען פון איר דער־פאַרונג און ניט נאָר קען די צווייטע ניט לערנען באַאָבאַכטנדיק איר האַנדלונג, נאָר זי אַליין „פאַרגעסט" אָפט אירע פריעריקע האַנדלונגען: די דערשיינונג פאַרלירט פאַר איר די באַדייטונג, וואָס זי האָט געהאַט פריער (זע צוקערמאַן, די סאָשעל לייף אָוו מאַנקיעס ענד אייפּס, קאַפּ. 10, „דער איינצלנער אין דער גרופּע").

איר פעלט די פיאיקייט מיטצונעמען מיט זיך די דערפאַרונג און זי אָנהאַלטן פאַר זיך. זי האָט ניט קיין גענוג אַנטוויקלטן מאַרך־אַפּאַראַט, וואָס זאָל קענען טראָגן אַזאַ דערפאַרונג און זי האָט ניט קיין סימבאָליק, וואָס זאָל אַזוי פאַראַנקערן אַ באַדייטונג, אַז עס זאָל פון איר ווערן אַ באַגריף. דאָס לעצטע קען נאָר טאָן דער מענטש, וואָס באַזיצט אַ שפּראַך־סימבאָליק, דורך וועלכער ער קען פאַרמירן באַגריפן פון באַדייטונגען.

אויפן אונטערשייד פון די צוויי טערמינען: באַדייטונג (מינינג, מיין) און באַגריף (קאָנסעפּט, קאָנצעפּציע) איז פריער אומדירעקט אָנגעוויזן געוואָרן. ווען מען נוצט זיי אינעם טעכנישן זין, האָט באַדייטונג אַ שייכות דירעקט צו אַ זאַך, אָדער אַ דערשיינונג, וואָס רופט אַרויס די באַדייטונג: די דירעקטע ווירקונג פון דער זאַך, אָדער דער דערשיינונג אויפן מענטשן איז נויטיק פאַר דער אַנטשטייאונג פון א באַדייטונג. די פאַרהעלטעניש איז צו דעם וואָס באַדייט.

באַגריף (אויך אינעם טעכנישן נוץ פון טערמין) האָט אַ שייכות, אָדער אַ פאַרהעלטעניש צו אַ סימבאָל (אַ נאָמען פון אַ זאַך, אייגנשאַפט אָדער פונקציע), וואָס ווערט גענוצט ווי אויך צום מענטשלעכן פאַרשטיין אין אַלגעמיין (זינלעכע דערפאַרונג, פּערצעפּציע אַזוי גוט ווי קאָנצעפּציע). ווען מ'רעדט וועגן אַ באַגריף, האָט מען אין זינען דעם מענטשן, וואָס האָט דעם באַגריף; די שייכות איז צו אים און זיין פאַרשטאַנד, וואָס באַנעמט און אָפּערירט מיט באַגריפן.

פאַרשטייט זיך, אַז עס איז ניט קיין פראַגע וועגן דער טערמינאָלאָגיע זעלבסט, וועגן דער ריכטיקער באַנוצונג פון ווערטער. אינעם געוויינטלעכן געברויך פון ווערטער איז אַזאַ פּעדאַנטיזם אינגאַנצן ניט נויטיק. די באַ־טאָנונג אויף די טערמינען איז געמאַכט געוואָרן בכדי אַזוי אַרום אַרויס־צוברענגען ווי אַזוי דער מענטשלעכער וויסן האָט זיך אַנטוויקלט אַלס אַן אינהאַלט אינעם פאַרשטאַנד אין דער פאָרמע פון אוניווערסאַלע באַגריפן (לאָגישע אוניווערסאַלן) פון זאַכן, וואָס געפינען זיך אויסער דעם מענטשן און זיינען ניט מער ווי ענלעך צווישן זיך: ווי אַזוי דער עפּיסטאָמאָלאָ־גישער דואַליזם איז אַנטשטאַנען און ווי אַזוי דער פאַרשטאַנד אָפּערירט מיט אַבסטראַקטע באַגריפן.

כדי צו זען, אַז די אינטערפּרעטאַציע, וואָס ווערט דאָ אָנגענומען, איז אַ ריכטיקע, זאָל נאָכאַמאָל געבראַכט ווערן העלען קעלער; ווי אַזוי איר פאַרשטאַנד איז געווען ליידיק, איידער זי האָט געקראָגן אַ סימבאָליק פאַר דער פאָרמירונג פון באַגריפן: אָן דער סימבאָליק וואָלטן ניט מעגלעך געווען קיין אַלגעמיינע באַגריפן.

אין דער אַלגעמיינער דערקלערונג פון אַ פונדאַמענטאַלן פּראָבלעם מוז מען אָפּט באַרירן כלערליי פונקטן, וואָס זיינען אוממיטלבאַרע טיילן פונעם פּראָבלעם; זיי פאַרצווייגן אים אויף אַזויפיל, אַז ווען מ'קומט צום סוף באַ־קומט מען דעם איינדרוק, אַז אַנשטאָט אים צו דערקלערן, האָט מען אים נאָך מער פאַרפּלאָנטערט... דאָס איז אומפאַרמיידלעך: דער איינציקער וועג ווי אַזוי צו דערקלערן אַ פּראָבלעם, איז צו באַהאַנדלען אים פון אַלע זייטן און דאָס מיינט אָפּט אים מאַכן מער קאָמפּליצירט...

כדי אָבער ניט בלייבן ביי קיין פּלאָנטער איז נויטיק צוריקצוקומען צום פּונקט, פון וועלכן מען האָט אָנגעהויבן און דאָס מיינט אַ ווידערהאָלונג פון דער זעלבער פראַגע... אָבער מען קומט שוין צו איר פון אַן אַנדער ווינקל און מען האָט שוין פּילעס דערקלערט, וואָס איצט קען עס געזוצט ווערן אין אַ פּאַרטיקער פאָרמע.

אום צוזאַמענצוברענגען די פּונקטן מיט אַזוי ווייניק ווידערהאָלונגען ווי נאָר מעגלעך, וועט דער צוגאַנג זיין דער עפּיסטאָמאָלאָגישער דואַליזם, אָדער דער אינהאַלט פונעם פאַרשטאַנד.

פון וואָס עס באַשטייט דער אינהאַלט פונעם פאַרשטאַנד און צי מען קען אויף דעם אופן אויסמיידן אַן אַנטאָלאָגישן דואַליזם (די עקזיסטענץ און צוזאַמענווירקונג פון צוויי רעאַליטעטן) וועט באַטראַכט ווערן אין קערפּער־פאַרשטאַנד פּראָבלעם. דערווייל וועט די אָפּהאַנדלונג נאָך אַלץ געפירט ווערן אויף אַן אָבסטראַקטן אופן, דער מאַרך וועט אויסגעלאָזט ווערן.

יעדער באַגריף, מיט וועלכן דער פאַרשטאַנד אָפּערירט, קען אָנגערופן ווערן אַ לאָגישער אוניווערסאַל (עס וואָלט געווים גלייכער געווען אויסצולאָזן דעם טערמין אוניווערסאַל אינגאַנצן, עס איז אָבער ניט מעגלעך). אַלס באַגריף איז ער ניט פאַרבונדן מיט קיין באַשטימטער זאַך, אָדער מיט צייט און רוים: דער באַגריף בוך, מענטש, גרין, רונד א. אַז. וו. איז אַלעמאָל דער זעלבער. דאָס אוניווערסאַלע אין אים איז זיין לאָגישער אינהאַלט; ער מיינט אַלעמאָל דאָס זעלבע. אַ דאַנק דעם וואָס דער פאַרשטאַנד באַזיצט אַלגעמיינע באַגריפן (קאָנצעפּציעס), איז מעגלעך לאָגישער דענקען און מענטשן פאַרשטייען איינער דעם צווייטן: זיי מיינען דאָס זעלבע, ווען זיי נוצן די זעלבע סימבאָליק. דערמיט ענדיקט זיך דאָס אוניווערסאַלע אין אַלגעמיין. די נאַטור האָט ניט די זעלבע זאַכן, נאָר בלויז ענלעכע זאַכן. זייער ענלעכקייט איז אָפּט אַזאַ גענויע, אַז זיי ווערן אָנגערופן מיט די זעלבע נעמען און ווערן קלאַסיפיצירט אַלס די זעלבע. אַ דאַנק דעם וואָס מען קען זיי קלאַסיפיצירן אַלס די זעלבע, איז מעגלעך צו וויסן וועגן זיי: מען קען זיי פאַרגלייכן און גרופּירן לויט זייערע אייגנשאַפטן, וואָס מאַכן דעם איינדרוק, אַז זיי זיינען די זעלבע; הגם פאַקטיש איז נאָר די סימבאָליק (דער נאָמען) די זעלבע און ניט די זאַך, וואָס זי סימבאָליזירט.

כדי צו דערקלערן ווי אַזוי אין אַ וועלט פון ענלעכע זאַכן האָבן געקענט אַנטשטיין אוניווערסאַלע באַגריפן אויף אַן עמפּירישן אופן דירעקט פון דער דערפאַרונג, איז אָנגעוויזן געוואָרן ווי אַזוי באַגריפן האָבן זיך אַנטוויקלט מיט דער הילף פון סימבאָליק (נעמען פאַר זאַכן, אייגנשאַפטן און פונקציעס) פון באַדייטונגען, וואָס זיינען דירעקט פאַרבונדן מיט זאַכן און זייערע אַל־געמיינע באַגריפן (קאָנצעפּציעס). אין אָנהויב ביי קינדער און פּרימיטיווע פעלקער) זיינען די באַגריפן ענג פאַרבונדן מיט דער סימבאָליק (נאָמען), דער קולטור־מענטש קען אָבער אַבסטראַאירן דעם באַגריף פון דער סימבאָליק און אָפּערירן מיט לאָגישע קאָנצעפּציעס: ער קען דענקען אין אַבסטראַקט (לאָגישן קאָנצעפּציאָנאַליזם).

קעגן דעם עפּיסטאָמאָלאָגישן שטאַנדפּונקט ווערן אַרויסגעבראַכט צוויי אויסזעצונגען: 1) אַז ער פירט צו אַן עקזיסטענציעלן דואַליזם (אַנטאָלאָגישן

דואַליזם)؛ עס איז די מיינונג פון די קריטיקער, אַז מען קען פאַר קיין פאַל ניט פאַרבינדן דעם אינהאַלט פונעם פאַרשטאַנד מיטן מאַרך אַלס אַ טייל פונעם לעצטן. דער אינהאַלט ווערט פאַרבונדן מיטן „איך", אָדער דעם „באַוואוסטזיין" אַלס אַן עקזיסטענץ (נשמה), וואָס געפינט זיך אינעם קערפּער וואָס איז ניט קיין טייל פון אים. דער דאָזיקער דואַליזם פון קערפּער און נשמה איז אַ פּערמאַנענטער. און 2) זאָגן די קריטיקער, פירט ער צו סקעפּטיציזם, צו צווייפלען אינעם אמתן מענטשלעכן וויסן פון דער וועלט. מען זאָגט אַז די אויסזעצונג, וואָס בוירקלי האָט אַרויסגעבראַכט קעגן לאָקן, בלייבט אין פולער קראַפט אויך איצט.

איז וואָס באַלאַנגט דער ערשטער אויסזעצונג, וועט זי באַהאַנדלט ווערן אין דער נויטיקער פאַרבינדונג; קעגן דער צווייטער אויסזעצונג איז די גאַנצע עפּיסטעמאָלאָגיע געווען אַן ענטפער. אויב דאָס, וואָס איז ביז איצט געזאָגט געוואָרן, שטעלט ניט צופרידן, וועלן מוזן בלייבן סקעפּטיקער...

פונדעסטוועגן וועט ניט זיין אויסער פּלאַץ צו מאַכן אַ פּאָר באַמערקונגען וועגן דעם ענין. די באַמערקונגען זיינען באַרעכטיקט דערפאַר, וואָס דורך זיי וועט באַוויזן ווערן, אַז די וואָס ווילן בלייבן סקעפּטיקער קענען זיך ניט באַגרענעצן מיט זייער סקעפּטיציזם אויף דעם שטאַנדפּונקט אליין, זיי מוזן בלייבן סקעפּטיקער אויף דער גאַנצער ליניע: דאָס וואָס קען ניט דערקלערט ווערן פון דעם שטאַנדפּונקט, קען אויך ניט דערקלערט ווערן פון קיין אַנדער שטאַנדפּונקט.

גלייך אין אָנהויב פון דער דערקלערונג פון דער דער־קענטעניש־לערע, וואָס ווערט אין דער אַרבעט פאַרטיידיקט, איז אָנגעדייטעט געוואָרן, אַז עס ווערט אָנגענומען לאָקס אויסגאַנגס־פּונקט, אַז דער מענטשלעכער וויסן פון דער וועלט באַשטייט פון אַן אינהאַלט אינעם פאַרשטאַנד פון זאַכן און דערשיינונגען, וואָס געפינען זיך אין דער אויסערלעכער וועלט, אַז דער וויסן איז אַן אומדירעקטער און באַ־שטייט פון אַן אינטערפּרעטאַציע פון דער פּרעזענטירענדער זאַך. עס איז אָנגענומען געוואָרן, אַז לאָק איז געווען גערעכט; ער האָט בלויז ניט געוואוסט ווי אַזוי צו פאַרטיידיקן זיין שטאַנדפּונקט. אַזוי גיך ווי ער האָט געזאָגט, אַז וויסן באַשטייט פון אידייעס, וואָס זיינען קאָפּיעס פון זאַכן, האָט ער פאַרלוירן דעם קאָנטאַקט מיט דער אויסערלעכער וועלט און בוירקליס קריטיק איז געווען דער רעזולטאַט: פון וואַנען ווייס לאָק, וואָס עס טוט זיך אין דער וועלט, ווען זיין וויסן איז באַגרענעצט מיט זיינע אייגענע אידייעס? לויט לאָקס פּאָזיציע האָט דאָס ניט געקענט דערקלערט ווערן.

אין דער אַרבעט איז אָנגענומען געוואָרן דער נאַטוראַליסטישער שטאַנד־פּונקט, אַז וויסן איז אַ דירעקטער רעזולטאַט פונעם עוואָלוציע־פּראָצעס, אַז ער באַשטייט פון אַן אָפּרוף צו אַ סטימול, וואָס קומט פון דער סביבה, אַז וויסן און באַדייטונג זיינען סינאָנימען, זיי מיינען די זעלבע זאַך. זייער אָנהויב איז אין דער ביאָלאָגיע אַלס די פונדאַמענטאַלסטע אייגנשאַפט פון דער לעבעדיקער נאַטור. ווען מען נעמט אָן דעם שטאַנדפּונקט, איז ניט שייך צו פרעגן פון וואַנען מען ווייסט. מען הויבט אָן פון דער אייגנשאַפט, וואָס

פירט צום וויסן. דאָס איז פונדאַמענטאַל. דער אָנהויב איז דער זעלבער פאַר ווהייטהעדן, וואַטסאָנען אאַז״וו. זיי אַלע הויבן אָן פון דעם זעלבן פאַקט; פונעם רעאַגירן צו דער אויסערלעכער וועלט: אויב מען צווייפלט אין איי־נעם, מוז מען צווייפלען אין אַלע... צווייפלט מען ניט אין אַלע איז די פראַגע נאָר, וועלכע דערקלערונג שטימט מער מיט די פאַקטן, וואָס מען איז באַקאַנט. עס איז אָן צווייפל, אַז דער קריטישער רעאַליזם איז מער אין איינקלאַנג מיט די פאַקטן, ־צוליב דעם איז ער דאָ אָנגענומען געוואָרן.

# דער פּראָבלעם פון פאַרהעלטנישן

## (רעלאַציעס)

„אַ מעטאַפיזיקער", זאָגט סער ריי לאַנקעסטער, „איז אַ בלינדער, וואָס יאָגט זיך אין אַ פינצטערן צימער נאָך אַ שוואַרצער קאַץ, וואָס איז דאָרט ניטאָ" (עילאַטס מאָדערן סייענס, א. בערגסאָנס אילוזיעס).

וויסן און אמת, זאָגט מאַנטעגיע אין די קאַרוס לעקציעס, באַשטייען פון אַ פאַרנעם וואָס ציט זיך אויס אין צוויי ריכטונגען: איינע גרייכט אַזוי הויך, וואו די פאַנטאַזיע קען פליען, די צווייטע דערגרונטעוועט זיך אַזוי טיף, וואו די ווירקלעכקייט קען דערגרייכן. די ערשטע ריכטונג באַלאַנגט צו דער פילאָזאָפיע, די צווייטע צו דער וויסנשאַפט. איבערלאָזנדיק פאַר דער וויסנשאַפט דאָס זיכערע און נעמענדיק פאַר זיך דאָס מעגלעכע, דאַרף די פילאָזאָפיע אָבער ניט פאַרלירן איר קאָנטאַקט מיט דער וויסנשאַפט. איר פעלד איז טאַקע די פאַנטאַזיע, זי דאַרף זיך אָבער אויסהיטן ניט צו פאַר־נעמען דאָס פלאַץ פון דער פּאָעזיע.

מאַנטעגיעס טיילונג פון די ספערן פון דער וויסנשאַפט און דער פילאָזאָפיע איז אין אַלגעמיין אַ ריכטיקע; די וואָרנונג אָבער וואָס ער גיט דער פילאָזאָפיע איז נאָך מער ווי אַ באַרעכטיקטע... ספּעציעל דאַרף זי געגעבן ווערן די פילאָזאָפישע אידעאַליסטן. ווען מען לייענט זיי, קריגט מען דעם איינדרוק, אַז פילאָזאָפיע איז דיכטונג: אַ בלינדער וואָס יאָגט זיך נאָך אַ „קאַץ" פון דער פאַנטאַזיע.

דער גרעסטער „דיכטער" אין דער מאָדערנער צייט איז געווען ברעדלי, וועמענס ווערק „אַפּירענס ענד רעאַליטי" ווערט פון די אידע־אַליסטן באַטראַכט פאַר דער וויכטיקסטער שאַפונג נאָך קאַנטן.

ברעדלי האָט גענומען פאַר זיין אויפגאַבע צו פאַראייניקן העגעלס אַבסאָלוטן אידעאַליזם מיטן ענגלישן עמפּיריציזם און באַווייזן, אַז דאָס אמת־רעאַלע איז דער „אַבסאָלוט", פון וועלכן טיילן זיינען בלויז „אַספּעקטן" (אַפּירענסעס). אַן אַספּעקט איז, לויט ברעדלין, ניט קיין אילוזיע, נאָר אַ טייל פון דער רעאַליטעט. נעמט מען אים אָבער באַזונדער פאַר זיך, איז ער בלויז אַן אַספּעקט פון דער רעאַליטעט און ניט די רע־אַליטעט. ער זאָגט: אַזאַ דערשיינונג ווי אַן אַספּעקט וואָלט ניט געווען מעגלעך אָן אַ רעאַליטעט, ס'וואָלט ניט געווען וואָס ס'זאָל דערשיינען. אַ רעאַליטעט אָן אַספּעקטן מיינט גאָרניט פּשוט דערפאַר, וואָס ס'איז ניטאָ

קיין אַנדער זאַך, אויסער אַספּעקטן" (ציטירט פון „אַפּירענס ענד רעאַלי־טי", לויט רענדס מאָדערן קלאַסיקל פילאָסאָפיע, ז. 798).

דער דאָזיקער ווערטער־שפּיל קען ניט מיינען קיין אַנדער זאַך ווי אַז די חושים זיינען אין באַרירונג מיט דער רעאַליטעט; זייער אינפאָרמאַציע איז אַ ריכטיקע. זי באַשטייט אָבער בלויז פון „אַספּעקטן" פון דער רעאַ־ליטעט און ניט פון דער אַבסאָלוטער רעאַליטעט. די לעצטע איז נאָר איינע: דער „אַבסאָלוט", די „טאָטאַליטעט", אָדער „גאָט". די דאָזיקע „רעאַליטעט" קען מען אָבער ניט אויפנעמען דורך די חושים; מען נעמט נאָר אויף אירע „אַספּעקטן" און ניט זי אין איר „גאַנצקייט".

אַזוי ווי ער נעמט אָן אַז די רעאַליטעט באַשטייט פון אַן איינהייט, לייקנט ער אָפּ די עקזיסטענץ פון באַזונדערע זאַכן. וואָס גע־פינען זיך אין אַן אויסערלעכער פּאַרהעלטעניש איינע צו דער צווייטער אויף אַזאַ אופן, אַז אַן ענדערונג אין זייערע פּאַרהעלטענישן (רעלאַציעס) זאָל ניט ענדערן זיי גופא: אַז די פאַרשיידענע זאַכן זאָלן נאָך דער ענ־דערונג פון די פּאַרהעלטענישן בלייבן די זעלבע, וואָס זיי זיינען געווען פריער. דאָס זאָגט ער איז אוממעגלעך, מען קען אפילו וועגן דעם ניט דענקען; ס'איז אַ ווידערשפּרוך. ער זאָגט: „ס'זיינען פאַראַן פּאַרהעל־טענישן צווישן טערמינען (דאָס דאַרף מיינען זאַכן) און דער רעזולטאַט הערן מיר איז, אַז די דאָזיקע פּאַרהעלטענישן פירן ניט אַריין קיין ענדערונג צווישן די באַטרעפנדע טערמינען.

אויב ס'איז אַזוי, איז אין וואָס באַשטייט דער אונטערשייד? וואָס איז דער מיין און דער זין צו באַשטימען טערמינען לויט זייערע פּאַר־העלטענישן אויב, אין קורצן, די פּאַרהעלטעניש איז אויסערלעך פון דעם טערמין, איז וואָס מיינט עס אַז זי באַלאַנגט צום טערמין? אויב די טערמינען זיינען אַזוינע לויט זייער נאַטור, אַז זיי גייען ניט אַריין אין קיינע פּאַרהעלטענישן, איז וואָס אָנבאַלאַנגט זיי קוקט עס אויס אַז זיי זיינען אין פּאַרהעלטענישן אָן וועלכער ס'איז אורזאַך. זאַכן געפינען זיך אין אויסערלעכע פּאַרהעלטענישן פריער אויף איין וועג און נאָכדעם אויף אַ צווייטן, זיי בייטן זייערע פּאַרהעלטענישן און צו דער זעלבער צייט ענדערן זיי זיך אַליין ניט און דאָס איז דערפאַר, וואָס מען זאָגט, אַז זייערע פּאַרהעלטענישן זיינען בלויז אויסערלעכע. אויב דאָס איז ריכטיק, הויב איך ניט אָן צו פאַרשטיין פאַרוואָס טערמינען פאַרלאָזן אייך ריי פון פּאַרהעלטענישן און פאַרוואָס זיי קומען אַריין אין א נייער גרופּע פּאַרהעלטענישן. ווען זיי גיבן קיין זאַך ניט צו צו די טערמינען, איז דער פּראָצעס און זיינע רעזולטאַטן אינגאַנצן ניט ראַציאָנאַל. אויב טערמינען טראָגן עפּעס צו, דעמאָלט מוזן די טערמינען באַווירקט ווערן פון דער אָרדענונג" (זע אַפּירענס ענד רעאַליטי, זז. 575־576).

ווען מען טיילט אָפּ דעם עצם אין דעם געזאָגטן פון דער דעקאַראַציע און מען נעמט אים אַרויס פונעם טומאַן, אין וועלכן ער איז איינגעוויקלט, מיינט עס פּשוט: די רעאַליטעט פון דער וועלט באַשטייט פון פאַרשיידענע זאַכן (טערמינען), די זאַכן געפינען זיך אין רוימלעכער שייכות צווישן זיך (פּאַרהעלטענישן, רעלאַציעס), איז ווען מען נעמט אָן אַז די זאַכן זיינען פולשטענדיק באַזונדערע, זיי ווערן ניט באַווירקט איינע פון דער צווייטער

(די פּאַרהעלטעגישן זיינען אויסערלעכע); באַהויפּטעט ברעדלי, אַז דאָס מיינט אַן אומפּאַרשטענדלעכער כאָאָס, וואָס האָט ניט קיין שום זין אָדער מיין און דערפאַר איז ניט מעגלעך צו דענקען וועגן אויסערלעכע פּאַר־העלטעגישן.

אַז ברעדלי איז איבערגעגעבן געוואָרן ריכטיק, וועט באַשטעטיקן אַן אויסצוג פון זיין אַ נאָכפאָלגער, וואָס רעדט פּשוטע רייד. „ווען", זאָגט פּראָפעסאָר ראָבינזאָן, „מען וויל דערקלערן די פולשטענדיקע באַדייטונג פון דעם זאַץ: „לינדענבערג איז אַריבערגעפלויגן דעם ים", דאַרף ער אין זיך איינשליסן אַלע איינצלהייטן, וואָס אַנטהאַלטן דעם מיין פון דער דאָ־זיקער באַהויפּטונג. די אַלע איינצלהייטן שליסן אין זיך איין די אַנטוויק־לונגען פונעם פליען גופא, די אַנטוויקלונג פון דער טעכניק, וואָס האָט געמאַכט מעגלעך צו דערפינדן פלי־מאַשינען. ס'דאַרף געגעבן ווערן די פולשטענדיקע פיזישע באַדינגונגען, וואָס זיינען פאַרבונדן מיטן פליען: ווי געאָגראַפיע, מעטעריאָלאָגיע א. אַז. וו. מען דאַרף דערקלערן לינ־דענבערגן אַלס לעבעדיקן מענטשן, זיין פיזישן און פסיכישן צושטאַנד. דאָס לעצטע דאַרף איינשליסן ביאָלאָגיע, פּסיכאָלאָגיע א. אַז. וו. א .אַז. וו. מיט איין וואָרט, אַט די אַלע פּאַרהעלטעגישן (רעלאַציעס) זיינען אייגנ־שאַפטן (קוואַליטעטן), וואָס זיינען טיילן פון דער רעאַליטעט פון דער פּאַ־סירונג (לינדענבערגס אַריבערפליען דעם ים). וויל מען אַז די באַהויפּטונג זאָל זיין אַ פולקאָמענע, פּירט זי צו דער פולקאָמענער גאַנצקייט, צום אַבסאָלוט, וואָס איז די איינציקע רעאַליטעט. טוט מען עס ניט, האָט מען אַ טייל פון דער רעאַליטעט, מען האָט אַן אַספּעקט פון איר" (זע אינטראָ־דוקשאָן טו ליווינג פילאָסאָפיע, ז. 84).

דאָס איז עס וואָס ברעדלי און מיט אים אַלע אַבסאָלוטע אידעאַליסטן, מיינען ווען זיי ריידן וועגן פּאַרהעלטעגישן צווישן זאַכן (רעלאַציעס). זיי לייקענען אָפּ די עקזיסטענץ פון באַזונדערע זאַכן, וואָס געפינען זיך אין פּאַרהעלטעגישן צווישן זיך. פאַר זיי באַשטייט די נאַטור פון איין רעאַ־ליטעט (דער אַבסאָלוט, אָדער גאָט). די פּאַרהעלטעגישן זיינען „אייגנ־שאַפטן" (קוואַליטעטן).

ברעדליס באַווייז, אַז די אמת'ע רעאַליטעט איז נאָר דער „אַבסאָלוט", אָדער די טאָטאַליטעט פון דער וועלט, איז אַ פאָרמעל לאָגישער. ער באַ־ווייזט, אַז לאָגיש קען מען ניט דענקען וועגן אַזאַ דערשיינונג ווי אוי־סערלעכע פּאַרהעלטעגישן (רעלאַציעס) צווישן זאַכן אין דער וועלט. לויט זיין מיינונג, איז מען געצוואונגען אָנצונעמען, אַז פּאַרהעלטעגישן צווישן זאַכן ענדערן עפּעס אין די זאַכן, וועלכע געפינען זיך אין פּאַרהעלטע־נישן (רעלאַציעס) צווישן זיך. נעמט מען דאָס ניט אָן, מיינט לויט זיין מיינונג, פּאַרהעלטעגישן גאָרניט; ס(איז אַ ליידיקער באַגריף, אָדער גאָר ניט קיין באַגריף: פּשוט ווערטער אָן וועלכן ס'איז מיין.

נעמט מען אָבער אָן אַז פּאַרהעלטעגישן ענדערן עפּעס אין די זאַכן, וואָס געפינען זיך אין די באַטרעפנדע פּאַרהעלטעגישן, זיינען זיי „אינער־לעכע" פּאַרהעלטעגישן; וואָס פאַקטיש באַשטייען זיי ניט פון קיין אַנדער זאַך, ווי פון אייגנשאַפטן פון די באַטרעפנדע זאַכן גופא: אַן אייגנשאַפט (קוואַליטעט) איז אַ טייל פון אַ זאַך, ווען מען גיט זי צו ענדערט

זי די באַטרעפנדע זאַך. אַזוי איז ברעדלי „פּטור" געוואָרן פון דעם פּראָ־בלעם פון פאַרהעלטענישן; די פאַרהעלטענישן זיינען ביי אים פאַרוואַנדלט געוואָרן אין „אינערלעכע" פאַרהעלטענישן, וואָס זיינען בלויז טיילן פון איין גאַנצעס: ווי גלידער פון אַן אָרגאַניזם, צום ביישפּיל. פאַקטיש, באַהויפּטעט ער, זיינען זיי ניט קיין פאַרהעלטענישן, נאָר „אייגנשאַפטן" פון די זאַכן גופא.

ברעדליס אויסגאַנגס־פּונקט איז אַן עמפּירישער, ער הויבט אָן מיט דער דערפאַרונג. ער באַווייזט אָבער אַז דאָס, וואָס מען קריגט דורך דער דערפאַרונג (דורך די חושים), איז פול מיט ווידערשפּרוכן. ס'איז ניט מער ווי אַספּעקטן פון דער רעאַליטעט אָבער ניט די רעאַליטעט; די רעאַליטעט איז דער „אַבסאָלוט".

בערטראַנד ראָסעל באַהויפּטעט, אַז די טראַדיציאָנעלע לאָגיק האָט געטריבן ברעדלין צו זיין שטאַנדפּונקט. לויט דער טראַדיציאָנעלער לאָגיק באַשטייט יעדע באַהויפּטונג (אורטייל, באַשטימונג) אין צושרייבן אייגנ־שאַפטן צו אַ „סוביעקט" (אונטערן וואָרט „סוביעקט" ווערט פאַר־שטאַנען יעדער „עפּעס", וועגן וועלכן מען קען דענקען). „דאָס מיינט שוין פון זיך אַליין, אַז ס'קען ניט זיין מער ווי איין „סוביעקט" אין דער נאַטור (דער אַבסאָלוט), דערפאַר, וואָס ווען ס'זאָלן זיין צוויי סוביעקטן, קאָן די באַהויפּטונג: „ס'זיינען פאַראַן צוויי סוביעקטן", ניט צושרייבן קיין שום אייגנשאַפטן צו קיין איינעם פון זיי... דאָס איז אַ באַווייז אַז ס'קענען ניט זיין קיין צוויי סוביעקטן אין דער נאַטור". (זע אור נאָולעדזש אָוו די עקסטערנאַל וואָרלד, ז. 41).

ס'גלויבט זיך ניט, אַז אַן אימפּאָזאַנטע פילאָזאָפישע סיסטעם זאָל זיין געבויט אויף דער לאָגיק, מען קען זאָגן, גראַמאַטיק פון אַ זאַץ... אָבער מען מוז זיך פאַרלאָזן אויף ראָסעלן, ער ווייסט וואָס ער רעדט. אויסער דעם וואָס ער איז אין אַלגעמיין זייער פּינקטלעך מיט פאַקטן, איז ער פאַר אַ סך יאָרן געווען ברעדליס אַ תּלמיד און נאָכפאָלגער. ברעדלי איז, ווי עס זעט אויס, ווירקלעך געווען אַ „דיכטער"...

אויבן־אויף קוקט אויס, אַז ס'איז פאַראַן אַן ענלעכקייט צווישן ברעד־לין און וויטהעדן, זייער צוגאַנג איז דער זעלבער: זיי זיינען עמפּיריקער. פאַקטיש זיינען זיי אָבער אין ווידערשפּרוך איינער צום צווייטן: ברעדלי אָפּערירט מיט אַריסטאָטעלס לאָגיק און נעמט אָן אייגנשאַפטן (קוואַלי־טעטן) פאַר זיין אויסגאַנגס־פּונקט און דאָס פירט אים צום אידעאַליסטישן אַבסאָלוט". וויטהעד אָפּערירט מיט דער מאַטעמאַטישער (סימבאָלישער) לאָגיק און נעמט די אויסערלעכע פאַרהעלטענישן (רעלאַציעס) פאַר זיין אויסגאַנגס־פּונקט. די אייגנשאַפטן (קוואַליטעטן, אוניווערסאַלן „אייביקע אָביעקטן") פאַרוואַנדלען זיך אין פאַרהעלטענישן: ער איז אַ רעאַליסט. אַלעקסאַנדער פאַרנעמט דעם מיטלפּונקט צווישן די צוויי עקסטרעמען.

לייענט מען איין עקסטרעמיסט, ברעדלין, און מען וואונדערט זיך ווי אַזוי אַ דענקער הויבט אָן פון דעם וויסן וועגן דער רעאַליטעט, וואָס קומט פון דער דערפאַרונג, וואָס שטראָמט אַריין דורך די חושים און רופט דעם רעזולטאַט אָן „אַספּעקטן", פון דער רעאַליטעט, אָבער ניט די רעאַליטעט. אפילו דער סכום פון די „אַספּעקטן" איז, לויט זיין מיינונג,

ניט די רעאַליטעט; די רעאַליטעט באַשטייט פון אַ „פּאַרוואַנדלונג" פון אַלע אַספּעקטן אין אַן איינהייטלעכעס, דעם „אַבסאָלוט" און דאָס איז די רעאַליטעט. זי איז אָבער ניט אַזאַ רעאַליטעט, צו וועלכער מען קומט דורך דער דערפאַרונג, נאָר דורך דער לאָגיק פונעם דענקען גופא. ס'זאָל הייסן, אַז היות דער דענקען באַשטייט אין צושרייבן אייגנשאַפטן צו זאַכן (סוביעקט פּרעדיקאַט פּראָפּאָזיציע), קען נאָר זיין איין רעאַליטעט אין דער וועלט דערפאַר, וואָס ווען ס'זאָלן זיין צוויי, אָדער מער רעאַליטעטן, וואָלט די באַהויפּטונג (זאָץ, פּראָפּאָזיציע) „ס'זיינען פאַראַן צוויי סוביעקטן" ניט צוגעשריבן קיין אייגנשאַפט צו קיין אָביעקט. אַזוי ווי לויט אַריסטאָטעלס לאָגיק (גראַמאַטיק) מאַכט מען ניט אַזאַ פּראָפּאָזיציע (זאָץ), דערפאַר קען ניט זיין מער פון איין „סוביעקט" אין דער וועלט און דאָס איז דער „אַבסאָלוט"...

אַז דאָס קלינגט באַנאַל וועט גלייך צוגעגעבן ווערן, אָבער אַז אונטער דער באַנאַליטעט איז איינגעשלאָסן אַן אמת, קען מען זען פון דעם אויסצוג פון פּראָפעסאָר ראָבינסאָן וואָס ס'מיינט: „לינדענבערג איז אריבערגעפלויגן דעם ים"... לויט דעם אידעאַליסטישן אַרט דענקען איז פון וואָס מען זאָל ניט אָנהויבן, מוז מען קומען צו אַ רעאַליטעט וואָס איז איינציק און איינהייטלעך (אַבסאָלוט). זייער שלוס איז אַ לאָגישער רעזולטאַט פון זייער אויסגאַנגס־פּונקט, אַז מען קען נאָר דענקען וועגן דער רעאַליטעט אין דער פאָרמע פון זאַכן (אָביעקטן) וואָס האָבן אייגנשאַפטן (קוואַליטעטן). נעמט מען אָבער אָן דעם אויסגאַנגס־פּונקט, מוז ער פירן צו דער אַפּלייקענונג פון דער אָביעקטיווער רעאַליטעט פון רוים דערפאַר, וואָס ווען מען נעמט אָן אַז רוימלעכקייט געפינט זיך אין דער נאַטור, געפינען זיך זאַכן אין אויסערלעכער פאַרהעלטעניש איינע צו דער צווייטער אין רוים... נעמען טאַקע די אידעאַליסטישע דענקער אָן אַז רוימלעכקייט איז אַ סוביעקטיווער צוגאָב פון דעם מענטשן (זע קאַנט) און ניט קיין נאַטור־אייגנשאַפט.

כדי אַרויסצובורענגען וועגן וואָס ס'האַנדלט זיך און ניט אַריינקריכן אין קיין שווערע מעטאַפיזישע ענינים, וועלן די וויטערדיקע באַמערקונגען געמאַכט ווערן לויט וו. דזשיימסן, ער באַהאַנדלט די פראַגע אין די גרעניצן פון דער פּסיכאָלאָגיע. אַלעקסאַנדער גיט איבער ווי אַזוי דזשיימס איז געטריבן געוואָרן צו זיין פונדאַמענטאַלן פּסיכאָלאָגישן באַגריף וועגן רוים דורך זיינע דיסקוסיעס מיט די אידעאַליסטן. זיי האָבן אים געהאַלטן אין איין אָנווייזן, אַז ווען מען נעמט אָן אַז זאַכן עקזיסטירן באַזונדער ווי איינהייטן, קען מען זיי ניט פאַראייניקן, סיידן מען גיט צו זיי צו עפּעס ריין מענטשלעכעס, וואָס איז ניטאָ אין דער נאַטור: דער „עפּעס" זיינען די פאַרהעלטענישן (רעלאַציעס) צווישן די זאַכן. די פאַרהעלטענישן, האָט מען אים געזאָגט, מוזן זיין אַ מענטשלעכער צוגאָב; די נאַטור האָט פאַר זיי ניט קיין פּלאַץ: און אַט פאַרוואָס זיי מוזן קומען פון דעם מענטשן און ניט פון דער נאַטור: ווען מען נעמט אָן, אַז די פאַרהעלטענישן זיינען אויסערלעכע, מיינט עס, אַז זאַכן עקזיסטירן באַזונדער פון די פאַרהעלטענישן און די פאַרהעלטענישן גופא ווערן אַן עקזיסטענץ פאַר זיך. דאָס האָט מען אים געזאָגט, איז אַן אַבסורד: פאַרהעלטענישן קענען ניט

האָבן קיין זעלבסשטענדיקען עקסיסטענץ, פּאָלגלעך באַשטייען זיי פון אַ מענטשלעכן צוגאָב צו דער נאַטור. די נאַטור אַליין האָט זיי ניט.

דער אַרגומענט האָט אים אויפגערעגט, ער האָט אים אַריינגעבראַכט אין כעס. דזשיימס איז געווען זיכער, אַז ס'ווערט געמאַכט אַ פונדאַמענטאַלער טעות, אַז עפּעס ווערט אָנגענומען פאַר אַן אמת, וואָס איז פונדאַמענטאַל פאַלש. ער האָט אָבער אַזוי שנעל ניט געכאַפּט דעם טעות. ענדלעך האָט ער אים דערזען: די אידעאַליסטן האָבן אָפּערירט מיט יומס אַטאָמיסטישן באַגריף וועגן פּערצעפּציעס; זיי האָבן אָנגענומען, אַז יעדער פּונקט פון אַ ליניע ווערט אויפגענומען פונעם אויג באַזונדער, בלייבט פאַר דער ליניע גופא ניט קיין פּלאַץ אין דער נאַטור. ווען ער האָט דאָס דערבליקט, האָט ער פאַרשטאַנען אין וואָס דער טעות באַשטייט: ס'איז אַ פאַלשער צוגאַנג צו דער פּסיכאָלאָגיע פון פּערצעפּציע. אין דערווירקלעכקייט, האָט ער באַהויפּטעט, ווערט די ליניע אויפגענומען צוזאַמען מיט די פּונקטן. די רוימלעכע פאַרבינדונג קומט צוזאַמען מיט די פּונקטן גופא (זע אַלעקסאַנדער, ספּייס-טיים ענד דעעטי, באַנד 1, זז. 166-165).

דאָס איז אומגעהויער אינטערעסאַנט. דעם געשטאַלט-שטאַנדפּונקט, וואָס מען קען זאָגן, אַז ער ווערט איצט אַלגעמיין אָנגענומען אין שייכות צו דער פּערצעפּציע פון רוימלעכער פאַרהעלטעניש, האָט דזשיימס אַרויס־געזאָגט מיט צוואַנציק יאָר פריער, איידער מאַקס וואַרטהיים האָט עקספּע־רימענטירט מיט ליניעס און האָט אויסגעפונען אַז געשטאַלטונג ווערט אויפגענומען דירעקט. (למען האמת זאָל באַמערקט ווערן, אַז וואַרטהיימס עקספּערימענטן זיינען פון אַ פונדאַמענטאַלן כאַראַקטער און מיינען אפילו עפּעס אַנדערש, ווי דזשיימס באַהויפּטונג וועגן דער פּערצעפּציע פון פּונקטן און ליניעס. פאַר אַלגעמיינע צוועקן קען מען אָבער אָננעמען אַז זיי מיינען די זעלבע זאַך). נעמט מען אָן דעם שטאַנדפּונקט, פאַלט די אידעאַליסטישע קריטיק קעגן דער אָביעקטיוויטעט פון רוים. דערמיט ווערט צוריקגעוויזן ברעדליס עקסטרעמער צוגאנג צו דער רעאַליטעט פון דער וועלט, אַז פאַר־העלטענישן זיינען בלויז אייגנשאַפטן פון זאַכן.

אויפן צווייטן עקסטרעמען צוגאַנג צו דער רעאַליטעט, אויף ווהייטהעדס שטאַנדפּונקט, אַז אייגנשאַפטן פון זאַכן זיינען פאַרהעלטענישן, איז אויף וויפיל דער שטאַנדפּונקט קען ארויסגעבראַכט ווערן, איז ער פריער באַטראַכט גע־וואָרן, ס'איז אָנגעוויזן געוואָרן אַז אי עס איז ניט גלויבלעך אַז מען זאָל האָבן אַזאַ פונדאַמענטאַלן טעות וועגן דעם מהות פון זאַכן, אי ער לייזט ניט דעם פּראָבלעם, וואָס ער האָט זיך אונטערגענומען צו לייזן; ער שאַפט ניט אָפּ דעם עפּיסטאַמאָלאָגישן דואליזם.

נאָך די עטלעכע באַמערקונגען קען מען צוגיין צום געמעסיקטן אַלעקסאַנדערן און זען ווי אַזוי ער באַטראַכט דעם פּראָבלעם פון פאַר־העלטענישן. דאָס וועט געבן אַ מעגלעכקייט צוצוקומען צו דעם שטאַנד־פּונקט, וואָס ווערט אין דער אַרבעט פאַרטיידיקט.

אַלעקסאַנדער איז ניט קיין רעוואָלוציאָנער. ער וויל ניט ענדערן די וועלט און זי אָוועקשטעלן אויף נייע יסודות. ער נעמט זי אָן ווי זי פּרע־זענטירט זיך צום שכל הישר און נעמט זיך צו באַווייזן איר אָרדענונג. ער נעמט אָן די פאַקטן פון דער דערפאַרונג, ווי זיי פּרעזענטירן זיך און אין

איינקלאַנג מיט זיי פאַרמוליִרט ער זיין פילאָזאָפישע היפּאָטעזע וועגן דער רעאַליטעט פון דער וועלט.

אַלעקסאַנדער האָט די גרויסע מעלה, וואָס מען קען ביי אים אָפּטיילן דעם פּראָבלעם פון פאַרהעלטענישן פון זיין פונדאַמענטאַלער צייט־רוים מעטאַפיזיק, כאָטש פאַר אים זיינען די פאַרהעלטענישן אַ רעזולטאַט פון זיין צייט־רוים מעטאַפיזיק.

ער זאָגט: „אַלץ וואָס עקזיסטירט געפינט זיך אין פאַרהעלטעניש צווישן זיך דערפאַר, וואָס פּאַסירונגען (לייען, זאַכן. ער נעמט אָן דעם פונקציאָנעלן בליק אויף דער נאַטור און רופט אָן זאַכן „פּאַסירונגען" — „איוועטנס") און זייערע גרופּירונגען געפינען זיך אין פאַרהעלטענישן אין דער אינערלעכקייט פון צייט־רוים. די פאַרהעלטענישן צווישן זיך זיינען אַ רעזולטאַט פונעם צוזאַמענהאַנג (קאָנטינואיטעט) פון צייט־רוים" (ספּייס־טיים ענד דעעטי, באַנד 1, ז. 238).

ער נעמט צייט־רוים צוזאַמען לויט דעם איינשטיינישן באַגריף און פּאָס־טולירט זיי פאַר דער פונדאַמענטאַלער רעאַליטעט פון דער וועלט. אויף זיי און פון זיי בויט ער די וועלט. ער נעמט אָן, אַז דער באַגריף פון צייט באַזונדער און רוים באַזונדער באַשטייט פון אַבסטראַקציעס, וואָס זיינען אַ רעזולטאַט פונעם מענטשלעכן דענקען; אין דער ווירקלעכקייט זיינען זיי צוזאַמען: פון זיי צוזאַמען, ווי אַן איינהייט, באַשטייט די פונדאַמענטאַלע רעאַליטעט.

זיין מעטאַפיזיק, קען אויסגעלאָזט ווערן; מען קען אָננעמען צוזאַמען מיט מאָרגאַנען אַז פאַר פּראַקטישע צוועקן איז די „פּאַסירונג" (זאַך „סובסטאַנץ", עלעקטראָנען־פּראָטאָנען, אָדער פון וואָס די פונדאַמענטאַלע רעאַליטעט זאָל ניט באַשטיין) דאָס פונדאַמענטאַלסטע אין דער נאַטור. ווען זי קומט ברענגט זי מיט זיך די צייט־רוים קאַטעגאָריעס (צו מען זאָל זיי נעמען לויט איינשטיינען, אָדער באַזונדער איז ניט קיין אונטערשייד פאַר דער אָפּהאַנדלונג), פאַרשווינדט די „פּאַסירונג", פאַרשווינדט מיט איר צוזאַמען צייט און רוים.

נאָך דעם פונדאַמענטאַלן באַגריף גייט ער איבער צו דער קאַטעגאָריע פון פאַרהעלטענישן און זאָגט: „אויב אונטערן באַגריף אויסערלעכע פאַרהעלטענישן זאָל פאַרשטאַנען ווערן אַז פאַרהעלטענישן (רעלאַציעס) דאַרפן גענומען ווערן ווי עקזיסטענצן פאַר זיך, אַז זיי זאָלן האָבן אַזאַ זעלבסטשטענדיקע עקזיסטענץ ווי טערמינען האָבן, קענען זיי אַזאַ עקזיסטענץ ניט האָבן.

מען קען זיי ניט אָפּטיילן פון די טערמינען (זאַכן), וועלכע זיי האַלטן אין פאַרהעלטעניש און זיי (די פאַרהעלטענישן) באַטראַכטן באַזונדער. ווען זיי זאָלן עקזיסטירן זעלבסטשטענדיק פאַר זיך, וואָלטן זיי ניט געווען קיין פאַרהעלטענישן, זיי וואָלטן ניט געקענט פאַראייניקן קיין זאַכן צווישן זיך. אויב אָבער אונטערן באַגריף אויסערלעכע פאַרהעלטענישן מיינט עקזיסטירן צוזאַמען מיט די טערמינען, זיינען די פאַרהעלטענישן „אויסערלעכע" (דאָרטן).

דאָס מיינט, אַז זאַכן, ווי עקזיסטענצן, זיינען פונדאַמענטאַל אין דער נאַטור, זיי געפינען זיך אין אַ צייט־רוימלעכער פאַרהעלטעניש צווישן זיך;

די פאַרהעלטעניש איז אָבער אַן אויסערלעכע, זי ענדערט ניט די זאַכן. פון דער צווייטער זייט קען מען ניט פּאָסטולירן די פאַרהעלטענישן ווי עקזיסטענצן פאַר זיך; זיי זיינען קאַטעגאָריש, זיי קומען מיט די זאַכן, זיי קענען אָבער ניט אָנגעגריפן ווערן אייגנשאַפטן פון די זאַכן, זיי זיינען עס ניט.

געוויס, ווען מען נעמט אָן אַלעקסאַנדערס צייט־רוים מעטאַפיזיק, איז די סיסטעם אַ גאַנצע. קען מען זיך אָבער ניט פאָרשטעלן ווי אַזוי די וועלט פון זאַכן זאָל באַשטיין פון אַ צייט־רוים קאָמבינאַציע, מען קען זיך ניט פאָרשטעלן ווי אַזוי צייט־רוים, אַ פאַרהעלטעניש צווישן זאַכן, ווערט פאַרוואַנדלט אין אַן אור־שטאָף פון וועלכן זאַכן זיינען אַרויסגעקומען; ווען מען קען דאָס לעצטע ניט אָננעמען, בלייבט מען שטיין ביי דער פונדאַמענטאַלער אויסערלעכער פאַרהעלטעניש אַלס פונדאַמענטאַלער קאַטעגאָריע, וואָס מען „דאַרף אָננעמען פאַר אַ פאַקט און בויגן דעם קאָפּ מיט נאַטירלעכער פּיעטעט": מען דאַרף אָננעמען דעם פאַקט, כאָטש מען קען אים ניט דערקלערן.

אויף וויפיל די קאַטעגאָריע פון פאַרהעלטענישן איז ביז איצט באַטראַכט געוואָרן איז ניטאָ קיין אונטערשייד צווישן אַלעקסאַנדערן און דעם קריטישן רעאַליסט. אַלעקסאַנדער איז אָבער אַ נעאָ־רעאַליסט, וואָס ס'מיינט אַז ער איז אַן אויסגעהאַלטענער מאָניסט, פאַר וועמען אויך די מענטשלעכע דערקענטעניש פון דער וועלט באַשטייט פון אַן אויסערלעכער פאַרהעלטעניש (קאָגנאַטיווער רעלאַציע) צווישן דעם באַוואוסטזיניקן אַקט און דעם אָביעקט, וועגן וועלכן מען איז באַוואוסט אָן וועלכן ס'איז אונטערשייד פון וואָס דער „אָביעקט" פון וויסן באַשטייט. עס איז ניט קיין שום אונטערשייד צי ער באַשטייט פון אַ זאַך, וואָס האָט אַ זעלבסטשטענדיקע עקזיסטענץ אין דער צייט־רוימלעכער קאָנפיגוראַציע, אָדער ער באַשטייט פון אַ חלום, פון אַ פאַנטאַזיע א. אַז. וו. אין יעדן איינעם פון די פאַלן, מוז דער באַוואוסטזיין זיך געפינען אין אַן אויסערלעכער פאַרהעלטעניש מיט עפּעס, וואָס באַלאַנגט ניט צום באַוואוסטזיין גופא. אַלעקסאַנדער רופט דעם עפּעס אָן „נאָן מענטאַל" וואָס ס'דאַרף מיינען אַז דער „עפּעס", ווען ער באַשטייט אפילו פון אַ חלום, איז ער ניט קיין טייל פונעם פאַרשטאַנד, אַלס זיין אייגענער אינהאַלט.

ער דערקלערט זיין שטאַנדפונקט אויף פאָלגנדן אופן: לויט דעם גאַנג פון עוואָלוציע זיינען אין דער נאַטור אַנטשטאַנען פאַרשיידענע עפּעסן (זאַכן, „פּאַסירונגען" א. אַז. וו.), וועלכע געפינען זיך אויף פאַרשיידענע שטאַפּלען פונעם עוואָלוציע־לייטער. די אַלע עפּעסן געפינען זיך אין אַלגעמיינע אויסערלעכע פאַרהעלטענישן צווישן זיך. אייניקע פון די „עפּעסן" (לעבעדיקע ברואים) האָבן אַנטוויקלט אַ פּיאיקייט צו רעגיסטרירן די אָנוועזנהייט פון אַנדערע „עפּעסן" און באַווירקט ווערן פון זיי. די העכערע ברואים (עפּעסן) האָבן אַנטוויקלט די פייאיקייט צו רעגיסטרירן און רעאַגירן צו די נידעריקערע (צוזאַמען מיט אַריסטאָטעלן נעמט ער אָן, אַז דאָס העכערע איז אַ מין „נשמה" פון דעם נידעריקערן: לעבן זאָל זיין אַ „נשמה" פון מאַטעריע, פאַרשטאַנד איז אַ נשמה פון לעבן. די ספּעקולאַציע קען אויסגעלאָזט ווערן).

אַזוי, צום ביישפּיל, רעאַגירט דער פלאַנץ צו דער ענערגיע פון דער זון, צו פייכטקייט א. אַז. וו. די חיה רעאַגירט צום פלאַנץ און דער מענטשלעכער באַוואוסטזיניק ווערן אויף עפּעס, אין וואָס דער עפּעס זאָל ניט באַשטיין, אפילו אַן אייגענער חלום, צום ביישפּיל, באַשטייט פון אַן אויסערלעכער פאַרהעלטעניש, וואָס ווערט רעגיסטרירט: זי קריגט אַ מיין אָדער אַ באַדייטונג.

די פאַרהעלטעניש איז אין יעדן פאַל אַ ריין אויסערלעכע. ס'מיינט, אַז דאָס, וואָס ווערט אָנגערופן פאַרשטאַנד איז ניט מער ווי אַן אייגנשאַפט, וואָס האָט זיך אַנטוויקלט אין דער מענטשלעכער נערוון-סיסטעם צו רעגיסטרירן דאָס, וואָס ס'קומט פאַר אַרום איר. יעדער באַוואוסטזיניק ווערן אויף עפּעס, באַשטייט פון אַ באַוואוסטזיניקער פאַרהעלטעניש (קאָגנאַטיווער רעלאַציע) פון אַן עפּעס מיט אַ באַוואוסטזיניקן „אַקט", אָדער פּראָצעס. דער עפּעס, וואָס ער זאָל ניט זיין, באַלאַנגט קיינמאָל ניט צום פאַרשטאַנד: ער איז „נאָן מענטאַל". ער איז אין אויסערלעכער פאַרהעלטעניש מיטן פאַרשטאַנד. דער פאַרשטאַנד האָט ניט און קען אויך ניט האָבן קיין אייגענעם אינהאַלט; ער קען ניט באַוואוסטזיניק ווערן וועגן זיך אַליין. דער „אַקט" פון באַוואוסטזיניק ווערן דאַרף פאַרגליכן ווערן צו אַזאַ מין שפּיגל, וואָס קען ניט אָפּשפּיגלען זיך אַליין. דער באַוואוסטזיין פאָדערט אַלעמאָל אַן אָביעקט פון וועלכן ער ווערט אינפאָרמירט, אָדער ווייסט; ער איז שטענדיק אין באַרירונג מיט אַ „נאָן מענטאַל" פאַקטאָר. דער צוזאַמענזיין (קאָמפּרעזענט) פונעם באַוואוסטזיניקן „אַקט" מיט אַ ניט מענטאַלן „עפּעס" איז אַ פונדאַמענטאַלער באַדינג פאַר אַלעקסאַנדערס דערקענטעניש-טעאָריע.

מען קען לייכט זען פאַרוואָס אַלעקסאַנדער באַשטייט אַזוי שטאַרק אויף דעם באַדינג אַז באַוואוסטזיין שליסט אין זיך איין אַן אויסערלעכע פאַרהעלטעניש מיט אַן „עפּעס", וואָס באַלאַנגט ניט צום פאַרשטאַנד: אַזוי גיך ווי ער זאָל צוגעבן אַז דער פאַרשטאַנד האָט זיין אייגענעם אינהאַלט, מוז ער אָננעמען אַן עפּיסטאָמאָלאָגישן דואַליזם; אַן אויסערלעכע עקזיסטענץ פאַר זיך און אַן אינהאַלט אין דעם פאַרשטאַנד, וואָס איז פאַרשיידן פון דער אויסערלעכער עקזיסטענץ. ער מוז אָננעמען די רעפּרעזענטאַטיווע טעאָריע פון וויסן מיט אַלע רעזולטאַטן צו וועלכע זי פירט. דאָס וויל ער ניט אָננעמען; ער דענקט, אַז ער קען עס אויסמיידן און פאַרמולירן אַ דערקענטעניש-לערע לויט ריין אויסערלעכע פאַרהעלטענישן. זאָל ער דערקלערן ווי אַזוי ער טוט עס. ער זאָגט: „דער רינג פון פאַראייניקונג צווישן דעם עמפּינדלעכן און אידעאַלן, ניט מענטאַלן עקזיסטענץ, וועלכער מאַכט פאַר אונדז מעגלעך צו זען אַז איןביידע פאַלן איז דער אָביעקט (פון וויסן) גלייך אַ ניט מענטאַלע, נאָר אַ פיזישע רעאַליטעט, געפינט זיך אין דער פּערצעפּציע. דאָרטן איז דער מענטאַלער פּראָצעס אַ טייל עמפּינדלעכעס און אַ טייל אידעאַלעס און דער אָביעקט איז אַ טייל אַ (קערפּערלעכע) עמפּינדלעכקייט און אַ טייל אַן אידייאישעס. אינעם געוויינלעכן אויסדרוק מיינט עס אַז האַלב פון אונזערע פּערצעפּציעס ווערן געזען און האַלב קומען פון אונדזערע קעפּ. פונדעסטוועגן איז דאָס אויפגענומענע (די זאַך) אַן אויסערלעכער אָביעקט. די זיך ביטנדיקע פאַזן פון דער פּערצעפּציע זעלבסט דעמאָנסטרירן דעם אמת, למשל,

איך האָב געזען, געטאַפּט און געשמעקט אַ מאַראַנץ אין דער זעלבער צייט. שפּעטער זע איך אַ מאַראַנץ און דאָס פילן און אַראָמאַט קומען אידייאיש; אָדער ווען איך האַלט אים אין דער האַנט און שמעק זיין אַראָמאַט אין דער פינצטער, קומט זיין קאָליר צוזאַמען אידייאיש. וואָס איז אינעם ערשטן פאַל איז געגעבן געוואָרן דורך די חושים, איז אינעם צווייטן צוגעטראָגן געוואָרן דורך דער אידייע, און פאַרקערט, וואָס איז אינעם ערשטן פאַל צוגעטראָגן געוואָרן דורך דער אידייע, איז אינעם צווייטן פאַל געגעבן געוואָרן דורך די חושים. דאָס אידייאישע און דאָס עמפּינד־לעכע צייגן זיך גלייך אַלס ניט מענטאַלע עקזיסטענצן, מיט דער זעלבער רעכט אָנערקענט צו ווערן אַלס אַזעלכע דורכן פאַקט, וואָס זיי בייטן זיך מיט די פּלעצער.

פון דעם קען מען זען אַז דער באַוואוסזיניק ווערן אויף אָביעקטן באַ־שטייט פון אַ צוזאַמענזיין פון צוויי עקזיסטענצן, ווען איינער פון זיי איז אַ פאַרשטאַנד און דער צווייטער איז פון אַ נידעריקערן קוואַליטאַ־טיוון ראַנג. אַ פאַרשטאַנד איז אין אַ מענטאַלן אַקט, אָדער פּראָצעס אינפאָרמירט וועגן אַן אָביעקט אויף אַזויפיל, אויף וויפיל דער פּראָצעס און דער געהעריקער אָביעקט זיינען צוזאַמען אַן אונטער־שייד ווי אַזוי זיי ווערן געבראַכט אין דער פאַרהעלטעניש. דער אַקט פונעם פאַרשטאַנד באַשטייט אין דער קאָגנאַציע, דער אָביעקט איז דאָס וועגן וואָס ווען ווייסט: די באַוואוסטזיניקע פאַרהעלטעניש (קאָגנאַטיווע רעלאַציע) באַשטייט אין זייער צוזאַמענזיין (זע טיים, ספּייס ענד דעעטי, באַנד 2, ז. 86).

אין דעם אויסצוג באַגרינדעט ער זיין עפּיסטאָמאָלאָגישן מאָניזם, ער ווייזט אָן פאַרוואָס ער נעמט אָן אַז די דערקענטעניש באַשטייט אַלעמאָל פון אַן אויסערלעכער פאַרהעלטעניש פונעם אַקט פון באַוואוסטזיניק ווערן מיט אַן „עפּעס” וועגן וואָס מען איז אינפאָרמירט. דער צוזאַמענזיין פון די צוויי פאַק־טאָרן איז, לויט זיין מיינונג, אַ פונדאַמענטאַלער באַדינג, די פאַרהעלטעניש איז אַ ריין אויסערלעכע: דער אָביעקט פון וויסן, אין וואָס ער זאָל ניט באַשטייך, איז אַן עפּעס וואָס באַלאַנגט ניט צום פאַרשטאַנד; ער איז אַ ניט מענטאַלער.

אַלס באַווייז פאַר דער ריכטיקייט פון זיין שטאַנדפּונקט ברענגט ער דעם פאַקט, אַז ווען מען איז באַקאַנט מיט אַן אָביעקט (אַ מאַראַנץ אינעם געגעבענעם פאַל), ווי דער וויסן באַשטייט פון אַ סינטעז אין וועלכן דריי חושים־איינדרוקן האָבן אָנטיילגענומען, איז ווען מען קומט שפּעטער נאָכ־אַמאָל אין באַרירונג מיטן זעלבן אָביעקט, קען מען איינעם, אָדער אפילו צוויי פון די חושים איינדרוקן אויסלאָזן, וועט ער, אָדער זיי, קומען גלייכ־צייטיק מיטן פּרעזענטירנדן. מען קען בייטן די פאָרמע פון דער פּרעזענ־טאַציע דורך איין חוש, אָדער דורך אַ צווייטן, וועט קיין אונטערשייד ניט זיין; דאָס פעלנדע וועט קומען אַזוי גיך, ווי מען וועט קומען אין באַרי־רונג מיטן אָביעקט, דאָס, נעמט ער אָן פאַר אַ באַווייז, אַז אין דער פּער־צעפּציע נעמען אַלע פאַקטאָרן אַ גלייכן אָנטייל, דערפאַר זיינען זיי אַלע ניט קיין מענטאַלע פאַקטאָרן; זיי קומען אין איינער אָדער אין אַ צווייטער פאָרמע מיטן פּרעזענטירנדן.

דאָס זעלבע נעמט ער אָן קומט פאָר ווען מען דערמאָנט זיך אין עפּעס; דאָס דערמאָנטע איז ניט קיין מענטאַלער אָביעקט, נאָר אַ פיזי־שער. ער זאָגט: „דאָס דערמאָנטע איז אויף אַזויפיל אַ פיזישער אָביעקט, ווי דאָס דירעקט פּרעזענטירענדע (די פּערצעפּציע); עס איז אויף אַזויפיל פיזיש, ווי, לויט נאָך ראָסעלס געלונגענעם אויסדרוק, עס באַנעמט זיך לויט די פיזיקאַלישע געזעצן. דער מענטש, וועמען מען האָט איצט אין זכרון רעדט ניט איצט, מען געדענקט אים אָבער ריידנדיק. אָדער צו בייטן דעם ביישפּיל, דער אָביעקט פון זכרון איז דער פיזישער מענטש, וואָס שניידט פיזישע האָלץ נעכטן" (זע דאָרטן, באַנד 1, זז. 114־115).

ניט נאָר איז דאָס, וועגן וואָס מען דערמאָנט זיך ניט קיין מענטאַלעס, אַפילו אילוזיעס און פאַרשטעלונגען, וואָס קומען פאָר דער פאַנטאַזיע זיינען אויך „עפּעסן", וואָס קומען פון דער סביבה. ער זאָגט: „די וועלט פון אילו־זיעס איז די זעלבע וועלט, וואָס מיר רופן אָן רעאַלע וועלט, זי איז נאָר אויסגעלינקט; אירע טיילן זיינען אַרויסגענומען פון זייערע פּלעצער און איבערגעדרייט געוואָרן אין זייער אָרדענונג" (דאָרטן, באַנד 2, ז. 216).

אויב דאָס געזאָגטע זאָל פאַרשטאַנען ווערן ווערטערלעך, דאַרף עס מיינען אַז די פאַנטאַזיע פון אַ פּאָעט באַלאַנגט צו דער רעאַלער וועלט, און ווען מען חלומט אין שיקאַגע אַז מען געפינט זיך אין קאַליפאָרניע און מען זעט דעם קאָפּ פון דער פרייהייט־סטאַטוע אויף וואַשינגטאָנס פּעדעס־טאַל זיינען די אַלע טיילן אַרויסגענומען פון דער רעאַליטעט און צוזאַמענ־געבראַכט געוואָרן אויף איין אָרט. עס ווילט זיך ניט גלויבן אַז מען דאַרף עס פאַרשטיין אין אַזאַ זינען. מען מוז עס אָבער אַזוי פאַרשטיין. פּראָפע־סאָר סטייט, וואָס האָט דעבאַטירט דעם פּונקט מיט אַלעקסאַנדערן, זאָגט: „די נעאָ־רעאַליסטן, וואָס זיינען רעפּרעזענטירט דורך אַלעקסאַנדערן, נעמען אָן פאָר זייער פונדאַמענטאַלן פּאָסטולאַט, אַז הגם דאָס עמפּינדלעכע עקזיס־טירט אַלס אַזוינס בלויז ווי אַ זינלעכע דערפאַרונג פון איינצלנע מענטשן, האָט עס פונדעסטוועגן אַן אייגענע עקזיסטענץ, מיט אַן אייגענער געשיכטע וואו די ספּעציעלע געשעעניש אין זינלעכער דערפאַרונג איז בלויז אַ פאַרביי־גייענדיקער עפּיזאָד. דער זעלבסטשטענדיקער זיין איז אַן עקזיסטענץ אַלס אַ טייל פון דער פיזישער וועלט. די אַקטועלע חושים־דערפאַרונג פון יחידים ווערט גערעכנט ווי אַ מין בינע, אויף וועלכער די פיזישע עק־זיסטענצן קומען ארויף און אַראָפּ ווי אַקטיאָרן קומען אויף דער בינע און גייען צוריק אראָפּ פון דער בינע" (זע סטייט מיינד ענד מעטטער, ז. 160). דאָס איז קלאָר און דייטלעך: אַלץ וואָס דערשיינט פאַרן איינצל־נעם, מוז אויך האָבן אַן אָביעקטיווע עקזיסטענץ פאַר זיך.

אייגנטלעך איז ניט נויטיק צו זוכן קיין באַווייזן אָדער עדות, וואָס די נעאָ־רעאַליסטן אין אַלגעמיין און אַלעקסאַנדער איבערהויפּט, מיינען מיט דער אויסערלעכער פאַרהעלטעניש צווישן דעם אַקט פון באַוואוסטזיין און דעם אָביעקט פון וויסן; דעם צוזאַמענזיין פון צוויי זאַכן אינעם פּראָצעס פון וויסן. זיי מיינען, אַז דער פאַרשטאַנד קען ניט האָבן קיין אייגענעם אינהאַלט, אַז זיין אינהאַלט מוז לאָקאַליזירט ווערן אויסער אים. דאָס איז זייער פונדאַ־מענטאַלער באַדינג, כדי אויסצומיידן דעם עפּיסטאָמאָלאָגישן דואַליזם.

נעמט מען אָבער די פיזישע וועלט לויט ראָסעלס דעפיניציע, ווי אַלעק־

סאָנדער נעמט זי (און איז נאָך באַגייסטערט פאַר איר) אַלס אַזאַ, וואָס מוז פאָלגן די פיזיקאָלישע געזעצן, איז אין איר ניטאָ קיין פּלאַץ פאַר פאַנטאַזיעס, חלומות, אילוזיעס, האַלוצינאַציעס און אפילו ניט פאַר „אָביעקטן" פון מענטש־לעכן דענקען: זיי אַלע פאָלגן ניט די געזעצן פון דער פיזיקאָלישער וויסנ־שאַפט. אין דער פיזישער וועלט איז פאַר זיי קיין פּלאַץ ניטאָ. און אַזוי ווי זיי האָבן אויך קיין פּלאַץ ניט אין דעם מענטשלעכן פאַרשטאַנד, לויט דער נעאָ־רעאַליסטישער אינטערפּרעטאַציע, האָבן אייניקע פון זיי באַשטימט צו שאַפן אַ „נייטראַלע וועלט" פון „סובסיסטענצן", וואָס, אויב ריכטיק פאַר־שטאַנען, מיינט עס לאָגישע מעגלעכקייטן: מעטאַפיזישע „עסוואָסן", וואָס קומען און פאַרגייען לויט דעם פאַרלאַנג פונעם פאַרשטאַנד. וואו זיי געפינען זיך אין דער צווישן־צייט דאַרף מען ניט פרעגן...

קעגן דערדאָזיקער אינטערפּרעטאַציע איז פריער געבראַכט געוואָרן סטאטס אויסזעצונג, אַז מען קען ניט אָביעקטיוויזירן סוביעקטיווע געדאַנקען און געפילן, חלומות און פאַנטאַזיעס א. אַז. וו. נאָך אַ שטאַרקערע אויסזעצונג געפינט זיך אין א. וו. מורס רעפעראַט צום 6טן אינטערנאַציאָנאַלן קאָנגרעס פון פילאָזאָפיע. ער זאָגט, אַז ער הויבט ניט אָן צו זען ווי אַזוי מען קען אַזוינע „עסוואָסן" אַריינברענגען אין דער רעאַלער וועלט, אויב מען זאָל זיי אַפילו קענען „לאָקאַליזירן" אויסער איר (זע פּראָסידינגס 6ט אינטערנעשאָנאַל קאָנגרעס אָוו פילאָסאָפיע, ז. 278 און ווייטער).

אין אַלגעמיין דאַרף מען אָננעמען פאַר אַ כלל, אַז אַ דערקלערונג מוז עפּעס העלפן קלאָרער מאַכן דאָס, וואָס מען וויל דערקלערן. אמת, מען קען ניט האָפן אַלץ צו דערקלערן, דאָס אָבער, וואָס מען נעמט זיך אונטער צו דערקלערן, דאַרף דערקלערט ווערן. אָננעמען עפּעס פאַר אַ דערקלערונג, וואָס אי עס שטימט ניט מיט דעם וואָס מען ווייסט, אי עס איז פאַנטאַסטיש, און אי עס שטעלט נאָך מער פראַגן ווי עס לייזט, אויב עס לייזט איבערהויפּט עפּעס, איז ניטאָ קיין שום אורזאַך פאַרוואָס מען זאָל עס אָננעמען.

עס איז די מיינונג דאָ, אַז די דערקענטעניש־לערע פון די נעאָ־רעאַליסטן האָט פולשטענדיק צוזאַמענגעבראַכן אין פאַרבינדונג מיטן אָביעקט פון וויסן, דורך דעם אַוועקשטעלן דעם פאַרשטאַנד אין אויסערלעכער פאַרהעלטעניש צו זיין אייגענעם אינהאַלט. דאָס איז אַן אוממעגלעכע פּאָזיציע, זי קען פאַר קיין פאַל ניט פאַרטיידיקט ווערן.

געוויס, אַזוי ווי דער מענטשלעכער פאַרשטאַנד איז באַגרענעצט, וועט יעדע פילאָזאָפישע סיסטעם, העכסט וואַרשיינלעך, האָבן אַ שוואַכן פּונקט און ווען מען וועט זיך שטאַרק סומך זיין אויף דעם אָרט, וועט די סיסטעם מוזן פּלאַצן... דערפאַר דאַרף מען געדענקען מאַנטעגיעס וואָרנונג, אַז הגם צו פילאָזאָפיע באַלאַנגט דאָס פעלד פון פאַנטאַזיע, דאַרף זי זיך אויסהיטן פון פאַרנעמען דעם פּלאַץ פון פּאָעזיע. דער בעסטער וועג אויסצוהיטן זיך איז צו זיין אין שטענדיקער באַרירונג מיט דער וויסנשאַפט און מיט די אַקטועלע פאַקטן פון דערפאַרונג, ווי זיי פּרעזענטירן זיך צום גראַדן פאַרשטאַנד.

ווען מען האָט דאָס אין זינען, דאַרף מען זיין באַשיידן און גיין האַרט ביי דער ערד, מ'דאַרף אָנהויבן פון דעם וואָס שטימט מיט די פאַקטן פון דער אַקטועלער דערפאַרונג, נעמען די פאַקטן פאַרן אויסגאַנג־פּונקט און זיי נאָכ־פאָלגן וואוהין זיי פירן: די היפּאָטעטישע גענעראַליזאַציעס דאַרפן זיין אַ

רעזולטאַט פון די פאַקטן און ניט אָנהויבן מיט אַ גענעראַליזאַציע, וואָס ניט זי שטימט מיט די פאַקטן און ניט זי העלפט זיי דערקלערן.

ווען מען גייט צו צו די פאַקטן פון דער מענטשלעכער דערפאַרונג און מען וויל זיי באַטראַכטן לויט זייערע פאַרהעלטענישן צווישן זיך, געפינט מען אויס, אַז מ׳האָט פאַרשיידענע ספערן, אָדער גראַדאַציעס, וואָס דאַרפן באַטראַכט ווערן באַזונדער. ערשט נאָכדעם קען מען פּרואוון מאַכן וועלכע עס איז אַלגעמיינע גענעראַליזאַציעס, נאַטירלעך, אויף וויפיל עס איז מעגלעך צו מאַכן אַזעלכע גענעראַליזאַציעס.

דאָ וועט נאָכגעפאָלגט ווערן דער געדאַנקען־גאַנג פונעם קריטישן רעאַליזם; ער גייט האַרט ביי דער ערד, ער פאָלגט נאָך דער וויסנשאַפט און דעם גראַדן פאַרשטאַנד, וואוהין זיי פירן אים: ער נעמט די פאַרהעלטענישן לויט זייערע ספערן און באַהאַנדלט זיי אין די גרענעצן פון די ספערן.

1) דאָס ערשטע וועט גענומען ווערן די פיזישע עקזיסטענץ לויט וועלכער צייט־רוים איז אַן אינטעגראַלער טייל פון דער גאַנצקייט. דאָס מיינט, אַז די וועלט פון זאַכן וועט גענומען ווערן ווי די וויסנשאַפט נעמט זי, און זי וועט דערגאַנצט ווערן געדאַנקלעך אין איינקלאַנג מיט די פאַקטן וואָס מען ווייסט.

אין דעם צוגאַנג ווערט דער עפּיסטאָמאָלאָגישער מאָמענט אָבּסטראַאירט, ער ווערט אויסגעלאָזט, און עס ווערן אויסגעלאָזט אַלע ענדערונגען, וואָס ער צווינגט אַריינצופירן אין דער וועלט. פאַרשטייט זיך, אַז די וועלט פון זאַכן ווערט ניט גענומען אויף אַזאַ אופן, אַז זי זאָל זיין אין ווידערשפּרוך צו די עפּיסטאָמאָלאָגישע ענדערונגען, וואָס ווערן אַרויפגעצוואונגען פון דער דערקענטעניש־לערע. פון דער צווייטער זייט, ווערט ניט אָנגענומען אַזאַ דערקענטעניש־לערע, וואָס איז אין דירעקטן ווידערשפּרוך צו די וויסנשאַפטלעכע פאַקטן: עס ווערט אָנגענומען דער מיטלוועג צווישן די צוויי עקסטרעמען.

די וועלט ווערט גענומען לויט די פאַקטן פון דער פיזיקאַלישער וויסנשאַפט, ווי זיי זיינען באַטראַכט געוואָרן אינעם ערשטן קאַפּיטל פון דער אַרבעט; זיי ווערן דערגאַנצט לויט דעם אימאַרגאַנטן באַגריף, ווי ער איז געגעבן געוואָרן אינעם צווייטן קאַפּיטל. די פונדאַמענטאַלע איינהייט פון דער נאַטור ווערט גענומען אין אַ דינאַמישער פאָרמע ווי אַ „פּאַסירונג", ווי אַן עלעקטרישער שטראָם, וואָס דאָס וואָרט זאָל ניט מיינען. דער דינאַמישער צוגאַנג צו דער פונדאַמענטאַלער איינהייט אין דער נאַטור שטימט מער מיט די פאַקטן פון דער פיזיקאַלישער וויסנשאַפט, אַזוי גוט ווי מיטן עוואָלוציע־באַגריף, ווי דער סטאַטישער צוגאַנג צו פיקסירטע „זאַכן", אָדער האַרטע „אַטאָמען".

ווי אַזוי מען זאָל אָבער ניט פאַרשטיין די פונדאַמענטאַלע איינהייטן אין דער נאַטור, ווערט אָרגאַניזאַציע גענומען קאַטעגאָריש מיט זיי. ווי אַזוי די אָרגאַניזאַציע עקזיסטירט און פונקציאָנירט אין דער ווירקלעכקייט איז, לויט דעם צושטאַנד פונעם איצטיקן וויסן, אַן אָפענע פראַגע; לאָגיש דאַרף עס מיינען, אַז די איינהייטן געפינען זיך אין אַן אָרגאַנישער פאַרבינדונג צווישן זיך. דאָס מיינט, אַז ווען מען וויל אָנשטרענגען די פאַנטאַזיע און

רעדן פון דער נאַטור ווי אַ „גאַנצע", וואָס דאָס וואָרט זאָל ניט מיינען, דאַרף מען אָננעמען, אַז זי באַשטייט פון „איין" קאָלאָסאַלער „איינהייט".

מען דאַרף זיך אָבער ניט אָפּנאַרן און ניט דענקען אַז אונטער דעם געזאָגטן געפינט זיך וועלכער ס'איז קאָנקרעטער באַגריף; מען קען דעם געדאַנק פון אחדות אין דער נאַטור אָנרופן אַ לאָגישע דערגאַנצונג פון אַ באַגריף, אָבער פאַר קיין פאַל ניט קייןווירקלעכער באַגריף.

מ'קען האָבן דרך־ארץ פאַרן דענקען פון די פילאָזאָפישע אידעאַליסטן פון אַלע צייטן, וועלכע באַהויפּטן אַז דער מענטשלעכער פאַרשטאַנד קאָן גאָר אַנדערש ניט באַגרייפן די רעאַליטעט פון דער וועלט, ווי אַן איינהייטלעכע גאַנצקייט. מ'קען צו דעם נאָך צוגעבן דעם פאַקט, וואָס אַלע וויסנשאַפטלעכע דערגרייכונגען באַשטייען פון אַ ברייטערער און אַלץ מער אומפאַסנדער גענע־ראַליזאַציע פון פאַקטן; וואָס ס'מיינט, אַז די וויסנשאַפט געפינט אַלץ מער און מער אויס אַז די נאַטור איז איינהייטלעך, אַז די וויסנשאַפטלעכע פאַקטן שטימען מיטן דראַנג פונעם מענטשלעכן פאַרשטאַנד צו אחדות (זע מייערסאָנס אידענטיטעט פילאָזאָפיע) און פונדעסטוועגן זאָל מען זען אַז דאָס איז ניט מער ווי אַ לאָגישער באַגריף; די נאַטור אָבער מוז ניט זיין ראַציאָנאַל, זי קען זיך דערלויבן צו זיין איראַציאָנאַל... זי מוז ניט פאָלגן דעם מענטשלעכן פאַרשטאַנד...

פאַרשטייט זיך, אַז ווען מען נעמט געדאַנקלעך די נאַטור אין איר „גאַנצ־קייט", ווי אַ „טאָטאַליטעט", איז לויט דער דעפיניציע קען די דאָזיקע „טאָ־טאַליטעט" ניט האָבן קיין אויסערלעכע פאַרהעלטענישן. מען דאַרף אָבער ניט פאַרגעסן אַז אין דעם פאַל האַנדלט זיך ניט וועגן אַ באַגריף פון דער נאַטור אַלס גאַנצע, נאָר וועגן אַ דעפיניציע, וואָס דאַרף איינשליסן אַלץ אין דער נאַטור און, פאַלגלעך, לויט דער דאָזיקער דעפיניציע, קען דאָס „גאַנצע" ניט האָבן קיין אויסערלעכע פאַרהעלטענישן, עס האָט ניט מיט וועמען צו האָבן קיין אויסערלעכע פאַרהעלטענישן.

לויט דער זעלבער לאָגיק פונעם דענקען קען די קלענסטע איינהייט אין דער נאַטור ניט האָבן קיין אינערלעכע פאַרהעלטענישן; זי האָט אויך ניט מיט וועמען צו זיין אין אינערלעכער פאַרהעלטעניש. פאַרשטייט זיך, אַז אין ביידע עקסטרעמע פאַלן, אינעם פאַל פון דער גרעסטער „איינהייט", די נאַטור אַלס „גאַנצע" און די קלענסטע איינהייט, זיינען עס ניט מער ווי לאָגי־שע באַגריפן, אָבער בשום אופן ניט קיין באַוואוסטע אַנטאַלאָגישע (עקזיס־טענציעלע) פאַקטן: ניט מען ווייסט עפּעס וועגן דעם אולטימאַטיוון צוזאַמענ־שטעל פון דער נאַטור און ניט מען קען עפּעס זאָגן וועגן אָט די „גאַנצקייטן". פאַרלאָזט מען די וועלט פון די לאָגישע אַבסטראַקציעס און די פילאָזאָפישע ספּעקולאַציעס פון צייט־רוים אַלס די אולטימאַטיווע רעאַליטעט און מען טרעט צו צו דער קאָנקרעטער וועלט, זיינען די קלענסטע איינהייטן עלעקטראָ־נען, פּראָטאָנען, ניוטראָנען, פּאָזיטראָנען, פאָטאָנען און פיליכט אַנדערע „אָנען"... ווען מען נעמט זיי פאַר די פונדאַמענטאַלע איינהייטן אין דער נאַטור, מיינט עס, אַז מען נעמט אָן אַז זיי זיינען נאָר אין אויסערלעכער פאַרהעלטעניש איינע צו די צווייטע; מען נעמט אָן, אַז זיי האָבן ניט מיט וועמען צו קומען אין קיינע אינערלעכע פאַרהעלטענישן...

נעמט מען אָבער דעם אַטאָם אַלס אַ העכערע איינהייט, וואָס איז סינ־טעזירט פון עלעקטראָנען, פּראָטאָנען א. אַז. וו. האָט ער, דער אַטאָם, אַן אינערלעכע אָרגאַניזאַציע פון די עלעקטראָנען און פּראָטאָנען, וואָס שטעלן אים צוזאַמען. ווען מען נעמט דעם אַטאָם, ווי אַן איינהייט, איז זיין אינער־לעכע עלעקטראָן־פּראָטאָן סיסטעם אַן אייגנשאַפט וואָס באַלאַנגט צו אים; עס איז זיין אינערלעכע פאַרהעלטעניש. פאַר די עלעקטראָנען און פּראָטאָנען, וואָס געפינען זיך אין אים, איז די דאָזיקע פאַרהעלטעניש אַן אויסערלעכע: אַלס איינהייטן זיינען זיי אין אויסערלעכער פאַרהעלטעניש צווישן זיך. די זעלבע פאַרהעלטעניש איז פאַרן אַטאָם אַן אינערלעכע, זי איז אינערלעך צו אים, ווי אַן איינהייט.

דער אַטאָם, ווי מען קען זען, האָט שוין אַן אינערלעכע און אויסערלעכע פאַרהעלטעניש. זיין אינערלעכע פאַרהעלטעניש באַשטייט פון די עלעקטראָן־פּראָטאָן אָרגאַניזאַציע, וואָס איז איינגעשלאָסן אין אים, אָדער וואָס שטעלט אים צוזאַמען. דאָס איז זיין אינערלעכער גאַנג, וואָס פאַרמירט זיין קוואַלי־טאַטיווע אייגנשאַפט אַלס אַן אַטאָם. ער איז אָבער אויך אין אַן אויסערלעכער פאַרהעלטעניש מיט די אַנדערע אַטאָמען, וואָס שטעלן מיט אים צוזאַמען דעם מאָלעקול. ווען מען נעמט אים ווי אַן אָרגאַניזירטע איינהייט זיינען די אַנדערע אַטאָמען, וואָס שטעלן מיט אים צוזאַמען אַ מאָלעקול, אין אויסער־לעכער פאַרהעלטעניש צו אים. נעמט מען אָבער דעם מאָלעקול פאַר אַן איינ־הייט וואָס באַשטייט פון אַ העכערער אָרגאַניזאַציע, אָדער וואָס איז אַ העכערער אימאַרגאַנט, אַ נייערע דערשיינונג לויט דעם גאַנג פון עוואָלוציע, פאַרמירן די אַטאָמען זיין אינערלעכן גאַנג, זיינע קוואַליטאַטיווע אייגנשאַפטן, וואָס זיינען אַ רעזולטאַט פון זיין אָרגאַניזאַציע, פון דער פאַרהעלטעניש פון די אַטאָמען אין אים. דאָס זעלבע איז מיטן קרישטאָל ווי אַן אָרגאַניזירטע איינהייט; פאַר אים פאַרמירן די מאָלעקולן, וואָס געפינען זיך אין אים, זיין אינערלעכן גאַנג, וואָס באַשטייט פון דער אָרגאַניזאַציע פון מאָלעקולן אין אים. אַ דאַנק אָט דער אָרגאַניזאַציע באַזיצט ער די באַשטימטע קוואַליטאַטיווע אייגנשאַפטן פון אַ קרישטאָל. אַזוי קען מען גיין ווייטער און ווייטער לויט דעם לייטער פון עוואָלוציע און דערקלערן די פאַרשיידענע אַנטשטייענדע פאָרמאַציעס לויט זייער אינערלעכער און אויסערלעכער פאַרהעלטעניש, אָדער אָרגאַניזאַציע, וואָס ס'איז איינע און די זעלבע זאַך. מען דאַרף נאָר אין זינען האָבן אַז די דערקלערונג ווערט געפירט אויף אַ ריין סכעמאַטישן אופן; די פאַרהעלטענישן ווערן געגעבן בלויז לויט זייער רוימלעכן קאָנטאַקט. דער צייט־מאָמענט, אין וועלכן די אָרגאַניזאַציע און נייע פאָרמאַציע קומט פאָר, אָדער פּילייכט בעסער, וועלכער איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער אָר־גאַניזאַציע און נייער פאָרמאַציע, ווערט אינגאַנצן אויסגעלאָזט. פאַקטיש קען מען אָבער ניט נעמען די נאַטור־דערשיינונגען סטאַטיש בלויז לויט זייער רוימלעכן קאָנטאַקט, מען דאַרף זיי נעמען דינאַמיש לויט זייער פּראָגרעסי־ווער אָרגאַניזאַציע. מען דאַרף ניט פאַרגעסן וואָס ווהייטהעד זאָגט, אַז דער עלעקטראָן, וואָס געפינט זיך אין אַ העכערן אָרגאַניזם, מוז ניט „לויפן" אויפן זעלבן שטייגער ווי ער „לויפט" אויסער דעם אָרגאַניזם...

ווען מען נעמט די פאַרשיידענע נאַטור־דערשיינונגען פונעם שטאַנדפּונקט פון עוואָלוציע, מען נעמט אַריין דעם צייט־מאָמענט אַלס אַ שאַפנדן פאַקטאָר

פון אַנטשטייענדעס בייעס, קען מען זען אַז קוואַליטאַטיווע אונטערשיידן זיינען אַ נאַטור־דערשיינונג, וואָס קען ניט איגנאָרירט ווערן (זע מאָריס קאָהענס קריטיציזם אין „ריזען ענד נייטשור", ז. 211 פון עמיל מייערסאָנס אידענטיטעט שטאַנדפּונקט: ווי אַזוי דער לעצטער וויל ניט זען, אַז קוואַליטאַטיווע פאַרשיידנאַרטיקייטן זיינען אַן אַקטועלער פאַקטאָר אין דער נאַטור).

דאָס געזאָגטע בויטיקט זיך אין אַ באַליכטונג, וועט זי געגעבן ווערן דורך אַ קאָנקרעטן ביישפּיל, וואָס איז שוין עטלעכע מאָל גענוצט געוואָרן: די פאַרמירונג פון וואַסער פון די צוויי גאַזן וואַסערשטאָף און זויערשטאָף. ווען מען נעמט זיי לויט דעם גאַנג פון עוואָלוציע, נעמט מען אָן אַז די צוויי גאַזן באַזונדער זיינען עלטער פון דעם וואַסער־צושטאַנד אַלס זייער סינטעז. וואַסער איז אַ רעזולטאַט פונעם עוואָלוציע־פּראָצעס. מ'ווייס אויך, אַז די גאַזן זיינען ניט בלויז אַ צוזאַמענמיש, נאָר זיי זיינען סינטעזירט אין אַ העכערער אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט די קוואַליטאַטיווע אייגנשאַפט פון וואַסער, וואָס איז גאַנץ פאַרשיידן פון די צוויי גאַזן, וואַסערשטאָף און זויערשטאָף.

צוזאַמען מיט מאָרגאַנען קען מען זאָגן, אַז די קוואַליטאַטיווע אייגנשאַפטן פון וואַסער זיינען איר סובסטאַנציעלער גאַנג, זיי זיינען דאָס ביידערשינענע אינעם פּראָצעס פון עוואָלוציע. די גאַזן, וואַסערשטאָף און זויערשטאָף, אַן אונטערשייד ווי אַזוי זיי האָבן זיך געענדערט ווען זיי פאַרמירן פון זיך וואַסער, זיינען דער באַשטאַנד־טייל פונעם סינטעז וואַסער. אַז זיי זיינען ניט פאַרלוירן געגאַנגען אינעם סינטעזירטן פּראָצעס קען מען זען דערפון, וואָס מען קען זיי צוריק אַרויסקריגן פון דער וואַסער; זיי האָבן זיך אָבער אין דער וואַסער פולשטענדיק געענדערט. פאַר דער וואַסער זיינען די גאַזן אין אַן אינערלעכער פאַרהעלטעניש צו איר. די וואַסער אָבער, ווי אַ סובסטאַנציעלער זיין, ווי וואַסער ,איז אין אויסערלעכער פאַרהעלטעניש (קאָנטאַקט) מיט דער סביבה. פון דער צווייטער זייט גייט די וואַסער אַריין ווי אַן באַשטאַנד־טייל (שטאָף) אין דער פאַרמאַציע פון קאָמפּליצירטערע אָרגאַניזמען, ווי צעלן, צום ביישפּיל. פאַר דער צעל איז די וואַסער אין אַן אינערלעכער פאַרהעלטעניש צו איר. אויף דעם אופן קען מען נעמען פאַרשיידענע אָרגאַניזמען און זיי כאַראַקטעריזירן לויט זייערע אויסערלעכע און אינערלעכע פאַרהעלטענישן. דער אונטערשייד צווישן אַן אויסערלעכער און אינערלעכער פאַרהעלטעניש איז דער, וואָס אין דער אויסערלעכער פאַרהעלטעניש ווערט בלויז גענומען דער פיזישער קאָנטאַקט צווישן זאַכן; די פאַרהעלטענישן זיינען בלויז רוימלעכע אין דער אינערלעכער פאַרהעלטעניש ווערט באַטראַכט דער פּראָצעס פון עוואָלוציע לויט זיין צייטלעכער פאָרמאַציע. מען קען זאָגן, אַז די אויסערלעכע פאַרהעלטענישן ווערן גענומען פיזיש און די אינערלעכע ווערן גענומען כעמיש.

2) צווישן די פאַרשיידענע זאַכן, וואָס זיינען אין קאָנטאַקט צווישן זיך, געפינט זיך אויך דער מענטש. אויך ער, ווי אַנדערע זאַכן, קען גענומען ווערן לויט זיין „אויסערלעכן" פיזישן קאָנטאַקט מיט דער אַרומיקער וועלט, ווי אויך לויט זיין „אינערלעכן" צוזאַמענשטעל פון די באַשטאַנד־טיילן ווען אָבער מען רעדט פונעם מענטשן און זיין „פאַרהעלטעניש" צו דער סביבה, האָט מען אין זינען עפּעס אַנדערש, מען האָט אין זינען דאָס, וואָס די נעאָ־רעאַליסטן רופן אָן די קאָגנאַטיווע רעלאַציע: די פאַרהעלטעניש פון דעם

מענטשענס וויסן מיט דער וועלט. דער נעאָ־רעאַליסט רופט אָן די דאָזיקע פאַרהעלטעניש אויסערלעכע; ער האַלט אַז דער מענטשלעכער פאַרשטאַנד איז אין אויסערלעכער פאַרהעלטעניש צו אַלץ מיט וואָס ער קומט אין קאָנ־טאַקט. דאָס מיינט, אַז אין זיין באַוואוסטזיין וועגן דעם וואָס רינגלט אים אַרום, איז דער פאַרשטאַנד ניט מער ווי אין אַן אויסערלעכן קאָנטאַקט מיט די אַלע זאַכן אַרום אים; ער נעמט זיי ווי זיי זיינען. אַלץ, וועגן וואָס ער ווערט באַוואוסטזיניק, געפינט זיך אויסער אים און ער נעמט עס אויף דירעקט אַזוי ווי ס'איז. ער פירט ניט אַריין קיין שום ענדערונג אין דעם. פאַר אים זיינען אַלע קאָגנאַטיווע פאַרהעלטענישן אויסערלעכע. דאָס באַוואוסטזיניק ווערן וועגן דער וועלט איז ניט מער ווי אַ ספּעציעלע פאָרמע פון דער אַלגעמיינער פאַרהעלטעניש צווישן זאַכן אין דער וועלט. ווהייטהעד רופט די אַלגעמיינע פאַרהעלטעניש צווישן זאַכן אָן „פּריענשן", וואָס דאַרף פאַר־שטאַנען ווערן ווי אַן אַלגעמיינע ווירקונג. די מענטשלעכע פאַרהעלטעניש באַשטייט פון „אַפּריהענשן". וואָס דאַרף מיינען אַ ספּעציעלע ווירקונג. דער פּראָצעס איז אָבער איינער און דער זעלבער אָן וועלכן ס'איז אונטערשייד. פון דער צווייטער זייט נעמען אָן די אידעאַליסטן אַז דער וויסן באַשטייט בלויז פון אַן אינערלעכער פאַרהעלטעניש; אַלץ ווערט געענדערט. פיגוראַ־טיוו גערעדט קען מען זאָגן אז דער נעאָרעאַליסט לאָקאַליזירט דעם וויסן אין דער וועלט און דער אידעאַליסט לאָקאַליזירט די וועלט אין דעם וויסן: פאַרביידן איז די סיסטעם איינע, דער אונטערשייד איז אין דער לאָקאַליזאַציע.

דער קריטישער רעאַליסט האַלט ניט אַז מען קען רעדוצירן די רעאַלי־טעט פון דער וועלט און דעם מענטשלעכן וויסן צו איין איינהייטלעכער סיסטעם אויף איין אויבערפלאַך: ער נעמט אָן אַז פאַקטיש עקזיסטירן זיי ביידע. וואָס מען דאַרף איז זיי ריכטיק אַנאַליזירן, ערשט דערנאָכדעם וועט מען זיי קאָנען פאַראייניקן. ער נעמט פון איין זייט אָן דעם נעאָ־רעאַליסטישן שטאַנדפּונקט, אַז די וועלט אָט איר זעלבסטשטענדיקע עקזיסטענץ, אומאָפּ־העניגיק פונעם מענטשלעכן וויסן וועגן איר; ער נעמט אויך אָן דעם אידע־אַליסטישן שטאַנדפּונקט אַז וויסן איז אַ פּסיכישע אייגנשאַפט, וואָס געפינט זיך אינערלעך אינעם פאַרשטאַנד, אָבער ער זאָגט זיך אָפּ פונעם געדאַנק, אַז דער אָביעקט פון וויסן איז, ווי אַן עקזיסטענץ, אָפּהענגיק פונעם מענטש־לעכן באַוואוסטזיין. ער האַלט, אַז דאָס וויסן פון דער וועלט באַשטייט פון אַ קאָמפּליצירטן פּראָצעס און ניט פון קיין בלויזער פאַרהעלטעניש אין איינער אָדער אין דער צווייטער פאָרמע.

די פאַרשיידענע טיילן, וואָס זיינען ביז איצט באַטראַכט געוואָרן, זיינען באַשטאַנען פון פאַרשיידענע פאַזן פונעם וויסנס־פּראָצעס. איצט, אין דער פראַגע וועגן דער פאַרהעלטעניש צווישן דער אויסערלעכער עקזיסטענץ און דעם אינערלעכן וויסן וועגן איר, האָט די אָפּהאַנדלונג דערגרייכט דעם קאָ־טעגאָרישן מאָמענט: די פאַרהעלטנישן צווישן דעם וואָס ווייסט און דאָס וואָס מען ווייסט זיינען געבראַכט געוואָרן אין דירעקטן באַריר. די פראַגע איז וואו און ווי אַזוי קומט די דאָזיקע פאַרהעלטעניש פאָר.

פון דער אָפּהאַנדלונג ביז איצט דאַרף זיין קלאָר אַז דער קריטישער רעאַליסט קוקט אויפן פאַרשטאַנד, וואָס געפינט זיך אינערלעך אינעם מאַרך,

ווי אויף אַ גרענעץ, ווי אויף אַ לעצטן פּונקט, ביי וועלכן איין ריי דערשיי־נונגען ענדיקן זיך און אַ צווייטע ריי הויבט זיך אָן. די סטימולן וואָס האָבן זייער אָנהויב אין די אייגנשאַפטן פון די אויסערלעך־עקזיסטירנדע זאַכן, ענדיקן זיך אין דער אינערלעכקייט פונעם מאַרך וואו אינעם פאַרשטאַנד אַנט־שטייען קאָרעספּאָנדירנדע קוואַליטעטן. דער וויסן פון דער וועלט איז אַן אומדירעקטער און ער באַשטייט פון אַן אינטערפּרעטאַציע פונעם פּרעזענ־טירנדן. דאָס איז ענדגילטיק פאַרן קריטישן רעאַליסט.

עפּיסטאָמאָלאָגיש ווערן דערמיט פּאָסטולירט צוויי סיסטעמען: 1) אַן עקזיסטירנדע וועלט אויסער דעם מענטשן און 2) אַן אינהאַלט אינעם פאַרשטאַנד. שפּעטער וועט באַוויזן ווערן, אַז עס ווערן ניט פּאָסטולירט קיין צוויי באַזונדערע סיסטעמען, נאָר צוויי אַספּעקטן פון אַן איינהייטלעכער סיסטעם; דערווייל אָבער דאַרף די עפּיסטאָמאָלאָגישע טאָפּלקייט אונטערשטראָכן ווערן: דער וויסן איז טראַנסצענדענט, די זאַך געפינט זיך אויסער דעם וויסן און ווערט אינטערפּרעטירט אַלס אַן אינהאַלט אינעם פאַרשטאַנד פון דעם, וואָס געפינט זיך אויסער אים.

איז די פראַגע: זיינען די פאַרהעלטענישן צווישן דעם וויסן און דער זאַך וואָס מען ווייסט אינערלעכע, אָדער אויסערלעכע? ווערט עפּעס געענדערט אין דער פּרעזענטירנדער זאַך ווען עס פאַרמירט זיך אַן אָביעקט פון וויסן? גענוי צו ענטפערן אויף דער פראַגע וואָלט מען נאָר געקענט, ווען מען ווייסט דעם אויסזען פון אַ זאַך פריער, איידער מען זעט זי מיט די אויגן; מען ווייסט וועגן די קלאַנגען פריער, איידער מען הערט זיי א. אַז. וו... אָבער אַזוי ווי צו זען עפּעס, מוז מען קוקן מיט די אויגן, הערן עפּעס מוז מען דורך די אויערן, קען מען נאָר ריידן אין די גרענעצן פון מענטשלעכן וויסן, קיין אַנדער וויסן האָט ניט דער מענטש...

ווען מען נעמט דעם אָביעקט פון וויסן בלויז לויט זיינע עפּיסטאָמאָ־לאָגישע „עלעמענטן" (פּאַקטיש מיינט עס אַבסטראַהירן, אָדער פּשוט איגנאָ־רירן דעם פּראָדוקט פון עוואָלוציע און פון דינאַמיק אין דער נאַטור אין אַלגעמיין. דאָס ווערט אָבער געטאָן כדי צוצוקומען צום פונדאַמענטאַלסטן אין דער דערקענונג פון דער וועלט), וואָס זיינען פאַקטיש רעדוצירט געוואָרן צו קוואַליטעטן און פאַרהעלטענישן, קען מען זען, אַז מען האָט פאַר זיך צוויי גרופּעס „עלעמענטן". איין גרופּע „עלעמענטן" איז אַ קאַטעגאָרישע, וואָס ס'מיינט, אַז די „עלעמענטן" זיינען אַזוינע, וואָס קענען ניט אוועקגעטראַכט ווערן פונעם פּרעזענטירנדן אָביעקט. אַזוי גיך ווי ער פּרעזענטירט זיך צו די חושים, אָדער פאַר דער פאָרשטעלונג, קומען זיי אַלס זיינע אינטעגראַלע טיילן, וואָס זיינען קאַטעגאָריש איינגעשלאָסן אין אים: זיי מוזן גענומען ווערן מיט אים. דאָס זיינען: רוים, צייט, מאָס, פאָרמע, צאָל, מאַסע אָדער ענערגיע, רעלאַציע, אידענטיטעט, ענדערונג און באַוועגונג. די דאָזיקע קאַטעגאָרישע „עלעמענטן" קענען אָנגערופן ווערן „עלעמענטן" פון ערשטן ראַנג (היסטאָריש זיינען זיי אָנגערופן געוואָרן פּרימערע קוואַליטעטן). מיט די דאָזיקע „עלעמענטן", ווערט אָנגענומען, איז דער פאַרשטאַנד אין אויסער־לעכער פאַרהעלטעניש; ער נעמט זיי אויף אַזוי ווי זיי זיינען אין דער נאַטור. זיי ווערן אָנגענומען פאַר פונדאַמענטאַל דערפאַר, וואָס ניט מען קען זיי אַוועק־

טראַכטן און ניט מען קען זיי אַנאַליזירן און צו עפּעס אַנדערש רעדוצירן: זיי צווינגען זיך אַרויף אויפן פאַרשטאַנד און מוזן בלייבן אַזוי ווי זיי פּרעזענטירן זיך.

די צווייטע גרופּע „עלעמענטן" זיינען פונדאַמענטאַל פאַר די חושים, די וויסנשאַפט קען זיי אָבער רעדוצירן צו די ערשטע. דאָס זיינען קאָלירן, קלאַנגען, רוחות (אַראָמאַטן) א. אַז. וו. (היסטאָריש באַוואוסטע סעקונדאַרע קוואַליטעטן). מיט אַט דער גרופּע „עלעמענטן" איז דער פאַרשטאַנד אין אַן אינערלעכער פאַרהעלטעניש: עפּעס ווערט אין זיי געענדערט דורך זייער באַרירונג מיט די חושים. מען האָט אַ רעכט צו ספּעקולירן אַז פאַר זיך אַליין זיינען זיי, מעגלעך, ניט אַזוי ווי זיי דערשיינען דורך דעם באַטרעפנדן חוש. דאָס מיינט שוין, אַז דער מענטש איז אַ מין שותף צו זיי. זיי וועלן אָנגערופן ווערן „עלעמענטן" פון צווייטן ראַנג.

קעגן דער דאָזיקער טיילונג טרעטן שטאַרק אַרויס די נעאָ־רעאַליסטן. ווהייטהעד פּראָטעסטירט, ער באַהויפּטעט אַז מיר קענען ניט נעמען פאַר אַ שותף דעם פאַרשטאַנד ער זאָל צוגעבן אייגנס צו דער נאַטור. מען קען, לויט זיין מיינונג, ניט באַראַבעווען די נאַטור פון קאָלירן, קלאַנגען א. אַז. וו. ער זאָגט: „מיר קענען קיין זאַך אין דער נאַטור ניט סאָרטירן — דער רויט־גליענדער קאָליר פון אַ זון־אונטערגאַנג איז אַזאַ טייל פון דער נאַטור, ווי די מאָלעקולן און די עלעקטרישע וואַלן, דורך וועלכע די וויסנשאַפטלער דערקלערן די דאָזיקע דערשיינונגען".

אויף דעם קען מען ענטפערן, אַז דער קריטישער רעאַליסט איז ניט קיין גזלן, ער וויל ניט באַרויבן די נאַטור, ער דערקלערט זי נאָר אַביסל אַנדערש פון ווהייטהעדן און אויף דעם האָט ער אַ רעכט... דאָ האַנדלט זיך ניט וועגן אַ פאַרגלייך צווישן קאָלירן, קלאַנגען מיט מאָלעקולן, אָדער עלעקטרישע וואַלן; נאָר וועגן דעם אונטערשייד צווישן קאַטעגאָרישע אייגנשאַפטן, וועלכע קענען בשום אופן ניט געענדערט ווערן און וועגן קאָלירן און קלאַנגען, וואָס ווערן יאָ געענדערט. וואָס, צום ביישפּיל, ווערט פון עם קלאַנג, ווען מען קלינגט אין אַ וואַקאום? פאַרן אויער איז ער ניטאָ. מעגלעך, אַז ער „בלייבט" אין דער נאַטור, קיין קלאַנג פאַרן אויער איז ער שוין אָבער ניט...

קאָלירן, קלאַנגען און אַראָמאַטן זיינען טאַקע פונדאַמענטאַל פאַר די באַטרעפנדע חושים, זיי קומען טאַקע צוזאַמען מיט די קאָרעספּאָנדירנדע „פאַסירונגען", זיי זיינען אָבער אי ניט קאַטעגאָריש פאַר זיי, זיי ווערן ניט אַרויפגעצוואונגען אויפן פאַרשטאַנד, מען קען דענקען וועגן דער „פאַסירונג" אָן זיי און זיי באַשטייען פון אַ סינטעז אין וועלכן, ווי עס ווייזט אויס, דער באַטרעפנדער חוש נעמט אַן אָנטייל. יעדנפאַלס קען זיי די וויסנשאַפט אַנאַליזירן און אַרויסברענגען און באַווייזן זייער צוזאַמענשטעל. דאָס באַרעכטיקט די קלאַסיפיקאַציע אויף צווייערליי „עלעמענטן". אַזוי ווי די ערשטע זיינען פונדאַמענטאַל אין אַלע הינזיכטן, ווערט אָנגענומען אַז דער פאַרשטאַנד איז מיט זיי אין אַן אויסערלעכער פאַרהעלטעניש און מיט די צווייטע איז ער אין אַן אינערלעכער פאַרהעלטעניש. אויף אַזויפיל האָט מען אַ רעכט צו גיין, אָבער ניט ווייטער.

3 די דריטע ספּערע פון פּאַרהעלטענישן איז די לאָגישע, די וואָס באַ־לאַנגט צום פאַרשטאַנד גופא אַלס זיין אינהאַלט און מיט וועלכער ער אָפּערירט.

אין דער פּאַרהעלטעניש האַנדלט זיך וועגן דער שייכות פון באַגריפן צווישן זיך. מען באַגעגענט זיך אָפט מיט אויסדרוקן וועגן דער „פּאַרהעלטע־ניש" צווישן די קאָלירן, ווייס, גרין א. אַ. וו. צו „קאָליר אין אַלגעמיין"; אָדער דער „פּאַרהעלטעניש" צווישן הונט, לייב א. אַז. וו. צו „חיה אין אַלגע־מיין". לויט דער אינטערפּרעטאַציע וואָס ווערט דאָ פּאַרטיידיקט זיינען דאָס ניט קיין פּאַרהעלטענישן, נאָר אינטעלעקטועלע באַגריפן, וואָס שליסן איין איינער דעם צווייטן. רויט, אַלס באַגריף, איז איינגעשלאָסן אינעם ברייטערן באַגריף קאָליר; לייב איז איינגעשלאָסן אינעם ברייטערן באַגריף חיה א. אַז. וו. דאָס זיינען אָנגענומענע באַגריפן, וואָס זיינען אַ רעזולטאַט פונעם מענטשנס פיאַיקייט צו קלאַסיפיצירן און גרופּירן זאַכן לויט זייערע אייגנשאַפטן. אויב מען זאָל די פאַרשיידענע קלאַסיפיקאַציעס וועלן אָנרופן „אייגנשאַפטן" זיינען זיי נאַטירלעך „אינערלעכע אייגנשאַפטן" אינעם זין וואָס דער העכערער באַ־גריף שליסט איין זיך איין דעם נידעריקערן. דאָס איז אָבער נאָר „אינערלעך" לויטן באַגריף און ניט עקזיסטענציעל. היסטאָריש האָט הינטער זיך די קלאַ־סיפיקאַציע געהאַט אַן עקזיסטענציעלן באַדייט, זי איז סיסטעמאַטיזירט געוואָרן פון אַריסטאָטעלן לויט זיין אַלגעמיינעם פילאָזאָפישן וועלט־באַגריף. האָט די וועלט שוין לאַנג אויפגעגעבן זיין מעטאַפיזיק, זי איז אָבער געבליבן מיט זיין קלאַסיפיקאַציע, וואָס איז אַ פולשטענדיק באַרעכטיקטע פאַר פילע טעמים, הגם ניט קיין מעטאַפיזישע. פּאַרהעלטענישן דאַרף מען אָבער די שייכות ניט אָנרופן. עס איז דער אָנגענומענער מעטאָד פונעם מענטשלעכן דענקען, זיין אינטעלעקטועלער באַגאַזש, מיט וועלכן ער אָפּערירט: צו דער נאַטור האָט עס ניט קיין שייכות. עס איז נאָר פאַראַן איין פּאַזע אין דער לאָגיק פונעם דענקען, וואָס פאָדערט אַ ספּעציעלע באַטראַכטונג אין פאַרבינדונג מיט פּאַרהעלטענישן און דאָס איז דער באַגריף, וואָס שטראָמט אַרויס פון דער לאָגיק גופא און ניט פונעם אינהאַלט. לויט מאַטעמאַטישע לאָגיקער קומט אויס, אַז די פאָרמע פונעם דענקען גופא אַנטהאַלט אַ באַגריף; עס מיינט, אז מען קען פולשטענדיק ענדערן דעם אינהאלט פון די באַהויפּטונגען און דער עצם געדאַנק וועט בלייבן; מער ווי דאָס, מ'קען די באַהויפּטונג אַזוי פאָרמולירן, אַז קיין קאָנקרעטער געדאַנק זאָל אינגאַנצן ניט בלייבן, מ'קען נוצן סימבאָלן און דער פונדאַמענטאַלער געדאַנק וועט אַליץ בלייבן: ער איז איינגעשלאָסן אין דער פאָרמע און האָט מיט קיין ספּעצ־ציעלן אינהאַלט קיין שייכות ניט. דאָס איז דער פונדאַמענט פון דער סימבאָ־לישער לאָגיק. די סימבאָלישע לאָגיק איז אָבער אן ענין פאַר זיך, וואָס קען דאָ ניט באַהאַנדלט ווערן: דאָ קען נאָר באַרירט ווערן די שייכות פון דענקען צו עקזיסטענץ.

אויבן־אויף קוקט אויס, אַז דער כלל באַגריף איז איינגעשלאָסן אינעם דענקען גופא, ס'קוקט אויס, אַז דענקען וואָלט אינגאַנצן ניט געווען מעגלעך, ווען מען זאָל ניט ציען קיין אַלגעמיינע שלוסן פון די פּרעזענטירטע פאַקטן. ווי פּרימיטיוו דער דענקען זאָל ניט זיין, אַזוי גיך ווי מען ציט אַ שלוס פון אַ ריי פאַקטן, איז דעדוקציע (אַלגעמיינע באַשטימונג) שוין איינגעשלאָסן.

דאָס דאַרף מיינען, אַז אינדוקציע (אָנהויבן פון איינצל פאַקטן און קומען צו אַן אַלגעמיינער באַשטימונג) קען ניט פירן צו קיין אַלגעמיינע באַשטימונגען און צו דער פאָרמירונג פון אַלגעמיינע כללים.

אין אַלגעמיין איז דער שטרייט וועגן דעם אינדוקטיוון מעטאָד פון דענקען און דעם דעדוקטיוון אַן אַלטער, לאָגיקער האָבן אים נאָך ביז איצט ניט געלייזט. פאַקטיש ווערןביידע מעטאָדן גלייכצייטיק איינגעשלאָסן אין דעם דענקען, מען קען זיי ניט צעטיילן. פאַרגעסט מען אָבער דעם שטרייט פון די לאָגיקער און מען גייט צו צום קאָנקרעטן לעבן, קען מען זען, אַז געוויס. לויט דער אַנטוויקלונג פון דענקען אין וויסן, קומט דער קאָנקרעטער פאַקט פאַר דער אַלגעמיינער באַשטימונג. ניט קיין קינדער און ניט קיין פּרימי־טיווע פעלקער קענען דענקען אין אַלגעמיינע אַבסטראַקטע פאָרמען און ציען שלוסן פאַר אַלגעמיינע כללים. אפילו קולטור־מענטשן, וואָס ווערן דער־צויגן אין אַן אַטמאָספערע אין וועלכער די פאָרמען פון דענקען ווערן אויפ־גענומען אויף אַ ניט באַמערקבאַרן אופן, קענען זיך דערמאָנען פאַקטן ווי שווער ס'איז פאַר זיי געווען איבערצוגיין פון די איינצל פאַקטן צו דער אַל־געמיינער באַשטימונג (פאָרמירן אַ כלל).

דער, וואָס האָט געהאַט דעם „גליק״ צו שטודירן אַלגעברע אָן אַ לערער, ווייסט ווי שווער ס'איז אים אָנגעקומען צו קענען פאַרבייטן ציפערן אויף בוכ־שטאַבן: ציפערן זיינען קאָנקרעט און פיקסירט, זיי מיינען עפּעס באַשטימטעס. ווען מען אָפּערירט מיט זיי, האָט מען אין זינען איינצלנע און ספּעציעלע רעכע־נונגען; די בוכשטאַבן אָבער, מיט וועלכע מען פאַרבייט זיי אין אַלגעברע, האָבן ניט דעם ספּעציעלן מיין, זיי רעפּרעזענטירן די אַלגעמיינע מאַטעמאַטישע פאָרמע פונעם פּראָבלעם: קען דאָס דער אָנפאַנגער ניט פאַרשטיין, פאַר אים האָבן זיי ניט קיין שום אינהאַלט. ספּעציעל האָט ער שוועריקייטן מיט די פּראָבלעמען, וואָס ווערן אויסגעדריקט בלויז דורך בוכשטאַבן, זיי האָבן פאַר אים ניט קיין שום מיין, איז כדי צו פאַרשטיין אַ פּראָבלעם, וואָס ווערט אויסגעדריקט דורך בוכשטאַבן, שטעלט דער אָנפאַנגער אונטער ציפערן אונטער די בוכשטאַבן, ער קאָנקרעטיזירט די אַבסטראַקציע און אָריענטירט זיך אינעם פּראָבלעם. ס'נעמט אַ לענגערע צייט ביז ער געוואוינט זיך צו אָפּערירן בלויז לויט די מאַטעמאַטישע כללים און ניט טראַכטן אין וועלכער ס'איז קאָנקרע־טער פאָרמע.

דער איבערגאַנג פון דעם קאָנקרעטן צו דעם אַבסטראַקטן, פון דעם איינצלנעם צו דעם אַלגעמיינעם איז אַ שווערער און אָפט פיינלעכער פּראָ־צעס. וואָלט דער טראַכטן אין אַלגעמיינע כללים געווען אַ פאַרטיק געגעבענער, וואָלט ניט געדאַרפט זיין אַזוי שווער איבערצוגיין פון דעם קאָנקרעטן צום אַבסטראַקטן. דער פאַקט, וואָס ס'איז אַזוי שווער איבערצוגיין פון דעם קאָנ־קרעטן צום אַבסטראַקטן, איז פאַר זיך אַליין אַ באַווייז, אַז דער פּראָצעס קומט ניט קיין פאַרטיקער, מען דאַרף אים לערנען און אפילו נאָכדעם געלינגט ניט יעדן איינעם צו קענען דענקען בלויז לויט דער פאָרמע: מען מוז אונטערשטעלן אַן אינהאַלט. דאָס מיינט, אַז פאָרמע אַליין איז ניט גענוג מען זאָל אין איר און דורך איר קענען דענקען.

מאַטעמאַטיקער באַהויפּטן, אַז „ריינע מאַטעמאַטיק״ באַשטייט פון אַ דענ־קען וואָס האָט ניט קיין אינהאַלט... בערטראַנד ראַסעל זאָגט אויף אַ פּלאַץ, אַז

מאַטעמאַטיקער ווייסן קיינמאָל ניט וואָס זיי ריידן און זיי ווייסן ניט צי דאָס וואָס זיי זאָגן איז אַן אמת, אָדער ניט... דאָס קלינגט שלעכט, ס'מיינט אָבער ניט אַזוי שלעכט ווי ס'קלינגט. אויב ריכטיק פאַרשטאַנען, דאַרף עס מיי־נען, אַז אַזוי ווי זייער דענקען אַנטהאַלט ניט קיין אינהאַלט, ער איז בלויז פאָרמע, ווייסן זיי ניט וואָס זיי זאָגן אין באַצוג צו אינהאַלט. פון דעם קומט שוין אויס אַז זיי ווייסן ניט צי זייער שלוס איז אַן אמת'ער אין באַצוג צו אינהאַלט.

מיט ראַסעלן זיך פאַרמעסטן וועגן מאַטעמאַטישע כללים, אָדער אמתן, וועלן זיך געפינען ווייניק בעלנים: ער ווערט פאַררעכנט פאַר איינעם פון די וויכטיקסטע מאַטעמאַטיקער פון דער צייט. דאַרף מען אָננעמען אַז וואָס אַנ־באַלאַנגט מאַטעמאַטיק ווייסט ער וואָס ער רעדט. פון דער צווייטער זייט, זאָגט מען אָבער, אַז ווי אַבסטראַקט און פאָרמעל אַ מאַטעמאַטישע פאָרמולע זאָל ניט זיין, וועט זי פריער אָדער שפּעטער געפינען אַ פּלאַץ אין דער קאָנקרעטער וועלט (האָט דאָך דער וואָרצל פונעם „אויסגעטראַכטן" מינוס 1 געקראָגן אַ פּלאַץ אין איינשטיינס רעלאַטיוויטעט־טעאָריע). אויב די באַ־הויפּטונג זאָל זיין ריכטיק, וואָלט עס געווען אַ באַווייז, אַז דער דענקען אין אַלגעמיין, ווי אַבסטראַקט ער זאָל ניט זיין, איז אַ רעזולטאַט פון עפּעס קאָנקרעטעס אין דער נאַטור. זאָגט טאַקע דושין, אַז די רעזולטאַטן פון דער „וואָלן מעכאַניק" פירן אַרויף אויפן געדאַנק אַז, מעגלעך, אין אַט די די אַלע אַבסטראַקטע רעכענונגען געפינט זיך באַהאַלטן עפּעס קאָנקרעטעס, וואָס האָט אַ שייכות צו דער מענטשלעכער דערפאַרונג (זע ערשט קאַפּיטל פונעם ערשטן באַנד).

אין זיין בוך „די גרעמער אָוו סייענס" דערקלערט גילבערט לואיס דעם פונקט אויף אַן איינפאַכן, שוין טאַקע אויף אַ צו איינפאַכן אופן. לויט זיין מיינונג, איז די גאַנצע לאָגיק פון דער „ריינער מאַטעמאַטיק" אַ רעזולטאַט פון דעם, וואָס מען נוצט אַ פאַרפרוירענע סימבאָליק, קריגט מען אַלס רע־זולטאַט דאָס, מיט וואָס מען האָט אָנגעהויבן... ס'דאַרף מיינען, אַז אַזוי ווי אַן אַלף איז אַלעמאָל אַן אַלף; ער איז אַלעמאָל „גלייך" צו זיך אַליין... אַזוי ווי אַבסטראַקט גענומען איז צוויי מאָל צוויי אַלעמאָל פיר, דרייט מען זיך אין אַ פאַרכישופטן קרייז: מען ענדיקט דערמיט, מיט וואָס מען הויבט אָן... אַזוי גיך אָבער ווי מען שטעלט אונטער אונטער די סימבאָלן אַ קאָנקרעטע רעאַ־ליטעט, געפינט מען אויס אַז די סימבאָליק אַליין אַנטהאַלט ניט אונטער זיך אַלעמאָל קיין פאַקטישן אמת. צוויי מאָל צוויי איז טאַקע אַלעמאָל פיר, 2 קוואָרט אַלקאָהאָל און 2 קוואָרט וואַסער גיבן פון זיך ניט אַרויס קיין 4 קוואָרט, נאָר בלויז דריי און ניין־צענטל... צי דאָס איז אַ באַווייז קעגן דער „ריינער מאַטעמאַטיק" קענען נאָר פאַכלייט באַשטימען. דערמיט מוז דער ענין געשלאָסן ווערן...

# דער קערפּער פֿאַרשטאַנד־פּראָבלעם (דואַליזם)

עס שטייט אין בראשית: „ויצר יהוה אלהים את האָדם עפר מן האדמה ויפּח באַפּיו נשמת חיים ויהי האָדם לנפש חיה" (גאָט דער האַר האָט באַשאַפֿן דעם מענטשן פֿון שטויב פֿון דער ערד, ער האָט אַריינגעבלאָזן אין זיינע נאָזלעכער אַ לעבעדיקע נשמה און ס'איז געוואָרן אַ לעבעדיקער מענטש).

דער דואַליסטישער באַגריף, אַז דער גוף און די נשמה זיינען צוויי באַזונדערע זאַכן, וואָס באַלאַנגען צו צוויי באַזונדערע ספֿערן, איז אַ גאַר אַל־טער; מען באַגעגנט זיך מיט אים אפֿילו צווישן די פּרימיטיווע פֿעלקער. נאַטירלעך, אַז פֿאַר זיי איז עס ניט קיין פֿילאָזאָפֿישער באַגריף, אָפֿט איז עס אפֿילו ניט קיין רעליגיעזער באַגריף; נאָר אַ פֿאַקט פֿון זייער טאָג־טעגלעכער דערפֿאַרונג ווי זיי פֿאַרשטייען זי און אינטערפּרעטירן זי.

פֿאַרן פּרימיטיוון מענטשן ענדיקט זיך ניט דאָס לעבן מיטן טויט, ס'ענ־דערט זיך בלויז און נעמט אָן אַן אַנדער פֿאָרמע. אַסך פּרימיטיווע פֿעלקער גלויבן, אַז דער קערפּער בלייבט לעבן נאָכן טויט, און בלויז דאָס לעבן ענ־דערט זיך. זיי היטן אָפּ דעם טויטן קערפּער, האַלטן אים אין אַ קאַסטן אין הויז, אָדער אַרום הויז. אַנדערע בויען היימען פֿאַר די טויטע און באַוואָ־רענען זיי אפֿילו מיט שפּייז און אַנדערע „בויטיקע" זאַכן. די פּיראַמידן, וואָס געפֿינען זיך אין מצרים, זיינען אַזעלכע היימען וואָס די קעניגן האָבן געבויט צו וואוינען אין זיי נאָכן טויט. מערסטע פֿעלקער אָבער גלויבן, אַז די נשמה פֿאַרלאָזט דעם קערפּער נאָך דעם טויט און אָדער זי פֿאַראייניקט זיך מיט אַן אַנדער קערפּער (טראַנסמיגראַציע), אָדער זי בלייבט לעבן פֿריי אָן אַ קערפּער.

די פֿאַרשיידענע באַגריפֿן, וואָס פֿעלקער האָבן וועגן דער קערפּער־נשמה פֿאַרבינדונג, זיינען ניט קיין רעזולטאַט פֿון קיין טעאָריעס, אָדער היפּאָטעזן, נאָר דאָס זיינען פֿאַקטן וואָס זיינען באַזירט אויף זייער דערפֿאַרונג וואָס זיי האָבן מיט די געשטאָרבענע. דער פֿאַרשטאָרבענער בלייבט לעבן אין זייער זכרון און אין זייער פֿאַנטאַזיע. זיי שטעלן זיך אים פֿאָר און אָפֿט „קומט" ער טאָקע צו זיי: זיי „זעען" אים און „הערן" אים און אויך ריידן (נאַטירלעך אין האַלוצינאַציעס און אָפֿטער קומען זיי מיט אים אין באַרירונג אין חלום). ניט שטענדיק „קומט" ער צו זיי אויף דעם זעלבן אופֿן און אין דער זעלבער פֿאָרמע; ער „קומט" אָבער מיט זיי אין אָפֿטער באַרירונג. ער לעבט מיט זיי און נעמט אפֿילו אַן אָנטייל אין זייער לעבן און אין זייערע אינטערעסן...

מיט איין וואָרט, דער פאַרשטאָרבענער פאַרשווינדט ניט פאַרן פּרימיטיוון מענטשן, ער ענדערט בלויז זיין פאַרבינדונג מיט אים. אָפט „קומט" דער פאַרשטאָרבענער צוריק אויף אַ ניט זיכטבאַרן און ניט באַמערקבאַרן אופן; אים אַליין זעט מען אינגאַנצן ניט, מען דערוויסט זיך אָבער וועגן זיין „קומען" אָדער אויף אַ מיסטעריעזן אופן, אָדער דורך אַ באַשטימטן צייכן. פאַרשטייט זיך, אַז אין אַזעלכע פאַלן קומט בלויז די נשמה (וואָס אַנבאַלאַנגט דעם קערפּער מוז אפילו דער פּרימיטיווער מענטש באַמערקן אַז ער ווערט פאַרניכטעט).

די ספּעציעלע באַווייזן פאַר דער עקזיסטענץ פון אַ נשמה, וואָס איז פאַרשיידן פון דעם קערפּער, ווערן באַשטעטיקט דורך דעם, וואָס זיינען פאַר דעם פּרימיטיוון מענטשן דירעקטע באַווייזן: דאָס לעבן מאַניפעסטירט זיך דורך אַ פּראָצעס פון אָטעמען, ווען דער אָטעם פאַרלאָזט, שטאַרבט מען... מוז דאָך עפּעס פאַרלאָזן דעם קערפּער ווען מען שטאַרבט. דאָס וואָס עס פאַרלאָזט איז די נשמה, וואָס, לויט בראשית, האָט גאָט צוגעגעבן צום ערדישן...

די ערשטע גריכן האָבן זיך פאָרגעשטעלט די נשמה אין דער פאָרמע פון אַ שמעטערלינג. דאָס וואָרט פּסיכע מיינט אין גריכש אי נשמה אי שמעטערלינג (זע ס. ריינראך, ארפיוס א היסטאָריע אָוו רעלידזשאַן, ז. 85).

לויט דעם נאָמען דאַרף מען אָננעמען, אַז לויט זייער באַגריף, איז אויך די נשמה עפּעס ערדישעס, אָדער אַן „עפּעס", וואָס האָט אַ שייכות צום ערדישן. צופיל דאַרף מען אָבער אויפן נאָמען ניט בויען; די גריכן זיינען געווען קינסטלער לויט זייער געפיל און נייגונג, האָבן זיי געדענקט אין פּלאַסטישע בילדער: זיי האָבן אפילו קאָנקרעטיזירט אַבסטראַקטע באַגריפן, ווי שיינקייט, גוטסקייט א. אַז. וו. א. אַז. וו.

דער קערפּער־נשמה דואַליזם, וואָס פאַרן פּרימיטיוון מענטשן איז ער אַזאַ זעלבסטפאַרשטענדלעכע זאַך, וואָס נויטיקט זיך ניט אין קיין שום באַווייזן פאַר זיין אמת, האָט ביי די אידן געקראָגן די רעליגיעזע פאָרמולירונג און פון די גריכן די פילאָזאָפישע. דער סינטעז פון די צוויי פאָרמולירונגען, אין פאַרשיידענע מאָדיפיצירטע פאָרמען, ווערט נאָך פאַרטיידיקט פון פיל דענקער ביז היינטיקן טאָג.

ווען מען וויל זיך באַקענען מיטן דואַליזם און אים גענוי פאַרשטיין, דאַרף מען זיך באַקענען מיט זיין אַנטשטייאונג און אַנטוויקלונג. אין בראשית ווערט געזאָגט: „גאָט דער האַר האָט באַשאַפן דעם מענטשן פון שטויב פון דער ערד און האָט אַריינגעבלאָזן אין זיינע נאָזלעכער אַ לעבעדיקע נשמה און ס׳איז געוואָרן אַ לעבעדיקער מענטש".

אין דער דאָזיקער לעגענדע, וועגן דעם באַשאַף פון דעם מענטשן, באַשטייט דער קערפּער פון דער ערד ווי אַ טייל פון איר און די נשמה באַשטייט פון אַ לעבן, וואָס גאָט האָט צוגעגעבן צום קערפּער. די לעבעדיקע נשמה איז דער געטלעכער געשאַנק אינעם קערפּערלעכן טייל פונעם מענטשן... טראַכט מען אָוועק דאָס רעליגיעז־מיסטישע און מען באַטראַכט די לעגענדע קריטיש, זעט מען אַז זי אַנטהאַלט אין זיך טיילן, וואָס זיינען אַ רעזולטאַט פון באַאָבאַכטונגען פונעם פּראָצעס פון לעבן. אַזוי לאַנג ווי מען אָטעמט

איז דער אָרגאַניזם אַ לעבעדיקער, „פּאַרלאָזט" דער אָטעם, צעפאַלט דער קערפּער און מיט דער צייט ווערט פון אים שטויב. פון דעם איז נאַטירלעך צו ציען דעם שלוס, אַז דאָס אָטעמדיקע (נשמה) באַלעבט דעם קערפּער. פּאַרלאָזט די נשמה דעם קערפּער, איז אַ סוף צום לעבן: דער קערפּער ווערט צעפאַלן. לאָגיש וואָלט עס מיינען, אַז די נשמה פּאַרלאָזט נאָר דעם קערפּער, זי שטאַרבט אָבער ניט. דעם לאָגיש קאָנסעקווענטן שלוס האָבן די אידן, ווי ס'קוקט אויס, גלייך ניט געצויגן, ווי דאָס 14טע קאַפּיטל פון איוב צייגט. איוב זאָגט: כציץ יצא וימיל ויברח כצל ולא יעמוד (ווי אַ בליאונג קומט ער און ווערט פאַרשניטן און ער פאַרשווינדט ווי אַ שאָטן, וואָס קומט קיינמאָל ניט צוריק). ערשט שפּעטער האָבן די אידן געצויגן דעם לאָגישן שלוס פון אומשטערבלעכקייט פון דער נשמה.

די גריכן, ווי פריער געזאָגט, זיינען צו דער קערפּער־נשמה פאַרבינדונג צוגעגאַנגען פילאָזאָפיש. און ווי אין אַלע אַנדערע פראַגן, האָבן אויך אין דער פראַגע פּלאַטאָן און אַריסטאָטעל געזאָגט דאָס לעצטע וואָרט, וואָס גריכנ־לאַנד האָט געזאָגט. אָבער אַזוי ווי זייער וואָרט איז אויך געבליבן דאָס לעצטע וואָרט פאַר הונדערטער יאָרן, אויב ניט פאַר טויזנטער, פאַר דער מענטשהייט, וועט נויטיק זיין זיך אָפּצושטעלן אויף דעם, וואָס זיי האָבן געזאָגט.

דער קערפּער־נשמה דואַליזם איז אַמבולטסטן פאָרמולירט אין פּלאַטאָנס פעדאָן, וואו ס'ווערט איבערגעגעבן דער לעצטער שמועס, וואָס סאָקראַט האָט געהאַט מיט זיינע פריינט איידער ער האָט געטרונקען דעם סם.

פאַרשטייט זיך, אַז דער אינהאַלט פון דעם דיאַלאָג, אַזוי ווי דער אינ־האַלט פון פּלאַטאָנס אַלע דיאַלאָגן, איז אַ פּראָדוקט פון זיין פילאָזאָפיש־מיסטישער פאַנטאַזיע, סאָקראַט ווערט פון אים נאָר גענומען פאַר אַן אויס־גאַנגס־פּונקט: דאָס איז געווען זיין ליטעראַרישע פאָרמע, וואָס דאַרף ניט גענומען ווערן ווי איבערגעגעבענע אַקטועלע פאַקטן.

אין דער פאַרבינדונג ווערט נאָר געגעבן זיין פאָרמולירונג פון דער קערפּער־נשמה פאַרבינדונג און ניט זיין דערקענטניש־טעאָריע, וואָס נעמט די פאָרמולירונג אָן אַלס אויסגאַנג־פּונקט. זיין דערקענטניש־טעאָריע איז דערקלערט געוואָרן אויף אַן אַנדער פּלאַץ.

פּלאַטאָן האָט דעם דואַליזם ניט געשאַפן, ער האָט אים גענומען אַ פאַר־טיקן פון דער גריכישער מיטאָלאָגיע; ער האָט אים נאָר געגעבן אַ פילאָזאָ־פישע פאָרמע. אָבער איידער דער דואַליזם וועט באַטראַכט ווערן, דאַרף באַ־מערקט ווערן, אַז אין זיין מעטאַפיזיק שטרעבט פּלאַטאָן צו אַ מאָניסטישן אי־דעאַליזם פון אַן איינציקער רעאַליטעט, די אידייען־וועלט. דער קערפּער, אַלס טייל פון די „שאָטנס" איז ניט קיין פונדאַמענטאַלע רעאַליטעט; ער פאַרשווינדט. אין די גרענעצן, אָבער וואָס די באַטראַכטונג ווערט געפירט, קען די פונדאַמענטאַלע מעטאַפיזיק אויסגעלאָזט ווערן און דער קערפּער־נשמה דואַליזם קען באַטראַכט ווערן זעלבסטשטענדיק.

דער דיאַלאָג הויבט זיך אָן דערמיט, וואָס סאָקראַטעסעס חברים קענען ניט פאַרשטיין זיין מונטערקייט עטלעכע מינוט פאַר'ן טויט, ווען ער ווייסט, אַז ער מוז טרינקען סם און שטאַרבן; קיין זאַך קען אים ניט ראַטעווען.

פרעגן זיי אים טאַקע פאַר אַ דערקלערונג. פון דער פראַגע אַנטוויקלט זיך אַ דיסקוסיע אין וועלכער „סאָקראַט" דערקלערט דעם קערפּער־נשמה דואַ־ליזם. ער דערקלערט, אַז ער איז אַזוי מונטער דערפאַר וואָס „איך בין איבערצייגט אַז איך גיי צו אַנדערע געטער, וואָס זיינען קלוג און גוט (אין דעם בין איך אַזוי זיכער, ווי איך קען זיין זיכער אין אַזוינע זאַכן) און איך גיי צו מענטשן, וואָס זיינען אַוועק פון דאַנען (כאָטש וועגן דעם בין איך ניט אַזוי זיכער), וואָס זיינען בעסער פון די וואָס איך לאָז הינטער זיך" (פעדאָן, ז. 83). דאָס איז זיין דערקלערונג פאַרוואָס ער איז מונטער און פריילעך, הגם ער ווייסט אַז ער מוז שטאַרבן.

איז די פראַגע: 1) וועמ גייט עס צו די געטער? און 2) פון וואַנען נעמט זיך צו אים אַזאַ זיכערקייט? אַז דער קערפּער גייט ניט צו די געטער, נאָר ער ווערט פאַרניכטעט נאָך דעם ווי מען שטאַרבט, האָט פּלאַטאָן גוט געוואוסט; אָבער וואָס קימערט אים דער קערפּער וואָס נאָך אַלעמען „איז ער דער קוואַל פון די פאַרשיידענע פּלאָגן: ער דאַרף עסן שפּייז, ער איז אונ־טערגעוואָרפן קראַנקהייטן, ער האָט שרעק און פאַרלאַנגען פאַר פאַרשיי־דענע נאַרישקייטן" (86). דער קערפּער איז שוין גאַרניט אַזאַ טייערע מציאה מען זאָל זיך מיט אים אינטערעסירן. דערפאַר אָבער דאַרף מען „זיך זאָרגן פאַר דער נשמה" נאָר זי אַליין קען „באַטראַכטן זאַכן ווי זיי זיינען" זי אַליין קען „זיין ריין, פאַרברענגען מיט אַנדערע ריינע נשמות און וויסן וועגן זיך זעלבסט ווי אַ קלאָרע ליכט, וואָס איז די ליכט פון אמת דערפאַר, וואָס קיין אומריינע זאַכן (קערפּערס) איז ניט דערלויבט זיך צו דערנעענטערן צו דער ריינקייט... און וואָס באַשטייט די ריינקייט ווען ניט דער אָפּטיילן זיך פון דער נשמה פון דעם קערפּער. אַזוי ווי איך האָב פריער געזאָגט: די געוואוינהייט פון דער נשמה איז זיך צוזאַמענעמען און אַריינבליקן אין זיך אַליין. פאַרלאָזן דעם קערפּער און לעבן אין איר אייגענעם פּלאַץ אינגאַנצן אין אַן אַנדער לעבן... באַפרייען די נשמה פון די קייטן פון דעם קערפּער" (87). דער אויסצוג דערקלערט פולקאָמען וועמ ס'איז דער „איך", וואָס גייט צו די אַנדערע געטער; ס'גייט די נשמה, וואָס האָט זיך באַפרייט פון „די קייטן פון דעם קערפּער".

פּלאַטאָן איז געווען זיכער אין דעם אמת וואָס ער האָט אַרויסגעזאָגט; זיין זיכער פאַר זיך איז אָבער ניט גענוג, מען דאַרף אויך איבערצייגן דעם סקעפּטיקער אין דעם אמת. כדי איבערצוצייגן די וואָס וויסן ניט און פאַר־שטייען ניט, האָט ער אַריינגעבראַכט אַ סקעפּטיקער, צעביס, וואָס צווייפלט. ער זאָגט: „וואָס ס'איז שייך דער נשמה, זיינען פאַראַן מענטשן וואָס זיינען גענייגט צו צווייפלען, זיי זיינען אונטער דעם איינדרוק, אַז ווען זי פאַרלאָזט דעם קערפּער, האָט זי ניט קיין אַנדער אָרט: אין דעם טאָג וואָס אַ מענטש שטאַרבט, ווערט זי צעשטערט און פאַרלוירן. אַזוי גיך ווי זי פאַרלאָזט דעם קערפּער ווי אַ רויך, אָדער לופט, ווערט זי פאַרשוואונדן און עס בלייבט פון איר ניט קיין שום זאַך... ס'פאָדערט זיך אַ היבש ביסל אַרגומענטן און אַ שטאַרקער גלויבן כדי צו קענען באַווייזן, אַז ווען אַ מענטש שטאַרבט בלייבט זיין נשמה לעבן".

די שטאַרקע אַרגומענטן, וואָס ער לייגט אַריין דעם צוויפלער אין מויל אַריין, באַווייזן אַז פּלאַטאָן ווייסט אַז ער האָט פאַר זיך אַ שווערן פּראָבלעם. ער שרעקט זיך אָבער פאַר אים ניט אָפּ; ער איז זיכער אין דעם אמת פון זיין שטאַנדפּונקט און ער ברענגט באַווייזן צו דעמאָנסטרירן זיין אמת.

געוויס וועט אַ מאָדערנער דואַליסט, וואָס גלויבט אין דער אומשטערב־לעכקייט פון דער נשמה, געבן מער ראַפינירטע באַווייזן; דאַרף מען אָבער אין זינען האָבן ווען פּלאַטאָן האָט געשריבן זיין פעדאָן, דעם צושטאַנד פון וויסן פון זיין צייט און די באַגריפן וואָס האָבן דעמאָלט אין אַלגעמיין גע־הערשט. אויסער דעם אַלעמען דאַרף מען אין זינען האָבן אַז פּלאַטאָן איז געווען אַ קינסטלערישע נאַטור און אַז ער האָט געהאַט אַ נייגונג צו מיסטי־ציזם. ער האָט אָפט אַרויסגעזאָגט טיפע פילאָזאָפישע געדאַנקען אין אַ פּאָעטיש־מיסטישער פאָרמע. ווען מען ווייסט דאָס אַלץ און מען נעמט אין אַנבאַטראַכט אַז ער איז געווען אַ פּיאָנער, וואָס האָט אויסגעטראָטן אַ וועג, דאַרף מען פאַרקוקן די פאָרמע און זיך אַריינטראַכטן אין דעם עצם פון זיינע געדאַנקען גופא.

פאַרשטייט זיך, אַז פאַר דעם וואָס גלויבט ניט אין דער אומשטערבלעכ־קייט פון דער נשמה און וואָס צוויפלט אין דעם דואַליזם אין אַלגעמיין, קלינגען אויך די אַרגומענטן פון מאָדערנע דואַליסטן אַ היבש ביסל מאָדנע; פאַר אים זיינען זיי ניט מער איבערצייגנד, ווי פּלאַטאָנס אַרגומענטן. אָבער דאָס איז אַן ענין פאַר זיך. איצט האַנדלט זיך וועגן פּלאַטאָנס אַרגומענטן פאַר דער אומשטערבלעכקייט פון דער נשמה, דאַרפן זיי געגעבן ווערן. ער זאָגט: „די אַלטע דאָקטרין איז אַז נאָך דעם טויט גייט דעם מענטשנס נשמה אַוועק פון דער וועלט אין אַן אַנדערער און קומט צוריק פון דאָרט, זי ווערט געבוירן פון טויט. אויב עס איז אמת, אַז די לעבעדיקע קומען פון די טויטע, מוזן אונדזערע נשמות זיין אין דער אַנדערער וועלט. ווען זיי וואָלטן דאָרטן ניט געווען, ווי אַזוי וואָלטן זיי נאָכאַמאָל געבוירן געוואָרן? דאָס וואָלט זיין אַזוי זיכער און באַשטימט, ווען ס'זאָלן זיין ריכטיקע באַווייזן אַז די לעבעדיקע ווערן נאָר געבוירן פון די טויטע; אָבער אַזוי ווי ס'זיינען ניטאָ קיין באַשטימטע באַווייזן, וועלן אַנדערע אַרגומענטן געבראַכט ווערן".

פּלאַטאָן ווייסט אַז דער ערשטער באַוויז, הגם ער קליגט לאָגיש, איז ניט גענוג איבערצייגנד, פּרוּווט ער אים באַשטעטיקן אויף אַן אומדירעקטן אופן. (אינעם ערשטן אַרגומענט זעט מען דעם איינפלוס פון אינדיע, דעם בראַמע ציקל, די „קאַרמע").

ער פאָרמולירט די טעאָריע פון קעגנזאַצן, וואָס העגעל האָט מיט צוויי און צוואַנציק הונדערט יאָר שפּעטער דערהויבן צו אַ פילאָזאָפישן סיסטעם. ער זאָגט, יעדע זאַך קומט אַרויס פון איר קעגנזאַץ; צום ביישפּיל: שלאָף איז אַ קעגנזאַץ צו וואַכזאַמקייט איז „פון שלאָף אַנטשטייט וואַכזאַמקייט און פון דעם וואַכזאַם־צושטאַנד קומט דער שלאָף". דערפאַר „קען מען ציען דעם שלוס, אַז פון לעבן קומט טויט און פון טויט קומט לעבן. אויב דאָס איז אמת, מוזן די נשמות פון די טויטע זיך געפינען ערגעץ פון וואַנען זיי קומען צוריק. און דאָס ,דענק איך, איז באַוויזן געוואָרן אויף אַ צופרידנשטעלנדן אופן" (93,90).

געוויס איז דאָס א ריין פאָרמאַלער באַווייז, אָבער פון פּלאַטאָנען האָט מען קיין אַנדערן ניט געקענט דערוואַרטן (פּאַקטיש האָט מען קיין אַנדערן ניט געקענט דערוואַרטן פון קיין גריך; זיי האָבן ניט געדענקט אין קיין אַנדערע טערמינען, אויסער ריין לאָגישע). און דערפאַר איז פאַר אים אַ נאַטירלעכער באַווייז אַז „ווען פּראָדוצירונג וואָלט נאָר געגאַנגען אין איין גלייכער ליניע און ס׳וואָלט ניט געווען קיין קאָמפּענסאַציע, אָדער ציקל אין דער נאַטור, קיין ווענדונג אין אַ זייט און קיין צוריקקער אין וועלכער ס׳איז פאָרמע, וואָלטן אַלע זאַכן ענדלעך געקומען צו דער זעלבער פאָרמע, זיי וואָלטן אַריינגעפאַלן אינעם זעלבן צושטאַנד און קיין שום פּראָדוקטיוויטעט וואָלט פון זיי ניט אַרויסגעקומען" (דאָרטן).

פון דעם אַרגומענט קען מען זען, אַז פּלאַטאָן האָט ניט געדענקט אין טערמינען פון עוואָלוציע, אַז ער איז געווען גאַנץ ווייט פון דעם צווייטן טערמאָ־דינאַמישן געזעץ לויט וועלכן היץ (ענערגיע) פליסט אין איין ריכטונג באַרג־אַראָפּ). פאַרשטייט זיך, אַז מען קען ניט האָבן קיין טענה צו פּלאַטאָנען פאַרוואָס ער האָט ניט אָפּערירט מיט באַגריפן, וואָס זיינען ערשט אַנטשטאַנען מיט צוויי טויזנט יאָר נאָך אים. פונדעסטוועגן דאַרף מען ניט דענקען, אַז דער אַרגומענט איז אינגאַנצן אַ נאַאיווער, אין אים געפינט זיך דער געדאַנק, וואָס איז געוואָרן דער אויסגאַנג־פּונקט פון דער קלאַסישער פיזיק (די דינאַמישע געזעצן, וואָס לויפן הין און צוריק): זאָגט מען טאַקע אַז קופּערניקוס און נאָך אים גאַלילײ האָבן געמאַכט אַ רעוואָלוציע קעגן אַריסטאָטעלס געדאַנקען, ווייל זיי זיינען באַאיינפלוסט געוואָרן פון פּלאַטאָנישע געדאַנקען, וואָס האָבן צירקולירט אין איטאַליע אין זייער צייט.

צוריק צום ענין. ווי פריער געזאָגט, איז פּלאַטאָן ניט געווען צופיל זיכער מיט זיין אַרגומענט פאַר דער אומשטערבלעכקייט פון דער נשמה, ברענגט ער גלייך אַ צווייטן באַווייז, וואָס דאַרף אים באַקרעפטיקן. דער צווייטער באַווייז איז דער צענטראַלער געדאַנק פון זיין דערקענטעניש־טעאָריע: אַז וויסן (קאָגנאַציע) באַשטייט אין אַ דערמאָנונג וועגן דעם, וואָס די נשמה האָט געוואוסט אײדער זי האָט זיך פאַראייניקט מיטן קערפּער.

ווען מען נעמט אים אין זיין רויער פאָרמע, ווי דער געדאַנק ווערט ארויסגעבראַכט אין פעדאָן, מאַכט דער באַווייז ניט קיין גינסטיקן איינדרוק: ווער קען נעמען ערנסט די אידייע אַז דער מענטשלעכער וויסן באַשטייט אין דעם, וואָס די נשמה דערמאָנט זיך וועגן עפּעס, וואָס זי האָט געוואוסט פריער, אײדער זי האָט זיך פאַראייניקט מיטן קערפּער? דאָס איז אַ פאַנטאַזיע, וואָס קען ניט גענומען ווערן ערנסט. און פונדעסטוועגן האָט זיך פּלאַטאָן דאָ אָנגעשלאָגן אין אַ צענטראַלן פּונקט פון דער מענטשלעכער דערקענטעניש, אַ פּונקט וואָס איז געוואָרן צענטראַל אין זיינע ווייטערדיקע ווערק.

ער שטעלט זיך די פראַגע פון וואַנען האָט זיך צום מענטשן גענומען דער וויסן פון אַלגעמיינע כללים און אַבסאָלוטע באַגריפן, ווען די איינדרוקן, וואָס קומען פון דערפאַרונג דורך די חושים באַשטייען פון באַזונדערע איינצל דערפאַרונגען? און פון וואַנען נעמען זיך אַלגעמיינע אייגנשאַפטן

אין פאַרשיידענע זאַכן, ווען אַלס אַזעלכע זיינען זיי באַזונדערע זאַכן און וואָלטן געדאַרפט זיין פאַרשיידן צווישן זיך?

אַלס ענטפער אויף די פראַגן, האָט ער פון איין זייט אַרויסגעבראַכט זיין דערקענטעניש־טעאָריע פון דער אומשטערבלעכקייט פון דער נשמה, וואָס ברענגט מיט זיך דעם וויסן פון אוניווערסאַלע באַגריפן און אייגנשאַפטן פון זאַכן (אוניווערסאַלן) און פון דער צווייטער זייט האָט ער אַרויסגעבראַכט זיין מעטאַפיזיק פון דער אַבסאָלוטער עקזיסטענץ פון דער אידייען־וועלט, פון וועלכער די נשמה איז אַן אינטעגראַלער טייל (אַן אייביקע אידייע) און דער־פאַר טאַקע האָט זי דעם אַבסאָלוטן אמתן וויסן. פאַרשטייט זיך, אַז די נשמה (אידייע) קען ניט שטאַרבן.

דאָס לעצטע אַנטהאַלט אין זיך דעם דריטן באַוויז, נעמלעך, אַז קומען און פאַרגייען קענען נאָר צוזאַמענגעשטעלטע זאַכן, אָבער ניט די „עסענצן״, פון וועלכע די צוזאַמענשטעלן (זאַכן) ווערן פאָרמירט. די לעצטע זיינען אייביק. ער זאָגט: „איז די אידייע, אָדער עסענץ וואָס מיר דעפינירן אין דעם דיאַלעקטישן פּראָצעס אַלס דער עסענץ פון דער אמתער עקזיס־טענץ, ווי דער עסענץ פון גלייכהייט, שיינקייט א. אַז. וו. א. אַז. וו. זיינען עס אַט די אַלע עסענצן, פרעג איך, אונטערוואָרפן צייט, אָדער ענדערונג אין וועלכן ס׳איז זין? אָדער זיי זיינען, יעדער איינער פון זיי, אימער און שטענ־דיק דאָס, וואָס זיי זיינען, האָבנדיק דעם פשוטן זעלבסטשטענדיקן עקזיסטענץ, ניט בייטענדיק אין פאָרמע און ניט דערלויבנדיק קיין שום ענדערונג אין וועלכן ס׳איז זין?״ ווען ער באַשטימט, אַז די עסענצן מוזן אַלעמאָל בלייבן דאָס וואָס זיי זיינען, אַז זיי קענען פאר קיין פאַל ניט געענדערט ווערן, קומט ער ארויס טריאומפירנד און זאָגט: „דער שלוס פון דעם אַלעמען איז, אַז די נשמה איז אין איר סובסטאַנץ פונעם הייליקן און אומשטערבלעכן; זי איז אינטעלעקטועל איינפאָרמיק, אומטיילבאַר און אומענדערנד״ (פעדאָן, זז. 106־7).

מען קען זען, אַז ביי פּלאַטאָנען איז אומשטערבלעכקייט פון דער נשמה אַן אינטעגראַלער טייל פון זיין אַלגעמיינער מעטאַפיזיק פון דער אידייען־וועלט. ווען מען נעמט אים לויט זיין פילאָזאָפיע, איז ער דער שאַפער פון דעם אידעאַליזם. פאַרזעט מען אָבער זיין מעטאַפיזיק און מען נעמט אים אין די גרענעצן פון קערפער־נשמה שייכות, איז ער אַ דואַליסט; ער נעמט אָן, אַז די אייביקע נשמה פאַראייניקט זיך צייטווייליק מיט אַ קערפער, וואָס אַנטשטייט און פאַרגייט.

אַריסטאָטעל איז פאַר צוואַנציק יאָר געווען אַ תלמיד אין פּלאַטאָנס אַקאַ־דעמיע, האָט ער איבערגענומען פון זיין רבין דעם צענטראַלן געדאַנק פון זיין לערע. דער אונטערשייד צווישן די צוויי איז אָבער געווען דער, וואָס פּלאַטאָן איז געווען אַ טרוימער און מיסטיקער, האָט ער זיינע געדאַנקען אויסגעדיכ־טעט און אַריסטאָטעל איז געווען אַ וויסנשאַפטסמאַן און ניכטערער סיסטע־מאַטיקער, האָט ער זיינע געדאַנקען אַרויסגעבראַכט אין אַ לאָגיש־אויסגע־האַלטענער פאָרמע. דער רעזולטאַט איז, הגם זייער אויסגאַנגס־פונקט איז

אַן ענלעכער, זיינען זייערע שלוסן אַ היבש ביסל פאַרשיידן. ספּעציעל זיינען זיי פאַרשיידן אין זייער באַגריף וועגן דער מענטשלעכער נשמה.

אויך אַריסטאָטעל איז געווען אַ דואַליסט, צו זיין מער פּינקטלעך — ער איז ערשט געווען אַ דואַליסט. זיין באַגריף וועגן קערפּער־נשמה איז געווען אַ דירעקטער רעזולטאַט פון זיין מאַטעריע־פאָרמע דואַליזם.

מאַטעריע איז קערפּער און פאָרמע איז נשמה... די פּראָפּאָרציע צווישן „מאַטעריע" און „פאָרמע" איז די פּראָפּאָרציע צווישן קערפּער און נשמה. דערפון ציט ער אַן אינטערעסאַנטן שלוס, אַז אַזוי ווי עקזיסטענצן (מינים, צום ביישפּיל) געפינען זיך אויף פאַרשיידענע גראַדאַציעס און אַזוי ווי אין זיי געפינען זיך ביידע פאַקטאָרן, קערפּער און נשמה, נעמט ער אָן אַז דאָס העכערע איז די נשמה פון דעם נידעריקערן. ער נעמט אָן אַז אינעם פלאַנצונג איז דער נאַרונג־פּראָצעס איר נשמה; אין דער חיה איז די אַפעקטיווע איינג־שאַפט, דער רעאַגירן צו אַ סטימול, איר נשמה, צו וועלכער דער נאַרונגס־פּראָצעס (די נשמה פון דער פלאַנץ) וואַרפט זיך אונטער און ווערט אַ טייל פון איר קערפּער... אין דעם מענטשן איז זיין אַקטיווער אינטעלעקט די הויפּט־נשמה; ער האָט אויך אַזויפיל „נשמה" אויף וויפיל ער איז פעיאיק צו דענקען... נאָר דער אינטעלעקט איז אומשטערבלעך.

דערפון נעמט זיך וואָס ער האָט, לויט קיירדן, „באַטראַכט דעם גריך מיט זיין פעסטן באַנעם און מיט זיין העכערן אינטעלעקט כמעט פאַר אַן אַנדער מין פון די באַרבאַרן" (עוואָלושאַן אָוו טעאָלאָדזשיע אין גריק פילאָזאָפערס, בוך 1, ז. 319).

זיין אַלגעמיינער בליק אויף די פאַרשיידענע גראַדאַציעס איז ענלעך צום מאָדערנעם עוואָלוציע־באַגריף; מען פאַררעכענט אים אָפט פאַר איינעם וואָס האָט געדענקט אין עוואָלוציע־טערמינען. דאָס איז פאַלש, ער האָט ניט געדענקט אין עוואָלוציע־טערמינען, פאַרקערט, ער האָט געדענקט אַז: „ס'איז גאַנץ נאַטירלעך פאַר אַלע פונקציעס פון לעבעדיקע מינים צו פּראָ־דוצירן ענלעכעס צו זיך. די פלאַנץ פּראָדוצירט אַ פלאַנץ, די חיה פּראָדו־צירט אַ חיה אום כדי זיי זאָלן אָנטיילנעמען אינעם אייביקן אויף אַזויפיל ווי ס'איז מעגלעך פאַר זיי. דאָס איז עס וואָס אַלע עקזיסטענצן זוכן און אַ דאַנק דעם טוען זיי אַלץ וואָס ס'איז נאַטירלעך פאַר זיי צו טאָן. מיר מוזן אָבער אונטערשיידן צווישן דעם ענדגילטיקן צוועק וועלכן זיי זוכן און צווישן דעם וואָס יעדער איינער פון זיי קען רעאַליזירן. אַזוי ווי לעבעדיקע ברואים קענען ניט אָנטיילנעמען אינעם געטלעכן און אינעם אייביקן אין דער צייט ווען זיי האַלטן אַן זייער אינדיווידועלע עקזיסטענץ — ס'איז אוממעגלעך פאַר אַ נאַטור, וואָס איז ענדלעך און וואָס, ווערט פאַרניכטעט, אָנהאַלטן אייביק איר אינדיווידואַליטעט און אידענטיטעט — נעמען זיי אין דעם (געטלעכן און אייביקן) אָנטייל אויף דעם אופן וואָס זיי קענען. מיט אַנדערע ווערטער, זיי האַלטן ניט אָן די עקזיסטענץ אין זיך אַליין, נאָר אין דעם וואָס איז אַזוי ווי זיי זיינען (אינעם מין); ניט אין דער נומערישער איינהייט, נאָר אין דער איינהייטלעכקייט פונעם מין" (זע, דע אנימא פאַר. 414 אַ, ז. 26).

דאָס איז אַ ריין גריכישער אינטעלעקטואַליזם וואָס האָט געקענט פאַר־וואַנדלט ווערן אין אַ רעליגיעזן מיסטיציזם, ער האָט אָבער ניט געקענט פירן צו קיין וויסנשאַפטלעכן עוואָלוציע־באַגריף...

אַריסטאָטעל איז געווען אַן אינטעלעקטואַליסט און ניט קיין נאַטור־ראַליסט און פונדעסטוועגן האָט ער אַרויסגעזאָגט געדאַנקען וואָס אין דער מאָדערנער צייט קענען זיי גענוצט ווערן אויף אַ נאַטוראַליסטישן אופן; דאָס טוען אַלעקסאַנדער און מאָרגאַן אין זייער עוואָלוציע־פילאָזאָפיע.

אַריסטאָטעל האָט אָנגעהויבן פון דער דערפאַרונג, ער האָט גענומען אַן עמפּירישן אויסגאַנגס־פּונקט, זיינע פילאָזאָפישע ספּעקולאַציעס זיינען אָבער באַשטאַנען פון אַ ריין שכלדיקער באַטראַכטונג פון דערשיינונגען; דאָס איז געווען דער גריכישער מעטאָד. ווען די גריכן האָבן אפילו באַ־טראַכט פאַקטן פון דערפאַרונג, האָבן זיי בלויז ספּעקולירט וועגן זיי און זיי ניט געפאָרשט. אַריסטאָטעל איז ניט געווען קיין אויסנאַם, ער האָט נאָכגע־פאָלגט די טראַדיציע.

מען דאַרף אָבער ניט פאַרגעסן, אַז פאַקטיש האָט ער קיין אַנדער ברירה ניט געהאַט; דער אַקטועלער וויסן פון זיין צייט איז געווען אַזוי אָרעם און פעלערהאַפט, אַז ער האָט אים געקענט וויניק העלפן אין דער פאָרמולירונג פון אַלגעמיינע באַגריפן. נאָך וויניקער האָט ער אים געקענט העלפן אין דער באַטראַכטונג פון קערפּער־נשמה קאָאָרדינאַציע.

ווען מ׳נעמט אָן אַ קערפּער־נשמה דואַליזם איז נאַטירלעך אַז פריער אָדער שפּעטער זאָל אַנטשטיין די פראַגע וואו און ווי אַזוי קומט פאַר די קאָאָרדינאַציע פון דעם קערפּער מיט דער נשמה? אָדער וואו איז דער זיץ־פּלאַץ פון דער נשמה? די גריכן האָבן זיך שוין אינטערעסירט מיט דער פראַגע מיט הונדערט יאָר פאַר אַריסטאָטעלן. היפּאָקראַטוס, דער פאָטער פון דער מעדיצינישער וויסנשאַפט, וועלכער האָט געלעבט מיט הונדערט יאָר פאַר אַריסטאָטעלן, האָט אָנגענומען, אַז דער מאַרך איז דאָס זיץ־פּלאַץ פון דער נשמה. אַריסטאָטעל האָט מיט אים ניט איינגעשטימט, ער האָט אָנגענומען, אַז דאָס האַרץ איז דאָס זיץ־פּלאַץ פאַר דער נשמה און די פונק־ציע פונעם מאַרך איז „צו פּראָדוצירן פליסיקייטן און אָפּצוקילן דאָס בלוט״ (זע נאַרדענסיקאַלד, די היסטאָריע אָוו ביאָלאָדזשיע, ז. 40). ווען דער פאַק־טישער וויסן איז געווען אַזאַ אָרעמער, אַז מען האָט אפילו ניט געוואוסט דאָס עלעמענטאַרסטע פון די אינערלעכע אָרגאַנען און סיסטעמען, האָט מען נאַטירלעך ניט געקענט האָבן קיין שום וויסן וועגן דער פּסיכישער פונקציע, וואָס איז לכל הדעות פאַרבונדן מיטן מאַרך.

אָבער אפילו וועגן דער אַזוי אָנגערופענער פּסיכישער פונקציע זעלבסט, וועגן דעם באַוואוסטזיין אַלס אַ פּסיכישע אייגנשאַפט, האָט מען ניט געהאַט קיין בעסערן וויסן. אַריסטאָטעל איז לגמרי ניט געווען קלאָר וועגן דעם פּראָצעס פון באַוואוסטזיין און וועגן פּסיכאָלאָגיע איבערהויפּט. מען קען אפילו ניט ריידן וועגן פּסיכאָלאָגיע אין פאַרבינדונג מיט אַריס־טאָטעלן, ווען מען גיט דעם וואָרט אַ מאָדערנעם באַדייט. זאָגט דער היסטאָריקער פון פּסיכאָלאָגיע קלעם: „פּסיכאָלאָגיע, לויט אַריסטאָטעלן, באַשעפטיקט זיך מיט די דערשיינונגען פון דעם לעבן פון פלאַנצונגען, חיות און מענטשן. מען געפינט ביי אים ניט קיין שום מאָס (קריטעריום) לויט

װעלכער מען זאָל קענען אונטערשײדן פּסיכישע דערשײנונגען פון אַלגע־מײן לעבנס־דערשײנונגען. װען ער באַטראַכט אפילו אַ ספּעציעלן פּסיכישן אינהאַלט, מאַכט ער ניט קײן פאַרזוך אָנצוצײגן אויף װעלכער ס'איז אײגנ־שאַפט װאָס באַלאַנגט צו אים אַלס אַן אינהאַלט פון דעם באַװאוסטזײן" (זע אַ היסטאָריע אָװ פּסײקאָלאָדזשיע, ז. 167). ער מאַכט ניט קײן שום פאַרזוך אָנצוצײגן אויף די אײגנשאַפטן דערפאַר, װאָס ער איז באַהערשט פון זײן פונדאַמענטאַלער מעטאַפיזיק, פון זײן רעאַליטעט־באַגריף אין אַלע זײנע פאָרשונגען און אין זײנע אַלגעמײנע ספּעקולאַציעס. לויט זײן אָרט דענקען קענען גאָר אַזעלכע פראַגן פאַר אים ניט אַנטשטײן.

דאָס נאָענטסטע, װאָס ער קומט צו צו אַ באַװאוסטזײן מיט אַן אינ־האַלט, איז װען ער באַהאַנדלט דעם „אַלגעמײנעם חוש, אָדער דעם אַל־געמײנעם באַגריף" (קאָמאָן סענס), װעלכער „נעמט אויף די אײגנשאַפטן, װאָס קענען ניט אויפגענומען װערן פון קײן אײנעם פון די ספּעציעלע חושים, װי, צום בײשפּיל, באַװעגונג, רו, פאָרמע, צאָל און מאָס", אָבער לויט זײן פונדאַמענטאַלן נשמה־באַגריף איז פאַר אים דער „אַלגעמײנער חוש" ניט מער װי אַ „פאַרמיטלער" צװישן די חושים און דער נשמה װאָס „נאָכדעם װי ער האָט אָפּגעטאָן זײן טײל אַרבעט (װאָס לויט זײן מײנונג באַשטײט זי פון אַ סינטעזירונגס־פּראָצעס), פאָרמירט ערשט דער אַקטיװער אינטעלעקט (נשמה) די ריכטיקע אינטערפּרעטאַציע" (זע, פילסבאַריע, די היסטאָריע אָװ פּסײקאָלאָדזשיע, ז. 30).

אַריסטאָטעל איז געװען אַ טיפער דענקער און אַ גרויסער סיסטע־מאַטיקער פון געדאַנקען; ער האָט געהאַט אַ גרויסע נײגונג צו װיסנשאַפט־לעכער פאָרשונג און האָט אויך געקענט זײן אַ גוטער באַאָבאַכטער, װען ער װאָלט ניט געװען אַזאַ לײכט־גלויביקער אין דעם, װאָס מען האָט דערצײלט און עס אָנגענומען פאַר אמת און נאָך האָבן די שװאַכקײט עס איבערדערצײלן פאַר אײגנס... אָט גיט ער איבער װי אַן אמת אַז לײבן האָבן אַזױנע האַרטע בײנער, אַז װען זײ שלאָגן זיך צוזאַמען, גיבן זײ פון זיך אַרויס פונקען װי קרעמען און מען זאָגט, אַז זײ האָבן ניט קײן מאַרך אין די בײנער. דער לײכטער גלויבן אין דעם װאָס „מען זאָגט" און די שװאַכקײט עס איבערצוגעבן פאַר אײגנס, האָט אים געשטערט אין דער אײגענער באַאָבאַכטונג. פונדעסטװעגן האָט ער גוט פאַרשטאַנען דעם אויפנעמען און דעם באַנעמען פון זאַכן, איז געװען נאַטירלעך, ער זאָל אַרויסזאָגן פּסיכאָלאָגישע אמתן. אויב מען זאָל דאָס פון אים אַרויסגעזאָגטע אָנרופן פּסיכאָלאָגיע, האָט ער אַרויסגעזאָגט אַ היבש ביסל פּסיכאָלאָגישע אמתן; אָבער קײן פּסיכאָלאָגישע װיסנשאַפט האָט ער ניט געשאַפן. ער האָט אַלע זײנע געדאַנקען אונטערװאָרפן זײן פונדאַמענטאַלער מאַטעריע פאָרמע מעטאַפיזיק, פון װעלכער דער קערפּער און נשמה איז געװען אַן אינטעגראַלער טײל, אויב ניט קײן צװײטער אַספּעקט פון דער זעלבער דערשײנונג. אַ דאַנק דעם אַלעמען האָט ער ניט געשאַפן קײן פּסיכאָלאָגישע װיסנשאַפט.

קלעם רופט פּלאַטאָנס און אַריסטאָטעלס שטאַנדפּונקט אַן דער דואַ־ליזם פון דער מעטאַפיזישער פּסיכאָלאָגיע. דער נאָמען איז אַ באַקװעמער, ער כאַראַקטעריזירט זײ ריכטיק און צו דער זעלבער צײט אונטערשײדט ער

זיי פון די טעאָלאָגישע דואַליסטן, וואָס האָבן זיי נאָכגעפּאָלגט און פון די מאָניסטן וואָס זיינען געלאָפן פּאַראַלעל צו זיי.

אין דער געענדערטער וועלט, וואָס איז געקומען נאָך אַריסטאָטעלן, האָבן זיינע און פּלאַטאָנס געדאַנקען גלייך ניט געקראָגן קיין געהעריקן אָפּקלאַנג; די אַטאָמיסטישע מאָניסטן (מאַטעריאַליסטן) זיינען געוואָרן די וועגווייזער און טאָן־געבער. ערשט מיט 300 יאָר שפּעטער האָט פילאָן, דער איד פון אַלעקסאַנדריע, אויפגעכאַפּט פּלאַטאָנס אידייעס, האָט זיי פאַרבונדן מיט די טעאָלאָגישע באַגריפן פון דעם תנ״ך און האָט אַ שטויס געטאָן דעם מענטשלעכן געדאַנק אין דער רעליגיעז־פילאָזאָפישער ריכטונג. גייט טאַקע קלעם איבער דירעקט פון אַריסטאָטעלן צו פילאָנען: פּסיכאָ־לאָגיש גענומען איז ער זיין דירעקטער נאָכפאָלגער. ער זאָגט: „דער צוזאַמענשמעלצן זיך פון די אידישע און גריכישע באַגריפן אין דער אַלעקסאַנדריעשער אידישער פּסיכאָלאָגיע איז אילוסטרירט אין פילאָנס סיסטעם; לויט וועלכער דער מענטשלעכער קערפּער איז צוזאַמענגעשטעלט פון ערדישע עלעמענטן און די נשמה, וואָס איר אורשפּרונג איז דער געטלעכער אָטעם, איז צוזאַמענגעשטעלט פון עפיר (דאָרט, ז. 18). דאָס איז אייגנטלעך דאָס זעלבע, וואָס ווערט געזאָגט אין בראשית, ס'איז נאָר גע־זאָגט געוואָרן אויף אַ מער־ראַפינירטן אופן: ס'איז דער זעלבער דואַליזם.

פילאָן האָט אָנגעצייכנט די ליניע, אויף וועלכער דער מענטשלעכער געדאַנק איז שפּעטער געגאַנגען. דעם וועג האָט אויסגעלייגט פּלאָטינוס, וועמענס מיסטישע געדאַנקען באַהערשן נאָך די מוחות פון מיסטישע דענ־קער ביז היינטיקן טאָג. בערטראַנד ראַסעל איז גערעכט, ווען ער זאָגט, אַז בערגסאָנס פילאָזאָפיע באַשטייט פון אַ מאָדערניזירטער קאָפּיע פון פּלאָטינוסעס מיסטיציזם. דער נעאָ־פּלאַטאָניזם איז אינגאנצן איבערגענומען געוואָרן פון דעם קריסטנטום און ער הערשט דאָרט ביז היינטיקן טאָג, טראָץ אקווינוסעס רעפאָרמע.

און די קריסטלעכע טעאָלאָגיע האָט זיך גאַנץ ברייטלעך אויסגעשפּרייט אין דער פילאָזאָפיע. אַזוינע דענקער ווי העגעל און רודאָלף אייקען קענען פאַררעכנט ווערן פאַר טעאָלאָגן, כאָטש זיי שפּילן אַזאַ גרויסע ראָלע אין דער פילאָזאָפיע...

ווי ס'זאָל ניט זיין, האָט דער סינטעז צווישן פּלאַטאָנען מיט פילאָנען דורך פּלאָטינוסן באַהערשט דעם מענטשלעכן געדאנק, און געטאָן האָט ער עס הויפּטזעכלעך דורך דעם נשמה־באַגריף, וואָס ער האָט איבערגעלאָזט אַלס ירושה דער מענטשהייט.

אום צו פאַרשטיין די מיסטעריע, וואָס רינגלט אַרום דעם נשמה־באַגריף, וואָס הערשט אין פילאָזאָפישע קרייזן, דאַרף מען זיך באַקענען מיט דער ירושה, וואָס פּלאָטינוס האָט איבערגעלאָזט דער מענטשהייט. ער זאָגט אין זיינע „ענידס״: „דערפאַר דאַרף יעדע נשמה דענקען וועגן זיך זעלבסט אַלס די באַהערשערין פון אַלע לעבעדיקע זאַכן (דערפאַר וואָס זי איז אַ טייל פון דער וועלט־נשמה, פון גאָט), זי האָט אַריינגעאָטעמט אין זיי דעם לעבנס־פּרינציפּ. אַלץ וואָס אָטעמט אויף דער ערד, אין די ימים, אָדער אין דער לופט און אין די שטערן אין הימל, האָט זי באַשאַפן. זי האָט באַשאַפן די זון און האָט געמאַכט דעם גרויסן הימל־געוועב; זי

האָט זיי באַקליידט מיט אָרדענונג און זי האָט באַשטימט זייער גאַנג. צו דער זעלבער צייט איז נשמה אַן עפּעס, וואָס איז אַנדערש פון אַלץ וואָס זי האָט באַלעבט, באַקליידט און וואָס זי באַוועגט. ס'איז זיכער, אַז זי איז מער ווירדיק פון זיי: ווייל זיי אַנטשטייען, וואַקסן און ווערן פאַרלוירן און נשמה, די אויסטיילערין פון לעבן, טיילט זיך אָפּ פון זיי, איר זיין איז אָבער אַן אייביקער, ער טיילט זיך ניט אָפּ פון זיך אַליין.

וואָס אָנבאַלאַנגט דעם אופן ווי אַזוי די נשמה גיט לעבן, צי אינעם אוניווערס, אָדער צו יחידים, דאַרף עס באַגריפן ווערן לויט דעם פאָלגנדן מעטאָד: ווענדע אָן די מענטשלעכע נשמה אַזוי, אַז זי זאָל מיט אַ רעליגיעזן געפיל רוען און טראַכטן וועגן דער גרויסער נשמה, אַזוי ווי זי איז אַליין ניט קליין, אָבער אין שטילקייט פון געמיט, דערהויבן צו דער הויכקייט פון יענער רעליגיעזער איבערלעבונג, וואָס איז באַפרייט פון דער אָפּנאַרעריי פון די חושים און פון אַלע כישופים (צויבערייען), וואָס נאַרן אָפּ אַנדערע נשמות. שטיל מוז פאַר איר זיין דער קערפּער אין וועלכן זי איז געפאַנגען און די כוואַליעס פון דעם קערפּערס ליידנשאַפטן. זאָלן אַלע זאַכן אַרום איר אויך שטילשווייגן, זיי זאָלן אַריינפאַלן אין אַ שטילשטאַנד. שטיל זאָל זיין די ערד, אַנטשוויגן זאָל ווערן דער ים און די לופט. אפילו דער הימל זאָל אריינפאַלן אין א שטילשטאנד, דעמאָלט זאָל אין יענעם באַוועגלאָזן הימל־געוועב די נשמה דערפילן די אַריינשטראָמונג פון דער וועלט־נשמה, ווי אַ צופלוס וואָס קומט פון דרויסן, אַריינשטראָמען פון אַלע זייטן און זי אָנפילן מיט ליכט. ווי די שטראַלן פון דער זון באַשטראַלנדיק די שוואַרצע כמאַרעס, וואָס גיבן איר דעם אויסזען, דעם פינקלענדן גלאַנץ פון גאָלד, אַזוי טוט די וועלט־נשמה, ווען זי קומט אַריין אינעם קערפּער פון הימל, זי וועקט אים אויף און זי גיט אים לעבן און אומשטערבלעכקייט" (ענעיד 5, קאַפּ. 1, פּאַר. 2).

פּלאָטינוס שרייבט אַזוי צוויבערלעך שיין, מיט אַזאַ פּאָעטישן שוואַנג, אַז כאָטש מען ווייסט אַז מען פאַרדאַרבט אים מיט אַ געוויינטלעכער איבערזעצונג, קען מען זיך פון אים ניט אָפּרייסן, אַזוי גיך ווי מען נעמט זיך אים איבערזעצן: יעדער פּאַראַגראַף, יעדער זאַץ איז נויטיק כדי צו קריגן אַ באַגריף וועגן אים; אָבער מען מוז ענדיקן ניט דערזאָגט...

דער צענטראַלער געדאַנק פון פּלאָטינוסעס רעליגיעז־מיסטישן עקסטאַז, וואָס אַנטהאַלט אויך פילאָזאָפישע געדאַנקען (אַז ער איז געווען אַ דענקער איז קיין פראַגע ניט; מ'קען עס פון אים ניט צונעמען) איז באַשטאַנען אין אַ שטרעבונג צו באַפרייען די נשמה פון דעם קערפּער (דורך אַן אַריינפאַלן אין אַ היסטעריש־באַוואוסטלאָזן צושטאַנד, אָדער דורך האַלוצינאַציעס) און זי „פאַראייניקן" מיט דער וועלט־נשמה, אָדער גאָט, וואָס איז איינע און די זעלבע זאַך.

אין זיין צייט איז פּלאַטינוס ניט געווען קיין אויסנאַם, ער איז נאָר געווען איר שטאַרקער אויסדרוק. די גאַנצע אַטמאָספערע איז אין דער צייט פון דער אַנטוויקלונג פון קריסטנטום געווען איבערפילט מיט רעליגיעזן מיסטיציזם, וואָס האָט אָנגענומען די נשמה אַלס חלק אלוה ממעל און האָט געקוקט מיט פאַראַכטונג אויף דעם קערפּער; די אַטמאָספערע איז געווען עלעקטריזירט מיט מיסטישע געפילן און איבערלעבונגען, פּלאַטינוס האָט זיי

נאָר אַמשטאַרקסטן אויסגעדרוקט. זיין איינפלוס אויף דער וועלט איז געווען אַ קאַלאָסאַלער. ווי זאָגט דער היסטאָריקער קלעם: „דער איינפלוס פון דעם נעאָ־פּלאַטאָנישן רעליגיעזן מיסטיציזם איז נאָך פּלאַטינוסן געוואָרן שטאַרקער און שטאַרקער מיט דער לויפנדער צייט" (זע אַ היסטאָריע אָוו פּסייקאָלאָדזשיע, ז. 20) ער הערשט נאָך איצט אויך אין דער רעליגיע־פילאָזאָפיע: ער רעדט דורך העגעלן, דורך רודאָלף אייקען, דורך דין אינגע, דורך בערגסאָנען א. אַז. וו. א. אַז. וו.

ווען די וועלט איז באַהערשט געוואָרן פון רעליגיעזע געפילן און איבער־לעבונגען איז געקומען אַ סוף צום פרייען דענקען אין אַלגעמיין, דער קער־פּער־נשמה פּאַרהעלטעניש איז ניט געווען קיין אויסנאָם. ער איז אויך געוואָרן אַ רינג אין דער מיסטיש־רעליגיעזער קייט, פּאַקטיש איז ער געוואָרן דער וויכטיקסטער רינג פון דער קייט.

דער איינציקער פון די קלויסטער־פּאַטערס, וואָס איז נאָך געווען מער אָדער ווייניקער זעלבסטשטענדיק אין זיין דענקען, איז געווען דער „הייליקער" אויגוסטין, וואָס האָט געלעבט אינעם פערטן יאָרהונדערט, ווען דאָס קריסטנ־טום האָט נאָך ניט געהאַט קיין צייט צו דערשטיקן דעם פרייען געדאַנק. (אָבער כדאי צו באַמערקן, אַז ער אַליין האָט אויך אונטערדריקט דעם פרייען דענקען). נאַטירלעך, אַז ער אַליין האָט שוין זיינע פילאָזאָפישע געדאַנקען אונטערגעוואָרפן דער רעליגיעזער דאָגמע און דאָס, וואָס האָט ניט געשטימט מיט די „הייליקע ספרים" האָט ער געהאַלטן פאַר פאַלש און שעדלעך. זיין קערפּער־נשמה דואַליזם איז שוין געווען טעאָלאָגיש געפאַרבט, הגם די דערקלערונג איז נאָך געווען אַ פילאָזאָפישע. ער זאָגט, אַז די נשמה קען ניט זיין קערפּערלעך דערפאַר, וואָס ס'דאַרף זיין אַן עקזיסטענציעלע ענלעכקייט, אויב ניט אידענטיטעט, צווישן דעם וואָס ווייסט (דער נשמה) און די זאַך וועגן וואָס ער ווייסט. אַ ווייסער פון גייסט קען אַליין ניט זיין קיין קערפּער. און אַזוי ווי די נשמה איז דער פילענדער סוביעקט (זי האָט די דערפאַרונג), קען זי ניט זיין קיין אָביעקט פאַר דער דערפאַרונג: זי קען ניט האָבן קיין מאַטעריעלע אייגנשאַפטן. איר וויסן וועגן זיך ווייסט זי דורך דעם זעלבסטבאַוואוסטזיין (דאַרט).

דעם אַרגומענט האָט ער אַרויסגענומען פון פּלאַטאָנען, ס'איז אָבער אַ פריי־פילאָזאָפיש דענקען. אַזעלכע פרייע געדאַנקען האָט מען ניט געקענט אַרויסזאָגן מיט אַ פּאָר דורות שפּעטער, ווען דער קריסטנטום האָט באַהערשט די וועלט; ניט נאָר האָט ער דערשטיקט יעדן פרייען געדאַנק, ער האָט פאַרמאַכט אַלע וויסנשאַפטלעכע און פילאָזאָפישע אַנשטאַלטן און האָט פאַר־ניכטעט אַלע ווערק. אַ שטאָק־פינצטערניש האָט באַהערשט די וועלט: די פינצטערע מיטלאַלטער איז געווען דער רעזולטאַט.

ווען אין דער קריסטלעכער וועלט איז געוואָרן שטאָק־פינצטער, האָט אַ בייסע ליכט אָנגעהויבן שיינען אין אַן אַנדער ווינקל; דער מענטשלעכער געדאַנק האָט זיך דורכגעבראָכן אַ וועג אויף אַן אַנדער אָרט: אין דער אַראַביש־אידישער וועלט. ס'איז שוין אָבער ניט געווען קיין פרייער ספּעקולאַ־טיווער דענקען, נאָר אַ רעליגיעזער גלויבן, וואָס האָט גענוצט דעם שכל

פאַר דער דערקלערונג פון זיינע „אַבסאָלוטע אמתן": טעאָלאָגיע האָט פאַר־נומען דעם פּלאַץ פון פילאָזאָפיע.

טעאָלאָגיע, זייענדיק באַזירט אויף דער אַבסאָלוטער אויטאָריטעט פון דער פאַרגאַנגענהייט, קען, לויט איר כאַראַקטער און טענדענץ, ניט זאָגן קיין ניי וואָרט. ספּעציעל האָט די טעאָלאָגיע פון דער מיטלאַלטער ניט געקענט זאָגן קיין ניי וואָרט, ווייל יעדעס ניי וואָרט האָט געמיינט אַן אפּיקורסות... און ווייניקער ווי אויף וועלכן ס'איז אַנדערן געביט, האָט מען געקענט דער־וואַרטן נייעס וועגן דער קערפּער־נשמה פאַראייניקונג, ווען דער גאַנצער מיטלאַלטערלעכער געדאַנק איז געווען באַזירט אויף דער טענדענץ צו „ראַ־טעווען" די נשמה פון די „זינד" פון דעם קערפּער.

דער רמב"ם ווערט פאַררעכנט פאַר איינעם פון די מוטיקסטע פרייסטע גייסטער, וואָס די מיטלאַלטער האָט אַרויסגעבראַכט: ער באַקעמפט זיין רבין אַריסטאָטעלן, דעם „גרעסטן פון אַלע פילאָזאָפן", ווען דער לעצטער איז אין ווידערשפּרוך צום רעליגיעזן באַגריף פון דעם וועלט־באַשאַף, און דאָס, ווי ער זאָגט, טוט ער ניט דערפאַר, וואָס אַריסטאָטעל איז אין ווידערשפּרוך צום ווערטערלעכן אויסדרוק. ווען ס'זאָל זיך האַנדלען וועגן ווערטער, וואָלט ער געקענט די ווערטער פון דער תורה אַזוי אַלעגאָריש אויסטייטשן, אַז זיי וואָלטן געשטימט מיט אַריסטאָטעלס פילאָזאָפיע. אָט האָט ער דאָס געטאָן מיט די קערפּערלעכע אייגנשאַפטן פון גאָט (זע מורה נבוכים, ב. 2, קאַפּ. 25). אָבער אַריסטאָטעל איז, לויט זיין מיינונג, אין דעם פּונקט ניט איבערצייגנדיק, נעמט ער אָן די תורה. זיין מוטיקייט דאָס צו טאָן האָט ער באַוויזן מער ווי איין מאָל. „כ'דענק ניט, האָט ער געזאָגט, אַז אימיצער וועט זיין אַזוי נאַריש און בלינד, אַנצונעמען אין זייער ווערטערלעכן זין אָראַטאָרי־שע אויסדרוקן (פון אַ נביא), אַז ווען בבל איז געפאַלן האָט זיך עפּעס געענ־דערט אין הימל און אין די שטערן, אין דער זון און אין דער לבנה, אַז זיי האָבן געביטן זייערע פלעצער" (קאַפּ. 29). ער שרעקט זיך ניט אָפּ צו נעמען ישעיהן אַלעגאָריש.

אַזוי ווי ער איז געווען אַ דאָקטאָר און, ווי עס זעט אויס, ניט קיין שלעכטער דאָקטאָר פאַר זיין צייט (איז ער דאָך געווען סאַלאַדינס הויף־דאָקטאָר, און געריסן, אין דער געשיכטע פון מעדיצין, זאָגט, אַז זיינע מעדיצינישע אַרבעטן זיינען אָפט ציטירט געוואָרן אין דער מיטלאַלטער, ז. 117) איז ווען די קערפּער נשמה פאַרבינדונג זאָל אין זיין צייט געווען זיין אַ פּאָפּולערער ענין, וואָלט ער אים דערמאָנט. אָבער אומזיסט וועט מען זוכן עפּעס וועגן דעם אין דעם מורה נבוכים, מען וועט דאָרט גאָרניט געפינען. ער פאָלגט נאָך אַריסטאָטעלן אין דער דערקענטעניש־טעאָריע (זע ב. 1, קאַפּ. 68), ער פאָלגט אים נאָך אין זיין מאַטעריע־פאָרמע באַגריף אין אַלגעמיין (זע, ב. 2, קאַפּ 8, און אין פאַרשיידענע פלעצער), אָבער וועגן דער פאַרבינדונג פון דעם קערפּער מיט דער נשמה האָט ער ניט קיין זאַך. דאָס איינציקע מאָל וואָס ער דערמאָנט דעם מאַרך אין פאַרבינדונג מיטן פאַרשטאַנד, איז ווען ער רעדט וועגן דעם נביאס וויסן; די באַמערקונג איז אָבער אַן אומ־דירעקטע, זי האָט ניט קיין ספּעציעלן מיין. ער זאָגט: „די סובסטאַנץ פון זיין מאַרך מוז זיין אין אַ פּערפעקטן צושטאַנד וואָס אַנבאַלאַנגט ריינקייט פון מאַטעריע, דעם צוזאַמענשטעל פון די פאַרשיידענע טיילן, מאָס און פּאָ־

זיציע; קיין שום טייל פונעם קערפּער טאָר ניט ליידן פון קיין חולאתן״ (ב. 2, קאַפּ. 36).

וואָס ער זאָגט יאָ, וואָס קען האָבן אַ שייכות צו דער פּראַגע, באַווייזט, אַז פון אַ וועלכן ס׳איז נאַטוראַליסטישן צוגאַנג צו דער פּראַגע איז ער געווען גאַנץ ווייט. ער זאָגט: „מיר זיינען ביי דער מיינונג, אַז די נשמות פון די גאָטספּאָרכטיקע זיינען באַשאַפן געוואָרן, צו דער זעלבער צייט גלויבן מיר, אַז זיי זיינען אומשטערבלעך. אייניקע האַלטן, אין איינקלאַנג מיט דעם ווער־טערלעכן מיין פון די מדרשים, אַז די קערפּערס פון די גאָטספּאָרכטיקע וועלן אויך געניסן אייביקן גליק״ (ב. 2, קאַפּ. 27). ער אַליין לאָזט די פּראַגע אָפן; ער זאָגט אָבער עפּעס אויף אַ צווייטן פּלאַץ, וואָס דערקלערט זיין שטאַנדפּונקט. ער זאָגט: „כ׳האַלט, אַז די געטלעכע השגחה קען נאָר אַרויסקומען פון אַן אינטעלעקטועלן וועזן, פון אַ וועזן וואָס איז אַליין דער פּערפעקטער אינטע־לעקט. יענע באַשעפענישן וועלן דערפאַר קריגן אַ טייל פונעם אינטעלעקטועלן איינפלוס, זיי וועלן אונטערגעוואָרפן ווערן אונטער דער אַקטיוויטעט פון דער השגחה אין דער זעלבער פּראָפּאָרציע ווי דער אינטעלעקט האָט געווירקט אויף זיי... די פאַרהעלטעניש פון דער געטלעכער השגחה איז ניט די זעלבע אויף אַלע מענטשן: וואָס מער דער מענטש איז פּערפעקט אין זיין דער־גרייכונג, אַלץ מער נוצן קען ער ציען פון דער געטלעכער השגחה. די נביאים ציען די גרעסטע נוצן; די נוצן זיינען פאַרשיידן לויט דער גאָטספּאָרכטיקייט פון די גוטע מענטשן... אין דער זעלבער פּראָפּאָרציע ווי די אומוויסנדע און די ווידערשפּעניקסטע מענטשן באַזיצן ווייניק פון דעם איינפלוס פון דער השגחה, אויף אַזויפיל איז זייער לאַגע נידעריקער און זייער ראַנג דערגרייכט צו די ניט־ראַציאָנאַלע וועזנס און זיי זיינען „אַזוי ווי אַנדערע חיות״ (תהלים מ״ט, י״ג). דערפאַר איז ניט נאָר דאַרף באַטראַכט ווערן פאַר אַ קליי־ניקייט זיי צו הרגענען, נאָר ס׳איז דירעקט באַפוילן (זיי צו הרגענען) צוליב די נוצן פון דעם כלל״ (זע ב. 2, קאַפּ. 17, 18).

דאָס איז אַ ריין רעליגיעזער צוגאַנג צו דער קערפּער־נשמה פאַרהעל־טעניש. ניט נאָר איז דער רמב״ם געווען ווייט פון וועלכן ס׳איז וויסנשאַפט־לעכן צוגאַנג צו דער פּראַגע, ער איז אפילו געווען ווייט פון ספּעקולאַטיוו־שכלדיקן צוגאַנג: ער איז אינגאַנצן געווען באַהערשט פון דער רעליגיעזער זייט פון דער פּראַגע, אים איז אפילו ניט איינגעפאַלן צו דענקען אין נאַטור־ראַליסטישע טערמינען (זאָל באַמערקט ווערן אַז דער לעצטער אויסצוג איז דאָ געבראַכט געוואָרן נאָר צוליב דעם באַגריף, וואָס ער אַנטהאַלט און ניט אים צו כאַראַקטעריזירן דעם רמב״ם גופא, ווי דר. צינבערג טוט עס אין זיין אָפּהאַנדלונג וועגן דעם רמב״ם. צינבערגס פאַרדרוס איז געוויס אַ באַ־רעכטיקטער, עס וואָלט געווען מער אָנגענעם, ווען דער רמב״ם וואָלט געהאַט אַ מער יומאַנעם באַגריף; ער האָט אָבער געטיילט אַריסטאָטעלס באַגריף; ער האָט אים נאָר אָביסל אַנדערש אויסגעטייטשט...)

ווען דער רמב״ם, וואָס איז געווען אַ האַרטער ראַציאָנאַליסט און אַ מעדיצינער דערצו, האָט נאָר געדענקט אין רעליגיעזע טערמינען, איז וואָס קען מען דערוואַרטן פון דעם „הייליקן״ אקווינוסן, וואָס ניט ער איז געווען אַזאַ האַרטער ראַציאָנאַליסט און ניט ער איז געווען אַ מעדיצינער. זאָגט

ער טאַקע אַז „די העכסטע גליקזעליקייט איז ניט אפילו דער וויסן פון גאָט דורך גלויבן, ווייל ס'איז ניט פּערפעקט. די העכסטע גליקזעליקייט באַשטייט אין זען דעם הייליקן עסענץ און דאָס קען מען ניט זען אין דעם לעבן, וואו מיר קוקן דורך גלאָז. די העכסטע גליקזעליקייט קען מען נאָר דער־גרייכן נאָכן טויט" (ציטירט לויט אָסבאָרן טיילאָרס „מעדיאיוואל מיינד", ב. 2, ז. 476). פון אים צו דערוואַרטן אַ ווערלכן ס'איז נאַטוראַליסטישן צוגאַנג צו אַ פראַגע וואָלט געווען מער ווי זיין נאַאיוו...

# קערפּער־פאַרשטאַנד פּראָבלעם (מאָניזם)

דעמאָקריטוס האָט געזאָגט: „קיין שום אַנדער זאַך איז ניטאָ אין דער נאַטור, אויסער אַטאָמען וואָס באַוועגן זיך אין ליידיקן רוים״.

אונטער מאָניזם ווערט פאַרשטאַנען אַן איינהײטלעכער באַגריף וועגן דער רעאַליטעט פון דער נאַטור, ס׳ווערט אָנגענומען אַז די רעאַליטעט איז איינע. ווען מען נעמט מאָניזם אין דעם פילאָזאָפישן זין, מיינט ער, אַז פון וואָס די פונדאַמענטאַלע רעאַליטעט פון דער נאַטור זאָל ניט באַשטיין, איז זי פונדאַמענטאַל איינע. דער דאָזיקער מאָניזם ווערט אָנגערופן קוואַליטאַטיווער, וואָס מיינט, אַז די רעאַליטעט פון דער וועלט איז איינע לויט איר פונדאַמענטאַלער קוואַליטעט, פאַקטיש קען מען זאָגן, אַז זי שליסט איין אַ קוואַנטיטאַטיווע פלוראַליטעט, זי שליסט איין פאַרשיידענע זאַכן, וואָס זיינען פון אַן איינהײטלעכער קוואַליטעט. געוויס זיינען אויך פאַראַן אידעאַליסטישע פילאָזאָפן, וואָס לייקענען אויך אָפּ די קוואַנטיטאַטיווע פלוראַליטעט. אָבער זיי שטעלן זיך אויף אַ גאַנץ אַנדערן שטאַנדפּונקט, זיי לייקענען לחלוטין אָפּ די רעאַליטעט פון דער זינלעכער דערפאַרונג. דאָ האַנדלט זיך אָבער וועגן אַזוינע דענקער, וואָס זיינען ניט קעגנעריש צו דער רעאַליטעט פון דער זינלעכער דערפאַרונג.

לייבניץ, צום ביישפּיל, איז געווען אַ קוואַליטאַטיווער מאָניסט, ער האָט אָנגענומען אַז די רעאַליטעט איז ספּיריטועל אין איר עצם; זי באַשטייט פון מאנאַדן (אַטאָמען פון גייסט), וואָס זיינען פון דער זעלבער קוואַליטעט. ער איז אָבער געווען אַ קוואַנטיטאַטיווער פלוראַליסט; ער האָט אָנגענומען אַז די מאנאַדן זיינען באַזונדערע איינהייטן. דעמאָקריטוס איז אויך געווען אַ קוואַליטאַטיווער מאָניסט, זיין רעאַליטעטס־באַגריף איז אָבער געווען אַ פאַרקערטער פון לייבניצעס; ער האָט אָנגענומען, אַז די רעאַליטעט באַשטייט פון מאַטעריעלע אַטאָמען וואָס זיינען איינהייטן.

ווי מען קען זען, קענען פילאָזאָפישע אידעאַליסטן, אַזוי גוט ווי פילאָזאָפישע מאַטעריאַליסטן זיין קוואַליטאַטיווע מאָניסטן און קוואַנטיטאַטיווע פלוראַליסטן.

אין דער אָפּהאַנדלונג וועט נאָר דער מאַטעריאַליסטישער מאָניזם באַטראַכט ווערן און ניט דער אידעאַליסטישער. דאָס וועט געטאָן ווערן דערפאַר, וואָס אין די ענגע גרענעצן פון דעם קערפּער־נשמה פּראָבלעם קען נאָר דער מאַטעריאַליזם זיין אויסגעהאַלטן מאָניסטיש; דער אידעאַליזם קען עס ניט זיין. ער קען ניט אָפּלייקענען די עקזיסטענץ פון דעם קערפּער... אין

די דאָזיקע ענגע גרענעצן איז פּלאַטאָן אין דער אַלטער צייט און לייבניץ אין דער נייער צייט געווען דואַליסטיש; זיי ביידע האָבן אָנגענומען דעם קיום פון דעם גוף און פון דער נשמה. אַן אַנדער ברירה האָבן זיי געהאַט? מען קען ניט לעבן אין קיין קאָנקרעטער רעאַלער וועלט און אָפּלייקענען איר רעאַליטעט, ספּעציעל צו לייקענען די רעאַליטעט פון דעם אייגענעם קערפּער... דאָס קען אפילו ניט טאָן קיין אידעאַליסטישער פילאָזאָף... דאַרף מען טאַקע נעמען ערנסט בערטראַנד ראָסעלן, ווען ער זאָגט, אַז אַלע מענטשן זיינען רעאַליסטן, איינשליסנדיק די אידעאַליסטישע פילאָזאָפן אין דער צייט ווען זיי פילאָזאָפירן ניט... געוויס האָבן די מאַטעריאַליסטן געהאַט זייערע שוועריקייטן און זיי האָבן אויך איצט שוועריקייטן. זיי זיינען אָבער אין אַ באַקוועמערער לאַגע דערמיט פון די אידעאַליסטן, וואָס זיי דאַרפן ניט אָנהויבן מיט נעגאַציעס, זיי דאַרפן ניט לייקענען די רעאַליטעט פון דעם וואָס פּרעזענטירט זיך צו די חושים אין דער זינלעכער דערפאַרונג: זייער אָנהויב אמווייניקסטענס איז אַ פּאָזיטיווער.

„דער מאַטעריאַליזם", זאָגט פרידריך אַלבערט לאַנגע אין זיין געשיכטע פונעם פילאָזאָפישן מאַטעריאַליזם, „איז אַזוי אַלט, ווי דער פילאָזאָפישער דענקען איז אין אַלגעמיין אַלט". ס'איז נאַטירלעך, אַז ער זאָל זיין אַזוי אַלט: די ערשטע גריכישע דענקער זיינען געווען נאַטוראַליסטן און פאַלגלעך זיינען זיי געווען פילאָזאָפישע מאַטעריאַליסטן. נעמענדיק די נאַטור־דערשיינונגען פאַר זייער אויסגאַנגס־פּונקט זיינען זיי דערמיט אַליין געווען מאַטעריאַליסטן (זיי האָבן אָנגענומען דאָס מאַטעריעלע אַלס דאָס רעאַלע). ערשט אין זייערע ווייטערדיקע דערקלערונגען זיינען אייניקע פון זיי אַזוי ווייט אַוועק פון דער רעאַליטעט, פון וועלכער זיי האָבן אָנגעהויבן, אַז זיי האָבן פאַרלוירן דעם וועג צוריק צו איר...

דער מאַטעריאַליזם, וואָס וועט באַטראַכט ווערן, איז דער, וואָס איז פאָרמולירט געוואָרן פון ליאַסיפּוסן און דעמאָקריטוסן, ספּעציעל פון דעם לעצטן. דער דאָזיקער מאַטעריאַליזם איז דער איינציקער אויסגעהאַלטענער מאָניזם, וואָס האָט געפּרואווט שאַפן אַן אויסגעהאַלטענע פילאָזאָפישע סיסטעם אין וועלכער דער קערפּער און די נשמה זאָלן זיין אינטעגראַלע טיילן. ווען מען רעדט געוויינטלעך וועגן דעם פילאָזאָפישן מאַטעריאַליזם, האָט מען אין זינען דעמאָקריטוסעס אינטערפּרעטאַציע. די שפּעטערדיקע וועלט האָט גאַנץ ווייניק צוגעגעבן צו דעמאָקריטוסן.

ליאַסיפּוס, נעמט מען אָן, איז געווען פּערמאַנידוסעס אַ תלמיד, ער האָט אָבער רעוואָלטירט קעגן דעם אַבסטראַקטן פּילפּול פון זיין רבין און האָט פאָרמולירט אַ מאַטעריאַליסטישע פילאָזאָפיע. מען ווייסט אָבער פון אים דירעקט ניט קיין שום זאַך, אויסער דעם, וואָס ער איז געווען דעמאָקריטוסעס רבי. מעגלעך, אַז מען האָט פאַרגעסן אין אים דערפאַר, וואָס דער תלמיד האָט אים אויף אַזויפיל פאַרטונקלט, אַז ער איז פאַרלוירן געגאַנגען. דערפאַר ווייסט מען אַ סך וועגן דעמאָקריטוסן, מען ווייסט, אַז ער האָט געלעבט אינעם פינפטן יאָרהונדערט פאַר דער איצטיקער צייט־רעכענונג, אַז ער האָט פיל אַרומגערייזט איבער דער דעמאָלט־באַקאַנטער וועלט כדי צו דערווערבן וויסן. מען נעמט אָן, אַז ער איז געווען דער גרעסטער געלערנטער פון זיין צייט און איינער פון די גרעסטע געלערנטע וואָס גריכנלאַנד האָט אַרויסגע־

בראַכט. ער האָט געשריבן זייער אַ סך און האָט געשריבן איבער אַלץ, וואָס איז געווען באַוואוסט אין זיין צייט. ליידער איז אַלץ, וואָס ער האָט געשריבן, פאַרלוירן געגאַנגען, ס'זיינען נאָר געבליבן אייניקע פראַגמענטן פון דעם וואָס ער אַליין האָט געשריבן. דאָס מערסטע, וואָס מען ווייסט וועגן אים, איז פון דעם וואָס אַנדערע האָבן געזאָגט וועגן זיינע מיינונגען; ספּעציעל ווייסט מען וועגן אים פון אַריסטאָטעלן, ער ציטירט אים אין פיר פאַרשיידענע ווערק.

אין די באַמערקונגען, וואָס וועלן דאָ וועגן אים געמאַכט ווערן, וועט נאָכגעפאָלגט ווערן לאַנגעס געשיכטע פון מאַטעריאַליזם; ס'איז דאָס אַנער־קענטע בעסטע ווערק, וואָס איז געשריבן געוואָרן וועגן מאַטעריאַליזם אַלס פילאָזאָפיע. לאַנגע רעכנט אויס זעקס פּאָסטולאַטן, אָדער כללים פון דעמאָק־ריטוסעס אַטאָמיזם; זיי וועלן געגעבן ווערן און אַזוי אַרום וועט דורך זיי באַוויזן ווערן ווי אַזוי ער דערקלערט די קערפּער־נשמה פאַרבינדונג.

דער ערשטער פּאָסטולאַט איז, אַז קיין זאַך קען ניט אַרויסקומען פון גאָרניט און אַז קיין זאַך קען ניט פאַרניכטעט ווערן. אַלע ענדערונגען, וואָס קומען פאָר אין די פאַרשיידנסטע זאַכן פון דער וועלט, באַשטייען פון אַ קאָמבינאַציע און פון אַ צעטיילונג פון אַטאָמען.

אונטער אַטאָם, וואָס מיינט אין גריכיש ניט טיילבאַר, האָט ער פאַר־שטאַנען דאָס קלענסטע, די ניט־טיילבאַרע איינהייט אין דער נאַטור. די אַטאָ־מען, הייסט עס, זיינען די פונדאַמענטאַלסטע רעאַליטעט פון דער נאַטור: אַלץ וואָס געפינט זיך אין דער נאַטור באַשטייט פון אַ צוזאַמענשטעל פון אַטאָמען, זיי אָבער אַליין קענען קיינמאָל ניט געענדערט ווערן, זיי בלייבן אַלעמאָל אַזוי ווי זיי זיינען.

דער צווייטער פּאָסטולאַט איז, אַז „קיין איין פּאַסירונג אין דער נאַטור קומט ניט פאָר פון זיך גלאַט אין דער וועלט אַריין; יעדע פּאַסירונג ווערט פאַראורזאַכט פון עפּעס און איז אַ נויטווענדיקער רעזולטאַט. לויט דעם דאָזיקן פּאָסטולאַט מיינט עס, אַז ער האָט אָנגענומען,' אַז אין דער נאַטור הערשט אַ דעטערמינירטע אָרדענונג אין דעם גאַנג פון די פּאַסירונגען, אַז אין דער נאַטור קומען ניט פאָר קיינע קאַפּריזן.

דער דריטער פּאָסטולאַט איז, אַז אין דער נאַטור איז ניטאָ קיין אַנדער זאַך, אויסער אַטאָמען וואָס געפינען זיך אין אַ ליידיקן רוים. דאָס איבער־ריקע איז ניט מער ווי אַ מיינונג. אונטערן וואָרט „מיינונג" (אָפּיניאָן) דאַרף פאַרשטאַנען ווערן עפּעס, וואָס איז ניט פונדאַמענטאַל, וואָס קען רעדו־צירט ווערן צו אַטאָמען און אַ ליידיקייט. ס'דאַרף מיינען די זעלבע זאַך,וואָס דאָס וואָרט „אויסזען" אָדער „דערשיינונג" האָט געמיינט אין דער שפּעטער־דיקער פילאָזאָפיע.

דער פערטער פּאָסטולאַט איז אַז „די אַטאָמען זיינען אומענדלעך אין צאָל און זיי זיינען אָן אַ שיר פאַרשיידנאַרטיק אין זייער פאָרמע. אין זייער איי־ביקן און שטענדיקן פאַלן דורך דעם אומענדלעכן רוים, פאַלן די גרעסערע שנעלער, שלאָגן זיי זיך אָן אין די קלענערע אַטאָמען. פון דעם צוזאַמענ־שטויס אַנטשטייען פאַרשיידנאַרטיקע זייטיקע באַוועגונגען. פון דער פאַר־שיידנאַרטיקייט, וואָס אַנשטייט, פאָרמירן זיך וועלטן. אָן אומענדלעכע צאָל וועלטן אַנטשטייען און ווערן פאַרניכטעט גלייכצייטיק און איינע נאָך דער אַנדערער".

לויט דעם פּאָסטולאַט קומט אויס, אַז דער „פֿאַלן" פֿון די אַטאָמען פֿאַר־אורזאַכט די פֿאָרמירונג און די צעשטערונג פֿון וועלטן. אַז קיין אַנדער פֿאַק־טאָר, אויסער דעם „פֿאַלן" פֿון די אַטאָמען איז אין דער נאַטור ניטאָ און עס איז אויך ניט נויטיק קיין אַנדער פֿאַקטאָר.

דער פֿינפֿטער פּאָסטולאַט לויטעט אַז: „די פֿאַרשיידנאַרטיקייט פֿון אַלע זאַכן אין דער נאַטור איז אַ רעזולטאַט פֿון דער פֿאַרשיידנהייט פֿון די אַטאָמען, וואָס נעמען אַנטייל אין זייער פֿאָרמירונג: פֿון זייער צאָל, מאָס, פֿאָרמע און אָרדענונג און נאַטירלעך פֿון זייער צוזאַמענשטעל. ס'איז ניטאָ קיין שום קוואַ־ליטאַטיווער אונטערשייד צווישן די אַטאָמען; זיי האָבן ניט קיין אייגענעם „אינערלעכן צושטאַנד" (פֿאַרשטייט זיך אַז זיי קענען ניט האָבן קיין אינעװ־ווייניק, ווייל דאָס וואָלט געמיינט אַז זיי זיינען אַ צוזאַמענשטעל). זיי ווירקן נאָר איינער אויף דעם אַנדערן, לויט זייער אויסערלעכן דראַנג און אַנשטויס".

אין דעם פּאָסטולאַט ברענגט ער אַרויס זיין פֿילאָזאָפֿישן מאַניזם, אַז אַלע אַטאָמען זיינען פֿון דער זעלבער קוואַליטעט לויט זייער אינערלעכן עצם (אויב מען קען זיך אַזוי אויסדריקן) און לויט זייער מעכאַניזם, אָדער דינאַמיק. אַז קיין אַנדער פֿאַקטאָר אויסער אַטאָמען, ליידיקער רוים און באַוועגונג איז ניטאָ אין דער נאַטור.

דער זעקסטער און לעצטער פּאָסטולאַט איז אַז „די נשמה באַשטייט פֿון פֿיינע, גלאַטע און רונדע אַטאָמען, פֿון אַזוינע ווי ס'געפֿינען זיך אין פֿייער. די דאָזיקע אַטאָמען זיינען די באַוועגלעכסטע; אַ דאַנק זייער באַוועגונג, וואָס קרייציקט דורך דעם גאַנצן אָרגאַניזם, ווערן לעבנס־דערשיינונגען פּראָ־דוצירט" (זע היסטאָריע פֿון מאַטעריאַליזם, זז. 19־28).

ווען מען באַטראַכט די זעקס פּאָסטולאַטן, אָדער פּונקטן, זעט מען, אַז דער ערשטער איז געוואָרן דער פֿונדאַמענט פֿון דער מאָדערנער פֿיזיקאַלישער וויסנשאַפֿט; ער אַנטהאַלט אין זיך דעם געדאַנק אַז די מאַטעריע פֿון דער וועלט קען ניט פֿאַרניכטעט ווערן און די ענערגיע קען ניט פֿאַרלוירן גיין. דער דאָזיקער פֿונדאַמענט איז אומבאַדינגט נויטיק פֿאַר דער וויסנשאַפֿט. אין די גרענעצן פֿון דער וויסנשאַפֿט קען מען גאָר אַנדערש ניט דענקען, ווי אין די דאָזיקע טערמינען: מען קען ניט פֿאָרמולירן קיין שום רעגעלן וועגן נאַטור־דערשיינונגען, סיידן מען נעמט אָן די ניט־פֿאַרניכטבאַרקייט פֿון מאַטעריע און דעם אַנהאַלט פֿון דער ענערגיע. אָן די באַגריפֿן איז ניט מעגלעך קיין נאַטור־וויסנשאַפֿט. ס'מיינט, אַז דעמאָקריטוס האָט דערבליקט אַ געדאַנק, וואָס איז פֿונדאַמענטאַל פֿאַר דער וויסנשאַפֿט אויף אַזויפֿיל, אַז מען קען גאָר אַנדערש ניט דענקען וועגן איר. (אייניקע פֿיזיקער דענקען אַז עלעקטראָנען ווערן יאָ פֿאַרניכטעט).

מיט דעם צווייטן פּאָסטולאַט דריקט ער אויס דעם דעטערמיניסטישן גאַנג פֿון אָרדענונג אין דער נאַטור. דער געדאַנק פֿון אָרדענונג איז ניט נאָר פֿונדאַמענטאַל פֿאַר דער וויסנשאַפֿט, נאָר פֿאַר וועלכן ס'איז ראַציאָנאַלן דענקען. אַזוי גיך ווי מען הויבט אָן דענקען לאָגיש, נעמט מען דעם באַגריף פֿון אָרדענונג פֿאַרן אויסגאַנגס־פּונקט. פּאַקטיש איז לאָגיק די לערע פֿון אָרדענונג. מען קען פֿאַנטאַזירן אויף וויפֿיל דאָס האַרץ גלוסט וועגן וואָס מען וויל, מען קען גלויבן אין וואָס מען וויל, הויבט מען אָבער אָן דענקען לאָגיש, מוז מען נעמען דעמאָקריטוסעס אָרדענונגס־לערע פֿאַרן אויסגאַנגס־

פונקט. דאָס מוזן אויך טאָן די יעניקע וואָס ווילן ציען פאַנטאַסטישע שלוסן פון איצטיקן צושטאַנד אין דער פיזיקאַלישער וויסנשאַפט. און מען דאַרף זיך ניט שרעקן אַז מען וועט מוזן אַריינפירן אַן ענדערונג אין דעם דענקען וועגן דער וועלט: די היסטאָריע פון דער וויסנשאַפט און די לאָגיק פון דעם דענקען גאַראַנטירן פאַר דעם אַבסאָלוטן אמת פון דעם נאַטוראַליסטישן באַגריף פון אָרדענונג אין דער נאַטור. דאָס איז אַזוי זיכער, ווי וועלכער ס׳איז וויסנשאַפטלעכער אמת איז ווען עס איז געווען זיכער.

דער דריטער פּאָסטולאַט, אַז קיין אַנדער זאַך איז ניטאָ אין דער נאַטור, אויסער אַטאָמען, וואָס באַוועגן זיך אין אַ ליידיקייט, ווערט אין דער מאָדערנער צייט אָנגערופן די אַטאָמען־לערע, די לערע וואָס דערקלערט דעם כעמישן צוזאַמענשטעל פון זאַכן. די אַטאָמען זיינען ביז לעצטנס אָנגענומען געוואָרן אַלס דאָס פונדאַמענטאַלסטע אין דער נאַטור; לעצטנס האָט מען אויסגעפונען אַז דאָס איז ניט ריכטיק: אַטאָמען באַשטייען פון אַ צוזאַמענשטעל פון מער פּרימיטיווע איינהייטן ווי עלעקטראָנען, פּראָטאָנען א. אַז. וו. דאָס מיינט, אַז אַ באַשטימטע מאָדיפיקאַציע וועט נויטיק זיין אַריינצוברענגען אין די אַלגעמיינע באַגריפן פון אַטאָמען. די ענדערונג וועט אָבער ניט באַרירן דעם אמת, וואָס די מאָדערנע וויסנשאַפט האָט אַרויסגעבראַכט דורך דער אַטאָמען־לערע. די מאָדערנע וויסנשאַפט האָט פאַקטיש באַשטעטיקט דעמאָקריטוסעס פונדאַמענטאַלע לערע, הגם זי פאָדערט אַז אַן ענדערונג זאָל אַריינגעפירט ווערן אין די דעטאַלן פון דער לערע.

מען קען מיט רעכט זאָגן, אַז די ערשטע דריי פּאָסטולאַטן אַנטהאַלטן אמתן, וואָס ווערן אָנגענומען ביזן היינטיקן טאָג. פונדעסטוועגן וואָלט געווען אַ טעות, ווען מען נעמט אָן אַז דעמאָקריטוס האָט געדענקט אין וויסנשאַפטלעכע טערמינען, ווי מען דענקט אין דער מאָדערנער צייט; ער איז געווען אַ ספּעקולאַטיווער דענקער, ווי אַלע גריכן זיינען געווען, נאָר זיין אויסגאַנגספּונקט איז געווען אַזאַ, וואָס האָט געקענט אינקאָרפּאָרירט ווערן אין דער וויסנשאַפט. אָבער ער אַליין איז געווען אַ מעטאַפיזיקער, וואָס האָט געוואָלט פאָרמולירן אַ סיסטעם פון דער וועלט אַלס גאַנצע, ווי די איבעריקע דריי פּאָסטולאַטן דעמאָנסטרירן עס.

אין די צוויי פּאָסטולאַטן, דעם פערטן און פינפטן, פאָרמולירט ער אַ טעאָריע ווי אַזוי זאַכן און אפילו „וועלטן" קענען פאָרמירט ווערן דורך דעם בלויזן „פאַלן" פון די פאַרשיידענע אַטאָמען. און אין דעם זעקסטן פּאָסטולאַט ווערט אָנגעוויזן וואָס פאַר אַן אויסזען און וואָס פאַר אַ באַוועגונג יענע אַטאָמען דאַרפן האָבן, וואָס באַלעבן דעם אָרגאַניזם און וואָס זיינען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דעם דענקען; מיט אַנדערע ווערטער, וואָס פאַר אַ אַטאָמען עס דאַרפן זיין די, וואָס פאָרמירן די נשמה.

אַז דאָס איז פאַנטאַזיע פון דעם ריינסטן סאָרט איז ניט נויטיק צו זאָגן און פונדעסטוועגן זאָגט צעלער אַז שלייערמאַכער און ריטער האָבן באַשולדיקט דעמאָקריטוסן אַז „זיין אַרט דענקען איז געווען אַנטי־פילאָזאָפיש דערפאַר, וואָס לויט זייער מיינונג האָט ביי אים געהערשט דער עמפּירישער עלעמענט איבערן ספּעקולאַטיוון... אַז ער אָנערקענט ניט גאָט און נעמט אָן אַז די נשמה איז קערפּערלעך". און צעלער גיט צו פון זיין זייט אַז: „די גרעסטע טייל פון זייער קריטיק איז שוין אָפּגעלייקנט געוואָרן אינעם לויף פון אונדזער

אָפּהאַנדלונג, אַמווייניקסטנס איז זי מאָדיפיצירט געוואָרן. אמת, ס'איז מעג־לעך אַז דעמאָקריטוס האָט צוזאַמענגעקליבן מער עמפּירישן מאַטעריאַל, ווי ער האָט געקענט באַהערשן מיט זיין וויסנשאַפטלעכער טעאָריע, הגם ער האָט מער געפאָרשט און האָט מער געפּרואווט דערקלערן די נאַטור־דער־שיינונגען ווי וועלכער ס'איז פון זיינע פאָרלויפער... אָבער אַזוי איז מיט יעדן פילאָזאָף, וועלכער פאַראייניקט אַ ברייטע באַאָבאַכטונג מיט פילאָזאָפישע ספּעקולאַציעס. זאָל מען באַשולדיקן דעמאָקריטוסן דערפאַר, וואָס ער האָט ניט פאַרנאַכלעסיקט די עקספּערימענטאַלע וויסנשאַפט און האָט געפּרואווט באַזירן זיינע טעאָריעס אויף אַקטועלן וויסן פון זאַכן און פאַסירונגען און דערפאַר, וואָס ער האָט געפּרואווט דערקלערן איינצלהייטן? איז עס ניט קיין מעלה און ניט קיין חסרון דאָס, וואָס ער האָט געמאַכט אַ פאַרזוך אַרומ־צונעמען אַ ברייטערע ספערע פון פאָרשונג, ווי ווער עס איז פון די פריערדיקע פילאָזאָפן האָבן עס געטאָן? און זאָל מען אים באַשולדיקן דערפאַר, וואָס זיין גרויסער דאָרשט פאַר וויסן האָט אים ניט געלאָזט פאַרנאַכלעסיקן קיין שום זאַך ווי קליין, אָדער גרויס זי איז ניט געווען?" (ז. צעלער, פּרי־סאָקראַ־טיק פילאָסאָפיע, ב. 2, ז. 297 און ווייטער).

פון דעם אויסצוג קען מען זען, אַז ניט נאָר פאַר זיין צייט, נאָר אויך פאַרן ניינצנטן יאָרהונדערט איז דעמאָקריטוס געווען צופּיל וויסנשאַפטסמאַן און דאָס איז אָנגענומען געוואָרן פאַר אַ חסרון דערפאַר וואָס עס שטערט דער פרייער ספּעקולאַציע און ס'פירט צו צווייפלען אין גאָט און אין דער נשמה: די אויסזעצונגען קלינגען גאַנץ מאָדנע פאַר איינעם, וואָס איז וויסנשאַפטלעך געשטימט.

דעמאָקריטוס האָט ניט געשאַפן קיין שול און האָט ניט געזוכט קיין תלמידים. פון די פילאָזאָפן האָט ער זיך געהאַלטן פון דער וויטנס, זייער „דיאַלעקטיק" (פּילפּול) איז אים געווען דערווידער. ווען ער איז געווען אין אַטהען, האָט ער אויסגעמידן די פילאָזאָפן: האָט מען אים געהאַלטן פאַר אַ גרויסהאַלטער, פאַר איינעם וואָס דענקט אַז ער ווייסט מער פון אַלעמען. דאָס אַלץ האָט געפירט דערצו, אַז ער זאָל האָבן מער קעגנער ווי נאָכפאָלגער. אַלץ וואָס מען ווייסט וועגן אים איז טאַקע פון דעם, וואָס זיינע קעגנער זאָגן וועגן אים: נאַטירלעך אַז זיי זיינען ניט שטענדיק אָביעקטיוו אין זייער אָפּשאַצונג: אַריסטאָטעל, זאָגט מען, איז שוין גאָרניט אָביעקטיוו, ווען ער גיט איבער זיינע געדאַנקען, כאָטש ער באַציט זיך מיט גרויס דרך ארץ צו אים.

אַז מען קען ניט בויען די גאַנצע וועלט מיט אַלע אירע פאַרשיידנאַר־טיקייטן פונעם בלויזן מעכאַנישן „פאַלן" פון פאַרשיידענע אַטאָמען איז קיין פראַגע ניט. מען קען עס אויך ניט טאָן, ווען מען האָט אַ גאַנץ אַנדערן באַגריף וועגן אַטאָמען און מען נעמט צו הילף דעם עוואָלוציע־באַגריף, אָבער דעמאָקריטוס ווערט „באַשולדיקט" פאַר נוצן „צופּיל" פאַקטישן וויסן אינעם בויען פון זיין סיסטעם; וואָלט געווען אויסערגעוויינטלעך אינטערעסאַנט צו זען ווי אַזוי ער האָט זי געבויט. ליידער איז צו ווייניק פון זיין שרייבן געבליבן, אַז מען זאָל פון דעם דירעקט קענען פאָרמירן אַ בילד פון זיין סיסטעם; מען דאַרף זי צוזאַמענשטעלן פון קעגנערישע קריטיקער, וואָס זיינען ניט אַלעמאָל געווען גענוג אָביעקטיוו, צו געבן אַ געטרייע אָפּהאַנדלונג פון זיין

סיסטעם. באַקלאָגט זיך טאָקע ווינדעלבאַנד אַז „צום באַדויערן איז איצט ניט באַוואוסט ווי אַזוי ער האָט דורכגעפירט אין דעטאַל די מעטאָדישע פאַרהעלטענישן צווישן די צוויי אַרטן פון וויסן (די פּערצעפּציע פון דער וועלט און דעם דענקען וועגן איר), וואָס עס דערשיינט אין דער זינלעכער דערפאַרונג (פּערצעפּציע) אַלס קוואַליטאַטיווע דעטערמינירט און עס שליסט איין קוואַליטאַטיווע ענדערונגען עקזיסטירט אין „דער אמתן" נאָר אַלס קוואַנטיטאַטיווע פאַרהעלטנישן פון אַטאָמען, זייער אָרדענונג און באַוועגונג. די אויפגאַבע פון זיין וויסנשאַפט איז געווען צו רעדוצירן אַלע קוואַליטיטאַטיווע פאַרהעלטענישן צו קוואַנטיטאַטיווע פאַרהעלטענישן (אונטערשטראָכן פון ווינדעלבאַנדן) און צו באַווייזן אין דעטאַל וועלכע קוואַנטיטאַטיווע פאַרהעלטענישן פון דער אַבסאָלוטער רעאַליטעט פּראָדוצירן קוואַליטאַטיווע כאַראַקטער־אייגנשאַפטן פון דער רעאַליטעט פון דער פענאָמענאַלער וועלט" (זע היסטאָריע און פילאָסאָפיע, 110־111).

פשוט מיינט עס, אַז אַזוי ווי דעמאָקריטוסעס וועלט איז אַ ריין קוואַנטיטאַטיווע איז ווי אַזוי זיינען פון קוואַנטיטאַטיווע פאַרהעלטענישן אַרויסגעקומען קוואַליטעטן און זייערע אונטערשיידן? דאָס איז אַ פונדאַמענטאַלע פראַגע אויף וועלכער, ווינדעלבאַנד דענקט, אַז דעמאָקריטוס האָט געוויס רעאַגירט, נאָר זיין דערקלערונג איז פאַרלוירן געגאַנגען. ס'מיינט, אַז ווינדעלבאַנד נעמט דעמאָקריטוסן גאַנץ ערנסט.

אַזוי ווי קיין געטרוי בילד וועגן דעם גוף און נשמה קען מען, פון דעם וואָס איז פון דעמאָקריטוסן געבליבן, ניט פאַרמירן, וועלן געגעבן ווערן אויסצוגן פון אייניקע פאָרשער וועגן דעם. נאָכדעם ווי לאַנגע גיט דעם 6טן פּאָסטולאַט, באַמערקט ער, אַז „דעמאָקריטוס אָנערקענט אַן אונטערשייד צווישן דעם גוף און דער נשמה (די נשמה־אַטאָמען זיינען אַנדערע פון גוף־אַטאָמען), וואָס וועט ניט צופרידנשטעלן קיין מאָדערנעם מאַטעריאַליסט" (ז. 29). מער דערקלערט ער ניט דעם ענין.

ווינדעלבאַנד זאָגט: „לויט דעם אַטאָמיסטישן סיסטעם איז דאָס וואָס נעמט אויף, די נשמה, באַשטייט נאָר פון אַטאָמען. צו זיין פּינקטלעכער, זי באַשטייט, לויט דעמאָקריטוסן, פון די זעלבע אַטאָמען, פון וואָס פייער באַשטייט, פון פיינע, גלאַטע און די באַוועגלעכסטע אַטאָמען. זיי זיינען אויך צעשפּרייט איבער דער גאַנצער וועלט און אין חיות, פלאַנצונגען און אין אַנדערע זאַכן קענען זיי באַטראַכט ווערן אַלס באַלעבנדע נשמות; זיי זיינען אָבער פאַראייניקט אין גרעסערע צאָלן אינעם מענטשן, אַזוי אַז ווען ער לעבט, געפינט זיך איין פייערדיקער אַטאָם צווישן צוויי אַנדערע אַטאָמען, זיי ווערן צוזאַמענגעהאַלטן דורכן אָטעמען" (היסטאָריע און פילאָזאָפיע, ז. 113).

פולער זאָגט, אַז: די מענטשלעכע נשמה איז אַזוי ווי אַלע אַנדערע זאַכן צוזאַמענגעשטעלט פון אַטאָמען, נאָר פון אַ פיינערן און רונדערן סאָרט. פּערצעפּציע און דענקען באַשטייען פון באַוועגונגען פון די נשמה־אַטאָמען. די באַוועגונגען ווערן פאַראורזאַכט פונעם אָנשטויס אויפן קערפּער פון די קליינינקע בילדער, אָדער קאָפּיעס, וואָס יעדע אַטאָמישע גרופּע וואַרפט פון זיך שטענדיק און צעשפּרייט אַרום זיך. די בילדער, וואָס שלאָגן זיך אָן אין די חושים, פאַראורזאַכן וויבראַציעס פון אַזעלכע סעקונדאַרע קוואַליטעטן

ווי קאָליר, קלאַנג, טעם א. אַז. וו. אַזוי ווי די וויבראַציעס זיינען אין אונדז, קאָרעספּאָנדירן זיי ניט מיט די כאַראַקטער־אייגנשאַפטן פון אויסער־לעכע זאַכן, נאָר זיי ווערן אַרויסגעבראַכט פון דער נאַטור פון אונדזערע חושים. דערפאַר גיבן זיי אונדז ניט קיין אמת בילד וועגן דעם צוזאַמענשטעל פון דער אויסערלעכער וועלט, וועלכע האָט, ווי מיר האָבן פריער געזען, נאָר קוואַנטיטאַטיווע אייגנשאַפטן ווי מאָס, פאָרמע און וואָג" (היסטאָריע אָוו גריק פילאָסאָפיע, 252).

פון ווינדעלבאַנדן און פולערן זעט מען אַז דער פּראָבלעם פון „פּרימערע" און „סעקונדאַרע" קוואַליטעטן, אַ פּראָבלעם, וואָס איז נאָך עד היום ניט געלייזט געוואָרן, האָט געהאַט זיין אָנפאַנג אין דעמאָקריטוסעס אַטאָמען־לערע. דאָס איז אויסערגעוויינלעך אינטערעסאַנט, עס צייגט ווי געניאַל דער גרי־כישער דענקען איז געווען.

און צעלער זאָגט: די נשמה קען, לויט דער היפּאָטעזע פון דער אַטאָ־מיסטישער דאָקטרין, נאָר באַגריפן ווערן ווי אַ קערפּער; אָבער איר מאַטע־ריעלע סובסטאַנץ דאַרף זיין פון אַזאַ סאָרט, אַז זי זאָל קענען דערקלערן איר אייגנאַרטיקע נאַטור. דאָס, לויט דעמאָקריטוסן, ליגט אינעם באַלעבנדן און אינעם מאָטיווירנדן כוח: די נשמה איז דאָס, וואָס ברענגט אַרויס די באַ־וועגונג פון די לעבעדיקע ברואים. אָבער דאָס קען זי נאָר טאָן ווען זי איז אַליין אין שטענדיקער באַוועגונג, ווייל די מעכאַנישע באַוועגונג, וועלכע איז די איינציקע, וואָס ווערט אָנערקענט פון די אַטאָמיסטן, קען נאָר אַרויס־געבראַכט ווערן פון דעם וואָס איז אין באַוועגונג. די נשמה מוז דערפאַר באַשטיין פון דער אַממערסטן־באַוועגנדער סובסטאַנץ — פון פיינע, גלאַטע און רונדע אַטאָמען — מיט אַנדערע ווערטער, פון פייער.

און דאָס זעלבע אַנטשטייט פון דער צווייטער הויפּט־קוואַליטעט פון דער נשמה, דאָס וואָס דערשיינט גלייכצייטיק מיטן באַלעבנדן כוח — די קראַפט פון דענקען; ווייל אויך דענקען באַשטייט פון באַוועגונג. די פייער־דיקע טיילכעלעך זיינען אַלעמאָל אָנגענומען געוואָרן פון דעמאָקריטוסן, אַז זיי זיינען צעשפּרייט איבערן גאַנצן קערפּער; דער קערפּער איז באַלעבט אין אַלע זיינע טיילן, דערפאַר וואָס עס זיינען פאַראַן אין זיי אַטאָמען, וואָס לויט זייער נאַטור געפינען זיי זיך אין אַ שטענדיקער באַוועגונג און זיי באַוועגן אויך דאָס, וואָס עס געפינט זיך אַרום זיי. פּאַקטיש גייט ער אַזוי ווייט, אַז ער זאָגט, אַז עס געפינט זיך אַ נשמה־אַטאָם צווישן צוויי קערפּער־אַטאָמען. אָבער דאָס מיינט, אַז די באַוועגונגען פון די אַטאָמען זיינען אין אַלע טיילן פונעם קערפּער די זעלבע, פאַרקערט, לויט דעמאָקריטוסן קומט אויס, אַז די פאַרשיידענע פאַקולטעטן פון דער נשמה האָבן זייער זיץ־פּלאַץ אין פאַרשיידענע טיילן פונעם קערפּער: דענקען איז אינעם מאַרך, כעס געפינט זיך אינעם האַרץ און פאַרלאַנגען האָבן זייער זיץ־פּלאַץ אינעם לע־בער" (פּרע־סאָקראַטיק פילאָסאָפיע, באַנד 2, זז. 256־258).

ווי מען קען זען, האָט דעמאָקריטוס פאָרמולירט אַ ריין מאַטעריאַליס־טישן און דעטערמיניסטישן פילאָזאָפישן סיסטעם אין וועלכן עס איז ניט נאָר ניט געווען קיין פּלאַץ פאַר קיין גייסטער, נאָר אפילו ניט פאַר קיין צוועקן און אולטימאַטיווע פּרינציפּן: די באַוועגונג פון מאַטעריעלע אַטאָמען איז געווען דער איינציקער ווירקנדער פאַקטאָר.

ווי פריער געזאָגט, האָט דעמאָקריטוס ניט געשאַפן קיין שול און האָט אויך ניט געהאַט קיין תלמידים; די שפּעטערדיקע געשיכטע אָבער דערציילט, אַז דעמאָקריטוס האָט אין זיין שטאָט איינמאָל געזען אַ טרעגער וואָס האָט קונציק צוזאַמענגעלייגט ברעטער צום טראָגן, האָט ער זיך מיט אים צערעדט און ער איז בשתומם געוואָרן פון זיינע שנעלע און שאַרפע ענטפערס אויף זיינע פראַגן. ער האָט אים גענומען פאַר אַ תלמיד. דאָס איז געווען פּראָטאַגאָרוס, דער ערשטער סאָפיסט.

מען גלויבט ניט איינעם אמת פון דער געשיכטע, מען נעמט אָבער אָן אַז פּראָטאַגאָרוס איז באַאיינפלוסט געוואָרן פון דעמאָקריטוסעס מאַטעריאַליזם, הגם ער האָט ניט גענומען דעמאָקריטוסעס שטאַנדפּונקט פאַר זיין אויסגאַנגס־פּונקט. דעמאָקריטוס האָט גענומען די אויסערלעכע נאַטור פאַר זיין אויסגאַנגס־פּונקט און האָט דורך אירע אייגנשאַפטן, ווי ער האָט זיי פאַרשטאַנען, געוואָלט דערקלערן דעם מענטשן און זיין וויסן פון דער וועלט. פּראָטאַגאָרוס, און מיט אים די איבעריקע סאָפיסטן, האָט גענומען דעם מענטשן מיט זיין זינלעכער דערפאַרונג (פענאָמענאַליזם, אָדער סענסואַליזם) אַלס זייער אויסגאַנגס־פּונקט. מען קען זאָגן אַז די סאָפיסטן האָבן געשאַפן דעם בריק איבער וועלכן דער גריכישער געדאַנק איז איבערגעגאַנגען פונעם מאַטעריאַליזם צום פּלאַטאָנישן אידעאַליזם. מען דאַרף אָבער ניט זיין פּעדאַנטיש וועגן דעם: אויף פּלאַטאָנען האָבן געווירקט פּערמאַנידעס, העראַקליטעס און פּיטהעגאָרעס מער ווי דעמאָקריטוס און די סאָפיסטן.

אַריסטאָטעל, זאָגט לאַנגע, האָט גענומען מער פון דעמאָקריטוסן, ווי ער גיט אים קרעדיט; איבערהויפּט, זאָגט ער, איז אַריסטאָטעל געווען אַ גרויסער נעמער און האָט ניט אויסגעזאָגט אַז ער נעמט פון אַנדערע... דערפאַר טאַקע, וואָס ער האָט אָנגעגעבן געהערטעס אַלס אייגענע באַאָבאַכטונגען, געפינט מען ביי אים אַזוינע גראָבע טעותן, וואָס אַ באַאָבאַכטער וואָלט זיי פאַר קיין פאַל ניט געקענט מאַכן; ווי, צום ביישפּיל, אַז אַ זכר האָט מער ציין פון אַ נקבה, אַז אַ מענטש האָט אַכט ריפּן א. אַז. וו. (זע היסטאָריע אָוו מאַטעריאַליזם, ז. 81, נאָטיץ 51). געוויס איז דאָס געווען זיינע שוואַכקייט; ער איז אָבער ניט געווען קיין אויסנאַם מיט דעם מעטאָד: אין זיין צייט איז מען ניט געווען אַזוי פּינקטלעך און פאַרזיכטיק, ווי מען איז איצט אין אַזוינע ענינים.

טאַקע שטודירנדיק דעמאָקריטוסן האָט ער זיך דערטראַכט צו אַן אמת, וואָס האָט פון איין זייט צוגענומען דעם דינאַמישן פּרינציפּ פון דער אַטאָמענלערע און האָט זי געמאַכט אימפּאָטענט און פון דער צווייטער זייט האָט ער אים געפירט צו אַ פאַטאַלן טעות, וואָס איז געווען פיל ערגער פון דעמאָקריטוסעס שוואַכן פּונקט.

דעמאָקריטוס האָט אָנגענומען, אַז די רעאַליטעט באַשטייט פון אַטאָמען, וואָס באַוועגן זיך אין אַ ליידיקן רוים. די באַוועגונג באַשטייט פון אַ „פאַלן״ פון די אַטאָמען, איז אַזוי ווי, לויט זיין מיינונג, פאַלן שווערע אַטאָמען שנעלער, שלאָגן זיי זיך אָן אין די לייכטערע און ענדערן זייער „פאַלן״; זיי נעמען זיך באַוועגן אין פאַרשיידענע ריכטונגען: זייער צוזאַמענפאַלן און צעטיילונג פאַרמירט און צעשטערט וועלטן.

אַריסטאָטעל האָט אָבער איינגעזען אַז „אין אַ ליידיקייט וואָלטן אַלע זאַכן גע־מוזט פאַלן גלייך". דאָס איז אַ פונדאַמענטאַלער נאַטור־אמת, וואָס האָט צוגענומען דעם דינאַמישן פּרינציפּ פון דער אַטאָמען־לערע: דעמאָקריטער־סעס „וועלטן" האָבן פאַרלוירן דעם בויענדן און צעשטערנדן פאַקטאָר... אַריסטאָטעל האָט אָבער געצויגן אַ שלוס אַז „דערפאַר איז ניט מעגלעך קיין ליידיקייט (וואַקאום) אינעם רוים, ער מוז זיין אָנגעפּילט און — עס מוזן עקזיסטירן אונטערשיידן אינעם מידיאום (רוים)". אויף דעם טעות האָט ער געבויט זיין פיזיקאַלישע „וויסנשאַפט", וואָס איז באַשטאַנען פון הוילע טעותן.

צעלער זאָגט, אַז היסטאָריקער שרייבן אָפּט, אַז די סטויאיקער זיינען געווען מאַטעריאַליסטן דערפאַר, וואָס זיי האָבן גענומען העראַקליטוסן פאַר זייער אויסגאַנגס־פונקט און די עפּיקורייער זיינען געווען מאַטעריאַליסטן דערפאַר, וואָס זיי האָבן גענומען דעמאָקריטוסן פאַר זייער אויסגאַנגס־פונקט. דאָס איז, לויט זיין מיינונג, אַ טעות; ריכטיקער וואָלט געווען ווען מען זאָגט אַז זיי האָבן גענומען די דאָזיקע דענקער פאַרן אויסגאַנגס־פונקט, ווייל זיי האָבן געשטימט מיט זייער פונדאַמענטאַלן אינטערעס און געמיט־צושטאַנד. ער זאָגט: „אורשפּרינגלעך, אָפּגעבנדיק זייער גאַנצע ענערגיע צו פּראַקטישע פראַגן, האָבן די סטויאיקער אין זייער טעאָריע פון דער נאַטור אָנגענומען דעם שטאַנדפּונקט פונעם שכל הישר, וועלכער ווייסט ניט פון קיין אַנדער רעאַליטעט, אויסער דעם סענסועלן און קערפּערלעכן. אין אַלע זייערע ספּעקולאַציעס איז זייער הויפּט־צוועק געווען צו אַנט־דעקן אַ פעסטן באָדן פאַר דער מענטשלעכער אַקטיוויטעט. אין זייערע האַנדלונגען ווערן מענטשן געבראַכט אין דירעקטער באַרירונג מיט אויסערלעכע אָביעקטן" (זע באַנד 3, סטויאיקער, עפּירואייער און סקעפּ־טיקער, ז. 129). און „די אַפּאַטיע פון די סטויאיקער, דער זעלבסט־צו־פרידנהייט פון די עפּיקורייער און די רואיקייט פון די סקעפּטיקער זיינען געווען לערעס וואָס זיינען געווען פּאַסיק פאַר דער פּאָליטישער הילפלאָזיקייט פון יענער צייט" (דאָרט, ז. 17).

געווייינטלעך שאַדט ניט אַביסל סקעפּטיציזם, ווען מען לייענט, צום ביישפּיל, אַז פּלאַטאָנס אידייען־לערע איז געווען אַ רעזולטאַט פונעם עקאָנאָמישן צושטאַנד אין אַטהען... מען קען דעם מענטשנס ספּעקולאַ־טיוון געדאַנק ניט דערקלערן אויף אַזאַ איינפאַכן אופן. אָבער וואָס אָנ־באַלאַנגט די סטויאיקער און עפּיקורייער, מעג מען אָננעמען, אַז צעלער איז גערעכט ווען ער זאָגט, אַז אין זיי שפּיגלט זיך אָפּ דער אַלגעמיינער צושטאַנד פון די גריכן פון זייער צייט.

ווען די גריכן האָבן פאַרלאָרן זייער זעלבסטשטענדיקייט, האָבן זיי פאַרלוירן די חשיבות אין זייערע אייגענע אויגן און אויך דעם זיכערן באָדן פון אונטער זייערע פיס, — איז געווען נאַטירלעך, אַז זיי זאָלן זיך געווען נעמען זוכן אַ פעסטן באָדן אויף וואָס זיך אָנצושפּאַרן (זייער רעליגיע האָט פאַר זיי קיין אָנשפּאַר ניט געקענט זיין). זיינען דאָך דער סטויאיציזם און דער עפּיקורייעניזם געווען האַלב פילאָזאָפישע און האַלב רעליגיעזע געזעלשאַפטלעכע באַוועגונגען.

פון די צוויי פילאָזאָפישע לערעס פונעם העלעניזם איז דער סטויאיציזם געווען אַ פיל טיפערע און אינטערעסאַנטערע לערע פונעם עפּיקורייעניזם; ער האָט אפילו אין זיך געהאַט אַן אָריגינאַליטעט: זיין מאַטעריאַליזם האָט אין זיך געטראָגן דעם פּאַנטעאיסטישן געדאַנק פון וועלכן פילאָן, דער נעאָ־פּלאַטאָניזם, דער קריסטנטום און לעצטנס שפּינאָזע זיינען באַאיינפלוסט געוואָרן. דערפאַר טאַקע שטעלט מען אָפט אַ פראַגע־צייכן וועגן דעם מאַטעריאַליזם און אפילו דעם מאָניזם פונעם סטויאיציזם. די שפּראַך פון די סטויאיקער איז געוויס אַ מאַטעריאַליסטישע; זיי זעלבסט האָבן זיך געהאַלטן פאַר ריינע מאַטעריאַליסטן, ווי אַ פאַר אויסצוגן וועלן עס דע־מאָנסטרירן. זיי זאָגן: „קיין ניט קערפּערלעכע זאַך קען ניט פילן און קען ניט באַווירקט ווערן פון קיין קערפּער און ניט קען אַ קערפּער פילן ניט קערפּערלעכעס. אָבער די נשמה פילט דורכן גוף אין קראַנקהייט, אָדער דעם מעסער־שניט און דער פוס פילט ווען מיט דער נשמה; דער גוף ווערט רויט, ווען די נשמה ווערט פאַרשעמט און ער ווערט בלייך, ווען די נשמה האָט מורא. דערפאַר איז די נשמה אַ קערפּער". ווייטער: „טויט באַשטייט פון אַן אָפּטיילונג פון דער נשמה פונעם גוף. אָבער אַ ניט קערפּערלעכעס טיילט זיך ניט אָפּ פון קערפּער, ווייל אַזאַ קאָנטאַקט איז אוממעגלעך. אָבער די נשמה איז אין קאָנטאַקט מיטן גוף און טיילט זיך אָפּ פון אים: פאָלגלעך איז די נשמה אַ קערפּער" (ציטירט לויט פּ. ע. מורס, העלעניסטיק פילאָ־סאָפיעס, זז. 76־77).

אָבער לאנגע זאָגט: „אויפן ערשטן בליק קענען מיר אָננעמען, אַז עס איז ניטאָ קיין מער אויסגעהאַלטענער מאַטעריאַליזם, ווי דער פון די סטויאיקער, וואָס דערקלערט אַז עס איז ניטאָ קיין אַנדער רעאַליטעט ווי קערפּערס. גאָט און די מענטשלעכע נשמה, טוגנט און עמאָציעס זיינען קערפּער... דאָס קלינגט גענוג מאַטעריאַליסטיש; פונדעסטוועגן איז צו דער זעלבער צייט דער הויפּט־שטריך פון מאַטעריאַליזם אין דער לערע ניטאָ: און דאָס איז די ריינע מאַטעריעלע נאַטור פון מאַטעריע. עס גייט אָפּ דער לערע דער געדאַנק, אַז די אַנטשטייאונג פון אַלע דערשיינונגען, איינ־שליסנדיק יענע וואָס האָבן אַ שייכות צו צופּאַסונג און גייסט, דורך די באַוועגונגען פון מאַטעריע לויט די אוניווערסאַלע געזעצן פון באַוועגונג. די מאַטעריע פון די סטויאיקער באַזיצט די פאַרשיידנסטע כוחות און עס איז פונדאַמענטאַל די קראַפט וואָס מאַכט פון איר דאָס, וואָס זי איז אין יעדן ספּעציעלן פאַל. די קראַפט פון אַלע קרעפטן איז דאָס געטלעכע (דעעטי), וואָס דרינגט דורך און באַוועגט דעם גאַנצן אוניווערס מיט זיין איינפלוס. אַזוי שטייט ביי זיי דאָס געטלעכע און די ניט דעטערמינירטע מאַטעריע איינס קעגן אַנדערן, ווי ביי אַריסטאָטעלן די פאָרמע און מאַטעריע. געוויס האָבן די סטויאיקער ניט קיין טראַנסענדענטאַלן גאָט און ניט קיין נשמה, וואָס איז אינגאַנצן אומאָפּהענגיק פונעם גוף, אָבער צו דער זעלבער צייט איז זייער מאַטעריע אינגאַנצן דורכגעדרונגען און ניט נאָר באַאיינפלוסט פון נשמה. זייער גאָט איז אידענטיש מיט דער וועלט, אָבער ער איז מער פון זעלבסט־באַוועגנדער מאַטעריע; ער איז „דער פייערדיקער פאַר־שטאַנד פון דער וועלט", דער דאָזיקער פאַרשטאַנד אַרבעט אויף דעם וואָס איז פאַרנונפטיק און צוועקמעסיק... אַנטראָפּאָמאָרפיזם, צוועקמעסיקייט

און אַ טיפער אָפּטימיזם באַהערשט די סטויאישע סיסטעם און איר אמתער כאַראַקטער מוז דערקלערט ווערן אַלס פּאַנטעאיסטיש" (היסטאָריע אָוו מאַטעריאַליזם, 96־97).

דער סטויאיציזם האָט אין זיך געהאַט אַ היבשן מיסטישן עלעמענט (פּאַנטעאיזם איז אַלעמאָל מיסטיש). שוין העראַקליטוס, דער טונקעלער, איז געווען מיסטיש, האָבן זיי אים נאָך צוגעגעבן אָריענטאַלן מיסטיציזם ווי די באַשרייבונג פון דער פאַרמירונג פון „וועלטן" באַווייזט עס. לויט זייער לערע קומט די פאָרמירונג פאָר ווי פאָלגט: „די פאָרמאַציע פון דער וועלט קומט פאָר דורך דער פאַרענדערונג פונעם אָריגינעלן געטלעכן פייער אין לופט און אין וואַסער. פון דער וואַסער ווערט אַ טייל ערד, אַ טייל בלייבט וואַסער און דער דריטער טייל ווערט פאַרענדערט אין לופט דורך אויסדאַמפונג און ענדלעך ווערט דער טייל צוריק אָנגעבונדן אין פייער. די צוויי געדיכטערע עלעמענטן, די ערד און די וואַסער, זיינען געוויינטלעך פאַסיוו, די צוויי פיינערע עלעמענטן, די לופט און דער פייער, זיינען געוויינטלעך אַקטיוו.

צום סוף פון אַ באַשטימטן קאָסמישן פעריאָד ווערן אַלע זאַכן צוריק אַריינגעצויגן אין דער געטלעכקייט; דער גאַנצער אוניווערס ווערט אויפ־געלייזט אין פייער אין אַן אַלגעמיינער פאַרברענונג. די עוואָלוציע פון דער וועלט הויבט זיך אָן פון דאָס ניי; און אַזוי אָן אָן ענד. די אַנט־שטייאונג און די צעפאַלונג פון דער וועלט ווערט קאָנטראָלירט דורך אַבסאָלוטער נויטווענדיקייט, וואָס איז נאָר אָן אַנדער אויסדרוק פאַר דער אונטערוואָרפונג פון דער נאַטור אונטער געזעץ, אָדער פאַרן געטלעכן פאַרשטאַנד. די דאָזיקע נויטווענדיקייט איז צו דער זעלבער צייט דער גורל און השגחה וואָס רעגולירט אַלע זאַכן. די מענטשלעכע נשמה איז אַ טייל פון דער געטלעכקייט, אָדער אַן עמאַנאַציע פון איר; די נשמה און איר קוואַל ווירקן איינע אויף די אַנדערע. די נשמה איז דער וואַרעמער אָטעם אין אונדז" (זע עבערוועג, אַ היסטאָריע אָוו פילאָסאָפיע, ב. 2, ז. 194.)

אַזוי ווי דאָ האַנדלט זיך וועגן דעם קערפּער־פּאַרשטאַנד פּראָבלעם, אָדער ווי ער ווערט דערווייל אָנגערופן, די גוף־נשמה פאַרבינדונג, קען די סאָציאַל־עטישע לערע פונעם סטויאיציזם און, נאַטירלעך, אויך פונעם עפּיקורייעניזם, אינגאַנצן אויסגעלאָזט ווערן; ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס פאַר זיי איז דאָס געווען די וויכטיקסטע פראַגע. מיט דער באַמערקונג קען מען איבערגיין צום עפּיקורייעניזם.

דער עפּיקורייעניזם איז געווען אַ ריינע קאָפּיע פון דעמאָקריטוסעס מאַטעריאַליזם; אויב ער האָט איבערהויפּט געהאַט אַן אָריגינעלן געדאַנק, איז עס ניט געווען אין זיין רעאַליטעט־באַגריף אין שייכות צום גוף און דער נשמה. ער האָט נאָכגעזאָגט דעמאָקריטוסן, אַז „פון גאָרניט קען קיין זאַך ניט אַרויסקומען. אַלץ וואָס עקזיסטירט איז קערפּערלעך; דאָס איינציקע וואָס איז ניט קערפּערלעך איז דער ליידיקער רוים.

איניקע קערפּערס ווערן פאָרמירט פון קאָמבינאַציעס, אַנדערע זיינען די, פון וועלכע קאָמבינאַציעס ווערן פאָרמירט. די לעצטע זיינען ניט טיילבאַר און אבסאָלוט ניט ענדערענד... די אַטאָמען געפינען זיך אין שטענדיקער באַוועגונג; איניקע פון זיי זיינען ווייט צווישן זיך און אַנדערע

קומען נאָענט און קאָמבינירן זיך... די אַטאָמען האָבן ניט קיין שום קוואַ־ליטעטן, אויסער מאָס, פאָרמע און וואָג... אינעם ליידיקן רוים איז ניטאָ ניט קיין אונטן און ניט קיין אויבן; אָבער אויך אין אים קען איין ליניע פון באַוועגונג זיין אין קעגנזאַץ צו אַן אַנדערער. אַזעלכע ליניעס זיינען אַן אַ צאָל און אין שייכות צו זיי קענען מיר דענקען וועגן אַן אונטן און אַן אויבן.

די נשמה באַשטייט פון אַ פיינער סובסטאַנץ, וואָס איז אויסגעשפּרייט איבער דער גאַנצער מאַסע פונעם קערפּער, און קוקט אויס ענלעך צו לופט מיט אַן אַריינפלוס פון וואַרעמקייט.. דער קערפּער שליסט איין די נשמה און גיט איר איבער איינדרוקן; ער נעמט אַנטייל אין די סענסאַציעס דורך דער הילף פון דער נשמה ווען דער קערפּער ווערט צעשטערט, ווערט די נשמה אויך אויפגעלייזט" (זע, לאנגע, היסטאָרי אָוו מאַטעריאַליזם, זז 105־106) און „לעבעדיקע אָרגאַניזמען ווערן פאָרמירט פון אַ צוזאַמענ־שטויס פון פאַרשיידענע אַטאָמען. די נשמה, אָדער דער לעבנס-פּרינציפּ, איז ניט מער ווי אַ צוזאַמענשטעל פון פיינערע אַטאָמען, אַ מין פייערדיקער־דאַמף איינגעשלאָסן אין דער קערפּערלעכער סטרוקטור פון די גרעסערע אַטאָמען, וואָס ווערן פאַרשוואונדן, ווען די כלי ווערט צעשטערט אפילו די געטער זיינען מאַטעריעלע און זיינען אונטערוואָרפן פאַנאַנדערפאַלונג" (פּ. ע. מור, העלעניסטיק פילאָסאָפיס, זז. 47־48).

אין איין וויכטיקן פונקט אונטערשיידט זיך עפּיקורייעניזם פון דע־מאָקריטוסן און דאָס איז אין דעם „פאַלן" פון די אַטאָמען. לויט דעמאָ־קריטוסן קומט אויס אַז דער אונטערשייד אין דער שנעלקייט פונעם „פאַלן" פון די פאַרשיידענע אַטאָמען איז דער דינאַמישער פאַקטאָר, וואָס איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער פאָרמירונג און דער צעשטערונג פון „וועלטן" די דערקלערונג האָט ניט צופרידנגעשטעלט די עפּיקורייער. זאָגט לוקרעציעס אין „דע רערום נאַטוראַ", ווען אַטאָמען ווערן געטראָגן אַראָפּ דירעקט אין דער ליידיקייט לויט זייער אייגענער וואָג, ענדערן זיי אָביסל זייער ליניע. ווען זיי וואָלטן ניט געמאַכט די ענדערונג, וואָלטן זיי גע־פאַלן גלייך ווי טראָפּנס אין אַ רעגן אין אַ ליידיקייט און קיין צוזאַמענ־שטויסן וואָלטן ניט פאָרגעקומען צווישן די אַטאָמען און די נאַטור וואָלט אונטער אַזעלכע אומשטענדן ניט געקענט פּראָדוצירן קיין שום זאַך" (ציטירט לויט מורס העלעניסטיק פילאָסאָפיע, ז. 49). אויף דעם פּלאַץ ווערט דער דעטערמיניסטישער מעכאַניזם אונטערבראָכן און אַ פרייער פאַק־טאָר ווערט אַריינגעפירט.

אין זיין דערקלערונג פון די פאַרשיידנאַרטיקייטן אין דער נאַטור איז דער עפּיקורייעניזם געקומען נאָענט צו דער דאַרוויניסטישער אינטערפּרעט־טאַציע פון עוואָלוציע. ער זאָגט: „די אומאָרגאַנישע און אָרגאַנישע מאַסן, פון וועלכע די וועלט איז צוזאַמענגעשטעלט, ווערן אַרויסגעוואָרפן פון דער נאַטור אַן אַ פּלאַן און אויף פאַרשיידנאַרטיקע אופנים. די וואָס זיינען צופע־ליקערווייז געבויט מער פּאַסיק און פּאַסן זיך אַריין אין זייער סביבה, דויערן און ווען ס'האַנדלט זיך וועגן לעבעדיקע ברואים, ברענגען זיי אַרויס זייער מין; אָבער די איבעריקע ווערן צעבראָכן און פאַרשווינדן אַ דאַנק די אומענדלעכע צוזאַמענשטויסן און קאָנפליקטן" (דאַרטן). דאָס איז דאַרוויניזם.

פֿאַרשטייט זיך אַז עס דאַרף ניט מיינען, אַז די עפּיקורייער האָבן פֿאַרשטאַנען די אַטאָמישע טעאָריע און עוואָלוציע לויט מאָדערנע וויסנשאַפֿטלעכע באַגריפֿן, עס איז געווען ניט מער ווי אַ פֿילאָזאָפֿישער טרעפֿן, אַ מין משער זיין זיך. אין אַלגעמיין אָבער איז שווער צו זאָגן אויף וויפֿיל די מאַטעריאַליסטישע לערע פֿון יענער צייט און ספּעציעל דער עפּיקורייעניזם איז געווען נאָענט צו מאָדערנע וויסנשאַפֿטלעכע באַגריפֿן. עס הערשט אַ מיינונגס־פֿאַרשיידנ־הייט וועגן דער פֿראַגע.

סער פֿרעדעריק פּאָלאָק איז געווען ביי דער מיינונג, אַז ער איז באַשטאַ־נען „פֿון אַן אמתן פֿאַרזוך צו דערקלערן די וועלט אויף אַ וויסנשאַפֿטלעכן אופֿן". רענאַן זאָגט, אַז עס איז געווען: „די גרויסע וויסנשאַפֿטלעכע שול פֿונעם אַלטערטום". פֿון דער צווייטער זייט זאָגט בען: „עס איז פֿולשטענדיק צום שטוינען ווי אַזוי מען קען אפֿילו דענקען וועגן וויסנשאַפֿט אין פֿאַר־בינדונג מיט עפּיקורן; ער געפֿינט אפֿילו ניט „קיין פֿונק פֿון אַן אמת וויסנשאַפֿטלעכן גייסט" אין אים" (ציטירט לויט מורס העלעניסטיק פֿילאָסאָ־פֿיעס, זז. 51־52).

נאָך שווערער איז צו ענטפֿערן אויף דער ברייטערער פֿראַגע פֿאַרוואָס די מאַטעריאַליסטישע פֿילאָזאָפֿיע, וואָס האָט לכל הדעות געהאַט אַ וויסנ־שאַפֿטלעכן צוגאַנג צו דער וועלט פֿון איין זייט, און די אַקטועלע וויסנשאַפֿט אין אַלעקסאַנדריע, וואָס האָט געהאַט אַזוינע גלענצנדע פֿאַרשטייער ווי יוקליד אין דער מאַטעמאַטיק, אַרכימעד אין דער פֿיזיק, פּטאָלאמעע אין דער אַסטראָ־נאָמיע און העראָפֿילוס אין דער מעדיצין א. אַז. וו. א. אַז. וו. וואו יעדער איינער פֿון זיי איז פּאַקטיש געווען אַן עקספּערימענטאַלער פֿאָרשער אין זיין פֿאַך, פֿון דער צווייטער זייט, פֿאַרוואָס זיי האָבן ניט געקענט ווירקן אויף דער וועלט פֿון יענער צייט, אַז זי זאָל אַנטוויקלען אַ וויסנשאַפֿט און ניט אַריינפֿאַלן אין אַזאַ פֿינצטערן אַבערגלויבן פֿאַר אַזאַ לאַנגער צייט? אין אַלגעמיין איז שווער צו ענטפֿערן אויף דער פֿראַגע; די איינציקע דערקלערונג, וואָס לייגט זיך אויפֿן שכל איז, אַז אי די פֿילאָזאָפֿיע, אי די וויסנשאַפֿט האָבן נאָר באַרירט אַ דינעם שיכט פֿון דער דעמאָלטדיקער מענטשהייט. די גאָר גרויסע מאַיאָריטעט איז אונטערגעפֿאַלן אונטער דעם אָריענטאַלישן מיסטישן אַבערגלויבן, וועלכער האָט אָפּגעווישט דעם דינעם שיכט פֿון דער גריכישער פֿילאָזאָפֿיע. דער קריסטנטום באַרימט זיך, אַז ער האָט זיך פֿאַרשפּרייט פֿונעם „אונטן אַרויף"; יאָ, ער האָט זיך פֿאַרשפּרייט פֿונעם „אונטן", דעם „אויבן" אָבער האָט ער פֿאַרניכטעט...

ווען דער מאָנאָטעאיזם האָט פֿאַרנומען דעם פּלאַץ פֿונעם מאַטערי־אַליזם האָט דער גוף און נשמה פֿאַרבינדונג געקראָגן אַן אינטערפּרע־טאַציע, וואָס באַלאַנגט ניט צו פֿילאָזאָפֿיע. אין דער אַראַבישער וועלט האָט דער דעמאָקריטישער מאַטעריאַליזם ווידער אויפֿגעלעבט, אָבער דאָס איז נאָר געווען אַלס הילף צום איסלאַם און ניט אַלס זעלבסטשטענדיקע פֿילאָ־זאָפֿישע סיסטעם. עס איז ניט באַוואוסט, אַז עפּעס זאָל געווען צוגעגעבן ווערן אין יענער צייט צום קערפּער־פֿאַרשטאַנד פּראָבלעם.

# קערפּער־פאַרשטאַנד פּראָבלעם (נייע צייט)

מען דערציילט, אַז פּטאָלאמעי, דער קעניג פון מצרים, האָט געפרעגט יוקלידן, דעם שאַפער פון דער געאָמעטריע, צי עס איז ניטאָ קיין דירעקטער וועג צו קענען שטודירן געאָמעטריע. און מען זאָל אויסמיידן דעם שטודיום פון די „עלעמענטן"? האָט אים יוקליד געענטפערט, אַז אין דער געאָמעטריע זיינען ניטאָ קיין דירעקטע קעניגלעכע וועגן (זע שעדוויק און טיילאָר: אַ שאָרט היסטאָריע אָוו סייענס, ז. 88).

גענומען אינעם ברייטן זין מיינט עס, אַז אין דער וויסנשאַפט זיינען ניטאָ קיין קורצע וועגן; מען מוז שטודירן פון דעם אָנהויב ביז דעם סוף. אַט דער דאָזיקער אמת איז שוין געווען דער אויסגאַנגס־פונקט פון דער וויסנ־שאַפט גלייך פון איר אָנהויב; ער איז געווען באַקאַנט צו דעמאָקריטוסן אינעם פינפטן יאָרהונדערט פאַר דער איצטיקער צייט־רעכענונג און איז געווען באַקאַנט צו יוקלידן אינעם דריטן יאָרהונדערט; אָבער ניט אַלע האָבן אים נאָכגעפאָלגט. אייניקע, און גאַנץ וויכטיקע וויסנשאַפטלער פון דער אַלטער צייט, האָבן געדענקט אַז ס'זיינען פאַראַן אַזוינע קורצע וועגן („קעניגלעכע") אין דער וויסנשאַפט.

ווען מען לייענט אַריסטאָטעלס ביאָלאָגישע אָפּהאַנדלונגען און מען באַ־קאַנט זיך מיט גאַלענס מעדיצינישע ווערק, קריגט מען דעם איינדרוק, אַז זיי האָבן געדענקט, אַז אין די וויסנשאַפטן זיינען פאַראַן „קעניגס־וועגן" און דערפאַר איז ניט נויטיק נאָכצופאָלגן די פאַקטן און זיין פּינקטלעך מיט זיי... אַז אין די וויסנשאַפטן קען „געהערטעס און געזעענעס" אָנגענומען ווערן פאַר פאַקטן... און וואָס מען ווייסט איבערהויפּט ניט, מעג מען צושטיקעווען מיט דער פאַנטאַזיע. אַבי מען האָט נאָר אַ רייכע פאַנטאַזיע וואָס קען „דערקלערן" אַלץ. וואָס ס'איז וויכטיק, איז צו האָבן אַ „ריכטיקן" שטאַנדפּונקט, אַז מען זאָל האָבן צו וואָס „צוצופּאַסן" די פאַקטן אַז זיי זאָלן שטימען מיט דעם, וואָס מען וויל זיי זאָלן שטימען...

אַ דאַנק דעם דאָזיקן פאַלשן צוגאַנג צו דער וויסנשאַפט און דעם זיין לויז מיט פאַקטן, האָט זיך געפאָדערט, אַז אַ היבשער טייל אַרבעט פון דער מאָדערנער וויסנשאַפטלעכער פאָרשונג זאָל באַשטיין אין אויספּלאָנטערן זיך פון די טעותן אין וועלכע די אַלטע וועלט האָט זיך פאַרפּלאָנטערט און מען קען ניט זאָגן אַז מען איז שוין פאַרטיק מיט דער אַרבעט... די וועלט איז פאַר צוויי טויזנט יאָר געווען פאַרפּלאָנטערט אין טעותן, אין וועלכע אַריסטאָטעל האָט זי פאַרפירט און איז פאַר איבער פופצן הונדערט יאָר געווען פאַרפּלאָנטערט אין גאַלענס טעותן. ערשט פראַנסיס בעקאָן האָט איינ־

געזען אַז „מען טאָר זיך ניט לאָזן פאַרפירן פון זיינע (אַריסטאָטעלס) ביכער וועגן חיות אין וועלכע ער ציטירט עקספּערימענטן דערפאַר, וואָס ער האָט פון פאָראויס באַשטימט וואָס ער וויל אַרויסברענגען אין זיין סיסטעם און ערשט נאָכדעם האָט ער פאַרדרייט די פאַקטן אַזוי, אַז זיי זאָלן שטימען מיט זיין סיסטעם" (ציטירט לויט סעדוויק און טיילאָרס היסטאָריע אָו סייענס, ז. 81).

ווען גאַליליי האָט אויסגעפונען אַריסטאָטעלס פונדאַמענטאַלן טעות, האָט ער זיך אָפּגעזאָגט פון זיין „פיזיק" און האָט זיך גענומען זען ווי אַזוי זאַכן פּאַסירן. מיט דער ענדערונג האָט ער אָפּגעבראָכן מיט דער פאַרגאַנגענהייט און האָט אָנגעהויבן אַ ניי קאַפּיטל אין דער וויסנשאַפט. אָבער דעקאַרט, וועלכער האָט אויך אין פילע זאַכן אָפּגעבראָכן מיט דער פאַרגאַנגענהייט, ער האָט אפילו אָנגעשריבן דעם „ערשטן טעקסטבוך פון פיזיאָלאָגיע אין איי־ראָפּע אין וועלכן ער באַטראַכט דעם מענטשלעכן קערפּער ווי אַ מאַשין... און אין וועלכן ער באַשרייבט צום ערשטן מאָל אַן עקספּערימענט מיט אַ רעפלעקס (פאַרמאַכן פון דעם אויג אום צו פאַרמיידן אַ קלאַפּ) און גיט אויך די ריכטיקע דערקלערונג פאַר דער דערשיינונג, איז ווי אַלע טעאָרעטישע גאַלעניסטן פון זיין צייט, דערקלערט ער אַז די באַוועגונגען פון דעם האַרץ זיינען אַ רעזולטאַט פון אַן אינערלעכן פייער (דיסקורס אָן מעטאָד, ז. 52, דעקאַרט) און אַז אַלע קערפּערלעכע אַקטיוויטעטן ווערן רעגולירט פון אַ ראַציאָנאַלער נשמה וואָס געפינט זיך אין אַ דריז אינעם מאַרך" (זע געריסאָן, היסטאָריע אָוו מעדיסין, ז. 247). ס'מיינט אַז דעקאַרט האָט געגלייבט אַריס־טאָטעלן און גאַלענען הערשן אין דער ביאָלאָגיע, ווי זיי האָבן געהערשט ביז אים. און דאָס איז שוין געווען נאָך דעם ווי האַרווי האָט אַנטדעקט די ציר־קולאַציע פון בלוט, וואָס האָט געמאַכט אַזאַ שטאַרקן רושם אויף אים.

געוויס דאַרף מען ניט פאַרגלייכן די פאַרהעלטעניסמעסיק איינפאַכע פיזי־קאַלישע וויסנשאַפט מיט דער מער קאָמפּליצירטער ביאָלאָגיע און נאָך מער קאָמפּליצירטער פּסיכאָלאָגיע, פונדעסטוועגן איז פאַראַן אַ גרויסער אמת אין דער באַהויפּטונג וואָס דער היסטאָריקער פון דער מעדיצין, טש. זינגער, מאַכט, אַז גאַלען איז פאַר אַזוי לאַנג געבליבן הערשן אין דער מעדיצינישער וויסנשאַפט דערפאַר, וואָס זיינע מיינונגען האָבן געשטימט מיט די רעליגיעזע באַגריפן (זע גריק ביאָלאָדזשיע, ז. 66).

גאַלען, דער אַריסטאָטעל פון דער מעדיצין, איז געווען אַ גריק, וואָס האָט פּראַקטיצירט מעדיצין אין רוים אין דעם צווייטן יאָרהונדערט פון דער איצטיקער צייט־רעכענונג. ער האָט גענומען אַריסטאָטעלס פילאָזאָפישן באַ־גריף פאַר זיין אויסגאַנגס־פונקט און האָט אָנגעשריבן אַ ריי מעדיצינישע ווערק אין וועלכע ער האָט דערקלערט די פאַרשיידנסטע פונקציעס פון דעם אָרגאַניזם פון דעם שטאַנדפּונקט פון פאַרוואָס זיי קומען פאָר אויף דעם באַשטימטן אופן און ניט אויף קיין אַנדער אופן. ער האָט אָנגענומען אַז ווען מען אָטעמט, נעמט מען אין זיך אַריין אַ „חיה־גייסט וואָס באַשטייט פון אַזאַ עפיר, וואָס איז אַ טייל פון דער וועלט־נשמה" (דאַרטן). דער דאָזיקער עפיר ווערט אין דעם לעבער פאַרוואַנדלט אין „נאַטירלעכע גייסטער", אין דעם האַרץ ווערט ער פאַרוואַנדלט אין „וויטאַלע גייסטער" און אינעם מאַרך ווערט פון אים „חיה־גייסטער" (געריסאָן, היסטאָריע אָוו מעדיסין, ז. 100).

אַזוי ווי אַריסטאָטעל איז געווען דער הערשער אין דער מיטלאַלטער אין דער פילאָזאָפיע און אין דער אַלגעמיינער וויסנשאַפט, אַזוי איז גאַלען געווען דער הערשער אין דער מעדיצין ביז דעם זיבעצנטן יאָרהונדערט, ווען הארווי האָט אַנטדעקט די צירקולאַציע פון בלוט און האָט באַוויזן גאַלענס טעות. אָבער אפילו נאָכדעם האָט מען זיך איינגאַנצן ניט אָפּגעזאָגט פון אים. אפילו דעקאַרט, וואָס האָט זיך אינגאַנצן אָפּגעזאָגט פון אַריסטאָטעלן און איז אַזוי באַגייסטערט געווען פון הארוויס אַנטדעקונג, אַז ער האַלט זי אין איין דער־מאָנען, האָט פונדעסטוועגן איבערגעלאָזט גאַלענס חיה־גייסטער אויף זייער פּלאַץ (זע פּרינציפּלס אָוו פיל. ט 4, ז. 196).

טראַדיציע שטאַרבט איבערהויפּט ניט לייכט און ספּעציעל האָט מען ניט געקענט דערוואַרטן אַז דער טראַדיציאָנעלער נשמה־באַגריף, אַרום וועלכן מען קען זאָגן, אַז דער מענטשלעכער געדאַנק האָט זיך געדרייט פּאַר צוויי טויזנט יאָר, זאָל ער זיך מיטאַמאָל ענדערן. דאָס איז פּשוט געווען אוממעגלעך: ניט דעקאַרט און אפילו ניט די וועלט וואָס איז געקומען נאָך אים, האָט געקענט ענדערן דעם באַגריף, וואָס איז סאַנקציאָנירט געוואָרן פון דער רעליגיע פּאַר 2000 יאָר.

פּאַקטיש איז דער באַגריף נאָך ניט געענדערט געוואָרן ביז היינטיקן טאָג; מיט קליינע אויסנאַמען, ווערט ער נאָך איצט פּאַרטיידיקט אפילו פון דער געבילדעטער וועלט, אויך זי קען זיך פון דעם נשמה־באַגריף ניט באַפרייען.

און פונדעסטוועגן איז אויך אין דער קערפּער־נשמה פּאַראייניקונג דעקאַרט געווען דער ערשטער וואָס האָט געזאָגט דאָס נייע וואָרט; ער האָט עס פּשוט געמוזט זאָגן. אָפּברעכנדיק מיט אַריסטאָטעלן און מיט די באַגריפן פון דער פאַרגאַנגענהייט האָט ער געמוזט מאַכן אַ נייעם אָנפאַנג און, נאַטיר־לעך, האָט ער ניט געקענט אויסלאָזן די באַטראַכטונג פון דעם קערפּער און דער נשמה, וואָס זיינען אַן אינטעגראַלער טייל פון דער פילאָזאָפיע, אויב ניט איר עצם.

ווען מען וויל זיך באַקענען מיט זיין קערפּער־נשמה באַגריף, מוז מען זיך באַקענען מיט זיינע פילאָזאָפישע, אַזוי גוט ווי מיט זיינע ביאָלאָגישע באַגריפן און זען ווי אַזוי ער קאָאָרדינירט זיי, אָדער קאָאָר־דינירט זיי ניט. און דאָס צו זען איז ניט אַזוי לייכט.

ווען אַריסטאָטעל האָט פאָרמולירט זיין סיסטעם האָט ער זיך ניט גע־דאַרפט רעכענען מיט קיין שום אַנדער זאַך, אויסער מיט דער לאָגיק פון זיין אייגענעם דענקען: ניט ער האָט געהאַט אַ פּאַרטיקע וויסנשאַפט מיט וועלכער ער האָט זיך געדאַרפט רעכענען, ניט קיין רעליגיעזע דאָגמעס מיט וועלכע ער זאָל זיך מוזן רעכענען. זייענדיק פולשטענדיק פריי, האָט ער פאָרמו־לירט אַ סיסטעם וואָס האָט אין זיך געטראָגן אַן אינערלעכע גאַנצקייט: אַלע טיילן האָבן געשטימט דערפאַר, וואָס ער האָט זיי אַזוי פאָרמולירט אַז זיי זאָלן האַרמאָנירן צווישן זיך. זיין סיסטעם איז געווען אַ גאַנצע און אויס־געהאַלטענע, זי האָט בלויז געהאַט איין חסרון: זי האָט ניט געשטימט מיט די פאַקטן פון דער קאָנקרעטער דערפאַרונג... דערפאַר האָט מען זי געמוזט אויפגעבן.

דעקאַרטס סיסטעם איז געווען דער רעזולטאַט פון דעם וואָס אַריסטאָ־טעלס סיסטעם האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַלש און זי האָט ניט געשטימט מיט דער דערפאַרונג. דעקאַרט אָבער האָט זיך שוין געמוזט פון איין זייט רעכענען מיט די פאַקטן וואָס האָבן באַוויזן אַז אַריסטאָטעלס סיסטעם איז פאַלש און פון דער צווייטער זייט האָט ער זיך געמוזט רעכענען מיט די רעליגיעזע דאָגמעס פון דער קאַטוילישער קירכע, וואָס האָט געהיט זיין יעדן טראָט. דערפאַר איז זיין פּאָזיציע געווען זייער אַ שווערע.

ווען מען נעמט אין אָנבאַטראַכט אַז ער איז געווען אַ פּיאָנער, וואָס האָט זיינע געדאַנקען אַליין געדאַרפט דערטראַכטן ביז זייער לאָגישן שלוס און מען האָט אין זינען די באַדינגונגען אונטער וועלכע ער האָט פאָרמולירט זיין סיסטעם און צו דער זעלבער צייט האָט ער זיך געמוזט רעכענען מיט האַרטע פאַקטן, פאַרשטייט מען פאַרוואָס ער האָט ניט געהאַט און האָט אויך ניט געקענט האָבן קיין אָרגאַניש־אויסגעהאַלטענע גאַנצקייט אין זיין סיסטעם.

כדי בולט צו זען די באַדינגונגען אונטער וועלכע ער האָט געאַרבעט, וועט געבראַכט ווערן דער טרויעריקער אינצידענט ווי אַזוי ער האָט פאַר־ניכטעט זיין וועלט־סיסטעם (קאָסמאָס). אַזוי ווי ער איז געווען אונטער דער ווירקונג פון דער קופּערניקאַנישער רעוואָלוציע אין דער אַסטראָנאָמיע און פון גאַליליים עקספּערימענטן אין דער פיזיק פון איין זייט און פון האַר־וויס אַנטדעקונג פון דער צירקולאַציע פון בלוט פון דער אַנדער זייט, האָט ער זיך איזאָלירט אין האָלאַנד פאַר 20 יאָר (אַנדערע זאָגן, אַז דאָס איז נאָר געווען אַן אויסרייד, די ווירקלעכע אורזאַך איז געווען דאָס, וואָס ער האָט געוואָלט זיין וואָס ווייטער פון די יעזואיטן...) וואו ער האָט געהאַלטן אין איין פאָרשן און שרייבן. אַלס רעזולטאַט פון זיין לאַנגער אַרבעט איז געווען אַ פילאָזאָפישע וועלט־סיסטעם, און אויך זיינע אַלגעמיינע פיזיאָלאָ־גישע פאָרשונגען.

ווען ער איז פאַרטיק געוואָרן מיט זיין וועלט־סיסטעם און האָט זי גע־וואָלט שיקן צום דרוק, האָט ער אויסגעפונען וועגן גאַליליים גורל פאַר אַן ענלעכער אַרבעט: אָנשטאָט צו דרוקן זי האָט ער זי פאַרברענט...

זאָל ער אַליין דערקלערן פאַרוואָס ער האָט זי פאַרניכטעט; ער שרייבט צו זיין פריינט מערסען אין נאָוועמבער דעם 28טן 1633: „איך פיל זיך ווי אַ שלעכטער צאָלער, וועלכער האַלט אין איין בעטן זיך ביי די קרעדיטאָרן זיי זאָלן אים געבן מער צייט אַזוי גיך ווי די צייט פאַרן צאָלן דעם חוב דער־נעענטערט זיך. איך האָב באמת געדענקט דיר שיקן מיין קאָסמאָס אַלס מתנה פאַר דעם נייעם יאָר. מיט צוויי וואָכן צוריק האָב איך באַשטימט דיר צו שיקן אַ טייל פון אים, אויב איך וועל ניט קענען פאַרטיק ווערן מיטן גאַנצן קאַפּירן. אָבער איך האָב נאָר וואָס אָנגעפרעגט אין לידן און אין אַמסטערדאַם צי זיי האָבן גאַליליייס סיסטעם פון אוניווערס, וואָס איז געדרוקט געוואָרן מיט אַ יאָר צוריק. האָט מען מיך אינפאָרמירט, אַז זי איז געדרוקט געוואָרן, אָבער אַלע קאָפּיעס זיינען גלייך פאַרברענט געוואָרן אין רוים און גאַליליי אַליין איז באַשטראָפט געוואָרן ער זאָל תשובה טאָן. דאָס האָט אַזוי שלעכט געווירקט אויף מיר, אַז איך האָב כמעט ווי באַשטימט צו פאַרברענען מיין מאַנוסקריפּט, איך האָב באַשטימט אים אַמווייניקסטנס קיינעם ניט ווייזן. איך בין מער און מער גענויגט דורכצופירן מיין באַשלוס און אָט פאַרוואָס: ווען

אפילו גאַלילייִ, וואָס איז אַן איטאַליענער, און ווי איך בין אינפאָרמירט, איז ער אַ חשוב ביים פּויפּסט,—ווערט באַשולדיקט אין ניט קיין אַנדער זינד, ווי אין אַ דאָקטרין פון דער באַוועגונג פון דער ערד; וואָס, ווי איך ווייס, האָבן אייניקע קאַרדינאַלן שוין פריער געהאַלטן פאַר אַן אפּיקורסות. אָבער טראָץ דעם איז, אויב מיין אינפאָרמאַציע איז ריכטיק, ווערט זי פאַרשפּרייט אין רוים.

איך בין זיך מודה, אַז אויב זי איז פאַלש, זיינען אַלע מיינע פילאָזאָפישע פּרינציפּן פאַלש; ווייל זיי שטיצן אַלע איינער דעם אַנדערן; זיי אַלע זיינען פאַרקנופּט און פאַרבונדן צווישן זיך ווי אינטעגראַלע טיילן פון מיין אַרבעט. קיין זאַך קען פון איר ניט אַרויסגעלאָזט ווערן, וואָס זאָל ניט זיין טויטלעך פאַר דעם איבעריקן. איך וועל אָבער פאַר קיין פאַל ניט דרוקן קיין זאַך, וואָס וועט ניט צופרידנשטעלן דעם קלויסטער און איך וועל עס בעסער איינגאַנצן אונטערדריקן איידער איך וועל זיך דערלויבן עס צו דרוקן אין אַ צעקאַליעטשעטער פאָרמע״ (ציטירט לויט קונא פישערס „דעקאַרט״, פון אייוועריעכטס דעקאַרט און שפּינאָזע, זז. 21־23).

אַזוי האָט דעקאַרטס וועלט־סיסטעם (קאָסמאָס) קיינמאָל ניט געזען די ליכטיקע שיין, ער האָט פאַרניכטעט דעם מאַנוסקריפּט. אייוועראַך קאָמענטירט אַז דעקאַרט איז ניט געוועזן פאַרמירט פון דעם מאַטעריאַל, פון וועלכן מאַרטירער ווערן געשאַפן; ער איז ניט דער איינציקער וואָס אינסינואירט וועגן דעקאַרטס שרעקעדיקער נאַטור. געוויס, היסטאָריש גענומען, וואָלט געוועזן פיל בעסער, ווען דעקאַרט וואָלט געהאַט מער מוט; ווען מען ווייסט אָבער וואָס ס׳האָט געטראָפן מיט סערוועטוסן, דעם מעדיצינער, וועמען מען האָט פאַרברענט צוזאַמען מיט זיין בוך אין 1553 און ווי גריסאָן זאָגט אין דער געשיכטע פון מעדיצין: „פאַר דעם איינציקן חטא וואָס ער האָט געדענקט ערלעך״. וואָס דזשאָרדאַנאָ ברונאָ האָט געקראָגן אין יאָר 1600 ווייסט מען אויך. און מען קען זיך פאָרשטעלן מיט וואָס גאַלילייִ וואָלט געוועזן אָפּגעשניטן, ווען ער זאָל ניט געווען קניען פאַר די קאַרדינאַלן און זיך ניט אָפּזאָגן פון די אמתן אין וועלכע ער האָט בשום אופן ניט געקענט צווייפלען...

ווען מען ווייסט דאָס אַלץ, איז שווער צו פאַרשטיין ווי אַזוי אַ גלח (אייוועראַך) אינסינואירט וועגן דעקאַרטס שרעקעדיקער נאַטור; גוט איז אים, ווען ער קען אינסינואירן איינעם וואָס האָט געהאַט גענוג אורזאַך זיך צו שרעקן, ווען ער ווייסט, אַז זיין אינסינואירן וועט אים ניט טאָן קיין שלעכטס, אַז ער האָט זיך ניט פאַרוואָס צו שרעקן.

געוויס דאַרף מען באַדויערן דעם פאַרלוסט פון דעם „קאָסמאָס״, מען דאַרף אָבער פיליכט ניט וויניקער באַדויערן דעם פאַקט, וואָס זיין גאַנצע סיסטעם האָט פיל געליטן פון דעם וואָס ער האָט זיך געפונען אין שטענדיקער מורא פאַר די יעזואיטן. ניט אום צו אַמוזירן זיך האָט ער עטלעכע און צוואַנציק מאָל געביטן זיינע וואוין־פּלעצער פאַר דער צייט וואָס ער האָט זיך געפונען אין האָלאַנד און האָט ענדלעך אָנגענומען די איינלאַדונג פון דער שוועדישער קעניגין און איז געפאָרן אין דעם קאַלטן צפון, וואו ער איז אין פינף חדשים אַרום געשטאָרבן פון לונגען־אָנטצינדונג; דער שרעק פאַרן צאָרן פון דעם קלויסטער האָט אים ניט געגעבן קיין רו. פאַרשטייט זיך, אַז אונטער אַזעלכע באַדינגונגען האָט ער ניט אַלע מאָל אַרויסגעזאָגט דאָס, וואָס

ער האָט געדענקט, יעדנפאַלס האָט ער עס ניט אַרויסגעזאָגט אין דער פאָרמע, וואָס ס׳איז געווען נויטיק. און נאָך דעם אַלעמען ווערט ער מיט רעכט פאַר־רעכנט פאַר דעם פאָטער פון דעם מאָדערנעם געדאַנק; ער האָט דעם דענקען געגעבן אַ נייע ריכטונג, הגם ער איז ניט געווען אַזוי אָריגינאַל, ווי ער האָט געדענקט אַז ער איז.

פאַר דעקאַרטן פאַסט זיך אויסגעצייכנט דער אויסדרוק, אַז דער וואָס אַנטלויפט איז נאָך ניט פריי.. ער האָטווירקלעך געדענקט אַז ער האָט פול־שטענדיק אָפּגעבראָכן מיט דער פאַרגאַנגענהייט, האָט ער דאָך גענומען זיין איגענעם צוויפל פאַר זיין אויסגאַנגס־פונקט. און אין דער ווירקלעכקייט האָט ער טאַקע געמאַכט אַ נייעם אָנפאַנג. עס איז אָבער אויך פאַראַן אַן אמת אין דעם וואָס לציס זאָגן, אַז ער האָט אַרויסגעטריבן די באַגריפן פון דער פאַרגאַנגענהייט דורך דער פאָדערשטער טיר, כדי זיי צוריק אַריינעמען דורך דער הינטערשטער... ער האָט אָפּגעבראָכן מיט דער פאַרגאַנגענהייט און האָט פונדעסטוועגן אינקאָרפּאָרירט אירע באַגריפן אין זיין נייער סיסטעם.

אַריסטאָטעל האָט אָנגעהויבן זיין באַטראַכטונג פון דער וועלט מיט צוויי רעאַליטעטן, מיט „פאָרמע״ און „מאַטעריע״, וואָס אין זאַכן פון דער קאָנקרע־טער וועלט געפינען זיי זיך שטענדיק צוזאַמען; דער אונטערשייד איז בלויז אין זייער פּראָפּאָרציע. דער דאָזיקער דואַליזם שניידט דורך זיין גאַנצע סיס־טעם, כאָטש זי איז אָרגאַניש סינטעזירט. די מיטלאַלטער האָט דעם דואַליזם ניט נאָר געלאָזט, זי האָט אים נאָך פאַרטיפט און אים געגעבן אַ רעליגיעזע סאַנקציע. דער רמב״ם און דער „הייליקער״ אקווינעס האָבן דעם דואַליזם דערהויבן צו אַ רעליגיע־פילאָזאָפיע. אַזוי אַז דעקאַרט האָט פאַר זיך געהאַט אַ ירושה, מיט וועלכער ער האָט זיך געמוזט רעכענען און פאַקטיש האָט ער זיך פון איר אויך פילאָזאָפיש ניט געקענט באַפרייען: מען קען ניט דענקען אָן אַן אינהאַלט. אַריסטאָטעלס אויסגאַנגס־פונקט האָט ער ניט געקענט נעמען; דער לעצטער האָט אָפּגעלעבט זיין צייט און האָט געמוזט גיין, כדי צו מאַכן פּלאַץ פאַר דעם קומענדן נייעם; האָט דעקאַרט אָנגעהויבן פון דאָס ניי דענקען און אויף אַ נייעם אופן אַריינפירן די אַלטע באַגריפן...

אויך ער הויבט אָן מיט אַ דואַליזם, מער פּינקטלעך וואָלט געווען צו זאָגן, אַז ער הויבט ערשט אָן מיט אַ דואַליזם. ער הויבט אָן מיט צוויי באַזונ־דערע עקזיסטענצן אַלס די פונדאַמענטאַלסטע רעאַליטעט פון דער וועלט; ער הויבט אָן מיט 1) אויסגעשפּרייטקייט (דאָס פיזישע) און דענקען (דאָס גייסטיקע). די דאָזיקע צוויי רעאַליטעטן זיינען פון אים פאַרשטאַנען געוואָרן ווי פונדאַמענטאַל פאַרשיידן איינע פון דער צווייטער. נאָר אין דעם מענטשן קומען זיי זיך צוזאַמען אין דער פאָרמע פון קערפּער (אויסגעשפּרייטקייט) און די נשמה (דענקען, דאָס גייסטיקע). אין דער איבעריקער וועלט, דאַרף מען אָננעמען, אַז ס׳הערשט די „אויסגעשפּרייטקייט״: דאָס רוימלעכע.

חיות, ווי ס׳קוקט אויס, זיינען, לויט זיין מיינונג, ניט מער פון מאַשינעס, זיי באַזיצן נאָר דעם עלעמענט פון „אויסגעשפּרייטקייט״, אָבער ניט קיין „נשמה״־עלעמענט. ער זאָגט: „וואָס ס׳איז וויכטיק צו באַמערקן איז דעם אופן פון אַרויסברענגען דעם חיה־גייסט, וואָס איז ניט מער ווי אַזאַ מין פיינער ווינט, אָדער נאָך בעסער, אַ זייער לייכטער און לעבעדיקער פלאַם, וואָס האַלט אין איין שטראָמען פון דעם האַרץ צום מאַרך און פון דאָרט דרינגט ער דורך

די נערוון צו די מוסקולן און ברענגט אין באַוועגונג אַלע טיילן.. דאָס אַלץ ווערט געטאָן לויט די געזעצן פון דער מעכאַניק, וואָס זיינען די זעלבע אין דער גאַנצער נאַטור" (ציטירט פון דעקאַרטן לויט איווערעכס דעקאַרט ענד שפּינאָזע, זז. 98־99).

דאָס איז, דוכט זיך, אַזוי קלאָר, וואָס קלאָרער קען ניט זיין, אַז לויט דעקאַרטן זיינען חיות ניט מער ווי מאַשינעס, נאַטירלעך, לעבעדיקע „מאַשינעס"... ווי אַזוי ער האָט דערקלערט אַז די נערוון־סיסטעם פון חיות פונקציאָנירט „פּינקטלעך ווי אַ מאַשין" (זע נאָרדענסקיאָלד, אַ היסטאָריע אָוו ביאָלאָדזשי, ז. 124) איז שווער צו פאַרשטיין. נאָרדענסקיאָלד גיט בלויז איבער דעם פאַקט און זאָגט, אַז זיין דענקען איז געווען אַ רעזולטאַט פון זיין באַגייסטערונג פאַר האַרוויס אַנטדעקונג פון דער צירקולאַציע פון בלוט; ער זאָגט אָבער ניט ווי אַזוי דעקאַרט האָט דערקלערט זיין שטאַנדפּונקט.

דעקאַרט ווערט פאַררעכנט פאַר דעם ערשטן בעהייוועריסט; ער איז געווען דער ערשטער וואָס האָט באַשריבן אַ רעפלעקס און האָט אים ריכטיק דערקלערט. ער איז געווען דער פאָרלויפער פון פּאַוולאָווס פאָרשונגען פון די רעפלעקסן אין חיות. אָבער ניט פּאַוולאָוו און ניט די מאָדערנע בעהייוועריסטן גייען אַזוי ווייט אין זייער מעכאַניזם ווי דעקאַרט איז געגאַנגען.

זיין בעהייוועריזם האָט זיך נאָר באַגרענעצט מיט חיות, קומט ער אָבער צום מענטשן נעמט ער אָן אַז ביים לעצטן איז דער דענקען, די נשמה די פונדאַמענטאַלע רעאַליטעט. ער זאָגט: איך קען זיך פאָרשטעלן אַז איך האָב ניט קיין קערפּער און אַז ס'איז ניטאָ קיין וועלט אין וועלכער איך זאָל זיך געפינען, איך קען זיך אָבער ניט פאָרשטעלן אַז איך בין ניטאָ" (דיסק. אָן מעטאָד, ז. 35).

אָדער אין אַ צווייטן ווערק: „איך באַשליס מיט רעכט אַז מיין עסענץ באַשטייט נאָר פון מיין זיין ווי אַ דענקענדער וועזן (אָדער אַלס סובסטאַנץ וועמענס גאַנצער עסענץ, אָדער נאַטור איז נאָר דענקען)... אגב איך וויל צוגעבן אַז איך באַזיץ אויך אַ קערפּער, מיט וועלכן כ'בין ענג פאַראייניקט, איז פונדעסטוועגן אַ דאַנק דעם פאַקט וואָס פון איין זייט האָב איך אַ קלאָרע און דייטלעכע אידייע פון זיך, ווי נאָר אַ דענקענדער וועזן און ניט קיין אויסגעשפּרייטע זאַך און פון דער צווייטער זייט האָב איך אַ קלאָרע אידייע פון אַן אויסגעשפּרייטן און ניט דענקענדן, וואָס איז אַ זאַך, איז זיכער אַז איך (וואָס ס'מיינט מיין פאַרשטאַנד אַ דאַנק וועלכן כ'בין דאָס וואָס כ'בין) בין אין דער ווירקלעכקייט פאַרשיידן פון מיין קערפּער און אַז כ'קען עקזיסטירן אָן אים" (זע מעדיטיישאָן 6, ז. 91. אָפּען קאָרט אויסגאַבע).

פון דעם נאָר וואָס ציטירטן דאַרף מען באַשטימען אַז לויט דעקאַרטן באַשטייט דער מענטש, זיין „איך", אָדער זיין פּערזענלעכקייט: זיין מענטשלעכע רעאַליטעט, פון זיין נשמה און ניט פון דעם קערפּער אָן וועלכן, ס'וואָלט אויסגעקוקט, אַז ער קען זיך אינגאַנצן באַגיין. וואָלט אַזאַ אויסטייטשונג ניט געווען אינגאַנצן ריכטיק; דעקאַרט האָט פאַר קיין פאַל ניט אָפּגעלייקנט די רעאַליטעט פון דעם מענטשלעכן קערפּער; די גאַנצע זעקסטע מעדיטאַציע באַשעפטיקט זיך מיט דער אויסגעשפּרייטקייט פון דעם קערפּער.

נאָר דאָס רײן מענטשלעכע אין דעם מענטשן, זײן „איך", באַשטײט, לױט דעקאַרטן, פֿון דער נשמה. אָבער אפֿילו די נשמה, װאָס באַשטײט פֿון רײנעם דענקען, איז פֿאַרבונדן מיטן קערפּער; זי האָט אפֿילו אַ ספּעציעלן זיץ־פּלאַץ אין דעם מאַרך — זי געפֿינט זיך אין אַ באַשטימטן דריז (פּיניאַל באַדי). דער מענטש האָט אױך די „חיה־ספּיריט", װי יעדע חיה האָט זײ; דער אונ־טערשײד איז נאָר דער, װאָס אין די חיות װירקן זײ מעכאַניש לױט די נאַ־טור־געזעצן. אין דעם מענטשן אָבער קומען זײ דורך די נערװן צו דער נשמה און זי דיריגירט זײערע האַנדלונגען און דערפֿאַר זײנען דעם מענטשנס האַנדלונגען פֿרײ פֿון די נאַטור־געזעצן: די נשמה איז פֿרײ אין אירע האַנד־לונגען, זי האַנדלט לױט דעם שׂכל הישר.

פֿאַרשטײט זיך, אַז דאָס שטערבלעכע אין דעם מענטשן איז זײן קערפּער און ניט זײן נשמה; די לעצטע שטאַרבט ניט; זי פֿאַרלאָזט נאָר דעם קערפּער און גײט צוריק אַװעק צום אָריגינעלן אָרט, פֿון װעלכן זי איז געקומען.

די פֿאַראײניקונג פֿון דער נשמה מיטן קערפּער איז אַ צײטװײליקע און איז אַ רעזולטאַט פֿון אַ געטלעכן אַקט, פֿאַר װעלכן דער מענטש דאַרף זײן דאַנקבאַר צו גאָט און גלױבן אין זײן אײביקן חסד...

דעקאַרדס קערפּער־נשמה פֿאַרבינדונג װערט אָנגערופֿן די אינטעראַקציע צװישן דער נשמה און דעם קערפּער: די נשמה װירקט אױף דעם קערפּער און קאָנטראָלירט זײן אַקטיװיטעט דורך די „חיה־ספּיריטס" װאָס קומען מיט איר אין באַרירונג דורך די נערװן; פּאַקטיש הײסט עס דורך רוים: די נשמה װירקט אין רוים אַרײן... אױף דעם פּלאַץ הױבן זיך אָן דעקאַרטס שװעריקײטן.

כּדי צו דערקלערן די שװעריקײטן װעט נױטיק זײן אָפּצופֿרישן אין געדאַנק אַריסטאָטעלס שטאַנדפּונקט און זען מיט װאָס עס אונטערשײדט זיך דעקאַרט און פֿאַרװאָס ער פֿאַלט אַרײן אין אַזעלכע שװעריקײטן, װאָס אַריס־טאָטעל האָט ניט געהאַט. אַריסטאָטעל האָט אָנגעהײבן מיט אַ „מאַטעריע־פֿאָרמע", װאָס האָט דורכגעדרונגען אַלע זאַכן אין דער נאַטור; דער אונ־טערשײד צװישן זאַכן איז באַשטאַנען נאָר אין דער פּראָפּאָרציע פֿון זײער מאַטעריע און פֿאָרמע. מען קען זען, אַז בײ אַריסטאָטעלן איז זײן קערפּער־נשמה פּראָבלעם אַן אינטעגראַלער טײל פֿון זײן מעטאַפֿיזיק פֿון „מאַטעריע־פֿאָרמע" סינטעז. אמת, אױך ער גיט צו דעם מענטשן אַן „אַקטיװן שׂכל", װאָס איז אַ טײל פֿון דעם װעלט־שׂכל און װאָס שטאַרבט ניט, — אָבער, ערשטנס, איז עס ניט מער װי אַ העכערע גראַדאַציע און ניט קײן נײע פֿאָרמאַציע, און, צװײטנס, איז עס בײ אים געװען אַ רײן מעטאַפֿיזישע פֿראַגע, װאָס איז אין דער מיטלאַלטער געװאָרן אַ טעאָלאָגישע פֿראַגע: קײן ספּעציעל־מענטשלעכע פּראָבלעם איז פֿאַר אים ניט אַנטשטאַנען.

מיט דעקאַרטן איז די לאַגע אַ גאַנץ אַנדערע; ער הױבט אָן מיט אַ ספּעציעלער אײגנשאַפֿט אין דעם מענטשן; אין אים און נאָר אין אים קומט פֿאָר די פֿאַראײניקונג פֿון דער נשמה מיט'ן קערפּער. די נשמה, אַלס דײנקענד, אָדער פֿונדאַמענטאַל ספּיריטועלעס, איז ניט „אױסגעשפּרײט", זי איז ניט רוימלעך. צו דער זעלבער צײט געפֿינט זי זיך אין דעם מאַרך אין אַ ספּע־ציעלן פּלאַץ (אין דער פּיאַניל באַדי), אַ דריז און פֿון דאָרט װירקט זי אױף די „חיה־ספּיריטס", װאָס פֿליסן דורך די נערװן: ס'הײסט, אַז זי װירקט

דירעקט אין רוים אַריין, אַזוי ווי ס׳קומט פאָר אַ דירעקטע ווירקונג און קעגנ־ווירקונג פון די צוויי פונדאַמענטאַלע רעאַליטעטן, אויסגעשפּרייטקייט (מאַרך) און דענקען (נשמה) איז די פראַגע ווי אַזוי קומען זיי פאָר?

אַ פּרינצעסין וויזט אים אָן, אַז די נשמה זאָל קענען ווירקן אויף דעם קערפּער, מוז דער קאָנטאַקט צווישן זיי פאָרקומען אין רוים און דורך רוים (אויסגעשפּרייטקייט: דורך דעם מאַרך). דאָס מיינט, אַז זי מוז זיך פאַר־בינדן מיטן מאַרך און אָננעמען זיין אייגנשאַפט, זי מוז אָננעמען די רוימלעכע אייגנשאַפט, וואָס לויט זיין פילאָזאָפישן אויסגאַנגס־פּונקט מיינט עס, אַז זי מוז ווערן אַ קערפּער. (דאָס איז ניט די איינציקע שוועריקייט, ס׳זיינען פאַראַן פיל מער פון איינער און מער קאָמפּליצירטע ווי די, זי איז אָבער די פונדאַמענ־טאַלסטע און איז גלייך אויפגעהויבן געוואָרן).

דעקאַרט זעט די שוועריקייט און ער זעט אויך וואוהין זי פירט; זי פירט דירעקט צו מאַטעריאַליזם, אַ געדאַנק פון וועלכן ער און זיין דור זיינען געווען גאַנץ ווייט. ער פּרוּווט דערקלערן זיין שטאַנדפּונקט אויף פאַרשיידענע אופנים, אָבער ס׳העלפט ניט. דער ענין לאָזט זיך ניט דערקלערן, און זאָל באַמערקט ווערן, אַז די אינטעראַקציע, די ווירקונג און קעגנווירקונג פון צוויי עקזיסטענצן, פון אַ נשמה און קערפּער לאָזט זיך ניט דערקלערן ביז דעם היינטיקן טאָג און, ווי געזאָגט, האָט דער שטאַנדפּונקט מער פון איין שווע־ריקייט; פּאַקטיש קומט ער אין ווידערשפּרוך מיט די רעגעלן פון דער פיזיקאַלישער וויסנשאַפט: איז ער טאַקע ניט פּאָפּולער...

דעקאַרטס שטאַנדפּונקט ווערט אָנגערופן דער דואַליזם פון פּסיכאָ־פי־זישער, אָדער פּסיכאָ־פיזיאָלאָגישער אינטעראַקציע. ס׳מיינט, נעמען צוויי פונדאַמענטאַלע זעלבסטשטענדיקע פאַקטאָרן און זיי צוזאַמענברענגען אַזוי, אַז איינער זאָל ווירקן אויף דעם צווייטן און מאָדיפיצירן זיין פונקציע. די צוויי רעאַליטעטן, די אויסגעשפּרייטקייט (מאַטעריע) און דער דענקען (גייסט, אָדער נשמה) האָבן זיך געדאַרפט באַגעגענען אין דעם מענטשנס מאַרך און דאָרט ווירקן איין רעאַליטעט אויף דער צווייטער. אָבער ווען זיי ווירקן, מוז איין רעאַליטעט אַריינשטראָמען אין דער צווייטער, קיין אַנדער מיטל איז ניטאָ. אַזוי גיך ווי מען טוט עס, ווערט איין רעאַליטעט אַ טייל פון דער צווייטער, וואָס איז אַ ווידערשפּרוך צום אויסגאַנגס־פּונקט. דער אויסגאַנגס־פּונקט איז אַ דואַליסטישער, מוז דער דואַליזם געפירט ווערן אויף דער גאַנצער ליניע און דאָס קען מען ניט טאָן.

וואָלט מען געוואָלט פאַרזען די פילאָזאָפישע שוועריקייטן, קומט די פיזיקאַלישע וויסנשאַפט מיט איר פליסנדער ענערגיע און וויזט אַז דער ענערגיע־ציקל איז אַ פאַרשלאָסענער; אַז ניט ענערגיע קען איבערגיין אין דער נשמה אַריין ווי ס׳קומט פאָר ווען אַ סטימול ווירקט אויף דער פּסיכיק אַז זי זאָל ענדערן איר אַקטיוויטעט (צונעמען די האַנט ווען מ׳שטעכט זי מיט אַ נאָדל, צום ביישפּיל). אין אַזאַ פאַל דאַרף די נשמה הייסן דער האַנט זיך פאַרבויגן אַ דאַנק דעם, וואָס זי האָט געקראָגן אַן ענערגיע־אָנרעגונג. אויך ניט, קען די נשמה אַריינשיקן עפּעס אין דעם אָרגאַניזם און אים צוגעבן פּסיכישע „קראַפט״ צו דער ענערגיע. ביידע זאַכן זיינען אויסגעשלאָסן און יש אומרים, מען זאָגט, אַז עקספּערימענטאַל, לויט דער עלעקטראָ־פיזיאָלאָגיע פון דעם מאַרך, איז באַוויזן געוואָרן אַז אַזאַ אונטער אַקטיוויטעט קומט ניט פאָר

(זע בישופּ, עלעקטראָ־פיזיאָלאָגיע אָוו די ברײן, אין דעם בוך פּראָבלעמס אָוו מענטאַל דיסאָרדערס, זז. 120־132).

דעקאַרטס דואַליזם אַרבעט ניט; ס׳האָט זיך געפאָדערט אַן אַנדער אױסגאַנגס־פּונקט און אַ טיפערער דענקער, מען זאָל קענען האַרמאָנירן די צװײ פונדאַמענטאַלע פאַקטאָרן, אױסגעשפּרײטקײט און דענקען. דאָס האָט געטאָן ברוך שפּינאָזאַ מיט זײן סובסטאַנץ־באַגריף און אַטריבוטן־לערע, ער האָט אַרײנגעפירט אַזאַ אױסבעסערונג אין דעקאַרטס געדאַנק, װאָס מיט באַ־שטימטע מאָדיפיקאַציעס װערט דער שטאַנדפּונקט נאָך פאַרטײדיקט ביז הײנ־טיקן טאָג.

שפּינאָזאַ איז געװען אַן אַן ערך אַ טיפערער דענקער פון דעקאַרטן און האָט געהאַט אַ פיל פרײערן און דרײסטערן גײסט פון אים. ער האָט ניט געװאָלט און האָט אױך געדאַנקלעך ניט געקענט, מאַכן די קאָמפּראָמיסן װאָס דעקאַרט האָט געמאַכט, האָט ער זײנע געדאַנקען דערפירט ביז זײער לאָגישן שלוס, ניט קימערנדיק זיך אױף װעמענס רעליגיעזע, אָדער אַנדערע „הינער־אױגן" ער טרעט אָן. דערפאַר טאַקע האָט ער אױפגעשטעלט אַזאַ פעלזן־שטאַרקע געבײדע, װאָס איר פונדאַמענט איז נאָך שטאַרק ביז הײנטיקן טאָג.

ער האָט אָנגעהױבן פון אַן אײנהײטלעכער סובסטאַנץ אַלס די פונדאַ־מענטאַלסטע רעאַליטעט פון דער װעלט, װאָס מאַניפעסטירט זיך צום מענטשן דורך צװײ אַטריבוטן, אױסגעשפּרײטקײט און דענקען. לױט זײן דעפיניציע פון אַטריבוטן זײנען זײ אַזױנע, אַז זײ קענען ניט װירקן אײנער אױפן צװײטן. אין זײן פערטן בריװ צו אָלדענבערגן זאָגט ער: „זאַכן װאָס באַזיצן פאַר־שײדענע אַטריבוטן האָבן ניט קײן געמײנשאַפטלעכעס צװישן זיך... אױב זײ האָבן קײן געמײנשאַפטלעכעס ניט צװישן זיך קען אײנע ניט זײן קײן אורזאַך פון דער צװײטער" (זע 4טער בריװ, נאָך דער „עטיק", ז. 287). דאָס איז פונדאַמענטאַל; אָבער אַזױ װי די „מאָדוסן" (צײטװײליקע עקזיס־טענצן) באַשטײען פון אַ צוזאַמענשטעל פון די אַטריבוטן פון „גאָט" (סובסטאַנץ), קומט שױן ממילא אױס אַז בײדע פונדאַמענטאַלע פאַקטאָרן (אױסגעשפּרײטקײט און דענקען) זײנען אײנגעשלאָסן אין יעדער עקזיסטענץ. אין דער עלפטער און דרײצנטער פּראָפּאָזיציעס פונעם צװײטן טײל פון דער עטיק, װאו ער באַהאַנדלט דעם מענטשלעכן פאַרשטאַנד (מײנד) און זײן פאַרבינדונג מיטן קערפּער, דערקלערט ער זײן שטאַנדפּונקט און גיט אױך דעם באַװײז פאַר זײן ריכטיקײט. לײדער איז די שפּראַך ניט אַזאַ, װאָס קען איבערגעזעצט װערן; דער גאַנצער געדאַנק איז פאַרבונדן מיט „אַקסיאָמעס" און „פּראָפּאָזיציעס" אױף אַ „געאָמעטרישן" אופן, װאָס ניט ער לאָזט זיך איבערזעצן און ניט פּינקטלעך איבערגעבן. דאָס אײנציקע װאָס מען קען טאָן איז געבן די אינטערפּרעטאַציע, װאָס מען דענקט, אַז דאָס מײנט ער. דאָ װערט נאָכגע־פאָלגט לױד מאָרגאַנס אינטערפּרעטאַציע, ער איז אײנער פון די װיכטיקסטע מאָדערנע נאָכפאָלגער פון שפּינאָזען.

ער נעמט אָן דעם צוזאַמענזײן פון די צװײ „אַטריבוטן" און די „מאָדוסן" אין דער פאָרמע פון אַ שטענדיקער באַגלײטונג (קאָנקאָמיטענס) פון אײנעם דעם צװײטן. לױט זײער נאַטור זײנען די אַטריבוטן אַזױנע, אַז אײנער איז שטענדיק „אײנגעשלאָסן" אינעם צװײטן. מאָרגאַנס אינטערפּרעטאַציע שטימט פולשטענדיק מיט די באַװײזן, װאָס װערן געגעבן אין די אױבן־געבראַכטע

„פּראָפּאָזיציעס". די פראַגע איז נאָר צי איז שפּינאָזע, ווי מאַרגאָן, געווען אַ „פּאַראַלעליסט", וואָס האָט אָנגענומען, אַז צוויי שטראָמען, אַ פיזאָלאָגישער, אָדער ענערגיע־שטראָם און אַ פּסיכישער, לויפן פּאַראַלעל אין דער נאַטור, אַלס פונדאַמענטאַלע „אַטריבוטן" פון דער „סובסטאַנץ", אָדער מען דאַרף אים אויסטייטשן אינעם זין פון אַ טאָפּלטן אַספּעקט פון אַן איינהייטלעכער דער־שיינונג. דאָס איז אַן אָפענע פראַגע: יעדער איינער קען אים אויסטייטשן ווי ער וויל. ווען ער זאָגט אין דער 19טער „פּראָפּאָזיציע" (2טן בוך) אַז „דער מענטשלעכער פאַרשטאַנד (מיינד) איז ניט אינפאָרמירט וועגן דעם קער־פּער און ווייסט ניט וועגן זיין עקזיסטענץ, אויסער דורך די אידייעס פון די ענדערונגען דורך וועלכע דער קערפּער איז באַווירקט". אין דער 23טער „פּראָפּאָזיציע": דער פאַרשטאַנד איז ניט אינפאָרמירט וועגן זיך זעלבסט, אויסער אויף אַזויפיל אויף וויפיל ער נעמט אויף די אידייעס פון די ענדערונגען פונעם קערפּער". די „פּראָפּאָרציע" 26: „דער מענטשלעכער פאַרשטאַנד נעמט ניט אויף קיין אויסערלעכן קערפּער אַלס אַ ווירקלעכע עקזיסטענץ, אויסער דורך די אידייעס פון די ענדערונגען פון זיין אייגענעם קערפּער". קענען די אַלע „פּראָ־פּאָזיציעס", אַזוי גוט ווי די איבעריקע, אויסגעטייטשט ווערן אי אַלס אַ פּסיכאָ־פיזישער פּאַראַלעליזם, איז ווי אַ טאָפּלטער אַספּעקט פון איינער און דער זעלבער דערשיינונג. איין זאַך איז אָבער זיכער אין שפּינאָזען, און דאָס איז די אימאַנענץ: ווי אַזוי מען זאָל ניט קוקן אויפן קערפּער און פאַרשטאַנד, מוז מען אָבער אָננעמען, אַז זיי זיינען צוויי „אַטריבוטן" פון איין סובסטאַנץ: די פונדאַמענטאַלע רעאַליטעט איז איינע און אַ קאָנקרעטע. האָט מען דאָס אין זינען, איז דער טאָפּלטער אַספּעקט פון איין דערשיינונג פיל נעענטער צו שפּינאָזעס פונדאַמענטאַלן געדאַנק פונעם פּאַראַלעליזם: דער טאָפּלטער אַס־פּעקט הויבט אָן און ענדיקט מיט מאָניזם, מיט אַן איינהייטלעכער נאַטור, ווען דער פּאַראַלעליזם אָפּערירט מיט אַ דואַליזם. זאָל זיין אַ צייטווייליקער דואַליזם, אָבער פּאָרט אַן עקזיסטענציעלער דואַליזם.

אין וואָס דער טאָפּלטער אַספּעקט באַשטייט וועט שפּעטער דערקלערט ווערן, דערווייל דאַרפן נאָך אַנדערע שטאַנדפּונקטן באַטראַכט ווערן. כראָנאָ־לאָגיש קומט לייבניץ נאָך שפּינאָזען און זיין געדאַנקען־גאַנג ווערט טאַקע געגעבן נאָך שפּינאָזעס; היסטאָריש אָבער זיינען לייבניצעס געדאַנקען געווען פריער באַקאַנט ווי שפּינאָזעס און האָבן פריער געווירקט. אַזוי אַז אום זיך צו באַקענען מיט לייבניצעס שטאַנדפּונקט, קען שפּינאָזעס געדאַנקען־גאַנג איב־גאַנצן אויסגעלאָזט ווערן (זאָל באַמערקט ווערן, אַז לייבניץ אַליין איז גראַדע געווען באַקאַנט מיט שפּינאָזעס שטאַנדפּונקט, ער האָט געלייענט די „עטיק" אין מאַנוסקריפּט. אָבער, פאַר פאַרשטענדלעכע אורזאַכן, דערמאָנט ער אים ניט).

עס קאָנען אָבער ניט אויסגעלאָזט ווערן אַ פּאָר באַמערקונגען וועגן דעם קאַרטעזיאַניזם (דעקאַרטס שטאַנדפּונקט), קעגן וועלכן לייבניץ איז ארויסגע־קומען; זיין „פון פאַראויס עטאַבלירטע האַרמאָניע" איז געווען אַ רעזולטאַט פון דער קריטיק קעגן דעקאַרטן.

דעקאַרטס פונדאַמענטאַלער געדאַנק איז געווען, אַז די פיזיאָלאָגישע סיס־טעם איז אינעם אָרגאַניזם אַ פולקאָמענע, אַ סימן איז, זי פונקציאָנירט פול־

שטענדיק אין דער חיה לויט די מעכאַנישע נאַטור־געזעצן; דער מענטש אָבער האָט צו איר אַלס צוגאָב אַ פּסיכישע סיסטעם, וואָס קאָנטראָלירט זי.

איז גלייך אַנטשטאַנען די פראַגע, ווי אַזוי ווירקן די צוויי סיסטעמען איינע אויף דער אַנדערער. עס איז שוין פריער באַמערקט געוואָרן, אַז אַ פּרינצעסין האָט אָנגעוויזן דעקאַרטן אַז כדי איין סיסטעם זאָל ווירקן אויף דער צווייטער, מוז זי קומען אין באַרירונג מיט איר און דאָס מיינט פּאַקטיש ווערן אַ טייל פון איר: אַז די נשמה געפינט זיך אין אַ „דריז" און ווירקט דורך אים, הייסט עס, אַז זי האָט די אייגנשאַפט פון „אויסגעשפּרייטקייט", זי געפינט זיך אין רוים.

דאָס קאָן מען זאָגן, איז אַ ריין טעאָרעטישע אויסזעצונג; אַ מער ווירקזאַמע אויסזעצונג איז געווען די פּאַקטישע: די פיזיאָלאָגישע סיסטעם איז אַ גאַנצע און אָפּגעשלאָסענע, זי פונקציאָנירט פולשטענדיק אין דער חיה און, פאָלגלעך, פונקציאָנירט זי אויך אינעם מענטשן אַלס אַזעלכע. פון דעם אַליין קומט אויס, אַז אויך די פּסיכישע סיסטעם (די נשמה) פונקציאָנירט פאַר זיך; איז די פראַגע, וואָס בלייבט איר צו טאָן אַלס סיסטעם פאַר זיך? מען קען לייכט זען, אַז פאַר זיך האָט זי ניט קיין פונקציע, זי איז פולשטענדיק אַן איבעריקע (לאַמאַטריע און די פראַנצויזישע מאַטעריאַליסטן פונעם 18טן יאָרהונדערט האָבן טאַקע דעם שלוס געצויגן...) אין דעקאַרטס צייט האָט מען אָבער וועגן דעם אַזוי ראַדיקאַל ניט געדענקט; פאַר זיי איז די הויפּט־פראַגע געווען ווי אַזוי די ווירקונג פון דער נשמה קומט פאָר אויפן קערפּער, ווען די צוויי סיסטעמען זיינען ניט קאַוזאַל פאַרבונדן צווישן זיך? אויף דעם איז קיין אַנדער ענטפער ניט געווען ווי דער, אַז גאָט מישט זיך אַריין אין יעדן אַקט („אָקיישעאָנאַליזם". זע וו. קאַרס לייבניץ. וו. 104־105).

פּשוט מיינט עס, אַז מען קען ניט אַ קלאַפּ טאָן אַ פינגער אינעם צווייטן אָן דער אַריינמישונג פון גאָט... (זע מאַלעבּרענטש אין העפדינגס היסטאָריע אָוו מאָדערן פילאָסאָפיע, ב. 1, זז. 246־250). לייבניצן איז ניט געפעלן געוואָרן דאָס וואָס מ'האָט צוגעשריבן צו גאָט אַזאַ פּראָזאַאישע און מענטשן־ענלעכע אַרבעט, האָט ער פאָרמולירט „דעם פּרינציפּ פון דער פּאָראויס עטאַבלירטער האַרמאָניע". לויט וועלכן „איין סובסטאַנץ ווירקט ניט אויף דער צווייטער און עס איז ניט נויטיק אַז גאָט זאָל זיך אַריינמישן. יעדע סובסטאַנץ ברענגט אַרויס איר אייגענע אַקטיוויטעט און אַנטוויקלט איר אייגענע נאַטור אינעם אויסדרוק פון איר אַקטיוויטעט. צו גאָט דאַרף מען נאָר צושרייבן דעם אַקט פון באַשאַפן... דער פּראָדוקט פון קרעאַציע איז געווען פּערפעקט גלייך פון אָנהויב, אַלס אַ באַשאַף פון אַן אַל־וויסנדן און אַל־קענענדן גאָט. די האַרמאָניע איז פון פּאָראויס עטאַבלירט אינעם זין, וואָס די אַרבעט פון אַ פּערפעקטן באַשאַפער קען ניט זיין פעלערהאַפט, אָדער זאָל זיין אַזאַ, וואָס זאָל זיך נויטיקן אין צופּאַסונג. די נשמה, אָדער דער הערשנדער מאָנאַד ווירקט, אויף אַ פּשוטן אופן, לויט זיין אייגענער נאַטור און די מאָנאַדן פונעם קערפּער דריקן אויס זייער נאַטור ניט אַ דאַנק דער ווירקונג פון דער נשמה אויף זיי און ניט דורך דער אַריינמישונג פון גאָט, נאָר יעדערער פון זיי ווירקט לויט זיין אייגענער נאַטור: די האַרמאָניע איז אַ רעזולטאַט פונעם אָריגינעלן אַקט פון גאָט אין דער צייט פונעם באַשאַף" (דאָרט, ז. 105).

לייבניצעס אייגענע ווערטער זיינען ווי פאָלגט: „איך וועל עס מאַכן פאַרשטענדלעך דורך פאָלגנדן ביישפּיל: מיר וועלן זיך פאָרשטעלן צוויי זייגערס וואָס שטימען פולקאָמען אין זייער גאַנג. זייער פּינקטלעכקייט צווישן זיך קען דערקלערט ווערן אויף דריי אופנים. איין וועג קען זיין אַ רעזולטאַט פון דער קעגנווירקונג פון איין זייגער אויפן צווייטן; דער צווייטער קען זיין אַ רעזולטאַט פון אַן אויפזעער, וועלכער האַלט זיי איז איין צופּאַסן איינעם צום צווייטן, דער דריטער קען זיין, אַז זיין האַלטן פּערפעקטע צייט פון זיך אַליין... דער דריטער וועג מיינט, אַז מיר קענען זיין זיכער אַז זיי וועלן אַלעמאָל שטימען אין זייער גאַנג: און דאָס איז וואָס איך רוף אַן איינשטימיקייט וואָס איז פון פאָראויס עטאַבלירט. איצט שטעל אַריין די נשמה און קערפּער אויפן פּלאַץ פון די צוויי זייגערס... איז מיין היפּאָטעזע אַז די האַרמאָניע איז פון פאָראויס עטאַבלירט דורך אַ געטלעכער קונסט אַזוי, אַז יעדע סובסטאַנץ איז אַזוי פּערפעקט אין יעדער הינזיכט, אַז נאָכפאָלגנדיק אירע אייגענע געזעצן, פונקציאָנירט זי אין איינקלאַנג מיט דער אַנדערער אויף אַזויפיל, ווי זי וואָלט האַרמאָנירט אַ דאַנק אַ קעגנזייטיקער ווירקונג, אָדער אַ דאַנק דער שטענדיקער אַריינמישונג פון גאָט" (פון לייבניצעס אַ בריוו, געדרוקט אין זשורנאַל דע סאוואנטס אין 1696. ציטירט פון קארס „לייבניץ", זז. 106-7).

אין לייבניצן האָט דער פּסיכאָ־פיזיאָלאָגישער פּאַראַלעליזם דערגרייכט זיין פולקאָמענסטע פאָרמע, ווייטער האָט ער ניט געהאַט און האָט אויך איצט ניט וואוהין צו גיין. נעמט מען אָן דעם פּאַראַלעליזם, מוז מען אויך אָננעמען זיין פון פאָראויס עטאַבלירטע האַרמאָניע, קיין אַנדער דערקלערונג איז פאַר אים ניטאָ. מען קען ענדערן די שפּראַך, מען קען אָבער ניט ענדערן דעם פונדאַמענטאַלן געדאַנק: פּאַראַלעליזם מיינט אַ פון פאָראויס עטאַבלירטע האַרמאָניע... און ווען מאַרגאַן רעדט פון אַ פּסיכאָ־פיזיאָלאָגישן „צוזאַמענגייַן" (קאָנקאָמיטאַנס, אָדער קאָרעלאַציע) איז קיין פראַגע ניט, אַז ער איז נעענטער צו לייבניצן ווי צו שפּינאָזען... העכסט וואַרשיינלעך וואָלט ער פּראָטעסטירט קעגן דעם; דער פּראָטעסט וואָלט אָבער ניט געענדערט דעם פאַקט...

פון די קאָנטינענטאַלע ראַציאָנאַליסטן דעקאַרט, שפּינאָזע און לייבניץ, זיינען געבליבן דריי טעאָריעס פון דער גוף און נשמה־פאַרבינדונג, אָדער אויף דער מאָדערנער שפּראַך, קערפּער־פאַרשטאַנד פּראָבלעם: דעקאַרטס אינטעראַקציע צווישן דער נשמה מיטן גוף, שפּינאָזעס טאָפּלטער אַספּעקט היפּאָטעזע, אָדער ווי זי ווערט געוויינטלעך אָנגערופן, אידענטיטעט היפּאָטעזע (זע מעקדוגאַל, באָדי ענד מיינד, ז. 59) און לייבניצעס פּאַראַלעליזם, צי מיט דער פון פאָראויס עטאַבלירטער האַרמאָניע, אָדער אָן איר. עס איז אָבער פון יענער צייט אויך געבליבן אַ פּערטע אינטערפּרעטאַציע, די ריין מאַטעריאַליסטישע, וואָס פאָדערט אַ פּאָר באַמערקונגען.

מאַטעריאַליזם איז איינעם אָנפאַנג פון דער נייער צייט ניט געווען קיין גאַנגבאַרע סחורה; גאַנץ ווייט דערפון. פּראַקטיש האָט מען געדאַרפט באַזיצן אַ גאָר גרויסן מוט אַז מען זאָל אַרויסזאָגן אַ מיינונג וואָס האָט געקענט אויסגעטייטשט ווערן אַלס מאַטעריאַליזם; מען האָט געקענט באַצאָלן מיטן לעבן פאַר אַזאַ אפּיקורסות. פונדעסטוועגן האָבן זיך געפונען

דרייסטע גייסטער וואָס האָבן איינגעשטעלט זייער לעבן און האָבן אַרויס־געזאָגט זייערע מיינונגען. אַזאַ דרייסטער דענקער איז געווען דזשאָרדאַנאָ ברונאָ אינעם סוף פונעם 16טן יאָרהונדערט: האָט ער טאַקע באַצאָלט מיטן לעבן פאַר זיין דרייסטקייט. די אינקוויזיציע האָט געמאָרדערט דער וועלטלעכער מאַכט „אים באַשטראָפן אַזוי גנעדיק ווי מעגלעך, און ניט צו פאַרגיסן קיין בלוט". וואָס האָט געמיינט אים פאַרברענען לעבעדיקער־הייט (זע לאַנגע, היסטאָריע פון מאַטעריאַליזם, ז. 235). הויבט לאַנגע מיט אים אָן די נייע צייט.. .

אייגנטלעך איז ברונאָ ניט געווען קיין מאַטעריאַליסט אין דעמאָקרי־טוסעס זין פון וואָרט, ער איז גיכער געווען אַ פּאַנטעאיסט און ער ווערט פאַר אַזעלכן פאַררעכנט אויך פון לאַנגען. ער האָט גענומען אַרויס־טאַטעלן פאַר זיין אויסגאַנגס־פּונקט, נאָר ער האָט איבערגעקערט די באַ־דייטונג פון מאַטעריע און פאָרמע. ער האָט געזאָגט: „די אומענדלעכע פאָרמען אין וועלכע די מאַטעריע מאַניפעסטירט זיך, קריגט זי ניט פון עפּעס וואָס געפינט זיך אויסער איר; נאָר זי ברענגט זיי אַרויס פון זיך אַליין און שאַפט זיי פון איר אייגענעם עצם. זי איז ניט דער נאַ־קעטער גאָרניט, וואָס אייניקע פילאָזאָפן האָבן געוואָלט פון איר מאַכן און האָבן זיך אויף אַזויפיל ווידערשפּראָכן איינער דעם אַנדערן... די נאַטור פּראָדוצירט ניט קיין זאַכן דורך אַראָפּנעמען, אָדער צוגעבן, ווי דער מענטש טוט, נאָר דורך צעטיילן און אַנטוויקלען. אַזוי האָבן געלערנט די קליגסטע צווישן די גריכן. און משה, אין דער באַשרייבונג וועגן דער אַנט־שטייאונג פון זאַכן, פירט אַריין דעם אוניווערסאַלן און טיכטיקן זיין, וועלכער זאָגט: „זאָל די ערד אַרויסברענגען די לעבעדיקע באַשעפענישן, זאָלן די וואַסערן אַרויסברענגען די באַשעפענישן וואָס האָבן לעבן". עס מיינט די זעלבע זאַך ווי זאָל מאַטעריע זיי אַרויסברענגען" (דאָרט, זז. 232־233). ברונאָ האָט געליטן פאַר דעם אומגליק וואָס ער איז געקומען פאַר דער צייט און האָט פאַראויסגעזען פיל אמתן, וואָס זיינען איצט אלעמען באַ־וואוסט; דערפאַר האָט ער באַצאָלט מיט זיין לעבן...

לאַנגע הויבט אָן דעם מאַטעריאַליזם פון דער נייער צייט מיט גאַסענדיך, וועלכער איז אַלט געווען 8 יאָר ווען מען האָט ברונאָן פאַרברענט. גאַסענדי אָבער האָט באַוויזן אַ קונץ אי צו זיין אַן עפּיקורייער מאַטערי־אַליסט, אי לעבן בשלום מיטן קלויסטער... דערפאַר אַליין מעג ער דער־מאָנט ווערן, אויב עס איז אפילו ניטאָ קיין אַנדער אורזאַך, פאַרוואָס מען זאָל אים דערמאָנען... עס איז אָבער פאַראַן אַזאַ אורזאַך: — ער איז געווען ט. האָבס אַ חבר און האָט אים שטאַרק באַאיינפלוסט. אַזוי אַז ער ווערט ניט דערמאָנט אומזיסט...

טאָמאַס האָבס איז געווען דער ערשטער און וויכטיקסטער מאַטע־ריאַליסט פון דער נייער צייט. ער איז געווען אַ צייט־חבר פון גאַליליייען, בייקענען און דעקאַרטן און איז פון יעדן פון זיי באַאיינפלוסט געוואָרן. ער האָט אָבער אויסגעטראָטן אַן אייגענעם וועג אין וועלכן ער איז גע־גאַנגען זיין גאַנצן לעבן, ניט קימערנדיק זיך וואָס עס איז ניט געווען קיין פּאָפּולערער וועג.

פאַרוואָס האָבס איז ניט אַזוי באַוואוסט, ווי ער האָט פיליכט געדאַרפט זיין באַוואוסט, איז אין דעם שולדיק דער פאַקט, וואָס ער איז געגאַנגען קעגן דעם שטראָם פון זיין צייט, איז ער ניט געוואָרן פּאָפּולער ביי קיינעם: ער איז געווען אַן אויסגעהאַלטענער מאַטעריאַליסט אין דער צייט ווען מאַטעריאַליזם אַלס פילאָזאָפיע האָט געמיינט ניט מער ווי סטאַגנאַציע פאַר דער מענטשלעכער פאַנטאַזיע; ער איז געווען אַ מאָנאַרכיסט און אַבסאָלוטיסט אין אַ לאַנד, וואו דער דעמאָקראַטישער גייסט האָט געהערשט און האָט פאַרטיידיקט ראַיאַליזם אויפן באַזיס פון מענטשלעכן עגאָאיזם... ער האָט ביטער באַקעמפט טעאָלאָגיע אין אַלע אירע פאָרמען און האָט איר אָפּגעזאָגט וועלכן עס איז פּלאַץ אינעם געזעלשאַפטלעכן לעבן אין אַ צייט ווען רעליגיע האָט געהערשט. איז אַ וואונדער וואָס ער איז ניט געווען פּאָפּולער און איז כמעט ווי פאַרגעסן געוואָרן?

זיין הויפּט־אינטערעס איז געווען סאָציאַלע פילאָזאָפיע און ער האָט געשריבן זיינע ווערק פון דעם שטאַנדפּונקט. אַזוי ווי ער האָט פאַרטיידיקט אַבסאָלוטע מאָנאַרכיע, האָט ער געדאַרפט אַנטלויפן פון ענגלאַנד קיין פּאַריז וואו ער האָט געלעבט פיל יאָרן; אָבער באַקעמפנדיק רעליגיע און ספּעציעל דעם פּויפּסט, האָט ער געדאַרפט אַנטלויפן פון פּאַריז און בעטן הילף פון דער ענגלישער רעגירונג, וועלכע ער האָט באַקעמפט אין זיינע ווערק...

האָבס, זאָגט לאַנגע, איז געווען דער ערשטער דענקער וואָס האָט איינגעזען די פולקאָמענע באַדייטונג פון דער אויפשטייגנדער וויסנשאַפט און האָט זי אָנגענומען (היסטאָריע און מאַטיר., 277).

זיין אויסגאַנג־פּונקט איז אַן אויסגעהאַלטן־וויסנשאַפטלעכער; ער הויבט אָן פון מאַטעריע און באַוועגונג. ער פּרוווט דערקלערן אַלע נאַטור־דערשיינונגען איינשליסנדיק דעם מענטשלעכן באַוואוסטזיין און זיין וויסן פון דער וועלט, דורך מאַטעריע און באַוועגונג. פאַרשטייט זיך, אַז אַזאַ עפּעס ווי „נשמה" האָט ניט קיין פּלאַץ אין זיין סיסטעם: ער הויבט אָן און ענדיקט מיט ממשותדיקע זאַכן און דערקלערט אַלע דערשיינונגען דורך זייער באַוועגונג. ער זאָגט: „פון אַלע דערשיינונגען, אָדער פענאָמענאָן אַרום אונדז איז די וואונדערלעכסטע דער אויפנעמען גופא, דאָס וואָס אייניקע נאַטירלעכע קערפּערס האָבן אין זיך זעלבסט די געשטאַלטונג פון כמעט אַלע זאַכן און אַנדערע קערפּערס נעמען קיין זאַך ניט אויף. אויב די אויפנעמבאַרקייט איז דער פּרינציפּ, דורך וועלכן מיר ווייסן אַלע אַנדערע זאַכן, מוזן מיר אָנערקענען אַז די עמפּפינדלעכקייט איז דער פּרינציפּ דורך וועלכן מיר ווייסן זאַכן און אַז אונדזער וויסן קומט דערפון... כדי דאָס צו דערקלערן דאַרפן מיר באַמערקן אַז די דערשיינונגען, אָדער אידייעס זיינען ניט אַלעמאָל די זעלבע, נייע דערשיינונגען און אַלטע פאַרשווינדן לויט ווי מיר באַנוצן אונדזערע חושים צו זיי. זיי אַנטשטייען און פאַרגייען. פון דעם קען מען זען, אַז עס קומט פאָר אַן ענדערונג, אָדער אַ מאָטאַציע אין דער עמפּפינדלעכקייט. אַזוי ווי מאָטאַציעס, ענדערונג איז באַוועגונג, אָדער באַמיאונג (וואָס איז אויך באַוועגונג) אין די אינערלעכע טיילן פון זאַכן וואָס זיינען געענדערט, איז ווען אפילו זאַכן בלייבן ניט געענדערט, איז עס נאָר דערפאַר, וואָס די ענדערונג איז ניט קיין מערקבאַרע. דערפאַר איז די עמפּפינדלעכקייט אַלס איבער־

לעבונג ניט מער ווי אַ באַוועגונג פון אינערלעכע טיילן: אַ באַוועגונג פון די עמפינדלעכע אָרגאַנען".

„דערפאַר וואָס די טיילן פון אונדזער קערפּער, דורך וועלכע מיר נעמען אויף זאַכן, זיינען די וואָס מיר רופן געוויינטלעך די אָרגאַנען פון דער עמ־פינדלעכקייט. אַזוי געפינען מיר אַז דער אָביעקט פון אונדזער חוש, די דער־שיינונגען (די אידייעס) און די נאַטור פון אונדזער'ע חושים באַשטייען פון אַן אינערלעכע באַוועגונג אין דער עמפינדלעכקייט.

אַזוי ווי איך האָב באַוויזן, אַז קיין באַוועגונג אַנטשטייט ניט, אויסער פון אַ באַרירונג פון אַ קערפּער אין באַוועגונג; איז פאַר דעם אויגנשיינלעך, אַז די דירעקטע אורזאַך פון דער פּערצעפּציע פון די חושים באַשטייט אין דעם, וואָס דער חוש ווערט באַרירט און געדריקט... עמפינדלעכקייט באַשטייט פון אַן אינערלעכער באַוועגונג אינעם עמפינדלעכן, וואָס אַנטשטייט פון זיין אַן אינערלעכע באַוועגונג און ווערט פאַרשפּרייט דורך אַלע מעדיאומס צו די אינערלעכסטע טיילן פונעם אָרגאַן. אַזוי דערקלער איך וואָס עמפינדלעכקייט איז" (האָבס, קאָנסוירנינג באָדי, זז. 114־116).

כדי צו באַווייזן אַז זיין אויסטייטשונג איז אַ ריכטיקע, ברענגט ער דעם פאַקט וואָס מען „דערזעט" פונקען ווען מען קריגט אַ קלאַפּ אין אויג. ער זאָגט: „אין אַ גרויסער אָנרעגונג פונעם מאַרך (ווי ווען מען כאַפּט אַ קלאַפּ אַרום אַן אויג), ווען דער אָפּטישער נערוו ווערט שטאַרק אָנגעגריפן דערשיינט פאַר די אויגן אַ באַשטימטע ליכט, וואָס איז ניט קיין ליכט, וואָס קומט פון דרויסן נאָר אַ דערשיינונג אַליין. דאָס איינציקע וואָס עקזיסטירט אין דער ווירקלעכקייט איז די אָנרעגונג, אָדער די באַוועגונג אויף די טיילן פונעם נערוו. פון דער דערפאַרונג קענען מיר באַשטימען, אַז די דערשיינונג פון ליכט איז ניט קיין אַנדער זאַך ווי אַן אינערלעכע באַוועגונג. דערפאַר איז אויב פון אַ שיינענדן קערפּער קען אַרויס אַ באַוועגונג וואָס זאָל אָנרעגן דעם אָפּטישן נערוו אויפן פאַסיקן, פאַר אים, אופן, וועט אַנטשטיין אַן אָפּבילדונג פון ליכט אין דער ליניע, פון וועלכער דאָס אויג האָט געקראָגן די באַוועגונג" (האָבס „היומען נייטשור", ז. 159, אָפּען קאָורט אויסגאַבע).

אויף אַזאַ איינפאַכן אופן, מען קען זאָגן, שוין אַ צו איינפאַכן אופן, בלויז דורך דער „באַוועגונג פון מאַטעריע" האָט האָבסט געפּרואווט דערקלערן אַלע נאַטור־דערשיינונגען, איינשליסנדיק דעם מענטשן מיט זיין וויסן פון דער וועלט.

האָבס' מאַטעריאַליזם איז געווען אַן אויסגעהאַלטענער, ער איז אָבער געווען צו ראַדיקאַל און ווייניק איבערצייגנד ער זאָל קענען אָנגענומען ווערן; האָט טאַקע האָבס נאָך זיך קיין דירעקטע יורשים ניט געלאָזט. אומדירעקט, קען מען זאָגן, אַז אי דער ענגלישער עמפּיריציזם, אי די ניוטאָנישע וויסנ־שאַפט זיינען רעזולטאַטן פון בעקענען און האָבסן; אָדער בעסער געזאָגט: זיי אַלע זיינען דער אויסדרוק פון דער ענגלישער טראַדיציע אינעם דענקען.

עס איז קיין פראַגע ניט, אַז לאָקס איז שטאַרק באַאיינפלוסט געוואָרן פון האָבסן און אַז די וואָס זאָגן אַז פון האָבסן הויבט זיך אָן די מאָדערנע פּסיכאָ־לאָגיע און ניט פון דעקאַרטן, זיינען טיילווייז גערעכט. עס ווענדט זיך ווי

אַזוי מען קוקט אויף פּסיכאָלאָגיע, קומט מען אויף איר פונעם אינטראָספּעקטיוון אויסגאַנגס־פּונקט, דאַרף מען אָנהויבן מיט דעקאַרטן, קוקט מען אָבער אויף איר פונעם עמפּירישן אויסגאַנגס־פּונקט, דאַרף מען אָנהויבן מיט האָבסן.

האָבס איז געווען דער שטאַרקסטער אויסדרוק פונעם מאַטעריאַליזם אין דער נייער צייט: קיין איין נייער געדאַנק איז נאָך אים ניט אַרויסגעזאָגט געוואָרן, ניט פון די פראַנצויזישע מאַטעריאַליסטן; מיט לאַ־מאַטריעס „מאַן אַ מאַשין“ (אינעם 18טן יאָרהונדערט) בראש און ניט פון די דייטשישע מאַטעריאַליסטן און בוכנערס „קראַפט און שטאָף“ בראש אינעם ניינצנטן יאָרהונדערט. ערשט די לעצטע צייט האָט אָנגעהויבן זאָגן אַ ניי וואָרט אין דער פראַגע. דאָס איז אָבער אַ דאַנק געענדערטע באַגריפן אין אַלגעמיין.

# דער וויסנשאַפטלעכער צוגאַנג צום קערפּער־פאַרשטאַנד פּראָבלעם

דר. זשיטלאָווסקי זאָגט: „די וויסנ־שאַפט קען פאַרגליכן ווערן צו אַ שטראָם אין דער יבשה פון דער ,רעאַלער וועלט' און ניט צו אַ ים... די פילאָזאָפישע געדאַנקען־וועלט דאַרף אָבער צוגעגליכן ווערן מער צו אַ ים, איידער צו אַ שטראָם. דאָ פעלט זייער אָפט דער אָביעקטיוו־פאַרצייכנטער וועג. מען קען דאָ פאָרן אין די פאַרשיידענע ריכטונגען. די דערפאָרונג פון דער וויסנשאַפט קען דערביי דינען ווי אַ קאָמפּאַס כדי צו אָריענטירן זיך אין דעם אייגענעם וועג. אָבער ניט יעדער פילאָזאָף איז געצוואונגען דווקא צו אָריענטירן זיך אויף אָט דעם קאָמפּאַס. פאַראַן פילאָזאָפישע סיסטעמען וואָס באַטראַכטן די גאַנצע, אַזוי אָנגערופענע, רעאַלע וועלט, ווי זי ווערט געשטודירט אין די וויסנשאַפטן, נאָר ווי אַ דמיון אין אונדז, פון וועלכן דער פילאָזאָף דאַרף זען צו באַפרייען זיך אויף דעם גרונטלעכן אופן, אויב ער וויל באמת דערגיין דעם „אמתן אמת".

מיר האָבן דאָ מיט אַזוינע אויסטערלישע, אויסערגעוויינלעכע ריכטונ־גען ניט צו רעכענען זיך. פאַר דאָס רוב פילאָזאָפישע שטרעבונגען פון דער נייער צייט—און אָט די נייע צייט איז שוין אויך אַלט אַן ערך פיר הונדערט יאָר — איז די וויסנשאַפט געוואָרן דער קאָמפּאַס וואָס באַשטימט דעם וועג" (פון דער צווייטער לעקציע „וויסנשאַפט, פילאָזאָפיע, רעליגיע").

וועגן די „אויסטערלישע, אויסערגעוויינטלעכע ריכטונגען" זאָגט איינ־שטיין אין זיין ספּענסער לעקציע: „דערפאַר האָבן די גריכן ניט געשאַפן קיין פּאָזיטיווע וויסנשאַפט, וואָס זיי האָבן ניט געוואוסט דעם סוד אַז דער ריינער שכל אַן דער הילף פון דער דערפאַרונג, גיט ניט קיין וויסן וועגן דער רעאַליטעט פון דער וועלט" (זע פילאָסאָפיע אָוו סייענס, אַפּריל 1934. פאַר־קירצט).

וואָלט מען געמיינט, אַז נאָר די גריכישע וועלט האָט ניט געוואוסט דעם „סוד" וועגן וועלכן איינשטיין רעדט, אָבער אויך דענקער פון דער נייער צייט האָבן „אָפט געפילט אַ לוסט אַרויסצושפּרינגען פונעם וויסנשאַפטלעכן שטראָם און כאַפּן אַ שווים אין דעם פילאָזאָפישן ים, אַראָפּלאָזן זיך דאָרטן אויף דעם „ים־גרונט" כדי אויסצוגעפינען דעם סוד פון דער יבשה" (דר. זשיטלאָווסקי). און האָבן פאַרגעסן מיטצונעמען אַ קאָמפּאַס, אַ סעקסטאַנט און אַנדערע בויטיקע כלי־זיין פון דער דערפאַרונג און פון דער וויסנשאַפט... האָבן טאַקע אַ היבש ביסל פון זיי פאַרלוירן דעם וועג צוריק צו דער „יבשה" און זיינען דערטרונקען געוואָרן אין דעם „ים" פון זייער פאַנטאַזיע.

די פילאָזאָפישע ספּעקולאַציעס זיינען פול מיט אַזוינע „ים־שווימער" וואָס זיינען „שפּורלאָז פאַרשוואונדן": מען האָט פאַרגעסן אין זיי און אינעם פּראָדוקט פון זייער פאַנטאַזיע...

צווישן אָט די דאָזיקע פאַרשוואונדענע „ים־שווימער" פון דער ריינער אַבסטראַקטער פאַנטאַזיע, וואָס האָבן זיך ניט גערעכנט מיט דער עמפּירישערווירקלעכקייט, האָבן די הויפּט־ראָלע געשפּילט די „שווימער", וועלכע האָבן זיך באַשעפטיקט מיטן קערפּער־פאַרשטאַנד פּראָבלעם און טאַקע אין „דער נייער צייט" און ניט בלויז אין דער אַלטער צייט... דער אונטערשייד צווישן די גריכישע „ים־שווימער" און די מאָדערנע „שווימער" איז דער, וואָס די ערשטע האָבן ניט געוואוסט דעם סוד אַז דער שכל אַליין, אָן דער הילף פון דער דערפאַרונג, קען ניט געבן קיין וויסן וועגן דער וועלט און די צווייטע האָבן ניט געוואָלט וויסן. דער רעזולטאַט איז אָבער דער זעלבער: אָט די אַלע „שווימער" זיינען „שפּורלאָז פאַרשוואונדן": זיי האָבן גאָרניט אויפגעטאָן פאַרן פּראָבלעם...

געוויס איז פאַראַן אַן אונטערשייד צווישן דעם מאָדערנעם אַרט דענקען און דעם גריכישן; די מאָדערנע דענקער האָבן אָפּערירט מיט קאַטעגאָריעס (פונדאַמענטאַלע באַגריפן) און די גריכן מיט אינטעלעקטועלע באַגריפן אין אַלגעמיין. דאָס איז געוויס אַן אונטערשייד.

אויף דעם קערפּער־פאַרשטאַנד פּראָבלעם האָט אָבער דער אונטערשייד געהאַט אַ קנאַפּע ווירקונג; מען שטייט נאָך איצט אויך אויף דעם זעלבן אָרט, וואו דעקאַרט האָט דעם פּראָבלעם אַוועקגעשטעלט. פאַר דער גאַנצער מאָדערנער צייט האָט מען זיך אויף קיין האָר ניט אַ ריר געטאָן אין דער ריכטונג פון זיין ליזונג. און ס'איז אויך פאַרשטענדלעך פאַרוואָס מען האָט ניט געמאַכט קיין שום פּראָגרעס: ווען מען הויבט אָן פון דעם סוף, האָט מען ניט וואוהין צו גיין...

פון די פיר פילאָזאָפישע צוגאַנגען צום קערפּער־פאַרשטאַנד פּראָבלעם, וואָס זיינען נאָר וואָס באַטראַכט געוואָרן: 1) די אינטעראַקציע צווישן קערפּער און נשמה, 2) די צוויי פּאַראַלעלע שטראָמען, דער פיזיאָלאָגישער און דער פּסיכישער, וואָס לויפן גלייכצייטיק, הגם זיי ווירקן ניט איינער אויף דעם צווייטן, 3) דער טאָפּלטער אַספּעקט פון איינער און דער זעלבער דער־שיינונג (ווי שפּינאָזע ווערט פון פיל דענקער אינטערפּרעטירט אין דער מאָדערנער צייט) און 4) דער ריינער מאַטעריאַליזם, האָט זיך דער ספּעקו־לאַטיווער געדאַנק הויפּטזעכלעך באַשעפטיקט מיט די ערשטע צוויי, מיט דער אונטעראַקציע און דעם פּאַראַלעליזם; דער שפּינאָזעאיסטישער טאָפּל־טער אַספּעקט קען ערשט פאַרשטאַנען ווערן אין דער מאָדערנער צייט, ווען מען באַהאַנדלט די פראַגע אויף אַ קאָנקרעטן אופן, ווי זי וועט נידעריקער באַטראַכט ווערן. היסטאָריש איז ער אָבער אויף דעם אופן ניט באַטראַכט געוואָרן; פאַקטיש האָט מען אים גענומען אַלס אַ פאָרמע פון פּאַראַלעליזם. און דער מאַטעריאַליזם איז אי ניט געווען פּאָפּולער, אי ער האָט זיך סיי־ווי־סיי פון דעם אָרט ניט געקענט רירן, אַזוי לאַנג ווי מען האָט אָפּערירט מיט די האַרטע אַטאָמען פון דער קלאַסישער פיזיק.

מען קען ספּעקולירן פון איצט ביז משיח וועט קומען צי צוויי שטראָמען, איינער אַ פיזיאָלאָגישער, וואָס באַלאַנגט צו דער קאַטעגאָריע פון „אויסגע־

שפּרייטקייט" (מאַטעריאַלער וועלט) און וואָס געפינט זיך אין מאַרך און דער צווייטער אַפּסיכישער, וואָס געפינט זיך אין דער „נשמה", אָדער אַפילו לויט דער מאָדערנער שפּראַך, אין דעם באַוואוסטזיין, און באַלאַנגט צו דער קאַטעגאָריע פון „דענקען" (גייסטיקער וועלט) קענען ווירקן איינער אויף דעם צווייטן, אָדער ניט; צי זיי זיינען אין איינקלאַנג מיט די באַגריפן פון דער מאָדערנער וויסנשאַפט, אָדער ניט. פון די אַלע ספּעקולאַציעס קען מען אָבער ניט קליגער ווערן, מען קען דורך זיי פאַר קיין פאַל ניט נאָר ניט לייזן, נאָר אפילו ניט צוקומען צום פּראָבלעם ווי אַזוי דער באַוואוסטזיין פונקציאָנירט אין פאַרבינדונג מיט דעם מאַרך. מען קען עס ניט טאָן פּשוט דערפאַר, וואָס דער מאַרך אַלס אָרגאַן און די פונקציעס וואָס קומען אין אים פאָר, ווערט אויסגעלאָזט גלייך פון אָנפאַנג (דער מאַרך האָט אויף אַזויפיל צו טאָן מיטן באַוואוסטזיין, אַזוי ווי די קעפּלעך קרויט וואָס געפינען זיך אין גאָרטן, האָט אַ פּסיכאָלאָג געזאָגט צום אַנאַטאָמיסט העריק. און דאָס איז ניט געוועזן קיין אויסנאַמס־באַגריף, נאָר דער אַלגעמיינער באַגריף ביז דער לעצטער צייט. בערגסאָן איז געוועזן דער איינציקער אויסנאַם; זיין צוגאַנג איז אָבער אַזאַ אייגנאַרטיקער, אַז ער מוז דאָ אויסגעלאָזט ווערן). פאַרשטייט זיך, אַז ווען מען האָט אָנגעהויבן מיט אַן אַבסטראַקציע, האָט מען געענדיקט מיט אַן אַבסטראַקציע. און קאָנקרעטע פּראָבלעמען קען מען ניט לייזן אויף קיין אַבסטראַקטן אופן.

ניט בעסער איז געוועזן מיטן פּסיכאָ־פיזישן פּאַראַלעליזם, מיט די צוויי באַזונדערע שטראָמען, וואָס לויפן פּאַראַלעל און באַגעגענען זיך קיינמאָל ניט (די צוויי אָנגעצויגענע זייגערס): אַז אין דעם מענטשן קומען פאָר צוויי באַזונדערע פּראָצעסן, אַ פיזיאָלאָגישער און אַ פּסיכישער, וואָס האַרמאָנירן אַלעמאָל צוזאַמען, הגם זיי ווירקן ניט איינער אויף דעם צווייטן, פּאַקטיש איז מיט אים נאָך ערגער: ער האָט געדאַרפט אָנהויבן מיט אַ נס, מיט אַ פון פאָראויס עטאַבלירטער האַרמאָניע...

דער פּסיכאָ־פיזישער, אָדער פּסיכאָ־פיזיאָלאָגישער דואַליזם האָט געמוזט בלייבן פּרוכטלאָז און זיך ענדיקן מיט אַ דופּאַל פאַר צוויי טעמים: 1) קען מען נאָר אָפּערירן מיט צוויי רעאַליטעטן ווען מען האָט זיי ביידע אויף אַ ממשותדיקן אופן, מען קען זיי פאַרגלייכן און קאָאָרדינירן, ווייסט מען ניט פון זייער באַזונדער עקזיסטענץ און מען ווייסט איבערהויפּט ניט צי מען האָט פאַר זיך צוויי עקזיסטענצן, האָט מען ניט וואָס צו פאַרגלייכן און וואָס צו קאָאָרדינירן. דעם קערפּער האָט מען פאַר זיך, די „נשמה" האָט מען פאַר זיך ניט; וואָס מ'האָט פּאַקטיש איז דאָס, וואָס מ'נעמט אָן פאַר אַ לאָגיש־געצויגענעם שלוס פון דער פונקציע פונעם אָרגאַניזם גופא. ווי־אַזוי זשע קען מען קאָאָרדינירן די פונקציע פון דעם אָרגאַניזם, מיט דעם געצויגענעם שלוס וואָס איז אַ רעזולטאַט פון דער זעלבער פונקציע? קען מען טאַקע ניט: מ'בלייבט ביי דער ספּעקולאַציע. 2) קען אַ היפּאָטעזע בלויז האָבן אַ באַדייט, ווען זי באַשטייט פון אַ דירעקטן רעזולטאַט פון די פאַקטן פון דער באַטרעפנדער דערפאַרונג, פון וועלכער זי ווערט פאָרמירט. מיט אַנדערע ווערטער, זי דאַרף זיין אַ רעזולטאַט פון די פאַקטן אָבער ניט קיין אויסגאַנגס־פונקט לויט וועלכן מען זאָל אינטערפּרעטירן די פאַקטן. פּשוט מיינט עס, אַז מען דאַרף אָנהויבן פון דעם וואָס מען ווייסט און אָפּערירן מיט

דעם וואָס מען ווייסט און ערשט נאָכדעם ציען לאָגישע שלוסן פון די אַק־טועלע פאַקטן און ניט ספּעקולירן אין אַ ליידיקייט. אָפּערירן קאָן מען אָבער נאָר מיט דעם מאָרך און מיט זיינע פונקציעס, קיין אַנדער פאַקטאָר האָט מען ניט.

דער געדאַנק, אַז דער אָנהויב פון דער באַטראַכטונג פון קערפּער־פאַר־שטאַנד פּראָבלעם דאַרף געמאַכט ווערן דורך דעם באַוואוסטזיין־מאָרך פאַר־בינדונג איז, דוכט זיך, אַזוי איינפאַך און זעלבסטפאַרשטענדלעך און פונדעסט־וועגן איז דער צוגאַנג צו דער פראַגע ביז לעצטנס ניט באַנוצט געוואָרן און פאַר גאַנץ פאַרשטענדלעכע אורזאַכן. ווי ס׳איז פריער אָנגעוויזן גע־וואָרן, איז דער קערפּער־פאַרשטאַנד פּראָבלעם ניט נאָר עלטער פון דער ווּיסנשאַפט, ער איז אויך עלטער פון דעם ספּעקולאַטיוון געדאַנק; אַרום אים האָט זיך אַנטוויקלט מיטאָלאָגיע, רעליגיע און פילאָזאָפיע, איז געוועזן נאַטירלעך, אַז ער זאָל אַלעמאָל געווען באַטראַכט ווערן אין די גרענעצן פון די פּראָבלעמן מיט וועלכע ער איז היסטאָריש געווען פאַרבונדן.

ס׳איז פיליכט אַן איראָניע פון דער געשיכטע, וואָס די, וועלכע האָבן זיך באַשעפטיקט מיטן פּראָבלעם, זאָלן ניט נאָר ניט וויסן פון דער פונקציע פונעם מאָרך (נאַטירלעך, אַז ס׳זיינען אויך געווען אויסנאַמען, אַזויגע וואָס האָבן יאָ געוואוסט, אָבער זייער ווייניק אויסנאמען), נאָר זיי זיינען אָפּט אויך געווען קעגנעריש געשטימט צו אַזאַ וויסן, וואָס האָט געהאַט אַ שייכות צו פיזיאָלאָגישע פונקציעס: מען האָט ווי מורא געהאַט, אַז מען וועט מטמא זיין דעם „גייסט“, ווען מען וועט אים באַטראַכטן אין פאַרבינדונג מיט דעם קערפּער. ניט האָבנדיק קיין שום וויסן וועגן זיין פונקציע, האָט די פאַר־בינדונג פאַר זיי פּאַקטיש ניט עקזיסטירט.

ווי אַ באַשטעטיקונג פאַר אָט דעם „אמת“ האָט געדינט דער פאַקט, וואָס דאָס דירעקט־אוממיטלבאַרע פאַרן מענטשן איז זיין באַוואוסטזיין; מיט אים הויבט ער אָן און מיט אים ענדיקט ער. דירעקט קען מען ניט צוקומען צום מאָרך דורך דעם אינטראָספּעקטיוון באַוואוסטזיין. אויב איינער האָט אפילו ניט באַלאַנגט צו דעם קלאַס פון יענעם פּראָפעסאָר, וואָס האָט גע־לייקנט די פאַרבינדונג, האָט ער צו איר סיי־ווי־סיי ניט געקענט צוקומען. ניט מען קען צוקומען צום מאָרך דורך דעם באַוואוסטזיין און ניט מען קען צוקומען צום באַוואוסטזיין דורך דעם מאָרך.

אונטער נאָרמאַלע באַדינגונגען קען מען פון דעם באַוואוסטזיניקן פּראָ־צעס ניט וויסן צי ער האָט וועלכע ס׳איז שייכות מיטן מאָרך, אָדער ניט. אויף דער טעכנישער שפּראַך זאָגט מען, אַז דער מאָרך איז דורכזיכטיק, ער „לאָזט דורך“ דעם באַוואוסטזיין דורך זיך און פון זיך זעלבסט לאָזט ער ניט וויסן. פון דער צווייטער זייט, ווען מען שטודירט דעם מאָרך פון דרויסן אַנאַטאָמיש, אָדער פיזיאָלאָגיש, קען מען ניט אויפכאַפּן דעם שטראָם פון באַוואוסטזיין, וואָס קומט פאָר אינערלעך אין אים. ווען מען נעמט אָן דעם מאָניסטישן אויסגאַנגס־פונקט (ער וועט נידעריקער באַטראַכט ווערן) פון אַ טאָפּלטן אַספּעקט פון דער זעלבער דערשיינונג, קען מען פאַרשטיין די „דורכזיכטיקייט“ פון דעם מאָרך און די קאַטעגאָרישקייט פון דעם באַוואוסט־זיניקן פּראָצעס. די מיסטעריע ווערט אויפגעלייזט פון זיך זעלבסט. ווען אָבער די פאַרשיידענע באַגריפן זיינען פאָרמירט געוואָרן, האָט מען געשאַפן

אַן אינטראָספּעקטיווע פּסיכאָלאָגיע פון באַוואוסטזיין, וואָס האָט זיך אינגאַנצן אָפּגעזאָגט צו באַטראַכטן די פּאַרבינדונג מיט דעם מאַרך, פּאַר איר, האָט זי געדענקט איז די פּאַרבינדונג אינגאַנצן ניט נויטיק; זי קען שאַפן אַ פּסיכאָלאָגישע וויסנשאַפט אָן וועלכער ס'איז שייכות מיטן מאַרך.

פון דער צווייטער זייט האָבן די מאַרך־אַנאַטאָמיסטן און פיזיאָלאָגן אינ־גאַנצן זיך ניט געניטיקט אין דעם באַוואוסטזיין; אין זייער וויסנשאַפט האָבן זיי זיך ניט גענייטיקט אין דעם, וואָס דער באַזיצער פון דעם מאַרך פילט, אָדער לעבט דורך. פּאַקטיש האָבן זיי עס אפילו ניט געוואָלט וויסן, יעדע דערשיינונג, וואָס האָט אַ שייכות מיטן באַוואוסטזיניקן שטראָם, איז פון זיי באַטראַכט געוואָרן אַלס „פילאָזאָפישע ספּעקולאַציע”, פון וועלכער אַ וויסנשאַפטסמאַן דאַרף זיך היטן ווי פון פייער.

אַזוי האָבן זיך אַנטוויקלט צוויי באַזונדערע וויסנשאַפטן אין פּאַרבינדונג מיט איין אָרגאַן און איינע האָט ניט געוואָלט וויסן וואָס אין דער צווייטער טוט זיך. די פּאַרבינדונג איז, ווי פריער אָנגעוויזן געוואָרן, געבליבן אין די הענט פון די ספּעקולאַטיווע דענקער, וועלכע האָבן זיך פּאַקטיש ניט גערעכנט אפילו מיט דעם, וואָס ס'קומט פּאָר אין די צוויי באַזונדערע לאַגערן אין דעם אַנאַטאָמאָ־פיזיאָלאָגישן לאַגער און אין דעם פּסיכאָלאָגישן לאַגער.

ס'איז אָבער פּאַראַן נאָך אַ צד וואָס האָט אַ שייכות צו דער פּראַגע; אמת, דעם צד האָט ניט אינטערעסירט די פּסיכאָלאָגיע פון באַוואוסטזיין און געוויס ניט דער קערפּער־פּאַרשטאַנד פּראָבלעם און פונדעסטוועגן איז ער געווען דער יעניקער וואָס האָט צוגעטראָגן דעם פּאָזיטיוון וויסן צו דער פּראַגע, וואָס מען האָט אין דער איצטיקער צייט. דער צד איז דער פּראַק־טיצירנדער דאָקטאָר, וואָס האָט זיך ספּעציאַליזירט אין מאַרך־קראַנקהייטן. אים האָט דער קערפּער־פּאַרשטאַנד ניט אינטערעסירט ניט אַלס פּסיכאָלאָ־גישע פּראַגע און געוויס ניט אַלס פיזיאָלאָגישע פּראַגע, נאָר ווי אַן איינ־פּאַכע קלינישע פּראַגע. אויף אים איז די פּראַגע אַרויפגעצוואונגען געוואָרן דורך קראַנקע, וואָס אַ שעדיקונג אין דעם מאַרך מאַניפעסטירט זיך דורך אַ שטערונג אין דעם נאָרמאַלן אויסדרוק פון דעם פּראָצעס פון באַוואוסטזיין; די פונקציע פון דעם באַוואוסטזיניקן פליסן ליידט אַ דאַנק אַ וועלכער ס'איז וואונד אין דעם מאַרך. און כדי צו פּאַרשטיין צי ס'איז פּאַראַן אַ וועלכע ס'איז מעגלעכקייט העלפן דעם ליידנדן, האָט ער זיך געמוזט באַשעפטיקן מיט דעם מאַרך אין שייכות צו די פּאַרשיידענע באַוואוסטזיניקע פונקציעס, וואָס קומען אין אים פּאָר. ער האָט די פּאַרבינדונג ניט געקענט אויסמיידן, זי איז אַרויפגעצוואונגען געוואָרן אויף אים.

ניט נאָר האָט דער קליניק אַרויפגעצוואונגען אויף אים דעם פּראָבלעם פון דער שייכות פון דעם מאַרך צו די באַוואוסטזיניקע פּראָצעסן, וואָס קומען אין אים פּאָר, נאָר אויך די פּאַטאָלאָגישע ענדערונגען, וואָס ער האָט געפונען אינעם מאַרך גופא, ווען ער האָט אים שטודירט נאָך דעם ווי דער חולה איז געשטאָרבן האָבן עס געפּאָדערט. פון דעם שטודיום קען זיך דער פּראַקטיצירנדער נערוון־ספּעציאַליסט ניט אָפּזאָגן; דאָס איז דער וויכ־טיקסטער טייל פון זיין ספּעציאַליטעט אַלס מאַרך־ספּעציאַליסט. דער שטודיום פון די ענדערונגען, וואָס קומען פּאָר אין דעם מאַרך אין פּאַרשיידענע מאַרך־

קראַנקהייטן גיט אים אַ מעגלעכקייט צו פאַרשטיין די באַטרעפנדע קראַנק־הייטן. און ווען ער האָט געהאַט פאַר זיך אַ קראַנקן, וואָס האָט געליטן פון אַ מאַרך־קראַנקהייט, וואָס האָט זיך מאַניפעסטירט דורך אַן ענדערונג פון דעם נאָרמאַלן פליסן פון דעם פּראָצעס פון באַוואוסטזיין און דער קראַנ־קער איז געשטאָרבן, איז פאַר אים געווען נאַטירלעך צו שטודירן דעם מאַרך און אויסגעפינען די פּאַטאָלאָגישע ענדערונגען, וואָס זיינען אין אים פאָר־געקומען און פּרוּוון זיי פאַרבינדן מיט דעם געענדערטן פּסיכישן פּראָצעס.

געוויס האָט זיך דער דורכשניטלעכער מאַרך־ספּעציאַליסט געהיט צו זאָגן וואָס עס איז אין שייכות צו דעם באַוואוסטזיין; דאָס האָט געשמעקט און שמעקט נאָך איצט אויך מיט „פילאָזאָפיע" פון וועלכער מען היט זיך אין דער לאַבאָראַטאָריע ווי פון פייער; מען קען זיך אָבער ניט העלפן, מען מוז ענדלעך ווערן „פילאָזאָפן" און באַרירן דעם באַוואוסטזיין. מען האָט קיין אַנדער ברירה ניט, דער באַוואוסטזיין ווי אַ פּראָצעס ווערט אַרויסגעצוואונגען אויף דעם לאַבאָראַטאָריע־פאַרשער.

אין וואָס די פאַרשונגען זיינען באַשטאַנען און צו וועלכע רעזולטאַטן זיי האָבן געפירט, וועט זיין די אויפגאַבע פון די וויטערדיקע קאַפּיטלעך צו דערקלערן. איצט ווערט בלויז אָנגעוויזן ווי אַזוי דער איבערגאַנג פון אַ פילאָזאָפישער ספּעקולאַציע צו אַ וויסנשאַפטלעכער באַטראַכטונג פון דעם פּראָבלעם איז פאָרגעקומען, אָדער נאָך בעסער, קומט פאָר. ווייל פאַקטיש קען מען ניט ריידן וועגן דער פראַגע אין טערמינען פון דער פאַרגאַנגענ־הייט, ווען דער פּראָצעס האַלט ערשט אין פאָרקומען; דער איבערגאַנג קומט פאָר פאַר די אויגן.

געוויס וואָלט ניט געווען ריכטיק צוצושרייבן דעם איבערגאַנג וואָס קומט פאָר ווי אַ בלויזער רעזולטאַט פון די פאָרשונגען פון דעם מאַרך־ספּעציאַליסט; אמת, זיינע פאָרשונגען זיינען געווען די וויכטיקסטע, דער פיזיאָלאָג אָבער, וואָס באַשעפטיקט זיך מיט די פיזיאָלאָגישע פּראָ־צעסן, וואָס קומען פאָר אין די נערוון, ווען זיי ווערן סטימולירט אויף פאַר־שיידענע אופנים, האָט צוגעטראָגן זיין חלק אין דער לעצטער צייט. מען קען ניט באַטראַכטן די פונקציע פון דעם מאַרך אין פאַרבינדונג מיטן באַ־וואוסטזיין און אויסלאָזן שערינגטאָנס און אדריאַנס פאָרשונגען פון דער נערוון־סיסטעם, פאַר וועלכע זיי ביידע האָבן געקראָגן דעם נאָבל־פּרייז. און מען קען אויך ניט איגנאָרירן לעשליס און אַנדערע עקספּערימענטאַלע פאָר־שונגען, כאָטש זיי האָבן ניט געוואונען קיין נאָבל־פּרייז...

אויך פּסיכאָלאָגן, וואָס באַשעפטיקן זיך נאָר מיט דעם באַוואוסטזיין, האָבן לעצטנס איינגעזען די וויכטיקייט פון דער פונקציע פון דעם מאַרך כדי צו פאַרשטיין דעם פּראָצעס פון באַוואוסטזיין.

ס'איז שוין אין אַן אַנדער פאַרבינדונג ציטירט געוואָרן דער פּסיכאָלאָג בארינג, וועלכער גלויבט ניט אַז פּסיכאָלאָגיע קען זיך באַגיין אָן דער פונקציע פון דעם מאַרך. אויך די רעזולטאַטן צו וועלכע אייניקע פּסיכאָלאָגן זיינען לעצטנס געקומען וועלן נידעריקער באַטראַכט ווערן.

אין דער רוימישער וועלט פלעגט מען זאָגן, אַז אַלע וועגן פירן צו רוים; ס'איז געווען נאַטירלעך אַז זיי זאָלן פירן צו רוים. די רוימער האָבן געבויט די וועגן, האָבן זיי די וועגן געבויט אַזוי, אַז זייער צענטער זאָל זיין רוים.

דאָס זעלבע קומט פאָר מיט די באַוואוסטזיניקע פּראָצעסן וואָס האָבן זיך אַנטוויקלט אַרום דער פונקציע פון דער נערוון־סיסטעם: זיי אַלע פירן צום מאַרך, אָדער, ווי ער ווערט אויף דער טעכנישער שפּראַך אָנגערופן, צו דער צענטראַלער נערוון־סיסטעם. ס'איז קיין וואונדער ניט וואָס זיי פירן צום מאַרך, אַרום וועלכן זיי האָבן זיך אַנטוויקלט, דער וואונדער איז ווי אַזוי פאָרשער פון דעם מאַרך פּראָצעס פון באַוואוסטזיין און ווי אַזוי אפילו ספּעקולירענדע דענקער האָבן די מאַרך־באַוואוסטזיין פאַרבינדונג אַזוי לאַנג אויסגעמידן. דאָס איזווירקלעך אַ וואונדער.

ווען מען גייט צו צו דער פאָרשונג פון די באַוואוסטזיניקע פּראָצעסן, וואָס פליסן אַריין פון דער אויסערלעכער וועלט, איז דער מאַרך אין זיין פונקציע אַזוי ענג פאַרבונדן מיטן פּראָצעס פון באַוואוסטזיין, אַז ער קען פאַר קיין פאַל פון אים ניט אָפּגעטיילט ווערן. די איינדרוקן, וואָס שטאַמען אַריין פון דער אויסערלעכער וועלט, פליסן דורך די חושים, וואָס זיינען אַן אינטעגראַלער טייל פון דער נערוון־סיסטעם. די דאָזיקע ספּעציעלע חושים, ווי זיי ווערן אָנגערופן, זיינען צוגאַנגבאַר פון דרויסן, זיי קענען שטודירט ווערן לויט די מעטאָדן פון דער וויסנשאַפט. איינער פון זיי, דער אָפּטישער נערוו, דורך וועלכן מען זעט די וועלט, איז אפילו אָפן פאַר דירעקטן שטודיום. מען קוקט אין אים אַריין מיט דער הילף פון אינסטרומענטן, און מען זעט די ענדערונגען וואָס קומען אין אים פאָר, ווען ער ווערט סטימולירט, ווען ער ווערט אַקטיוו און אַ פּראָצעס קומט אין אים פאָר. (דאָס אינטערעסאַנטע מיט דעם נערוו איז, וואָס ער באַשטייט פון אַ טייל פון דעם מאַרך גופא וואָס שפּרייט זיך אויס אין דער אינערלעכקייט פון דעם אויג (די רעטינא). אָבער אויך מיט די אַנדערע ספּעציעלע חושים (נערוון) מאַכט מען פאַרשיידענע עקספּערימענטן און מען געפינט אויס די פּראָצעסן (כעמישע און עלעקטרישע), וואָס קומען אין זיי פאָר, ווען זיי ווערן סטימולירט אויף פאַרשיידענע אופנים (זע, באַרינגס אַרטיקל פיזיאָלאָדזשיע אָוו קאָנשיאָזנעס ענד סייענס, יאַנואַר דעם 8טן 1932; אָדער אדריאַנס בוך אַנאַליזיס אָוו סענסיישאָנס).

די אַלע פאָרשונגען גיבן אַן אַריינבליק אין דעם אינערלעכן טייל פון דער נערוון־סיסטעם (צענטראַלע נערוון־סיסטעם), ווען זי איז אַקטיוו; מען האָט אַ רעכט אָנצונעמען, אַז דער ענערגיע־פּראָצעס איז דער זעלבער אין אַלע טיילן פון דעם נערוון־סיסטעם. לעצטנס האָט מען אויסגעפונען אַ וועג ווי אַזוי מען זאָל קענען מעסטן די דירעקטע אַקטיוויטעט פון די פאַרשיידענע טיילן פון דעם מאַרך, ווען מען סטימולירט זיי אויף פאַרשיידענע אופנים. פּראָפעסאָר יאַקאָבסאָן פון דעם שיקאַגער אוניווערזיטעט און אַנדערע פאָרשער מעסטן איצט די ענערגיע־פּראָצעסן, וואָס קומען פאָר אין פאַרשיידענע טיילן פון דעם מאַרך, ווען זיי זיינען אַקטיוו. דאָס באַווייזט די דירעקטע פאַרבינדונג פון דעם ענערגיע־פּראָצעס מיט דעם באַוואוסטזיניקן פּראָצעס.

די ספּעציעלע חושים זיינען פאַרבונדן דורך „וועגן" מיט באַשטימטע פּלעצער אין דעם מאַרך, וואו עס געפינט זיך דער „צענטער" פאַר דער באַשטימטער פונקציע פון דעם באַטרעפנדן חוש. אַזוי אַז פון איין זייט האָט מען די סטרוקטורעלע פאַרבינדונג צווישן די איינדרוקן וואָס דרינגען דורך די חושים אין אַ באַשטימטן אָרט אין דעם מאַרך וואו אַ באַוואוסטזיניקע

רעאַגירונג אַנטשטייט און פון דער צווייטער זייט האָט מען די פונקציאָנעלע פאַרבינדונג מיטן באַוואוסטזיין.

וועגן דעם וויסן פון דער פאַרבינדונג פון דער סטרוקטור און פונקציע פון דעם מאַרך פון איין זייט און די באַוואוסטזיניקע פּראָצעסן, וואָס אַנט־שטייען אין שייכות צו זיי פון דער צווייטער זייט, איז וואָס אַנבאַלאַנגט דער אַקטיוויטעט פון די אויסערלעכע, אָדער ספּעציעלע חושים, קיין פראַגע ניט: קיינער צווייפלט ניט אינעם אמת פון דעם וויסן. ער איז אַזוי זיכער, ווי וועלכער ס'איז וויסנשאַפטלעכער פאַקט איז ווען עס איז געווען זיכער. די פראַגע איז נאָר צי דער וויסן וואַרפט וועלכע ס'איז שיין אויף דעם מאַרך באַוואוסטזיין פאַרבינדונג, צי העלפט ער אויף וועלכן ס'איז אויפן זי צו דער־קלערן? אַזוי ווי דער מאַרך זעלבסט בלייבט דורכזיכטיק, ער גיט ניט אַרויס קיין פאַרבינדונג צווישן דער פיזיאָלאָגישער פונקציע, וואָס קומט פאָר אין אים און דעם באַוואוסטזיניקן פּראָצעס, וואָס קומט פאָר אין שייכות מיט דער פונקציע, קען מען אַננעמען אַלץ וואָס איז ביז איצט געזאָגט געוואָרן און בלייבן אַ דואַליסט, אין דער פאָרמע פון אינטעראַקציע צווישן די צוויי פּראָצעסן, דעם פיזיאָלאָגישן און דעם פּסיכישן, אָדער מען קען אַננעמען דעם פּאַראַלעליזם פון די צוויי שטראָמען. צום ביישפּיל, בערגסאָן נעמט אָן אַלץ, וואָס איז ביז איצט אַרויסגעזאָגט געוואָרן און פונדעסט־וועגן זאָגט ער, אַז דער מאַרך האָט אויף אַזויפיל אַ שייכות צום באַוואוסטזיין, ווי דער טשוואָק האָט אַ שייכות צום קלייד, וואָס מען הענגט אויף אים: דער דואַליזם בלייבט ווי געווען.

דאַרף מען זיך טאַקע ניט אָפּנאַרן און דענקען, אַז דאָס ביז איצט געזאָגטע לייזט דעם פּראָבלעם, פאָר קיין פאַל ניט, עס שטעלט אים אָבער אַוועק אויף אַזאַ קאָנקרעטן אופן, אַז מען קען צו אים צוטרעטן און אים באַטראַכטן ווי מען באַטראַכט אַ וויסנשאַפטלעכן פּראָבלעם: מען הויבט אָן פון דעם וואָס מען ווייסט און מען פאָלגט נאָך דאָס, וואָס מען וויסט ווי ווייט מען קען און ערשט נאָכדעם פאַרמירט מען אַ היפּאָטעזע פון דעם וואָס מען ווייסט ניט; זי דאַרף אָבער זיין אין איינקלאַנג מיט דעם וואָס מען ווייסט און אַ רעזולטאַט פון דעם וואָס מען ווייסט און ניט ווי בערגסאָן, צום ביישפּיל, הויבט אָן מיט אַ מיסטישער מעטאַפיזיק פון אַ „וויטאַלער קראַפט" און טייטשט אויס די פאַקטן אַזוי, אַז זיי זאָלן שטימען מיט זיין פון פאַראויס אָנגענומענער מעטאַפיזיק.

ווען מען שטעלט אַוועק די פראַגע אויף אַ קאָנקרעטן אופן און מען באַטראַכט זי לויט דעם וואָס מען ווייסט, פרעגט מען ניט קיין פראַגע ווי אַזוי „דענקען" קען אַרויסקומען פון דער „באַוועגונג פון עלעקטראָנען", מ'ווייסט, אַז „דענקען" און „באַוועגונג פון עלעקטראָנען" זיינען ניט קיין קאָנקרעטע פאַקטן פון דער דערפאַרונג, נאָר דאָס ערשטע איז ניט מער ווי אַ נאָמען פאַר אַ פּראָצעס און דאָס צווייטע איז אַ וויסשאַפטלעכער שלוס פון אַ פּראָצעס. מ'הויבט אָן פונעם מאַרך און פון די אַקטועלע פּראָצעסן וואָס קומען אין אים פאָר און מ'פּרואווט זיך דערגרונטעווען צום פּראָצעס, פון וועלכן דער באַוואוסטזיין און דער „דענקען" איז אַ רעזולטאַט. מיט אַנדערע ווערטער, מען פאַרלאָזט די וועלט פון אַבסטראַקציעס מיט אירע ספּעק־

קולאַציעס און מען טרעט צו צו דער וועלט פון דער קאָנקרעטער דערפאַרונג און מען פאָרשט די וויסנשאַפטלעכע פאַקטן ווי זיי פּרעזענטירן זיך. דער רעזולטאַט איז, אַז אָנשטאָט אַבסטראַקטע פּראָבלעמען, וואָס לאָזן זיך פאַר קיין פאַל ניט ליזן, אָפּערירט מען מיט קאָנקרעטע פּראָצעסן, וואָס פירן אַריין אַ ברייטערע גענעראַליזאַציע אין די פאַקטן און וואָס מען קען אַמ־וויַיניקסטנס האָפן אַז זיי וועלן פירן צו אַ לייזונג פון דעם מאַרך־באַוואוסטזיין פאַרבינדונג.

אין די ווייטערדיקע קאַפּיטלעך וועט געמאַכט ווערן אַ פאַרזוך צו דערקלערן וואָס מען ווייסט וועגן דער פאַרבינדונג. דער אָנהויב וועט געמאַכט ווערן מיט דער צענטראַלער נערוון־סיסטעם גופא.

# די צענטראַלע נערוון־סיסטעם

הענרי העד זאָגט: „אונטער נאָרמאַלע באַדינגונגען דער־גרייכט דער טאַלאַמישער (הינטערשטער מאַרך, האַינד־ברעין, דייען סעפּאַלן) עלעמענט, וואָס נעמט אָנטייל אין דעם פילן אַ באַרירונג, זעלטן, אויב ווען עס איז, דעם באַוואוסטזיין, וועלכער ווערט אינפאָרמירט פון די אונטערשיידן פון דער באַטרעפנדער באַרירונג. דער טאַלאַמישער עלעמענט ווערט אַ באַוואוסטזיניקער פאַקטאָר דעמאָלט, ווען דאָס פילן פון אונטערשיידן, וואָס קומט פון דעם אויבערשטן מאַרך־מאַנטל, ווערט באַזייטיקט.

מיר גלויבן, אַז די הויפּט־פונקציע פון דעם טאַלאַמוס איז צו אינ־פאָרמירן וועגן סטימולן, וואָס רופן אַרויס אָנגענעמע אָדער אומאַנגענעמע געפילן, אָדער אַ באַוואוסטזיין פון אונטערשיידן, וואָס ווערן אַרויסגערופן פון דער סביבה" (זע סטודיעס אין ניוראָלאַדזשיע, ז. 601).

טילני און ריילי זאָגן: „קליניש פאַקטן האַלטן אין איין באַוויזן, אַז דער טאַלאַמוס איז דער צענטער, וואו דער טאָן פאַר פאַרשיידענע געפילן (עמ־פינדלעכקייט) געפינט זיך. ווען דער טאַלאַמוס ווערט קראַנק, אָדער ער ווערט צעשטערט, ענדערט זיך דער עמאָציאָנעלער צושטאַנד, ער דריקט זיך אויס אַנדערש. אַזאַ צושטאַנד קען פירן צו אַ געצוואונגענעם לאַכן, אָדער אַ גע־צוואונגענעם וויינען און שרייען. ער איז דער צענטער פון מימישע באַווע־גונגען און עמאָציאָנעלע אויסדרוקן. אַ באַשטימטע פאָרמע פון פסיכישע פּראָצעסן פון אַ נידעריקן גראַד פון באַוואוסטזיין קען אָנגיין אינעם טאַלאַמוס אָן דעם אָנטייל פון דעם אויבערשטן מאַרך־מאַנטל. די דאָזיקע פּראָצעסן זיינען וואַרשיינלעך באַגרענעצט צו געפילן פון ווייטיק. די צענטערן אינעם טאַלאַמוס זיינען הויפּטזעכלעך באַשעפטיקט מיט די דערפאַרונגען פון עמאָ־ציעס און געפילן... די פּרימיטיווע עמאָציעס פון כעס, די איינגעבוירענע אויפפירונג, די געפילן פון עלטערן צו זייערע קינדער, זיי אַלע האָבן זייער אָנהויב אין אים און פון אים צעשפּרייטן זיך די פסיכישע קאָמבינאַציעס צום אויבערשטן מאַרך־מאַנטל" (זע פאָרם ענד פונקשיאָנס אָוו די נערוואוס סיס־טעם, ז. 611).

שערינגטאָן זאָגט: „די פונקטן, וואו פסיכאָלאָגיע באַגעגנט זיך מיט פיזיאָלאָגיע, ליגן אין די עמאָציעס. זייענדיק באַזירט אויף דעם חוש פון פילן, ווי קאָגנאַציע איז באַזירט אויף פּערצעפּציע, קענען עמאָציעס פאַר־רעכנט ווערן כמעט פאַר געפילן... די קערפּערלעכע אויסדרוקן פון עמאָציעס זיינען די זעלבע אין מענטשן ווי אין העכערע חיות... ס'איז ניטאָ קיין אומ־דערוואַרטע ענדערונג, אָדער איבערברוך צווישן דער חיה און דעם מענטשן

אפילו אין יענע אייגנשאַפטן וועלכע האָבן אַ שייכות צו גייסטיקע באַגאַ־בונגען״ (זע די אינטעגרייטיוו עקשאַן אָוו די נערוואוס סיסטעם, זז. 256, 257).

און עליאָט סמיטה זאָגט: „דער העכסט באַדייטנדער פאַקטאָר אין דער עוואָלוציע פון דעם פאַרשטאַנד איז אַרויסגעבראַכט געוואָרן, ווען די רעגו־לירונג פון באַוועגונגען איז איבערגעטראָגן געוואָרן פון דעם מיטל־מאַרך צו דעם נייעם מאַרך.. די פאַרמירונג פון באַגריפן אין דעם מאַרך איז ניט נאָר אָפּהענגיק פון באַוואוסטע און עמפּינדלעכע דערפאַרונגען, וואָס קומען אַריין פון די איינדרוקן וואָס מען קריגט דורך די חושים, נאָר זיי ווערן אויך פאַר־מירט פון דער אַקטיווּיטעט פון די מוסקולן, ווי די אַקטיוויטעט פון די הענט, צום ביישפּיל... הויפּטזעכלעך דורך אַרבעט קריגט מען דערפאַרונג (זע, די ניוראַל בייסעס אָוו טהאָט, זז. 25, 39).

אין די עטלעכע אויסצוגן געפינט זיך מער אינפאָרמאַציע וועגן דעם מאַרך־באַוואוסטזיין פאַראייניקונג, ווי אין אַן אומענדלעכער צאָל פילאָזאָפישע ספּעקולאַציעס.

די פולקאָמענע באַדייטונג פון די פיר אויסצוגן וועט ערשט קענען אַרויסגעבראַכט ווערן צום סוף פון דער אָפּהאַנדלונג, איצט קענען נאָר אונטערשטראָכן ווערן זייערע צענטראַלע פונקטן. העד זאָגט, אַז דער אונ־טערשטער מאַרך, וואָס פאַקטיש האָבן אים אַלע חיות, נאַטירלעך מיט באַ־שטימטע ענדערונגען, הגם ניט קיין פונדאַמענטאַלע, איז דער זיץ־פּלאַץ פון דעם אָנהויב פון באַוואוסטזיניק ווערן וועגן איינדרוקן, ספּעציעל פון די איינ־דרוקן וואָס האָבן אַ שייכות צו אונטערשיידן פון דער דירעקטער באַרירונג און פון אָנגענעמע און אומאַנגענעמע געפילן. ערשט, ווען מען ווייסט אַז באַ־רירונג איז דער פונדאַמענטאַלסטער חוש, פון וועלכן אַלע ספּעציעלע חושים האָבן זיך אַנטוויקלט אין דעם לויף פון דעם עוואָלוציע־פּראָצעס, פאַרשטייט מען וואָס די באַהויפּטונג מיינט: זי ציינט אָן אויף דעם אַנטוויקלונגס־פּראָ־צעס, וואָס האָט געפירט צום באַוואוסטזיין. ער זאָגט ווייטער, אַז אונטער נאָרמאַלע באַדינגונגען ווערט מען ניט באַוואוסטזיניק פון די דירעקטע איינ־דרוקן, וואָס ווערן רעגיסטרירט אין דעם דאָזיקן אָרגאַן (טאַלאַמוס) דערפאַר, וואָס דער ניי־אַנטוויקלטער אויבערשטער מאַרך־מאַנטל נעמט איבער דעם קאָנ־טראָל, ערשט ווען דער מאַנטל ווערט באַזייטיקט, קריגט מען די איינדרוקן, וואָס ווערן רעגיסטרירט אין דעם טאַלאַמוס.

קומט אויס, אַז דער טאַלאַמוס, דער נערוון־צענטער, וואָס אַלע חיות באַזיצן, איז דער יעניקער אין וועלכן דער באַוואוסטזיין ווערט געבוירן. ס'מיינט, אַז דער פּראָצעס פון באַוואוסטזיין דאַרף ניט אָנגעהויבן באַטראַכט ווערן פון דעם „דענקען״, נאָר פון עפּעס, וואָס איז פיל פּרימיטיווער פון „דענקען״ און וואָס אַלע חיות באַזיצן.

טילני און ריילי באַשטעטיקן דאָס, וואָס העד זאָגט און אויך ביי זיי איז עס ניט קיין טעאָריע נאָר קליניש פאַקטן, וואָס זיינען באַשטעטיקט געוואָרן דורך פּאַטאָלאָגישע פאָרשונגען. זיי זאָגן, אַז פאַקטיש ווערן אַלע פונדאַמענ־טאַלע איבערלעבונגען אַרויסגעבראַכט פון דעם טאַלאַמוס.

דאָס זיינען פאַקטן, וואָס זיינען אַנטדעקט געוואָרן דורך מאַרך־קראַנק־הייטן און וואָס זיינען באַשטעטיקט געוואָרן דורך די פאָרשונגען פון די באַ־טרעפנדע מאַרכן. אין די פאַקטן קען מען ניט צווייפלען. קומט שערינגטאָן,

דער עקספּערימענטאַלער פיזיאָלאָג, און זאָגט, אַז ס'איז ניטאָ קיין אונטערבראָך צווישן פיזיאָלאָגיע און פּסיכאָלאָגיע און צווישן דער חיה און דעם מענטשן אפילו אין די אייגנשאַפטן, וואָס ווערן אָנגערופן גייסטיקע: אַז דער פּראָצעס פון עוואָלוציע איז איינער, ס'איז נאָר אַן אונטערשייד אין גראַד און ניט אין עצם פון דעם פּראָצעס.

און עליאָט סמיט, דער וויכטיקסטער פאָרשער פון דער עוואָלוציע פון דעם מאַרך, זאָגט, אַז די פאָרמירונג פון באַגריפן איז אַנטשטאַנען אין פאַרבינדונג מיט דער אַקטיוויטעט פון די הענט; דאָס מיינט, אַז „דענקען" (די פאָרמירונג פון באַגריפן מיינט „דענקען") איז ניט דאָס פונדאַמענטאַלסטע, נאָר, אַז עס איז אַ רעזולטאַט פון דער אַקטיוויטעט פון די הענט: ארום דער אַקטיוויטעט פון די הענט זיינען אַנטשטאַנען באַגריפן און ניט אין דער הוילער אבסטראַקציע. ער גייט נאָך ווייטער ווי דאָס אויף א צווייטן פּלאַץ. זאָל ער אליין זאָגן ווי אַזוי ער קוקט אויף דער אַנטוויקלונג פון באַוואוסטזיין, ער זאָגט: „די סטרוקטור פון דעם מאַרך פון פּרימיטיווע חיות איז באַשטימט דורך דעם פאַקט, וואָס דער חוש פאַר שמעקן איז דער הערשנדער חוש. דער אויבערשטער מאַרך איז אַן אינסטרומענט וואָס נעמט הויפּטזעכלעך אויף די איינדרוקן וואָס קומען דורכן חוש־הריח, דערפאַר איז ער דער אַפּאַראַט דורך וועלכן דער אינפאָרמירט ווערן פון א גערוך, דער דערשמעקן, באַאיינפלוסט דעם אויפפיר פון דער חיה.

ווען די פּרימיטיווע חיה, דער האַי־פיש (שאַרק) דערשפּירט דעם גערוך פון שפּייז און לאָזט זיך נאָכיאָגן נאָך דער שפּייז, איז דער ציל פון דעם נאָכלויפן נאָך דער שפּייז — זי כאַפּן און האָבן דעם פאַרגעניגן פון דעם געשמאַקן ביסן. אַלע איינצל באַנעמונגען, אָדער באַוועגונגען אין דער צייט פון דעם יאָגן זיך נאָך דער שפּייז, זיינען פאַרבונדן און פאַראייניקט מיטן ערשטן מאָמענט, ווען די נאָז האָט דערשמעקט דעם גערוך און דער נאָכפאָלגן נאָך דער שפּייז האָט זי אינגאַנצן באַהערשט. די איינצל־מאָמענטן פון דער פאַסירונג ווערן אינטעגרירט אין איין דערפאַרונג, וואָס גיט זיי אַ צוזאַמענהאַנג און אַ באַדייטונג.

אויף דעם אופן אַנטוויקלט זיך די פייאיקייט פאַראויסצוזען דעם רעזולטאַט פון אַ באַשטימטן גאַנג פון פאַסירונגען, און די פייאיקייט צו ברענגען צוריק צום זכרון די איינצל מאָמענטן און זייער פאַראייניקונג פון אַלע די פאַסירונגען, וואָס האָבן אַנטיילגענומען אינעם פּראָצעס. פון דעם מוז מען אָננעמען, אַז דער פּרימיטיווער מאַרך איז ניט באַגרענעצט נאָר אויף דעם שפּירן גערוכן און דער פייאיקייט צו אונטערשיידן צווישן זיי, נאָר ער כאַפּט אויך אויף די עמפּינדלעכע זייט פון דער דערפאַרונג, וואָס קומט מיטן חוש־הריח, מיטן צוציאונג אָדער דער אָפּשטויסונג פון באַשטימטע גערוכן און דער ווירקונג וואָס אַזאַ געפיל פון דערפאַרונג האָט אין דער באַשטימונג ווי אַזוי צו רעאַגירן צו אַ באַשטימטן ריח (דופט, אַראָמאַט). פון דעם קאַפּיטל „עוואָלושאַן אָוו מיינד" אינעם בוך ניוראַל בייסעס אָוו טהאָט, זז. 33־34).

סמיט הויבט אָן זיין פאָרשונג וועגן דער אַנטוויקלונג פון דעם באַוואוסטזיין, אָדער ווי ער רופט אָן די פאָרשונג „די עוואָלוציע פון דעם פאַרשטאַנד", מיט דעם ווי אַזוי אַ „שאַרק" וואָס איז דער פּרימיטיווסטער פיש און וועלכער

האָט אינגאַנצן ניט קיין איבערשטן מאַרך, רעאַגירט צו שמעק־איינדרוקן, ווי אַזוי דער שמעקן ווערט אינטעגרירט אין אַ גאַנצער דערפאַרונג, לויט וועלכער דער פיש אָריענטירט זיך: דאָס איז זיין באַוואוסטזיין, אָבער צוזאַ־מען מיט שערינגטאָנען גלויבט ער ניט אַז ס'איז פאַראַן אַן אונטערשייד פון קוואַליטאַטיוון כאַראַקטער צווישן מענטש און חיה אפילו אין די באַ־גאַבונגען, וואָס ווערן אָנגערופן גייסטיקע: די נאַטור איז איינע.

ער ווייסט אָבער אַז ס'וועלן זיך געפינען ספעקולאַטיווע דענקער, וואָס וועלן אָפּפרעגן זיין אויטאָריטעט צו באַהאַנדלען די עוואָלוציע פון פאַר־שטאַנד, ווען ער איז אַן אַנאַטאָמיסט, באַוואָרנט ער זיך. ער נעמט זיך צו הילף אַלעקסאַנדערן, וועמענס אויטאָריטעט אין דער פראַגע וועט ניט אָפּגעפרעגט ווערן פון קיינעם ניט: ער זאָגט: „ווען מען זאָל מיך פרעגן מיט וואָס פאַר אַ רעכט נעמט זיך אַן אַנאַטאָמיסט צו דיסקוטירן אַזאַ אַבסטראַקטן און פאַרפּירערישן קעגנשטאַנד, ווי די עוואָלוציע פון דעם פאַרשטאַנד? ווען מען זאָל מיר זאָגן אַז איך האָב דערויף ניט קיין רעכט, ניט קוקנדיק אויף דעם פאַקט, וואָס מיין ספעציאַליטעט איז דער שטודיום פון דעם אָרגאַן אין וועלכן דער פאַרשטאַנד אַנטשטייט און אַנטוויקלט זיך. וואָלט איך געענטפערט, אַז אַלעקסאַנדער האָט מיר געגעבן דעם נויטיקן מוט זיך צו באַשעפטיקן מיט דער געוואָגטער אַרבעט. ער האָט אים מיר געגעבן דעמאָלט, ווען ער האָט געזאָגט, אַז מיר זיינען געצוואונגען צו גיין ווייטער און טיפער ווי בלויז רעגיסטרירן די פסיכישע און די נערוון־פּראָצעסן; אונדזער אויפגאַבע איז זייביידן צו אידענטיפיצירן" (סמיט ציטירט אַלעקסאַנדערס „ספּייס, טיים ענד דעאיטי", באַנד 2, ז. 5).

דער אויסצוג באַווייזט אַז סמיט ווייסט וואָס ס'טוט זיך אין דער פילאָ־זאָפישער וועלט, אַז ער איז צוגעגאַנגען צום ענין באַוואָפנט מיט דעם פילאָ־זאָפישן וויסן פון זיין צייט. און פונדעסטוועגן הויבט ער אָן מיטן „שאַרק".

ער הויבט אָן מיט דער חיה וואָס האָט דעם פרימיטיוווסטן מאַרך. און שוין וועגן איר זאָגט ער אַז „מען דאַרף אָננעמען אַז דער טאַלאַמוס האַנדלט אַלס דער אָרגאַן וואָס ווערט באַווירקט פון אַלע חושים, אויסער דעם שמעקן און ער באַשטייט פון אַן אינסטרומענט, דורך וועלכן דער אָרגאַ־ניזם ווערט אינפאָרמירט וועגן אָנגענעמע אָדער אומאַנגענעמע עמפינד־לעכע דערפאַרונגען" (דאָרטן). דאָס מוז מען אָננעמען דערפאַר, וואָס פון איין זייט ווערט מען געצוואונגען דאָס אָנצונעמען לויט דער האַנדלונג פון דעם שאַרק און פון דער צווייטער זייט האָט ער ניט קיין העכערן מאַרך, וואָס זאָל רעגולירן זיינע האַנדלונגען. ווען מען נעמט עס אָבער אָן, מיינט עס, אַז דער טאַלאַמוס פון דעם פיש איז דער זעלבער צענטער און באַזיצט די זעלבע פונקציע, ווי דער מענטשלעכער טאַלאַמוס. דער אונטערשייד איז נאָר דער, וואָס דער מענטש האָט אַנטוויקלט אַ העכערן מאַרך וואָס קאָנטראָלירט און פאַרשטעלט די אַקטיוויטעט פון דעם נאָרמאַלן טאַלאַמוס. קען מען וועגן זיין אַקטיוויטעט נאָר אויסגעפינען אין דער צייט פון קראַנקהייט און ביים „שאַרק" מאַניפעסטירט זיך די דאָזיקע אַקטיוויטעט: דאָס וואָס איז נאָרמאַל פאַר דעם פיש מאַניפעסטירט זיך ביים מענטשן אין דער צייט פון קראַנקהייט, דער פּראָצעס איז אָבער איינער און דער זעלבער.

פון דעם דאַרף מען באַשטימען, אַז דער פּראָצעס פון באַוואוסטזיין הויבט זיך ניט אָן פון „דענקען", נאָר פון דער פונקציע פון דעם טאַלאַמוס, וועלכער רעגיסטרירט עמפּינדלעכע דערפאַרונגען און רעאַגירט צו זיי. ווען מען נעמט דעם אויסגאַנגס-פונקט, איז דער אָנהויב פון מאַרך־באַוואוסטזיין, אָדער מאַרך־פאַרשטאַנד פאַרבינדונג גאַרניט אַזוי שווער צו פאַרשטיין; מען דאַרף נאָר אָנהויבן פון דעם אָנפאַנג און ניט פון דעם סוף, און מערסטנס פון די שוועריקייטן וועלן פאַרשווינדן פון זיך אַליין. פּאַקטיש שאַפט מען זיך אַליין די שוועריקייטן: מען וויל דערקלערן אַ פּראָבלעם אויף אַן אופן, וואָס ער קען ניט דערקלערט ווערן; מען וויל זען ווי אַזוי „אויסגעשפּרייטקייט" קען זיך פאַראייניקן מיט „דענקען", אָדער ווי אַזוי „געדאַנקען" קענען זיך געפינען אין מאַרך־צעלן, ווען פאַקטיש זיינען דאָס געצויגענע שלוסן פון דער רעאַליטעט און ניט די רעאַליטעט, ווי זי פּרעזענטירט זיך. ווען מען וויל פאַרשטיין די רעאַליטעט, דאַרף מען זי פאַרשן אויף אַ קאָנקרעטן אופן און ניט פאַרמירן אַבסטראַקציעס און זיי פּרוואוון קאָאָרדינירן...

ערשט ווען מען פאַרשטייט דעם איינפאַכן אמת, באַגרייפט מען שערינגטאָנס מיין, ווען ער זאָגט אַז „מיט 60 יאָר צוריק האָט אַ פיזיאָלאָג געזאָגט, אַז וואָס אָנבאַלאַנגט דער שייכות פון דעם מאַרך צום פאַרשטאַנד וועלן מיר אים קיינמאָל ניט וויסן. אָבער היינט דענקען מיר ווייניקער ווי נעכטן אַז די ענדגילטיקע גרענעצן פון פאַרשונג זיינען שוין דערגרייכט געוואָרן. דער פּראָבלעם וואָס איך האָב באַריִרט אין אַלגעמיינע שטריכן, האָט אַמווייניקסטנס איין מעלה וואָס ער וועט געבן די, וואָס וועלן אים פאַרשן, דעם פאַרגעניגן פון פאָרן, וואָס איז בעסער ווי דער בלייבן שטיין. דער פאַרגעניגן קומט פון דעם, וואָס מען נעמט אָן, אַז ס'איז פאַראַן אַ מעגלעכקייט צו דערגרייכן דעם ציל. אַ סך פון אונדז דענקען, אַז מיר וועלן ענדלעך דערגרייכן דעם סוף פון דער פאַרשונג" (זע בריין ענד איטס מעכאַניזם, „ריד לעקציע"). שערינגטאָן מיינט פּשוט, אַז אַנשטאָט מען זאָל ספּעקולירן צי דער מאַרך־פאַרשטאַנד פּראָבלעם קען דערקלערט ווערן, זאָל מען פאַרשן דעם מאַרך לויט זיין פונקציע, וועט מען פריער אָדער שפּעטער אים לייזן. און אַז ער וועיסט וואָס ער זאָגט מוז מען צוגעבן, האָט ער דאָך דעם פּראָבלעם אָפּגעגעבן זיין גאַנצן לעבן. ווי זאָגט העריק ,אום צו פאַרשטיין דעם באַוואוסטזיין, דאַרף מען ניט פאַרקריכן אין קיין מיסטישע וועלטן, נאָר מען דאַרף שטודירן דעם מאַרך, זיין אַנטוויקלונג, זיין סטרוקטור און זיין פונקציע.

העריקס עצה וועט דאָ נאָכגעפאָלגט ווערן און ער וועט טאַקע גענומען ווערן פאַרן אָנהויב. ער צעטיילט די מאַרכן פון חיות אויף פיר גראַדן: 1) די מאַרכן פון פיש און זשאַבעס, 2) די מאַרכן פון קראָקאָדילן און פייגל, 3) די מאַרכן פון זויג־חיות און 4) דעם מענטשנס מאַרך.

פיש האָבן אינגאַנצן ניט קיין אויבערשטן מאַרך (מאַרך־מאַנטל) און זשאַבעס האָבן אַזאַ דינע הייטל אַלס אויבערשטן מאַרך, אַז ווען מען טיילט זי אָפּ, האָט עס קיין ווירקונג ניט אויף דעם אויפפיר פון דער זשאַבע; זי פירט דעם זעלבן מאַנאָטאָנעם לעבן, ווי פריער, ווען זי האָט געהאַט

דאָס הייטל אַלס „אויבערשטן מאַרך". דאָס באַווייזט, אַז איר אויבערשטער טייל האָט ניט איבערגענומען קיין איינע פון אירע פונקציעס.

פייגל האָבן יאָ אַן אויבערשטן מאַרך, זיי האָבן צו דער זעלבער צייט אַ גוט־אַנטוויקלטן נידעריקערן מאַרך איז „ווען מען שניידט אַוועק דעם אויבערשטן מאַרך (מאַרך־מאַנטל) און מען שעדיקט ניט די נידעריקערע טיילן, וועט די אָפּעראַציע ווייניק ענדערן זייער פונדאַמענטאַלן לעבנס־גאַנג. זייער רעפּראָדוקציע־ציקל וועט ניט געשעדיקט ווערן... זיי וועלן נאָר מער ווי פריער זיין גענויגט נאָכצופאָלגן זייער פונדאַמענטאַלן לעבנס־גאַנג אַז וועלכער ס'איז ענדערונגען. זיי וועלן רעאַגירן אויף אַ זייער איינפאַכן אופן אַן וועלכע ס'איז וואַריאַציעס" (זע הערינג, ברייז און רעטס ענד מען, זז. 96־97).

דאָס באַווייזט, אַז אין פייגל ווערט דער פונדאַמענטאַלער לעבנס־גאַנג קאָנטראָלירט פון דעם נידעריקערן מאַרך, דער אויבערשטער מאַרך האָט נאָר איבערגענומען די פיינערע ניואַנסן פון דעם באַנעם, די ניואַנסן פאַרשוואונדן נאָך דער אָפּעראַציע. ווען מען מאַכט אָבער אַן ענלעכע אָפּעראַציע אויף אַ הונט, איז ווען ער בלייבט אפילו לעבן, ווערט ער אַ הילפלאָזער אויטאָמאַט, ווי גאלצעס הונט איז געווען. ער האָט געלעבט דריי יאָר, ער איז אָבער געבליבן הילפלאָז (זז. 116־120).

הערינג גיט צו: ס'איז באַוויזן געוואָרן, אַז דער אונטערשטער מאַרך פאַרגרעסערט זיך אין דער דירעקטער פּראָפּאָרציע פון דער פאַרגרעסערונג פון די איינגעבוירענע אייגנשאַפטן אין דעם אויפפיר און דער אויבערשטער מאַרך פאַרגעסערט זיך צו דער פּראָפּאָרציע פון דער פאַרגרעסערונג פון דער אינדיווידועלער איניציאַטיווע און ענדערונג פון אויפפיר" (דאָרטן, ז. 92).

אַזוי ווי די ענדערונג אין דעם אויפפיר איז דאָס וואָס פירט צו דער אַנטוויקלונג פון דער אייגנשאַפט, וואָס אינעם מענטשן מאַניפעסטירט זי זיך אין אַ באַוואוסטזיין, מיינט עס, אַז דער באַוואוסטזיין אַנטוויקלט זיך אין דער דירעקטער פּראָפּאָרציע צו דער פאַרגרעסערונג פון דעם אויבערשטן מאַרך (סערעברום): די אַנטוויקלונג פון דעם מאַרך און די אַנטוויקלונג פון דעם פּראָצעס, וואָס פירט צו באַוואוסטזיין, גייען צוזאַמען.

די אונטערשטע טיילן פון דעם מאַרך קענען אינגאַנצן אויסגעלאָזט ווערן; זיי האָבן בלויז אַ שייכות צו דער פיזיאָלאָגיע פון דעם אָרגאַניזם, אָדער מיט דעם פונדאַמענטאַלן לעבנס־גאַנג. די באַטראַכטונג וועט באַגרענעצט ווערן מיט די פאַרשונגען, וואָס האָבן אַ שייכות צום אויבערשטן מאַרך.

די וויכטיקסטע עקספּערימענטאַלע פאָרשונגען זיינען די, וואָס פּראָפעסאָר לעשלי האָט געמאַכט אויף דעם אויפפיר פון ראַצן אונטער נאָרמאַלע באַדינגונגען און נאָכדעם ווי ער האָט אויסגעשניטן טיילן פון זייער מאַרך. לעשליס עקספּערימענטן זיינען פון קאָלאָסאַלער וויכטיקייט דערפאַר, וואָס ערשטנס האָט ער און זיינע מיטאַרבעטער עקספּערימענטירט אַ סך יאָרן און צווייטנס זיינען די עקספּערימענטן געמאַכט געוואָרן אונטער אַ פולשטענדיקן קאָנטראָל לויט שטרענגע לאַבאָראַטאָריע־באַדינגונגען.

די עקספּערימענטן זיינען באַשטאַנען אין דעם, וואָס מען האָט אויס־געלערנט ראַצן זיך אָריענטירן אין קרומע וועגן און שטעגן פון לאַבי־רינטן. מען האָט אויסגערעכנט די צייט פון זייער לערנען און ווי לאַנג ס׳האָט זיי גענומען געפינען דעם ריכטיקן וועג אין אַ פאַרדרייטן לאַבירינט. נאָכדעם ווי זיי האָבן זיך פולשטענדיק געקענט אָריענטירן אין דעם לאַ־בירינט, האָט מען אויסגעשניטן פאַרשיידענע טיילן פון זייער אויבערשטן מאַרך און מען האָט ווייטער עקספּערימענטירט מיט זיי אין די זעלבע לאַבירינטן. די עקספּערימענטן זיינען געווען פאַרשיידענע און די אָפּעראַ־ציעס האָט מען געמאַכט אין די פאַרשיידנסטע טיילן פון דעם אויבערשטן מאַרך. אַזוי ווי מען האָט עקספּערימענטירט מיט די זעלבע ראַצן אונטער די זעלבע באַדינגונגען, האָט מען געקענט זען אויף וויפיל די אָפּעראַציע האָט געענדערט דעם אויפפיר פון דעם באַטרעפנדן ראַץ.

די ספּעציעלע אויפגאַבע אָבער, וואָס לעשלי און זיינע מיטאַרבעטער האָבן זיך געשטעלט, איז אויסצוגעפינען צי ראַצן האָבן ספּעציעלע פּלעצער אין זייער אויבערשטן מאַרך, וואָס זיינען מער גינסטיק פאַר דער פאָרמי־רונג פון געוואוינהייטן ווי אַנדערע פּלעצער, צי דער מאַרך האָט ספּעציעלע פּלעצער פאַר אויסקלייבערישע אַקטיוויטעטן. צי ער האָט אַ זיץ־פּלאַץ פאַר אויסקלייבערישע פונקציעס, אָדער ניט. פאַרשטייט זיך, אַז די עקס־פּערימענטן, אַזוי ווי זייערע רעזולטאַטן, האָבן נאָר געהאַט אַ שייכות צו ראַצן און די שלוסן האָבן אויך אַ שייכות נאָר צו ראַצן.

נאָך פילע יאָרן פון עקספּערימענטירן איז ער (און מען דאַרף אָנ־נעמען אַז אויך זיינע מיטאַרבעטער, הגם ער רעדט ניט אין זייער נאָמען) געקומען צום שלוס, אַז ראַצן האָבן ניט קיין פּריווילעגירטע פּלעצער אין זייער אויבערשטן מאַרך (מאַרך־מאַנטל, סערעברום). ער זאָגט: „דער איבערראַשענדסטער רעזולטאַט פון דער אַרבעט איז געווען דער, וואָס די פאַרשיידנאַרטיקסטע באַווייזן ציינגן אויף דער גלייכהייט פון דער פונקציע פון אַלע טיילן פון דעם מאַרך, ווען ס׳האַנדלט זיך וועגן קענען לערנען פון דערפאַרונג.

ווען די ערשטע פאָרשונגען פון די פאַרהעלטענישן זיינען אָנגעהויבן געוואָרן, האָב איך דערוואַרט צו קריגן פאַרשיידענע רעזולטאַטן, ווען די וואונדן וועלן געמאַכט ווערן אין פאַרשיידענע פּלעצער פון דעם מאַרך. איך האָב דערוואַרט צו קריגן אַן אונטערשייד אין דער צייט פון לערנען און אויך אַן אונטערשייד אין דער קוואַליטעט פון דער פאָרמע, וואָס די חיות וועלן באַנוצן אין דער לייזונג פון זייערע פּראָבלעמען. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז קיין שום ענדערונג איז ניט געקראָגן געוואָרן אין קיין איינעם פון די פילע עקספּערימענטן, וואָס זיינען געמאַכט געוואָרן. פאַר־שיידענע וואונדן אין דעם מאַרך האָבן באַשטימטעווירקונגען אויף די פאַרמירטע געוואוינהייטן, אָבער אין אַלע עקספּערימענטן, וואָס זיינען געמאַכט געוואָרן נאָך די פאַרשיידענע וואונדן אין דעם מאַרך אין די פאַרשיידנסטע פּלעצער, איז דער פּראָצעס פון לערנען אַלעמאָל געווען דער זעלבער. איך קען ניט אָנווייזן אויף קיין איינציק מאָל אַז די צייט פון לערנען זאָל געווען פאַרלענגערט ווערן אַ דאַנק אַ באַשטימטער וואונד.

אָדער אַן ענדערונג פון אַן אַנדער עלעמענט פון דעם פּראָבלעם: ס׳איז ניט געווען אַזאַ ענדערונג.

די פאַקטן, ווי ס׳קוקט אויס, ציגן, אַז אַ פאַרגרעסערטע פיאיקייט צו לערנען, ווען דער מאַרך ווערט פאַרגרעסערט, איז ניט קיין רעזולטאַט פון דעם, וואָס ס׳קלייבן זיך אָן מער און מער אין צאָל און מער פאַרשיידנאַרטיקע פונקציעס... נאָר ס׳איז אַ רעזולטאַט פון אַ פאַרגרעסערונג אין צאָל און אין אינטעסיוויטעט פון אַן איינהייטלעכער קוואַליטאַטיווער זאַך און דאָס איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער פאַרבעסערונג פון די פאַרשיידנסטע פונקציעס״ (זע ברייןן, מעכאַניזם ענד אינטעלידזשענס, 122־130).

לעשלי גיט די רעזולטאַטן פון זיינע עקספּערימענטן אַזוי קלאָר און דייטלעך, אַז מען קען ניט מאַכן קיין טעות אין זיי. גאַנץ איינפאַך, די רעזולטאַטן האָבן באַוויזן, אַז ראַצן האָבן ניט קיין פּריווילעגירטע ערטער אין זייער מאַרך, אַז ס׳איז ניט קיין אונטערשייד אויף וועלכן פלאַץ מען אָפּעריררט זיי: די פּאָטענציעלע מעגלעכקייט פון זייער מאַרך איז די זעלבע איבעראַל. זייער מאַרך איז פּאָטענציעל גלייך אין אַלע זיינע טיילן (עקווי־פּאָטענציע).

די פאַרגרעסערונג פון דער פיאיקייט צו לערנען פון דערפאַרונג איז, לויט זיין מיינונג, אַ רעזולטאַט פון דעם, וואָס דער מאַרך אין אַלגעמיין ווערט פאַרגרעסערט. לויט זיין מיינונג איז עס נאָר אַ פראַגע פון קוואַנטיטעט און ניט פון קוואַליטעט. דאָס זאָגט ער און דאָס מיינט ער.

לעשלי, ווי פריער געזאָגט, דאַרף גענומען ווערן אין די גרענעצן פון זיינע עקספּערימענטן. דאָס זאָגט ער אַליין אין זיין בוך (ז. 25) און דאָס זאָגט פּראָפעסאָר העריק, וועלכער האָט געאַרבעט מיט לעשלין אין דעם זעלבן אוניווערזיטעט (שיקאַגער) אין משך פון אַ סך יאָרן.

העריק גיט אָפּ לעשליס עקספּערימענטן אין זיין בוך: „בריין אָיו רעטס ענד מען״, צוויי קאַפּיטלעך, ער דערקלערט אים אין דעם זעלבן זין, ווי ער איז נאָר וואָס דערקלערט געוואָרן. ער אַליין אָבער, העריק, צווייפלט אין לעשליס וויכטיקסטן שלוס, די פּאָטענציעלע גלייכהייט פון אַלע טיילן פון דעם מאַרך פון די ראַצן, לויט זיין מיינונג האָבן די עקספּערימענטן דעם פּונקט ניט דעמאָנסטרירט. מיט אַנדערע ווערטער, ער נעמט ניט אָן דעם וויכטיקסטן שלוס, צו וועלכן לעשלי איז געקומען, הגם ער נעמט אָן אַנדערע טיילן פון די עקספּערימענטן (בריין אָוו רעטס ענד מען, זז. 172־173).

דער ענדגילטיקער שלוס, צו וועלכן לעשלי איז געקומען, קען אויסגעשלאָסן ווערן, מען מוז אָבער צוגעבן אַז לעשליס עקספּערימענטן האָבן פּאָזיטיוו באַוויזן, אַז אויב ס׳זיינען יאָ פאַראַן וועלכע ס׳איז ספּעציעלע פּלעצער אין דעם אויבערשטן מאַרך פון אַ ראַץ, זיינען זיי זייער ווייניק אַנטוויקלט. מען קען זיי בשום אופן ניט פאַרגלייכן מיט די מער אַנטוויקלטע טיילן פון העכערע חיות. און דאָס אַליין איז פון אויסערגעוויינטלעכער וויכטיקייט, עס ציגט אָן אויף דעם גאַנג פון עוואָלוציע און אויף דעם פּראָצעס פון דער אַנטוויקלונג פון באַוואוסטזיין אין פאַרבינדונג מיט דעם מאַרך.

מען דאַרף ניט פאַרגעסן, אַז ראַצן זיינען די נידעריקסטע ברואים, זייער לעבן איז אַן איינפאַכער, איז נאַטירלעך אַז די פאַרשיידענע טיילן פון זייער

מאַרך זאָלן זיין ווינציק ספּעציאַליזירט און דיפערענצירט, און דערפאַר איז ניט שווער אַז איין טייל זאָל איבערנעמען די פונקציע פון אַ צווייטן טייל. אין העכערע חיות זיינען די פאַרשיידענע טיילן פון דעם מאַרך יאָ דיפערענצירט און ספּעציאַליזירט אַ דאַנק זייער פאַרשיידנאַרטיקער אַקטיוויטעט. דאָס ציינגט ווי אַזוי דער עוואָלוציע־פּראָצעס האָט געפירט צו דער אַנטוויקלונג פון באַוואוסטזיין. מיט דער אַנטוויקלונג פון דער פאַרשיידענער אַקטיוויטעט אין די העכערע חיות האָט זיך ספּעציאַליזירט זייער מאַרך און ער איז געוואָרן פאַרשיידנאַרטיק.

אַזויפיל עקספּערימענטן, מיט אַזאַ פּינקטלעכקייט און שטרענגען קאָנטראָל, ווי לעשלי און זיינע מיטאַרבעטער האָבן געמאַכט מיט ראַצן, זיינען מיט קיין העכערע חיות ניט געמאַכט געוואָרן. לעשלי באַדויערט דעם פאַקט. די נאָענטסטע עקספּערימענטן צו לעשליס זיינען די וואָס זיינען געמאַכט געוואָרן פון פּראָפעסאָר ביאַנקא אויף הינט, פּיקסן און מאַלפּעס. נאָר אייניקע שלוסן פון זיינע עקספּערימענטן וועלן געבראַכט ווערן; זיי זיינען ניט די זעלבע צו וועלכע לעשלי איז געקומען, ווי עס איז געווען צו דערוואַרטן לויט די חיות מיט וועלכע ער האָט עקספּערימענטירט.

אויך ביאַנקעס עקספּערימענטן זיינען באַשטאַנען אין אויסשניידן פאַרשיידענע טיילן פונעם אויבערשטן טייל פונעם מאַרך פון דער חיה און רעגיסטרירן די ענדערונג אין איר אַלגעמיינעם באַנעם. אַזוי ווי אָבער ער האָט עקספּערימענטירט מיט העכערע חיות, האָט ער גענומען זייער נאַטירלעכן לעבנס־גאַנג פאַרן אויסגאַנגס־פּונקט און האָט נאָטירט די ענדערונג אינעם גאַנג אַ דאַנק דער אָפּעראַציע.

אָט וואָס ער זאָגט וועגן זיינע עקספּערימענטן מיט הינט: „סומירנדיק די רעזולטאַטן פון די עקספּערימענטן, וואָס מיר האָבן געמאַכט אויף הינט, זאָל באַמערקט ווערן אַז כמעט אין יעדן פאַל האָבן מיר באַמערקט ענדערונגען אינעם כאַראַקטער און באַגרענעצונגען אין די מענטאַלע כוחות נאָך די אָפּעראַציעס אויפן פאָדערשטן טייל פונעם מאַרך־מאַנטל" (זע די מעכאַניזם און די בריין ענד פונקשאָן און די פראַנטל לאָבעס, ז. 147).

און וועגן די רעזולטאַטן, וואָס ער האָט געקראָגן פון אָפּעראַציעס וואָס ער האָט געמאַכט אויף מאַלפּעס (אויך אויפן פאָדערשטן טייל פונעם אויבערשטן מאַרך־מאַנטל) זאָגט ער: „זייער באַנעמונג איז אין אַלע פאַלן געווען אָן אַ צוזאַמענהאַנג. דער מאַנגל אינעם צוזאַמענהאַנג איז געווען אַ רעזולטאַט פון אַ פעלער אינעם זכרון, אָדער אָן דער פאַרשטעלונגס־קראַפט: ניט קענען אָנהאַלטן עפּעס פאַר דעם באַוואוסטזיין... דומהייט און אומעמפּינדלעכקייט האָט באַהערשט די סצענע" (דאָרט, ז. 186).

עס איז ניט נויטיק צו זאָגן, אַז אָפּעראַציעס אויף אַנדערע טיילן פונעם אויבערשטן מאַרך־מאַנטל אויף העכערע חיות האָבן ניט געבראַכט די זעלבע רעזולטאַטן, וואָס די אָפּעראַציעס אויפן פאָדערשטן טייל פונעם מאַרך האָבן געבראַכט. עס מיינט, אַז די העכערע חיות האָבן שוין ספּעציאַליזירטע טיילן אינעם אויבערשטן מאַרך.

איידער עס וועט אָנגעוויזן ווערן אויף די אַלגעמיינע רעזולטאַטן, צו וועלכע ביאַנקא איז געקומען, וועט ניט זיין אויסער פּלאַץ צו מאַכן אַ באַמערקונג וועגן זיין ריין מענטאַליסטישער אינטערפּרעטאַציע, וואָס ער נוצט

אין דער באַשרייבונג פון דער באַנעמונג פון חיות. ביאַנקא האָט אָנגעהויבן זיינע עקספּערימענטן אין די אַכציקער יאָרן; דעמאָלט האָט מען נאָך גענוצט אַזאַ שפּראַך. דער בוך איז איבערגעזעצט געוואָרן אין ענגליש אין 1922. דער איבערזעצער האָט געלאָזט ביאַנקאָס שפּראַך. דאָס פאַרמינערט ניט דעם ווערט פון זיינע עקספּערימענטן; זיי ווערן אָנגענומען פאַר ריכטיקע.

ביאַנקאָס אַלגעמיינע שלוסן פון אַ לאַנגן לעבן און פאָרשן זיינען, אַז: „ווי ביאָלאָגן... איז פאַר אונדז וויכטיק דער פונקט אינעם אַרגומענט, וואָס באַווייזט קלאָר פאָלגנדעס: 1) אַז דער אינטעלעקט איז אין אַ כסדר דויערנ־דער עוואָלוציע, 2) אַז ער אַנטוויקלט זיך אין דער דירעקטער פּראָפּאָרציע צו דעם פאַרפולקאָמענען זיך פון די חושים... 3) אַז דער פאַרפולקאָמענען זיך פון די חושים, וואָס פאַרפעסטיקן די פּאָזיטיווע דערקענטעניש, פאָלט צוזאַ־מען מיט דער עוואָלוציע פונעם מאַרך, 4) און פון דעם פאָלגט, אַז דער אינטעלעקט איז ניט סטאַטיש און איז ניט אויסגעשלאָסן פון דער ווירקונג פונעם געזעץ פון צייט און קוואַנטיטעט, 5) אַז די מענטאַלע סינטעזן זעלבסט ענדערן זיך אויך אין זייער ווערט, לויט דער גרעסערער אָדער קלענערער צאָל עלעמענטן וואָס נעמען אָנטייל אינעם מענטאַלן צוזאַמענ־שטעל, און דער לעצטער איז אָפּהענגיק פונעם כוח פונעם קאָמבינירן און אַסאָציאירן... די פּסיכישע קאָמפּלעקסן פון פריערדיקע דערפאַרונגען. און אַז 6) דער אַסאָציאירונגס־פּראָצעס איז באַזירט אויף דער צאָל צעלן, וואָס נעמען אָנטייל אינעם מאַרך־מאַנטל... דער ביאָלאָג נויטיקט זיך ניט אין קיין קונציקע דיסקוסיעס כדי צו אונטערשטיצן זיין אַרגומענט; ער הויבט ניט אָן מיט קיין פאָראויס אָנגענומענעם צוועק צו פאַרטיידיקן אַ „נויטיקן אמת", אָדער „די איינציקע מעגלעכע לייזונג".

און אַז די אַרגומענטן זאָלן זיין ניט מער ווי פּילפּול, וואָס ווערט געשיקט צוזאַמענגעשטעלט און געגעבן פאַר באַווייזן. אויך דאַרף ער ניט פאַרדרייען קיין פאַקטן כדי זיי זאָלן זיך אַריינפּאַסן אין אַ פון פאָראויס אָנ־גענומענעם באַגריף. נאָך ווייניקער קען אַ ביאָלאָג געפירט ווערן פון מאָטיוון פון אַן עמאָציאָנעלן כאַראַקטער, וואָס אין אַלגעמיין גענומען, זיינען זיי פון אַ רעליגיעזער נאַטור. ווי רעגנאַנע זאָגט: „עס איז אַלעמאָל דער רעליגיעזער עלעמענט, וועלכער געפינט זיך אינעם הינטערגרונט פון יעדער מעטאַפי־זישער ספּעקולאַציע, צי מיר ווייסן וועגן דעם צי ניט . . אַלע פון פאָראויס אָנגענומענע דאָגמעס, וואָס שטאַמען ארויס פון געפילן, גע־פינען זיך אויסער דעם באַאָבאַכטונגס־פעלד פון וועלכן עס באַשטייט די אַרבעט און דער דענקען פונעם ביאָלאָג. (דאַרטן, זז. 210־211).

דאָס וואָס ביאַנקא זאָגט וועגן ריינער ספּעקולאַציע, וועט העכסט וואַר־שיינלעך אונטערשטיצט ווערן פון יעדן וויסנשאַפטלעכן פאָרשער, הגם ניט אַלע וואָלטן וועלן נוצן זיין שאַרפע שפּראַך...

ווען אָבער מען ווייסט ווי אַזוי אַ וויסנשאַפטסמאַן אַרבעט שווער אום צו זיין זיכער מיט זיינע פאַקטן און ווי פאָרזיכטיק ער איז אין זייער צוזאַמענ־שטעלן, און, ווען ער ווערט מיט זיי פאַרטיק, קומט דער „ספּעקולאַטיווער" דענקער און ברענגט מיט זיך אַ פון פאָראויס אָנגענומענעם „אמת" און „באַווייזט" אַז „לאָגיש" דאַרף דאָס ניט שטימען... עס דאַרף ניט שטימען דערפאַר, וואָס ער האָט שוין פון פאָראויס אָנגענומען אַן „אמת" וואָס „מוז"

שטימען... איז נאַטירלעך אַז דער וויסנשאַפטלעכער פאָרשער זאָל צו אים ניט האָבן קיין געדולד; ספּעציעל קען ער ניט האָבן קיין געדולד, ווען ער ווייסט, אַז אונטער די „אַרגומענטן" איז באַהאַלטן אַ רעליגיעזער מאָטיוו, אַז פאַקטיש זוכט ער ניט קיין אמת, וואָס ער וויל איז גלויבן און מען זאָל אים ניט שטערן אין זיין גלויבן. און אַזוי ווי דער וויסנשאַפטסמאַן איז דער גרעסטער „שטע־רער", באַקעמפט מען אים...

אָבער וואָס האָט ביאַנקאַ אַרויסגעבראַכט? ער האָט צווישן אַנדערעס אַרויסגעבראַכט צוויי זאַכן: 1) אַז דער פאָדערשטער טייל פונעם אויבערשטן מאַרך־מאַנטל פון העכערע חיות אַנטהאַלט אין זיך די פאַרבינדונגען פון די אייגנשאַפטן, וואָס ווערן אַנגערופן מענטאַלע, אַז זיי האָבן שוין ספּעציאַליזירטע „צענטערן" אינעם אויבערשטן מאַרך און 2) אַז דאָס האָט אַ שייכות מיט דער פאַרגרעסערונג פונעם מאַרך אין אַלגעמיין און פון צאָל צעלן ספּעציעל: דער אינטעלעקט, אָדער דער באַוואוסטזיין וואַקסט מיטן מאַרך. דאָס וועט קיינער ניט לייקענען.

ווי פריער געזאָגט, ביאַנקאַס עקספּערימענטן דאַרפן גענומען ווערן ווי אַ דערגאַנצונג פון לעשליס: זיי ציגן אָן אויף דער עוואָלוציע פונעם באַ־וואוסטזיין.

טרעט מען צו צום מענטשן און מען וויל שטודירן זיין מאַרך פונקציאָ־נעל, קען מען זיך ניט דערלויבן עקספּערימענטירן מיט אים ווי מען עקספּע־רימענטירט מיט חיות, מען קען זיך ניט דערלויבן אויסצושניידן אַ נאָרמאַלן טייל פון אַ מענטשנס מאַרך און זען וואָס פאַר אַ ווירקונג דאָס וועט האָבן אויף זיין באַנעמונג... דערפאַר איז ווען מען טרעט צו צום מענטשן און מען וויל שטודירן זיין מאַרך לויט דער לאָקאַליזאַציע און דער נאַטור פון זיינע פונקציעס, דאַרף מען פאַרלאָזן די עקספּערימענטאַלע לאַבאָראַטאָריע און אַריינטרעטן אינעם מעדיצינישן קליניק, אין דער נאַטורס לאַבאָראַטאָריע. די נאַטור „עקספּערימענטירט" אויך, מען דאַרף אָבער קענען פאַרשטיין די רעזולטאַטן פון אירע עקספּערימענטן... זי אַנטדעקט ניט אירע סודות אַזוי לייכט, מען דאַרף זיי פאָרשן און פאָרשן ביז עס גיט זיך איין ווי עס איז זיי צו פאַרשטיין.

עס איז ניט קיין צופאַל, וואָס דער פּראַקטיצירנדער דאָקטאָר, דער מאַרך־ספּעציאַליסט איז עס געווען דער וואָס האָט אויסגעפונען, אַז דער פונדאַמענטאַלער זיץ־פּלאַץ פון די אורשפּרינגלעכע אייגנשאַפטן פון באַ־וואוסטזיין געפינט זיך אינעם אונטערשטן מאַרך, אינעם טאַלאַמוס. צו אים קומען די וואָסליידן פון פאַרשיידענע מאַרך-קראַנקייטן; ער שטודירט זיי ביים לעבן, ער פאָרשט זייערע מאַרכן נאָכן טויט, איז געווען נאַטירלעך אַז ער זאָל, צווישן אַנדערע סימפּטאָמען, אויך אויסגעפינען די סימפּטאָמען פון קראַנקע אויפן טאַלאַמוס און נאָכן טויט דאָס באַשטעטיקן דורכן שטודיום פון די באַטרעפנדע מאַרכן. ניט דער פילאָזאָף און אויך ניט דער פּסיכאָלאָג האָבן אַזעלכע פאַקטן געקענט אויסגעפינען: ניט זיי האָבן דעם מאַטעריאַל און ניט זיי האָבן דעם נויטיקן וויסן, זיי זאָלן דאָס קענען אויסגעפינען.

ניט נאָר איז דער אָנפאַנג, די לאָקאַליזאַציע פון די פונדאַמענטאַלע אייגנשאַפטן פונעם מענטשלעכן באַוואוסטזיין געמאַכט געוואָרן פון נעווראָלאָגן,

פון מאַרך־ספּעציאַליסטן, דער ווייטערדיקער פאַרשריט אין דער פראַגע ווערט אויך געמאַכט פון זיי. און ווי עס קוקט אויס, איז ווען עס וועט ווען עס איז געזאָגט ווערן דאָס לעצטע וואָרט אין דער פראַגע, וועט עס געזאָגט ווערן פון זיי. זיי האָבן אַרויסגעטריבן די „חיהשע גייסטער" פון דער חיה און פון דעם מענטשן; זיי האָבן געווירקט, אַז דאָס מיסטישע וואָרט „נשמה" זאָל אויסגעשלאָסן ווערן פון וויסנשאַפטלעכע אַרבעטן און זיי גיבן אויך די וויסנשאַפטלעכע דערקלערונג פאַרן פּראָצעס פון באַוואוסטזיין.

כדי צו קענען לייכטער פאַרשטיין די רעזולטאַטן פון דער נאַטורס „עקספּערימענטן" מיטן מענטשנס מאַרך, וועלן געמאַכט ווערן אַ פּאָר פאַקטישע באַמערקונגען וועגן דעם מאַרך. דעם מענטשנס מאַרך איז כמעט דריי מאָל אַזוי גרויס ווי דער מאַרך פון אַ גאָרילע, וואָס האָט דעם גרעסטן מאַרך פון מאַלפּעס. דער אויבערשטער מאַרך־מאַנטל איז הויפּטזעכלעך דער, וואָס איז פאַרגרעסערט אינעם מענטשנס מאַרך; ער איז ניט פאַרגלייכלעך גרעסער און אויך דיקער פון מאַרכן פון חיות. אָבער אויך דער מאַרך־מאַנטל איז ניט פאַרגרעסערט גלייך אין אַלע זיינע טיילן. די פאַרגרעסערונג איז לאָקאַליזירט הויפּטזעכלעך אינעם פאָדערשטן טייל פונעם מאַרך־מאַנטל (פראָנטעשע לאָבען), ווי אויך אין די פאַרבינדונגס־טיילן (אַסאָציאַציע־שטחן), דורך וועלכע די קאָאָרדינאַציע פון די חושים מיט דער אַלגעמיינער אַקטיוויטעט קומט פאָר.

ווען מען באַקאַנט זיך אפילו נאָר מיט דער אויבערפלאַך פונעם מענטשנס מאַרך און זיינע אַלגעמיינע פונקציעס, פאַרשטייט מען די באַדייטונג פון עליאָט סמיטס באַהויפּטונגען אַז „די פאַרמירונג פון באַגריפן אינעם מאַרך איז ניט נאָר אָפּהענגיק פון באַוואוסטזיניקע און צערטלעכע דערפאַרונגען, וואָס קומען אין אים אַריין דורך די חושים, נאָר זיי ווערן אויך פאַרמירט פון דער אַקטיוויטעט פון די מוסקולן, ווי פון אַרבעטן מיט די הענט... דורך אַרבעט קריגט מען הויפּטזעכלעך דערפאַרונג" און אַז „אַרום דער אַקטיוויטעט פון די הענט האָט זיך אַנטוויקלט דער פאַרשטאַנד". די קאָנפיגוראַציע פונעם מענטשנס מאַרך צוזאַמען מיט די פאַרבינדונגס־וועגן און שטעגן צייגן אויף דעם אָן.

אינעם מענטשנס מאַרך זיינען פאַראַן אַן ערך צען ביליאָן צעלן; זיי זיינען ניט צעשפּרייט איבערן גאַנצן מאַרך מיט דער זעלבער געדיכטקייט; אין אייניקע פּלעצער זיינען זיי גאַנץ געדיכט און פאַרמירן קנאָספּן: דאָס זיינען צענטערן פון אַקטיוויטעט און אין אַנדערע זיינען זיי שיטער. פון די צעלן קומען אַרויס נערוון־פעדעמלעך וואָס פאַרקניפּן און פאַרבינדן זיך צווישן זיך און צווישן די צעלן און פאַרמירן פאַרשיידנאַרטיקע נעצן.

די לענגערע נערוון־פעדים שניידן דורך דעם גאַנצן מאַרך, זיי פאַרמירן עס די וועגן און שטעגן פונעם מאַרך, וואָס פאַרבינדן אַלע טיילן פונעם מאַרך צווישן זיך. דאָס ווערן עס אָנגערופן די אַסאָציאַציע־שטחן. נאָך לענגערע נערוון־פעדים פאַרלאָזן דעם אויבערשטן מאַרך און לויפן צום רוקן־מאַרך וואו זיי ענדיקן זיך אין צעלן. אַנדערע פעדעמלעך קומען אַרויס פון די צעלן; זיי פאַרמירן שנירלעך און פאַרלאָזן דעם רוקן־מאַרך אין דער פאָרמע פון אויסערלעכע נערוון, וועלכע צעשפּרייטן זיך איבער דעם גאַנצן

קערפּער. אויך דער אַלגעמיינער מאַרך פון קאָפּ גיט פון זיך דירעקט אַרויס נערוון־שנורן אָדער בינדלעך, וואָס פאַרמירן די ספּעציעלע חושים. דורך די אַלע אויסערלעכע נערוון איז דער מאַרך פאַרבונדן מיטן גאַנצן קערפּער, אַזוי גוט ווי מיט דער אויסערלעכער וועלט, וואָס רינגלט אַרום דעם מענטשן.

די צאָל פון די נערוון־פעדעמלעך איז אַזוי גרויס, אַז פאַר פּראַקטישע צוועקן קען מען זאָגן, זי איז אומענדלעך. ביאַנקאַ זאָגט, זייער צאָל און פאַרבינדונגען איז פיל גרעסער, ווי אַלע טעלעגראַף און טעלעפאָן דראָטן־פאַרבינדונגען פון דער וועלט. זיי פאַרמירן אַזאַ קאָמפּליצירטע נעץ אינעם מאַרך, אַז קיין איין טייל קען ניט איזאָלירט ווערן פונעם גאַנצן מאַרך; דער מאַרך, דאַרף אָנגענומען ווערן, פונקציאָנירט ווי אַ גאַנצער אין יעטווידער איינער מאַניפעסטאַציע. פונדעסטוועגן איז קיין פראַגע ניט, אַז ניט נאָר האָט ער ריין פיזיאָלאָגישע צענטערן, נאָר אויך צענטערן פון די ספּעציעלע חושים וואו איינדרוקן ווערן רעגיסטרירט און באַוואוסט און אין וועלכע מאָ־טאָרישע פונקציעס אַנטשטייען. אין אַ געוויסן זין קען מען אויך ריידן פון אַ טייל פונעם מאַרך, דעם פאָדערשטן, וואָס איז מער פּסיכיש אַקטיוו פון די אַנדערע טיילן. געוויס קען מען ניט ריידן וועגן באַשטימטע „פאַקולטעטן" אינעם מאַרך: דער גאַנצער מאַרך פונקציאָנירט אַלס איינהייט, ספּעציעל אין די אַקטיוויטעטן, וואָס ווערן אָנגערופן פּסיכישע, ווי „דענקען", צום ביישפּיל. פונדעסטוועגן איז אויך אין די העכערע פונקציעס נעמען ניט אַלע טיילן פונעם מאַרך גלייך אָנטייל.

דאָס אַלץ זיינען ניט קיין טעאָריעס, נאָר פאַקטן וואָס זיינען באַקאַנט יעדן איינעם, וואָס האָט שטודירט דעם מאַרך און שטודירט האָט מען אים אַ היבש ביסל. אין אַלגעמיין קען מען זאָגן, אַז מען איז גענוי באַקאַנט מיט זיין טאָפּאָגראַפיע, הגם ניט מיט אַלע טיילן גלייך. עס זיינען נאָך פאַראַן טיילן, וואָס ווערן אָנגערופן „שטומע" שטחן (סיילענט עריעס), זיי זיינען „שטום" דערמיט, וואָס זיי לאָזן פון זיך ניט הערן, ווען אַן ענדערונג קומט אין זיי פאַר.

דער מאַרך קען שטודירט ווערן אין דער צייט פון זיין פאַרמירונג, ווי אין אַ טויט געבוירן קינד, צום ביישפּיל, אין וועלכן די „וועגן און שטעגן" האָבן זיך נאָך ניט געעפנט; ער קען אויך שטודירט ווערן אין זיין דעגע־נעראַציע, אַזוי גוט ווי אין פאַרשיידענע לאָקאַלע מאַרך־קראַנקהייטן. דורך די שטודיומס האָט מען טאַקע אויסגעפונען די פאַרשיידענע „לאָקאַליזאַציעס": ווי אַז אינעם טאַלאַמוס, צום ביישפּיל, געפינט זיך דאָס אורשפּרינגלעכע פונעם באַוואוסטזיין.

אַ פּאָר ביישפּילן וועלן עס באַווייזן. 1) די עפּידעמישע מאַרך־אַנטצינדונג (עפּידעמיק ענסעפעלייטעס, „סליפּינג סיקנעס") הויבט זיך געוויינטלעך אָן אַלס אַ מילדע קראַנקהייט. איינער פון אירע סימנים איז זען טאָפּלט פאַר אַ קורצער צייט: דאָס איז אַ סימן פון אַן אַנטצינדונג אין דער ליניע פונעם אָפּטישן נערוו. געוויינטלעך געפינט זיך די אַנטצינדונג אין דעם טייל פונעם מאַרך, וואָס ווערט אָנגערופן „מיטל־מאַרך". דער חולה ווערט „געזונט".

אין אַ צייט שפּעטער, ווען מען האָט שוין אין דער מילדער קראַנקהייט פאַרגעסן (אָפט באַמערקט מען די מילדע קראַנקהייט אפילו ניט), הויבט זיך

אַן אַנטוויקלען אַ שטייפקייט פון די מוסקולן פונעם פּנים; די שטריכן ווערן „האַרט״, אָדער די הענט הייבן אָן ציטערן און אָפּט פּאַסירן בײדע זאַכן. אין ערנסטערע פאַלן קען פאָרקומען אַן ענדערונג אינעם כאַראַקטער: אַ געוויינטלעך מילדער און אָרענטלעכער מענטש קען ווערן שלעכט און פאַר־דאַרבן. פון וואַנען נעמט זיך אַזאַ ענדערונג? דער ענטפער איז, ע׳ס איז פאָרגעקומען אַן ענדערונג אינעם מאַרך...

אָט וואָס עליאָט סמיט זאָגט וועגן דער אורזאַך פון דער ענדערונג: „די גוטע אײגנשאַפטן קענען פאַרניכטעט ווערן אַ דאַנק זייערע קלײנינקע שעדיקונגען וואָס זיינען פאָרגעקומען אין באַשטימטע פלעצער פון מאַרך אין און אַרום דעם אונטערשטן טייל פונעם טאַלאַמוס. מיר מוזן אָננעמען, אַז דער טייל פונעם מאַרך איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן אָנהאַלט פון דער איינ־געבוירענער גוטסקייט פון דער מענטשלעכער נאַטור; דעם גוטן ווילן פון נאָרמאַלע מענטשן. אַז דאָס איז אַזוי באַווייזט דער פאַקט, אַז אַ שעדיקונג אין דעם פלאַץ פאַראורזאַכט טיפע ענדערונגען אינעם כאַראַקטער״ (ניוראָל בייסעס אָף טהאָט, ז. 40). מען ווייסט אויך, אַז די האַרטקייט פון די מוס־קולן און דער ציטער פון די גלידער ווערט פאַראורזאַכט פון אַ שעדיקונג פון אַנדערע טיילן אַרום דעם זעלבן אָרט אינעם מאַרך. אין ערנסטערע פאַלן זיינען פאַראַן קראַנקע וואָס פאַלן אַריין אין אַן ערנסטן פּסיכאָז: אַ באַווייז אַז אַ העכערער טייל פונעם מאַרך איז געשעדיקט געוואָרן.

2) נאָך אַ פאַל (ער ווערט געבראַכט פון אייגענער דערפאַרונג): צום נעוראָלאָגישן קליניק האָט מען אַריינגעשיקט אַ חולה פונעם פּסיכיאַטרישן קליניק. דער חולה איז געווען אין אַ צעמישטן צושטאַנד; מען האָט מיט אים ניט געקענט קומען אין באַרירונג. ער האָט אָבער ניט געליטן פון קיין שום פיזישן פעלער און האָט ניט מאַניפעסטירט קיין קערפּערלעכע סימפּטאָמען. די פּסיכיק איז געווען די אײנציקע וואָס האָט געליטן. אָבער דער אויגן־ספּעציאַליסט האָט, אַריינקוקנדיק אינעם אויג, באַמערקט אַ „דרוק״ אויפן אויג (טשאָקט דיסק). דאָס איז אַ רעזולטאַט פון אַ פאַרגרע־סערטן דרוק אינעם מאַרך. די וויכטיקסטע אורזאַך פאַר אַזאַ דערשיינונג איז אַ געוויקס אינעם מאַרך (ראַק, „טומאָר״). שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אַ ראַק האָט זיך אַנטוויקלט אינעם פאָדערשטן טייל פונעם מאַרך די ערשטע סימנים זיינען געווען פון אַ פּסיכישן כאַראַקטער. דאָס איז אַ באַווייז, אַז דער טייל פונעם מאַרך האָט אַן ענגע פאַרבינדונג מיט די פּסיכישע פּראָצעסן.

די פּאָר ביישפּילן באַווייזן ווי אַזוי מען שטודירט לאָקאַליזאַציע אינעם מאַרך דורך דער הילף פון מאַרך־קראַנקהייטן: עס זיינען אָבער אויסגע־קליבן געוואָרן ביישפּילן אין וועלכע די מאַניפעסטאַציע פון דער קראַנקהייט איז פון אַ פּסיכישן כאַראַקטער, כדי אונטערצושטרייכן ווי אַזוי דער פּראָ־צעס פון באַוואוסטזיין, אַלס פּראָבלעם, האָט געצוואונגען דעם מאַרך־ספּע־ציאַליסט זיך מיט איר צו באַשעפטיקן און ווי אַזוי די פאַרבינדונג פונעם מאַרך מיטן באַוואוסטזיין מאַניפעסטירט זיך קליניש פאַר די אויגן פונעם מאַרך־ספּעציאַליסט און פאָדערט אים אויף צו רעאַגירן.

3) לעצטנס האָט מען צוגעקראָגן אַ דירעקטן מעטאָד ווי צו שטודירן לאָקאַליזאַציע און צו דער זעלבער צייט אויסגעפינען דעם מאַרך־באַוואוסטזיין,

אָדער מאַרך־פאַרשטאַנד־פאַרבינדונג מיט דער הילף פון דירעקטן סטימול אויפן מאַרך אין דער צייט פון אַן אָפּעראַציע אויפן מאַרך, ווען זי ווערט געמאַכט מיט אַ לאָקאַלער אַנעסטעזיע. דער ביישפּיל איז אַרויסגענומען פון הארווי קושונגס אַן אָפּעראַציע: ער האָט דירעקט סטימולירט אַ מאָטאָרישן פּלאַץ אינעם מאַרך מיטן רעזולטאַט, אַז דער חולה „האָט אויפגעהויבן די האַנט און האָט געהאַט דעם געפיל אַז די באַוועגונג איז געמאַכט געוואָרן פון אים אַליין ווי אַ פרייוויליקער רעאַגירן צו אַן אויסערלעכער אָנרעגונג. ער האָט געהאַט דעם געפיל פון אַן אַקטיוון צוזאַמענציען די מוסקולן, אַ געפיל וואָס איז אינגאַנצן געווען אַנדערש פון אַזאַ צוזאַמענציאונג, וואָס ווערט אַרויסגעבראַכט פון אַן אויסערלעכער סטימולירונג דירעקט אויפן נערוו... ער האָט זיך פאַרגעשטעלט, אַז זיינע באַוועגונגען זיינען פון אים געמאַכט געוואָרן פרייוויליק, ווען פאַקטיש האָט ער זיי ניט קאָנטראָלירט און האָט זיי אויך ניט געקענט קאָנטראָלירן" (זע, פּיארען, טהאָט ענד ברעין, ז. 16).

פּיארען האַלט אַז דער עקספּערימענט איז פון אומגעהויערער באַדייטונג: אין אים ווערט אַרויסגעבראַכט ווי אַזוי אַן עלעקטרישער סטימול דירעקט אויפן מאַרך אינעם פּלאַץ וואו, מען נעמט אָן, אַז די באַוועגונג פון דער האַנט ווערט קאָנטראָלירט, האָט מעכאַניש אויפגעהויבן די האַנט פונעם חולה אויפן זעלבן אופן, ווי ער וואָלט עס געטאָן ווען מען סטימולירט דעם נערוו דורך דער האַנט. דער חילוק איז אָבער געווען דער, וואָס ווען מען מאַכט אים אויפהויבן די האַנט, ווען מ'סטימולירט דעם נערוו דירעקט דורך דער האַנט, ווייסט מען און מ'פילט, אַז עס ווערט געטאָן מעכאַניש קעגן דעם איי־גענעם ווילן. ווען מ'האָט סטימולירט דעם מאַרך דירעקט, האָט עס אין דעם חולה אַרויסגערופן דעם געפיל פון אַ פרייוויליקן אַקט. עס דאַרף מיינען, אַז ווען מען האָט סטימולירט דעם מאַרך דירעקט, האָט מען ניט נאָר אַרויס־געבראַכט דעם רעאַגירן, נאָר אויך געשאַפן דעם געפיל פון אַ פרייוויליקן אַקט. פיגוראַטיוו גערעדט קען מען זאָגן, אַז מען האָט ניט נאָר סטימולירט דעם נערוון־צענטער, נאָר אויך דעם „צענטער" פון באַוואוסטזיין און סטי־מולירט אַ „ווילן", אַ פאַרלאַנג אויפצוהויבן די האַנט... קיין מער דירעקטן באַווייז פאַר דער אינערלעכער פאַרבינדונג פונעם מאַרך מיטן באַוואוסטזיין קען, דוכט זיך, ניט זיין, ווי ווען מען סטימולירט דעם מאַרך קריגט מען אַ פּסיכישע איבערלעבונג פון אַ פרייוויליקן אַקט... ניט אומזיסט האַלט פּיארען אַז דער עקספּערימענט איז פון אומגעהויער וויכטיקן כאַראַקטער, ער איז עס!

פון דעם ביז אַהער אַרויסגעבראַכטן וועגן דער מאַרך־פאַרשטאַנד פאַר־בינדונג וועט צוזאַמען מיט ביאנקען געזאָגט ווערן אַז: „פון סענסאַציע צו אינטעלעקט, פון רעפלעקס אַקטיוויטעט צו פרייער באַוועגונג און ביז אינדיווידועלער און קאָלעקטיווער באַנעמונג, גענומען אַלס גאַנצעס, איז עס ניט מער ווי אַ ריי פון פּראָצעסן, וואָס ווערן אויסגעדריקט אין באַוועגונגען, וואָס זיינען אידענטיש לויט זייער נאַטור: אָבער זיי נעמען אַריין פונעם פּשוטסטן ביזן קאָמפּליצירטנסטן. עס זיינען באַוועגונגען, וואָס זיינען אונ־טערוואָרפן דעם עוואָלוציע־פּראָצעס פון איין זייט (גענעטישע פּסיכאָלאָגיע) און צופּאַסונג פון דער אַנדערער זייט. „געדאַנק" איז אַזוי אַרום ניט קיין

אַבסטראַקטע רעאַליטעט, ווי מען האָט אים זיך פאָרגעשטעלט, נאָר ער איז אַ פיזיאָלאָגישער פאַקט דערפאַר, וואָס ער איז אַ פּראָדוקט פון דער פונקציע פון אַן אָרגאַן, וואָס מעג באַטראַכט ווערן אַלס רעזולטאַט פונעם העכסטן גראַד פון עוואָלוציע פון מאַטעריע" (214־215).

דער אויבגעבראַכטער אויסצוג אַנטהאַלט אַן אמת. עס פאָדערט זיך אָבער מער באַווייזן, ווי עס זיינען ביז איצט געגעבן געוואָרן אום צו דע־מאָנסטרירן דעם אמת. דאָס וועט געטאָן ווערן אין די ווייטערדיקע קאַ-פּיטלעך.

# לאָקאַליזאַציע פון שפּראַך און אַפאַזיע

וואוד־דזשאָנס זאָגט: „אָן ברייטע דיסקוסיעס פון אַנאַטאָמישע איינצלהייטן וועגן דער צענטראַלער נערוון־סיס־טעם, מעגן מיר זיך שטיצן אויף דער אַקסיאָמע, אויף וועלכער ס'שטימען אין פיזיאָלאָגן, אַנאַטאָמיסטן און פּאַטאָלאָגן, אַז באַוועגונגען און ניט מוסקולן זיינען רעפּרעזענטירט אינעם אויבערשטן מאַרך" (פון „העריקס בריין אָוו רעטס ענד מען", ז. 220).

דערפאַר וואָס די נעוראָלאָגן, די מאַרך־ספּעציאַליסטן, וואָס האָבן זיך אין אָנפאַנג באַשעפטיקט מיט די אַפאַזיעס (שטערונגען אין דעם פאַרשטיין און אין דעם אויסדרוק פון שפּראַך) האָבן ניט פאַרשטאַנען דאָס וואָס וואוד־דזשאָנס רופט אָן אַקסיאָמע, אַז באַוועגונגען און ניט מוסקולן זיינען רעפּרע־זענטירט אין דעם מאַרך, האָבן זיי אַריינגעבראַכט אַ פולשטענדיקן כאַאָס אין דעם קעגנשטאַנד וואָס טראָגט דעם אַלגעמיינעם נאָמען אַפאַזיע.

כדי צו פאַרשטיין דעם כאַאָס און ספּעציעל צו פאַרשטיין ווי מען איז פון אים ענדלעך אַרויסגעקראָכן, דאַרף מען זיך באַקענען מיט דעם באַגריף וואָס האָט געפירט צו דעם כאַאָס.

פאַר דעם ביאָלאָג איז די צעל די פונדאַמענטאַלסטע איינהייט פון סטרוקטור און פון פונקציע. אַ קראַנקהאַפטער צושטאַנד מיינט אַ פּאַטאָלאָגישע ענדערונג אין דער צעל. אין דער נערוון־סיסטעם איז די איינהייט די צעל מיט אירע נערוון־פעדעמלעך, וואָס קומען אַרויס פון איר (דער ניוראָן). אַ קראַנקהאַפטער צושטאַנד אין דער נערוון־סיסטעם באַשטייט פון אַ פּאַטאָ־לאָגישער ענדערונג אין דעם „ניוראָן".

פאַר דער אַלגעמיינער פיזיאָלאָגיע און פּאַטאָלאָגיע איז דאָס ריכטיק; דער טעות האָט זיך אַרויסגעוויזן, ווען די נעוראָלאָגן האָבן געצויגן, וואָס האָט אויסגעקוקט ווי אַ לאָגישער שלוס, אַז „אַזוי ווי דער לעבער פּראָדוצירט גאַל, אויף דעם זעלבן אופן ברייינגען פון זיך די נערוון־צעלן אַרויס געדאַנ־קען". דער פאַרגלייך האָט פון דעם מעדיצינישן שטאַנדפּונקט אויסגעקוקט גאַנץ לאָגיש, ער האָט אָבער געפירט צו אַ כאַאָס. געוויס האָבן גאַנץ ווייניק נעוו־ראָלאָגן גענוצט דעם פאַרגלייך, די מערסטע פון זיי וואָלטן זיך פון אים אָפּגעזאָגט, ווען מען זאָל זיי געוועזן צושרייבן אַזאַ פאַרגלייך; פּאַקטיש אָבער האָבן זיי געדענקט אין טערמינען, וואָס האָבן אין זיך אַנטהאַלטן דעם פאַרגלייך, ווי דער קאָנקרעטער צוגאַנג צו דער פראַגע וועט עס דעמאָנסטרירן.

אין 1860 האָט דער פראַנצויזישער כירורג בראָקאַ געהאַט צווייי קראַנקע, איינעם נאָך דעם אַנדערן, וואָס האָבן מיטאָמאָל פאַרלוירן די פייאיקייט

אַרויסצובערענגען זייערע געדאַנקען דורך ווערטער, זיי האָבן פאַרלוירן די פיאיקייט צו ריידן. אַליין פאַר זיך איז עס ניט קיין זעלטענע דערשיינונג. פאַרקערט, עס איז אַ זייער אָפטע דערשיינונג; דער צופאַל אין דעם פאַל איז געווען דער, וואָס ווען זיי זיינען געשטאָרבן האָט ער, עקזאַמענירנדיק זייערע מאַרכן, אויסגעפונען אַז זיי זיינען געווען געשעדיקט אויף דעם זעלבן פלאַץ. ער האָט באַשריבן דעם קלינישן צושטאַנד אין וואָס זייער שפּראַך־פאַרלוסט איז באַשטאַנען און אויך דאָס, וואָס ער האָט געפונען אין זייערע מאַרכן. דעם נאָמען פון דעם צושטאַנד, אָדער פון דער קראַנקהייט, אויב מען זאָל דעם צושטאַנד אָנרופן קראַנקהייט, האָט ער אָנגערופן מאָטערישע אַפאַזיע, ניט קענען ריידן מחמת דער מאַרך איז געשעדיקט געוואָרן אויף אַ באַשטימטן אָרט. דער נאָמען „מאָטאָר" דייטעט אָן אַז אַ מאָטאָרישע אַקטיוויטעט האָט געליטן. מען האָט זי אויך אָנגערופן בראָקאַס אַפאַזיע, לויט דעם נאָמען פון דעם דאָקטאָר וואָס האָט זי דערקלערט.

אין אַ צייט אַרום האָט אַ צווייטער דאָקטאָר, ווערנעקי, געזען אַ חולה, וואָס האָט מיטאַמאָל אויפגעהערט פאַרשטיין וואָס מען רעדט צו אים.

ווען דער קראַנקער איז געשטאָרבן און מען האָט עקזאַמינירט זיין מאַרך, האָט מען אויך געפונען אַז ער איז געשעדיקט געוואָרן, נאָר די וואונד איז געווען אויף אַן אַנדער אָרט. ווערנעקי האָט באַריכטעט וועגן דעם קלינישן צושטאַנד און וואו די וואונד געפינט זיך און האָט דעם קראַנקען־צושטאַנד אָנגערופן סענסאָרישע אַפאַזיע (ניט קענען פאַרשטיין קיין געהערטע שפּראַך), אָדער לויט דעם נאָמען פון דעם דאָקטאָר — ווערנעקיס אַפאַזיע.

ס'האָט ניט גענומען לאַנג און אין דער מעדיצינישער ליטעראַטור האָבן אָנגעהויבן דערשיינען באַריכטן פון פאַרשיידענע אַפאַזיעס, וואָס האָבן ניט געשטימט מיט די ערשטע צוויי באַריכטן.

מען האָט זיך גענומען קלאַסיפיצירן די פאַרשיידענע אַפאַזיעס לויט זייער קלינישער מאַניפעסטאַציע און דער קאָרעספּאָנדירנדער פּאַטאָלאָגיע, וואָס מען האָט געפונען אין די באַטרעפנדע מאַרכן. האָט ניט גענומען לאַנג אויסצוגעפינען, אַז אויף וועלכן אופן מען האָט זיי ניט קלאַסיפיצירט, האָבן די קלינישע מאַניפעסטאַציעס ניט געשטימט מיט די געשעדיקטע ערטער אין די מאַרכן, לויט וועלכע מען האָט זיי קלאַסיפיצירט. מען האָט פאַר זיך געהאַט אַ קראַנקען, וואָס האָט קליניש געליטן פון „בראָקאַס" אַפאַזיע, ס'הייסט, ער האָט ניט געקענט ריידן, אָבער ווען ער איז געשטאָרבן האָט מען געפונען אַ שעדיקונג אויף אַ גאַנץ אַנדער אָרט און ניט אויף דעם וואָס בראָקא האָט אָנגעוויזן. אַזוי איז געווען מיט דער אַזוי אָנגערופענער „ווערנעקיס" אַפאַזיע א. אַז. וו.

די אַפאַזיעס האָבן ניט געשטימט מיט דער טאָפּאָגראַפיע פון דעם מאַרך, ווי מען האָט אויסגערעכנט פון די ערשטע פאַלן וואָס מען האָט שטודירט. ס'האָט ניט גענומען לאַנג און מען האָט געהאַט 36 פאָרמען פון אַפאַזיע, וואָס זיינען געווען אין ווידערשפּרוך, לויט זייער פּאַטאָלאָגיע, איינע צו דער צווייטער. קיין שום קלאַסיפיקאַציעס האָבן ניט געהאָלפן, דער קעגנשטאַנד איז אַריינגעפאַלן אין אַ פולשטענדיקן כאַאָטישן צושטאַנד.

ווען מען נעמט אין אַנבאַטראַכט דעם אַלגעמיינעם מעדיצינישן בליק אויף די ענדערונגען וואָס קומען פאַר אין אַ באַשטימטן אָרגאַן (פּאַטאָלאָגיע), ווען

ער ווערט קראַנק און ווי אַזוי דער קלינישער צושטאַנד, די מאַניפעסטאַציע פון דער קראַנקהייט ווערט דערקלערט לויט דער פּאַטאַלאָגיע, קען מען לייכט זען וואָס ס'האָט געפירט צום כאַאָטישן צושטאַנד. די דאָקטוירים, וואָס האָבן זיך באַשעפטיקט מיט די אפאזיע־ליידנדע, האָבן אויף דעם ענין גע־קוקט לויט זייער אַלגעמיינעם בליק. איינער האָט פאַרלאָרן די פייאיקייט צו ריידן און אין זיין מאַרך האָט מען געפונען אַ געשעדיקטן אָרט, וואָס האָט אַ שייכות צום רעדן אַפּאַראַט, איז אַ סימן אַז די אַנאַטאָמישע ענדערונג שטערט דעם נאָרמאַלן ריידן, אַ צווייטער פאַרשטייט ניט וואָס מען רעדט צו אים און זיין מאַרך איז געשעדיקט אויף אַ באַשטימטן פּלאַץ, איז אַ סימן, אַז אויף דעם פּלאַץ געפינט זיך אין דעם נאָרמאַלן צושטאַנד עפּעס, וואָס נעמט אויף דאָס ריידן. אַ דריטער האָט פאַרלוירן די פייאיקייט צו שרייבן און אַ פערטער — צו לייענען געשריבענעס. אייניקע האָבן געליטן אַ טאָטאַלן פאַר־לוסט, אַנדערע נאָך אַ טיילווייזן אאַ״וו. אאַ״וו. האָבן די אַלע צושטאַנדן צו טאָן מיט ענדערונגען אין פאַרשיידענע פלעצער אין דעם מאַרך: אַ שעדיקונג אין אַ באַשטימטן פּלאַץ פאַראורזאַכט אַ באַשטימטן פעלער. לויט דעם אַלגעמיינעם באַגריף וועגן פּאַטאַלאָגיע האָט דאָס אַלץ געדאַרפט זיין ריכטיק, פּאַקטיש האָט דער לאָגישער דענקען געפירט צו דעם כאַאָס: קיין שום לאָקאַליזאַציע אין דעם מאַרך האָט ניט געשטימט מיט דער קלינישער מאַניפעסטאַציע.

כדי צו פאַרשטיין פאַרוואָס עס האָט ניט געשטימט, דאַרף מען באַטראַכטן דעם ענין „לאָקאַליזאַציע" אין דעם מאַרך.

ניט טראַכטנדיק וועגן דער פראַגע, אָבער לויט דעם פּאַקטישן צוגאַנג צו איר, האָבן די נעווראָלאָגן, די ספּעציאַליסטן, וואָס באַשעפטיקן זיך מיט מאַרך־קראַנקהייטן, געקוקט אויף לאָקאַליזאַציע פון ווערטער אין באַגריפן אין דעם מאַרך אויף אַ גאַנץ איינפאַכן אופן: אין באַשטימטן אָרט אין דעם מאַרך איז פאַראַן אַ פּלאַץ אין וועלכן דער ריידן ווערט קאָנטראָלירט, מוז אין דעם אָרט אין די צעלן זיך געפינען דער אַפּאַראַט פון ריידן און אויך די ווערטער און זייערע באַגריפן, אַ סימן אַז ס'איז אַזוי, איז דער פּאַקט, אַז ווען דאָס אָרט אין דעם מאַרך ווערט געשעדיקט, פאַרלירט מען די פייאיקייט צו ריידן. אויף אַ צווייטן אָרט אין דעם מאַרך געפינט זיך דער אַפּאַראַט וואָס נעמט אויף דעם פאַרשטיין פון ווערטער און באַגריפן, ווען דער דאָזיקער אָרט ווערט געשעדיקט, פאַרלירט מען די פייאיקייט צו פאַרשטיין ווערטער און באַגריפן. איז דאָס אַ פּאַקטישער סימן, אַז אויף דעם פּלאַץ אין דעם מאַרך ווערן די פאַרשטאַנענע ווערטער און באַגריפן לאָקאַליזירט א. אַ. וו. געוויס האָבן די פאָרשער ניט גענומען דעם ענין אַזוי איינפאַך ווי ער ווערט דאָ געגעבן; דער אַבזיכט איז אָבער ניט צו דערקלערן ווי אַזוי זיי האָבן אויף אים געקוקט באַוואוסטזיניק, נאָר אַז זיי האָבן דעם פּראָבלעם פון לאָקאַ־ליזאַציע פון ווערטער און באַגריפן אין דעם מאַרך באַטראַכט פון דעם ריין אַנאַטאָמישן שטאַנדפּונקט, זיי האָבן אים באַטראַכט ווי זיי באַטראַכטן דעם לעבער, אָדער אַן אַנדער אָרגאַן. פּשוט האָט עס געדאַרפט מיינען, אַז אין די צעלן פון דעם מאַרך און אין זייערע פעדעמלעך געפינען זיך אויף וועלכן עס איז אופן די ווערטער, וואָס מען ווייסט.

ווי אַזוי די דאָזיקע לאָקאַליזאַציע פון ווערטער און באַגריפן קומט פאָר אין דעם מאַרך, האָט מען נאַטירלעך ניט אָנגעהויבן צו וויסן און אייניקע האָבן געדענקט (דער פיזיאָלאָג דו־באָיז ריימען), אַז מיר וועלן אויף אייביק מוזן בלייבן אומוויסנד (איגנאָראַבימוס), אַז מען וועט עס קיינמאָל ניט וויסן. מען האָט אָנגענומען, אַז דאָס איז אַ ספּעקולאַטיווע פראַגע, מיט וועלכער דער וויסנשאַפטסמאַן דאַרף זיך ניט באַשעפטיקן. ער קען זיך איינגאַנצן באַגיין אָן דער ספּעקולאַציע. פאַר אים איז גענוג די פאַקטישע זייט; ס'איז גענוג ווען ער ווייסט די לאָקאַליזאַציע און די קלינישע מאַניפעסטאַציע. מער דאַרף ער ניט.

דער רעזולטאַט פון דעם „מער דאַרף ער ניט" איז געווען דער כאַאָ־טישער צושטאַנד אין וועלכן דער קעגנשטאַנד פון אפאזיע איז אַריינגעפאַלן. ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אָדער מען מוז וויסן מער וועגן דער אַקטועלער לאָקאַליזאַציע פון ווערטער און באַגריפן אין דעם מאַרך, אָדער מען מוז אויפגעבן דעם שטודיום פון די אפאזיעס: אַנגיין אַזוי קען מען ניט.

למען האמת דאַרף באַמערקט ווערן, אַז נאָך איידער מען איז געקומען צו דעם טעמפּן ווינקל מיט די אפאזיעס, האָט דער ענגלישער נעווראָלאָג, יולינג דזשעקסאָן אָנגעוויזן אַז מיט אַנאַטאָמיע פון דעם מאַרך אַליין קען מען ניט דערקלערן די לאָקאַליזאַציע פון ווערטער און באַדייטונגען: מען קען ניט אַריינשטעלן קיין ווערטער אין צעלן און זיי פון דאָרט אַרויסנעמען לויט דעם פאַרלאַנג. דער עניך, האָט ער געזאָגט, איז מער קאָמפּליצירט, ווי מען וויל זיך אים פאָרשטעלן. אויב די מעדיצינישע וויסנשאַפט וויל ניט גיין ווייטער פון אַנאַטאָמיע, דאַרף זי זיך אָפּזאָגן פון דעם קעגנשטאַנד איינגאַנצן: אין די אָנגענומענע מעדיצינישע ראַמען קען ער ניט דערקלערט ווערן. אים איז אָבער ניט געלונגען צו באַוועגן די מעדיצינישע וועלט זי זאָל ענדערן איר צוגאַנג צו דער פראַגע. די צייט איז ניט געווען רייף דערפאַר.

1906 איז געווען דער אָנהויב פון דער ענדערונג פון דעם באַגריף פון לאָקאַליזאַציע אין שייכות צו אפאזיע, וואָס האָט זיך נאָך דער וועלט־מלחמה קריסטאַליזירט אין העברי העדס פּסיכאָלאָגישער קלאַסיפיקאַציע און אין קעמפּיאנס טעאָריע פון צירקולאַציע אין דער נערוון־סיסטעם.

אין דעם יאָר איז שערינגטאָן אַרויסגעקומען מיט זיין קלאַסישער אַר־בעט „די אינטעגראַטיווע פונקציע פון דער נערוון־סיסטעם" אין וועלכער ער האָט באַוויזן, אַז לויט עקספּערימענטאַלע פאַקטן, קען מען ניט ריידן וועגן איזאָלירטע פונקציעס פון באַזונדערע נערוון פון דער סיסטעם. ער האָט באַוויזן, אַז די נערוון־סיסטעם רעאַגירט צו סטימולן אין אַן אינטעגרירטער פאָרמע און ניט לויט די באַזונדערע נערוון. זיין מיינונג האָט געמוזט אָנגע־נומען ווערן דערפאַר, וואָס זי איז געווען באַזירט אויף עקספּערימענטאַלע פאַקטן, וואָס האָבן ניט געקענט אָפּגעלייקנט ווערן.

אין דעם זעלבן יאָר איז אַרויסגעקומען דער פראַנצויזישער נעווראָלאָג, פּיער מאַריע, מיט דער אַזוי אָנגערופענער פיזיאָלאָגישער לאָקאַליזאַציע פון ווערטער און באַדייטונגען אין דעם מאַרך.

כדי צו קריגן וועלכן ס'איז באַגריף, וואָס ס'מיינט פיזיאָלאָגישע לאָקאַ־ליזאַציע פון ווערטער און באַדייטונגען, דאַרף מען אָנהויבן פון דעם וואָס וואוד־דזשאָנס רופט אָן אַן אַקסיאָמע, וואָס ווערט איצט אָנגענומען פון אַלעמען,

אַז ניט מוסקולן זיינען לאָקאַליזירט אין דער נערוון־סיסטעם, נאָר באַוועגונגען. וואָס מיינט עס?

די נערוון־סיסטעם קאָנטראָלירט יעדן טייל פון דעם אָרגאַניזם: אַ באַוועגונג פון דער האַנט, צום ביישפּיל, ווערט אַרויסגעבראַכט דורך דער אַקטיוויטעט פון דער נערוון־סיסטעם. דאָס מיינט, אַז די האַנט איז אויף וועלכן ס׳איז אופן רעפּרעזענטירט אין דער נערוון־סיסטעם. און אַזוי איז יעדער טייל פון דעם אָרגאַניזם רעפּרעזענטירט אין דער נערוון־סיסטעם, מער פּינקטלעך, אין דעם מאַרך. דאָס איז ניט קיין טעאָריע, נאָר אַן אַלגעמיין באַוואוסטער פאַקט; מען וויסט גענוי דעם טייל פון דעם מאַרך וואו אַ באַשטימטער גליד איז לאָקאַליזירט (נאַטירלעך, רעלאַטיוו גענומען).

געוויינטלעך שטעלט מען זיך פאָר, אַז יעדער טייל פון דעם אָרגאַניזם, יעדער מוסקול, צום ביישפּיל, האָט „זיינע" צעלן אין דעם מאַרך, וואָס קאָנטראָלירן אים. לויט דעם באַגריף מיינט עס, אַז די לאָקאַליזאַציע איז אַן אַנאַטאָמישע; אַזוי ווי יעדער מוסקול ווערט קאָנטראָלירט פון אַ נערוו, אָדער נערוון און אַזוי ווי די נערוון האָבן אַ דירעקטע פאַרבינדונג מיטן מאַרך, וואָס מיינט, מיט צעלן, קומט אויס, אַז דער מוסקול גופא איז אין דירעקטער פאַרבינדונג מיט די באַטרעפנדע צעלן. איצט קומט אַן אַנאַטאָמיסט (וואוד־דזשאָנס) און זאָגט, אַז ס׳איז אָנגענומען, אַלס אַן אַקסיאָמע פון די פיזיאָלאָגן, אַנאַטאָמיסטן און פּאַטאָלאָגן, אַז ניט מוסקולן, נאָר באַוועגונגען זיינען לאָקאַליזירט. ס׳איז ניט נויטיק קיין פאַכמאַנישע קענטעניש צו זען, אַז דער אונטערשייד צווישן אַ לאָקאַליזאַציע פון מוסקולן און אַ לאָקאַליזאַציע פון באַוועגונגען איז אַ קאָלאָסאַלער: מוסקולן זיינען אַנאַטאָמישע טיילן, וואָס זיינען דירעקט פאַרבונדן מיט נערוון, קען מען זיך פאָרשטעלן אַז די צעלן פון דעם מאַרך באַוועגן זיי דורך די באַטרעפנדע נערוון. אָבער ווען מען זאָגט אַז ניט די מוסקולן גופא, נאָר די באַוועגונגען, וואָס מען מאַכט מיט זיי, זיינען לאָקאַליזירט, מיינט עס שוין עפּעס אַנדערש. באַוועגונגען זיינען ניט קיין קאָנקרעטער עפּעס, וואָס קען דירעקט פאַרבונדן ווערן מיט אַ נערוו און דורך אים מיט די מאַרך־צעלן. די פאַרבינדונג פון באַוועגונגען מיט נערוון־צעלן מוז זיין אַן אומדירעקטע, אַן אָרגאַנישע און ניט קיין דירעקט ריין מעכאַנישע, ווי מען קען זיך פאָרשטעלן אַז אַ מוסקול איז פאַראייניקט מיט די צעלן אין דעם מאַרך.

דאָס נאָענטסטע, וואָס מען קען זיך פאָרשטעלן אַלס אַ לאָקאַליזאַציע פון באַוועגונגען, איז דאָס, וואָס סעמאָן האָט אָנגערופן ענגראַם; ער האָט אָנגענומען, אַז ווען דער פּראָצעס פון אַנטוויקלונג קומט פאָר, פאַרמירן זיך אין דער נערוון־סיסטעם (אין דעם אויבערשטן מאַרך ווען עס האַנדלט זיך וועגן אויסגעלערנטע אַקטיוויטעטן) סכעמעס, געשטאַלטונגען, אָדער מאָדעלן, לויט די באַוועגונגען פון די מוסקולן. דאָס וואָס בלייבט אין דעם מאַרך פון אַזאַ באַוועגונג האָט סעמאָן אָנגערופן „ענגראַם". דער דאָזיקער נאָמען איז אַזאַ גוטער, ווי וועלכער ס׳איז אַנדער נאָמען, מען דאַרף אָבער ניט מאַכן קיין טעות, ווי ס׳טרעפט גאַנץ אָפט, אַז ווען מען גיט אַ נאָמען צו אַ דערשיינונג „דערקלערט" מען זי שוין. דער נאָמען „ענגראַם" דערקלערט קיין זאַך ניט, ער ווערט נאָר גענוצט כדי דורך אים צו דעזיגנירן די פאַרבליבענע געשטאַלטונג אין דעם מאַרך פון אַ באַשטימטער באַוועגונג. דאָס פאַרבליבענע

(ענגראַם), ווערט אָבער פאַרשטאַנען, איז ניט אַן עפּעס, וואָס איז אַנאַטאָמיש לאָקאַליזירט אין אַ צעל, אָדער אין אַ ריי צעלן; נאָר ס'דאַרף פאַרשטאַנען ווערן, אַז דאָס וואָס איז געבליבן, איז עפּעס דינאַמישעס (דאָס איז ניט אַזוי לייכט צו פאַרשטיין, ווי ס'וואָלט זיך וועלן פאַרשטיין): ווען די זעלבע פונקציע קומט פאָר אַ צווייטן מאָל, באַוועגט זיך די האַנט, צום ביישפּיל, אַזוי ווי זי האָט זיך באַוועגט דאָס ערשטע מאָל. די דערקלערונג, פאַר דער פאַר־בינדונג, ווערט אָנגערופן פיזיאָלאָגישע און ניט אַנאַטאָמישע: די פיזיאָלאָגישע פונקציע איז געבליבן אין דעם מאַרך אין איר גאַנצקייט (אָרגאַניש) און ניט די באַזונדערע טיילן (מעכאַניש).

זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז אַזאַ לאָקאַליזאַציע פון באַוועגונגען קען ניט פאַרקומען אין קיין איינצל־צעלן, זי קען אפילו ניט פאַרקומען אין קיין גרופּע צעלן; די פונקציאָנעלע איינהייט איז אַ גרעסערע, זי נעמט אַרום אַ פונק־ציאָנעלע ספערע אין דעם מאַרך. אין דער פיזיאָלאָגישער אינטערפּרעטאַציע ווערט דער שווערפּונקט איבערגעטראָגן פון דער צעל אויף דער קאָאָרדינאַציע פון די צעלן און זייערע פאַרבינדונגען.

דער גאַנצער באַגריף פון לאָקאַליזאַציע ווערט אַזוי אַרום געענדערט; ס'איז שוין מער ניט קיין פראַגע וועגן צעלן, וואָס אַנטהאַלטן אין זיך (אַנאַ־טאָמיש) אַ באַשטימטע לאָקאַליזאַציע, נאָר אַ ספערע אָדער ספערן אין דעם מאַרך, וואָס קאָנטראָלירן באַשטימטע ספּעציעלע אַקטיוויטעטן: די אַקטי־וויטעט אַלס אַזעלכע בלייבט ווי אַן „ענגראַם" און ניט ווי קיין דירעקטע פאַר־בינדונג צווישן צעלן און די באַטרעפנדע מוסקולן.

געוויס, ווען דער „ענגראַם" פונקציאָנירט, ווערט זיין אַקטיוויטעט אַרויס־געבראַכט דורך די באַטרעפנדע מוסקולן, אָבער אין דעם מאַרך איז לאָקאַ־ליזירט די פונקציאָנעלע איינהייט אין אַ באַשטימטער פונקציאָנעלער ספערע אין דעם מאַרך: דאָס וואָס ס'בלייבט אין דעם מאַרך און באַוועגט דעם מוסקול איז ניט אַנאַטאָמיש פאַראייניקט מיט אים.

ווען מען נעמט אַן די פונקציאָנעלע, אָדער פיזיאָלאָגישע פאָרמע פון לאָקאַליזאַציע, קריגן די פאַרבינדונגס־טיילן פון דעם מאַרך, די אַזוי אָנגע־רופענע וועגן (אַסאָסיאַציע־שטחן) די זעלבע באַדייטונג, ווי די טיילן פון דעם מאַרך אין וועלכע ס'געפינען זיך קאָנצענטרירטע צעל־צענטערן. זיי זיינען אַן אינטעגראַלער טייל פון אַ פונקציאָנעלער איינהייט, אָדער פון אַ ספערע פון אַקטיוויטעט. דער מאַרך ווערט אַזוי אַרום ניט געטיילט אויף לאָקאַליזאַציע־צענטערן, נאָר אויף פונקציאָנעלע ספערן, וואָס זיינען פאַר־קנופּט און פאַרבונדן צווישן זיך אויף די פאַרשיידנסטע אופנים, ביז זיי נעמען אַריין דעם גאַנצן מאַרך.

וואָס העכער אַ חיה געפינט זיך אויף דעם לייטער פון עוואָלוציע, אַלץ מער קאָמפּליצירט איז איר אַקטיוויטעט און אַלץ מער זיינען אין איר אַנט־וויקלט די פאַראייניקונגס־ספערן, אָדער פאַרקערט: וואָס גרעסער ס'איז דער מאַרך, וואָס מער עס זיינען אין אים פאַראַן פאַרבינדונגס־מעגלעכקייטן, אַלץ קאָמפּליצירטער קען ווערן די אַקטיוויטעט פון דער באַשטימטער חיה. מען קען עס לייענען הין און צוריק דערפאַר, וואָס דאָס זיינען צוויי אַספּעקטן פון איין דערשיינונג.

ווען מען פאַרשטייט דעם עלעמענטאַרן פאַקט פון פיזיאָלאָגישער לאָקאַליזאַציע, וועלכן וואוד־דזשאָנס רופט אַן אַלגעמיין־אָנגענומענע אַקסיאָמע, פאַרשטייט מען פון איין זייט די רעזולטאַטן וואָס לעשלי האָט געקראָגן פון זיינע עקספּערימענטן מיט ראַצן און פון דער צווייטער זייט פאַרשטייט מען פאַרוואָס די אַנאַטאָמישע לאָקאַליזאַציעס פון די אַפאַזיעס האָבן ניט געשטימט מיט דער ווירקלעכקייט. אין דעם ערשטן פאַל האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַ פּרימיטיווער חיה, וואָס איז ווייניק ספּעציאַליזירט אין אירע באַוועגונגען און פאַלגלעך ווייניק דיפערענצירט אין דעם מאַרך. דאָס פּרימיטיווע, וואָס מען קען זיי איבערהויפּט אויסלערנען, קען רעגיסטרירט ווערן אין יעדן טייל פון מאַרך, זיי קענען פאַרמירן די איינפאַכע „ענגראַמען" אין יעדער ספערע פון דעם מאַרך. ווען מען שניידט אויס איין טייל, פאַרמירט זיך דער איינפאַכער „ענגראַם" אין אַן אַנדער טייל, אָדער ספערע פון דעם מאַרך.

אין דעם צווייטן פאַל אָבער האַנדלט זיך וועגן אַ מענטשן, וואָס האָט דעם קאָמפּליצירטסטן מאַרך פון אַלע חיות. אין זיין מאַרך פאַרמירן זיך די פאַרשיידנסטע „ענגראַמען", געשטאַלטונגען, אָדער מאָדעלן פאַר די פאַרשיידנסטע אַקטיוויטעטן; די פאַרבינדונגס־ספערן נעמען אַרום גרויסע טיילן פון דעם מאַרך. ווען איין רינג, פון וועלכער ס'איז קייט פון „ענגראַמען", איז צעשטערט געוואָרן, איז דער מאָדעל צעשטערט געוואָרן. דער „ענגראַם", אָדער פונקציאָנעלע געשטאַלטונג פון ווערטער, אָדער באַדייטונגען זיינען לאָקאַליזירט אין אַ פאַרבינדונגס־ספערע פון דעם מאַרך, איז וועלכער טייל פון דער פאַרבינדונג איז צעשטערט געוואָרן, איז דער רעזולטאַט געווען אַ באַשטימטע אַפאַזיע. ס'איז קיין שום אונטערשייד ניט, וועלכער רינג ס'ווערט צעריסן פון אַ קייט, דער רעזולטאַט איז דער זעלבער: די קייט איז צעריסן...

פּיער מאַריע האָט אַרויסגענומען די מאַרכן, וואָס בראָקאַ האָט שטודירט (זיי זיינען געווען אין דעם דעפּוטרין מוזעאום און האָט באַוויזן, אַז לויט די געשעדיקטע פלעצער, שטימען זיי מער מיט אַ פיזיאָלאָגישער, אָדער אַ פונקציאָנעלער אינטערפּרעטאַציע, ווי מיט אַן אַנאַטאָמישער, אָדער סטרוקטורעלער. דאָס איז געווען אַן אָנהויב פון אַן ענדערונג, אויב ניט קיין רעוואָלוציע אין אַ פונדאַמענטאַלן באַגריף. די ענדערונג איז געווען אַ פיל גרעסערע און טיפערע, ווי מאַריע האָט זיך פאַרגעשטעלט. ער האָט נאָר אין זינען געהאַט צו דערקלערן די אַפאַזיעס, אַריינצופירן אָרדענונג אין אַ קעגנשטאַנד אין וועלכן עס האָט געהערשט אַ כאַאָס: דער רעזולטאַט איז אָבער געווען, אַז דאָס האָט געפירט צו אַ פונדאַמענטאַלער ענדערונג אין דעם אַלגעמיינעם באַגריף פון לאָקאַליזאַציע. דאָס אַלץ איז שוין אָבער געקומען נאָך אים.

אַזוי ווי דער ענין איז זייער אַ וויכטיקער, וועט נויטיק זיין צו גיבן אַ גענויע דערקלערונג וועגן דעם אונטערשייד צווישן אַן אַנאַטאָמישער, אָדער סטרוקטורעלער לאָקאַליזאַציע און אַ פיזיאָלאָגישער, אָדער פונקציאָנעלער לאָקאַליזאַציע. ווען מען נעמט אָן די אַנאַטאָמישע אינטערפּרעטאַציע פון לאָקאַליזאַציע, האָט מען אַ פולשטענדיקן אונטערשייד צווישן אַ באַוועגונג פון דער האַנט און דעם אַבסטראַקטן דענקען; דאָס זיינען צוויי באַזונדערע ענינים וואָס האָבן ניט קיין שום שייכות צווישן זיך.

די האַנט, ווערט אָנגענומען, איז דירעקט פאַרבונדן מיטן מאַרך, איר באַוועגונג קומט פאָר אויף אַ נאַטירלעכן אופן: דער נערוו באַוועגט זי אַזוי

דירעקט, ווי די פאַסן, אָדער קייטן באַוועגן פאַרשידענע רעדער פון אַ מאַשין. „דענקען" איז אָבער אַ פּריוואוויליקער פּראָצעס, וואָס קומט פאָר אויף אַן אַבסטראַקטן אופן און פון זיך אַליין. נעמט מען אָבער אַן די פיזיאָ־לאָגישע, אָדער פונקציאָנעלע לאָקאַליזאַציע, ווערןביידע דערשיינונגען, די באַוועגונג פון דער האַנט און דער „דענקען", פּאַראַיעניקט; ס׳ווערט איין דערשיינונג. דער „דענקען" באַשטייט נאָר פון אַ העכערער אָרגאַניזאַציע און ער פאָרמירט קאָמפּליצירטערע פאַרבינדונגען: פונדאַמענטאַל איז עס אָבער איינע און די זעלבע דערשיינונג.

נאָך אַמאָל, ווען מען נעמט אָן די אַנאַטאָמישע פאַרבינדונג צווישן דעם מאַרך מיט דעם מוסקול דירעקט, קען מען זיך פאָרשטעלן, אַז דער סטימול ווירקט דורך דעם מאַרך אַזוי אויף דעם נערוו, אַז ער ציט דעם מוסקול, ווי מען ציט עפּעס מיט אַ שטריקל: די פאַרבינדונג צווישן דעם מאַרך און דעם מוסקול איז אַ דירעקטע און איינפאַכע. אַזאַ דירעקטע פאַרבינדונג האָט קיין שום שייכות ניט מיט אַבסטראַקטן דענקען. די צוויי דערשיינונגען האָבן צווישן זיך קיין שום שייכות ניט. נעמט מען אָבער אָן, אַז „באַוועגונגען בלייבן לאָקאַליזירט אין דעם מאַרך און ניט קיין מוסקולן", מיינט עס, אַז אַ גע־שטאַלטונג איז געבליבן און ניט קיין דירעקטע פאַרבינדונג. איז פון אַן איינפאַכער געשטאַלטונג, ביז אַ געשטאַלטונג פון נעמען פון זאַכן (סימבאָ־לישע באַדייטונגען, אָדער באַדייטונג פון שפּראַך), אָדער נעמען פאַר פונק־ציעס, איז שוין ניט מער ווי אַן אונטערשייד אין דער קאָמפּליצירטקייט פון דעם „ענגראַם".

ווי פריער געזאָגט, דאַרף מען זיך ניט אָפּנאַרן און אָננעמען, אַז ווען מען נוצט דאָס וואָרט „ענגראַם" האָט מען אַ פּאַרטיקע דערקלערונג פאַר אַ קאָמ־פּליצירטן פּראָבלעם, פאַר קיין פאַל ניט. דאָס וואָרט „ענגראַם" דערקלערט קיין זאַך ניט; דאָס וואָס מען האָט פריער ניט געוואוסט, ווייסט מען ניט אויך נאָכדעם, ווען מען נוצט די נייע טערמינאָלאָגיע. דער אָבזיכט איז אָבער ניט געווען צו דערקלערן דעם עצם פון דער לאָקאַליזאַציע; דאָס איז אַן ענין פאַר זיך און זאָל באַמערקט ווערן, ס׳איז אַ גאַנץ שווערער ענין. דער אָבזיכט איז געווען צו דערקלערן ווי אַזוי, אָדער אויף וואָס פאַר אַן אופן, לאָקאַליזאַציע קומט פאָר. איז ווען מען נעמט אָן די אַנאַטאָמישע אינטערפּרעטאַציע פּירט זי צו אַ כאַאָס אַרום און אַרום, נעמט מען אָן די פיזיאָלאָגישע, אָדער פונקציאָנעלע אינטערפּרעטאַציע, קען מען ניט נאָר אַריינפירן אָרדענונג אין דעם כאַאָס פון די אפאזיעס, נאָר פון איין זייט האָט מען אַן איינהייטלעכע דערקלערונג פאַר אלע פונקציעס פון דער באַווע־גונג פון אַ פינגער ביז דעם אַבסטראַקטן דענקען מיט סימבאָלישע באַדייטונגען און פון דער צווייטער זייט קען מען, נעמענדיק די אפאזיעס פאַרן אויסגאַנגס־פּונקט, קריגן דורך זיי אַן אַריינבליק אין דעם מאַרך־באַוואוסטזיין פאַרבינדונג. דורך דעם צושטאַנד פון אַפאַזיע קען מען אריינבליקן אין דער פונקציע פון דעם מאַרך, וואָס ווערט אָנגערופן „דענקען".

נאַטירלעך, אַז ס׳האַנדלט זיך ניט גלאַט פון אַ באַקוועמער דערקלערונג נאָר פון אַזאַ דערקלערונג פון די פאַקטן, וואָס שטימט מיט דער ווירקלעכ־קייט. און ווען אַ דערקלערונג האָט דערגרייכט צו אזא הויכער שטופּע, אַז זי ווערט אָנגענומען פאַר אַן „אַקסיאָמע ביי אַלע פיזיאָלאָגן, אַנאַטאָמיסטן

און פּאַטאָלאָגן״ איז דאָס אַליין אַ גענוגענדער באַווייז, אַז זי שטימט מיט די פּאַקטן. ווערט זי אין דער ארבעט אָנגענומען פאַרן אויסגאַנגס־פּונקט.

לאָקאַליזאַציע אין דעם מאַרך איז א פּאַקט וואָס ווערט ניט אָפּגעלייקנט, ס׳ווערט ניט אָפּגעלייקנט, אַז ס׳איז פאַראַן אַ פּלאַץ אינעם מאַרך, פון וועלכן די אַקטיוויטעט פון ריידן הויבט זיך אָן (בראקאס איירייע), ס׳ווערט ניט אָפּגעלייקנט, אַז ס׳איז פאַראַן אַ פּלאַץ וואו דער זען איז לאָקאַליזירט, אָדער וואו דער הערן ווערט אויפגענומען. די אַלע פּלעצער זיינען אָבער אַזוי פאַרקונפּט און פאַרבונדן צווישן זיך און די לאָקאַליזאַציע קומט פאַר אויף אַזאַ אופן, אז ווען עס קומט צו די מער קאָמפּליצירטע פונקציעס, זיינען די פאַרבינדונגען אזוי פארצווייגט, אז דער גאַנצער מאַרך נעמט אין זיי אנטייל. פונדעסטוועגן ווערט אָנגענומען, אז אפילו די פּסיכישע פונקציעס האָבן אַ צענטער, וואָס איז מער אַקטיוו ווי אַנדערע פּלעצער אין דעם מאַרך. דער אַזוי אָנגערופענער פּסיכישער צענטער געפינט זיך אין דעם פּאָדערשטן טייל פון דעם מאַרך. אויך דאָס איז ניט קיין טעאָריע, נאָר אַן עמפּירישער פּאַקט, וואָס איז אַלגעמיין באַוואוסט. דאָס מיינט ניט, אַז „דענקען״ איז באַגרענעצט מיט אַ באַשטימטן אָרט אין דעם מאַרך, געוויס ניט דער „דענקען״ ווי אַ פּראָצעס איז אַ רעזולטאַט פון דער אַקטיוויטעט פון דעם גאַנצן מאַרך; דער פּאָדערשטער טייל איז נאָר מער אַקטיוו אין דעם פּראָצעס פון אַנדערע טיילן.

שערינגטאָן און פּיער מאַריע האָבן אַוועקגעלייגט דעם פונדאַמענט אויף וועלכן העבּרי העד האָט אַוועקגעשטעלט די געביידע. ווען ער האָט אָנגעהויבן זיינע פאָרשונגען וועגן אפאזיע, איז שוין דער שטאַנדפּונקט פון פיזיאָלאָגישער לאָקאַליזאַציע געווען אָנגענומען פון פיל נערוואָלאָגן. עס דאַרף אָבער באַמערקט ווערן, אַז ער און זיינע מיטארבעטער האָבן פיל געהאָלפן, אַז ער זאָל אָנגענומען ווערן. אין זייערע קלינישע און פּאַטאָלאָגישע פאָרשונגען וועגן נעווראָלאָגיע, זיינען זיי געקומען צו די זעלבע שלוסן, וואָס סעמאָן איז געקומען מיט זיין „ענגראם״־טעאָריע. אויב זייער אַרבעט איז ניט אַזוי אַלגעמיין באַוואוסט, ווי סעמאַנס, איז עס דערפאַר, וואָס זי איז פון אַ ריין מעדיציניש־אַקאַדעמישן כאַראַקטער איז זי בלויז באַוואוסט צו די, וואָס ספּעציאַליזירן זיך אין אָרגאַנישע נערוון־קראַנקהייטן. די צוויי מאַסיווע בענדער „פאָרשונגען אין דער נעוראָלאָגיע״ האָבן ניט געהאַט אין זינען די אויסערע וועלט און זיי האָבן זי טאַקע ניט דערגרייכט. אויך זיינע צוויי בענדער וועגן די אפאזיעס האָבן אין זינען די מעדיציניש־אַקאַדעמישע וועלט, זיי באַשטייען אָבער פון ריין קלינישע פאָרשונגען, זיינען זיי מער צוגאַנגבאַר פון די פריערדיקע אַרבעטן; מען קען זיי אויך פאַרשטיין, ווען מען איז ניט באַקאַנט מיט דער מאַרך־אַנאַטאָמיע און דער מאַרך־פּאַטאָלאָגיע. (די ערשטע ווערק קענען ניט פאַרשטאַנען ווערן אָן דעם טעכנישן וויסן).

די וועלט־מלחמה האָט איבערגעלאָזט נאָך זיך אַ היבש ביסל צרות, צווישן די פאַרשיידענע צרות, האָט זי אויך איבערגעלאָזט אפאזיע־ליידנדע וואָס זיינען אַ רעזולטאַט פון מילדע שעדיקונגען אין פאַרשיידענע ערטער אין דעם מאַרך, וואָס זיינען פאַראורזאַכט געוואָרן פון קליינע אָפּשפּאַלטונגען פון שראַפּנעלן, אַזוי, אַז מען האָט געקענט וויסן וואו די וואונד געפינט זיך אינעם מאַרך. העד האָט זיך גענומען פאָרשן די אפאזיע־ליידנדע,

ווי ער זאָגט, פון דעם פּסיכאָלאָגישן שטאַנדאפונקט. אים האָט אינטערעסירט אויסצוגעפינען די שטערונג אין דעם אויסדרוק פון דעם באַוואוסטזיניקן פּראָצעס, אַ דאַנק דעם בראָך אין דער גאַנצקייט פון דעם מאַרך, וואָס האָט צעשטערט באַשטימטע „געשטאַלטונגען״, אָדער „ענגראַמען״ אין די באַטרעפנ־דער מאַרך־ספּערן וואו די וואונד איז געווען.

ווי מען קען זען, איז הגם ער האָט די לאָקאַליזאַציע פון דער וואונד גע־האַלטן אין אויג, האָט ער זי ניט גענומען פאַר זיין אויסגאַנגס־פּונקט.

ער נעמט שערינגטאָנס אינטעגראַטיווע אַקטיוויטעט פון דער נערוון־סיסטעם פאַר זיין אויסגאַנגס־פּונקט; צוזאַמען מיט שערינגטאָנען נעמט ער אָן אַז די נערוון־סיסטעם רעאַגירט ניט לויט נערוון און מוסקולן־טיילונגען, נאָר אינטעגראַטיוו (לויט געשטאַלטונגען), אין גאַנצקייטן, וואָס דינען די לעבנס-נויטן פון דעם אָרגאַניזם. ער באַקרעפטיקט שערינגטאָנס באַווייזן מיט קלינישע פאַקטן.

אַלסביישפּיל ברענגט ער דעם „מאַסן־רעפלעקס״, וואָס איז אַ כאַראַק־טעריסטישע דערשיינונג אין פּאַטאָלאָגישן צושטאַנד, ווען אַ קליינער סטימול רופט אַרויס אַ מאַסן־רעאַקציע. ווען, צום ביישפּיל, דער רוקן־מאַרך איז צעטיילט (איבערגעשניטן), די פאַרבינדונג מיטן העכערן טייל פון מאַרך איז אָפּגעבראָכן, ווערט אַ קליינער סטימול צום פוס, אַרויסרופן אַ מאַסן־רעאַקציע פון אַלע גלידער פון דעם אונטערשטן טייל פון דעם אָרגאַניזם (זע אפּייזיע ענד קיינדרעד דיסאָר., אַ ספּיטש, ב. 1, ז. 481).

ער רופט דעם מאַסן רעאַגירן אָן די וואַכזאַמקייט פון דער נערוון־סיס־טעם; דער נאָמען איז ניט קיין צו געלונגענער, ער דערמאָנט אין אַ באַ־וואוסטזיניקן צושטאַנד. ער נוצט אים אָבער אין דעם זעלבן זין ווי שע־רינגטאָן נוצט אינטעגראַטיווע אַקטיוויטעט פון דער נערוון־סיסטעם, אין דעם זין פון דינען דעם אָרגאַניזם אַלס גאַנצן. דאָס איז דער אַלגעמיין אָרגאַנישער צוגאַנג צו דערשיינונגען: פון דער פיזיאָלאָגישער „וואַכזאַמקייט״ אַנטוויקלט זיך גראַדיק דער באַוואוסטזיין.

די „וואַכזאַמקייט״, וואָס איז די זעלבע זאַך ווי אַ מאַסן־רעפלעקס, באַ־שטייט פון אַ ניט באַוואוסטזיניקער אינטעגראַטיווער אַקטיוויטעט פון דער נערוון־סיסטעם, וואָס דינט די אינטערעסן פון דעם אָרגאַניזם. די דאָזיקע אַקטיוויטעט האָט איר אָנהויב אין דער „אויסקלייבערישער״ אַקטיוויטעט פון פּראָטאָפּלאַזמע אין אַלגעמיין (ווי אַזוי ביאָלאָגן־כעמיקער קוקן אויף דער „אויסקלייבערישער אַקטיוויטעט״ איז אָנגעוויזן געוואָרן אין דעם 3טן קאַפּיטל פון דעם ערשטן טייל פון דער אַרבעט. אָבער אין דער אַרבעט איז אָנגענומען געוואָרן דער כלל, אַז קיין העכערע דערשיינונג דאַרף ניט רעדוצירט ווערן צו קיין נידעריקערע; די לעצטע דאַרף אָבער געהאַלטן ווערן אין אויג), זי אַנטוויקלט זיך אָבער שטופנווייז צו העכערע אינטעגראַציעס. אונדזער נאָרמאַלע באַדינגונגען באַמערקט מען ניט די „וואַכזאַמקייט״, זי איז אינטעגרירט מיט דער אַלגעמיינער אַקטיוויטעט, זי טרעט אָבער אַריין זייער בולט, ווען די פאַרבינדונג מיט דעם העכערן טייל פונעם מאַרך ווערט אָפּ־געבראָכן און דער אונטערשטער טייל דאַרף רעאַגירן זעלבסטשטענדיק.

דער ערשטער מאָמענט, ווען פון דער פיזיאָלאָגישער „וואַכזאַמקייט״ הויבט זיך אָן אַרויסשיילן אַן „ענגראַם״, אָדער אַ געשטאַלטונג, וואָס טראָגט

אַ פּסיכאָלאָגישן כאַראַקטער, איז ווען די איינדרוקן פון דער אויסערלעכער וועלט דערגרייכן דעם טאַלאַמוס און הויבן אָן דערשיינען אין דער פאָרמע פון עמפּינדליכקייט, וואָס איז אייגנטלעך א מין מטושטשער געפיל, וועלכן שערינגטאָן האָט אין זינען, ווען ער זאָגט, אַז „פּסיכאָלאָגיע און פיזיאָלאָגיע באַגעגענען זיך אין די עמאָציעס... אַז די קערפּערלעכע אויסדרוקן פון עמאָ־ציעס זיינען די זעלבע אין דעם מענטשן, ווי אין העכערע חיות".

אין דעם טאַלאַמוס ווערן די איינדרוקן רעגיסטרירט ווי אַלגעמיינע גע־פילן: ס'איז דער מאָמענט, ווען דער באַוואוסטזיין הויבט אָן אַנטשטיין.

אונטער נאָרמאַלע באַדינגונגען קען מען די טאַלאַמישע געשטאַלטונגען (ענגראַמען) ניט שטודירן, זיי ווערן איבערגעטראָגן צום אויבערשטן מאָרך, וואו די איינדרוקן ווערן „לאָקאַליזירט" און קלאַסיפיצירט. מען קען זיי בלויז שטודירן אין דעם קליניק, וואוהין ס'קומען פון צייט צו צייט קראַנקע אויפן טאַלאַמוס. אַזוינע קראַנקע פּרעזענטירן מיט זיך אַן אויסערגעוויינטלעך און אינטערעסאַנט בילד.

זיי קענען זיך באַקלאָגן אויף אַ שטאַרקן ווייטיק, אָבער ווען מען וויל, אַז זיי זאָלן אָנצייגן דעם גענויעם פּלאַץ פון דעם ווייטיק, קענען זיי עס ניט טאָן. זיי טענהן נאָר אַז „עס טוט וויי". ווען מען עקזאַמענירט זיי אויסצוגעפינען זייער אַלגעמיינע עמפּינדלעכקייט איז: „ווען מען פירט דורך אַ שפּילקע איבער זייער פּנים, אָדער קערפּער פון איין זייט צו דער צווייטער, איז ווען מען קומט מיט איר אינעם מיטל־פּונקט פון דעם קערפּער, וועלן זיי אַרויסצייגן אַ טיפן אומאָנגענעמענעם געפיל. זייער פּנים קען אפילו צעקרימט ווערן פון ווייטיק, זיי קענען אפילו שרייען פאַר ווייטיק; צו דער זעלבער צייט וועלן זיי האַלטן אין איין זאָגן, אַז הגם דער ווייטיק פילט זיך שטאַרקער, איז ער אָבער ניט אַזוי שאַרף און דייטלעך, ווי ער איז געווען אין די אַנדערע פּלעצער. דער שטאָך פון דער שפּילקע קען ניט לאָקאַליזירט ווערן פּינקטלעך, ער פילט זיך אָבער שטאַרקער" (זע העד, „סטודיעס אין ניוראָלעדזשיע", בוך 2, ז. 544 און טילני און ריילי „פאָרם ענד פונקשאָנס אָוו די סענטראַל נערוואָוס סיסטעם", זז. 513, 616).

דאָס קלינגט פּאַראַדאָקסאַל: דער ווייטיק איז אַ שטאַרקערער, ער קען אָבער ניט לאָקאַליזירט ווערן. ווען מען באַקאַנט זיך מיט דער דער־קלערונג פון דעם שיינבאַרן פּאַראַדאָקס, געפינט מען אויס, אַז ס'איז ניט קיין פּאַראַדאָקס. דער טאַלאַמוס איז דער פּלאַץ וואו דער געפיל פון ווייטיק אַנטשטייט אין דער פאָרמע פון אַן אַלגעמיינער עמפּינדלעכקייט אָדער דערפילן ווייטיק; אין אים איז אָבער ניטאָ קיין גענויע לאָקאַליזאַ־ציע, לויט וועלכער דער ווייטיק זאָל קענען געפירט ווערן ערגעץ; לאָ־קאַליזאַציעס געפינען זיך אין דעם אויבערשטן מאָרך. אין נאָרמאַלן צושטאַנד רעגיסטרירט ער דעם ווייטיק און „שיקט" איבער צום אויבערשטן מאָרך, וועלכער האָט אַלע פאַרבינדונגען פאַר לאָקאַליזאַציע (העד נעמט אפילו אָן א טאָפּלטע נערוון פאַרבינדונג. דאָס איז ניט באַוויזן געוואָרן).

ווען דער טאַלאַמוס איז אָבער אין אַ קראַנקן צושטאַנד, ער ליידט פון אַן אַנטצינדונג, ווערט ער שטאַרקער גערייצט און זיין פאַרבינדונג מיטן אויבערשטן מאָרך ווערט געשעדיקט. דער רעזולטאַט איז, אַז דער

ווייטיק איז אַ שטאַרקערער, אָבער די לאָקאַליזאַציע איז ניט קיין פּינקטלעכע.
מעגלעך, אַז די דערקלערונג איז ניט קיין גענוי ריכטיקע; די ווייטערדיקע פאָרשונגען וועלן עס דאַרפן באַשטימען. וואָס ס׳ווערט אָבער איצט אָנגענומען פאַר ריכטיק איז, אַז: 1) אַז אין דעם טאַלאַמוס געפינט זיך דער צענטער פון דער עמפּינדלעכקייט און פון די עמאָציעס; אין אים איז דער אורשפּרונג פון דעם באַוואוסטזיניקן פּראָצעס און 2) אַז די „ענגראַמען״, אָדער געשטאַלטונגען, לויט וועלכע דער באַוואוסטזיין מאַניפעסטירט זיך, זיינען לאָקאַליזירט אין דעם אויבערשטן מאַרך.
דאָס פירט צו צו העדס אינטערפּרעטאַציע פון די אַפאַזיעס. די באַדייטונג פון דעם אריינפיר וועט מען ערשט קענען זען בידעריקער, איצט דאַרף נאָר אונטערשטראָכן ווערן זיין אַלגעמיינע געדאַנקען־ליניע. ער נעמט די פונקציע פאַרן אויסגאַנגס־פּונקט, ער נעמט זי אָבער פון דעם קליניק, ווי זי מאַניפעסטירט זיך אין קראַנקען צושטאַנד און פון דעם ציט ער די שלוסן וועגן דער זעלבער פונקציע אינעם געזונטן צושטאַנד. אין דער „וואַכזאַמקייט״ זעט ער די פיזיאָלאָגישע אָרגאַניזאַציע, וואָס מאַניפעסטירט זיך אין געשטאַלטונגען, אָדער, ווי ער רופט עס אָן, אין „סכעמעס״. דורך דעם קראַנקען טאַלאַמוס ברענגט ער אַרויס די אַנטשטייאונג פון באַוואוסטזיין, ווי זי קומט אין אים פאָר אין געזונטן צושטאַנד. און דורך די אַפאַזיעס ברענגט ער אַרויס דעם גאַנג פון באַוואוסטזיין און זיין מאַניפעסטאַציע דורך, אָדער, פון דעם מאַרך.
ער זאָגט: „דער פאַקט וואָס די פאָרמע און אינהאַלט פון שפּראַך, אָדער אין אויסדרוק, אָדער אין דעם פאַרשטיין, קען דיסאָרגאַניזירט ווערן דורך אַ לאָקאַלער וואונד אין דעם מאַרך, איז איינער פון די וואונדערלעכסטע מיטלען, וואָס איז אונדז געגעבן געוואָרן מיר זאָלן קענען פאַרבינדן דעם פאַרשטאַנד (מיינד) מיטן קערפּער״ (זע אַפייזיעס, באַנד 1, ז. 143).
מיט דעם מיינט ער, אַז די געשטאַלטונג פון אויסדרוק, אָדער באַנעם, ווערט צעשטערט און ניט די עלעמענטן פון וועלכע די געשטאַלטונג ווערט פאָרמירט — ס׳ווערט צעשטערט די פונקציע אין איר קאָנפיגוראַציע און ניט די איינצל טיילן פון דער פונקציע. ער דערקלערט עס אויף אַ צווייטן פּלאַץ, ווען ער זאָגט אַז: „ווען אַזאַ קאָמפּליצירטע פאָרמע פון אויפפיר, ווי דער באַנוץ פון שפּראַך, ווערט צעשטערט דורך אַן אָרגאַנישער קראַנקהייט, מאַניפעסטירט זיך דער פאַרלוסט פון דער פונקציע אויף אַן אופן, וואָס ציינט, אַז דער פּראָצעס גופא ליידט און ניט די עלעמענטן, פון וועלכע דער פּראָצעס איז סינטעזירט. אַז די אויסטייטשונג איז אַ ריכטיקע קען באַוויזן ווערן דורך דעם, וואָס די פאַרשיידענע מענטאַלע אַקטיוויטעטן וואָס זיינען אונטערבראָכן געוואָרן אַלס אַקט פון סימבאָלישער פאָרמולירונג און דערקלערונג (די שטערונג צו קענען זיך אויסדריקן און קומען אין פאַרבינדונג דורך שפּראַך), קענען אָפּט באַנוצט ווערן אויף אַ נאָרמאַלן אופן דורך אַן אַנדער פאָרמע פון אויפפיר. איינער, וואָס ליידט פון אַפאַזיע, קען האָבן גרויסע שוועריקייטן אַרויסצוברענגען דורך ווערטער בילדער, דאָס וואָס ער האָט געזען, ער קען אָבער לייכט באַנוצן די בילדער אין אַן אַנדער פאָרמע פון דענקען. ניט די בילדער ווי בילדער זיינען צעשטערט געוואָרן, נאָר ס׳איז צעשטערט געוואָרן די מעגלעכקייט

זיי צו נוצן אויף אַ באַשטימטן אופן, וואָס איז דירעקטירט פאַר אַ באַשטימטן צוועק... ניט דער אַלגעמיינער אינטעלעקטועלער באַגריף (באַנעם) איז הויפּט־זעכלעך אַנגעגריפן געוואָרן, נאָר ס'איז אָנגעגריפן געוואָרן דער מעכאַניזם, דורך וועלכן באַשטימטע אַספּעקטן פון דער מענטשלעכער אַקטיוויטעט ווערט אַרויסגעבראַכט. אַ דאַנק דעם לײַדט דער אויפפיר אויף אַן אייגנאַרטיקן אופן: די אינטעלעקטועלע אַקטיוויטעט קען ניט אַרויסגעבראַכט ווערן אויף איין אופן און קען אַרויסגעבראַכט ווערן אויף אַ צווייטן... איינער וואָס לײַדט פון אַפאַזיע, צום ביישפּיל, קען ניט לייענען די צייט אויף דעם ציפער־בלאַט פון זייגער און קען זי אויך ניט אַרויסריידן; ער קען אָבער וויסן די באַשטימטע צייט פון טאָג און קען זיין פּינקטלעך און קומען אין דער געוויער צייט. ער קען ניט אָנרופן די באַשטימטע שעה, ער קען אָבער זאָגן אַז דאָס איז די באַשטימטע צייט, ווען מען עסט געוויינטלעך מיטאָג... ער קען אָנשרייבן זיין אייגענעם נאָמען און אַדרעס, אָבער ניט זיין שוויגערס אַדרעס, כאָטש ער וואוינט מיט איר אין איין הויז" (זע דאָרטן, זז. 339,215,211,210). א ביישפּיל פון אַן אַנדער פאָרמע פון צעשטערטער אָרגאַניזאַציע. „ער קען זיין נאָרמאַל און ראַציאָנאַל אין זיין טעגלעכן פּאַרקער און אויפפיר, ער קען אַרויסצייגן עקזעקוטיווע פייאיקייטן אין זיין טעגלעכער אַרבעט און צו דער זעלבער צייט שרייבן אַ לאַנגן בריוו צו זיין מוטער, כאָטש ער ווייסט אַז זי איז שוין טויט דריי יאָר צייט... ער קען דענקען אַז די שטאָט, פון וואַנען ער קומט, געפינט זיך אויף צוויי פּלעצער; איין פּלאַץ אין ענגלאַנד און דאָס צווייטע זאָל זיך געפינען אין פראַנקרייך „פון יענער זייט וואַסער". מיט איין וואָרט, ער קען מאַכן צוויי באַהויפּטונגען, וואָס זיינען אין ווידער־שפּרוך איינע צו דער צווייטער און זאָל ניט פאַרשטיין אַז ער ווידער־שפּרעכט זיך" (זז. 493־494).

די עטלעכע ביישפּילן זיינען גענומען געוואָרן ניט פון איין אַפאַזיע לײַדנדן, נאָר פון פאַרשיידענע. ס'זיינען בלויז אַ פּאָר ביישפּילן פון כמעט אַן אומענד־לעכער צאָל, וואָס ער ברענגט אין זיינע צוויי בענד פון טויזנט זייטן. מ'קען זיך פאָרשטעלן ווי גרויס די צאָל פון זיינע עקספּערימענטן און טעסטן זיי־נען, ווען מען נעמט אין אָנבאַטראַכט, אַז אויסער זיין אַריינפיר און שלוס, באַשטייט די גאַנצע אַרבעט פון דער באַשרייבונג פון די פאַרשיידענע עקספּע־רימענטן, וואָס ער האָט געמאַכט. פאַר אים זיינען די אַלע עקספּערימענטן געווען נויטיק כדי צו איבערצייגן אין דער ריכטיקייט פון זיין שטאַנדפּונקט. אָבער אַזוי ווי דאָ איז בלויז געווען נויטיק צו אילוסטרירן זיין שטאַנד־פּונקט זיינען די פּאָר ביישפּילן גענוג.

די אויפגאַבע, וואָס ער האָט זיך געשטעלט מיט זיין פאַרשונג, איז געווען אַ צווייפאַכע: 1) צו באַווייזן אַז אַפאַזיע באַשטייט ניט אין אַ פאַרלוסט פון דעם פאַרשטאַנד גופא, כאָטש אויבערפלעכלעך קוקט אויס אַז דער פאַרשטאַנד לײַדט. דאָס איז אָבער, לויט זיין מיינונג, דערפאַר, וואָס מען קריגט אַן אויבערפלעכלעכן איינדרוק פון מענטשן, וואָס ניט זיי קענען פאַרשטיין פּינקטלעך וואָס מען רעדט צו זיי און ניט זיי קענען לייכט אינפאָרמירן וועגן זייער אייגענעם דענקען: מען קען פּשוט ניט קומען אין באַרירונג מיט זיי.

ווען אָבער מען מאַכט אַזויפיל און אַזוינע פינקטלעכע עקספּערימענטן, ווי ער האָט געמאַכט, באַהויפּטעט ער, אַז מען געפינט אויס, אַז זיי ליידן פון אַ בראַך אין דער קאָנטינויטעט פון די פאַרבינדונגען פון ווערטער און געדאַנקען. דער רעזולטאַט פון דעם אונטערבראָכענעם צושטאַנד קען זיך מאַניפעסטירן אויף פאַרשיידענע אופנים: ס'קען ליידן די גאַנצקייט פון אויסדרוק פון ווערטער, אָדער זאַצן פון דעם ריידן אָדער פון דעם שרייבן אָדערביידע פאָרמען. ס'קען ליידן דער אויפנאַם־פּראָצעס אין דער פאָרמע פון ניט קענען פאַרשטיין קיין גערעדטע שפּראַך, אָדער געשריבענע; אָדער, נאַטירלעך, ביידע פאָרמען. די אַפאַזיע קען זיין אַ לייכטע, אָדער אַ שווערע. דאָס אַלץ ווענדט זיך אין דעם כאַראַקטער און אין דעם פּלאַץ פון דער וואונד.

2) האָט ער זיך געשטעלט די אויפגאַבע צו באַווייזן ווי אַזוי מען קען מיט דער הילף פון די אַפאַזיעס, ווען מען פאָרשט זיי נאָר גענוג און מען אינטערפּרעטירט זיי ריכטיק, דורכציען אַ בריק צווישן דער אַקטיוויטעט וואָס שערינגטאָן רופט אָן אינטעגראַטיווע אַקטיוויטעט פון דער נערוון־סיס־טעם. פּאַוולאָוו און וואַטסאָן רופן עס אָן קאָנדיציאָנעלער רעפלעקס, סעמאָן רופט אָן ענגראַם און ער רופט עס אָן וואַכזאַמקייט און סכעמא (די אַלע נעמען שטייען פּאַקטיש פאַר איינער און דער זעלבער פיזיאָלאָגישער אַקטיוויטעט אינטערפּרעטירט אויף דעם זעלבן אופן, דער אונטערשייד פון די נעמען דייטעט בלויז אָן די ספּעציעלע באַטאָנונג און ניט מער) און דער אַקטיוויטעט, וואָס ווערט אָנגערופן רעפלעקטיווער דענקען.

כדי פינקטלעך צו פאַרשטיין ווי אַזוי ער פירט דורך דעם בריק מיט זיין דערקלערונג פון די אַפאַזיעס, אַז זיי זאָלן קענען געבן אַן אַריינבליק אין דער מאַרך־באַוואוסטזיין־פאַרבינדונג, וואָס טראָגט היסטאָריש דעם נאָמען קערפּער־פאַרשטאַנד פּראָבלעם, דאַרף מען אין זינען האָבן זיין אויסגאַנגס־פּונקט, לויט וועלכן ער באַנוצט פיזיאָלאָגיע און אינטערפּרעטירט זי פּסי־כאָלאָגיש; ער באַטראַכט די ריין פיזיאָלאָגישע פּראָצעסן פון דעם פּסיכאָ־לאָגישן שטאַנדפּונקט, אויב מען קען זיך אַזוי אויסדריקן.

ניט דער איינצל פּראָצעס אינטערעסירט אים, נאָר די אַלגעמיינע פונק־ציע וואָס ער דינט: ער באַטראַכט די פּראָצעסן לויט דעם אינערלעכן גאַנג פון דעם אָרגאַניזם און ניט בלויז לויט זייער מאַניפעסטאַציע. דערפאַר טאַקע רופט ער אָן די אינטעגראַטיווע אַקטיוויטעט פון דער נערוון־סיסטעם „וואַכזאַמקייט" און ניט מאַסן רעפלעקס; ער נעמט די אַקטיוויטעט פון דעם שטאַנדפּונקט פון דער עקאָנאָמיע פון דעם אָרגאַניזם, וואָס ער דינט און ניט אַלס אַן אַקטיוויטעט פאַר זיך.

געוויס ליידט זיין אָפּהאַנדלונג פון אַ באַשטימטן גראַד סוביעקטיוויזם, וואָס איז פון דעם ריין וויסנשאַפטלעכן שטאַנדפּונקט ניט צופיל געזונט; ס'וואָלט פיילייכט געווען גלייכער, ווען ער זאָל באַנוצן דעם נייטראַלן טערמין אָרגאַניזאַציע אלס א ריין פּסיכאָלאָגישן טערמין פאַר אַ פיזיאָלאָגישער פונקציע. פּאַקטיש מיינט ער אָבער די זעלבע זאַך. ער מיינט, אַז די זעלבע בויטווענדיקע לעבנס־פונקציע, וואָס ווירקט אויף דער נערוון־סיסטעם, זי זאָל אינטעגרירן איר אַקטיוויטעט איז ווען מען נעמט זי פון דעם שטאַנדפּונקט פון עוואָלוציע, אַנטוויקלט זי פון זיך נייע פאָרמען, העכערע גראַדאַציעס און מאַניפעסטאַציעס,

ביז ווען עס קומט צו דעם מענטשן אַנטשטייט אין אים די העכסטע פאָרמע פון אַקטיוויטעט, וואָס איר מאַניפעסטאַציע ווערט אָנגערופן רעפלעקטיווער דענקען. דאָס איז אייגנטלעך וואָס ער מיינט, ווען ער זאָגט גלייך פון אָנפאַנג, אַז זיין אינטערעס איז אַ פּסיכאָלאָגישער, ער וויל אַרויסברענגען די פּסיכישע אייגנשאַפטן, ווי אַזוי זיי האָבן זיך אַנטוויקלט אַרום דער פונקציע פון דער נערוון־סיסטעם און ווי אַזוי די אייגנשאַפטן ליידן, ווען די נאָרמאַלע פונקציע פון דער סיסטעם ווערט צעשטערט.

לויט זיין מיינונג, זיינען די אַפאַזיעס אַ רעזולטאַט דערפון, וואָס די קאָנפיגוראַציע (ענגראַם, אָדער סכעמע) פון די העכערע און מער קאָמפּליציר־טע ספערן פון דער פונקציע פון דעם מאַרך זיינען צעשטערט געוואָרן; ווען די פונקציאָנעלע ספערן זיינען אונטערבראָכן געוואָרן, איז נאַטירלעך אַז די גאַנצקייט פון דער מאַניפעסטאַציע זאָל ליידן: דער נאָרמאַלער דענקען איז צעשטערט געוואָרן אין זיין פאָרמע, הגם ס'איז ניט נויטיק ער זאָל אויך צעשטערט ווערן אין זיין עצם.

פון דעם שטאַנדפּונקט קוקט ער אויף די לאָקאַליזאַציע־צענטערן אין דעם מאַרך און פון דעם שטאַנדפּונקט קלאַסיפיצירט ער די אַפאַזיעס; פּאַקטיש קומט ער צו דער פונקציאָנעלער פאָרמע פון די לאָקאַליזאַציע־צענטערן דורך זיין קלאַסיפיקאַציע פון די אַפאַזיעס. ער זאָגט: „דער געוויינטלעכער באַגריף פון לאָקאַליזאַציע ווערט ניט נאָר ניט באַשטעטיקט פון די עקספּערימענטן, נאָר ער איז אינגאַנצן ניט געגוגנד צו דערקלערן די אַפאַזיעס. די אַזוי אָנגע־רופענע „צענטערן" פון דעם אויבערשטן מאַרך באַשטייען ניט פון קיין קנאָספּן פון צעלן אין נערוון־פעדעמלעך אין וועלכע ספּעציעלע און פּאַרטי־קולאַרע פונקציעס אנטשטייען און ווען זיי ווערן צעשטערט פּארלירט מען די באַטרעפנדע פונקציעס; זיי באַשטייען פון פּונקטן אין וועלכע אַ באַשטימ־טע פאָרמע פון אַקטיוויטעט קען פאַרשטאַרקט ווערן, געענדערט ווערן, אַזוי גוט ווי זי קען געשטערט ווערן. מיט איין וואָרט, דאָס זיינען פּונקטן פון אינטעגראַציע. אַ צעשטערנדע וואונד אין אַזאַ „צענטער" פירט אריין אן אומאָרדענונג אין די העכערע אָרגאַניזירטע פונקציעס. אין דעם באַטרעפנדן פּונקט פון דעם מאַרך, וואו די צעשטערונג קומט פאָר, ווערט די וואַכזאַמקייט שוואַכער, קען זי מער ניט טראָגן דעם הויכן פיזיאָלאָגישן פּראָצעס וואָס איז נויטיק פאַר דער רעגולמעסיקער אנטוויקלונג פון א באַ־שטימטער אָרגאַנישער, אָדער פּסיכישער אַקטיוויטעט. ווען אַזאַ שטערונג, אָדער הינדערונג קומט פאָר אינעם מאַרך פאָרמירט זיך אַ נייע צופּאַסונג. דער רעזולטאַט פון אַזאַ נייער פאָרמאַציע איז אַ ניט נאָרמאַלע רעאַגירונג" (אַפּיי־זיעס, ב. 1, ז. 498).

אַזוי קומט העד פון אַ קלינישן שטודיום פון די אַפאַזיעס, גענומען אין צוזאַמענהאַנג מיט זייערע וואונדן אין מאַרך (דעם פאַקט דאַרף מען אין זינען האָבן. געוויינטלעך איז ווען מען עקזאַמינירט קליניש דעם אַפאַזיע ליידנדן, ווייסט מען ניט וואו זיין וואונד געפינט זיך, מען דאַרף וואַרטן ביז ער שטאַרבט און ערשט נאָכדעם פאַרגלייכן די עקספּערימענ־טאַלע פאַקטן מיט דעם געשעדיקטן פּלאַץ. העד האָט אָבער געהאַט מלחמה־קרבנות און ניט איינעם נאָר אַ סך; ער האָט געוואוסט דעם פּלאַץ פון יעדן איינעמס וואונד. דאָס מאַכט זיין שטודיום ספּעציעל וויכ־

טיק) צו אַ פונקציאָנעלער פאָרמע פון לאָקאַליזאַציע און צום מאַרך־באַ־וואוסטזיין פאַרבינדונג.

מען קען לייכט זען, אַז לויט דעם צוגאַנג צו דער פראַגע, איז אַ קליינער אונטערשייד ווי אזוי מען זאָל אָנרופן די קאָמפּליצירטע פונק־ציעס, צי מען רופט זיי אַן אינטעגראַטיווע אַקטיוויטעט פון דער נערוון־סיסטעם, קאָנדיציאָנעלער אָדער מאַסן רעפלעקס, ענגראַם, אָדער סכעמע. די אַלע נעמען מיינען איינע און די זעלבע זאַך, זיי מיינען אַ באַשטימטע אייגענשאַפט אין דעם רעאַגירן צו אַ דערשיינונג, אַזוי גוט ווי אין דעם פאַרשטיין. אַזוי ווי דער מאַרך וואַקסט, אזוי וואַקסט זיין פונקציע; אזוי ווי באַוועגונגען און מוסקולן, אדער טיילן פון קערפּער ווערן לאָקאַלי־זירט, אַזוי ווערן לאָקאַליזירט „געדאַנקען”, וועלכע ווערן אויך ניט לאָקאַ־ליזירט אין אַבסטראַקט אין א „ריינער” פאָרמע, נאָר זיי ווערן באַ־קליידט מיט סימבאָלישע באַדייטונגען, ווי נעמען פון זאַכן, אָדער נעמען פאַר פונקציעס. אין ביידע פאַלן איז, פסיכאָלאָגיש גערעדט, ווערן לאָקאַ־ליזירט באַדייטונגען: אַזוי ווי ניט קיין מוסקול ווערט לאָקאַליזירט, נאָר אַ באַשטימטע פאָרמע פון אַ איינגעבוירענער, אָדער אויסגעלערנטער אַקטי־וויטעט, אַזוי ווערט ניט לאָקאַליזירט קיין „געדאַנק” אין אַפילו ניט קיין ווערטער, נאָר באַדייטונגען, וואָס באַשטייען אויך פון אַן אַקטיוויטעט פון אַ העכערער פאָרמאַציע און אינטעגראַציע.

אין אַלע פאַלן איז, פיזיאָלאָגיש גערעדט, האָט מען פאַר זיך אַ פונקציע, וואָס קומט פאַר אין דעם מאַרך און פסיכאָלאָגיש גערעדט, האָט מען אַ באַדייטונג אין דעם פאַרשטאַנד אַלס איבערלעבונג איגער־לעך אינעם מאַרך: דאָס זיינען צוויי אַספּעקטן פון אַן איינהייטלעכער דער־שיינונג.

הגם העד נוצט אַ פּסיכאָלאָגישע טערמינאָלאָגיע איז ער פּאַקטיש א קלינישער נעוראָלאָג, וואָס האָט זיך דעם גאַנצן לעבן אָפּגעגעבן מיט מאַרך־פאָרשונגען; ער אַנאַליזירט טאַקע די אפאזיעס פון דעם שטאַנד־פּונקט פון זייער מאַניפעסטאַציע, ער האָט אָבער די גאַנצע צייט די באַ־טרעפנדע וואונד פאַר זיין אויג. ער איז גוט באַקאַנט מיט דער אַנאַ־טאָמישער און פונקציאָנעלער טאָפּאָגראַפיע פון דעם מאַרך און ווייסנדיק וואו די וואונד געפינט זיך, קען ער קאָאָרדינירן די פיזיאָלאָגיע מיט דער פסיכאָלאָגישער מאַניפעסטאַציע: ער רעדט וועגן פּסיכאָלאָגיע, ווי אַ קלינישער נעוראָלאָג, וואָס קען אַן דעם מאַרך קיין טראָט ניט טאָן. דער־פאַר טאַקע קען זיין אינטערפּרעטאַציע פון די אפאזיעס געלייענט ווערן הין און צוריק.

ער האָט מיט זיין פאָרשונג אויפגעטאָן צוויי זאַכן: ער האָט גענומען פיער מאַריעס פיזיאָלאָגישע אָדער פונקציאָנעלע לאָקאַליזאַציע און האָט זי דערגאַנצט פסיכאָלאָגיש. פון דער צווייטער זייט, האָט ער גענומען די אפאזיעס און האָט, ערשטנס, אַריינגעפירט אָרדענונג אין זיי און, צווייטנס, האָט ער זיי פאַרבונדן מיטן מאַרך און האָט פאָרמולירט אַ טעאָריע ווי אַזוי מען זאָל אינטערפּרעטירן די פּסיכישע מאַניפעסטאַציע און זי פאַר־בינדן מיט דער פונקציע פון דעם מאַרך.

צולעצט וועלן געמאַכט ווערן אַ פּאָר באַמערקונגען וועגן זיין קלאַסיפיקאַציע פון די אַפאַזיעס.

זיין קלאַסיפיקאַציע איז אין איינקלאַנג מיט דער גאַנצער אַרבעט, זי איז אַ ריין פּסיכאָלאָגישע. ווען מען נעמט זי פאַר זיך, ציינט זי ניט אָן אויף איר פאַרבינדונג מיטן מאַרך. ווען מען נעמט אָבער אין אָנבאַטראַכט זיין אויסגאַנגס־פּונקט (וואַכזאַמקייט גענומען פּסיכאָלאָגיש און פיזיאָלאָגיש), זיין אינטערפּרעטאַציע פון די צענטערן אין דעם מאַרך, ווי ער אינטערפּרעטירט די לאָקאַליזאַציע, קען מען זען, אַז זיין קלאַסיפיקאַציע איז אַן אינטעגראַלער טייל פון זיין גאַנצער אַרבעט. אַ דאַנק דער קלאַסיפיקאַציע, וואָס איז אַ רעזולטאַט פון זיין אויסגאַנגס־פּונקט, האָט ער געקענט קומען צום מאַרך־פאַרשטאַנד פאַרבינדונג.

זיינע פאָרשונגען האָבן אים געפירט צו דער פאָלגנדער קלאַסיפיקאַציע: 1( אַפאַזיע ליידנדע אין וועלכע דער ווערטערלעכער אויסדרוק ליידט; דער „אַפאַזיאַק קען זיך ניט אויסדריקן ריכטיק" (ווערטערלעכע אַפאַזיע) 2) אַזעלכע אין וועלכע דער צוזאַמענהאַנג פון די ווערטער ליידט (סינטאַקטישע אַפאַזיע), 3) אַ צוזאַמענמיש אין דעם נוץ און אין דעם פאַרשטיין פון ווערטער (נאָמינאַל אַפאַזיע) און 4) אַן אַפאַזיע אין וועלכער דער מיין און וויכטיקייט פון ווערטער און זאַצן ווערט ניט פאַרשטאַנען (סימאַנטישע אַפאַזיע).

פאַרשטייט זיך, אַז ס'איז צו פרי צו זאָגן צי זיין קלאַסיפיקאַציע איז אַ ריכטיקע. די ווייטערדיקע פאָרשונג וועט עס דאַרפן באַשטימען. וואָס מען קען נאָר איצט זאָגן איז, אַז די פאָרשונג האָט אַריינגעבראַכט אַ באַשטימטע אָרדענונג אין אַ קעגנשטאַנד, אין וועלכן פולשטענדיקער חאַאָס האָט געהערשט: און דאָס אַליין מיינט שוין עפּעס אויפטאָן.

אויב אַנאַלאָגיעס (פאַרגלייכן) זאָלן עפּעס מיינען פאַרן אמת פון אַ שטאַנדפּונקט אין וועלכן די עמפּירישע און עקספּערימענטאַלע פאַקטן האָבן דאָס לעצטע וואָרט, וואָלט מען געקענט אָנצייגן אויף דער ענלעכקייט פון העדס אַקטיוויזירונגס און רעגולירונגס פּונקטן אין דעם מאַרך אַלס פונקציאָנעלע לאָקאַליזאַציע־צענטערן, מיט ספּימאַנס עמבריאָנישן אָרגאַניזירער, וועלכער סטימולירט די אַקטיוויטעט פון דער אַנטוויקלענדער עמבריאָ אין דער צעל. אין ביידע פאַלן איז עס ניט קיין טעאָריע, נאָר אַן אַבסאָלוטער עמפּירישער און עקספּערימענטאַלער פאַקט. דער איינציקער אונטערשייד צווישן זיי איז דער, וואָס דעם עמבריאָלאָגישן אָרגאַניזירער האָט מען אַנטדעקט מען ווייסט, אַז ער איז פון אַ כעמישן כאַראַקטער און וועגן דעם צווייטן מיינען איינּיקע, אַז מען קען אַפילו ניט דענקען ער זאָל ווען עס איז אַנטדעקט ווערן. איז אָבער „ניט קענען דענקען" ניט קיין וואָגיקער אַרגומענט; אָט האָט מען „ניט געקענט דענקען", אַז דער ביאָלאָגישער „אויסקלייבערישער" פּרינציפּ (וויטאַליזם) זאָל קענען אַנטדעקט ווערן, קומט דער ביאָלאָג־כעמיקער, האָפּקינס, און זאָגט אַז ער באַשטייט פון אַ כעמישן קאַטאַליזירער (זע קאַפּ. 3, ערשטער טייל).

אויף דער צווייטער אַנאַלאָגיע, וואָס מען וואָלט געקענט אָנצייגן, איז די ענלעכקייט פון העדס פּסיכאָלאָגישער קלאַסיפיקאַציע פון די אַפאַזיעס, מיט די ספּעקולאַציעס פון די ווינער לאָגישע פּאָזיטיוויסטן און די

מאַטעמאַטיקער לאָגיקער אין אַלגעמיין, וועלכע האַלטן אַז דער אינהאַלט און פאָרמע פון שפּראַך איז אַן אינטעגראַלער פאַקטאָר אין דעם וויסן פון דער וועלט. נאָר אַזוי ווי אנאַלאָגיעס זיינען ניט קיין באַווייזן, קען מען נאָר זאָגן, אַז זיי זיינען אינטערעסאַנט און ניט מער.

ס'איז אָבער וויכטיק אין זינען צו האָבן, אַז די דערפאַרונג האָט געלערנט, אַז יעדע גענעראַליזאַציע פון פאַקטן אַנטהאַלט אין זיך אַ באַשטימטן אמת; מען דאַרף אים נאָר זוכן, וועט מען אים געפינען. דאָס איז שוין מער ווי אינטערעסאַנט...

פון די לעצטע פּאָר באַמערקונגען קען מען דירעקט צוגיין צו קעמפּיאַנס היפּאָטעזע, וואָס מאַכט אַ פאַרזוך צו פאַראייניקן די פונקציע פון דעם מאַרך מיטן פּראַצעס פון באַוואוסטזיין.

העד איז צוגעקומען גאַנץ נאָענט צום טאָפּלטן אַספּעקט פון מאַרך־באַוואוסטזיין פאַראייניקונג, ער איז אָבער געבליבן שטיין פון איין זייט ביי דער „וואַכזאַמקייט", „סכעמע", אָדער „ענגראַם" און פון דער צווייטער זייט איז ער געבליבן שטיין ביי סימבאָלישע באַדייטונגען (באַדייטונגען פון ווערטער): די פּראַגע וועגן זייער פאַראייניקונג האָט ער געלאָזן אָפן. קומט קעמפּיאַן אין זיין בוך „גיוראַל בייסעס אָוו טהאָט" (דער נעוראָלאָגישער פונדאַמענט פון דעם דענקען) און פאָרמולירט א היפּאָטעזע, וואָס פאַראייניקט ביידע זייטן פון דעם טאָפּלטן אַספּעקט: די פונקציע פון דעם מאַרך און דעם דענקען אין דעם פאַרשטאַנד.

די היפּאָטעזע איז אַ גאַנץ איינפאַכע, זי קלינגט אויך לאָגיש; אָבער קעמפּיאַן אַליין זאָגט אַז לויט דעם איצטיקן וויסן וועט אַמווייניקסטנס זיך פאָדערן אַ דור אָדער צוויי דורות פון אינטענסיווער פאָרשונג, ביז מען וועט קענען באַווייזן איר אמת. און דאָס זאָגט ער נאָכדעם, ווי ער דענקט שוין פערציק יאָר וועגן דער פּראַגע... דאָס איינציקע וואָס מען קען איצט זאָגן אין איר טובה איז, אַז זי הויבט אָן פון קאָנקרעטע פאַקטן. דאָס איז איר מעלה און איר חסרון איז וואָס איר אמת קען, לויט דעם איצטיקן וויסן, ניט באַוויזן ווערן.

די היפּאָטעזע באַשטייט אין דעם, אַז אַזוי ווי אין דער צייט פון דעם דענקען קומט פאָר אַן אַקטיוויטעט אין דעם מאַרך, וואָס קען באַוויזן ווערן דורך עלעקטרישע אַפּאַראַטן און וואָס ווערט באַשטעטיקט דורך די אַפּאַזיעס, נעמט קעמפּיאַן אָן, אַז דאָס, וואָס עס קומט פאָר אין דעם מאַרך און וואָס ווערט אָנגערופן „ענגראַם", אָדער „סכעמע", באַשטייט פאַקטיש פון אַ צירקולאַציע פון אַן אימפּולס אין דער נערוון־סיסטעם. די דאָזיקע צירקולאַציע, וואָס מען דאַרף אָננעמען, אַז זי איז פון אַ כעמיאַ־עלעקטרישן כאַראַקטער, קען פאַרגליכן ווערן צו דער צירקולאַציע פון דעם בלוט אין די אָדערן. ער נעמט אָן, אַז דער טאַלאַמוס, וואו דער פּרימיטיווער באַוואוסטזיין אַנטשטייט, דאַרף פאַרגליכן ווערן צום האַרץ; אַזוי ווי דאָס האַרץ פאַראורזאַכט די צירקולאַציע פון דעם בלוט, אַזוי דאַרף מען אָננעמען, אַז דער טאַלאַמוס האַלט אין איין שיקן אימפּולסן צום אויבערשטן מאַרך און פון דעם אויבערשטן מאַרך קערן זיי זיך אום צוריק צו אים. דאָס וואָס אין דער נערוון־סיסטעם באַשטייט עס פון אַ צירקולאַציע, ווערט אין דער אינערלעכקייט סוביעקטיוו איבערגעלעבט אַלס באַגריפן און באַ־

דייטונגען; פשוט און איינפאַך: מען ווערט אינפאָרמירט פון דער אייגענער פונקציע, פון דער צירקולאַציע.

ווי אויבן געזאָגט, איז אן אַנאַלאָגיע ניט קיין באַווייז פאַר דעם אמת פון דעם, וואָס מען פאַרגלייכט און קעמפּיאַן ווייסט עס; ער מאַכט אָבער ניט די אַנאַלאָגיע כדי דורך איר צו באַווייזן די ריכטיקייט פון זיין היפּאָטעזע, נאָר צו באַווייזן, אַז ווען הארווי האָט מיט 300 יאָר צוריק אָנגענומען די צירקולאַציע פון דעם בלוט מיט דעם האַרץ אַלס באַוועגנדן צענטער, האָט ער ניט געהאַט מער פאַקטן פאַר דער ריכטיקייט פון זיין היפּאָטעזע, ווי מען האָט איצט וועגן אַ צירקולאַציע אין דער נערוון־סיסטעם. ער האָט פאַר קיין פאַל ניט געקענט דעמאָנסטרירן די ריכטיקייט פון זיין היפּאָטעזע, דערפאַר וואָס מען האָט ניט געוואוסט וועגן דער עקזיסטענץ פון די מיקראָסקאָפּישע אָדערן (קעפּילאַריס), וואָס פאַרבינדן איין טייל פון דער צירקולאַציע־סיסטעם מיט דער צווייטער. די עקזיסטענץ פון די מיקראָסקאָפּישע אָדערן האָט מען ערשט אַנטדעקט נאָך הארוויס טויט. אין זיין צייט האָט ער געמאַכט אַ געוואָגטע היפּאָטעזע, וואָס האָט ניט געקענט באַוויזן ווערן.

ער האָט די היפּאָטעזע, וועגן דער צירקולאַציע פון בלוט, אָנגענומען דערפאַר, וואָס ער האָט פאַר זיך געהאַט אַ ריי פאַקטן, וואָס האָבן אויסגעקוקט צו זיין פון אַ נאַטירלעכן כאַראַקטער און מען האָט זיי דערקלערט אויף אַן אומנאַטירלעכן אופן: כדי צו דערקלערן אַ נאַטירלעכן פּראָצעס, האָט מען אַריינגעבראַכט „חיה־גייסטער" (זע וויטאַליזם אין דער מאָדערנער צייט). אַזאַ „דערקלערונג" האָט ער ניט געוואָלט אָננעמען: ער האָט זיך אָפּגעזאָגט אָנצונעמען אַן איבערנאַטירלעכע אינטערפּרעטאַציע פאַר נאַטירלעכע פאַקטן. ער האָט געטאָן דאָס פאַרקערטע; ער האָט גענומען די פאַקטן גופא פאַר זיין אויסגאַנגס־פּונקט און האָט זיי דערגאַנצט מיט אַ היפּאָטעזע, וואָס איז געווען אין איינקלאַנג מיט זיי און אַ רעזולטאַט פון זיי. אַזוי גיך ווי ער האָט פאָרמולירט די היפּאָטעזע וועגן דער צירקולאַציע פונעם בלוט, האָבן אַלע פאַקטן געשטימט און ס'איז ניט געבליבן קיין פּלאַץ פאַר די „גייסטער".

קומט איצט קעמפּיאַן און זאָגט, אַז אין דער פונקציע פון דער נערוון־סיסטעם האָט מען פאַר זיך אַ ריי פאַקטן, וואָס ווייזן אָן, אַז ס'מוז פאָרקומען אַ צירקולאַציע פון אימפּולסן פון דעם טאַלאַמוס צום אויבערשטן מאַרך און צוריק. ער זאָגט, ווען מען נעמט אָן די היפּאָטעזע פאָרמירן, אַלע פאַקטן צוזאַמען אין גאַנצקייט און מען האָט פאַר זיך אַן איינהייטלעכן סיסטעם. דערפאַר, האַלט ער, אַז מען האָט אַ רעכט זי אָנצונעמען און זי נוצן פאַר אַן אויסגאַנגס־פּונקט.

ער הויבט אָן פון דעם וואָס ס'ווערט אָנגענומען פאַר אַ פאַקט, אַז דער טאַלאַמוס איז דער פּלאַץ אין וועלכן דער באַוואוסטזיין אַנטשטייט; ער זאָגט: „דער טאַלאַמוס, וואָס העד און האלמס נעמען אים אָן פאַר דעם זיץ־פּלאַץ פון דעם באַוואוסטזיין פון דעם עמפּינדלעכן אַספּעקט פון סענסאַציעס, ווירקט אויך אַלס דער צענטראַלער פאַרשפּרייטער פון שטראָמען פון נערוו־אימפּולסן צו אַלע „ענגראַם סיסטעמען", אָדער „נערוון סכעמען", וועלכע פאַרמירן דעם נערוון־פונדאַמענט פון אונדזערע דענקונגס־פּראָצעסן אויף דעם זעלבן אופן, ווי דאָס האַרץ טרייבט דאָס בלוט דורך בלוט־אָדערן סיסטעם.

ווען דער טאַלאַמוס באַשעפּטיקט זיך אַרויסצוברענגען די „ענגראַמען", אָדער די „נערוון סכעמען", וואָס פאָרמירן דעם נערוו־באַזיס, טוט ער די אַרבעט כדי אַרויסצוברענגען די מענטאַלע סיבות, אָדער באַגריפן. אויף דעם אופן גיט דער טאַלאַמוס זיין בייטראַג, דעם נערוון־פאַקטאָר, וואָס פון דעם פּסי־כאָלאָגישן שטאַנדפּונקט איז עס דער עמפּינדלעכער פאַקטאָר, וועלכער נעמט אָנטייל אין אַלע פּראָצעסן פון דער פּערצעפּציע און פון דעם דענקען (זע ניוראָל בייסעס אָוו טהאָט, זז. 107־108).

ווי מען קען זען, איז די היפּאָטעזע אַ גאַנץ איינפאַכע: דער טאַלאַמוס, וואו די אייגנשאַפט פון באַוואוסטזיין און דענקען אַנטשטייט, באַזיצט אַ דינאַ־מישע קראַפט, וואָס שיקט אַרויס אימפּולסן אויף אַן ענלעכן אופן, ווי דאָס האַרץ טרייבט דאָס בלוט דורך די אָדערן; די אימפּולסן זיינען עס די „ענגראַמען", וואָס די אַקטיווע נערוון שטראָמען וואָס ווערן געשיקט פון דעם טאַלאַמוס צו די העכערע צענטערן וואו זיי צעצווייגן זיך איבער די ספּעציעלע צענטערן און באַדייטונגען פאָרמירן זיך: דער „ענגראַם" איז, אַלס איבער־לעבונג, אַ באַדייטונג.

זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז דער טאָפּלטער אַספּעקט פון ענגראַם־באַדיי־טונג ווערט אין דער דאָזיקער היפּאָטעזע גענומען פאַרן אויסגאַנגס־פּונקט און די גאַנצע דערקלערונג ווערט געפירט אין דער ליכט פון דעם אויסגאַנגס־פּונקט. אַן דעם פונדאַמענטאַלן געדאַנק האָט די היפּאָטעזע קיין זין ניט. דאָס איז אַן איינפאַכע און לאָגישע היפּאָטעזע, וואָס קוקט אויס צו שטימען מיט די פאַקטן און ספּעציעל שטימט זי מיטן עוואָלוציע־באַגריף; אַ דאַנק דעם פירט זי צו אימפּליקאַציעס וועגן וועלכע מען דאַרף מאַכן אַ פּאָר באַמערקונגען.

אין דעם פריערדיקן קאַפּיטל איז אָנגעוויזן געוואָרן ווי אַזוי פאָרשער האָבן אויסגעפונען אַז דער טאַלאַמוס איז דער זיץ־פּלאַץ פון די עמאָציעס און טאַקע אַ דאַנק דעם, וואָס אין אים געפינט זיך דער צענטער פון דעם אַפעקטיוון לעבן (וואָס האָט אַ שייכות צום פילן), האָט זיך פון אים דער פּרימיטיווער באַוואוסטזיין אַנגעהויבן. דאָס דאַרף אויך זיין די אורזאַך, לויט קעמפּיאַנען און עליאָט סמיטן, פאַרוואָס ער מוז זיין דער דינאַמישער צענטער פאַר דער צירקולאַציע פון אימפּולסן פאַר די פאַרשיידענע טיילן פון דעם אויבערשטן מאַרך.

אין זיין אַרטיקל „עוואָלושאַן אָוו מיינד" (די אַנטוויקלונג פון דעם פאַר־שטאַנד), וואָס איז דאָס ערשטע קאַפּיטל אין דעם בוך „ניוראָל בייסעס אָוו טהאָט" (דער נערוון־באַזיס פאַר דעם דענקען) ווייזט סמיט אָן ווי אַזוי מען דאַרף זיך פאָרשטעלן אַז די צירקולאַציע פון די אימפּולסן פון דעם טאַלאַמוס האָט זיך אַנטוויקלט אין דעם לויף פון עוואָלוציע. דער ענין איז נאָך דערווייל פּראָבלעמאַטיש, ס'איז נאָך צו פרי זיך מיט אים צו באַשעפּטיקן; וואָס ס'איז אינטערעסאַנט אין דער פאַרבינדונג איז וואָס עליאָט סמיט טרעט אַרויס קעגן דער טראַדיציאָנעלער טיילונג פון דעם פאַרשטאַנד אויף באַזונדערע פאַקולטעטן אויף אַפעקציע (אַלץ וואָס האָט אַ שייכות צו פילן־עמפּפינדונג) קאָנאַציע (שטרעבן, וועלן) און קאָגנאַציע (דערקענטעניש, דענקען). ער זאָגט: „די גע־וויינטלעכע פּראַקטיק פון פּסיכאָלאָגן צו צעטיילן די דריי אייגנשאַפטן פונעם

פאַרשטאַנד, קאָגנאַציע, אפעקציע און קאָנאַציע און דער פאַרזוך זיי צו שטודירן ווי באַזונדערע אייגנהייטן, האָט ניט קיין שום באַרעכטיקונג. אַלע דריי זיינען ניט טיילבאַר פאַראייניקט אין דער פונקציע פון דעם פאַרשטאַנד. אום צו צוגעבן זיי דעם אינערלעכן צוזאַמענהאַנג איז נויטיק אָנצונעמען די עקזיסטענץ פון אַ צירקולאַציע פון נערוון־אימפּולסן פון דעם טאַלאַמוס צום אויבערשטן מאַרך און צו די ווייט פאַרצווייגטע און די קאָמפּליצירטע מעכאַניזמען, וואָס האָבן אַ שייכות מיט דער אַקטיוויטעט פון די מוסקולן" (זז. 37־38).

למען האמת דאַרף באַמערקט ווערן, אַז טעאָרעטיש ווערט די טיילונג פון די דריי אייגנשאַפטן זעלטן פאַרטיידיקט, פּאַקטיש ווערט זי אָבער שטענדיק געמאַכט, דערפאַר איז סמיטס העפטיקער ארויסטריט א באַרעכטיקטער און דאָס איז אפילו, ווען מען שטעלט זיך ניט אויף דעם שטאַנדפונקט פון דער צירקולאַציע פון אימפּולסן.

אַזוי גיך ווי מען זאָגט זיך אָפּ פון דער טיילונג און מען שטעלט זיך אויף דעם שטאַנדפּונקט פון עוואָלוציע, ווערן שוין קעמפּיאַנס און סמיטס ווייטערדיקע אימפּליקאַציעס, וועגן דער אַנטוויקלונג פון באַגריפן, גאַנץ נאַטירלעך.

געווייינטלעך נעמט מען אָן, אַז באַגריפן זיינען סטאַטיש, זיי ענדערן זיך ניט; זאָגן קעמפּיאַן און סמיט אז דאָס איז א טעות, סטאַטיש איז בלויז די טערמינאָלאָגיע אָבער ניט די באַגריפן, וואָס געפינען אונטער די ווערטער (טערמינאָלאָגיע). די באַגריפן זעלבסט וואקסן אין דער פּראָפּאָרציע צום וואוקס פון דער אפעקציע, דעם געפיל מיט וועלכן דער באַגריף איז פאַרבונדן (דאָס דאַרף באַווייזן אז דער אפעקטיווער צושטאַנד איז אַן אקטיווער פאַקטאָר אינעם באַגריף). אַלסביישפּיל ברענגט ער זיין (קעמפּיאַנס) באַגריף וועגן אַרטור קיעט, דעם ענגלישן אַנטראָפּאָלאָג מיט 25 יאָר צוריק ווען דער נאָמען האָט פאַר אים גאָרניט געמיינט און איצט מיט 25 יאָר שפּעטער, ווען דער נאָמען איז פאַר אים פאַרבונדן מיט אַזאַ רייכן אינהאַלט (43-45). אַזוי איז מיט אַלע באַגריפן, זיי באַשטייען ניט פון קיין הוילע אינטעלעקטועלע אַבסטראַקציעס, נאָר זיי זיינען פאַראייניקט מיט פאַרשיידענע עמאָציעס א. אז. וו. וועגן דעם אלעמען קען מען בלויז זאָגן, אז ס'איז אויסערגעוויינטלעך אינטערעסאַנט, אבער ניט מער...

# באַוואוסטזיין: ניי אַנטשטייענדעס (אימאַרגאַנט)

סער אַרטור קעיס זאָגט: „יעדער איין באַוואוסטער פאַקט צווינגט צו ציען דעם שלוס אַז דער פאַרשטאַנד (מיינד), גייסט און נשמה זיינען אויף אַזויפיל דער אויסדרוק פון אַ לעבעדיקן מאַרך, ווי דער פלאַם מאַניפעסטירט דעם גייסט פון דער ברענענדער ליכט" (פון א סימפאָזיום, ציטירט לויט סעלארס רעלידזשאַן קאמינג טו אײדזש, ז. 179).

רוי וואוד סעלארס זאָגט: „מיר מוזן ווי ביז איצט אָנהאַלטן די קאַטעגאָריעס און די באַשטימטע אייגנשאַפטן פון דער פיזיאָלאָגיע. מיר דאַרפן נאָר וויסן, אַז ווי אַ צוגאָב, באַזיצט דער אַקטיווער מאַרך, אלס כאַראַקטער־אייגנשאַפטן פון זיין אינהאלט, די געשטאַלונג, דעם קוואַליטאַטיוון קאָמפּלעקס, וואָס באַשטייט פון אונדזער זינלעכער דערפאַרונג. ס'איז צו דערוואַרטן איינשטימיקייט צווישן דער געשטאַלטונג פון דער פערצעפציע, וואָס קומט פאָר אין דעם מאַרך, מיט זיין פונקציע: זיי זיינען אייגהייטלעך.

מיין מיינונג איז, אַז אין אונדזער אייגענעם באַוואוסטזיין נעמען מיר אָנטייל אין דעם וואָס ס'קומט פאָר אין אונדזער מאַרך. מיר מוזן אויסברייטערן אונדזער באַגריף וועגן דער פונקציע פונעם מאַרך אז ער זאָל איינשליסן מער ווי די פיזיאָלאָגיע. און פאַרוואָס ניט? דאָס צוגעגעבענע פון דער אייגענער איבערלעבונג, דער באַוואוסטזיין גופא, באַרעכטיקט די פאַרגרעסערונג איבער דעם, וואָס מען קריגט דורך דער בלויזער אויסערלעכער פאַרשונג פון דער פיזיאָלאָגיע. קען מען דאָס טאָן? פאַר מיר איז זיכער אַז מען קען ווען מען פאַרשטייט גענוי די דערקענטעניש־לערע און מען מיידט אויס דעקאַרטס דואַליזם פון צוויי עקזיסטענצן (אַ פיזישן און גייסטיקן).

די געשעעניש, וואָס שליסט איין מאַרך־פאַרשטאַנד, באַשטייט פון אַ מאָדעלירטן פּראָצעס, וואָס קומט פאָר אין אַ פיזישן מאַרך אין וועלכן ס'קומען פאָר ענדערונגען פון געשטאַלטונגען אין אַן אָרגאַניזירטער גאַנצקייט. ווען מיר באַטראַכטן דאָס וואָס ס'קומט פאָר לויט דער פיזיאָלאָגיע, דאַרפן מיר עס כאַראַקטעריזירן אין טערמינען פון ענערגיע, ניוראָנען, עלעקטראָכעמיש, אין ליניעס און אין מאָדעלן. דער באַוואוסטזיין, אַלס אַ פּראָצעס, האָט דערמיט ניט קיין שייכות דערפאַר, וואָס ער ווערט ניט אַנדעקט אויף דעם אופן: די פיזיקאַלישע וויסנשאַפט, וואָס באַטראַכט די נאַטור פון דרויסן (לויט די אויסערלעכע פאַרשונגען), מוז אויסלאָזן דעם באַוואוסטזיין. געוויס קען זי ניט לייקענען זיין עקזיסטענץ, זי האָט אָבער ניט קיין שום מיטל וואָס זאָל איר באַרעכטיקן צו קענען מאַכן וועלכע ס'איז באַהויפּטונג

וועגן דעם אינערלעכן אינהאַלט פון עקזיסטענץ (דעם פּראָצעס פון באַ־וואוסטזיין)... זי קען ניט נעמען קיין אָנטייל אין דער אינערלעכקייט פון דער אַקטועלער סובסטאַנץ פון די פיזישע סיסטעמען, זי קען זיי ניט איינבייסן און פילן זייער טעם... אויב אונדזער אינערלעכע איבערלעבונג אינפאָרמירט אונדז אַז דער אָרגאַניזם האָט אַן אייגנאַרטיקע עמפּינדלעכקייט אין דער פאָרמע פון אַ צושטאַנד פון באַוואוסטזיין איז ניטאָ אין דער וויסנשאַפט קיין זאַך וואָס זאָל עס ווידערשפּרעכן. וואָס די פילאָזאָפיע מוז טאָן איז האַרמאָנירן די אייגנ־שאַפטן פונעם באַוואוסטזיין מיט די כאַראַקטער־אייגנשאַפטן פונעם מאַרך" (זע די פילאָסאָפיע אָף איי פיזיקל רעאַליסט, זז. 420־421).

וואָס ער זאָגט איז גאַנץ איינפאַך: מען דאַרף אָננעמען דאָס וואָס די פיזיאָלאָגישע וויסנשאַפט אינפאָרמירט וועגן דער פונקציע פון דעם מאַרך און צו דעם דאַרף מען צוגעבן דאָס וואָס ס׳קומט פאָר אַלס באַוואוסטזיניקע פּאַסירונג וואָס באַשטייט פון אונדזער דערפאַרונג. מען דאַרף צוגעבן דאָס וואָס מען לעבט איבער אַלס אַן אינערלעכער פּראָצעס פון באַוואוסטזיין. דאָס איז אַ פאַקט וואָס קען ניט אָפּגעלייקנט ווערן.

אַזוי ווי דער דאָזיקער פּראָצעס קומט פאָר אין פאַרבינדונג מיט דער פונקציע פון דעם מאַרך, זאָגט ער, אַז ס׳איז צו דערוואַרטן אַז ס׳זאָל זיין אַ האַרמאָניע צווישן דער פונקציע פון דעם מאַרך און דער דערפאַרונג וואָס מיר לעבן איבער. ווען מען נעמט אָן דאָס לעצטע מיינט עס, אַז אין אונדזער באַוואוסטזיניקער איבערלעבונג נעמען מיר אָנטייל אין דער פונקציע פון דעם מאַרך פון אינעווייניק; אָדער אַז די אינערלעכע באַוואוסטזיניקע אי־בערלעבונג באַשטייט פון אַ געפיל וואָס קומט פון דער פונקציע, אָדער אַקטי־וויטעט פון דעם מאַרך. דאָס מיינט, אַז ווען מען נעמט די פונקציע פון דעם מאַרך צוזאַמען מיט דער איבערלעבונג וואָס מען האָט, איז עס מער פון דעם וואָס די פיזיאָלאָגיע אַליין קען אינפאָרמירן. איז די פראַגע, צי קען מען דאָס אָננעמען? צי קען מען אָננעמען די פונקציע פון דעם מאַרך און צו איר צוגעבן די איבערלעבונג (דעם באַוואוסטזיניקן פּראָצעס)? צי איז ניטאָ קיין ווידערשפּרוך אין דער פאַרבינדונג? סעלאַרס זעט ניט קיין שום ווידער־שפּרוך. ער איז גערעכט: די פיזיאָלאָגיע שטודירט פּראָצעסן פון דרויסן, נעמט זי אויף די אויסערלעכע פונקציע. זי נעמט ניט קיין אָנטייל אין דער אינערלעכקייט פון דער סיסטעם וואָס זי שטודירט, קען זי ניט זאָגן קיין זאַך וועגן דעם, וואָס ס׳קומט פאָר אין איר אינערלעכקייט אַלס אַ געפיל, אָדער איבערלעבונג. ווען מען קריגט די דאָזיקע אינפאָרמאַציע, די אייגענע איבערלעבונג, וואָס קומט פאָר אין פאַרבינדונג מיט דער פונקציע פון דעם מאַרך, איז אין דעם פּראָצעס ניטאָ קיין שום זאַך וואָס זאָל זיין אין ווידערשפּרוך צו דער וויסנשאַפט. אָבער אַזוי ווי די אָביעקטיווע וויסנשאַפט קען ניט זאָגן קיין זאַך וועגן דעם, דאַרף דער ספּעקולאַטיווער געדאַנק דערגאַנצן די וויסנשאַפט, ער דאַרף האַרמאָנירן דעם באַוואוסטזיניקן פּראָצעס מיט דער פונקציע פון דעם מאַרך.

אין דעם אויסצוג איז אייגנטלעך ניטאָ קיין נייעס, סעלאַרס זאָגט דאָס זעלבע, וואָס העד און די אַנדערע זאָגן; זיין צוגאַנג איז אָבער אַן אַנדערער, ער טרעט צו צו דער פראַגע פון דעםווינקל פון דער דערקענטעניש־טעאָריע

און פּרוּוווט צוקומען צו דער פונקציע פון דעם מאַרך לויט דעם פּראָצעס פון באַוואוסטזיין אַלס אַזעלכן, פירן די האַרמאָניע פון דעם באַוואוסטזיין צום מאַרך.

ווען מען גייט צו צום באַוואוסטזיין אינטראָספּעקטיוו ווי אַן איבערלעבונג, איז די באַדייטונג, גענומען אינעם ברייטן זין פון וואָרט (איינשליסנדיק דעם אַבסטראַקטן באַגריף, קאָנצעפּציע), דאָס פונדאַמענטאַלסטע וואָס מען לעבט איבער און אויף וואָס מען ווערט באַוואוסטזיניק, זאָגט סעלער, אַז די באַדייטונג איז דאָס אינערלעכע, די איבערלעבונג פון דער פונקציע פון דעם מאַרך. דורך דער באַדייטונג איז מען אין באַרירונג מיט דער אינערלעכקייט פון דער פונקציע פון דעם מאַרך. גענומען אין דעם זין, קען מען זאָגן, אַז אין דעם אייגענעם באַוואוסטזיין קומט מען אין באַרירונג מיט דער אינערלעכקייט פון דער נאַטור, ווי זי פליסט אין דער אייגענער נערוון־סיסטעם. דער צושטאַנד איז אַן אייגנאַרטיקער, ער קען ניט פאַרגליכן ווערן מיט קיין שום זאַך, ער מוז גענומען ווערן קאַטעגאָריש, ווי ער פּרעזענטירט זיך : דאָס איז אולטימאַטיוו.

ניט אַלע קריטישע רעאַליסטן מאַכן דעם לעצטן שריט און נעמען אָן דעם טאָפּלטן אַספּעקט פון דער איינהייטלעכער דערשיינונג ; אייניקע פון זיי בלייבן אויסגעהאַלטענע דואַליסטן (לאַוודזשאַ און פּראַט זיינען פּסיכאָ־פיזישע, אָדער אַנטאַלאָגישע דואַליסטן, כאָטש זיי נעמען אָן די קריטיש־רעאַליסטישע דערקענטעניש־לערע). סאַנטיאַנאַ און דרייק נעמען אָן דעם „עסענץ״־שטאַנדפּונקט און בלייבן שטיין אין מיטן וועג, ניט אַהער און ניט אַהין. דאָ ווערט נאָכגעפאָלגט דער מאָניסטישער, אָדער דער טאָפּלטער אַספּעקט שטאַנדפּונקט, סעלאַרס ווערט נאָכגעפאָלגט.

צוזאַמען מיט סעלאַרן ווערט אָנגענומען, אַז ווען מען נעמט אָן די אויסגעהאַלטענע נאַטוראַליסטישע אינטערפּרעטאַציע, פאַרשווינדט דער עפּיסטעמאָלאָגישער דואַליזם (ער ווערט בלויז גענומען אַלס באַקוועמער מעטאָד) און דער טאָפּלטער אַספּעקט פאַרנעמט זיין אָרט. ס'ווערט אָנגענומען אַז די רעאַליטעט, וואָס מאַניפעסטירט זיך אויסערלעך צום פיזיאָלאָג אַלס פונקציע אין דעם מאַרך, איז די זעלבע רעאַליטעט וואָס מאַניפעסטירט זיך אַלס אַן אינערלעכע באַוואוסטזיניקע איבערלעבונג : די רעאַליטעט איז איינע, זי מאַניפעסטירט זיך בלויז דורך צוויי אַספּעקטן.

אַזוי ווערט דער באַוואוסטזיין דערפירט צום מאַרך אַלס זיין פונקציע : אַזוי ווי די וואַכזאַמקייט איז אַ רעזולטאַט פון דער אינטעגראַטיווער אַקטיווי־טעט פון דער אויסערלעכער טייל פון דער נערוון־סיסטעם, אַזוי איז דער באַוואוסטזיין אַ רעזולטאַט פון דער אינטעגראַטיווער אַקטיוויטעט פון דער צענטראַלער נערוון-סיסטעם. די ליניע איז איינע און די פונקציע איז די זעלבע ; זי דריקט זיך נאָר אויס אין אַ העכערער אינטעגראַציע, וואָס מאַניפעסטירט זיך אַלס באַוואוסטזיין און באַוואוסטזיניק ווערן פון דעם וואָס קומט פאָר. גענומען פון דעם שטאַנדפּונקט איז דער באַוואוסטזיין דאָס שטענדיק פליסנדע פון דעם פּערמאַנענטן פּאָטענציעלן וואָס געפינט זיך אין דעם מאַרך, אָדער אינערלעך אינעם מאַרך, און ווערט אָנגערופן פאַרשטאַנד.

דער פאַרשטאַנד (מיינד) באַשטייט פון דעם באַוואוסטזיין גענומען צוזאַמען מיט דעם אַנטאַלאָגישן פונדאַמענט, פון וועלכן ער איז די מאַניפעסטאַציע.

דער פאַרשטאַנד איז א נייע דערשיינונג (אימאַרגאַנט) פון דער אינטעגראַטיווער פונקציע פון דער נערוון סיסטעם, ער מאַניפעסטירט זיך אין אַ באַוואוסטזיניקער אַקטיוויטעט, וואָס דאַרף גענומען ווערן קאַטעגאַריש ווי אַ פונדאַמענטאַלע און אייגנאַרטיקע אייגנשאַפט.

כדי געגוי צו דערקלערן דעם שטאַנדפּונקט וועט געגעבן ווערן נאָך אַן אויסצוג פון סעלאַרס בוך. אַזוי ווי דער דער אויסצוג אַנטהאַלט דעם תמצית פון דער דערקענטעניש־טעאָריע; ווי אַזוי דער באַוואוסטזיין ווערט צוגעפּירט צום מאַרך, וועט נויטיק זיין צו געבן אַ ברייטערע דערקלערונג וועגן דעם מיין פון דעם אויסצוג. די דערקלערונג וועט אין זיך אַנטהאַלטן אַ ווידערהאָלונג פון דעם, וואָס איז שוין מער ווי איין מאָל באַהאַנדלט געוואָרן; דאָס קען אָבער ניט אויסגעמידן ווערן: דער באַוואוסטזיין ווערט דערפירט צום מאַרך, איז נויטיק צו דערקלערן אַזוי קלאָר ווי מעגלעך ווי אַזוי דאָס ווערט געטאָן. ער זאָגט: „מיר נעמען אָן, אַז די געשטאַלטונג פונעם סטימול, וואָס איז קאָנטראָלירט פון דער געשטאַלטונג פון דעם אָביעקט (פון דער פּרעזענ־טירנדער זאַך), קאָנטראָלירט דירעקט די פּאַסירונג, וואָס קומט פאָר אינעם מאַרך. עס איז דאָס, וואָס קומט פאָר אינעם מאַרך וואָס ברענגט אַרויס די געהעריקע געשטאַלטונג וועגן וועלכער מען ווערט אינפאָרמירט, אָדער מען נעמט אויף אין אינטראָספּעקטיווער פּערצעפּציע. אויף דער זייט פון דעם באַוואוסטזיין איז דאָס עמפּינדלעכע (סענסועלע) דער באַזיס פאַר דער לאָגי־שער באַהויפּטונג, וואָס ווערט גענוצט צו כאַראַקטעריזירן דעם אָביעקט. פאַרשטייט זיך, אַז ווען דאָס עמפּינדלעכע וואָלט ניט קאָנטראָלירט געוואָרן דורך דער מאַרך־געשעעניש, וואָלט עס ניט געשטימט מיט דעם אָביעקט (מיט דער זאַך) און וואָלט ניט געקענט זיין דער באַזיס פאַרן וויסן, ווי מיר האָבן באַוויזן אַז ס׳איז. פאָלגלעך, איז דאָס געגעבענע עמפּינדלעכע (דאָס וואָס מען קריגט דורך די חושים) דער באַזיס פאַרן וויסן פון דער מאַרך־געשעעניש (דאָס וואָס ס׳קומט פאָר אינעם מאַרך, אַלס רעזולטאַט פון זיין פונקציע). איך וועל דאָס אויסברייטערן און מאַכן די באַהויפּטונג אַז די אָרגאַניזאַציע פון דער דערפאַרונג שטימט מיטן צושטאַנד אינעם מאַרך און וואַרפט אַ שיין אויף אים דערפאַר, וואָס זי געפינט זיך אינערלעך צו אים" (דאַרטן, ז. 410).

אין אָט דעם קורצן אויסצוג איז צוזאַמענגעפּרעסט דער צענטראַלער געדאַנק פון זיין דערקענטעניש־טעאָריע, דער טאָפּלטער אַספּעקט, אַז דאָס וואָס ס׳קומט פאָר אַלס פונקציע אינעם מאַרך און וואָס קען שטודירט ווערן אויסערלעך פון דעם פיזיאָלאָג, איז אויך דאָס וואָס אינערלעך אינעם אייגענעם באַוואוסטזיין ווערט עס רעגיסטרירט אַלס אַן איינדרוק, וואָס קומט פון אַ דרויסנדיקער זאַך און ס׳איז אויך דער באַוואוסטזיניקער פּראָצעס גופא. אָבער אַ דאַנק דעם וואָס דאָס געזאָגטע איז אַזוי שטאַרק צוזאַמענגעפּרעסט, איז ניט אַזוי לייכט זיך צו אָריענטירן אין דעם. ער נעמט אָן אַז די פאָרמע פון דעם איינדרוק וואָס קומט פון אַ זאַך איז אַזאַ ווי די זאַך גופא. דאָס וואָס ס׳קומט פאָר אינעם מאַרך, ווען מען קריגט דעם דאָזיקן איינדרוק, ברענגט אַרויס די זעלבע פאָרמע אינעם באַוואוסטזיין; פּאַקטיש באַשטייט דער באַוואוסטזיין פון דער אינערלעכער איבערלעבונג פון דער אַקטיוויטעט אין דעם מאַרך; ס׳איז דער צווייטער אַספּעקט פון דער זעלבער דערשיינונג;

אַקטיוויטעט אינעם מאַרך מאַניפעסטירט זיך אַלס באַוואוסטזיניקע איבער־לעבונג, ס'איז דער באַוואוסטזיין.

טרעט מען צו צו דער זעלבער דערשיינונג פון דעם ווינקל פונעם באַ־וואוסטזיין, איז דאָס עמפּינדלעכע (דער סענסועלער איינדרוק וואָס מען קריגט) דער גרונט פאַר דער באַשטימונג אַז מען האָט פאַר זיך אַ באַשטימטע זאַך. צו באַווייזן אַז ס'איז אַזוי, אַז דאָס איז ניט בלויז אַ באַהויפּטונג, איז די גאַנצע דערקענטעניש־לערע געגעבן געוואָרן ווי אַזוי דער פּראָצעס פון דעם דערקענען פון דער וועלט איז דערקלערט געוואָרן. דער שטאַנדפּונקט ווערט אָנגערופן רעפּרעזענטאַטיווער רעאַליזם דערפאַר, וואָס ס'ווערט אָנגענומען אַז דער באַוואוסטזיין וועגן עפּעס באַשטייט פון דעם צווייטן אַספּעקט פון דעם וואָס דער פּראָצעס, אָדער אַקטיוויטעט אין דעם מאַרך, איז דער ערשטער אַספּעקט. דאָס איז אָנגערופן געוואָרן אומדירעקטער וויסן: מען ווייסט אין דער פאָרמע פון אַן אינהאַלט אינעם פאַרשטאַנד אינערלעך אינעם מאַרך; דער אינהאַלט אָבער איז אַ רעזולטאַט פון אַן איינדרוק וואָס מען האָט געקראָגן פון אַ דרויסנדיקער זאַך.

אָט דער אינהאַלט איז עס פון לאַקן אָנגערופן געוואָרן אידייעס („קאָפּיעס״ פון די אויסערלעכע זאַכן) אַ נאָמען וואָס ווערט נאָך איצט אויך גענוצט און וואָס האָט אָנגעטאָן און טוט נאָך איצט אויך אָן אַ היבש ביסל צרות, נאָר מען קען זיך פון אים ניט באַפרייען.

אויף דעם עצם פון דער דערקענטעניש־לערע שטימען אַלע קריטישע רעאַליסטן איין, זיי אַלע נעמען אָן אַז דער וויסן וועגן זאַכן אין דער וועלט קומט פאָר אויף אַן אומדירעקטן אופן, אַז דאָס אויף וואָס מען ווערט באַ־וואוסטזיניק באַשטייט פון אַן אינהאַלט וואָס געפינט זיך אינעם פאַרשטאַנד. די דערקענטעניש־לערע אונטערשיידט זיי פון די נעאָ־רעאַליסטן וועלכע נעמען אָן אַז דער וויסן איז אַ דירעקטער; זיי לייקענען אינגאַנצן אָט דעם אינהאַלט פונעם פאַרשטאַנד.

די נעאָ־רעאַליסטן קענען איצט אינגאַנצן אויסגעלאָזט ווערן, די פראַגע איז וועגן די גרופּירונגען אינעם קריטישן רעאַליזם.

אויף דער פראַגע וועגן דעם עצם פון דעם אינהאַלט פונעם פאַרשטאַנד, פון וואָס אָט דער דאָזיקער אינהאַלט באַשטייט, צעגייען זיך די קריטישע רעאַ־ליסטן אויף דריי גרופּן: 1) איין גרופּע נעמט אָן אַן „עסענץ״־באַגריף, 2) אַ צווייטע גרופּע איז אויסגעהאַלטן דואַליסטיש, זי נעמט אָן די עקזיסטענץ פון צוויי רעאַליטעטן, אַ פיזישע רעאַליטעט און אַ גייסטיקע רעאַליטעט, און 3) די וואָס נעמט אָן אַ ריינעם מאָניזם און אויסגעהאַלטענעם רעאַליזם און דערקלערט דעם פאַרשטאַנד מיטן באַוואוסטזיניקן אינהאַלט אין דער פאָרמע פון אַ טאָפּלטן אַספּעקט פון פונקציע פון מאַרך וואָס מאַניפעסטירט זיך אַלס באַ־וואוסטזיניקע איבערלעבונג. די שטאַנדפּונקטן וועלן דערקלערט ווערן.

דער אָנהויב וועט געמאַכט ווערן מיט די וואָס פאַרטיידיקן דעם „עסענץ״־באַגריף. דער קריטישער רעאַליסט הויבט אָן זיין באַטראַכטונג מיט דריי פאַקטאָרן: 1) די זאַכן וואָס עקזיסטירן אין דער אויסערלעכער וועלט פאַר זיך, 2) דער מענטש אַלס אַן אַגענט וואָס ווייסט וועגן דער עקזיסטענץ פון

זאַכן און 3) אָן אינהאַלט אינעם פאַרשטאַנד פון די זאַכן וואָס געפינען זיך אין דער וועלט.

איז די אַלטע פראגע: פון וואָס באשטייט אָט דער דאָזיקער אינהאַלט? די גרופּע וואָס פאַרטיידיקט דעם „עסענץ"־באַגריף נעמט אָן אַז דער אינ־האַלט פונעם פאַרשטאַנד באַשטייט פון „עסענצן" וואָס, ווען מען נעמט זיי פאַר זיך, האָבן זיי ניט קיין זעלבסטשטענדיקע עקזיסטענץ; זיי זיינען אָבער פּאַרט עפּעסן וואָס פאַרמירן דעם אינהאַלט פון דעם פאַרשטאַנד, דאַרף מען זיי געבן אַ פילאָזאָפישן סטאַטוס, מען קען זיי ניט לאָזן גלאַט הענגען אין דער לופטן.

אויבן־אויף קוקט דער שטאַנדפּונקט אויס צו זיין אַ לאָגישער און גערעכטער: ס'האַנדלט זיך וועגן אַ פאַקט (וועגן דעם אינהאַלט פון דעם פאַרשטאַנד), דאַרף מען דעם דאָזיקן אינהאַלט געבן אַ סטאַטוס. דער ענט־פער איז, אַז וואָלט עס זיך אַפילו געהאַנדלט בלויז וועגן אַ נאָמען מיט וועלכן מען וויל אָנרופן אַ פאַקט, וואָלט מען אויך געדאַרפט זיין פאַרזיכטיק מיט ווערטער: מען טאָר ניט צודעקן קיין אומוויסנהייט מיט אַ וואָרט און דער־מיט אָפּעךירן ווי מיט אַ פילאָזאָפישן באַגריף.

ס'האַנדלט זיך אָבער ניט בלויז וועגן אַ וואָרט, נאָר וועגן אַ באַשטימטן באַגריף וואָס מען רופט אָן „עסענץ". אונטער „עסענץ" ווערט פּאָסטולירט אָן עפּעס וואָס קען אויף וועלכן ס'איז אופן אָביעקטיוויזירט ווערן און מען זאָל דערמיט אָפּערירן ווי מיט אַ פילאָזאָפישן באַגריף. דאָס איז שוין אַ וויכטיקער ענין: עפּעס ווערט פּאָסטולירט, הגם ס'ווערט ניט דערקלערט פון וואָס דער עפּעס באַשטייט... פאַרשטייט זיך, אַז לאַנג ווען די „עסענצן" ניט בלייבן הענגען אין דער לופטן ניט דערקלערט, ס'וועלן זיך שוין גע־פינען דערקלערער וואָס וועלן מאַכן פון די „עסענצן" דאָס, וואָס זייער האַרץ וועט פאַרלאַנגען און פאַקטיש ווערן טאַקע די „עסענצן" דערקלערט אויף דערקלערט קיין זאַך ניט און פירט נאָך צו פאַרשיידענע מיספאַרשטענדענישן? די פאַרשיידנסטע אופנים: איז צוליב וואָס בלייבן שטיין ביי אַ וואָרט וואָס

אונטערן טערמין עסענץ מיינט מען דעם אינהאַלט פון דעם פאַרשטאַנד, וואָס מען האָט פון זאַכן און דערשיינונגען, דער אינהאַלט פון וועלכן און דורך וועלכן באַגריפן ווערן פאַרמירט. דער דאָזיקער אינהאַלט רעדוצירט זיך אָבער צו סוביעקטיווע באַדייטונגען וואָס קענען דירעקט פאַרבונדן ווערן מיט דער פונקציע פון דעם מאַרך לויט זיין אינערלעכער מאַניפעס־טאַציע און פאַרבונדן ווערן מיט דער שפּראַך־סימבאָליק (נעמען פאַר זאַכן, פונקציעס און באַגריפן), איז פאַרוואָס ניט נוצן דעם אורשפּרינגלעכן טערמין באַדייטונג און די באַדייטונג צופירן צו דער פונקציע פון דעם מאַרך אַלס דער צווייטער אַספּעקט פון דער זעלבער דערשיינונג?

ס'איז גאַנץ איינפאַך. אויב מען פאַראייניקט ניט דעם אינהאַלט פון דעם פאַרשטאַנד מיטן מאַרך דורך זיין פונקציע (זע קאָמפּיאַנס היפּאָטעזע אינעם פריערדיקן קאַפּיטל) פאַלט מען צוריק אַריין אין לאָקס פּאָזיציע: דער „עסענץ" ווערט די „קאַפּיע"... דער רעזולטאַט איז די זעלבע שוועריקייטן אין וועלכע לאָק האָט זיך געפונען. באַדייטונג אָבער, גענומען ווי אַ סוביעק־טיווע איבערלעבונג, באַשטייט פונעם צווייטן אַספּעקט פון וועלכן דער ער־

שטער איז די פונקציע, אָדער די אַקטיוויטעט, וואָס קומט פאַר אינעם מאַרך ווען ער ווערט סטימולירט: די אַקטיוויטעט איז פאַראורזאַכט פון אַ סטימול, באַדייטונג און די באַדייטונג צופירן צו דער פונקציע פון דעם מאַרך אלס אַן די אינטערפּרעטאַציע, נויטיקט מען זיך ניט אינעם „עסענץ".

פאַרשטייט זיך, אַז מען דאַרף זיך ניט אָפּנאַרן און דענקען אַז ווען מען ענדערט אַ צוגאַנג צו אַ פונדאַמענטאַלן פּראָבלעם, לייזט מען אים שוין דערמיט אַליין. פאַר קיין פאַל ניט; אויב די ענדערונג אַנטהאַלט אַ לייזונג, דאַרף זי דערקלערט ווערן. די דערקלערונג וועט געגעבן ווערן אין פאַר־בינדונג מיט דעם ענטפער צו דער אויסזעצונג פון די אויסגעהאַלטענע דואַ־ליסטן. פּראַט וועט גענומען ווערן פאַר דעם אויסגאַנגס־פּונקט. אין זיין פּרעזידענט־רעדע פאַר דער אַמעריקאַנער פילאָזאָפישער געזעלשאַפט האָט ער גענומען פאַר אַ טעמע דעם איצטיקן צושטאַנד פונעם קערפּער־פאַרשטאַנד פּראָבלעם. ער אַנאַליזירט די פאַרשיידענע ענטפערס, וואָס ווערן געגעבן אויף דער פראַגע און געפינט אין זיי פאַרשיידענע חסרונות. ווען ער קומט צו סעלארס אינטערפּרעטאַציע, וואָס ווערט דאָ נאָכגעפאָלגט, זאָגט ער אַז זי איז די בעסטע וואָס איז ביז איצט געגעבן געוואָרן; אָבער ער געפינט אין איר אַ חסרון, וואָס איז, לויט זיין מיינונג, פאַטאַל פאַר דער טעאָריע. דער חסרון וועט געגעבן ווערן אין זיינע ווערטער און נאָכדעם וועט ער אַנאַליזירט און דערקלערט ווערן. ער זאָגט: „הייסט עס, אַז באַוואוסטזיין איז אַ קוואַ־ליטעט פון דעם מאַרך; ער (דער באַוואוסטזיין) איז פולשטענדיק אידענ־טיפיצירט מיטן אויבערשטן טייל פון דעם מאַרך אויף דעם זעלבן אופן, ווי זיינע פיזישע קוואַליטעטן. מיר מעגן זאָגן, אַז ער לײדט פון וויטיק, ער פרייט זיך, ער צווייפלט אין דעם זעלבן זין, ווי מיר זאָגן אַז ער האָט אַ באַשטימטע פאָרמע, אַ באַשטימטע מאָס א. אַז. וו... די היפּאָטעזע אַז באַ־וואוסטזיין באַשטייט פון אַ קוואַליטעט פון דעם מאַרך איז פאַרבונדן מיט די אומזיכערקייטן און צווײדײטיקייטן וואָס גייען געוויינטלעך מיט מיט דער באַהויפּטונג וועגן אידענטיטעט... זי קען מיינען צוויי זאַכן: זי קען מיינען אַז דער מאַרך איז א סובסטאַנץ, וואָס רופט אין אונדז ארויס דעם געפיל פון וויטיק, אָדער זי קען מיינען אַז אַ געגעבענער אָביעקט, וואָס ווערט אָנגערופן מאַרך, רופט אין אונדז אַרויס די אייגנשאַפטן ווי זען, טאַפּן און אויך דעם געפיל פון וויטיק. אין די ביידע פאַלן נעמען מיר פון פאַראויס אַן אַ פילנדן איך, וועלכער קריגט די דאָזיקע סענסאַציעס. אָבער, אויב דער אויסדרוק איז אונדז מער אָנגענומען, מיר נעמען פון פאַראויס אַן אַ שטראָם פון באַוואוסטזיין, וועלכער ווערט באַווירקט פון דעם מאַרך. אין קיין איינעם פון די פאַלן, ווי ווייט איך קען זען, האָבן מיר ניט אויפגעטאָן קיין שום זאַך צו פאַרמיידן, צו לייזן, אָדער וואָרפן וועלכע ס'איז ליכט אויף דעם קערפּער־פאַרשטאַנד פּראָבלעם... אויב אין דעם פאַרזוך צו מאַכן דעם מאַטעריאַליס־טישן בליק ווייניקער פאַראַדאָקסאַל און מער איבערצייגנד, וועט מען זאָגן אַז ניט דער מאַרך, ווי אַ פיזישער אָביעקט, נאָר דער מאַרך־פאַרשטאַנד, ווי אַ נייע רעאַליזירטע גאַנצקייט איז עס דאָס, וואָס דענקט און פילט אַלס אַ צוגאָב צו פאָרמע און מאָס, קען איך נאָר זאָגן, אַז מיר דוכט זיך, אַז די לייזונג איז ניט מער ווי אַ ווערטערלעכע; אַז אויך אין דער ניי־באַגריפענער טאָ־טאַליטעט אנטשטייט ווייטער די פראַגע וועגן די פאַרהעלטענישן צווישן די

פּסיכישע און פיזישע טיילן, אָדער אַספּעקטן, אדער קוואַליטעטן און מיר האָבן דעם זעלבן פּסיכאָ־פיזישן פּראָבלעם" (זע די סטאַטוס אָוו מיינד — באדי פּראָבלעם, פילאָסאָפיקל רעוויו, מערץ 1936, זז. 162־164).

אין אַ צווייטן אַרטיקל זאָגט ער וועגן דער זעלבער פראַגע: „מיר וויסן וואָס מיר מיינען מיט די אויסדרוקן באַוואוסטזיניקע אידייעס, עמאָציעס, אַבזיכטן א. אז. וו. מיר וויסן אויך וואָס עס מיינען פיזיאָלאָגישע פּראָצעסן, וואָס קומען פאָר אין דעם מאַרך; צו באַהויפּטן אַז דאָס זיינען אַבסאָלוטע אי־דענטיטעטן, איז צוזאַמענשטעלן ווערטער אָן וועלכן ס'איז מיין. אויב אַזוינע באַהויפּטונגען זיינען ניט קיין דומהייט, איז איבערהויפּט ניטאָ אַזאַ זאַך ווי אַ דומהייט... אויב ס'איז פאַראַן אַ באַוואוסטזיניקע פּערזענלעכקייט — אַ ריכטיקער צענטער פון ספּאָנטאַנער אַקטיוויטעט — איז פאַראַן אַ ספערע פון גייסט וואָס האָט אירע אייגענע געזעצן און וועמענס אַקטיוויטעט קען ניט פאָראויסגעזען ווערן פון די געזעצן פון דער פיזיקאַלישער וויסנשאַפט דערפאַר, וואָס זי איז ניט דעטערמינירט פון די דאָזיקע געזעצן. ווען מיר דעפינירן די נאַטור אַלס די ספערע צו וועלכער די נאַטור־געזעצן ווערן געברויכט, מעגן מיר אויך מיט רעכט אָנערקענען אַ ספערע פון גייסט וואָס איז איבערנאַטירלעך אינעם ריכטיקסטן און באַדייטנדיקסטן זין" (זע רע־לידזשעאוס רעאַליזם, זז. 47, 51).

אין זיין ערשטן אויסצוג וואָס איז גענומען פון זיין פּרעזידענט־אַדרעס דערקלערט פּראַט אַז די מאָניסטישע רעאַליסטן, וועמען ער רופט אָן מאַטע־ריאַליסטן, נאַרן זיך אָפּ ווען זיי דענקען אַז זיי לייזן דעם קערפּער־פאַר־שטאַנד פּראָבלעם; לויט זייער אייגענער שפּראַך, קומט, לויט זיין מיינונג אויס, באַווייזן זיי אַז זיי פירן אריין א דואַליזם און זיי לאָזן דעם פּראָבלעם אויף דעם זעלבן אָרט וואו זיי האָבן אים געפונען. אינעם צווייטן אויסצוג גייט ער אַ סך ווייטער; ער זאָגט אַז דער וואָס וויל פאַראייניקן פיזיאָלאָגישע פּראָצעסן מיט פּסיכאָלאָגישע פאַקטאָרן באַשעפטיקט זיך מיט דומהייטן. ער אָבער נעמט אָן די עקזיסטענץ פון צוויי באַזונדערע ספערן, אַ פיזישע און אַ גייסטיקע ספערע. די פיזישע ספערע פאָלגט נאָך די נאַטור־געזעצן און די גייסטיקע ספערע האָט אירע אייגענע געזעצן אין דער פאָרמע פון אַ באַ־וואוסטזיניקער פּערזענלעכקייט, אַ צענטער פון ספּאָנטאַנער אַקטיוויטעט א. אַז. וו. וואָס איז איבערנאַטירלעך. ער בלייבט דערביי ניט שטיין, ער גייט ווייטער און זאָגט: „די לאָגיק פון אונדזערע פאַרזוכן צו דערקלערן אונדזער מענטשלעכע דערפאַרונג טרייבט אונדז צוצוגעבן, אָדער צו פּאָסטולירן אַן עקזיסטירנדן וועזן, אָדער אַ גרופּע, אָדער אַ קאָלעקציע פון עקזיסטירנדע וועזנס, אַלס צוגאָב צו די מענטשלעכע (און חיה) פאַרשטאַנדן, אַזעלכע וואָס זיינען פּיאַיק צו באַווירקן די דאָזיקע פאַרשטאַנדן און דערפאַר קען מען מיט זייער הילף דערקלערן יענע דערפאַרונגען, וואָס מיר קענען ניט נאָכפאָלגן לויט די מענטשלעכע (אָדער חיה) קוואַלן" (זע פּערסאָנאַל רעאַליזם, ז. 211).

אויבן־אויף קוקט אויס אַז מען קען צווייפלען אין דער מעגלעכקייט פון אַ מאָניסטיש־רעאַליסטישער לייזונג פונעם קערפּער־פאַרשטאַנד פּראָבלעם, אַז מען קען אָננעמען אַ דואַליזם און פונדעסטוועגן זאָל מען בלייבן אין די גרענעצן פון נאַטוראַליזם, אָדער אמווייניקסטנס לאָזן די פראַגע, וועגן דעם אולטימאַטיוון כאַראַקטער פון דעם פּסיכישן טייל, אָפן. פאַקטיש אָבער איז,

ווי עס ווייזט אויס, בלייבט מען ניט שטיין ביים נאַטוראַליזם אַזוי גיך ווי מען נעמט אָן דואַליזם, מען בלייבט אפילו ניט שטיין פאַר קיין אָפענער פראַגע; מען נעמט אָן „די עקזיסטענץ פון וועזנס, אַלס צוגאַב צו מענטש־לעכע פאַרשטאַנדן, וואָס זיינען פּייאיק צו באַווירקן די מענטשן און מיט זייער הילף קען מען דערקלערן דערפאַרונגען וואָס מען קען ניט נאָכפאָלגן לויט מענטשלעכע קוואַלן". פאַרשטייט זיך, אַז ווען מען נעמט אָן אַ סופּער־נאַטוראַליזם, אויב ניט איינפאַכן אָבערגלויבן, פאַר אַן אויסגאַנגס־פונקט, קען מען ניט בלייבן שטיין אין די גרענעצן פון נאַטוראַליזם. ווערט פראַטס סופּערנאַטוראַליזם מיט די אַלע „וועזנס" אויסגעלאָזן ווערן: זיי האָבן ניט קיין פּלאַץ אין קיין נאַטוראַליסטישער אַרבעט. ער ווערט נאָר באַטראַכט ווערן אין די גרענעצן פון זיין קריטיק פון סעלאַרס מאָניסטישן שטאַנדפּונקט.

ער נעמט ניט אָן דעם מאָניסטישן רעאַליזם (דאָ ווערט גענוצט דער אויסדרוק מאָניסטישער רעאַליזם דערפאַר, וואָס פראַט האַלט זיך פאַר אַ רעאַליסט. ער איז איינער פון די זיבן וואָס האָבן זיך אין 1920 דערקלערט דורך אַ געמיינזאַם ווערק פאַר קריטישע רעאַליסטן. ער נעמט בלויז ניט אָן דעם רעאַליסטישן מאָניזם, וועלכן ער רופט אָן „מאַטעריאַליזם". סעלאַרס איז אויך איינער פון די זיבן. ער איז געווען דער ערשטער וואָס האָט באַנוצט דעם נאָמען „קריטישער רעאַליזם" אין פאַרבינדונג מיט דעם געדאַנקען־גאַנג. דער נאָמען איז אָבער ניט קיין נייער; דער דייטשער פילאָזאָף אַלויעס ריעל האָט אים גענוצט אין 1876 פאַרן נעאָ־קאַנטיזם). דערפאַר, וואָס „מיר ווייסן וואָס מיר מיינען מיט די אויסדרוקן באַוואוסטזיניקע אידייעס, עמאָ־ציעס א. אז. וו. מיר ווייסן אויך וואָס מיר מיינען מיט פיזיאָלאָגישע פּראָצעסן, וואָס קומען פאָר אינעם מאָרך. צו באַהויפּטן אַז דאָס זיינען אַבסאָלוטע אידענטי־טעטן איז צוזאַמענשטעלן ווערטער אָן אַ מיין. אויב אַזוינע באַהויפּטונגען זיינען ניט קיין דומהייט, איז איבערהויפּט ניטאָ אַזאַ זאַך ווי אַ דומהייט". אויף אַ צווייטן פּלאַץ דריקט ער זיך נאָך אויס שטאַרקער קעגן דעם רעאַ־ליסטישן מאָניזם, ער זאָגט: „אויב באַוואוסטזיין איז אַן אַספּעקט פון דעם מאָרך, זע איך ניט וועלכן ס'איז אונטערשייד צי דער מאָרך איז פאַרמירט פון פיינער, אָדער גראָבער מאַטעריע, צי פון קאָמפּליצירטער אָדער איינפאַכער מאַטעריע. אַלץ וואָס איז געווען פונדאַמענטאַל אינעם אַלטן מאַטעריאַליזם, איז געבליבן אויך אין דער נייער טעאָריע. ספּעציעל איז געבליבן דאָס, וואָס ער האָט שטענדיק, ווי איצט, געדאַרפט אויסקלייבן איינע פון צוויי כמעט גלייך־אוממעגלעכע פּאָזיציעס: ער מוז אָדער זאָגן אַז דער באַוואוסט־זיין איז אַ מאָדוס, אָדער אַן אַספּעקט, אָדער אַן אַקטיוויטעט פון מאַטעריע; אָדער ער מוז זאָגן אַז באַוואוסטזיין איז אַ ניט ווירקענדער פּראָדוקט פון מאַ־טעריע און אַז ער האָט ניט קיין ווירקונג אויפן מענטשלעכן באַנעם. איך זע ווירק־לעך ניט ווי אַזוי דיין נייער בליק באַפרייט דיך פון דער נויט אויסצוקלייבן איינע פון די צוויי פאָרמען... ווען דו זאָגסט מיר אַז מיין דענקען וועגן אַ לאָגי־שער פאַרהעלטעניש איז אַן אייגנשאַפט פון דער פונקציע פון דעם מאָרך, מיינט עס פאַר מיר די זעלבע זאַך ווי ווען דו זאָלסט מיר זאָגן אַז דער אַראָמאַט פון אַ בלום איז אַ דרייעק" (זע אַדווענטשורס אין פילאָסאָפיע ענד רעלידזשאָן, זז. 192, 194). ער האַלט, הייסט עס, אַז די פיזישע דערשיינונגען און די פּסיכישע דערשיינונגען זיינען אַזוי פאַרשידן אַז דער פאַרזוך זיי צוזאַמענ־

ברענגען אַלס אַספּעקטן פון איין אײנהייטלעכער דערשיינונג איז אַ שרעק־לעכע דומהייט; ער הויבט ניט אָן צו פאַרשטיין ווי אַזוי מענטשן קענען גלויבן אין אַזאַ „דומהייט".

אויבן־אויף געגומען, ווען מען נעמט די פיזישע דערשיינונגען און די פּסיכישע דערשיינונגען און מען פאַרגלייכט זיי, זיינען זיי אַזוי פאַרשיידן אַז מען קריגט דעם איינדרוק אַז ער איז גערעכט. די פראַגע איז אָבער צי קען מען אַזוי צוגיין צו קאָמפּליצירטע דערשיינונגען און צי קען מען אויף אַזאַ פאָרמעלן אופן דורך אַ פאַרגלייך לייזן קאָמפּליצירטע פּראָבלעמען. אַז מען קען דאָס ניט טאָן באַווייזט די געשיכטע פון דער וויסנשאַפט: ניט בלויז זיינען וויסנשאַפטלעכע טעאָריעס באַקעמפט געוואָרן אויפן סמך אַז „ס'קען ניט זיין", נאָר אפילו פאַקטן זיינען ניט אָנגענומען געוואָרן פאַר אַ צייט דער־פאַר, וואָס זיי האָבן זיך „ניט געלייגט אויפן שכל". זאָל איינער אַזאַ פאַקט דערמאָנט ווערן, נאַטירלעך, ניט אַלס אַ באַווייז, נאָר בלויז אַלס אילוסטראַציע ווי אַזוי מען קען זיך ניט פאַרלאָזן אויף דער „לאָגישער אוממעגלעכקייט".

ווען לאַוואַזיע האָט מיט העכער הונדערט יאָהר צוריק אַנטדעקט זויער־שטאָף (אָקסידזשען) אַלס אַ באַשטאַנדטייל פון וואַסער, האָט לאַמאַרק, דער וויסנשאַפטלער, וואָס איז פאַראייביקט געוואָרן אין דער טעאָריע פון עוואָ־לוציע, געזאָגט, אַז „עס קען ניט זיין". ער האָט באַהויפּטעט, אַז ער ווייסט וואָס וואַסער איז און אַז ער האָט אויך אַ באַגריף וואָס אַ גאַז איז און צו זאָגן אַז אַ גאַז, וואָס העלפט דעם פּראָצעס פון ברענען, נעמט זיך פון וואַסער, איז אַ „דומהייט", די לאָגיק רעוואָלטירט קעגן אַזאַ געדאַנק...

פאַרשטייט זיך, אַז איצט, ווען מען ווייסט, אַז וואַסער באַשטייט פון די צוויי גאַזן, זויערשטאָף און וואַסערשטאָף, וועט דער פאַרגלייך ניט מאַכן דעם נויטיקן איינדרוק. אָבער ווען מען נעמט איינעם, וואָס ווייסט גאָרניט וועגן דעם ענין, און מען באַווייזט אים אַז וואַסערשטאָף איז אַ גאַז וואָס עקספּלאָ־דירט אַזוי גיך ווי מען רירט זיך צו אים צו מיט אַ פונק און אַז זויערשטאָף גאַז דאַרף זיין אום די עקספּלאָזיע זאָל פאָרקומען, אַז אָן זויערשטאָף וועט דער וואַסערשטאָף ניט עקספּלאָדירן (פּאַקטיש קען מען ניט האָבן קיין פונק אָן זויערשטאָף) און מען זאָגט אים אַז וואַסער איז צוזאַמענגעשטעלט פון אָט די גאַזן, וואָלט ער געוויס געדענקט אַז מען שפּאַסט פון אים: ער וואָלט געהאַט די זעלבע רעכט ווי פּראַט צו זאָגן, אַז ס'איז אַזוי מעגלעך אַז וואַסער זאָל באַשטיין פון אָט די צוויי גאַזן, ווי ס'איז מעגלעך אַז דער אַראָמאַט פון אַ רויז זאָל זיין אַ דרייעק...

לאָגיש וואָלט ער ניט נאָר געהאַט די זעלבע רעכט ווי פּראַט צו זאָגן אַז „ס'איז אוממעגלעך", נאָר אַ סך אַ גרעסערע רעכט: ער האָט פאַר זיך אַ גאַז מיט דער וואַסער, ער ווייסט זייערע אייגנשאַפטן, ער ווייסט אַז זיי זיינען פולשטענדיק פאַרשיידן, אַז זיי זיינען טאַקע ווי פייער מיט וואַסער. איז ווי אַזוי זאָל ער גלויבן אַז זיי האָבן אַן אינערלעכע פאַרוואַנדשאַפט צווישן זיך...

אָבער וואָס ווייסט פּראַט אָדער אימיצער אַנדערש וואָס אייגנטלעך „מאַטעריע" איז און וואָס ס'קען זיך יאָ אָדער ניט אַנטוויקלען פון „מאַטעריע"? ווער קען עס באַהויפּטן אַז ער ווייסט דאָס אַלץ? דוכט זיך, אַז קיינער קען ניט מאַכן קיין פּאָזיטיווע באַהויפּטונג וועגן די עוואָלוציע־מעגלעכקייטן פון

„מאַטעריע". אַזעלכע באַהויפּטונגען זיינען ניט ווערט דעם פּאַפּיר אויף וועלכן זיי זיינען געשריבן: די גאַנצע געשיכטע פון דער וויסנשאַפט דעמאַנסטרירט זייער פאַלשקייט...

פּראַטס קאַרדינאַלע באַהויפּטונגען זיינען אַ רעזולטאַט פון היסטאָרישע אידייען־פאַרבינדונגען, זיי שטראַמען אַרויס פון איין זייט פון אַ באַשטימטער סימפּאַטיע און פון דער צווייטער זייט פון אַ היסטאָרישן פאַראורטייל. די סימפּאַטיע נעמט זיך פון דעם וואָס ער איז רעליגיעז געשטימט (ער מאַכט דערפון ניט קיין סוד; איין אויסצוג איז גענומען געוואָרן פון אַן אָפּהאַנד־לונג וועגן רעליגיע) שרעקט ער זיך פאַר „מאַטעריאַליזם", וואָס קען אים באַרויבן פון די „גייסטיקע וועזנס" אין וועמענס עקזיסטענץ ער גלויבט... זיין היסטאָרישער פאַראורטייל איז קעגן דעם מאַטעריאַליזם וועלכער איז פאַרשטאַנען געוואָרן אין דער פאָרמע פון האַרטע קייקעלעך (אַטאָמען) פון וועלכע מען האָט ניט געקענט מאַכן קיין זאַך. די פיזיק האָט זיי אָבער אָנגע־נומען פאַר פונדאַמענטאַל, האָט מען זיך ניט געקענט העלפן, מען האָט זיי אָנגענומען און מען האָט מיט זיי אָפּערירט. (סעלאַרס דערציילט ווי אַזוי ער האָט איינגעטענהט מיט די פיזיקער אַז זאָל זיין אַטאָמען; זיי אָבער ווערן דאָך פאַרבונדן אין פאַרשיידנאַרטיקע קאָמבינאַציעס, דאַרף זייער פאַרהעל־טעניש אויך גענומען ווערן אין אָנבאַטראַכט. די פיזיקער האָבן אים גאָרניט געקענט ענטפערן: מער ווי אַטאָמען האָבן זיי ניט געהאַט, דער באַגריף פון אָרגאַניזאַציע אַלס אַ פאַקטאָר איז זיי געווען פרעמד).

ווען פּראַט אַרגומענטירט איינמאָל מאַטעריאַליזם, אַלעמאָל מאַטעריאַליזם, און ס'איז ניט קיין אונטערשייד אונטער וועלכער פאָרמע מען פאַרשטייט אים, קיין באַוואוסטזיין קען פון אים ניט אַרויסקומען, ליגן ביי אים אין קאָפּ באַהאַלטן די האַרטע קייקעלעך (אַטאָמען).

גיט מען אָבער אויף דעם מאַטעריאַליזם פון האַרטע קייקעלעך, וועלכן די פיזיקער האָבן שוין לאַנג אויפגעגעבן און מען נעמט אָן אָרגאַניזאַציע און פּראָגרעסיווע אַנטוויקלונג אַלס פאַקטאָר אין דער נאַטור אינעם זינען אַז דאָס העכערע דאַרף ניט רעדוצירט ווערן צום נידעריקערן, און געמאָסטן ווערן דורך דעם, פאַלט פּראַטס פאָרמעלע אויסזעצונג, אַז פון „מאַטעריע" קען ניט אַרויסקומען קיין באַוואוסטזיין, אינגאַנצן: זי איז געבויט אויף פאַלשע באַגריפן.

לויט דעם איצטיקן באַגריף פון „מאַטעריע" שרייבן דער פיזיקער נייע־ל באָער און דער ביאָלאָג ר. ליליע צו די אייגנשאַפטן, פון וועלכער באַוואוסטזיין אַנטוויקלט זיך, צו עלעקטראָנען. דער אינגערער האַלדיין האָט אפילו פאָר־מולירט אַ טעאָריע פון באַוואוסטזיין וואָס איז באַזירט אויף דער קוואַנטום־טעאָריע; ער נעמט אָן צוזאַמען מיט ווהייטהעדן, אַז אַן עלעקטראָן וואָס „לויפט" אין אַן אָרגאַניזם מוז ניט „לויפן" אויף דעם זעלבן אופן, ווי ער „לויפט" אויסער דעם אָרגאַניזם. און מען קען נאָך צוגעבן, אַז דער וואָס „לויפט" אין דעם מאָרך מוז ניט „לויפן" אויף דעם אופן ווי ער „לויפט" אויסער דעם מאָרך און אַז אַ פּראָצעס, וואָס מאַניפעסטירט זיך אין באַוואוסטזיין, קען יאָ אַנטשטיין פון זיין „לויפן". ווער קען זאָגן, אַז אַזאַ פּראָצעס קען ניט אַנטשטיין אינעם מאָרך, ווען מען ווייסט איבערהויפּט ניט אין וואָס דער „לויפן" באַ־שטייט? קען מען טאַקע ניט זאָגן און די גאַנצע פאָרמעלע קריטיק וואָס

ס׳קען יאָ אַרויסקומען פון „מאַטעריע״, אָדער וואָס ס׳קען ניט אַרויסקומען פון „מאַטעריע״ ברעכט צוזאַמען.

וועגן די לעצטע באַמערקונגען קען מען זאָגן, אַז זיי זיינען ניט געווענדט קעגן פּראַטן; און זיינע אַרגומענטן: ער זאָגט אויסדריקלעך אַז אים אַרט ניט ווי אַזוי מען אינטערפּרעטירט מאַטעריע, ער ווייסט וואָס פּראָצעסן אין מאַרך זיינען און וואָס דענקען איז און זאָגן אַז זיי זיינען די זעלבע זאַך מיינט זאָגן, אַז אַן אַראָמאַט פון אַ בלום איז אַ דרייעק. וואָס ס׳דאַרף מיינען, אַז ווי אַזוי מען זאָל ניט דערקלערן דעם עצם פון מאַטעריע, וועט מען אַלץ בלייבן מיטן אונטערשייד צווישן אַ פּראָצעס אין אַ מאַרך און אַ באַוואוסטזיניקן דענקען וואָס זיינען דיאַמעטראַל פאַרשיידן צווישן זיך. זאָגט ער עס טאַקע; אָבער ער זאָגט נאָך עפּעס און דאָס וואָס ער זאָגט באַווייזט, אַז ער שטייט אויפן אַלטן שטאַנדפּונקט פון „מאַטעריע״. ער זאָגט אויסדריקלעך אַז די דערקלערונג פון עוואָלוציע און דאָס אַנטשטייענדעס נייעס איז ניט מער ווי אַ ווערטערלעכע דערקלערונג. ס׳איז, הייסט עס, ניט מער ווי ווערטער, אַז פאַקטיש האָט זיך קיין זאַך ניט געביטן. דערפאַר זיינען די לעצטע באַמערקונגען געווען אַם פּלאַץ; זיי האָבן באַוויזן, אַז אַ פונדאַמענטאַלע ענדערונג איז פאַרגעקומען אין די באַגריפן און די אויסזעצונגען וואָס שטאַמען פון אַמאָליקע באַגריפן זיינען ניט שטאַנדהאַפטיק ווען מען נעמט זיי אין דער ליכט פון די מאָדערנע באַגריפן.

וואָס אָנבאַלאַנגט „דענקען״ אין שייכות צו דעם פּראָצעס וואָס קומט פאָר אינעם מאַרך איז די אַבסטראַקציע, וואָס ווערט פאַרשטאַנען אונטער „דענקען״ באַטראַכט געוואָרן אין אַ צווייטער פאַרבינדונג. איצט קען מען ניט ריידן וועגן דער אַבסטראַקציע („דענקען״) נאָר וועגן דעם באַוואוסטזיניקן פּראָצעס וואָס קומט פאָר אין צוזאַמענהאַנג מיט אַן אַקטיוויטעט אינעם מאַרך, צי קען מען דעם באַוואוסטזיניקן פּראָצעס אָננעמען פאַר דעם צווייטן אַספּעקט פון וועלכן דער ערשטער איז די אַקטיוויטעט, וואָס קומט פאָר אינעם מאַרך, אָדער פונעם פּראָצעס וואָס קומט פאָר אינעם מאַרך? פּראַט האַלט אַז מען קען דאָס ניט אָננעמען דערפאַר, וואָס דאָס וועט אָדער מיינען אַז באַוואוסטזיין איז אַן אַספּעקט פון מאַטעריע, אָדער אַן אָפּפאַל פון מאַטעריע וואָס האָט ניט קיין פונקציע. אָןביידע פאַלן געפינט מען זיך, לויט זיין מיינונג, אין אַן אוממעגלעכער פּאָזיציע.

די אוממעגלעכקייט, אָדער כמעט אוממעגלעכקייט, פון דער פּאָזיציע נעמט זיך, לויט זיין מיינונג, דערפון וואָס ווען מען נעמט אָן דעם מאַניסטישן רעאַליזם, מוז מען דעם באַוואוסטזיין אויך וועלכן ס׳איז אופן צוזאַמענברענגען מיטן מאַרך; מען מוז אָדער זאָגן אַז דער באַוואוסטזיין איז אַן אָפּפאַל (עפּיפענאָמענאָן) פון דער אַקטיוויטעט פון מאַרך, האָט ער ניט קיין פונקציע, אָדער מען מוז זאָגן אַז ער איז אַן אַספּעקט פון דער פונקציע פון דעם מאַרך, איז ער אידענטיש מיט דער פונקציע, וואָס ס׳איז אויך, לויט זיין מיינונג, ניט מעגלעך.

וואָס אָנבאַלאַנגט דעם אָפּפאַל־באַגריף ווערט ער פון קיינעם ניט פאַרטיידיקט: דער באַוואוסטזיין איז די העכסטע פונקציע וואָס די אַקטיוויטעט פונעם מאַרך האָט דערגרייכט און ניט קיין אָפּפאַל. דאָס צווייטע דאַרף אָבער דערקלערט ווערן. ער זאָגט: „איז, הייסט עס, באַוואוסטזיין אַ קוואַליטעט

פון דעם מאַרך, ער איז פולשטענדיק אידענטיפיצירט מיטן אויבערשטן טייל פון דעם מאַרך אויף דעם זעלבן אופן ווי זיינע פיזישע קוואַליטעטן. מיר קענען זאָגן אַז ער האָט אַ באַשטימטע פאָרמע, צוזאַמענשטעל, מאָס א. אַז. וו.״ אין אָט דעם פאַרגלייך ליגט עס פּראַטס טעות, אָדער דער ניט וועלן זיך אַריינטראַכטן אין דעם צווייטנס שטאַנדפּונקט. געוויס מאַכט ער דעם פאַר־גלייך בלויז כדי אַרויסצוברענגען דעם געדאַנק אַז די פּאָזיציע איז אַן אומ־מעגלעכע, פּאַקטיש אָבער אָפּערירט ער מיטן פאַרגלייך אַזוי, אַז מען קריגט דעם איינדרוק אַז ער טראַכט זיך ניט אַריין אינעם צווייטנס שטאַנדפּונקט.

ווען סעלאַרס רופט דעם באַוואוסטזיין אַן אַ קוואַליטעט פון דעם מאַרך, זאָגט ער אויסדריקלעך, אַז ס'איז אַ קאַטעגאָרישע אייגנשאַפט וואָס איז אַ רעזולטאַט פונעם עוואָלוציע־פּראָצעס, ס'איז אַ פונדאַמענטאַלע אייגנשאַפט וואָס דאַרף גענומען ווערן ווי זי פּרעזענטירט זיך און דאַרף ניט פאַרגליכן ווערן מיט קיין אַנדער אייגנשאַפט. ס'איז אַן אייגנשאַפט וואָס האָט זיך אַנט־וויקלט אין דעם מאַרך ווען דער לעצטער האָט דערגרייכט דעם מענטשלעכן צושטאַנד. דאָס איז פונדאַמענטאַל, עס דאַרף גענומען ווערן ווי עס פּרעזענ־טירט זיך.

אַזוי דאַרף מען נעמען די אייגנשאַפט פון באַוואוסטזיין ווען מען קוקט אויף איר פון דעם שטאַנדפּונקט פון דעם היסטאָרישן עוואָלוציע־פּראָצעס. נעמט מען אָבער דעם באַוואוסטזיין ווי אַ פאַקט וואָס מאַניפעסטירט זיך אין דער איבערלעבקייט פון דעם מאַרך, באַשטייט ער פון אַן עמפּינדלעכקייט, פון אַן אינערלעכער איבערלעבונג, וואָס מאַניפעסטירט זיך אַלס אַ באַוואוסט־זיין פון דער אַקטיוויטעט, אָדער פון דעם פּראָצעס וואָס קומט פאָר אין דעם מאַרך: ער איז דער צווייטער אַספּעקט פון וועלכן דער ערשטער איז די פונקציע, אָדער די אַקטיוויטעט וואָס קומט פאָר אין דעם מאַרך.

פאַרוואָס די אינטערפּרעטאַציע איז אַן אוממעגלעכע איז שווער צו פאַר־שטיין. ס'איז גראַדע די אינטערפּרעטאַציע וואָס שטימט מיטן עוואָלוציע־פּראָצעס, ווי מען נעמט אַן, אַז ער איז פאָרגעקומען אין דער אָרגאַנישער וועלט. (און דאָ איז כדאי צו באַמערקן, אַז ווען מען קומט צו די דואַליסטן און זייער אויסזעצונג צום רעאַליסטישן מאָניזם, איז מען ניט זיכער וואו דער דואַליזם הויבט זיך ביי זיי אָן, צי פון דער חיה־וועלט, צי פון דעם מענטשן, אַז בלויז ער אַנטהאַלט אין זיך אַ דואַליזם אָבער ניט די חיות; זיי קען מען דערקלערן ריין מאָניסטיש, זיי האָבן ניט קיין נשמה. פּראַט איז אין דעם פאַל ניט קיין אויסנאַם... זיין אַרגומענטאַציע איז אַזאַ אַז מען איז ניט זיכער וואו זיין דואַליזם הייבט זיך אָן).

אָבער זיין וויכטיקסטע אויסזעצונג קעגן דעם רעאַליסטישן מאָניזם איז ניט דאָס וואָס ער איז מאַטעריאַליסטיש און אויך ניט דאָס וואָס זיין פּאָזיציע איז א שווערע, נאָר דאָס וואָס די גאַנצע ארבעט איז, לויט זיין מיינונג, אַן אַרויסגעוואָרפענע, דער דואַליזם בלייבט סיי־ווי־סיי.

ער זאָגט: „די היפּאָטעזע אַז באַוואוסטזיין איז אַ קוואַליטעט פון דעם מאַרך... קען מיינען צוויי זאַכן... זי קען מיינען אַז דער מאַרך איז אַ סוב־סטאַנץ וואָס רופט אין אונדז אַרויס דעם געפיל פון וויטיק, אָדער זי קען מיינען אַז אַ געגעבענער אָביעקט, וואָס ווערט אָנגערופן מאַרך, רופט אין אונדז אַרויס די אייגנשאַפטן פון זען, אָנטאַפּן און אויך דעם געפיל פון וויטיק. אין

יעדן איינעם פון די דאָזיקע פאַלן נעמען מיר פון פאָראויס אָן אַ פילנדן איך וועלכער קריגט די סענסאַציעס. אָבער, אויב דער אויסדרוק איז אונדז מער אָנגענומען. מיר נעמען פון פאָראויס אָן א שטראָם פון באַוואוסטזיין, וועלכער ווערט באַווירקט פון דעם מאַרך. אין יעדן איינעם פון די פאַלן, איז, אַמווייניקסטנס ווי ווייט איך קען זען, האָבן מיר ניט אויפגעטאָן קיין זאַך אום צו פאַרמיידן, צו לייזן, אָדער צו וואַרפן וועלכע ס'איז שיין אויף דעם קערפּער־פאַרשטאַנד פּראָבלעם... אויך אין דער ניי־באַגריפענער טאָטאַליטעט אַנטשטייט די פּראַגע וועגן די פאַרהעלטענישן צווישן די פּסיכישע און פיזישע טיילן, אַספּעקטן, אָדער קוואַליטעטן". און ווייטער: „דו זאָגסט אונדז, אַז אויב מיר נעמען עוואָלוציע ערנסט, מיינט זי די אַנטשטייאונג פון נייע איינהייטן, אָדער גאַנצקייטן מיט נייע אייגנשאַפטן. דער מענטשלעכער אָרגאַניזם באַשטייט פון אַזאַ נייער גאַנצקייט מיט נייע אייגנשאַפטן, וועלכע זיינען מאָדעלירט לויט דער באַשטימטער אָרגאַניזאַציע. גענומען פון דרויסן אינפאָרמירט אונדז די וויסנשאַפש וועגן דער סטרוקטור און דער באַנעמונג פון דעם מענטשלעכן אָרגאַניזם, אָבער פון אינווייניק זיינען מיר אינפאָרמירט אין אונדזער באַוואוסטזיין וועגן די פּאַסירונגען פון אינעווייניק פון דעם אָרגאַניזם. דאָס איז דאָס איינציקע פּלאַץ וואו מיר געפינען זיך אין דער אינערלעכקייט פון דער נאַטור. אָדער עס צו דערקלערן אין אַנדערע ווערטער, דער איך איז פון אינעווייניק פון דער פיזישער רעאַליטעט, וועלכע ער רופט אָן זיין מאַרך. אזוי אַרום, הייסט עס, ווייסן מיר דעם מאַרך פון ביידע זייטן. דאָס איז, אין קורצע ווערטער, די לייזונג וואָס איז איצט פּאָפּולער. איך וועל זיך מודה זיין, אַז דאָס איבערראַשט און אַמוזירט מיך. דיין לייזונג איז אַז מיר זיינען פון אינעווייניק; וואָס, אויב ס'מיינט עפּעס, מיינט עס ,אַז מיר זיינען באַאָבאַכטנדע איכן, וואָס זיינען באַוואוסטזיניק אויף זאַכן. דו זאָגסט אויך, אַז מיר זיינען באַוואוסטזיניק אין אונדזער באַוואוסטזיין וועגן די פּאַסירונגען, וועגן וועלכע מיר זיינען אינפאָרמירט: דיין נייע פּאָזיציע איז אַן אויסדריקלעך דואַליסטישע. איך שטעל זיך פאָר אַז זי איז ניט אַנדערש פון דער פּסיכאָ־פיזישער אינטעראַקציע" (זע אַדווענטשורס אין פילאָזאָפיע ענד רעלידזשאָן, ז. 193).

דאָס איז די וויכטיקסטע אויסזעצונג קעגן דעם מאָניזם: דואַליזם בלייבט סיי־ווי־סיי. ער בלייבט ניט דערפאַר, וואָס מען נוצט אַ שפּראַכלעכע פאָרמע פון „איך" און „מיר", נאָר דערפאַר וואָס לויט פּראַטס מיינונג, ווערט אין אָט די אַלע פאַלן אָנגענומען די עקזיסטענץ פון אַן אַגענט אינעם אָרגאַניזם און ער נעמט עס אויף די איינדרוקן און רעאַגירט צו די פאַרשיידענע געפילן. אויב מען זאָל ניט אָננעמען די עקזיסטענץ פון אָט דעם אַגענט קומט, לויט זיין מיינונג אויס, אַז ס'איז ניטאָ ווער ס'זאָל אויפנעמען די איינדרוקן און ווער ס'זאָל רעאַגירן צו די געפילן און איבערלעבונגען: זיי אַליין קענען זיך ניט אויפנעמען און זיך זעלבסט איבערלעבן.

איז די פּראַגע, צי דער טאָפּלטער אַספּעקט ברעכט ווירקלעך צוזאַמען אויף דעם פּונקט, מוז מען ווירקלעך אָננעמען אַ דואַליזם אין דער פאָרמע פון אַן אויסערלעכן פאַקטאָר וואָס קומט אַריין אינעם מאַרך און פאָרמירט דעם „איך", אָדער, לויט דער טראַדיציאָנעלער טערמינאָלאָגיע אַ „נשמה", אָדער אַ „גייסט" וואָס קומט פון אַן אַנדער ספערע פון עקזיסטענץ, ווי פּראַט

נעמט אָן? די מאָניסטן און סעלארס צווישן זיי, זאָגן ניין, דאָס איז ניט נויטיק. און ווען מען נעמט אָן דעם נאַטוראַליסטישן אויסגאַנגס־פּונקט איז אויך ניטאָ קיין פּלאַץ פאַר אַזאַ אויסערלעכן פאַקטאָר.

סעלארס נעמט אויך אָן די עקזיסטענץ פון דער מענטשלעכער פּער־זענלעכקייט; ער נעמט אָבער אָן אַז די מענטשלעכע פּערזענלעכקייט, דער „איך", אָדער דער „מיר", באַשטייט פון דעם אָרגאַניזם גופא, ווען ער האָט זיך אַנטוויקלט צו דער מענטשלעכער מדרגה, אַז ער איז אַ נאַטירלעכער רעזולטאַט פון דעם עוואָלוציע־פּראָצעס. ער נעמט עוואָלוציע ערנסט, און ווען ער זאָגט, אַז „מיר דאַרפן אָננעמען די קאַטעגאָריעס און די באַשטימטע אייגנשאַפטן פון דער פיזיאָלאָגיע; מיר דאַרפן אָבער וויסן אַז ווי אַ צוגאָב צו זיי באַזיצט דער אָקטיווער מאַרך, אַלס כאַראַקטער־אייגנשאַפט פון זיין אינהאַלט, אַ געשטאַלטונג אַ קוואַליטאַטיוון קאָמפּלעקס, וואָס באַשטייט פון אונדזער פּערצעפּציאָנעלער דערפאַרונג", מיינט ער עס ערנסט. ער מיינט אַז דער מאַרך־פאַרשטאַנד איז מער און דאַרף פאַרשטאַנען ווערן אַנדערש ווי דער מאַרך אַליין און אַז דער באַוואוסטזיין באַשטייט ניט פון קיין פּראָצעס וואָס ווייסט זיך אַליין, נאָר פון אַ פּראָצעס וואָס ווערט אויפגענומען פון אַ פאַרשטאַנד, וואָס געפינט זיך אינערלעך אינעם מאַרך. דער פאַרשטאַנד איז דאָס נאַטירלעכע פּערמאַנענטע פון וועלכן דער באַוואוסטזיין איז אַ באַשטימטן מאָמענט איז דאָס פאַרבייגייענדע. מיט אַנדערע ווערטער קען מען דאָס זעלבע זאָגן, אַז דער פאַרשטאַנד איז דאָס פּערמאַנענטע אינעם גאַנצן מאַרך וואָס האָט זיך צונויפגעקליבן אינעם לויף פון דער מענטשלעכער דער־פאַרונג אין דער באַוואוסטזיין איז דאָס מאָמענטאַלע וואָס רעגט אָן דעם מאַרך, אָדער אַ טייל פון אים.

מען קען זען, אַז פּראַט און סעלארס (פאַרשטייט זיך, אַז דאָס מיינט ניט בלויז זיי, נאָר די צוויי געדאַנקען־גאַנגען וואָס זיי פאַרטרעטן, דעם דואַ־ליזם און מאָניזם אין די גרענעצן פון רעאַליזם) נעמען אָן די זעלבע פאַקטאָרן אויף דעם זעלבן אופן, זיי דערקלערן זיי אָבער פאַרשיידן. פאַרמעל דאַרף עס מיינען, אַז זיי צעגייען זיך ביים סוף פון זייער אויסטייטשונג די רעאַליטעט, פאַקטיש אָבער צעגייען זיי זיך ביים אָנהויב: פּראַט הויבט אָן פון „גייס־טיקע וועזנס" דורך וועלכע ער אינטערפּרעטירט די מענטשלעכע האַנדלונגען, ער הויבט אָן פון סופּערנאַטוראַליזם און סעלארס פאָלגט נאָך די נאַטוראַ־ליסטישע ליניע און דערקלערט דורך איר די מענטשלעכע האַנדלונגען. ביידע, פּראַט און סעלארס, זיינען ספּעקולאַטיווע דענקער, זיי פּרוּווּן, דורך דער לאָגיק פון דעם דענקען, זיך דערגרונטעווען צו דעם, וואָס די וויסנשאַפט־לעכע פאַקטן דערקלערן ניט, אמווייניקסטנס דערקלערן זיי עס נאָך איצט ניט.

אַזוי ווי זיי באַהאַנדלען דעם קערפּער־פאַרשטאַנד פּראָבלעם אויף אַ פאַר־מעל־ספּעקולאַטיוון אופן איז ניט שייך צו זאָגן ווער פון זיי איז גערעכט; ס'איז מער אַ פראַגע פון סימפּאַטיע מיט דעם באַטרעפנדן בליק אויף די דערשיינונגען, ווי אַ פראַגע פון וויסן. דער נאַטוראַליסטיש־געשטימטער וועט נאָכפאָלגן סעלארסן, דער מיסטיש־געשטימטער, אָדער רעליגיעז־געשטימטער אין אַלגעמיין, וועט נאָכפאָלגן פּראַטן. דער וויסנשאַפטלעך־געניגטער וועט אָבער פרעגן, איז דאָס דער איינציקער וועג אויף וועלכן, מען קען האָפן, אַז דער קערפּער־פאַרשטאַנד פּראָבלעם וועט געלייזט ווערן?

דער וויסנשאַפטלעכער צוגאַנג צום קערפּער־פאַרשטאַנד פּראָבלעם אָדער קאָנקרעט, צום מאָרך־באַוואוסטזיין פאַרבינדונג, איז באַטראַכט געוואָרן אין די פריערדיקע קאַפּיטלעך. אויף וויפיל דער צוגאַנג דערנעענטערט צו אַ לייזונג פון דער פראַגע איז פריער אָנגעוויזן געוואָרן. ווען דער וויסנשאַפט־לעכער צוגאַנג ווערט נאָכאַמאָל באַרירט, ווערט עס געטאָן כדי צו זען אויף וויפיל די צוויי צוגאַנגען קענען קאָאָרדינירט ווערן און אויף וויפיל אין צוגאַנג קען אויף וועלכן עס אופן העלפן דעם צווייטן.

אין דעם וויסנשאַפטלעכן צוגאַנג הויבט מען ניט אָן דירעקט צו דער־קלערן דאָס וואָס מען ווייסט ניט, נאָר מען הויבט אָן פון דעם וואָס מען ווייסט און דורך דעם פּרואווט מען זיך דערגרונטעוווען צו דעם וואָס מען ווייסט ניט; מען הויבט ניט אָן פון „באַוואוסטזיניקע אידייעס און אַבזיכטן”, נאָר מען הויבט אָן פון דעם אַז „די פונקטן וואו פּסיכאָלאָגיע באַגעגנט זיך מיט פיזיאָלאָגיע ליגן אין די עמאָציעס. זייענדיק באַזירט אויף דעם פילן אַזוי ווי דער באַוואוסטזיין איז באַזירט אויף פּערצעפּציע, קענען עמאָציעס פאַר־רעכנט ווערן כמעט ווי געפילן... די קערפּערלעכע אויסדרוקן פון עמאָציעס זיינען די זעלבע אין מענטשן ווי אין העכערע חיות... ס'איז ניטאָ קיין שום אומדערוואַרטעטע ענדערונג, אָדער וועלכער ס'איז ברוך אין דער קאָנטי־נואיטעט צווישן דער חיה און דעם מענטשן אפילו ניט אין יענע אייגנשאַפטן, וועלכע האָבן אַ שייכות צו גייסטיקע באַגאַבונגען”. דער אונטערשייד צווישן די צוויי צוגאַנגען איז דער, וואָס אינעם ערשטן הויבט מען אָן פון דעם סוף פון דעם עוואָלוציע־פּראָצעס און ניט קענענדיק אים דערקלערן, פּאָסטולירט מען אַ דואַליזם פון „גייסט” און „מאַטעריע” אַלס אַ ספּעציעלער סטאַטוס פון דעם מענטשן און מען טיילט אָפּ דעם מענטשן פון דער חיה־וועלט, און אין דעם צווייטן צוגאַנג ווייזט מען אָן אויף אַ פונדאַמענטאַלער אייגנשאַפט וואָס פאַרבינדט דעם מענטשן מיט דער חיה. נעמט מען דעם אויסגאַנגס־פּונקט, איז ניטאָ קיין פּלאַץ פאַר קיין דואַליזם, סיידן מען זאָל אים פירן צווישן דער אָרגאַנישער און אומאָרגאַנישער וועלט. אָבער אויב מען וועט די דואַליסטישע ליניע ווען פירן אויף דער ליניע פון דעם אונטערשייד צווישן לעבן און ניט לעבן, וועלן קומען די ביאָלאָגן־כעמיקער און זאָגן אַז זיי האָבן ניט אַזאַ ליניע. און אויב זיי האָבן זי ניט, קען זי דער ספּעקולאַטיווער דענקער אויך ניט האָבן; ער האָט זי ניט וואו צו נעמען...

הויבט מען אָן פון דעם סוף פון אַ פּראָצעס און מען איגנאָרירט אַלץ וואָס ס'האָט געפירט צו דעם באַשטימטן סוף, זאָגט מען: „ווען דו זאָגסט מיר אַז מיין דענקען איז אַ רעזולטאַט פון אַ פּראָצעס וואָס קומט פאָר אין מיין מאָרך, איז אַזוי ווי דו זאָלסט מיר זאָגן אַז דער אַראָמאַט פון אַ בלום איז אַ דרייעק”. הויבט מען אָבער אָן פון דעם אָנהויב פון אַ פּראָצעס, זאָגט מען: „דאָס זונדערבאַרסטע וועגן דער אַנטשטייאונג פון באַוואוסטזיין פון ניט באַוואוסטזיין איז ניט דאָס וואָס ס'האָט געטראָפן ווען עס איז איינמאָל אין דער ווייטער פאַרגאַנגענהייט, נאָר דאָס וואָס ס'טרעפט אין דעם לעבן פון יעדן איינעם פון אונדז. די מענטשלעכע עמבריאָ אין דעם אָנהויב פון דער אַנטוויקלונג, ווען זי האָט ניט קיין נערוון־סיסטעם און קיין חושים זי טוט ניט קיין אַנדער זאַך, אויסער דעם וואָס זי וואַקסט, האָט זי ניט קיין גרעסערע פּרעטענזיע צו באַוואוסטזיין ווי אַ פלאַנץ, זי האָט ווייניקער רעכט

אויף באַוואוסטזיין פון אַ שוואָם״. ווען מען נעמט דעם ערשטן אויסצוג אין דער ליכט פון דעם צווייטן, פרעגט זיך ווען און פון וואַנען קומט אַריין דער ספּעציעלער „איך״, וועלכער דאַרף באַלאַנגען צו אַן אַנדער ספּערע, ווען ער איז ניטאָ אין דער עמבריאָ? קומט ער טאַקע ניט אַריין...

ווען מען הויבט אָן פונעם סוף פון אַ פּראָצעס און מען רעכנט זיך ניט מיט די עוואָלוציע־פאַקטאָרן וואָס האָבן געפירט צום סוף, זאָגט מען: „די לאָגיק פון אונדזערע פאַרזוכן צו דערקלערן אונדזער מענטשלעכע דערפאַרונג טרייבט אונדז צוצוגעבן, אָדער פּאָסטולירן אַן עקזיסטירנדן וועזן, אָדער וועזנס אַלס אַ צוגאָב צו מענטשלעכע (און חיה) פאַרשטאַנדן (מיינדס), וואָס זאָלן זיין אַזוינע וואָס זיינען פייאיק צו באַווירקן די דאָזיקע פאַרשטאַנדן: דורך זייער הילף קענען מיר דערקלערן די דערפאַרונגען, וועלכע מיר קענען ניט דער־קלערן ווען מיר באַגרענעצן זיך בלויז מיט מענטשלעכע (און חיה׳שע) קוואַלן״. גייט מען אָבער צו צום מענטשן פונעם שטאַנדפּונקט פון עוואָלוציע און מען הויבט אָן פונעם אָנהויב פון דעם פּראָצעס, ווייסט מען אַז „דער באַדייטנד־סטער פאַקטאָר אין דער עוואָלוציע פונעם פאַרשטאַנד איז אַרויסגעבראַכט געוואָרן, ווען די רעגולירונג פון באַוועגונגען איז איבערגעטראָגן געוואָרן פונעם מיטלמאַרך צום נייעם מאַרך... די פאָרמירונג פון באַגריפן אין דעם מאַרך איז ניט נאָר אָפּהענגיק פון באַוואוסטזיניקע עמפּינדלעכע דערפאַרונגען, וואָס מען קריגט דורך די חושים, זיי ווערן אויך פאָרמירט דורך דער אַקטיוויטעט פון די מוסקולן, דורך דער אַקטיוויטעט פון די הענט, צום ביישפּיל... דורך אַרבעט קריגט מען דערפאַרונג״ (עליאָט סמיט, ניוראַל בייסעס אָוו טהאָט, זז. 25, 39). פּראַט, וועמענס הויבט־פאָרשונגען זיינען געווען אויפן געביט פון רעליגיע, ווענדט זיך צו איבערנאַטירלעכע וועזנס פאַר דער דערקלערונג פונעם מענטשלעכן פאַרשטאַנד און עליאָט סמיט, וועמענס ספּעציאַליטעט איז עוואָלוציע פונעם מענטשלעכן מאַרך און זיינע פונקציעס, באַהויפּטעט אַז דער הויפּט־פאַקטאָר אין דער אַנטוויקלונג פונעם פאַרשטאַנד איז געווען די ענדערונג וואָס איז פאָרגעקומען מיט דער אַנטשטייאונג פונעם נייעם מאַרך (עמפּירישע פאַקטן באַווייזן אַז דער באַוואוסטזיין אַנטשטייט אינעם מיטלמאַרך (טאַלאַמוס), זיין מענטשלעכע פאָרמע האָט צו פאַרדאַנקען דעם אויבערשטן (נייעם) מאַרך).

ניט נאָר איז אַזוי דער פּראָצעס פאָרגעקומען היסטאָריש, נאָר ער קומט איצט אויך פאָר אויפן זעלבן אופן: אַ נאָר וואָס געבוירן קינד האָט ניט קיין פאַרשטאַנד און געוויס ניט קיין „איך״ וואָס זאָל קומען פון אַן אַנדער ספּערע; דער „איך״ אָדער צו זיין מער פּינקטלעך, די מענטשלעכע פּערזענלעכקייט, איז אַ רעזולטאַט פון דער אייגענער ביאָגראַפיע; זי אַנטשטייט אין דעם קינד אין דעם מאָמענט ווען עס רעגיסטרירט אַ פּאַסירונג אויף אַזאַ אופן, אַז ס׳קען זיך דערמאָנען אין איר און וויסן אז דאָס האָט מיט אים געטראָפן. ניט וועגן קיין „איך״, וואָס קומט פון אַן אַנדער ספּערע, ווערט מען באַוואוסט־זיניק (וועגן אַזאַ „איך״ האָט יום באַוויזן, ווייסט קיין דערוואַקסענער מענטש אויך ניט): נאָר וועגן פּאַסירונגען פון דער אייגענער פאַרגאַנגענהייט: די אייגענע דערפאַרונג פאָרמירט די מענטשלעכע פּערזענלעכקייט. אַזוי ווערט דורך דער פּסיכאָלאָגיע דער „איך״ אַראָפּגעשלעפּט פונעם הימעל אויף דער ערד... זאָגט טאַקע זש. האקסלי אַז „ס׳איז פולשטענדיק קלאָר פאַר די וואָס

האָבן אויגן צו זען אַז די אַנטוויקלונג פון דער פּסיכאָלאָגיע שטעלט איצט אַרויף דעם לעצטן שטאָק אויף דער גראַנדיעזער געביידע פונעם נאַטוראַליזם. צום אַלעס ערשטן האָט זיך אָנגעהויבן מיט די הימלעשע קערפּערס, נאָכדעם מיט די טאָג־טעגלעכע פּאַסירונגען פון דער נאַטור אויף דער ערד. דערנאָכדעם די ערד גופא, איר אייגענע פאָרמאַציע. נאָך איר האָט געפאָלגט די פאַר־שיידנאַרטיקייט פון דער אָרגאַנישער קעניגרייך, נאָכדעם די אַקטיוויטעט און אַנטוויקלונג פונעם מענטשלעכן אָרגאַניזם: איינער נאָכן אַנדערן זיינען זיי אַלע געקומען צו פאַרשטאַנען ווערן אויף אַ נאַטירלעכן אופן אַן דער הילף פון איבערנאַטירלעכע פאַקטאָרן. דער מענטשלעכער פאַרשטאַנד אין זיינע פונקציעס זיינען די לעצטע דערקלערט צו ווערן אויף אַ נאַטירלעכן אופן (זע „אין וואָס איך גלויב, רעליגיע אָן אַנטפּלעקונג").

פון די עטלעכע אויסצוגן, וואָס מען וואָלט געקענט מולטיפּליצירן אָן אַן ענד, קען מען זען אַז פּראַטס „באַוויזן" פאַר דעם אמת פונעם דואַליזם זיינען אין פאַקטישן ווידערשפּרוך צו וויסנשאַפטלעכע פאַקטן וואָס קענען ניט אָפּ־געפרעגט ווערן.

פון דער צווייטער זייט, איז דער מאַניסטישער רעאַליזם, ווי ער ווערט פאַרטיידיקט פון סעלאַרן, ניט נאָר אין איינקלאַנג מיט די וויסנשאַפטלעכע פאַקטן, נאָר ער איז באַזירט אויף זיי, איז נאַטירלעך, אַז ער זאָל שטימען מיט זיי.

דער סך־הכל פון דער אָפּהאַנדלונג איז אַז דער עקזיסטענציעלער מאָ־ניזם (אַנטאָלאָגישער מאָניזם) איז אין איינקלאַנג מיט דער וויסנשאַפט, איג־ספּירירט פון איר און דערגאַנצט זי דורך אַ ברייטערער גענעראַליזאַציע פון די פאַקטן. דער רעאַליזם, וואָס וויל בלייבן דואַליסטיש אין באַצוג צו דער רעאַליטעט פון דער וועלט (אַנטאָלאָגישער דואַליזם), איז באַזירט אויף רעלי־גיעזע באַגריפן, אינספּירירט פון זיי און זיינע פונדאַמענטאַלע טעזיסן זיינען אין אַקטועלן ווידערשפּרוך צו די וויסנשאַפטלעכע פאַקטן, און אפילו דאָרט וואו זיי זיינען ניט אין ווידערשפּרוך צו די אַקטועלע וויסנשאַפטלעכע פאַקטן, פירן זיי אַריין אַ בראָך אין דער גאַנצקייט און איינהייטלעכקייט פון די נאַ־טור־דערשיינונגען.

די געשיכטע פון דער וויסנשאַפט האָט באַוויזן, אַז דער שטאַנדפּונקט וואָס איז באַזירט אויף דער וויסנשאַפט און ברענגט אַריין אַ ברייטערע גענעראַליזאַציע אין די פאַקטן, אַנטהאַלט אין זיך אַ פונדאַמענטאַלן אמת. נעמענדיק אין אַנבאַטראַכט אַט די דאָזיקע דערפאַרונג ווערט סעלאַרס ספּע־קולאַטיווע מיינונג, וועגן דער קערפּער־פאַרשטאַנד פאַראייניקונג, אָנגענומען אַלס די לאָגישע דערגאַנצונג פון די וויסנשאַפטלעכע פאַקטן. ס'ווערט אָנגע־נומען אַז דער מאַרך־פאַרשטאַנד איז מער און דאַרף פאַרשטאַנען ווערן אַנ־דערש ווי דער מאַרך גענומען פאַר זיך. דער מאַרך־פאַרשטאַנד מיינט דער מאַרך גענומען צוזאַמען מיט זיין אינהאַלט, אויף וועלכן מען ווערט באַוואוסט־זיניק אין דער אינערלעכער איבערלעבונג. דער „מער" מיינט אָבער ניט אַז עפּעס ווערט צו אים צוגעגעבן אין מאָס, וואָג, פאָרמע אָדער אויף וועלכן טיוון כאַראַקטער וואָס באַשטייט פון דער אינערלעכער באַוואוסטזיניקער איבערלעבונג וואָס איז דער צווייטער אַספּעקט פון וועלכן דער ערשטער איז ס'איז אַנדערן קוואַנטיטאַטיוון אופן. דאָס צוגעגעבענע איז פון אַ קוואַליטאַ־

דער פּראָצעס וואָס קומט פאָר אין דעם מאַרך. ווען מען וויל אילוסטרירן אַנאַלאָגיש דעם „צוגאָב" קען מען עס טאָן דורך אַ פאַרגלייך צו דער ענדע־רונג וואָס ס'קומט פאָר ווען מען פאַרוואַנדלט די צוויי גאַזן, וואַסערשטאָף און זויערשטאָף אין וואַסער: ס'אַנטשטייט אַ נייע קוואַליטעט (וואַסער), וואָס קען ניט פאַרגליכן ווערן מיט דעם וואָס ס'האָט פריער עקזיסטירט; דאָס מיינט אַ קאַטעגאָרישע אייגנשאַפט.

ווען מען פאַרשטייט דעם פונדאַמענטאַלן געדאַנק ווערט קלאָר וואָס ס'מיינט אַז אינעם אייגענעם באַוואוסטזיין געפינט מען זיך אין דער אינער־לעכקייט פון דער רעאַליטעט פון דער וועלט. גאַנץ איינפאַך: מען נעמט אָן אַז די רעאַליטעט איז איינע, זי מאַניפעסטירט זיך נאָר אויף צוויי אופנים. ווען מען שטודירט דעם מאַרך פיזיאָלאָגיש, באַטראַכט מען דעם פּראָצעס פון דער אויסערלעכקייט פון דער רעאַליטעט; אינעם באַוואוסטזיין פילט מען דאָס אינערלעכע פון דער זעלבער רעאַליטעט.

ערשט, ווען מען פאַרשטייט דעם געדאַנק געניי, באַגרייפט מען דעם קריטישן רעאַליסטס דערקענטעניש־טעאָריע, אַז דער וויסן באַשטייט פון אַן אינהאַלט אינעם פאַרשטאַנד פון זאַכן און דערשיינונגען וואָס געפינען זיך אויסער דעם מענטשן. די רעאַליטעט איז טאַקע איינע, ווען אָבער די חושים ווערן פון איר סטימולירט, רופט דער פּראָצעס, וואָס קומט פאָר אינעם מאַרך, אַרויס דעם באַוואוסטזיין פון די זאַכן און די דערשיינונגען וואָס געפינען זיך אין דער אויסערלעכער וועלט און וואָס האָבן סטימולירט די חושים און דעם פּראָצעס אין דעם מאַרך: די רעאַליטעט און דער וויסן וועגן איר. ווערן אַזוי אַרום פאַראייניקט. דאָס איז ווי ווייט מען קען גיין

ס'איז ניט נויטיק צו ווידערהאָלן דאָס, וואָס איז פיל מאָל באַטאָנט געוואָרן אינעם לויף פון דער אָפּהאַנדלונג, אַז ס'ווערט ניט באַהויפּטעט אַז ווען מען נעמט אָן דעם שטאַנדפּונקט ווערן געלייזט אַלע פונדאַמענטאַלע פּראָבלעמען, אָדער, אַמווייניקסטנס, די פּראָבלעמען וואָס זיינען פאַרוויקלט אינעם מאַרך־פאַרשטאַנד פּראָבלעם, פאַר קיין פאַל ניט. אמת, סעלאַרס גייט אַ סך ווייטער אין זיינע פילאָזאָפישע ספּעקולאַציעס אין פאַרבינדונג מיטן קערפּער־פאַר־שטאַנד פּראָבלעם, ווי די באַמערקונגען. ער דערקלערט די שייכות פון קוואַליטעט צו קוואַנטיטעט אין פאַרבינדונג מיט די קאַטעגאָריעס פון צייט און רוים, אָדער צייט־רוים אין שייכות צו באַוואוסטזיין א. אַז. וו. אָבער אפילו ער וועט געוויס ניט באַהויפּטן אַז זיין שטאַנדפּונקט לייזט אַלע פּראָ־בלעמען. דאָס העכסטע וואָס מען קען זאָגן איז, אַז דער שטאַנדפּונקט ווייזט אָן אויף דער ליניע, וואָס מען דאַרף נאָכפאָלגן אום צו קענען האָפן צו געפינען אַזאַ לייזונג. די ליניע קען מען זאָגן איז, אַז ווען מען הויבט אָן פון דער פיזיאָלאָגיע (פּראָצעס אין דעם מאַרך), קען מען אָנהויבן מיט קעמפּיאַנס היפּאָטעזע וועגן אַ „צירקולאַציע" וואָס קומט פאָר אין דעם מאַרך. ווען דער מאַרך דערגרייכט די מענטשלעכע מדרגה, נעמט די דאָזיקע ציר־קולאַציע אָן די פאָרמע וואָס העד האָט אַרויסגעבראַכט אין זיינע פאָרשונגען פון די אפאזיעס און זי, די צירקולאַציע, מאַניפעסטירט זיך דורך באַוואוסט־זיניקע פּראָצעסן אַלס באַדייטונגען און באַגריפן לויט סעלאַרס אַלגעמיינער עפּיסטאָמאָלאָגישער אינטערפּרעטאַציע. הויבט מען אָן פון דער אינערלעכער זייט, פון דעם באַוואוסטזיין, קען מען די זעלבע ליניע ציען אין דער קעגנ־

געזעצטער ריכטונג. דער פּראָצעס קען געפירט ווערן הין און צוריק דערפאַר, וואָס ער באַשטייט פון צוויי אַספּעקטן פון איין דערשיינונג.

דאָס איז אַזוי ווייט וואו מען קען ציען די ליניע לויט די פאַקטן און לויט די היפּאָטעזן וואָס מען באַנוצט אַז זיי זאָלן דערגאַנצן די פאַקטן. אויף די פראַגן וואָס צירקולירט אינעם מאַרך און ווי אַזוי צירקולירט עס? וואָס איז לאָקאַליזירט אין דעם מאַרך און ווי אַזוי איז עס לאָקאַליזירט? ווי אַזוי אַ פּראָצעס מאַניפעסטירט זיך אין באַדייטונגען אַלס באַוואוסטזיניקע איבערלעבונג? אָט די אַלע פראַגן וואַרטן נאָך אויף אַ לייזונג. דאָס מיינט אָבער ניט, אַז מען דאַרף זיך ווענדן צום איבער־נאַטירלעכן און צום אויסערנאַטירלעכן און דורך דעם „לייזן" נאַטירלעכע פּראָבלעמען. די מענטשלעכע דערפאַרונג זאָגט ניין. אַלע פּראָבלעמען וואָס זיינען ביז איצט געלייזט געוואָרן, זיינען געלייזט געוואָרן אויף אַ נאַטירלעכן אופן. דאַרף מען ווייטער נאָכפאָלגן די נאַטירלעכע ליניע וואָס וועט ענדלעך פירן צו דער לייזונג. צוזאַמען מיט שערינגטאָנען דאַרף מען אָננעמען, אַז „הגם צוריק מיט 60 יאָר האָט אַ פיזיאָלאָג געזאָגט, אַז וועגן דער שייכות פונעם מאַרך צום פאַרשטאַנד וועלן מיר מוזן בלייבן אומוויסנד (איגנאָראַבימוס), דענקען מיר היינט ווייניקער ווי נעכטן, אַז די ענדגילטיקע גרענעצן פון פאָרשונג זיינען שוין דערגרייכט געוואָרן. דער פּראָבלעם, וואָס איך האָב באַרירט אין אַלגעמיינע שטריכן, האָט אַמווייניקסטנס די מעלה וואָס ער וועט געבן דעם פאָרשער דעם פאַרגעניגן פון וואַנדערן, וואָס איז בעסער ווי פאַרבלייבן שטיין אויף איין אָרט. דער פאַרגעניגן נעמט זיך דערפון, וואָס ווען מען וואַנדערט איז פאַראַן אַ מעגלעכקייט אַז מען זאָל דערגרייכן דעם געוואונטשטן אָרט. אַ סך פון אונדז דענקען אַז מיר וועלן ענדלעך דערגרייכן דעם ענד־ציל פון דער פאָרשונג" (פון דער ריד־לעקציע „בריין ענד איטס מעכאַניזם").

ווען די אָפּהאַנדלונג וועגן דעם קערפּער־פאַרשטאַנד פּראָבלעם (מאַרדבאַוואוסטזיין פאַראייניקונג) איז שוין געווען פאַרענדיקט איז אינעם זעלבן זשורנאַל (פילאָסאָפיקאַל רעוויו, סעפּט. 1938) וואו עס איז געווען געדרוקט פּראַטס קריטיק פון סעלאַרס שטאַנדפונקט, דערשינען אַן ענטפער צו פּראַטן פון סעלאַרן. דער ענטפער איז ניט געשריבן אין דער פאָרמע פון אַ פּאָלעמיק, נאָר אין דער פאָרמע פון אַ דערקלערונג פון דער אייגענער פּאָזיציע. דער איינדרוק פון דער דערקלערונג איז אַז פּראַט האָט זיך לכתחילה ניט געשטעלט אויף סעלאַרס שטאַנדפונקט און דאָס מיינט שוין אַז די גאַנצע קריטיק איז פאַקטיש באַשטאַנען פון אַ דערקלערונג פון זיין אייגענעם דואַליסטישן שטאַנדפונקט און ניט קיין קריטיק קעגן סעלאַרסן, וועמענס שטאַנדפונקט ער האָט פאַקטיש ניט באַרירט.

אַזוי ווי דערקענטעניש־טעאָריע פון דער אַרבעט איז געפירט געוואָרן אין סעלאַרס ליניע, הגם ניט לויט זיין פאָרמע און אינעם לעצטן קאַפיטל איז ניט נאָר גענומען געוואָרן זיין אויסגאַנגס־פונקט, נאָר פּראַטס קריטישע אויסזעצונגען זיינען אַנאַליזירט געוואָרן אין דער ליכט פון זיין שטאַנדפונקט, איז ניט מער ווי רעכט אַז די אַרבעט זאָל פאַרענדיקט ווערן מיט זיין ענטפער צו פּראַטן... אים קומט דאָס לעצטע וואָרט אויך דערפאַר וואָס פּראַט גיט צו (און ער איז ניט דער איינציקער וואָס האָט די מיינונג) אַז סעלאַרס דערקלערונג פונעם קערפּער־פאַרשטאַנד פּראָבלעם איז די בעסטע

וואָס איז ביז איצט געגעבן געוואָרן. סעלארס זאָגט, אַז ער האָט זיך באַשעפ־טיקט מיטן פּראָבלעם 31 יאָר ; אַזוי אַז אַרום איז ער באַרעכטיקט צום לעצטן וואָרט.

אין זיין לעצטן אַרטיקל שטרייכט ער אונטער די דריי קאַרדינאַלע פּונקטן וועלכע מען דאַרף אין זינען האָבן, ווען מען וויל פאַרשטיין זיין מאַרך־באַוואוסטזיין פאַראייניקונג ; מען דאַרף אין זינען האָבן 1) די דער־קענטעניש־טעאָריע וואָס ער פאַרטיידיקט, 2) דעם באַגריף פון אָרגאַניזאַציע, אָדער געשטאַלט, ווי ער ווערט לעצטנס פאַרשטאַנען אין דער פילאָזאָפיע און 3) די עוואָלוציע פון ווערן (אימאַרגאַנטע עוואָלוציע) לויט וועלכער דאָס ניי־דערשיינענע ווערט גענומען קאַטעגאַריש אַלס אַ נייע דערשיינונג און ווערט ניט רעדוצירט צום פריערדיקן און דערקלערט דורך דעם.

פאַרשטייט זיך, אַז ס'איז ניט נויטיק צו ווידערהאָלן די דערקענטעניש־לערע, ס'איז אָבער ניט אויסער פּלאַץ צו אונטערשטרייכן אַז די אייגנשאַפט וואָס ווערט אָנגערופן עמפּינדלעכקייט און וואָס אינעם מענטשן מאַניפעסטירט זי זיך אין וויסן און אין באַוואוסטזיין איז גענומען געוואָרן אַלס די פונדאַ־מענטאַלסטע אין דער נאַטור : דער בויגן זיך פון דער פלאַנץ צו דער ליכט, דער דערשפּירן אַ געפאַר און דער אַנטלויפן פון דעם הירש און דער באַ־וואוסטזיניקער רעאַגירן צו אַ סטימול פון דעם מענטשן זיינען גענומען גע־וואָרן ווי גראַדאַציעס פון אַן איינהייטלעכער דערשיינונג. דאָס וואָס ווהיי־טהעד רופט אָן אַלגעמיינע „פּרעהענציע" (ווירקונג) און אין דעם מענטשן ווערט עס „אַפּרעהענציע" (באַוואוסטזיניק ווערן וועגן דער ווירקונג) איז אָנגערופן געוואָרן באַדייטונג אינעם ברייטן ביאָלאָגישן זין פון וואָרט. אין דער פּלאַנץ און אין דער חיה מאַניפעסטירט זיך די פונדאַמענטאַלע באַדייטונג דורך דעם רעאַגירן צו אַ סטימול. אינעם מענטשן, מיט זיין אַנטוויקלטן מאַרך, איז ווען אַן אַקטיוויטעט קומט פאָר אין דער צענטראַלער נערוון־סיסטעם, אינעם מאַרך, מאַניפעסטירט זיך די באַדייטונג (דאָס עמפּינדלעכע) אין דער פאָרמע פון אַ באַוואוסטזיין. דער באַוואוסטזיין איז דער צווייטער אַספּעקט פון דער אקטיוויטעט וואָס קומט פאָר אינעם מאַרך. אַזוי ווי ס'איז די זעלבע דערשיינונג גענומען פון אַ צווייטן אַספּעקט, איז ניטאָ קיין פּלאַץ פאַר קיין דואַליזם מיט אַ באַזונדערן „איך"

ווען ער (סעלארס) רעדט וועגן דעם מאַרך־פאַרשטאַנד אַלץ מער ווי דער מאַרך אַליין, ווי ער ווערט גענומען פונעם פיזיאָלאָג, האָט ער אין זינען די קאַטעגאָרישע אייגנשאַפט פון באַוואוסטזיניקייט אויף דעם פּראָצעס וואָס קומט פאָר אינעם מאַרך. אָט די אייגנשאַפט באַשטייט אָבער פון אַן אייגענער איבערלעבונג וואָס קען ניט אָביעקטיוויזירט ווערן און באַטראַכט ווערן פון דרויסן. דאָ קומט ער צום צווייטן פּונקט וואָס ער רופט אָן אָרגאַניזאַציע, אָדער געשטאַלטונג און וואָס איז אין אַלגעמיין באַוואוסט אונטער דעם נאָמען אָרגאַנישער בליק אויף דערשיינונגען. לויט דעם אָרגאַנישן בליק איז דאָס גאַנצע, דער אָרגאַניזם, מער און פאַרשיידן פון די טיילן. נעמט מען דעם מענטשן מיט דער פונקציע וואָס קומט פאָר אין זיין מאַרך פון דעם ברייטן אָרגאַנישן בליק איז דער באַוואוסטזיין אַ טייל פון דער פונקציע. די דואַ־ליסטן אָבער (פּראַט) נעמען דעם מאַרך אַזוי ווי מען קוקט אויף אַ מאַשין ; זיי באַטראַכטן אים בלויז פון זיין אויסערלעכקייט, איז אַזוי ווי די אינערלעכע

איבערלעבונג ווערט לכתחילה ניט גענומען צוזאַמען מיט דעם מאַרך, ווערט זי צוגעשריבן צו אַן אַנדער ספערע, צו דער ספערע פון גייסט אַלס באַזונדערע עקזיסטענץ (פאַקטיש איז דאָס זייער אויסגאַנגס־פּונקט). סעלאַרס זאָגט: „די דואַליסטישע טענדענץ איז צו האַלטן אַז דער מאַרך איז געזונגנד באַוואוסט דורך דער אויסערלעכער פאַרשונג. דאָס איז פּראַטס אויסגאַנגס־פּונקט, דער פאַרגלייך איז צו אַ מאַטעריעלער סיסטעם וואָס נעמט ניט קיין אָנטייל (לעבט אַליין ניט איבער) אין דער אינערלעכקייט פון דער אַקטיוויטעט וואָס קומט פאָר" (דאָרטן). פאַרשטייט זיך, אַז ווען מען נעמט אַ דואַליסטישן אויס־גאַנגס־פּונקט קען מען ניט קומען צו קיין מאָניסטישן שלוס... מען קען אָבער אויך ניט קריטיקירן קיין מאָניסטישן שטאַנדפּונקט ווען מען אָפּעריִרט ניט מיט זיינע טעזיסן... דאָס זאָגט טאַקע סעלאַרס צו פּראַטן, הגם ער זאָגט עס אויף אַן אײדעלן און אומדירעקטן אופן, באַטאָנענדיק זיין אייגענע פּאָזיציע...

דאָס פירט צום דריטן און וויכטיקסטן פּונקט, צום פילאָזאָפישן שטאַנד־פּונקט פון דער אימאַרגאַנטער עוואָלוציע, גענומען אינעם גאָר ברייטן זין פון וואָרט, לויט וועלכן דער פאַרשטאַנד ווערט גענומען אַלס פּראָדוקט פונעם עוואָלוציע־פּראָצעס. פּראַט נעמט דעם שטאַנדפּונקט ניט אָן, ער רופט אים אָן אַ ווערטערלעכע דערקלערונג. געוויס האָט ער אַ רעכט דערצו. סעלאַרס נעמט אָבער אָן דעם שטאַנדפּונקט פון עוואָלוציע און דערקלערט דעם מאַרך־פאַרשטאַנד פון אָט דעם דאָזיקן שטאַנדפּונקט. מיינט עס, אַז זיי האָבן ניט קיין געמיינשאַפטלעכן פּונקט (פאַקטיש האָבן זיי ניט קיין געמיינשאַפטלעכן פּונקט אויף דער גאַנצער ליניע), וועלכן זיי וואָלטן געקענט נוצן פאַר אַן אויסגאַנגס־פּונקט און אַרום אים פירן די דיסקוסיע. מעגלעך, אַז דערפאַר טאַקע באַטאָנט ער אַזויפיל זיין אייגענעם שטאַנדפּונקט און שטעלט זיך אַזוי וויניק אָפּ אויף פּראַטס קריטיק, ער זעט אַז זיי האָבן ניט קיין געמיינ־שאַפטלעכן פּונקט. ווי ס'זאָל ניט זיין, האַלט ער אַז פּראַטס פּאָזיציע איז אַ שוואַכע און אַ וואַקלדיקע און אַז ער ווערט מער און מער געטריבן צו זיין פּאָזיציע (ער זאָגט עס אויסדריקלעך אין אַ באַמערקונג).

פּראַטס וויכטיקע אויסזעצונג קעגן דעם מאָניזם, סעלאַרס שטאַנדפּונקט אַריינגערעכנט, איז וואָס דער דואַליזם בלייבט סיי־ווי־סיי, דער „איך" ווערט ניט אינטעגרירט אין דער אָרגאַנישער נאַטוראַליסטישער סיסטעם; ער בלייבט אויסער איר אַלס אַ צוגאָב וואָס קומט פון אַן אַנדער ספערע פון זיין. פאַר־שטייט זיך, אַז אויב דאָס זאָל זיין ריכטיק, האָט די גאַנצע מאָניסטישע גע־ביידע קיין שום באַדייטונג ניט: דער דואַליזם בלייבט ווי געוועזן.

אויף דעם ענטפערט סעלאַרס אַז וואָס ס'בלייבט איז די שפּראַכלעכע פאָרמע וואָס מאַכט אויפן דואַליסט דעם איינדרוק אַז אַ דואַליזם בלייבט. געוויס בלייבט פאַר פּראַטן דער דואַליזם דערפאַר, וואָס ער נעמט אָן אַ דואַליסטישן אויסגאַנגס־פּונקט אפילו דעמאָלט, ווען ער אַנאַליזירט דעם מאָניזם.

אין אַ נאָך־באַמערקונג צו זיין אַרטיקל וועגן פּראַטס בוך „פּערסאָנאַל רעאַליזם", וואָס איז געדרוקט געוואָרן נאָך דעם ווי זיין אַרטיקל איז געווען פאַרטיק, זאָגט סעלאַרס: פּראַט באַהויפּטעט נאָך אַמאָל (אין פּערסאָנאַל רעאַליזם) אַז איך שרייב אַזוי ווי איך זאָל אָננעמען די עקזיסטענץ פון אַן

„איך“, אַז איך נוץ אַזוינע אויסדרוקן ווי„ מיר באַוואוסטזיניקע אַנטיילנעמער“, „מיר באַוואוסטזיניקע וועזנס געפינען זיך אין דער אינטערלעכקייט פון דער רעאַליטעט“ א. אַז. וו. געוויס גלויב איך אין אַ רעאַלער פערזענלעכקייט וואָס באַשטייט פון דעם אָרגאַניזם און מיר נעמען אָן אַז ער פונקציאָנירט דורך פאַר־לאַנגען, באַטראַכטונגען, דורך אויסקלייבן א. אַ. וו. דער דואַליסט שטעלט אונטער אויפן פּלאַץ פון דעם פונקציאָנירנדן אָרגאַניזם אַן עקס, וועלכער פּרעטענדירט צו וויסן אויף דעם זעלבן שטייגער ווי דער אָרגאַניזם. ער אַרגומענטירט אָבער אַז דאָס קען ניט זיין דער אָרגאַניזם זעלבסט. איך וואָלט געקענט אָפּעלירן צום פּרינציפּ פון פּאַרסימאָניע (ניט ארייננברענגען קיין אומנויטיקע פאַקטאָרן ווען מען קען זיך באַגיין אָן זיי). איך גלויב אָבער אַז פּראָט ווערט ביסלעכווייז געשטויסן דורך דעם קריטישן רעאַליזם און דורך דער אימאָרגאַנטער עוואָלוציע אין דער ריכטונג פון נאַטוראַליזם“. דאָס איז סעלארס ענטפער.

אויך די אַרבעט וועט פאַרענדיקט ווערן מיט אַ באַמערקונג. סעלארס איז ווי פּראָט אַ ספּעקולאַטיווער דענקער, נוצט ער דעם ספּעקולאַטיוון מעטאָד צו דערקלערן זיין שטאַנדפּונקט. ספּעקולירן וועגן פונדאַמענטאַלע פראַגן איז כאַראַקטעריסטיש פאַרן מענטשלעכן פאַרשטאַנד. די ספּעקולאַטיווע מיינונ־גען זיינען אי אינטערעסאַנט אי נוצלעך; זיי זיינען אינטערעסאַנט דערמיט, וואָס זיי גיבן א לאָגישן ענטפער אויף דעם וואָס מען קען דערווייל ניט דערקלערן עמפּיריש. זיי זיינען נוצלעך דערמיט, וואָס די ענטפערס טרייבן צו עקספּערימענטירן און פאָרשן: אָן ספּעקולאַטיווע מיינונגען וואָלט ניט געווען קיין וויסנשאַפט, ס'וואָלט ניט געווען וואָס צו זוכן...

קאָנקרעטע פראַגן ווערן אָבער ניט געלייזט אויף קיין אַבסטראַקטן ספּע־קולאַטיוון אופן, נאָר דורך עקספּערימענטן און פאָרשונגען. דער מאַרך־באַוואוסטזיין פאַרבינדונג איז אַ קאָנקרעטער פּראָבלעם, דערפאַר איז דאָס קאַפּיטל פריער פאַרענדיקט געוואָרן מיט שערינגטאָנס אַ מיינונג, ער איז אַן עקספּערימענטאַלער פאָרשער...

וועגן ספּעקולאַטיווע מיינונגען איז אין דער אַרבעט אָנגענומען געוואָרן צוזאַמען מיט ווהייטהעדן, אַז וואָס מ'זאָל ניט שטודירן און פאָרשן וועט מען פריער אָדער שפּעטער קומען צו אַ פּונקט וואו מען וועט מוזן בלייבן שטיין, פאַר אַ פונדאַמענטאַלער פראַגע. די פאַקטן וועלן ווייטער ניט פירן. פאַרן ווייטערדיקן וועט מען נאָר האָבן דעם פרייען אויסוואַל; דאַרף אָנגענומען ווערן אַז דער פרייער אויסוואַל פון דעם וואָס מען ווייסט ניט דאַרף זיין אין איינקלאַנג מיט דעם וואָס מען ווייסט יאָ און דאַרף באַשטיין פון אַ דערגאַנצונג פון דעם וואָס מען ווייסט. סעלארס איז גענומען געוואָרן אַלס אויסגאַנגס־פּונקט אין דעם ספּעקולאַטיוון טייל דערפאַר, וואָס ער פילאָזאָ־פירט אין די גרענעצן פון די וויסנשאַפטלעכע פאַקטן וואָס מען ווייסט און ער דערגאַנצט זיי לויט דעם וואָס מען ווייסט. זיין פילאָזאָפיע קען אָנגערופן ווערן די פילאָזאָפיע פון דער וויסנשאַפט.

# ביבליאָגראַפיע

די דאָזיקע ביבליאָגראַפיע שליסט בלויז איין ווערק, וואָס ווערן דער־
מאָנט אין בוך, זי שליסט ניט איין קיין רעפּערענץ־ווערק וואָס זיינען באַנוצט
געוואָרן פאַר דער אַרבעט.

---


## A

**Adrian, E. D.**
The Basis of Sensation.

**Alexander, J.**
Encyclopaedia Colloidal Chemistry, Vol. 2.

**Alexander, S.**
Space, Time and Deity.
Spinoza and Time.

**Allord, H. A.**
Our Insect Instrumentalists and Their Musical Technique, Smithsonian Report, 1928.

**Aristotle.**
The Metaphysics.
On the Soul "De Anemae."
"De Coela"—Ritter's History of Ancient Philosophy, Vol. 3.

## B

**Bohr, N.**
"Causality and Complimentarity"—Philos. of Science, 1937.

**Bentley, M.**
Psychologies of 1925.

**Bentwich, N.**
Hellenism.

**Bergson, H.**
The Two Sources of Morality and Religion.
Creative Evolution.
Mind-Energy.
Matter and Memory.

**Berkeley, G.**
The Principles of Human Knowledge.

**Bianchi, L.**
The Mechanism of the Brain and the Function of the Frontal Lobes.

**Bierens, de Hans.**
"Animal Language in Relation to Human Language." Biological Review, 1929.

**Bolton, J. S.**
The Brain in Health and Disease.

**Boring, E. G.**
The Physiology of Consciousness, in Science, 1932.
Psychologies, 1930.

**Bouvier, E. L.**
The Psychic Life of Insects.

**Bradley, F. H.**
Appearance and Reality.

**Bragg, W.**
Concerning the Nature of Thinas.

**Breasted, J. H.**
The Conquest of Civilization.

**Broad, C. D.**
Scientific Thought.

**Brodeur, A. G.**
The Pageant of Civilization.

**Burtt, E. A.**
Metaphysical Foundations of Modern Science.

## C

**Caird, E.**
The Evolution of Theology—in the Greek Philosophers, 2 Vols.

**Campion, G., and Smith, G. E.**
The Neural Basis of Thought

**Carr, H. W.**
Leibniz.
Life and Matter, 6th. Inter. Congress of Philosophy.

**Cassirer, E.**
Substance and Function and Einstein's Theory of Relativity.

**Cleland, H. F.**
Our Prehistoric Ancestors.

**Cleveland, F. A.**
Modern Scientific Knowledge of Nature, Man and Society.

**Cohen, M. R.**
Reason and Nature.

**Conger, G. P.**
New Views of Evolution.

**Conklin, E.**
Heredity and Environment, 3rd Edition.
The Mechanism of Evolution in the Light of Heredity and Development, Science, 1919.

**Cousin, M. V.**
Course of the History of Modern Philosophy, 2 Vols.

**Curtis, W. C.**
Science and Human Affairs from the Viewpoint of Biology.

**D**

**D'Arcy, Archbishop C. F.**
The Christian Outlook in the Modern World.

**Darwin, C. G.**
The New Conception of Matter.

**De Laguna, G.**
Speech, Its Development and Functions.

**De Laguna, T.**
Contemporary American Philosophy, Vol. 1.

**Descartes, R.**
Discourse on Method.
Meditations.
Selections from the Principles of Philosophy.

**Dewey, J.**
Essay "The Need For a Recovery of Philosophy," contained in the book, Creative Intelligence.
Experience and Nature.
The Quest for Certainty: A Study of the Relation of Knowledge and Action.

**Dodds, E. R.**
Neoplatonism.

**Draper, J. W.**
History of the Intellectual Development of Europe, 2 Vols.

**Drummand, J.**
Philo Judaeus.

**Driesch, H.**
Individuality.

**Dunham, C. F.**
Christianity in a World of Science.

**Durken, B.**
Experimental Analysis of Development.

## E

**Eddington, A. S.**
New Pathways in Science.
Science and the Unseen World.
The Nature of the Physical World.

**Einstein, A.**
1. Epilogue, contained in Planck's "Where Is Science Going?"
2. "On the Method of Theoretical Physics," Journal of Philosophy, 1934.

**Einstein, A., and Infeld, L.**
The Evolution of Physics.

**Eldridge, S.**
The Organization of Life.

**Elliott, H. S. R.**
Modern Science and the Illusions of Prof. Bergson.

**Emmet, D. M.**
Whitehead's Philosophy of Organism.

**Erdman, J. E.**
A History of Philosophy, 3 Vols.

**Eucken, R.**
Can We Still Be Christians?
The Life of the Spirit.

## F

**Farrar, F. W. Dean**
The Bible, Its Meaning and Supremacy

**Fuller, B. A. G.**
History of Greek Philosophy.

## G

**Garrison, F. H.**
History of Medicine.

**Gartner, R. A.**
Biochemistry and the Problem of Evolution, Scientific Monthly, 1930.

**Gompers, T.**
Greek Thinkers—A History of Ancient Philosophy, 4 Vols.

**Goldenweiser, J. A.**
1. Early Civilization.
2. History, Psychology and Culture.

**Graham, Rev. J. E.**
The Way of the Skeptic.

**Gregory, W. K.**
1. Our Face from Fish to Man.
2. "The Lineage of Man" contained in "Creation by Evolution by F. Mason.
3. "Evolution of the Primates and Man"—A Source Book. in Anthropology, Kroeber & Waterman.

**Gremier, A.**
The Roman Spirit.

**Griffith, C. R.**
General Introduction to Psychology.

## H

**Haldane, J. B. S.**
1. Essay, "The Origin of Life," contained in book "Science and Human Life."
2. The Causes of Evolution.

**Haldane, J. S.**
The Sciences and Philosophy.

**Hankins, F. H.**
An Introduction to the Study of Society.

**Harnack, A.**
"Neo-Platonism"—Encycl. Britannica, 10th Edition.

**Haslett, A. W.**
Unsolved Problems of Science.

**Head, H.**
1. Aphasia and Kindred Disorders of Speech, 2 Vols.
2. Studies in Neurology, 2 Vols.

**Hegel, G. W. F.**
The Philosophy of History.

**Heidbreder, Edna.**
Seven Psychologies.

**Helmholtz, H.**
Popular Lectures on Scientific Subjects.

**Henderson, L. J.**
The Order of Nature.

**Herrick, C. J.**
Brains of Rats and Men.

**Hingston, R. W. G.**
Instinct and Intelligence.

**Hobbes, T.**
The Metaphysical System of Hobbes.

**Heffding, H.**
A History of Modern Philosophy, 2 Vols.

**Hogben, L.**
The Nature of Living Matter.

**Holmes, J. H.**
"The Religion of the Future" contained in the book, Religion Today.

**Hooton, E. A.**
1. Homo Sapiens — Whence and Whither, article in Science, July, 1935.
2. "The Asymetrical Character of Human Evolution"— A Source Book in Anthropology, Kroeber & Waterman.

**Hopkins, F.**
"Some Chemical Aspects of Life"—Nature, 1933.

**Hume, D.**
An Enquiry Concerning Human Understanding and Selections from a Treatise of Human Nature.

**Hurst, C. C.**
Heredity and the Ascent of Man.

**Husik, I.**
A History of Mediaeval Jewish Philosophy.

**Huxley, J.**
1. Ants.
2. Religion Without Revelation.

**Huxley, J. S.; Haddon, A. C.; Carr-Saunders, A.**
We Europeans: A Survey of "Racial" Problems.

**I**

**Inge, W. R. Dean.**
The Philosophy of Plotinus, 2 Vols.

**J**

**James, W.**
1. A Pluralistic Universe.
2. Pragmatism.
3. Radical Empiricism.

**James, E. O.**
The Beginnings of Man.

**Jeans, Sir James**
1. Man and the Stars.
2. The New Background of Science.
3. The Universe Around Us.

**Jennings, H. S.**
1. Genetics.
2. The Biological Basis of Human Nature.
3. Genetic Variations in Relation to Evolution.

**Joachim, H. H.**
Study in the Ethics of Spinoza.

**Joad, C. E. M.**
Philosophical Aspects of Modern Science.

**Jones, F. Wood**
Man's Place Among the Mammals.

**K**

**Kant, Emmanuel.**
Prolegomena.

**Keith, Sir Arthur.**
1. A Symposium.
2. Man, A History of the Human Body.
3. The Antiquity of Man.

**Keller, H.**
1. My Life.
2. The World I Live In.

**Kellogg, W. N., and Kellogg, L. A.**
The Ape and the Child.

**Kershner, F. D.**
Pioneers of Christian Thought.

**Kirkpatrick, E. A.**
Genetic Psychology.

**Klemm, O.**
A History of Psychology.

**Koffka, K.**
1. Principles of Gestalt Psychology.
2. The Growth of the Mind.

**Kohler, K.**
Jewish Theology.

**Kohler, W.**
1. Gestalt Psychology.
2. The Mentality of Apes.

**Kroeber, A. L., and Waterman, T.**
A Source Book in Anthropology.

**L**

**Londsteiner, K.**
Essay, "The Human Blood Groups," contained in The Newer Knowledge of Bacteriology and Immunology—Jordan and Falk.

**Langdon-Davies, J.**
Man and His Universe.

**Lange, F. A.**
History of Materialism.

**Lashley, K. S.**
Brain Mechanisms and Intelligence.

**Leary, D. B.**
Modern Psychology—Normal and Abnormal.

**Lecky, W.**
Rationalism in Europe.

**Leduc, S.**

1. In Modern Scientific Knowledge by Cleveland.
2. "Solutions and Life," in Alexander's Encyclopaedia of Colloidal Chemistry, Vol. 2.

**Leibnitz, G. W. V.**

The Monadology.

**Lillie, R. S.**

1. "The Problem of Organization of Life"—Philosophy of Science, 1934.
2. "The Organic and Inorganic"—Amer. Naturalist, 1934.
3. Protoplasmic Action and Nervous Action.

**Locke, J.**

Concerning Human Understanding.

**Loeb, Leo.**

The Biological Basis of Individuality.

**Lorimer, F.**

The Growth of Reason.

**Lovejoy, A. O.**

The Revolt Against Dualism.

**Lowell, P.**

Mars as the Abode of Life.

**Lull, R. S.**

The Ways of Life.

**Lutz, F. E.**

"Insect Sounds," contained in Natural History, 1926.

## M

**MacCurdy, G. G.**

Human Origins, 2 Vols.

**Macdonald, D. B.**

The Hebrew Philosophical Genius.

**Maier and Schneirla.**

Principles of Animal Psychology.

**Maimonides.**

Guide to the Perplexed.

**Malinowski, B.**

Essay "The Problem of Meaning in Primitive Languages," contained in the Meaning of Meaning, by Ogden and Richards.

**McDougall, Wm.**
1. Body and Mind.
2. World Chaos.

**McIndoo, N. E.**
Monograph in Comparative Psychology—"Communication Among Insects."

**Means, S.**
Faith: An Historical Study.

**Mencken, H. L.**
Treatise on the Gods.

**Metz, C. W.**
"The Cellular Basis of Inheritance in Heredity" contained in Nervous and Mental Disease.

**Millikan, R. A.**
"Present Status of Theory and Experiment as to Atomic Disintegration and Atomic Synthesis," Science, Jan. 1931.

**Mills, L. A.**
Zarathushtra, Philo, The Achaemenids and Israel.

**Montague, Wm. P.**
1. Essay "Confessions of an Animistic Materialist," contained in Contemporary American Philosophy, Vol. 2.
2. "Philosophy as Vision," contained in The International Journal of Ethics, Oct. 1933.

**Moore, A. W.**
"Subsistence and Existence in Neo-Realism," in Proceedings of the 6th Inter. Congress of Philosophy, 1926.

**Moore, B.**
The Origin and Nature of Life.

**Moore, J. S.**
The Foundations of Psychology.

**Moore, P. E.**
Hellenistic Philosophies.

**Morgan, C. Lloyd**
1. Emergent Evolution.
2. Habit and Instinct.
3. Instinct and Experience.
4. Introduction to Comparative Psychology.
5. Life, Mind, and Spirit.
6. Mind at the Crossways.

7. The Animal Mind.
8. The Emergence of Novelty.

**Morgan, T. H.**
The Scientific Basis of Evolution.

**Muller M.**
Theosophy or Psychological Religion.

**Murphy, A.**
University of California Studies in Philosophy.

**Murphy, G.**
An Historical Introduction to Modern Psychology.

## N

**Needham, J.**
1. Chemical Embriology, 3 Vols.
2. Order and Life.
3. Science, Religion, and Reality.

**Newberry, J. S.**
The Rainbow Bridge

**Newman, H. H.**
Evolution, Genetics, and Eugenics.

## O

**Osborn, H. F.**
1. Man Rises to Parnassus.
2. Men of the Old Stone Age.
3. Article, "The Evolution of Human Races," in Natural History, 1926.
4. The Origin and Evolution of Life.
5. "Aristogenesis, the Creative Principle in the Origin of Species," American Naturalist, 1930.

## P

**Patrick, G. T. W.**
What Is the Mind?

**Pearl, R.**
The Rate of Living.

**Perrin, R. St. J.**
The Evolution of Knowledge.

**Perry, R. B.**
Present Philosophical Tendencies.

**Pieron, H.**
Thought and Brain.

**Pillsbury, W. B.**
The History of Psychology.

**Planck, Max.**
Where Is Science Going?

**Plato**
1. The Parmenides.
2. The Phaedo.
3. The Republic.
4. The Sophists.
5. The Theaetetus.

**Plotinus.**
The Enneads.

**Pratt, J. B.**
1. Adventures in Philosophy and Religion.
2. Essay, "The Implications of Human Consciousness," contained in Religious Realism by Macintosh.
3. Personal Realism.
4. Article, "The Present Status of the Mind-Body Problem," in Philosophical Review.
5. The Religious Consciousness.

**Prince, Morton.**
Psychologies of 1930.

## R

**Rabaud, E.**
How Animals Find Their Way About.

**Ranson, S. W.**
The Anatomy of the Nervous System.

**Reichenbach, H.**
Atom and Cosmos.

**Reiser, O. L.**
Philosophy and the Concepts of Modern Science.

**Ritter, C.**
The Essence of Plato's Philosophy.

**Ritter, H.**
History of Ancient Philosophy.

**Ritter W. E.**
The Natural History of Our Conduct.

**Robin, Leon.**
Greek Thought.

**Robinson, D. S.**
An Introduction to Living Philosophy.

**Russell, Bertrand.**
1. Mysticism and Logic.
2. Our Knowledge of the External World.
3. Philosophy.
4. The Analysis of Matter.

## S

**Sapir, E.**
Language Encyclopedia of Social Science, Vol. 9.

**Schiller, F. C. S.**
Studies in Humanism.

**Schrodinger, E.**
Science and the Human Temperament.

**Sanctis, Sante de.**
Religious Conversion.

**Sedgwick and Tylor.**
A Short History of Science.

**Sellars, R. W.**
1. Evolutionary Naturalism.
2. "Mind-Body Problem," Philosophical Review, 1938.
3. The Philosophy of Physical Realism.

**Sherrington, C.**
1. Brain and Its Mechanism, Rede Lectures.
2. The Integrative Action of the Nervous System.

**Singer, C.**
1. Religion and Science.
2. Greek Biology.

**Smith, Elliott.**
1. Human History.
2. "Evolution of the Mind," in The Neural Basis of Thought—Campion & Smith.

3. Evolution of Man.
4. "New Vision," in Nature, 1930.

**Snodgrass, R. E.**
"Insect Musicians and Their Instruments," Smithsonian Institute, 1923.

**Spencer, H.**
Principles of Psychology, 1st Edition.

**Stace, W. T.**
A Critical History of Greek Philosophy.

**Stebbing, S.**
"Nebular Philosophy"—American Scholar, No. 1, 1937.

**Stout, G. F.**
Mind and Matter.

**Swann, W.**
"The Running Down of the Universe"—Science, 1936.

**T**

**Taylor, H. O.**
1. Ancient Ideals.
2. The Medieval Mind.

**Thorndike, E.**
Animal Intelligence.

**Tilly, F. E.**
Emmanuel Kant—Bicentury of His Birth.

**Tilney and Riley.**
The Form and Function of the Central Nervous System.

**Tyndall, J.**
Fragments of Science, Vol. 2.

**V**

**Verdafi Sister Mary.**
New Realism in the Light of Scholasticism.

**W**

**Warden, C. J.**
1. The Emergence of Human Culture.
2. The Evolution of Human Behavior.

**Washburn, M. F.**
The Animal Mind.

**Watson, J. B.**
1. Behaviorism.
2. Psychologies of 1925.

**Watson and MacDougall.**
The Battle of Behaviorism.

**Wheeler, W. M.**
Emergent Evolution and the Development of Societies.

**Whetham, W. Dampier.**
A History of Science and Its Relations with Philosophy and Religion.

**Whitehead, A. N.**
1. Concept of Nature.
2. Nature and Life.
3. Process and Reality.
4. Science and the Modern World.
5. Symbolism, Its Meaning and Effect.

**Windelbund, W.**
History of Philosophy.

**Wisdom of Solomon**—Author unknown.

**Wolfson, H.**
The Philosophy of Spinoza, 2 Vols.

**Woodgear, J.**
Biological Principles.

**Woodworth, R. S.**
1. Dynamic Psychology.
2. Psychology.
3. "Racial Differences and Mental Traits," A Source Book in Anthropology—Kroeber and Waterman.

**Wulf, Maurice De.**
History of Medieval Philosophy, 2 Vols.

**Y**

**Yerkes, R. M.**
Almost Human.

**Z**

**Zeller, E.**
History of Greek Philosophy.

**Zuckerman, S.**
The Social Life of Monkeys and Apes.

**פינקעלשטיין, לעאָ**

גרונטשטריכן פון דער אידישער פילאָזאָפיע.

**דר. צינבערג, י.**

געשיכטע פון דער ליטעראַטור ביי אידן.

**רמב"ם**

מורה נבוכים.

**דר. שאצקי, י. (רעדאקטאר)**

דאָס ספינאָזע בוך.

**ניגער, ש.**

וועגן דובנאָוס „זכרונות און רעיונות (צוקונפט, 1937).

**דר. זשיטלאָווסקי, ח.**

די פילאָזאָפיע 2 בענד.

וויסנשאפט, פילאָזאָפיע, רעליגיע (2 לעקציעס).

**ווייס, א. ה.**

דור דור ודורשיו.

**דר. גרעץ, ה.**

אידישע געשיכטע.